# דראָהיטשין

## פינף הונדערט יאָר יידיש־לעבן


באַאַרבעט און רעדאַקטירט

פון

**הרב דוב ב. וואַרשאַווסקי**


לזכרון נאָך די פינף טויזנט יידישע נפשות פון דראָהיטשין, וועלכע זיינען געוואָרן

 אומגעבראַכט פון די מערדערישע דייטשן 

אין צוויי מאַסן־שחיטות

יא אב תש״ב — 25 יולי 1942  17 אָקט. 1942 — 1 חשון תש״ג


אַרויסגעגעבן פון בוך־קאָמיטעט ״דראָהיטשין״

תשי״ח • שיקאַגע • 1958


**זלמן שעווינסקי** — איניציאַטאָר פון בוך

**גדליה קאַפּלאַן** — מאַטעריאַל־זאַמלער

**דוד אייזענשטיין** (פאָרזיצער) • **לייזער וואַרשאַווסקי** (וויצע־פאָרזיצער) • **הערש ליב אייזענשטיין** (קאַסירער) • **זלמן שעווינסקי** (סעקרעטאַר)

אברהם אייזענשטיין • ישראל ברוך אייזענשטיין • הרב יהודה דוד גאָלדמאַן • בלומע גוטאַוו
אברהם גראַטש • יוסף גראַטש • שלום גראַטש • חיים ליב גראָסמאַן • חיים האָפמאַן
באָנטשע וואַסערמאַן • זיידל וויסמאַן • בען טעפער • רחל מאַזורסקי • טודרוס ליב מילנער
יוסף פעלדמאַן • יוסף קאלען • גדליה קאַפּלאַן • מעקס קלאַר • יוסף שוב • הערי שקאַלניק
אַדוואָקאַט שלמה שקאָלניק • הרב דוב ב. וואַרשאַווסקי רעדאַקטאָר

# MEMORIAL BOOK DROHICHYN

1 9 5 8

No portion of this book, except for purpose of literary criticism, may be used or reproduced without permission of the editor and the committee chairmen of the book. Copyright by the editor and committee chairmen of the book committee "Drohichyn", as their names appear on the front page.




בית־הדפוס של בן־ציון לעווקאָוויטש
אינטערנעשיאָנאַל טייפסעטינג קאָמפּאַני
204 סאוט קעדזי עוועניו
שיקאַגע, 12, אילינאָיס

602

# אינהאַלט

## אַלגעמיינע געשיכטע

### ערשטער טייל 110—1



## רבנים און שוחטים

### צווייטער טייל 156—111



## רביים און חסידים

### דריטער טייל 168—157

## פּערזענלעכקייטן, טיפּן און יאָרצייטן

### פערטער טייל 248—169



## אינסטיטוציעס און פּאַרטייען

### פינפטער טייל 280—249

#### רעליגיעזע און קולטורעלע אינסטיטוציעס



#### ציוניסטישע און סאָציאַליסטישע פּאַרטייען



#### געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס

# חורבן און אומקום

## זעקסטער טייל 384 — 281



### פאַרטיזאַנער און שארית הפליטה



### יזכור ! — נעמען פון די קדושים...



---

### בילדער און יאָרצייטן

# דראָהיטשינער אין דער וועלט

## זיבעטער טייל 424—385



## מילואים



הערה. — אין די פיר זייטן אינהאַלט האָבן מיר אַריינגעגעבן וויפיל ס׳האָט זיך געלאָזט. פאַר גרופּן־בילדער איז ניט געווען קיין פּלאַץ. די שטערנדלאַך * באַדייטן: אַחוץ שרייבן, איז אויך דער ר ו י ע ר מאַטעריאַל פון די געצייכנטע געשאַפן פון [ד.ב.וו.]

# הקדמה

ענדלעך, נאָך יאָרן פון מי־פולער און אָנגעשטרענגטער אַרבעט טראָגן מיר צו צו אונדזערע חשוב'ע פריינט און לייענער דעם דראָהיטשינער „יזכור־בוך", וואָס דאַרף דינען אַלס מצבה נאָך דער קהילה־קדושה פון אונדזער דראָהיטשין. נישטאָ מער אונדזערע טאַטעס און מאַמעס! נישטאָ מער אונדזערע ברידער און שוועסטער! נישטאָ מער דראָהיטשין, וואו אַלטע לייט האָבן געלעבט שטיל און געלאַסן; און קינדער האָבן געלאַכט און געשטיפט אין די גאַסן... זייערע קול'כעלעך ווערן מער נישט געהערט; און אונדזער חיות ווערט פון צער און צאָרן פאַרצערט...

דראָהיטשין, די טייערע היים־שטעטל, וואו עס זיינען געשטאַנען אונדזערע וויג־בעטעלאַך, אין וועלכע אונדזערע מאַמעס האָבן אונדז פאַרוויגט מיט ניגונים פון יידישן צער און האָפנונג; דראָהיטשין, די ליבע היים־שטעטל פון אונדזער יוגנט־טרוים, וואו מיר האָבן איינגעזאַפּט אין זיך דעם יידישן „אוי" און „קרעכץ" — איז פאַרשטילט געוואָרן... צוזאַמען מיט די מיליאָנען יידישע קדושים, וועלכע זיינען אומגעבראַכט געוואָרן פון די דייטשישע רוצחים, זיינען אויך אומגעקומען על קידוש־השם, בערך, פינף טויזנט יידישע נפשות פון דראָהיטשין, הי"ד!

מיר, וועלכע זיינען געווען די עדות פון דעם גרויסן חורבן, זיינען נישט בכוח אָפּצושאַצן און צו פילן דעם גרויסן בראָך אין זיין גאַנצער טראַגישקייט, ווייל מיר זיינען געווען צו נאָענט צו דעם אומגליק, וואָס איז אונדז באַפאַלן... מיר זיינען געוואָרן צוגעוווינט צו די געשרייען פון די יידישע קינדער אין די גאַז־קאַמערן און צו זייערע געוויינען אין די קרעמאַטאָריעס... אפשר די קומענדיקע דורות וועלן זיין בכוח צו דערשפירן די גרויזאַמקייט פון דער טראַגעדיע, וואָס האָט אַרומגענומען אונדזער דור.

אָבער, בלייבן זיצן שטיל און נישט דערציילן פאַר אונדזערע קינדער און פאַר דער וועלט, וואָס די דייטשן האָבן געטאָן צו אונדז, און נישט פאַראייביקן דעם הייליקן זכרון פון אונדזערע טייערע פון דראָהיטשין, וואָלט געהייסן אַ פאַרברעכן קעגן ג־ט און קעגן די קדושים! אין פאַרלויף פון עטלעכע צענדליק יאָר וואָלט דער זכר פון דראָהיטשין אינגאַנצן אָפּגעווישט געוואָרן...

אָט דאָס באַצוועקט דער „ספר־דראָהיטשין": צו פאַרצייכענען לדורות די פריידן און די ליידן פון בערך פינף הונדערט יאָר יידיש־דראָהיטשין און צו שטעלן אונדזער היים־שטעטל מיט אירע מאַרטירער — אַ מצבה אין שריפט און אין בילד...

עס קען נישט זיין קיין בעסערע און קיין דויערהאַפטערע מצבה, ווי אָט דער דאָזיקער „ספר־הזכרון". עס איז אַ מצבה פון הייליקע אותיות, וועלכע קענען קיינמאָל נישט אָפּגעמעקט ווערן. מצבות פון האָלץ און שטיינער זיינען נישט קיין אייביקייט. האָלץ ווערט צעפוילט און פאַרברענט; שטיין ווערט אויך אָפּגעריבן און אויסגעריסן, אָבער אַ מצבה פון אותיות לעבט אייביק. עפּעס אַ סך שטיינערנע און הילצערנע דענקמעלער זיינען פאַרבליבן, וואָס זאָלן אונדז דערמאָנען אין די שחיטות, וואָס יידן האָבן אַדורכגעמאַכט בלויז אין די לעצטע פאַר הונדערט יאָר? אויב מיר ווייסן יאָ עפּעס וועגן דער יידישער מאַרטירעאָלאָגיע, איז עס נאָר אַ דאַנק די מצבות פון די פאַרשריבענע אותיות. גענוג איז צו דערמאָנען, למשל, דעם „יון־מצולה" פון ר' נתן נטע האַנאָווער (נפטר געוואָרן כ' תמוז, תמ"ג, 1683), וואָס איז אַן אייביקער היסטאָרישער דאָקומענט און אַ מצבה נאָך דעם בערך האַלבן מיליאָן יידן, וועלכע זיינען געפאַלן קרבנות פון באַגדאַן כמעלניצקי'ס קאָזאַקן אין ת"ח־ות"ט, 1648-49...

און ווידער, אַ מאָנומענט פון שטיין אָדער האָלץ איז נישט באַוועגלעך, עס איז טויט און שטום; עס זאָגט גאָרנישט און עס דערציילט גאָרנישט. עס איז מער נישט ווי אַ מין דעקאָראַציע פאַר אַ צאָל מענטשן, וועלכע געפינען זיך אַרום דעם מאָנומענט. אָבער די מצבה פון „ספר־הזכרון" וועט פאַרשפרייט ווערן אין אַלע עקן וועלט און וועט רופן צו יעדן איינעם און זאָגן: „קוק אויף מיר, לייען מיך, זע און געדיינק"...!

דער גרויסער תנא, ר' חנינא בן תרדיון, ווען די רוימער האָבן אים איינגעוויקלט אין אַ ספר־תורה און געברענט אויף דער אָטאָ־דע־פע, האָט געזאָגט: „גווילין נשרפין

ואותיות פורחות" (עבודה זרה, יח). „דאָס פּאַרמעט ווערט פאַרברענט, אָבער די אותיות שוועבן און פליען אַרום אין דער אייביקייט". די דייטשישע רוצחים האָבן די גופים פון די קדושים פאַרניכטעט און פאַרברענט, כדי צו פאַרווישן די שפּורן פון זייער מאָרד! די קדושים האָבן נישט קיין קברים. אָבער, אונדזער „מגילת-אש", וועלכע איז געשריבן מיט פייערדיקע אותיות, וועט שוועבן איבער דעם גאַנצן כדור-הארץ און וועט פון דעם אַש, פון די פאַרלאָשענע פונקען אויפבלאָזן אַ פייער, אַש... פון די פאַרברענטע גופים פון די קדושים וועלן ווערן פייער-גליענדיקע, פליענדיקע געשטאַלטן, וועלכע וועלן מיט פייערדיקע טייטלען, מיט וועלכע די רביים האָבן געטייטלט די אותיות פאַר די קינדער אין די חדרים, — שטעכן אין די מוחות פון זייערע מערדער...

אפילו, ווען עס זאָל, מיט הונדערטער יאָרן שפּעטער, פאַרוואַלגערן זיך ערגעץ-וואו אין אַ מוזעאום, אַרכיוו, אָדער אין אַ ביבליאָטעק, מער נישט ווי איין עקזעמפּליאַר פון „ספר-דראָהיטשין", — וועט די פאַרטיליקטע דראָהיטשינער יידישע קהילה אייביק לעבן אין דער געשיכטע...!

מיר ווייסן, אַז אין דעם דאָזיקן „ספר-הזכרון", זיינען פאַראַן איבער'חזר'ונגען, מיר האָבן אָבער דאָס דאָזיקע בכוונה איבערגעלאָזט, מחמת, מיר האָבן ספּעציעל געוואָלט פאַראייביקן די פאַרשיידענע ווערסיעס, וועלכע ווערן איבערגעגעבן אין די חורבן-שילדערונגען פון די עטלעכע יחידים, וועלכע האָבן אַליין איבערגעלעבט דעם גיהנום-מאָרד פון די דייטשן. מחמת יעדער איינער פון זיי גיט עפּעס צו, וואָס דער צווייטער האָט פאַרפעלט. יעדער בריוו, יעדער קרעכץ און געשריי, וואָס איז אַרויפגעבראַכט געוואָרן אויפן פּאַפּיר אין דעם הייסן מאָמענט פון צער און צאָרן, האַלטן מיר, איז היסטאָריע! עס שפּיגלט אָפּ די איבערלעבונגען פון דעם געגעבענעם מאָמענט! עס איז אַ פאַקט, איצט וואָלט קיינער פון זיי נישט געקענט אַרויסברענגען זייערע איבערלעבונגען אין אַזאַ שטאַרקער פאָרעם, ווי מיר האָבן עס אין בוך... און דערפאַר האָבן מיר יעדעם פאַרשריבענע שטיקל פּאַפּיר און דאָקומענט, וואָס האָט נאָר עפּעס אַ שייכות צו דראָהיטשין, פאַראייביקט אין דעם דאָזיקן בוך.

מיר ווייסן אויך, אַז נישט אַלץ וואָס מען האָט געקענט און געדאַרפט זאָגן וועגן דראָהיטשין איז געזאָגט געוואָרן אין דעם דאָזיקן ספר ... און דאָס זעלבע פאַרקערט... אָבער, אפילו אָט דאָס ביסעלע, וואָס ווערט געשילדערט דאָ אין בוך איז אונדז אָנגעקומען מיט קריעת ים-סוף... די שווערסטע אַרבעט איז געווען צו באַאַרבעטן, צונויפשטעלן און רעדאַקטירן דעם מאַטעריאַל, וועלכער איז געווען אינגאַנצן אין זייער אַ רויען צושטאַנד. אויך די געצייכנטע אַרטיקלען, אַ חוץ אַ פּאָר, האָט מען געמוזט איבעראַרבעטן אין סטיל און אין פאָרם, באַשאַפן זיי פון דאָס-ניי און אַריינגעבן אין זיי לעבן און נשמה... דאַן האָט מען געדאַרפט קאָריגירן און סעגרעגירן דעם מאַטעריאַל; אויסברעכן און אויסשטעלן די זייטן, לייענען די קאָרעקטור (צענדליקער מאָל). און דאָס אַלעס איז געטאָן געוואָרן פון איין מענטשן, פון איין שרייבנדיקער האַנט... איז נישט קיין וואונדער, וואָס די דערשיינונג פון בוך האָט גענומען אַ לאַנגע צייט...

זאָלן דאָ דערמאָנט ווערן זלמן שעווינסקי, דער איניציאַטאָר פון בוך, און גדליה קאַפּלאַן, וועלכע האָבן געזאַמלט אַ טייל פון דעם רויען מאַטעריאַל און בילדער.

אונדזער האַרציקסטן יישר-כוח צו דעם אַדמיניסטראַטיוון קאָמיטעט און צו די אַלע, וועלכע האָבן מיטגעהאָלפן צו דער דערשיינונג פון דעם דאָזיקן „יזכור-בוך"...

אונדזערם — איז די אַרבעט... צו אונדזערע חשוב'ע לייענער און פריינט געהערט דער „ספר-דראָהיטשין"... זאָלן קריטיקער קריטיקירן און היסטאָריקער — משפּט'ן...

**הרב דוב ב. וואַרשאַווסקי**

חמשה עשר בשבט, תשי"ד.



ב"ה, אָפּגעדרוקט:

חמשה עשר בשבט, תשי"ח.



פּאָלעסיע
טײַך
אָזערע
זומפּ
גרענעץ
אײנליניקע באַן
שאָסײ
טאָפּל־ליניקע באַן
פֿורװעג פֿאַר שװערן געשפּאַן
פֿורװעג פֿאַר גרינגן געשפּאַן
נאָװאָרודאָק
שטױפּץ
ניעסװיעש
באַראַנאָװיטש
סלאָנים
װאָלקאָװיסק
סלוצק
קלעצק
לונינעץ
פּינסק
דראָהיטשין
קאָברין
בריסק
קאָסאָװ
פּרוזשאַנע
קאַמינקאַשירסק
קאָװעל
ליבעװנע
כעלעם
לודמיר
לוצק
ראָװנע
דובנע
קאָסטאָפּאָל
סאַרני
קאָרעץ

ע. בן־עזרא (ניו־יאָרק)

# דראַהיטשין

## (היסטאָרישער איבערבליק)

## א.

## פּאָלעסיע

**פּאָלעסיע** איז באַוווּסט אַלס איינע פון די זומפּן־געגנטן אין אייראָפּע, וועלכע ציט זיך נעבן דעם מיטעלען לויף פון טייך בוג פון איין זייט, און פון דער אַנדערער זייט גרענעצט זי זיך מיטן דניעפּער. אָט דער דאָזיקער שטח האָט באַלאַנגט צו רוסלאַנד. נאָכן ריגער טראַקטאַט פֿון 1921, איז אַריבער צו פּוילן די גאַנצע גראָדנער גובערניע און קלענערע טיילן פֿון מינסקער גובערניע, וועלכע נעמען אַריין גרויסע שטחים פֿון פּאָלעסיע.

די פּאָלעסיער זומפּן פאַרנעמען כמעט אַ העלפט פון גאַנצן געגנט. אַ דאַנק די פּאָלעסיער זומפּן, זיינען דאָרטן אָפּגעשטעלט געוואָרן די חיילות פון שוועדישן קעניג, קאַרל דעם 12טן, וואָס זיינען געבליבן שטעקן אין די פּינסקער בלאָטעס (1706); נאַפּאָלעאָן באָנאַפּאַרט האָט געמוזט אויסמיידן די פּאָלעסיער זומפּן (1812); און די דייטשן, אין 1915, האָבן זיך געמוזט אָפּשטעלן ביי די פּינסקער בלאָטעס.

זאַמד און ליים פאַרנעמען אויך אַ גרויסן טייל פֿון פּאָלעסיע. צווישן די זומפּן און די זאַמדן געפינען זיך סאָסנאָווע וועלדער, פיל אָזערעס, טייכן און קליינע טייכלעך, אין וועלכע ס׳געפינען זיך פֿאַרשיידענע פישן, וועלכע זיינען אַ גאַנץ גוטער קוואַל פון פּרנסה פאַר דער פּאָלעסיער באַפעלקערונג.

אין די פּאָלעסיער וועלדער האָבן אַמאָל געלעבט גרויסע סטאַדעס וועלף, פוקסן, בערן, הירשן א. ד. ג. און זייער אָפּט פֿלעגן זיי באַפאַלן ישובים. און די זומפּן זיינען געווען נעסטן פֿאַר פֿאַרשיידענע ווילדע עופות.

אין די לעצטע פּאָר הונדערט יאָר, ווען ס׳זיינען אויסגעהאַקט געוואָרן גרויסע וואַלד־שטחים, זיינען די צאָלן ווילדע חיות און עופות פֿאַרקלענערט געוואָרן, און אַלס רעזולטאַט איז די סכנה פֿאַר די ישובים פֿאַרמינערט געוואָרן.

***

די פּאָלעסיער באַפעלקערונג באַשטייט מערסטנטייל פֿון ווייס־רוסן, וועלכע ווערן צעטיילט אויף צוויי גרופּעס: צו איין גרופּע געהערן די ווייס־רוסן פון קאָברינער, קאָסאָוער, לונינעצער און פּרוזשאַנער קרייזן. אויף די דאָזיקע קרייזן האָט געהאַט אַ גרויסע השפּעה די פּוילישע קולטור. צו דער צווייטער גרופּע געהערן די ווייס־רוסן פון די מינסקער און מאָגילעווער קרייזן, וועלכע זיינען שטאַרק באַהערשט געוואָרן פֿון דער רוסישער שפּראַך און קולטור.

אויסער די ווייס־רוסן וווינען אין פּאָלעסיע: פּאָליאַקן, ייִדן, רוסן, דייטשן, אונגאַרן און ציגיינער. די פּאָליאַקן זיינען קאַרגע צען פּראָצענט פֿון דער גאַנצער באַפעלקערונג. אין די הענט פֿון איינצעלנע פּאָליאַקן זיינען געווען גרויסע שטחים לאַנד, וועלכע האָבן פאָרמירט די פּריצים־קאַסטע. די פּריצים זיינען אין די גאָר אַלטע צייטן געווען די פֿאָלקאָמענע הערשער פֿון פּאָלעסיע.

די ייִדישע קיבוצים פון פּאָלעסיע, ביז די דייטשישע האָרדעס האָבן זיי אומגעבראַכט, זיינען געווען ביי ניין פּראָצענט פֿון דער גאַנצער באַפעלקערונג, וועלכע האָבן ס׳רוב געלעבט אין שטעט און שטעטלעך, און זיך באַשעפטיקט מיט האַנדל און מלאכה. זייער אַ קליינע צאָל האָט זיך באַשעפטיקט מיט ערד־אַרבעט. דערפֿאַר איז זייער קולטורעלער ניוואָ געווען העכער פֿון די אַנדערע איינוווינער.

***

די פּאָלעסיער ערד איז זייער גוט פֿאַר קאַרטאָפֿעל, אַרבעס, אוגערקעס, מערן, ציבעלעס א.ד.גל. פֿון תבואות פֿלעגט דער פּאָלעסיער פּויער זייען קאָרן, האָבער, גערשטן און גריקע.

די פּאָלעסיער ליים איז געווען אַ גוטער מאַטעריאַל פֿאַר טעפּ, און טעפּעריי האָט זיך שטאַרק אַנטוויקלט צווישן די ערדלאָזע פּויערים, וועלכע פֿלעגן פֿאַרקויפֿן איינציקווייז זייערע טעפּ אויפֿן מאַרק, אָדער ייִדישע סוחרים פֿלעגן זיי אויפֿקויפֿן און אָפּשיקן מיט בערלינעס צום פֿאַרקויף אין די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך, ווו זיי האָבן געהאַט אַ גוטן אָפּגאַנג.

איינער פון די הויפּט־געשעפטן אין פּאָלעסיע איז געווען געהילץ, וועלכע די פּאָלעסיער וועלדער האָבן געליפערט. דער דאָזיקער מסחר איז געלעגן אין יידישע הענט. יידן האָבן געהאַלטן וועלדער, געדונגען גויים אויף אויסצוהאַקן זיי, ברייגנען די האָלץ צו אַ טייך, מאַכן פון זיי „באַליעס" (פּליטן), און זיי אָפּשיקן מיטן וואַסער קיין דייטשלאַנד.

דער דאָזיקער מסחר האָט געגעבן פּרנסה צו אַ גרויסן טייל פון דער יידישער און ניט־יידישער באַפעלקערונג.

## ב.

## די פּאָליטישע לאַגע

אין דעם דאָזיקן פּאָלעסיער געגנט געפינט זיך דאָס שטעטל דראָהיטשין, וועמען דער יזכור־בוך איז געווידמעט. ס'איז כדאי אונטערצושטרייכן, אַז עס איז דאָ אַן עלטערע דראָהיטשין, וואָס איז ניט ווייט פון ביאַליסטאָק. און כדי ניט צו מאַכן קיין טעות, האָט מען אונדזער דראָהיטשין גערופן „דראָהיטשין ווטאָראָי" (צווייטע), וועלכע איז געווען אַ 70 קילאָמעטער פון פּינסק, די אַמאָליקע געוועזענע הויפּט־שטאָט פון פּאָלעסיע.

דער נאָמען דראָגיטשין (דראָהיטשין) איז אונדז מרמז אויף דעם שטאַם פון נאָמען וואָס דערמאָנט אָן דעם סלאַווישן וואָרט „דאָראָגאַ" (וועג). מעגלעך, ווייל דאָס שטעטל ליגט אויפ'ן שליאַך צווישן בריסק און פּינסק, און אַזוי ווערט זי טאַקע פאַרצייכנט ביי באַבראָווסקי'ן, דעם ביאָגראַף פון גראָדנער גובערניע.

אין אַן אַלטן דאָקומענט פון פּינסקער סטאַראָסטווע (1561־1566), ווערט געבראַכט אַ טעריטאָריאַלער פּונקט: „דראָהאָניצע אין שכנות מיט נאַגאָריע". כ'האַלט אַז דאָס איז דער אַלטער נאָמען פאַר דער שפּעטערדיקער דראָהיטשין. פון דעם דאָזיקן דאָקומענט לערנען מיר אַרויס, אַז דראָהיטשין האָט דאַן באַלאַנגט צום פּינסקער פירשטנטום, וועלכע האָט געהערט צום פּוילישן קעניג און ליטווישן גרויספירשט זיגמונט אַאוגוסט (1548־1572).

**
*

אין 1569 ווערט פאַראייניקט פּוילן מיט ליטע, און דער פּינסקער קרייז איז געבליבן ביי ליטע, אַריינגערעכנט דראָהיטשין, וועלכע איז נאָך ביי יענער צייט געווען אַ דאָרף. ערשט אין 1623 ווערט דראָהיטשין אַ שטעטל.

דאָס ליטווישע גרויספירשטנטום האָט געעפנט די טויערן פאַר דער פּוילישער קולטור און אירע אינסטיטוציעס, און ספּעציעל פאַרן רוימיש־קאַטוילישן קלער. די רוימיש־קאַטוילישע קירך האָט אָנגענומען אַלע מיטלען כדי אַריינצוברייגען איר השפּעה אין אַלע צווייגן פון לעבן, און ס'האָט זיך איר גאַנץ שיין איינגעגעבן. ביסלעכווייז, ביסלעכווייז איז דער גאַנצער פּאָלעסיער געביט פּאָלאָניזירט געוואָרן. דאָס האָט אַרויסגערופן דעם צאָרן פון די קאָזאַקן, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין דעם באַוווסטן כמעלניצקי־אויפשטאַנד (1648).

צו די קאָזאַקן זיינען צוגעשטאַנען די אונטערדריקטע



אַ טייל פון פינסקער גאַס (פאַרבליבן פון דער שרפה) אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע אין 1916

פּויערשע מאַסן. די קאָזאַקן האָבן געבושעוועט ביי צוויי יאָר, און ניט קיין ביסל יידיש בלוט איז פאַרגאָסן געוואָרן אין פּאָלעסיע ביז וואַנען די פּוילישע מאַכט האָט מנצח געווען די קאָזאַקן.

**
*

אין פרילינג פון 1706, האָבן די שוועדן, אונטער דער אָנפירונג פון קאַרל דעם 12טן, אונטערגענומען א מלחמה קעגן דער פּוילישער רעגירונג. אַ דאַנק די פּאָלעסיער זומפּן, האָט ער טאַקע דעם זעלבן יאָר געמוזט פאַרלאָזן פּוילן, און פּוילן איז געבליבן גאַנץ ביז 1772, ווען זי איז צום ערשטן מאָל צעטיילט געוואָרן. דאַן איז ווייס־רוסלאַנד אַריבער צו רוסלאַנד. נאָך דער מלחמה, פון די יאָרן 1793־1795, זיינען צו רוסלאַנד אַריבערגעגאַנגען: מינסקער, ווילנער און גראָד־

נער גובערניעס. אין גראָדנער גובערניע זיינען דאַן איינגעגלידערט געוואָרן די פֿאָלגנדע אַכט אויעזדן (קרייזן): גראָדנע, לידע, נאָוואָגרודעק, סלאָנים, וואָלקאָוויסק, פּרוזשאַני, בריסק און קאָברין. ווערדליק, ס'זעט אויס, איז דראָהיטשין דאַן איינגעשלאָסן געוואָרן אין קאָברינער אויעזד.

עס האָט ניט גענומען לאַנג און נאַפּאָלעאָן באָנאַפּאַרט האָט אָנגעהייבן זיינע מלחמות אויף רוסלאַנד (1812), און די מלחמה האָט אויך ניט אויסגעמיטן דראָהיטשין. אָבער צוליב די פּינסקער בלאָטעס, האָט נאַפּאָלעאָן זיך געמוזט אומקערן צוריק.

די פּאָליאַקן אין געגנט זיינען ניט געווען צופֿרידן מיט דער רוסישער מאַכט און זיי האָבן צוויי מאָל פּרובירט מאַכן אַן אויפֿשטאַנד: אין 1830 און אין 1863, אָבער אין ביידע פֿאַלן האָבן זיי געהאַט אַ דורכפֿאַל. די דאָזיקע אויפֿשטאַנדן („פּאָווסטאַניעס"), האָבן זיך זייער שלעכט אָפּגערופֿן אויף די יידן פֿון יענעם געגנט. זיי האָבן געליטן פֿון ביידע צדדים.



אַ טייל פֿון פּינסקער גאַס (פֿאַרבליבן פֿון דער שרפֿה) אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע אין 1916

**

דער געגנט פֿון דראָהיטשין איז געווען שטיל פֿון מלחמות ביז אַריבער הונדערט יאָר. אָבער עס איז ניט געווען רואיק פֿאַר די דאָרטיקע יידן, וועלכע זיינען אונטעריאָכט געוואָרן פֿון דער צאַרישער רעגירונג. אין תשעה־באב, 1914, האָט אויסגעבראָכן די רוסיש־דייטשע מלחמה, וועלכע ווערט באַצייכנט אין דער געשיכטע אַלס די ערשטע וועלט־מלחמה.

אין סעפּטעמבער, 1915, זיינען די דייטשן אַריינגעקומען קיין דראָהיטשין, ווו זיי האָבן געהערשט ביז נאָוועמבער 1918, ווען זיי האָבן זיך אָנגעהייבן צוריקציען קיין דייטשלאַנד. די פּאָר חדשים, פֿון נאָוועמבער ביז סוף 1918, זיינען געווען חדשים פֿון אַנאַרכיע, ווו יעדער איינער האָט געטאָן וואָס זיין האַרץ האָט געגלוסט. ביים סוף פֿון 1918, האָבן די אוקראַינער פֿאַרנומען דראָהיטשין און זיי האָבן זיך איזדיקעוועט איבער דראָהיטשין און אין גאַנצן געגנט.

די אוקראַינער האָבן זיך לאַנג דאָרטן ניט אויפֿגעהאַלטן. אין יאַנואַר, 1919, זיינען די באָלשעוויקעס געקומען און זיי האָבן אָנגעהייבן איינפֿירן נייע אָרדנונגען. אָבער דער דאָזיקער רעזשים האָט אויך לאַנג ניט אָנגעהאַלטן, און אין מערץ, 1919, זיינען די פּוילישע לעגיאָנערן אַריינגעקומען. מיט זייער אַריינמאַרש הייבט זיך אָן אַ נייע תקופֿה אין דעם געגנט. די פּוילישע מאַכט וויל מיט גוואַלד באַהערשן דעם געביט און פֿיל יידיש בלוט ווערט דאָרט פֿאַרגאָסן און יידיש האָב און גוטס ווערט צערויבט.

ס'ווערט אַביסל רואיקער און די איינוווינער הייבן אָן קומען צו זיך, ביז וואַנען ס'ברעכט אויס די פּויליש־באָלשעוויסטישע מלחמה (יולי 1920). אין אָנפֿאַנג האָבן די רוסן געזיגט און זיי זיינען שוין געווען ביי די טויערן פֿון וואַרשע. אָבער, דאָס רעדל האָט זיך אַ דריי געטאָן און די פּוילישע חילות האָבן אָנגעהייבן צוריקצוטרייבן די רויטע אַרמייער. דערווייל האָט די פֿרייוויליקע אַרמיי פֿון גענעראַל בולאַק באַלאַכאָוויטש, דעם אָנפֿירער פֿון די ווייס־גוואַרדייער, אונטערגענומען צו „העלפֿען" די פּאָליאַקן. די „הילף", וואָס די באַלאַכאָוויצעס האָבן געגעבן די פּאָליאַקן, איז אַ קאַפּיטל פֿאַר זיך, און איז איינגעשריבן מיט טרערן און בלוט אין דער יידישער געשיכטע!

אין חודש מערץ, 1921, איז געשלאָסן געוואָרן אין ריגע דער שלום אָפּמאַך צווישן פּוילן און ראַטנפֿאַרבאַנד, און דראָהיטשין, צוזאַמען מיט'ן פּינסקער קרייז, איז איינגעשלאָסן געוואָרן אין דער פּוילישער מלוכה. אין 1925 איז דראָהיטשין געוואָרן אַ פּאָוויאַט (קרייז) פֿאַר זיך. דער דאָזיקער פּאָוויאַט האָט אַריינגענומען יאַנאָוו, כאָמסק, מאָטעלע און די אַרומיקע דערפֿער און הייפֿן.

די פּוילישע מאַכט האָט געהערשט ביז סעפּטעמבער 1939, ווען ס'איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה. דאַן זיינען אַריינגעקומען די רויטע אַרמייער, וועלכע האָבן פֿאַרנומען דעם גאַנצן געגנט און איינגעפֿירט די באָלשעוויסטישע אָרדנונג. אַזוי אַרום האָט די באָלשעוויסטישע מאַכט

דאָרטן געהערשט ביז יוני, 1941, ווען די דייטשן זיינען באַ־
פֿאַלן די רוסן און פֿאַרנומען גאַנץ פּוילן און אוקראַינע און
כמעט צוגעקומען צו די טויערן פֿון לעניגראַד און מאָסקווע.

•

די ביטערע מלחמות און די דייטשע מערדערייען אין
יענע יאָרן פֿון בלוט און פֿייער וועלן נישט אָפּגעמעקט ווערן,
ווייל זיי זיינען איינגעקריצט יעדן איינעם, און ספּעציעל
יעדן ייִדן. יענע בלוטיקע יאָרן פֿון יוני 1941 ביז יולי 1944,
ווען די דייטשן האָבן אומגעבראַכט אַ זיבן מיליאָן ייִדן, וועלן
קיינמאָל נישט פֿאַרגעסן ווערן! מיט אַ קללה אויף די ליפּן
וועלן מיר דערמאָנען יענע דייטשע בעסטיעס, וועלכע האָבן
אָפּגעווישט הונדערטער ייִדישע קהילות און האָבן קיין זכר
פֿון זיי נישט איבערגעלאָזן...

אין יולי, 1944, איז דראָהיטשין איינגעגלידערט גע־
וואָרן אין ראַטנפֿאַרבאַנד און זייער ווייניק ווייסן מיר וועגן
איר און אירע איינוווינער, וועגן זייער צאָל, עקאָנאָמישע



דראָהיטשינער בית״ר־בחורים לערנען זיך שיסן... 1934

לאַגע און קולטורעלע דערגרייכונגען. פֿון דאָן אָן הענגט אַ
נעפּל איבער דראָהיטשין און זער זעלטן רייסט זיך דורך
אַ שיין אויף דעם שטעטל דראָהיטשין, וועלכע איז ביי פֿיר
הונדערט יאָר אַלט.

ג.

# די געשיכטע פֿון די ייִדן אין דראָהיטשין

וועדליק מיר האָבן געזען, איז דראָהיטשין שוין דער־
מאָנט געוואָרן מיט אַ 400 יאָר צוריק. צי האָבן דאָן שוין
דאָרטן געוווינט ייִדן — ווייסן מיר ניט. פֿון אַן אַלטן ייִדישן
דאָקומענט דערוויסן מיר זיך, אַז שוין אין 1652 האָט עקזיס־
טירט אין דראָהיטשין אַ ייִדישע קהלה. אין „פּנקס מדינת־
ליטא" פֿון „ועד המדינות בליטא" ווערט דערמאָנט דראָהי־
טשין צוזאַמען מיט פּינסק, לעכאָוויטש און כאָמסק, וועלכע
האָבן געדאַרפֿט צאָלן 40 שאָק שטייערן.[1] פֿון דעם פּנקס
לערנען מיר אַרויס, אַז די ייִדישע באַפֿעלקערונג פֿון דראָ־
היטשין איז נאָך ניט געווען גרויס, אָבער, מ'האָט זיך מיט
איר גערעכנט.

פֿון אַן אַנדער דאָקומענט פֿון 16טן יאַנואַר, 1679, גע־
פֿינען מיר אויס, אַז דער דראָהיטשינער קהל האָט דאָן באַ־
לאַנגט צו דער פּינסקער קהלה. פֿון דעם זעלבן מקור דער־
ווייסן מיר זיך, אַז אין דראָהיטשין איז געווען אַן אָרגאַני־
זירטער ייִדישער לעבן. די דראָהיטשינער ייִדן האָבן זיך
דאָן מתחייב געווען צוזאַמען מיט נאָך 13 שטעטלעך, וועלכע
האָבן באַלאַנגט צו דער פּינסקער קהלה, צו זיין פֿאַראַנט־
וואָרטלעך פֿאַר 1500 זלאָטעס וואָס די פּינסקער קהלה האָט
געליִען ביים פּינסקער גלח קאַלאַקאַווסקי אויף צו בויען אַ
שפּיטאָל. וועדליק ס'זעט אויס, האָבן מיט דעם דאָזיקן אָנ־
שטאַלט זיך אויך באַנוצט די דערביייִקע דראָהיטשינער ייִדן.

פֿונם זעלבן דאָקומענט נעמען מיר אַרויס, ווי אָרעם עס
זיינען געווען די ייִדן פֿון די אויבנדערמאָנטע 13 קהילות,
און צווישן זיי אויך די דראָהיטשינער ייִדן, אַז כדי צו ליִען
1500 זלאָטעס, האָבן זיך 13 קהילות אונטערגע'חתמ'עט. און
נאָך אַ זאַך לייענען מיר אין דערמאָנטן דאָקומענט, אַז אויב
דער יערלעכער פּראָצענט (150 זלאָטעס) וועט ניט אָפּגע־
צאָלט ווערן אין צייט, האָט דער גלח דאָס רעכט אויפצו־
מאָנען דרייפאַכיק. ער האָט אפילו דאָס רעכט אַריינצוזעצן
אין תפיסה די ייִדן פֿון די אויבנדערמאָנטע 13 שטעטלאַך
און זיי האַלטן אַזוי לאַנג ווי ער פֿאַרשטייט; ווי אויך צונע־
מען ביי זיי דעם פֿאַרמעגן, ביז זיי וועלן ניט באַצאָלן דעם
גאַנצן סכום, און זיי האָבן אַפֿילו קיין רעכט ניט צו אַפּעלירן.

אָט אַזוי זיינען די ייִדן דאָן געווען פֿאַרשקלאַפֿט צום
רוימיש־קאַטוילישן קלער.

•

מיר האָבן אויך אַ דאָקומענט פֿון זעלבן יאָר, (18טן
יולי), ווו מיר ווערן געוואָר אַז די דראָהיטשינער ייִדן האָבן
זיך ניט געלאָזן שפּייען אין קאַשע. ס'ווערט דערציילט אַז
מיכאל באָטווינאַ, דער שטייערן־אַדמיניסטראַטאָר פֿון פּינס־
קער קרייז האָט זיך באַקלאָגט אויף אַ גרופּע דראָהיטשינער
ייִדן, אַז ווען ער איז געקומען איינמאָנען שטייערן, האָבן
זיי זיך ענטזאָגט צו צאָלן. נאָך מער, זיי האָבן אים באַפֿאַלן,
צעריסן זיינע קליידער און אים אַרויסגעטריבן פֿון שטעטל.

די דאָזיקע דערשיינונג פֿון שטעלן אַ ווידערשטאַנד דער
אויספֿיר מאַכט, איז דאָן געווען אַ גאַנץ געוויינלעכע דער־
שיינונג צווישן די אַרומיקע גויים, אָבער דאָ האָט זיך גע־
פֿאָדערט אַ באַזונדער מוט און דרייסטקייט מצד די דראָ־
היטשינער ייִדן צו שטעלן זיך קעגן אַ מלוכה'שן באַאַמטן.

מיר לייענען אויך אַ קלאַגע קעגן אַ דראָהיטשינער ייִדן
פֿון 13טן סעפּטעמבער, 1698, משה פּאָליאַק, אַ מעקלער פֿון
אַ פֿריץ, וואָס האָט צעשלאָגן און צוגענומען פֿערד־און־וואָגן,
תבואה און אַנדערע זאַכן פֿון פּויערים פֿאַר זיין פֿריץ. פֿון
דער דאָזיקער קלאַגע קענען מיר אַרויסלערנען וועגן דער
שטאָלצקייט פֿון אַ דראָהיטשינער ייִדן.

די טראַדיציע פֿון מוט און טראָציקייט איז איבערגעגאַנ־
גען פֿון פֿאָטער צום זון אויך אין די שפּעטערדיקע יאָרן. אין
אַ קאָרעספּאָנדענץ אין „המליץ" (י"ח מרחשון, תרמ"ג), ליי־
ענען מיר וועגן אַ פּאָגראָם וואָס דראָהיטשין האָט דורכגע־
מאַכט, און דראָהיטשינער ייִדן האָבן זיך גאַנץ גוט פֿאַרטיי־
דיקט. מיר לייענען אַז פֿרייטאָג, דעם ערשטן אָקטאָבער,

[1] ליטווישער שאָק איז געווען 60 ליטווישע גראָשן.

1883, האָבן אייניקע שיכור'ע גויים, צוזאַמען מיט די פּאָניעס, וועלכע האָבן געבויט די אײַזנבאַן נעבן דראַהיטשין, צעפּירט זייערע הענט און גענומען שלאָגן יידן און ראַבירן אויף רעכטס און אויף לינקס. די יידן האָבן זיך קעגנגעשטעלט און ס'איז געוואָרן אַן אמתע מלחמה, וואָס האָט אָנגעהאַלטן אַ צייט.

***

אָבער נישט שטענדיק האָבן די יידן געקענט אַקעגנשטעלן זיך מיט כח. אָפטמאָל האָט זיך גענויטיקט אָפּצושרייען אַ גזרה מיטן כח פון געלט, מיט „שמירן" ווו מ'באַדאַרף. פון אַזאַ טאַקטיק הערן מיר פון אַן אַנדער קאָרעספּאָנדענץ אין „המליץ" (1883), אַן אָפּקלאַנג פון די מאַי־גזרות פון 1882. מיר לייענען אין דער קאָרעספּאָנדענץ פון דראַהיטשין, אַז אין חודש אב פון יענעם יאָר, איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַן אוקאַז, אַז אַלע יידן וואָס זיצן אין די דערפער פון קרייז קאָברין, מוזן אין זיבן טעג פאַרלאָזן זייערע פּלעצער. און אַ דאַנק גרויס „שתדלנות", איז די גזרה אָפּגעשטופּט געוואָרן אויף אַ חודש צייט. אין דעם זעלבן נומער „המליץ" לייענען מיר אויך אַ קאָרעספּאָנדענץ פון כאָמסק, וועלכע האָט אַדמיניסטראַטיוו באַלאַנגט צו דראַהיטשין, אַז דער דראַהיטשינער פּריסטאַוו האָט געשיקט רופן די יידן פון די דערפער אַרום דראַהיטשין און זיי געלאָזט וויסן, אַז ער האָט דערהאַלטן אַן אוקאַז פון ווילנע אַרויסצוטרייבן אַלע יידן פון די דאָזיקע דערפער.

ווערדליק ס'זעט אויס, איז דער גרוש פאַרמילדערט געוואָרן אַ דאַנק דעם אַלטן מיטל פון „והכסף יענה את הכל"...

## ד.

## די צאָל יידן אין דראַהיטשין

**וויפיל יידן האָט דראַהיטשין פאַרמאָגט? די צאָל יידן איז ניט קיין באַשטימטע, עס איז אָפּהענגיק פון די עקאָנאָמישע אומשטענדן פון שטעטל און אומגעגנט.**

לויט דער אָפיציעלער ציילונג אין 1766, זיינען אין דראַהיטשין דאַן געווען 510 נפשות. אָבער, ס'איז אַ סברה, אַז די דאָזיקע צאָל איז ניט ריכטיק. ס'איז מעגלעך, אַז זייער צאָל איז געווען פיל גרעסער, נאָר די יידן האָבן פאַרלייקנט זייער צאָל, ווייל מ'האָט געדאַרפט צאָלן צוויי גילדן פאַר יעדן קאָפּ, אַן אונטערשיד פון געשלעכט, מיטן אויסנאַם פון קינדער יינגער פון אַ יאָר.

אין 1847 זיינען אין דראַהיטשין געווען 843 יידן.[2] לויט מיין השערה, האָט די יידישע באַפעלקערונג אין דראַהיטשין אָנגעהייבן אָפּפאַלן, און אַרום 1889 זיינען דאָרטן געווען ביי אַ 500 נפשות.[3] פון אַן אַנדער ציילונג, אין 1897, ווערן מיר געוואָר, איז די יידישע באַפעלקערונג פון דראַהיטשין, אין יענעם יאָר, באַשטאַנען פון 784 נפשות, און די ניט־יידישע באַפעלקערונג איז געווען 923 נפשות. דאָס מיינט, אַז די יידישע באַפעלקערונג האָט אויסגעמאַכט 45.9 פּראָצענט. אַרום 1904 איז די דראַהיטשינער באַפעלקערונג באַשטאַנען פון 2660 איינוואוינער. מיר קענען זיך משער זיין, אַז די יידישע באַפעלקערונג איז דאַן באַשטאַנען פון אַרום 1300 נפשות. פון דאַן הייבט אָן די יידישע באַפעלקערונג שטאַרק וואַקסן, דאָס איז אַ דאַנק די עקאָנאָמישע אומשטענדן וועלכע האָבן זיך פאַרבעסערט אין דראַהיטשין, אַזוי ווי מיר וועלן זען אַביסל ווייטער.



זאַמד געסל, וואָס גייט צו דער באַלניצע (שפּיטאָל)

אין 1921 דערגרייכט שוין די יידישע באַפעלקערונג צו 1521 נפשות, און די ניט־יידישע איז 466 נפשות. מיט אַנדערע ווערטער, די יידישע באַפעלקערונג האָט אויסגעמאַכט 76.5 פּראָצענט.

עס נעמט ניט לאַנג, אינגאַנצן 18 יאָר, און די יידישע באַפעלקערונג פון דראַהיטשין ווערט פאַרדרייפאַכט, נעמלעך 4500 נפשות. פון וואַנען אַזאַ גרויסער וואוקס?

דראַהיטשין איז פון שטענדיק אָן געווען אַ דורכפאָר־

---

[2] לויט „ספר קוברין" זיינען דאַן געווען 877 יידן (דאָרט, זייט 7, ת"א, תשי"א).

[3] לויט אַ קאָרעספּאָנדענץ אין „המליץ" 1889, גליון 39, זיינען אין דראַהיטשין דאַן געווען ביי זיבן הונדערט משפחות. מיר שיינט, אַז מיר האָבן דאָ אַ דרוק־פעלער. אַנשטאָט „מספר המשפחות היהודיות כשבע מאות" האָט געדאַרפט שטיין „כשבעים" (ביי זיבציק), ווייל ווען ס'וואָלט טאַקע געווען ביי אַ 700 משפחות, וואָלט דאָס אויסגעמאַכט אַרום 4200 נפשות. אַזאַ צאָל איז אוממעגלעך פאַר יענער צייט.

שטאָט, פֿון בריסק קיין פּינסק. אַ דאַנק איר געאָגראַפֿישער לאַגע, פֿלעגן דאָרטן אָפּגעהאַלטן ווערן ירידים. שוין אין 1817 ווערן פֿאַרצייכנט 7 ירידים אין דעם דאָזיקן יאָר. און ווען ס׳איז געוואָרן די באַן־סטאַנציע נעבן דראָהיטשין (נאַגאָריע), איז די קאָמוניקאַציע פֿאַרבעסערט געוואָרן. במילא, האָט דאָס געשאַפֿן מער פּרנסה אין שטאָט און דערפֿאַר איז די צאָל פֿון די יידן פֿאַרגרעסערט געוואָרן.

ווי באַוווּסט, איז דראָהיטשין פֿול מיט געדיכטע בלאָטעס פֿון וועלכע ס׳איז שווער אַרויסצוקריכן. און דערום פֿלעגן דראָהיטשינער יידן טראָגן הויכע שטיוול אָדער טיפֿע קאַלאָשן. (דראָהיטשין און אומגעגנט איז באַשטאַנען פֿון 25.52 פּראָצענט בלאָטעס). אָבער דאָס האָט זייער ווייניק פֿאַרקלענערט די אומאַנגענעמלעכקייט. אַרום 1905 האָט מען געמאַכט קלאַטקעס (הילצערנע טראָטואַרן), וועלכע האָבן פֿאַרגרינגערט דאָס לעבן פֿון די דראָהיטשינער איינוווינער.

אין 1910 איז געמאַכט געוואָרן אַ שאָסיי פֿון וואָקזאַל ביז אין שטאָט, און דאָס האָט פֿאַרבעסערט די טראַנספּאָרטאַציע צום און פֿון שטעטל. זיינען צוגעקומען פֿאַרשיידענע מסחרים, ווי שוואָימען־ און אייער־האַנדל. די דאָזיקע פּראָדוקטן פֿלעגט מען שיקן קיין וואַרשע.

מיטן צוּוואוקס פֿון פֿאַרשיידענע מסחר־בראַנזשעס האָט זיך אויך געפֿאָדערט אַ באַנק, און אין סוף פֿון 19טן יאָרהונדערט האָט די יק״א געעפֿנט אַ באַנק אין דראָהיטשין, און יידן האָבן געקויפֿט אַקציעס און געוואָרן מיטגלידער פֿון באַנק. די באַנק האָט אויך פֿונקציאָנירט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. אין 1925 האָט די באַנק געהאַט 247 מיטגלידער.

פֿון אַ רעפּאָרט וואָס די יק״א האָט אָפּגעדרוקט, זעען מיר אַז די אויבנדערמאָנטע אָרגאַניזאַציע האָט געשיקט אַן אַגריקולטור־אינסטרוקטאָר אָנצופֿירן אַגריקולטור ווירטשאַפֿט מיט וועלכע אייניקע יידן פֿון דראָהיטשין און פֿון די אַרומיקע דערפֿער האָבן זיך באַשעפֿטיקט.

***

מיר מוזן פֿאַרצייכענען אַ פּאָר קאַטאַסטראָפֿעס, וואָס האָבן פּאַסירט אין דראָהיטשין, כ׳מיין די באַוווּסטע דראָהיטשינער שׂרפֿות, לויט וועלכע דראָהיטשינער יידן האָבן געציילט זייערע יאָרן, חתונות, און ג־ט זאָל אָפּהיטן, טויט־פֿאַלן.



הויז פֿון יודל ראַבינסקי. ישעיה־בער, פֿרומע און יצחק קאָהן.

די ערשטע שׂרפֿה איז געווען אַרום 1873, פֿון וועלכע די זקנים פֿלעגן רעדן מיט ציטער און שרעק. די צווייטע שׂרפֿה איז געווען הושענא רבה, 1904, און ס׳זיינען פֿאַרברענט געוואָרן ביי אַ 25 הייזער. די דריטע שׂרפֿה האָט אויסגעבראָכן יום־כּפּור צו מנחה, 1910, און כּמעט אַ האַלבע שטאָט איז אַוועק מיטן רויך...

ס׳גייט אַ יידיש ווערטל: „פֿון אַ שׂרפֿה ווערט מען רייך". נאָך יעדער דראָהיטשינער שׂרפֿה איז געוואָרן אַרבעט פֿאַר בויערס, מוליאַרעס און אַנדערע בעלי־מלאכות, און דראָהיטשין איז צוריק אויפֿגעבויט געוואָרן, און ווייטער געלעבט און געשאַפֿן פּראָדוקטיוו, ביז אַ נייע שׂרפֿה איז אויסגעבראָכן.

## ה.

## די קולטור־געזעלשאַפֿטלעכע לאַגע

פֿון די אַלטע דראָהיטשינער רבנים זיינען אונדז באַוווּסט ר׳ דוד יפֿה ז״ל, וועלכער האָט געלעבט מיט 150 יאָר צוריק. ר׳ דוד איז געווען פֿון ר׳ מרדכי יפֿה׳ס משפּחה, דעם „בעל־הלבושים". אויסער אַ גרויסער רב איז ר׳ דוד׳ל געווען, אַזוי ווי זיין אור־עלטער־זיידע, אַ גרויסער מקובל. די לעגענדע דערציילט, אַז ער האָט געמאַכט אַ גולם. וואָס איז געוואָרן פֿון דעם דאָזיקן גולם — איז ניט באַוווּסט, נאָר ס׳איז געבליבן אַ ווערטל לגבי איינעם וואָס גייט נאַכלעסיק: „ער גייט ווי אַ דראָהיטשינער גולם..."[4]

ווי ס׳זעט אויס, איז דראָהיטשין געווען אַ פּאַסיקער אָרט פֿאַר קבלה. מיר געפֿינען דאָרטן אויך דעם גרויסן מקובל ר׳ משה מדראָגיטשין.[5]

אויסער מקובלים האָט דראָהיטשין געהאַט אַ רב, אַ פּיאָנער וואָס איז נאָך פֿיל יאָרן פֿאַר די „חובבי־ציון" עולה געווען קיין ארץ־ישראל.[6] דער דאָזיקער רב איז ניט געווען דער איינציקער, וואָס האָט פֿאַרלאָזן דאָס שטעטל און זיך באַזעצט אין דעם הייליקן לאַנד. פֿון מצבות אויפֿן הר־הזיתים לערנען מיר אַרויס, אַז דראָהיטשינער יידן האָבן געלעבט און געשטאָרבן אין ארץ־ישראל נאָך אין 19טן יאָרהונדערט.

די חסידיזם באַוועגונג האָט אויך ניט איבערגעהיפּט דראָהיטשין. אויך דאָרטן האָט די חסידישע באַוועגונג געשלאָגן וואָרצלען, אָבער די דראָהיטשינער יידן האָט מער געצויגן צו דעם קאָברינער פֿאָלקסטימלעכן חסידיזם איידער די נאָענטע קאַרלינער לומדישע חסידות. אויך די חסידישע באַוועגונג אין דראָהיטשין האָט זיך אָנגעשטויסן אויף אַ גרויסער קעגנערשאַפֿט מצד די מתנגדים.

***

עס איז אויך אַמאָל געמאַכט געוואָרן אַ פּרוּוו צו איינאָרדנען אין דראָהיטשין אַ ישיבה פֿון פּרושים. דאָס איז גע־

[4] זען אַרטיקל: „ר׳ דוד׳ל יפֿה, ז״ל", זייט 116.
[5] זען אַרטיקל: „ר׳ משה מדראָגיטשין, ז״ל", זייט 113.
[6] זען אַרטיקל: „ר׳ אברהם אייזענשטיין, ז״ל", זייט 118.

ווען אין 1912, און די איניציאַטאָרן זיינען געווען ר' מאיר קאַפּלאַן, אָדער ווי מ'האָט אים גערופן, מאיר דער לינער, און ר' בנימין משה דער שוחט. אָבער די דאָזיקע ישיבה האָט לאַנג ניט עקזיסטירט.

דראָהיטשינער בחורימלעך מיט גוטע קעפּ, פלעגן אויך פאָרן זיך לערנען אין דער נאָענטער מאַלטשער ישיבה, ביי ר' זלמן סענדער'ן, ז"ל, אָדער אין סלאָבאָדקע, פון וועלכע עס זיינען אַרויסגעקומען רבנים און וויל־לערנער.

דראָהיטשינער קינדער פלעגן אויך פאָרן קיין פּינסק זיך לערנען אין דער פּינסקער תלמוד תורה, וווּ מ'האָט אויך געלערנט וועלטלעכע לימודים. אַנדערע פלעגן זיך לערנען אין די פּינסקער רוסישע שולעס.

מיר געפינען אויך שפּורן פון דער השכלה באַוועגונג אין דראָהיטשין. אין 1883, אַ דאַנק יצחק ראָזענקראַנץ און שלמה שעדראָוויצקי, האָט אַ גרופּע דראָהיטשינער יידן געקראָגן אַ דערלויבניש צו עפענען אַ שולע פאַר יידישע יינגלעך, און די רעגירונג האָט אַראָפּגעשיקט אַ רוסישן לערער. אָבער ער איז געבליבן אָן אַ שטאָך אַרבעט, ווייל קיין ספּעציעלער בנין פאַר דער שולע איז ניט געווען. ווי ס'זעט אויס, האָבן די דראָהיטשינער יידן נאָך געהאַלטן פון „שקאָלעס ניע זשעלאַיעם" (מיר פאַרלאַנגען ניט קיין שולעס), און געגעבן דעם פאָרצוג די אַלטמאָדישע חדרים. אָבער סוף־כל־סוף איז אין 1885 געעפנט געוואָרן די שולע מיט 52 יינגלעך און מיט אַ גאַנץ היפּשער צאָל מיידלעך.

**
*

פון די חברות אין די 90ער יאָרן פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט, איז כדאי צו דערמאָנען דער גמילות־חסדים־חברה, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן פון ר' משה לאָבענדיקער, אָדער, ווי מ'האָט אים גערופן, משה באדיעס. צו דער דאָזיקער חברה האָבן באַלאַנגט אַ היפּשע צאָל דראָהיטשינער יידן און יעדער איינער האָט געגעבן אַ הלואה צו דער חברה, און יעדער נויטבאַדערפטיקער האָט געקענט דאָרטן קריגן אַ גמילת־חסד.

אין יענער צייט האָט אויך פונקציאָנירט אין דראָהיטשין אַ חברה „ביקור־חולים", וועלכע פלעגט געבן אָרימעלייט אַ דאָקטאָר, מעדיצין און אויך גוט עסן צו ערהאַלן זיך.

אויך אַ חברה „הכנסת־אורחים" איז דאַן געווען, וווּ אָרימעלייט פלעגן האָבן ווו אַ קאָפּ צו לייגן און אויך עפּעס אָפּצועסן.

**
*

די דערביאיקע גרויסע שטאָט פּינסק האָט געהאַט אַ השפּעה אויף דעם קליינעם שטעטל דראָהיטשין. דראָהיטשינער יידן פלעגן פאָרן איינקויפן זייערע סחורות אין פּינסק, אָדער פאָרן זיך היילן ביי פּינסקער דאָקטוירים, און פון דאָרטן פלעגן זיי אַראָפּברענגען די גרויסשטאָטישע מאַניערן און וועלט־אַנשויאונגען.

פּינסק האָט געהאַט אַ שטאַרקן איינפלוס אויף די דראָהיטשינער יוגנט־באַוועגונגען אין דער צייט פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע. דער „בונד" און די „עס־עס" פון פּינסק האָבן גאַנץ שיין וווערבירט אין דראָהיטשין חברים פאַר זייערע אָרגאַניזאַציעס און אין דראָהיטשין איז געוואָרן לעבעדיק. די יוגנט האָט אָרגאַניזירט אַ זעלבסט־שוץ און קיין פּאָגראָמען זיינען ניט פאָרגעקומען אין יענער שרעקלעכער צייט. די דראָהיטשינער יידן האָבן געהאַלטן שטאָלץ זייער טראַדיציע פון מוט און ענטשלאָסנקייט.

אויך אין די אימה'דיקע טעג פון דער דייטשער מאַכט, האָבן פילע פון די דראָהיטשינער יידן אַרויסגעוויזן אַ ווידערשטאַנד.

וועלן מיר נאָך אַמאָל הערן פון די שטאָלצע יידן אין דראָהיטשין?

איין גאָט ווייסט !

**
*

## מקורות:


„טויזנט יאָר פּינסק", נ. י. 1941.

„ספר קאברין", ת"א, תשי"א.

„פנקס מדינת ליטא", עמ' 115, ברלין, תרפ"ה.

„המליץ", 1882, גל' 40 ; 1883, גל' 18, 59, 60; 1885, גל' 81,10 ; 1889, גל' 39 ; 1890, גל' 17.

„חלקת מחוקק", מח' ב', עמ' א' י"ג, ל"ה ; מח' ד', עמ' מ"ד, ירושלים.

„אַקטי איזדאַוואַעמאַ ווילענסקאיו קאָמיסיו דליאַ ראַזבאָראַ דרעווניך אַקטאָוו", באַנד 29, ז. 18־216 ווילנע, 1902.

„פּיסצאָוואַיאַ קניגאַ", באַנד 2, ז. 123, 495. ווילנע 1874.

„זשורנאַל מיניסטערסטוואַ וונוטרעניך דיעל", באַנד 1, זייטן 382, 385. פּעטערבורג 1843.

פּ. באָבראָווסקי „מאַטעריאַלי דליאַ געאָגראַפּי אי סטאַטיסטיקי ראָסיאי, גראָדנענסקאַי גובערני", באַנד 1, ז. 215 ; באַנד 2, ז. 386.

„ענציקלאָפּעדיטשעסקי סלאָוואַר", באַנד 21, ז. 170.

„יעווריעיסקאַיאַ ענציקלאָפּעדיאַ", באַנד 5, ז. 793; באַנד 7, ז. 344; באַנד 9, ז. 576־575.

„פּאַמיאַטנאַיאַ קניזשקאַ גראָדנענסקאַי גובערני", ז. 172, גראָדנאָ 1905.

„דזשואיש קאָלאָניזיישאָן אַסאָסיאיישאָן רעפּאָרט", 1925, 1927, 1930, 1931, (פראַנצויזיש).

„צייטשריפט", באַנד 3־2, ז. 378־307, מינסק, 1928.


זלמן שעווינסקי און גדליה קאַפּלאַן.

# קאָרעספאנדענץ וועגן דראָהיטשין אין "המליץ"

„המליץ", גליון 40, י"ח מרחשון, תרע"ג, — 1882.

## מי ברעש

**דראָהיטשין** (מחוז קאברין, פלך הורדנא)

„פחד פתאום בא על עירנו, ביום ו', עש"ק (1 אקטאבער). יום חג להנוצרים התגודדו בבתי המרזח לשתות יין לרויה, גם עושי המלאכה על מסלת־הברזל בקרבת עירנו נלוו עליהם. ואחרי אשר שתו ושכרו למדי יצאו בשעה 10 בבוקר ויקרבו העיר ויכו את כל איש יהודי אשר פגעו בלכתם. לדאבון נפשנו לא היו השוטרים בעיר, כי נסעו על יום השוק בעיר חאָמסק הקרובה לעירנו. לכן היה להם שעת הכושר לעשות בנו כרצונם. כה נמשכה השערוריה עד שעה 1 אחר הצהרים. ואז קמה הסערה לדממה, כי יראו לנפשם בשמעם אשר הגענעראל אניניקוב הממונה על המסלה יסע היום דרך עירנו, ולולא זאת ד' יודע מה היה לנו. בכתבי הטורים האלה תרעדנה אצבעותי מפחד."

„יחזקאל בר"ל וואליועלסקי."



טאַדרעס לייב מילנער מיט זיין „בית־ספר עברי" פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה אין דראָהיטשין

אל חנות יהודי ויתחילו להמטיר על החנוני מהלומות באגרופיהם. וכאשר ראה היהודי כי כלתה אליו הרעה, וינס החוצה בקול רעש גדול, ויקרא את אחינו לעזרה. והמה יצאו אחריו ויקראו גם הנוצרים אל אחיהם. ותהי מלחמה גדולה מאד, כי המה באו עלינו במקלי־חובלים ובאתים, ויפצעו ממנו שלושה אנשים. ואיש עברי אשר הלך ברחוב לבקש את בנו הנעלם ממנו בעת המבוכה, חבשוהו מכוהו מכה רבה, עד אשר כרע, נפל שדוד תחת ידם. רבים מאחינו נפצעו בפצעים קלים, כי התפשטו הפורעים פרעות בכל רחובות

„המליץ", גליון 18, עמוד 282, 1883. — קור. וואליוועלסקי.

„מתאונן על המלחמה בדבר הש"ץ החדש. בכל יום ויום נשמע על העיר קול שברי זכוכית החלונות. זה חפץ בהש"ץ החדש הצעיר לימים וקולו ערב, והשני מוציא החדש מפני רחמנות על הישן. מתאונן שאין רופא מומחה בעיר."

***

„מודיע ה' יחזקאל וואליועלסקי כי בהשתדלות המשכיל ה' יצחק ראָזענקראַנץ השיגו היהודים יושבי העיר רשיון ליסד בית־ספר לנערי ב"י."

„המליץ, גליון 59, 1883."

„המליץ", גליון 60, 1883.

„ביום ב' מנ"א יצא צו על היהודים יושבי הכפרים במחוז קאָברין להיות נכונים ליום השביעי לעזוב את בתיהם ולבוא העירה. ורק בעמל ויגיעה רבה עלתה בידם להשיג ארכה (כפי הנשמע על חודש ימים) לדרוש אחרי שורש דבר, כי אין שום תואנה מוצאת להרחיק משם את היהודים, כי בשלום יחיו עם האכרים שכניהם ואמנם מעוררים קנאה ותחרות בעשרם או במסחרם... אדרבא בימי המהומות הרעמים בנגב רוסיא התפארו הנוצרים בהכפרים כי יהיו סתרה על היהודים היושבים בקרבם."

„באותו גליון ישנה קורספנד. מחומסק, שבה מסופר:

„תמול שלח הפקיד (סטאַנאָוואַי פּריסטאַוו) מדראָהיטשין (אשר עירנו נספחה עליה) לקרוא ליהודים יושבי הכפרים מסביב ולהודיע שהגיע אליו צו מפקיד המחוז (איספּראַווניק), יום 20 לחודש הזה (יולי), בו ישמיעוהו כי הגיעה אליו פקודה מאת ממלא מקום הנציב בווילנא, לגרש את כל היהודים מהכפרים העירה. גם את אלה שיש להם בתים זה עשרים ושלוש שנים, אך הם בנויים על אדמת אדונים או אכרים. מן הכלל הזה יוצאים רק אלה המעטים שיש להם קרקע קנין כספים לאחוזת עולם... אחרי בכיות ותחנונים והפצרות רבות נתרצה הפקיד להמתין להם עשרה ימים. (כפי הנראה החוק הזה הוא עפ"י חוק 3 במאי, 1882 עב"ע.)"

**
*

„המליץ", גליון 10, 1885. — קור מדרו

„עוד לפני שנתים ימים הואילה הממשלה לתת רשיון לעדת ישראל בעירנו ליסד בית־ספר לנערי ישראל (כאשר הודעתי ב„המליץ", נומ. 59 משנת 1883), אך מסבות שונות לא יצא הדבר לפעליו, כי קצרה יד קהלתנו העניה לבנות או אפילו לשכור בית לזה. וזה כשנה תמימה אשר נשלח לפה — במצות הממשלה — מורה נוצרי, ומאפס בית־ספר פנה את לבו לבטלה... ויהי זה לחרפתנו ולבשתנו בעיני שכנינו הנוצרים אשר הוכיחו מזה כי אין נפשנו לחנך את בנינו כמשפט וכי רק אל ה„עקספּלואַטאַציע" עינינו נשואות, כאשר שמענו לא אחת מפי השר האדון ק'...

„והנה עתה לשמחת לבנו התעוררו אחדים מנכבדי עירנו, ה"ה הנכבד ה' יצחק ראָזענקראַנץ והנכבד ה' אהרן דראָגי־טשינסקי, ויעוררו בכל לב עד אשר מצאו לכסף מוצא, ועל־ידם נפתח ביה"ס ביום 24 לח"ז. והרי מספר התלמידים הבאים בראשונה חמשים ושנים, מלבד הנערות אשר גם מספרן לא מעט. וגם המורה הישר באדם ט. איסקרא, זל"ט."

**
*

„המליץ", גליון 81, 1885. קור. מדרוהיצין.

„מודיע ה' יעקב אליהו רייכמאַן כי ביום ד' שבוע העבר בא לעיר הרבי מקאָברין. אחד ממתנגדי הרב כתב לבני ביתו: כי בהתהלך הרבי ברחוב העיר מעדו קרסוליו ויפול ותשבר ידו ורגלו, וע"כ ימהרו לבוא הנה, לשמוע מצות הרבי לפני מותו... ובני ביתו של הרבי שלחו את אחיו הנה... ת"ל חי ושלם בכל אבריו. ועוד יארה עשו מתנגדיו, כי כתבו עליו שטנה אל פקיד העיר: כי בא איש אחד להונות את הבריות ולהוציא כספם מכיסם. הפקיד מהר לבוא לבית משכנו של הרבי, אך הוא חמק, עבר לפני בואו, בהודע לו דבר השטנה אשר כתבו עליו."

**
*

„המליץ", גליון 39, 1889.

חב' הכנסת אורחים בדרוהיצין.

„איש אחד העמיד עשר מטות בביתו. נותן לאורחים אף ארוחה." „קור' יהושע בר' חירקיל יהודה בערג."

**
*

„המליץ", גליון 17, 1890.

„דראָהיטשין, מחוז קאָברין, פלך הוראדנא.

„מספר משפחותם יעלה לשבע מאות... 'גמילות חסדים' נוסדה עוד לפני חמש שנים ע"י מנהלה עוד כעת ה"ה הישיש הנכבד ר' משה לאבענדיקער — הנקרא בפי כל ר' משה'קע באַדיעס. האיש היקר הזה מקיים בעצמו 'גדול המעשה מן העושה', כי הוא הקדיש כחו ועתו לעת זקנותו לעבודת הצדקה הזאת... כי מלבד הס"ך 665 רו"כ אשר נאסף על־ידו בתור 'מעות הקדש' לחלוטין מנדבות פרטיות ומעזבונות אחדים ועוד ועוד, הנה עוד בערך 400 רו"כ מונחים באוצרה 'מהלואות החברים', אשר כל אחד נותן לאוצר החב' איזה סכום כסף בתור הלואה לזמן־מה... אוצר הכסף פתוח לכל הפושט יד מקבל 1 רו"כ לשבוע... ובבוא ללות הכסף, חובה עליו להביא 'ערב' אתו...

„לא נופלת היא בערכה החב' 'ביקור־חולים' אשר זה עברו שלוש שנים מיום הוסדה. מטרתה להמציא מזור ותרופה לחולי עניי העיר, להספיק להם סמי־מרפא ומאכלים בריאים בעת חלים עד קומם ממשכבם. הכנסת החב' מנדבות החברים עולה למאתים רו"כ לשנה מלבד נדבות פרטיות. וראוי לתהלה רופא עירנו ש. ווייסמאַן אשר עשה חוזה עם גבאי החברה וקבל עליו להמציא עזר ותרופה לכל עניי העיר בשכר מצער לחודש.

„גם החב' 'הכנסת־אורחים' תמלא חובתה באמונה. מטרתה לקבל פני אורחים עניים העוברים דרך עירנו, לתת להם מקום ללון בדירה נאה ומטות מוצעות, ולהספיק להם לחם ומזון, אשר כל אחד מחברי החב' נותן ארוחה על שלחנו, בית איש יומו." „יחזקאל ברי"ל וואליוועלסקי."

**
*

מצבות על הר הזיתים בירושלים של אנשי דרוהיצין

„חלקת מחוקק", מח' ב', עמ' א', י"ג; מח' ד', עמ' מ"ד.

„שאול בר' יהושע הכהן נפטר בשנת תרכ"ט. הישיש הנכבד צבי זעליג בר' משה נלב"ע ט"ו טבת שנת תרמ"ז."

דראהיטשין בײ 1930.

1. מזרח שול.
2. רוסישע שול.
3. נײע פּוילישע שול.
4. חסידים שטיבל
5. הענדווערקער שול
6. תלמוד תורה
7. די באָד
8. די פּאָזשאַרנע קאָמאַנדע
9. די שטאָט פּאָליציי
10. די רעגירונג קאַנצעלאַריע
11. רעגירונגס שולע
12. דער רוסישער קלױסטער
13. פּוילישער קלױסטער
14. אַלטער בית עולם
15. נײער בית עולם
16. קריסטלעכער בית עולם
17. די באַזניצע
18. נײע פּוילישע קאָלאָניע
19. אבוּוס װינט מיהל
20. דער פּאָראָװער מיהל
21. די נײע מאָרשטאַטע
22. עלעקטרישע סטאַנציע



די דאָזיקע צייכענונג פון דראָהיטשין איז געמאַכט געוואָרן פון צבי לעוואַק (לאָס־ענדזשעלעס, קאַליפאָרניע). הגם, די צייכענונג איז נישט אויסגעהאַלטן דיאַמעטריש, דאָך קען מען דורך איר שאַפן זיך אַ באַגריף, וועגן דער געאָגראַפישער לאַגע פון שטעטל.

דוב ב. וואַרשאַווסקי (שיקאַגאָ)

# דאָס שטעטל

## דראָהיטשין

### אַריינפיר*

מיט אַ געפיל פון אַ ציטערדיקן יראת־הכבוד און אַ גרויסער אחריות נעם איך די פען אין האַנט צו פאַרצייכענען פאַר אונדז און פאַר די קומענדיקע דורות פרטים פון דער קהילה־קדושה פון דראָהיטשין, וועלכע איז, צוזאַמען מיט אַנדערע הונדערטער יידישע שטעט און שטעטלאַך, פאַרניכטעט געוואָרן (אַלס יידישע קהילה) דורך די גרויזאַמע דייטשישע רוצחים, ימ״ש!


הרב דוב ב. וואַרשאַווסקי

צום באַדויערן, האָב איך נישט אונטער מיין האַנט קיין שום סטאַטיסטישע ציפערן און קיין שום דאָקומענטאַריש־היסטאָרישע דאַטומס, מיט וועלכע איך זאָל קענען אָפּערירן ביים שרייבן די דאָזיקע שורות. דער איינציקער היסטאָרישער דאָקומענט, דער „פנקס־דראָהיטשין”, אין וועלכן עס זיינען געווען פאַרצייכנט היסטאָרישע פּאַסירונגען און מנהגים פון 150 יאָר יידיש־לעבן אין דראָהיטשין, איז אין די מהומה־און חורבן־טעג אַוועקגעקומען און איז מער נישט בנמצא.

איך וועל זיך, ליידער, מוזן באַנוגענען מיט דער הילף פון מיין זכרון; אויף וויפיל איך געדענק מיין ליבע היים־שטעטל זינט פון די קינדער־יאָרן; און אויף וויפיל איך האָב זיך אָנגעהערט פון די טאַטעס און מאַמעס און זקנים פון דראָהיטשין; און דאָס איבעריקע פאַרלאָז איך זיך אויף דער פאַנטאַזיע און שכל.. (כ׳האָף אי״ה ניט צו מאַכן קיין טעותים.)

מהאי טעמא, נעם איך זיך נישט אונטער צו געבן דאָ אַן אויספירלעכע, בילדלעכע שילדערונג פון אַ „5 הונדערט יאָר יידיש־דראָהיטשין”. איך וועל זיך באַמיען, ווי ווייט מעגלעך, צו פאַרצייכענען די פרטים פון דער נישט־לאַנגער פאַרגאַנגענהייט, וואָס וועט במילא, אונדירעקט, אויך וואַרפן אַ שיין און עס וועט אָפּשפּיגלען דעם גאָר ווייט־געשיכטלעכן עבר פון דראָהיטשין.

**א.**

## געאָגראַפישער אויסלייג פון דראָהיטשין

### די גאַסן פון שטעטל

דאָס גאַנצע שטעטל דראָהיטשין איז באַשטאַנען — (מעגלעך, זי שטייט נאָך היינט אויך. מיר ריידן דאָ בלשון עבר, מחמת אַלס יידישע שטעטל עקזיסטירט זי נישט מער) — פון איין לאַנגער גאַס, וועלכע האָט זיך געשלענגעלט לענג אויס דעם טראַקט, (הויפט וועג), וואָס לויפט פון פינסק־יאַנאָווע, דורך דראָהיטשין, קיין אַנטאָפּאָליע־קאָברין און ווייטער. פון אין מיטן שטעטל, אָדער גאַס, האָבן זיך אויסגעשפרייט, — ווי ביי אַ פאַראַכאָד (קליין־וואַסער־שיפל) די רעדער־פּראָפּעלער, — צוויי קוואַרטאַלנע פלעצער; דער שוהל־הויף (פון דרום זייט) און דער ראַד־קראָמען מיטן מאַרק (פון צפון זייט). דער שוהל־הויף (גייסטיקער צענטער) און דער מאַרק (עקאָנאָמישער פונקט) זיינען געווען די צוויי רעדער־פּראָפּעלער, וועלכע האָבן געשטופּט און באַוויגן דאָס לעבן פון דראָהיטשינער יידישער קהילה אין משך פון הונדערטער יאָרן.

* אין דעם דאָזיקן אַרטיקל האָבן מיר ספּעציעל אַריינגעגעבן די רעדעסאַרטן, אויסדריקן און רוסיפיצירטע ווערטער און נעמען פון זאַכן, מיט וועלכע די יידן פון דראָהיטשין האָבן זיך באַנוצט אין זייער טאָג־טעגלעכן לעבן, כדי צו פאַראייביקן אויך די שפּראַך פון אונזערע דראָהיטשינער קדושים.

עס זיינען, נאַטירלעך, געווען נאָך אייניקע קלענערע געסלאַך, ווי דער ניי־שטאָט, קראַסנאָאָוליצע א.א. אָבער דאָס זיינען מער נישט געווען ווי קליינע צווייגעלאַך אויף אַ גרויסן בוים. עס זיינען אויך געווען צוויי גאַסן־דערפער, זאַריטשקע און סטאַראָסיליע, וועלכע האָבן זיך געגרענעצט מיט דעם שטעטל, און וועלכע זיינען געווען באַוווינט אויסשליסלעך פון ווייס־רוסישע פויערים.

און ווירקלעך, האָט דראָהיטשין געמאַכט דעם איינדרוק, ווי אַ שווימענדיקע שיפל אויפן וואַסער. מחמת פון ביידע זייטן גאַס איז זי געווען אַרומגענומען מיט אַ וואַסער, אַ זומפּ אַזאַ, וואָס מען האָט גערופן „וויאָן". עס זיינען געווען צייטן, ווען דאָס וואַסער אויף דעם וויאָן פלעגט, צוליב די גרויסע רעגענס, צעשפּילן זיך, איז דאַן אויסגעקומען אַז דאָס גאַנצע שטעטעל איז אַ שווימענדיקער פּאַראַכאָד אין מיטן אַ גרויסער אָזערע (לייק). און דערפאַר האָט דראָהיטשין נישט געקענט וואַקסן אין דער ברייט נאָר אין דער לענג. די לעצטע יאָרן האָט די הויפּט־גאַס זיך געצויגן אויף אַ מרחק פון אַריבער צוויי מייל די לענג.



גענעראַל מינקאָוו, ראַווינער פּריץ
אייגנטימער פון דעם באָדן פון שטעטל

די האַלבע גאַס צו מערב זייט איז געווען אָנגענומען צו רופן די „קאָברינער גאַס", און די אַנדערע האַלבע גאַס צו מזרח־זייט — די „פּינסקער גאַס". די דאָזיקע צוויי האַלבע גאַסן האָבן אויך געהאַט צונעמען: די „פּינסקער גאַס" האָט געהייסן די „ארץ־ישראל־גאַס", און „קאָברינער גאַס" האָט מען באַצייכנט אַלס „מצרים־גאַס". פון וואַנען עס שטאַמט די הלצה און אויף וועלכן גרונד די צונעמען זיינען געשאַפן געוואָרן קענען מיר נישט פעסטשטעלן. אפשר נעמט זיך עס פון דעם, וואָס, מחמת אויף דער פּינסקער גאַס האָבן געוווינט מער מיוחסים און רייכערע יידן ווי אויף דער קאָברינער גאַס? אויב דאָס זאָל זיין דער מאָטיוו — איז דאָס נישט גאָר קיין געלונגענער וויץ... עס איז בעסער אָנצונעמען די השערה, אַז דערפאַר האָט מען באַצייכנט די קאָברינער גאַס אַלס די „מצרים־גאַס", מחמת אויף דער קאָברינער גאַס האָבן די וואַנדערנדיקע ציגיינער געהאַט זייערע מלינות, ווו זיי פלעגן עסן און שיכור'ן און עס איז געווען אָנגענומען, אַז די ציגיינער שטאַמען פון די עגיפּטער, די מצריים, האָט עפּעס אַ לץ באַשאַפן דעם צונאָמען „מצרים־גאַס" און ס'איז שוין אַזוי פאַרבליבן...

פּאַראַלעל מיטן טראַקט איז געלאָפן לעבן שטעטל די באַן־ליניע פּינסק־בריסק, וואָס די רוסן האָבן אויסגעבויט אין יאָר 1883. אָבער דעם וואָקזאַל האָבן די רוסן פאַרשלעפּט אַזש קיין נאַגאָריע, 7 וויאָרסט פון שטעטל. ווי מען דערציילט, איז דאָס געווען אַ קאַפּריז פון דעם הויפּט־אינזשינער, וואָס האָט געבויט די באַן־ליניע. דער אינזשינער, זאָגט מען, האָט אויסגעקוקט, אַז שטאָט זאָל אים אַריינרוקן עפּעס אין יד אַריין... און אַזוי ווי די יידן האָבן זיך נישט ווויסנדיק געמאַכט, און צו דעם איז דער באָדן אַרום שטעטל געווען זומפּיק, האָט ער געהאַט אַ גוטן תירוץ אויסצובויען דעם וואָקזאַל 7 וויאָרסט ווייט פון שטעטל.

### דאָס שטעטל האָט זיך אויסגעבויט אין אַ טאָל

פאַרוואָס דראָהיטשין האָט זיך בדוקא אויסגעבויט אין אַ טאָל, אין אַ זומפּ, הגם, עטוואָס ווייטער אַרום שטעטל, און ספּעציעל אויף דער זאַמד־גאַס, איז דער באָדן באַרגיק און טרוקן? — איז דאָס, קען מען זיך משער זיין, געשען צוליב צוויי סיבות.

ערשטנס, ווייל די ערשטע יידן, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין דראָהיטשין האָבן געוואָלט וווינען ביי דעם שליאַך, לעבן הויפּט־וועג. [פון דעם שטאַמט אויך, דאַרף מען אָננעמען, דער נאָמען „דראָהיטשין", וועלכער איז גענומען געוואָרן, וואַרשיינלעך, פון רוסישן „דאָראָגאַ", אָדער פון פּוילישן — „דראָגאַ". צי דער נאָמען „דראָהיטשין" איז אַ רוסישער, אָדער אַ פּוילישער געבוי — קענען מיר נישט פעסטשטעלן. אין דער רוסישער שפּראַך ווערט טאַקע דאָס שטעטל גערופן — „דראָגיטשין". ווייל די רוסישע שפּראַך האָט נישט קיין „ה". דאַקעגן די ווייס־רוסישע כאַכאָלן, וועלכע וווינען אין און אַרום דראָהיטשין זאָגן אויף אַ „וועג" — „דאָראָהאַ", מיט אַ „ה", איז דערפאַר, משמעות, פאַרבליבן דער נאָמען „דראָהיטשין" מיט אַ „ה".]

צווייטנס, איז צו דרינגען, אַז די אַמאָליקע מאַכט־האָבער פון געגנט האָבן נישט דערלויבט די יידן צו באַזעצן זיך אויף באַרגיקן, טרוקענעם באָדן. (און אפשר האָבן די יידן נישט געהאַט גענוג געלט צו קויפן בעסערע ערד.) די אַמאָליקע מאַכט־האָבער זיינען, הפּנים, געווען צופרידן אַז די יידן זאָלן זיך באַזעצן אין זומפּ און עס אויספּלאַנטעווען און אויסקולטיווירן.

דער אַלטער בית־עולם, וועלכער געפינט זיך ביים סוף פון וויאָן זאָגט עדות, אַז דאָס גאַנצע שטעטל האָט מיט יאָרן צוריק מער נישט געגרייכט ביז דעם בריק, העכסטנס, ביז דעם קלויסטער, פון וואַנען עס הויבט זיך אָן די זאַמד־גאַס, וועלכע איז פון יאָרן געווען באַזעצט און באַוווינט פון רוסישע נאַטשאַלניקעס און פויערים. ערשט די לעצטע יאָרן האָבן זיך אויף דעם „זאַמד" אויך אַריינגעריסן עטלעכע יידישע פאַמיליעס.

[שפּעטער מיט יאָרן, ווען דער אַלטער בית־עולם איז געוואָרן פאַרפולט (לויט אַנדערע קוועלן: די מאַכט האָט מער נישט דערלויבט צו מקבר זיין דאָרט), האָט קהל מחנך געווען אַ נייעם „הייליקן־אָרט" ווייט אַרויס פון שטאָט, אויף דעם בובין, און האָט זיך גערופן דער „נייער בית־עולם". אין הלצה פלעגט מען זאָגן: „ער איז אַוועק אויף דעם בובין"...]

### די יידן האָבן דעם באָדן באַקומען אומזיסט — השערה

מיר זיינען זיך משער, אַז די ערשטע יידן זאָלן האָבן דעם זומפּיקן באָדן פון דראָהיטשין באַקומען פון די אייגנטימער אומזיסט, אָדער אין אַרענדע, כדי די יידן, ווי מיר האָבן שוין געזאָגט, זאָלן אים באַאַרבעטן. והא ראיה, ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן די יידן פון שטעטל געצאָלט צינזען, אַ מין באָדן־שטייער, צו דעם פּריץ, אָדער פּריצטע, פון דעם הויף ראָווין, צו וועמען דער באָדן פון גאַנצן שטעטל האָט באַלאַנגט.

[אַ לעגענדע פון דער נישט־לאַנגער פאַרגאַנגענהייט גייט אַזוי: די צאַרישע רעגירונג זאָל עס האָבן אַוועקגעשיינקט „מאַטיעזש" אין יאָר 1863 און נאָך פריערדיקע. און די צאַרישע רעגירונג האָט, אַלס שטראָף, קאָנפיסקירט זיין פאַרמעגן, ווי זי האָט ענלעכעס געטאָן מיט אַנדערע פּוילישע פּריצים, און עס אַוועקגעגעבן צו דעם גענעראַל מינקאָוו.]

* *

אַלזאָ, עס איז מער ווי וואַרשיינלעך, אַז דער באָדן, וווּ דאָס שטעטל איז געשטאַנען, אָדער שטייט, איז אַמאָל געווען זייער אַ נידריקער טאָל, וווּהין דאָס וואַסער פון די אַרומיקע בערגיקע פעלדער פלעגט אַראָפּרינען, און מיט דער צייט האָט דאָס שטייענדיקע וואַסער אַזוי צעווייקט דעם באָדן, אַזש עס איז געוואָרן דאָרט אַ בוכטע, אַ בלאָטע. שפּעטער האָט מען אין מיטן דער בוכטע אָנגעפּלאַנטעוועט און דורכגע־



אַ טייל פון פינסקער גאַס (פאַרבליבן פון דער שרפה) אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע אין 1916

דעם הויף ראָווין (לעבן שטעטל) און די ערד פון גאַנץ דראָהיטשין צו דעם העלד פון דער רוסיש־טערקישער מלחמה אין יאָר 1877, דעם גענעראַל מינקאָוו. איז די פראַגע, ווי קומט עס, וואָס דער הויף ראָווין און דאָס שטעטל זאָלן גאָר באַלאַנגען צו דער רוסישער רעגירונג? — לאָזט זיך עס צו פאַרשטיין, אַז פריער האָט דער הויף ראָווין און דער געגנט פון דראָהיטשין באַלאַנגט צו אַ פּוילישער שליאַכטע, אָדער פּריץ, וועלכער זאָל האָבן, מן הסתם, איינטיילגענומען אין די פּוילישע אויפשטאַנדן קעגן רוסלאַנד, ווי דער

פירט דאָרט אַ וועג און אָט ביי דעם טראַקט האָבן די יידן אויסגעבויט זייער שטעטל דראָהיטשין. אָבער פון ביידע זייטן פון שטעטל איז פאַרבליבן די בלאָטע ווי געווען, וואָס מיר האָבן עס גערופן וויאַז. אויף דעם קענען עדות זאָגן די גראָבנס, און די בריקן איבער זיי, וועלכע שניידן אַדורך דאָס שטעטל, — איינער ביים זאַמד און דער צווייטער לעבן דאָרף זאַרעטשקע (פון דאַנען נעמט זיך דער נאָמען „זאַרעטשקע", איבערן טייכל) — וואָס באַצוועקט צו פאַרייניקן ביידע וויאַנס, כדי דאָס וואַסער זאָל אָפּלויפן פון איין וויאַז אין צווייטן.

אין פרילינג, ווען דער אייז און שניי פלעגן צעגיין, און אין הערבסט, ווען עס פלעגן זיך אָנהויבן די גרויסע רעגענס און דאָס וואַסער פון וויאַן האָט דערגרייכט ביז אונטער די הייזער, פלעגט דאָס שטעטל דאַמאָלט אויסזעען ווי אַן אינזל אַרומגענומען פון צוויי גרויסע אָזערעס.

אין מיטן זומער פלעגט דער וויאַן ווערן אַביסל טריקענער און באַוואַקסן מיט מאַך־גראַז. עס פלעגן אויך וואַקסן דאָרט טשעראַט, בולאַוועס, פּליסניאַק, קליינע ווערבע־בוימעלאַך א.א. דאָרט פלעגן זיך אויך פּאַשן די בעל־עגלה׳שע פערד פון שטעטל.

### דער וויאַן אַלס ספּאָרט־פּלאַץ פאַר דער יוגנט

פאַר די חדר־ייִנגלאַך איז דער וויאַן, זומער־צייט, געווען איינער פון די בעסטע אַטראַקציעס און פאַרוויילונגס־פּלעצער. באַזונדערס פ ר י י ט א ג, ווען מען איז באַפרייט געוואָרן פון חדר אַרום האַלבן טאָג, פלעגן זיך די חדר־ייִנגלאַך אויס־טאָן באָרוועס, פאַרקאַ־טשען די הויזן און לאָזן זיך בראָדזשען אין דעם מאַך־גראָז, וועלכער האָט געגלעט און געקיצלט אין די פּיאַטעס. ערטער־ווייז פלעגט זיך דער באָדן טרייסלען אונטער די פיס. דאָס איז געווען אַ סימן, אַז ווייטער טאָר מען נישט קריכן, ווייל מען האָט געקענט איינ־רוזנען, פאַרזינקען ביזקל האַלז.

מיר, חדר־ייִנגלאַך, האָבן הנאה געהאַט אַרומצושטיפן אויף דעם וויאַן. און ווו נאָך האָט מען געקענט האָבן אַזאַ פרייקייט ווי אויף דעם וויאַן? מען פלעגט זיך שפּילן אין באַהעלטעניש אין דעם הויכן פּליסניאַק; מען פלעגט מאַכן פייפעלאַך פון יונגע ווערבע־פּריטלאַך, אָדער פון טשעראַט; מען פלעגט צערייסן די בולאַוועס און לאָזן עס מיטן ווינט ווי פעדערן, אָדער באַשיטן איינער דעם אַנדערן אין קאַלנער. אויף שבועות פלעגן מיר אָנרייסן אויף דעם וויאַן בערג מיט פּליסניאַק און אויסשפּרייטן עס אַרום און אין שטוב. אויף סוכות פלעגט מען דאָרט שניידן סכך פאַר די סוכות, ערבות פאַר די לולבים און שענות אויף הושענא רבה.

ווינטער האָט דער וויאַן געדינט אַלס אַ ספּאָרט־פּלאַץ פאַר דער גאַנצער שטעטלשער יוגנט, וועלכע האָט זיך געשליטלט אויף שליטעלאַך און זיך געגליטשט אויף „קאַניאַקעס" אויף דעם דיקן גלאַנצדיקן אייז, וועלכער האָט זיך געשטרעקט אויף אַ שטח פון אַ קוואַדראַטנעם מייל און אפשר נאָך מער.

אין דעם וואַסער פון וויאַן האָבן זיך געפּלאָדעט קליי־נעטשקע פישעלעך, קאַרעסלעך, פּיאַווקעס און פאַרשיידענע אַנדערע מיני ברואים און שרצים. ספּעציעל זיינען דאָרט געווען פיל ווייזנעס, פון וועלכע די פּויערים פלעגן מאַכן זייערע פּאַטראַוועס.

**
*

אין די זומער פאַרנאַכטן פלעגט זיך צעטראָגן איבערן שטעטל דאָס געזאַנג פון די זשאַבעס אויפן וויאַן, וועלכע זיינען דאָרט געווען אין די מיליאָנען. יעדן פאַרנאַכט פלעגט אַ זשאַבע אַ קוואַקע טאָן, דערנאָך אַ צווייטע, אַ דריטע ביז דער גאַנצער וואַקוואַם פון שטעטל פלעגט פול ווערן מיט דאָס קוואַקען און קראַקערייען פון די זשאַבעס. דאָס לייענען די זשאַבעס קריאת־שמע פאַרן שלאָפן גיין, פלעגט מען זאָגן. און ווירקלעך, נאָכ׳ן אָפּקוואַקען אַזוי פאַר אַ שעה צייט, אָדער מער, פלעגן די זשאַבעס פאַרשטומען ווערן. די זשאַבעס פלעגן שטעלן דעם זומער אין שטעטל. ווען די זשאַבעס האָבן אָנגעהויבן קוואַקען אין די פאַרנאַכטן האָט מען געוווּסט, אַז דער פרילינג איז דאָ און עס קומט דער זומער. דאָס קוואַקען פון די זשאַבעס האָט איבערגעלאָזט אין מיר אַ בענקעניש נאָך די מילדע, געשמאַקע, היימישע זומער־פאַרנאַכטן, וועלכע האָבן פאַרשלעפּערט מיט זיסע חלומות...



דער בריק ביים זאַמד, דער גרעניץ פון שטאָט, אונטער דייטשער אָקופּאַציע אין ערשטער וועלט־מלחמה

## ב.

# עקאָנאָמישער מצב פון דראָהיטשין ביז 1914

### יידישע פרנסות

פון וועמען און פון וואָס האָבן דראָהיטשינער יידן געצויגן חיונה? דער אויבנאויפיקער ענטפער איז—פון דעם פריץ און פון דעם פויער. קיין פאַבריקן און קיין אינדוסטריען זיינען אין דראָהיטשין קיינמאָל נישט געווען. ביז צו דער ערשטער וועלט־מלחמה זיינען אין דראָהיטשין געווען בלויז 2 גאַרבאַר־ניעס, וועלכע האָבן אויסגעאַרבעט גראָבן יוכט־לעדער, פאַ־דעשווע און עטוואָס לייכטן לעדער. פאַר אַ קורצער צייט 1910, האָט זיך די „ליכטאָוונע" אָנגעצונדן, מסתמא, פון דעם פייער, וואָס האָט דאָרט שטענדיק געברענט. אַזוי ווי עס איז געווען יום־כיפור און מען האָט נישט געוואָלט מחלל־יום־טוב זיין, האָט מען עס געלאָזט ברענען. דערוויל האָט זיך דער פייער פון דער „ליכטאָוונע" צוטראָגן איבער די שכנות׳־דיקע הייזער. שפּעטער האָט מען שוין דערלויבט צו לעשן די שרפה, אָבער דער העלישער פייער איז שוין געווען אַרויס פון קאָנטראָל. און אין רעזולטאַט, איז אַ האַלבע שטעטל (צום זאַמד צו) אוועק מיטן רויך.

די מערהייט־יידן פון שטעטל איז באַשטאַנען פון קליין־סוחרים: קרעמער, הענדלער און מעקלער פון „שטיקלעך" (בהמות), פערד וכדומה. אויפן צווייטן פּלאַץ זיינען געקומען די האַנדווערקער און פאַך־לייט, ווי, בויערס, מוליאַרעס, סטאָליאַ־



אַ טייל פון פּינסקער גאַס (פאַרבליבן פון דער שרפה) אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע אין 1916.

האָט אויך אין שטאָט עקזיסטירט אַ שטרוי־פאַבריקל, וואָס האָט אויסגעאַרבעט שטרויענע שיידלען פאַר וויין־פלעשער. עס זיינען אויך געווען אַ פּאָר קליינע „אוילינױצעס", וועלכע האָבן אויסגעקלאַפּט אויל פון סימניע, וואָס איז אַממיינסטן גענוצט געוואָרן פון די פויערים. די דאָזיקע פאַבריקלעך, זיינען פאַרברענט געוואָרן אין דער ערשטער וועלט־מלחמה און זיינען שוין מער נישט צוריקגעבויט געוואָרן.

פאַר עטלעכע יאָר האָט אין שטאָט עקזיסטירט אַ קליינע „ליכטאָוונע", ווו עס זיינען אויסגעאַרבעט געוואָרן סטרינאָווע ליכט. מיט דער דאָזיקער „ליכטאָוונע" איז פאַרבונדן אַ שטיק היסטאָריע פון דראָהיטשין. אין מיטן יום־כיפור, אין יאָר

רעס, גלעזערס, מאַליאַרעס, שמידן, שניידערס, שוסטערס שטעפּערס, רימערס, קירזשנערס, בעקערס, קאָטליאַרעס, שלאָ־סאַרעס, זייגער־מייסטערס א.א.וו. ס׳זיינען אויך געווען איי־ניקע גרויסע וואַלד־און האָלץ־סוחרים, הענדלער פון אָקסן, אָבער די לעצטע זיינען מער נישט געווען אין דעם פוילישן דראָהיטשין...

### האַנדל און קרעמעריי

יידן זיינען אַרומגעפאָרן איבער די הויפן און די דערפער און אויפגעקויפט ביי די פריצים און פויערים: רינדער, אָקסן, קעלבער, שעפּסן, פערד און פאַרשיידענע אַגריקולטורעלע

פּראָדוקטן, דאָס הייסט, תבואות, און עס פֿאַרקויפֿט אין שטעטל פֿאַר דעם היימישן געברויך, אָדער צו פֿרעמדע עקספּאָרטערן, וועלכע פֿלעגן די סחורה אָנגרוזעווען אין פֿראַכט־וואַגאָנען און דאָס טראַנספּאָרטירן אין די גרויסע שטעט. באַוווּסט זיינען אויך געווען די יידישע דאָרפֿס־גייער, אַזעלכע, וואָס פֿלעגן זיך אַוועקלאָזן איבער די דערפֿער מיט אַ זעקל אויף די פּלייצעס און איינהאַנדלען ביי די פּויערים אַ פּוד סימניע, אַ הון, חזיר־האָר און עס ברייגנען אין שטאָט צו פֿאַרקויפֿן.

אַ באַזונדער שפּע פֿון פּרנסה זיינען געווען די ספּעציעלע איבערלאָזן, מיטן אייגענעם ווילן צי נישט, אין די יידישע קראָמען, וועלכע פֿלעגן זיין אַזוי אויסגעפּילט פֿון קונים, אַז עס איז נישט געווען אפילו ווו אַ שפּילקענע קעפּל אַריינצוּוואַרפֿן. די קרעמער האָבן אויף יעדן יריד געמוזט צונעמען עקסטרע הילף אויף צו ענטפֿערן די קונים. די פּויערים און די פּויערטעס האָבן אַמייַנסטן געקויפֿט גאַלאַנטערי־סחורות: נאָדל־פֿאָדים, שניט (ציצינע קליידער־שטאָפֿן, פֿאַרטשיילקעס), הערינג, גאַזע (נאַפֿט), ליכט, שוועבעלאַך, זאַלץ, טראָן צו שמירן די שטיוול, דזשעגאַכץ צו שמירן די רעדער פֿון וואָגן;



אַ גרויסער יאַריד אין דראָהיטשין נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה.

גרויסע ירידים, די קלענערע „מאָנטאָגלעך" פֿאַר פּסח און די געוויינלעכע מאַרק־טעג. אין די דאָזיקע ירידים פֿלעגט דאָס גאַנצע שטעטל ווערן אויסגעפּילט מיט פּויערים און סוחרים, וואָס פֿלעגן אָנקומען פֿון אַלע אַרומיקע דערפֿער און ווייטערע שטעט און שטעטלאַך. עס איז געווען ממש קאָפּ אויף קאָפּ. די פּויערים פֿלעגן ברייגנען אויף די ירידים צו פֿאַרקויפֿן: בהמות, קעלבער, פֿערד, הינער, אייער, קאַרטאָפֿל, קאָרן, האָ־בער, גערשטן, פּראָסע (פֿאַר הירזש), סימניע (צו מאַכן אויל), שוואָימען, חזיר־האָר, שעפּסן־וואָל, היימיש־געמאַכטן לייוונט פֿון פֿלאַקס א.אַ. דער פּויער האָט זיינען סחורות נישט געפֿירט צוריק, אַלעס פֿלעגט אָפּגעקויפֿט ווערן דורך יידישע סוחרים פֿון דראָהיטשין און אַנדערע שטעט.

דאָס געלט, וואָס דער פּויער פֿלעגט איינגעמען פֿאַר זיינע סחורות, פֿלעגט ער אויך נישט פֿירן אין דאָרף. ער פֿלעגט עס פֿאַרשיידענע אייזנוואַרג, ווי, קאָסעס, סערפּן, פֿלוען (אַקערס), טשעהונענע כלים א.א. אין יעדער יידישער קראָם האָט דער פּויער געקענט קויפֿן פֿון אַ נאָדל־און פֿאָדעם ביז אַ פֿונט דזשעגאַכץ צו שמירן די רעדער. (אפילו אין די וווּלוואָרטס סטאָרס קריגט מען ניט אַזאַ אויסוואַל פֿון סחורות און מציאות.)

זייער געשמאַק האָבן אויך געלייזט די בעקער און די קוואַסניקעס. דער פּויער האָט זעער ליב געהאַט איינמאָל אין אַנאָווינע צו עסן אַ ווייסע בולקע און צו פֿאַרטרינקען מיט אַ פֿלעשל קוואַס (אַ סאָרט לעמאָנאַדע). ביים פּויער איז עס געווען אַ יום־טוב. ספּעציעל פֿלעגן די פּויערן איינקויפֿן ווייסע בולקעס, הערינג און קוואַס אויף זייערע „חגאות". דאָס איז געווען זייער באַליבטער מאכל. עס זיינען אין די ירידים־טעג אויך געווען פֿול די טראַקטירן און די שיינקען. דער פּויער איז אַ גרויסער טרינקער פֿון שנאַפּס, „וואָדקאַ". ביר

טרינקט ער ווייניק. אויסטרינקען אַ קוואָרטירל שנאַפּס מיט איינמאָל פון פלעשל, איזביים פויער געווען אַ שפּיי. און ווער רעדט נאָך, אַז ער האָט אַריינגעקערט אַ האַלבע קווערטל, האָט ער שוין דאַן גאָר פאַרגעסן דעם רעכענונג... און פלעגט אַוועקפאָרן אין דאָרף מיט ליידיקע קעשענעס... עס איז רעכט געווען, אַז אַ פויער זאָל פאַרטרינקען אַ פערד אָדער אַ בהמה...

נאָך אַזאַ יריד פלעגן די יידישע קרעמער אָראָפּגיין פון טאָג מיט אַ היפּשן פדיון, וועלכעס האָט זיי געקענט קלעקן אויף אַ לאַנגער צייט.

## מלאכה און האַנטווערקערטום

פון די יידישע בעלי־מלאכות, וועלכע האָבן אַממיינסטן געוואָסן דירעקט פון פויער זיינען געווען די טאַנדעט־שוס־טער, שניידער און קירזשנער. עס זיינען געווען צייטן, וואָס דער ווייס־רוסישער כאַכאָל האָט גאָרנישט געוווסט וואָס אַ



סירקע בוים, די שניידערין, מיט אירע אַרבעטאָרינס לעבן איר שטוב

לעדערנער שטיוול איז. זיין גאַנצע הלבשה איז באַשטאַנען פון אַ פּאָר „פּאָסטאָלעס" (פון פריטלאַך אויסגעפלאָכטן) מיט שמאַטעס פאַרשנורעוועט אויף די פיס; און אַ לאַנגע העמד, אַ פּאָר הויזן (פון גראָבן לייוונט) און אַ סוויטקע אָדער אַ „קאָזשוך" אויפן לייב. אין דעם הילוך איז ער געגאַנגען סיי זומער און סיי ווינטער. דעם מאַטעריאַל פאַר זיין הלבשה פלעגט דער פויער אַליין פּראָדוצירן: אַליין אויסוועבן זיין לייוונט, אַליין אויסקלאַפּן זיין סאָרט געוואַנט און שעפּסן־פעל און אַליין עס אויפטשאָבען. אָבער פון זינט דער פויער איז געוואָרן מער באַוווסטזיניקער האָט ער זיך אָנגעהויבן קליידן לייטישער. גאָר באַזונדערס, האָבן שנעל איבערגעכאַפּט די „קליידער־מאָדע" די שטאָטישע פויערים.

דער פויער און פויערטע האָט געמוזט אָנקומען צום יידישן שוסטער נאָך אַ פּאָר שטיוול און שיך. אמת, די שטיוול זיינען געווען גענייט טאַנדעט, גרויס, האַמעטנע, פון גרעבסטן יוכט־לעדער, מיט אייזערנע „פּאָדקאָוועס" אַרום די אָפּצאַסן, וואָס האָט געמאַכט אַ שאָקירנדיקן איינדרוק. אָבער דאָך האָט דאָס געהייסן אַ גרויסער שריט פאָרויס. דאָס זעלבע האָט דער פויער געוואָלט, אַז זיין סוויטקע, קאָזשוך, און אפילו זיין „טשופּאַכע" (היטל), זאָלן אויפגענייט ווערן ביי אַ יידישן שניידער, אָדער קירזשנער. די לעצטע צייט זיינען שוין געווען פיל פויערים, וועלכע האָבן זיך געלאָזט אויפנייען קאָרטענע און געוואַנטענע קאָסטיומען ביי יידישע שניידערס.



אַ שמיד שטעלט אויס אין מאַרק אַ וואָגן צו פאַרקויפן, זומער, 1935

דער פויער איז נישט געווען קיין מייסטער מיט דער שער און נישט מיט דער אָל.

דאַקעגן, די אַנדערע יידישע בעלי־מלאכות, ווי בויאַרעס, מוליאַרעס, סטאָליאַרעס, מאַליאַרעס, האָבן ניט געקענט מאַכן קיין לעבן פון פויער. מחמת, ווי עס איז באַוווסט, איז כמעט יעדער פויער אַ מייסטער מיט דער האַק און מיט דער זעג. האָבע טאַקע די פויערים אַליין געבויט זייערע הייזער און שייערן, וועלכע זיינען געווען דורכאויס פון האָלץ. פיל פון די פויערים פלעגן אפילו אַליין אויפלעכטן זייערע אויוונס. זעלטן ווען, אַז אַ פויער האָט גענוצט אַ יידישן מוליאַר אָדער סטאָליאַר. קיין מאַליאַרעס האָט ער אַוודאי נישט געדאַרפט. דערפאַר האָט ער געמוזט אָנקומען צום יידישן גלעזער אויף אָנצוגלאָזן אים די פענסטער.

דער פויער האָט אויך געמוזט אָנקומען צום יידישן שמיד אויף צו פאַרריכטן אים זיין „פלו" (אַקער־אייזן), אָפּצושמידן די רעדער פון וואָגן, אונטערצושמידן דעם פערד פּאָדקאָוועס א.א.וו. געלעבט פון פויער האָבן אויך די יידישע רימערס,

וועלכע האָבן באַזאָרגט דעם פֿויער פאַר זיין געשפּאַן: אַ צוים, לייצעס, אַ כאָמאָנט, לאַבעדריקעס, אַ קאָלבאַטשקע, אַ דוהע און אַנדערע לעדערנע אַרטיקלען.

## פּריצישע הויפן — אַ קוואַל פון פּרנסה

אַ באַזונדער קוואַל פון פּרנסה פאַר דעם יידישן דראָהיטשין זיינען געווען, ווי געזאָגט, די פּריצישע הויפן, מאַיאָנטקעס: סאָכע, ראָווין, אַסטרוועק, בראָנע, דובאָוועי, פּאָפּינע,




דער אַלטער מאַרק און ראַד־קראָמען ביז דער שריפה אין יאָר 1915 — איז געצייכנט פון אליה לייב שעווינסקי פון שיקאַגע

כלעווישטש, זאַקאַזעליע, לידווינאָווע, סמולניק, טשעראָמכע, אָסעוועץ, פּערקאָוויטש, ביליען, לעכעוויטש, באַלקון, הוטע, אַזיטש א.א. אין קאָנטראַסט צו די דאָרפישע פויערים, האָבן די פּריצים פון די הויפן צוגעשטעלט צו די יידישע בעלי־מלאכות אַ סך אַרבעט. די פּריצים האָבן געהאַט גרויס צוטרוי צו די יידישע בעלי־מלאכות, אַלס גוטע פאַך־לייט. די מאַגנאַטישע פּאָקאָיען, די סטיינעס פאַר פערד, די אָבאָרעס פאַר בהמות, די שייערן וכדומה, זיינען אַלע געבויט געוואָרן דורך יידישע בויערס, מוליאַרעס, סטאָליאַרעס און מאַליאַרעס. פיל פון די יידישע פאַך־לייט זיינען אַליין געווען די פּאָדראַטשיקעס, אונטערנעמער, וועלכע האָבן ביים פּריץ אָנגענומען די אַרבעט אין פּאָדראַד און געמאַכט אַ שיינעם לעבן.

די הויף־פּריצים זיינען, פאַרשטענדלעך, אויך געווען פון די בעסטע קונים אין די יידישע קראָמען, ווו זיי האָבן געגעבן פיל צו לייזן פאַר באַקאַליי־סחורות, שפּייז־פּראָדוקטן. עס האָבן אויך גוט פאַרדינט פון די פּריצים די בעסערע יידישע שניידערס און שוסטערס, ווי אויך די רימערס.

פון דער צווייטער זייט זיינען געווען יידן פון די הויפּט־אָפּנעמערס פון די הויפישע לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן.

יידן זיינען געווען „פּאָסעסאָרן", וואָס האָבן געהאַלטן הויפן אין אַרענדע; „פּאָסעסיע" האָט עס געהייסן. „ער זיצט אויף אַ פּאָסעסיע", פלעגט מען זאָגן. די פּאָסעסאָרן האָבןווירקלעך געשפּילט אַ ראָלע ווי די פּריצים.

יידן האָבן אויך געהאַלטן אין אַרענדע די פּאַקטן, די מילך־פּראָדוקציע פון די הויפן. די פּאַקטערס פלעגן אין די הויפן גופא, מיט דער הילף פון „צענטראָפוגעס" און אַנדערע מאַשינעריע, מאַכן פון דער מילך פּוטער און קעז און עס טראַנס־

פּאָרטירן, אין גרויסע פעסער, אין די גרויסע שטעט אין לאַנד און אין אויסלאַנד. די יידישע פּאַקטערס און די הויף־סוחרים האָבן טאַקע געגאָלטן אַלס עשירים און געלעבט אין גרויס ראָשקאָש.

עס זיינען געווען נאָר יידן, וועלכע האָבן געהאַלטן אין אַרענדע די סעדער פון די פּריצישע מאַיאָנטקעס. (יעדער הויף האָט געהאַט אַ גרויסן סאָד, וואָס האָט אַרויסגעגעבן אַ סך פּרוכט.) פלעגן די יידישע סאָדאָווניקעס פאַרפּלייצן דעם מאַרק מיט פאַרשיידענע טייערע פּירות. האָבן יידישע באַלעבאָסטעס טאַקע אָנגעטריקענט, אויף אַ גאַנץ יאָר, עפּעל און בארן אויף קאַנפּאַטן: און אָנגעפּרעגלט פאַרשיי־


דער נייער מאַרק און ראַד־קראָמען וואָס האָט עקזיסטירט ביז דעם חורבן פון דראָהיטשין

דענע איינגעמאַכצן — „הלואי מען זאָל נישט באַדאַרפן"... און אי עס איז געווען צו טועם זיין שבת נאָך דעם שלאָפן, ווי אויך צו מכבד זיין געסט...

## גערטנעריי און פיי־און־היינער־צוכט

צו אַלעמען מוז אויך דערמאָנט ווערן, אַז כמעט 90 פּראָ־צענט פון די יידן אין דראָהיטשין האָבן געזייט אייגענע, אָדער פרעמדע, גערטנער. וואָס איז נישט געוואָקסן אין די גערט־נער? — קאַרטאָפל, קרויט, בעבלאַך, בוראַקעס, מערן, או־גערקעס, ציבעכעס, ציבעלע, זומערדיקע רעטערלאַך, רעטאַך, ברוקווע, באָב, יאָדער (קירבעס) וכדומה. אַ סך יידישע פאַ־מיליעס האָבן געהאַט פאַר זיך גרינסן און נאָך צום פאַרקויפן.

[אינטערעסאַנט איז, די פויערים פון די דערפער זיינען געווען פון די הויפּט־קונים פון דעם איבערפלוס פון די יידישע אוגערקעס. דאָס איז דער איינציקער אַגריקולטורע־לער אַרטיקל, וואָס די פויערים פּראָדוצירן נישט, וואָרים עס פאָדערט זיך דערביי פיל געדולד, אַרבעט און צייט, אויף וואָס דער פויער קען זיך נישט דערלויבן.]

עס איז שוין כמעט געווען ווי אַ מנהג, איינצושטעלן און איינצוזויערן אויף ווינטער אַ פעסל (צומאָל צוויי) קרויט און אוגערקעס. עס איז געווען אַ כמין יום־טוב, וואָס יידישע ווייבער, שכנה׳טעס, פלעגן זיך צונויפקלייבן גאַנצע גרופּעס און העלפן איינע די אַנדערע שאַטקעווען און שטעלן קרויט.

עס איז אויך געווען דער מנהג אָנצושיטן אויף ווינטער אַ פולע קוטשקע, אָדער קעלער, מיט קאַרטאָפל, וועלכעס מ׳האט איינגעהאנדלט ביי די פויערים, אָדער אין די הויפן פאַר ביליק. קאַרטאָפל איז געווען איינע פון די הויפּט־שפּייז ביי יעדער יידישער פאַ־מיליע.

כמעט יעדע יידישע פאַמיליע האָט אויך געהאַט אַ בהמה (אַמאָל צוויי) און אַזוי אַרום געהאַט אייגענע מילך, פוטער און קעז פאַר זיך און טיילמאָל אויך צום פאַרקויפן. אַנדע־רע האָבן געהאַלטן און געהאָדעוועט היינער, איז, במילא געווען איי־גענע קורטשעקעס אויף יום־טוב און אַן אייגענע פרישע איי פאַר די קינדער.. נאָך סוכות פלעגט מען איינזעצן גענז און שטאָפּן זיי מיט פּראָסע, און חנוכה־צייט פלעגט מען די פעטע גענז שעכטן און אָנפּרעגלען סלאָיעקעס מיט שמאַלץ אויף פּסח, און טאַקע אויך הנאה האָבן אין חנוכה פון די פעטע גריבן.

## אייגענע געבאַקענע ברויט און חלה

קאָרענע, שוואַרצע ברויט אויף אַ גאַנצער וואָך און ווייסע חלה אויף שבת, האָבן די מערסטע יידישע בעל־הבית׳טעס אַליין געבאַקן אין די אייגענע באַק־אויוונס. עס האָט געהייסן אַ קונסט אויסצובאַקן אַ גוטן געבעק ברויט. פריער האָט די באַלעבאָסטע פאַרראָשטשינעט אין דער דייזשע אַ ראָשטשינע פון מעל און וואַסער און געלאָזן עס שטיין אין דער וואַרעם, כדי עס זאָל אויפגיין. דערנאָך האָט די באַלעבאָסטע פאַרקנאָטן די ראָשטשינע מיט נאָך טרוקענער מעל ביז עס איז געוואָרן אַ געדיכטע מאַסע פון טייג. דאַן האָט זי גענומען שטיקער

טויג און עס געוואָרפן אין דער לופטן און געפּאַטשט מיט די הענט אין טויג ביז עס האָט זיך אויסגעפּאַטשט און אויס־געפּאָרעמט אַ גלאַנציקער, קיילעכדיקער לעבל ברויט, וועלכן זי פלעגט אַריינזעצן אין הייסן אויוון צום אויסבאַקן. מיט 2 שעה שפּעטער האָט די באַלעבאָסטע אַרויסגענומען פון דעם אויוון דעם געבעק ברויט, וואָס פלעגט פאַרשמעקן דער שטוב. דער דאָזיקער ק אָ ר ע נ ע ר ב ר ו י ט האָט געקענט ליגן לאַנגע וואָכן, און וואָס עלטער ער איז געוואָרן, אַלץ מער געשמאַקער און באַ'טעמ'טער איז ער געווען.

דאָס רוב יידישע פאַמיליעס האָבן געהאַט שטיין אַ זעקל ווייסע מעל, דריי בולעקע, וואָס דער אָגולניק פלעגט אַריינ־וואַרפן אין די הייזער אויף באָרג, אויסצוצאָלן. איז געווען וואָס אַריינצושיטן אין דער מולטער. אַ חוץ חלה אויף שבת,



כאַמסקער געסל, ווו עס איז געווען די פּאַסט און די שולע ״מוריה״

פלעגן די בעל־הבית'טעס אָנבאַקן מילכיקע און פאַרעווע קיכל; אויסבאַקן שיינע קוילעטשן און פלאָדן אויף יום־טוב; פייגלען אויף ראש־השנה; לייטערס אויף יום־כיפור; הענט אויף הושענא רבה; המן־טאַשן; אָנמאַכן לאָקשן און פאַרפל א.א.וו.

אַמאָל אין אַ נאָווינע, אַז עס האָט זיך פאַרגלוסט, איז מען געלאָפן צום בעקער קויפן אויף אָנבייסן אַ פּאָר פרישע בייגל, אַ רעטשענעם הולניק, אַ פלעצל, אַ געבייטלטן לעבל ברויט.

## פאַרדינסטן פון איינשפּאָרונגען

היינט וויפיל האָט מען פאַרדינט פון דעם וואָס מען האָט איינגעשפּאָרט? אויב אַ פאַליוועגער, אָדער ליימענער טעפּל צום קאָכן — און צום מערסטן האָט מען גענוצט ליימענע און פאַליוועגע טעפּלעך — האָט געכאַפּט אַ שפּאַלט, האָט מען אים נישט אַרויסגעוואָרפן. מען האָט אים איינגעדראָטעוועט און ווייטער געקאָכט אין אים ביז די דראָט איז דורכגע־ברענט געוואָרן פון פייער. דאָס דראָטעווען טעפּלעך איז גע־ווען זעער פּאָפּולער אין גאַנצן געגנט.

עס איז אויך געווען דער מנהג, אַז אין זומער זאָל יעדער איינער אָנגרייטן אַ קאָסטער, אַ קלאַפּטער, האָלץ פון 12 קליטקעס (פורן) אויף צו באַהייצן די שטוב אין ווינטער. קיין דירות־פּראָבלעם איז איבערהויפּט נישט געווען. כמעט יעדער איינער האָט געהאַט זיין אייגענע הויז. און האָט אימיצער געדאַרפט דינגען אַ דירה האָט ער עס געקראָגן פאַר אַ שיבוש.

איז, אַז עס פלעגט קומען ווינטער, ווען די וועגן זיינען געווען פאַרשאָטן מיט שניי און דער פראָסט האָט געסמאַליעט די אויערן, און די פרנסות פלעגן ווערן שוואַכער, אָדער גאָר־



דער ניישטאָט. — פון רעכטס: ש. פעלדמאַן, ב. וואַרשאַווסקי, א. זלאָטניק

נישט, האָט מען זיך באַנוגנט מיט דעם אָנגעגרייטן פון זומער.

אין די ווינטערדיקע, לאַנגע אָוונטן פלעגן די יידישע טאַטעס פאַרברייגגען עטלעכע שעה מער אין די בתי־מדרשים און די מאַמעס פלעגן ביי דעם שיין פון נאַפט־לעמפּעלע פליקן די פעדערן פון די גענז אויף אָנצופילן נייע קישענס און פערענעס פאַר די פאַמיליעס, אַמאָל אויך צו געבן עס אין נדן אויסגעגעבענע קינדער...

## דאָס מצות־באַקן אין די שוואַלניעס

אַ פּאָר וואָכן פאַר פורים פלעגן די דראָהיטשינער בעל־הבית'טעס ווערן זייער אַקטיוו מיטן צו גרייטן דעם פסח. אין אַלע יידישע הייזער פלעגט מען שאָבן בוראַקעס, וואַשן די גרויסע, ליימענע, פסח'דיקע טעפּ אָדער שעפּעלאָך און מען

האָט געשטעלט ראָסל אויף פּסח. גלייכצייטיק האָט מען איינגעשטעלט מעד אויף ארבע־כוסות. אַנדערע פלעגן אויך מאַכן אַליין ווייַן.

איבערהויפּט האָט זיך געטומלט אין די שוואַלניעס, ווו מען האָט געבאַקן האַנט־מצות. יעדער איינער האָט געמוזט האָבן זיין באַשטימטן פּלאַץ און אַרבעט ביים באַקן די מצות. צום ערשט האָט דער „אָנשיטער" אַריינגעשאָטן דאָס מעל אין דעם בעקן. דערנאָך האָט דער „אָנגיסער" אַריינגעגאָסן דאָס מעסטל וואַסער אין די מעל. און דער קנעטער האָט געטאָן זיין מלאכה; אויסגעקנאָטן די מיירע און דערלאַנגט עס צו די וועלגערינס. דאַן האָט זיך אָנגעהויבן דאָס קלאַפּעריי פון די קאַטשעלקעס פון די וועלגערינס. די יידישע ווייבלאַך און מיידלאַך פלעגן מיט זייערע קאַטשעלקעס ציען דאָס טויג אויף אַלע זייטן און בעת מעשה אונטערזינגען אַ פאָלקס־לידל. דאַן פלעגט אונטערקומען דער רעדלער און מיט זיין רעדל האָט ער גיך, גיך, אָפּגערעדלט די מצות. צום סוף איז געקומען דער שיבער (אָדער די שיבערקע) מיט אַ לאַנגן שטעקן, אויף וועלכן ער האָט אויפגענומען די מצות און זיי אויסגעשפּרייט אין גליענדיקן אויוון. אַ ווײַלע שפּעטער האָט דער שיבער מיט זיין לאָפּאַטע געשאַרט די ברוינע מצות אין קויש.

די שוואַלניעס האָבן געהאַט אין זיך אַ ראָמאַנטישקייט, אַ צוציאונגס־קראַפט פאַר אַלע קינדער, וועלכע האָבן געקוקט



חתונה פון די סאַראַטשיק׳ס, ניסן, תרע״ז, 1917. די חופּה ווערט געפירט פון חייקל מילנער׳ס הויז מיט כלי־זמרים צום שול־הויף

מיט קנאה־בליקן אויף די וועלגערינס און די רעדלער, און האָבן זיך געווונטשן צו זיין אויף זייערע ערטער. עס איז ביי אונז חדר־ייִנגלאַך געווען אַ זכיה צו זיין כאָטש אַן אָנשיטער אָדער אַן אָנגיסער...

די לעצטע יאָרן, פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט דראָהיטשין שוין אויך געהאַט אַ מאָדערנע שוואַלניע, וואָס האָט פּראָדוצירט מצה מיט אַ מאַשין. אָבער דער גרעסטער טייל יידן האָבן געקויפט די האַנט־מצות. נאָך דער מלחמה זיינען די שוואַלניעס כמעט געווען ווי פאַרשוווּנדן און אַלע האָבן גענוצט מאַשינאָווע מצות.

יעדן פרייטאָג פלעגט די לופט אין שטעטל ווערן אָנגעפילט מיט די געשמאַקע ריחות פון די פריש־געבאַקענע ברויטן, חלות, פּירעשקעס, געבראָטנ׳ס, טייגעכצער און פיש, וואָס האָט זיך געבאַקט און געקאָכט אין די יידישע הייזער לכבוד שבת. האָבן טאַקע די יידישע שבתים — ספּעציעל אין די ווינטערדיקע פרייטאָג־צונאַכטן, ווען פון די איינגעהייצטע הרובעס האָט געשלאָגן אַ ליבלעכע וואַרעמקייט, און אויף די טישן האָט גערוט די שבת׳דיקע שכינה — געהאַט אַ טעם גן־עדן...

אַזוי האָבן זיך יידן געפירט און געלעבט ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה (1914). און אַזוי, מסתמא, דאַרף מען אָננעמען, איז געווען דער סדר פון לעבן מיט הונדערטער יאָרן פריער.

ג.

# עקאָנאָמישע לאַגע אונטערן פּוילישן רעזשים

## צאַרישער דעספּאָטיזם און פּוילישע דעמאָקראַטיע

[מיר היפּן אוממיסנע איבער דעם פּעריאָד פון 1914־1921 (די מלחמה־יאָרן), ווייל וועגן דעם שרייבן שוין אַנדערע אין די ווייטערדיקע אַרטיקלען.]

נאָכדעם, ווי אין דראָהיטשין האָט זיך געהאַט באַפּעסטיקט אַנגעמערקט אין דעם ווייטן פּאָלעסיער שטעטל. מען האָט ביי דעם פּריסטאַוו און ביי דעם אוראַדניק געקענט אויספּירן וואָס מען האָט געוואָלט... מען האָט געהאַט, אַזוי צו זאָגן, אַן אויטאָנאָמישע הפקר־פרייהייט. דאַקעגן, אונטער דעם פּוילישן, „דעמאָקראַטישן" רעזשים, איז דאָס לעבן געוואָרן מער גע־פּאַסטער, געצוימטער און רשעות׳דיקער. יעדער איינער איז געווען אונטער דער שטרייינגער אָבסערוואַציע פון די פּוילישע נאַטשאַלניקעס, וועלכע האָבן אויף יעדן יידן גע־קוקט מיט 7 אויגן און געהיט יעדן טראָט זיינעם. די פריי־הייט פון באַוועגונג האָט אויפגעהערט און מער נישט געווען.



דער נייער בנין פון סטאַראָסטווע, וואָס די פּוילישע רעגירונג האָט אויסגעבויט אויפן זאַמד

די פּוילישע מאַכט האָט דאָס לעבן אין שטעטל אָנגענומען אַ גאַנץ אַנדער פּאַרעם און כאַראַקטער. דאָס לעבן אין שטעטל איז געוואָרן מער קאָנצענטרירט, מאָדערנער, אָבער אונגעהויער שווערער. טראָץ דעם, וואָס די צאַרישע מאַכט האָט געגאָלטן אַלס דעספּאָטישע און רעאַקציאָנערע, האָט דאָך דאָס לעבן אין שטעטל אונטער איר הערשאַפט געפלאָסן עלאַסטיש און אומבאַשרייגקט. ווייל מער ווי דעם פּריסטאַוו, דעם אוראַדניק און אַ פּאָר סטראַזשניקעס האָט מען קיינעם נישט אָנגעזען פאַר די אויגן. צוליב דער גרויסקייט פון לאַנד האָט זיך די אייזערנע האַנט פון צאַריזם כמעט ווי נישט

## דראָהיטשין וואַקסט און פּראָספּערירט

אין די ערשטע יאָרן פון פּוילישן רעזשים איז נאָך געווען ווי עס איז צו דערליידן. ווען דאָס שטעטל האָט זיך געהאַלטן אין צוריק אָפּבויען פון אירע חורבות, דראָהיטשינער לאַנדס־לייט אין אַמעריקע האָבן געשיקט דאָלאַרן און בעלי־מלאכות האָבן פאַרדינט און קרעמער האָבן געלייזט — האָט זיך נאָך געדרייט דער ראָד פון פּרנסה.

דערצו נאָך איז דראָהיטשין געוואָרן באַגליקט און דער־הויבן (1925) צו דער מדרגה פון אַ „פּאָוויאַט", אויעזד. עס איז

אָנגעקומען אין שטאָט אַ סטאַראָסטאַ מיט אַ גרויסן שטאַב נאַטשאַלניקעס. און אַנשטאָט ווי אַמאָל, ווען דראָהיטשינער יידן פלעגן דאַרפֿן פאָרן אין אויעזד, קיין קאָברין, צו דער־לייזיקן זייערע אַמטלעכע ענינים, האָבן אָנגעהויבן אָנקומען הונדערטער מענטשן פון גאַנצן אַרום קיין דראָהיטשין אין סטאַראָסטוואָ צו דערליידיקן זייערע אַמטלעכע אינטערעסן. די באַאַמטע פון סטאַראָסטוואָ און זייערע אינטערעסאַנטן פון אומגעגנט האָבן געדאַרפט דירות, האָטעלן, עסן און מלבושים, און דאָס האָט נאַטירלעך געמיינט פרנסה פאַר דעם שטעטל.

זיינען טאַקע צוגעקומען נייע קראָמען און בעקערייען. עס האָט זיך פאַרמערט די צאָל פון די יידישע שניידער־און שוס־טער־וואַרשטאַטן. עס האָבן זיך זאָגאַר באַזעצט אין שטעטל יידישע שניידער און שוסטער פון מעזעריטש, ליובעשיי א.א.

עס האָט זיך באַדייטענד אויך פאַרגרעסערט די צאָל פון די יידישע פורמאַנעס, איזוואָשטשיקעס, מחמת די באַנען האָבן געבראַכט אין שטאָט מער פּאַסאַזשירן.

דער פאַרגרעסערטער פאַרקער פון מענטשן אין שטאָט איז



פון רעכטס צו לינקס: משה׳לע פערקאָוויצקי, שטיינבערג, משה פרוש, גאָלדבערג, בערל רעזניק (איזוואָשטשיק) א.א. לעם גאָלדבערג׳ס הויז.

געקומען, אין טייל, צוליב דעם פּאָוויאַט; און ספּעציעל, אַ דאַנק דעם כאָלאָזשינער רבי׳ן, וואָס האָט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה זיך באַזעצט אין דראָהיטשין. טאָג־טעגלעך פלעגן די באַנען ברענגען אין שטאָט צענדליקער פּאַסאַזשירן, יידן, וועלכע זיינען געקומען נאָך ברכות צום כאָלאָזשינער רבי׳ן. צוליב דער פאַרגרעסערטער צאָל פּאַסאַזשירן, האָבן די פּאָליאַקן איבערגעטראָגן די פּאַסאַזשירן־סטאַנציע פון נאַגאָריע קיין דראָהיטשין, וועלכע איז געוואָרן באַרימט אַלס די „סטאַציאַ־ראַבינאַ״...

די דראָהיטשינער בעלי־עגלות, ווי זיי האָבן געהייסן אַמאָל, וואָס האָבן געפירט פּאַסאַזשירן צום און פון באַן אין גרויסע שווערע וועגענער, זיינען געוואָרן גרויס־שטעטיש. זיי האָבן אויסגעביטן זייערע וועגענער אויף בריטשקעס, דראָזשקעס, צום סוף אויף אויטאָמאָבילן, און זיי זיינען געוואָרן שאָפערן.

מיט דער פאַרגרעסערונג פון דער באַפעלקערונג האָט זיך אויך פאַרגרעסערט די פֿאָדערונג פון נייע הייזער פאַר וווי־נונגען און פאַר ביוראָען. זיינע טאַקע מיט אַמאָל אויפגע־שפּרונגען נייע גאַסן און נייע הייזער. דאָס קליינע שטעטל האָט זיך צעוואַקסן אין דער לענג און אין דער ברייט און איז געוואָרן אַ שטאָט. די פּוילישע רעגירונג האָט אויף דעם זאַמד אויסגעבויט אַ גרויסן בנין פאַר דער סטאַראָסטוואָ און אַ גאַנצע נייע גאַס מיט הייזער פאַר די באַאַמטע.

אין יידישן געגנט, ווידער, זיינען גרויסע שטיקער וויאַן פאַרשאָטן און אָנגעפּלאַנטעוועט געוואָרן, און אויף דער פרי־ערדיקער בוכטע זיינען אויפגעקומען נייע גאַסן מיט הייזער.



האָטעל־גאַס.—דער האָטעל פון אשר סידעראָוו און זיין פאַמיליע: אייניקל, יאָסעק, דינה (פרוי), חנהטשע, א. באַשקע גיבגאָלד (איידעם), וואַרשאַווסקי

אַנשטאָט די קרעטשמעס, סטאָדאָלעס, זיינען אויסגעבויט גע־וואָרן נייע שיינע האָטעלן. דאָס איז געווען די האָטעל־גאַס אונטער די קראָמען. בלאָטיקע געסלאַך זיינען אויסגעברו־קירט געוואָרן. (די הויפּט־גאַס האָבן נאָך די רוסן אויסגע־ברוקירט.) די גאַנצע שטאָט איז אויסגעלייגט געוואָרן מיט „כאָדניקעס״, טראָטואַרן. עס איז אויך אויסגעבויט געוואָרן אַן עלעקטראָווניע און ביינאַכט זיינען די גאַסן געווען באַ־לויכטן מיט עלעקטרישער ליכט, ווי ס׳פּאַסט פאַר אַן אויעזד.



די לויה פון דעם כאַלאָזשינער רבי'ן (דער שמיד), געקומען צו קבורה 20־טן אָקטאָבער, 1932
די הויז אין הינטערגרונד, באַצייכנט מיט אַ פייל, האָט באַלאַנגט צו דער כאַלאָזשינער פאַמיליע

אין שטאָט איז געווען אַ גוט־אָרגאַניזירטע „פּאָזשאַרנע־קאָמאַנדע" (פייער־לעשער), וועלכע איז געווען אויסגעשטאַטעט מיט די נויטיקסטע אינסטרומענטן און מאַשינען. אין דער פּאָזשאַרנע־קאָמאַנדע האָט גענומען אַ האַנט די פּוילישע שטאָט־מאַכט, וועלכע האָט צוגעשטעלט די אינסטרוקטאָרן און אויך צושטייער געגעבן אויף די הוצאות פון די נ׳כשירים. די פייער־לעשער, וועלכע האָבן זיך רעקרוטירט דורכאויס

ראַפּטום זיך אַריינגעכאַפּט קיין דראָהיטשין, דאַרף מען צוגעבן, האָט מען געהאַט צו פאַרדאַנקען דעם פּאָוויאַט. אָבער, דאָס פאַרגעניגן, האָט מען געשמועסט, האָט שטאָט געקאָסט אַ היפּשע סומע געלט. עס האָט זיך גאָר געהאַנדלט, אַז דאָס שכנות׳דיקע יאַנאָווע זאָל ווערן דער פּאָוויאַט. האָבן דראָהיטשינער סוחרים און קרעמער פאַרלאָפן דעם וועג און פאַר אַ מטמון מיט געלט אויסגעכאַפּט די בכורה... און אַזוי



ערשטע שורה פון רעכטס: צווי פּאָליאַקן, יונה סאַפּאָזשניק און לייבל גורשטיין. צווייטע ריי: שינדער, י. קאַמינעצקי, שאַפּירא, ל. וואַרשאַווסקי —— י. סידעראָוו, ל. גאָלדמאַן, ב. שוואַרץ. דריטע שורה: י. שוואַרצבערג, קאָטאָק, א. בליאַך, ל. אויבערמאַן, קאַכלער, ד. יודעלעווסקי, א. בראַווערמאַן, מ. קאַלענקאָוויטש א.א.

פון יידישע יונגעלייט האָבן נישט גענומען קיין געצאָלט פאַר זייער אַרבעט.

עס איז כדאי צו דערמאָנען, אַז דראָהיטשין האָט פאַרמאָגט דריי (3) פאַראָווע מילן. (איינער האָט נאָך עקזיסטירט פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה), וועלכע האָבן געמאָלן, פאַרן גאַנצן געגנט, פאַרשיידענע מעלן און גרויפּנס. דאָס מין ווינט־מילן און פערד־מילן, וועלכע זיינען באַנוצט געוואָרן פאַר דער מלחמה האָבן געהערט צו דער פאַרגאַנגענהייט...

אפילו אַ דרוקעריי האָט שוין דראָהיטשין פאַרמאָגט, וואָס איז געווען גאָר אַ זעלטנהייט אין די קלענערע שטעטלאַך. ביז דאַן, אַז מען האָט געוואָלט עפּעס דרוקן האָט מען געמוזט פאָרן קיין פּינסק.

די דאָזיקע „ציוויליזאַציע" און מאָדערניזם, וואָס האָט אַרום איז דראָהיטשין געוואָרן די עיר־הבירה, די קרייז־שטאָט.

## פּאָליאַקן פירן איין אַנטי־יידישע פּאָליטיק

גאָר גיך, אָבער, האָט זיך דאָס רעדל איבערגעדרייט און דער עקאָנאָמישער מצב אין שטאָט האָט אָנגעהויבן אונטערהינקען און עס איז מיט יעדן טאָג געגאַנגען פון שלעכט צום ערגערן. די סיבות, וועלכע האָבן דערפירט צום קריזיס און דעפּרעסיע, וואָס מען האָט אָנגעפילט אין יעדן ווינקעלע און אין יעדער יידישער הויז אין דראָהיטשין — זיינען געווען אַ סך און גענוג בולט.

ערשטנס — אַזוי שנעל, ווי די אָפּבויאונג פון שטעטל האָט זיך פאַרענדיקט, זיינען אַלע יידישע בעלי־מלאכות געבליבן אָן אַרבעט און אָן חיונה. און אַז אַ גרויסער טייל יידישע

פאַמיליעס האָבן נישט געהאַט מיט וואָס צו קויפן זייערע דערנערונג־מיטלען, האָט זיך עס, במילא, אָפּגערופן אויף דער לייזונג פון די קרעמער און אויף אַנדערע האַנדלס־בראַנזשעס.

צווייטנס — דער פלוס פון די אַמעריקאַנער דאָלאַרן, וועלכע זיינען אין די ערשטע נאָך־מלחמה־יאָרן געשיקט געוואָרן קיין דראָהיטשין אין גרויסע סומען, איז געוואָרן אָפּגעהאַלטן, אָדער אָפּגעשטעלט.

דריטנס — די גרויסע פּריצישע הויפן, וועלכע זיינען אין משך פון הונדערטער יאָרן געווען אַ קוואַל פון פרנסה פאַר די דראָהיטשינער יידישע בעלי־מלאכות, סוחרים און קרעמער זיינען ליקווידירט געוואָרן. די דאָזיקע הויפן, וועמענס בעלי־בתים זיינען אַוועק מיט די צאַרישע אַרמייען קיין רוסלאַנד און מער נישט צוריקגעקומען, זיינען געוואָרן איבער גענומען פון דער פּוילישער מלוכה. די אַנדערע פּריצים, וועלכע זיינען יאָ צוריקגעקומען האָבן, צוליב די גרויסע שטייערן, נישט געקענט ווירטשאַפטן זייערע הויפן און האָבן געמוזט זיי אָפּברעכן אין קליינע פאַרמס און פאַרקויפן. דער רעזולטאַט איז געווען, כמעט אַלע הויפן אַרום שטעטל זיינען געוואָרן, — צי דורך דער פּוילישער מאַכט, צי דורך די אייגנטימער זעלבסט — פאַרצעלירט און פאַרקויפט. אין די מערסטע פאַלן איז דאָס ערד פון די הויפן געוואָרן, דורך דער פּוילישער רעגירונג, פאַרטיילט צו די פּוילישע אויסגעדינטע לעגיאָנערן, „אָסאַדניקעס”, וועלכע זיינען אַראָפּגעבראַכט געוואָרן פון טיף־פּוילן. דאָס דאָזיקע איז געטאָן געוואָרן מיט דער אַבזיכטלעכער כוונה פון די פּוילישע הערשער צו פאַרפּאָלאָניזירן דעם פּאָלעסיער געגנט, וועלכער איז פון כמה יאָרן געווען באַוווינט, אַממיינסטן, פון ווייס־רוסישע פּויערים, יידן און אוקראַאינער.



פאַראָווע מיל פון חייקל מילנער און ישראל אלעזר כאַרסעל אונטער דייטשער אָקופּאַציע אין 1916

פערטנס — די פּאָליאַקן האָבן אָנגעהויבן שטאַרק פּרעסן, און ספּעציעל דער יידישער באַפעלקערונג, מיט זייער שטייערן־שרויף. די אונגעהויערע אָנגעשרויפטע פּאָדאַטקעס, האָבן דערשטיקט דעם האַנדל און מיט דעם דאָס גאַנצע יידישע לעבן. די פּאָליאַקן האָבן פשוט געשונדן די הויט פון יעדן יידן. די טרויעריק־באַרימטע „גראַבסקי־עגלות”, זיינען טאָג־טעגלאַך אַרומגעפאָרן איבערן שטאָט און די שטייערן־עקזעקוטאָרן האָבן געשלעפּט דאָס ביסל יידישע בעבעכעס פון די הייזער. דערזעענדיק די „גראַבסקי־עגלות” פלעגט ביי יעדן איינעם איינפאַלן די דמים. די שטייערן־עקזעקוטאָרן פלעגן קאָנפיסקירן סחורות, מעבל, שטוב־חפצים אפילו דאָס לעצטע פאָר הויזן. דער שרייבער פון די שורות האָט אַליין בייגעוווינט אַזאַ טרויעריקן פאַל: אַ שטייער־עקזעקוטאָר האָט זיך אַריינגעריסן אין הויז פון דעם בריסקער שטעפּער און האָט ביי אים צוגענומען די איינציקע שטעפּ־מאַשין, זיין גאַנצע חיונה. דער שטעפּער, אַ מטופּל פון עטלעכע קליינע קינדער, איז געלעגן אויף דער ערד און זיך געריסן די האָר פון קאָפּ.

פינפטנס — די ניי־אַריינגעוואַנדערטע פּאָליאַקן („אָסאַדניקעס”), האָבן אָנגעהויבן (פון אָנפאַנג) אַ שטילן באָיקאָט אויף די יידישע האַנדווערקער־וואַרשטאַטן און האַנדל. די פּאָליאַקן האָבן נישט געגעבן קיין אַרבעט צו קיין יידישן בעל־מלאכה. אין געגנזאַץ צו די ווייס־רוסישע כאַכאָלן זיינען די פּאָליאַקן אַליין גוטע פאַך־לייט און האָבן זיך נישט גענויטיקט אין די יידישע האַנדווערקער. די פּוילישע בעלי־מלאכות האָבן נאָך צוגענומען דאָס ביסל אַרבעט, וואָס אַ ייד פלעגט ווען עס איז קריגן ביי אַ דאָרפישן פּויער.

## עס גייט פון שלעכט צו ערגער

צו דעם זיינען די פּאָליאַקן אַליין געווען אויך גענײטע סוחרים. דער יידישער סוחר, אָדער הענדלער, האָט נישט געקענט האַנדלען מיט דעם פּאָליאַק, ווי ער האָט געהאַנדלט



די אַזויגערופֿענע נאָסקעס געסל אין 1928, שפּיגלט אָפּ דאָס בילד פון וויאָן. דאָ גייט מען נאָך אויף קלאַטקעס און אין בלאָטע

מיט דעם דאָרפישן ווייס־רוסישן פּויער. די פּאָליאַקן האָבן אַליין געוווסט ווי אַזוי און ווו אָפּצוזעצן זייערע אַגריקולטורעלע פּראָדוקטן. זיי האָבן ניט גערן געהאַט דעם יידישן פאַרמיטלער, און האָבן זיך באַמיט אַרויסצושטופּן אים פון זיין פּאָזיציע. שפּעטער־צו, ווען דער פּוילישער באָיקאָט קעגן די יידן האָט אָנגענומען אַן עפנטלעכע פאָרעם, האָבן די פּאָליאַקן אַליין געעפנט אין שטאָט, ווי אויך אין די דערפער, אייגענע קאָאָפּעראַטיוון, און געהעצעט דעם פּויער נישט צו פאָרן אין שטאָט צו קויפן ביי דעם ייד... די פּויערים זיינען סיי־ווי־סיי שוין געווען פאַראָרעמט צוליב די גרויסע „פּאָדאַטקעס“ און זייער קויף־קראַפט האָט זיך געהאַט שטאַרק פאַרקלענערט.

עס איז אויך געוואָרן אַ גרויסער מאַנגל אין באַהייצונגמאַטעריאַלן, מחמת די פּוילישע מאַכט האָט פאַרבאָטן צו האַקן די וועלדער און דעם פאַרקויף פון ברען־האָלץ. בלית־ברירה, האָט מען געמוזט, צום ערשטן מאָל אין דער דראָהיטשינער געשיכטע, באַהייצן די אויוונס און די הרובעס מיט קוילן, וואָס איניקע דראָהיטשינער סוחרים האָבן געבראַכט אין שטאָט פון די פּוילישע קוילן־גרובן. מיט דעם פאַרווערן צו באַנוצן ברען־האָלץ האָט די פּוילישע מאַכט, נאַטירלעך, געהאַט אין זינען צו צווינגען דער באַפעלקערונג צו פאַרברויכן וואָס מער קוילן, וועלכעס האָט נישט געהאַט אַזאַ גוטן אָפּזאַץ אויף דעם אויסלענדישן מאַרק. אָבער אין רעזולטאַט האָבן פיל יידישע פאַמיליעס געליטן קעלט, ווייל מען האָט נישט געקענט אָנוואַרעמען די גרויסע אויוונס מיט עטלעכע פונטלאַך קוילן, וועלכעס האָט אויסגעטראָגן פיל מער ווי דאָס האָלץ, וואָס מען פלעגט קויפן ביי די יידישע האָלץ־סוחרים, אָדער ביי די פּויערים אויף דעם מאַרק.

אַלעס צוזאַמען, און נאָך פאַרטאָפּלט מיט דעם אַלגעמיינעם קריזיס אין לאַנד, האָט געווירקט פאַטאַל אויף דעם עקאָנאָמישן מצב אין שטאָט. טאָמער האָט אַ יידישער הענדלער איינגעשטעלט און אַרויסגעלאָזט זיך איבער די דערפער איינצוהאַנדלען אַ קעלבל, אָדער עטלעכע פּוד תבואה אויף מסחר, פלעגן אים די שטייערן־עקזעקוטאָרן נאָכשפּיאָנירן און קאָנפיסקירן זיין ביסל סחורה. און ווידער, צו צאָלן אַ פּאַטענט און שטייערן האָט אַזאַ נישטיקער האַנדל נישט געטראָגן.

עס האָבן נאָך עטוואָס געראַכעוועט די אייער־עקספּאָרטערן און די חזיר־האָר־הענדלער. אָבער, אַ חוץ דעם האָט געהערשט אַן אַפּאַטיע און אַ סטאַגנאַציע אויף דעם גאַנצן האַנדלסגעביט, וועלכער איז געווען ווי פאַראַליזירט און אָפּגעשטאָרבן.

## יידן ליידן נויט און הונגער

דער שחיטה־פאַרבאָט (פון מאַדאַם פריסטאָראָוואַ), וואָס דער פוילישער סיים און די רעגירונג האָבן לעגאַליזירט איבער דעם גאַנצן לאַנד, האָט נאָך אַ צווייג פון יידישן לעבן צעבראָכן. אַ חוץ דעם, וואָס מען איז געווען זשעדנע אַ שטיקל פלייש, אפילו אין די יום־טובים (אַ מאָל אין אַ יומא־דפגרא האָט די רעגירונג דערלויבט צו שעכטן אַ קעלבל אויף כשר), — זיינען די יידישע שוחטים און קצבים געבליבן פרנסהלאָז.

האָט טאַקע אין פיל יידישע הייזער אין דראָהיטשין געפייפט דער דלות. שוין נישט ריידנדיק וועגן פלייש, אָדער אַ מלבוש, וואָס דאָס איז אין יענער צייט געווען אַ לוקסוס, עס האָט פשוט געפעלט אין שטוב דאָס טרוקענע שטיקל ברויט.

איך וועל נישט זאָגן, אַז אין פוילן האָט געפעלט עסן. אין אַ לאַנד, ווו 70 פראָצענט פון דער באַפעלקערונג האָט זיך פאַרנומען מיט ערד־אַרבעט, מיט לאַנדווירטשאַפט, האָט נישט געקענט פעלן קיין אַגראַר־פראָדוקטן, קיין שפייז. עס איז ווירקלעך געווען גענוג צום עסן. אָבער, וואָס איז געווען די פעולה, אַז עס נישט געווען פאַרוואָס צו קויפן. ווי מען זאָגט: „אַן אָקס פאַר אַ גראָשן, אַז עס איז נישטאָ דער גראָשן...”

דאָס, וואָס עס איז פאָרגעקומען מיט די יידן אין דעם „דעמאָקראַטישן” פוילן איז נישט געווען קיין צופעליקייט. עס איז געווען אַ גוט־צוגעטראַכטער פלאַן אין איינקלאַנג מיט דער פאָרמולירטער „אָוושעם”־פּאָליטיק פון דעם אַמאָליקן, פוילישן, „דעמאָקראַטישן” רעזשים, וועמענס פרעמיער־מיניסטער, גענעראַל סקלאַדקאָווסקי, האָט פראָקלאַמירט: „שלאָגן יידן — ניין! באָיקאָט, — 'אָוושעם', (יאָ)”. די כוונה פון די פּאָליאַקן איז געווען קלאָר און זעער בולט: אַרויסצושטויסן די יידן פון האַנדל, דערגיין זיי די יאָרן, ביז זיי וועלן אַנטלויפן פון לאַנד...

ווייס איך נישט, ווער עס האָט צו בייינקען נאָך דעם אַמאָליקן, פוילישן, „דעמאָקראַטישן” רעזשים... מיר, יידן, האָבן אוודאי נישט וואָס צו זשאַלעווען... אפשר זיינען דאָ אַזעלכע...



לויה פון משה נפתלי בראָנער. פון רעכטס: קאַמען יצער (וויסאָצקי), לאה, מרים צירל׳ס, דינה כאַרסל, שפרה און אלתר סאַראַטשיק, פייטשע און בערל וויכ נעס, שרה כאַרסל, משה מענדל מילנער, הערשל א.א.

ד.

## די סטרוקטור פון דער קהילה

### ראש הקהל — מרא דאתרא

אין דראָהיטשין, ווי אין גאַנצן פּאָלעסיער געגנט, איז אונטער דעם צאַרישן רעזשים נישט געווען קיין אָרגאַניזירטע קהילה, אַ מאַגיסטראַט, מיט אַנדערע ווערטער. דאָס גאַנצע גייסטיקע, קולטורעלע און געזעלשאַפטלעכע לעבן אין שטעטל האָט זיך געדרייט, אַממייניסטן, אין און אַרום דעם בית־מדרש. דעם אַמט פון אונאָפיציעלן ראש הקהל פון שטאָט האָט פאַרנומען דער רב, דער מרא דאתרא. אַלע שטאָטישע אסיפות זיינען פאָרגעקומען אין הויז פון רב, אונטער זיין פאָרזיץ. דער רב האָט שוין געהאַט זיין אייגענעם „שטאָט־ראַט”, יועצים, וועלכע האָבן זיך רעקרוטירט פון די פרעזידענטן און גבאים פון די שוהלן און פון דער חברה־קדישא און סתם מקורבים, בעלי־השפעה, מיט וועלכע דער מרא דאתרא האָט זיך באַראַטן און אָנגענומען די געהעריקע החלטות מכוח אינערלעכע און אויסערלעכע ענינים פון זיין קהילה.

דער רב האָט געדאַרפט זען, אַז זיין קהילה זאָל האָבן אַ באָד, אַ מקוה און אַ דאָקטאָר. דער רב האָט אויך געדאַרפט זאָרגן פאַר דעם סאָציאַלן וווילזיין פון זיינע יידן. ער האָט געדאַרפט זען, אַז די נישט פאַרמעגלעכע יידן זאָלן קריגן מעות־חטים אויף פסח, העלפן קראַנקע און נויטבאַדערפטיקע א.א.וו. דער רב האָט אויך געהאַט די אויפגאַבע צו פירן די

מעטריקאַציע־ביכער, ווו עס זיינען פאַרשריבן געוואָרן די געבורטן און די טויט־פאַלן פון דער באַפעלקערונג. צייטנווייז, זיינען די ביכער געפירט געוואָרן דורך אַ ספּעציעל־באַשטימטן „קאָזשאָנעם ראַבין".

אונטער דער פּוילישער מאַכט איז דער אָפּיציעלער רב פון שטאָט אויך געווען דער „קאָזשאָנער ראַבין" לגבי דער אויסערלעכער מאַכט.

דער קהל־פאַרשטייער לגבי דער שטאָט־מאַכט, אַזוי ביי די פּאָליאַקן ווי ביי די רוסן, איז געווען דער יידישער סטאַ־רעסטע, אָדער סאָלטעס, וועלכער פלעגט אויסגעוויילט ווערן פון קהל אויף אַ געוויסן טערמין. דער סטאַרעסטע, אדער



זיצן פון רעכטס: משה פרוש, (אומבעקאַנט), ל. מישאַווסקי, א. ש. גאָלדמאַן, יע״ב ראָזענשטיין, הרב א. י. קאַלענקאָוויטש, זכריה שמיד, חיים וואָלי־וועלסקי, חייקל מילנער, הערשל אייזענשטיין. שטייען: אליה גאָלדמאַן, נחמן וויסאָצקי, איטשע משאַווסקי, ליפמאַן פעלדמאַן, צמח אַדעלסקי א.א.

סאָלטיס, איז געווען דער פאַרמיטלער צווישן קהל און נאַ־טשאַלסטוואָ.

דער סאָלטיס, אונטער דער פּוילישער מאַכט, איז געווען אַקרעדיטירט צו דער גמינע (כמו אַ שטאָט־ראַט) ווו עס זיינען געווען יידישע און קריסטלעכע פאַרשטייער.

ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט אין שטאָט עקזיס־טירט אַ „קאָראָבקע" (דאָס הייסט, שטאָט האָט געהאַט פאַר־דונגען צו איינעם פון די שטאָט־בעלי־בתים, פאַר אַ גע־וויסער סומע געלט, דאָס גאַנצע הכנסה פון דער שחיטה).

פון די קאָראָבקע־געלטער האָט קהל געצאָלט די שכירות צו די שוחטים, און דער עודף איז געגאַנגען פאַר אַנדערע שטאָטישע הצטרכות'ן. אונטער דעם פּוילישן רעזשים איז דאָס קאָראָבקע־סיסטעם בטל געוואָרן. די גאַנצע הכנסה פון דער שחיטה איז געגאַנגען צו די שוחטים, וועלכע האָבן טאַקע, ביז דעם שחיטה־פאַרבאָט, געהאַט פרנסה בריוח.

## רבנים און דיינים פון דראָהיטשין

פון די אַלע רבנים, וועלכע האָבן פאַרנומען דעם כסא־הרבנות אין דראָהיטשין אין משך פון קרוב 500 יאָר, זיינען אונז, ליידער, באַוווסט בלויז געציילטע. אַזוי, למשל ווייסן מיר פון דעם מקובל, ר' דוד'ל יפה, זצ"ל, וועלכע איז געווען מרא דאתרא פון דראָהיטשין מיט אַ 150 יאָר צוריק. מיר האָבן אויך קורצע ידיעות וועגן די רבנים ר' ישראל וואָלע־וועלסקי און ר' צבי אליהו רייכמאַן, זצ"ל, מיט אַ הונדערט יאָר צוריק. פאַר די לעצטע צוויי דורות זיינען אין דראָהי־טשין געווען די פאָלגנדיקע רבנים: ר' מנחם רייכמאַן און זיין איידעם ר' אייזיק יעקב קאַלענקאָוויטש; דער דיין ר' יאָסל גאָלדמאַן; דער פרוש, ר' דוד מרדכי יודאָווסקי, זיין איידעם ר' נח קאָהן; און דער דיין ר' וועלוועל מילער, זצ"ל. דער

לעצטער דראָהיטשינער מרא־דאתרא איז געווען הרב ר׳ אייזיק יעקב קאַלענקאָוויטש, הי״ד!

קיין אָפיציעלע שכירות פון קהל האָבן די רבנים נישט באַקומען. דערפאַר האָט שטאָט געהאַט איבערגעגעבן אין רשות פון די רבנים דעם ליכט־און הייזון־פּאַרקויף, פון וואָס די רבנים האָבן געצויגן, ווער מער און ווער ווייניקער, זייער חיונה. עס זיינען געווען ציטן, ווען דער רב מיט זיין פאַמיליע האָבן געליטן נויט און דחקות. און פאַרקערט, ווידער, עס זיינען געווען ציטן, ווען דער רב האָט געמאַכט אַ שיינעם לעבן פון דעם הייזון־פּאַרקויף.

עס איז איבעריק צו דערמאָנען, אַז דער רב פון שטאָט האָט געדאַרפט קענען גוט לערנען און זיין אַ בקי אין יורה־דעה און אין פוסקים. מחמת די הויפּט־אויפגאַבע פון אַ רב איז געווען צו ענטפערן שאלות און פסק׳ענען דין־תורה׳ס. און שאלות און דין־תורה׳ס זיינען געווען פון די טאָג־טעגלעכע דערשיינונגען. דער מרא דאתרא האָט גאָר נישט געדאַרפט זיין קיין רעדנער. פיל רבנים האָבן טאַקע נישט געקענט די „קונסט־מלאכה" פון שיין־רעדעריי. בלויז צוויי מאָל אין יאָר, שבת־הגדול און שבת־תשובה, איז דער רב געווען פאַרפליכטעט צו דרשה׳נען מעניני־דיומא. די דרשה פון רב האָט נישט געטאָרט זיין קיין „וויץ" און נישט קיין מעשה... ווייל זיינע צוהערער זיינען געווען יידן לומדים, וועלכע האָבן געוואָלט הערן פון רב טיפע, עיונ׳דיקע דרשות. קורץ, דער רב פון שטאָט האָט געמוזט זיין אַ גרויסער למדן און פוסק.

### נייע אָרגאַניזירטע קהילה

נאָכדעם, ווי די פּוילישע רעגירונג האָט אַ דורכגעפירט אין סיים דעם געזעץ פון איינהייטלעכע און אָרגאַניזירטע קהילות אין לאַנד, איז אויך אין דראָהיטשין געקומען צום לעבן אַן אויטאָנאָמע, אָרגאַניזירטע קהילה מיט געוויילטע יידישע ראַטמענער און פּרנסים, וועלכע האָבן געזאָלט איבערנעמען די גאַנצע פירונג פון שטאָט. די קהילה־פאַרוואַלטונג האָט אפילו געהאַט דאָס רעכט אַרויפצולייגן אויף די יידן אַן עטאַט, אַ שטייער, פון וואָס, אייגנטלעך, עס האָט זיך געדאַרפט צוזאַמענשטעלן דער בודזשעט פון דער קהילה. אָבער, די נייע־אָרגאַניזירטע קהילות־סיסטעם האָט זיך נישט געהאַט אָנגענומען אין דראָהיטשין. עס האָט נישט געאַרבעט ווי עס באַדאַרף צו זיין. דראָהיטשינער יידן האָבן זיך באַצויגן צום ענין קהילה מיט ביטול און אונצוטרוי, ווייל עס האָט געמיינט נייע גבאים און באַאַמטע און נייע פּאָסטנס מיט הוצאות... די קהילה־ראַטמענער פלעגן אָפּהאַלטן זיצונגען און באַראַטונגען, אָבער ווייטער פון דעם איז עס נישט געגאַנגען. די פירונג אין שטאָט איז אָנגעגאַנגען ווי אין די אַלטע ציטן; דער רב מיט זיינע יועצים האָבן געהאַט מער צוזאָגן אין שטאָט ווי די נייע פּרנסים, הגם, זיי זיינען געווען די לעגאַלע פירער.

ה.

## דאָס רעליגיעזע און געזעלשאַפטלעכע לעבן

### אַלץ דרייט זיך אַרום דעם בית־המדרש

פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה (1914), האָט דראָהיטשין פאַרמאָגט 4 בתי־מדרשים: דעם אַלטן בית־המדרש, נייעם בית־המדרש, פּרוש־בית־המדרש, גאָס־בית־המדרש און אַ חסידים־שטיבל. בעת די רוסן האָבן עוואַקויִרט דראָהיטשין האָבן זיי פאַרברענט דריי־פערטל שטאָט, דעם גאַנצן שוהל־הויף און אַלע פיר בתי־מדרשים. דאָס חסידים־שטיבל איז געבליבן גאַנץ. נאָך דער מלחמה האָט מען צוריקאָפּגעבויט 3 בתי־מדרשים, אָבער דער פּרוש־בית־מדרש איז געבליבן אין זיינע




פון רעכטס: דער אַלטער בית־המדרש און נייער בית־המדרש אין 1938

חורבות. דער נוסח־התפילה אין אַלע בתי־מדרשים איז געווען אשכנז. אין חסידים־שטיבל, נאַטירלעך, האָט מען געדאַוונט אין נוסח־ספרד. דאָס מיינט צו זאָגן, אַז כמעט פיר פינפטל יידן פון שטעטל זיינען געווען מתנגדים. די דראָהיטשינער חסידים האָבן באַלאַנגט צו דער קאַרלינער־קאָברינער דינאַסטיע. דער קאָברינער רבי פלעגט אַלע ווינטער קומען צו גאַסט צו זיינע חסידים אין דראָהיטשין.

די יידן פון דראָהיטשין, ווי אין גאַנץ פּאָלעסיע, זיינען געווען שטאַרק טראַדיציאָנעל פרום, אויפן ליטווישן שטייגער און כמעט די זעלבע מנהגים. אין מערסטנטייל איז עס געווען אַ בעל־הבית׳יש־לומדישער עלעמענט מיט אַ קליינעם פּראָצענט משכילים. די שפּראַך איז געווען יידיש־ליטוויש. אַזוי איז אויך די הלבשה געווען קורץ. אויף שבת און יום־טוב

איז געווען שטאַרק אין דער מאָדע דער סורדוט און דער האַרטער הוט (קאַפּעלוש). עס איז נישט געווען קיין פראַגע פון „פרום“, אָדער נישט „פרום“. שבת, כשרות און טהרת־המשפחה האָבן אַלע יידן (אַ חוץ עטלעכע געציילטע פּערזאָן) אָפּגעהיט. אַלע יידישע הייזער זיינען געווען בחזקת־הכשרות. אַזוי איז געווען דאָס נאַטירלעכע יידישע לעבן מקדמונים אָן.

דאָס גאַנצע קולטורעלע און געזעלשאַפטלעכע לעבן, ווי געזאָגט, האָט באַזירט אויף דער תורה און עס האָט זיך געהאַט קאָנצענטריט אין בית־מדרש. די בתי־מדרשים זיינען שטענדיק, אין דער וואָכן און אין די שבתים אוודאי, געווען אויסגעפילט מיט מתפללים. אפילו די אַרבעטער יוגנט פלעגט אויך אין די שבתים קומען אין בית־מדרש. אינטערעסאַנט איז, אפילו, דער בונדישער פאָרשטייער פון שטעטל האָט אויך נישט פאַרפעלט אַ שבת צו קומען אין שוהל. ווי אַלע פרומע יידן פון שטעטל, פלעגט דער בונדיסט גיין מיטן טלית אונטערן אָרעם (אין שטעטל איז שטענדיק געווען אַן ערוב) און נאָך פירן זיינע קינדער ביי די הענט אין בית־מדרש אַריין. איך געדיינק, ווי מען פלעגט טייטלען אויף איינעם (אַביסל אַן אויפגעקלערטער) מיט די פינגער: „ער עסט פאַר קבלת־שבת“... הגם דער איינער פלעגט אויך גיין אַלע שבת־פרי אין שוהל.

## שבת אין שטעטל



שכנא שוהל־רופער, שמש פון גאַס בית־מדרש

פרייטאָג נאָך האַלבן טאָג פלעגט מען שוין מערקן דאָס אַנקומען פון דעם שבת. יידן זיינען געלאָפן, לכבוד שבת, אין באָד אַריין. די ווייבער האָבן זיך געאיילט צו פאַררוקן די טשאָלנטן אין די אויוונס. די קרעמער האָבן אין דער גיך אַ ר ו י סגע'פטר'ט די לעצטע קונים. און ווי נאָר דער שוהל־רופער פלעגט קורץ פאַר ליכט־בענטשן אַדורכגיין דאָס גאַנצע שטעטל און ר ו פ ן אויפן קול: „יידן אין שוהל אַריין!“, אַזוי פלעגט זיך גלייך אָנהויבן אַ קלאַפּעריי מיט די טירן און ש ל ע ס ע ר פון די ק ר אָ מ ע ן. אין אַ קורצער ווייל נאָכדעם איז דער גאַנצער וואָכעדיקער גערודער און האַמידער געוואָרן פאַרשטילט. אַלע גאַסן זיינען געוואָרן אָפּגעליידיקט פון די פאַריאָגטע און פאַרהאַוועטע מענטשן. אין ד יידישע הייזער האָבן אויפגעשיינט די פייערלאַך פון די שב־ליכט, וועלכע האָבן אַרויסגעבליאַסקעט דורך די פענסטער. דער שבת־מנוחה האָט זיך געהאַט צעלייגט איבערן שטעטל. טאַטעס און קינדער, אויסגעצוואָגענע, פאַרפוצטע אין בגדי־שבת, האָבן זיך געשלייכט פאַמעלעך אין שוהל צו קבלת־שבת.

אין יעדן בית מדרש איז געווען אַ חברה־ש״ס, וואָס האָט יעדן טאָג געלערנט אַ בלאַט גמרא. עס זיינען אויך געווען חברות פון משניות, עין־יעקב, מדרש, חיי־אדם, חומש, תהלים וכדומה. דאָס איז געווען אַ גאַנצע וואָך. ווער רעדט נאָך, אַז עס איז געקומען שבת האָט אין בית־מדרש געררישט ווי אין אַ בין־שטאָק. אויף אַלע טישן און סטענדערס האָט מען געלערנט; ווער עס האָט מיטגעלערנט מיט אַ חברה און ווער ס'האָט געלערנט פאַר זיך אַליין. אפילו די שיחות־חולין פון די בעלי־עגלות, וועלכע האָבן געטומלט אונטער דער בימה, ביים אויוון, איז אויך געווען אַ תענוג־רוחני און האָט צוגעגעבן קאָלאָריט צו דעם שבת־קודש...


נייער בית־המדרש. — פון רעכטס: יוזף בעזדזשעסקי, דער שוחט ר' יוסף דוד שוב, משה אהרן בערג און טוביה דוד לעוו

אַ גאַנץ שבת זיינען אַלע קראָמען און געשעפטן געווען פאַרהעמערט און פאַרשלאָסן. אפילו דער פרייסטער האָט נישט געוואַגט צו אַרויסברעכן זיך פון גדר. קיין ברעקל

וואָכעדיקייט איז נישט געווען צו מערקן איבער די גאַסן. די פויערים האָבן געוווּסט, אַז שבת האָבן זיי נישט נאָכוואָס צו קומען אין שטאָט. אַ סודות׳דיקע שטילקייט און מנוחה׳דיי־קייט איז געווען אויס־געלייגט איבער די שטיינער פון ב ר ו ק. אַמאָל און אַ ווייל האָט אַ גערויש פון אַ פּוי־ערשער פורל איבער־געריסן די שבת׳דיקע שטילקייט אין שטעטל. און אין די דאָזיקע שטילע ג אַ ס ן האָבן שבת׳דיקע יידן גע־גאַנגען אין און פון שול אָדער שפּאַצירט גע־מיטלעך נאָכן שבת׳־דיקן טשאָלענט. אַזוי האָט א ו י סגעקוקט אַ יידיש שטעטל דאָרט אין דער ווייטער פּאָ־לעסיע. עס איז געווען אַ קליין ירושלים אין חוץ לארץ: דראָהיטשין.



די זאַמד־גאַס אין 1935, אַ שבת׳דיקע שטילקייט איז אויסגעלייגט איבער די שטיינער פון ברוק

## צדקה און וווילטעטיקייט

דאָס זעלבע איז אויך געווען אויף די געביטן פון כשרות און טהרת־המשפּחה און צדקה. עס זיינען נישט געווען קיין משגיחים און דאָך האָט מען געקענט און געמעגט עסן אין יעדער יידישער הויז אַ כשר׳ן מאָלצייט. דראָהיטשינער יידן האָבן אויך געגעבן פיל צדקה און אָפּגעהיט די מצווה פון הכנסת־אורחים. עס איז נישט געווען דער טאָג און דער שבת,



שמשון גאָלדמאַנ׳ס פאַמיליע. פון רעכטס: מרדכי, העניע־חיה (מוטער), שלמה זעליג (זון), אסתר, יעקב, ציפּע, שאָשקע (טעכטער), פרץ, אסתר, צבי וויינגארטן (איידעם), רחל (שנור) הדסה, יצחק גאָלדמאַן (איידעם).

אַז עס זאָלן נישט זיין אין שטאָט אַ מגיד, אַ משולח און סתם אורחים. אַלע האָבן באַקומען זייער חלק בסבר פנים יפות.

יעדער אָרימאַן, וואָס איז געקומען אין שטאָט האָט געהאַט זיין באַשטעלטן „טאָג" און „שבת". אַ מנהג פון קדמונים איז געווען, אַז דער שמש פון שוהל (פון יעדער שוהל) האָט גע־שיקט אַ „קוויטל אויף שבת". יעדן שבת האָט אַן אַנדער בעל־הבית באַקומען צוגעשיקט אַן אָרימאַן מיט אַ קוויטל אויף אַ שבת, אָדער אויף אַ מאָלצייט אינדערוואָכן. עס איז אויך געווען אַ הקדש, ווו אורחים האָבן דורכגעשלאָפן אַ נאַכט בחנם.

פון שטענדיקע יאָרן איז אין שטעטל געווען אַ לינת־הצדק און אַ ביקור־חולים, וואָס האָבן אַרויסגעהאָלפן אָרימע חולאים מיט דאָקטוירים און רפואות. די חברות פלעגן אויך באַזאָרגן



פון לינקס : אברהם בוים, שיינקע בוים־וואַרשאַווסקי, אָדעל אייזענשטיין־בודער און ב. וואַרשאַווסקי לעם בריק.

די קראַנקע מיט „לינות" (נאַכט־זיצער) אין די נעכט. און מען האָט געהאָלפן נויטבאַדערפטיקע בסתר כדי ניט צו מביש זיין.

ו.

# דערציאונג און קולטור

## דער חינוך ביז 1914

דער חינוך אין דראָהיטשין האָט אין משך פון הונדערטער יאָרן (ביז 1914) באַזירט אויפן חדר. אין דעם חדר זיינען דערצויגן און אויפגעבראַכט געוואָרן דורות פון יידישן דראָהיטשין. אַ געוויסע צאָל שטעטלשע קינדער זיינען אויך געפאָרן, נאָכדעם ווי זיי האָבן געענדיקט דעם חדר, לערנען אין די נאָע ע ישיבות. אַנדערע, ווידער, האָבן פאָרגעזעצט זייער לערנען פריוואַט אין דער היים. פאַר אַ לענגערער צייט האָט אין דראָהיטשין עקזיסטירט אַ תלמוד־תורה, ווי אויך אַ ישיבה. אין דער ישיבה האָבן געלערנט פיל תלמידים פון שטאָט און פון גאַנצן אומגעגנט.

פאַרבייגייענדיק דאַרף באַמערקט ווערן, אַז דער פראָצענט פון דראָהיטשינער ישיבה־בחורים, וואָס זיינען געפאָרן לערנען אין ישיבות איז פאַרהעלטניסמעסיג געווען נישט גרויס, בעסער געזאָגט, איז געווען פיל קלענער ווי אין די שכנות'דיקע שטעטלאַך. דאָס קענען מיר זען פון דער קליינער צאָל רבנים, וואָס דראָהיטשין האָט אַרויסגעגעבן. פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט דראָהיטשין געהאַט לערנען אין די גרויסע ישיבות אַ צענדליק ישיבה־בחורים, צווישן זיי, אייניקע מצוינים. אָבער, מיטן אויסנאַם פון 2־3, איז קיין איינער פון זיי נישט פאַרבליבן ביים לערנען. דאָ קען מען אפשר צושרייבן די שולד צו דער מלחמה. אין דעם פעריאָד צווישן דער ערשטער און דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז די צאָל פון די שטעטלדיקע ישיבה־בחורים געווען נאָך קלענער. בסך־הכל אַ 6 יונגעלייט האָבן געלערנט אין ישיבות. עס איז שווער צו דערגרונטעווען זיך און צו דערגייך די סיבות, פאַרוואָס דראָהיטשינער עלטערן, וועלכע האָבן עהאַט גרויס־רעספעקט פאַר וויל־לערנער, האָבן נישט געשיקט זייערע קינדער צו לערנען אין ישיבות. ווייזט אויס, אַז לערנען תורה איז זייער אַ שווערער ענין. אין אַלגעמיין, גלויב איך, דאַרף די שולד צוגעשריבן ווערן צו די אומשטענדן. די רייכערע קינדער האָבן נישט געוואָלט זיך פּלאָגן אין דער פרעמד און עסן טעג, ווי עס איז אַמאָל געווען דער מנהג. און די אָרימערע קינדער האָבן געמוזט גיין פאַר בעלי־מלאכות צו העלפן שפּייזן זייערע פאַמיליעס. אַלנפאַלס, ווי מיר זאָלן זיך



די י יבה אין גאַס־בית־המדרש. ראש ישיבה הרב ר' אהרן (זיצט), הרב אליה וועלוול אַלטוואַרג, צבי אייזענשטיין, שכנא שמש

נישט גריבלן אין דעם ענין און זוכן זכותים, דער פאַקט איז דער: דראָהיטשין האָט קיין צופיל רבנים, לויט איר פּראָפּאָרציע, נישט אַרויסגעגעבן. דערפאַר, אָבער, האָט זי געהאַט שיינע בעלי־בתים. אין אַלגעמיין האָבן זיך דראָהיטשינער יידן גערעכנט פאַר מער פאָרגעשריטענערע ווי די יידן פון די אַרומיקע שטעטלאַך.

עס זיינען אויך געווען אַזעלכע עלטערן, פאַרשטענדלעך פון די גאַר רייכע, וואָס האָבן געשיקט זייערע קינדער צו לערנען אין די גימנאַזיעס און אין די אוניווערזיטעטן. אָבער זייער צאָל איז געווען גאַר קליין.

עס איז אויך געמאַכט געוואָרן אַ פּרווו מצד אַ גרופּע יידיש־רוסישע אינטעליגענטן צועפענען אַ רוסישע „אוטשילישטשע" פאַר יידישע קינדער, אָבער לאַנג האָט די שולע נישט אָנגעהאַלטן און זי האָט זיך צוגעמאַכט.

דאָרט פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה איז אַ גרופּע משכילים געלונגען צו עפענען אַ מאָדערנע, העברייאישע שולע א.נ. „יבנה". נאַטירלעך, אַז די רוסישע שפּראַך האָט פאַרנומען דאָרט דעם אויבן־אָן. די „יבנה"־שולע האָט געשיינט צו האָבן דערפאָלג. זי האָט שוין געהאַט אריינגענומען פיל קינדער פון שטאָט און פון די אַרומיקע שטעטלאַך. האָט זיך אָבער אָנגעכאַפּט די מלחמה און זי האָט זיך געמוזט שליסן.

## רביים, מלמדים און לערער

פון די דראָהיטשינער רביים און מלמדים, וועלכע האָבן ביז 1914 אין זייערע חדרים דערצויגן דורות מיט יידן, זיינען אונדז באַוווסט: חיים קראַנשטאַט, שמעון אַפּעלבוים, דער קאַמעניצער, שמואל אַרטשעס און זיין זון הערשל בוים. דאַן די גמרא־מלמדים: ר' אליה מאַכליס זילבערגלייט, מענדל משה איסר'ס קאַמיניעצקי, אברהם שבתי קאַפּולער, יוסף שחט (יאָסעל טשערנעס), אליעזר אַדלער, ר' משה וועלוועל שקאָלניק, ז"ל, און אַנדערע.

די לערער, וועלכע האָבן אָנגעפירט מיט חדרים־מתוקנים און קלאַסן זיינען געווען: נפתלי שטיינבערג, יהודה לייב ניידיטש (דער אָבלער), גדליה סאַקער, יעקב סידאַראָווו, סענדער שאַפּירא (אַדרעזשינער), בצלאל וואָלפסאָן, צבי שוואַרץ, פייגעל שטיינבערג, ע"ה. און יבד"ל: ישראל ברוך אייזענשטיין, ישראל ברוך וואַרשאַווסקי, טאָדרעס לייב מילנער, יוסף וואַסערמאַן, אהרן קראַוויצקי (דער לעכעוויטשער), חנה שטיינבערג און אַנדערע.



שולע „מוריה". לערער פון רעכטס: משה בעזדזשעסקי, ר' אשר ווייצל, רמז, גאָלדשטיין, וואָלפסאָן, קאָלניק, פעלדמאַן א.א. 1931

## דער חינוך נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז, מיט דער הילף פון די דראָהיטשינער לאַנדסלייט אין אַמעריקע, אויפגעבויט געוואָרן אין דראָהיטשין אַ בנין פאַר אַ העברייאישער פאָלקס־שולע א.נ. „מוריה", וועלכע האָט אַריינגענומען כמעט אַלע יידישע קינדער פון שטאָט. די לימודים־פּראָגראַם איז געווען די זעלבע ווי אין די רעגירונגס־שולן, מיט אַ צוגאָב פון יידישע און העברעאישע געגנשטאַנדן, ווי אויך אַ ביסל גמרא.

די מער רעליגיעזע בעלי־בתים פון שטאָט זיינען אָבער נישט געווען אינגאַנצן צופרידן מיט דער גייסטיקער איינ־

שטעלונג פון דער שולע „מוריה”, וועלכע איז פאַר דער צייט געוואָרן איבערגענומען פון „תרבות”. האָבן זיי, מיט דער הילף פון אייניקע דראָהיטשינער נדבנים אין אַמעריקע, גע־גרינדעט אַ „תלמוד־תורה”, וועלכע איז געפירט געוואָרן אין אָרטאָדאָקסישן גייסט. אין דער תלמוד־תורה האָבן די רעלי־גיעזע לימודים פאַרנומען דעם אויבן־אָן. פאַרשטייט זיך, די קינדער פון תלמוד־תורה האָבן אויך באַקומען אין אַן ענט־שפּרעכנדיקער מאָס עלעמענטאַרע בילדונג. אין דעם קוראַ־טאָריום פון דער תלמוד־תורה זיינען געווען פאַרטראָטן דער מרא דאתרא און פיל אָנגעזעענע בעלי־בתים פון שטאָט.

איידער די תלמוד־תורה איז געגרינדעט געוואָרן, האָט אין גאַס בית־המדרש עקזיסטירט אַ ישיבה־קטנה. זע זייט 43.



די גרופּע „בנות יהודיה” פון דער שולע „מוריה” מיט דער לערערין רחל פרישקולניק אין 1937

אַ גרעסערע צאָל יידישע קינדער האָבן אויך געלערנט אין דער מלוכה׳שער, פּוילישער שולע „פּאָווזשעכנע”. פיל יידישע קינדער, נאָכן פאַרענדיקן די שולע „מוריה”, פלעגן אויך אַריינטרעטן אין דער פּאָוושעכנע אויף אַ יאָר צייט, כדי צו פאַרפולקאָמען דעם קורס פון די פּוילישע לימודים.

אַ גאָר קליינער פּראָצענט יידישע קינ־דער, זיינען נאָכן פאַר־ענדיקן די פאַרשיידע־נע פאָלקס שולן אין דראָהיטשין, געפאָרן פאַרצוזעצן זייער שטודיום אין די גימנאַזיעס און שפּע־טער אין די סעמינאַריום׳ס און אוניווערזיטעטן אין פּינסק, בריסק, ווילנע, וואַרשע א.א.וו. די איבערוויגנדיקע מערהייט פון די יידישע קינדער זיינען געבליבן זיצן אין די היימען.




די פּוילישע מלוכה־שולע „פּאָווזשעכנע”, אין וועלכער עס האָבן געלערנט אַ גרעסערע צאָל יידישע קינדער.

ז.

# פּאַרטייען, אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס

## עפּאָכע פון שטורעם און דראַנג

סוף 19־טן יאָרהונדערט, ווען איבער רוסלאַנד האָט זיך צעטראָגן אַ כוואַליע פון אויפברויז און בונט קעגן דער צאַרישער מאַכט, האָט זיך דער רעוואָלוציאָנערער שטראָם אויך דערטראָגן קיין דראָהיטשין. עס האָבן זיך געגרינדעט גרופּעס „עס־עס״ און פון „בונד״, וועלכע זיינען געווען באַוווּסט אַלס די „שוועסטער און ברידער״, און וועלכע האָבן אָנגעפירט סטרייקן און אַ רעוואָלוציאָנערע פּראָפּאַגאַנדע קעגן צאַריזם.



גרויסע מאַניפעסטאַציע אין דראָהיטשין לכבוד דער באַלפור־דעקלעראַציע — ל״ג בעומר, 1919

צו דער זעלבער צייט האָט זיך אין דראָהיטשין אויך אָנגעהויבן צו פאַרשפּרייטן דער „חיבת־ציון״־געדאַנק. אַ גרעסערע צאָל יידישע יונגעלייט זיינען געווען אָנגעשלאָסן אָן דער „חובבי־ציון״־באַוועגונג. שפּעטער, ווען עס איז אויפגעקומען אויף דער יידישער גאַס הערצל׳ס פּאָליטישער ציוניזם, האָט זיך אויך אין דראָהיטשין אָנגעהויבן אַ ציוניסטישע באַוועגונג. יידישע יונגעלייט פלעגן אַרומגיין פון שטוב צו שטוב און פאַרקויפן שקלים פאַר דעם ציוניסטישן קאָנגרעס, ווי אויך מאַרקעס פאַר׳ן קרן־קימת און אַקציעס פון דער „פּאַלעסטינער אַקציאָנס־באַנק״. זיי פלעגן אויך שטיין מיט קערות ערב־יום־כיפור אין די שוהלן.

### די באַלפור־דעקלעראַציע — התלהבות און ענטוישונג

די ריכטיקע ציוניסטישע אַרבעט האָט זיך ערשט אָנגעהויבן אין יאָר 1918. נאָכדעם, ווי די דייטשישע אָקופּאַציע־מאַכט האָט זיך אויפגעלייזט און מען האָט זיך דערוווּסט פון דער באַלפור־דעקלעראַציע, אַז „ענגלאַנד האָט אַוועקגעגעבן ארץ־ישראל צו די יידן״, זיינען דראָהיטשינער יידן געוואָרן באַהערשט מיט דעם דאַן משיח׳שן עקסטאַז. ביי אַלעמען, פון קליין ביז גרויס, איז דער ענטוזיאַזם פאַר ארץ־ישראל געווען אין לשער. נאָכדעם, ווי מען האָט געהאַט דורכגעמאַכט אַזאַ שווערע און לאַנגע מלחמה, מיט אַזוי פיל צרות און פּורעניות׳ן האָט זיך איטלעכן געדאַכט, אַז ער הערט שוין די טריט פון משיח׳ן... עס זיינען פאָרגעקומען גרויסע מאַניפעסטאַציעס לכבוד דער באַלפור־דעקלעראַציע. און אַ יונגערמאַן אויף אַ ווייסן פערד האָט סימבאָליזירט „משיח׳ן אויף דעם אייזל״... די איינציקע זאַך, וואָס האָט געהאַט פאַרנומען אַלעמענס קעפּ, איז געווען ארץ־ישראל. יעדן איינעמס געדאַנק און באַגער איז געווען, וואָס גיכער אַוועק אין אייגענעם לאַנד ארץ ישראל.

ווען די ערשטע גרופּע חלוצים האָבן דערלעבט אָפּצו־
פאָרן קיין ארץ־ישראל, האָט דאָס גאַנצע שטעטל אַרויסבאַ־
גלייט זיי מיט געזאַנג און מוזיק. עס איז געווען אַ גרויסער
מאָמענט. פיל פון די באַגלייטער האָבן געוויינט פון שמחה.
און ווירקלעך, אַ סך דראָהיטשינער פאַמיליעס האָבן אָנ־
געהויבן צו מאַכן די געהעריקע הכנות צו זייער רייזע קיין
ארץ־ישראל.

אָבער גאָר שנעל איז געקומען די ענטוישונג און די אויס־

אַלס צוגאָב, האָבן אָנגעהויבן אָנקומען (1920) אין שטעטל
די שרעקליכע ידיעות פון די אַראַבישע פּאָגראָמען אויף די
יידן אין ארץ־ישראל. אַלעס צוזאַמען האָט צעטרייסלט דעם
גלויבן ביי די יידן אין דער ציוניסטישער גאולה. אַנשטאָט
התלהבות און שמחה, זיינען יידישע הערצער געוואָרן אָנגע־
פילט מיט פאַרביטערונג, צאָרן און ענטוישונג. עס האָט זיך
אָנגעהויבן דער לאַנגזאַמער פּראָצעס פון פּראָפּאַגאַנדע, געלט־
זאַמלונגען און אויסוואַרטונג...



אַלע יידן פון שטעטל באַגלייטן אַרויס די ערשטע חלוצים קיין ארץ־ישראל אין יאָר 1922

ניכטונג פון דעם משיח־חלום... די אַלע, וועלכע זיינען גע־
שטאַנען גרייט אין וועג, צו פאָרן קיין ארץ־ישראל, האָבן זיך
אָנגעטראָפן אויף גרויסע שוועריקייטן. קודם־כל, האָבן זיי
זיך אָנגעשטויסן אָן דעם סערטיפיקאַטן־סיסטעם. פאַר פאַמי־
ליעס מיט קינדער איז בכלל געווען שווער דאָס פאָרן. אַ סער־
טיפיקאַט האָט נאָר געקענט באַקומען אַזעלכער, וואָס איז נישט
עלטער פון 35 יאָר. און אַלס תנאי קודם למעשה האָט מען גע־
מוזט דורכמאַכן אַן הכשרה פון 2 ביז 4 יאָר. דער דאָזיקער
עליה־סיסטעם האָט, גלייך ביים אָנהויב, געמאַכט אַ סוף צו
די האָפנונגען פון די מערסטע פון די דראָהיטשינער יידישע
פאַמיליעס, אַז זיי זאָלן ווען עס איז דערגרייכן די ברעגן פון
ארץ־ישראל, אויף וואָס זיי האָבן יאָרן לאַנג געטרוימט...!

### אויסקריסטאַליזירונג פון די ציוניסטישע פּאַרטייען

אין דראָהיטשין האָט זיך דאַן אָנגעהויבן אויסצוקריסטאַ־
ליזירן דער פּרצוף פון די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס און
פּאַרטייען. אויפן ערשטן פּלאַץ זיינען געקומען די אַלגעמיינע
ציוניסטן, דאַן דער „מזרחי", „פּועלי־ציון", „החלוץ" און
„השומר־הצעיר". די לעצטע צוויי האָבן נאָך דאַן געגאָלטן
אַלס נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס. די הויפּט־ציוניסטישע אַר־
בעט, איז אין די ערשטע יאָרן, געטאָן געוואָרן דורך די אַלגע־
מיינע ציוניסטן און דעם „מזרחי". די מזרחי'סטן זיינען גע־
ווען די פּיאָנערן־ספּעציאַליסטן פון די געלט זאַמלונגען פאַר די
קרנות. אַלס רעליגיעזע יידן, האָבן די מזרחיסטן געהאַט די

אויפגאַבע איינצונעמען די בימות און בעלעמערס פון די בתי־מדרשים און שוהלן און צו באַווירקן אויף די שוהל־יידן, וועלכע זיינען געווען דער רוב־עם, לטובת דעם ארץ־ישראל־געדאַנק.

אין יאָר 1926, בערך, האָט זיך אין דראָהיטשין אָנגעהויבן צו רעפאָרמירן אַן אָפּטיילונג פון זשאַבאָטינסקי׳ס רעוויזיאָניזם און זיין יוגנט־אָרגאַניזאַציע דער „בית״ר״.

אַלס קעגן־געוויכט צו דער יוגנט־גרופּע „בית״ר״, האָבן




די „פועלי־ציון״ פּאַרטיי און איר יוגנט־גרופּע „פרייהייט״ אין יאָר 1928

די פּועלי־ציון אויך געשאַפן אַ יוגנט־גרופּע א.נ. „פרייהייט״, און פון דאַן האָט זיך אָנגעהויבן אין דראָהיטשין דער אידיע־אָלאָגישער קאַמף צווישן די פּועלי־ציון און די רעוויזיאָניסטן.ביידע צדדים האָבן מאַנעווורירט פאַר בעסערע פּאָזיציעס אין שטאָט, און צו אַריינציען אין זייערע רייען וואָס מער מיט־גלידער.

דאָס יאָר 1929 האָט געבראַכט אַ ראַדיקאַלע איבערשיכטונג פון די פּאַרטייאישע כחות אין דראָהיטשין. צוליב די שרעקלעכע אַראַבישע פּאָגראָמען אויף די יידן אין ארץ־ישראל האָט אַ גרויסער טייל פון דראָהיטשינער יוגנט און פון עלטערן עולם, געגעבן זיך, איבער נאַכט, אַ וואָרף אַריבער צום רעוויזיאָניזם, וועלכער האָט געפאָדערט אַ מער דראַסטישערע האַנדלונג לגבי דער ענגלישער מאַנדאַטאָר־מאַכט און די אַראַבער. דער באַלאַנס צווישן די פּועלי־ציון־פרייהייט און די רעוויזיאָניסטן־בית״ר האָט זיך אויסגעגליכט. זיי זיינען געווען און געבליבן די צוויי גרעסטע, אַגרעסיווסטע כחות אין שטאָט. מחמת די פּועלי־ציון און די רעוויזיאָניסטן האָבן געהאַט באַהערשט 90 פּראָצענט פון דער יוגנט פון שטאָט. די אומפּאַרטייאישע און פּאַסיווע האָבן זיך אויך געהאַט פּאַרטיילט אין צוויי צדדים. אַ טייל האָבן געהאַלטן מיט די פּועלי־ציון און אַ טייל מיט די רעוויזיאָניסטן. די אַלגעמיינע ציוניסטן און דער מזרחי זיינען, צוליב דעם וואָס זיי האָבן נישט געהאַט קיין יוגענדלעכע, געבליבן אין פּאַסיוון צושטאַנד. אין פיל ענינים זיינען די אַלגעמיינע ציוניסטן, דער מזרחי און די רעוויזיאָניסטן געגאַנגען צוזאַמען קעגן די לינקע גרופּירונגען. עס האָט צווישן די דריי דערמאָנטע גרופּירונגען געהערשט אַ נאָענטע פריינטשאַפט, מחמת זיי האָבן זיך אַלע רעקרוטירט פון דעם בירגערלעך־רעליגיעזן עלעמענט פון שטאָט.

דער „השומר הצעיר״, הגם, ער האָט אין זיינע רייען נישט געציילט קיין פיל מיטגלידער, איז ער אָבער געווען גאַנץ פּאָפּולער אין שטאָט, ווייל ער האָט פאַרמאָגט צווישן זיינע פירער אַ צאָל ענערגישע און פייאיקע יונגעלייט.

קיין אָרגאַניזירטע „אַגודה״ איז אין דראָהיטשין קיינמאָל

נישט געווען. עס זיינען געווען אייניקע „אגודה"־סימפּאַ־טיקער, מערסטנס פון צווישן דעם חסידישן עלעמענט, אָבער, זיי האָבן נישט אַרויסגעוויזן קיין שום אַקטיוויטעט. דאָס גלייכן, איז אין דראָהיטשין קיינמאָל נישט געווען קיין אָרגאַ־ניזירטע פּועלי־מזרחי־פּאַרטיי. די עטלעכע יונגעלייט, סימ־פּאַטיקער פון הפּועל־המזרחי, האָבן מיטגעאַרבעט מיט דעם מזרחי און אויך געשטיצט די רעוויזיאָניסטן און דעם בית"ר.


דער „ברית־טרומפּעלדאָר", „בית"ר", יוגנט־גרופּע פון די רעוויזיאָניסטן

## סאָציאַליסטישע פּאַרטייען

עס איז אויך געווען אין שטאָט אַן אָרגאַניזירטער „בונד". אָבער, ער איז כמעט ווי פאַרלאָרן געגאַנגען אין טומל פון די ציוניסטישע פּאַרטייען. דער דראָהיטשינער „בונד" איז נישט געווען אַזוי אַגרעסיוו ווי אין די אַנדערע שטעט. ערשטנס, ווייל אין דראָהיטשין זיינען נישט געווען קיין פאַבריק־אַרבעטער און עס זיינען נישט געווען קיין לוין־סכסוכים און נישט קיין סטרייקן, במילא, זיינען נישט געווען קיין פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, פון וועלכע דער „בונד" האָט געשעפּט זיינע כחות. צווייטנס, זיינען די בונדישע פירער אין דראָהיטשין, אין זייער מערהייט, אַליין געווען כאַלופּניקעס, אייגנטימער פון האַנד־ווערקער־וואַרשטאַטן. און צו דעם אויך שוהל־דאַווענערס... און אַמאָל אויך „צוגעזינדיקט" מיט ציוניזם... פאַרשטייט זיך, אַז דראָהיטשין איז נישט געווען מסוגל פאַר בונדישער פּאָ־ליטישער אַרבעט. האָט זיך דער „בונד" געמוזט באַגרענעצן בלויז צו קולטור־אַרבעט.

דראָהיטשין האָט אויך געהאַט אַ צאָל קאָמוניסטן. ווי שייך, ווי שיקט זיך דאָס, אַז אין פּוילן זאָלן נישט זיין קיין קאָמו־ניסטן? און דראָהיטשין איז נישט געווען קיין אויסנאַם פון אַלע שטעט און שטעטלאַך. נאָר, אַזוי ווי די קאָמוניסטישע פּאַרטיי איז אין פּוילן געווען אונלעגאַל, האָט מען נישט גע־קענט וויסן די צאָל און דעם כוח פון די קאָמוניסטן אין דראָהיטשין. זיכער איז, אַז די קאָמוניסטן האָבן אָנגעפירט אַן אונטערערדישע אַרבעט. איך געדענק, איינמאָל אין אַ שבת, האָט די פּוילישע פּאָליציי באַפאַלן די הויז פון דעם מעז־ריטשער שוסטער און געזוכט דאָרט קאָמוניסטישע ליטע־ראַטור. די פּאָליציאַנטן האָבן אפילו די אַביטשעס פון די ווענט אַרונטערגעריסן, אָבער זיי האָבן גאָרנישט גע־פונען. שפּעטער האָט מען זיך דערוווּסט, אַז דער זון פון דעם מעזריטשער שוסטער האָט זיך אַריבערגעשמוגלט קיין רוסלאַנד...

בכלל האָט די פּוילישע מאַכט אָנגעווענדעט צו שטאַרקע רעפּרעסיעס קעגן די קאָמוניסטן. עס איז באַוווּסט דער פאַל מיט עטלעכע דערפער אין פּאָלעסיער געגנט, וואָס האָבן זיך געבונ־טעוועט קעגן די צו גרויסע „פּאַדאַטקעס" א.א.וו. און די פּאָליציי האָט חושד געווען, אַז אין דעם שטעקט אַ האַנט פון די קאָמוניסטן; האָט די פּאָליציי באַפאַלן די דערפער, אויסגעשאָטן די תבואה פון די באָדנס אויפן גאַס און עס צעמישט מיט זאַמד און שטרוי. אַזוי האָט די פּוילישע מאַכט אָנגעלערנט אַלע פּויערים פון די דערפער פאַר דעם חטא פון אייניקע קאָמוניסטן... נאַטירלעך, די פּרעסע האָט וועגן דעם נישט גע־טאָרט שרייבן, אָבער צווישן זיך האָט מען פיל גערעדט וועגן די בונטן פון די פּויערים קעגן די פּאָליאַקן.

## ביבליאָטעק און קינאָ

אין שטאָט האָט אויך עקזיסטירט אַ גוט־איינגעאָרדנטע ביבליאָטעק, וועלכע האָט פאַרמאָגט פיל הונדערטער ביכער


ערשטע שורה: מ. קאַלענקאָוויטש, י. מישאָווסקי, ל. לעוואַק ב. מילנער, ק. אויבערמאַן, ש. סלאָנימסקי, ש. מילנער, מ. קאַלענקאָוויטש, ש. בייך

פון אַלע יידישע קלאַסיקער. עס גערדיינקט זיך, ווי לאַנג איז דאָס געווען, ווען די אָנפירער פון דער ביבליאָטעק האָבן, פון די ערשטע, אינסטאַלירט אַ ראַדיאָ אָן אַ הילכער אין ביבליאָטעק און אַלע זיינען געלאָפן אויף ביז־ווונדער אָנצוקוקן די כישוף־קעסטעלע, פון וועלכער עס רעדט אַרויס



פאַרוואַלטונג פון באַנק. זיצן פון רעכטס: דוד וואַרשאַווסקי, דער שוחט משה פרעגער, יוסף בערעזאָווסקי, זכריה שמיד, משה דוד וואַסערמאַן, אַלטער גאָלדבערג. שטייען פון רעכטס: בייך, דוד שושאַנאָוו, א. קראַוועץ, פייגל עפשטיין, מ. אַווערבוך, ש. ז. גאָלדמאַן, א. סאַראַטשיק

אַ מין דיבוק, ר״ל... די פאַרוואַלטונג פון דער ביבליאָטעק, האָט מיט דער „כישוף־קעסטעלע״ געמאַכט אַ געשעפט: אַ „הער״ האָט געקאָסט 10 גראָשן. האָט מען אָנגעטאָן די רערלעך אויף די אויערן און מען האָט זיך איינגעהערט, עטלעכע מינוט בלויז, ווי דער „דיבוק״ רעדט און זינגט אין דער כישוף־קעסטעלע...

עס דאַרף אויך דערמאָנט ווערן די אַמאַטאָרן־טרופּע, וועלכע האָט, פון צייט צו צייט, געגעבן פאָרשטעלונגען לטובת וווילטעטיקע־צוועקן.

דראָהיטשין איז געווען כמעט די איינציקסטע פון די שטעטלאַך, וואָס האָט געהאַט אַ קינאָ, אַ סינעמאַ, ווו ס׳איז געוויזן געוואָרן עטלעכע מאָל אַ וואָך גאַנץ נישקשה׳דיקע בילדער, און וועלכע האָבן געצויגן אַן עולם פון גאַנצן געגנט.

## פאָלקס־באַנק און גמילות־חסדים־קאַסע

פון די געזעלשאַפט־ווירטשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, וועלכע האָבן געלייסטעט ממשות׳דיקע הילף פאַר אַלע יידן פון שטאָט און אומגעגנט, זיינען געווען די „גמילות־חסדים־קאַסע״ און די „קאָאָפּעראַטיווע קאַסע״. די לעצטע אין געווען באַוווסט אַלס די „פאָלקס־באַנק״.

אין דער גמילות־חסדים־קאַסע האָט יעדער איינער געקענט באַקומען אַ גמילת־חסד (אָן פּראָצענט, פאַרשטייט זיך) ביז 20 דאָלאַר אויסצוצאָלן אין ראַטעס אין משך פון פיל חדשים.

דאָס גלייכן, האָט די פאָלקס־באַנק געגעבן קורץ־און לאַנג־טערמיניקע הלוואות פון עטלעכע הונדערט זלאָטעס פאַר אַ קליינעם פּראָצענט.

די פאָלקס־באַנק, ווי אויך די גמילות־חסדים־קאַסע, זיינען געווען פון די גרעסטע שטיצעס און הילף סיי פאַר דעם קרעמער און הענדלער, וועלכער האָט זיך גענויטיקט אין געלט אויף צו קויפן סחורה אָדער צו דעקן אַ פעליקן וועקסל, און סיי פאַר דעם געאיינגטן בעל־הבית און בעל־מלאכה, וואָס האָט געדאַרפט האָבן עטלעכע הונדערט זלאָטעס אויף דורכצעשטופּן דעם שווערן ווינטער, ווען עס איז נישט געווען קיין גענוג חיונה, ביז דער זומער איז געקומען האָט מען דאַן צוריקגעצאָלט די הלוואות.

די פאָלקס־באַנק און די גמילות־חסדים־קאַסע פאַרדינען די גרעסטע אָנערקענונג אַלס די איינציקע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, וועלכע האָבן נישט איינמאָל אָפּגעראַטעוועט אַ יידישע פאַמיליע פון באַנקראָט און הונגער, בפרט נאָך די לעצטע יאָרן, ווען די געדריקטקייט און די אָרעמקייט פון די יידן אין דראָהיטשין איז געווען אין לשער...

פון די נויטיקסטע הילפס־געזעלשאַפטן אין שטאָט זיינען געווען, ווי שוין דערמאָנט, דער „ביקור־חולים״ און „לינת־הצדק״, וואָס האָבן געטאָן גוטע אַרבעט, טראָגנדיק הילף צו קראַנקע און נויטלײַדנדע, אין דער פאָרם פון אומזיסטע דאָקטוירים, רפואות און לינות אין די נעכט.

אַ גרויסער אויפטו איז געווען די לעצטע יאָרן—„צענטאָס״.



דער „החלוץ״, יוגנט־גרופּע, בערך, אין 1923

אַ געזעלשאַפט פאַר יתומים־פאַרזאָרגונג. וועגן „צענטאָס״ ווערט פיל געשריבן אין דער אָפּטיילונג פון אינסטיטוציעס.

# די ענטוויקלונג פון דער גמ"ח־קאַסע אין דראַהיטשין־פּאָל. אין ציפערן

# באַריכט

### פאַר די לעצטע 5 יאָר, פון 1 אַפּריל 1934 ביז 1 אַפּריל 1939.

זעט ווי דער גמילות חסד איז אויפגעשטאַנען תחית המתים אין די לעצטע 5 יאָר.

| | 1938/39 | 1937/38 | 1936/37 | 1935/36 | 1934/35 |
|---|---|---|---|---|---|
| עס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן הלואות | 445 | 420 | 345 | 208 | 151 |
| וויפל פערזאָן האָבן בעקומען הלואות | 250 | 239 | 207 | 123 | 95 |
| אלגעמיינע סומע פון די אַרויסגעגעבענע הלואות יערליך | 38.207.14 | 28.442.33 | 20.018.70 | 10.524.11 | 8.404.31 |
| אויפגעמאָנט געווארן פערלעגענע קאָנטעס פון די יאָרן 1927–1935 | 45 | 35 | 43 | 40 | 37 |
| אויפגעמאָנט געוואָרן געלד פון די פערלעגענע קאָנטעס | 1.274.78 | 908.41 | 1.577.38 | 1.608.— | 1.627.82 |
| אויפגעמאָנט געוואָרן פון פערלעגענעם היפּאָטעק חוב | 590.— | 500.— | 700.— | —— | —— |
| נייע קאָנטעס צוגעקומען אין משך פון יאָר | 60 | 61 | 62 | 38 | 29 |
| יערליכע צאָל לוים מיט די פערלעגענע | 411 | 364 | 355 | 310 | 304 |
| קרעדיטן פון „דזשאָינט" און „צעקאַבע" | 4.700.— | 3.350.— | 2.100.— | 1.250.— | 350.— |
| אָרטיקע שטאָטישע וקלאַדן | 1.283.25 | 1.701.80 | 482.75 | 61.25 | 41.50 |
| וקלאַד פון פאָלק'ס באַנק | 500.— | —— | —— | —— | —— |
| הכנסה: פון מיטגלידס אָבצאָל | 793.— | 671.95 | 667.— | 515.50 | 420.98 |
| „ קליינע הכנסות און צוריקערענדע אויסגאַבן | 66.01 | 49.41 | 24.35 | 8.47 | 7.34 |
| „ קהלה סובווענץ | —— | 50.— | —— | —— | —— |
| „ נדבות | 60.— | —— | —— | —— | —— |
| הוצאה: אדמיניסטראַציע קאָסטן | 782.71 | 703.92 | 591.15 | 489.91 | 486.65 |
| „ הזיק צו אָבליגאַציעס | 130.— | —— | —— | —— | —— |
| עודף פון דער הכנסה | 6.30 | 67.44 | 145.45 | 34.06 | —— |
| דעפיציט | —— | —— | —— | —— | 65.67 |
| געלד אין הלואות | 17.435.79 | 15.143.20 | 12.258.92 | 10.070.10 | 9.743.19 |
| גרונד קאַפּיטאַל | 15.040.96 | 15.034.66 | 14.967.22 | 14.821.77 | 14.787.71 |
| דער אומזאַץ פון יאָר | 83.412.56 | 64.734.71 | 46.773.68 | 40.141.48 | 25.588.48 |



פון רעכטס: ב. און פרומה־גיטל וואַרשאַווסקי, אסתר שושאַנאָוו, שמחה פעלדמאַן, א. זלאָטניק א.א. ביי פּייוול דעם קוואַסניק אויפן הויף אין 1938



פון רעכטס : פריידל עפּעלבוים און איר מאַן און קינד, יענטע גאָלדמאַן, מ. שוואַרצבערג, רחל און שמואל עפּעלבוים, אליה קאָלענקאָוויטש (אין מיטן) א.א. — אויף דער באַן־סטאַנציע אין 1939, קורץ פאַר דער מלחמה

ח.

# דער לעצטער קאַפּיטל

## דראָהיטשינער יידן האָבן זיך געוואָלט ראַטעווען

מיר רעזיומירן: די יידישע לאַגע אונטער דעם פּוילישן רעזשים איז, ווי געזאָגט, געווען זייער אַ טרויעריקע. שוין ביי זייער ערשטן אַריינמאַרש קיין דראָהיטשין האָבן די פּאָליאַקן באַוויזן זייער אמת׳ן פּרצוף. אין זייער באַנעמונג צו די יידן האָבן די פּאָליאַקן איבעראַל אַרויסגעוויזן איראָגאַנץ,



אַ קלאַס פון דער שולע "מוריה". די לערער פון רעכטס: פּאַלעווסקי, באַראַנטשוק, מ. בעזדזשעסקי, ראַבינאָוויטש, וואָלפסאָן, קאָלניק, האַקמאַן

רוגזה און פאַראורטייל צו דעם „זשיד־קאָמוניסט", ווי זיי פלעגן באַצייכענען יעדן ייד.

דראָהיטשינער יידן האָבן פון פאָרויס אָנגעפילט, אַז מען וועט ביי די פּאָליאַקן נישט לעבן קיין האָניג. האָט זיך גלייך פון אָנהויב אָנגעהויבן אַ געלויפעריי פון שטעטל. ספּעציעל, האָט די יוגנט, צוליב פאַרשטענדלעכע סיבות, געלאָזט זיך אין דער גרויסער וועלט אַריין.

כל זמן עס האָט זיך געלאָזט, איז מען געלאָפן קיין אַמע־ריקע. שפּעטער, ווען די טויערן פון די פאַראייניקטע שטאַטן האָבן זיך צוגעמאַכט, האָט די יוגנט אָנגעהויבן שפּאַרן זיך קיין ארץ־ישראל. אַ קליינע צאָל יונגעלייט, וועמען דער מזל האָט צוגעשפּילט צו באַקומען סערטיפיקאַטן, האָט עולה גע־ווען קיין ארץ־ישראל. די ווייניקער גליקלעכע יונגעלייט, האָבן עמיגרירט אין אַנדערע לענדער. צענדליקער, און צענד־ליקער יונגעלייט פון דראָהיטשין זיינען געלאָפן קיין אַרגענ־טינע, קובאַ און קאַנאַדע, ביז וואַנען אויך די דאָזיקע לענדער האָבן געשלאָסן זייערע טויערן פאַר דער יידישער אימי־גראַציע.

די יונגעלייט, וואָס האָבן נישט באַוויזן אין צייט צו אַנט־לויפן, זיינען געבליבן שטעקן אין שטעטל אָן אַ ציל און אָן אַן אויסקוק אויף אַ בעסערן מאָרגן. מיט יעדן יאָר זיינען

אונטערגעוואָקסן מער יידישע בחורים און מיידלעך, וועלכע האָבן זיך אַרומגעדרייט איבער די גאַסן אָן אַ תכלית אין לעבן און אַרויסגעקוקט אויף אַ נס, עס זאָל זיך ערגעץ־ווו עפענען אַ וועג און מ׳זאָל קענען עמיגרירן. צו וואָס צו נעמען זיך איז נישט געווען; קיין מלאכה האָט מען זיך נישט גע־לערנט, ווייל עס איז סיי־ווי־סיי נישט געווען קיין גענוג אַרבעט פאַר אַלעמען. און קרעמער מיט קרעמלעך זיינען אין שטעטל געווען די והותר. איז, במילא, אויך געווען זייער שווער צו שליסן שידוכים. מחמת עס איז גלייך אויפגע־שווומען די פראַגע: „מה נאכל"? — וואָס וועט מען טאָן גליך אויף מאָרגן נאָך דער חתונה?...

מילא, מיט בחורים איז נאָך געווען אַ האַלבע צרה. אָבער מיט מיידלאַך איז געווען אַ דילעמע, אַ פּראָבלעם. זיינען טאַטעס געווען טאַקע שטאַרק באַזאָרגט וועגן דעם תכלית פון זייערע טעכטער. און יעדער פאָטער און מוטער האָט אויס־געקוקט, אַז עס זאָל אַראָפּקומען אַ בחור פון אַמעריקע און



חברה־קדישא. פון רעכטס: מאיר קאַפּלאָן (דער לינער), אַ קאָלאָניער, מרדכי פערקאָוויצקי (זאַלוזשער) און מאָטיע וואַרשאַווסקי.

צונעמען זייער טאָכטער מיט זיך אין דעם גאָלדענעם לאַנד...

מען קען נישט זאָגן, אַז די דראָהיטשינער יוגנט האָט פאַרטאַכלעוועט די צייט מיט גאָרנישט. אוודאי, האָט מען געטאָן כללות׳דיקע אַרבעט; מען איז געווען טעטיק אין פּאַר־טייען; מען האָט געקליבן געלט פאַר ארץ־ישראל; מען איז געפאָרן אויף הכשרה א.א.וו. אָבער, צו קיין תכלית איז דאָס אַלץ נישט געקומען. וואָרים עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל האָט מען נישט געקענט, מחמת מען האָט נישט געקענט

באַקומען קיין סערטיפיקאַטן. האָט מען זיך ווידער אַרומגעדרייט, ענטוישטע און פאַרביטערטע, איבער די גאַסן ווי אויף דעם עולם התוהו...

נישטאָ וואָס צו זאָגן, דראָהיטשינער יידן האָבן זיך געוואָלט ראַטעווען פון דער אָנקומענדיקער סכנה, אָבער, גיי, לויף, אַז אַלע וועגן זיינען געווען פאַרשפּאַרט און אָפּגעשלאָסן.

נאָך גוט, וואָס פריינט און לאַנדסלייט אין אַמעריקע האָבן געדענקט אין זייערע נאָענטע אין דראָהיטשין, און פלעגן פון צייט צו צייט צושיקן אַ פּאָר דאָלאַר, האָט מען נאָך געקענט זשיפּען און שפּאַרן די טעג...

## פּאָגראָמען (עקסצעסן) אויף יידן אין פּוילן

פון יאָר 1937, — נאָך דעם פאַרבאָט פון דער כשר׳ער שחיטה, און מיט דער פאַרשטאַרקטער באָיקאָט־אַקציע פון



לויה פון באָבע גראָסמאַן 28 יולי 1935. עס גייען נאָך: איר מאַן גדליה און זין, ירמיה, חיים, זעליג

די פּאָליאַקן קעגן די יידן — זיינען די באַציאונגען צווישן די יידן און די פּאָליאַקן זעער שטאַרק פאַרשאַרפט און אָנגעשטרענגט געוואָרן. אַ פּאָגראָם־כוואַליע האָט זיך געהאַט צעגאָסן איבער גאַנץ פּוילן. עס האָבן אויסגעבראָכן פּאָגראָמען אין פּשיטיק, טשענסטאָכאָוו, בריסק, קאָברין און אַנדערע יידישע ישובים, ווו פיל יידיש־בלוט איז פאַרגאָסן געוואָרן, און יידישע האָב־און־גוטס איז צעפּלינדערט און צוגערויבט געוואָרן פון די צעווילדעוועטע און מיט יידן־האַס פאַר׳סמ׳טע פּאָליאַקן.

גאַנץ פּוילן איז באַהערשט געוואָרן פון אַ פּשיטיק־שטימונג. איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן יענעם פרייטאָג פאַרנאַכט, ווען דאָס פּוילישע געריכט האָט נאָך פאַר׳משפּ׳ט די פּשיטיקער יידן פאַר דעם „חטא״, וואָס זיי האָבן געוואַגט צו פאַרטיידיקן זייערע לעבנס קעגן די פּוילישע פּאָגראָמשטשיקעס! עס איז דאַן געווען ממש אַ תשעה־באב פאַר דעם גאַנצן פּוילישן יידנטום. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה פון פּראָצעסן: אַז אַ ייד האָט געעפנט דאָס מויל, האָבן זיך גלייך אָפּגעיאָוועט די „יאָר־עדות״, וועלכע האָבן עדות געזאָגט, אַז דער דאָזיקער „זשיד״ האָט באַליידיקט דעם „פּוילישן כבוד״ און איז דערפאַר נעוואָרפן געוואָרן אין טורמע...

די פּאָליאַקן האָבן נישט דערלאָזט דעם ייד צו עסן במנוחה. אָבער, פון דער צווייטער זייט האָבן זיי אַכטונג געגעבן, אַז דער ייד זאָל, חלילה, נישט פאַרנאַכלעסיקן די סאַניטאַרע באַדינגונגען. עטלעכע מאָל אַ וואָך האָט מען געמוזט קערן דעם ברוק, די הויפן און וואַשן די טראָטואַרן. פאַר עובר זיין אויף דעם דאָזיקן „געזעץ״ האָט מען געצאָלט שווערע שטראָפן. האָט אימיצער אַ שפּיי געטאָן אין גאַס אָדער אַראָפּגעוואָרפן דעם טראַמוויי־בילעט האָט מען געצאָלט אַ זלאָטע. זיי האָבן געוואָלט די יידן זאָלן זיך האַלטן ריין, אָבער עסן — נישט...

אין די יאָרן 1938־1931 האָב איך זיך געפונען אין וואַרשע, און בין כמעט געווען אַ בן־בית אין די יידישע רעדאַקציעס, האָב איך געהאַט די געלעגנהייט צו פילן דעם פּולס פון דעם יידישן לעבן אין פּוילן, — געדענק איך, ווי אין יענע פּשיטיקער טעג האָט זיך איינמאָל דער טעלעפאָן אין „מאָמענט״

צעקלונגען: „ראַטעוועט אונדז... מיר זיינען אין סכנה... אַ ליאַדע מינוט וועלן די באַנדיטן אונדז באַפאַלן... שיקט אונדז הילף...!" — אַזוי האָבן יידן אַלאַרמירט פון שטעט און שטעטלאַך פון גאַנץ פוילן.

## אויסצוגן פון מיין טאָג־בוך

לשם אילוסטראַציע, וועגן יענע גורל׳דיקע טעג, ציטיר איך דאָ עטלעכע אויסצוגן פון מיין טאָג־בוך.

כו תמוז, תרצ״ז — 5 יולי, 1937, וואַרשע.

„...קיינער גלויבט שוין נישט מער אין אַ בעסערן מאָרגן. אַלע (יידן) זיינען דערמוטיקט און פאַר׳יאוש׳ט. די בריסקער



דער לעצטער וועג... דער ארון אויף דעם נייעם בית־עלמין

יידן האָט מען די שטייערן נישט געשיינקט, פאַרקערט, זיי דאַרפן נאָך צוצאָלן פאַר די הזיקות וואָס זיי האָבן געליטן אין פּאָגראָם. אין דאָרף קאָנילין איז אַ שמחה, דער גלח זאָגט, עס איז אַ היסטאָרישער יום־טוב, וואָס מען האָט אַרויסגעטריבן די לעצטע 2 יידן. אין שטאַווניץ טרייבט מען אַרויס די יידן פון פּאַרק. דער „גאָניעץ וואַרשאַווסקי" שרייבט: ׳די יידן איז נאָך אין פוילן צוגוט׳. די „אַבעצע" שרייבט: ׳אין זומפּ פון תלמוד, די יידן זיינען שונאים פון פוילן; שונאים פון יעדער עטיק און פאַרשריט׳. אין קאָברין באַגלייט מען צו זייער אייביקער רו זעקס קרבנות, געטויטעט צוליב וואָס?!"

13 יולי, 1937, וואַרשע.

„מען האָט שוין איינגעפירט פאַר די יידן אַ געטאָ. דער ׳גאָניעץ וואַרשאַווסקי׳, די ׳אַבעצע׳ טריאומפירן: די קאַטאָוויצער באַן־דירעקציע האָט איינגעפירט באַזונדערע וואַגאָנען פאַר די יידן..."

17 יולי, 1937, וואַרשע.

„מיר זיינען אָפּגעשלאָסן פון דער וועלט. מיר ווייסן אפילו נישט וואָס עס קומט פאָר אין די שכנות׳דיקע שטעטלאַך. די פּאָליאַקן לאָזן נישט שרייבן אין די צייטונגען וועגן די פּאָגראָמען. היינט האָב איך געלעזן אין די אַמעריקאַנער יידישע צייטונגען, אַז די פּאָליאַקן האָבן שוין דער׳הרג׳עט 22 יידן און 4 הונדערט פאַרוווּנדעט, און פיל יידישע פאַרמעגן פאַרניכטעט."

21 יולי, 1937, וואַרשע.

„די כוליגאַנישע אָנפאַלן הערן נישט אויף. אין גדיניע ווערט געפירט אַ שטאַרקע באָיקאָט־אַקציע קעגן די יידן. די פּאָליאַקן טוען די אַרבעט פון די דייטשן..."

24 יולי, 1937, וואַרשע.

„צעגעראָווסקי שרייבט: אין מילאַטין, גאַליציע, ליידן די יידן שרעקלעכע צרות. געוואָרן דאָרטן 50 משפחות היינט זיינען דאָרט פאַרבליבן 2. מען האָט פאַרברענט דאָס יידישע האָב־און־גוטס, געבליבן בלויז 3 הייזער. 3 אונטערצינדונגען אין משך פון דריי חדש־ים..."

„טרערן האָבן זיך מיר געשטעלט אין די אויגן. געוואַלד געשריגן, ווו נעמט זיך עס צו מענטשן אַזוי פיל חיה׳שקייט?! לאָמיר אַנטלויפן פון דאַנען! לאָמיר זיך ראַטעווען! טאָג־טעגלעך הערט מען נאָר: ׳גע׳הרג׳עט, געשלאָגן, געראַבירט!׳ איך האָב מורא צו שטעלן אַ טריט אונטערן שטאָט... שוין צוויי יאָר, ווי איך גיי נישט אַרויס פון יידישן געטאָ (וואַרשע). איך האָב שוין פאַרגעסן, ווי עס זעט אויס אַ פעלד, ווי די גראָז וואַקסט... מיר געפינען זיך אין אַ חיה׳שן מדבר..."

29 יולי, 1937, וואַרשע.

„אין בריסק פירן די ענדעקעס אַ גרויסע באָיקאָט־אַקציע. זיי שלעפּען אַרויס די קונים פון די יידישע געשעפטן. דער סטאַראָסטע האָט דערקלערט דער יידישער דעלעגאַציע, אַז רופן צו באָיקאָט מעג מען..."

30 אויגוסט, 1937, וואַרשע.

„דער אַנטיסעמיטיזם שטאַרקט זיך. די פוילישע פּיקעטן אַרבעטן מעשים. מען רייסט אַרויס דאָס ביסן ברויט פון מויל. אין לאָמזשע און אומגעגנט איז שרעקלעך. די גלחים העצן צו רשעות און גוואַלדטאַטן. אין וואַרשע אויף די גאַסן שלאָגט

מען יידן. יידישע יונגעלייט שלאָגן צוריק. 15 יידן אַרעס־טירט פאַר שטעלן זיך קעגן די כוליגאַנעס. אַ האַטענטאַטישע גערעכטיקייט...״

1 סעפטעמבער, 1937, וואַרשע.

„אין בידגאָשטש, אין סטאַק, אין מאַלקין, קעלץ, סטוטשין, טשיזשעוו, לאָדזש, אָשמענע, דראָהאָביטש, בריינסק, ווילנע, — אומעטום שלאָגט מען יידן! פון אומעטום קומען אָן האַרצ־רייסנדיקע וויי־געשרייען און רופן נאָך הילף...״

**

אַזוי האָט אויסגעזען אין יענע גורל׳דיקע טעג די יידישע לאַגע. איך אַליין האָב אויך געפילט די פוילישע דובינע אויף

אויסנאָם. די שטימונג אין שטעטל איז געווען זייער אַ גע־רייצטע. אין אַ געוויסן טאָג האָבן די „יונאַקעס״ (יונגע פּאָ־ליאַקן, וואָס האָבן געאַרבעט אויף די וועגן) צעלאָזט זייערע הענט און אָנגעהויבן ברשעווען אין שטאָט. די יידן פון דראָ־היטשין האָבן זיך קעגן געשטעלט און האָבן די באַנדיטן גוט אָנגעלערנט... לסוף האָט די פוילישע מאַכט נאָך אַרעסטירט אַ צאָל יידן און זיי פאַרשפּאַרט אין תפיסה. אַזוי האָט אויס־געטראָגן די פוילישע „גערעכטיקייט״...

**

די היטלער־אַטמאָספערע האָט געהאַט פאַרפעסטעט פוילן נאָך איידער די דייטשע שטורם־טרופּן האָבן אַריינגעמאַרשירט



דער נייער בית־עולם. פון רעכטס: הערשל אייזענשטיין (בולמאַקער), משה לייזער גראַטש, ישראל דוד און חנה מילנער. זיצן: חוה מילנער און איר זון יוסף.

מיינע פּלייצעס. צוויי מאָל בין איך געוואָרן צעשלאָגן אויף די וואַרשעווער גאַסן פון די פוילישע „דעמאָקראַטישע״ פּאָגראָמ־שטשיקעס, נאָך וועלכע די מערב־דעמאָקראַטן ביינקען און באַקלאָגן זיי היינט, נעבעך, אַזוי...

**

און דראָהיטשין איז אין דעם הינזיכט נישט געווען קיין

אין לאַנד. אויך די געטאָס זיינען שוין געווען צוגעגרייט דורך די פּאָליאַקן. איז נישט קיין וווּנדער וואָס די פוילישע ערד איז געוואָרן דער קבר פון אייראָפּייאישן יידנטום...

עס מוז דערביי אונטערגעשטראָכן ווערן, אַז קעגן דעם פוילישן לאַנד, אַלס אַזעלכן, האָבן מיר גאָרנישט וואָס אויס־צוזעצן. עס איז געווען אַ גוטע און אַ פרוכטבאַרע לאַנד.

צענדליקער דורות יידן, אין משך פון אַ טויזנט יאָר, האָבן זיך דאָרט אויסגעלעבט אין נחת און אין כבוד. עס איז געווען דאָרט אַן אמת'ער יידישער לעבן. און יידן האָבן נאָך געקענט דאָרט לעבן פאַר פילע הונדערטער יאָרן, וואָס וואָלט אויך געווען אַ ברכה פאַרן לאַנד. האָבן, אָבער, די בעלי־בתים פון לאַנד, די פּאָליאַקן פון נייעם פוילן, אויפגעפירט זיך ווי די זווערן און האָבן מיט זייער רשעות פאַראומערט די יידן דאָס לעבן, און האָבן גורם געווען צו דעם אונטערגאַנג פון דעם שענסטן און בעסטן יידנטום! און דערמיט האָבן זיי אויך פאַרפינצטערט און פאַרוויסט זייער אייגן לאַנד און לעבן...





אָט דאָס האָבן די דייטשע רוצחים געמאַכט פון דראָהיטשינער טאַטעס און מאַמעס און קינדער...!

## מיין לעצטער בליק אויף דראָהיטשין

ז' חשון, תרצ"ט — 1 נאָוועמבער, 1938, האָב איך פאַרלאָזט מיין היים־שטעטל אויף מיין רייזע קיין ענגלאַנד. פאַר מיין אָפּפאָרן האָבן איך זיך הייס־געזעגנט מיט מיינע טייערע טאַטע און מאַמע און שוועסטער, ווי אויך מיט אַלע דראָהיטשינער יידן, וועלכע האָבן מיט טרערן אין די אויגן מיר אָנגעזאָגט: „פאַרגעס נישט אָן אונדז! געדענק אָן אונדז!"... איך האָב געוואָרפן מיין לעצטן בליק אויף דראָהיטשין און איך בין אַוועק מיט דעם געדאַנק, אַז ביי דער ערשטער, בעסטער געלעגנהייט וועל איך צוריקקומען צו פרייען זיך מיט פאַמיליע און באַגריסן זיך מיט פריינט און באַקאַנטע... אָבער, ליידער, זיינען מיינע האָפענונגען אויסגערונען געוואָרן...

נישטאָ מער אונדזערע טאַטעס און מאַמעס; נישטאָ מער אונדזערע ברידער און שוועסטער פון דראָהיטשין... נישטאָ מער צו וועמען צוריקצוקומען... ווי דאָס מאָנאָטאָנע טריפּען פון אַ קאַליע־געוואָרענעם וואַסער־קראַן אין דער שטילקייט פון דער נאַכט; אַזוי קאַפּעט אַ טראָפּן נאָך אַ טראָפּן, אַ טרער פון אויג און אַ טראָפּן בלוט פון האַרצן, אין דער שוואַרצער שטילקייט, וואָס האָט אונדז אַרומגענומען נאָך זייער לעצטן „שמע־ישראל"־אויסגעשריי... קיין גוטס און קיין נחת זאָלן זיי (די דייטשן און זייערע היינטיקע פריינט) קיינמאָל נישט האָבן! זיי האָבן אונדז בלוטיק פאַרוואונדעט... אַ שטענדיקע נאָגעניש, נאָגט און עסט, ווי זשאַווער, אַרום האַרצן און לאָזט נישט פאַרגעסן...

יאָ, קדושים פון דראָהיטשין, אייער צוואה איז איינגעקריצט אין מיין האַרצן מיט טרערן און מיט בלוט... קיינמאָל, קיינמאָל וועל איך אָן אייך נישט פאַרגעסן...! אייביק, אייביק וועל איך אויך געדענקען אָן די רוצחים, די דייטשן, ימ"ש...!

**יואל סלאָנים** (ניו־יאָרק) *

# צווײ מאָל אין דראָהיטשין

.1

און איז דאָס דערזעלביקער טײכל,
וווּ מיר פלעגן באָדן זיך גײן?
וווּ זײנען די הינט מיט די שקצים,
וואָס פלעגן בײם ברעג שטענדיק שטײן?...



יואל סלאָנים

און איז דאָס דערזעלביקער װיאָן,
וווּ מיר פלעגן זומער פאַרנאַכט
נאָך חדר זיך שפּילן אין פערדלאַך,
אָדער מעשׂיות דערצײלן פאַרטראַכט?...

און איז דאָס דערזעלביקער גאָרטן,
וווּ מיר האָבן שטונדן געקעסט
אויף יאַגדעס און קאַרשן און אײעלעך,
געגנבעט פון פײגעלשן נעסט?...

און איז דאָס דערזעלביקער בערגל,
וווּ איך מיט מײן קלײנער אַרמײ
פלעג שטענדיק פאַרטרײבן די „פלשתּים"
אין גריבער פון בלאָטע און שנײ?...

און איז דאָס דערזעלביקער פעלד, וווּ
כ'פלעג שבת אַוועק אין די קאָרן
מיט חיה'לען? כ'האָב קײנמאָל פאַרגעסן
די קושן, אין לויף פון די יאָרן!...

און איז דאָס — די ריזיקע טורעמס,
דער טומל, דער ווילדער געשרײ,
די פלאַמען וואָס שפּרײטן זיך, ברענען
אין טאַנצנדיקן האַרץ פון בראָדווײ...

צי האָב איך אין בליציקן אומרו
פאַרלאָרן דאָס גליק פון אַמאָל,
צי האָב איך אין אַש פון די פלאַמען
פאַרגעסן דעם ווײט־ווײטן קול?...

צי איז דאָס דראָהיטשין, דראָהיטשין,
דער אינדזל, דער גרינער פון גליק,
וווּ איך בין אַלס קינד נאָך געקומען
פון אַמעריקע מיט װוּנדער אין בליק...

דער זאַמדיקער וועג איז צו בראָנע
געוועזן מיר פון חלום ס'לאַנד,
און טעגלעך ווײט־ווײט פון פּאָפּינע
פלעגט מיך פירן אַ נעפּלדיק האַנט...

ניט װוּנדער, מײן פרײנט, זיך, דו ביזט איצט
צוריק אין דראָהיטשין געקומען,
צוריק אין די גאַסן און געסלעך,
מיט שײנע זכרונות באַנומען...

מײן פרײנט, דאָ איז אַלץ ווי געוועזן —
דער וואַלד און דער טײך און די קאָרן;
ס'איז אַלץ דאָ געבליבן ווי פריער,
נאָר דו ביזט פאַרענדערט געוואָרן . . .

.2

און ווען איך בין אין דראָהיטשין געקומען צוריק,
דאַן האָב איך זי גאָר ניט דערקענט;

* יואל סלאָנים, — וועלכער איז געווען אַ באַוווּסטער דיכטער און איז פאַר אַ צײט מיט יאָרן געווען אַ מיטאַרבעטער פון ניו־יאָרקער „טאָג", וווּ ער האָט פאַרעפנטלעכט אַ גרויסע צאָל לידער, — איז געווען אַ געבוירענער פון דראָהיטשין. מיר ברענגען דאָ עטלעכע פון סלאָנים'ס לידער, וואָס דער דיכטער האָט געהאַט געדרוקט אין „טאָג" נאָך זײנע באַזוכן אין דראָ־היטשין. י. סלאָנים איז געשטאָרבן אין 1944. — [די רעד.]

עס האָבן די גאַסן, די הייזער, די מענטשן
מיר אויסגעזען אַנדערש און פרעמד . . .

די גאַסן זיי זיינען מיט שטיינער ברוקירט,
ניטאָ מער די בלאָטע אין מאַרק,
ניטאָ מער די קרעטשמע ביים מאַרק, וואָס פלעגט שטיין
ווי אַ גרייז מיט געבויגענעם קאַרק . . .

די קראָמען, זיי זיינען פון ציגל געבויט,
און מויערן פיל אומעטום;
נאָר דאָרט אויף מצרים-גאַס שטייט ווו-ניט-ווו
אַ הויז נאָך געהויקערט און קרום . . .

איך בין אויף דעם שול-הויף, דעם אַלטן, אַוועק —
ס'איז אַלץ דאָרט פאַרענדערט און ניי:
אַ דריי-שטאָקיג הויז איז מיין חדר גאָר איצט,
ווו ס'איז דאָרט מיין קינדהייט פאַרביי . . .

איך בין דאַן אַוועק אויפן זאַמד ביי דעם בריק,
דאָך חיה'לע איז מער ניט געווען;
טאַטע-מאַמע געשטאָרבן, און זי איז אַוועק
און קיינער האָט מער זי געזען . . .

געגאַנגען בין איך צו דעם זעגאָכץ-געשעפט
פון מיין זיידן, ר' וועלוועל, — לאַנג טויט.
ווו זיינען די פריצים פון דערפער און הייפן,
מיט בריטשקעס אין גרין און אין רויט?

ווו זיינען די ווייבער אין בייענע לייבלעך,
די שטיבלעך מיט דעכער פון שטרוי,
די באָד מיט די אַלטע, צעבראָכענע פענצטער,
דער הקדש פול עלענד און ווי?

ווו זיינען די חסידים אין גאַטקעס און לאַפּטשעס,
דער רבי, דער הייליקער ייד,
די לאַנגע קאַפּאָטעס, די סאַמעטענע היטלען,
דאָס לעבן בשלוה און פריד?...

אַווו איז די אַלטע, אַמאָליקע שטילקייט,
די ריינע, די כשרע צייט?
ס'האָט אַלץ זיך געענדערט, ס'האָט אַלץ זיך געביטן,
ס'איז אַלץ אַזוי ווייט, אַזוי ווייט...

און בין איך אַוועק פון דעם שטעטל, איז אויף מיר
געפאַלן אַ בענקשאַפט, ס'איז פול
געוואָרן מיין האַרץ מיט די שאָטנס פון שול-הויף,
דעם בליין-לאָמפּ און הענג-ליכט פון שול...

ס'איז אָדער דער הימל פון זייד-ווייכער בלויקייט,
און אַ גין-גאָלדן שטול אָנגעגרייט,
צי אָדער די ערד מיט וואַמפּירישע בליקן
אין לופט און באַרוישונג געשפּרייט...

שוין בעסער בראָדווי מיט דער בלוטיקער שיינקייט
מיט נשמות אין פלאַמיקן ווינט,
שוין בעסער פון האַלב-זינד אין קליינינקען שטעטל
דער פלאַם פון ניו יאָרקער זינד...

און בין איך אַוועק פון דעם שטעטל, האָט שנעל מיר
אַ ווייטעק מיין האַרצן פאַרקלעמט;
געפאָרן אויף ימ'ען, געצויבערט חלומות,
געבליבן צעווייטעקט, פאַרשעמט...

# איך פיל אַזאַ בענקשאַפט

מאַלע וואָס קאָן אָפט פאַסירן מיט מיר.
איך ווייס אָפט אַליין ניט מיט מיר וואָס קאָן זיין,
אָפט דאַכט זיך מיר פלוצלונג, אַז איך בין צוריק
אַ יינגל און פאָר אין דראָהיטשין אַריין.

געקומען די באָבע מיטן זיידן צום באַן,
מיט יאַנקעל באַלעגאָלע מיט צוויי סיווע פערד,
מיך באַגעגענען. די פערד האָבן געהירזשעט, און ווילד
געטאָפּעט, געגראַבלט די בלאָטיקע ערד.

איך שפּרינג פונעם וואָגן אַראָפּ, און איך לויף
אַרום אין דעם הויכן, דעם דופטיקן גראָז,
די פערד סאָפּען שווער אויפן זאַמדיקן וועג,
און איך פלי אין פעלד אַזוי פריי ווי אַ האָז.

די מאַמע שעפּט נחת, דאָך שרייט זי אויף מיר,
און ס'וואָרנט ר' יאַנקעל: „ס'איז וועלף דאָ פאַראַן",
צעלאַך איך זיך לוסטיק: „אין אַמעריקע ביי אונדז
איז יעטווידער, יעטווידער יינגל אַ מאַן."

„ס'אַרא שטיפער, ס'אַרא שטיפער", רעדט דער זיידע
צו מיר,
און לאַכט דורך דער באָרד, גיט אַ קניפּ מיר דערביי.
איך קוש אים אין האָריקן מויל, שפּרינג אַראָפּ
צוריק פונעם וואָגן, לויף זומערדיק-פריי.

און קומען מיר אַלע צום זיידן אין הויז,
באַגריס איך די קרובים און לויף שנעל אַרויס,
אין הויף לעבן שייער געפין איך צוויי הינט,
איך שליס מיט זיי פריינטשאַפט און ברענג זיי אין הויז.

איך גיי אינעם חדר, איך לערן זיך גוט,
מען קנייפּט מיך אין בעקל, מען בענטשט זיך מיט מיר,
דאָך מיר ווערט דערעסן דער הדר, די שול,
איך גנבע זיך אַרויס דורך אַ הינטערשטער טיר.

איך שפּיל זיך אין קאָרן, איך לויף אום אין וואַלד,
איך קלעטער אויף ביימער, צעקלאַפּ זיך דעם קאָפּ,
זוך פֿייגלשע נעסטן, איך גיב נאָר איין קוק,
איך ריר ניט די אייעלעך, איך קריך גלייך אַראָפּ.

איך יאָג זיך נאָך בהמות, איך שפּרינג אויף די פֿערד,
ווי פֿריי איז די וועלט מיר, פֿיל קיינמאָל ניט טריב,
די פּאַסטוכער זיינען צו מיר אַזוי גוט,
דער רשע פּאַווליוק האָט אפילו מיך ליב.

און טשערעדעס טרייב איך אין שטעטל צוריק,
איך ליאַרם מיט יינגלעך אַרום אין דער גאַס,
און שרייט אויף מיר אָנעט די מאַמע, איז וואָס?
איך ווייס דאָך, עס איז נאָר אויף שפּאַס.

און קאַשטאַן — איך פּאָר אויף אים רייטנדיק אום,
ער בילט, דאָך ער דרייט אַזוי פֿריינטלעך זיין קאָפּ,
און מורזא שפּרינגט אום ווי אַ שוואַרץ-ווייסע קאַלב,
קוקט אָן מיך מיט פֿרייד, טרעט פֿון מיר גאָר ניט אָפּ.

איך לערן די יינגלעך צו שפּילן אין באַל,
איך לערן זיי אויך ווי צו באַקסן זיך שנעל,
איך האָב זיך מיין חברה, צוויי-צענדליק אין צאָל,
מיר מאַכן פֿון דאָרפֿישע שקצים אַ תל.

זיץ איך אין ניו יאָרק און שמייכל צו זיך,
די יאָרן זיי פֿליען אַזוי גיך, אַזוי גיך,
דאָך זע איך דראָהיטשין פֿאַר זיך אַזוי קלאָר,
ווי איך וואָלט אַ קינד געווען דאָרט לעצטן יאָר.

מיין האָרץ ווערט צעגליט, כאָטש איך בין אַזוי מיד,
און פֿליגלדיק ווערן מיינע טרוקענע רייד,
און ס'קלינגט מיט אַ ביינקשאַפֿט אַ לאַנג-טויטע ליד,
איך פֿיל אַזאַ ווייטעק, איך פֿיל אַזאַ פֿרייד . . .

# ניו-יאָרק און דראָהיטשין

נעכטן בין איך אין דראָהיטשין געווען,
כ'האָב ווידער דעם וויאָן, דעם גרינעם, געזען;
דעם אַלטן בית-מדרש, די חסידישע שול,
דער מאַרק איז געווען מיט פּויערים פֿול.
די קוזניע ביים טייכל האָט פֿונקען געשלאָגן,
דאָס טייכל געפֿלאָסן מיט רוישיקן יאָגן,
און מאַמעס מיט נאַקעטע פֿיס אינעם וואַסער
האָבן וויינענדע קינדער געצוואָגן.

ווען איך בין קיין בראָנע פֿון שול-הייף אַוועק,
האָבן ביימער באַהאַלטן די זון אויפֿן וועג;
ווען איך בין צום פֿריץ אין בראָנע אַריין,
איז דער וואַלד ווי פֿאַר'כשוף'ט געשטאַנען אין שיין.
די הינט זיינען ווידער אַרויס מיט געביל,
בין איך, ווי געוויינלעך, געבליבן שטיין שטיל,
איז פּלוצלונג אַ יונגע פּאַניענקע געקומען
און צערטלעך און וואַרעם מיין האַנט אַנגענומען.

בין שפּעטער אַוועק קיין דראָהיטשין צוריק
אויף סטעזשקעס פֿאַרדרייטע, מיט פֿריידן אין בליק;
עס זיצן אויף פֿריזבעס פֿאַרהאָרעוועטע ווייבער,
עס פּיפּקען די ליולקעס די מענער לעם זיי.
דערציילט מען זיך מעשיות פֿון דעם אָדער יענעם,
און קיינער ווינטשט קיינעם קיין שלעכטס ניט, קיין וויי.
די לבנה צעוויגט זיך אין בוימער מיט שיין —
ווי גוט אין דראָהיטשין איז איצטער צו זיין.

און אָט איז דער זיידע, און אָט איז די באָבע,
און אָט איז די גרויסע פּירקאַנטיקע שטוב,
און דאָ די טאָפּאָלן, די יונגע בעריאָזעס,
אין מיטן אַ ריזיק צעבלעטערטער דוב.
איך טרעף אָן דעם דיין, איך רייד מיט דעם רב,
ווי האַרציק און פֿריינדלעך, ווי טיף זייער בליק;
ס'איז אַלץ אַזוי נאָענט צו מיר, אַזוי ליב —
מיר איז אַזוי גוט, אַז איך וויל ניט צוריק.

אַלס קינד בין איך איינמאָל געווען דאָ בלויז,
דאָך דאַכט מיר, ס'איז אָפּן פֿאַר מיר יעדעס הויז.
און ס'דאַכט מיר, אַז יעטווידע בלום, יעדער בוים,
מורמלט מיר עפּעס פֿון רו און פֿון היים.
איך פֿיל זיך דערהויבן, איך פֿיל אין זיך גלויבן,
איך האָב פֿון ניו יאָרקישן יאָך זיך באַפֿרייט;
דאָ וועט מיר דאָס לעבן קיין טרוימען ניט רויבן,
דאָ וועל איך אין יוגנט שוין ווערן באַנייט.

דאָ וועל איך ניט הערן קיין רייד מער, קיין פֿאַלשע,
פֿון פֿריינט דאָ ניט ווערן טאָג-טעגלעך גענאַרט;
מען וועט מיין פֿאַנטאַזיע דאָ קיינמאָל ניט צוימען,
דאָ וועט מיין נשמה ניט בלייבן פֿאַרשפּאַרט.
ניו יאָרק, אירע טורעמס, זיי שפּאַלטן די הויכן,
פֿרובירט — און איך האָב ניט געקענט זיי דערגרייכן,
איך וויל זי פֿאַרגעסן, איר רולאָזן בליק,
איך וויל דאָ פֿאַרבלייבן, ניט גיין מער צוריק.

דאָ האָב איך זיך אויפגעכאַפּט פּלוצלונג פון שלאָף,
האָט שנעל פון מיין האַרץ זיך געקייקלט אַ שטיין,
דערפילט אין מיין חלום, אין פּלוצלונגען סוף,
אַז דאָ וועל איך אויפגיין און אויך אונטערגיין.

אָפּט ווער איך געהייליקט, אָפּט ווער איך פאַרשוועכט.
אָפּט בין איך אַ האַר און אָפּט בין איך אַ קנעכט,
צי טרינק איך דאָ וואַסער, צי טרינק איך דאָ וויין,
אָט דאָ אין ניו יאָרק וועל איך שטענדיק שוין זיין.

# כמעלניצקי׳ס באַנדעס האָבן חרוב געמאַכט דראָהיטשין אין 1648

דאָס האָט איבערגעגעבן דער 95 יאָריקער זקן מ. גאָלד־בערג, פון 10טער עוועניו, ברוקלין (געשטאָרבן מיט עטלעכע יאָר צוריק), צו אונדזער מיטאַרבעטער גדליה קאַפּלאַן.

מ. גאָלדבערג האָט דערציילט — ער האָט דאָס געהערט פון זיין זיידן — אַז דראָהיטשין איז געווען איינע פון יענע הונדערטער יידישע קהילות, וועלכע זיינען חרוב געוואָרן דורך דעם טרויעריק־באַרימטן באַגדאַן כמעלניצקי מיט זיינע באַנ־דעס. כמעט אלע יידן פון דראָהיטשין זיינען דאַן, אין דער גזרת ת״ח ות״ט, אויסגע׳הרג׳עט געוואָרן. נאָר איינצעלנע זיינען פאַרבליבן, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט אין די אַרו־מיקע וועלדער.

די הרוגים פון דראָהיטשין האָט מען מקבר געווען אין אַ געסל לעבן אַלטער דעם מגיד׳ס, ווו עס האָט זיך געפונען די הויז פון האַרסים דער באַנדער. מיט יאָרן צוריק האָט מען טאַקע אויף דעם פּלאַץ אויסגעגראָבן מענטשלעכע סקעלעטן און ביינער...

פון אַלע שטעטלאַך אַרום איז בלויז דאָס שטעטל כאָמסק, וועלכע איז צוויי מייל פון דראָהיטשין, געבליבן גאַנץ און אומבאַרירט פון די ווילדע קאָזאַקן און הײדאַמאַקעס, וועלכע האָבן, הכּנים, פאַרזען די קליינע יידישע קהילה אין שטעטל כאָמסק, מחמת זי ליגט ווייט אַוועק פון טראַקט.

כאָמסק ווערט טאַקע דערמאָנט אין דער געשיכטע פון גזרת ת״ח ות״ט, אַלס דער אָרט, ווו דער „ועד מדינת ליטא״ האָט דאַן נאָך דעם חורבן, אָפּגעהאַלטן די באַוווּסטע טרויער־פאַרזאַמלונג נאָך די קדושים און אָנגענומען תקנות פון אבלות, ווי אויך מתקן געווען דעם תענית „כ׳ סיון״ לזכר די קדושים.




דער מויער און קראָמען פון אסתר יהודית גראַטש אין מאַרק אין יאָר 1932

הרב מרדכי מינקאָוויטש (ניו־יאָרק) *

# אַ קאַפּיטל געשיכטע

## א.

### מיין ערשטער אַריינפאָר קיין דראָהיטשין

געבוירן בין איך אין בוטען לעבן סלאָנים. אָבער עס איז געווען מיין מזל און גורל צו טרעפן מיין זיווג אין דראָהיטשין, און אַזוי אַרום בין איך געוואָרן פאַרבונדן מיטן לעבן פון דראָהיטשין, ווו איך האָב אַ גרויסן טייל פון מיינע יאָרן פאַרבראַכט; אויפגעבראַכט אַ פאַמיליע און מיטגעמאַכט אַלע פריידן און לײדן צוזאַמען מיט אַלע יידן פון דראָהיטשין.


רב מ. מינקאָוויטש (מינקאָוו)

מיין ערשטער אַריינפאָר קיין דראָהיטשין (אַלס חתן), איז אויסגעקומען אין מיטן זומער פון יאָר 1902. דאָס שטעטל האָט אויבנאויפיק געהאַט אַן אויסזען ווי אַלע פּאָלעסיער שטעטלאַך, נאָר מיט איין אונטערשייד, וואָס פיל אַנדערע שטעטלאַך פון געגנט האָבן געהאַט ברוקירטע גאַסן און דראָהיטשין נישט. זומער־צייט איז נאָך געווען צו דערליידן. מען האָט געטראָטן אין זאַמד און ערד, די שטויב איז געפלויגן אין די אויגן, אָבער דאָך איז געווען טרוקן. דערפאַר, אַז עס איז געקומען דער ווינטער האָט מען פּשוט זיך געטרונקען אין בלאָטע. די פרויען, ווי די מענער, האָבן ווינטער־צייט געמוזט טראָגן גרויסע שטיוול, און איך, צוזאַמען מיט אַלעמען, האָב געמוזט בראָדזשען אין טיפע בלאָטעס. ביז די רוסישע רעגירונג האָט אין יאָר 1910 געמאַכט אַ שאָסיי און דראָהיטשין איז געוואָרן אַ שטאָט מיט לייטישע שטעט צוגלייך.

ביי מיין אָנקומען קיין דראָהיטשין האָב איך געטראָפן דריי יונגע מוסמכים, וועלכע זיינען געזעסן און געלערנט און געוואַרט אויף רבנות־שטעלעס. איינער איז געווען מיין שוואָגער, הרב הגאון, ר׳ זאב וואָלף מילער, ז״ל (ער האָט געשטאַמט פון קלעצק). דער צווייטער איז געווען, הרב הגאון, ר׳ אייזיק יעקב קאַלענקאָוויטש, הי״ד, דעם רב׳ס איידעם. דער דריטער איז געווען, הרב הגאון, ר׳ דוד מרדכי יודאָווסקי, ז״ל, „דער פּרוש״, ווי מען האָט אים גערופן. געשטאַמט האָט ער פון אַ קליין שטעטל לעם בריסק.

דער ר׳ דוד מרדכי, האָט געלעבט זייער באַשיידן און צוריקגעהאַלטן. די מערסטע פון זיין צייט פלעגט ער לערנען ביי זיך אין שטוב. וויפיל איך האָב זיך נישט באַמיט צו טרעפן מיט אים, האָט זיך מיר עס נישט איינגעגעבן. איינמאָל האָב איך אים געטראָפן לערנענדיק אין נייעם בית־מדרש, האָב איך אָנגעהויבן פאַרבינדן אַ שמועס מיט אים. נאָר אַזוי ווי איך האָב באַמערקט, אַז ער איז נישט צופרידן פון מיינע פראַגן, ווי ער וואָלט מיר אין עפּעס חושד געווען, האָב איך אָפּגעהאַקט דעם געשפּרעך און איך בין אַוועק.

צו יענער צייט האָט אין דראָהיטשין געהאַט פאַרנומען דעם כסא־הרבנות, הרב הגאון ר׳ מנחם רייכמאַן, ז״ל. ר׳ מנחם איז שוין געווען דאַן אַ זקן און זייער טויב, עס איז פּשוט געווען שווער צוזעניפרעדן זיך מיט אים. זיין תמימות׳דיי־קייט און ערלעכקייט איז געווען אויסגעגאָסן אויף זיין פּנים. זיין פרוי, די רביצין, איז געווען די ריכטיקע צדקנית. זי פלעגט אַלע טאָג גיין איבערן שטאָט קלייבן געלט פאַר די אָרימע. זי האָט אויך אויסגעהאַלטן אַ רבי׳ן (ר׳ אייזיק) פאַר די אָרימע קינדער.

## ב.

### גרינדונג פון חברה־ש״ס

אַזוי ווי איך בין געווען ביי ר׳ משה פּאָריצקער דער צווייטער איידעם, אַ מוסמך, האָט מיין שווער געקויפט פאַר מיר אַן אָרט, צום לערנען און דאַוונען, אין אַלטן בית־מדרש.

* די דאָזיקע באַאַרבעטע אויסצוגן זיינען אַרויסגענומען פון אַ פאַמיליע־ביאָגראַפיע פונעם מחבר.—[די רעדאַקציע.]

גענטאָן האָט ער דאָס, מסתמא, צוליב אַן עין־הרע, אַז ביידע
אײדעמ׳ס זאָלן זיך נישט געפינען אין נייעם בית־מדרש. דאָס
איינבירגערן זיך אין אַלטן בית־מדרש, האָט מיט דער צייט
געבראַכט אַ גרויסע תועלת. נאָכ׳ן באַקענען זיך מיט די בעלי־
בתים, לומדים, פון אַלטן בית־מדרש, האָט מען מיר פאָר־
געשלאָגן איך זאָל לערנען מיטן עולם אַ בלאַט גמרא, וועלכעס
איך האָב גערן אָנגענומען. ביז דאַן פלעגט ר׳ משה וועלוויל,
ז״ל, לערנען מיט עטלעכע יידן חיי־אדם. די הויפּט־גרינ־
דער פון דער חברה ש״ס זיינען געווען ר׳ ישראל אפרימ׳ס
אָדער ישראל טילעס, ר׳ זלמן בוניעס און אנדערע. דער
אַלטער בית־מדרש האָט אָנגעהויבן אָפּלעבן. די חברה־ש״ס
איז וואָס ווייטער אַלץ מער שטאַרקער און גרעסער געוואָרן.
אונזער בלאַט־גמרא, בין מנחה למעריב, איז געוואָרן מפורסם
אין שטאָט, און עס האָט צוגעצויגן אַלע מאָל מער לערנערס.

ווען מיר האָבן געענדיקט די ערשטע מסכתא האָבן מיר
געמאַכט אַ סיום באַגלייט מיט אַ שיינער סעודה אין ר׳ יצחק
אביגדור׳ס הויז. מיט יאָרן שפּעטער, ווען מיר האָבן גע־
ענדיקט גאַנץ ש״ס, האָט מען אין אַלטן בית־מדרש געמאַכט
אַ גרויסע שמחה, וועלכע האָט זיך געצויגן אַ גאַנצע וואָך.
די שול איז געווען שיין אויסגעדעקאָרירט, און אַלע טאָג
זיינען פאָרגעקומען סעודות, ביי וועלכע מען האָט געזאָגט
הדרנ׳ס און דער עולם האָט געהאַט אַן אמת׳ן תענוג־רוחני.

די חברה־ש״ס האָט אויך אָנגעהאַלטן אין די יאָרן פון
דער ערשטער וועלט־מלחמה. נאָכדעם ווי די אָפּטרעטנדיקע
רוסישע אַרמעע האָט פאַרברענט אַלע שוהלן, האָט זיך די



די גאַס נאָך דעם בריק, וואָס גייט צום זאַמד

חברה־ש״ס אַריבערגעקליבן אין דער איינציקער פאַרבלי־
בענער חסידים־שטיבל. איך האָב אָנגעהאַלטן דער חברה־
ש״ס ביז איך בין אין יאָר 1924 אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע.
דעם לעצטן שיעור האָב איך געזאָגט ביי מיר אין הויז אויף
די געפּאַקטע פּעק. ווען אויפן גאַס זיינען שוין געשטאַנען
גרייט די וועגענער, וועלכע האָבן געדאַרפט אונז נעמען צום
באַן, האָבן די חברים געבראַכט גמרות מיט ליכט און איך
האָב געלערנט מיט זיי צום לעצטן מאָל דעם בלאַט גמרא.
נאָכדעם האָט די חברה מיר געגעבן אַ דאַנק־בריוו מיט
חתימות פון אַלע חברים, אַלס אָנערקענונג פאַר מיין זאָגן דעם
שיעור אין משך פון 23 יאָר. נאָכדעם זיינען אַלע אָנוועזענדע
געגאַנגען אַ מצוה־טאַנץ, און מען האָט מיר אַרויסבאַגלייט
מיט געזאַנג צום באַן אויף מיין נסיעה קיין אַמעריקע.

### ג.

## די מחלוקת־הרבנים

עס איז פאַראַן אַ פאָלקס־ווערטל: „צופיל איז אומגע־
זונט". דראָהיטשין איז געווען באַוווסט, אַלס אַ פיינע, שטילע
שטעטל, מען האָט זיך נישט געקריגט און מען האָט געלעבט
בשלום. האָט זיך אַריינגעמישט דער שטן און האָט אָנגעמאַכט
אין שטאָט אַ פּירוד־לבבות. די סיבה צו דעם איז געווען, די
יונגע מוסמכים, ווי אויבן דערמאָנט, וואָס האָבן געוואַרט אויף
רבנות־שטעלעס. גראָד האָט זיך געמאַכט, אַז דער אַלטער רב,
ר׳ מנחם רייכמאַן, איז אויף די עלטערע יאָרן אַוועקגעפאָרן
מיט דער רביצין קיין ארץ ישראל און האָט זיין כסא־הרבנות
איבערגעגעבן צו זיין איידעם, הרב ר׳ אייזיק יעקב קאַלענ־
קאָוויטש. דאָ זיינען אַרויסגעקומען די קעגנער פון אַלטן רב
און האָבן אַרויסגעשטעלט די קאַנדידאַטור פון פרוש, ר׳ דוד
מרדכי, אַלס רב פון שטאָט. ס׳האָט געהאַלטן, אַז ס׳זאָל אַרויס־
קומען אַ דריטער צד; די פריינט און פאַמיליע פון דריטן
מוסמך, הרב זאב וואָלף מילער, און זאָלן אים אַרויסשטעלן
אַלס רב פון דראָהיטשין. אָבער דאָ איז אונטערגעקומען אַ
קלוגער ייד און פאָרגעשלאָגן צו מאַכן הרב מילער׳ן פאַר דעם
דיין און הרב ר׳ אייזיק זאָל זיין דער רב פון שטאָט. אַלזאָ,
זיינען געבליבן צוויי צדדים: איין צד וואָס האָט געהאַלטן פאַר
ר׳ אייזיק׳ן און דער צווייטער צד — פאַר ר׳ דוד׳ן. און ווי
קיין איינער פון די צדדים האָט נישט געוואָלט נאָכגעבן און
יעדער צד האָט זיך געהאַלטן ביי זיין רב, האָט זיך אין שטאָט
אָנגעהויבן אַ שטאַרקע מחלוקת, וואָס איז צייטנווייז דערגאַנ־
גען צו געשלעגן און צו מסירות.

ס׳האָט זיך געפונען אַ לץ וואָס האָט צוגעטראַכט נעמען פאַר
די קעמפנדיקע צדדים: ר׳ אייזיק האָט געהייסן דער „רוסישער
רב" און ר׳ דוד מרדכי — דער „פוילישער רב". און אַזוי
האָבן זיך אויך גערופן די צדדים: דער „רוסישער צד", און
דער „פוילישער צד". הגם אַלע זיינען געווען רוסישע יידן...
און אַזוי איז שוין עס פאַרבליבן די גאַנצע צייט. דער רוסישער
רב האָט געדאַוונט אין אַלטן בית המדרש, ווו די מערהייט
איז באַשטאַנען פון רוסישן צד. און דער פוילישער רב האָט
געדאַוונט אין נייעם בית־המדרש, ווו די הויפּט דעה האָט גע־
האַט דער פוילישער צד. און עס האָט קיינמאָל נישט געטראָפן,
אַז איינער פון די רבנים זאָל פאַרבלאָנדזשען אין שוהל פון
צווייטן.

וואָס שייך מיין פּערזאָן, הגם, איך בין אויך געווען
אַ מוסמך און איך האָב אויך געקענט אפשר האָבן אַ צד אין

שטאָט, אָבער געפינענדיק זיך אונטער׳ן איינדרוק פון דער מחלוקת־הרבנים, האָב איך אינגאַנצן אויפגעגעבן דעם גע־דאַנק פון רבנות און האָב זיך גענומען צום מסחר.

איך האָב די גאַנצע צייט זיך געהאַלטן נייטראַל. איך בין געווען גוט מיט ביידע צדדים. דער דאָזיקער דרך האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין דער בעסטער. ביי מיין בלאַט גמרא, אין דער חברה־ש״ס, זיינען געזעסן יידן פון ביידע צדדים און ס׳איז קיינמאָל נישט פאָרגעקומען קיין מחלוקה ביים טיש.

ווען עס פלעגט פאָרקומען אַ חתונה וואָס דער חתן איז געווען פון איין צד און די כלה פון צווייטן צד, דאַן פלעגט אַנטשטיין אַ גרויסע שוועריקייט מיטן מסדר־קדושין זיין. רופן איינעם פון די רבנים וואָלט געקענט, חלילה, פירן צו אַ פאַר שטערונג פון דער חתונה. רופן ביידע רבנים, איז געווען אומ־מעגלעך. האָבן דאַן די מחותנים געפונען אַן אויסוועג. אַזוי ווי איך האָב זיך געהאַלטן נייטראַל, האָבן זיי איינגעשטימט, אַז איך זאָל זיין דער מסדר קדושין. אַזוי אַרום איז געוואָרן אַ מנהג, אַז אויף יעדער „געמישטער" חתונה פלעג איך זיין דער מסדר־קדושין. נאַטירלעך, קיין געלט האָב איך פאַר דעם נישט גענומען.

ס׳וועט זיין כדאי צו פאַרצייכענען אַ קליינעם עפּיזאָד. ווי געזאָגט, האָב איך זיך אָנשטאָט צו רבנות גענומען צו מסחר. איך האָב מיט אַ כיון געעפנט אַ לעדער געשעפט. איך האָב אויסגערעכנט, אַז ווי באַלד אַלע עקזיסטירנדיקע לעדער־קראָמען זיינען פון איין צד, פון דעם פוילישן, וועל איך אַלס נייטראַלער, אויפמאַכן אַ „נייטראַלן געשעפט" און ביידע צדדים וועלן קענען קויפן ביי מיר. אַזוי גיך ווי איך האָב געעפנט די טיר פון מיין לעדער־קראָם, אַזוי האָבן זיך אַ שאָט געטאָן צו מיר קונים פון ביידע צדדים. מיין רעכענונג האָט אויסגעהאַלטן. אָבער אין איין זאַך האָב איך געמאַכט אַ טעות. איך האָב נישט גוט אויסגערעכנט, אַז שוסטערס האָבן אַ געוווינהייט צו נעמען אויף באָרג. און אַלס קאָנסעק־ווענץ האָב איך אַליין געדאַרפט, מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער, קויפן סחורה אויף באָרג... דאָס האָב איך געהאַט אַ באַצאָלונג פאַר מיין נייטראַליטעט...



גרויסע מאַניפעסטאַציע אין דראָהיטשין לכבוד דער באַלפור־דעקלעראַציע — ל״ג בעומר, 1919

ד.

## חתן שטאַרבט אונטער דער חופּה

אַ מנהג אין די קליינע שטעטלעך איז געווען, צו פירן חתן־כלה מיט כלי־זמרים איבער די גאַסן צו דער חופּה אויפן שוהל־הויף. איז אויב די מחותנים און חתן־כלה פלעגן זיין פון רוסישן צד פלעגט מען דער חופּה שטעלן לעם אַלטן בית־המדרש. און אויב זיי זיינען געווען פון פוילישן צד, פלעגט די חופּה פאָרקומען ביי דעם נייעם בית־המדרש.

האט געטראָפן אַ פאַל, אַז יעקב ברוך דער גייער האָט חתונה געמאַכט זיינעם אַ זון, און אַזוי ווי ער איז געווען פון פוילישן צד, האָט מען די חופה געשטעלט לעם נייעם בית־המדרש און דער מסדר־קדושין, נאַטירלעך, האָט געזאָלט זיין דער פרוש, ר' דוד מרדכי. ווי געזאָגט, מען האָט געבראַכט חתן־כלה מיט מוזיק אויפן שול־הויף, וועלכער איז געווען אויסגעפילט מיט געסט און סתם נייגעריקע. דער פוילישער רב האָט געמאַכט די ערשטע ברכה און דער חתן האָט מקדש געווען דער כלה. מיטאַמאָל האָט זיך דער חתן אָנגעהויבן אַראָפּלאָזן צו דער ערד. עס איז גלייך געוואָרן אַ טומל. פון אָנהויב האָט געמיינט, אַז דער חתן איז פאַר'חלש'ט געוואָרן האָט מען אים גענומען מינטערן. אָבער זעענדיק, אַז ער קומט ניט צו זיך האָט מען אַלאַרמירט דעם דאָקטאָר, וועלכער האָט בלויז פעסטגעשטעלט, אַז דער חתן איז טויט, ל"ע...

מען קען זיך פאָרשטעלן, וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן אונטער דער חופה. אַנשטאָט צו שרייען מזל טוב, איז געוואָרן אַ גרויסע יללה. איך האָב גראַדע דאַן געזאָגט דעם בלאַט־גמרא אין אַלטן בית־מדרש, האָבן מיר פון די געשרייען געמיינט, אַז עס ברענט אין ערגעץ. אָבער, אַרויסלויפנדיק אויפן גאַס האָבן מיר דערפאַרן פון אומגליק. די שרעקלעכע פאַסירונג האָט געבראַכט גאַנץ שטאָט אויף דעם פלאַץ פון אומגליק. מען האָט דעם חתן אַרויפגעלייגט אויף אַ באַנק און מען האָט אים געטראָגן צו דעם הויז פון דער חתונה. די געסט, וועלכע האָבן צוגעגרייט אַ קבלת־פּנים פאַר חתן־כלה, האָבן גאָר געדאַרפט מקבל־פּנים זיין דעם טויטן חתן, ל"ע...

אַ צייט לאַנג האָבן די יידן אין דראָהיטשין נישט געקענט פאַרגעסן די שרעקלעכע פאַסירונג. אַנדערע האָבן דעם אומגליק אָנגעהאַנגען אין דער מחלוקת־הרבנים, און געזען אין דעם אַ שטראָף פון גאָט פאַר דער מחלוקת אין שטאָט. שפּעטער האָט מען זיך דערוווסט, אַז דער חתן האָט געליטן אויף אַ האַרץ־קראַנקייט און די איבעראַשונג פון דער חתונה האָט פאַרשנעלערט זיין טויט. אין אַ קורצער צייט אַרום האָט די כלה גענומען חליצה פון חתן'ס ברודער. דער מסדר פון דער חליצה איז געווען דער רוסישער רב, אין אַלטן בית־המדרש. מיין ווייניקייט איז אויך געווען אָנוועזענד בעת דער חליצה.

ה.

## גרינדונג פון דער ישיבה

איך האָב זיך דאַן גענומען פאַראינטערעסירן מיט דעם מצב פון דער תלמוד־תורה, וועלכע האָט געהאַט דריי מלמדים, און ווו מען האָט געלערנט פון 2 ביז 3 בלאַט־גמרא אַ וואָך. איך האָב אין ר' משה ווערלוועל'ס כתה געפונען פיל גוטע תלמידים, וועלכע האָבן פאַרשטאַנען לערנען און האָבן זיך געניטיקט אין אַ ישיבה'שן לימוד.

נאָך די געהעריקע הכנות האָבן מיר, אין יאָר 1905, אַזאַ ישיבה געגרינדעט. אַלס ראש ישיבה האָבן מיר אויפגענומען ר' אליה מאַכלעס, אַ ייד, וואָס האָט געקענט זאָגן אַ שיעור גמרא פאַר עלטערע קינדער. אויך האָבן מיר באַשטימט אַ משגיח („קטונתי"), וואָס האָט געדאַרפט אַכטונג געבן אויף דעם סדר אין דער ישיבה, וועלכע האָט זיך געפונען אין חסידים־שטיבל. מיר האָבן געגעבן צו וויסן אין די אַרומיקע יידישע ישובים און עס זיינען געקומען גענוג תלמידים. געלט אויף אויפצוהאַלטן דער ישיבה האָבן מיר געהאַט, אַ טייל פון די תלמידים, און דאָס איבעריקע האָבן מיר געשאַפן אין שטאָט און אין די אַרומיקע שטעטלעך. צו דעם האָט אַ סך מיטגעהאָלפן ר' הערשל חיים לעוו, וועלכער איז געווען אַן עוסק בצרכי־ציבור.

אויף דעם צווייטן זמן האָב איך אַליין איבערגענומען די פירונג פון דער ישיבה, וועלכע איז מיט דער צייט שטאַרק אויסגעוואָקסן. מיר האָבן געהאַט תלמידים פון כאָמסק, יאַנאָווע, מאָטעלע, אַנטאָפּאָליע, קאָברין, ווי אויך פון בריסק. מען האָט דער ישיבה איבערגעטראָגן אין גאַס־בית־המדרש און איך פלעג פאַר די קינדער אַליין זאָגן דעם שיעור יעדן טאָג. איך האָב די תלמידים געוויזן דעם וועג ווי צו לערנען אַליין. זיי האָבן אַלע טאָג געדאַרפט צוגרייטן אַ לייענען, דאָס הייסט, אַליין לערנען, און דאָס האָט געגעבן די קינדער תשק צום לערנען. דער משגיח איבער די תלמידים איז געווען דער אַלטער ר' געצל, אַ חשוב'ער ייד, וועלכער האָט אויך אַרויסגעהאָלפן די קינדער צו מאַכן דעם לייענען. איך האָב געזאָגט שיעורים אין דער ישיבה אין משך פון דריי יאָר.

שפּעטער האָט די אָנפירונג פון דער ישיבה איבערגענומען הרב יוסף דוד שוב (בנימין משה דעם שוחט'ס איידעם). צום לעצטן האָבן מיר אַלס ראש ישיבה אויפגענומען הרב ר' אהרן פון כאָמסק, אַ גרויסער למדן. מיר האָבן אויך צוגעצויגן הרב ר' אלי' ווערלוועל אַלטוואַרג (חיים בער דעם ציגעלניק'ס זון), אַז ער זאָל אַריינקומען אין דער ישיבה.

די ישיבה, וועלכע האָט אַרויסגעגעבן פיל גוטע תלמידים, וואָס האָבן זיך שפּעטער אויסגעצייכנט אין די גרויסע ישיבות, — האָט עקזיסטירט פון 1905 ביז דעם אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה אין יאָר 1914.

ו.

## מיין ערשטע רייזע קיין אַמעריקע

עטלעכע יאָר פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה איז מיר אַריין אַ געדאַנק צו פאָרן קיין אַמעריקע. דאַן, אין יענער ניט־מאָדערנער צייט איז אַ רייזע קיין אַמעריקע געווען פון די לייכטסטע זאַכן. מען האָט נאָר געדאַרפט פאַרקלערן איז מען געפאָרן. פאַר די 4 חדשים, וואָס איך בין געווען אין אַמעריקע, האָט מיך מיין פאַמיליע פאַרוואָרפן מיט בריוו איך זאָל צוריקקומען אַהיים. און אין אַ שיינעם טאָג בין געווען צוריק אין דראָהיטשין. אַזוי ווי מען האָט ניט געוווסט פון מיין אַוועקפאָרן אַזוי האָט קיינער נישט געוווסט פון מיין צוריקקומען. אַז איך בין פלוצלונג אַריינגעקומען אין אַלטן בית־המדרש האָב איך געטראָפן דעם רב, ר' אייזיק'ן, זאָגנדיק דעם בלאַט־גמרא.

ווען דער רב האָט מיך דערזען האָט ער גלייך געוואָלט מיר איבערגעבן צו זאָגן דעם בלאַט. אָבער איך האָב אים נישט געלאָזט איבעררייסן דעם לערנען. אויף מאָרגן האָב איך אָנגעהויבן זאָגן דעם בלאַט אויף דעם זעלבן אָרט, ווו איך האָב געלאָזט פאַר מיין פאָרן קיין אַמעריקע.

קורץ נאָכדעם, האָט דער דיין פון שטאָט, הרב ר׳ זאב וואָלף מילער, אויפגעגעבן זיין שטעלע אין דראָהיטשין און איז געוואָרן רב אין סערניק, ביי פינסק.

פאַר דער צייט האָט דער פוילישער צד אויסגעבויט פאַרן פרוש אַן אייגענע הויז מיט אַ בית־המדרש. אָבער די מערהייט בעלי־בתים פון פרוש האָבן אָנגעהאַלטן זייערע פלעצער אין די בתי־מדרשים ווי פריער. דאָס האָט באַוויזן, אַז די שאַרפקייט פון דער מחלוקת האָט זיך אָנגעהויבן אויסוועפּן.

אַ פּאָר יאָר פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט דער פוילישער רב חתונה געמאַכט זיין עלטסטע טאָכטער פאַר אַ יונגנמאַן, אַ מוסמך. אַ קורצע צייט נאָך זיין טאָכטערס חתונה איז דער פרוש נפטר געוואָרן און איז געקומען צו קבורה דעם צווייטן טאָג שבועות אין יאָר 1912. דעם כסא־הרבנות פון דעם פרוש האָט דאַן פאַרנומען זיין איידעם, הרב ר׳ נח קאָהן, ז״ל. (הרב קאָהן, איז נפטר געוואָרן דאָ אין אַמעריקע).



דער לערער בצלאל וואָלפּסאָן מיט זיין קלאַס פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה

## ז.

## אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה

מיטן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז די מחלוקת־הרבנים אין דראָהיטשין איינגאַנצן איינגעשטילט געוואָרן. די נעמען „רוסישער צד״, „פוילישער צד״ זיינען ווי פאַרגעסן געוואָרן. אַזוי ווי די האַרץ וואָלט יעדן איינעם אונטערגעזאָגט, אַז אַ ביטערע צייט קומט אָן און ספּעציעל פאַר יידן. פיל יונגעלייט האָבן זיך גלייך געלאָזט צו דער גרעניץ, — ווי אין די צייטן פון דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה, ווען אַ סך זיינען אַוועק קיין אַמעריקע, — אָבער, זיי האָבן באַלד אויסגעפונען, אַז אַלע גרעניצן זיינען געווען פאַרשפּאַרט.

ביי די סוחרים איז געוואָרן אַן ענגשאַפט אין געלט. ווער עס האָט געהאַט אַביסל געלט האָט דאָס פאַרבאַהאַלטן. קיין חובות האָט מען נישט געצאָלט. לייען געלט האָט מען אויך נישט געקראָגן, במילא, איז די לאַגע געוואָרן מיטן יעדן טאָג ערגער און ערגער.

מיט אַ פּאָר חדשים שפּעטער זיינען אָנגעקומען אין דראָהיטשין צענדליקער יידישע משפחות „בעזשניצעס״,

פליטים, וועלכע זיינען דורך דער רוסישער מאַכט אַרויסגע־שיקט געוואָרן פון די שטעט און שטעטלעך, וואָס זיינען גע־לעגן האַרט ביים פראָנט. מיר האָבן אַלע פליטים איינגע־אָרדנט אין די בתי־מדרשים און אין פריוואַטע הייזער און זיי אויסגעהאַלטן מיט עסן און קליידונג.

דער דראָהיטשינער פריסטאַוו אוראַדניק האָבן גענומען העלפן דער צאַרישער רעגירונג צו שאַפן געלט פאַר דער מלחמה. זיי זיינען אַרומגעגאַנגען פון שטוב צו שטוב, און יעדער איינער האָט זיך געמוזט פאַשרייבן צו צאָלן פון 1 ביז 3 רובל אַ חודש לטובת דעם מלוכה־אוצר. די רוסישע פאָליציי איז אויך אַרומגעפאָרן איבער די דערפער און גע־נומען אונטערשריפטן פון די פויערים צו צאָלן דעם חודש־אָפצאָל. די יידן, נאַטירלעך, האָבן טאַקע געצאָלט רעגולער זייערע צוגעזאָגטע סומעס. אָבער, ווען די פאָליציי איז געקו־מען איינקאַסירן דאָס געלט פון די פויערים האָבן זיי געענט־פערט: „פאַנאַטשקו ראַשי ניעמאַ, אָסעדעמו". „האַרינקע, קיין געלט האָבן מיר נישט, מיר וועלן בעסער אָפזיצן"...

ווען דער דייטש איז אַריין קיין וואַרשע האָט די רוסישע פאָליציי אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדענונג צו ברייננגען צו איר די קופער און מעש, ווי, פאַנען, קעסלען, לייכטער א.א. די



דזשאָן מייער, רחל גאָלדפאַרב, אהרן דראָגיטשינסקי און טילע זוקער

יידן פון דראָהיטשין האָבן געבראַכט זייערע קופערנע און מעשענע כלים צום פריסטאַוו אין הויז, ווו אַלעס איז געוואָרן געוווֹיגן און פאַרשריבן, און נאָך דער מלחמה, האָט דאָס גע־הייסן, וועט די רוסישע רעגירונג באַצאָלן פאַר די קאָנפיס־קירטע אַרטיקלען.

פון וואַרשע האָט דער דייטש גענומען זיך רוקן שנעל צו בריסק. עס איז גראָד יענעם זומער געווען אַ גרויסע טריקעניש, איז עס געווען אַ מעלה פאַר ביידן. דער דייטש האָט געקענט לייכטער און שנעלער גיין פאָרויס און די רוסן האָבן געקענט שנעלער לויפן צוריק... אין קורצן איז שוין דער דייטש געשטאַנען ביי בריסק. די רוסן האָבן עוואַקואירט די גאַנצע באַפעלקערונג פון בריסק און די שטאָט פאַר־ברענט. פיל בריסקער יידן זיינען געבליבן שטעקן אין דראָ־היטשין און אַ סך זיינען געלאָפן מיט דער רוסישער אַרמעע טיפער אין רוסלאַנד.

נאָכדעם, ווי דער דייטש האָט איינגענומען בריסק, אָן איין שאָס, האָט מען גלייך געקענט מערקן, אַז אַרום דראָהי־טשין וועט פאָרקומען אַ קאַמף. די רוסן האָבן באַשלאָסן צו שטעלן דעם דייטש אַ ווידערשטאַנד, כדי צו געבן צייט דער רוסישער אַרמעע אָפּצוטרעטן. אַלע פויערים פון און אַרום דראָהיטשין, אַנגעשראָקן פאַרן דייטש, האָבן איבערגעלאָזן זייערע הייזער און פולע שייערן מיט תבואה און זיינען אַנט־לאָפן קיין רוסלאַנד. די יידן, אָבער, זייענדיק גוט אָנגעלערנט פון די צאַרישע רדיפות און פּאָגראָמען, — בפרט נאָך, אַז דער דייטש האָט דעמאָלט געגאָלטן אַלס דער באַשיצער פון פרייהייט, — האָבן באַשלאָסן צו זיצן אויף די ערטער. עס איז דאַן געווען 3 וואָכן צו ראש השנה, און ווי געזאָגט איז דאַמאָלט געווען אַ גרויסע טריקעניש, אַזוי, אַז דער וויאָן, וועלכער פלעגט שטענדיק זיין פייכט מיט לושקעס וואַסער און בלאָטע, איז דעם זומער געווען טרוקן ווי אַ שטיין. האָט מען באַשלאָסן מען וועט מאַכן אָקאָפּעס, גריבער, אויף דעם וויאָן און מען וועט זיך אויסבאַהאַלטן אין די אָקאָפּעס ביז די שיסעריי וועט אַריבערגיין.

די גאַסן פון דראָהיטשין זיינען געווען אויסגעפילט פון אָפּטרעטנדיקן רוסישן מיליטער און אָבאָזן, וועלכע האָבן אין משך פון טעג און נעכט געהאַלטן אין איין גיין צו פינסק. די געשרייען פון די פערד און בהמות, וואָס די רוסישע סאָל־דאַטן האָבן געטריבן מיט זיך האָבן פאַרהילכט די לופט. פיל פון די בהמות און פערד זיינען צוליב דער טריקעניש צע־פגר'ט געוואָרן פון דאָרשט אויפן וועג. צום גרויסן טומל האָט אויך נאָך צוגעגעבן דאָס געלאַף פון די טויזנטער פויערים מיט זייערע וועגענער. אַלע פויערים פון זאַריטשקע, סטאַראָ־סיליע און פון אַנד. דערפער זיינען אַוועק מיט דער רוסישער אַרמעע. געבליבן איז נאָר דער גוי פון באָד, וואָס איז שפּעטער זייער שטאַרק צונוץ געקומען אויף צו מאַכן פייער אין שבת...

יעדער ייד האָט זיך איינגעהאַנדלט אַ פערד־און־וואָגן, אין פאַל, אויב די רוסן וועלן זיך מיישב זיין, די לעצטע מינוט, אַרויסצוטרייבן די יידן פון שטאָט זאָל זיין מיט וואָס צו אַנט־לויפן. איך אַליין האָב געקויפט אַ געשפאַן שותפות מיט נאָך אַ ייד. פשוט, דערפאַר, ווייל איך האָב נישט געוווסט ווי אַרום־צוגיין אַרום אַ פערד. די לעצטע פאַר טעג איז מען געווען פאַרנומען מיט גראָבן. צום ערשט האָט מען פאַרגראָבן אין דער ערד דאָס ביסל פאַרמעגן. דערנאָך האָט מען גענומען גראָבן די אָקאָפּעס אויף דעם וויאָן. דעם לעצטן טאָג איז שוין אַלעס געווען פאַרטיק, און מיר האָבן געוואַרט אויף דאָס אונפאַרמיידלעכע. דאָס שטעטל איז געווען פול מיט קאָ־זאַקן און טשערקעסן. דאָס איז געווען אַ סימן, אַז די דייטשן זיינען שוין נאָענט פון שטאָט. מיט אַמאָל זע איך, עס גייט אַן עשאַלאָן בעזשעניצעס מיט קינדער און פעקלעך אויף די וועגענער. איך קוק זיך גוט צו און דערקען אין זיי מיינע דראָהיטשינער יידן פון מצרים גאַס. איך בין גלייך אַרויסגע־לאָפן פון הויז און זיי פאַרשטעלט דעם וועג. ניין, האָב איך

צו זיי געזאָגט, איר טאָרט נישט נעמען אויף זיך אַזאַ ריזיקע. אין אַזאַ ענגשאַפט, וואָס הערשט איצט אויף די וועגן און דערצו נאָך אַזאַ טריקעניש, וואָס מענטשן פאַלן ווי די פליגן פון דאָרשט, שטעלט איר אין סכנה דאָס לעבן פון אייערע קינדער. גייט צוריק אַהיים, זאָג איך צו זיי, און גראָבט אָקאָפּעס און גאָט וועט העלפן. די יידן האָבן מיר געפאָלגט און אומגעקערט זיך צוריק אַהיים. שפּעטער האָבן מיר פיל פון זיי געדאַנקט פאַר מיין עצה וואָס איך האָב זיי געגעבן.

אין אַ דאָנערשטאָג, ווי נאָר עס איז געוואָרן נאַכט, איז דער הימל געוואָרן שטאַרק רויט פון די שרפות, וואָס די קאָזאַקן האָבן אָנגעצונדן די דערפער אַרום שטאָט. מיר האָבן שוין געוווּסט, אַז דאָס איז די לעצטע נאַכט, און אַז נאָך היינט באַנאַכט וועט מען אונטערצינדן דראָהיטשין. (אגב, אינטערעסאַנט איז דער עפּיזאָד: בייטאָג האָט אַ דייטשישער עראָפּלאַן אַראָפּגעוואָרפן אַ באָמבע אין זאַקאַזעליע, וואָס האָט פּונקט געטראָפן אין דעם גרויסן „זאַוואָד" פון שנאַפּס און האָט איינגעלייגט עטלעכע ווענט. גראָד האָבן זיך דאָרט, אין דעם ברויז, געפונען יידן פון וואָלעוועל און פון דראָהיטשין, וואָס זיינען געקומען שעפּן פון דעם בראָנפן, וואָס די רוסן האָבן אַרויסגעלאָזט פון די באַסיינען אין דער ערד. צום גליק האָט דער באָמבע־אויפרייס קיינעם נישט געשאַדט...)

דעם זעלבן אָוונט, דאָנערשטאָג, האָבן מיר זיך אַלע פאַרקליבן מיט אונזערע געפּעק, — ווער עס האָט אָנגעלאָדן אויף אַ וואָגן און ווער עס האָט געטראָגן אויפן פּלייצע, — אויף דעם וויאָן צו אונזערע אָקאָפּעס און געוואַרט אויף דעם שטורעם. פּונקט 12 ביינאַכט האָבן די רוסן אָנגעהויבן צו צינדן די הייזער פון שטאָט. עס איז געוואָרן ליכטיק ווי בייטאָג. און יעדער איינער איז געשטאַנען, מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ, און געקוקט ווי זיין פאַרמעגן גייט אַוועק מיטן רויך.

ח.

## קאַנאָנאַדע איבער דראָהיטשין

פרייטאָג נאָך האַלבן טאָג האָט זיך אָנגעהויבן די קאַנאָנאַדע איבער דראָהיטשין. די דייטשן זיינען געלעגן איינגעגראָבן ערגעץ אין בראָנע און די רוסן זיינען געשטאַנען אַרום ליפּניק. די סנאַראַדן זיינען געפלויגן איבערן שטאָט. די יידן זיינען געלעגן באַהאַלטן אין די אָקאָפּעס, וועלכע זיינען געווען איבערפולט מיט אַלטע מענטשן און קליינע קינדער. מען איז געווען אין איינע שרעק, אַז אַ סנאַראַד זאָל, חלילה, נישט טרעפן אין אָקאָפּ. די גאַנצע צייט פון דער שיסונג האָט מען געהאַלטן אין איין שרייען „שמע ישראל".

פאַרנאַכט צו ליכט־צינדן איז געוואָרן שטילער, איז מען אַרויס פון די גריבער צו כאַפּן אַביסל פרישע לופט. מען האָט גליכצייטיק מקבל שבת געווען ביי די גריבער און מען האָט געפּראַוועט די שבת'דיקע סעודה. אַרום האַלבע נאַכט האָט זיך ווידער אָנגעהויבן די שיסעריי, וועלכע האָט אָנגעהאַלטן ביז טאָג. שבת אינדערפרי איז מען אַרויס פון די נאָרעס און מען האָט געדאַוונט אויפן גראָז. איך מיט מיינע שכנים האָבן געקראָגן אַ הויז, וואָס די קאָזאַקן האָבן פאַרזען צו אונטערצינדן, און מיר האָבן דאָרט געדאַוונט בציבור און אויך געלייענט די קריאה פון אַ ספר תורה, וואָס מיר האָבן געהאַט מיט זיך. די דאָזיקע הייזקע איז אונדז גוט צונוץ געקומען, ווייל שבת בייטאָג האָט פּלוצלונג, נאָך אַ לאַנגער טריקעניש, אָנגעהויבן גיסן אַ שלאַגס רעגן, וועלכער האָט אָנגעפילט אונדזערע גריבער מיט וואַסער, און מיר, דורכגענעצטע ביזן לייב, האָבן זיך מיט אונזערע קינדער אַריינגעקליבן אין דער הייזקע. דאָס איז אפשר געווען פאַר אונזער טובה וועגן, מחמת איין אָקאָפּ איז, צוליב דעם רעגן, איינגעפאַלן און אַ יידיש מיידל איז דערשטיקט געוואָרן, ל"ע.

שבת נאָך האַלבן טאָג האָט זיך די באָמבאַדירונג באַנייט, נאָך מיט אַ גרעסערער פוריע. די האַרמאַטן פון ביידע זייטן האָבן געדונערט און געריסן גאָר ניט צו באַשרייבן. די הויז, ווו מיר זיינען געלעגן האָט זיך, פון די קלעפּ, געטרייסלט



פון רעכטס: מאיר יהודה, חיה, לייבע און שיינקע פעלדמאַן; וועלוועל, אסתר און לאה ביילע מישאָווסקי; און מאַכליע.

און געוואָרפן ווי אַ פּילקע, אָט, אָט, פאַלט זי איין אויף אונז אַלעמען. מיר האָבן נישט אויפגעהערט צו שרייען „שמע ישראל" און בעטן גאָט, אַז מיר זאָלן אַרויסגיין מיט די לעבנס פון דעם שטורעם. אינדערפרי, אַז עס איז שטיל געוואָרן און מיר זיינען אַרויס אויפן גאַס האָבן מיר דערזען, אַז עטלעכע פערד זיינען לעבן די גריבער געלעגן טויט, געטראָפן געוואָרן פון די שראַפּנעלן. אַ שראַפּנעל האָט אויך געטראָפן מאיר דעם בעל־עגלה אין האַנט, מאַכנדיק אַ קליינע וווּנד. אָבער אַ חוץ דעם האָט אַ דאַנק דעם עוויגן קיינעם נישט געשאַדט.

דעם גאַנצן זונטאָגדיקן טאָג איז געווען שטיל. דער עולם איז געלעגן לעם די גריבער און מען האָט געשמועסט. זונטאָג פאַרנאַכט האָט זיך פונדאָסניי אָנגעהויבן די שיסעריי, וועלכע האָט אונז צוריק אַריינגעטריבן אין אונזערע לעכער. אַזוי האָבן מיר אָפּגעלעגן אין שרעק און אין פּחד ביז מאָנטאָג פרי, ווען עס איז אינגאַנצן שטיל געוואָרן. ארויסקריכנדיק אויף דער פרייער לופט איז צווישן עולם געוואָרן אַ פרייד און אַ גערודער. מען האָט דערזען די ערשטע פּאָר דייטשן אַריינקומען אין שטאָט. דאָס האָט געהייסן, אַז דער קאַמף אַרום דראָהיטשין איז שוין געענדיקט. די שמחה מיט די דייטשן איז געווען אַזוי גרויס, אַז אייניקע יידן האָבן געכאַפּט קושן די דייטשן...

## ט.

## דראָהיטשין אונטער דייטשישער אָקופּאַציע

אַזוי גיך ווי די ערשטע דייטשן האָבן אַריינגעמאַרשירט אין שטאָט האָט יעדער איינער געכאַפּט זיינע פּעקלעך און איז געלאָפן זוכן ערגעץ אַ פּלאַץ צום וווינען. אָבער, ווו זוכט מען, אַז פון דער גאַנצער שטאָט איז נאָר פאַרבליבן די קראָס־נעאוליצע גאַס און די גאַס ביים בריק, וואָס גייט צום זאַמד. ווייטער איז אַלעס געווען פאַרברענט. אָבער גאָר גיך האָט מען אויסגעפונען, אַז די גוי׳שע גאַסן־דערפער, סטאַראָסיליע און זאַריטשקע, זיינען געבליבן גאַנץ, נישט פאַרברענט. האָט זיך דער עולם גלייך אַ לאָז געטאָן צו די גוי׳שע גאַסן. יעדער איינער, וואָס האָט געקענט לויפן שנעלער, איז מיטאַמאָל געוואָרן אַ בעל הבית פון אַ הויז מיט אַ שייער תבואה, וועלכעס די פּויערים האָבן איבערגעלאָזן און אַנטלאָפן. אַ חוץ דעם, האָט יעדער איינער אָנגעהויבן אויפגראָבן זיין בעל־הבית׳ישקייט, וואָס מען האָט געהאַט פאַרגראָבן פריער. אין איינוועגס, האָט מען שוין אויך אויפגעגראָבן די זאַכן, וואָס די פּויערים האָבן געהאַט באַהאַלטן...



יידישע קינדער פון זאַריטשקער גאַס אונטער דייטשער אָקופּאַציע אין 1916

אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם איז כדאי צו פאַרצייכענען דעם טראַגישן פאַל, וואָס עס האָט געטראָפן מיט משה מענדל דעם סטאָליאַרס איידעם. ער איז אריין אין דער אויוון־קוטשקע פון דער פאַרברענטער הויז אַרויסצונעמען פון דאָרט די פאַר־גראָבענע זאַכן, האָט זיך דער דורכגעברענטער אויוון צעפאַלן און אים פאַרשאָטן. מיט איבערמענטשלעכע כחות האָבן מיר (איך בין דאַן גראָד געווען אָנוועזענד) געאַרבעט ביז מיר האָבן אָפּגערייניקט דעם באַרג ציגל און באַפרייט דעם קרבן פון לעבעדיקן קבר. ער האָט זיך אָפּגעמאַטערט עטלעכע טעג און איז, ל״ע, געשטאָרבן. דער ערשטער קרבן פון דער מלחמה.

כדי די שטאָט זאָל נישט זיין הפקר, האָבן מיר באַלד געשאַפן אַ קאָמיטעט פון די פאָלגנדיקע: הרב ר׳ אייזיק י. קאַלענקאָוויטש, זכריה שמיד, זלמן בוניעס, חיים בנימינ׳ס, טוביה דוד וואַרשאַווסקי, הערשל תיים, ז״ל, און יבדלו לחיים, זושע וואַרשאַווסקי, מיין ווייניקייט א.א. דער דאָזיקער קאָ־מיטעט האָט געמאָלדן דער דייטשישער קאָמענדאַנטור פון שטאָט פון זיין עקזיסטענץ און געבעטן, אַז אין אַלע שטאָטישע ענינים, זאָל זיך די קאָמענדאַנטור באַראַטן מיטן קאָמיטעט.

אין קורצן נאָכדעם איז אין דראָהיטשין אויסגעבראָכן, ר״ל, אַ שרעקלעכע עפּידעמיע פון פלעק־טיפוס און דיזענ־טעריע. מענטשן, אַלט און יונג, זיינען געפאַלן ווי די פליגן אין די גאַסן. פון די פליכטלינגע, פּליטים, וועלכע זיינען פאַרשלעפּט געוואָרן קיין דראָהיטשין פון קאָנגרעס פּוילן, פון בריסק א.א. — איז כמעט קיין איינציקער נישט פאַרבליבן. זיי זיינען אַלע אויסגעשטאָרבן אין דער עפּידעמיע. עס זיינען פאַרבליבן פיל קיילעכדיקע יתומים, אָן אַ שום גואל און רעטער. דער שטאָט־קאָמיטעט האָט, נאַטירלעך, איבערגענו־מען די באַזאָרגונג פון די דאָזיקע יתומים, ווי אויך פון די שוואַכע און קראַנקע, וועלכע האָבן זיך אַליין נישט געקענט העלפן.

דער קאָמיטעט האָט אויך געהאַלטן אַלס זיין פליכט אַכטונג צוגעבן אויף די בעלי־בתים, וועמנס הייזער זיינען פאַרבליבן גאַנץ פון דער שרפה, אַז זיי זאָלן נישט באַרייסן און באַ׳עולה׳ען זייערע שכנים, אַליין געווע־זענע בעלי־בתים, וועמנס האָב־און־גוטס איז אַוועק מיטן פייער.

אין שייכות מיט דעם איז ווערט צו דער־ציילן וועגן אַ פאַל וואָס האָט פּאַסירט מיט מיר אַליין.

אַלס איינער פון די נשרפים, האָב איך גע־דונגען אַ דירה אין איינער פון די פאַרבליבענע הייזער. אַזוי ווי איך האָב אַליין געדאַרפט באַ־הייצן מיין דירה, האָב איך ביי מיין בעל־הבית געבאָרגט אַ האַק צוצעהאַקן עטלעכע שטיקלעך האָלץ. גראָד איז אָנגעקומען שכנא שמש צורופן מיך אויף אַ זיצונג פון שטאָט־קאָמיטעט און זעענדיק, מיך שפּאַלטן האָלץ, איז ער צוגעלאָפן און אַרויסגענומען די האַק פון מיינע הענט. ער וועט מיר נישט לאָזן האַקן האָלץ, האָט ער גע־זאָגט, עס פּאַסט נישט פאַר מיר, ער וועט עס אַליין טאָן. ווי נאָר שכנא, דער פאַכמאַן פון האָלץ־האַקן, האָט אַראָפּגעלאָזט די האַק אין דער פאָלינע־האָלץ האָט זי זיך צעשפּאָלטן. ער האָט אָבער אויך צעשפּאָלטן און צעבראָכן דער טאָפּעריסקע, דאָס הענטל פון דער האַק... שכנא האָט מסתמא געוווּסט מיט וואָס דאָס שמעקט האָט ער זיך גלייך אָפּגערוקט אָן אַ זייט. מיר האָבן לאַנג נישט געדאַרפט וואַרטן און דער בעל־הבית איז מיטאַמאָל געקומען צולויפן און ער האָט זיך אָנגעהויבן קלאַפּן מיט די הענט אין זיין קאָפּ און מיטן קאָפּ אין וואַנט:

סטייטש, איך האָב אים אומגליקלעך געמאַכט. האָב איך אים גענומען בעטן און באַרואיקן: עס איז אַ שאָד דער קאָפּ און די וואַנט... איך האָב אים צוגעזאָגט צו מאַכן אַ נייע טאָפּע־ריסקע. איך וועל זיך נישט אָפּשטעלן פאַר קיין שום געלט.



שכנא שמש (געווען אַמאָל אַ פּילטשיק), בערל רעזניק און נאָך אַ בערעלע

שכנא איז אַוועק צו דער זיצונג פון קאָמיטעט אָן מיר. אויף דער פראַגע: „ווו איז מרדכי?" האָט שכנא געענט־פערט: „ער איז שוין אין אַ צרה". פון שכנאַ'ס ענטפער זיינען אַלע געבליבן זיצן ווי פאַרגליווערטע. זיי האָבן זיך פאַרגע־שטעלט, אַז מסתמא האָט געטראָפן מיט מיך דאָס זעלבע, וואָס עס האָט געטראָפן מיט הונדערטער אַנדערע מענטשן: מ'איז געגאַנגען אין גאַס און אַוועקגעפאַלן און שוין נישטאָ.... ביז שכנא האָט זיי אויפגעקלערט די מעשה מיט דער האַק, האָבן זיי זיך דאָן באַרואיקט.

אַלזאָ איך האָב זיך אַרויסגעלאָזט איבער די גאַסן צו זוכן אימיצן, ווער עס קען מאַכן אַ נייע טאָפּעריסקע צו דער האַק. איך האָב טאַקע באַלד אויסגעפונען, אַז עס איז גאָר נישט אַזוי לייכט צו געפינען אַזאַ טייערן „אוצר"... ביז גאָט האָט מיר צוגעשיקט אַ ייד, וועלכער האָט מיר פאַרטרויט אַ סוד, אַז ערגעץ אין מצרים־גאַס וווינט אַ ייד מיטן נאָמען יצחק קאַנושקעס, איך זאָל גיין צו אים, וועט ער מיך מאַכן דאָס הענטל צו דער האַק. ווען איך בין, נאָך לאַנגע זוכענישן, צוגעקומען צו יצחק'ס הייזל, האָב איך פאַרשטאַנען פאַרוואָס די קאַזאַקן האָבן איר אויסגעלאָזט און נישט אונטערגעצונדן... אָבער, איין זאַך האָב איך נישט פאַרשטאַנען: ווי באַלד יצחק איז אַזאַ גרויסער מייסטער און חכם, כמעט דער איינציקער אין שטאָט, וואָס קען מאַכן אַ טאָפּעריסקע, טאָ פאַרוואָס איז ער אַזאַ אביון? איז טאַקע ריכטיק וואָס די חכמים זאָגן: „לא לחכמים לחם"?... יצחק האָט מיט פאַכמענישקייט באַקוקט די האַק און געזאָגט: „ס'וועט דויערן אַ שעה צייט און ס'וועט אייך קאָסטן 15 קאָפּיקעס, וועט איר האָבן אַ נייע טאָפּעריסקע." ס'איז מיר געוואָרן לייכטער אויפן הארצן. מער נישט ווי 15 קאָפּיקעס? מיט אַ שעה שפּעטער בין איך געלאָפן מיט פרייד אַהיים און דערלאַנגט מיין בעל־הבית די האַק. זעענדיק, ווי ער באַטראַכט אַזוי מיט שמחה די נייע טאָפּעריסקע, האָב איך געטראַכט, אַז ער וואָלט אוודאי וועלן איך זאָל אים צע־ברעכן די טאָפּעריסקע פון דער צווייטער האַק... איך האָב אים אָבער די טובה נישט געוואָלט טאָן...

י.

## דער יידישער בירגערמייסטער און די מיליץ

דער דייטשער קאָמענדאַנט האָט נאָך זיין איבערנעמען די מאַכט אין דראָהיטשין גלייך זיך גענומען צו איינשטעלן אָרדענונג אין שטאָט. קודם־כל האָט ער נאָמענירט אַ בירגער־מייסטער, דוד כאַצקעל'ס איידעם (פון לאָדזש); אַ וויצע־בירגערמייסטער, נחום הערשל'ס איידעם, סאָלע; און 4 יידישע מיליציאַנטן. פון דעם בירגערמייסטער און וויצע־בירגער־מייסטער איז שטאָט נישט געווען אַזוי צופרידן. דערפאַר אָבער, האָבן די יידישע מיליציאַנטן באַוויזן צו איינקויפן זיך די סימפּאַטיע פון אַלע יידן אין דראָהיטשין. דער קאָמענדאַנט האָט אויך איינגעשטעלט אַ וואַרטע פון אַ דייטשישן פאַטרול, וועלכער האָט געהיט טאָג און נאַכט. אויך איז אין שטאָט גע־קומען אַ דייטשישער דאָקטאָר, אַ ייד, מיט נאָמען מילער, אין וועמנס מעדיצינישער הילף מיר האָבן זיך זייער געניי־טיקט. דער קאָמענדאַנט האָט אויך באַפוילן אָפּצולײדיקן 3 הייזער, ווו מען האָט איינגעאָרדנט אַ צייטווייליקן שפּיטאָל פאַר די קראַנקע, וועלכע זיינען באַדינט געוואָרן פון פרייווי־ליקע קראַנקען־שוועסטער.

דער עולם האָט זיך גענומען אָנגרייטן שפּייז אויף ווינטער, וויסנדיק, אַז מיט דער באַן וועט מען קיין עסנוואַרג נישט ברענגען, און קיין שפּייז־קראָמען זיינען אויך נישט געווען, האָט מען חול־המועד סוכות אַ לאָז געטאָן זיך אויף די פעלדער צו גראָבן די קאַרטאָפל, וועלכע די פּויערים האָבן נישט באַוויזן אויסצוגראָבן. נאָר געציילטע מענטשן האָבן זיך אָפּגעהאַלטן פון דעם. די דאָזיקע לייט האָבן גע־לאַכט פון מיר, וואָס איך און מיין פאַמיליע ליגן אויף די פעלדער און גראָבן קאַרטאָפל. שפּעטער האָבן זיי אויסגעפונען זייער טעות און האָבן דערפאַר זייער טייער באַצאָלט...

ווייזט אויס, אַז צו צרות איז קיין סוף נישטאָ. נישט גענוג, וואָס דריי־פערטל שטאָט האָבן די רוסן פאַרברענט

און טויזנטער יידישע נפשות האָבן נישט געהאַט ווו זייערע קעפּ צו לייגן, — איז פּלוצלונג, דעם 2־טן טאָג חול־המועד סוכות אויסגעבראָכן אַ שרפה אין דאָרף סטאַראָסיליע, וועלכער איז געווען באַזעצט דורכאויס מיט יידישע פאַמיליעס, און אַלע הייזער מיט דעם פאַרבליבענעם יידישן פאַרמעגן איז געוואָרן פאַרברענט און פאַרניכטעט. די יידישע נשרפים האָבן, צום צווייטן מאָל, געמוזט נעמען דעם וואַנדער־שטעקן און זיי האָבן זיך צעשפּרייט איבער די אַרומיקע דערפער, ווי בילינקע און אַנדערע. עס איז ווי מען זאָגט: „אַ בעטלער האָט נישט וואָס אָנצוּוערן, ברענט אָפּ איין דאָרף גייט ער אין אַ צווייטן דאָרף"...



יידישע מיליץ, 1915־18. פון רעכטס: איטשע מישאָווסקי, זיידל ווייסמאַן, ירמיה גראָסמאַן

אויסגעלאָזט האָט זיך, אַז די שרפה פון סטאַראָסיליע איז גאָר געווען לטובה. די סטאַראָסיליער נשרפים האָבן דאָרט אין די נייע דערפער, ווו זיי האָבן זיך באַזעצט, געפונען גוטע וווינונגען און פולע שייערן מיט תבואה און קאַרטאָפל. און דער עיקר, זיי האָבן זיך געראַטעוועט פון דער עפּידעמיע, וועלכע האָט אַ גאַנצן ווינטער געבושעוועט אין שטאָט. אין קורצן איז דער אַרויספאָר פון דראָהיטשין געוואָרן באַגרענעצט. דער בריקביים זאַמד איז געווען דער גרענעץ, ווייטער פון דאַנען האָט מען נישט געטאָרט גיין. אויף יענער זייט האָט שוין געהייסן „אָפּאָזיציאָנס־געביט", מלחמה־געביט. מען האָט אפילו אויף דעם נייעם בית־עולם נישט געטאָרט קומען, סיידן מען האָט געהאַט אַ ספּעציעלע דערלויבעניש פון דייטשישן קאָמענדאַנט. האָט מען טאַקע די מתים געמוזט מקבר זיין אויף דעם אַלטן בית־עולם.

יא.

## דער נייער שטאָט־קאָמיטעט

ווי געזאָגט איז שטאָט נישט געווען צופרידן פון איר בירגערמייסטער, וועלכער איז געווען אַ לאָדזשער און איז געווען פרעמד די יידן פון דראָהיטשין. האָט מען אַוועקגעשיקט אַ ביטע צום דייטשישן קאָמענדאַנט, אַז שטאָט פאַרלאַנגט אויסצוקלייבן אַ נייעם בירגערמייסטער. דער קאָמענדאַנט, וועלכער איז געווען אַ גאַנץ ליבעראַלער מענטש, איז מרוצה געוואָרן אויף דער בקשה און געהייסן רופן אַ פאַרזאַמלונג פון שטאָט בעלי־בתים, און ער וועט אויך קומען צו דער זיצונג.

צו דער באַשטימטער צייט איז דער קאָמענדאַנט מיט זיינען לויטענאַנטן, ווי אויך דער בירגערמייסטער, געקומען צו דער פאַרזאַמלונג. דער קאָמענדאַנט האָט אַריינגערופן יעדן איינעם אין אַ באַזונדער צימער און געפרעגט וועמען מען וויל פאַר אַ בירגערמייסטער. יעדער איינער האָט אָנגעגעבן מיין נאָמען. לסוף האָט דער קאָמענדאַנט געהייסן מיר זאָלן פון צווישן זיך אויסוויילן אַ דעלעגאַציע פון 4 פערזאָן און קומען מאָרגן אין קאָמעדאַנטור וועט ער געבן זיין ענטפער. אויף מאָרגן זיינען מיר פיר (זכריה שמיד; הערשל חיים לעוו, דער רימער; ליפּמאַן עזריאל'ס, פעלדמאַן; און מיין וויניקייט) געקומען צו דעם קאָמענדאַנט, וועלכער האָט אונדז דערקלערט פאָלגענדעס: בירגערמייסטער וועט זיין דער אַלטער ווי געווען. נאָר אַזוי ווי אַלע יידן האָבן צוטרוי צו מיר, על־כן, וועט ער מיך באַשטימען אַלס אויפזעער איבער די פינאַנצן, ד"ה, קאַסירער. און די איבעריקע 3 פערזאָן וועלן אויך געהערן צום קאָמיטעט. ער האָט אויסגעשאַפט, האָט דער קאָמענדאַנט ווייטער פאָרטגעזעצט, אַ וואַגאָן צוקער און אַנדערע שפּייז. מיר, דער קאָמיטעט פון פיר, וועלן דאָס דאַרפן פאַרטיילן דעם צוקער און די שפּייז צו אַלע געמיינדעס און אין שטאָט גופא. דער קאָמענדאַנט האָט אונז גלייך אַרויסגעגעבן פּאַפּירן, באַפולמעכטונגען, וואָס האָט געהייסן, אַז פון היינט אָן זיינען מיר פיר דער פאַקטישער שטאָט־קאָמיטעט.

דער קאָמיטעט האָט זיך גלייך גענומען צו דער אַרבעט. מען האָט געדונגען אַ גרויסן שפּייכלער (ביי אַלטער דעם סאָכער), ווו מען זאָל אַראָפּלייגן דעם צוקער. אין קורצן איז טאַקע אָנגעקומען דער ערשטער וואַגאָן צוקער. דער יידישער קאָמיטעט האָט פאַרטיילט דעם צוקער צו אַלע אַרומיקע ישובים און, פאַרשטייט זיך, צו אַלע דראָהיטשינער יידן, לויט דער גרויס פון די פאַמיליעס. די שטאָט האָט אָנגעהויבן אָפּלעבן. חדשים לאַנג האָט מען נישט אָנגעזען קיין שטיקל צוקער אין די אויגן. עס איז נישט געווען מיט וואָס צו פאַרזיסן אַביסל וואַסער פאַר די טיפוס־קראַנקע. איצט האָט מען געקענט מחיה זיין די קראַנקע מיט אַ ביסל וואַרעמס. פון דעם ריוח, וואָס דער שטאָט־קאָמיטעט האָט אַריינגענומען פון דעם צוקער, האָט מען אויסגעהאַלטן דעם שפּיטאָל, וואָס האָט זיך געפונען אין די דריי הייזער, וועלכע זיינען פול געווען מיט חולאים. [עס דאַרף דאָ באַמערקט ווערן, אַז די הויפּט־טוערין אין שפּיטאָל איז געווען כאַשע די בראָנערקע, הערשל חיים'ס פרוי, זי איז אַרומגעגאַנגען אַרום די קראַנקע און געאַרבעט מיט איבערמענטשליכע כוחות ביז וואַנען זי האָט זיך אַליין אַריינגעלייגט אין שפּיטאָל.] פון דעם זעלבן געלט האָט מען אויך פאַרריכט די צעשטערטע באָד און די מקוה און מען האָט שוין אויך אָנגעהויבן טראַכטן וועגן בויען אַ בית־מדרש.

קיין קראָמען זיינען נישט געווען די גאַנצע צייט פון דער דייטשישער אָקופּאַציע און מען האָט זיך געמוזט באַנוגענען מיט די שפּייז, וואָס דער קאָמיטעט האָט אויסגע־

בעטן ביים קאָמענדאַנט. פאַרשטייט זיך, אַז דער קאָמיטעט האָט דעם קאָמענדאַנט באַדאַנקט מיט מתנות און פּרעזענטער. ביי יעדער געלעגנהייט, וואָס דער קאָמיטעט האָט געגעבן דעם קאָמענדאַנט אַ דאַנק־פּרעזענט, פלעגט ער זיך פאָטאָגראַ־פירן צוזאַמען מיטן יידישן קאָמיטעט און אָפּשיקן די פאָטאָ־גראַפיע קיין בערלין, צו ווייזן דאָרט, ווי „באַליבט" די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט איז ביי די יידן... מיר, דער יידישער קאָמיטעט, זיינען אָנגעגאַנגען מיט אונזער אַרבעט ביז די דייטשן האָבן פאַרלאָזן דראָהיטשין.

יב.

## די דייטשע אייזערנע דיסציפּלין

ביסלעכווייז האָט מען זיך אָנגעהויבן צוגעוווינען צו דעם אַרט לעבן. די איינציקע זאַך, וואָס האָט געדריקט אויף



יידישער קאָמיטעט גיט אַ מתנה דעם דייטשן קאָמענדאַנט אין 1916. פון רעכטס: זכריה שמיד, בירגערמייסטער (מיט דער פאָן) הערשל חיים לעוו, הרב מרדכי מינקאָוויטש, ליפּמאַן פעלדמאַן, ירמיה גראָסמאַן און איטשע מישאָווסקי (לעצטע צווי: מיליץ)

דעם געמיט איז געווען די דייטשישע סאָלדאַטסקע דיסציפּלין און די צוואַנג־אַרבעט. מען האָט זיך געפילט ווי אַ געפאַנגע־נער, נאָך ערגער ווי אַ קנעכט: דאָ גיי נישט, דאָס טו נישט א.א.וו. אַלע יידישע יונגעלייט האָבן געמוזט גיין אויף חדשים לאַנג האַקן די ביימער אין די וועלדער, וואָס זיינען טראַנס־פּאָרטירט געוואָרן קיין דייטשלאַנד. זיי האָבן צענומען די פויערישע כאַטקעס אין די דערפער און מיט דעם געהילץ גע־פלאַסטערט די בלאָטיקע וועגן און געבויט שאָסייען. די יידישע יונגעלייט זיינען געשלאָפן אין פּאַלאַטקעס אין די גרעסטע רעגענס און פרעסט. איז נישט קיין ווונדער, אַז נאָכן אָפּזיין עטלעכע וואָכן אויף צוואַנג־אַרבעט זיינען זיי געקומען אַהיים צעבראָכענע און קראַנקע.

אין שטאָט גופא האָט קיינער נישט געטאָרט גיין ווייטער פון בריק. האָט איינער פאַרבלאָנדזשעט אַ פּאָר טריט ווייטער פון בריק, האָט אים דער דייטשישער פּאַטרול צוגעבונדן צום בריק און ער האָט אַזוי געמוזט אָפּשטיין, אַ צוגעבונדענער, ביז נאַכט. לויטן דייטשישן באַפעל האָט מען נישט געטאָרט באַלייכטן אַ הויז, אין די אָוונטן, מער ווי מיט איין נאַפט־לעמפּעלע. דעם ערשטן פרייטאָג־צונאַכט האָבן די ווייבער געבענטשט ליכט און געלאָזן ברענען די ליכט מיט די לעמפּעלאַך. די דייטשע וואַך־סאָלדאַטן זיינען געגאַנגען פון הויז צו הויז און פאַרשריבן די נעמען. אויף צו מאָרגנס, שבת פרי, האָבן די דייטשן אַרויסגעטריבן אַלע פאַרשריבענע פרויען אויפן מאַרק, אויסגעשטעלט זיי אין רייען ווי סאָל־דאַטן, און געהייסן זיי מאַרשירן צום בריק, וווּ זיי זיינען, אַלס שטראָף, אָפּגעשטאַנען, אונטער אַ וואַך פון באַוואָפנטע דייטשן, 4 שעה נאָכאַנאַנד. די ווייבער זיינען, נעבאַך, געשטאַנען אין איינע שרעק, טאָמער, וועלן די מענער אויפעסן די טשאָלענטס און פאַר זיי גאָרנישט איבערלאָזן...

יג.

## יידן פאַרנעמען זיך מיט ערד־אַרבעט

די מערהייט פון די יידן האָט זיך, אין פאַרלויף פון די מלחמה יאָרן, פאַרנומען מיט ערד־אַרבעט. יעדער איינער האָט פאַרנומען אַ שטיק פעלד, וועלכע איז געבליבן פאַרלאָזט פון די אַנטלאָפענע פויערים און עס באַאַרבעט אַזוי גוט ווי די געניטסטע ערד־אַרבעטער. אַ סך פון די דאָזיקע יידן האָבן געהאַט גענוג ברויט און קאַרטאָפל פאַר זיך און אויך צום פאַרקויפן. געווען אויך אַזעלכע, וואָס איז זיי נישט אָנגעשטאַנען צו ליגן אויף די פעלדער, האָבן זיי טאַקע געמוזט צאָלן אַ גוטן פרייז פאַר אַ פוד קאָרן, און צייטנווייז אויך גוט צוגעהונגערט.

די יידן, וועלכע האָבן געזייט פעלדער האָבן אויך געהאַלטן בהמות און אַזוי אַרום געהאַט פאַר זיך מילך, פוטער און קעז. קיין פאַשע פאַר די בהמות האָט נישט געפעלט. די צרה איז געווען ווו נעמט מען פאַסטוכער? ווייל קיין גוי'שע פאַסטוכער זיינען נישט געווען. האָבן זיך אָפּגעזוכט צוויי יידישע יונגעלייט, וועלכע האָבן זיך פאַרדונגען צו פאַשן די יידישע בהמות.

איינמאָל אין אַ פרייטאָג בין איך געגאַנגען באַקוקען מיינע פאַרזייטע פעלדער, ווו נישט ווייט האָבן זיך געפאַשעט אונזערע בהמות. האָב איך אין זיך געטראַכט, וואָס, למשל, קען טאָן אַ יידישער פאַסטוך ערב שבת נאָך האַלבן טאָג? האָב איך זיך אַריינגעזעצט אין די טיפע קאָרן און פונדערווייטנס בעאָבאַכטעט די פאַסטוכער. אַז די בהמות האָבן זיך גוט אָנגעגעסן און צעלייגט זיך אויף דעם גראָז, האָבן די פאַסטוכער אַרויסגענומען פון זייערע טאָרבעס סידורים און אָנגעהויבן זאָגן שיר השירים מיט אַזאַ ניגון, אַזש עס איז צעגאַנגען אין אַלע גלידער. דאָס זיינען געווען יידישע פאַסטוכער...

יד.

## געהיימער האַנדל

דעם צווייטן יאָר פון דער דייטשישער אָקופּאַציע האָט זיך דאָס לעבן אָנגעהויבן צו נאָרמאַליזירן. די עפּידעמיע האָט זיך פאַרקלערט. יידן האָבן אָנגעהויבן מאַכן צעביסלעך מסחר. מען האָט געקויפט און פאַרקויפט, פון האַנט צו האַנט, נאַטירלעך, אומלעגאַל. פון פינסק פלעגן יידן, מיט דער דערלויבעניש פון דער קאָמענדאַנטור און מיט אַ דייטשישן באַגלייטער אויפן וואָגן, קומען קיין דראָהיטשין און ברענגען אין די וועגענער, — מיט דער שטילער הסכמה פון דעם דייטשישן באַגלייטער... — פאַרשיידענע סחורות, ווי, לעדער, שניט, כלים א.א., וועלכע זיי פלעגן דאָס אויסטוישן אויף אַ זעקל קאָרן אָדער עטלעכע פוד קאַרטאָפל, וועלכעס איז דאַן געווען פאַר די פינסקער יידן, וואָס האָבן געליטן הונגער, די בעסטע סחורה.

פון בריסק, ביאַלע, מעזריטש און אַנד. שטעט, פלעגט מען שמוגלען אין די וועגענער קיין דראָהיטשין, מערסטנטייל, שניט־סחורה, וועלכע מען האָט אויסגעטוישט אויף תבואה אָדער אַנדערע סחורות. איינמאָל האָט מען זיך דערוווּסט, אַז אין סלאָנים איז פאַראַן צו קויפן שניט־סחורה, האָבן יידן, וועלכע האָבן קיינמאָל נישט געוווּסט די באַדייטונג פון מאַניפאַקטור, אַ לאָז געטאָן זיך קיין סלאָנים און געברענגט פעקלעך מאַניפאַקטור קיין דראָהיטשין. מען האָט נישט געפרעגט קיין פרייזן. מען האָט געצאָלט וויפיל נאָר דער פאַרקויפער האָט געבעטן. מען איז אַזוי לאַנג געפאָרן קיין סלאָנים ביז די שניט־סחורה דאָרט האָט זיך אויך אויסגעלאָזט.

שפּעטער האָט זיך פאַרשפּרייט דער האַנדל פון שנאַפּס. מאַנכע יידן האָבן מיט דער דערלויבענש פון דער דייטשישער קאָמענדאַנטור (נאַטירלעך, פאַר גוטע פּרעזענטער), אָנגעהויבן אויספּאָמפּען דעם שפּירט פון דער ערד, וואָס די רוסן האָבן פאַר זייער אָפּטרעטן אַרויסגעלאָזט פון די ברייזער. באַזונדערס, האָט זיך זייער שטאַרק געריכעוועט מיט דעם בראָנפן־מסחר, אין זאַקאַזעליע. ספּעציעלע גרויסע מאַשינען זיינען דאָרט געווען אינסטאַלירט, וואָס האָבן געפּאָמפּעט דעם שנאַפּס פון דער ערד. פאַרנומען מיט דעם האָבן זיך אַממייסטן די יידן פון וואַלעוועל, ווי אויך פון דראָהיטשין. פיל יידן זיינען פון דעם בראָנפן־מסחר שטיין־רייך געוואָרן.

די גאַנצע דריי יאָר פון דער דייטשישער אָקופּאַציע איז געווען אין פאַרקער, נאַטירלעך, דער דייטשישער מאַרק, און די רוסישע פאַפּירענע רובלס. די גאָלדענע רובלס, האָט דער דייטש גלייך פון אָנהויב אַרויסגעצויגן פון אומלויף. דער דייטש האָט זיך באַנוצט מיט אַ שווינדל: ער האָט זייער אָפּט אַרויפגעלייגט אויף דער ציווילער באַפעלקערונג שטראָפן און געהייסן צאָלן אין גאָלדענע רוסישע רובלס... שפּעטער האָבן זיך אָנגעהויבן ווייזן אין אומלויף נייע קנאַקענדיקע רוסישע פאַפּירענע רובלס. נאָך שפּעטער האָט מען די אַלטע רוסישע רובלס אינגאַנצן אויפגעהערט צו נעמען. פיל יידן האָבן דערביי פאַרלאָרן אַ סך געלט. צום סוף האָט מען אָנגעהויבן אויך אויסצובראַקירן די נייע רוסישע רובלס. אויב עס האָט נאָר געהאַט אַ קליינע לעכעלע האָט שוין נישט געטויגט. און יידן האָבן ווידער פאַרלאָרן געלט. פון וואַנען די האָסע און די בעסע אויף די רוסישע רובלס האָט זיך גענומען האָט קיינער נישט געוווּסט.

טו.

## דאָס שטעטל הויבט זיך אָן אָפּבויען

זעענדיק ווי די דייטשן האַקן אויס די וועלדער און פירן אַרוס דאָס געהילץ קיין דייטשלאַנד, האָבן זיך די יידן באַרעכנט, אַז זיי קענען אויך טאָן דאָס זעלבע. מען האָט זיך באַזאָרגט מיט „שיינען" פון דעם קאָמענדאַנט און מען האָט אָנגעהויבן פאָרן אין די וועלדער האַקן די בוימער און ברענגען אין שטאָט אַריין. ווער עס האָט געהאַט אַ פערד־און־וואָגן האָט דאָס אַליין געטאָן, און ווער עס האָט נישט געהאַט קיין

אייגענעם פערד־און־וואָגן האָט געדונגען אַ פרעמדן. עס איז אָנגעגאַנגען אַן אמת'ער געיעג, ווער עס קען אַריינפירן מער קלעצער אין שטאָט. אַנדערע זיינען געפאָרן אין די דערפער און האָבן אַריבערגעפירט גאַנצע פויערישע הייזער און עס אויפגעשטעלט אויף זייערע פלעצער. אין פאַרלויף פון אייניקע חדשים זיינען אויפגעקומען אין שטאָט פיל נייע הייזער.

אויף דעם זעלבן אופן האָט זיך גענומען אָפּבויען דער אַלטער בית המדרש, ווי אויך דער גאַס בית־המדרש. ווער עס האָט נאָר געהאַט אַ פערד־און־וואָגן האָט זיך מנדב געווען צו ברענגען קלעצער פון וואַלד. בעלי־מלאכות האָבן מנדב געווען זייער אַרבעט. אַנדערע האָבן געהאָלפן מיט געלד און אין אַ קורצער צייט איז אויפגעשטעלט געוואָרן דער זרוב פון דער אַלטער שוהל.

טז.

## די דייטשן גייען אַוועק און די פּאָליאַקן קומען אָן

נאָכדעם, ווי די דייטשן האָבן פאַרלאָזן דראָהיטשין איז די שטאָט געבליבן הפקר, אָן אַ ציווילער מאַכט. שטאָט האָט אויף דער גיך אָרגאַניזירט אַ יידישע שוץ־וואַך, וועלכער מען האָט באַוואָפנט מיט עטלעכע פאַרזשאַווערטע ביקסן, און וועלכע האָט געוואַכט איבער דער שטאָט קעגן איבערפאַלן פון דרויסן.

מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער איז קיין דראָהיטשין אַריין אַן אָפּטיילונג באָלשעוויקעס, וועלכע זיינען זייער פיין אויפגענומען געוואָרן מצד דער באַפעלקערונג. מען האָט די געסט אַריינגענומען אין די הייזער און געגעבן זיי עסן און טרינקען.

די באָלשעוויקעס פון זייער זייט האָבן זיך זייער איידל אויפגעפירט און האָבן צוגעזאָגט די יידן הרים וגבעות.

פאַרנאַכט זיינען די באָלשעוויקעס אַוועק קיין אַנטאָפּאָליע. אויף מאָרגן פרי האָבן מיר געזעען געציילטע פון זיי לויפן אין בהלה צוריק. הינטער אַנטאָפּאָליע איז די קליינע אָפּטיילונג באָלשעוויקעס באַפאַלן געוואָרן פון אַ גרויסער אָפּטיילונג פּאָליאַקן און זיי זיינען געוואָרן צעקלאַפּט.

אין דער זעלבער וואָך האָבן אַריינגעמאַרשירט קיין דראָהיטשין די פּאָליאַקן. עס האָט זיך גלייך אָנגעהויבן פילן, אַז עס זיינען געקומען די אמת'ע „בעלי־בתים"... די פּאָליאַקן



ערשטע שורה פון רעכטס: העסקע פעלדמאַן, וועלוועל מישאָווסקי, מאַניע פּאַדאַראָווסקי. צווייטע: גדליה קאַפּלאַן, שיינקע פעלדמאַן, חיים לייב אייזענשטיין, אסתר מישאָווסקי. דריטע: לאה מענדעלסאָן, סאָניע פּיאַסעצקי, הערשל שקאָלניק און יוסף פעלדמאַן.

האָבן גלייך געוויזן וואָס זיי קענען. גראָד איז ביי איין ייד געשטאָרבן, ל"ע, אַ קינד, האָט ער עס געפירט אויף דעם בית־עולם צו מקבר זיין. די פּאָליאַקן האָבן אויף אים געשאָסן און דער'הרג'עט דעם פערד. נאָך אַ גליק וואָס דער ייד איז אַרויס אַ גאַנצער. אין אַנדערע שטעט האָבן די פּאָליאַקן באַוויזן נאָך גרעסערע „גבורות" אין באַצוג צו יידן...

די פּוילישע אַרמיי איז געווען גוט אויסגעשטאַטעט מיט אַלערליי מינים מאָדערנע געווער און געווען גוט געקליידעט. איין טאָג זיינען די פּאָליאַקן געשטאַנען אין דראָהיטשין, און אין דער קורצער צייט האָבן זיי אויפגעכאַפּט אַלע עופות אין שטאָט. אין אָוונט זיינען די פּאָליאַקן אַוועק קיין יאַנאָווע. אין שטאָט איז פאַרבליבן אַ קאָמענדאַנט מיט פּאָליציי צו היטן די אָרדענונג. עס האָט זיך אויך געשאַפן אַ פּוילישער געריכט. אהרן אשר שפרה'ס איז געוואָרן באַשטימט אַלס דער „סאָלטעס" (כמו אַ סטאַרעסטע). דאָס לעבן אין שטאָט האָט זיך אָנגעהויבן צו נאָרמאַליזירן. די יידן האָבן זיך אָנגעהויבן אָפּבויען, און מען האָט געמיינט, אַז מיט דעם איז שוין געקומען אַ סוף צו אַלע צרות...

יז.

## די באָלשעוויקעס טרייבן אַרויס די פּאָליאַקן

מ'האָט קוים באַוויזן אָפּצוכאַפּן דעם אָטעם און שוין האָבן זיך אָנגעהויבן נייע צרות. אַ צוויי חדשים, בסך־הכל, זיינען אַריבער זינט די פּאָליאַקן האָבן זיך באַזעצט אין פּינסקער געגנט און שוין לויפן זיי צוריק, געטריבן פון די באָלשעוויקעס. די יידן אין אַלע שטעט און שטעטלעך, דורכ־

וואָנען די פּאָליאַקן זיינען דורכגעגאַנגען, האָבן אויסגעשטאַנען געברענטע צרות. איך געדענק ווי אַ באַנדע פּאָליאַקן האָבן זיך אַריינגעריסן אין תשעה־באב אין חסידים־שטיבל, ווו מיר האָבן אַלע, אין טלית־און־תפלין און אין זאָקן, געדאַוונט מנחה, און האָבן די פון תענית־פאַר׳חלש׳טע יידן פאַרנומען צו טרייבן זייערע סטאַדעס אָנגערויבטע בהמות קיין אַנטאָ־פּאָליע. דאָס איז נאָך געווען פון די קליינע זאַכן. באַנדעס באַוואָפנטע פּאָליאַקן זיינען געלאָפן ווי די צעיושעטע חיות פון שטוב צו שטוב און האָבן גערויבט און געשלאָגן מכות רצח. זיי פלעגן אַראָפּציען די שטיוול און די שיך פון יעדן יידישן מאַן און פרוי. אין די נעכט, ליגנדיק אויפן בוידעם, פלעגט מען הערן גרוילעכע יללות, וועלכע האָבן זיך גע־טראָגן פון יידישע הייזער, ווו די באַנדיטישע פּאָליאַקן האָבן זיך געלאָזן ווילגיין איבער די הילפלאָזע יידן. איין טאָג האָבן זיך צו מיר אין הויז אַריינגעריסן אַ פּאָר פּאָליאַקן און גענומען זיך צו מיר איך זאָל זיי געבן געלט. זיי האָבן אויסגעטרייסלט מיינע קעשענעס, און נישט זייענדיק באַפרי־דיקט מיט דער קליינער סומע געלט, האָבן זיי אָנגעשטעלט אויף מיר זייערע ביקסן, איך זאָל זיי ווייזן, ווו איך האָב באַהאַלטן מיין גאָלד, אַז נישט שיסן זיי מיר. עס איז געוואָרן אַ געוויין און אַ יללה פון מיינע בני־בית און קוים מיט צרות האָבן מיר זיך אָפּגעבעטן ביי די רויבערשע פּאָליאַקן. דאָס רויבן, שלאָגן, און שענדן פון די פּאָליאַקן האָט אָנגעהאַלטן אַ גאַנצע וואָך, ביז דער לעצטער רויבערישער פּאָליאַק איז פאַרטריבן געוואָרן פון דראָהיטשין.

ווען די באָלשעוויקעס זיינען אַריין קיין דראָהיטשין זיינען אַלע אַרויס פון די לעכער אויפן גאַס מיט פרייד, וואָס מען איז שוין פּטור געוואָרן פון די פּאָליאַקן. קליינע קינדער האָבן זיך געדרייט אַרום די באָלשעוויקעס, אָן שום מורא, ווי אַרום אייגענע מענטשן.

[איך פּערזענלעך האָב פון די באָלשעוויקעס געליטן אַ שאָדן. ווי באַוווּסט זיינען די באָלשעוויקעס געווען אויס־געהונגערט אויף לעדער און האָבן געזוכט צו קויפן דעם דאָזיקן טייערן אַרטיקל. האָט מען אָנגעוויזן אויף מיר, אַלעס איינעם, וואָס האָט געהאַנדלט מיט לעדער. אַ גרופּע באָלשע־וויסטישע אָפיצירן זיינען געקומען צו מיר און איך האָב זיי אַוועקגעגעבן דאָס גאַנצע לעדער וואָס כ׳האָב געהאַט אין הויז. די באָלשעוויקעס האָבן מיר באַצאָלט מיט זייערע פּאַפּירענע געלט. ווען די נייעס האָט זיך צעטראָגן, אַז ביי מיר קריגט מען לעדער, איז מיין הויז באַפאַלן געוואָרן פון גרופּעס סאָלדאַטן, וועלכע האָבן געזוכט און גענישטערט ביז זיי האָבן דערטאַפּט דאָס לעצטע ביסל לעדער, וואָס איך האָב געהאַט פאַרגראָבן אין גאָרטן, און האָבן עס צוגענומען.]

אַ חוץ דעם אינצידענט, וואָס איז געשען מיט מיר, איז קיין זאַך זאַך נישט פאָרגעקומען. אין שטאָט איז געווען גאַנץ רואיג. מען איז אָנגעגאַנגען מיט דער פעלד־אַרבעט ווי גע־וויינלעך. מען האָט שוין געהאַלטן ביים אויסגראָבן די קאָר־טאָפל פון די פעלדער, די באָלשעוויקעס האָבן נאָך געהאָלפן אין דער אַרבעט. מיר אין דראָהיטשין האָבן אַנדערש נישט געדיינקט, אַז די באָלשעוויקעס וועלן שוין פאַרבלייבן ביי אונז אויף שטענדיק.

## יח.

## די פּאָליאַקן טרייבן צוריק די באָלשעוויקעס

דערווייל האָבן די פּאָליאַקן צוגעקראָגן הילף פון אַנ־דערע מלוכות, ווי אויך פון די פינצטערע באַלאַכאָוויצעס, און האָבן אָנגעהויבן צוטרייבן צוריק די באָלשעוויקעס, וועלכע זיינען שוין געשטאַנען ביי וואַרשע. אַז מיר האָבן דערפאַרן פון די נייעס, אַז די באָלשעוויקעס ציען זיך צוריק און אַז מיר וועלן דאַרפן פון דאָסניי אַדורכלעבן די צרות פון די אָנ־קומענדיקע פּאָליאַקן מיט זייערע שותפים, די באַלאַכאָוויצעס, די מערדער, — איז אויף אונז אָנגעפאַלן אַ שרעקלעכער פחד. נישט לאַנג וואַרטנדיק, קורץ פאַר ראש השנה, האָבן זיך אין שטאָט באַוויזן די ערשטע אָפּטרעטנדיקע באָלשע־וויסטישע חילות. אייניקע טעג פאַר יום־כפור איז די שטאָט פול געוואָרן פון באָלשעוויקעס. אַלע יידן פון די דערפער אַרום, האָבן, אויס מורא פאַר די באַלאַכאָוויצעס, אַריינגעקליבן זיך אין שטאָט.

איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן יענעם יום־כיפּור, די שרעק, וואָס איז געפאַלן אויף אונז אַלעמען. איך האָב דאַן, אַלס שליח־ציבור, געדאַוונט מוסף אין דעם חסידים־שטיבל. אַלע פרויען זיינען אַוועק אויף דעם אַלטן בית־עולם צו רייסן די קברים. זייערע געוויינען און געשרייען, וועלכע האָבן זיך געריסן אין הימל אַריין, האָבן מיר אַזש געהערט אין שוהל און מיר האָבן אַלע מיטגעוויינט מיט זיי... אַז דער עוויגער זאָל רחמנות האָבן און ראַטעווען אונז פון די מערדע־רישע באַלאַכאָוויצעס...

דעם ערשטן טאָג סוכות האָט זיך איבער דראָהיטשין אָנגעהויבן די איבערשיסונג פון די פּאָליאַקן און די באָל־שעוויקעס. די סנאַראַדן פון די האַרמאַטן פון ביידע זייטן זיינען געפלויגן איבער אונזערע קעפּ און פיל פון זיי זיינען געפאַלן אין שטאָט. אַ פּאָר שעה בלויז האָט אָנגעהאַלטן די באָמבאַדירונג און ס׳איז שטיל געוואָרן. מיר זיינען דאַן אַרויס פון די קעלערן און גריבער און אַריין צוריק אין די הייזער און אַרויסגעקוקט דורך די פאַרהאַנגענע פענסטער און געזען, ווי די פּוילישע אָפּטיילונגען מאַרשירן אַריין אין שטאָט. קיינער האָט אָבער נישט געוואַגט זיין קאָפּ אַרויסשטעקן. אַלע האָבן געלעבט אין שרעק פאַר דעם קומענדיקן מאָרגן.

## יט.

## מיר זיינען אין סכנה

נאָכדעם ווי די פּאָליאַקן האָבן אָפּגעמאַרשירט צום פראָנט, צו פינסק, איז די שטאָט פאַרבליבן הפקר אָן קיין שום מאַכט. אַ פּאָר זשאַנדאַרן האָבן זיך געפונען אויפן זאַמד, אָבער זייער ווירקונג, אַלס זיכערקייט פאַרן שטאָט, איז געווען אַ מינימאַלע.

באַנדעס באַלאַכאָוועצעס פֿלעגן זיך אָפּרייסן פֿון דער פּוילישער אַרמיי, אַריינכאַפּן זיך אין די שטעט און שטעטלאַך און אָנמאַכן חורבנות. אַזוי האָבן די באַלאַכאָוועצעס דורכגעפֿירט אַ מורא׳דיקע שחיטה אין קאַמין־קאַשירסק, וווּ די באַנדיטן האָבן דער־הרג׳עט 90 יידישע נפשות. צווישן זיי אויך דעם שוחט, וועלכן זיי האָבן געקוילעט מיט זיין אייגענעם חלף...

גרויסע אָפּטיילונגען באַלאַכאָוועצעס זיינען אויך געווען אויסגעשטעלט אַרום דראָהיטשין. בייטאָג פֿלעגן מיר זיי נישט זען. נאָר אין די נעכט פֿלעגן זיי זיך אַריינכאַפּן אין שטאָט און רויבן און פּלינדערן. מיר האָבן געלעבט אין אייביקע שרעק פֿאַר אונזערע לעבנס. איז באַשלאָסן געוואָרן צו אָרגאַניזירן אַ וואַך פֿון יידישע יונגעלייט און ברענען גרויסע פֿייערן אין די נעכט אין פֿיר ערטער פֿון שטאָט: לעבן גאַס־בית־המדרש; אויפֿן מאַרק, לעבן מעשל אָווערבוך; אַ דריטן ביים בריק און אַ פֿערטן אויפֿן זאַמד. קיין מענטשן אַרום די פֿייערן האָבן נישט געפֿעלט. אַלט און יונג זיינען אָפּגעזעסן גאַנצע נעכט לעם די פֿייערן, אָדער געשפּאַצירט פֿון איין פֿייער צום צווייטן. פֿיל יידן האָבן זאָגאַר אויסגעקליבן דעם זיכער־סטען פּלאַץ צו מאַכן זייערע נאַכט־געלעגערס אַרום די פֿייערן. דער דאָזיקער מיטל האָט געווירקט און די באַנדיטן האָבן זיך נישט געוויזן אין שטאָט.

כ.

## די בעלאַכאָוועצעס מאַכן אַ שחיטה אין זאַקאָזעליע

אין אַ געוויסן טאָג איז אַרויס אַ קלאַנג, אַז עס זיינען אָנגעקומען גרויסע אָפּטיילונגען פֿון באַלאַכאָוועצעס און האָבן זיך באַזעצט אין בראָנער הויף, לעבן דראָהיטשין. שטייענדיק אַזוי לעבן אליה לייבקעס הויז, זע איך ווי אַ באַלאַכאָוועץ איז צוגעריטן צו דעם הויז. זיין פּנים האָט געהאַט אַן אויסזען פֿון אַן אַמת׳ן רוצח און ער האָט אַן אויפֿהער געפּאַכעט מיט אַ קאָזאַצקער נאַהאַיקע. נאָכ׳ן אָפּזאַמען זיך אַ האַלבע שעה אין אליה לייבקעס הויז, איז דער באַלאַכאָוועץ אַרויסגעקומען אַן אויפֿגערעגטער, האָט זיך געזעצט אויף זיין פֿערד און איז פֿאַרשוווּנדן פֿון שטאָט.

די ידיעה פֿון דעם אָנקומען פֿון דעם באַלאַכאָוועץ, וועלכעס האָט קיין גוטס נישט אָנגעזאָגט, האָט זיך בליץ־שנעל פֿאַרשפּרייט איבערן שטאָט און האָט אָנגעוואָרפֿן אַ שרעק און אַ מורא אויף אַלעמען. מיט אַמאָל זיינען אַלע גאַסן געוואָרן אויסגעליידיקט פֿון מענטשן און מען איז אַריין אין די באַהעלטענישן.

שפּעטער האָט מען זיך דערוווּסט, אַז דער באַלאַכאָוועץ האָט ווירקלעך געפּלאַנעוועט צו מאַכן אין שטאָט אַ שחיטה. נאָר, ווען דער באַלאַכאָוועץ איז אַריינגעקומען אין אליה לייבקעס הויז, האָט זיך דאָרט, ווי אַ נס מן השמים, גראָד געפֿונען דער פּוילישער זשאַנדאַר, פּינטאַקאָווסקי (פֿון דער באַוווּסטער פֿאַמיליע פּאַליאַקן, וועלכע האָבן געוווינט פֿון יאָרן לעבן דראָהיטשין). פּינטאַקאָווסקי האָט גלייך געפּרעגט דעם באַלאַכאָוועץ וואָס ער טוט דאָ אין שטאָט. דערהערנדיק, אַז די באַלאַכאָוועצעס ווילן מאַכן אַ פּאָגראָם אין שטאָט, האָט אים פּינטאַקאָווסקי גלייך דערקלערט, אַז ער איז דאָ באַשטימט געוואָרן פֿון דער פּוילישער מאַכט אָפּצוהיטן די זיכערקייט פֿון שטאָט און באַפֿוילן דעם באַלאַכאָוועץ אָפּצוטראָגן זיך פֿון דאַנען. דער באַלאַכאָוועץ, ווי געזאָגט, האָט געמוזט פֿאַרלאָזן די שטאָט אַן ענטווישטער.

זעענדיק, אַז זיי קענען גאָרנישט אויפֿטאָן אין דראָהיטשין, זיינע די באַלאַכאָוועצעס, נאָך די זעלבע נאַכט באַפֿאַלן דעם הויף זאַקאָזעליע, וווּ עס האָבן זיך געפֿונען אַ צענדליק יידישע פּליטים משפּחות און האָבן דאָרטן אויסגעמאָרדעט 17 יידישע נפשות. עזרא מישיוועריס זון האָבן די באַנדיטן דערשאָסן ליגנדיק אַ קראַנקער אין בעט, ווי אויך זיין מוטער,




מצבות פֿון לאה לעוו און קינדער, שמואל און טייבל (עזרא מישיווערס פֿאַמיליע), און נאָך 14 נפשות געשאָכטן פֿון די באַלאַכאָוועצעס: ב׳ חשון, תרפ״א, 1921. — די הרוגים ליגן אויף דעם דראָהיטשינער בית־עולם.

וועלכע האָט געוואַכט איבער אים. דער טאָכטער, וועלכע איז אַנטלאָפֿן און באַהאַלטן זיך אויף אַ בוים, האָבן די רוצחים איר דערשאָסן אויפֿן בוים. אָפּטוענדיק די מערדערלעכע שטיקל אַרבעט איז דער עשאַלאָן באַלאַכאָוועצעס אָפּגעפֿאָרן ווייטער צו פּינסק צו.

די יידן פֿון וואָליוועלער דאָרף האָבן נאָך די זעלבע נאַכט דערוווּסט זיך פֿון דער שחיטה. זיי זיינען גלייך געקומען

צולויפן קיין זאַקאַזעליע, און די איינציקע זאַך וואָס זיי האָבן געקענט טאָן, איז צו זאָגן תהלים ביי די הרוגים. אויף צו־מאָרגנס האָבן זיי געשיקט אַ שליח קיין דראָהיטשין אָנצוזאָגן וועגן דעם שרעקלעכן מאָרד. עס איז אונמעגלעך צו באַ־שרייבן דעם רושם, וואָס די זאַקאַזעליער שחיטה האָט אויף אונדז געמאַכט. נאָך גרעסער איז געווען דער טרויער, ווען די זאַקאַזעליער קדושים זיינען מיט איניקע טעג שפּעטער געבראַכט געוואָרן צו קבורה אויף דעם דראָהיטשינער בית־עולם. די גאַנצע שטאָט האָט מיט געוויינען און יללות באַגלייט די 17 הרוגים צו זייער אייביקער רו...

די זאַקאַזעליער שחיטה איז געווען אַ וואָרענונג פאַר אַלע יידן. עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו פאָרן קיין קאָברין, ווו עס האָט זיך שוין געפונען אַ פּוילישער קאָמענדאַנט מיט פּיל פּאָליציי, און בעטן ביי דעם דאָרטיקן קאָמענדאַנט פּאָליצייאישע־שוץ פאַר דראָהיטשין. די פראַגע איז נאָר געווען ווער זאָל פאָרן? ווער וועט דאָס וועלן צו ריזיקירן מיט זיין לעבן צו פאָרן אַזאַ לאַנגע שטרעקע מיטן פור קיין קאָברין? (קיין באַנען זיינען דאַן, צוליב דער צעשטערונג פון די באַן־וועגן, נישט געגאַנגען.) עס האָט זיך דאָך אָפּגעזוכט איין געוואַגטער ייד, וועלכער האָט איינגעשטעלט זיין לעבן און איז געפאָרן קיין קאָברין. דאָס איז געווען דער פריערדיקער סאָלטיס, אהרן אשר טאַלקאָווסקי. יהי שמו זכור לטוב!

## כא.

## די בעלאַכאָוויצעס ווילדעווען אין דראָהיטשין

דערווייל, אין דער צייט, וואָס אהרן אשר איז אַוועקגע־פאָרן קיין קאָברין זיינען געקומען אין שטאָט 4 פּוילישע זעלנער און האָבן געזוכט פלעצער, ווו צו באַקן ברויט פאַר די סאָלדאַטן, וואָס האָבן געאַרבעט אויף דער באַן־ליניע. עס איז באַשטימט געוואָרן, אַז זיי זאָלן זייער ברויט באַקן ביי מיר אין הויז און ביי מיין שכן, הערשל דעם שוסטער. די סאָלדאַטן האָבן אויך געמאַכט זייער קוואַרטיר ביי הערשלען אין הויז. מיר האָבן זיך איינגעלעבט מיט די עטלעכע פּוילישע סאָלדאַטן און האָבן זיך געשפּירט זיכערער.

אויף דער דריטער נאַכט, אַרום 12 אַזייגער, הערן מיר פּלוצלונג אַ קלאַפּעריי אין טיר. פון די געשרייען האָב איך דערקענט, אַז דאָס זיינען באַלאַכאָוויצעס. איך האָב גלייך אַרויסגעשיקט מיין פרוי און קינדער דורכן פענסטער און געהייסן זיי זאָלן לויפן צו הערשלען אין הויז. ווען איך האָב געעפנט דער טיר, האָבן מיט שטורעם אַריינגעריסן זיך פיר באַלאַכאָוויצעס מיט רעוואָלווערן און האָבן געפאָדערט פון מיר, איך זאָל זיי גרייטן אַ טיש מיט ברויט, פּוטער, אייער, קעז און מילך; איך זאָל זיי אויך אָפּגעבן די דאָלאַרן און צירונג. אויב איך וועל נישט אויספירן זייער באַפעל, האָבן זיי מיר געסטראַשעט, וועלן זיי טאָן מיט מיר, ווי זיי האָבן געטאָן צו די יידן אין קאַמין־קאַשירסק פון וואַנען זיי קומען איצט צופאָרן. דערביי האָבן זיי אָנגעהויבן נאָכקרימען, ווי די יידישע פרויען פון קאַמין־קאַשירסק האָבן געשריען און געוויינט בעת דער הריגה. די באַנדיטן האָבן זיך צעזעצט אַרום טיש און איך האָב אָנגעהויבן אַרויפשטעלן אויפן טיש, וואָס נאָר איך האָב געקענט געפינען אין שטוב.

אין דער צייט, וואָס איך האָב געהאַט צו טאָן מיט די באַלאַכאָוויצעס, איז מיין פרוי און קינדער אַריינגעלאָפן מיט אַ געשריי צו הערשל פּאָפּינסקי׳ן אין הויז און האָבן אויפ־געוועקט די פּוילישע זעלנער. דערהערנדיק דאָס וואָרט „באַ־לאַכאָוויצעס“, האָט זיך דער עלטסטער פון זיי גלייך אָנגעטאָן, גענומען זיין ביקס און אַריינגעקומען אין מיין הויז. האָבן אים די באַלאַכאָוויצעס געפרעגט, וואָס ער טוט דאָ אַזוי שפּעט אין דער נאַכט? האָט דער פּאָליאַק געענטפערט, אַז ער איז גע־קומען איינהייצן דעם אויוון צו באַקן ברויט פאַר זיינע סאָל־דאַטן. און ער האָט זיך גלייך גענומען, לפנים וועגן, פּאַרקען אַרום אויוון. דאָס האָט געווירקט. די „געסט“ האָבן אַראָפּגע־לאָזן זייערע נעזער...

נאָכ׳ן עסן האָבן די באַלאַכאָוויצעס מיר באַפוילן, איך זאָל זיי מאַכן געלעגערס צום שלאָפן. איינער פון דער באַנדע האָט, אַפּנים צו שרעקן מיר, געהאַלטן די גאַנצע צייט זיין רעוואָלווער אָנגעשטעלט אויף מיר. די טיוואָלאַנישע שפּיל איז מיר נישט געפעלן געוואָרן, האָב איך מיט אַ געמאַכטער רואי־קייט און שמייכל אַרויסגענומען דעם רעוואָלווער פון זיין האַנט. דאָס האָט דעם באַלאַכאָוויץ אַביסל צעטומלט, און ער זאָגט צו מיר: „אַ ייד זאָל נישט מורא האָבן צו האַלטן אַ רעוואָלווער אין האַנט?“ די באַנדיטן האָבן זיך צעלייגט שלאָפן און זיינען גלייך איינגעשלאָפן. איך נעם אַרויסגיין פון צימער, ערשט איין באַלאַכאָוויץ גיט מיך אַ רוף אין יידיש. איך בין געוואָרן דערשטוינט און פרעגן אים צי ער איז אַ ייד. ענטפערט ער: „שוויג“. און גיט צו: „מיר וועלן דיר גאָרנישט טאָן. דו מוזט אָבער, געבן אונדז אינדערפרי צוויי טויזנט מאַרק וועלן מיר אָפּפאָרן פון שטאָט.“

אין דערזעלבער נאַכט האָבן מיר געהערט, אַז מאָרגן פרי וועט אָנקומען אין שטאָט אַ גאַנצער פּאָלק באַלאַכאָוויצעס. מען קען זיך פאָרשטעלן ווי מיר האָבן דאַן געפילט. אינדער־פרי האָבן טאַקע די „געסט“ אָנגעהויבן אַריינמאַרשירן אין שטאָט. אַלע גאַסן זיינען מיטאָמאָל געוואָרן פול מיט באַלאַ־כאָוויצעס. איך שטיי אַזוי און קוק אַרויס דורכן פענסטער אויפן גאַס. פּלוצלונג דערזע איך, ווי אַ פאָר פערד־און־וואָגן איז פאַרביי געפאָרן שנעל פאַר מיין הויז. אין וואָגן זיצן זעקס פּוילישע זשאַנדאַרן און עפּעס אַ מאַן שטייט אין וואָגן און פאַכעט מיט אַ זשאַנדאַרמסקער נאַהאַיקע און שרייט לוסטיק. איך האָב אים דערקענט. דאָס איז געווען אונזער אהרן אשר, וועלכער איז געקומען צופאָרן פון קאָברין מיט 6 פּוילישע שומרים און ער האָט ספּעציעל געפאָכעט מיט דער נאַהאַיקע פאַר די באַלאַכאָוויצעס צו ווייזן, אַז די שטאָט איז מער נישט הפקר. אונדז איז טאַקע געוואָרן גרינגער אויף די הערצער...

די 4 באַלאַכאָוויצעס, וואָס זיינען געשלאָפן אין מיין הויז האָב איך געמוזט געבן 2000 מאַרק און זיי האָבן פאַרלאָזן דער שטאָט. דורכפאָרנדיק דורך ליפּניק, אויפן וועג קיין יאַנאָווע,

איז די באַנדע אַריינגעפאַלן צו שלמה דעם ליפּניקער אין הויז און אָנגעהויבן ווייזן שטיק. שלמה׳ס זין האָבן אָנגעהויבן אַנט־לויפן, האָבן די כוליגאַנעס זיי נאָכגעשאָסן און איינעם שטאַרק פאַרווונדעט. (שלמה׳ס זין, די ברידער גוטאָוו מיט זייערע פאַמיליעס געפינען זיך היינט אין שיקאַגאָ.)

***

דער פּאָלקאָווניק פון די באַלאַכאָוויצעס האָט נאָך דעם ערשטן טאָג פאַררופן צו זיך אייניקע בעלי־בתים פון שטאָט און האָט, צו אַלעמענס גרויסער איבערראַשונג, דערקלערט: „מען זאָל קיין מורא נישט האָבן. ער וועט זען, אַז אין שטאָט זאָל זיין שטיל, אָרדענונג. ער וועט אַרויסשיקן פּאַטרולן איבער


ערשטע שורה פון רעכטס זיצן: יהודה זילבערשטיין, עזרא ווייסמאַן, אליהו אייזענשטיין, מנחם אָווערבוך, אברהם גראַטש. שטייען פון רעכטס: שלום גראַטש, דוד עפשטיין, יוסף גראַטש, טעוול זבאַר, איטשע גאָלדמאַן

אַלע גאַסן און יעדער סאָלדאַט, וואָס וועט אָנרירן אַ ייד׳ן וועט באַשטראָפט ווערן. נאָך זעקס אַזייגער אין אָוונט טאָר קיין איין סאָלדאַט זיך נישט געפינען אויף׳ן גאַס.״ „נאָך היינט״, האָט דער פּאָלקאָווניק ווייטער פאָרטגעזעצט, „וועט ער געבן אין שטאָט ווייסע מעל צו באַקן ברויט פאַר זיינע סאָלדאַטן״... [אַפּנים, אַז די דעמאָקראַטן האָבן אויסגעפונען, אַז מען האָט שוין גענוג „קאָמוניסטישע״ „זשידעס״ אויסגע־הרג׳עט... — די רעד.] דער פּאָלקאָווניק האָט זיין וואָרט גע־האַלטן. די קומענדיקע נאַכט זיינען מיר אַלע געשלאָפן רואיג און טאַקע זיך גוט אויסגעשלאָפן פאַר דער גאַנצער צייט. פיל יידישע פאַמיליעס האָבן אָנגענומען צו באַקן דאָס ווייסע ברויט פאַר די באַלאַכאָוויצעס און האָבן דערביי נאָך אָראָפּ־גענומען „חלה״ פאַר זיך און געהאַט די געלעגנהייט צו פאַר־זוכן דעם טעם פון אַ ווייסער (אַמעריקאַנער...) בולקע, וועלכעס מען האָט שוין זינט 1915 נישט אָנגעזען פאַר די אויגן.

אַז מיר פלעגן הערן ווי די באַלאַכאָוויצעס פלעגן זינגען די באַוווסטע פּאָגראָמישע ליד: „ראַסיאַ, ראַסיאַ, זשאַל מניאַ טעביאַ, יעווריייסקיע קאָמיסאַרי גראַביוט טעביאַ״. „רוסלאַנד, רוסלאַנד, אַ שאַד דו ביסט מיר, די יידישע קאָמיסאַרן פּאָ־גראָמירן דיר״... — פלעגט אַ קעלט אַריבערגיין איבער אונ־זערע ביינער. אָט אַזוי האָט מען דאָס פאַר׳סמ׳ט די רוסישע פּויערים מיט יידן־האַס... [און מיט ווייסע בולקעס... — די רעד.] איז נישט קיין וואונדער, וואָס זיי האָבן פאַרגאָסן טייכן יידיש בלוט... אָבער, אַ דאַנק גאָט, מיר האָבן פון די דאָזיקע „אורחים״ אונזערע נישט געהאַט קיין צרות...

***

איידער די באַלאַכאָוויצעס האָבן פאַרלאָזן דראָהיטשין, האָט דער פּאָלקאָווניק געלאָזט רופן צו זיך בעלי־בתים פון שטאָט און געבעטן מען זאָל אים געבן אַ פּאַ־פּיר מיט חתימות, אַז די באַלאַ־כאָוויצעס האָבן זיך גוט אויפגעפירט אין שטאָט. נאַטירלעך, מיר האָבן אים אַזאַ בריוו געגעבן. דאָס האָט געוויזן, אַז די בלוטיקע שפּיל פון די באַלאַכאָוויצעס איז צו ענדע, און זיי דאַרפן ווייזן פאַר דער וועלט זייער „מענטשלעכן״ פּרצוף... [מען האָט שוין, אַפּנים, איינגעזען אין ענגלאַנד און אין אַמעריקע, אַז מיט פאַרגיסן יידיש בלוט וועט מען די באָלשעוויקעס נ י ש ט ב אַ ז י ג ן... — די רעד.] און ווירקלעך, ווי מיר האָבן שפּעטער דערפאַרן, איז טאַקע געקומען דער סוף פון די בלוטיקע ווייס־גוואַרדייער און אַלע רוצחים!

## כב.

## דראָהיטשין אונטער דער פּוילישער מאַכט

נאָכדעם, ווי די באַלאַכאָוויצעס האָבן פאַרלאָזן דראָ־היטשין, האָט די פּוילישע מאַכט איינגעשטעלט אַ ציווילע אַדמיניסטראַציע און עס איז געוואָרן אַביסל אָרדענונג אין שטאָט. שפּעטער, ווען די פּויליש־רוסישע מלחמה האָט זיך פאַרענדיקט, האָט אָנגעהויבן אָנקומען הילף פון אַמעריקע. עס זיינען פון אַמעריקע אַריינגעשיקט געוואָרן אייניקע וואַ־גאָנען רייז, ווייסע מעל, קאַסטענס מלבושים און געלט. ר׳ אליהו אייזענשטיין, וועלכער איז דאַן געקומען אַלס דעלעגאַט קיין דראָהיטשין האָט געבראַכט פיל געלט, געשיקט דורך אים, פון די דראָהיטשינער לאַנדסלייט אין אַמעריקע. אייזענ־שטיין האָט אויך געלאָזט געלט צו בויען אַ תלמוד־תורה אין

צו פֿאַרענדיקן די בתי־מדרשים. באַזונדערס זײַנען געהאָלפֿן געוואָרן די פֿרויען, וועלכע האָבן געהאַט זייערע מענער אין אַמעריקע, און וועלכע האָבן אין משך פֿון דער מלחמה געליטן גרויס נויט און הונגער. די קרעמער האָבן אָנגעהויבן צו עפֿענען זייערע קראָמען א.א.וו.

אָבער מיר האָבן געהאַט אויסצושטיין גרויסע צרות פֿון די אַנטיסעמיטישע פּאָליאַקן. באַזונדערס, האָבן אַרויסגעוויזן זייער אַנטיסעמיטישקייט, די האַלערטשיקעס, די סאָלדאַטן פֿון גענעראַל האַלער׳ס אַרמיי. [אינטערעסאַנט איז, די דאָזיקע האַלערטשיקעס זײַנען רעקרוטירט געוואָרן אין אַמעריקע... — רעד.] די האַלערטשיקעס האָבן געריסן ביי די יידן די בערד מיטן פלייש... און געוואָרפֿן יידן פֿון די לויפֿנדיקע באַנען. אַזאַ מין פֿאַל האָט פּאַסירט מיט מיר גופֿא.

ווען איך בין איינמאָל געפֿאָרן פֿון וואַרשע, איז אַ באַנדע האַלערטשיקעס, פֿון בריסק, אַרייַנגעלאָפֿן אין באַן און זיך געלאָזט צו מיין וואַגאָן. דער קאָנדוקטאָר, דערשפּירנדיק די געפֿאַר, וואָס מיר שטייט פֿאָר, האָט ער מיך גלייך פֿאַרשלאָסן אין זיין קאַיוטע. די האַלערטשיקעס האָבן גענומען קלאַפּן אין טיר, ביז דער קאָנדוקטאָר האָט זיי פֿאַרזיכערט, אַז אין דער קאַיוטע איז קיינער נישטאָ, זיינען די באַנדיטן אַוועק.

פֿילנדיק, אַז יידן וועלן קיין גוטן לעבן נישט האָבן אונטער דער מאַכט פֿון די פּאָליאַקן, האָבן איך אָנגעהויבן טראַכטן צו פֿאָרן קיין אַמעריקע. און מיט גאָטס הילף בין איך מיט מיין פֿאַמיליע אַראָפּגעבראַכט געוואָרן (אין 1924) פֿון די דראָהיטשינער לאַנדסלייט אַלס רב קיין ניו־יאָרק.

מנחם אַווערבוך

# פֿרילינג אין דער היים

די שטילע פּאָלעסיער
פּאַסטוכער — א מתנה.

זיך צעשמייכלט היינט דער הימל,
ווי פֿון שלאָף אַ יונגע קינד,
און צעטריבן וואָלקנס גרויע
האָט אַ וואַרעם פֿרילינגס־ווינט.

אויפֿגעכאַפּט זיך פֿון לאַנגן דרימל
האָט דאָס טייכל ביי דעם וועג,
אויפֿגעעפֿנט ברייט די אויגן,
און אַוועק אין אַ געיעג . . .

אויף פֿעלדער, לאָנקעס, זומפּ און בלאָטע
שרייען, זינגען פֿויגל פֿיל,
און זיי קושן זיך און האַלדזן,
פֿירן סודות אין דער שטיל.

אַרויסגעשטעקט דעם גרינעם קעפּל
האָט דער קאָרן פֿון דעם בייט;
מאַקאַר דער פּויער מיט זיין פֿערדל
נאָר ער אַקערט, נאָר ער זייט.

טרייבט דער פּאַסטוך פֿאַרטאָג די סטאַדע,
זינגט און פֿייפֿט דערביי אַ ליד,
און צו פֿלעכטן — בינדן לאָזע
ווערט אַ פּאַסטוך קיינמאָל מיד.

אין דער טאָרבע ברויט אַ לוסטע,
מילך אַ פֿלאַש, דאָס איז זיין שפּייז;


מנחם אַווערבוך, אומגעקומען, הי״ד

איבער לאָנקעס, וואַלד און בלאָטע
מיט דער סטאַדע נאָר ער שפּרייזט.

טעג און וואָכן אויף זון, אויף רעגן,
איז די לאָנקע יעצט זיין היים,
ווען עס דונערט, בליצט און רעגנט,
זיין באַהעלטעניש — אַ בוים.

ווען די זון אַראָפּ אין וועלדל,
שאָטנס פֿאַלן צו דער ערד,
טרייבט דער פּאַסטוך אַהיים די סטאַדע,
וואַטע בהמה׳לאַך און פערד.

אים באַגלייט געזאַנג פֿון לאָנקעס,
פֿול מיט אומעט, שווער געמיט,
וואָס די פֿעלדער זיינען מאָגער,
וואָס דער גאָרטן שוואַך ער בליט.

וואָס די כאַטע איז קליין און אָרים,
וואָס קיין פֿרייד איז דאָרט ניטאָ,
וואָס די יוגנט איז פֿאַרגאַנגען,
און די אַלטקייט איז שוין דאָ.

דאָס זינגען קינדער פֿון פּאָלעסיע,
פֿון דעם אָרים היימיש לאַנד,
ווו דער בורא האָט צעשאָטן
וואַלד און זומפּ א פֿולע האַנט . . .

„פינסקער שטימע“, בוג־קאַנאַל, 1939

ישראל ברוך וואַרשאַווסקי (ניו־יאָרק)

# היסטאָרישע נאָטיצן

מיינע זכרונות

געשריבן ביים סוף

פון דער ערשטער וועלט־מלחמה

**איך** הייב אָן צו שרייבן מיינע זכרונות פון די איבערלעבונגען וואָס מיר האָבן אַדורכגעמאַכט אין דער וועלט־מלחמה. (1914.) ביים איצטיקן מאָמענט איז שוין אַריבער באַלד 4 יאָר מלחמה, און נאָך ווייסן מיר אַלץ ניט ווו מיר האַלטן, צי ביים סוף אָדער גאָר נאָך ביי דעם אָנהויב. די מלחמה, האָפן מיר, וועט דאָך סוף כל סוף, קומען צו אַ ענדע. פאַרלויפיק לעבן מיר איבער אַ העכסט־קריטישע צייט. ווער ווייסט צי מען וועט עס קענען איבערלעבן. דעריבער שרייב איך מיינע זכרונות פאַר מיינע קינדער, וועלכע לעבן אַדורך צוזאַמען מיט אונדז די דאָזיקע שרעקלעכע צייט, אָבער זיי זיינען נאָך צו קליין צו קענען פילן וואָס אַרום זיי קומט פאָר...



ישראל ברוך וואַרשאַווסקי (וואַרשאַ)

## א.

## דער מצב פון די יידן אין רוסלאַנד פאַר דער מלחמה

נאָכדעם ווי די צאַרישע רעאַקציאָנערע רעגירונג האָט אין טייכן בלוט דערדריקט די רעוואָלוציע פון יאָר 1905, האָט זי אַרויפגעלייגט איר שווערע האַנד אויף די יידן. גזרות נאָך גזרות זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן, כדי צו פאַרביטערן די יידן דאָס לעבן. ווער ס׳האָט מער געדריקט די יידן, איז באַלוינט געוואָרן פון דער צאַרישער מאַכט מיט אַ העכערן אַמט.

די רעאַקציאָנערע פּרעסע האָט געשאָטן פעך און שוועבל אויף די יידן. די רעגירונג האָט געהאַט אירע שוואַרצע, געהיים־אַגענטן, די „שוואַרץ־מאה׳ניקעס״, אין אַלע פאַרברעכער־און מערדער־באַנדעס, וואָס האָבן געהעצט צו רויב און מאָרד. בלוטיקע פּאָגראָמען זיינען פאָרגעקומען אין קעשינעוו, האָמעל, ביאַליסטאָק און אין פיל אַנדערע שטעט. די יידן האָבן געלעבט אין שטענדיקער טויט־שרעק!

ביי אונז אין דראָהיטשין האָבן מיר אויך אַדורכגעלעבט די טויט־שרעק פון פּאָגראָמען. עס האָט זיך צעטראָגן אַ קלאַנג אין שטעטל, אַז די פּויערים גרייטן זיך צו פּאָגראָמירן די יידן. די שטאָטישע גויים האָבן זיך שוין געהאַט איינגעטיילט מיט די יידישע הייזער און פאַרמעגן. דער פּאָגראָם האָט געזאָלט פאָרקומען אין אַ יריד־טאָג. די יידן, אָבער, האָבן באַצייטנס פאַרלאָפן דער סכנה. דער פּריסטאַוו און דער אויעזדנער איספּראַווניק האָבן געקראָגן גוט באַצאָלט... און די גאַנצע פּאָליציי פון אויעזד איז אָרגאַניזירט געוואָרן און געקומען אויפ׳ן יריד מיט אָנגעלאָדענע ביקסן. די פּויערים, וועלכע זיינען געקומען אויפ׳ן יריד מיט זעק און העק, זיינען געבליבן אַנטוישטע און זיי זיינען זיך צעפאָרן פון יריד מיט ליידיקע זעק... דעם בעסטן „יריד״ האָט געהאַט דער פּריסטאַוו און דער איספּראַווניק... פאַר זיי איז דאָס שטעטל געווען אַ „מעלקנדיקע קו״... און עס איז געווען אין זייערע אינטערעסן, אַז דאָס שטעטל זאָל נישט פּאָגראָמירט ווערן...

## ב.

## אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה

אין דער צייט, ווען אין רוסלאַנד איז די רעגירונג געווען פאַרנומען מיט די יידן און האָט אויף דעם אָנגעשטרייגט איר גאַנצע ענערגיע, — האָט דייטשלאַנד געוועבט אירע מיליטערישע פּלענער אויף צו באַהערשן דער וועלט, און איבערהויפּט, רוסלאַנד. פריער צי שפּעטער, די זאַך האָט געמוזט געשען. דער „סאַראַיעווער מאָרד״ פון עסטרייכישן קרוינפּרינץ איז געווען דער ערשטער פונק צו דער וועלט שרפה. דאָס איז געשען אין יאָר 1914, אין זומער. דער אַרויסטריט פון עסטרייך קעגן סערביע האָט געדינט אַלס סיגנאַל צו דער בלוטיקער דראַמע. באַלד, נאָכדעם, האָט זיך רוסלאַנד מאָביליזירט, און די וועלט האָט אָנגעהויבן אָפּגיין מיט בלוט.

דער ערשטער באַפֿעל פֿון דער מאָביליזאַציע איז אונדז באַקאַנט געוואָרן פֿרייטאָג, ערב שבת חזון, תרע״ה. עס איז שווער איבערצוגעבן דעם רושם פֿון יענעם שבת, ווען פֿיל יונגעלייט האָבן פּלוצלונג באַדאַרפֿט פֿאַרלאָזן זייערע פֿאַמי־ליעס און גיין אין דער מלחמה. זונטאָג, תשעה־באב, גאַנץ פֿרי, האָבן מיר באַגלייט, מיט יאָמער און געוויין, די אומגליק־לעכע קרבנות. מ׳איז אַלע געגאַנגען, געוויינט, געכליפּעט אין דער שטיל, געווישט די אויגן, און נאָכדעם זיך געהאַלזט, גע־קושט, גע׳חלש׳ט, און אָפּגעזעגנט זיך מיט די אומגליקלעכע קרבנות. די יונגעלייט זיינען אָפּגעפאָרן צום באַן, די קרובים זיינען אַוועק ווי אבלים, און דער גאַנצער עולם איז געגאַנגען אין בית־המדרש צו זאָגן קינות...

אין אַ קורצער צייט נאָכדעם, האָט זיך פֿאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז דייטשלאַנד איז שוין אַרויסגעטראָטן און אַז זי האָט שוין פֿאַרנומען קאַליש און טשענסטאָכאָוו. די אַנטלאָ־



זיצן פון רעכטס: דוד עפשטיין, יוסף פעלדמאַן, וועלוועל מישאָווסקי און מאיר מייעראָוויטש אַלס גימנאַזיסטן פון אַ רוסישער גימנאַזיע

פֿענע פֿון פּוילן האָבן באַשטעטיקט דעם קלאַנג. די בהלה פֿון פּוילן פֿאַרשטאַרק זיך. עס קומען אָן מיט יעדן טאָג נייע פֿאַמיליעס צו זייערע קרובים אין שטעטל, אַנדערע פֿאָרן אַוועק ווייטער. די באַוועגונג איז גרויס. אונזערע מחות זיי־נען פֿאַרנומען נאָר מיט דער מלחמה. מ׳שטייט אויף גאַנץ פֿרי, כדי צוהערן נייס פֿון די נאָר וואָס אָנגעקומענע מענטשן. מען באַמערקט אַ פֿור פֿאָרט פֿון באַן מיט פּאַסאַ־זשירן, באַלד רינגלט מען איר אַרום פֿון אַלע זייטן, מ׳פֿרעגט זיך אַרום וואָס הערט זיך דאָרט אין יענע מקומות און נאָכ־דעם ווי דער עולם צעגייט זיך קומט מען זיך צונויף אין בית־המדרש און מען שמועסט ווידער וועגן דער פּאָליטישער לאַגע. דערביי ווערן אַרויסגעזאָגט פֿאַרשידענע השערות און סברות וועגן די כונות פֿון דייטש און זיינע קלוגע המצאות. עס ווערן דערציילט די גרויסע ווונדער פֿון די דייטשן. אַנדערע דער־ציילן ווי די דייטשן זיינען זייער גוט צו די יידן און אַז ער אַליין, טאַקע, „ר׳ וועלוועל״ (ווילהעלם), איז גאָר אַ שני בשני מיט יידן... און דעריבער איז ער מצליח. דאָס זעט מען באַשיינ־פּערלעך, אַז ווען „ער״ זאָל ניט קומען, וואָלט מען שוין ניט געקענט אַריבערטראָגן...

אומעטום, ווו נאָר מען באַמערקט צוויי שטייען און רעדן, באַלד שליסן צו די קרעמער זייערע קראָמען, מ׳קלייבט זיך צונויף אין אַ רעדל און מ׳רעדט אַרום וואָס די „בלאַט״ שרייבט און וואָס דורכפֿאָרער דערציילן. און אַז די בלאַט שרייבט וועגן די גרויסע נצחונות פֿון די רוסן, צווייפֿלט דער עולם. עט, דאָס איז ניט ריכטיק . . . אויך אַז עס ווערט דער־ציילט פֿון די אכזריות פֿון די דייטשן, גלויבט ניט קיינער. אויף אַ „ציוויליזירטן נאַראָד״ ווי די דייטשן, גלויבט זיך ניט. רוסלאַנד שטייסט אָפּ פֿיל מאָל דעם דייטש, מאַרשירט אַריין אין גאַליציע און אין אָסט פּרייסן. אָט אַזוי גייט דורך דער ווינטער.

ג.

## די מפּלות פֿון דער צאַרישער אַרמיי

צו די מפּלות פֿון די רוסן האָבן מיר זיך באַצויגן ווי צו די מפּלות פֿון דער רוסישער רעאַקציע. וואָס מער רוסלאַנד וועט ליידן מפּלות, אַלץ שנעלער וועט קומען דער סוף פֿון דער רוסישער רעאַקציע. דער ערשטער זומער איז געווען ניט קיין גינסטיקער פֿאַר די רוסן. די דייטשן איז געלונגען אַרויסצושטייסן זיי פֿון גאַליציע און פֿון אָסט פּרייסן, און נאָכדעם איז אַוועק אַ סדרה פֿון אָפּטרעטן. די דייטשן נעמען אַ קרעפּאָסט נאָך אַ קרעפּאָסט און מאַרשירן אַלץ פֿאָראויס, און די רוסן ווייזן אַרויס אַ קליינעם ווידערשטאַנד. עס ווערט עוואַקואירט די באַפֿעלקערונג פֿון פּוילן. טאָג־טעגלעך גייען אַבאָזן מיט היימלאָזע. עס ווערן אַרויסגעשיקט טויזנטער פֿאַ־מיליעס, דייטשע קאָלאָניסטן פֿון כעלעמער און לובלינער גו־בערניעס. זיי ווערן אָפּגעשיקט מיט פּויערשע פֿורלעך, אַנ־דערע פֿאָרן מיט זייערע אייגענע פֿורן. עס ווערן איינגעאָרדנט קעסלען, אַרויסצוגעבן טיי מיט ברויט פֿאַר די היימלאָזע. פֿיל היימלאָזע שטאַרבן אויפֿן וועג. דער שטראָם פֿון די היימלאָזע ווערט וואָס ווייטער אַלץ שטאַרקער, ווי די פֿויגלען וואָס אַנט־לויפֿן פֿאַר דעם שטורעם, אַזוי אַנטלויפֿט די באַפֿעלקערונג ווייטער צו מזרח. עס גייען דורך רייכע גוטבאַזיצער, טשי־נאָווניקעס און רוסישע פּויערים.

ניט ווייניק צרות האָבן די יידן געהאַט אויסצושטיין פֿון די רעאַקציאָנערן. מיט זייערע פּראָוואָקאַציעס האָבן זיי אומ־געבראַכט ניט איין ייד. די רוסישע רעגירונג האָט פֿאַר־שפּרייט רכילות׳ן, אַז די יידן זיינען שולדיק אין אירע מפּלות; די יידן זיינען יד־אחת מיט די דייטשן. די רוסישע צייטונגען האָבן געדרוקט בלבולים און שקרים, אַז די יידן פֿירן אַרויס גאָלד צום דייטש דורך געשטאָפּטע גענז א.א.וו. מיט אַזעלכע בלבולים און שקרים אויף די יידן האָבן די שוואַרץ־מאה׳ניקעס געוואָלט אָפּווענדן פֿון זיך דעם פֿאָלקס־צאָרן פֿאַר זייערע מפּלות.

טויזנטער יידן ווערן, אַלס שעדלעכער עלעמענט, אַרויס־געשיקט פֿון די מלחמה־געביטן. זיי ווערן רואינירט און פֿאַלן צו לאַסט אויף דער איבעריקער יידישער באַפֿעלקערונג. כאָטש אין דער אמת׳ן האָבן די יידן גענומען אַ גרויסן אָנטייל אין דער מלחמה, סיי מיט געלט און סיי מיט מענטשן־מאַטער־יאַל, לטובת די רוסן!

אַזאַ ווילדע באַציאונג פון דער רוסיש־צאַרישער מאַכט צו אירע אונטערטאַנען האָט געמוזט אַרויסרופן אַ קעגן־שנאה צו איר מצד די יידן.

ד.

## די רוסן פאַרלאָזן דראָהיטשין

ווען די דייטשן זיינען געשטאַנען ביי בריסק־ליטאָווסק, האָבן אַלע געזאָגט, אויך די רוסישע פרעסע האָט ניט איינמאָל געשריבן, אַז ביי בריסק־ליטאָווסק מוז געקעמפט ווערן און די דייטשן מוזן אָפּגעהאַלטן ווערן. ביי אונדז איז געוויס געווען פאַררעכנט, אַז בריסק איז זיכער. אַמווייניקסטן, וועט די דייטשן ניט אָנקומען אַזוי לייכט איינצונעמען בריסק. בפרט, אַז מיר האָבן דאָך געזען ווי אַ גאַנץ יאָר האָט מען געטריבן טויזנטער מענטשן אויף אַרבעט צום בריסקער קרעפּאָסט.

אָבער צו אונדזער שטוינונג איז געשען דאָס פאַרקערטע. די דייטשן האָבן נאָר באַוויזן צוצעגיין צו בריסק, און שוין האָבן זיך געטראָגן קלאַנגען, אַז בריסק איז געוואָרן גענומען. עס האָט זיך ניט געגלויבט, אָבער וואָס ווייטער האָבן זיך די קלאַנגען באַשטעטיקט. די דייטשן, זאָגט מען, זיינען שוין ביי קאָברין, און ביי אונדז אין שטעטל איז דער טומל געוואָרן אַלץ גרעסער. יעדערער פּאַקט זיך איין. מען קויפט זיך אַ פערד־און־וואָגן, און ווער עס קען גרייט זיך אין וועג. און ווער עס קאָן ניט, גראָבט גריבער אום צו באַגראָבן די האָב און גוטס. די שטאָט איז פול מיט מיליטער — די גייען צום פראָנט און די גייען צוריק. עס רוישט און עס קלאַפּט פון די אָבאָזן וואָס גייען אָן אַן אויפהער. עס איז אַ מאַנגל אין וואַסער, ווארום די ברינימער זיינען אויסגעשעפּט ביזן גרונט און נאָר פאַרטאָג איז מעגלעך צו באַקומען אַביסל

דראָהיטשינער אינטעליגענץ: דאָקטוירים, שרייבער און פעדאַגאָגן; גרויסע רעוואָלוציאָנערן מיט 50 יאָר צוריק. ערשטע ריי פון רעכטס — נאָטע וואַלעוועלסקי, זאַוועל אַווערבוך און מנחם קאַצענעלנבאָגן. צווייטע ריי: שמואל בונעס טרובאָוויץ, שמואל הורוויץ, ישראל וואַלעוועלסקי, אפרים גאָלדמאַן, גודל ראָזענקראַנץ, דוד גאָלדמאַן. דריטע שורה: בונעם בורשטיין, שמואל פוליק, יעקב סידאָראָוו און אַנד.

וואַסער. אַ גאַנצן טאָג טריקענט מען ממש פון דאָרשט.

עס באַווייזן זיך אין שטאָט קאָזאַקן און טשערקעסן, וועלכע לויפֿן אום ווי די ווילדע טיגערן. די קראָמען זיינען שוין צוגעשלאָסן. און ווי נאָר עס פאַלט צו די נאַכט ווערט דאָס שטעטל איינגעהילט אין אַ פינצטערניש. קיין פייער אין די הייזער ווערט נישט אָנגעצונדן, כדי נישט צו ציען די אויפֿמערקזאַמקייט פון די קאָזאַקן און טשערקעסן.

איינמאָל, אין אַן אָוונט, איז אַריינגעלאָפֿן צו אונדז אין הויז אַ מיידל פון דער שכנישער הויז מיט אַ געוויין, אַז די קאָזאַקן רויבן ביי זיי. ווען איך האָב אויפֿגעמאַכט די טיר אַרויסצוגיין פֿון הויז, האָב איך באַמערקט ווי צוויי טשערקעסן גייען גלייך צו מיר. איך האָב גלייך צוגעמאַכט די טיר. די פֿרויען האָבן זיך דערווייל פֿאַרמאַכט אין אַ באַזונדערן צימער. ווען זיי האָבן געזען, אַז די טיר איז צוגעשלאָסן, האָבן זיי אָנגעפֿאַנגען שטאַרק קלאַפן. איך האָב געזען אַז ס'איז שלעכט, זיי וועלן אַרויסזעצן די טיר, האָב איך געעפֿנט די טיר און אַרויס אין דרויסן. זיי האָבן מיר געזידלט, געסטראַשעט מיט די קינזשאַלן, און אָט, אָט, ווי איך זע, שטעכן זיי מיך. נאָר צום גליק איז אָנגעגאַנגען אַ פּאָליציי־סטראַזשניק און זיי אַוועקגעפירט.

אַלע סאָלדאַטן האָבן געזאָגט, אַז דאָרט ווו מען טרעט אָפּ, מוז אַלעס פֿאַרניכטעט ווערן, דערום האָבן מיר זיך מיאש געווען פון אַלעס. מיר האָבן נאָר געטראַכט וועגן לעבן און וואָס מעגלעך איז צו ראַטעווען פון די מטלטלים. די וועגענער זיינען שוין געשטאַנען גרייט, און ווי נאָר מען וועט אָנצינדן די שטאָט, וועט מען זיך פֿאַרקלייבן הינטערן שטאָט צו אונדזערע אָקאָפּעס, וואָס מיר האָבן צוגעגרייט פון פריער.

דער רוסישער שטאַב האָט זיך געפונען אין דראָהיטשין. די קאַזנאַטשייסטוואָ פֿון אויעזד, האָט זיך אויך געפֿונען אין דראָהיטשין. די קריסטלעכע באַפֿעלקערונג איז עוואַקואירט געוואָרן נאָך רוסלאַנד. די סקאָט (בהמות, פֿערד, חזרים), האָט מען ביי זיי צוגענומען פֿריער, און פֿון קאַזנאַטשייסטוואָ האָבן זיי באַקומען געלט.

דער יידישער באַפעלקערונג האָט מען נישט גענייט צו פֿאַרלאָזן די שטאָט. וואָס מ'האָט געקענט צונעמען האָט מען צוגענומען, און וואָס נישט, האָט מען פֿאַרניכטעט. אַזוי האָט מען שוין פֿאַרניכטעט דאָס ספּירט פון די ברייזער, אַרויסלאָזנדיק עס אין דער ערד. די רוסן האָבן צוגענומען דאָס גאַנצע קופּער און מעטאַל, זיי האָבן אויך געוואָלט אַוועקנעמען די בהמות, נאָר עס איז שוין נישט געווען די מעגלעכקייט דערצו.

דעם לעצטן דאָנערשטאָג (דאָס איז געווען אַ וואָך פֿאַר ראש השנה), אינדערפֿרי, ווען איך בין געגאַנגען דאַווענען, האָב איך באַמערקט ווי אַ מחנה קאָזאַקן רייטן אַריין אין שטאָט.



פון רעכטס: בערל לעכאָוויצקי, איסר זלאָטניק, משה קראַוועץ, יעקב סידעראָוו, אַ יאַנאָווער, דוב וואַרשאַווסקי און יצחק קאָהן (ניו־יאָרק) לעם דוד וואַרשאַווסקי׳ס הויז אין אויגוסט, 1932.

אַריינקומענדיק אין שטאָט, זיינען זיי צוגעפֿאָרן צו די קראָמען און גענומען אָפּרייסן די שלעסער און אויסליידיקן די יתר הפליטה, וואָס די אייגנטימער האָבן נאָך נישט אויסגערוימט. די קאָזאַקן האָבן געטאָן זייער זאַך גאַנץ רואיק, ווי דאָס וואָלט געווען אַ גאַנץ איינפֿאַכע באַשעפֿטיקונג. פֿאַרבייגייענדיק מיין אַפּטייק־געשעפֿט, האָב איך באַמערקט אַ מחנה סאָלדאַטן, וועלכע האָבן זיך אַריינגעריסן אינעווייניק און ראַבירן. צופעליק איז פֿאַרבייגעגאַנגען אַן אָפֿיציר, וועלכער האָט צעטריבן די סאָלדאַטן און האָט מיר געהייסן צוריק צושליסן די טיר פון אַפּטייק.

פֿאַרנאַכט האָט מען מיר אָנגעזאָגט אַז מ'ברעכט ווידער די טיר פון מיין אַפּטייק. איך בין אַוועק אין דער באַגלייטונג פֿון אַ קאָזאַק, וועלכער איז גראַדע געזעסן ביי מיר אין הויז און געוואַרט איך זאָל אים מאַכן פּראָשקעס. ווען מיר האָבן אויפֿגעמאַכט די טיר, האָבן מיר שוין דאָרטן געטראָפֿן אַ מחנה סאָלדאַטן, וועלכע האָבן ווידער איבערגעטרייסלט אַלע שופֿלאָדן און געשטופּט אין די קעשענעס וואָס זיי האָבן געקראָגן. דער קאָזאַק, מיין באַגלייטער, האָט דאָס ניט געקענט צוזען און האָט אַ געשריי געגעבן צו דער חברה: „אַרויס פֿון דאַנען, איר וועט זיך דאָך פֿאַרסמען, דאָס איז דאָך גיפֿט”! די ראַבירער זיינען זיך צעלאָפֿן און איך האָב צוריק פֿאַרשלאָסן די טיר.

ה.

## דאָס שטעטל ברענט

דער שטאַב האָט זיך שוין אַרויסגעקליבן פֿון דראָהיטשין, די סאָלדאַטן האָבן ניט איינמאָל געזאָגט אַז די נאַכט וועט מען ברענען. דער עולם האָט זיך שוין געגרייט צו דעם. וואָס מ'האָט געקענט פֿאַרגראָבן, האָט מען פֿאַרגראָבן, און דאָס איבעריקע פֿאַרפּאַקט אויף די וועגענער. אייניקע זיינען אָפּגעפֿאָרן נאָך פינסק און אייניקע האָבן זיך בלויז פֿון שטאָט אַרויסגעקליבן. ביי אונדז איז אויך אַלץ געווען פֿאַרפּאַקט

אויף אַ וואָגן. אין הויז איז געווען אַ תהו ובהו, איבערגעקערט מיטן קאָפּ אַראָפּ. די פֿענצטער זיינען געווען גוט פֿאַרהאַנגען. אַלע ווײַלע פֿלעגן מיר אַרויסגיין אין דרויסן אַ קוק טאָן צי עס ברענט שוין. פון ווייטן איז דער הימל געווען רויט. אַלעמאָל פֿלעגט ווערן ליכטיק אויף אַ נייעם אָרט, דאָס האָבן געברענט די אַרומיקע דערפֿער. אָט ברענט שוין דער וואָקזאַל און אָט ברענט שוין אויך דער הויף לעם שטאָט.

ווי מיר קוקן זיך אַרום, באַווייזט זיך אַ קליין פֿייערל פֿון ערגעץ אַ פֿאַרוואָרפֿן געסל. דער פֿייער ברענט זיך גאַנץ שוואַך און ס'איז גאַנץ לייכט צו פֿאַרלעשן, נאָר אָט באַווייזט זיך אַ פֿייער פֿון גאַס־בית־מדרש. באַלד, — אַ צווייטער און אַ דריטער. דאָס פֿייער ווערט וואָס ווייטער גרעסער, שפּרינגט פון איין דאַך צום צווייטן און גיסט זיך צונויף אין אַ גאַנצן ים פון פֿייער. און אין מיטן, צווישן דעם העלישן פֿייער, מאַרשירט די צוריק־אָפּטרעטנדיקע רוסישע אַרמיי, גלייך ווי זי וואָלט עס אָנגעצונדן אַלס אַ פאַקל צו זען ווי אָפּצוטרעטן.

דערזעענדיק, אַז פון אַלע זייטן ברענט, האָבן מיר זיך אַרויסגעקליבן פון הויז. דער פערד איז געווען געשפּאַנט, נאָר אַרויספאָרן פון הייף איז אומעגלעך צוליב די סאָלדאַטן, וועלכע האָבן אין משך פון שעה'ן נישט אויפגעהערט צו גיין. אייניקע כאַפּן זיך אַריין אין הויז כדי עפּעס צו געפינען אָדער בעטן אַ שטיקל ברויט. איינער האָט זיך אָפּגעזוכט אַ ליידיקע בעט און זיך געלייגט שלאָפֿן. מיט גרויס מי האָבן מיר זיך אַרויסגעכאַפּט פון פֿייער, פון הינטער דעם הויז אין גאָרטן און פון גאָרטן אויף דעם וויאָן.

אַך, וואָס איז דאָס? דאַכט זיך מענטשן שטייען דאָרט. יאָ, מענטשן, געוויס סאָלדאַטן, קאָזאַקן, און וואָס וועט מיט אונדז זיין? מיר זיינען דאָ אַליין, דער גאַנצער עולם האָט זיך באַצייטנס פֿאַרקליבן אויף דער צווייטער זייט פֿון שטאָט. די האָר שטעלן זיך קאַפּויר, און פֿאַרצווייפֿלטע הייבן מיר אָן שרייען: „יענך ד' ביום צרה". מיר שרייען מיט אונדזערע לעצטע כחות און דער פֿייער בושעוועט, קנאַקט און טאַנצט אַ שדים טאַנץ פֿון איין דאַך אויף דעם צווייטן. אין אַ מינוט אַרום האָבן מיר דערהערט יידישע קולות, דאָס זיינען געווען עטלעכע יידישע פאַמיליעס מיט זייערע וועגענער. דאָס האָט אונדז אַביסל באַרואיקט און דערמוטיקט. עס איז געווען ריכטיק ווי איינער וואָס פאַרבלאָנדזשעט אין מדבר און פּלוצלונג קומט ער צו צו אַ ישוב. די גאַנצע נאַכט האָבן מיר אַזוי פאַרבראַכט, צוקוקנדיק, ווי דער פייער מאַכט אַ תל פֿון אַלעס. ווען עס איז טאָג געוואָרן, האָבן מיר זיך פֿאַרקליבן מיט אונדזערע וועגענער צום איבעריקן עולם אויף דעם צווייטן זייט וויאָן.

דאָס שטעטל איז כמעט אינגאַנצן פאַרניכטעט געוואָרן. פאַרבליבן זיינען געציילטע הייזער אויף פּינסקער גאַס און אין הינטער־געסלאַך. די אייגנטימער האָבן באַצאָלט די משחיתים, זיי זאָלן זייערע הייזער ניט ברענען. אויף דער אַנדערער זייט שטעטל, אויף דעם וויאַן, זיינען געווען אונדזערע אָקאָפּעס, און ביי די אָקאָפּעס, אויף אַ גאַנץ גרויסן פּלאַץ, זיינען געווען אויסגעשטעלט אונדזערע וועגענער, צו וועלכע עס זיינען געווען צוגעבונדן די בהמות, וועלכע האָבן זיך נערוועז געדרייט.

אינדערפרי האָט דאָס שטעטל אויסגעזען ווי אַ „בית־עולם". אַ טויטע שטילקייט האָט געהערשט אומעטום, ניטאָ מער קיין אָבאָזן, ניטאָ קיין קאָזאַקן, איז דאָס שוין געענדיקט? די רוסן זיינען שוין אָפּגעטראָטן און די דייטשן קומען אָן? — ניין, דאָס איז נאָר געווען אַ שטילקייט פאַר אַ שטורעם. אַמאָל שלייכן זיך אַדורך, שטיל און איינגעבויגן, סאָלדאַטן אין דער ריכטונג צו דער באַן ליניע, דאָרט זיינען זייערע אָקאָפּעס. עס איז אַריבער פֿרייטאָג ביז האַלבן טאָג, דער וועטער איז שיין, דער עולם זיצט זיך אויפֿן גראָז, ווער עס דרימעלט, ווער עס מאַכט אַ פייער צו קאָכן עפּעס און ווער עס האַלט אַ סדור אין האַנט און זאָגט תהלים.

ו.

## דריי־טאָגיקע שלאַכט אין שטעטל

פּלוצלונג האָט דער עולם אויפגעהויבן זיך און אָנגעהויבן קוקן צום הימל. וואָס איז דאָס? דאָס פליט אַ דייטשער עראָפּלאַן אויסקוקן די פּאָזיציע. דער עראָפּלאַן האָט זיך אַרומגעדרייט איבערן שטעטל און איז פאַרשוווּנדן געוואָרן. אין אַ מינוט אַרום איז דער עולם אויפגעציטערט געוואָרן און זיך געלאָזט לויפֿן צו די אָקאָפּעס. פֿון אויבן, איבער אונדזערע קעפּ, האָבן געסווישטשעט און געהודזשעט דייטשע און רוסישע סנאַראַדן. אָט הערט זיך אַ קנאַל ערגעץ ווייט, און אי־



פון רעכטס: זעליג הויזמאַן, בערל רעזניק, הערמאַן גראָסמאַן (ניו־יאָרק), מאָטיע יאַכנעס, פעלדמאַן א.א. זומער, 1937

בער די קעפּ ציט זיך אַ רויך־ליניע, שנייט דורך די לופֿט מיט אַ יאָמערלעכן סוויסטש, פֿליט אַוועק ווייטער און ווערט צעשאָטן מיט אַ קנאַק אויף שטיקלעך.

אונדזערע אָקאָפּעס, — זיינען געווען טיפֿע גראָבנס באַדעקט פֿון אויבן מיט געהילץ און באַשאָטן מיט ערד. די ערשטע וועלכע האָבן פֿאַרנומען די אָקאָפּעס, זיינען געווען די פֿרויען מיט די קינדער. אין די אָקאָפּעס איז געווען שרעקלעך איינג און דושנע, אַ סכנת נפשות ממש. מען האָט זיך געשטופּט און געפּילדערט, ד ך געקריגט און געקעמפּט פֿאַר אַ בעסערן אָרט, ווער עס האָט געוואָלט אַריינכאַפּן מיט זיך אַ פּעקל און ווער עס האָט ניט פֿאַרגעסן מציל זיין מיט זיך אַ הון אויך, עס זאָל זיין כאָטש אויף אַ פּלאָד, אַז מ'וועט לעבן, וועט מען עס דאַרפֿן.

מיר, מאַנספאַרשוינען, האָבן זיך ביסלעכווייז צוגעוווינט צו די קלעפּ, און מיר האָבן זיך געפֿונען אונטער דעם פֿרייען הימל.

דער טאָג איז אַוועק. ביינאַכט האָט די קאַנאָנאַדע פֿון די האַרמאַטן אויפֿגעהערט, נאָר די פּולעמיאָטן האָבן געקלאַפּט און עס האָט זיך געשאָטן ווי געפּרווירענע קאַרטאָפּל. אָבער דאָס האָט אונדז שוין ניט באַאומרואיקט. מיר זיינען געלעגן אונטערן פֿרייען הימל. פֿון צייט צו צייט פֿלעגט אונדז באַאומרואיקן דאָס באַווייזן זיך פֿון אַ קאָזאַק און ווען ער פֿלעגט פֿאַרשווינדן, זיינען מיר געוואָרן רואיקער.

אויף מאָרגן, שבת, האָט זיך ווידער איבערגע׳חזר׳ט די קאַנאָנען שיסעריי. בייטאָג איז געגאַנגען אַ שטאַרקער רעגן. אין די אָקאָפּעס איז געווען איינג און נאַס. מיר האָבן זיך דעריבער, אַריינגעקליבן אין אַ נאָענטער הויז, וואָס איז נצול געוואָרן פֿון פֿייער, און דאָרטן האָבן מיר אויך גענעכטיקט. אין הויז איז געווען שרעקלעך איינג, מיר זיינען געזעסן אַ גאַנצע נאַכט אויף דער ערד, צו לייגן זיך שלאָפֿן איז געווען אונמעגלעך. אין דער נאַכט האָט מען אויך געהערט די פּולעמיאָטן שיסעריי. זונטאָג איז אויך געווען אַ גוס רעגן, אין די אָקאָפּעס איז געווען אונמעגלעך אַריינצוקומען. מיר זיינען געבליבן ווייטער אין דעם הויז. אַ גאַנצע נאַכט האָט ניט אויפֿגעהערט די קאַנאָנאַדע. גאָר באַזונדערס איז געוואָרן גרויס אונדזער שרעק פֿאַרנאַכט, ווען די סנאַראַדן האָבן זיך געטראָגן אין דער ריכטונג פֿון דעם הויז, וווּ מיר זיינען געזעסן. אין גרויס בהלה האָבן מיר פֿאַרלאָזן דאָס הויז און זיך געלאָזט לויפֿן צו די אָקאָפּעס. קוים מיט שרעק זיינען מיר, איך און מיין פֿרוי, צוגעלאָפֿן צו די אָקאָפּעס און אויף די הענט האָב איך געטראָגן מיין איין יאָריקע טאָכטער. די אָקאָפּעס זיינען שוין געווען אָנגעפּאַקט פֿול, ווי אַ שטייג מיט גענז און האָבן געהאַט אַ אויסזען ווי לאַנגע קברים, וווּ לעבעדיקע נפֿשות זיינען פֿאַרגראָבן. מיט גרויס מי האָב איך זיך געמאַכט אַן אָרט אין אָקאָפּ פֿאַר מיין פֿרוי מיטן קינד און איך בין געשטאַנען ביים אַריינגאַנג אונטערבייגנדיק דעם קאָפּ.



פֿון לינקס: א. זלאָטניק, לעאָן מייקעלס (ניו־יאָרק), יאָסעל בורשטיין, יאָסעל ליבערמאַן א.א. אויגוסט, 1932

אינדרויסן איז שוין געוואָרן טונקעל. די קאַנאָנאַדע האָט נישט געשטילט. די פּראָזשעקטאָרן האָבן באַלויכטן דעם אומגעגנט און עס האָבן אויך אָנגעהויבן צו אַרבעטן די פּולעמיאָטן. ס׳האָבן זיך געריסן גראַנאַטן איבער אונדזערע אָקאָפּעס און ס׳האָט געדונערט און געבליצט. ס׳האָט זיך געדאַכט ווי אָט אָט, באַלד, וועט זיך אייַנברעכן דער אָקאָפּ און מיר וועלן דערשטיקט ווערן. דער מאָמענט איז געווען זייער אַ טרויעריקער. וועלן מיר אַרויס לעבעדיקע פֿון אָקאָפּ? — האָבן מיר דאַן געטראַכט.

ביסלעכווייז איז אַרום אונדז געוואָרן שטילער. די גראַנאַטן רייסן שוין פֿאָראויס איבער די אָקאָפּעס און די פּראָזשעקטאָרן באַלויכטן שוין צו מזרח, אויף דער אַנדערער זייט שטעטל, קענטיק, אַז די רוסן זיינען שוין אָפּגעטראָטן און דאָס שטעטל איז שוין ביי די דייטשן אין די הענט, ווארום וואָס ווייטער איז אַלץ רואיקער געוואָרן ביז עס איז געוואָרן אינגאַנצן שטיל.

דער עולם איז זיך נאָך אַלץ געזעסן אין די אָקאָפּעס. איך האָב גענומען דאָס שלאָפֿנדע קינד אויף די הענט און מיט מיין פֿרוי האָב איך זיך געלאָזט גיין צו אַ נאָענטער קליין הייזל וואָס איז געשטאַנען דערביי. אין דעם קליין הייזל האָב איך געטראָפֿן ר׳ יאָסל דעם דיין פֿון שטעטל מיט זיין פֿרוי. דער דיין האָט זיך קיין אָרט ניט געפֿונען. ער האָט זיך געזעצט, געלייגט און אַלעמאָל געמוזט אַרויסגיין אויפֿן גאַס. ער איז געווען קראַנק. אינדערפֿרי איז ער אויסגעגאַנגען...

ווען ס׳האָט אָנגעהייבן טאָגן און איך בין אַרויס אויפֿן גאַס, האָב איך באַמערקט ווי אַ קליינער אָטריאַד רוסישע סאָלדאַטן האָבן געשווינט, אָן געווער, געשפּרייזט, קענטיק אַז זיי האָבן זיך פֿאַרשפּעטיקט און זיינען שוין אין נעץ. ווען ס׳איז געוואָרן גוט ליכטיק און דער עולם איז אַרויס פֿון די אָקאָפּעס, זיינען אָנגעקומען די דייטשן.

ז.

## די דייטשן מאַרשירן אַריין קיין דראָהיטשין

דער שטורעם האָט זיך אַוועקגעטראָגן אַלץ ווייטער און ווייטער. און ווי בייזע כוואַליעס וואָס צעשטערן און טראָגן אַוועק אַלעס וואָס זיי געפֿינען אויפֿן וועג, אַזוי האָבן זיך געטראָגן די מחנות דייטשע קאַוואַלעריע, פּעכאָטע און טויזנטער אָבאָזן וואָס האָבן זיך צייטווייליק אָפּגעשטעלט אין שטעטל, און דאַן איז געווען די צייט פֿאַר די דייטשע רעקוויזיציעס. וואָס זיי האָבן נאָר דערזען: אַ פֿערד, א בהמה און סתם אַ גוטן חפֿץ, אַלץ האָבן זיי צוגענומען און אָפּטמאָל אַרויסגעגעבן אַ צעטל.

אויפֿן וועג איז געווען צו באַמערקן אַזאַ טראַגישן פֿאַל: עס פֿאָרט אַ ייד, אויפֿן וואָגן ליגן פּעקלעך, אויף זיי זיצן קליינע קינדער, די עלטערע גייען צופֿוס, גייען פֿאַרחלשטע, קוים וואָס זיי באַוועגן זיך; דאָס קערט זיך אום אַ יידישע פֿאַמיליע אַהיים נאָכדעם ווי דער דייטש איז שוין אַריין אין פּינסק, און אָט אַנטקעגן פֿאָרט אָן אַ דייטשער אָטריאַד און שרייט צום יידן: „יודע, האַלט!‟ דער ייד שטעטל זיך אָפּ. אַ דייטש, אָן דבורים, שפּאַנט אויס דאָס פֿערד. דער ייד, אַ פֿאַרצווייפֿלטער, פֿאַלט צו זיינע פֿיס, די גאַנצע פֿאַמיליע קלאָגט

און וויינט. דער דייטש נעמט, פֿון זיינע, אַ מאָגער און גע׳פּגר׳ט פֿערדל און גיט אים צו דעם ייד, — „נאַ דיר, יודע, אַ בעסערן פֿערד״, און די דייטשע באַנדע פֿאָרט אַוועק ווייטער. דער ייד שפּאַנט איין דאָס פֿערדל און די גאַנצע פֿאַמיליע שטופּט אונטער דעם וואָגן. אַמאָל טרעפֿט, אַז דער דייטש גיט ניט קיין אַנדער פֿערד, דאַן בלייבט שטיין דער וואָגן אינמיטן וועג און יעדערער פֿון דער פֿאַמיליע נעמט אויף זיך וואָס ער קען און מ׳גייט אַוועק צופֿוס.

אַרויסגייענדיק פֿון די אָקאָפּעס, האָט זיך דער עולם אַ לאָז געטאָן צו די פּויערישע הייזלעך וואָס זיינען פֿאַרבליבן גאַנץ און זיך באַזעצט אין זיי. וואָס צו עסן איז ניט געווען, ווער ס׳האָט צוגעגרייט, האָט געהאַט, און ווער ניט, — האָט טאַקע געהונגערט. גליקלעך האָט זיך דאַן געפֿילט דער, וואָס האָט געהאַט גענוג ברויט. ווי ראַבינזאָן אויפֿן אינזל אַזוי זיינען מיר דאַן געווען. מ׳האָט באַדאַרפֿט אַלץ אַליין שאַפֿן. די פּויערים האָבן שוין געהאַט אַריינגעפֿירט די תבואה אין די שייערן און מיר האָבן געהאַט די מעגלעכקייט אָנצודרעשן אויף ברויט, ביז וואַנען די דייטשן, וואָס זיינען געשטאַנען מיט די אַבאָז, האָבן מיטאַמאָל אַרויסגעשלעפּט אַלץ וואָס ס׳האָט זיך געפֿונען אין די שייערן און אָפּגעגעבן זייערע פֿערד, דאַן האָט זיך דער עולם אַוועקגעלאָזט אין די נאָענטע דערפֿער, אָנגעדראָשן און געבראַכט אין שטאָט.

די צייט איז געווען, ווי מ׳זאָגט „איש כל הישר בעיניו יעשה״, אַ צייט פֿון כאַפּן און לאַפּן. ס׳האָבן געכאַפּט די דייטשן, ווען עמיצער האָט אַרויסגענומען פֿון דער ערד וואָס ער האָט פֿאַרגראָבן, געכאַפּט האָט מען אויך איינער ביים צווייטן.

ס׳האָבן זיך אַרויסגעוויזן די טירישע געפֿילן פֿון די מענטשן, וועלכע האָבן ביז איצט געטראָגן אויף זיך אַ מאַסקע, ביז וואַנען ס׳איז איינגעשטעלט געוואָרן אַ שטיקל אָרדענונג.

אין יענער צייט האָט די כאָליערע, ווי אַ שטענדיקע באַגלייטערין פֿון מלחמות, געפֿונען אַ גוטן באָדן צו פֿאַרשפּרייטן זיך. קליינע קינדער, עלטערן פֿון פֿאַמיליעס, זיינען אומגעקומען אין יענער פֿינצטערער צייט אָן קיין שום הילף. דעם דייטשן דאָקטאָר איז מער ניט אויסגעקומען צו רעגיסטרירן די קרבנות.



דייטשן קאָנפֿיסקירן די בהמות און פֿערד פֿון דער באַפֿעלקערונג אין דער ערשטער וועלט־מלחמה

יום־טוב־צייט, נאָכן דאַווענען, האָבן מיר זיך געמוזט אַרויס׳גנב׳ענען הינטן אַרום צו קומען אַהיים, ווייל די דייטשן האָבן געכאַפּט וועמען זיי האָבן געטראָפֿן און מכבד געווען, אויפֿן ניכטערן מאָגן, מיט אַ שיינער שטיקל אַרבעט — צו באַגראָבן די גע׳פּגר׳טע פֿערד, וועלכע האָבן זיך אומעטום געוואַלגערט, און נאָך אַזעלכע אַרבעטן. קיין געלט פֿאַר דער אַרבעט האָבן זיי ניט געצאָלט און געפֿאָדערט האָבן זיי אַז דער „יודע״ זאָל טאַקע אַרבעטן פֿלייסיק. און פּרוּווט נאָר ענטפֿערן אַ וואָרט און אויס׳טענה׳ן זיך מיטן דייטש: „וואָס פֿאַר אַ מחותן ביזטו צו שלעפּן מיך אויף אַרבעט? ווער האָט נאָך דיר געשיקט און ווער דאַרף דיך דאָ?״ — איז הס מלהזכיר. ווער וועט וועלן איינשטעלן זיין לעבן?!

## ח.

## די יידישע נאַטשאַלניקעס

אין בין־השמשות, ווען עס ווערט נאַכט, — קומען שטענדיק אַרויס די פֿלעדערמייז און שוועבן אין דער פֿינצטער. אַזוי איז געווען דאַן מיט אונדז יידן. עס האָבן זיך אָפּגעיאַוועט די יידישע נאַטשאַלניקעס, וועלכע האָבן געשוועבט אין דער פֿינצטער און געפֿילט זיך גאַנץ היימיש. זיי האָבן זיך געווונטשן, אַז די נאַכט זאָל זיך ציען אָן אַ סוף... די יידישע אָרימע באַפֿעלקערונג האָט געהאַט גענוג אויסצושטיין פֿון די „נאַטשאַלניקעס", דורך וועלכע די דייטשן האָבן געזויגן דאָס בלוט פֿון די יידן...

און נישט אומזיסט ש ר ע ק ט זיך יעדער ייד פיל מער פאַר זיינע יידישע נאַטשאַלניקעס, ווי פאַר ניט־יידישע. און כאַפּט זיך עמיצער אַרויף פֿון אויבן און נעמט די ממשלה אין האַנט, וועט איר פֿון אים ניט פטור ווערן. אָט אַזוי איז פֿאָרגעקומען אין דראָהיטשין. ווען די באַפֿעלקערונג האָט



ערשטע שורה פון רעכטס: רחל עפשטיין, הערשענהויז, חנה גרינשטיין, ביילע מילנער, נעמי וואַסערמאַן. צווייטע ריי: אסתר גאָלדבערג, חייטשע אַנדרינאָווסקי, סלאַנימסקי, וואַלעוועלסקי, יענטל וואַסערמאַן, שוואַרץ.
דריטע ריי: קאָברינסקי, בוים א.א.

געפּרווט פּראָטעסטירן קעגן די, וואָס האָבן זיך אַליין גענומען די מאַכט, האָבן זיי זיך באַלד איבערצייגט, אַז זיי זיינען מאַכטלאָז קעגן זייערע דריקער, ווייל די דייטשע מאַכט האָט אונטערשטיצט די אַלע נידעריקע נפשות, וועלכע האָבן איר געבראַכט פֿיל נוצן. אַלס אילוסטראַציע קאָן דינען דער פֿאָלגענדער אינצידענט, וועלכן איך האָב אַליין בייגעוווינט:

געווען איז דאָס אין אַ שבת. דער עולם איז געווען אויפגערעגט, מען האָט זיך געקליבן אויף אַן אסיפה צו פּראָטעסטירן קעגן די, וואָס האָבן זיך גענומען אַליין די הערשאַפט, און בעטן דעם קאָמענדאַנט ער זאָל דערלויבן אויסצוקלייבן אַ בירגערמייסטער. דער עולם האָט, ווי געוויינלעך, געטענה׳ט, אָפּגערעדט, און נאָכדעם האָט מען זיך געשטעלט דאַווענען מנחה. דער עולם האָט נאָך ניט געענדיקט דאַווענען, און אין הויז האָט זיך באַוויזן אַ דייטשער וואַכמייסטער און אויסשרייענדיק אויפֿן קול: „וואָס איז דאָס פֿאַר אַ פֿאַרזאַמלונג!" האָט ער גלייך גענומען שלאָגן מיטן שטעקן איבער די קעפּ. ער האָט אפילו ניט געשאַנעוועט קיין אַלטע לייט, און דער עולם איז אינמיטן דאַווענען קוים מיטן לעבן זיך צעלאָפֿן און האָט שוין מער ניט געוואַגט צו פּראָטעסטירן קעגן דעם בירגערמייסטער. מען האָט געליטן און געשוויגן.

## ט.

## די אייזערנע מאַכט פון די דייטשן

די דייטשן האָבן געשאַפֿן אַן אָרדנונג. ס׳זיינען אַוועקגעזעצט געוואָרן אין דעם גאַנצן אָקופּירטן געביט קאָמענדאַנטן. די באַפֿעלקערונג איז אונטערוואָרפֿן געוואָרן אונטער דער הערשאַפֿט פֿון אָט די קאָמענדאַנטן. די אָקופּאַציע איז צעטיילט געוואָרן אויף באַזונדערע באַצירקן. יעדער קאָמענדאַנט האָט געטאָן וואָס ער האָט געוואָלט. איז ער געווען אַ גוטער מענטש, האָט ער באַהאַנדלט זיינע אונטערטאַנען ווי אַ מענטש, איז ער אָבער געווען אַ טיראַן, האָט ער זיך באַגאַנגען טיראַניש און קיינער האָט אים ניט געקענט אָנקלאָגן.

דער געגנט וואָס האָט זיך געפונען נאָענט פון דער פּאָזיציע, האָט געהייסן „פּאָזיציאָנס געביט" און די קאָמענדאַנטן פֿון פּאָזיציאָנס געביט האָבן באַקומען אַן אונבאַגרעניצטע מאַכט איבער דער ציווילער באַפֿעלקערונג. זיי האָבן געקענט באַנוצן די מענטשן צו יעדער אַרבעט, אָן שום באַלוינונג. דערפֿאַר האָט דער קאָמענדאַנט געזאָרגט, אַז די באַפעלקערונג זאָל ניט הונגערן און זאָל האָבן לעבנסמיטלען. עפּעס לייכטער איז געווען אין דעם עטאַפּ־געביט, וואָס איז געווען ווייטער פון פראָנט.

די באַזאָרגונג איז געווען ניט אומעטום גלייך, נאָר לויט דעם איינזען פון קאָמענדאַנט. און אַז דער קאָמענדאַנט איז געווען אַ גוטער, האָט זיך דער באַפֿעלקערונג געלעבט ניט שלעכט, איז ער געווען אַ שלעכטער, האָט ער אַלעס צוגענומען און אויסגעטיילט צום לעבן לויט דעם דייטשן סיסטעם. און האָט עמיצער געהאַט אַ פּוד קאָרן פֿון דער זייט, האָט ער געמוזט גוט פֿאַרבאַהאַלטן. די דיסציפּלין פֿון פּאָזיציאָנס געביט איז געווען פֿיל שטרייִנגער ווי אין עטאַפּ־געביט. ווי נאָר ס׳איז פינצטער געוואָרן, האָט זיך יעדער מענטש געמוזט געפֿינען אין הויז. דאָס פֿייער האָט געמוזט אויסגעלאָשן ווערן צו דער באַשטימטער צייט. די באַוועגונג פֿון איין באַצירק אין צווייטן, איז געווען מעגלעך נאָר מיט אַ „שיין", דערצו מיט אַ מיליטערישן באַגלייטער. האָט עמיצער באַדאַרפֿט פֿאָרן אין שטאָט עפּעס קויפֿן, האָט מען זיך באַדאַרפֿט ווענדן צום קאָמענדאַנט נאָך אַ רייזע־שיין, דערצו האָט מען באַדאַרפֿט פֿאָרשטעלן די אורזאַכן נאָך וואָס מ׳דאַרף פֿאָרן, ווי למשל, פֿאָרן צו אַ דאָקטאָר, קויפֿן שיך, זאַכן א.א.וו. ווען דער קאָמענדאַנט איז געווען אין אַ גוטער שטימונג, האָט ער געגעבן די דערלויבעניש און דערצו אַ סאָלדאַט פאַר אַ באַגלייטער (די דערלויבעניש איז געווען אַמייִנסטן נאָר

אויף איין טאָג). איז דער קאָמענדאַנט געווען אין אַ שלעכטער שטימונג, האָט ער געמאַכט שוועריקייטן. עס איז געווען גענוג, אַז איינער זאָל פּאַרזינדיקן און דער גאַנצער דאָרף אָדער שטעטל איז געוואָרן פֿאַרשלאָסן אויף אַ חודש צייט ניט צו באַקומען קיין „שיין״ אויף אַרויסצופאָרן. האָט עמיצער גע־וואָלט פאָרן פון פּאָזיציאָנס־געביט אין עטאַפּ־געביט, האָט ער געמוזט פריער אָנגעבן אַ ביטע צו דער עטאַפּ־אינספּעקציע, וואָס האָט געדויערט פֿיל צייט. אין דער לעצטער צייט איז געוואָרן נאָך שטרענגער. צו באַקומען אַ רייזע־שיין, אַ גאַנץ געוויינלעכע, אין דעם זעלבן געביט, האָט מען באַדאַרפֿט האָבן אַ באַזונדער דערלויבניש פֿון דער העכערער מאַכט.

ווען ס'האָט זיך געטראָפֿן אַ צופֿאַל און אַ מענטש איז קראַנק געוואָרן, האָט ער געקענט פון דער וועלט גיין ביז וואַנען ער האָט די דערלויבניש באַקומען. יעדער מושל האָט שטאַרק אַכטונג געגעבן, אַז פֿון זיין בעצירק זאָל גאָרניט אַרויסגעפֿירט ווערן. אָבער, דאַקעגן, איז ער געווען צו־פֿרידן, ווען מ'האָט אַריינגעפֿירט פֿון אַ פֿרעמדן באַצירק אין זיין באַצירק כאָטש קעגן דעם געזעץ. כאָטש די דיסציפּלין אין פּאָזיציאָנס־געביט איז געווען אונערטרעגלעך, דאָך האָבן פֿיל יידן געלעבט גאַנץ גוט, און דאָס האָט מען געהאַט צו פֿאַר־דאַנקען די פּוטער און אייער, קעגן וועלכע דער שטרענגסטער דייטש איז ניט בייגעשטאַנען. פֿאַר פּוטער און אייער האָט איר לייכט באַקומען אַ רייזע־שיין, געקענט מאַכן שווינדל, אַרויספֿירן פֿון איין בעצירק אין צווייטן, זיין באַפֿרייט פֿון דער אַרבעט, אַזוו.

ביסלעכווייז האָט זיך דער דייטש צוגעוווינט צו נעמען די מטבע אויך, און די אייזערנע מאַכט פֿון די דייטשן איז מאַכטלאָז געוואָרן קעגן דאָס לעבן, וואָס האָט צעשטערט אַלע אייזערנע ווענט אויף זיין וועג.

י.

## די טיפוס עפּידעמיע

נאָך יום־טוב, 1915, האָב איך מיט מיין ברודער דוד און שוועסטער טויבע און נאָך יידן אויסגעוואַנדערט פון שטאָט אין דאָרף האַרבאַכע. מיין פרוי און טאָכטער האָב איך דער־ווייל געלאָזט אין שטאָט. צום אומגליק האָט זיך באַלד פאַר־שפּרייט די טיפוס־עפּידעמיע און דראַהיטשין איז פאַרשלאָסן געוואָרן, ניט אַריין און ניט אַרויס. פון צייט צו צייט פלעגט דערגיין צו אונדז טרויעריקע בשורות: דער איז געשטאָרבן און דער האַלט ביים שטאַרבן... איך בין דאַן געוואָרן אָפּגעריסן פון מיין פאַמיליע, וועמנס שיקזאַל האָט מיר נישט געלאָזט רוען. דערצו האָט זי ניט געהאַט קיין מיטלען צום לעבן. איך האָב אָנגעהויבן צו טאַן אויף אַריבערצוברענגען מיין פאַמי־ליע. אָנפאַנגס האָט דער קאָמענדאַנט מיר אנטזאָגט, ער האָט געזאָגט אַז דאָס איז אונמעגלעך, נאָר אין אַ צייט אַרום איז מיר געלונגען צו באַקומען, צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע לייט, אַ דערלויבעניש צו פאָרן קיין דראַהיטשין און אַריבער־צוברענגען מיין פרוי און קינד אין דאָרף.

מיין פריידן איז געווען גאָר ניט צו באַשרייבן. אָט, האָב איך שוין געהאַפּט, וועל איך שוין אַרויסראַטעווען מיין פֿאַ־מיליע פֿון אַזאַ פֿייער ווי די עפּידעמיע און אויך פֿון הונגער און נויט. מיר זיינען אַרויסגעפֿאָרן מיט צוויי וואָגנס. אַן אונ־טער אָפיציר האָט געריטן אויף זיין פערד און אַ סאָלדאַט איז געזעסן אויפֿן וואָגן. די וועג איז געווען ניט קיין גוטע, די גאַנצע נאַכט איז געגאַנגען אַ רעגן, נאָר אין דער פֿרי איז געוואָרן לויטער, די זון איז אויפֿגעגאַנגען אויפֿן האָריזאָנט און דער וועטער איז געווען אַ גאַנץ גוטער. די פֿערד, גע־



פון לינקס: גדליה קאפלאן (אלס מיליציאַנט, סאניטאר אין 1918) און יעקב איינבינדער.

שפּאַנט צו צוויי אין אַ וואָגן, זיינען געלאָפֿן געשווינט. דער אונטער אָפיציר, אַ גוטמוטיקער און אַ פּינקטלעכער דייטש, האָט געריטן אויף זיין פערד און געזונגען אַ דייטשע פּאַט־ריאָטיש־לידל. אין דער הויך, אויף דעם קלאָרן הימל, האָט געשוועבט און געזשומעט אַן עראָפּלאַן אין דער ריכ־טונג פֿון דער אייזנבאַן. — דאָס איז אַ רוסישער עראָפּלאַן — האָט אונדז דער אונטער אָפיציר דערקלערט. אין אַ פּאָר שטונדן זיינען מיר שוין געווען ביים אַריינפֿאָר פֿון שטעטל. די ערשטע, וועלכע האָבן אונדז באַגעגנט, זיינען געווען די פּאַטרולן, וועלכע האָבן געשפּאַצירט מיט די ביקסן אויף די אַקסלען און געקוקט אויף אונדז מיט בייזע בליקן, ווי זיי וואָלטן געזאָגט: ווער דאַרף אייך דאָ, יידן?

באַגריסנדיק זיך מיט די פּאַטרולן, האָט אונדזער באַ־גלייטער זיך נאָכגעפרעגט אויף דער קאָמענדאַנטור און, אָפּ־שטעלנדיק אונדזערע וואָגנס, איז ער אַריין אין קאָמענדאַנטור זיך מעלדן. דאָרט האָט אים דער שרייבער גלייך דער־קלערט, אַז עס איז פאַרבאָטן דער אַריינפֿאָר און דאָס גלייכן דער אַרויספֿאָר פון דראַהיטשין. דער אונטער־אָפיציר, געבנדיק אַ באַפֿעל צום סאָלדאַט, אַז די וואָגנס זאָלן דאָ בלייבן שטיין און ער זאָל אַכטונג געבן אויף אונדז מיר זאָלן אין שטאָט ניט גיין, איז אַליין אַוועק אין שטאָט איינקויפֿן וואָס ער דאַרף. ער האָט געקענט גיין אין שטאָט. אויף דער גאַס האָט מען ניט געזען קיין יידן פֿון שטעטל, נאָר אַ שוועסטער מיט אַ רויטן קרייץ איז שנעל פֿאַרבייגעגאַנגען, ניט אָפּשטעלנדיק זיך פֿאַר אונדז.

ביי דער קאָמענדאַנטור האָט שפּאַצירט אַן אָבער־

לייטענאַנט. ער איז געווען הויך־געוואַקסן און געהאַט אַ סימ־פּאַטישן אויסזען. ער האָט שפּאַצירט לאַנגזאַם און פֿאַר אים איז זיך געלאָפֿן זיין הונט. דער הונט האָט זיך אַלעמאָל אָפּ־געשטעלט, געשטעלט זיך אויף ביידע פּיס ווי אַ מענטש און געקוקט דעם לייטענאַנט גלייך אין פּנים אַריין. דער לייטע־נאַנט האָט מיט צופרידנהייט געגלעט דעם הונט און שטאַרק מקבל נחת געווען ווי פון אַ קינד אַ שטיפער. ער האָט גאָר־ניט באַמערקט ווי דער סעקרעטאַר האָט, אויסציענדיק זיך פֿאַר אים, געמאָלדן וועגן אונדז. ער האָט זיך ווייטער געטאָן זיינס. געשפּאַצירט און געגלעט דעם הונט. אין אַ קורצער צייט אַרום איז געקומען דער אונטער אָפיציר פון שטאָט און באַפעלן צו פֿאָרן צוריק.

מ׳קען זיך פֿאָרשטעלן אונדזערע ליידן וואָס מיר האָבן דאַן איבערגעלעבט. ניט ווייניק מי האָבן מיר געהאַט ביז וואַנען מיר האָבן באַקומען די דערלויבעניש און איצט, אַז מיר זיינען שוין געקומען אין שטאָט, מוזן מיר גלייך צוריק־פאָרן. ווי פאַרצווייפלט איז געווען דאַן מיין לאַגע; דאָס גאַנצע שטעטל איז פֿאַרוואַנדלט אין אַ שפּיטאָל, מענטשן פֿאַלן ווי די פֿליגן און אָט האָב איך שוין געקאָנט אַרויסראַטעווען מיין פֿאַמיליע פֿון דעם שרעקלעכן פֿייער און ווער ווייס מיט וואָס דאָס וועט זיך ענדיקן, אָבער דעם דייטש גייט דאָס ניט אָן און איך מוז פֿאָרן צוריק. ווען מיר זיינען אָפּגעפֿאָרן, איז שוין געוואָרן פינצטער. דער אונטער אָפּיציר איז זיך גע־ריטן אויף זיין פֿערד און געזונגען אַ לידל פֿון זיין היימאַט.


פון לינקס: זכריה שמיד, דירעקטאָר פון פאָלקס־באַנק א.א. שטייען לעם באַנק.

דער סאָלדאַט איז געזעסן אויפן וואָגן און האָט אים אונטער־געהאַלטן און ביידע האָבן זיך געמאַכט לוסטיק איבער אונדז. אויף דעם האָריזאָנט האָט זיך באַוויזן די לבנה. די פֿערד האָבן געשפּאַנט שנעל, געסאַפּעט און זיך געיאָגט וואָס גיכער אַהיים.

הירזשענדיק האָבן זיי איבערגעגעבן איינער צום צווייטן די איינדרוקן פון זייער רייזע און פון דעם מענטשנס אכזריות; אָבער מיר, האָבן זיי געזאָגט, זיינען אין דעם גאָר ניט שול־דיק, מיר האָבן אונדזערס דערפֿילט.

קומענדיק אַהיים האָב איך זיך גאָרניט געקענט געפינען קיין אָרט. מיין פֿאַנטאַזיע האָט מיר געמאָלן טרויעריקע בילדער. דער געדאַנק, אַז איך פֿאַרליר מיין פֿאַמיליע, האָט מיר ניט אויפֿגעהערט צו פּייניקן און אַ גאַנץ לאַנגע צייט האָב איך זיך ניט געקענט נעמען צו קיין אַרבעט. אין אַ צייט אַרום האָב איך ווידער באַקומען אַ דערלויבעניש צו ברענגען מיין פֿאַמיליע, אָבער אויך דאָס מאָל איז געווען אָן דערפֿאָלג. די לאַגע האָט זיך געצויגן אַ גאַנץ ווינטער ביז די עפּידעמיע איז געשטילט געוואָרן, האָב איך דאַן אַראָפּגעבראַכט מיין פֿאַ־מיליע אין דאָרף.

## יא.

## דראָהיטשינער יידן אין דאָרף האָרבאַכע

אין האָרבאַכער דאָרף, וועלכער ליגט אַרום 2 מייל פון דראָהיטשין, האָבן אין משך פון די מלחמה־יאָרן געלעבט עטלעכע צענדליק יידישע פֿאַמיליעס פֿון דראָהיטשין און פֿון אַנדערע שטעט און דערפֿער, צווישן וועלכע עס האָט זיך אויך געפונען דער כאָלאָזשינער רבי מיט זיין פֿאַמיליע.

די פּויערים פֿון דאָרף זיינען עוואַקויִרט געוואָרן קיין רוסלאַנד. די תבואות זיינען געווען אַריינגעפֿירט אין די שיי־ערן. די קאַרטאָפֿל איז געווען פֿאַרגראָבן, און די יידן האָבן גאַנץ לייכט באַקומען זייערע לעבנסמיטלען. דער קאָמענ־דאַנט איז געזעסן אין דאָרף וואָרצעוויטש. דער ערשטער קאָ־מענדאַנט איז געווען ריטמייסטער ראַם. דאָס איז געווען אַ מענטש פֿון מיטעלן וווקס, ניט קיין שלעכטער, אָבער זייער אַ קאַפּריזנער. ער האָט ניט געהאַט קיין געשטעלטע דעה. אָט האָט ער אָפּגעזאָגט, דאָס איז אויסגעשלאָסן, אין אַ מינוט אַרום איז ער ווייכער געוואָרן און געגעבן די דערלויבעניש. ווען מיר פֿלעגן קומען בעטן אַ שיין צו פֿאָרן אין שטאָט, פֿלעגן מיר זיך אַרומדרייען אַרום הויף פֿון קאָמענדאַנט, אין האַרץ פֿלעגט קלאַפּן פונקט ווי מ׳דאַרף צוטרעטן צו אַ בייזן הונט. עס האָט פיל מאָל געטראָפֿן, אַז דער קאָמענדאַנט איז אַרויסגעשפּרונגען, ווי אַ הונט, מיט קללות: „פּוילע באַנדע!״ און זיך געכאַפּט שלאָגן. אָבער באַלד איז ער אָפּגעקילט גע־וואָרן און לסוף געגעבן די דערלויבעניש.

[ווען מיין מוטער, גיטל, ע״ה, איז געשטאָרבן (ווינטער 1916) אין האָרבאַכע, האָט דער קאָמענדאַנט ניט דערלויבט צו פירן איר אויף דעם דראָהיטשינער בית־עולם. ער האָט געהייסן מען זאָל איר מקבר זיין אין דאָרף. מען האָט קוים גע׳פּועל׳ט ביי אים, אַז מען זאָל איר מקבר זיין אין קאָלאָניע.]

דער דייטשער קאָמענדאַנט האָט שטאַרק אַכטונג געגעבן אַז אַלע זאָלן אַרבעטן און אַרבעט האָט ער געהאַט זייער פֿיל: אין פערד־לאַזאַרעט, פעלד־אַרבעט, רייסן קראָפּעווע, קאָסען היי, איינלייגן די אַלטע הייזער, וועלכע די דייטשן פֿלעגן נוצן פֿאַר ברען־האָלץ א.א.וו.

דעם ערשטן פּורים, ווען מיר האָבן אָפּגעדאַוונט און זיי־נען געקומען אַהיים, האָבן מיר דערזען ווי ביי יעדער הויז שטייט אַ פּאַטרול און אייניקע סאָלדאַטן גייען פֿון שטוב צו שטוב אָפּצושרייבן וויפֿל תבואה עס געפֿינט זיך ביי יעדן איי־

נעם. מ'האָט געזאָגט, אַז מ'וועט ביי אונדז צונעמען די תבואה און אויסטיילן לויט דעם דייטשס מעטאָדע, ווי אַנדערע קאָמענדאַנטן האָבן דאָס געטאָן. נאָר צו אונדזער גליק זיינען מיר אָפּגעקומען בלויז מיט שרעק, דער פּלאַן איז ניט דורכגעפירט געוואָרן און די קאָרן איז ביי אונדז פאַרבליבן.

ווי נאָר דער פרילינג איז געקומען, האָבן זיך אַלע אַ נעם געטאָן מיט אימפּעט צו באַאַרבעטן די פעלדער, פילנדיק אינסטינקטיוו, אַז נאָר די ערד קאָן איצט ראַטעווען פון הונגער. דער קאָמענדאַנט האָט פון זיין זייט געטאָן אַלץ וואָס

יאָגט און געטריבן און ניט געלאָזן אויף אַ מינוט זיך אָפּרוען, דערביי האָט ער אונדז אַלעמאָל מכבד געווען מיט די שיינע ווערטער: „פוילע באַנדע" א.אַ.וו. און זיך געכאַפּט שלאָגן מיטן קאַנטשיק. ווען איינער האָט געבעטן ער זאָל דערלויבן אים אַנצוטאָן דעם ראָק ווייל עס איז קאַלט, האָט דער פלייסיקער וואַכמייסטער ניט דערלויבט. אַט אַזוי האָבן מיר דאַן געאַרבעט ביז שטאַרק פינצטער.

דערזעלבער וואַכמייסטער האָט שטאַרק אַכטונג געגעבן אַז די הינער זאָלן זיין רעגיסטרירט און קיין ייד זאָל, חלילה,



דייטשע צוואַנגס־אַרבעט אין דער ערשטער וועלט־מלחמה. קליינע קינדער זיינען געצוואונגען צו אַרבעטן עבודת־פרך.

ער האָט געקענט כדי צו שטיצן די פעלד־אַרבעט. אַזוי פלעגן מיר באַקומען פערד פון לאַזאַרעט צו דער אַרבעט און אויך, מאַנכעס מאָל, נאַסיניע.

יב.

## דייטשע צוואַנגס־אַרבעט און שקלאַפעריי

דער ערשטער וואַכמייסטער איז אַוועק, און אויף זיין אָרט איז געקומען אַ צווייטער, ניט קיין סימפּאַטישער מענטש. ער האָט שוין געזען צו דעם, אַז די יידן זאָלן, חלילה, ניט אַרומגיין ליידיק... ער איז אַליין געשטאַנען ביי דער אַרבעט און אַכטונג געגעבן מ'זאָל ניט פאַלשעווען, ווי ער וואָלט אונדז געצאָלט מי יודע וויפיל. איינמאָל, געדענק איך, איז ער געשטאַנען ביי דער אַרבעט, ס'איז געווען זומער, און האָט גע־

ניט מאַכן קיין שווינדל, דעריבער איז ער אַליין געגאַנגען איבערן דאָרף צו פאַרשרייבן די הינער, און אַז אַ יידענע האָט טאַקע געוואָלט מאַכן אַ שווינדל און געזאָגט אַז זי האָט מער ניט ווי 3 הינער און די איבעריקע, וואָס דער וואַכמייסטער זעט, איז ניט אירע, — איז דער כיטרער וויכמייסטער געפאַלן אויף אַן המצאה און געזאָגט: אויב אַזוי, נעמט ער צו די איבעריקע. האָט זיך טאַקע די יידינע דערשראָקן און זיך מודה געווען... דער וואַכמייסטער איז אַוועק אַ צופרידענער, זאָגנדיק צו זיך אַליין: „אַך, פאַרפלוכטע! זי האָט מיך געוואָלט באַשווינדלען."

איינמאָל, אַ שבת פרי, האָבן מיר פלוצלונג דערהערט אַ קלאַפּעריי אין טיר און אין די פענסטער באַגלייט מיט קולות: „יודע אַרויס פון הויז". מיר האָבן זיך שנעל אָנגעטאָן און אין שרעק אַרויסגעלאָפן אין דרויסן זעען וואָס איז געשען.

די דייטשן זיינען געלאָפן מיט שטעקנס פון הויז צו הויז און מיט אַ ווילדער סאַדיסטישער הנאה געטריבן די יידן פֿון די הייזער אויפֿן מיטן גאַס. זיי האָבן קיינעם ניט געשאַנעוועט. אויך דער אַלטער כאָלאָזשינער האָט זיך געפונען אויפן מיטן גאַס. די דייטשן האָבן פֿאַרנאַנדערגעטיילט די מענער אין גרופעס און געטריבן צו דער אַרבעט אין פֿעלד. איך בין געווען אין דער גרופע, וואָס האָט באַדאַרפט גיין קאָסען היי. ווען מיר זיינען געקומען הינטערן דאָרף האָט אונדז דער וואַכמייסטער באַפוילן מיר זאָלן אָנפאַנגען קאָסען. מיר האָבן אים גלייך דערקלערט, אַז מיר האָבן ניט געאַרבעט ביז איצט אין שבת און מיר ווען ווייטער ניט אַרבעטן. איז דער דייטש אַריינגעפֿאַלן אין אַ גרימצאָרן און מיט אַ פֿייכטן רוט מיר אַ שמיץ געטאָן איבערן פנים. אָבער צו להכעיס דעם וואַכמייסטער האָט באַלד אָנגעפֿאַנגען רעגענען און מיר זיינען אַוועק אַהיים. געווען באַשערט מיר זאָלן נישט מחלל שבת זיין.



ערשטע שורה, פון רעכטס: אהרן לאַסאָווסקי, ד״ר גאָלדשטיין, טעוול און פריידל זבאַר, טאַניע גראַטש, יוסף בערעזאָווסקי, ירמיה גראָסמאַן. צווייטע ריי: חייקע לאסאָווסקי, אַלטער סאַראַטשיק, פרוי גאָלדשטיין, רחל און שלמה זעליג גאָלדמאַן, דאָראַ גראָסמאַן. ליגן: אברהם גראַטש, און חיים (הערמאַן) גראָסמאַן, אין 1927.

שפעטער האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז דאָס איז געווען אַ שטראָף; מחמת אין דאָרף וואָרצעוויטש, וואו דער קאָמענדאַנט האָט געוואוינט, האָט מען ביי אַ יידן געפֿונען עטלעכע פֿונט קאָרן אין אַ זעקל, וואָס ער האָט אָנגעקלאַפּט פֿון די זאַנגען בעת ער האָט געאַרבעט אויפֿן פֿעלד מיט די דייטשן. דערפֿאַר האָבן די דייטשן באַשטראָפֿט אַלע יידן און זיי געצוואונגען צו אַרבעטן אין שבת.

אין הערבסט האָבן די דייטשן געטריבן קליינע קינדער, פֿון 8 און 10 יאָר, צו גראָבן קאַרטאָפֿל או. אַנד. גרינס. דאָס איז געווען אַ גאַנץ שווערע אַרבעט. ווען דער סאָלדאַט איז געווען אַ גוטער, איז נאָך געווען צו דערליידן, איז אָבער אַוועקגעשטעלט געוואָרן אַ שלעכטער סאָלדאַט, פֿלעגט ער פאַרפאָלגן ביי דער אַרבעט און נאָך מסר׳ן פאַר דעם ריטמייסטער, אַז מען וויל ניט אַרבעטן.

ערב ראש השנה איז דאָס געווען. איך געדענק גאַנץ גוט יענעם טאָג: איך און נאָך אַ יונגערמאַן זיינען געצוווּנגען געוואָרן צו גראָבן קאַרטאָפל. ביי דער אַרבעט איז געשטאַנען אַ פּויליש־דייטשער סאָלדאַט, אַ יידן־פֿרעסער. ער האָט אונדז פֿאַרפֿאָלגט ביי דער אַרבעט, געיאָגט און געטריבן און ניט געלאָזט זיך אָפּרוען. דער יונגערמאַן, אַ שוואַכער, האָט זיך ניט געאַיילט און האָט אויפֿמערקזאַם געמאַכט דעם סאָלדאַט, אַז פאַר דעם געלט וואָס מיר באַקומען פאַר דער אַרבעט איז גענוג וואָס מיר טוען. אין אַ מינוט אַרום האָט זיך באַוויזן דער ריטמייסטער ר., רייטנדיק אויף זיין פֿערד. קומענדיק נאָענט צו אונדז, האָט ער אויסגעדריקט זיין אומצופֿרידנהייט מיט אונדזער אַרבעט און געזידלט מיט זיינע ווערטער: „פֿוילע און פֿאַרפֿלוכטע באַנדע", כאָטש דאָס מאָל האָט מען געאַרבעט דוקא גוט. דער סאָלדאַט האָט גלייך געמאָלדן דעם ריטמייסטער, וואָס דער יונגערמאַן האָט געזאָגט. און דער ריטמייסטער, אַן אויפגערעגטער, האָט זיך אַ לאָז געטאָן מיט זיין פערד צום יונגנמאַן און אים מכבד געווען גאַנץ גוט מיטן קאַנטשיק איבערן קאָפּ, צוזאָגנדיק אַז ער וועט נאָך אים באַשטראָפן. דערפֿאַר האָבן מיר געאַרבעט ביז שפעט אין אָוונט. און אַז מיר זיינען געקומען אַהיים, איז מען שוין געגאַנגען פון דאַוונען.

ערב סוכות, געדענק איך, איז געווען זייער אַ שלעכטער וועטער, ס׳האָט גערעגנט און אַ קאַלטער ווינט האָט געבלאָזן, עס איז געווען אונמעגלעך צו אַרבעטן אויפן פעלד, נאָר דער וואַכמייסטער האָט דאַן אויך ניט באַפרייט די קינדער פון דער אַרבעט. אויף מאָרגן, ווען מיר זיינען געגאַנגען דאַוונען, זיינען די קינדער אַוועק צו דער אַרבעט, מ׳האָט זיי ניט באַפרייט, ניט יום־טוב און ניט שבת, ביז וואַנען זיי האָבן ניט אויסגעגראָבן די קאַרטאָפל.

דעם צווייטן ווינטער, אין 1917, האָט זיך די אַרבעט פֿאַרשטאַרקט. די דייטשן זיינען וואָס ווייטער געוואָרן נערוועזער און זיי האָבן אונדז מער פֿאַרפֿאָלגט. איינמאָל האָבן זיי אונדז אַלעמען אַרויסגעטריבן יאָגן האָזן. אַ קאַלטער פראָסט־טאָג איז דאַן געווען און דער שניי האָט טיף באַדעקט די ערד. מיר און די דייטשן זיינען אויסגעשטעלט געוואָרן אין אַ צעפּ און מיר זיינען אַזוי געגאַנגען יאָגנדיק די האָזן, אָבער אויף צו להכעיס האָבן זיך די האָזן פֿאַרבאַהאַלטן און מיר האָבן אומזיסט אַ גאַנצן טאָג זיך אַרומגעשלעפּט איבערן וואַלד זינקענדיק אין די גריבער מיט שניי. פֿאַרנאַכט, ווען מיר האָבן זיך אומגעקערט צו די וואָגנס וואָס האָבן אויף אונדז געוואַרט, האָבן מיר נאָך אויסגעהערט זידלערייען פון ריטמייסטער: — „אַך פאַרפלוכטע באַנדע", איר

האָט אַלעס איבערגעפירט.״ דאָס איז געווען אַ באַצאָלונג פאַר דעם גאַנצן טאָג. ווען איך בין געקומען אהיים, האָב איך דערפילט אַז איך האָב אָפּגעפראָרן אַ פוס און בין פינף וואָכן געלעגן אין בעט.

***

דעם זומער 1917 איז אונדזער לאַגע געוואָרן ערגער. דער ריטמייסטער ראם איז אַוועק און אויף זיין אָרט איז געקומען דער שטאַב־וועטערינאַר פון פערד־לאַזארעט. דער דאָזיקער האָט איבערגעגעבן די מאַכט אין די הענט פון די קלענערע דייטשן, וועלכע האָבן געטאָן וואָס זיי האָבן געוואָלט.

דער וואַכמייסטער פון דאָרף איז געווען דער גאַנצער מושל. די יידן אַליין האָבן אים איינגעוווינט צו נעמען מתנות און דערמיט זיך אויסגעקויפט פון אַרבעט. שפּעטער האָט ער שוין אַליין געפאָדערט מען זאָל אים געבן פוטער, אייער און קעז. און דעם וואָס האָט אים נישט געגעבן האָט ער שטאַרק פאַרפאָלגט.

דער „קולטור־טרעגער״ איז אַרויס איבער דער וועלט מיטן געדאַנק, אַז דייטשלאַנד איז איבער אַלעס און ער, דער דייטש, איז איבעראַלעמען, ובפרט, איבער דעם „פאַרפלוכטן יודע״. דער פאַרפלוכטער יודע איז טאַקע געוואָרן אַ שקלאַף צום „קולטור־טרעגער״. ער האָט געטאָן כל עבודת־פרך: געאַרבעט אין וואַלד און אין פעלד. יידן האָבן פאַר די דייטשן געבויט וועגן, שאָסייען, געליטן קעלט און הונגער און געוואָרן אויסגעריסן. חדשים און יאָרן איז מען געוואָרן געפייניקט ווי די שקלאַפן ביי דער אַרבעט! ממש ווי אין מצרים! די דייטשן האָבן געטריבן צו זייער צוואַנגס־אַרבעט יונג און אַלט, אפילו קליינע קינדער.* ווען מ׳פלעגט קומען אָפּבעטן די קינדער, זיי דאַרפן זיך לערנען, האָט מען באַקומען פון די דייטשן אַזאַ מין ענטפער: „היינט איז קריגס־צייט ברויכט מען ניט צו לערנען.״ און דער „קולטור־טרעגער״ האָט אונדז מכבד געווען מיט די עפּיטעטן: „פאַרפלוכטער יודע״, „פוילע באַנדע״ און אַזוי ווייטער.

* די דאָזיקע צוואַנגס־אַרבעט און שקלאַפעריי; אַ שקלאַפעריי נאָך ערגער ווי אין מצרים: צו פייניקן קליינע קינדער מיט כל עבודת־פרך אין קעלט און אין רעגן — האָבן די דייטשן פראַקטיצירט אין אַלע אָקופּירטע ראַיאָנען, אָפן פאַר דער גאַנצער וועלט! און דאָס האָבן געטאָן די „גוטע דייטשן״ אין דער ערשטער וועלט־מלחמה! (היינט קען מען זיך שוין פאָרשטעלן וואָס די דייטשן האָבן אָפּגעטאָן אונטער היטלער׳ן!) אינטערעסאַנט, אָבער, איז דער דאָזיקער פאַקט: קיין איינער פון דער ציוויליזירטער און דעמאָקראַטישער וועלט האָט נישט אויפגעהויבן זיין שטים אין פּראָטעסט קעגן דער דייטשער טירעניי און בעסטיאַלישער באַהאַנדלונג (אין דער ערשטער וועלט־מלחמה) פון דער ציווילער באַפעלקערונג! — ווי מיר הערן היינט פּראָטעסטן קעגן דער „שלעכטער באַהאַנדלונג״, וואָס מען באַגייט קעגן די אָרעמע דייטשן, נעבאַך... דאָס לאָזט אַ סך נאָכצודענקען... — [די רעדאַקציע]

יג.

## דער שלום־אָפּמאַך אין בריסק

ווינטער, 1918, ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן די שלום־פאַרהאַנדלונגען צווישן די דייטשן און די באָלשעוויקעס אין בריסק, האָבן מיר געהאָפט, אַז אָט, אָט, וועלן מיר באַפרייט ווערן פון דעם דייטש און פון די צרות. אָבער אויסגעלאָזט האָט זיך מיט דעם: די באָלשעוויקעס האָבן צוגענומען זייער פראָנט און געלאָזן די דייטשן גיין פריי וואו זיי ווילן. די דייטשן זיינען גלייך אַריינגעדרונגען אין אוקראַינע און האָבן זיך גענומען אין געאייל אַרויסצופירן פון רוסלאַנד וואָס עס לאָזט זיך. ספּעציעל האָבן זיי געשלעפּט געהילץ, באַנוצנדיק די ציווילע מענטשן, אַלס שקלאַפן, וועלכע האָבן געאַרבעט אומזיסט, אין די ערגסטע באַדינגונגען.

הגם די אייזערנע דייטשע דיסציפּלין האָט אַביסל נאָכגעלאָזט; פון דעם פּאָזיציאָנס־געביט איז ביי אונדז געוואָרן אַן עטאַפּ־געביט, און מיר קענען זיך אַביסל פרייער באַוועגן, — דאָך פילן מיר, אַז עס רוקט זיך אָן אויף אונדז אַ נייע כמאַרע — דער הונגער! מיט דעם אַריינדרינגען פון די דייטשן טיף אין רוסלאַנד, הויבן אָן די אַנטלאָפענע פּויערים צו קומען צוריק אין די דערפער. מיר דערוויסן זיך, אַז אין רוסלאַנד הערשט אַ גרויסער הונגער און מיט דעם אָנקומען פון די פּויערים הויבן מיר אויך אָן צו פילן דעם הונגער. די דייטשן נעמען אַוועק דאָס לעצטע ביסל מילך פון אונזערע קינדער. זיי נעמען צו די אייער, די עופות, זיי רעקווירירן אויך אָפּט די בהמות. ביסלעכווייז ווערן די יידישע פאַמיליעס צוריקגעשיקט פון דאָרף אין שטאָט, כדי צו מאַכן פּלאַץ פאַר די אָנקומענדיקע פּויערים. מיר קלייבן זיך צוריק אַרויס פון דאָרף האָרבאַכע קיין דראָהיטשין.

יד.

## דייטשן פאַרלאָזן דראָהיטשין און ס׳קומען אוקראַינער

זומער, 1918, ווערן די דייטשן סוף כל סוף באַזיגט פון די פאַראייניקטע פעלקער, און זיי הויבן זיך אָן צוריקציען פון רוסלאַנד.

דאָס אָפּטרעטן פון די דייטשן איז צוגעגאַנגען לאַנגזאַם און פלאַנמעסיק. וואָס זיי האָבן געקענט אַרויספירן האָבן זיי אַרויסגעפירט און וואָס ניט, האָבן זיי פאַרקויפט. יעדער דייטש האָט זיך געסטאַרעט צו מאַכן וואָס מער געלט פאַר זיך.

אין פוילן האָט פּילסודסקי שוין געהאַט אָרגאַניזירט זיינע לעגיאָנען, וועלכע האָבן אָפּגעשניטן דעם צוריקטריט פון די דייטשן דורך פוילן. די דייטשן האָבן דעריבער אַלעס געמוזט עוואַקואירן דורך ליטע קיין אָסט־פּרייסן.

נאָך איידער די דייטשן האָבן געהאַט פאַרלאָזן אוקראַינע און ווייס־רוסלאַנד האָבן זיי צוגעגרייט אַ יורש, וואָס זאָל איבערנעמען זייער ממשלה. דאָס האָט געזאָלט זיין אַ זעלבסטשטענדיקע אוקראַינע. עס זיינען געווען צוגעגרייט אין יעדער שטאָט און שטעטל אוקרייאינישע קאָמיסאַרן, וועלכע האָבן

געזאָלט, גלייך ווי די דייטשן וועלן אַוועק, איבערנעמען די מאַכט. אויך אין דראָהיטשין האָט זיך גלייך אָפּגעיאַוועט אַן אוקראַינישער קאָמיסאַר. ווי נאָר די דייטשן האָבן פֿאַרלאָזן דאָס שטעטל, האָט ער אָרגאַניזירט אַ מיליץ פֿון דאָרפֿישע שקצים און האָט זיך פּראָקלאַמירט אַלס דער פֿאָרשטייער פֿון דער אוקראַינישער רעגירונג. ער האָט זיך געווענדעט צו די קרעמער, אַז זיי זאָלן אַרויסנעמען פֿאַטענטן פֿאַר זייערע קראָמען און האָט אָנגעהויבן פֿאַרשפּרייטן אוקראַינישע געלט — „קאַבאָנצעס".

זיין ממשלה האָט אָבער לאַנג ניט אָנגעהאַלטן. עס האָבן זיך געטראָגן קלאַנגען, אַז די פּאָליאַקן גייען פֿון מערב און די באָלשעוויקעס — פֿון מזרח. אין אַ שיינעם טאָג איז דער אוקראַינישער קאָמיסאַר נעלם געוואָרן.

דראָהיטשין איז פֿאַר אַ קורצער צייט געבליבן אָן קיין שום מאַכט. מען איז געווען אויסגעשטעלט אויף די גרעסטע געפֿאַרן. עס האָט זיך דאַן ביי אונדז אין שטאָט געגרינדעט אַ שטאָט־קאָמיטעט, וועלכער האָט אָרגאַניזירט אַ מיליץ פֿון יידישע יונגעלייט, וועלכע האָבן געדאַרפֿט האַלטן די אָרדענונג אין שטאָט און אויך דינען אַלס זעלבסט־שוץ אין פֿאַל פֿון אַן אָנפֿאַל פֿון דרויסן.

טו.

## די פּויליש־באָלשעוויסטישע מלחמה

די קלאַנגען, וואָס האָבן זיך געטראָגן, אַז די פּאָליאַקן וועלן זיך באַגעגענען מיט די באָלשעוויקעס האָבן זיך באַשטעטיקט. די פּאָליאַקן זיינען שוין געשטאַנען אין קאָברין, און די באָלשעוויקעס — אין פּינסק. אין אַ געוויסן טאָג האָט זיך אין דראָהיטשין באַוויזן אַ רייטער, אַ „ראַזוועדטשיק", פֿון די באָלשעוויקעס. ער האָט אין מאַרק געהאַלטן פֿאַר די פֿאַרזאַמלטע אַ רעדע, אין וועלכער ער האָט געמאָלדן, אַז אין גיכן וועלן דאָ קומען די באָלשעוויקעס און ברייינגען פֿרייהייט און גלייכהייט פֿאַר אַלעמען. אָפּגעזאָגט זיינע ווערטער איז דער „ראַזוועדטשיק" גלייך פֿאַרשוואונדן.

קורץ, נאָכדעם, אין אַ מיטן נאַכט, איז אין שטאָט אַריין אַן אָפּטיילונג פֿון פּוילישן מיליטער, וועלכע האָבן אָנגעמאַכט אַ טומל אין שטאָט. זיי האָבן געזידלט דעם שטאָט־קאָמיטעט און מיטנעמענדיק מיט זיך דעם אָנפֿירער פֿון דער מיליץ,* האָבן זיי זיך שנעל צוריקגעצויגן קיין קאָברין. אין שטאָט איז ווידער געוואָרן שטיל, אָבער ניט אויף לאַנג.

* „דער אָנפֿירער פֿון דער מיליץ", וועגן וועלכן דער חשוב׳ער מחבר שרייבט, איז געווען אשר שוואַרצבערג, דער מוליאַר. שוואַרצבערג איז געווען אין גרויס סכנה; די פּאָליאַקן האָבן אים, אַלס „זשיד־באָלשעוויק", געדראָט מיטן טויט. האָט מנחם אַווערבוך גענומען אויף זיך די מיסיע צו ראַטעווען אשר׳ן. אַווערבוך האָט מיט גרויסער מסירת־נפֿש זיך דערשלאָגן קיין קאָברין און נאָך מיפּולער השתדלות מצד קאָברינער יידן, — האָט ער צוריקגעבראַכט שוואַרצבערגן אַ לעבעדיקן אַהיים, קיין דראָהיטשין... — [די רעדאַקציע.]

די באָלשעוויקעס האָבן געהאַלטן וואָרט. מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָבן זיי אָנגעהויבן מאַרשירן פֿון פּינסק צו באַגעגענען די פּאָליאַקן. זיי זיינען געפֿאָרן אויף פּויערשע פֿורלעך, וואָס זיי האָבן גענומען אין די אַרומיקע דערפֿער. עס איז ניט געווען קיין רעגולערע אַרמיי. בסך־הכל האָבן דורכגעמאַשירט דראָהיטשין עטלעכע הונדערט מאַן, יונגעלייט, פֿיל אין ציווילע קליידער, מיט די „ווינטאָווקעס" אַריבערגעוואָרפֿן איבער די אַקסלען.

ביי האָראָדעץ־אַנטאָפּאָליע, אויף דעם וועג צו קאָברין, האָבן זיך די צוויי פֿיינטלעכע מחנות באַגעגענט. די באָלשע־



פֿון לינקס: מנחם אַווערבוך, משה מענדל מילנער און אברהם קראַוועץ.

וויקעס זיינען צעקלאַפּט געוואָרן פֿון די פּאָליאַקן, וועלכע האָבן שוין געהאַט אַן אָרגאַניזירטע אַרמיי, וואָס איז געווען אויסגעשטאַטעט דורך די „עליִיס", מיט די נייעסטע כלי־מלחמה, און דערצו זיינען די פּאָליאַקן געווען אין אַ גרעסערער צאָל. די באָלשעוויקעס, דאַקעגן, האָבן קאָנצענטרירט זייערע כחות אויף אַנדערע פֿראָנטן קעגן די באַנדעס פֿון די ווייס־רוסן, וועלכע זיינען געשטיצט געוואָרן פֿון די „עליִיס".

די אָפּטרעטנדיקע באָלשעוויקעס האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין דראָהיטשין. איין אָפֿיציר, וואָס איז געפֿאַלן אין שלאַכט, האָבן זיי באַערדיקט אין מיטן מאַרק מיט אַ מיליטערישן פּאַראַד. די פּאָליאַקן, וואָס זיינען נאָכדעם אַריין אין שטאָט, האָבן דעם קבר אויסגעגלייכט מיט דער ערד, אַזוי אַז עס

פון אים קיין זכר נישט פאַרבליבן, ס'איז געווען פיינלעך.

אין דער שלאַכט זיינען אַריינגעפאַלן צו די פּאָליאַקן אייניקע יונגע בחורים פון פינסק, וואָס האָבן זיך געהאַט אָנגעשלאָסן אָן די באָלשעוויקעס. די יידישע יונגעלייט זיינען דערשאָסן געוואָרן דורך די פּאָליאַקן נאָכדעם ווי זיי זיינען געצוואונגען געוואָרן צו גראָבן זייערע אייגענע קברים.

## טז.

## די פּאָליאַקן פאַרנעמען דראָהיטשין

נאָך דעם צוריקטריט פון די באָלשעוויקעס האָט די פּוילישע אַרמיי ניט באַגעגנט קיין שום ווידערשטאַנד מצד די באָלשעוויקעס, וועלכע זיינען געלאָפן אָן אַן אָפּשטעל.

„זכור את אשר עשה לך עמלק"! געדענק, וואָס עמלק האָט דיר געטאָן! די פּאָליאַקן, וועלכע זיינען געווען דורכגעפּרעסן מיט שנאה צו יידן האָבן איצט געקראָגן אַ געלעגנהייט צו איזדיקעווען זיך איבער די יידן. זיי האָבן געשניטן און געריסן די בערד ביי די יידן מיטן פלייש! יידן האָבן מורא געהאַט צו פאָרן אין די באַנען, ווייל עס האָבן געטראָפן פיל פאַלן, וואָס די פּוילישע סאָלדאַטן, די פּאָזנאַנטשיקעס, האָבן אַרויסגעוואָרפן יידן דורך די פענצטער פון לויפנדיקע באַנען.

מיר, יידן פון דראָהיטשין, האָבן זיך גענוג אָנגעליטן פון די פּאָליאַקן, וועלכע פלעגן זיך אַריינרייסן אין די יידישע הייזער מיט זידלערייען: „פּסאַקרעוו, זשידעק, גיב מילך, אייער, פּוטער!" א.א.וו. נאָר גיב און גיב! און אַז מען האָט ניט געגעבן האָבן זיי געדראָט מיט די „פּריקלאַדן". זייער גאַנצע באַנעמונג איז געווען גראָב און כוליגאַניש. און טאָמער איז דאָס געווען ווייניג, פלעגן זיי צווואַרפן דעם עפּיטעט: „זשיד־באָלשעוויק!" דאָס האָט געמיינט, אַז מיט אַ באָלשעוויק קען מען טאָן וואָס מען וויל אָן אַ משפט.

עס האָט געקענט טרעפן, אַז אויב אין אויוון האָט זיך געהייצט און פון קוימען איז געגאַנגען אַ רויך, איז דאָס געווען אַ סימן, אַז דער ייד האָט דערמיט געגעבן אַ סיגנאַל צו די באָלשעוויקעס. ניט איין ייד איז אומגעקומען דורך אַזעלכע געמיינע בלבולים. ווי עס איז געווען דער שוידערלעכער פאַל מיט דעם פּלאָצקער רב... אויך אין פּינסק זיינען צענדליקער יידן ברוטאַל דערשאָסן געוואָרן. מיר האָבן געלעבט אין טויט־שרעק!

## יז.

## די מאַטעריעלע הילף פון אַמעריקע

נאָך דעם, ווי די פּאָליאַקן האָבן ווי עס איז אײַנגעשטעלט אַ שטיקל ציווילע אָרדענונג, האָט זיך פאַר די יידן פון דראָהיטשין אָנגעהויבן זייער אַ שווערע צייט. פיל מענטשן האָבן ממש געהונגערט, זיי זיינען אויסגעגאַנגען פאַר אַ שטיקל ברויט. ווי געזאָגט, האָבן זיך די יידן אונטער דער ממשלה פון דייטש פאַרנומען מיט ערד־אַרבעט. יעדע יידישע פאַמי־ליע האָט באַאַרבעט אַ שטיקל פעלד און האָט ווי ניט איז גע־האַט פאַר זיך אייגענע קאָרן, קאַרטאָפל און אַנדערע גרינסן.

אָבער, נאָכדעם, ווען די פּויערים זיינען צוריקגעקומען פון רוסלאַנד, האָבן די יידן שוין ניט געהאַט קיין פעלדער צו באַאַרבעטן. דערצו נאָך האָט די פּוילישע רעגירונג גענומען באַזעצן פּאָליאַקן אויפן לאַנד אַרום דראָהיטשין. עס האָט זיך געשאַפן זעער אַ ביטערע לאַגע פאַר די שטאָטישע יידן, פאַר וועלכע די פּוילישע מאַכט האָט ווייניק געזאָרגט.

די, וואָס האָבן ניט אָנגעגרייט קיין שפּייז, האָבן ניט גע־האַט פאַר וואָס צו קויפן, ווייל דאָס געלט וואָס האָט קורסירט אונטער דעם דייטש איז געוואָרן ווערטלאָז. דאָס זיינען געווען רוסישע הונדערטער („יעקאַטערינקעס") קאַנאַקענדיקע, ערשט פון בויגן געשניטן. און לויט ווי מען האָט דאַן געשמועסט איז דאָס געווען דעם דייטש'ס אַרבעט. אַזעלכע הונדערטער האָט מען דאַן באַדאַרפט האַלטן זעער פאָרזיכטיק, עס זאָל זיך ניט צעקנייטשן. דער קויפער פלעגט נעמען דעם הונדערטער און אויסשפּרייטן אַנטקעגן דער זון און קוקן צי עס איז ניטאָ אַמאָל אַ לעכל ווי אַ שפּילקע, און אויב יאָ,



פון רעכטס: יעקב וואַרשאַווסקי, ישראל שמיד, משה אַלטוואַרג, לייבע אויבערמאַן, ישעיה ב., פרומה־גיטל וואַרשאַווסקי, יצחק קאָהן, לייזער וואַרשאַווסקי, בויט, א.א. אויגוסט, 1932.

האָט עס ניט געטויגט. פאַר די דאָזיקע געלט האָט מען דאַן גאָר ניט געקענט קויפן, אפילו קיין פּעקעל שוועבעלעך ניט. דעריבער ווען איינער פלעגט עפּעס פאַרקויפן פלעגט ער גלייך אויסרעדן, אַז ער פאַרלאַנגט „קנאַק".

ווען אימיצער האָט געהאַט עפּעס צו פאַרקויפן אָדער געמאַכט אַן אַרבעט, האָט ער פאַרלאַנגט שוה־כסף, דאָס הייסט, סחורה, ווי קאָרן און קאַרטאָפל, וועלכעס האָט דאַן געהאַט מער חשיבות, ווי היינט, ביי אונדז גאָלד און דימענטן.

מענטשן האָבן אויסגעפאַרקויפט וואָס זיי האָבן געהאַט, ווי צירונג, הויז־זאַכן, גאַרדעראָבעס, כדי צו קויפן אַ פּוד קאַרטאָפל, אָדער קאָרן און צו דערהאַלטן דאָס לעבן. מער פון אַלעמען האָבן געליטן די פרויען, וועמענ'ס מענער זיינען געווען אין אַמעריקע און האָבן זיי ניט געקענט העלפן.

[דאָ קען איך ניט פאַרבייגיין און ניט צו דערמאָנען די טייערע אונפאַרגעסלעכע נפשות, ווי מיין שוועסטער טויבע קאָהן און מיין שוועגערין פריידל אייזענשטיין, ע"ה. ביידע האָבן זיך מיט די לעצטע כחות געראַנגלט מיט דער גרויסער נויט, כדי אויפצוהאַלטן זייערע קינדער. אָבער, ווען די הילף

איז שוין געווען נאָענט האָט דער טויט זיי אַוועקגעריסן אין זייערע בעסטע יאָרן. זיי זיינען געשטאָרבן פון פלעקטיפוס. די ערשטע — מיין שוועסטער טויבע, באַלד נאָך פסח, 1919. אין דער זעלבער צייט בין איך און מיין ברודער דוד, הי״ד, געלעגן קראַנק אויף דער זעלבער קראַנקייט. ווען איך בין אויפגעשטאַנען האָב איך זיך דערוווּסט, אַז מיין שוועסטער איז שוין ניטאָ. די קראַנקייט האָט אויך ניט אַדורכגעלאָזט מיין ווייב און קינדער. נאָכדעם איז מיין שוועגערין פריידל קראַנק געוואָרן און געשטאָרבן עטלעכע טעג פאַר שבועות. דעם זעלבן זומער איז אויך געשטאָרבן פון פלעקטיפוס מיין טייערער און אונפאַרגעסלעכער חבר יעקב סידאָראָוו. תנצב״ה.]

סוף כל סוף איז געקומען די לאַנג־דערוואַרטעטע הילף פון אַמעריקע; פון אָנהויב דורך דעם דזשאָינט, וועלכער האָט געשיקט שפּייז, קליידער, און אויך געעפנט קיכען צו שפּייזן די קינדער. לסוף האָבן אָנגעהויבן אַראָפּקומען דעלעגאַטן פון די לאַנדסמאַנשאַפטן, וואָס האָבן געבראַכט געלט פאַר פיל פאַמיליעס געשיקט פון זייערע קרובים אין אַמעריקע, באַזונדערס, פון מענער צו זייערע פרויען. אליהו אייזענשטיין פון שיקאַגע, האָט צוויי מאָל געבראַכט סומעס געלט, געשיקט מיט אים דורך די קרובים אין אַמעריקע. דורך דעם זיינען פיל פאַמיליעס געראַטעוועט געוואָרן פון הונגער און געקראָגן די מעגלעכקייט אויסצוואַנדערן קיין אַמעריקע.

יח.

## די פּאָליאַקן לויפן צוריק — אין שטעטל איז חורבן

אין זומער, 1920, האָבן זיך אָנגעהויבן טראָגן קלאַנגען, אַז די באָלשעוויקעס שטויסן די פּאָליאַקן צוריק. מען האָט דאָס געקענט באַמערקן אין דער האַלטונג פון די פּאָליאַקן, וועלכע האָבן געהאַט פאַרלאָרן זייער אַראָגאַנץ און אָנגעצויגענע גאוה. ניט לאַנג וואַרטנדיק האָבן זיך באַוויזן אין שטעטל די אָפּטרעטנדיקע פּוילישע מיליטער, וועלכע זיינען געלאָפן צו וואַרשע. די ציווילע אַדמיניסטראַציע האָט שוין געהאַט פאַרלאָזן דראָהיטשין און די קאָנטראָל האָט איבערגענומען די פּוילישע מיליטערישע מאַכט, וועלכע האָט געקענט טאָן מיט יעדן איינעם וואָס זי וויל. די פּאָליאַקן האָבן געשלעפּט די יידן אויף צוואַנג־אַרבעט, זיי האָבן גערויבט און צוגענומען די פערד, בהמות, שטוב־הפצים, אַלץ, וואָס ס׳איז זיי געקומען צום האַנט. מען האָט אין דער גיך גענומען פאַרגראָבן די ווערטפולע זאַכן אין דער ערד, און די מענער זיינען אַנטלאָפן אין די וועלדער. אין די היימען זיינען געווען פאַרבליבן בלויז די פרויען מיט די קליינע קינדער.

נאָך יעדער אָפּטרעטנדיקער מיליטערישער אָפּטיילונג זיינען נאָכגעפאָרן גרויסע אָבאָזן מיט אַמוניציע. זיי פלעגן זיך אָפּשטעלן אין שטאָט און ווי געניטע רויבער, פלעגן זיך די פּאָליאַקן אַרויסלאָזן איבער די גערטנער און זיי פלעגן מיט שפּיזן זוכן אין דער ערד, ווו די יידן האָבן געהאַט פאַרגראָבן זייערע פאַרמעגנס און אַלץ צונעמען. איך האָב אויך געהאַט פאַרגראָבן מיין גאַנצע האָב־און גוטס אין גאָרטן פון מיין ברודער דוד. אין אַ פרי־מאָרגן האָב איך געפונען די גרוב ליידיק. די פּאָליאַקן האָבן אַלץ צוגערויבט... איבערנאַכט זיינען מיר געוואָרן הייל און נאַקעט, ווי די מאַמע האָט אונז געהאַט.

מיט יעדן טאָג האָט זיך די לאַגע פאַרערגערט. דאָס הויז ווו מיר האָבן געוווינט איז געווען זיכערער ווי אין ערגעץ אַנדערש. דאָרט איז געווען אַ בעקעריי און די סאָלדאַטן, וואָס האָבן דאָרט געבאַקן זייער ברויט זיינען געווען אַ שטיקל שמירה קעגן די רויבער. אויך זיינען אין יענעם געסל, ביי חייקעל מילנער און ביי ישראל אליעזר כאַרסעל, איינגעשטאַנען אָפיצירן, דאָך האָט מען גאַנצע טעג געלעגן באַהאַלטן אויף דעם וויאָן. נאָר פון צייט צו צייט פלעגט מען זיך אַריינגנב׳נען אין הויז אַ קוק טאָן, וואָס די פאַמיליע מאַכט און צוריק אַנטלויפן, ווייל די פּאָליאַקן פלעגן די מענער פאַרשלעפן מיט זיך.

די לעצטע נאַכט, איידער די פּאָליאַקן האָבן פאַרלאָזן דראָהיטשין, איז די סכנה גאָר געווען גרויס. קיינער פון די מענער האָט ניט גענעכטיקט אין די הייזער. פאַר רויבן האָט מען שוין ניט אַזוי מורא געהאַט, ווייל די פּאָליאַקן האָבן שוין געהאַט אַלץ אויסגערויבט. עס איז פּשוט געווען אַ סכנת נפשות. איך האָב, דעריבער, מיט אַ שווער האַרץ, איבערגעלאָזט מיין פרוי און קינדער און האָב זיך אויסבאַהאַלטן ערגעץ אין אַ שטאַל. דאָס גאַנצע שטעטל האָט אויסגעקוקט ווי אַ „בית־עולם״, איינגעהילט אין פינצטערניש. אַלע מאָל ווערט פלוצלונג ליכטיק אין אַ הויז. עס הערן זיך געוואַלדן: „ראַטעוועט!״ אָבער, אומזיסט, קיינער קומט ניט צו הילף. יעדע ווילע טראָגן זיך, אין דער שטילקייט פון דער נאַכט, האַרצרייסנדיקע פאַרצווייפלטע געשרייען, אָבער די פּוילישע רויבער באַנדעס גייען אָן מיט זייערע גוואַלד־טאַטן אונגעשטערט.

ווען עס איז טאָג געוואָרן האָב איך זיך דערשלאָגן אַהיים. איך האָב זיך דערוווּסט, אַז די רויבער זיינען אויך געווען אין מיין הויז. אָבער זיי זיינען געבליבן אַנטוישט, ווען זיי האָבן גאָרניט געפונען וואָס צו נעמען. זיי האָבן זיך געזידלט און געשריען. לסוף האָבן זיי אַרויפגעוואָרפן די קישענס אויף די קינדער און האָבן זיך אָפּגעטראָגן. איך האָב דאַן געדאַנקט גאָט וואָס מיר זיינען אָפּגעקומען מיט שרעק. שפּעטער האָבן מיר זיך דערוווּסט פון דעם חורבן, וואָס די רויבערישע פּאָליאַקן האָבן אָפּגעטאָן אין שטעטל: זיי האָבן גערויבט און געשלאָגן און דאָס ערגסטע — זיי האָבן פיל יידישע יונגע ווייבלעך און מיידלעך געשענדעט און פאַראומגליקלעכט...

יט.

## דאָס אַריינקומען פון די באָלשעוויקעס

נאָך דעם אַלעמען, וואָס מיר האָבן זיך אָנגעליטן פון די פּאָליאַקן, איז פאַרשטענדלעך, אַז יעדער איינער איז געווען צופרידן, וואָס מען איז פון זיי פּטור געוואָרן. דעם זעלבן טאָג

זיינען די באָלשעוויקעס אַריין קיין דראָהיטשין. אַלע זיינען אַרויס פֿון זייערע באַהעלטענישן און האָבן געקוקט אויף די באָלשעוויקעס ווי אויף רעטער. אמת, מיר האָבן געוווסט, וואָס עס דערוואַרט אונדז אונטער דעם באָלשעוויסטישן רעזשים. קודם־כל איז איבערגעריסן געוואָרן די פֿאַרבינדונג צווישן אונדז און אונזערע קרובים אין אַמעריקע. אָבער די טויט־שרעק, וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט אונטער דער פּוילישער טעראָר־מאַכט האָט, נאַטירלעך, אַרויסגערופן אַ שטיקל פרייד וואָס מען איז פון די פּאָליאַקן לייז געוואָרן, ניט איבערקלערנדיק, וואָס וועט זיין נאָכדעם...

דאָס ווייזט ווי אומפּייאיק די פּאָליאַקן זיינען געווען צו רעגירן מיט מענטשן. זיי האָבן זייערע אייגענע בירגער געטריבן צו פֿאַרצווייפֿלונג. די פּאָליאַקן האָבן אַליין געשאַפֿן די סיבה, אַז מען זאָל זיי האַסן און האָבן דעם ווונטש צו פּטור ווערן פֿון זיי.

די עקאָנאָמישע לאַגע איז טאַקע באַלד ערגער געוואָרן. אַמעריקע איז געוואָרן פֿאַרשלאָסן פֿאַר אונדז. קיין שפּייז האָט מען ניט אַריינגעפירט. די וואָס האָבן געהאַט שפּייז האָבן פֿאַרבאַהאַלטן, מחמת די באָלשעוויקעס פֿלעגן קאָנפֿיסקירן. אָבער דאָס לעבן איז געווען זיכער. די דיסציפּלין אין דער אַרמיי איז געווען אַ שטאַרקע און אַ סאָלדאַט האָט ניט געוואַגט אַריינצוקומען אין אַ הויז צו נעמען עפּעס מיט גוואַלד אָדער באַליידיקן עמיצן.

אינטערעסאַנט איז דער פֿאָלגנדיקער פֿאַל: איינמאָל איז אין דעם הויז וווּ איך האָב געוווינט אַריינגעקומען אַ יידישער מיליציאַנט מיט אַ סאָלדאַט. די באַלעבאָסטע פון דעם הויז האָט געבאַקן ברויט צום פֿאַרקויפֿן. דער סאָלדאַט (אַ באָלשעוויק) האָט פֿאַרלאַנגט ברויט. אָבער די בעקערין האָט אים געזאָגט, אַז זי באַקט ניט מער קיין ברויט, ווייל זי האָט ניט קיין מעל. איז דער סאָלדאַט מיטן מיליציאַנט צוגעגאַנגען צום אויוון און אויסגעפונען, אַז עס האָט זיך יאָ געבאַקן אַ געבעק ברויט. דער געבעק־ברויט איז ווירקלעך געווען מיינער. איך האָב זיי דאָס דערקלערט. אָבער, עס האָט ניט געהאָלפֿן, — זיי האָבן געדאַרפט האָבן ברויט פאַר ניי־געקומענע סאָלדאַטן. זיי וועלן מיר געבן אַ צעטל אויף מעל. דער יידישער מיליציאַנט הייסט דעם סאָלדאַט, ער זאָל מיר איבערלאָזן איין לעבל ברויט. אָבער, דער סאָלדאַט, אַ ניט־ייד, האָט געהאַט מער איינזעעניש און האָט מיר איבערגעלאָזן 2 לעבלעך ברויט און אַרויסגעגעבן אַ צעטל אויף מעל. איך האָב טאַקע אין אַ פּאָר טעג אַרום געקראָגן אַ פּאָר פוד מעל.

די צייט, ווען די באָלשעוויקעס זיינען אָנגעקומען, איז געווען סוף זומער. די אַרמיי, וועלכע איז באַשטאַנען פֿון פעכאָטע, קאַוואַלעריע און אַרטילעריע, האָט זיך געצויגן אָן אויפֿהער. שנעל זיינען די באָלשעוויקעס אַריינגעדרונגען אין פוילן און עס האָט אויסגעוויזן, אַז זיי וועלן פֿאַרנעמען גאַנץ פוילן. אָבער, ווען זיי זיינען שוין געשטאַנען לעבן וואַרשע האָבן זיי געליטן אַ מפּלה און זיינען געוואָרן געצווונגען צו פֿאַרלאָזן פוילן. פֿאַר די דראָהיטשינער יידן האָט זיך ווידער אָנגעהויבן אַ צייט פון זייער שווערע איבערלעבונגען.

נאָך אַ קורצער שלאַכט, אין וועלכער די קוילן זיינען געפלויגן איבער די קעפּ פון די איינוווינער, האָבן זיך די באָלשעוויקעס צוריקגעצויגן און די פּאָליאַקן האָבן ווידער פֿאַרנומען דראָהיטשין. דאָס אָפּטרעטן פֿון די באָלשעוויקעס איז צוגעגאַנגען רואיק. די פּוילישע אַרמיי האָט זיך דאָס מאָל נישט אָפּגעשטעלט אין דראָהיטשין. זי האָט נאָר איבערגעלאָזט אַ פּאַטרול צו היטן די אייזנבאַן־ליניע.

כ.

## די רציחות פון די באַלאַכאָווצעס

דראָהיטשין איז געבליבן אָן וועלכער עס איז שמירה. די פּאָליאַקן האָבן דאַן צוגעקראָגן אַ פֿאַרבינדעטן צו קעמפֿן קעגן די באָלשעוויקעס — דעם ווייס־גוואַרדייער, בולאַק באַלאַכאָוויטש מיט זיינע באַנדעס. ווי בלוטיקע הינט, געפֿירט אויף קייטן דורך זייערע בעלי־בתים, די פּאָליאַקן, פֿלעגן די באַלאַכאָווצעס זיך אָפּרייסן פֿון די קייטן און מיט אַ שרעקלעכער אכזריות מאָרדן יידן.

אויף דעם וואָקזאַל, לעבן דראָהיטשין, איז געשטאַנען אַן אָפּטיילונג באַלאַכאָווצעס. עס איז דעריבער געווען אַ געפֿאַר, אַז די בלוטיקע הינט זאָלן זיך ניט פֿלוצלונג אַראָפּלאָזן אין שטאָט, וועלכע איז געווען, ווי געזאָגט, אָן שוץ. מען האָט באַצאָלט דעם פּוילישן פּאַטרול, וואָס האָט געהיט די אייזנבאַן־ליניע, ער זאָל באַוואַכן די שטאָט. אין די נעכט זיינען



חנוכה פייערונג פון שיינקע פעלדמאַנס קלאַס. חנה גרינשטיין, אסתר גאָלדבערג א.א.

מיר געווען וואַך און זיך אַרומגעקוקט פֿון אַלע זייטן, צי זיי קומען שוין ניט אָן. אין אַ נאַכט האָבן זיך די באַלאַכאָווצעס אַריינגעריסן אין דעם הויף זאַקאַזעליע, לעבן דראָהיטשין, און דאָרט אויסגעקוילעט 17 יידישע נפשות. מיר האָבן געלעבט אין גרויסער טויט־שרעק, ביז ס'האָבן זיך אָנגעהויבן די שלום־אונטערהאַנדלונגען צווישן די פּאָליאַקן און די באָלשעוויקעס. עס איז געקומען אַ סוף צו דער מלחמה און אין דראָהיטשין איז איינגעשטעלט געוואָרן אַ ציווילע אַדמיניסטראַציע און אַ שטיקל אָרדענונג.

נאָך דעם שלום־אָפּמאַך האָט די רוסישע רעגירונג גע־

פֿאָדערט, אַז די באַלאַכאָווצעס זאָלן אינטערנירט ווערן. אָבער, די פּוילישע רעגירונג האָט זיך ניט געאײַלט צו טאָן דאָס. אין דראָהיטשין איז אַ פּאָר חדשים געשטאַנען אַ פּאָלק באַלאַכאָווצעס. מען האָט זיי געקענט דערקענען דורך זייער עמבלעם, אַ שאַרבן פון אַ טויטן, וואָס זיי האָבן געטראָגן אויף די פֿוטערנע היטלען. מען האָט זיי נאָך אַ צייט מושטירט און געלערנט די קונסט פֿון מלחמה. אָבער, פֿאַר אונדז זיינען זיי שוין ניט געווען קיין סכנה. ווי די געשלאָגענע הינט האָבן זיי אויסגעקוקט. די פּוילישע רעגירונג האָט, סוף כל סוף,

געבראַכט גרויסע סומעס געלט געשיקט פֿון קרובים פֿאַר זייערע פאַמיליעס. אַ סך האָבן דערהאַלטן הוצאות און פּאַפּירן צו קומען קיין אַמעריקע. די ערשטע צו דערהאַלטן אַמעריקאַנער „אַפֿידייוויט'ס" זיינען געווען די פֿרויען, וועלכע האָבן געהאַט זייערע מענער אין אַמעריקע. די דאָזיקע פרויען און קינדער זיינען אָן שוועריקייטן אַריינגעלאָזט געוואָרן אין לאַנד. דאַקעגן זיינען אַנדערע קרובים, ווי ברידער, שוועסטער א.ד.גל. געווען אונטערגעוואָרפן דער „קוואָטע", וואָס האָט באַגרענעצט דאָס אַריינקומען פֿון נייע אימיגראַנטן קיין אַמע־



גרויסע מאַניפעסטאַציע לכבוד דער באַלפור דעקלאַראַציע אין דראָהיטשין — ל"ג בעומר, 1919.

דערהערט די פּראָטעסטן פון מאָסקווע און האָט אירע פאַרבינדעטע באַלאַכאָווצעס אינטערנירט.

## כא.

## די עמיגראַציע קיין אַמעריקע

ווי נאָר עס האָט זיך געענדיקט די מלחמה צווישן די פּאָליאַקן און די רוסן האָט זיך צוריק אָנגעהויבן די הילפֿס־אַקציע פֿון אַמעריקע. דער „דזשאָינט" האָט ווידער געשיקט שפּייז און קליידער. דעלעגאַטן פֿון די לאַנדסמאַנשאַפֿטן האָבן

ריקע. די דאָזיקע קאַטעגאָריע אימיגראַנטן האָבן געדאַרפט לאַנג וואַרטן, פון איינס ביז צוויי יאָר, ביז זיי האָבן זוכה געווען צו באַקומען אַ וויזע קיין אַמעריקע.

דער דראַנג פֿון דער עמיגראַציע האָט זיך שטאַרק אָנגעזען אין וואַרשע ביים „האַיאַס", ווו טויזנטער עמיגראַנטן פֿלעגן קומען זוכן הילף צו עמיגרירן. דער אַמעריקאַנער קאָנסולאַט אין וואַרשע איז געווען באַלאַגערט פֿון טויזנטער יידן.

אַ דאַנק דער הילף, וואָס איך האָב באַקומען פֿון מיין ברודער אליה וואַרשאַווסקי אין שיקאַגע און פֿון אַנדערע קרובים, בין איך אין פעברואַר פֿון 1923 אָנגעקומען קיין אַמעריקע.

**גדליה קאַפּלאַן** (ניו־יאָרק)

# טיפוס־עפּידעמיע

1916 — 1915

**שלאַפּקייט** און קראַנקייט, זאָגט מען, זיינען די שטענדיקע באַגלייטער פון מלחמות און קאַטאַסטראָפעס. עטלעכע וואָכן נאָך דעם אַריינמאַרש פון די דייטשן קיין דראָהיטשין איז אין שטעטל אויסגעבראָכן אַ שרעקלעכע עפּידעמיע פון פלעק־טיפוס, וואָס האָט ווי מיט פייער־צונגען זיך געצויגן און געשפּרונגען פון שטוב צו שטוב און פאַרצערט אַלט און יונג. די שלעכטע דערנערונג און באַזונדערס די ענגשאַפט פון די דירות, וואו מען איז געלעגן קאָפּ אויף קאָפּ (ווייל דריי פערטל שטאָט איז פאַרברענט געוואָרן), האָט נאָך צוגעהאָלפן דעם מלאך המות אין זיין אַרבעט, ר״ל.



גדליה קאַפּלאַן

מורא האָבנדיק פאַר זייערע אייגענע פעלן, האָבן די דייטשן אין די ערשטע טעג פון דער עפּידעמיע פאַר׳חתמ׳עט די הייזער, וואו די טויט־מחלה האָט זיך אַריינגעכאַפּט, און נישט געלאָזט קיינעם אַרויס און נישט אַריין. דאָס האָט אָבער אויך נישט געהאָלפן. די קראַנקייט האָט זיך מיט יעדן טאָג פאַרשפּרייט מער און מער.

לסוף, האָט די דייטשע מאַכט רעקווירירט דריי יידישע הייזער אין דער געסל ביים קלויסטער (וואָס גייט צו די נייע גערטנער) און האָט דאָרט איינגעאָרדענט אַ צייטווייליקן „לאַזאַרעט״, שפּיטאָל, וועלכער איז געוואָרן אַרומגעצוימט מיט אַ פאַרקאַן פון שטעכעדיקע דראָט און אַזוי אַרום איזאָלירט די חולאים פון דער דרויסנדיקער וועלט.

דער פערסאָנאַל פון שפּיטאָל איז באַשטאַנען פון שמעון ווייסמאַן, אַהרן לאַסאָווסקי (פון פינסק) אַלס פעלדשער; סולקע ווייסמאַן, רייזל בוים, פייגע רחל וואַרשאַווסקי, מייטע טראַשינסקי, א.א. אַלס „שוועסטער״, און עטלעכע יידישע בחורים, וועמען די דייטשן האָבן ספּעציעל אַראָפּגעבראַכט פון קאָברין — אַלס סאַניטאַרן. טאָדרעס לייב מילנער און מיין ווייניקייט זיינען געווען די פאַרוואַלטער פון שפּיטאָל. דער דייטשער דאָקטאָר, נאַטירלעך, האָט געהאַט די גאַנצע דעה אין שפּיטאָל און מיר אַלע האָבן געמוזט אויספירן זיינע באַפעלן.

ווי געזאָגט, דער „לאַזאַרעט״ איז געווען איזאָלירט און אָפּגעשלאָסן פון שטעטל. אָן אַ ספּעציעלער דערלויבעניש פון די דייטשן האָט קיינער נישט געטאָרט אַרויס און נישט אַריין. דאָס גלייכן האָט קיינער פון שטעטל נישט געטאָרט גיין ווייטער פון דעם בריק. פאַר עובר זיין אויף דעם פאַרבאָט האָט געדראָט אַ שווערע שטראָף. אָן אויסנאַם איז געווען דער שרייבער פון די שורות. איך האָב זיך געקענט באַוועגן פריי צום און פון שטאָט, מחמת, עס איז געווען מיין אויפגאַבע צו ברייננגען די קראַנקע פון שטעטל אין שפּיטאָל און אָפּפירן די געזונט־געוואָרענע צו זייערע היימען, ווי אויך צו באַזאָרגן די קראַנקע מיט רעצעפּטן פון דעם איינציקן שטעטלשן אַפּטייק.

מיר האָבן אַלע געאַרבעט איבער אונזערע כוחות אויף צו ראַטעווען די טיפוס־קראַנקע, וועלכע זיינען אָנגעקומען מיט יעדן טאָג אַלץ מער און מער אין שפּיטאָל. די דייטשן האָבן נישט געקערט קיין סך פאַר מענטשלעכע לעבנס. ווי נאָר עפּעס־וואָס, — אויב איינער האָט נישט אַרויסגעוויזן אַזוי שנעל קיין פאַרבעסערונג, האָט דער דייטשער דאָקטאָר באַפוילן איינצוגעבן דעם קראַנקן אַ גרויסע דאָזע מאָרפיום כדי צו פאַרקירצן אים דאָס לעבן.. אָבער מיר האָבן די באַפעלן פון דייטשן דאָקטאָר איגנאָרירט. אַזוי גיך ווי דער דייטשער דאָקטאָר פלעגט פאַרלאָזן דעם שפּיטאָל, האָבן מיר זיך באַלד גענומען צום קראַנקן, וועלכן דער דאָקטאָר האָט אָפּגעזאָגט דאָס לעבן, און געאַרבעט אַרום אים אַזוי לאַנג ביז דער חולה האָט געעפנט די אויגן.

אַזאַ פאַל האָט געטראָפן מיט רחל וואַלדמאַן, וועמען דער דייטשער דאָקטאָר האָט באַפוילן אַרויסצופירן אין טויטנשטוב (געפונען זיך אין נפתלי שטיינבערג׳ס הויז). ווען דער דייטשער דאָקטאָר האָט פאַרלאָזט דעם שפּיטאָל, האָבן מיר, טאָדרעס לייב מילנער, משה פערקאָוויצקי, מיין ווייניקייט א.א., אַריינגעזעצט די קראַנקע וואַלדמאַן אין אַ הייסער וואַנע און געלייגט שניי־קאַלטע קאָמפּרעסן צום קאָפּ ביז רחל האָט



פערסאָנאַל פון איזאָלאַציע־שפּיטאָל בעת דער טיפוס־עפּידעמיע אין 1915 אין דראָהיטשין. ערשטע שורה פון רעכט: אהרן לאַסאָווסקי (פעלדשער), אַ דייטשער דאָקטאָר, שמעון דער רופא־ווייסמאַן און נאָך אַ דייטש. צווייטע שורה פון רעכטס צו לינקס: טאָדרעס לייב מילנער, דאָרע פון בריסק, סולקע ווייסמאַן־וואַסערמאַן, רייזל בוים־שושאַנאָוו, פייגע רחל וואַרשאַווסקי־קאָטלער, מייטע טראַשינסקי און גדליה קאַפּלאַן. דריטע ריי פון רעכטס: ראָזענבלאַט (אַ יידישער געפאַנגענער ביי די דייטשן), משה פערקאָוויצקי א גוישער פלעניק און פסח, בערל רימ. איידעם.

געעפנט די אויגן. אין דער פרי איז דער דייטשער דאָקטאָר געווען דערשטוינט צו טרעפן רחל וואַלדמאַן אַ לעבעדיקע. אָבער ער האָט נישט געטאָרט וויסן דעם סוד.

אַן ענלעכער פאַל איז געשען מיט יעקב חכם (ראָזענשיין), ווען דער דייטשער דאָקטאָר האָט אָפּגעזאָגט דאָס לעבן. און ווירקלעך, יעקב חכם איז שוין געווען אַ גוסס, אָבער מיר האָבן נישט אויפגעגעבן די האָפנונג. ביינאַכט האָבן מיר אַלאַרמירט דעם רופא שמעון ווייסמאַן, ווי אויך די פאַמיליע פון ראָזענשיין. (די לעצטע האָבן מיר אַדורכגעשמוגלט דורך דעם דייטשן פאַטרול אַלס קראַנקע אין שפּיטאָל) און מיר האָבן אַ גאַנצע נאַכט געאַרבעט אַרום דעם קראַנקען, געגעבן אים הייסע וואַנעס, געלייגט אים אייזקאַלטע קאָמפּרעסן צום קאָפּ, געוויקלט אים אין הייסע לייַלעכער, ביז ראָזענשיין האָט געעפנט די אויגן און געבעטן עפּעס אין מויל. אַזוי האָבן מיר פיל יידישע נפשות אָפּגעראַטעוועט פון זיכערן טויט.

# געזען דעם טויט פאר די אויגן

געשען איז דאָס אין פעברואַר 1919. אין אַ פרימאָרגן איז פּלוצלונג אָנגעקומען אַ מחנה פּוילישע סאָלדאַטן מיט אָפיצירן און האָבן אַרויסגעשלעפּט אַ גרויסע צאָל יידן פון די בעטן און זיי געצוווּנגען צו טאַנצן, דערנאָך געשלאָגן זיי מכות רצח, אַז זיי זאָלן אויסזאָגן וווּ די באָלשעוויקעס געפינען זיך. צום סוף האָבן די פּאָליאַקן געבראַכט די יידן צו אייזנשטיינ'ס מויער און אויסגעשטעלט זיי צום וואַנט צו דערשיסן.

יענע קולות און יללות קלינגען מיר נאָך אין די אויערן. יעדער איינער האָט אָפּגעזאָגט וידוי און דערוואַרטעט דעם שרעקלעכן קאַלטן טויט. אין דער ריי בין איך אויך געשטאַנען און דורכגעלעבט די שרעקלעכע מאָמענטן און האָב געזען דעם טויט פאַר מיינע אויגן. גראָדע האָט זיך געפונען אַ פּוילישער סאָלדאַט מיט אַ געוויסן און אַ מענטשלעך האַרץ. ער איז געפאַלן צו די פיס פון די סקוואָד־אָפיצירן און געבעטן מ'זאָל ניט שיסן קיין אומשולדיקע מענטשן. זיין בעטן האָט נישט געהאָלפן. די פּוילישע אָפיצירן האָבן נאָר געוואָלט דערשיסן עטלעכע הונדערט יידן.

פּלוצלונג האָט זיך אין טומל דערהערט אַ געוואַלדיקער שאָס פון אַ האַרמאַט פון הינטער דעם שטעטל. די באָלשעוויקעס האָבן אָנגעגריפן. די סאָלדאַטן האָבן זיך דערשראָקן, האָבן אונדז איבערגעלאָזן און גענומען לויפן וווּהין די אויגן טראָגן, און דורך דעם נס זיינען מיר געראַטעוועט געוואָרן פון אַ שרעקלעכן טויט.

אין אַ פּאָר שעה אַרום זיינען די באָלשעוויקעס אָנגעקומען און האָבן איבערגענומען דאָס שטעטל און געשאַפן אָרדנונג. אָבער מיך זעלבסט האָבן זיי געזוכט און פאַראורטיילט צום טויט, ווייל איך בין געווען אַ פאָרשטייער אונטער דער פּוילישער הערשאַפט. איך האָב געהאַט אַ שונא וואָס האָט מיך פאַרמסרט פאַר דער באָלשעוויסטישער מאַכט. איך בין אַנטלאָפן אינמיטן נאַכט. דורך וועלדער און פעלדער בין איך געלאָפן מיילן, ביז איך האָב זיך דערשלאָגן צו אַ קליין שטעטל כאָמסק. גוטע מענטשן האָבן מיך באַהאַלטן אויף אַ בוידעם. איך בין געלעגן דאָרט ביז די באָלשעוויקעס האָבן פאַרלאָזן דראָהיטשין, און איך האָב זיך נאָך לאַנגער מי און מאַטערניש דערשלאָגן קיין אַמעריקע.

גדליה קאַפּלאַן.

דוד אייזענשטיין (שיקאַגאָ)

# זעלבסטשוץ

1918

גלייך ווי די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט האָט אין יאָר 1918 פאַרלאָזט דראָהיטשין און דאָס שטעטל איז געבליבן אויף הפקר, אָן אַ ציווילער מאַכט און אָן פּאָליצייאישער שוץ, האָט דער רב מיט זיינע בעלי בתים פאַררופן אַן אספה צו באַטראַכטן פּלענער, ווי צו פאַרהיטן דאָס שטעטל קעגן מעגלעכע איבערפאַלן מצד פאַרשיידענע טעראָרבאַנדעס, וועלכע האָבן אָנגעהויבן אויפקומען ווי שוואָמען נאָך אַ רעגן.



דוד אייזענשטיין

אָן לאַנגע ויכוחים האָט זיך אויף דער אסיפה אָרגאַניזירט אַ שטאָט־קאָמיטעט, אַ מין מאַגיסטראַט, פון שטאָט־בעלי בתים, מיט הרב א. י. קאַלענקאָוויטש בראש, וועלכער האָט איבערגענומען די אחריות פאַר דער שטאָט־אָנפירונג. דער זיץ־אָרט פון דעם קאָמיטעט איז געווען ביי חייקל מילנער אין שטוב.

די ערשטע אַרבעט פון קאָמיטעט איז געווען צו שאַפן אַ יידישע זעלבסטשוץ. פאַרשטייט זיך, אַז קיין שוועריקייט איז ביי דעם נישט געווען; יעדער יידישער בחור און יונגערמאַן האָט געפילט זיין פליכט צו געהערן צום זעלבסט־שוץ.

די יידישע מיליץ, וועלכע האָט אויסגעפירט די טאָג־טעגלעכע פּראַקטישע פונקציעס פון אַן אָפיציעלער פּאָליציי, איז באַשטאַנען פון די יונגעלייט: דוד אייזענשטיין, יודל טראַשינסקי, אשר שוואַרצבאַרד, חיים לעוו, ברוך קאַכלער און מאָטיע יאַכנעס. די הויפּט־קוואַרטיר פון זעלבסט־שוץ האָט זיך געפונען אין קלויסטער. דער געווער־סקלאַד איז געווען ביי אַלטער גאָלדבערג, דעם סאָכער.

עס איז דאַן אויפגעשוואומען די פראַגע פון געלט. מען האָט געדאַרפט געלט צו קויפן געווער און פאַר אַנדערע שטאָטישע הצטרכותן. האָט דער קאָמיטעט אַרויפגעלייגט אַ שטייער אויף אַלע יידן פון שטעטל. די פאַמיליעס וואָס האָבן געהאַט זייערע זין אין זעלבסט־שוץ האָבן געצאָלט וויניקער ווי די וואָס האָבן נישט אַנטיילגענומען אין זעלבסט־שוץ. אָבער צאָלן האָבן אַלע געמוזט צאָלן.

[אייגנטלעך איז אין שטאָט געווען גענוג געווער פון דעם וואָס מען האָט אויפגעקליבן וואָס די דייטשן האָבן איבערגעלאָזט. איז אָבער אין אַ געוויסן טאָג געקומען אַ גרופּע באָלשעוויקעס און האָבן באַפוילן, אַז יעדער איינער וואָס האָט געווער זאָל ברייגנען צו זיי. אַביסל געווער האָבן די באָלשעוויקעס איבערגעלאָזט פאַר דער זעלבסט־שוץ. אָבער עס איז נישט געווען גענוג. האָט מען געמוזט האָבן געלט צו קויפן נייע געווער.]

עס זיינען געווען אַזעלכע בעלי בתים, גאַנץ פאַרמעגלעכע, וואָס האָבן זיך געוואָלט אַרויסדרייען פון צאָלן דעם שטייער, האָט דער קאָמיטעט דאַן אויסגענוצט זיין מאַכט און געצוואונגען זיי צו צאָלן זייער חוב.

אין שייכות מיט דעם וועט זיין אינטערעסאַנט צו פאַרצייכענען אַזאַ מין עפּיזאָד.

יאַנקל חכם'ן (ראָזענשיין) האָט דער קאָמיטעט אָפּגעשאַצט, אַז ער מוז צאָלן 1000 רובל שטייער. ערשטנס, ווייל קיינער פון זיין פאַמיליע האָט זיך נישט באַטייליקט אין זעלבסט־שוץ; און צווייטנס, ווייל מען האָט געוואוסט, אַז ער קען צאָלן. אָבער י. ראָזענשיין האָט זיך איינגעעקשנ'ט און נישט געוואָלט צאָלן.

אין אַ שבת־צו־נאַכט זיינען צו י. ראָזענשיינען אין שטוב אַראָפּגעקומען איניקע קאָמיטעט־מיטגלידער מיט דער מיליץ און האָבן געפאָדערט פון אים צו באַצאָלן דעם שטייער. האָט ראָזענשיין אויסגעבראָכן אַ שויב פון פענצטער און געמאַכט אַ געוואַלד.

דערווייל האָבן די מיליציאַנטן באַמערקט, ווי יאַנקל'ס אַ טאָכטער איז אַריינגעלאָפן אין אַ צימער און פאַרהאַקט הינטער זיך די טיר. די מעשה איז געוואָרן פאַרדעכטיקט. אַזוי ווי

דאָס מיידל האָט נישט געוואָלט עפענען די טיר האָבן די מיליציאַנטן געמוזט איר אויפברעכן — דער גאַנצער צימער איז געווען פאַרלייגט ביזן סופיט מיט ווייץ. אין יענער צייט, ווען ס'איז שווער געווען צו קריגן אַ פוד קאָרן פאַר געלט, האָט אַזאַ מין סקלאַד מיט תבואה געהייסן אַן אונשעצבאַרער אוצר.

דער קאָמיטעט האָט קאָנפיסקירט 22 זעק ווייץ, וועלכע זענען איינגעשאַצט געוואָרן אין 1250 רובל, וואָס האָט געדעקט די 1000 רובל שטייער, ווי אויך 150 רובל שטראָף פאַר אויסברעכן דעם אייגענעם פענצטער, און 100 רובל שטראָף פאַר מאַכן אַ סומאַטאָכע און שטערן די עפנטלעכע רו.

די ווייץ האָט דער קאָמיטעט פאַרקויפט צו די יידן פון שטעטל צו באַקן מצות אויף פסח.

כאַראַקטעריסטיש איז אויך דער פאַל וואָס האָט פאַסירט מיט הערשל פאָפינסקי. ווען הערשל האָט גענומען אָפּבויען זיין הויז, האָט ער על פי טעות, מסתמא, פאַרנומען עטליכע מעטער פלאַץ פון דער אלמנה ציפע בודער. די בודערס האָבן אַראָפּגעבראַכט אויפן פלאַץ דעם רב, וועלכער האָט, נאַטירלאַך, גע'פסק'נט לטובת די בודערס. אָבער די אַרבעטער פון הערשלען האָבן נישט געוואָלט אָפּשטעלן די אַרבעט. האָט דער רב געשיקט נאָך דער יידישער מיליץ און די מיליץ האָט די אַרבעט אָפּגעשטעלט. בלית ברירה, האָט הערשל געמוזט באַצאָלן פאַר דעם פאַרנומענעם שטיק פלאַץ.

איינמאָל, אַ ביינאַכט, שיקט מיך דער רב רופן. ביים רב אין שטוב האָב איך געטראָפן בערל זבאַר, וועלכער האָט דערציילט, אַז אַ באַנדע באַלאַכאָוועס האָבן זיך אַריינגעריסן אין שמואל יודל פיאַסעצקי'ס הויז (זבאַר האָט דאָרט אויך געוואוינט) און פאָדערן מען זאָל זיי צושטעלן פרויען, צוקער א.א.ז., אַז נישט וועלן זיי פאַגראָמירן דאָס שטעטל.

איך האָב מאָמענטאַל אָרגאַניזירט אַ גרופּע פון זעלבסטשוץ, וואָס האָט לעם קלויסטער, אין אַ באַהעלטעניש, אָפּגעוואַרט די אָנקומענדיקע טייזולאָנים. אַזוי גיך ווי די רייטנדיקע באַלאַכאָוועס זיינען צוגעקומען צום קלויסטער זיינען זיי געוואָרן פון די יידישע בחורים אַרומגערינגלט און ענטוואָפנט. די באַנדע באַלאַכאָוועס זיינען געהאַלטן געוואָרן פאַרשפאַרט אַ גאַנצע נאַכט אין קלויסטער און אויף מאָרגן פרי האָט מען זיי משלח געווען ווי אָפּגעשמיסענע אויפן וועג צו פינסק צו.

אין קורצן באַכדעם, ווען די דייטשן האָבן פאַרלאָזן דראָהיטשין, האָבן אָנגעהויבן אָנקומען צוריק די פּויערים פון די אַרומיקע דערפער, וואָס זיינען געהאַט אַנטלאָפן קיין רוסלאַנד. דאָס צוריקקומען פון די פּויערים האָט געשאַפן אַ פּראָבלעם פאַר פיל יידן פון שטעטל.

ווי באַוואוסט האָבן די דייטשן צענומען די ליידיקע פּויערישע הייזער און שייערן און דאָס געהילץ אויסגעלייגט אויף די בלאָטיקע וועגן. פיל יידן פון שטעטל, נשרפים, האָבן אויסגענוצט די דאָזיקע לאַגע. איידער די דייטשן זאָלן צעשטערן די הייזער, האָבן זיי אַריבערגעפירט און אויפגעשטעלט די פּויערישע הייזער אויף זייערע פּלעצער.

די צוריקגעקומענע פּויערים האָבן געמאָנט צוריק זייערע הייזער. דער לאָסינצער פּריץ, אַ שונא ישראל, האָט צוזאַמענגערופן אַ פאַרזאַמלונג פון די פּויערים און האָט זיי אונטערגעהעצט צו מאַכן אַ פּאָגראָם אין שטעטל. די לאַגע אין שטעטל איז פון טאָג צו טאָג געוואָרן געשפּאַנטער און מען האָט זיך געשראָקן פאַר ערנסטע קאָנסעקווענצן.

אויף אַן אויסעראָרדנטלעכער פאַרזאַמלונג פון אַלע יידן פון שטעטל איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז די אַלע יידן, צו וועמען די גוים האָבן טענות, זאָלן אַדורכקומען מיט די גוים און באַצאָלן זיי פאַר די הייזער. בכלל, זאָל מען ווי ווייט מעגלעך אויסמיידן צוזאַמענשטויסן מיט די אויפגערייצטע פּויערים. אויב אַ פּויער וועט זיך דערלויבן צו נעמען קליינינקייטן אין אַ יידישער קראָם און ניט וועלן באַצאָלן זאָל מען אים לאָזן. סיידן עס וועט אָננעמען אַן ערנסטע פאָרם פון אַ פּאָגראָם, דאַן זאָל דער זעלבסט־שוץ אינטערווינירן מיט קראַפט. עס איז אָבער צו דעם נישט געקומען.

אַ קליינער אינצידענט איז פאָרגעקומען אין יאָסל שינדערס קראָם. אייניקע פּויערים האָבן אָנגענומען זאַלץ, זשעגאַכץ א.א. אַרטיקלען און האָבן ניט געוואָלט באַצאָלן. איז יאָסעלס פרוי, חיה לאה, אַרויסגעלאָפן אויפן גאַס מיט אַ גוואַלד. מאָמענטאַל זיינען אָנגעלאָפן אויף דער סצענע דוד אייזענשטיין, חיים לעוו, יודל טראַשינסקי א.א. פון דער זעלבסט־שוץ. די גוים, דערזעענדיק די ביקסן אויף די בחור'שע אַקסלען, האָבן גלייך באַצאָלט פאַר די סחורה און זיך שנעל אָפּגעטראָגן.

ווי געזאָגט, האָבן די אַלע וואָס זיינען געווען פאַרמישט אין עסק, אָפּגעצאָלט די פּויערים פאַר די הייזער און שייערן, און די פּויערים האָבן זיך איינגעשטילט.

בכלל, האָט דער יידישער זעלבסט־שוץ אויסגעפירט זייער אַ גרויסע און אחריות'פולע אויפגאַבע. שוין דער נאָמען אַליין „סאַמאָ־אָבאָראָנאַ" האָט אָנגעוואָרפן אַ פחד אויף די אַרומיקע גוים און אַוואַנטוריסטן און זיי האָבן נישט געוואַגט אָנצוהויבן קיין אַוואַנטורע אין שטעטל. און דאָס דאַרף פאַרצייכנט ווערן לדורות.

---

**הערה.** אין אַ געוויסן טאָג האָט זיך אין שטאָט באַוויזן אַ געוויסער וואָדקאַ, אין אַן אוקראַינישער אוניפאָרם. וואָדקאַ האָט זיך פאָרגעשטעלט אַלס אַ פאָרשטייער פון דער אוקראַינישער רעגירונג. קיינער אָבער האָט אים נישט גענומען ערנסט. איינמאָל האָט זיך וואָדקאַ אָנגעשיכורט און אַרומגעקראָכן איבערן שטעטל און געשאָסן פון אַ רעוואָלווער אין דער ערד, אָפּגעאַנגען עטלעכע מעטער און אַ שאָס. פאַרבייגייענדיק די הויז פון דוד אייזענשטיין, איז וואָדקאַ געוואָרן פאַקאַטעט פון די יידישע בחורים מיט דוד אייזענשטיינען בראש. מען האָט אים אויסגעצויגן אויף דער ערד, אַרויסגענומען פון זיינע הענט דעם רעוואָלווער, און באַקומענדיק עטלעכע גוטע בוכטשעס, האָט מען אים געלאָזט לויפן אַ צעשראָקענעם און אַ צעקיילטן. מער האָט זיך וואָדקאַ נישט באַוויזן אין שטאָט.

[די רעדאַקציע]

שמואל פישמאַן (ישראל)

# שחיטה אין זאַקאַזעליע

חשוון, תרפ״א, אָקטאָבער 1921

דאָס איז געשען אין אַ חשוונ׳דיקן, פאַרוואָלקנטן און ווינטיקן פרימאָרגן פון יאָר תרפ״א, 1921, ווען זאַוועל דער מולער פון זאַקאַזעליע, איז אַריינגעפאַלן קיין דראָהיטשין מיט היסטערישע געשרייען און האָט געבראַכט די פינצטערע בשורה אַז אַ באַנדע באַלאַכאָוצעס האָט זיך אַריינגעריסן בייגאַכט אין זאַקאַזעליע און אויסגעקוילעט זיבעצן יידישע נפשות, צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפונען זיין פרוי ברײַנדל, זון, טאָכטער און איידעם; דעם שרייבער׳ס טייערע שוועסטער, בת־שבע מיט אירע צוויי טעכטערלעך; און נאָך צען יידישע מענער און פרויען, מערסטע פליכטלינגע פון שטעטל ליבעשיי (לובעשאוו), פינסקער פאָוויאַט, וועלכע האָבן געפונען זייער צייטווייליקע היים אין דער גרעפין באָברינסקי׳ס גוט „זאַקאַזעליע״, נאָכדעם ווי זייער היימשטאָט איז פאַרניכטעט געוואָרן אין פלאַמען פון קריג, און אירע כמעט 500 יידישע משפחות זיינען צעזייט און צעשפרייט געוואָרן איבער די שטעטלעך און דערפער פון דעם אַזוי גערופענעם דייטשן אָקופּאַציאָנס־געביט.

די טרויעריקע נייעס האָט זיך בליץ־שנעל פאַרשפרייט צווישן דער דראָהיטשינער יידישער באַפעלקערונג און אַ שרעקלעכע אימה איז אַלעמען באַפאַלן.

די מלחמה צווישן די פאָליאַקן מיט זייערע „באַלאַכאָווצעס־לעגיאָנערן״ קעגן די באָלשעוויקעס, האָט געבושעוועט מיטן גאַנצן ברען, און ווו די באַלאַכאָוצעס זיינען אַריינגעדרונגען, האָבן זיי זיך גלייך גענומען צו פּאָגראָמירן די יידן. זייערע רויבערייען, שענדונגען און מערדערייען — און איצט די זאַקאַזעליער שחיטה — האָט אָנגעוואָרפן אַן אומבאַשרייבלעכן פחד אויף די יידן פון גאַנצן געגנט. וואָס וועט געשען מאָרגן?...

וואָס מען האָט געמוזט טאָן גלייך, איז זאָרגן דערפאַר, אַז די זאַקאַזעליער קדושים זאָלן געבראַכט ווערן צו קבר ישראל און די עטלעכע לעבנגעבליבענע יידישע נפשות זאָלן עוואַקואירט ווערן קיין דראָהיטשין. דאָ האָבן זיך אָבער אָנגעהייבן גרויסע שוועריקייטן: ערשטנ׳ס, האָבן זיך ניט געפונען קיין פרייוויליקע וועלכע זאָלן וועלן איינשטעלן דעם לעבן און פאָרן קיין זאַקאַזעליע, אַ מרחק פון 14 וויאָרסט סכנות׳דיקן וועג, כדי אויפן אָרט פעסטצושטעלן, וואָס עס קען געטאָן ווערן פאַר די טויטע און לעבעדיקע. און צווייטנ׳ס, האָט מען ניט געטאָרט רירן די קערפערס פון די קדושים ביז עס וועט ניט אָנקומען פון קאָברין די דערלויבניש פון דער פוילישער מאַכט. דערווייל האָט מען דאָך געמוזט אייַנאָרדנען אַ שמירה איבער די קדושים, זייערע גופים זאָלן ניט פאַרשוועכט ווערן . . . ווערזשע זאָל דאָס טאָן? באין ברירה האָט דער שרייבער פון די שורות, אין מאָמענט פון פאַרצווייפלונג, גענומען אויף זיך די פיינלעכע און איבערמענטשלעכע אויפגאַבע צו גיין אַליין קיין זאַקאַזעליע, קעגן די פּראָטעסטן פון זיין פרוי און געבעטן פון זיין אַלטן אבל׳דיקן פאָטער.

ווען איך בין אָנגעקומען אין דעם טאָל פון טויט — „זאַקאַזעליע״, און האָב דערזען מיין טייערע, ליבע שוועסטער ליגן טויט, דערשאָסן, און נעבן איר — אירע צוויי ליכטיקע שיינענדע טעכטערלעך, פייגעלע און חאַשעלע, 12 און 14 יאָר, מיט אויפגעריסענע בייכער און צעשמעטערטע קעפּלעך, האָב איך צוזאַמענגעבראָכן און אַ גרוילעכער יאָמער האָט זיך פון מיין האַרץ אַרויסגעריסן. אויף דעם פלאַץ האָב איך שוין געטראָפן אַ פּאָר יידן פון זאַקאַזעליע, ר׳ זרח שיינבאַום און שעפּסל, וועלכע האָבן זיך באַמיט מיך צו באַרואיקן.

צעבראָכענע און דערשעפּטע זיינען מיר אַלע געגאַנגען צו באַטראַכטן די איבריקע קרבנות: שמואל לעוו, דער געוועזענער בירגערמייסטער פון ליבעשיי (אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע), זיין שוועסטער טייבל און זייער אַלטע מוטער, אַן אָרנטלעכע, האָרעפּאַשנע משפחה פון 5 פּערזאָן פון ליבעשיי; און זאַוול דעם מוליאַרס ווייב, זון, טאָכטער און איידעם, וועלכע זיינען געווען די איינציקע שטענדיקע תושבים פון זאַקאַזעליע. די בילד איז געווען אַ שוידערלעכע, וואָס קיין מענטשלעכע פאַנטאַזיע קען זיך גאָר ניט פאָרשטעלן און מיין אָרעמע פעדער איז געוויס ניט אומשטאַנד אַרויסצוברענגען אויפן פּאַפּיר.

עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז פון אַן עשאַלאָן באַלאַכאָוצעס וואָס האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אייניקע שטונדן אויף דער סטאַנציע „נאַגאָריע״, האָט זיך אָפּגעריסן פאַרטאָג אַ באַנדע פון אַ צענדליק זעלנער, און לויט דער אָנווייזונג פון אַ פּאָר קריסטן, האָבן זיי זיך אַריינגעריסן אין די זאַקאַזעליער יידישע הייזער און האָבן דערשאָסן אַלעמען, ווער עס איז זיי נאָר געקומען אונטערן האַנט. עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, אַז די קרבנות זיינען געשאָסן געוואָרן מיט דום־



**שמואל פישמאַן** — אויף דעם נייעם בית עולם אין דראָהיטשין — שטייט לעבן די קברים פון זיין שוועסטער, בת־שבע, און אירע קינדער, פייגעלע (12 יאָר אַלט געווען) און חאַשעלע (14), וועלכע זיינען, צוזאַמען מיט נאָך 14 יידישע נפשות, ברוטאַל דער׳הרג׳עט געוואָרן דורך די רוצח׳שע באַלאַכאָווצעס (די פאַרבינדעטע פון די פאָליאַקן צו שלאָגן די באָלשעוויקעס) אין זאַקאַזעליע אין יאָר 1921... הי״ד!

דום קוילן און די מערדער האָבן זיך נאָך דער עקזעקוציע גלייך אָפּגעטראָגן צוריק צו זייער עשאַלאָן אויפן סטאַנציע.

ווען די פוילישע מאַכט, צו יענער צייט, וואָלט ניט געווען קיין דורכגעפרעסענע מיט יידן־האַס, וואָלט זי געקענט זייער לייכט כאַפּן דעם עשאַלאָן און אויסגעפינען די שולדיקע אין דעם מאַסן מאָרד. עס מוז אָבער פאַרצייכנט ווערן אַלס היסטאָרישער פאַקט, אַז די פוילישע מאַכט האָט שטילערהייט מסכים געווען צו די מעשים תעתועים פון זייערע פאַרבינדעטע, די באַנדעס פון „באַטקאַ״ באַלאַכאָוויטש, וועלכע האָבן געבושעוועט איבער גאַנץ פּאָלעסיע מיט מאָרד טאַטן און שוידערלעכע פּאָגראָמען קעגן דער יידישער באַפעלקערונג, און האָבן אין ערגעץ ניט אָנגענומען קיין מיטלען אָפּצושטעלן די מערדערישע באַנדעס און צו באַשטראָפן די שולדיקע. אַזוי האָט אויך פּאַסירט מיט צענדליקער און הונדערטער יידישע קרבנות וואָס זיינען געפאַלן פון זייערע מערדערישע הענט אין פינסק און אומגעגנט און אין די פילע דערפער צווישן קאמען־קאשירסק (קאָוולער פּאוויאט) ליבעשיי און פינסק.

אַ גרויסער טייל פון די בלוטיקע געשעענישן און איינצלהייטן וועגן פיל יידישע קרבנות, איז פאַראייביקט געוואָרן דורכן באַוואוסטן פינסקער ציוניסטישן פירער און כלל־טוער, ר׳ אברהם אשר פיינשטיין ז״ל, אונטערן נאָמען „מגילת הפורעניות של פינסק והגליל בימי שלטון הבלכובצים״.

אומקערנדיק זיך צוריק צו די 17 זאַקאַזעליער קדושים. עס האָט געדויערט פינף טעג ביז עס איז געקומען די דערלויבניש פון דער פוילישער מאַכט צו ברייגגען זיי צו קבר ישראל. דער שרייבער פון די שורות מיט נאָך 3־4 זאַקאַזעליער יידן, האָבן די גאַנצע צייט זיך ניט געשיידט פון די קדושים. תהלים זאָגן און משניות לערנען, דורכגעזאַפּט מיט הייסע טרערן, איז געווען מיין שפּייז און אונטערהאַלטונג אַלע 5 טעג.

גאַנץ דראָהיטשין איז אַיינגעהילט געוואָרן אין אַ טיפן טרויער ווען די טויטן־פּראָצעסיע פון פינף עגלות איז דורכגעפאָרן די גאַסן אויפן וועג צום בית הקברות. די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג, אַלט און יונג, מיט די רבנים פאָרויס, האָט זיי באַגלייט צו זייער אייביקער רו מיט האַרצרייסנדע יללות וואָס האָבן באַדאַרפט די הימלען שפּאַלטן און גרייכן צום כסא הכבוד. 17 הספּדים זיינען אָפּגעהאַלטן געוואָרן פון רבנים און בעלי־בתים, און דער שרייבער פון די שורות האָט זיך מיט האַרצרייסנדע ווערטער געזעגנט מיט די קרבנות, אָנפאַנגענדיק מיט אַ פּסוק פון מקונן: „אוי, ד׳, מה היה לנו, הביטה וראה את חרפתנו״ — — —

די 17 קברים זיינען פאַרשאָטן געוואָרן. 17 קדישים זיינען געזאָגט געוואָרן, און דער גאַנצער אבלים־עולם איז שטיל שווייגנדיק געגאַנגען צוריק פון בית עולם מיט טרויעריקע געמיטער און אַראָפּגעלאָזענע קעפּ און די ליפּן האָבן געשעפּטשעט די תפלה: „רבש״ע, נקום את נקמת דם עבדיך השפוך״. — גאָט אין הימל, נעם נקמה פאַר דאָס פאַרגאָסענע יידישע בלוט! — — —

ווער האָט דאָס דעמאָלט געקענט זיך פאָרשטעלן, אַז מיט 25 יאָר שפּעטער וועלן די אַמעריקאַנער דראָהיטשינער לאַנדסלייט דאַרפן אַרויסגעבן אַ ספּעציעלן „יזכור־בוך״ געווידמעט דעם הייליקן אָנדיינק פון דער גאַנצער קהלה קדושה פון דעם ליבן, טייערן שטעטל דראָהיטשין, וואָס איז אכזריותדיק אומגעקומען על קדוש השם, צוזאַמען מיט די פיל הונדערטער יידישע שטעט און שטעטלעך און דערפער, דורך די הענט פון דעם דייטשן מערדער פאָלק, וועמענס אייניקלעך קומען אַרויס פון עמלק, פרעה, המן, טאָרקוועמאַדאָ, כמעלניצקי, באַלאַכאָוויטש א. א. וו.

וויי צו אונדזער פאָלק וואָס האָט דאָס דערלעבט ! ! !

זאָלן אָט די באַשיידענע פאָר זייטן, געשריבן מיט ווייטאָג און מיט בלוט פון האַרצן, דינען ווי אַן אייביקער מאָנומענט פאַר מיין טייערער אונפאַרגעסלעכער שוועסטער בת־שבע מיט אירע צוויי טעכטערלעך, בליענדע בלומען — און צו די 14 אַנדערע זאַקאַזעליער קרבנות פון 1921 און צו די פיל הונדערטער דראָהיטשינער לאַנדסלייט, מענער פרויען און קינדער, וואָס זיינען געפאַלן על קדוש השם 1942־43. הי״ד!

# אָסעוועצער הרוגים

1899

מיט העכער אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק, אין שמיני עצרת — 1899, זיינען די יידן אין דראָהיטשין און פון אַרומיקן געגנט אויפגעציטערט געוואָרן פון אַ שוידערלעכן מאָרד, וואָס איז אויסגעפירט געוואָרן איבער אַ יידישער פאַמיליע אין אָסעוועצער וואַלד, אַ 10 קילאָמעטער פון דראָהיטשין.

ברוך פעלדמאַן (פון 1411 ס. קעדוויל), אַליין אַן אָסעוועצער, האָט אונז פאַר זיין טויט (געשטאָרבן 1־טן מאַי, 1954) איבערגעגעבן אייניקע פרטים פון דער שוידערלעכער שחיטה.

ר׳ סענדער (פאַמיליע נאָמען אומבאַקאַנט), דער פאָטער פון דער אומגעקומענער משפחה, וועלכע האָט געשטאַמט פון אַנטאָפּאָליע, איז געווען אַ יודע ספר און האָט זיך פאַרנומען מיט וואַלד־מסחר. ווען די באַוואוסטע אַנטאָפּאָליער ליפשיצעס, די וואַלד־סוחרים, האָבן געקויפט דעם אָסעוועצער וואַלד צום האַקן, האָבן זיי באַשטימט ר׳ סענדערן אַלס זייער קאַסירער און פאַרוואַלטער פון דעם וואַלד. סענדער (מיט זיין פאַמיליע) האָט זיך דאַן באַזעצט אין קאַנטאָר פון אָסעוועצער וואַלד און האָט געהאַט פרנסה ברוח.

מאַכט זיך אַ מעשה: סענדער׳ס זון, ישראל לייב, קויפט אַ טייערן פערד פאַר הונדערט רובל, וואָס איז דאַן געווען די הויפּט־טעמע ביי די גויים פון די אַרומיקע דערפער, ביז די נייעס איז דערגאַנגען צו די „קאָרפּוסעס״, באַוואוסטע גנבים פון הוטעווע, און די קאָרפּוסעס האָבן דאָס פערד צוגע׳גנב׳עט.

דער דראָהיטשינער אוראַדניק ארסים איז געפאָרן מיט ישראל לייבן קיין הוטעווע און נאָך אַ שטורמישן קאַמף זיינען די גנבים געוואָרן אַרעסטירט. אָבער דאָס פערד האָט זיך נישט אָפּגעזוכט. מילא, האָט סענדער געקויפט אַן אַנדער פערד.

שמיני עצרת אין אָוונט, דערציילט פעלדמאַן, האָט זיין פאָטער אָנגעפויעט דאָס פערד פון סענדער׳ס ברונעם. פון סקריפּ פון קלוטש זיינען אַרויסגעקומען סענדער׳ס קינדער פון שטוב און מען האָט אַ ווײַלע געשמועסט, מען האָט צוזאַמען אָפּגעפירט די פערד אויף „נאָטשלעג״, און נישט אָנשפּירנדיק קיין שום סכנה איז מען אַוועק שלאָפן. אָבער אין דער זעלבער צייט זיינען שוין געלעגן די מערדער אין די קאָרטשעס און געטשאַטעוועט אויף זייערע קרבנות.

אַרום האַלבע נאַכט הערט מען פלוצלונג עס קלינגט אין קלויסטער. עס איז געוואָרן אַ טרעוואָגע, אַלע לויפן צו דער קאַנטאָר, די קאַנטאָר ברענט. פון פאַניק האָט מען נישט געוואוסט וואָס דאָ איז געשען. מען האָט געמיינט, אַז דאָס איז אַ געוויינלעכע שרפה. אָבער, אַז דער פייער האָט אָפּגעטשאַכנעט האָט מען געפונען די פאַרברענטע גופים פון סענדערן מיט זיין פאַמיליע.

מען האָט נאַטירלעך גלייך געגעבן צו וויסן קיין דראָהיטשין און עס זיינען אַראָפּגעקומען דער אוראַדניק מיטן אָסעסאָר (פּריסטאַוו), וועלכע האָבן באַלד אָנגעהויבן זוכן די שפּורן פון די רוצחים. זיי האָבן לאַנג נישט געדאַרפט זוכן, ווייל די סליאַדן אין דער ראָסע האָבן דעם פּריסטאַוו מיטן אוראַדניק צוגעפירט גלייך צו דעם הויז פון די הוטעווער גנבים. די „קאָרפּוסעס״ האָבן זיך באַלד מודה געווען אין דער רציחה.

די מערדער האָבן דערציילט, אַז זינט מען האָט זיי אַרעסטירט פאַר דער גנבה פון פערד האָבן זיי געטראָגן אַ כעס אויף סענדערן מיט זיין פאַמיליע און געזוכט נקמה צו נעמען אָן זיי. יום כיפּור אין אָוונט זיינען זיי געקומען צו דורכפירן זייער מערדערלעכע נקמה, נאָר צוליב דעם מנין, וואָס האָט געדאַוונט אין קאַנטאָר, האָבן זיי זיך דערשראָקן און צעלאָפן. זיינען זיי געקומען שמיני עצרת ביינאַכט, אַריינגעריסן זיך אין קאַנטאָר און האָבן מיט ווילדער רציחה, מיט אייזענס און לאָמען, אַלעמען אויסגעהרג׳עט: סענדערן (דאַן 48 יאָר אַלט געווען); זיין פרוי, חאַשע רבקה; זיין אַלטן פאָטער, יודל; זיינע קינדער: פריידל, ישראל לייב, פּינטשע, דוד און נאָך; ווי אויך אַ יידישע דינסט־מיידל פון אַנטאָפּאָליע, בסך־הכל 14 פערזאָן. פון דער גאַנצער גרויסער פאַמיליע איז פאַרבליבן איין זון, יעקב אשר, וועלכער האָט זיך דאַן געפונען אין ישיבה.

נאָכן אויסרויבן דאָס פאַרמעגן, האָבן די מערדער, כדי צו פאַרווישן די שפּורן פון זייער פאַרברעכן, אונטערגעצונדן די קאַנטאָר אויף די הרוגים.

די רוצחים, אַחוץ איינעם, גאַרטשיק, וועלכער איז אַנטלאָפן געוואָרן, זיינען, נאַטירלעך, געשטעלט געוואָרן צום „אָקרוזשנאָי סוד״ (קרייז־געריכט) אין קאָברין און האָבן באַקומען זייער פּסק.

די פאַרסמאַליעטע גופים פון די הרוגים זיינען געקומען צו קבורה אין איין פאַמיליע קבר אויף דעם אַלטן דראָהיטשינער בית עולם. אויף זייער קבר האָט שטאָט געלאָזט אויפשטעלן אַ געמויערטן „אוהל״, וועלכער איז אָפּגעהיט געוואָרן ביז צום חורבן־דראָהיטשין.

ד.וו.

יעקב גאָלדבערג (ניו־יאָרק) *

# אויסגעמיטן אַ פּאָגראָם

**אין** יאָר 1937, ווי באַוווסט, זיינען פאָרגעקומען פּאָגראָמען אין „פּשיטעק" און אין דערבייאיקער געגנט פון בריסק. מיר, פון אונדזער שטאָט, דראָהיטשין, האָבן זיך שטאַרק געשראָקן אַז די פּאָליאַקן קאָנספּי־רירן צו מאַכן אַן איבער־פאַל אויף די יידן און פּאָגראָמירן זייערע גע־שעפטן.


יעקב גאָלדבערג

דער מרא דאתרא פון שטאָט, הרב קאַלענקאָ־וויטש, האָט אונדז אַלע־מען געטרייסט און גע־מוטיקט, אַז גאָט וועט אונדז אַלעמען באַשיצן פון שלעכטס.

אין אַ געוויסן טאָג האָט מען איבערגעגעבן אַז דער בישאָף פון פינסק קומט געבן די ברכה צו די פּאָליאַקן זיי זאָלן קענען אָנגיין מיט זייער פינצטערער אַרבעט פון פּאָגראָמירן אַלע יידישע געשעפטן, און טאָן מיט די יידן וואָס זייער האַרץ גלוסט.

די פּאָליאַקן האָבן זיך שטאַרק געפרייט מיט דעם, און זיי האָבן זיך אָרגאַניזירט מיט געווער און טויט־מכשירים אָפּצוטאָן די פינצטערע אַרבעט.

זונטאָג נאָכמיטאָג, נאָך זייער גאָטעס־דינסט אין קלויס־טער, האָבן זיך די גוים אָנגעהויבן צונויפקלייבן אינמיטן מאַרק ווו די אויפנאַמע פאַרן בישאָף האָט געדאַרפט פאָרקומען. הרב קאַלענקאָוויטש האָט געלאָזט רופן די יידן אין שול אַריין, בעטן גאָט אַז עס זאָל געשען אַ נס און די פּראָצעסיע זאָל דורכגיין רואיק. עס איז אויסדערוויילט געוואָרן אַ דעלעגאַציע פון הרב קאַלענקאָוויטש, ד"ר לאַמפּע, ג. גראָסמאַן, זכריה שמיד, מנחם אַוּוערבוך א.א. צו מקבל פּנים זיין דעם בישאָף מיט אַ ספר תורה און ברויט מיט זאַלץ.

דער בישאָף איז פאַרבייגעגאַנגען און האָט, מיט אַ שמייכל, גענומען די ברויט און זאַלץ פון דער דעלעגאַציע און געזאָגט די פאָלגנדע ווערטער:

„יידן פון דראָהיטשין, איך גיב אייך מיין האַרציקע ברכה פון אייביקן גאָט. איר זאָלט שטענדיק האָבן אין אייער שטאָט די צוויי גוטע זאַכן — „ברויט און זאַלץ" — כל זמן דראָהיטשין וועט עקזיסטירן. איך בעט אייך, זייט געטריי איי־נער דעם צווייטן ווי אייער תורה זאָגט: „ואהבת לרעך כמוך".

(פאָרזעצונג אויף זייט 105)

*) געווען געדרוקט אין „אַמעריקאַנער". איבערגעגעבן פון גדליה קאַפּלאַן.

---

# מיין שטעטעלע דראָהיטשין

## זלמן שעווינסקי

דראָהיטשין, מיין שטעטעלע דראָהיטשין,
דו בינסט מיר זייער הייליק און טייער,
דיין נאָמען בלויז, דראָהיטשין,
צינדט אָן אין מיר פלאַמען פייער.

געווען אַמאָל אַ צייט
פון דיר כ'בין געווען זייער ווייט
אין שטח און אין געדאַנק —
טוט עס מיר איצט זייער באַנק.

אַוועק בין איך אויף אַ ווייטן וועג,
געלאָפן, געפלויגן פול מיט מוט.
איצט, שטייענדיק אויפן ברעג,
זע איך, אַז יוגנט טוט נישט גוט.

איצט קוקן מיינע אויגן אויף צוריק,
צו כאַפּן כאָטש אויף דיר אַ בליק.
כ'האָב דאָס פריער נישט געזען
ווי נאַריש אין יוגנט כ'בין געווען.

קיינמאָל וועל איך נישט פאַרגעסן
דיין בילד, וואָס שטייט פאַר די אויגן.
איך ווער אַלט און פאַרגעסן,
אָבער דיין נאָמען שיינט ווי אַ רעגן־בויגן.

דער חשובער רב האָט אים באַדאַנקט פֿאַר זיין פֿריינט־לעכער ברכה.

די אַנטיסעמיטן זיינען שטאַרק אַנטוישט געוואָרן. אויף דעם האָבן זיי זיך גאָר ניט געריכט. פֿאַרשעמטע האָבן זיי פֿאַרלאָזן דעם מאַרק און אַוועק אַהיים אָן רויב, ווייל דער בישאָף האָט קאַטעגאָריש אָנגעזאָגט די פּאָליאַקן, אַז זיי זאָלן צורו לאָזן די דראָהיטשינער יידן, ווייל עס איז אַ כּלל, אַז יידן זיינען גוטע בירגער פֿון יעדן לאַנד.

די דאָזיקע ווערטער זיינען געווען ווי אַ ליכטיקער שטערן אין אַ פינצטערער נאַכט, ווען מיר האָבן געלעבט אין שרעק. דעם בישאָפ׳ס רייד זיינען באַלד פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן אין דער פּוילישער פּרעסע, וואָס האָט אריינגעבראַכט אַ צעטומלעניש אין די מוחות פֿון אַלע אַנטיסעמיטן, וועלכע האָבן טאָג־טעגלעך פֿאַרביטערט דאָס לעבן פֿון דער יידישער באַפֿעלקערונג.

דער בישאָף איז, פֿאַר זיין האַנדלונג צו בענטשן די יידישע באַפעלקערונג און פֿאַר ניט דערלאָזן אַז עס זאָל קומען צו בלוטיקע עקסצעסן, באַזייטיקט געוואָרן פֿון זיין שטעלע און ער איז אַוועקגעשיקט געוואָרן אין אַן אַנדער געגנט.

# אַ גרוס פֿון ליטע און פּוילן

אַן אַמעריקאַנער בירגער וואָס איז געווען אין די געגנטן פֿון מלחמה (1916), שילדערט זיינע איינדרוקן אין „טאָגעבלאַט".

הערי מאַרקוס (אַ זון פֿון משה פּאַריצקער וואָלעוועלסקי פֿון דראָהיטשין), אַן אַמעריקאַנער בירגער, וועלכער איז געפֿאָרן אויף אַ לוסט־רייזע קיין רוסלאַנד און איז פֿאַרהאַלטן געוואָרן צוליב דער מלחמה, האָט זיך ערשט צוריקגעקערט פֿון אייראָפּע מיט דער שיף „ניו אַמסטערדאַם", פֿון ראָטערדאַם. מר. מאַרקוס, וועלכער האָט באַזוכט מערערע שטעט און שטעטלעך פֿון ליטע און פּוילן, דאַרונטער בריסק, קאָברין, אַנטאָפּאָליע, דראָהיטשין און וואַרשאַ, האָט פֿאַר אַ פֿאָרטרעטער פֿון „טאָגעבלאַט" געשילדערט די טרויעריקע לאַגע פֿון די יידן אויף יענער זייט ים.

„עס איז אונמעגלעך איבערצוגעבן אין ווערטער וואָס מיינע אויגן האָבן געזען אין יענער מדינה וואָס טראָגט אויף זיך דעם נאָמען רוסלאַנד, — האָט מר. מאַרקוס געזאָגט, און אַ טרער האָט זיך באַוויזן אין זיינע אויגן. — איך האָב צוויי יאָר פֿאַרבראַכט צווישן די פּליטים, מלחמה קרבנות, און ניט נאָר האָב איך אַליין בייגעוווינט און געזען זייערע יסורים, ליידן און צרות, נאָר איך האָב עס אַליין דורכגעלעבט.

„איך בין געקומען קיין רוסלאַנד פּונקט אַ וואָך פֿאַר דער מלחמה, און בין פֿאַרהאַלטן געוואָרן אין דראָהיטשין, גראָדנער גובערניע. דראָהיטשין איז אַ קליין שטעטל וואָס ציילט 700 יידישע פֿאַמיליעס. זייערע געשעפֿטן פֿאַר דער מלחמה? ווי געוויינלעך: קרעמער, סוחרים, האַלצהענדלער, א.ז.וו. פֿאַר דער מלחמה האָבן דאָרט די יידן ווי עס איז געמאַכט אַ לעבן, אָבער איצט ליידן זיי פּשוט הונגער און נויט.

„דער דייטש איז דאָרט אַריין אין אויגוסט, 1915. פֿיר טעג אידער דער דייטש איז אָנגעקומען, האָבן די רוסישע קאָזאַקן צעשטערט און פֿאַרניכטעט אַלץ וואָס זיי איז געקו־

J. E. Biskup Polesia przyjmuje delegację żydowską



J E. Biskup podczas wizytacji swej diecezji przyjął delegację żydowską z Drohiczyna (100 klm. od Brześcia) dn. 13 ub. miesiąca.

דער בישאָף פֿון פּינסקער געגנט נעמט אויף אַ יידישע דעלעגאַציע פֿון דראָהיטשין, 13טן אויגוסט, 1937. פֿון רעכטס: זכריה שמיד, הרב קאַלענקאָוויטש, ד״ר לאַמפּע, גדליה גראַסמאַן א.א. די דאָזיקע בילד איז געווען געדרוקט אין „נאַש פּשעגלאָנד", 20־טן סעפּטעמבער, 1937, וואַרשע. (פֿון וואַרשאַווסקי׳ס אַרכיון).

מען אין האנט אריין און אויסגערויבט אלע קראמען.

„ס׳האט גענומען גאנצע פיר טעג די שלאכט ביי דראהיטשין. ס׳איז דארט פארגעקומען א מוראדיקע שלאכט און די דייטשן האבן ענדלעך געזיגט. דורך דער צייט זיינען מיר, די איינוווינער, געלעגן אין גריבער וואס מיר האבן אויסגעגראבן. מיר האבן, פארשטייט זיך, אין די פיר טעג אפילו קיין ביסל וואסער ניט געטרונקען.

„די דייטשן זיינען אריין און באלד האט זיך פארשפרייט די כאליעריע. הונדערטער זיינען פון דער מגפה געשטארבן. אבער פאר די לעבנגעבליבענע איז די לאגע, שיינט מיר, איצט פיל ערגער, ווייל יעדן טאג קוקן זיי דעם טויט אין די אויגן.

„אינטערעסאנט איז, אז דער פייער וואס די רוסן האבן געמאכט אין שטעטל, האט זיי קיין טובה ניט געטאן, ווייל די ארמיי וואס האט געהאלטן אין לויפן, האט ניט געקענט דערגייין דאס שטעטל צוליב דעם פייער, און פילע זיינע געכאפט געווארן אין פלען.

„אויסער דעם הונגער וואס די יידישע באפעלקערונג ליידט אמערסטן, נעמען די רוסישע און די דייטשע ארמייען צו ביי די יידן די פערד און בהמות. די רוסן, מוז איך דא געבן קרעדיט, פלעגן זיי צונעמען ביי א יידן א פערד, פלעגן זיי באצאלן, אפשר ניט דעם פולן פרייז, אבער דאך באצאלט. די דייטשן האבן צוגענומען די פערד, און אנשטאט געלט, האבן זיי געגעבן „רעסיטס“. מיר האבן נאכדעם אונטערזוכט די רעסיטס, און די גרעסטע צאל פון זיי האט זיך געלייענט ווי פאלגט: „ניקאלאי איז ניט קראנק צו באצאלן פאר די פערד“...

„פאר מיין אוועקפאר האב איך באזוכט בריסק. פון דער שטאט איז געווארן א תל, א חורבן, קיין ייד איז דארט ניטא אויף א רפואה. אלע זיינען פון דארט פארטריבן געווארן.

„אין די קליינע שטעטלעך פון ליטע, קוקט מען אויס די אויגן אויף שטיצע פון אמעריקע. זיי לעבן מיט האפנונג, די וועלכע האבן כח געניג, אז אט־אט און זיי וועלן באקומען הילף פון אייך. ליידער דערהאלטן זיי גאר ניט און שטארבן פשוט פון הונגער“.

— און וואס איז מכח די „רעליף“ וואס ווערט פון דאנען געשיקט? — האט דער פארטרעטער פון „טאגעבלאט“ געפרעגט.

„די קרבנות פון מלחמה־געביט האבן פון דעם רעליף ניט געהאט קיין שום הנאה, אפילו א גלאז וואסער אויך נישט. פשוט, ווייל מיר האבן פון רעליף קיין איין סענט נישט באקומען.

„די פרויען אין דער ליטע וואס זיינען געטראפן פון דער מלחמה, וועמענס מענער זיינען אין אמעריקע, ליידן מער פון אלעמען. קיין געלט פון זייערע מענער דערהאלטן זיי ניט און קיין זייטיקע שטיצע קריגן זיי אויך ניט. זאלן די מענער וועלכע האבן פאמיליעס אין רוסלאנד וואס שנעלער שטיצן זייערע פרויען און קינדער אויב זיי ווילן זיי ראטעווען פון א זיכערן טויט“.

הערמאן גראסמאן (ניו־יארק)

# צוריק אהיים

זיי געגריסט, שטעטעלע שיינענקע,
איבער ימים צו דער געשוואמען,
זיי געגריסט, שטעלע קליינענקע,
צו דיר ווידער בין איך געקומען.

כ׳ברייננג א גרוס דיר פון דיינע קינדער
איבער דער גרויסער וועלט צעזייט,
כ׳קום צו דיר פון א רייך לאנד אצינדער,
ווו פיל פון זיי זיינען צעשפרייט.

מיר בייננקען נאך דיינע פעלדער,
ווו אונזער יוגנט איז פארפלויגן, אוועק;
מיר בייננקען נאך דיינע וועלדער,
וועלכע ציען זיך אן אנ׳עק.


ה. גראסמאן

מיר בייננקען נאך דעם אלטן בית־עולם,
ווו גרויסע מחנות קראען שוועבן,
און אינם שאטן פון זיינע גרויסע בוימער
פלעגן זיך חלומות פון לעבן וועבן...

אין גרויסע שטעט פון שטאל און אייזן
שמידן דיינע קינדער זייער גליק,
האפן און שטרעבן צו באווייזן
צו דיר, שטעטעלע, קומען צוריק.

זיי זיכער, דיינע טרייע קינדער,
פארגעסן דיך נישט אין קיין צייט.
זיי ליבן דיך פריער און אצינדער
פון דער נאענט און פון ווייט.

געדרוקט אין „פינסקער שטימע“, 1931.

דוב ב. וואַרשאַווסקי

„היינטיקע נייעס״ פון „היינט״
6טן אָקטאָבער, 1935, וואַרשע

# פאַרשטערטע יום־טובים

## א.

## ראש השנה

געווען איז דאָס אין 1921, בעת דער פּויליש־רוסישער מלחמה. די איינוווינער פון דראָהיטשין האָבן דאַן דורכגעלעבט אונגעהויער שווערע טעג. עטלעכע מאָל איז דאָס שטעטל איבערגעגאַנגען פֿון האַנט צו האַנט. און נאָר די וואָס האָבן עס איבערגעלעבט, קאָנען האָבן אַ באַגריף, וואָס דאָס האָט באַדייט...

לאַנגע וואָכן און חדשים האָבן די יידן פונ׳ם שטעטל געלעבט אין טויט־שרעק. מען איז מערסטנטייל געלעגן באַהאַלטן אויף די בוידימער, אין די קעלערס, געמוטשעט זיך און געוואָרן געפּייניקט. בייַנאַכט האָט דאָס שטעטל אויסגעזען ממש ווי אַ בית עולם. קיין מינדסטער שיין האָט נישט איבערגעריסן די געדיכטע פינצטערניש, קיין שאָרך, קיין ריר פֿון אַ מענטש... בלויז דאָס טופּערייַ פֿון די פֿערד און דאָס קלאַפּן פון די וועגענער פונ׳ם מאַרשירנדיקן מיליטער, פלעגן אַמאָל איבעררייסן די טויטע שטילקייט פון דער שוואַרצער נאַכט...

דער טאָג רוקט זיך ביסלעכווייז אַוועק. עס הייבט שוין אָן צופאַלן די נאַכט. פאַר דער יידישער באַפעלקערונג אינם שטעטל — אַ טאָג פֿון טויט־שרעק, ווי די גאַנצע צייט. אָבער עס איז דאָך פאָרט ראש השנה, יידן ווילט זיך א תפילה בציבור. עס ווילט זיך אויסגיסן אַביסל דאָס האַרץ. און וואָס אויסצוווינען איז דאָ גענוג.

די הייליקייט פֿונם ראש השנה שטייגט אַריבער דעם פּחד און די שרעק. דאָ און דאָרטן האָבן זיך אָנגעהייבן צו באַווייזן אייַנצעלנע יידן, וואָס האָבן זיך אינם בין־השמשות געשלייכט ווי שאָטנס ביי די פּלייטן, אַלע אין איין ריכטונג.

אין אַ זייטיק געסל איז געשטאַנען אַן אַלטע שטוב. געוווינט האָט דאָרטן אַן אָרימער בעל־הבית פֿונם שטעטל. אָט אַהין, אין יענער אַלטער שטוב, זיינען דאָס אַלע שאָטנס פאַרשוווּנדן. געווען איז דאָס אַ צייטווייליקע בית־התפילה, ווייל זינט די צאַרישע אַרמיי האָט דריי פערטל שטעטל און האַרונטער אַלע פיר בתי מדרשים אַוועקגעלאָזט מיטן רויך, האָבן דאָ אַ טייל פון די שטעטלדיקע יידן אייַנגעאָרדנט זייער מקום־תפילה. [אגב, צו זיין גענוי — איז דאָס געווען די הויז פון יאָסל דעם בעל־עגלה אין אַ געסל אויף קאָברינער גאַס.]

מיט אַ שעה שפּעטער איז אַן עדה יידן געשטאַנען און געדאַוונט. די מתפללים האָבן וואָס ווייטער, אַלץ מער פאַרגעסן אין דער סכנה, וואָס לויערט אויף זיי, און זיי האָבן זיך אויף אַן אמת צודאַוונט.

דאָס איז געווען איין גרויס געוויין, וואָס האָט אין דער שטילקייט פֿון דער נאַכט אָנגעוואָרפֿן אַ גרויסן פּחד.

פּלוצלונג איז אַלץ שטיל געוואָרן. וואָס איז געשען? אַן אָפּטיילונג באָלשעוויקעס האָט אַרומגערינגלט דאָס הויז. ביי אַלעמען זיינען די הערצער אייַנגעפאַלן פֿון שרעק. דער עלטסטער האָט באַפוילן אלע יידן אַרויסצוגיין פון שטוב. געבליבן איז בלויז דער בעל תפילה ביים עמוד, מיטן טלית איבערן קאָפּ. פאַר אים האָט, ווייזט אויס, דער באָלשעוויק געהאַט אַביסל אָפּשיי.

אויף דער גאַס איז די גאַנצע עדה יידן אַרומגערינגלט געוואָרן דורך באַוואָפנטע זעלנער, און ס׳איז געפאַלן אַ באַפעל: „פאָראויס!״ ביי אַלעמען האָבן זיך די קני געבראָכן פון שרעק; ווער ווייסט וווּ מען וועט זיי איצט פאַרפירן?...

מען האָט זיי צוגעפירט צו אַ גרויסער פוסטער געביידע, צו פּיוּול קאַצ׳ס מויער, און מ׳האָט זיי געהייסן טראָגן ליים מיט ציגל...

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אָט וואָס: די באָלשעוויקעס האָבן געדאַרפט באַקן ברויט, און אַזוי ווי אין שטעטל האָט זיך ניט געפונען קיין גרויסער אויוון, ווייל אַלע בעקערייען זיינען פאַרניכטעט געוואָרן, זיינען זיי געפאַלן אויף דער המצאה, אַז די יידן זאָלן זיי איבערנאַכט אויפשטעלן אַן אויוון. עס האָט נישט געהאָלפן קיין געבעט און קיין תחנונים אַז ס׳איז ראש השנה. די באָלשעוויקעס האָבן ניט געוואָלט פון גאָרנישט וויסן. די יידן האָבן זיך געמוזט נעמען צו דער אַרבעט, ווער אַלס מוליער און ווער אַלס דערלאַנגער. אַ פאָר צענדליק יידן, יונג און אַלט, האָבן אַ גאַנצע נאַכט ביז אַ שטיק אין טאָג געאַרבעט ביז דער אויוון איז פאַרטיק געוואָרן.

די יידן זיינען צוריק אַריין אין זייערע באַהעלטענישן. אַ גאַנץ ראש השנה האָט שוין קיינער נישט געוואַגט אַרויסצושטעקן זיין קאָפּ אין גאַס. דאָס איז נאָך געווען צו דערליידן.

„דער מאָמענט", וואַרשע — ב. — 26טן סעפטעמבער, 1934

# סוכות

**געשען** איז דאָס אין יענע אונרואיקע טעג, בעת דער פּויליש־רוסישער מלחמה אין יאָר 1921. ווי דער שטייגער, אין אַ שעת חירום, האָבן די ייִדן פון שטעטל אויסגעמיטן צו ווייזן זיך אין די גאַסן און מען איז געלעגן באַהאַלטן און געוואַרט ביז וואַנען דער שטורעם וועט אַריבערגיין.

ענדלעך האָט זיך די לאַגע אַביסל געענדערט. עס איז געראָד דאַן אויסגעפאַלן ערב סוכות. ייִדן אין דער גאַנצער וועלט גרייטן זיך צום יום־טוב, און דאָ אין שטעטל געפינען זיך די ייִדן אין אַזאַ לאַגע וואָס איז אונמעגלעך צו טראַכטן וועגן סוכות. הגם די לאַגע איז געוואָרן אַביסל לייכטער, דאָך ליגן אַלע באַהאַלטן און מ׳האָט מורא אַ נאָז אַרויסצושטעקן, ווייל געראַד אָט די טויטע שטילקייט וואָס הערשט יעצט אין שטעטל, וואַרפט נאָך אָן אַ גרעסערן פּחד אויף די ייִדן. דאָס איז די שטילקייט פאַר אַ שטורעם. עס דערגייען קלאַנגען, אַז הינטערן שטעטל גראָבט מען אָקאָפּעס און אַז די באָלשעוויקעס האָבן באַשלאָסן צו שטעלן דער פּוילישער אַרמיי אַ ווידערשטאַנד, כדי די אָפּטרעטנדע אַרמיי זאָל האָבן צייט צו אַנטלויפן. צווייטנס האָט מען איבערגעגעבן, אַז אויף דעם וואָלינער פראָנט, אַרום קאָוועל, אָפּערירט דער צאַרישער גענעראַל בולאַק באַלאַכאָוויטש מיט זיין אַרמיי, וועלכע רעכנט זיך קודם־כל אָפּ מיט די ייִדן. אָט די דאָזיקע „געסט" האָבן דאָס געזאָלט אָפּשטאַטן אַ וויזיט אונדזער דראָהיטשין. הכלל, די שטימונג אין שטעטל איז געווען געשפּאַנט.

דערווייל, ווי געזאָגט, איז אין שטעטל שטיל און רואיק. האָבן זיך איניקע ייִדן, מער דרייסטערע, מיישב געווען, וואָס וועלן זיי אַזוי ליגן אין די קעלערס? קודם כל איז דאָך ערב סוכות, מען דאַרף דאָך אויפשטעלן סוכות. צי עס וועט זיין וואָס צו עסן אין דער סוכה, צי נישט, דאָס איז אַ שפּעטערדיקע זאַך, אָבער די מצות־סוכה דאַרף מען דאָך מקיים זיין. און אומר ועושה, מ׳האָט אָנגעהויבן אויפשטעלן סוכות. צווישן די מער דרייסטערע ייִדן, איז אויך געווען מיין פאָטער.

אַ האַלבע סוכה איז שוין געווען פאַרטיק. פּלוצלונג, ווידער אַ טומל, אַ געפילדער, וואָס איז געשען?

עס ווייזט זיך אַרויס אָט וואָס: אַן אָפּטיילונג באָלשעוויסטישע מיליטער איז געגאַנגען צום פראָנט און האָבן געזוכט מענטשן צו ווייזן זיי דעם וועג צו סאָמעגישטשע, ווו דער פראָנט האָט זיך געפונען. ווער ס׳האָט געקענט, איז געלאָפן זיך באַהאַלטן. דערזעענדיק מיך שטייענדיק ביים פראָנט פון הויז (איך בין נאָך דאַן געווען אַ קליין ייִנגל), האָט דער קאָמיסאַר פון דער אָפּטיילונג געוואָלט מיך נעמען אַלס זיין וועג־ווייזער. איך בין אַנטלאָפן צום טאַטן זיך באַהאַלטן. דערווייל האָט דער קאָמיסאַר דערזען מיין פאָטער ביי דער סוכה, און ער האָט זיך גענומען צו אים. נישט אַנדערש, מיין פאָטער מוז גיין ווייזן זיי דעם וועג צום פראָנט. קוים מיט צרות האָבן מיר זיך ביי אים אָפּגעבעטן. דער קאָמיסאַר האָט געגעבן אַ מאַך מיט דער האַנט און איז אוועק.

נאָך דער געשעעניש זיינען אַלע ייִדן אַריין אין זייערע באַהעלטענישן און דאָס שטעטל האָט באַקומען אַן אויסזען ווי אַ בית־עולם. די סוכות זיינען געבליבן שטיין נישט פאַרענדיקט.

עס איז אָנגעקומען די ערשטע סוכות נאַכט. אין שטעטל הערט מען נישט קיין שאָרך. אין די גאַסן, אין די הייזער, איז פינצטער. ווו נישט ווו רייסט זיך אַרויס, דורך אַ שפּאַלט פון אַ פענצטער, אַ פאַס ליכטיקייט און ווערט באַלד פאַרשוווּנדן. מען ערוואַרט דעם מאָרגנדיקן טאָג, וועלכער דאַרף ברענגען נייס. און ווירקלעך, ווי עס האָט אָנגעהייבן ווערן ליכטיק, אַזוי האָט פונדערווייטנס אָנגעהייבן אָפּהילכן אין דער לופטן אַ שאָס, אַ צווייטער, אַ דריטער. מיט אַ האַלבע שעה שפּעטער, האָט שוין געהאָגלט מיט קוילן. פוןביידע זייטן האָט מען געשאָסן און אַ גרויסער טייל פון די שראַפּנעלן האָט אויפגעריסן אין שטעטל. ערד מיט האָלץ צונויפּגעמישט מיט רויך האָבן זיך געטראָגן צענדליקער מעטער אין דער לופטן. די זשומערס פון די גראַנאַטן האָט טויב געמאַכט. מען האָט מער נישט געזען ווי ערד און פייער. ערשט אַרום האַלבן טאָג, האָט אָנגעהייבן ווערן שטילער, די אויפרייסן פון די גראַנאַטן זיינען געוואָרן זעלטענער. פון אונדזער באַהעלטעניש זעען מיר, ווי די באָלשעוויקעס ציען זיך צוריק. עס באַווייזן זיך די ערשטע פּוילישע זעלנער, און נאָך זיי ציען זיך אַריין אין שטעטל די פּוילישע אָפּטיילונגען.

ג.

אַ פאָר טעג זיינען דורך רואיק. מ׳האָט פרייער אָפּגעאָטעמט און מ׳האָט געמיינט, אַז מיט דעם וועט שוין נעמען אַ סוף צו די צרות און ענוים, וועלכע ציען זיך שוין אַזוי חדשים לאַנג. עס איז אָבער אונדז נישט געווען באַשערט צו לויז ווערן פון די צרות.

די גאַנצע צייט וואָס די פּאָליאַקן זיינען געווען אין שטעטל איז נאָך געווען ווי עס איז צו דערליידן. נאָר מיטן מאָמענט, ווען די פּוילישע אָפּטיילונגען זיינען אַוועק אויפן פראָנט, און די באַלאַכאָווצעס האָבן פאַרנומען די הינטערשטע רייען, האָט יעדער איינער פאַרלוירן די זיכערקייט פאַר זיין לעבן.

גלייך ווי די באַלאַכאָווצעס האָבן איבערגעטראָטן די ערד פון שטעטל, האָבן זיי אָנגעהייבן אַרויסווייזן זייערע מערדערלעכע מעשים. ביי יעדער געלעגנהייט האָבן זיי אָפּערירט

מיטן רעוואָלווער — און אויב עס איז אין די ערשטע טעג נישט געווען קיין קרבנות, — איז דאָס נאָר אַ דאַנק דעם, וואָס די יידן זיינען געווען באַהאַלטן. ביז איינמאָל איז זיך מיישב דער באַטקאַ און ער האָט געלאָזט רופן צו זיך דעם רב און עטלעכע אָנגעזעענע בעלי־בתים פון שטעטל, און זיי פאָרגעלייענט אַ לאַנגן צעטל פון חטאים וואָס דאָס שטעטל איז כלומרשט באַגאַנגען מיט די באָלשעוויקעס קעגן זיי. על כן לייגט ער אַרויף אויף דעם שטעטל אַ גאָלד קאָנטריבוציע, און אין פאַל מען וועט נישט נאָכקומען זיין פאָדערונג וועט ער פאַרגראַמירן דאָס שטעטל.

ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, איז דער איצטיקער „באַטקאַ" שוין געווען אין שטעטל מיט עטלעכע חדשים צוריק, נאָך אַלס באָלשעוויסטישער קאָמיסאַר. אויפן פראָנט איז ער אַריינגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט צו די פּאָליאַקן און פון דאָרט איז ער פרייוויליק אַריינגעטראָטן אין באַלאַכאַ־וויטשעס אָפּטיילונגען.

די וואָרנונג פון „באַטקאַ" האָט געמאַכט אַ דערשיטערנ־דיקן איינדרוק אויף דער יידישער דעלעגאַציע. מען איז געווען זיכער אַז ער קען זיין דראָונג אַדורכפירן. עס איז געוואָרן אַ יללה. אָבער קודם כל האָט מען געמוזט זען שאַפן געלט. קיינער האָט זיך נישט אָפּגעזאָגט, ווער עס האָט נאָר געהאָט אַ פּאָר רובל, זוער אַ גאָלדן זייגערל, און ווער עפּעס אַנדערש. עס איז צונויפגעזאַמלט געוואָרן אַ היפּשע סומע געלט. אָלנ־פאַלס נאָך נישט די גאַנצע סומע וואָס מ'האָט געפאָדערט. די דעלעגאַציע איז מיט דעם געלט אַריינגעקומען צו דעם באַלאַכאָוויעץ, וועלכער האָט זיך אָבער פון אָנפאַנג שטאַרק געבייזערט און נישט געלאָזט צו זיך רעדן, הלמאי עס פעלט צו דער סומע, נאָר נאָך גרויסע תחנונים האָט ער איינגע־שטימט צו נעמען דאָס געלט.

זיינען זיי, די באַלאַכאָווצעס, אַוועק פון דראָהיטשין און געמאַכט אַ שחיטה אין זאַקאָזעליע.

די באַלאַכאָווצעס האָבן זיך אַריינגעריסן אין הויף זאַקאָ־זעליע (14 וויאָרסט פון שטעטל), צונויפגעטריבן אַלע יידן און זיי אַלעמען דערמאָרדעט. 17 יידישע נפשות, אַלט און יונג, זיינען געפאַלן קרבנות דורך די מערדערישע הענט פון די באַלאַכאָווצעס, די רוסישע ווייס־גוואַרדייצעס...

אין פרוי האָט געהאַט דאָס גליק נישט צו ווערן באַ־מערקט פון די מערדער, האָט אָבער דאָס הארץ איר נישט געלאָזט רוען, צוליב דעם מאַן אירן, האָט זי גענומען אַ סומע געלט און איז געגאַנגען צו די מערדער אויסצוקויפן איר מאַן. די מערדער האָבן דאָס געלט צוגענומען און די פרוי האָבן זיי דערשאָסן צוזאַמען מיטן מאַן.

אין יענע גרויזאַמע און הפקר'דיקע טעג, איז נישט גע־ווען קיין אַנדער זאַך צו קלערן, נאָר ווי אַזוי צו ברענגען די הרוגים צו קבר־ישראל. מ'האָט די 17 קדושים אַרויפגעלייגט אויף וועגענער און מ'האָט זיי געבראַכט אין שטעטל. ווער עס האָט נאָר געזען דאָס שרעקלעכע בילד, וועט דאָס קיינ־מאָל ניט פאַרגעסן. פינף עגלות האָבן געצויגן איינע נאָך דער אַנדערער אויף וועלכע עס זיינען געלעגן 17 שרעקלעך צעקאַליטשעטע און צעשאָסענע הרוגים. וויפל מענטשן עס איז נאָר געווען אין שטעטל, קליין און גרויס, זיינען נאָכגע־גאַנגען נאָך דער לויה. די יללות זיינען געגאַנגען עד לב השמים.

און אַז מ'גייט היינט אַרויף אויף דעם בית־עולם פון דעם שטעטל, זעט מען ווי עס ליגן אין איין רייע 17 קברים. זיי זיינען שוין שטאַרק פאַרוואַקסן מיט גראָז, נאָר דער גרוי־סער אויפשריפט וואָס געפינט זיך אויף זיי, דערציילט פון דער שרעקלעכער נישט־ווייטער פאַרגאַנגענהייט. ד.ב.וו.

---

## גדליה קאַפּלאַן

# אַ תפילה

מיט יראת הכבוד און ווערטער שטילע,
מיינע ליפן זיי שעפּטשען נאָך דיר אַ תפילה.
דיך מיין שטעטל כ'וועל אייביק געדיינקען,
נאָך דיר מיין האַרץ גייט אויס פון בייבקען.

אַך, געוואָלט האָב איך דיך זעען צוריק,
כאָפּן דורך אַ שפּאַרונע אויף דיר אַ בליק.
זעען דיינע גאַסן, דיינע הייזער די קליינע,
פילן דיין אָטעם און דיין נשמה די ריינע.

אַ לעבן לאַנג כ'האָב חלומות געטרוימט,
זיי זיינען צערונען, ווייל איך האָב פאַרזוימט.
היינט איז אַלעס דאָרט צעבראָכן, צעריבן,
פון אונזערע טייערע דאָרט קיינער געבליבן.

פון „שיקאַגער צייטשריפט", פעברואַר, 1951



די חתונה פון אשר און דינה — זון פון ר׳ יואל משה, עקספעדיטאָר פון וואַגזאַל. אויבערשטע שורה, שטייען פון לינקס צו רעכטס: דריי קלעזמער, לייבעטשקע בדחן, פסח סידאָראָוו, קאָברינער 2 מיידלעך, מרדכי סידאָראָוו, מלכה פון כלעווישטש און אַ קלעזמער. צווייטע ריי, שטייען פון לינקס: יעקב סידאָראָוו, אָלכאָוויטש (זון), 2 קאָברינער מיידלעך, שרה יצחק יואל׳ס, רחל סידאָראָוו, ליבע, שרה און מינדל פון אַנטאָפּאָליע, גיטל און פּיניע פון פּערקאָוויץ, חיה בלוס און יצחק יואל׳ס. דריטע ריי, זיצן פון לינקס: יוסף שואל אָלכאָוויטש און זיין פרוי, דינה און אשר סידאָראָוו (חתן־כלה), יואל משה אוןביילע סידאָראָוו, די חזנ׳טע (די באָבע) און פּיניע סידאָראָוו. זיצן אויף דער פּאָדלאָגע פון לינקס: לייזער, מאַקס, אהרן יוסף, יעקב, פּעסל און ליבע פריידע (שטייט: יואל משה׳ס קינדער), און פריידל (פּיניע סידאָראָווס טאָכטער).

ע. בן־עזרא (ניו־יארק)

# הרב משה מדראָגיטשין ז״ל

1781 — 1705

**איינע** פון די מאָסן מיט וועלכע מ׳מעסט די גרויסקייט פון געוויסע היסטאָרישע פערזענלעכקייטן, איז לויט די לעגענדעס וועלכע זיינען אַרום זיי געוועבט.

די לעגענדע איז דער שפּיגל אין וועלכן דאָס פאָלק האָט געזען די פיגור, און לויט דער אָפּשפּיגלונג קען מען אָפּשאַצן דעם פערזאָן, כאָטש די היסטאָרישע פּרטים פעלן דעם פאָר־שער.

אַזאַ לעגענדאַרישע פערזאָן איז געווען „ר׳ משה מדראָגי־טשין״ (אַזוי רופט ער זיך). קיין איינצלהייטן וועגן זיין לעבן האָבן מיר ניט געפונען, און מיר מוזן שטילן אונדזער דורשט נאָך ביאָגראַפישע דעטאַלן מיט לעגענדעס, און פון זיי אויס־שיילן די קערנדלעך פון ווירקלעכקייט.

ווי ס׳זעט אויס, איז ר׳ משה געבוירן געוואָרן אין דראָהי־טשין, ווייל אויף אַלע זיינע ספרים שרייבט ער זיך אונטער „ר׳ משה מדראָגיטשין״, און לויט מיין השערה איז ער גע־בוירן געוואָרן ניט שפּעטער פון יאָר 1705.[1]

זיין פאָטער איז געווען ר׳ יקותיאל זלמן, וועלכער האָט געשטאַמט פון ר׳ אליעזר חריף׳ס משפחה, דעם אב־בית־דין פון טיקטין. און זיין עלטער־זיידע פון זיין מוטערס צד, איז געווען דער באַוואוסטער גאון ר׳ אליקים געץ, וועלכער האָט געצויגן אַ קייט פון צען דורות גאונים־רבנים.[2]

ר׳ משה איז געווען ראש אב בית־דין אין דראָהיטשין, אָבער ווען מ׳האָט אים דאָרטן אויפגענומען, איז ניט באַקאַנט. לויט דעם שער־בלאַט פון „מגיד משנה״ איז ר׳ משה אויפ־גענומען געוואָרן אַלס רב אין פינסק אַרום 1745, ווו זיין שווער ר׳ יהודה האָט געלעבט.[3]

---

[1] זיין ערשטער ספר „מגיד משנה״, אַ פירוש אויפן קבלה׳שן ספר „משנת חסידים״ פון עמנואל חי ריקי, איז גע־דרוקט געוואָרן אין יאָר 1745 (תק״ה), און ס׳איז באַוואוסט אַז מ׳לערנט ניט קיין קבלה פאַר 40 יאָר (זע ד״ר שמעון גינצ־בורג, „ר׳ משה חיים לוצאַטו ובני דורו״, ח״ב, עמ׳ תי״ד־תט״ו, ת״א, תרצ״ז). פון דעם פאַקט לערנען מיר אַרויס, אַז ר׳ משה איז שוין אַלט געווען אַרום 40 יאָר ווען ער האָט געדרוקט זיין ערשטן קבלה ספר.

[2] זע „מגיד משנה״ אין דער הקדמה.

[3] ר׳ יהודה איז געווען דער זון פון ר׳ יצחק, דער איי־ניקל פון ר׳ משה איש ליפשיץ, דער מחבר פון „לחם משנה״ אויף משניות (זע דאָרטן).

ווי ס׳זעט אויס, איז ר׳ משה לאַנג ניט געווען רב אין פינסק, ווייל אין יאָר 1746 איז ער אויפגענומען געוואָרן אַלס הויפּט רב אין סאמבאר, גאַליציע.[4] אָט אין דער דאָזי־קער שטאָט איז ער געזעסן מיט גרויס כבוד אויפן כסא הרבנות אַרום 25 יאָר, אויב ניט מער, ביז וואַנען ער איז אַוועקגע־פאָרן קיין ארץ ישראל.[5]

ווי אַזוי קומט ר׳ משה, דער דראָהיטשינער און פינסקער רב, צו ווערן אַ רב אין גאַליציע? וואָס האָט עס געבראַכט צו דעם?

לויט מיין השערה האָט ר׳ משה׳ן געצויגן קיין גאַליציע, ווייל דאָרטן האָבן זיך געפונען גרויסע מקובלים, ווי: ר׳ משה אָסטרער, ר׳ חיים סאנזער פון בראָד און אַנדערע. בראָד איז דעמאָלט געווען אַ קבלה׳יסטישער צענטער ווו ס׳האָבן זיך קאָנצענטרירט מקובלים, וועלכע האָבן פאָרגעזעצט צו לער־נען דעם אר״י׳ס שיטה, אין קעגנזאַץ צו דער קבלה מעשית פון שבתי צבי׳ס אָנהייגער.[6]

דאָרטן אין גאַליציע האָט ר׳ משה געפונען זיין אָרט, ווו ער האָט זיך געקענט אויסלעבן, און ווו ער האָט געפונען רבנים פון זיין גלייכן, וועלכע האָבן אים פאַרשטאַנען און הויך אָפּגעשאַצט.[7]

ר׳ משה איז ניט געווען פון יענע מקובלים, וואָס זייערע ידיעות אין תלמוד און פוסקים זיינען באַגרענעצט. פאַרקערט, ער האַלט ניט פון אַזעלכע מקובלים, ווייל דער וואָס איז ניט אמת גרויס אין גמרא און פוסקים, דער יעניקער קאָן גאָר־ניט פאַרשטיין די סודות פון אר״י, ז״ל.[8] דעריבער האָט זיך ר׳ משה פאַרטיפט זיין גאַנץ לעבן אין די דאָזיקע לימודים. ווען ר׳ משה האָט זיך שוין אָנגעזאַפּט מיט הלכה און פלפול, האָט ער זיך גענומען צו קבלה, און דער עיקר צו דער לוריאַ־נישער קבלה. דאָ האָט זיך ר׳ משה אָנגעשטויסן אויף די ספרים פון עמנואל חי ריקי, איינער פון די אויסטייטשער פון אר״י׳ס שיטה (1743־1688), איבערהויפּט אויף זיין ספר

---

[4] זע די הקדמה צו זיין ספר „חילוקא דרבנן״, תקכ״ח, זאלקאָווא.

[5] עס איז דאָ פון אים אַ הסכמה אויף דעם ספר „תיקוני הזוהר״ פון סאַמבאָר, י״ג אב, תקל״ח (1778), (זע „תיקוני הזוהר״, תקל״ח, זאַלקאָווא).

[6] זע 286 A. Marcus Der Chasidismus

[7] זע די הקדמות צו זיינע ספרים.

„משנת חסידים", וואָס איז ניט פאַרשטענדלעך אַפילו צו די וואָס טוען אין קבלה.

ר' משה האָט גענומען אויף זיך די אויפגאַבע צו פאַר־טייטשן דעם דאָזיקן ספר און מאַכן אים צוגענגלעך צו זיינע לערנער. מיט זיין פירוש „מגיד משנה" אויף „משנת חסידים" האָט ר' משה געטאָן זיין אויפגאַבע בשלמות. — אויף דעם קענען עדות זאָגן די הסכמות פון ר' יחזקאל לאנדוי, דער („נודע ביהודה") און אַנדערע גאונים פון זיין צייט.[9]

ר' משה'ס פירוש „מגיד משנה" איז געוואָרן זייער פאָפּו־לער, און דער בעלזער רבי, ר' שלום, פלעגט אין אים לער־נען אַלע טאָג.[10]

ר' משה שטעלט זיך ניט צופרידן מיט זיין פירוש „מגיד משנה", ווייל לויט זיין אויפפאַסונג האָט ער נאָך עפּעס פאַר־פעלט דאָ און דאָרטן אין זיין פירוש, און אין יאָר 1765 גיט ער אַרויס זיין ספר „קרית ארבע",[11] אַ המשך צו זיין פרי־ערדיקן ספר. אויך דער נייער ספר האָט געקראָגן זיין געהע־ריקע אָפּשאַצונג ניט פון קיין אַנדערן ווי פון דעם גרויסן מקובל ר' צבי הירש פון זידיטשעוו, וועלכער לויבט אים פיל מאָל אין זיין ספר „פרי קדש הלולים". דער „קרית ארבע" איז געוואָרן זייער אַ גאַנגבאַרער ספר, און אין אַ קורצער צייט האָט מען שוין אים ניט געקענט קריגן צו קויפן.[12]

## ב.

ווי שוין אויבן געזאָגט, איז ר' משה געווען זייער אַ שטאַרקער אַנהייגער פון הלכה. אויך אויף דעם געביט איז ער נישט געווען הינטערשטעליק. ער שרייבט חידושים אויף שווערע סוגיות אין תלמוד און איז מפרש געוויסע שווערע שטעלן אין תוספות און רמב"ם. די דאָזיקע חידושים זיינען געדרוקט אין זיין ספר „חילוקא דרבנן",[13] אויף וועלכן די גרעסטע גאונים האָבן געגעבן זייערע הסכמות.

פון שער־בלאַט פון דעם דאָזיקן ספר דערוויסן מיר זיך אייניקע וויכטיקע פרטים וועגן ר' משהן: ערשטנס, אַז צווישן די דריי יאָר, פון דער צייט ווען ס'איז אַרויסגעגאַנגען דער ספר „קרית ארבע" (1765) און זיין ספר „חילוקא דרבנן" (1768), איז ר' משה זייער פאַרשלאָפט געוואָרן און מיט גרויסע נסים איז ער לעבנגעבליבן. אָט אין יענער קריטישער צייט, האָט מען אים צוגעלייגט דעם נאָמען יוסף. געוויס איז דאָס אַ רמז אויפ'ן פסוק „הנני יוסף על ימיך" (ישעי' ל"ח, ה').[14] און ניט נאָר זיין נאָמען איז אַנדערש געוואָרן, נאָר ער איז אויך אַנדערש געוואָרן, און דאָס האָט אים געגעבן אַ שטויס צו אַרויסגעבן זיין הלכה־ספר „חילוקא דרבנן".[15]

פון דעם זעלבן שער־בלאַט דערוויסן מיר זיך אַז ר' משה האָט מחבר געווען אַ חיבור מיטן נאָמען „בית תפלה", וווּ ער דערקלערט די וויכטיקייט פון תפלה, געוויס לויט דעם אר"י'ס שיטה. צום באַדויערן איז דער דאָזיקער ספר ניט גע־דרוקט געוואָרן.

צו די ניט־געדרוקטע ספרים וואָס ר' משה האָט מחבר געווען, קען מען צורעכענען דעם ספר „מרכבת משנה", וועל־כער גיט זיך אָפּ מיט הלכה, און ספּעציעל מיטן רמב"ם.[16]

אויסער דעם דאָזיקן הלכה־ספר האָט ר' משה געהאַט בכתב־יד אַ חיבור מיטן נאָמען „מראה אופנים", וווּ ער באַ־האַנדלט אַסטראָנאָמיע, און דער עיקר פאַרנעמט ער זיך מיט קידוש החודש לויט דעם רמב"ם. ר' משה האָלט זייער שטאַרק פון חכמת התכונה (אַסטראָנאָמיע), ווייל אַ דאַנק דער חכמה קען מען פאַרשטיין די גרויסקייט פון גאָט.[17]

אויך דער חיבור האָט געפונען בייפאַל ביי די גרעסטע רבנים פון זיין צייט.[18] אָבער, צום באַדויערן, נאָר אַ קליינער טייל פון אים איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן.[19]

ווי ס'זעט אויס, איז ר' משה ווייט געווען פון מחלוקת. מיר געפינען ניט ר' משה'ן צווישן די אַנטיילנעמער אין דער באַוווּסטער מחלוקת וועגן דעם גט פון קלעווע.[20]

ער איז אויך ניט געווען צווישן די אַנהענגער אָדער קעג־נער פון ר' יונתן אייבשיץ און ר' יעקב עמדין.[21] ר' משה איז געווען פאַרטאָן אין זיין וועלט פון נגלה און נסתר. ער האָט זיך דערווייטערט פון מחלוקת'ן, אַפילו פון די וואָס האָבן אויפגעשטורעמט די גרעסטע גאונים פון זיין צייט, וועלכע זיינען געווען זיינע פריינט אין פאַרערער.

---

[8] זע זיין הקדמה צום „מגיד משנה".

[9] זע „ספר מפתח העולמות עם פרוש מגיד משנה", ונק"ה, זאַלקאָווא. דער זעלבער ספר איז אויך אַרויסגעגאַנגען אַ צווייטן מאָל אין לעמבערג, 1878, אָבער דער' מחבר ווערט אָנגעגעבן ר' משה מזאלישין.

[10] זע ישראל בערגער, „עשר עטרות", עמ' 16.

[11] ספר קרית ארבע עם קונטרות מהדורא בתרא על ספר מגיד משנה. תקכ"ה, זאַלקאָווא.

[12] זע „ע'רש עטרות", 16. וועגן ר' משה'ס כתב־יד איז די געשיכטע אַזוי: דאָס איז ניט קיין נייער כתב־יד, נאָר אַ קאָפּיע פון זיין ספר „קרית־ארבע". ווי עס זעט אויס איז דער ספר געווען זייער שטאַרק פאַרשפרייט און מענטשן פלעגן קאָפּירן דעם ספר און לערנ'ען אים.

[13] זאַלקאָווא, תקכ"ח.

[14] ג' האָט צוגעזאָגט צולייגן 15 יאָר דעם מלך חזקיהו'ן ווען ער איז זייער קראַנק געווען.

[15] לויט ר' משה'ן האָט ער אַ נאָמען געגעבן דעם ספר „חילוקא דרבנן", ווייל ס'איז בגימטריא „יוסף משה" (לפרט קטן).

[16] זע אין די הסכמות צום „מגיד משנה". אַן אויסצוג פון דעם דאָזיקן ספר געפינט זיך אין דער הקדמה צום „מגיד משנה".

[17] זע דאָרטן אין דער הקדמה צום „מגיד משנה".

[18] זע דאָרטן אין די הסכמות.

[19] זע דאָרטן אין דער הקדמה צום „מגיד משנה".

[20] זע „אור הישר" פון ר' אהרן שמעון, אַמשטערדאַם, תקכ"ט; „אור ישראל" פון ר' ישראל ליפשיץ, קליווא, תק"ל.

[21] זע „השחר", שנה ו'. עמ' 341.

ג.

איך וועל דאַ געבן אַ פּאָר פון די לעגענדעס וואָס גייען אַרום וועגן ר׳ משה׳ן און דערקלערן זיי ראַציאָנאַליסטיש.

ס׳ווערט דערציילט, אַז דער באַוואוסטער רבי ר׳ אלימלך פון ליזענסק, האָט געזאָגט אויף ר׳ משה׳ן, אַז זיין פּנים איז געווען ממש ווי די שכינה.[22]

פון דער דאָזיקער לעגענדע קענען מיר אַרויסלערנען ווי ר׳ משה איז געווען געאַכטעט ביי רבי ר׳ אלימלך פון ליזענסק און זיין גלייכן.

ס׳גייט אַרום אַ לעגענדע אַז ר׳ עמנואל חי ריקי, דער מחבר פון „משנת חסידים", האָט געזאָגט: אַז דער וואָס וועט מאַכן אַ פּירוש אויף זיין „משנת חסידים" און ס׳וועט ניט זיין לויט זיין כוונה, וועט ניט אויסלעבן דעם יאָר. און דער וואָס וועט ריכטיק מכוון זיין זיינע מחשבות, דער יעניקער וועט זוכה זיין ליגן לעבן אים. און אַזוי ווי ר׳ משה האָט איבערגעלעבט דעם ערשטן יאָר, נאָכדעם ווי ער האָט געדרוקט זיין „מגיד משנה", האָט ער פאַרשטאַנען אַז ער האָט ריכטיק מכוון געווען. דעריבער איז ער אויף די עלטערע יאָרן געפאָרן קיין ארץ ישראל כדי צו ליגן לעבן ר׳ עמנואל חי ריקי. און די לעגענדע גייט ווייטער: נאָך ר׳ משה׳ס פּטירה, האָט מען אים געוואָלט לייגן לעבן ר׳ עמנואל חי ריקי, אָבער דער פּלאַץ איז געווען צו ענג. ווען מ׳האָט טיפער געגראָבן דעם קבר, האָט מען דערזען אַז דער פּלאַץ ווערט ברייטער, און דאָרטן האָט מען אים מקבר געווען.[23]

כדי צו וואָרפן ליכט אויף דער אויבנדערמאָנטער לעגענדע, איז ווערט אַז מיר זאָלן זיך באַנוצן מיט די ווערטער פון זיין זון ר׳ יצחק וועגן ר׳ משה׳ס נסיעה קיין ארץ ישראל. ער דערציילט אַז אַלע זיינע יאָרן איז ר׳ משה געווען אין גרויס צער וואָס ער קען ניט זיין אין ארץ ישראל און קושן די ערד. אויף די עלטערע יאָרן איז ער געפאָרן קיין ארץ ישראל און נפטר געוואָרן אין צפת.[24]

עס איז אַ היסטאָרישער פאַקט, אַז ר׳ עמנואל חי ריקי׳ס קבר איז גאָר אין צענטאַ, איטאַליע.[25]

ס׳איז כדאי איבערגעבן דעם לייענער וואָס ר׳ משה שרייבט וועגן זיך אַליין: ווען ער איז געגאַנגען צום קבר פון ר׳ יהודה בר׳ אילעאי, וואָס איז אויף אַ הויכן באַרג לעבן צפת, האָט ער ניט געוואָלט רייטן אויף אַן אייזל, אָבער צוליב זיין שוואַכקייט האָט ער ניט געקענט פאַרזעצן זיין וועג. איז מיט אים אַ נס געטראָפן, ס׳איז געוואָרן אַ שטאַרקער ווינט, און דער ווינט האָט אים געטראָגן ווי אויף אָדלער־פליגלען. און ווען ער איז שוין געווען אויפן קבר, האָט ער דאָרטן געפראַוועט פילע יחודים, און פון גרויס שמחה און דבקות, האָט זיך פון אים געגאָסן טרערן ניט כדרך הטבע, ביז וואַנען ער האָט געהאַט התפשטות הגשמיות, און דעמאָלט האָט ער מכוון געווען געוויסע כוונות אין תורה און אין תפלה.[26]

פון דער דאָזיקער שילדערונג קען מען זען די גרויסע ליבע און אמונה וואָס ר׳ משה האָט געהאַט צו קבלה און צו אירע באַגרינדער. ר׳ משה׳ן האָט געצויגן קיין צפת ווו די קברים פון די גרויסע רביים פון קבלה געפינען זיך, און דאָרטן געפינט זיך אויך זיין קבר.

ר׳ משה איז נפטר געוואָרן אין יאָר 1781 (תקמ"א), און שבעה־עשר בתמוז, אין דעם זעלבן יאָר, האָט אים זיין זון, ר׳ יצחק, מספיד געווען אין נייעם לעמבערגער בית־המדרש.[27]

ד.

ר׳ משה האָט געלאָזן פיר זין, וועלכע האָבן גע׳שם׳ט מיט זייער גרויסער לומדות און צדקות און זייערע ספרים זיינע גאַנץ באַוווסט אין דער רבנישער וועלט. זיי זיינען:

א) ר׳ יצחק, מ׳האָט אים גערופן ר׳ יצחק חריף, אב בית־דין פון אוליאַנאָוו און סאַמבאָר. ער איז געווען דער רבי פון באַוווסטן מקובל ר׳ צבי הירש פון זידיטשעוו.[28] ר׳ יצחק חריף איז דער מחבר פון „פני יצחק" (שאלות און תשובות אויפן שולחן ערוך), „האלף לך שלמה" און „פני יצחק אפי זוטרתא" אויף ש"ס.

ר׳ יצחק האָט געהאַט פיר זין, וועלכע האָבן פאַרנומען זייער אָנגעזעענע רבנות שטעלעס, און פון זיי האָבן זיך פאַרצווייגט רבנים און מחברים פון וויכטיקע הלכה־ספרים.[29]

ב) הרב ר׳ יהודה, דער שווער פון סאַמבאָרער רבי׳ן, ר׳ משה.

ג) הרב ר׳ ישראל איסר.

ד) הרב ר׳ גרשון, אב בית־דין פון גלינאַ.[30]

זאָל דער זכר פון ר׳ משה מדראָגיטשין און זיין משפחה ניט פאַרגעסן ווערן פאַר פיל, פיל דורות!

---

[22] זע אין דער הסכמה פון ר׳ יצחק אייזיק פון קאמארנאַ צום ספר „זרע יצחק" פון ר׳ משה׳ס אייניקל ר׳ אברהם, אַר־ליאַנאָווער רב.

[23] זע „עשר עטרות", 16.

[24] זע „האלף לך שלמה" פון זיין זון ר׳ יצחק חריף, ד׳ מח.

[25] זע די קינה פון זיין קרוב, דעם משורר עמנואל ריקי, אין ד"ר שמעון בערנשטיינס „משירי ישראל באיטליה", ע׳ צח.

[26] זע „האלף לך שלמה", דף מ"ח.

[27] זע דאָרטן, דף מ"ז: ס׳איז כדאי אויפמערקזאַם צו מאַכן אויף אַ היסטאָרישן טעות וועגן דעם דאַטום פון ר׳ משהס פטירה וועלכע ווערט איבערגעחזרט אין אייניקע ספרים. דער ערשטער איז געווען ר׳ יוסף לעווענשטיין אין זיין ספר „דור ודור ודורשיו", זייט 93, וועלכער גיט אָן ו׳ אייר, הת"ק. פון אים האָבן קאָפּירט חיים קנאַלער אין „דבר יום ביומו", ח"א, דף נ"ג. אויך ר׳ אברהם שטערן אין „מליצי אש", עמ׳ 201, האָט פאַרצייכנט דעם זעלבן דאַטום.

[28] זע זיין הסכמה אויפן ספר „זרע יצחק" פון ר׳ אברהם, ר׳ יצחק חריף׳ס זון.

[29] זע „פני יצחק" פון ר׳ יצחק חריף; „תולדות אברהם" פון זיין זון ר׳ אברהם; „זרע יצחק" פון זעלבן מחבר און „שערי עזרה" פון ר׳ יוסף משה אב בית־דין פון זאַלין און פשעמישל.

[30] זע „עשר עטרות", 17.

עב״ע

# הרב דוד׳ל יפה ז״ל

1800

## שאַפער פון דראָהיטשינער גולם

שוין גאָר אין די אַלטע צייטן האָט מען דערציילט, אַז רב חנינא און רב אושעיא האָבן באַשאַפן אַ קאַלב. רבא האָט באַשאַפן אַ מענטשן (סנהדרין ס״ה). רב פפא האָט געמאַכט אַ גולם כדי ער זאָל אים באַדינען (חולין ק״ה).

דאָסזעלבע ווערט דערציילט וועגן דעם גרויסן פּאָעט ר׳ שלמה גבירול און דעם גרויסן געלערנטן ר׳ אברהם אבן עזרא.

ניט נאָר ביי אונז יידן גייען אַרום אַזעלכע מעשיות, נאָר אויך צווישן די גויים זיינען פאַרשפּרייט ענלעכע געשיכטעס וועגן גולמים, וואָס זיינען באַשאַפן געוואָרן פון באַוווּסטע אַלכימיקער און וועלט־באַרימטע געלערנטע.

ביי אונז יידן איז ספּעציעל באַוווּסט דעם מהר״ל׳ס גולם, וועלכער האָט געדינט נישט נאָר דעם מהר״ל, נאָר אויך דער יידישער קהילה אין פּראָג, און וועלכער האָט נישט איינמאָל זיי מציל געווען פון זייערע שונאים.

אין דער יידישער מיטאָלאָגיע איז אויך באַוווּסט דער כעלמער גולם, וואָס ר׳ אליהו בעש״ט, דער אב־בית־דין פון כעלעם, האָט באַשאַפן. (ר׳ אליהו בעש״ט האָט געלעבט, בערך, אין יאָר 1500.) אויך דערציילט מען, אַז דער בעש״ט האָט באַשאַפן אַ גולם.

די באַשאַפונג פון אַ גולם האָט נישט נאָר באַשעפטיקט די מוחות פון די מקובלים נאָר אויך פון די הלכה־מענטשן. אין די הלכה׳שע ספרים געפינען זיך גאַנצע שאלות ותשובות צי מען מעג מצרף זיין אַ גולם צו אַ מנין, און ענלעכע אָנ־פראַגעס מכח אַ גולם.

ווערליק ס׳זעט אויס איז דער גולם געוואָרן אַ זאַך פון דער ווירקלעכקייט, ווייל ס׳איז נישט געווען קיין לאַנד, ווו מ׳האָט נישט דערציילט, אַז דאָרטן איז געווען אַ גרויסער מקובל, וואָס האָט באַשאַפן אַ גולם.

איינער פון די לעצטע גולמים איז באַוווּסט אַלס דער דראָהיטשינער גולם, וואָס ר׳ דוד יפה, דער אב בית־דין פון דראָהיטשין האָט באַשאַפן. וועגן דעם אויבנדערמאָנטן רב וויסן מיר זייער ווייניק, אויסער די אויבנדערמאָנטע לע־גענדע, וואָס גייט אַרום צווישן די לאַנדסלייט און די יידישע ענציקלאָפּעדיעס.

ווי ווייט עס איז באַוווּסט איז ר׳ דוד׳ס אָפּשטאַמונג געווען פון ר׳ מרדכי יפה, דעם „בעל הלבושים״ [1], און ער האָט געלעבט, בערך, אין יאָר 1800. ווי מיר זעען איז ר׳ דוד געווען אַ מקובל אַזוי ווי זיין עלטער־עלטער זיידע ר׳ מרדכי יפה, און ער איז געגאַנגען נאָך אַ ביסל ווייטער און געטאָן אין קבלה־מעשיות און באַשאַפן אַ גולם.

וועגן דער גולם־לעגענדע האָבן מיר צוויי נוסחאות: איינע שבעל־פּה און אַ צווייטע שבכתב. אין דער לעגענדע, וועלכע איז איבערגעגעבן געוואָרן פון פאָטער צום זון ווערט דער־ציילט, אַז יעדן פרייטיק פאַרנאַכט פלעגט ר׳ דוד באַשאַפן אַ ליימענעם גולם, וועלכער האָט געטראָגן וואַסער צו דער אַלטער שוהל און צום רב׳ס הויז. און שבת־צו־נאַכטס פלעגט דער רב דורך הייליקע שמות צעוואַרפן דעם גולם.

אין דער לעגענדע שבכתב ווערט דערציילט, אַז דער גולם איז געווען אַ מין שבת־גוי, און אין ווינטער־שבתים פלעגט ער הייצן די אויוונס, די הרובעס, אין די יידישע הייזער א.ד.ג. אָבער מ׳פלעגט אים נישט הייסן שבת צו הייצן די אויוונס. דאָס פלעגט מען אים אָנזאָגן ערב־שבת, אַזוי ווי דער דין איז מכח אַ גוי („אמירה לגוי — שבות״).

איינמאָל, צוליב אַ קליינעם טעות, וואָס מען האָט געמאַכט ביים אָנזאָגן דעם גולם וואָס צו טאָן — האָט דער גולם פאַר־אורזאַכט אַ פייער, וואָס האָט פאַרברענט דאָס גאַנצע שטעטל.[2]

עס שיינט, אַז די מעשה וועגן דער שרפה האָט אַ מקור,

---

[1] זע: „ספר קוברין״, עמ׳ 257 תל־אביב, תשי״א.

[2] דער דאָזיקער נוסח געפינט זיך אין דער יידיש־ענג־לישער ענציקלאָפּעדיע באַנד 6, זייט 37. — איך האָב אָנ־געפרעגט דעם שרייבער פון אַרטיקל, ר׳ יהודה דוד אייזענ־שטיין, פון וואַנען ער האָט גענומען די דאָזיקע לעגענדע אָבער, צום באַדויערן, געדיינקט ער נישט. אויך רבי יעקב ש. מינקין האָט געשריבן דאָס זעלבע אין — „יוניווערסאַל דזשואיש ענציקלאָפּעדיע״ באַנד 5, זייט 45. אָבער אויך ער געדיינקט נישט דעם מקור פון וואַנען ער האָט עס גענומען. ווערליק ס׳זעט אויס האָט ער קאָפּירט פון דער „אידיש־ענגלישער עציקלאָפּעדיע״.

מחמת ס'איז פֿאַראַן בקבלה ביי ר' דוד'ס משפחה, דאָס ר' דוד'ל האָט אָנגעזאָגט זיינע קינדער זיי זאָלן זיך בעסער פֿאַרנעמען מיט מלאכה אידער מיט רבנות. זייער מעגלעך צוליב דעם וואָס דורך אים איז פֿאָרגעקומען אַ גרויסע שרפה אין שטעטל.

אָט דעם געבאָט האָבן טאַקע געהאַלטן זיינע צוויי זין: ר' זושע און ר' ישעיהו. דאָס זעלבע האָבן אויסגעפילט ר' ישעיה'ס צוויי קינדער, זיי זיינען געוואָרן בעלי־מלאכות. איינער איז געוואָרן אַ מוליאַר און דער צווייטער איז געוואָרן אַ בויער.

צו גלייכער צייט האָבן זיי געביטן זייערע פֿאַמיליע־נעמען. איינער האָט זיך אַ נאָמען געגעבן וואַרשאַווסקי, און פון אים שטאַמען טאַקע די וואַרשאַווסקיס פון דראָהיטשין. און דער צווייטער האָט זיך אַ נאָמען געגעבן מילנער, און אַזוי רופן זיך זיינע קינדער און קינדס־קינדער עד היום.

דער אויבנדערמאָנטער געבאָט איז אָבער נישט געווען גילטיק פֿאַר ר' ישעיה'ס זון ר' יעקב און זיינע דריי זין. ר' יעקב איז געווען רב אין קאָברין, און זיין זון ר' דוד יפה איז געווען דיין אין קאָברין. זיין צווייטער זון ר' משה איז געווען רב אין פּיטשאַטש (שעדליצער גובערניע). דער דריטער זון, ר' מרדכי, איז געווען רב אין גאָניעדז (גראָדנער גובערניע).

מיט צוואַנציק יאָר צוריק האָט מיר הרב ר' הירש לייב לעווי, אַ געבוירענער פון דראָהיטשין, איבערגעגעבן, אַז ר' דוד'ל יפה האָט איבערגעלאָזן אַ כתב־יד אין קבלה, און ער געפינט זיך ביי איינעם פון זיינע אייניקלעך, אָדער אור־אייניקלעך אין אַמעריקע. עס וואָלט געווען כדאי אויפצוזוכן דעם דאָזיקן כתב־יד און אפשר אָפּדרוקן. זאָל בלייבן אַ קולטורעלע מצבה נאָך איינעם פון די באַרימטע דראָהיטשינער רבנים, וועגן וועמען מיר וויסן זייער ווייניק. זאָלן די דראָהיטשינער לאַנדסלייט זיך נעמען ענערגיש צו דער אַרבעט און מ'זאָל נישט זאָגן ווי די דראָהיטשינער פלעגן זאָגן: „ער קריכט ווי הרב יפה'ס גולם"...

ר' דוד'ל יפה'ס קבר און אוהל געפינט זיך עד היום אויף דעם אַלטן בית־עולם אין דראָהיטשין. ווען עס פלעגט זיך ל"ע, טרעפן אַ צרה פלעגט מען גיין בעטן אויף דעם צדיק'ס קבר. אויך פלעגט מען מעסטן מיט פעדים זיין אוהל און אָט פון די פעדים פלעגט מען מאַכן ליכט פֿאַר הייליקע צוועקן...

***

**באַמערקונג פון רעדאַקציע:**

וועגן ר' דוד'ל יפה געפינען מיר אויך אַן ענלעכע געשיכטע אין „יידישן קוריער" פון 20־טן מערץ, 1941, שיקאַגאָ. י. ל. וויקער שרייבט דאָרט אַזוי:

„די לעצטע געשיכטע וועגן שאַפן אַ גולם ווערט צוגע־שריבן צו ר' דוד'ל יאַפע פון דראָהיטשין, גראָדנער גובערניע, אַן ערך אַרום 1800־טן יאָר.

„ר' דוד'לס גולם האָט געהאַט אַן אַנדער אויפגאַבע ווי דעם מהר"ל'ס גולם.

„דעם מהר"ל'ס גולם האָט געדאַרפט טאָן זיין אַרבעט אַ גאַנצע וואָך און רוען שבת. ר' דוד'לס גולם האָט געדאַרפט אַרבעטן אום שבת, ווערן דער שטאָטישער שבת־גוי, הייצן די אייוונס, די הארובעס אין אַלע יידישע הייזער און אין די בתי מדרשים.

„דער גולם פלעגט באַקומען די באַפעלן פרייטאָג ביינאַכט און פלעגט עס דורכפירן פינקטלעך צומאָרגנס אין שבת.

„איין מאָל, ווערט דערציילט, האָט מען געמאַכט אַ שטיקל טעות אין אָנזאָגן דעם גולם וואָס ער דאַרף טאָן און דער גולם האָט טאַקע געטאָן זיין אַרבעט ווי אַ גולם, און די גאַנצע שטאָט איז אַוועק מיט פייער און רויך." עד כאן — „יידישער קוריער".

ר' ישראל ברוך וואַרשאַווסקי (וואַרשא) פון ניו־יאָרק שרייבט אונז, אַז לויט ווי ער האָט עס בקבלה פון זיין פאָטער ר' ישעיה, ז"ל, האָט ר' דוד'ל יפה, אַ חוץ נאָך אַנדערע קינ־דער, געהאַט צוויי זין: ר' אליהו און ר' יאשקע.

ר' אליהו האָט געהאַט אַ זון ישראל ברוך וואַרשאַווסקי און פון אים איז דאָס אַרויסגעקומען די משפחה וואַרשאַווסקי אין דראָהיטשין. ישראל ברוך האָט געהאַט זעקס (6) קינדער: **שמואל לייזער** (זיינע קינדער: טוביה־דוד און זושע וואַרשאַוו־סקי); **ישעיה** (זיינע קינדער: יהושע, אליהו, דוד, ישראל ברוך און טויבע וואַרשאַווסקי); **מרדכי** (זיינע קינדער: יעקב צבי, משה, דוד און פייגע רחל וואַרשאַווסקי); **חיה גיטל** (אירע קינ־דער: אליהו, ליפּמאַן, ישראל ברוך, לייזער, אברהם און רייכל אייזענשטיין); **אסתר פעסל בודער** (אירע קינדער: אליהו, רחל קאָטלער און באבע זלאָטניק); **און לאה פּאָדאָר.**

**יאָשקע דעם רב'ס האָט געהאַט אַ זון טאָדרעס לייב מילנער און פון אים איז אַרויסגעקומען די משפחה מילנער אין דראָ־היטשין. טאָדרעס לייב'ס קינדער זיינען געווען אהרן ישעיה, צדוק, ישראל דוד און משה מענדל מילנער.**

***

באַשרייבונגען וועגן ר' דוד יפה'ס גולם געפינען זיך אויך אין „המגיד" פון יאָר 1867, נומער 42; העשעלעס ספורים זייטן 2־57; ד"ר רובין „מעשי תעתועים", זייט 117.

ע. בן־עזרא (ניו־יאָרק)

# הרב אברהם אייזענשטיין ז״ל

1885 — 1800

## הקדמה

ארץ ישראל איז שטענדיק געווען דער חלום פון די יידן. נעכט און טעג האָט דער ייד געחלומט פון עולה צו זיין קיין ארץ ישראל. ס׳איז כמעט ניטאָ קיין איין דור וואָס האָט ניט געהאַט אַ מאַסן־עליה קיין ארץ ישראל.

איינער פֿון די גרעסטע גייסטער אין יידישן פֿאָלק, וואָס האָט געגעבן דער דאָזיקער באַוועגונג אַ שטופּ פֿאָראויס, איז געווען דער ווילנער גאון. און אויב דעם גאון׳ס חלום איז ניט פֿאַרווירקלעכט געוואָרן אין זיין צייט, האָבן כאָטש זיינע תלמידים געזען, אַז אַ מאַסן־אימיגראַציע זאָל זיך אָנהייבן קיין ארץ ישראל. צען יאָר נאָכן גאון׳ס פּטירה (1808), האָט זיך אָנגעהייבן די עליה, וועמענס אָנפֿירער איז געווען דעם גאון׳ס תלמיד, ר׳ מנחם מענדל פון שקלאָוו.[1]

ר׳ מנחם מענדל האָט זיך באַזעצט אין צפֿת, ווייל די צפֿת׳ער יידן זיינען דאַן ניט געווען אַזוי אויסגעזעצט צו די ווילדע קאַפּריזן פון די אַראַבישע מושלים, ווי אין ירושלים, און דאָס איז געווען צו פֿאַרדאַנקען דעם יידישן צינזען־קאָלעקטאָר, ר׳ חיים פרחי, וועלכער האָט געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף די עכו׳ער פּחות (פּאַשאַס).

צפת איז דאַן געווען דער אידעאַל פון גאון׳ס תלמידים. אין צפֿת זיינען אויך ניט געווען קיין סך חסידים, אַזוי ווי אין טבריה, וועלכע האָט געהאַט די אויבערהאַנט אויף די מתנגדים.[2] פֿון צפֿת זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרן משולחים וועלכע האָבן אָנגעפֿירט אַן אַגיטאַציע צווישן דעם גאון׳ס תלמידים אַז זיי זאָלן זיך באַזעצן אין א״י. די דאָזיקע אַגיטאַציע האָט געפֿונען אַן אָפּקלאַנג ניט נאָר אין די הערצער פֿון גאון׳ס תלמידים, נאָר אויך אין די הערצער פֿון סתם למדנישע יידן. און ווו נאָר די משולחים זיינען געקומען, האָט מען זיי אויפֿגענומען מיט גרויס כבוד, געגעבן געלט און חפֿצים פֿאַרן ישוב.[3]

זייער אַ שטאַרקן אָנהייגער פאַר ישוב א״י האָבן די משולחים געפֿונען אין ר׳ חיים׳ן, דעם אב בית־דין פֿון פּינסק,[4] דער שווער פֿון ר׳ אברהם אַייזענשטיין.[5]

א.

ר׳ אברהם אַייזענשטיין איז געבוירן געוואָרן אין דראָהיטשין אין יאָר 1800. זיין פֿאָטער האָט געהייסן צבי. פּון זיינע יונגע יאָרן ווייסן מיר גאָרניט. מיר הייבן זיך אָן צו דערוויסן פון אים און זיין טעטיקייט ערשט ווען ער איז געקומען קיין א״י.

ר׳ אברהם איז געקומען קיין א״י מיט זיין שווער, ר׳ חיים, אין יאָר תקפ״ו (1826).[6] די רייזע האָט גענומען דריי חדשים. פֿיל האָבן זיי געהאַט אויסצושטיין פֿון ים־רויבער. צו דעם אַלעמען איז דער ים געווען זייער שטורעמדיק און זייער זעגל־שיף איז געוואָרפֿן געוואָרן פֿון איין כוואַליע צו דער אַנדערער. און אַז זיי זיינען שוין געקומען קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, האָבן זיי זיך געמוזט לאָזן מיט דער יבשה, ווייל אויפֿן ים זיינען אָנגעגאַנגען מלחמות.[7]

סוף־כל־סוף זיינען זיי שוין אָנגעקומען קיין צפת, די שטאָט ווו ס׳האָט זיך קאָנצענטרירט דער ישוב פון גאון׳ס תלמידים, וועלכע האָבן זיך גערופֿן „פּרושים״, ווייל זיי האָבן זיך אָפּגעשיידט פֿון עולם־הזה׳דיקע הנאות. דאָרטן איז מיט יאָרן צוריק געגרינדעט געוואָרן אַ ישיבה, וואו מ׳האָט

---

[1] ז. א. ל. פרומקין, „תולדות חכמי ירושלים״, ח״ג 156־163.

[2] ז. „ציון״, ב׳, 130־131, תרפ״ז.

[3] ז. י. ורפל, „לתולדות הקהלה האשכנזית בא״י.״

[4] ז. דאָרטן.

[5] די דאָזיקע ידיעה נעם איך פון תוח״י ג׳ 262. כאָטש ס׳איז קשה: אין ר׳ חיים׳ס צוואה ווערן דערמאָנט זיינע צוויי אַנדערע איידעמס און ניט ר׳ אברהם (ז. דאָרטן, 170).

[6] לויט דעם תוח״י, ח״ג, 262, איז ר׳ אברהם געקומען אין תקפ״ג. אין אמת׳ן איז זיך פֿרומקין סותר, ווייל אויף אַן אַנדער פלאַץ (דאָרטן, 170), ברענגט ער אַז ר׳ חיים איז געקומען אין תקפ״ו. די דאָזיקע דאַטע ווערט באַשטעטיקט דורך אַ בריוו וואָס איז גע׳חתמ׳עט געוואָרן פון ר׳ חיימ׳ען אין פינסק אין יאָר תקפ״ד (ז. י. וורפֿל, „לתולדות הקהלה האשכנזית״, מ׳, מ״א).

[7] ז. תוח״י, ג׳ 170.

געלערנט ש״ס און שולחן־ערוך מיט דעם גאונ׳ס פירוש.[8]

כאָטש אין רוחניות איז צפת געווען זייער אַנגענעם — אָבער אין גשמיות איז ניט געגאַנגען אַזוי גוט, ווייל פֿון דער הכנסה וואָס די „חלוקה״ האָט אַריינגעבראַכט, האָבן די אשכנזים געגאַסן נאָר איין שליש.[9] אָבער די מאַטעריעלע לאַגע האָט ניט געשטערט דעם וווקס פֿון צפֿת׳ער ישוב.

אין יאָר תקצ״ב (1834) האָט צפֿת דורכגעמאַכט פֿאַרשיידענע קאַטאַסטראָפֿעס: אַן עפּידעמיע, און אין איין טאָג, ט״ו אייר, צוויי ערד־ציטערנישן. דאָך האָט ר׳ אברהם ניט פֿאַרלאָזן צפֿת. אַפֿילו ווען ס׳איז אין יענעם יאָר פֿאַרגעקומען אַ פּאָגראָם אויף די צפֿתער יידן — פֿונדעסטוועגן איז ר׳ אברהם מיט זיין משפּחה געבליבן אויפֿן אָרט.[10]

אין דעם זעלבן יאָר, 1834, איז ר׳ חיים נפֿטר געוואָרן, און ר׳ אברהם איז אויפֿגענומען געוואָרן אַלס דיין אין דעם „פּרושים״ בית־דין פֿון צפֿת.[11] אָבער לאַנג איז ר׳ אברהם ניט געזעסן רואיק אין צפֿת. אויב די אַלע צרות און פּורעניות׳ן זיינען ניט געווען גענוג, איז געקומען די באַוווּסטע ערד־ציטערניש אין צפֿת, כ״ד טבת, תקצ״ז (1837), און האָט חרוב געמאַכט דעם גאַנצן יידישן ישוב. נאָר איניקע האָבן זיך געראַטעוועט מיטן לעבן, און צווישן זיי איז אויך געווען ר׳ אברהם מיט אַ קליין טעכטערל. זיין פֿרוי, זין און טעכטער זיינען אומגעקומען. ערשט דאַן האָט ר׳ אברהם פֿאַרלאָזן צפֿת און זיך באַזעצט אין ירושלים.[12]

ב.

ווען ר׳ אברהם האָט זיך באַזעצט אין ירושלים, האָט ער חתונה געהאַט צום צווייטן מאָל. ער האָט גענומען די טאָכטער פֿון באַוווּסטן עסקן, ר׳ אריה נאמן (מאַרקוס). און פֿון דאַן אָן האָט מען אים גערופֿן „ר׳ אברהם ר׳ אריה׳ס״, אויף זיין שווערס נאָמען.[13]

ר׳ אברהם איז געוואָרן אַריינגעצויגן אין קהל׳שער אַרבעט. ס׳איז ניט געווען כמעט איין אינסטיטוציע, וווּ ר׳ אברהם האָט ניט אָנטייל גענומען. עס איז ניטאָ קיין איין קול־קורא אָן ר׳ אברהם׳ס חתימה. ר׳ אברהם איז געוואָרן דער לעבעדיקער נערוו פֿון די ירושלים׳ער מוסדות, וועלכע זיינען געווען אין זייער אַ געדריקטער לאַגע.

דאַן איז ר׳ אברהם אויסגעקליבן געוואָרן אַלס משולח קיין אונגאַרן. ווען ער האָט דאָרטן אָרגאַניזירט דאָס געלט קלייבן פֿאַר א״י, איז ער צוריקגעפֿאָרן און ער האָט זיך אַריינגעוואָרפֿן מיט לייב און לעבן פֿאַרן אויפֿטו פֿון א״י. ר׳ אברהם איז פֿון די ערשטע גרינדער פֿון גמילות חסדים אין ירושלים. און אין תרכ״ו (1866), ווען ס׳האָט זיך געגרינדעט דער „ועד הכללי״, וואָס זיין צוועק איז געווען צו פֿאַראייניקן אַלע אשכנזים אין ירושלים, סיי חסידים און סיי „פּרושים״ — איז ר׳ אברהם געווען דאָרט פֿון די אָנפֿירער און וואָרט־זאָגער.


ר׳ אליהו מרדכי, אַ זון פֿון ר׳ אברהם אייזנשטיין, געווען נאמן און קאַסירער ביים גאון ר׳ שמואל סאַלאַנטער, ז״ל.

ר׳ אברהם האָט מיט זיין געזונטן חוש פֿאַרשטאַנען, אַז ס׳איז ניט גענוג וואָס די ירושלימער אשכנזים זיינען פֿאַראייניקט. ער האָט זיך געשטעלט די אויפֿגאַבע צו פֿאַראייניקן אַלע אשכנזים פֿון ירושלים, חברון, צפֿת און טבריה, קויפֿן פֿאַר זיי לאַנד און בויען הייזער פֿאַר די אָרימע. ר׳ אברהם האָט די אַלע אַרבעטן געטאָן שלא על מנת לקבל פּרס. ער איז געווען איבערגעגעבן אַזוי ווי ער וואָלט געקראָגן באַצאָלט. טאָג איין און טאָג אויס, פֿלעגט ער קומען אין „בית ועד הכללי״. ער פֿלעגט זיין פֿון די ערשטע צו קומען און פֿון די לעצטע אַוועקצוגיין. אַזוי האָט ר׳ אברהם אָפּגעדינט צוואַנציק יאָר. און אַפֿילו ווען ר׳ אברהם איז שוין געווען אַ בן־שמונים, פֿלעגט ער נאָך קומען צו די אסיפֿות.

אויף זיין בקשה פֿלעגן אַריינקומען אין „בית ועד הכללי״ אַלע העברייאישע צייטונגען. ר׳ אברהם פֿלעגט זאָגן: „דער בית ועד הכללי איז דאָס הארץ פֿון ירושלים, און ירושלים איז דאָס הארץ פֿון דער גאַנצער וועלט, און ס׳איז כדאי אַז דאָס האַרץ פֿון דער וועלט זאָל וויסן פֿון אַלע זיינע אברים ווי זיי געפֿינען זיך״.[14]

אברהם איז אויך געווען פֿון די ירושלימער „חברה קדישא״ טוער. און כאָטש פֿיל מאָל זיינען די „חברה קדישא״ סעודות געווען ביי אים אין הויז, דאָך האָט ער קיינמאָל ניט הנאה געהאַט פֿון זיי.

ר׳ אברהם איז אויך געווען דער דיין אין בית־דין שטיבל פֿון הגאון ר׳ מאיר אויערבאַך — אָבער אָן געצאָלט. פֿון וואַנען האָט זיך ר׳ אברהם דערנערט?

ער האָט געהאַט אַ שטיקל תמיכה פֿון כולל גראָדנא, און פֿון גוטע פֿריינט וואָס פֿלעגן אים אַמאָל אונטערשטיצן. אָבער אויף די עלטערע יאָרן איז דער דאָזיקער קוואַל פֿון חיונה אויך טרוקן געוואָרן . . . [15]

[8] ז. „ציון״, ב׳, 131־130.

[9] ז. יצחק ריבקינד, „ישראל״, 135, נ. י. תש״י.

[10] זע וועגן די „ערדציטערנישן״ און פּאָגראָם אין „קורות העתים״ לו. ירושלים, תש״ו.

[11] ז. דאָרטן, ס״ז, יוסף ריבלין, „נפֿש צדיקים״, „הצבי״, שנה ב׳, גליון מ״ה, תרמ״ו.

[12] ר׳ פּנחס גראַיעווסקי, „זכרון לחובבים הראשונים״, חוב׳ ב׳.

[13] ז. תו״חי, ג׳, 262.

[14] ז. „נפֿש צדיקים״.

[15] ז. דאָרטן.

ג.

אויסער ר׳ אברהם׳ס אינטערעס אין קהל׳שע זאַכע, האָט ער אויך געפונען אַן אינטערעס אין פאַרעפנטלעכן כתבי־יד פון באַוווּסטע גאונים. אָבער מיט איבערשרייבן זיי האָט ער זיך ניט באַנוגנט, ער האָט אויך געמאַכט באַמערקונגען און קאָרעגירונגען ווו ער צייגט גרויס פאַרשטאַנד און וויסן.

וועגן איין כתב־יד, „שיטה מקובצת" אויף קדשים, ווערט דערציילט, אַז צוואַנציק יאָר האָט ער געאַרבעט אויף דעם כתב־יד וואָס ער האָט געפונען אויף אַן אַלטער גמרא אין ירושלים. און אַז ג׳ האָט שוין געהאָלפן און ער האָט איבערגעשריבן אויף ריין, האָט זיך געמאַכט אַ פייער און אַרומגעסמאַליעט ליינג אויס די בלעטער. אָבער ר׳ אברהם איז ניט ענטוישט געוואָרן, און אַ דאַנק זיין גרויסן זכרון, האָט ער רעסטאַווירט דעם כתב־יד.[16]

אויך האָט ר׳ אברהם אַרויסגעגעבן די „תידושי הריטב"א" אויף ר"ה לויט אַ כתב־יד וואָס ער האָט געפונען אין ירושלים.[17] ער האָט אויך אָפּגעדרוקט אַ כתב־יד פון המאירי.

ר׳ אברהמ׳ען האָט געצויגן אָפּצודרוקן כתבי־יד, אפילו אויב זייער אויטענטישקייט איז ניט אַזוי ריכטיק. אַט האָט ער פאַרעפנטלעכט „חידושי הרשב"א" אויף מסכת מנחות,[18] וועלכע פילע געלערנטע האַלטן אַז דאָס איז ניט פון רשב"א, נאָר פון רי"ד (ר׳ ישעיה דטראני).[19]

אָט אַזוי האָט געלעבט אַ דראָהיטשינער ייד. פון זיינע 86 יאָר האָט ער געלעבט און געשאַפן 60 יאָר אין ארץ ישראל, זעכציק יאָר פון פרוכטבאַרער אַרבעט, פון וועלכע פילע עסן נאָך די פרות עד היום.[20]

***

אַ קאָפּיע פון דער מצבה:

פ"נ הרב
הגדול בתו׳ ומע"ט וי"א
מו"ה אברהם בה"ר
צבי אייזינשטיין ז"ל
נלב"ע ו׳ אלול ש׳ [21]
תרמ"ו, ת"נ"צ"ב"ה.

פאַקסימיליע פון אונטערשריפט פון
הרב ר׳ אברהם אייזענשטיין, ז"ל.

[16] ז. דאָרטן: אויך „אחרית דבר" צום סוף פון מסכת נדה, ווילנא, 1886.

[17] ז. זיין הקדמה צו „חידושי הריטב"א" על ר"ה, קעניגסבערג, תרי"ח.

[18] „חידושי הרשב"א", מסכת מנחות, ווארשא, תרכ"א.

[19] „המזכיר", 1862, ז. 60, ראַבינאָוויטש, „דקדוקי סופרים" אויף ברכות, ז. 80; מאגאזין שנה ה׳, 34־30; „החלוץ", י"א, ז. 90.

[20] ר׳ אברהם איז נפטר געוואָרן יום ו׳, ח׳ אלול, תרמ"ו. זיין קבר געפינט זיך אויפן הר הזיתים. ער האָט געלאָזן אַ זון ר׳ אליהו מרדכי, וועלכער איז געווען נאמן און קאַסירער ביים גאון ר׳ שמואל סלנטר (ז. דאָרטן, מלואים, 74).

[21] ווּעדליק ס׳זעט אויס איז אַרויסגעפאַלן דער דאַטום פון חודש. עס דאַרף זיין „ח אלול" זע אריה ליב בריסק „חלקת מחוקק", חוברת ז׳, שורה י"ז, ד׳ עמ׳ ל"ד, ירושלים.



אַ געוויינלעכער מאַרק־טאָג אין שטעטל. — דער נייער מאַרק און ראַד־קראָמען צוריק אָפּגעבויט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה.

# רבנים ישראל וואַלעוועלסקי און צבי אליהו רייכמאַן ז״ל

דערציילט פון ר׳ זושע וואַרשאַווסקי — אויפגענומען
פון הרב ישראל בארי (קאַלאַדנער) פון ארץ־ישראל *

מיט אַ 100 יאָר צוריק און מער, איז אין דראָהיטשין געווען רב, הרב ר׳ ישראל וואַלעוועלסקי, וועלכער האָט, צוליב דער קליינקייט פון שטעטל, געליטן גרויס דחקות און געווען פשוט אַ מחוסר לחם. הרב וואַלעוועלסקי האָט אַ צייט לאַנג ארומגעוואַנדערט איבער דער מדינה זוכנדיק אַן אנדער רבנות, וואָס זאָל אים און זיין פאַמיליע קענען מפרנס זיין. דערביי האָט ער אין יעדער שטאָט און שטעטל געהאַלטן דרשות און פון דעם האָט ער געמאַכט אַ שטיקל לעבן.

אין אַ געוויסן טאָג האָט הרב וואַלעוועלסקי באַקומען אַן איינלאַדונג פון אַ שטעטל, וועלכע האָט אים פאָרגעשלאָגן דעם כסא הרבנות. הרב וואַלעוועלסקי האָט זיך גלייך געלאָזט אין וועג. פאַרן אָפּפאָרן האָט ער געזאָגט די דראָהיטשינער בעלי בתים, אַז אויב ער וועט ניט צוריקקומען אין משך פון 9 חדשים מעגן זיי נעמען אַן אַנדער רב.

עס איז פאַראיבער 9 חדשים און הרב וואַלעוועלסקי איז ניט געקומען. שטאָט האָט געוואַרט נאָך אַ צוויי חדשים און פון רב הערט מען גאָרניט. האָבן די שטאָט־פירער גערופן אַן אסיפה פון קהל, און עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו נעמען אַ נייעם רב.

אַזוי ווי אין קאָסאָווע איז דאַן געווען אַ גרויסע ישיבה מיט אַ סך לומדים, איז אַ דעלעגאַציע פון דראָהיטשין געפאָרן קיין קאָסאָווע און געבעטן דעם ארטיקן רב, אַז ער זאָל זיי אָנווייזן אויף אַ פּאַסיקן קאַנדידאַט פאַר דעם כסא הרבנות אין דראָהיטשין. דער קאָסאָווער רב ניט לאַנג טראַכטענדיק, האָט פאָרגעשלאָגן דעם ראש הישיבה הרב הגאון ר׳ צבי אליהו אַלס רב פאַר דראָהיטשין. די דראָהיטשינער ראשי־הקהל, נאָכדעם ווי זיי האָבן קענען געלערנט די פּערזאָן פון הרב ר׳ צבי אליהו, וועלכער איז ווירקלעך געווען אַ גדול בתורה און בעל מדות, האָבן ר׳ צבי אליהו׳ן געשיקט אַ כתב רבנות און ער איז געוואָרן מרא דאתרא פון דראָהיטשין.

מיט אַ יאָר שפּעטער, גאָר אומגעריכט, איז אין דראָהיטשין אַראָפּגעקומען דער פריערדיקער רב, הרב ר׳ ישראל וואַלעוועלסקי, וועלכער האָט געטענהט, אַז טראָץ דעם, וואָס ער האָט ניט געהאַלטן דעם תנאי פון „9 חדשים״, איז ער דאָך נישט מוותר אויף דעם דראָהיטשינער כסא הרבנות.

עס האָט זיך ארום דער רבנות־פראַגע געשאַפן צוויי צדדים. בפרט נאָך, אַז ר׳ ישראל וואַלעוועלסקי האָט געהאַט אַ גרויסע משפחה אין דראָהיטשין, און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ גרויסע מחלוקת מיט פּעטש און געשלעגן. עס איז געווען אַ פאַל, וואָס איינער האָט געגעבן דעם צווייטן מיט אַ שטיק האָלץ.

זעענדיק, אַז די מחלוקת־הרבנים קען האָבן זייער טרויעריקע רעזולטאַטן און אַז פאַר צוויי רבנים איז ניטאָ קיין פּלאַץ און קיין פּרנסה אין דראָהיטשין, איז געבליבן בהסכם ביים דראָהיטשינער קהל, אַז מער ווי איין רב וועלן זיי ניט האַלטן און דעריבער זאָלן די צוויי רבנים האָבן אַ דין תורה ביים סלאָנימער רב, ר׳ אייזיל חריף, זצ״ל, און ווער עס וועט געווינען די דין־תורה וועט זיין דראָהיטשינער רב.

נאָכן אויסהערן די טענות פון די צוויי רבנים האָט ר׳ אייזיל חריף געענטפערט אַזוי: „איר רבנים זייט ביידע גערעכט. איך קען קיין איינעם פון אייך נישט הייסן און נישט צווינגען צו פאַרלאָזן דראָהיטשין. מיר וועלן דאָ וואַרפן גורל. איר רבנים וועט ביידע דורכלערנען אַ סוגיא פון גמרא און ווער פון אייך עס וועט מיר געבן 3 ריכטיקע תשובות אויף מיינע שאלות, דער וועט זיין רב אין דראָהיטשין.

ביידע רבנים האָבן, נאַטירלעך, מסכים געווען אויף דעם פאָרשלאַג. די רבנים האָבן איבערגעקוקט די סוגיא און אין אַ ווײַלע שפּעטער האָט ר׳ צבי אליהו זיך אָנגערופן, אַז ער איז גרייט צו ענטפערן אויף דעם סלאָנימער רב׳ס פראַגן. און ווירקלעך, הרב צבי אליהו האָט געענטפערט מיט חכמה און חריפות און ר׳ אייזעל חריף האָט געפּסקנט, אַז ר׳ צבי אליהו זאָל בלייבן רב אין דראָהיטשין. ר׳ ישראל וואַלעוועלסקי האָט זיך אונטערגעוואָרפן זיין גורל און האָט פאַרלאָזן דראָהיטשין און זיך באַזעצט אין יאַנאָווע.

נאָך הרב צבי אליהו׳ס פּטירה איז געוואָרן רב אין דראָהיטשין זיין זון, ר׳ מנחם, און נאָך מנחמ׳ען איז דער כסא הרבנות אַריבער צו זיין איידעם, הרב ר׳ אייזיק יעקב קאָלענקאָוויטש, וועלכער איז געווען דער לעצטער רב אין דראָהיטשין.

---

* דאָס דאָזיקע איז איבערגעגעבן געוואָרן, ווי הרב י. בארי שרייבט, לויט דעם „דראָהיטשינער פּנקס״, אין וועלכן עס זיינען געווען פאַרצייכענט היסטאָרישע פּאַסירונגען אין משך פון 150 יאָר. דער „פּנקס״ האָט זיך די לעצטע יאָרן געפונען ביי ר׳ זושע וואַרשאַווסקי. אין יאָר 1941, ווען די רוסן האָבן פאַרנומען ר׳ זושען מיט זיין פאַמיליע אויף צו אַוועקשיקן קיין רוסלאַנד, האָבן זיי אויך צוזאַמען מיט אַנדערע דאָקומענטן צוגענומען דעם „פּנקס״. פון דאַמאָלט אָן עקזיסטירט נישט מער דער „פּנקס־דראָהיטשין״. — [די רעד.]

יוסף קאַלען (ניו־יאָרק)

# הרב מנחם רייכמאַן ז״ל

„דער אַלטער רב״, ווי מען האָט אים גערופן, וועלכער איז געווען דער ממלא מקום פון זיין פאָטער הרב צבי אליהו רייכמאַן ז״ל, האָט דעם כסא־הרבנות אין דראָהיטשין אָנגע־



הרב ר׳ מנחם רייכמאַן, ז״ל.

האַלטן במשך פערציק יאָר, ביז ער איז אַפּגעפאָרן קיין ארץ־ישראל.

די רביצין, ריווע מינדל, איז געווען די טאָכטער פון דעם באוואוסטן וואַלד־סוחר ר׳ משה הערש אונטערמאַן.

הרב ר׳ מנחם, ז״ל, ווי זיין פאָטער הרב ר׳ צבי אליהו, ז״ל, איז געווען דער רב פאַר גאַנץ דראָהיטשין. נאָר, ווען זיין איידעם, הרב ר׳ אייזיק יעקב קאַלענקאָוויטש, איז געוואָרן רב האָט זיך אין שטאָט געשאַפן צוויי צדדים.

אין יאָר 1904 איז הרב ר׳ מנחם רייכמאַן אַוועקגעפאָרן קיין ארץ ישראל להשתקע. ער איז אָנגעקומען קיין ירושלים ערב ראש השנה תרס״ד. און כ״ב כסלו, דעם זעלבן יאָר, איז הרב רייכמאַן נפטר געוואָרן. די רביצין, ריווע מינדל, איז געשטאָרבן מיט פיר יאָר שפּעטער. זיי זיינען ביידע געקומען צו קבורה אויף דעם הר הזיתים.

ווען די שלעכטע בשורה, וועגן דער פּטירה פון אַלטן צדיק אין ירושלים, איז אָנגעקומען קיין דראָהיטשין, האָט קהל אַראָפּגעליוועוערט פון בריסק, דעם באַרימטן בעל־דרשן, ר׳ אליקים געצל, ז״ל, צו מספיד זיין דעם גרויסן נפטר. פאַר אַ גאַנצער וואָך האָט ר׳ אליקים געצל ממשיך געווען זיין הספד אויף ר׳ מנחמ׳ען, ז״ל. יעדן טאָג, בין מנחה למעריב, האָט ער געזאָגט אַ צוויי־שעה׳דיקן הספד, וואָס האָט גערירט אַלע צוהערער.

די רביצין ריווע מינדל, ע״ה, איז געווען אַן אמת׳ע צדקנית. איר גאַנצן לעבן האָט זי זיך געווידמעט לטובת־הכלל. יעדן טאָג אין וואָך פלעגט זי אַרומגיין איבערן שטעטל צו קלייבן נדבות. איין טאָג פלעגט זי קלייבן פאַר תלמוד־תורה; אַ צווייטן טאָג — פאַר הכנסת־כלה א.א.וו. פרייטאָג פלעגט זי זאַמלען חלות פאַר אָרעמע; „לחם־עניים״ האָט דאָס געהייסן. די רביצין האָט אויסגעהאַלטן אַן אייגענעם מלמד פאַר די קינדער פון אָרעמע עלטערן וואָס האָבן נישט געקענט צאָלן קיין שכר־לימוד.

אַלע ייִנגלעך, וואָס זיינען געבאָרן געוואָרן אין דראָהי־טשין אין יאָר פון ר׳ מנחמ׳ס פּטירה, האָט מען אַ נאָמען גע־געבן „מנחם״.

הרב ר׳ מנחם, ז״ל, איז ביי זיין פּטירה אַלט געווען 76 יאָר.

הרב מנחם רייכמאַן האָט געהאַט 7 קינדער: ראובן רייכמאַן (בירזשע מעקלער און מוהל אין קיעוו); יעקב מרדכי ריטש־מאַן (טיי און קאַווע הורט־פאַרקויף אין הארטפאָרד, קאָנ.); אברהם יוסף ריטשמאַן (אין שיקאַגאָ); שמואל ריטשמאַן (שיקאַגאָ); צבי אליהו רייכמאַן (אין בריסק); דבורה בערמאַן (ווייַן־פאַבריקאַנט, בריסק) און חנה יהודית קאַלענקאָוויטש,— רביצין פון דראָהיטשינער רב, הרב ר׳ אייזיק יעקב קאַלענקאָ־וויטש, ז״ל, וועלכער האָט פאַרנומען דעם כסא הרבנות אין דראָהיטשין נאָכן אָפּפאָרן פון הרב רייכמאַן קיין ארץ ישראל.

# הרב אייזיק יעקב קאַלענקאָוויטש ז״ל

דער לעצטער מרא דאתרא פון דראָהיטישן, הרב ר׳ אייזיק יעקב הכהן, קאַלענקאָוויטש, איז געבוירן געוואָרן אין תר״ל, 1870, אין שטעטל קלישטשעל (ביי ביאַליסטאָק). זיין פאָטער, ר׳ יצחק שמריהו קאַלענקאָוויטש, איז געווען אַ למדן און האָט זיך פאַרנומען מיט מסחר און כלל־טועריי. זיין מוטער, ביילע,



הרב ר׳ אייזיק יעקב קאַלענקאָוויטש, הי״ד

איז געווען אַ געשעפטס־פרוי. אין זייער קראָם פלעגן קומען קויפן אַלע פריצים פון געגנט. הרב אייזיק יעקב האָט געהאַט 4 ברידער און 2 שוועסטער. איין ברודער, אַ רב, איז געשטאָרבן זייער יונג. דעם נפטר׳ס אלמנה האָט שפּעטער חתונה געהאַט פאַר דעם חפץ־חיים, זצ״ל, וועלכער האָט אויך אויסגעהאָדעוועט איינע פון די צוויי געבליבענע יתומות.

הרב קאַלענקאָוויטש האָט זיין גאַנצע יוגנט פאַרבראַכט אין די ישיבות פון גראָדנע, לאָמזשע, סלאָבאָדקע און וואָלאָזשין. ער איז געווען אַ מוסמך פון דעם וועלט־גאון הרב ר׳ חיים עוזר גראָדזענסקי, זצ״ל, ווילנער רב און פון אַנדערע.

אין יאָר 1889 האָט ער חתונה געהאַט מיט חנה יהודית רייכמאַן, די עלטערע טאָכטער פון דראָהיטשינער מרא דאתרא, הרב ר׳ מנחם רייכמאַן ז״ל. אין משך פון די יאָרן 1889־1903 האָט ר׳ אייזיק יעקב פאַרגעזעצט זיין לערנען אין ישיבות און די רביצין, חנה יהודית (מיט דריי קליינע קינדער), וועלכע האָט געהאַלטן אַ קליין שפּייז־קרעמל, איז געווען די פרנסה געבערין פון דער פאַמיליע.

אין תרס״ג, 1903, איז הרב ר׳ אייזיק י. קאַלענקאָוויטש — אויף דעם אָרט פון זיין שווער, הרב ר׳ מנחם רייכמאַן, וועלכער איז אָפּגעפאָרן קיין ארץ ישראל, — אָפיציעל אויפגענומען געוואָרן אַלס רב פון דראָהיטשין.

קיין דירעקטע שכירות פון שטאָט האָט הרב אייזיק יעקב נישט גענומען. נאָר ווי דער מנהג איז געווען, האָט דער רב געהאַט אַ מין מאָנאָפּאָל אויף דעם הייזון־פאַרקויף, און פון דעם האָט ער געצויגן זיין חיונה פאַר זיין פאַמיליע. פון דעם הייזון־איינקונפט האָט נאָך דער רב געדאַרפט צאָלן שכירות צום דיין, הרב זאב מילער, ז״ל, משה פאַריצקערס אײדעם.

איידער ער איז געוואָרן רב, איז הרב אייזיק יעקב געווען קראַנק אויף דער זעלבער געפערלעכער לונגען־קראַנקייט, פון וועלכער זיין ברודער, דער רב, איז יונגערהייט פון דער וועלט געגאַנגען. די דאָקטוירים האָבן אים דאָן שטרייננג פאַרזאָגט, אַז אויב ער וויל לעבן, מוז ער זיך שטאַרק אָפּהיטן און לעבן היגיעניש. מען קען זאָגן, אַז דער דאָזיקער טראַגישער צופאַל האָט געהאַט אַ גרויסן איינפלוס אויף זיין פּערזענלעכן אַרט לעבן ווי אויך אויף זיין פירונג אַלס רב.

אין די יאָרן 1910־1914, איז הרב אייזיק יעקב דער איניציאַטאָר פון בויען אין דראָהיטשין אַ מאָדערנע באָד און אולטרא־מאָדערנע מקוה (די ערשטע אין געגנט אין יענער צייט). די מקוה, האָט ער באַשטאַנען, מוז זיין געמאַכט פון קאַכל, און דאָס וואַסער מוז געטוישט ווערן פריש פאַר יעדן פּערזאָן בעזונדער. (ער האָט געהאַלטן, אַז מען קען נישט באַשולדיקן די פרויען, פאַרוואָס זיי גייען נישט אין מקוה, ווייל דאָס וואַסער איז נישט ריין).

ריינקייט און היגיענע האָט ביי הרב קאַלענקאָוויטש פאַרנומען דאָס ערשטע אָרט. ער איז געווען קעגן „מציצה״ מיטן מויל, ווי עס איז געווען דער מנהג. און זייענדיק אַליין אַ גוטער מוהל, פלעגט ער צו „מציצה״ באַנוצן אַ ספּעציעלע וואַטע אויף אַרויסזויגן דאָס בלוט. ער פלעגט גיין נאָך ווייטער. ווען אַ ברית איז אויסגעפאַלן אום שבת, פלעגט ער וואַשן די הענט, און הויפּטזעכלעך די נעגל, מיט זייף. ער האָט קיינמאָל נישט געקושט די תורה ביים אויפרופן (עליות האָט ער געהאַט זייער אָפט מחמת ער איז געווען אַ כהן) און אויך נישט די ציצית.

אין זיינע צוויי טראַדיציאָנעלע דרשות אין יאָר (שבת תשובה און שבת הגדול, ווי דער מנהג איז דאַן געווען), וואָס ער האָט געהאַלטן, און וועלכע זיינען געווען אַקטועל און אויס־געהאַלטן, האָט ער זיך אַממיינסטן באַצויגן אויף שטאָטישע ענינים. ער האָט קיינמאָל נישט געמוסרט. ער האָט נישט גע־פאָדערט, למשל, פרויען זאָלן טראָגן פּאַרוקן, אָדער מענער — ציצית א. א. וו. מחמת ער האָט געהאַלטן, אַז זיין פונקציע אַלס רב איז, הויפּטזעכלעך, אָנצופירן מיט די שטאָטישע אָנגע־לעגנהייטן.

אין די קריטישע יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ער אָרגאַניזירט שטאָטישע קאָמיטעטן צו העלפן די אָרעמע און נויטליידנדע. ער האָט אָנגעפירט אַ קאַמף קעגן די „ברייזלאַך", וועלכע האָבן פאַרנוצט ווייץ, קאָרן און קאַר־טאָפל צו מאַכן שנאַפּס, אין דער צייט, ווען די באַפעלקערונג האָט געליטן הונגער.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט הרב אייזיק יעקב איבערגעגעבן זיך מיט זיין גאַנצער ענערגיע צוריק אויפצו־בויען די צעשטערטע און צעברענטע דראָהיטשין. מיט דער הילף פון די געלטער פון די לאַנדסלייט אין אַמעריקע, איז אויפגעבויט געוואָרן אַ גרויסע שול אויפן פּלאַץ פון אָפּגע־ברענטן „אַלטן בית מדרש"; אַ גרויסע תלמוד תורה; ווי אויך — אַ באָד און אַרטיזאַנסקע ברינימער.

אַ דאַנק זיין איבערגעבנקייט צו די קהלשע ענינים פון שטאָט, האָט דער רב זיך איינגעשאַפט פיל פּערזענלעכע גוטע פריינט און אָנהענגער. דעם רבס הויז איז שטענדיק געווען אַ זאַמלפּונקט פון מענטשן, וועלכע זיינען געקומען צו טיילן זיך מיטן רב זייערע פריידן און ליידן. (אַ סוחר וואָס האָט דורכגעפירט אַ גוטן מסחר, איז געקומען צום רב און דער־ציילט אים אַלע פּרטים פון זיינע דערפאָלגרייכע געשעפטן. אַ צווייטער סוחר איז געקומען שואל־עצה זיין זיך מיטן רב ווי אַזוי אַרויסצוקריכן פון אַ שלעכטן געשעפט).

באַזיצנדיק אַ גוטן חוש אין מסחר, וואָס ער האָט גע־ירשנט פון זיין מוטער, האָט דער רב זייער אָפט געגעבן גוטע עצות אין ענין מסחר. זיינע איבערגעבענע פריינט און פאַר־ערער, האָבן צו דעם רב אַרויסגעוויזן גרויס דרך ארץ און רעספּעקט און האָבן אים געשטיצט פינאַנציעל בכבוד. באַ־זונדערס ווען דער רב איז געוואָרן אַ נשרף (צוויי מאָל אין אַ קורצער צייט), האָבן זיינע פריינט און אָנהענגער אין דראָ־היטשין און אין אַמעריקע געזען, צוריק אויפצובויען אַ הויז פאַר דעם רב ווי עס באַדאַרף צו זיין.

אין יאָר 1928 איז די רביצין, חנה יהודית, נאָך אַ קורצער קראַנקייט, געשטאָרבן אין עלטער פון 58 יאָר. דער טויט פון דער רביצין איז פאַר דעם רב געווען אַ גרויסער קלאַפּ, ווייל אַ חוץ אַן איבערגעגעבענע פרוי און מוטער צו די קינדער, איז זי געווען די עקרת הבית, די שפּייזערין פון דער פאַמיליע. מיט יאָרן שפּעטער האָט הרב אייזיק יעקב חתונה געהאַט צום צווייטן מאָל מיט אַ בכבודיקער פרוי פון באַראַנאָוויטש, רביצין מיכלע חפץ. מיט דער צווייטער פרוי האָט הרב קאַלענקאָוויטש געהאַט אַ מיידעלע, ביילע.

אַזוי ווי הרב ר' אייזיק יעקב האָט איבערגענומען די רבנות פון זיין שווער, ר' מנחם, און קיין איינער פון ר' אייזיקס זין האָט זיך ניט פאַרנומען מיט רבנות, איז די שלשלת



זיצן פון רעכטס צו לינקס: הרב מנחם און רביצין ריווע מינדל רייכמאַן, יוסף און שינע גאָלדע קאַלענקאָוויטש (איינקלאַך). שטייען פון רעכטס צו לינקס: הרב צבי אליהו רייכמאַן, רביצין חנה יהודית קאַלענקאָוויטש, דבורה און הרב ראובן רייכ־מאַן — די קינדער פון הרב ר' מנחם, ז"ל.

היוחסין איבערגעגאַנגען פון הרב אייזיק צו זיין אידעם, הרב שאול מרגלית, וועלכער איז געווען רב אין מיכאַלאָווע (ביי ביאַליסטאָק). לײדער איז אויך אָט דער צווייג פון בוים אָפּגעבראָכן געוואָרן. הרב מרגלית מיט זיין פאַמיליע, זיינען דורך די דייטשע רוצחים, אומגעקומען על קידוש־השם. הי״ד!

הרב ר׳ אייזיק יעקב קאַלענקאָוויטש, איז פון צרות אויס־געגאַנגען אין געטאָ, און האָט נאָך געהאַט די זכיה צו קומען צו קבר־ישראל... [מער פּרטים וועגן דעם זע אין דער חורבן־אָפּטיילונג. דאָרט איז וועגן דעם געשריבן מער. — די רעד.]

די רביצין מיכלע מיט דער מיידעלע,ביילע, זיינען אומ־געקומען. הי״ד!

הרב ר׳ אייזיק יעקב האָט געהאַט 4 זין און 2 טעכטער: משה (אומגעקומען אין רוסלאַנד); מנחם (אומגעקומען אין דראָהיטשין מיט זיין פאַמיליע); שיינע גאָלדע, רביצין מרגלית, ביילע (אומגעקומען); יוסף (לעבט אין ניו־יאָרק) און אליה (אין ארץ־ישראל).

פרטים פון יוסף קאָלען.

# הרב שואל מרגלית ז״ל

**הרב** ר׳ שואל מרגלית איז געבוירן געוואָרן אין שטעטל ראַצק, לעבן סוּוואַלק. זיין פאָטער ר׳ יהושע, אַן אַייזן־קרעמער, איז געווען אַ בן־תורה און פון די נכבדים פון שטעטל.

ר׳ שואל איז געווען אַ מחונך פון די גרויסע ליטווישע ישיבות פאַר דער ערשטער מלחמה. מערערע יאָרן האָט ער פאַרבראַכט אין סלאָבאָדקער ישיבה, וווּ ער האָט זיך גע־רעכנט פון די מצוּ־ינים.



הרב ר׳ שואל מרגלית, הי״ד!

אין יאָר 1923, ווינטער, קומט אָן ר׳ שואל צו דעם דראָ־היטשינער רב, ר׳ א. י. קאַלענקאָוויטש, פאַר אַן אידעם. פאַר אַ קורצער צייט איז ר׳ שואל געזעסן אין דעם בית־דין פון זיין שווער, ביז ער איז אָנגענומען געוואָרן אַלס רב אין מיכאַלאָווע־נעזבאָדקאַ, לעבן ביאַליסטאָק.

הרב מרגלית, וועלכער איז געווען באַוווּסט פאַר אַ גרויסן למדן און בעל מידות, איז געווען דער איינציגער יורש פון זיין שווער׳ס כסא הרבנות אין דראָהיטשין און ווען עס וואָלט געווען שנים כתקונן וואָלט ער זיכער געווען דראָהיטשינער רב.

לײדער, איז הרב שואל מרגלית מיט זיין רביצין שיינע־גאָלדע און פיר קינדער: שמערל, רבקה, שרה און חנה יהודית, צוזאַמען מיט זיין קהילה, אומגעקומען. הי״ד!



רביצין שיינע גאָלדע און קינדער. פון רעכטס: שמערל, רבקה און שרה (חנה יהודית איז שפּעטער געבוירן געוואָרן). הי״ד!

הרב יהודה דוד גאָלדמאַן (שיקאַגאָ)

# הרב יוסף גאָלדמאַן ז״ל

(ר׳ יאָסל דער דיין)

מיין זיידע און רבי, הרה״ג וכו׳, מהו״ר, ר׳ יוסף גאָלדמאַן, זצ״ל, באַוווסט אַלס „ר׳ יאָסעל דער דיין״ פון דראָהיטשין, איז געבוירן געוואָרן אין כאָמסק, בערך 1825, אין אַ לומדישער משפחה. מיין עלטער־זיידער, דער פאָטער פון מיין זיידן, ר׳ צמח, זצ״ל, איז געווען אַ גדול בתורה. עס געפינט זיך נאָך עד היום ביי מיר זיינע חידושי־תורה.



הרב ר׳ יוסף גאָלדמאַן, ז״ל.
(„ר׳ יאָסל דער דיין״)

מיין זיידע, ר׳ יאָסל, האָט מיר אַמאָל דערציילט: עס איז געהאַט געקומען אַ דעלעגאַציע פון פינסק און פאָרגעשלאָגן מיין עלטער־זיידן, ר׳ צמח׳ן, דעם כסא הרבנות פון פינסק, האָט ער ניט געוואָלט אָננעמען. מאָטיווירנדיק מיט אַ גמרא: „כיון שעבר רוב שנותיו של אדם ולא חטא שוב לא יחטא״. „אַז אַ מענטש האָט אַדורכגעלעבט די מערהייט פון זיינע יאָרן און האָט נישט געזינדיקט וועט ער שוין מער נישט זינדיקן״. דאָס הייסט, ווי באַלד ער איז שוין אַדורך די מערהייט פון זיינע יאָרן און נישט געוואָרן קיין רב וויל ער איצט נישט אָננעמען קיין רבנות־שטעלע... ער איז געווען פון די „יראי הוראה״. ער האָט מורא געהאַט צו נעמען אויף זיך די אחריות פון רבנות. מען דערציילט אויך: ווען דער רב פון כאָמסק פלעגט אָפּפאָרן פון שטעטל און מען פלעגט קומען צו מיין עלטער־זיידן, ר׳ צמח, מיט שאלות, פלעגט ער זיך באַהאַלטן. און זיין פרוי (מיין עלטער־באָבע), נישע חנה, וועלכע איז געווען באַוווסט אַלס צדקנית, פלעגט זאָגן: „וואָס ווילט איר פון אים, אַז ער ווייסט גאָרנישט און קען גאָרנישט״...

מיין זיידע, ר׳ יאָסעל, איז געווען פון די ערשטע תלמידים פון דער דאַן נאָרוואָס געגרינדעטער מירער ישיבה, און איז געווען באַקאַנט אַלס דער „כאָמסקער עלוי״. ווען ער איז עלטער געוואָרן, איז מיין זיידע אָנגעקומען פאַר אַן איידעם צו ר׳ יודל דוד קאָסאָווסקי פון דראָהיטשין, נאָך וועמען איך בין טאַקע אַ נאָמען, און וועלכער איז אויך געווען דיין אין דראָהיטשין און פון די ראשי המדברים פון שטאָט.

ווען עס איז נפטר געוואָרן דער אַלטער רב פון דראָהיטשין, הרב הגאון ר׳ צבי אליהו, זצ״ל, האָט זיך אין שטאָט געשאַפן צוויי צדדים. איין צד האָט געהאַלטן, אַז דעם נפטר׳ס זון ר׳ מנחם רייכמאַן זאָל זיין דער רב פון שטאָט. און דער צווייטער צד האָט געוואָלט האָבן פאַר אַ רב מיין זיידן, ר׳ יאָסלען. עס איז דאַן פאָרגעקומען אַ דין תורה און דער פסק איז אויסגעפאַלן לטובת ר׳ מנחמען. איז ר׳ מנחם געוואָרן דער מרא דאתרא און מיין זיידע איז געוואָרן דער דיין פון שטאָט.

[איך געדיינק: עס איז אַמאָל געקומען צו אונז אַהיים אין בריסק, ווו מיר האָבן דאַן געוווינט (מחמת מיין מוטער חיה ליפּטשע, ע״ה, האָט געשטאַמט פון בריסק און געהאַט דאָרט איר גאַנצע משפחה), אַ הויכער ייד, אַ הדרת פנים פון דראָהיטשין, האָט מיין פאָטער, נאָכדעם ווי דער ייד איז אַוועק, געזאָגט צו מיר: „דו האָסט געזען אָט דעם ייד, ער איז דאָס געווען דער טוען קעגן דעם זיידן. דער דאָזיקער ייד האָט געהאַט פיל עזות, האָט אים דער קעגן־צד ספּעציעל אויסגעקליבן אַלס טוען, כדי ער זאָל דעם זיידן אויפרעגן און מאַכן אים צו פאַרלירן זיינע טענות״...]

מיין זיידע איז געווען דיין אין דראָהיטשין איבער 60 יאָר. קיין גענוג פרנסה פון דיינות האָט ער נישט געהאַט, האָט ער אויך געלערנט מיט עלטערע תלמידים גמרא. דערצו נאָך האָט די רביצין, מיין באָבע, אסתר, ע״ה, געהאַט אַ קראָם אין ראַד־קראָמען פון מאַרק און אַזוי ארום האָט מען אויסגעשלאָגן חיונה.

מיין זיידע האָט געהאַט פיר זין מיט איין טאָכטער. איינער פון די זין איז געווען מיין פאָטער ר׳ אליהו, ז״ל, וועלכער איז געווען אַ ייד אַ למדן און אַ משכיל צוגלייך. מיין פאָטער האָט זיך גערעכנט פון די נכבדים פון בריסק.

[אין שייכות מיט דעם איז כדאי צו דערמאָנען דעם פאָלגענדיקן פאַל: ווען איך האָב געלערנט אין סלאָבאָדקער

ישיבה, איז דאַן געקומען קיין קאָוונע דער וועלט־גאון, ר׳ חיים סאָלאָווייטשיק, דער בריסקער רב. ווי געוויינטלעך, זיינען הונדערטער ישיבה־בחורים געקומען צו ר׳ חיימען, אין דאָג־מאַרער גאַסטציניצע, צו געבן אים שלום. אַז איך בין צוגע־קומען צום בריסקער רב און דערמאָנט אים דעם נאָמען פון מיין פאָטער, האָט ר׳ חיים אויסגערופן: „אַ, ר׳ אליה, ער איז דאָך אַ יקר!״]

דער זיידע האָט געהאַט איין איינציקן ברודער, זיסל ר׳



ר׳ אליהו גאָלדמאַן, ז״ל
(פאָטער פון הרב יהודה דוד גאָלדמאַן)

צמח׳ס, האָט מען אים גערופן. זיין פולער נאָמען איז געווען ר׳ אַלעקסאַנדער זיסקינד, אַ נאָמען נאָך דעם „בעל יסוד שורש העבודה״ פון גראָדנא. מיין זיידנס ברודער, ר׳ זיסל, איז ווידער געווען דער פאָטער פון מיין שווער, הרב ר׳ מרדכי זונדל רובינשטיין, ז״ל, וועלכער האָט געלערנט אין איין צייט מיט די גאונים ר׳ משה מרדכי עפשטיין און מיין רבי, ר׳ ברוך בער לייבאָוויץ, זצ״ל, אין וואָלאָזשין. מיין שווער איז אויך געווען אַ מחבר פון פיל ספרים, דאַרונטער די ספרים „איש יהודי״ און „נדודי ברוסיא״.

מיין זיידע, ר׳ יאָסעל, איז נפטר געוואָרן אין סאַמע ברען פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, אונטער אַ האָגל פון קוילן, וואָס האָט זיך געשאָטן איבערן שטעטל. דאָס איז געווען אין יאָר תרע״ה, ערב ראש השנה. מיין זיידע איז צוזאַמען מיט אַלע יידן געלעגן באַהאַלטן אין אַן אָקאָפּ אויף דעם וויאָן. די לעצטע נאַכט פון דער שלאַכט איז ער אַרויס פון אָקאָפּ און איז אַריין אין אַ דערבייאיקער הויז (פון סאַני דעם קאַטלאַר) און דאָרט האָט ער אויסגעהויכט זיין הייליקע נשמה. מיין פאָטער ר׳ אליהו, ז״ל, וועלכער איז דאַן אויך געווען אין דראָהיטשין, האָט, צוזאַמען מיט מיין פעטער, יצחק אפרים׳ס, געבראַכט דעם זיידן צו קבורה אויף דעם אַלטן בית־עולם, לעבן דעם אוהל פון די אַסעיזיצער הרוגים. שפּעטער, ווען איך מיט מיין פרוי און קינד האָבן זיך אומגעקערט פון מאָטעלע, ווו מיר האָבן איבערגעוואַרט דאָס אַריינקומען פון די דייטשן, האָב איך, מיט דער הילף פון זיידל שטיינבערג (נפתלי דעם לערערס זון) אויפגעבויט אַן אוהל אויף דעם קבר פון מיין זיידן.

[מיין פעטער, יצחק אפרים׳ס, ווי דערמאָנט, איז געווען באַוווסט אַלס „יצחק דער מישיועד״. ער איז געווען אַ פּאַסעסאָר; ער האָט געהאַלטן הויפן אין אַרענדע, צווישן אַנדערע, די הויפן סטאַניסלאַוואָווע און ראַקון. יצחק אפרים׳ס איז געווען אַ גרויסער עסקן אין דראָהיטשין.]

דער זיידע, וועלכע איז בעת זיין פטירה אַלט געווען בערך 90 יאָר, און מער ווי 60 יאָר געווען דיין אין דראָהיטשין, איז געווען ביי אַלעמען געאַכטעט און געשעצט, וועמענס נאָמען עס ווערט דערמאָנט מיט יראת הכבוד. נאָך היינט געפינט מען זיין בילד העגנגען אין פיל יידישע הייזער פון דראָהיטשי־נער אין אַמעריקע. ער איז געווען איינער פון די פיינסטע טיפּן, וואָס די אַמאָליקע פּאָלעסיע האָט אַרויסגעגעבן. מיין זיידע איז אַ חוץ אַ גרויסער למדן אויך געווען אַ נוח לבריות, אַ הדרת־פנים, מיט אַ שטענדיקן שמייכל אויף זיין פנים. ער האָט קיינמאָל זיך נישט געביזערט און האָט שטענדיק מלמד זכות געווען אויף דעם כלל ישראל. ער איז געווען אונזער שטאָלץ. איך געדיינק, ווי יעדן ערב יום־כיפור פלעגט אונזער גאַנצע משפחה, פון קליין ביז גרויס, גיין צום זיידן נאָך אַ ברכה און דער זיידע פלעגט אַרויפלייגן זיינע הענט אויף יעדן איינעמס קאָפּ און מיט טרערן אין די אויגן פלעגט ער אונז בענטשן...

מיין זיידע, ווי אויבן געזאָגט, האָט געהאַט פיר זין און איין טאָכטער, וועלכע זיינען שוין אַלע אויף דעם עולם האמת. אָבער זיינע אייניקלאָך און אור־אייניקלאָך, צו לייגגערע יאָר, לעבן היינט אין ארץ־ישראל, ניו־יאָרק, פילאַדעלפיע, וויר־דזשיניאַ, סענט דזשאָזעף (מיזורי) און אין שיקאַגאָ.

אויף אונזער זיידן קען מען זאָגן: „תפארת בנים אבותם״.

ישראל ברוך וואַרשאַווסקי

# הרב דוד מרדכי יודאָווסקי ז״ל

געשריבן אין יאָר 1913

דעם ערשטן טאָג שבועות איז נפטר געוואָרן הרב הג׳ ר׳ דוד מרדכי ב״ר יעקב יודאָווסקי, ז״ל, אין עלטער פון 46 יאָר. דער נפֿטר איז געווען רב אין שטעטל 12 יאָר און איז געווען זייער באַליבט ביי אונז, ווייל אויסער דעם, וואָס ער



הרב ר׳ דוד יודאָווסקי, ז״ל.

איז געווען גרויס אין לערנען און אַ באַרימטער דרשן, האָט ער זיך אויסגעצייכנט מיט זיינע מדות און גוטע מעשים. כדי צו געבן אַ געניוע בילד פון דעם נפטר׳ס גרויסע פערזענלעכ־קייט, וועל איך דאָ איבערגעבן אין קורצן זיין ביאָגראַפיע:

הרב הגאון ר׳ דוד מרדכי איז געבוירן געוואָרן אין קוז־ניצע, אַ קליין שטעטל לעבן גראָדנאָ, ביי אָרימע עלטערן. נאָך אין זיין יוגנט האָט ער זיך אויסגעצייכנט מיט זיין גרוי־סער התמדה צום לערנען. ווען ער האָט באַשטימט צו פאָרן אין וואָלאָזשינער ישיבה און האָט ניט געהאַט אויף הוצאות, איז ער אַוועק צופוס פון ווילנע קיין וואָלאָזשין, ניט האָבנדיק אַפילו מיט וואָס צו פאַרטרייבן דעם הונגער. אין וואָלאָזשין איז ער אָנגעקומען אין דער צייט ווען ראש ישיבה איז גע־ווען הרב הגאון ר׳ צבי לייב, ז״ל, און איז געוואָרן באַוווּסט מיטן נאָמען „קוזניצער מתמיד״.

ביי אונדז אין שטעטל האָט ער זיך באַזעצט מיט 26 יאָר צוריק, ווען ער איז נאָך געווען אַ יונגערמאַן, גלייך נאָך דער חתונה. אין שטעטל האָט קיינער ניט געוווּסט פון וואַ־נען ער איז און ווי ער קומט אַהער. געוווּסט האָבן נאָר אַלע, אַז דער „פּרוש״ — ווי מ׳האָט אים גערופן אין שטעטל — לערנט יומם ולילה. זיין מקום קבוע איז געווען אין אַלטן בית־מדרש ביים אויוון, וווּ ער האָט געלערנט מיט גרויס התמדה. אַמאָל פלעגט ער זיך אויפשטעלן, דורכשפּאַצירן איבערן בה״מ, הינטער דער בימה, און זיך ווייטער זעצן ביי זיינען ספרים. שיידן זיך מיט זיינע ספרים פלעגט ער נאָר ווען ער האָט גע־דאַוונט. דאָן איז ער געשטאַנען הינטער דער בימה, געדאַוונט אַזוי שטיל און עניוות׳דיק, אַז קיינער האָט גאָרניט באַמערקט.

אַט אַזוי האָט ער פאַרבראַכט 14 יאָר האָבנדיק פאַר זיך אַ באַשטימטן ציל — וואָס מער ספרים איינזאַפּן אין זיך, ניט האָפנדיק אַפילו אויף אַ רבנישער שטעלע. עס האָט זיך אויס־געוויזן ווי דער מענטש איז אַליין אַ ספר גלייך מיט אַלע ספרים וואָס אַרום אים. און די גאַנצע צייט האָט ער געקראָגן זיין חיונה פון שטעטל, און געווייגלעך געלעבט אין דחקות. נאָר מיטאַמאָל איז געשען אַ צופאַל, וואָס האָט געענדערט זיין לאַגע און האָט אויך פיל מיטגעהאָלפן צו זיין פריצייטיקן טויט.

דער אַלטער רב פון שטעטל איז אַוועקגעפאָרן קיין ארץ ישראל און אויף זיין אָרט האָט ער איבערגעלאָזט זיין איידעם. דאָן איז דאָס שטעטל צעטיילט געוואָרן אויף צוויי צדדים — איין צד האָט אויסגעקליבן דעם נפטר ז״ל פאַר אַ רב. פיל, זייער פיל האָט דער נפטר ז״ל געהאַט אויסצושטיין פון זיי־נע פאַרפאָלגער, וועלכע האָבן זיך ניט אָפּגעשטעלט פאַר קיין זאַך. עס האָט זאָגאָר ניט געפעלט קיין מסירות. און ניט איינ־מאָל האָט זיין הארץ געפלאַצט פון שרעק און בזיונות. נאָר דאָס איז גיך פאַראיבער. סוף כל סוף האָבן אפילו זיינע קעג־נער געמוזט אָנטשווייגן ווערן און קיינער האָט מער ניט גע־וואָגט אַ וואָרט אַרויסצורעדן און פיל פון זיינע פריערדיקע שונאים, זיינען געוואָרן זיינע גוטע פריינט.

די צרות, וואָס דער נפטר האָט איבערגעלעבט, האָבן ביסלעכווייז אונטערגעגראָבן זיין געזונט און די לעצטע יאָרן איז ער שוין געווען קראַנק און איז געווען שטענדיק אַ בעל

יסורים. מיט דריי מאָנאַטן צוריק, דורך אַ פאַרקילונג, איז פלוצלונג צוגעפאַלן די טובערקולאָזע קראַנקייט (טשאַכאָטקע), וועלכע האָט אים צוגענומען פון דער וועלט פאַר דער צייט.

די פטירה פון הרב דוד מרדכי יודאָווסקי איז פאַר אונדז אַן אבדה שאינה חוזרת; ווייל מיר האָבן פאַרלאָרן אין אים אַ גדול בתורה און אַ גוטן פריינט פאַר אַלעמען. זיין האַרץ פלעגט זיין אָפן פאַר אַלעמען און פלעגט מיטפילן יעדן איינעם און שטענדיק פלעגט מען געפינען ביי אים אַ טרייסט



רביצין רחל יודאָווסקי ע״ה.

וואָרט. יעדער וואַנדערער, דערשלאָגענער פלעגט זיך צו אים ווענדן און ער האָט קיינמאָל קיינעם ניט אָפּגעזאָגט ווי ווייט ער האָט נאָר געקענט. אַ בעל צדקה איז ער געווען אַ גרויסער און געגעבן מיט דער פולער האַנט כאָטש ער האָט קוים געהאַט גענוג פאַר זיך.

ווי ווייט דער נפטר ז״ל האָט ניט אָפּגעטראָטן פון אמת, ווען אפילו עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן זיין טובה, קען אונדז דינען פאָלגענדער פאַקט: ווען מ׳האָט אים געפרעגט, אפשר האָט ער עפּעס צו בעטן וועגן זיין פאַמיליע צו באַזאָרגן, האָט ער געענטפערט אַז ער האָט גאָרניט וואָס צו פאַרלאַנגען, ווייל ג׳ וועט זיי ניט פאַרלאָזן ווי ער האָט אים ניט פאַרלאָזט. און וועגן דעם, צי איז זיין איידעם ראוי צו ווערן רב? האָט ער געענטפערט, אַז כאָטש, לויט זיין מיינונג, איז ער אַ גרויסער למדן און ער וועט זיין ראוי, דאָך פאַרזאָגט ער, אַז אַנדערש זאָל ער ניט ווערן קיין רב, סיידן ער וועט האָבן סמיכה פון די גרעסטע גאונים.

## באַמערקונג פון רעדאַקציע

מיט אַ צייט שפּעטער איז דער איידעם פון נפטר, הרב ר׳ נח קאַהן געוואָרן זיין ממלא מקום און האָט פאַרנומען דעם כסא הרבנות פון „פוילישן צד" אין דראַהיטשין ביז דעם יאָר 1929, ווען ער איז מיט זיין פאַמיליע אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע.

ר׳ דוד מרדכי׳ס פאַמיליע, די רביצין מיט צוויי טעכטער, זיינען נאָך דער ערשטער וועלט-מלחמה אַריבערגעקומען קיין אַמעריקע און זיך באַזעצט אין באַלטימאָר. נאָר דער איינציקער זון זייערער, משה, איז פאַרבליבן אין פוילן, וווּ ער האָט געהאַט געלערנט אין די ישיבות. פאַר דער לעצטער צייט האָט ער זיך געדאַרפט געפינען אין ווילנע. און ער האָט, וואַרשיינלעך, געטיילט דעם גורל פון אַלע ווילנער יידן...

---

זלמן שעווינסקי, וועלכער איז געווען פון פוילישן צד, האָט צו דערציילן וועגן הרב יודאָווסקי דאָס פאָלגנדיקע:

הרב ר׳ מרדכי יודאָווסקי האָט געהאַט באַקומען אַ כתב-רבנות פון אַ שטעטל, וועלכע האָט אים געוואָלט אַוועקנעמען פון דראַהיטשין. האָט ר׳ דוד מרדכי, אין הסכם מיט זיינע בעלי-בתים, פאַררופן אַן אסיפה צו באַהאַנדלען דעם ענין. פאַרשטייט זיך, אַז אַלע גערופענע בעלי-בתים זיינען געקומען אין צייט צו דער אסיפה אין שוהל און מען האָט געוואַרט אַז דער רב זאָל אַרויסקומען פון זיין חדר-מיוחד. מ׳זיצט און מ׳וואַרט, עס ווערט שוין שפּעט, דער רב קומט ניט אַרויס. איז ר׳ נחום שעווינסקי (זלמנ׳ס פאָטער) מיט נאָך איניקע בעלי בתים אַריינגעקומען צום רב אין שטיבל — ערשט ער זיצט פאַרטיפט אין לערנען ווי קיינמאָל גאָרנישט. זאָגן צו אים די בעלי בתים: „רבי, מען איז דאָך געקומען צו באַראָטן זיך וועגן אייער ענין, טאָ פאַרוואָס שווייגט איר און קומט נישט אַרויס צו דער אסיפה?"

ענטפערט ר׳ דוד מרדכי: „איך האָב זיך מישב געווען, וואָס וועט שוין זיין אַז איך וועל קריגן מער שכירות אין דער צווייטער שטאָט? וועל איך האָבן מער אויסצוגעבן. און וואָס נאָך? — ניין, איך פאָר נישט. איך בלייב מיט אייך. דער עיקר, פאַרריכט דעם דאַך פון שוהל, און זייט מתקן די פּסולע ספר תורה, דאָס איז אַלעס וואָס איך פאַרלאַנג פון אייך..."

נאָך אַ פאַל: ר׳ דוד מרדכי האָט אָנגעשריבן אַ שטר-מכירה פאַר ר׳ נחום שעווינסקי. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס האָט פאַרנומען אַ סך צייט. דער רב האָט געדאַרפט נאָכזוכן אין ספרים און שרייבן, א.א.וו. נעמט שעווינסקי 5 רובל און דערלאַנגט דעם רב פאַר זיין טרחא. גיט ר׳ דוד מרדכי אַ ציטער: „חס-ושלום, איך וועל נעמען ביי אייך געלט? איר נעמט דאָך ביי מיר הייוון... איז גענוג... דאָס איז מיין שכירות". — און ר׳ דוד מרדכי האָט דאָס געלט נישט גענומען.

דאָס ווייזט וואָס פאַר אַ שונא בצע דער רב איז געווען און במילא קען שוין דאָס אויך עדות זאָגן אויף זיין ערלעכקייט און תמימות...

# הרב זאב מילער ז״ל

(ר׳ וועלוועל דער דיין)

הרב ר׳ זאב מילער, ז״ל, באַוווסט אַלס „וועלוועל דער דיין״, געבוירן 1868 צו זיין פאָטער, ר׳ אהרן, אַן אָנגעזעענער סוחר אין קלעצק, און האָט באַקומען זיין חינוך אין שטעטל און שפּעטער אין וואָלאָזשין. דאָרט, אין וואָלאָזשין, האָט ר׳ וועלוועל באַקומען סמיכה אויף רבנות.

אין 1890 קומט ר׳ וועלוועל אָן צו דעם דראָהיטשינער עסקן, ר׳ משה פּאָריצקער־וואָלעוועלסקי, פאַר אַן איידעם. אין משך פון עטליכע יאָר האָט ר׳ וועלוועל פאַרגעזעצט זיין לערנען אין בית מדרש און געוואַרט אויף אַ געלעגנהייט צו קריגן ערגעץ אַ רבנות־שטעלע, און די דאָזיקע געלעגנהייט איז געקומען.

ווען דער דראָהיטשינער אַלטער רב, ר׳ מנחם, איז אַוועק־געפאָרן קיין ארץ ישראל און האָט איבערגעגעבן זיין כסא־הרבנות צו זיין איידעם, הרב ר׳ אייזיק קאַלענקאָוויטש, איז הרב מילער אויפגענומען געוואָרן אַלס דיין אין ר׳ אייזיק׳ס בית־דין.

אין יאָר 1911 ווערט הרב מילער אַרויסגענומען קיין סער־ניק (ביי פּינסק), ווו ער האָט פאַרנומען דעם כסא־הרבנות ביז 1940, ווען ער איז, נאָך אַ שווערער אָפּעראַציע אין פּינס־קער שפּיטאָל, נפטר געוואָרן.

הרב און רבנית מילער האָבן געהאַט 4 זין און 3 טעכטער. פון דער גאַנצער פאַמיליע זיינען פאַרבליבן ביים לעבן איין



הרב ר׳ זאב מילער, ז״ל.



רביצין מרים מילער, הי״ד.

טאָכטער, שרה מירסקי, וועלכע איז נאָך מיט יאָרן צוריק געקומען קיין אַמעריקע, און איין זון, הרב ר׳ הירש מילער, וועלכער איז אַנטלאָפן פון די דייטשע מערדער־חילות און נאָך פיל גלגולים, דורך רוסלאַנד, יאַפּאַן און שאַנכיי, זיך דער־שלאָגן קיין אַמעריקע. הרב הירש מילער איז דער איידעם פון שאַנכייער רב, אשכנזי.

די רביצין, מרים מילער, מיט די אַנדערע קינדער: ר׳ אהרן פון לענען (ביי לונענעץ); הרב ר׳ לייב, רב פון סערניק; הרב ר׳ מנחם, רב פון וויסאצק (ביי פּינסק); די טעכטער חנה און פּערל מיט זייערע פאַמיליעס, זיינען אומגעקומען. הי״ד!

# הרב נח קאָהן ז״ל

**הרב** ר׳ נח הכהן קאָהן, ז״ל, רב פון פוילישן צד אין דראָהיטשין, איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1891 ביי אַ רבני־שער פאַמיליע אין קאַמעניעץ ליטאָווסק. זיין פאָטער הרב ר׳ ישעיה איז געווען פון די חשובים פון שטאָט.

נאָך אַלס קליין יינגל האָט נח אַרויסגעוויזן גרויס חשק און פעאיקייט אין לערנען און קומט אָן אין דער ישיבה פון ר׳



הרב ר׳ נח קאָהן, ז״ל

ברוך בער׳ן אין סלאָבאָדקע. שפּעטער פאָרט ער אין דער וואָלאָזשינער ישיבה, וווּ ער האָט געלערנט אַ ריי יאָרן מיט גרויס התמדה.

אין יאָר 1913, בערך, קומט ר׳ נח אָן פאַר אַן איידעם צו הרב ר׳ דוד מרדכי יודאָווסקי אין דראָהיטשין.

פאַר אַ צייט נאָך דער חתונה זעצט פאָר ר׳ נח זיין לערנען, צוגרייטן זיך צו רבנות. ער האָט דאַן באַקומען סמיכה פון די גרויסע גאונים און ראשי ישיבה ר׳ רפאל פון וואָלאָזשין און ר׳ ברוך בער לייבאָוויץ, זצ״ל.

נאָך דער פּטירה פון הרב ר׳ מרדכי יודאָווסקי, ז״ל, ווערט הרב ר׳ נח קאָהן דער ממלא מקום פון זיין שווער.

ר׳ נח׳ן איז אָבער נישט באַשערט געווען צו לעבן רואיג, ווייל באַלד נאָכדעם האָט אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה. עס זיינען אָנגעקומען יאָרן פון צרות און פּיין. ר׳ נח׳ס הויז און בית־המדרש זיינען צוזאַמען מיט פיל אַנדערע יידישע הייזער פון שטאָט פאַרברענט געוואָרן אין די מלחמה יאָרן. פיל פון זיינע בעלי בתים זיינען געשטאָרבן, ל״ע, אין דער טיפוס־עפּידעמיע. ר׳ נח מיט זיין רביצין, עטקע, און זייערע קליינע קינדער האָבן אַדורכגעלעבט גרוילעכע יאָרן פון נויט און שרעק.

טראָץ זיין אייגענער געדריקטער לאַגע האָט זיך ר׳ נח פיל מאָל איינגעשטעלט פאַר זיינע דראָהיטשינער לגבי דער דייטשער מיליטערישער מאַכט, ביי וועלכער ער האָט אויסגעפועלט די באַפרייאונג פון פיל יידישע יונגעלייט, וועמען עס האָט געדראָט שווערע שטראָפן פאַר אויסמיידן צוואַנגס־אַרבעט.

נאָך דער מלחמה איז ר׳ נח׳ן געלונגען צוריק אויפצובויען זיין הויז, אָבער זיין חיונה איז אים אָנגעקומען מיט גרויס שוועריקייט. און בכלל האָט ער נישט געזען פאַר זיך קיין גוטע צוקונפט אין דראָהיטשין, האָט ער באַשלאָסן אַוועק־צופאָרן קיין אַמעריקע.

אין יאָר 1929 איז ר׳ נח קאָהן מיט זיין פאַמיליע אָנגעקומען קיין באַלטימאָר, וווּ ער איז אויפגענומען געוואָרן אַלס רב אין טאַוורינגער שוהל „אַנשי אמונה״.

ר׳ נח קאָהן מיט זיין פאַמיליע האָבן זיך געפילט גליקלעך, וואָס ענדלעך נאָך אַזויפיל מאַטערניש און וואָגלעניש זיינען זיי צוגעקומען צו אַ ברעג. זיי זיינען געווען באַזאָרגט מיט פּרנסה און פאָראויסגעזען אַ גוטע צוקונפט פאַר זייערע קינ־דער. זייער עלטערער זון האָט געלערנט אין ר׳ יצחק אלחנן׳ס ישיבה אין ניו־יאָרק און האָט זיך געגרייט צו באַקומען סמיכה. איז דער זון פּלוצלונג אַריינגעפאַלן אין אַ שווערער מחלה און געשטאָרבן, ל״ע... דער דאָזיקער אומגליק האָט געהאַט אַ פאַטאַלע ווירקונג אויף ר׳ נח׳ן... עס האָט אונטערגעגראָבן זיין געזונט.

אין 1938, חול־המועד סוכות, האָט ר׳ נח פּלוצלונג באַקומען אַ האַרץ־אַטאַק און איז נפטר געוואָרן. תנצב״ה.

ר׳ נח האָט איבערגעלאָזן זיין פרוי, עטקע, אַ זון און אַ טאָכטער אָן שום מיטלען צום לעבן. אָבער מיט דער הילף פון גוטע פריינט איז עטקען געלונגען איבערצונעמען אַ ספרים־געשעפט אין באַלטימאָר, וואָס איז אַוועק בהצלחה. די קינדער האָבן שוין חתונה געהאַט, די טאָכטער פאַר אַ רב, און דער זון איז מיט דער מוטער אין געשעפט.

פּרטים פון י. ב. וואַרשאַ

# הרב אשר אייזענשטיין ז״ל

הרב ר׳ אשר אייזענשטיין, ז״ל, איז געבוירן אין דראָהי־טשין. זיין פאָטער האָט געהייסן ר׳ בערל, און זיין מוטער — טויבע. אין שטעטל איז ר׳ אשר געווען באקאַנט אַלס „אשר טויבעס". ער איז אָבער זעלטן געקומען קיין דראָהיטשין.


הרב ר׳ אשר אייזענשטיין, הי״ד

מיט ר׳ אשר׳ן האָב איך זיך צום ערשטן מאָל געטראָפן אין יאָר 1923, בערך, ווען איך בין אָנגעקומען צו לערנען אין גראָדנער ישיבה־קיבוץ. ר׳ אשר איז דאַן געווען ראש־ישיבה פון גראָדנער ישיבה־קטנה. עס איז איבריק צו דערמאָנען, אַז אַלס בן־עיר האָט מיך ר׳ אשר שטאַרק מקרב געווען און איך בין געווען אַן אָפטער אַריינגייער צו אים אין הויז.

ר׳ אשר איז געווען אַ מחונך פון די גרויסע ישיבות פון סלאַבאָדקע, וואָלאָזשין א.א. און איז געווען אַ מוסמך פון די גאונים און ראשי־ישיבה, ר׳ איסר זלמן מעל־צער און פון ר׳ ברוך בער׳ן זצ״ל. אין די ישיבה׳שע קרייזן איז „אשר דראָהיטשינער", ווי מען האָט אים גערופן, געווען אַ שם־דבר. מען האָט אים געהאַלטן פאַר אַ גדול אין לערנען און פאַר אַ בעל מידות. ר׳ חיים בריסקער, זצ״ל, דערציילט מען, האָט פון ר׳ אשר׳ן שטאַרק געהאַלטן און האָט אים מקרב געווען. באַזונדערס איז ער געווען זייער אָנגעזען אין גראָדנער ישיבה און ביים ראש ישיבה הרב הגאון ר׳ שמעון שקאָפּ, זצ״ל.

ר׳ אשר איז געווען אַ גרויסער מחדש. ער האָט געהאַט אַ סאַך אָנגעשריבענע חדושי־תורה. צי ער האָט אָפּגעדרוקט זיין כתב־יד מיט די חדושים ווייס איך נישט.

ר׳ אשר׳ס רביצין, אַ געלערנטע און אַ יפת־תואר, איז געווען די טאָכטער פון יאַשינאָווקער רב (לעבן ביאַליסטאָק). קיין קינדער האָבן זיי נישט געהאַט, אָבער זייער צוזאַמענלעבן איז געווען העכסט אידיליש און אַ צופרידענער.

אין יאָר 1926, בערך, איז ר׳ אשר געוואָרן אויפגענומען אַלס רב אין סעמיאַטיטש (ביי ביאַליסטאָק). דער שרייבער פון די שורות און נאָך אַ ישיבה־בחור (חיימאָוויטש) זיינען דאַן מצד דער ישיבה׳שער הנהלה דעלעגירט געוואָרן צו מיטפאָרן מיט ר׳ אשר׳ן קיין סעמיאַטיטש, ווו ר׳ אשר איז אויפגענומען געוואָרן מיט כבוד און ליבשאַפט.

מיטן לויף פון די יאָרן האָב איך אָנגעוואָרן דעם קאָנטאַקט מיט ר׳ אשר׳ן און מער האָב איך נישט געהערט פון אים. ווי מען גיט איבער האָט ר׳ אשר מיט זיין רביצין געטיילט דעם זעלבן טראַגישן גורל וואָס אַלע יידן, די קדושים פון פוילן.

ר׳ אשר האָט געהאַט אַ ברודער שמעון, אַ ישיבה־מאַן און איינציקע שוועסטער. זיי זיינען אַלע, אַ חוץ צוויי שוועסטער אין ארץ ישראל, אומגעקומען. הי״ד.

---

# הרב אליהו וו. אַלטוואַרג ז״ל

הרב ר׳ אליהו וועלוועל אַלטוואַרג, הי״ד, איז געבוירן אין דראָהיטשין. זיין פאָטער, ר׳ חיים בער דער ציגעלניק, אַ אַ בכבודיקער בעל־הבית פון גאַס־בית־מדרש, איז געווען דאָרט דער רבי פון דער חברה־משניות. וועגן ר׳ אליהו וועלוועל׳ס יוגנט האָבן מיר נישט קיין ידי־עות. מיר ווייסן בלויז אַז ער האָט געלערנט אין דער סלאָבאָדקער ישיבה; האָט חתונה געהאַט מיט אַ רב׳ס אַ טאָכטער אין ליטע און אין משך פון עט־לעכע יאָר (פאַר דער ערשטער וועלט־מל־חמה) געווען רב אין ווידז, אַ שטעטל אין ליטע.


הרב ר׳ אליהו וועלוול אַלטוואַרג, הי״ד

מיטן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה קומט ר׳ אליהו וועלוועל מיט זיין פאַמיליע קיין דראָהיטשין, ווו ער בלייבט שוין וווינען אויף שטענדיק. אין גאַס־בית־מדרש האָט ער אונאָפיציעל געפירט אַ מין רבנות. ער פלעגט דרש׳נען אין די יום־טובים און ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן.

נאָכדעם, ווען דער רב פון פוילישן צד, הרב ר׳ נח קאָהן, איז אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע, האָבן אַ טייל יידן פון פוי־לישן צד אָנגעהויבן קויפן הייוון ביי ר׳ אליהו וועלוועלן. דאָס דאָזיקע האָט אַרויסגערופן אַ געגנערשאַפט מצד די אָנהענגער פון אָפיציעלן רב, הרב קאַלענקאָוויטש, וועלכער האָט געהאַט אָפּגעקויפט פון ר׳ נח׳ן זיין חזקה אויפ׳ן הייוון־פאַרקויף. מען האָט דאַן אַראָפּגעבראַכט קיין דראָהיטשין דעם פינסקער רב, הרב ר׳ אהרן וואַלקין, ז״ל, אויסלאַדן דעם סכסוך, מען האָט אָבער נישט געקענט קומען צו קיין טאָלק, און ר׳ אליהו וועלוועל איז אָנגעגאַנגען מיט זיין הייוון־פאַרקויף. אין זיין עול־הפרנסה האָט ר׳ אליה וועלוועלן מיטגעהאָלפן זיין רביצין, וועלכע איז געווען אַן אשת־חיל און אַ באַוווּסטע עסקנית.

ר׳ אליהו וועלוועל האָט געהאַט 3 זין און איין טאָכטער.

דער עלסטער זון, משה, איז געווען אַ ישיבה־בחור. עס איז פֿון זיי קיינער נישט פֿאַרבליבן. אַלע אומגעקומען. הי״ד!

ר׳ אליהו וועלוול׳ס פֿאָטער, ר׳ חיים בער׳ן, האָבן די דייטשע רוצחים דער׳הרג׳ט לעבן זיין הויז, און אַ גוי, אַ שכן, האָט אים מקבר געווען ביי אים אויפֿן הויף... הי״ד!..

# רבנים יוסף דוד שוב, יעקב און הערשל שוסטער ז״ל

**הרב** ר׳ יוסף דוד שוב, ז״ל („ר׳ יאָסל דוד דער שוחט״), האָט געשטאַמט פֿון אַ פֿאַמיליע פֿון וויל־לערנער אין דראָהיטשין. ר׳ יאָסל־דוד מיט זיינע ברידער, ר׳ יעקעף (יעקב) און ר׳ הערשל, האָבן יאָרן לאַנג געלערנט אין ישיבות און געווען מוסמכים. זיין שוועסטער האָט געהאַט פֿאַר אַ מאַן דעם אַבלער רב׳ס אַ זון, אַ למדן, וועל־כער איז, לײדער, זייער יונג געשטאָרבן.


הרב ר׳ יוסף דוד שוב, הי״ד

ר׳ יאָסל דוד׳ס פֿאָטער, ר׳ סענדער שוסטער (אַזוי איז געווען זיין פֿאַמיליע־נאָמען), וועלכער האָט פֿאַרקויפֿט טאַנדעטנע שטיוול צו די פּויערים, איז געווען אַ פּשוט׳ער בית־מדרש־ייד. מיט זיין מוטער, זיסל, האָט גע־טראָפֿן אין דער יוגנט, ל״ע, אַן אומגליק: זי האָט צעבראָכן אַ פֿוס און געבליבן אַ קאַליקע אויפֿן לעבן. האָבן ווייבער געזאָגט, אַז דערפֿאַר האָט גאָט איר אָפּגעצאָלט און מזכה געווען מיט גוטע קינדער. אַלע האָבן זיסלען מיט סענדערן מקנא געווען די קינדער לומדים.

אין 1912 האָט ר׳ יאָסל דוד חתונה מיט מאַריאַשע האָפּ־מאַן, די טאָכטער פֿון ר׳ בנימין משה דעם שוחט פֿון דראָ־היטשין. נאָך דער פּטירה פֿון זיין שווער איז ר׳ יאָסל דוד געוואָרן שוחט אין דראָהיטשין. ער האָט דאַן אויך געטוישט זיין פֿאַמיליע־נאָמען פֿון „שוסטער״ אויף „שוב״ (שוחט ובודק).

ר׳ יאָסל דוד איז געווען שטאַרק אַקטיוו אין דראָהיטשינער קהל׳שן לעבן. זיין טאַלאַנט אַלס בעל דרשן האָט אים פֿיל געהאָלפֿן אין זיין עסקנות. אויף אַלע שטאָטישע אסיפֿות איז ער געווען דער ראש המדברים. ער האָט אויך געזאָגט דעם בלאַט גמרא אין אַלטן בית מדרש.

אין יאָר 1920 איז אים, ל״ע, אָפּגעשטאָרבן די פֿרוי, מאַר־יאַשע, און האָט אים איבערגעלאָזן מיט צוויי קליינע קינדער, אַ יינגל און אַ מיידל. שפּעטער האָט ער חתונה צום צווייטן מאָל און געהאַט נאָך אַ מיידעלע. זיין זון, בנימין משה, האָט געלערנט אין ישיבות. זיין טאָכטער, נחמה, האָט אין דער צייט חתונה געהאַט קיין קאַמין־קאַשירסק.

ר׳ יאָסל דוד׳ס צווייטער ברודער, ר׳ יעקעף, האָט געטאָן אַ שידוך אין קאָוועל, און דער ייִנגסטער ברודער, ר׳ הערשל, האָט חתונה געהאַט קיין רוזשינאַי און דאָרט זיינען זיי פֿאַר־בליבן וווינען.

פֿון דער דאָזיקער גרויסער פֿאַמיליע איז קיין איינער נישט פֿאַרבליבן. אַלע זיינען אומגעקומען. הי״ד! (זע זייט 149, 150.)

# הרב אשר בערעזאָווסקי ז״ל

**הרב** אשר בערעזאָווסקי, ז״ל, איז געבוירן אין דראָהיטשין. זיין פֿאָטער, יצחק בערעזאָווסקי, האָט געהאַט זיין הויז לעבן בריק, אויף קאָברינער גאַס. וועגן הרב בערעזאָווסקי׳ן האָבן מיר כמעט גאָר קיין ידיעות נישט. מיר ווייסן בלויז אַז ער איז געווען רב (נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה) ערגעץ אין אַ שטעטל לעבן לאָמזשע. און איך געדיינק נישט, אַז ער זאָל האָבן ווען עס איז געקומען מיט אַ באַזוך קיין דראָהיטשין.

ר׳ אשר בערעזאָווסקי, מיט זיין פֿאַמיליע און קהלה, זיינען אומגעקומען. הי״ד.

# ר׳ יצחק סידור (סידאַראָוו)

אין אָנפֿאַנג פֿון 19־טן יאָרהונדערט איז אין דראָהיטשין געווען חזן־שוחט ר׳ יצחק בר׳ אברהם. פֿון וואַנען ר׳ יצחק שטאַמט ווייסן מיר נישט. און ווען ער איז אָנגעקומען קיין דראָהיטשין איז אויך נישט באַוווּסט.

ווערדליק עס זעט אויס האָט איינער פֿון זיינע זין, יואל משה (געבאָרן כסלו, 1818), גע׳ירש׳נט זיין שטעלע אין דראָהיטשין.

ר׳ יואל משה׳ס שטעלע האָט פֿאַרנומען זיין זון ר׳ יצחק סידור (סידאָראָוו), אָדער ווי ער איז געווען באַוווּסט אונטערן נאָמען „דער אַלטער חזן״. ער איז געווען אַן אײדעם פֿון אַן אָנגעזעענער גראָדנער משפּחה. ר׳ יצחק איז געווען אַ באַגאַב־טער חזן, וועלכער איז געווען באַרימט אין גאַנצן געגענט. ער איז געשטאָרבן אין טיפֿן עלטער (אַרום 1910). ער האָט געמוזט אַלט זיין אַרום 90 יאָר.

ר׳ יצחק סידור׳ס פֿרוי, חיה־גיטל, באַוווּסט אַלס „די חזנ׳טע״, איז געווען אַ אשה צנועה און אַן עסקנית און זייער פּאָפּולער אין שטאָט. (זע זייט 110)

# הרב יהודה דוד גאָלדמאַן

הרב ר׳ יהודה דוד גאָלדמאַן איז געבאָרן געוואָרן אין דראָ־היטשין. זיין פאָטער ר׳ אליהו, אַ באַוווסטער תלמיד־חכם און משכיל, איז געווען איינער פון די פיר זין פון הרב הג׳ ר׳ יוסף גאָלדמאַן, באַוווסט אַלס „ר׳ יאָסעל דער דיין״. זיין מוטער חיה ליפּטשע האָט געשטאַמט פון אַ חשובער פאַמי־ליע אין בריסק.


הרב ר׳ יהודה דוד גאָלדמאַן

ווען דער קליי־נער יהודה דוד איז נאָך ניט אַלט געווען קיין גאַנצע פיר יאָר, קליבן זיך אַריבער זיינע עלטערן פון דראָהיטשין קיין בריסק. דאָרט לערנט ער ביי די בעסטע מלמדים פון שטאָט און נאָכן ענדיקן די בריסקער תלמוד־תורה, ווו מען האָט געדאַרפט קענען אַ בלאַט גמרא מיט תוספות און מפרשים, לערנט דער יונגער יהודה דוד „פאַר זיך״ אין „משמר־בית־מדרש״ אין בריסק און הערט שעורים פון די ראשי ישיבה, ר׳ שמחה זעליג און ר׳ משה סאָקאָלאָווסקי זצ״ל.

שפּעטער פאָרט ער לערנען אין די ישיבות פון לודמיר (ביי קאָוועל) און לאָמזשע, ווו ער ווערט באַטראַכט פאַר איינעם פון די בעסטע פון די ישיבה־בחורים. ער לערנט אויך 2 יאָר תורה און השכלה אין לידער ישיבה פון הרב ר׳ יצחק יעקב ריינעס, ז״ל, גרינדער פון „מזרחי״, און הערט שעורים פון דעם מייטשעטער עלוי, הרב ר׳ שלמה פּאָליאַטשיק, ז״ל. דאַן פאָרט ער אַריבער אין „כנסת־בית־יצחק״ ישיבה אין סלאָ־באָדקע, ווו ראש ישיבה איז געווען הרב הגאון וצדיק, ר׳ ברוך בער לייבאָוויטש, זצ״ל. דאָרט האָט ער געלערנט דריי יאָר צייט מיט גרויס התמדה.

נאָכדעם לערנט ר׳ יהודה דוד 2 יאָר אין פּאָניוועזשער ישיבה, ביים גאון ר׳ איצעלע פּאָניוועזשער (ר׳ יצחק יעקב ראַבינאָוויטש). די פּאָניוועזשער ישיבה, וועלכע איז אינגאַנצן באַשטאַנען פון 12 בחורים און 8 יונגעלייט, איז געוואָרן גע־גרינדעט און אויסגעהאַלטן דורך דער באַוווסטער וויסאָצקי פאַמיליע.

אין יאָר 1913 האָט ר׳ יהודה דוד חתונה געהאַט מיט דער גערעכטענער שרה אסתר, די טאָכטער פון הרב ר׳ מרדכי זונדל רובינשטיין, ז״ל, מחבר פון „איש יהודי״, „נדודי ברוסיא״ א.א. ר׳ מרדכי זונדעל, וועלכער האָט זיין גאַנצן לעבן געוווינט אין מאַלאַדעטשנע (לעבן ווילנע), איז געווען דער זון פון הרב הג׳ ר׳ אלכסנדר זיסקינד רובינשטיין, זצ״ל, באַוווסט אַלס „ר׳ זיסל ר׳ צמחס״ פון כאָמסק ביי דראָ־היטשין.

נאָך דער חתונה לערנט ר׳ יהודה דוד אין וואָלאָזשינער ישיבה, ווו ער באַקומט, אין יאָר תרע״ד, סמיכה פון הגאון הגדול ר׳ רפאל וואָלאָזשינער, זצ״ל.

הרב יהודה דוד גאָלדמאַן באַזעצט זיך דאַן אין בריסק. מיטן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט מלחמה פאָרט ער אַריבער קיין דראָהיטשין און אין יאָר 1921 קומט ער אָן מיט זיין פאַמיליע קיין שיקאַגאָ.

אין שיקאַגאָ איז הרב גאָלדמאַן געווען רב אין די שוהלן: „בית אברהם״ (3017 דרום וואבאש עוו.), גלייכצייטיק פירער


הרב ר׳ מרדכי זונדל רובינשטיין, ז״ל.

פון דער פסח נייערמאַן תלמוד תורה (10 יאָר), „שערי שלום" און „בית־אליעזר" (דרעקסל בולוואַר).

פון יאָר 1933 ביז 1954 איז הרב גאָלדמאַן רב אין „בית ישראל אנשי יאַנאָווע" שוהל (3905, 14טע סטריט). לעצטנס איז ער רב פון „מחזיקי־הדת" שוהל, אויף דעם אָרט פון הרב הג' ר' חיים מעדניק, ז"ל (נפטר געוואָרן ו' טבת, תשט"ו, 31־טן דעצעמבער, 1954).

הרב גאָלדמאַן האָט פאַר אַ לענגערער צייט באַזוכט דעם „לואיס אינסטיטוט", וווּ ער האָט שטודירט די ענגלישע שפּראַך און ליטעראַטור. ער באַזיצט אויך די העברעאישע שפּראַך, און שרייבט פון צייט צו צייט (אין ענגליש און יידיש) אין פאַרשידענע צייטונגען און זשורנאַלן.

הרב גאָלדמאַן איז דער עקזעקוטיוו־דירעקטאָר פון „מרכז הרבנים דשיקאַגאָ"; דירעקטאָר פון „האיאס", בית מדרש לתורה, ועד החינוך, ידישע טאָג שול („פּאַראָקיעל־סקול") און פון „אוק פאָרעסט"; פינאַנץ־סעקרעטאַר פון דער שוהלן־דיוויזיע פון „קאָמביינד דזשואיש אַפּיל"; סעקרעטאַר פון „קרן הצלה"; דירעקטאָר פון „מזרחי" און שטאָטישן מעות חטים־קאָמיטעט; סעקרעטאַר פון פאַרייניקטן קאָמיטעט פון די בית־עלמין'ס אין וואַלדהיים.

הרב והרבנית גאָלדמאַן האָבן געראָטענע דריי זין און איין טאָכטער: אלכסנדר זיסקינד, תלמיד פון בית מדרש לתורה און אַן „אַקאַונטענד"; הרב אליהו, רב פון „וועסט אוקליין דזשואיש קאָמיוניטי סענטער" אין פילאַדעלפיע; הרב יוסף, רב אין נאָרפאָלק, ווירדזשיניאַ; און מרת חיה ליפשע (איילין) קעיטס, גראַדואירטע „סאָשעל־וואָירקער" און געענדיקטע לערערין פון „קאָלעדזש אָוו דזשואיש סטאַדיעס"; דער איידעם נחום (נאָרמאַן) קעיטס איז פּראַקטיצירנדער הויפּט־אינזשינער פון אַ גרויסער פירמע און געווו. פּרעזידענט און פירער פון דער ציוניסטישער יוגנט־באַוועגונג אין שיקאַגאָ.

# הרב מרדכי מינקאָוויטש

**הרב** ר' מרדכי מינקאָוויטש (מינקאָוו) איז געבאָרן געוואָרן אין בוטען, לעבן סלאָנים. זיין פאָטער, ר' שלום שכנא, אַן אָנגעזעענער בעל־הבית אין שטעטל, האָט געגעבן זיינע קינדער אַן עכט־יידישע דערציאונג.

צו 12 יאָר פאָרט דער יונגער מרדכי צו לערנען אין סלאָנימער ישיבה, און אָפּזייענדיק דאָרט אַנדערהאַלבן יאָר קומט ער אָן אין מירער ישיבה, וווּ ראש ישיבה איז דאַן געווען הרב הגאון ר' חיים לייב, ז"ל. פאַר אַ צייט האָט ער אויך געלערנט אין די ישיבות פון נאָוואַראַדאָק און זשאַלודאָק. פון זשאַלודאָק פאָרט ער אַריבער אין דער דאַן באַרימטער מאַלטשער ישיבה, וועלכע איז געווען אָנגעפירט פון די גרויסע גאונים און ראשי ישיבה, ר' זלמן סנדר און (שפּעטער) פון ר' שמעון שקאָפּ, זצ"ל. אַ יאָר צייט האָט ער אויך געלערנט

אין ראַדינער ישיבה. צום סוף קומט ער אָן אין איישישאָק אין כולל, וווּ די מערהייט פון די בחורים און יונגעלייט האָבן געטאָן אין הוראה, צוגרייטנדיק זיך צו רבנות און טאַקע דאָרט, אין איישישאָק, האָט ר' מרדכי באַקומען סמיכה אויף רבנות.

נאָך דעם זעלבן יאָר 1899, ווען ער איז געוואָרן אַ מוסמך, האָט ר' מרדכי חתונה געהאַט מיט דער יינגסטער טאָכטער פון ר' משה פאַריצקער (וואָלעוועלסקי) פון דראָהיטשין, חנה־ביילע, מיט וועלכער ער האָט געהאַט פינף קינדער, צוויי זין און דריי טעכטער.

פאַר די גאַנצע יאָרן, וואָס ר' מרדכי איז געווען אַ תושב אין דראָהיטשין האָט ער זיך נישט פאַרנומען מיט קיין רבנות. אים האָט בעסער געצויגן צו מסחר. פון זיין לעדער־געשעפט, וואָס ער האָט אויפגעמאַכט גלייך נאָך דער חתונה האָט ער געהאַט פרנסה בכבוד. אין געשעפט האָט אים פיל מיטגע־האָלפן, און אפשר אין גאַנצן, זיין פרוי, חנה־ביילע, וועלכע איז געווען אַן אמת'ע אשת חיל.

ר' מרדכי האָט זיך אָפּגעגעבן פיל מיט שטאָטישע ענינים. ער האָט אין משך פון 23 יאָר אָנגעפירט מיט דער חברה־ש"ס אין אַלטן בית מדרש, וווּ ער איז אויך פאַר דער גאַנצער צייט געווען דער בעל מוסף אין די ימים־נוראים. בכלל, איז ר' מרדכי געווען זייער אָנגעזען אין שטאָט און אַלע האָבן אים געאַכטעט.

אין 1924 איז ר' מרדכי מיט זיין גאַנצער פאַמיליע גע־קומען קיין אַמעריקע. אויף דער עצה פון זיין אַמאָליקן יוגנט־פריינט פון זשאַלודקער ישיבה, הרב הג' ר' ישראל ראָזענ־בערג (פּרעזידענט פון אגודת הרבנים פון אַמעריקע), האָט זיך ר' מרדכי ווידער גענומען צו מסחר. מיט דער אַקטיווער פינאַנציעלער הילף פון די דראָהיטשינער לאַנדסלייט אין ניו־יאָרק האָט ער געעפנט אַ שפּייז־געשעפט („גראָסערי־סטאָר") און עס האָט אים, ב"ה, אָפּגעגליקט. איז ער דאַן אַריין אין הורט־מסחר פון אויל, און אויך אויף דעם געביט האָט ער מצליח געווען.

ר' מרדכי איז געווען, שלא על מנת לקבל פרס, אין משך פון 3 יאָר רב אין דראָהיטשינער שוהל אין ניו־יאָרק און גלייכצייטיק געזאָגט אויך אַ שיעור אין „יבנה"־ישיבה. נאָכדעם איז ער 4 יאָר געווען רב אין וואָלקאָוויסקער שוהל (ניו־יאָרק) און שפּעטער אין אַ שוהל אין בראָנקס.

פאַר דער צייט איז אים, ר' מרדכ'ן אָפּגעשטאָרבן די פרוי, חנה־ביילע, ע"ה, וועלכע איז געווען די עקרת־הבית און דאָס איז פאַר ר' מרדכי'ן געווען אַ גרויסער קלאַפּ. מיט עטלעכע יאָר שפּעטער האָט ער חתונה געהאַט צום צווייטן מאָל מיט שמעון דעם רופא'ס אַ טאָכטער, רבקה. לעצטנס, צוליב זיין עלטער און שוואַכקייט, האָט זיך ר' מרדכי צוריקגעצויגן פון יעדער טעטיקייט. מיט די געשעפטן פירן היינט אָן זיינע צוויי זין, ישראל און מיכאל, וועלכע גייען אין ידישן וועג און האַלטן אָן די טראַדיציע פון זייערע עלטערן. עס דאַרפן אויך דערמאָנט ווערן זיינע טעכטער: שרה, יהודית און אסתר.

# הרב ישראל בארי קאַלאַדנער

הרב ר׳ ישראל בארי־קאַלאַדנער איז געבוירן אין יאָר 1911 אין דראָהיטשין. זיין פאָטער, באַוווּסט אַלס „ר׳ שמואל געצל׳ס״, האָט געשטאַמט פון אַ שיינער משפחה אין אַנטאָפּאָליע. זיין מוטער, שרה, וועלכע האָט אים פאַר׳יתומ׳ט צו 7 יאָר, איז געווען די טאָכטער פון חשוב׳ן דראָהיטשינער בעל הבית ר׳ געצל קאַפּלאַן, וועלכער האָט דערצויגן צוויי זיין רבנים: הרב ר׳ שמואל ישראל קאַפּלאַן, ז״ל, רב פון קאָלנע (לעבן לאָמזשע) און הרב ר׳ אברהם יהודה קאַפּלאַן, ז״ל, דיין פון יאַנאָווע.



הרב ר׳ ישראל בארי קאַלאַדנער

ר׳ שמואל האָט געשטרעבט אָנצוהאַלטן די טראַדיציע פון דער משפחה און געגעבן זיין פּיאיקן זון, ישראל, אַ גרינדלעכע רעליגיעזע דערציאונג ביי די מלמדים פון שטעטל. צו 17 יאָר פאָרט דער יונגער ישראל לערנען אין דער פרעמד.

אַזוי האָט ער געלערנט דריי יאָר אין דער נאָוואַראַדקער ישיבה „בית־יוסף״ אין פּינסק (ראש ישיבה ר׳ משה רייז ז״ל); אַנדערהאַלבן יאָר—אין באַוואַראַדאָקער ישיבה אין ביאַליסטאָק, ביים ראש ישיבה ר׳ אברהם יפין; און 10 יאָר—אין קאַמעניצער ישיבה „כנסת בית־יצחק״, ביי ר׳ ברוך בער לייבאָוויץ, זצ״ל, און זיין איידעם ר׳ ראובן גראָזאָווסקי, שליט״א.

באַקומענדיק סמיכה פון הה״ג ר׳ ברוך בער׳ן און פון הרב וויינשטיין (ראש ישיבה פון דער „בית־יוסף״ ישיבה אין פּינסק), איז הרב קאַלאַדנער, אין יאָר תרצ״ג, עולה קיין ארץ ישראל. דאָרט לערנט ער במשך פון עטלעכע יאָר אין דער חברונער ישיבה אין ירושלים.

אין תרצ״ח קומט אָן ר׳ ישראל פאַר אַן איידעם צו דעם באַוווּסטן ירושלימער רב און מקובל ר׳ יעקב משה חרל״פ (חאַרלאַפּ), ז״ל, מיט דער צושטימונג און מיטהילף פון זיין רביצין, חנה דינה, זעצט פאָר ר׳ ישראל זיין לערנען ביי זיין שווער אין שטוב מיט גרויס התמדה.

אין תש״ג ווערט ר׳ ישראל אויפגענומען פאַר אַ רב אין דער אַלטער קאָלאָניע נס־ציונה, ווו ער צייכנט זיך אויס מיט זיין טעטיקייט אויף פאַרשיידענע געביטן. ער לערנט מיט די עלטערע יידן ש״ס, זאָרגט פאַר דעם תורה־חנוך פון די קינדער; גרינדעט אַ גמילות־חסדים קאַסע פאַר די אורחים פון דער קאָלאָניע; שאַפט אַ קופּת־צדקה פאַר דורכוואַנדערנדיקע אורחים; באַזאָרגט די נייע עולים מיט דירות א.א.וו.

אין תש״י דערשיינט הרב בארי׳ס ערשטער ספר „משנת ראשונים״ (חלק א׳), וועגן וועלכן די ארץ־ישראל פּרעסע האָט זיך וואַרעם אָפּגערופן. דער צווייטער טייל „משנת־ראשונים״ איז אין דרוק און וועט בקרוב דערשיינען. נאָך אַ ספר „הגיוני קדם״ זיינער געפינט זיך אין כתב־יד. איצט אַרבעט ער אויף אַ פערטן ספר „שו״ע הלכות דעות״. ר׳ ישראל שרייבט אויך תורה מאַמרים אין פאַריאָדישע ארץ־ישראל׳דיקע אויסגאַבעס.

הרב והרבנית בארי האָבן 4 זין און איין טאָכטער.

פון הרב קאַלאַדנערס גרויסער משפחה זיינען פאַרבליבן צוויי ברידער און איין שוועסטער: יחזקאל אין קובאַ, מרדכי און רחל מיט איר מאַן, בערל וואַרשאַווסקי און קינדער, אין ארץ־ישראל. זיין פאָטער, ר׳ שמואל, איז געשטאָרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט אין דראָהיטשינער געטאָ...

---

# הרב מנחם מענדל פּעער

הרב מנחם מענדל פּעער־פּערקאָוויצקי, איז אַ געבוירענער פון דראָהיטשין. זיינע עלטערן, ר׳ יחיאל און סלאַווע, האָבן אים געגעבן אַן עכט־יידישע דערציאונג. נאָך אַלס קינד לערנט ער ביי די מלמדים חיים מיכאלסקי, שמעון נאַהוועריער א.א. שפּעטער לערנט ער גמרא ביי ר׳ משה וועלוועל שקאָלניק, ר׳ אליהו מאַכליס און ביי ר׳ מרדכי מינקאָוויטשן, אין דער ישיבה אין דראָהיטשין. אויסשטייגנדיק אין לערנען פאָרט ער אַוועק אין דער סלאָבאָדקער ישיבה, ווו ער האָט אין משך פון יאָרן, ביז דעם אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, געלערנט מיט גרויס התמדה.

אין יאָר 1920 קומט אָן ר׳ מנחם מענדל (מיט זיינע עלטערן) קיין אַמעריקע און טרעט גלייך אַריין אין ר׳ יצחק אלחנן־ישיבה. אַלס „סלאָבאָדקער״ האָט ר׳ מנחם, מיט זיין לערנען און שטרייננג־יידישער הנהגה, געוואָנען גרויס התקרבות מצד די מנהלים פון דער ישיבה.

אַלס אַ מוסמך פון די גאונים ר׳ משה מרדכי עפּשטיין, ז״ל, און, יבדל לחיים, ר׳ אהרן קאָטלער, שליט״א, איז הרב ר׳ מנחם מענדל פּעער געוואָרן אויפגענומען אַלס רב אין סאַוט אָזאָן־פּאַרק, לאָנג איילאַנד.

הרב פּעער איז אַ מיטגליד פון דער „הסתדרות הרבנים״. ער איז אויך טעטיק אין דער דראָהיטשינער לאַנדסמאַנשאַפט אין ניו־יאָרק.

הרב מנחם מענדל פּעער איז באַוווּסט אַלס ירא שמים און אדוק במצוות.

---

# הרב דוב ב. וואַרשאַווסקי

**הרב** דוב בער וואַרשאַווסקי איז געבוירן אין דראָהיטשין צו זיינע עלטערן ר׳ דוד און פייגעל. פון זיין פאָטערס צד שטאַמט ער אָפּ פון דעם דראָהיטשינער אב בית־דין, דעם גאון און מקובל, ר׳ דוד׳ל יפה, זצ״ל. ער האָט געלערנט אין חדר און פריוואַט ביי די בעסטע מלמדים און לערער פון שטעטל. אַ חוץ למודי־קודש האָט וואַרשאַווסקי אויך שטודירט למודי־חול. ער האָט שטענדיק געהאַט די אַמביציע צו זיין פון די פלייסיקסטע און בעסטע תלמידים פון חדר אָדער קלאַס.

סוף 1921 שיקט אים זיין פאָטער צו לערנען אין דער פרעמד. צוליב אַ צופאַל ווערט ער מגולגל קיין ווילנע און קומט אָן אין „ראַמיילעס״־ישיבה, וועלכע איז דאַן אָנגעפירט געוואָרן פון הרה״ג ר׳ הירש גראָדזענסקי, אַ ברודער פון גאון ר׳ חיים עוזר גראָדזענסקי, ז״ל. אין ווילנער ישיבה האָט ער געלערנט 2 יאָר, און אין דער פרייער צייט האָט ער אויך באַזוכט גורעוויטשעס סעמינאַר.

פון 1923 ביז 1932 האָט דוב געלערנט אין גראָדנער ישיבה, ביים באַרימטן גאון און ראש ישיבה, ר׳ שמעון יהודה שקאָפּ, זצ״ל. אין צווישנצייט האָט ער אין משך פון אַ קאַרגן יאָר אויך געלערנט אין קאָברינער ישיבה, ווו ראש־ישיבה איז געווען הרב הגאון ר׳ פסח פרוסקין, ז״ל.

אין 1932 פאָרט ער אַוועק קיין וואַרשע, שליסט זיך איין אין בית־מדרש אויף טוואַרדע 10 און טוט אין הוראה. גלייכצייטיק פירט ער אָן פאַר אַ קורצער צייט מיט דער ישיבה, וואָס האָט זיך געפונען אין זעלבן בית־מדרש.

אין 1933 באַקומט ר׳ דוב סמיכה פון די פאָלגנדיקע רבנים גאונים: הרב ר׳ שלמה דוד כהנא (הויפּט־רב פון וואַרשעווער ראַבינאַט); הרב ר׳ יצחק שוסטער (סאָקאָלקער רב); הרב ר׳ יחיאל מאיר בלומענפעלד (ר״מ פון „תחכמוני״), ז״ל, ווי אויך אַן אָפיציעלע סמיכה אין פויליש (פאַר דער מאַכט), גע׳חתמ׳עט פון די רבנים פון וואַרשעווער בית־דין: הרב שלמה דוד כהנא, הרב מ. קאנאל, הרב פ. זילבערשטיין און הרב חיים פאָזנער, ז״ל.

פון דאַן אָן (1932) ביז זיין אַוועקפאָרן קיין ענגלאַנד האָט הרב וואַרשאַווסקי געלעבט אין וואַרשע. ער איז געווען רב אין שוהל פון „ברית־החייל״ אויף עלעקטאָראַלניע גאַס, און האָט אויך געלערנט גמרא מיט די עלטערע קינדער פון די ידישע פאָלקס־שולן אויף טוואַרדע 14 און קופּעצקי גאַס.

אויסנוצנדיק זיין גרויסע באַקאַנטשאַפט צווישן די וואַרשעווער עסקנים, האָט וואַרשאַווסקי באַזאָרגט פיל דראָהיטשינער קראַנקע מיט דאָקטוירים; אַריינגעגעבן זיי אין שפּיטאָל אויף טשיסטע; געלאָפן עטלעכע מאָל אַ וואָך אין שפּיטאָל מבקר־חולה זיין די חולאים און געטראָגן זיי עסן; געניצט זיין פּראָטעקציע ביי די פּאַרטייען וועגן באַקומען סערטיפיקאַטן; און בכלל מקרב געווען יעדן דראָהיטשינער, וואָס האָט זיך געפילט פרעמד און עלענד אין דער גרויסער פרעמדער שטאָט.

דעם 15־טן נאָוועמבער, 1938, געלינגט הרב וואַרשאַווסקי׳ן אַרויסצורייסן זיך פון באַדראָטן וואַרשע און אָנצוקומען קיין ענגלאַנד. דעם 20־טן אַפּריל, 1939, האָט ער דאָרט חתונה מיט חנה׳ן, די טאָכטער פון הרב יהושע און רביצין רחל שפּעטמאַן פון לאָנדאָן. אין פאַרלויף פון 8 יאָר איז וואַרשאַווסקי געווען רב אין טיזדייל סטריט שוהל, וואו ער האָט אויך געגרינדעט אַ תלמוד־תורה.

דעם 21־טן אַפּריל, 1950, קומט אָן הרב וואַרשאַווסקי מיט זיין פאַמיליע קיין אַמעריקע און באַזעצט זיך אין שיקאַגאָ, ווו ער איז אַ חבר פון „מרכז־הרבנים״ און אין משך פון דריי יאָר רב אין אַ שוהל.

## געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט

זייענדיק פון נאַטור עמפּינדלעך צו די ליידן פון דעם געיאָגטן און געפּלאָגטן און בכלל צו ייִדישע צרות און פאַרפאָלגונגען, ווערט הרב וואַרשאַווסקי נאָך פון זיין פריסטער יוגנט באַהערשט פון דער ארץ־ישראל אידייע. ער איז אַן אַקטיווער זאַמלער פאַר די קרנות און ענערגישער מיטבויער פון ייִדישן לאַנד, פאַר וועלכעס ער איז געוואָרן באַערט מיט אַן אויסצייכנונג פון דער ציוניסטישער צענטראַלע אין וואַרשע.

שפּעטער, מיט דער פאַרשאַרפונג פון די פאַרטיי־קאַמפן אויף דער ייִדישער גאַס, און באַזונדערס צוליב די אַראַבישע פּאָגראָמען אויף די ייִדן אין ארץ ישראל (1929), שטעלט זיך הרב וואַרשאַווסקי אויף דער זייט פון זאב זשאַבאָטינסקי׳ס רעוויזיאָניסטישער באַוועגונג. ער איז הויפּט־מיטגרינדער און סעקרעטאַר פון הצה״ר אין דראָהיטשין.

אין 1932 טראָגט ער איבער זיין טעטיקייט אויף דעם וואַרשעווער באָדן. ער איז פאַרוואַלטונגס־מיטגליד (1933) פון וואַרשעווער „ברית ישורון״ (רעליגיעזע רעוויזיאָניסטן); מיטגרינדער פון אַלוועלטלעכן „ברית־ישורון״ און „ברית־חשמונאים״; געווען דעלעגאַט פון „ברית־ישורון״ אויף דעם גרינדונגס קאָנגרעס פון דער נ. צ. אָ. (נייע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע) אין ווין אין 1935; געוו. מיטגרינדער (1935) און מיטגליד פון הויפּט־לייטונג פון „איחוד־דתי״, שפּעטער „אחדות־ישראל״ (פאַראייניקונג פון „ברית ישורון״ און גרופּעס פון מזרחי און אגודה) ביי דער נ. צ. אָ., און מיטאַרבעטער פון אירע אָרגאַנען „רעליגיעזער פראָנט״ און „ייִדישע טריבונע״; געוו. קצין און מנהל־תרבותי פון הויפּט־קאָמאַנדע פון „ברית־ישורון״; געוו. קצין און קולטור־סעקרעטאַר פון וואַרשעווער קרייז־קאָמאַנדע פון „ברית־החייל״; רב פון וואַרשעווער ברית־החייל־שוהל; געוו. מיטגליד פון נאַציאָנאַל־ייִדישן

הויפּט־וואַל־קאָמיטעט צו די סיים־וואַלן, 1935; מיטגליד פון וואַרשעווער שטאָט־קאָמיטעט פון קרן „תל־חי״; פּרעזידיום־מיטגליד פון וואַרשעווער הצה״ר אין 1937; געוו. מיטגרינדער און נאָענטער מיטאַרבעטער פון ר׳ הלל צייטלינ׳ס, ז״ל, „כל



פון לינקס: הרב דוב וואַרשאַווסקי, זאב־זעליג, יהודית־גיטל, דוד (קינדער), חנה (פרוי) און הרב י. שפּעטמאַן (שווער), 1954

ישראל״־באַוועגונג; געוו. מיטגליד פון צענטראַלן יוגנטלעכן אָפּוועך־קאָמיטעט קעגן דער שחיטה־גזרה אין 1936; געפּלאַנע־וועט צו אָרגאַניזירן פון אַלע ידישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס אַ זעלבסטשוץ קעגן די פּאָגראָמען פון די פּאָליאַקן אויף יידן; האָט מיט זיינע חיילים פיל מאָל צוריקגעשלאָגן די כוליגאַנעס; איז אַרומגעפאָרן איבער שטעט און שטעטלאַך אין פּוילן (אויף זיינע אייגענע הוצאות) און אַגיטירט פאַר אַ יידישער מלוכה, יידישער אַרמיי און רעטונגס־עוואַקואַציע.

קומענדיק קיין לאָנדאָן זעצט ער פאָר די זעלבע טעטיקייט. ער בויט אויף דעם הצה״ר אין מזרח־לאָנדאָן, וועקט די ידישע באַפעלקערונג צו ראַטעווען די יידן פון די מזרח־לענדער, און באַקעמפט ביטער דעם אַנטיסעמיטיזם פון דער פּוילישער גלות־קאָלאָניע אין ענגלאַנד און אירע „מאַשקעס״...

מיטן טויט פון זאב זשאַבאָטינסקי, ע״ה, און באַזונדערס צוליב די שרעקלעכע דייטשע הריגות אויף די יידן, קומט פאָר אַ גייסטיקער איבערברוך אין הרב וואַרשאַווסקי׳ס געדאַנקען־גאַנג. ער רייסט איבער מיט זיין גאַנצער פריערדיקער טע־טיקייט און הויבט־אָן פאַרמירן אַ נקמה־באַוועגונג קעגן די דייטשע רוצחים.

אין יאַנואַר 1945 אָרגאַניזירט הרב וואַרשאַווסקי אין לאָנ־דאָן אַ „פאָלקס־באַוועגונג פון גואלי־הדם״, וועמענס ציל איז: „צו באַוועגן דאָס פאָלק צו פאַראייביקן די 6־7 מיליאָן יידישע קדושים, וועלכע זיינען אומגעבראַכט געוואָרן פון די מערדע־רישע דייטשן אין ת״ש־תש״ה, דורך אַ חרם אויף דייטשלאַנד און דייטשן!״ ער פירט אַ שאַרפן קאַמף קעגן דעם לאָנדאָנער וויקטאָר גאָלאַנץ און זיינס גלייכן, וועלכע פּרידיקן מחילה וסליחה פאַר דעם דייטשן מערדער־פאָלק, א.א.וו.

די דאָזיקע חרם־נקמה־אַקציע פירט ער אָן, מיט פייער און צאָרן, אין וואָרט און אין שריפט, אויך אין אַמעריקע עד־היום. ער איז געווען און איז אויך איצט אַן אומקאָמפּראָמיסלעכער בײַקעמפער פון דעם ייִדיש־דייטשן אָפּמאַך (10 סעפּטעמבער, 1952), און איז דורכאויס קעגן צו נעמען די דייטשע „גוט־מאַכונג״־געלטער.

## ליטעראַרישע טעטיקייט

פּאַראַלעל מיט זיין ישיבה־שטודיום און געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט איז הרב וואַרשאַווסקי אויך אַקטיוו מיט זיין פּען אויף דעם ליטעראַרישן געביט. נאָך אַלס יינגל האָט ער גע־שריבן נשקשה׳דיקע העברעאישע שירים. אין יאָר 1928 דע־ביוטירט ער מיט אַן אַרטיקל אין ווילנער „דאָס וואָרט״. ער שרייבט דאַן פיל אין די פּראָווינציעלע צייטונגען, און איז דער אָפיציעלער פּאָלעמיסט פון דער גראָדנער ישיבה אין גראָדנער יידישער פרעסע לטובת דער ישיבה.

קומענדיק קיין וואַרשע באַפריינדעט זיך הרב וואַרשאַווסקי מיט דעם האַמאָלטיקן רעדאַקטאָר פון „דער מאָמענט״, יוסף העפּטמאַן־עמנואל (הײַנט רעדאַקטאָר פון „הבקר״), און ער הויבט זיך אָן צו דרוקן אין „מאָמענט״. צו דער זעלבער צייט דערשיינען זיינע פאָרטרעטן אין דער ליטעראַרישער ביילאַגע פון „אונזער עקספּרעס״, אונטער דער רעדאַקציע פון אהרן צייטלין. וואַרשאַווסקי ווערט אַזוי אַרום אַריינגעוועבט אין דער שרייבערישער משפחה, וועלכע האָט געהאַט איר מקום מנוחה אויף טלאָמאַצקע 13 און שפּעטער אויף גראַניטשנע 6.

גאָר באַזונדערס באַפריינדעט איז הרב וואַרשאַווסקי געווען מיט דעם גרויסן דענקער און שריפטשטעלער, הקדוש, ר׳ הלל צייטלין און זיין משפחה, הי״ד, וועמענס צוטרוי און התקרבות ער האָט געוווּנען גלייך פון זיין ערשטן וויזיט ביי צייטלינען אין הויז (שליסקע 60). ביז זיין פאַרלאָזן וואַרשע איז ער געווען דאָרט אַ יוצא ונכנס, אַ בן־בית. טאַקע אין צייטלינס הויז האָט ער זיך באַקאַנט מיט זיין זווג און אין צייטלינס הויז איז אויך פאָרגעקומען די צערעמאָניע פון זיין תנאים־שרייבן...

פון 1936 ביז סוף 1938 איז וואַרשאַווסקי, דער רעדאַקציע־סעקרעטאַר פון „יידישן געזעלשאַפטליכן לעקסיקאָן״ (אַרויס־געגעבן פון ד״ר ראובן פעלדשוה, 1939, וואַרשע). דער גאַנצער מאַטעריאַל פון לעקסיקאָן איז באַאַרבעט און רעדאַקטירט געוואָרן דורך אים.

פאַר זיין אָפּפאָרן קיין ענגלאַנד האָט דער שעף־רעדאַקטאָר פון „מאָמענט״, צבי פּרילוצקי, באַשטימט וואַרשאַווסקי׳ן פאַר דעם קאָרעספּאָנדענט פון „מאָמענט״ פאַר מערב־אייראָפּע.

אין לאָנדאָן האָט הרב וואַרשאַווסקי מיטגעאַרבעט אין אַלע יידישע צייטונגען און זשורנאַלן, באַזונדערס אין דער „צייט״ און אין „לשון און לעבן״. ער דרוקט אָפּ דריי בראָשורן: „איך באַשולדיק!״ (אַפּריל 1941), „פאַלשע משיחים״ (נאָוו.

1941) און „גאַסן־מענטשן" (דעצ., 1942). ער איז אויך אָנגעגאַנגען מיט הכנות אויף אַרויסצוגעבן אַ „יידישן געזעלשאַפטלעכן לעקסיקאָן" פון לאָנדאָנער יידישן לעבן, נאָר די מלחמה האָט צעשטערט די פּלענער. זינט 1939 איז וואַרשאַווסקי אַ מיטגליד פון „יידישן ליטעראַטן און זשורנאַליסטן פאַראיין" פון ענגלאַנד.

אין שיקאַגע איז הרב וואַרשאַווסקי דער אַרויסגעבער און רעדאַקטאָר פון „שיקאַגער צייטשריפט" (פון סעפּט., 1950); רעדאַקטירט „שיקאַגער בולעטין" פון „מרכז־הרבנים" (1954); באַאַרבעט און רעדאַקטירט דעם יזכור־בוך „דראָהיטשין"; איז דער מחבר פון ספר „מגילת איכה פון דריטן חורבן" (1952), און האָט אויך גרייט צום דרוק אַ בוך עסייען.

הרב וואַרשאַווסקי האָט מיטגעאַרבעט און געשריבן צייט־לידער, פּובליציסטישע אַרטיקלען, אָפּהאַנדלונגען, פּאָרטרעטן, זכרונות, בילדער און עסייען אין די פאָלגנדע צייטונגען:

„דאָס וואָרט" (ווילנע); „גראָדנער מאָמענט" (1929); „גראָדנער עקספּרעס" (1930); „דאָס אידישע טאָגבלאַט" (וואַרשע, תרצ"א); „פּינסקער וואָרט" (1931־32); „בריסקער שטימע" (1932); „דער מאָמענט" (וואַרשע, 1932־39); „ראַדיאָ" (נאָכמיטאָג בלאַט פון „מאָמענט"); „היינט" און „היינטיקע נייעס" (וואַרשע); „אונזער עקספּרעס" (וואַרשע); „רעליגיעזער פראָנט" און „אידישע טריבונע" (וואַרשע); „דער נייער רוף" (הרב ש. אורבאַך, 1939 וואַרשע); „די צייט" (מ. מייער לאָנדאָן, ענגלאַנד); „די וואָכענצייטונג" (לאָנדאָן); „קענעדער אָדלער" (1941); „אונזער וואָרט" (פון גאָלדענבערג, לאָנדאָן, 1943); „לשון און לעבן" (פון דיכטער שטענצל, לאָנדאָן); „ציון אין קאַמף" (פּאַריז, 1949); „שוהל־לעבן" (א. רייכמאַן, נ. י., 1955).

געוואָרן איבערדרוקט אין „די אידישע וועלט" (פילאַדעלפיע, קליוולאַנד, 1941); „ישורון", „אונזער וועלט" (מינכען, 1948); „מורה דרך" (זאַלצבורג, 1947); „אונזער ציל" (לינז).

וואַרשאַווסקי'ס עלטערן (דוד און פייגל) און שוועסטער (פרומע־גיטל) זיינען אומגעקומען. הי"ד!

די וואַרשאַווסקי'ס האָבן דריי קינדער אין שול־עלטער: יהודית־גיטל, זאב־זעליג און דוד.

### ביבליאָגראַפיע:

„יידישער געזעלשאַפטליכער לעקסיקאָן" (ביאָגראַפיע פון וואַרשאַווסקין, זייט 898); „היינט" (7 אַפּריל, 1939, וואַרשע); „דער מאָמענט" (26 מאַי, 20 יוני, 1939, וואַרשע); „די וואָכענצייטונג" (2 מאַי, 12 דעצעמבער, 1941, לאָנדאָן); „טהע דזשואיש סטענדערד" (2 מאַי, 1941, לאָנדאָן); „פּאָליש דזשואיש אָבסערווער" (8 יאַנואַר, 1943, לאָנדאָן); „תרבות" (זשורנאַל, תש"ח, לאָנדאָן); „די צייט" (13 און 16 אַפּריל, 1950, לאָנדאָן); „די אידישע שטימע" (6 פעב., 1953, לאָנדאָן); „סענטענעל" (25 מאַי, 1950, שיקאַגאָ); „דער מאָרגען־זשורנאַל" (21 מערץ, 1947; 25 אפּריל, 30 מאַי, 16 יוני, 1950; 23 יאַנואַר, 1952, ניו־יאָרק); „דער טאָג" (3 מאַי, 1950; 2, 23 נאָוו., 1951, ניו־יאָרק); „טאָג־מאָרגען זשורנאַל" (2 פעב. 37 דעצ., 1953; 8 יולי, 1954, ניו־יאָרק); „פאָרווערטס" (27 אפּריל, 1950, ניו־יאָרק; 5 מאַי, 14 יוני, 18 יוני, 1950, שיקאַגאָ); א.א.

---

# דאָס לעבן און פּטירה פון כאָלאָזשינער רבי

„ראַדיאָ" („מאָמענט"), וואַרשע, 26טן אָקטאָבער, 1932.

ווי עס איז שוין געווען געמאָלדן, איז דעם 20טן ד.ח. (אָקט.), נפטר געוואָרן אין דראָהיטשין דער „כאָלאָזשינער רבי", אָדער שמיד, ווי מען האָט אים גערופן, ר' אליה מרדכי לעווינאָוויץ, ז"ל.

הגם ער איז געווען גענוג פּאָפּולער און באַוואוסט אַפילו ווייט אויסער די גרעניצן פון פוילן, דאָך זיינען דאָ זייער ווייניק מענטשן, וועלכע האָבן געוווסט ווי אָפּצושאַצן זיין גדלות, צדקות או"וו.

דער כאָלאָזשינער רבי איז געווען אַ מערקווירדיקע און רעטזעלהאַפטע פּערזענלעכקייט. דער כאָלאָזשינער רבי האָט ניט געהערט צו דעם סוג רביים, וואָס פראַוועון חסידות, פירן טישן און זיינען אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן מיט חסידים.

ער איז אויך ניט געווען קיין גרויסער למדן, וועלכער זאָל זיצן גאַנצע טעג און נעכט איבער אַ גמרא. ער האָט אַפילו קיינמאָל קיין ישיבה ניט באַזוכט. ער איז אָבער געווען אַ גרויסער ירא־שמים און בעל־מעשה. ער האָט שטענדיק אַריינגעקוקט אין אַ ספר. ער איז געווען אַ גרויסער נדבן, אַ מכניס־אורח און אַ בעל־מדות, אַ מענטש פון מעשים. ער האָט פיינט געהאַט פרסום. ער פלעגט אַלע זיינע מעשים טאָן געהיים, אַז קיינער זאָל ניט וויסן. ער האָט געלעבט זייער באַשיידן, צוריקגעהאַלטן און האָט זיך זייער איינפאַך געקליידט. ווינטער פלעגט ער גיין אָנגעטאָן אין אַ פויערשן פעלץ, מיט די האָר אויף אויבן. זאָבער דאָך — ווער עס האָט געהאַט אַ גוטן חוש השמיעה, האָט געקענט הערן, ווי ער האָט, בעת'ן קלאַפּן מיט'ן האַמער

איבער דער קאָוואַדלע, אויסגעזונגען אַ פּסוק פון תהלים. מען האָט גלייך דערפילט, אַז דאָ האָט מען צו טאָן מיט ניט קיין געוויינלעכן מענטש, נאָר מיט אַ נסתר, אַ ירא־שמים...

אוּן מענטשן האָבן אָנגעהייבן פאָרן צו אים נאָך ברכות. די מאַסן האָבן געפּאָ־דערט פון אים, ער זאָל „נתגלה" ווערן...

ר' אלי' איז גע־בוירן געוואָרן אין 1846 אין אוטיאַן, ביי ווילנאָ. דער פּאָטער זיינער, יעקב, איז געווען אַ פּאָדראַד־טשיק און איז געווען זייער אָנגעזען אין שטעטל.


ר' אליהו מרדכי לעווינאָוויץ ז"ל

צו 7 יאָר ווערט דער קליינער אלי' פּאַר'יתומ'ט פון זיין פּאָטער. די מוטער האָט דאַן, צום צווייטן מאָל, חתונה מיט אַ געוויסן דוד באַשעס אין יאַקאָוולעוו, אַ יידישע קאָלאָניע ביי דראָהיטשין.

מיט עטלעכע יאָר שפּעטער קומט אלי' אָן אַלס לערנ־ייגל צו אַ שמיד אין דראָהיטשין און לערנט זיך קלאַפּן מיטן האַמער. שוין דאַן, נאָך אַלס יונגער ייִנגל, האָט ער זיך אַרויס־געוויזן צו זיין אַ גרויסער ירא שמים. אַז ער איז געוואָרן עלטער, האָט ער חתונה מיט אַ מיידל פון פּינסק און באַזעצט זיך אויף שטענדיק אין דאָרף כאָלאָזשין, 17 קילאָמעטער פון פּינסק, — פון דאַנען שטאַמט דאָס זיין נאָמען „כאָלאָ־זשינער". ער עפנט דאָרט אַ קוזשניע און פאַרנעמט זיך מיט שמידעריי. גלייכצייטיק דינגט ער זיך אַ רביק, מיט וועמען ער לערנט אין דער ליידיקער צייט. אויסער דעם פאַסט ער גאַנץ אָפט, גייט טבילה אפילו ווינטער אין טייך, נעמט אויף יעדן אורח וואָס גייט פאַרביי זיין שטוב, אאַ"וו.

באַלד הייבן אָן צו קורסירן פאַרשידענע וווּנדערלעכע מעשיות וועגן דעם שמיד, און דער עולם הייבט אָן פאָרן צו אים נאָך עצות און ברכות...

אַזוי האָט זיך דאָס געצויגן 42 יאָר. ביז וואַנען עס איז אויסגעבראָכן די וועלט־מלחמה. דאַן האָט דער „כאָלאָזשי־נער", צוליב דעם קריגס־פראָנט, וועלכער האָט זיך געפו־נען ניט ווייט פון כאָלאָזשין, געמוזט פאַרלאָזן זיין וווינונגס־אָרט און האָט אַריבערגעוואַנדערט אין דאָרף האַרבאַכע ביי דראָהיטשין. אין יאָר 1920, באַזעצט ער זיך אין דראָהיטשין, ווו ער האָט זיך געפונען ביז דער פּטירה. זעלבסטפאַרשטענד־לעך, אַז די לעצטע פאַר צענדליק יאָר האָט ער, צוליב זיין עלטער, שוין ניט באַשעפטיקט זיך מיט זיין שמידעריי־פאַך, נאָר די קינדער זיינע פלעגן אים אויסהאַלטן. פון די געלדער, וואָס מ'פלעגט אים ברייענגען פאַר זיינע עצות און ברכות, פלעגט ער אַליין ניט געניסן נאָר עס צעטיילן פאַר ישיבות.

לעצטנס איז ער שוין געווען שטאַרק אָפּגעשוואַכט און שוין כמעט ווי ניט געהערט, דאָך איז ער נאָך געווען ביי דעם פולן באַוווסטזיין, און אפילו צוויי שעה פאַר דער פּטירה, האָט ער נאָך אָנגענומען בקשות.

לויט אַ צוואה פון דעם נפטר, האָט מען אים מיטגעגעבן אין קבר גאַנצע צוויי זעקלעך מיט קבלות אויף דערהאַלטענע סומעס געלט, וועלכע ער האָט צעטיילט פאַר ישיבות און אַנ־דערע וווילטעטיקע מוסדות.

דוב ב. וואַרשאַווסקי.

**
*

קאָרעספּ. פון דראָהי. אין „פּינסקער וואָרט", 15 אַפּריל, 1932

## אַ ייד פון אַמעריקע שרייבט צום כאָלאָזשינער

היינטיקע וואָך איז דערהאַלטן געוואָרן אַ בריוו פון אַמע־ריקע, אַדרעסירט צו דעם „כאָלאָזשינער", אין וועלכן דער שרייבער פון דעם בריוו בעט דעם הייליקן רבי, אַז ער זאָל העלפן אויסגעפינען לינדבערג'ס פאַרלאָרנגעגאַנגענע קינד.

מיר גיבן דאָ דעם פולן אינהאַלט פון בריוו:

„י"ג אדר ב', תרצ"ב.

„הייליקער רבי!

„אַזוי ווי אַ קינד פון צוואַנציק מאָנאַטן אַלט איז גע־וואָרן אָוועקגע'גנב'עט פון זיינע עלטערן דאָ אין די פאַראיי־ניקטע שטאַטן, וואָלט איך זייער געוואָלט וויסן, אויב עס איז מעגלעך, פריער פאַר „השם יתברך" און דאַן דורך אייך, מיר אָנצוזייגן ווו צו געפינען דאָס קינד. דעם קינדס עלטערן זיינען בישט קיין יידן, זיי הייסן לינדבערג...

„עס איז שוין פיר וואָכן, אַז מ'זוכט דאָס קינד און ס'איז אונמעגלעך אים צו געפינען. עס וואָלט געווען זייער אַ גרויסע ערע פאַר די יידן אין דעם לאַנד, אויסגעפינען דאָס קינד. איך האָף צום „השם יתברך", מען זאָל קענען דורך אייך אויסגעפינען דעם ריכטיקן פּלאַץ, ווו דאָס קינד געפינט זיך.

„איך האָף צו הערן גוטע נייס פון אייך. בעט'ס ג־ט פאַר מיר און מיין פאַמיליע. מיט אַכטונג, ת. ח. בלום".

דאָס איז דער פולער טעקסט פון בריוו, אין וועלכן עס זיינען אויך געלעגן 5 דאָלאַר.

דער רבי האָט זיך זייער שטאַרק פאַראינטערעסירט מיטן אינהאַלט פון בריוו.

נאָך אַ לאַנגן אַריינטראַכטן זיך אין דער זאַך, האָט ער געענטפערס פאָלגענדעס:

„דאָס קינד איז קראַנק, ר"ח סיון וועט מען געוויר ווערן..."

דער ענטפער איז גלייך איבערגעשיקט געוואָרן אין אַמע־ריקע.

דער בריוו, און איבערהויפּט דער ענטפער פון דעם „כאָלאָזשינער", האָבן ביי אונז אין שטאָט אַרויסגערופן אַ פאַרשטענדלעכע סענסאַציע. אַלע זיינען געשפּאַנט צו וויסן, צי דער ענטפער וועט זיך אַרויסווייזן פאַר ריכטיק. — ד.ב.וו.

שמואל לעוו (ניו־יאָרק)

# ר׳ אליהו מרדכי לעווינאָוויץ ז״ל

## א.

צווישן די אונצייליקע לעגענדעס וועט אַמאָל אויך פאַרנעמען אַ באַזונדערן פּלאַץ די געשיכטע פון דעם איינפאַכן אָבער פּאָפּולערן דאָרפישן צדיק, באַוווּסט א.נ. „דער כאָלאָזשינער שמיד". ר׳ אליהו מרדכי לעווינאָוויץ האָט זיין יוגנט אַדורכגעמאַכט אין גרויס אָרעמקייט און דחקות. ער האָט געדאַרפט אַרבעטן שווער און ביטער אין זיין קוזשניע אין כאָלאָזשין כדי צו שפּייזן זיך פרוי און קינדער. צו אַלעמען איז אים פּלוצלונג גאָר יונג אָפּגעשטאָרבן זיין פרוי און ער האָט געמוזט אויך זיין אַ מוטער צו זיינע קליינע קינדער. אין קורצן נאָכדעם האָט ער חתונה געהאַט צום צווייטן מאָל. און דאָ הייבט זיך אָן דאָס עולה לגדולה זיין פון דעם כאָלאָזשינער שמיד.

ניט אַזוי שנעל און גרינג איז אים דער שנוי לטובה אָנגעקומען. נאָר זיין שטאַרקע עקשנות איז אים בייגעשטאַנען, און ער האָט מקיים געווען דעם מאמר חז״ל: „הוי עז כנמר וקל כנשר, רץ כצבי וגבור כארי".

דעם ערשטן תנאי מיט זיין צווייטער פרוי האָט ער געמאַכט אַז זי זאָל אים נישט שטערן אין זיין נייער אונטערנעמונג, צו גיין לערנען תורה.

ר׳ אליהו מרדכי לעווינאָוויץ האָט איינגעזען, אַז צו נעמען אַ מלמד צו זיך אין דאָרף איז ניט פאַר זיינע כחות, האָט ער זיך געמאַכט אַ סדר: מאָנטיק און דאָנערשטיק האָט ער עולה־רגל געווען קיין פינסק (אויב איך מאַך ניט קיין טעות, צו ערך פון 14 רוסישע וויאָרסט), געדונגען זיך אַ מלמד און געזעסן און געלערנט מיט התמדה לויט זיינע מעגלעכקייטן.

אונטער אַלע אומשטענדן און אונטער אַלע שווערע וועטערן איז דער „כאָלאָזשינער שמיד" מאָנטיק און דאָנערשטיק עולה־רגל געווען קיין פינסק נאָך אַ האַלבן טאָג שווערער קוזשניע־אַרבעט צו דערקוויקן די נשמה מיט אַ פרשה חומש. ווען ער האָט גענומען משיג־זיין אַביסעלע מער איז צו זיין גייסטיקן פאַרגעניגען גאָר קיין שיעור נישט געווען. אַ באַזונדערן נחת־רוח איז אים צוגעקומען ווען ער האָט אַריינגעקראָגן אַ ספר׳ל פון נסתרות און רמזים אויף עברי־טייטש, דאַן האָט ער איינגעאַנצן אָנגעקוואָלן.

אויך אין די שפּעטערדיקע יאָרן, שוין נאָך זיין מפורסם ווערן, געפינען מיר אין זיין אוצר הספרים אַ גאַנג („סעט") „חק לישראל", חומשים מיט׳ן „בית יהודא" (רש״י אויף עברי־טייטש), דעם ספר׳ל „שערי ציון" א.ד.ג. דאָס הייסט, אַז די הויפּט פון זיינע למודים האָט ער געלערנט אויף עברי־טייטש.

צו יענער צייט האָט געלעבט אין קארלין (אַ טייל פון פינסק) דער גאון־עולם ר׳ דוד׳ל קארלינער זצ״ל. דער כאָלאָזשינער איז געוואָרן אַ גאָר־אָפּטער אַריינגייער צום גרויסן גאון וצדיק, און ווי עס פאַרשטייט זיך, זעענדיק ווי אַזאַ פשוט׳ער ייד, ווי ר׳ אליהו מרדכי, איז זיך ממש מוסר נפש פאַר למוד התורה, האָט אים דער גאון ר׳ דוד׳ל מקרב געווען. ר׳ דודל׳ס התקרבות צו ר׳ אליהו מרדכי׳ן האָט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף זיין גאַנג פון לעבן.

פון מיינע קינדער יאָרן געדיינק איך: עס איז געווען פאַרשפּרייט די לעגענדע, אַז דער גאון האָט אים געגעבן אַ ברכה, אַז אין זכות פון זיין מסירת־נפש פאַר למוד התורה זאָל זיין נאָמען קלינגען איבער דער גאַנצער וועלט. ואם קבלה היא נקבל...

## ב.

אַז דער מזל האָט ר׳ אליהו מרדכי׳ן גענומען שפּילן איז אַפילו דער נאָמען פון דערפל כאָלאָזשין באַרימט געוואָרן. עס איז גענוג געווען צו זאָגן בלויז „דער כאָלאָזשינער" — האָט מען שוין פאַר מיילן ווייט געוווּסט וועמען מען מיינט. צענדליגער ספורי מעשיות זענען צווישן פאָלק פאַרשפּרייט געוואָרן וועגן דעם כאָלאָזשינער גוטן יידן, יעדער איינער מיט זיין נוסח. און ניט נאָר צווישן יידן, נאָר אפילו צווישן קריסטלעכע שכנים איז ער באַלד אנערקענט געווארן ווי א בעל מופת (אָדער זנאַכער). די קריסטלעכע שכנים פלעגן דערציילן אז ווו ר׳ אליהו מרדכי גייט פאַרביי אַ פעלד קומט אַריין דאָרט די ברכה.

יידן מיט אָנגעווייטיקטע הערצער (און אזעלכע יידן האָבן דאָך ניט אויסגעפעלט), האָבן גענומען שטראָמען צום כאָלאָזשינער גוטן יידן מארבע פנות העולם, ווער מיט פערד און וואָגן און ווער מיט׳ן באַן. די סטאַנציע יוכנאָוויטש ביי פינסק, די נאָענסטע צו כאָלאָזשין, איז אויך געוואָרן אַ שם־דבר.

האָט אַ ייד געזוכט אַן עצה־טובה אין מסחר, איז מען געפאָרן צום כאָלאָזשינער גוטן ייד, און מהסתם האָט נאָך השי״ת געהאָלפן און דער ייד איז באַגליקט געוואָרן דורך דעם גוטן יידנ׳ס עצה און ברכה. וואַלד־סוחרים, וועלכע פלעגן זיך נישט קענען דערוואַרטן אויפן פראָסט אַרויס־

צוכאַפּן דאָס ביסל געהילץ צום באַן פון בלאָטיקע וועלדער, זיינען געקומען צום רבי'ן נאָך אַ ברכה אויף אַ פראָסט און שניי, כדי עס זאָל זיין אַ גוטער שליטוועג.

פאַרשיידענע פאָלקס־געשיכטעס און לעגענדעס זענען אין פּאָליעסער געגנט דערציילט געוואָרן, נאָך מיט פיל יאָרן פריער, פון פאַרשיידענע גאונים און מקובלים, צו וועמען יידן פלעגן קומען אויסגיסן זייערע ביטערע הערצער אין אַן עת־צרה. אין אונזערע מקומות זיינען אויף דעם געביט געווען באַוווּסט די צוויי גדולים און מקובלים: ר' פּנחס מיכאל פון אַנטאָפּאָליע, און ר' מרדכי'לע סלאָנימער, זצ"ל.

אין דער צייט ווען ר' אליהו מרדכי דער כאלאזשינער האָט גענומען מפורסם ווערן אין זיין סביבה, האָבן די רייזנדיקע קיין סלאָנים, צו ר' מרדכי'לען, אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן ידיעות פון דעם נייעם גוטן ייד. ווען ר' מרדכי'לע האָט זיך דערפון דערוווּסט, האָט ער אָנגעהויבן אָפּשיקן אַסאַך פון די בעלי־בקשה צו דעם כאָלאָזשינער...

אַזוי אַרום איז דער „כאָלאָזשינער שמיד", אַ דאַנק ר' מרדכי'לע סלאָנימער, נתגלה געוואָרן און יידן פון אַלע מקומות האָבן אָנגעהויבן פאָרן צו אים...

### ג.

„ברם זכור הוא לטוב". כדאי צו דערמאָנען אייניקע אינטערעסאַנטע עראינערונגען וואָס שטייען מיר פאַר די אויגן פון מיינע קינדער יאָרן. דאָס ערשטע מיין איך דעם שדוך צווישן די צוויי דערפער כאָלאָזשין (לעבן פּינסק) און האָרבאַכע (לעבן דראָהיטשין) — אין זעלבן דאָרף בין איך טאַקע געבאָרן געוואָרן...

עס איז געווען דער רצון פון ר' אליהו מרדכי'ן, דעם כאָלאָזשינער גוטן יידן, צו מתחתן־זיין זיך מיט ר' וואָלפקען דעם האָרבאַכער שמיד. לויט די אייגענע ווערטער פון דעם כאָלאָזשינער: ער האָט געגאַרט נאָך דעם דאָזיקן שידוך צוליב ר' וואָלפקע דעם האָרבאַכער שמיד'ס זכות־אבות, דאָס הייסט, גרויסן יחוס. ויהי היום, אַז אַלטערקע, ר' וואלפקע שמיד'ס עלטערער זון, איז געקומען פון רוסישער מיליטער־דינסט אַהיים קיין האָרבאַכע, האָט וואָלפקע דער האָרבאַכער שמיד מישב־געווען און זיך צוגעכאַפּט צו'ם כאָלאָזשינער גוטן יידן, אַלס אַן אַמאָליקן גוטן באַקאַנטן, נאָך אַן עצה־טובה און ברכה. און ווי פאַרוווּנדערט איז ער געווען צו הערן פון כאָלאָזשינער'ס מויל, אַז עס איז באַשערט מן השמים, אַז זיי ביידע זאָלן מחותנים ווערן. און כדי ר' וואָלפקע זאָל ניט מיינען אַז דער כאלאזשינער צדיק איז דאָ אויסן אריינצונאַרן זיין אַלטערקען מיט אַ בראַקאָוונע (פעלערדיקע) סחורה, האָט ער אים תוך־כדי־דבור פאָרגעשטעלט זיין טאָכטער פרומע, די שיינע בתולה, די מן השמים באשערטע כלה פאַר אַלטערקען, און שוין באַצייטנס צוגעוווּנטשן, אַז דער זווג זאָל עולה־יפה־זיין.

ר' וואָלפקע פון זיין זייט האָט גאָרנישט געהאַט וואָס אויסצוזעצן קעגן דעם דאָזיקן פלוצלונג־צוגעפאַלענעם שידוך. נאָר אדרבא ואדרבא פול מיט האָפענונגען זיך צוריקגעקערט קיין האָרבאַכע אָנצוזאָגן זיין אַלטערקען די גוטע בשורה וועגן דעם אומגעריכטן גליק וואָס עס איז אים מן השמים באַשערט געוואָרן.

לויט ווי איך געדיינק, איז עפּעס אַלטער דער חתן־בחור, פונ'ם ערשטן באַגעגעניש מיט דער כלה פרומע, ניט געווען



דער כאָלאָזשינער רבי, ר' אליהו מרדכי לעווינאָוויץ, ז"ל.

צופיל באַגייסטערט. דערפאַר אָבער, ווען ער האָט שוין אין אַ גוטער שעה תנאים געשריבן און טעלער געבראָכן, איז אַלטער גאָר אַן אַנדער מענטש געוואָרן. און קומענדיק נאָך די תנאים פון כאָלאָזשין צוריק קיין האָרבאַכע איז ער געווען פול מיט באגייסטערונג און מיט אזוי פיל שבחים פאר אלץ און אַלעמען אַז פאַר וואָכן לאַנג האָט ער געהאַט צו דערציילן פון אלעס וואָס עס איז אים אויסגעקומען צו זען און צו הערן ביי'ם צדיק אין הויז. איבערהויפּט האָט דער חתן־בחור געהאַלטן אין איין דערציילן פאַר אַלע יידישע שכנים וועגן די נסים ונפלאות, וואָס עס זיינען פאָרגעקומען אין הויז פון דעם כאָלאָזשינער צדיק אין דער נאַכט פון די תנאים.

[איינע פון די ספורי־המעשה זיינע איז געווען: ווען דער כאָלאָזשינער צדיק האָט בעת די תנאים איינגעלאַדן באַקאַנטע נפטרים צו אים — פון ביידע צדדים, און זיי אויפגע־

פֿאָדערט זיי זאָלן בענטשן די חתן־כלה און זיי טאַקע דערבײַ אָנגערופֿן בײַ די נעמען, — איז געשען אַ נס. ווי נאָר דער צדיק האָט פֿאַרענדיקט די דאָזיקע אײַנלאַדונג זײַנען צעפּלאַצט געוואָרן די גלעזער פֿון די בליץ־לאָמפּן אין דעם הויז פֿון דער שמחה. עס האָט געהייסן, אַז די הייליקע נשמות האָבן אַנטייל גענומען אין דער דאָזיקער שמחה און האָבן זייער הסכּמה געגעבן. אַנדערע האָרבאַכער ייִדן האָבן אפֿילו געוואָלט עפּעס אַראָפּדינגען פֿון אלטער׳ס דערציילטע ספּורי נסים, אָבער דער חתן־בחור האָט זיך געהאַלטן בײַ זײַנס...]

זייער אינטערעסאַנטע בילדער שטייען מיר פֿאַר די אויגן פֿון דער חתונה, וואָס איז אויך פֿאָרגעקומען אין כאָלאָזשין. אלס זייער גוטע אויפֿגעלעבטע שכנים איז אונזער משפּחה אויך געווען אײַנגעלאַדן צו דער דאָזיקער חתונה. באמת האָט מיר דאַן מײַן נסיעה קיין כאָלאָזשין עפּעס אַביסל געשראָקן. אין מײַן פֿאַנטאַזיע האָב איך זיך פֿאָרגעשטעלט, אַז וויבאלד א וועלט פֿארט צו׳ם כאלאזשינער מוז ער דאך זײַן עפּעס אַ גדול־הדור און זייענדיק דאַן אַ 9־יאָריקער גמרא־בחורל, היינט טאָמער גיט דער כאלאזשינער עפּעס א פֿרעג אַ שווערע סוגיא און איך וועל נישט וויסן, איז דאָך „אוי לאותה בושה ואוי לאותה כלימה״.. איך האָב אָבער באַלד אויסגעפֿונען אז איך האָב געהאַט אַ פּחד־שוא (אומזיסטע שרעק)...

קומענדיק קיין כאלאזשין האָט זיך זייער געוואָרפֿן אין די אויגן די אויסערגעוויינלעכע הכנות און די פֿאַראַדנעקייט צו דער חתונה. פֿון גאַנץ ווײַט האָט געשײַנט פֿאַר די אויגן אַ גרויסער באַלאַגאַן, וואָס איז עקסטרע צוגעגרייט געוואָרן פֿאַר דעם גרעסטן עולם וואָס קען מעגלעך צוקומען. קוקנדיק אויף אזא שײנעם געדעקטן באלאגאן האָט מיר מײַן קינדערשע פֿאַנטאַזיע פֿאַרפֿירט צו די „יריעות־המשכן״...

אַז דער עולם צו דער חתונה איז געווען זייער גרויס און פֿאַרשיידנאַרטיק איז איבעריק צו דערמאָנען. אָבער פֿון אַלע צוזאַמענגעפּאָרענע און געסט האָט אויף מיר דאַן געמאַכט דעם שענסטן אײַנדרוק ר׳ יעקב איוואַניקער, ע״ה, אָדער ווי מ׳האָט אים גערופֿן פּשוט ר׳ יאַנקעלע איוואַניקער (איוואַניק איז געווען אַ ייִדישע קאָלאָניע נעבן פּינסק), אַ ייִד אַ מופֿלג בתורה וביראה און דערצו נאָך אַ פּקח, אַ חכם. איבערהויפּט האָט זיך זײַן פּקחות אַרויסגעוויזן ווען ער איז לכּבוד שמחת חתן וכלה געוואָרן אביסעלע בגילופֿינדיק. אויסער דעם וואָס ער האָט ניט אויפֿגעהערט צו לערנען (געשאָטן מיט מאמרים אויסנווייניק) האָט ער נאָך צוגעפּעפּערט מיט אייגענע שיינע ווערטלעך און געדאַנקען. און אָט, צום בײַשפּיל, לאָמיר דאָ איבערזאָגן א פּאָר פֿון זײַנע ווערטלעך וואָס זײַנען מיר געבליבן אײַנגעקריצט אין זכּרון. אַזוי, ווי עס האָט אים אַלס פֿרומען ייִדן געערגערט די שעטנז־טענץ פֿון געוויסע פּאָרלעך, איז ער זיך מיישב און טאַנצט אַרײַן מיט׳ן לאַנגן טלית־קטן צווישן די פּאָרלאַך און מאַכט זיך מערער פֿריילעך ווי געווינלעך. דער אַלגעמיינער עולם האָט פֿון וואָס צו לאַכן. אָבער דער שטנז־טאַנץ איז בײַ דעם פּאָרל נעבעך צעשטערט געוואָרן. ווען דער יונגערמאַן האָט גענומען פּראָטעסטירן, האָט אים ר׳ יאַנקעלע, ז״ל, געענטפֿערט בזה הלשון: „וואָס שטייט דיר אפשר ניט אָן, יונגערמאַן, מיט מיר צוזאַמען צו טאַנצן, — צוליב מײַן לאַנגן טלית־קטן מיט ציצית? ביסטו דאָך, במחילה, א נאַר. אז יאַנקעלע איוואַניקער גייט אין גאַס מיט די לאַנגע ציצית שרײַען אַלע: יאַנקעלע דער איוואַניקער גייט; אבער אז דו וועסט גיין אין גאַס וועט מען זאָגן אז א גוי גייט. וועסטו דאָך שרײַען אז דו ביסט א ייִד, אָבער ווער וועט דיר גלויבן? אין ברירה וועט דיר בלײַבן — אַרונטערצוציִען די מלבושים״...

אדער אזא פֿאָרציע מוסר צו דער יוגנט: „דער טײַוול ווייס איך ווו מ׳האַלט מיט אײַך. קומט אסתּר תּענית, זאָגט איר אַז איר זענט פֿון המנ׳ס חבֿרה (כּדי ניט פֿאַסטן), און ווי נאָר עס קומט צו די פּורימ׳דיקע קרעפּלעך — אַהאַ, איר זענט שוין פֿון מרדכי׳ס חבֿרה...״ א.א.וו.

אויף מאָרגן אין דער פֿרי נאָך דער פֿאראַדנער חתונה זײַנען אַלע געסט געלאָפֿן צו ר׳ אליהו מרדכי׳ן נאָך ברכות, און ווי זײַן שטייגער האָט ער געטיילט די ברכות מיט אַ פֿולער האַנט צו יעדן איינעם וואָס האָט זיך נאָר צו אים געווענדעט.

דעם שבת פֿון שבעה־ברכות האָט שוין דער כאלאזשינער געפּראַוועט אין האָרבאַכע, און אַזוי אַרום האָט האָרבאַכע זוכה געווען אז דער כאלאזשינער צדיק זאל איר באַערן מיט א שבת׳דיקן באַזוך צום ערשטן מאָל.

### ד.

דער גורל האָט געוואָלט, אַז דער כאָלאָזשינער זאָל ווערן אַ תּושב אין האָרבאַכע.

געווען איז עס ערב יום כּפּור תּרע״ה ווען דאָס דערפֿל כאלאזשין איז נאָר־וואָס אקופּירט געוואָרן פֿון די דײַטשן. ר׳ אליהו מרדכי דער כאָלאָזשינער איז צוליב די מלחמה־געפֿאַרן פֿארבליבן אין כאלאזשין דעם יום־הקדוש אָן א מנין. אײַנגעוויקלט אין טלית און קיטל איז ער געשטאַנען און מיט א הייליקן ציטער געזאָגט די הייליקע תּפֿילות פֿון „כּל נדרי״. מיטאַמאָל האָט זיך צו זײַנע אויגן דערטראָגן אַ העלער שײַן פֿון דעם דאָרפֿישן תּבֿואות־מאַגאַזין וואָס איז געשטאַנען אין דער זעלבער שורה פֿון זײַן הויז. און עפּעס ווי מיט אַן אומנאַטירלעכער קראַפֿט האָט אים אַ ציִ־געטאָן צו יענער ניכטיקער שײַן פֿון מאַגאַזין, אין וועלכן עטלעכע פֿון די נאָר־וואָס אָנקומענדיקע דײַטשן האָבן זיך אײַנגעאָרדנט אויף נאַכטלעגער... ווי ניט מיט זײַן קראַפֿט איז ר׳ אליהו מרדכי געלאָפֿן אין דער ריכטונג פֿון דעם לײַכטנדיקן מאַגאַזין. „האַלט!״ „האַלט!״ — האָבן די דײַטשישע זעלנער מיטאַמאָל אויסגעשריִען, דערזעענדיק דעם אומדערוואַרטעטן און אין ווייסן־אײַנגעהילטן גאַסט.

ר׳ אליהו מרדכי, דאַן שוין אין די זיבעציקער, איז שוין אָבער טויבלעך געווען און דעם זעלנערישן אויסרוף ניט דערהערט און אַלץ ווײַטער געגאַנגען אין דער ריכטונג פֿון דער ליכטיקער שײַן. מיטאַמאָל האָט אָפּגעהילכט אַ שאָס און

די לויה פון דעם כאַלאָזשינער רבי, ז״ל



די לויה פון דעם כאַלאָזשינער רבי׳ן דעם שמיד, ר׳ אליהו מרדכי לעווינאָוויץ, ז״ל. נפטר געוואָרן דעם 20־טן אָקטאָבער, 1932. אין הינטערגרונד זעט מען ווי מען טראָגט דעם ארון מ׳יט דעם נפטר. דאָס גאַנצע שטעטל באַגלייט דעם נפטר צו זיין אייביקער רו אויף דעם נייעם בית־עולם אין דראָהיטשין.

ר׳ אליהו מרדכי איז געפאַלן אַ פאַרוואונדעטער מיט אַ קויל אין זייט.

שפּעטער, ווען ר׳ אליהו מרדכי איז מיט ג־טס הילף אויסגעקורירט געוואָרן פון דער געפערלעכער וווּנד, פלעגט ער זאָגן אז ער האָט די דייטשן פאַרשאָלטן בזה הלשון: „אויב איר האָט געוואַגט אויף מיר צו שיסן וועט איר שוין ווייטער ניט גיין, נאָר אויף דעם בערגעלע וועט איר בלייבן שטיין”... אין דער ווירקלעכקייט זיינען טאַקע די דייטשן פאַרבליבן אויף דערזעלביקער העכערער לאַנד־פּאָזיציע ביי די פּינסקער בלאָטעס, לאָזנדיק דער רוסישער אַרמיי צו ליגן אין די בלאָטעס.

קומענדיק אביסל צו זיך, האָט ר׳ אליהו מרדכי איינגעזען אז צו פאַרבלייבן אויף ווייטער אין כאלאזשין איז ניט מעגלעך; ערשטנס, צוליב די רוסישע קוילן, און צווייטנס, צוליב דעם גרויסן הונגער וואָס האָט דאַן געהערשט אין די געגנטן ביי׳ם פראָנט, איז די ציווילע באַפעלקערונג געצווונגען געוואָרן צו עוואקואירט ווערן טיפער צו׳ם הינטערלאַנד. אזוי ארום איז אויך ר׳ אליהו מרדכי געוואָרן געצווונגען צו גיין אין גלות צו זיין אידעם אין האָרבאַכע.

## ה.

מיטן אָנקומען אין דאָרף פון אַ צאָל יידישע פּליטים איז אויסער די עקאָנאָמישע פראגע אויך ארויפגעשווומען די חנוך־פראַגע. איבערהויפּט ווייל קיין ישיבות האבן אונטער אַזעלכע אומשטענדן ניט געקענט עקזיסטירן, און קינדער האָט מען געדאַרפט לערנען. האָט ג׳ געהאָלפן און צווישן די פּליטים אין האָרבאַכע איז אויך אָנגעקומען אַ באַוווסטער רב, אויף וועמען עס איז געפאַלן דער גורל צו זיין דער ראש הישיבה פאַר דער קליינער צאָל בחורים׳לאַך, וואָס האָבן געהאלטן ביי׳ם לערנען און צו קיין ישיבה זיך ניט געקענט דערשלאָגן. עטלעכע פון די תלמידים, וגם אני בתוכם, האָבן באלד אפּגעריייניקט און צורעכטגעמאַכט אַ פאַרלאָזענע גויישע הייזל און איר מקדש געווען פאר א מקום־תורה וואָס איז באמת געווען אַ צירונג פאַר דעם יידישן קבוץ אין האָרבאַכע פאַר דער גאנצער צייט פון דער דייטשישער אקופּאציע. אָט די דאָזיקע קליינע הייזל האָט אויך זוכה געווען אז ר׳ אליהו מרדכי דער כאַלאָזשינער זאָל דאָרטן מאַכן זיין שטענדיקע דירה.

זייענדיק מיט ר׳ אליהו מרדכי׳ן צוזאַמען דעם גרעסטן טייל פון טאָג אין איין וווינונג, זיינע אלע אונזערע חברים געווען פאראינטערעסירט צו באַאָבאַכטן און זיך באקענען מיט זיין התנהגות און שיינע מדות. נאַטירלעך, האָבן מיר באלד איינגעזען אז לויט זיין סדר־הלמודים האָבן מיר פאר זיך אַ פּשוט׳ן יידן, וואָס מוז אָנקומען צו ספרים פון עברי־טייטש; אָבער דערפאַר האָט זיך צו יעדער געלעגנהייט געלאָזט שפּירן זיין גייסטיקער איבערוויז און פלאַמיקער ציטער, איבערהויפּט, ביים באַדויערן און באַקלאָגן די צרות־הכלל. באַזונדערס צופרידן פלעגן מיר זיין אים אויפצוקלערן עפּעס אַן אומפאַרשטענדלעכן ענין פון אַ מאמר חז״ל.

עס האָט לאַנג נישט געדויערט און די יידן האָבן אויסגעפונען דעם מקום־מנוחה פון דעם כאָלאָזשינער און מען האָט אָנגעהויבן קומען צו אים מיט בקשות קיין האָרבאַכע. איין זאך האָט זיך געלאָזט שטאַרק אנמערקן, אז זיינע אַמאָליקע אנגעשטריינגטע איבערלעבונגען האָבן אויף זיין געזונט געלאָזן אַ שטאַרקן רושם. ערשטנס, פלעגט ער זיך זייער באַקלאָגן אז ער פילט שטענדיק קאַלט צוליב דעם טראגישן צופאַל וואס ער איז פון די דייטשן דעם ערשטן יאָר צו כל נדרי פאַרוואונדעט געוואָרן און איז אָפּגעגאַנגען מיט בלוט. און צווייטנס, פלעגן אים שטענדיק אין די זומערדיקע הייסע חדשים תמוז און אב באַהערשן אומרואיקע און נערוועזע געפילן. אין אזא צייט האָבן מיר געהאַט פאר אונזערע אויגן ניט דעם ענ׳וות׳דיקן, שטילן ר׳ אליהו מרדכי׳ן נאָר אַ שטורמדיקן קנאי און קעמפער פאר יידישקייט און טראַדיציע. האָט ער נאָר אויף עמיצן געהאַט אַ פאַרדאכט אלס „געכאַפּט” אין דער מעשה... האָט יענער נישט געטאָרט זיך ווייזן פאַר אים. פיל פון זיינע חסידים מארבע פנות העולם האָבן שוין געוווּסט אז די דאָזיקע צוויי מאָנאטן דאַרף מען דעם כאלאזשינער צו־רו לאָזן. און אָט אַ פּאָר אילוסטראַציעס וואס זיינען כדאי צו דערמאָנען:

עס קומט אַריין צו אים אין די דאָזיקע מאָנאַטן אַ יונגערמאן וועלכער איז געקומען גאר פון מרחקים און וויל ניט אַנדערש, אַז דער הייליקער צדיק זאָל אים אַ ברכה געבן. „מה שמך?” — גיט אים ר׳ אליהו מרדכי אַ פרעג. „אברהם־יצחק”, קומט אַ תשובה. „אָ־וואַ, וואָס פאַר אַ שיינער נאָמען, אברהם ויצחק”...— גיט ר׳ אליהו מרדכי אַ זאָג אומגעדולדיק. — „נו, זאָג־זשע מיר, און ציצית טראָגסטו?” דער יונגערמאַן האָט שוין דערשפּירט אז ער איז אריינגעפאַלן און ער לויפט שוין צוריק צום טיר. אָבער ר׳ אליהו מרדכי לויפט אים נאָך ווי ניט מיט זיינע כחות און האַלט אין איין שטורעמען: „אַזאַ חוצפה, צו מיר אין הויז קומען אָן ציצית”...

און אָט אַ צווייטער פאַל, וואָס מיר איז אויסגעקומען צו זען: ר׳ אליהו מרדכי טרעפט אָן אַ יונגן שוחט, א בחור וואָס האָט זיך באַזעצט אין אונזערע מקומות, און וויל אז יענער זאָל אים זאָגן די באַוווּסטע אגדתא אין בבא בתרא פון „רבי פתח אוצרות בשני בצורת” (בבא בתרא ח־א). מאכט זיך להכעיס און עס מישט זיך אויף אין גמרא אביסל ווייטער, מיט שווערע גמרא־ווערטער, און עס איז ניט אַרויסגעקומען אזוי פויגלדיק ניט איבערגעזעענדיקערהייט... „זע־נאָר”, — זאָגט ר׳ אליהו מרדכי, — „קוק אים נאָר אָן, דעם גרויסן קנאַקער. ניט אַנדערש ווי דריי טויזנט דאלאר נדן גיב אים... בינסטו דאָס ווערט? דו קענסט דען עפּעס?”... און יענער שוחט האָט פאַרשעמטערהייט קוים זיך ארויסגעכאַפּט פון הויז.

אַזעלכע ענלעכע פאַלן האָבן זיך געלאָזט מערקן אין די צענדליקער. איבערקומענדיק זיין תמוז און אב נערוון־קראַנקהייט, פלעגט עס אויסזען ווי אַ שווערער שטיין וואלט זיך אַראָפּגעקייקלט פון האַרצן ניט נאָר פון זיין אייגענער משפּחה נאָר פון דער גאַנצער יידישער סביבה, ביי וועלכע ר׳ אליהו

מרדכי איז אַזוי ליב און טייער געווען, און צוריק געפינען מיר דעם שטילן, עניוות׳דיקן און מעביר על מדותיו׳דיקן ר׳ אליהו מרדכי.

אזוי זיינען דורכגעלאָפן בערך עפּעס מער ווי דריי יאָר פון ר׳ אליהו מרדכי׳ס לעבן אין האָרבאַכע, מערסטנס אונטער ממשלת דייטשלאַנד, מיט אַ שטיקל פאַרזעצונג פון אַ בין־הזמנים, ביז עס האָט זיך איינגעשטעלט אַ שטיקל אָרדענונג אין פוילן און מען האָט געקענט פרייער אָפּאָטעמען.

ווען זיין אינגסטער זון האָט באַלד נאָך דער ערשטער וועלט מלחמה געהייראַט אין דראָהיטשין, האָט זיך ר׳ אליהו מרדכי אויך באַזעצט אין דראהיטשין ווו ער האָט דורכגעלעבט זיינע באַשערטע לעצטע יאָרן אין קדושה און אין כבוד.

ר׳ אליהו מרדכי איז נסתלק געוואָרן אין יאָר 1932 און איז געקומען צו קבורה אויף דעם דראָהיטשינער בית־עולם.

---

יוסף רובינשטיין (ישראל)

# מיין זיידע „דער כאָלאָזשינער שמיד“ ז״ל

מיין זיידע, ווי מען האָט אים גערופן „דער כאָלאָזשינער שמיד“, איז צו 7 יאָר געבליבן אַ יתום. זיינע אַ שוועסטער פון אָסאָוועץ (אַ דאָרף לעם דראָהיטשין) האָט דאַן איבערגענומען די אויפזיכט איבער אים. זי האָט אים אויך געשיקט לערנען אין אַ חדר, אָבער נישט אויף לאַנג. ווי נאָר מיין זיידע האָט זיך אויסגעלערנט דאַווענען איז ער אַוועק פאַר אַ בעל־מלאכה. אין דער קוזשניע פון ר׳ זכריה שמיד׳ס פאָטער האָט דער קליינער אליהו מרדכי געשטאַנען אויף אַ בענקעלע און אויסגעקלאַפּט מיטן האַמער אויף דער קאָוואַדלע זיין שטיקל אָרעמען ברויט. אין די נעכט פלעגט ער זיצן אין בית־מדרש און לערנען.

נאָך דער חתונה האָט זיך מיין זיידע באַזעצט אין דאָרף כאָלאָזשין, ווו ער האָט זיך פאַרנומען מיט שמידעריי. יעדן ערב ראש חודש פלעגט ער גיין צופוס קיין פינסק (אַ מהלך פון 17 מייל) און איז געווען אַן אָפּטער אַריינגייער ביי ר׳ דוד׳לען און אלעזר משה׳ן, זצ״ל.

מיט עטלעכע יאָר שפּעטער שטאַרבט ביים זיידן די פרוי און ער בלייבט מיט דריי קליינע יתומים אויף די הענט, צוויי מיידלעך און אַ ייִנגל. פאַרשטענדלעך, אַז דער זיידע האָט לאַנג נישט געקענט וואַרטן און האָט חתונה געהאַט צום צווייטן מאָל, מיט אַן ערלעכער פרוי, גיטל ביילע, האָט זי געהייסן. דאָס איז געווען מיין באָבע (מיין מוטערס מוטער), וועלכע האָט אים געבוירן 5 קינדער. דאָס לעבן איז געווען זייער שווער; מחמת אויף צו שפּייזן אַ פאַמיליע פון צען פּערזאָן האָט דער זיידע פון זיין קוזשניע נישט געקענט באַוויזן.

מען דערציילט, דער זיידע האָט אַמאָל געדונגען אַ מלמד צו לערנען מיט די קינדער. דער זמן האָט זיך געענדיקט און עס איז נישט געווען מיט וואָס צו באַצאָלן דעם מלמד. דער זיידע האָט געהאַט גרויס שבירת־לב; וואָס הייסט נישט באַצאָלן אַן אָרעמען מלמד? טרעפט פונקט, אַז די בהמה, די איינציקע שפּייזערין פון די 8 קינדער, גייט אַוועק אין פעלד און קומט מער נישט צוריק, אַ וואָלף האָט איר צעריסן. ווערט דאָך אַ יללה אין שטוב, וואָס וועט מען טאָן אָן מילך? אָבער דער זיידע טאַנצט גאָר און זינגט. פרעגט אים די באָבע: וואָס איז אַזוי די שמחה מיט דיר? זאָגט דער זיידע: פאַרשטייסט, ווען איך וואָלט געוואָלט פאַרקויפן דער בהמה וואָלסטו דאָך געוויס נישט געלאָזט. אָבער איצט וועל איך נעמען סטעפּאַנען, ער וועט אָפּשינדן די פעל פון דער בהמה, מ׳וועט עס פאַרקויפן און עס וועט זיין מיט וואָס צו באַצאָלן דעם מלמד. און אַזוי איז טאַקע געווען. דער מלמד האָט באַקומען באַצאָלט פאַרן גאַנצן זמן.

מיין באָבע פלעגט אַביסל צוהעלפן מיט דער חיונה אין שטוב, זי פלעגט פאַרבן פאָדעם און לייזוענט פאַר די גויים. איינמאָל אַ פּאַר יום־טוב, נעמט אַרויס די באָבע אירע אָפּגעשפּאָרטע פּאָר רובל און גיט דעם זיידן, ער זאָל גיין קיין פינסק איינצוקויפן אויף ראש השנה אַביסל ווייסע מעל אויף חלות און פלייש פאַר די קינדער. אַ גאַנץ יאָר פלעגט מען מאַכן קידוש אויף קאָרענע חלות. נעמט דער זיידע די פּאָר רובל און גייט אַוועק אין שטאָט. טרעפט ער דאָרט אין גאַס זיינעם אַ באַקאַנטן ייִד, וואָס איז געגאַנגען ממש אין באָרוועס. נעמט דער זיידע דעם ייִד, פירט אים אַריין צו אַ שוסטער און הייסט אָנטאָן זיין באַקאַנטן אַ פּאָר נייע שטיוול און באַצאָלט מיט דער באָבעס געלט. דער ייִד האָט זיך אפילו געווערט, נישט געוואָלט, אָבער עס איז שוין געווען פאַרפאַלן. דער זיידע האָט שוין געהאַט באַצאָלט. דער זיידע האָט גענומען זיין שטעקן און איז צוריקגעגאַנגען אַהיים אָן חלה און אָן פלייש. אַז די באָבע האָט געפרעגט: סטייטש, מיט וואָס וועלן מיר מאַכן יום־טוב? האָט דער זיידע געענטפערט: דאגה נישט. נעם אַ קאָשיק און גיי אין וואַלד, קלייב דאָרט

אַן שוועמלאַך, וועט זיין פליש, און איך וועל אַריבערגיין צו איוואַנען און באָרגן ביי אים אַ „גאַרניץ" ווייץ און דאָס צעמאָלן אין דער „זשאָרנע" (קליין האַנט מילכל) וועט זיין מעל אויף חלה. און אַזוי האָט מען געפּראַוועט יום־טוב.

איידער דער זיידע איז געוואָרן באַקאַנט אַלס גוטער־ייד, האָט געטראָפן אַן אומגליק אין דער פאַמיליע, ל"ע. אַ שכן, אַ ייד, האָט געגעבן אַ פּאַטש איינעם פון זיידענס זין, און ער איז פון דעם פאַטש געשטאָרבן. דער זיידע האָט זיך אַרויסגערעדט: „אַביטערן סוף זאָל ער האָבן פאַר מיין זון"... און עס האָט לאַנג נישט גענומען און דער ייד איז אַראָפּ פון זינען און אָנגעהויבן בילן ווי אַ הונט. אויך די קינדער האָבן אָנגעהויבן ביי אים, ל"ע, אויסצושטאַרבן. נאָר איין טאָכטער איז פאַרבליבן פון זיין פאַמיליע. מיט יאָרן שפּעטער, ווען דער זיידע איז שוין געווען אין דראָהיטשין, זאָגט ער, איינמאָל אין אַ פרי־מאָרגן, צו דער באָבען: „היינט וועסטו אויסטיילן עטלעכע זלאָטעס מער, ווי תמיד, אויף נדבות; מחמת די טאָכטער פון יענעם און יענעם ייד, וואָס וואַנדערט אַרום איבער דער וועלט וועט היינט דאָ זיין. און כך הוה. עס האָט זיך געעפנט די טיר און עס איז אַריינגעקומען אַן אָרעמע פרוי און זיך פאָרגעשטעלט, אַז זי שטאַמט פון כאָלאָזשין... די באָבע האָט שוין אַלץ פאַרשטאַנען...

עס האָט אַמאָל געטראָפן, אַז מען האָט ביים זיידן צוגע'גנב'עט די קאָוואַדלע און ער איז געבליבן אָן פרנסה. האָט דער זיידע געזאָגט, „דער גנב זאָל נישט דערלעבן צו אַרבעטן אויף איר, און דער וואָס וועט אַרבעטן אויף דער קאָוואַדלע זאָל זיך צעדרייען די הענט". אין קורצן נאָכדעם דערוויסט מען זיך, אַז דער גוי'שער שמיד, וואָס האָט גע'גנב'ט די קאָוואַדלע איז דערשטיקט געוואָרן אונטער אַ פור מיט קוילן. און די וואָס האָבן אָפּגעקויפט די קאָוואַדלע האָבן בשום אופן נישט געקענט אַרבעטן אויף איר. לסוף האָט מען די קאָוואַדלע צוריקגעבראַכט צום זיידן.

דער זיידע האָט שוין דאַן קיין סאַך נישט געאַרבעט. די מערסטע צייט פלעגט ער לערנען און דאַווענען. דערפאַר האָט די באָבע פאַרנומען זיין פּלאַץ אין קוזשניע און געהאָלפן דעם אַרבעטער קלאַפּן מיטן האַמער. שפּעטער פלעגט זיך דער זיידע באַרימען, וואָס פאַר אַ גוטע פרוי ער האָט, ווייל אַ דאַנק איר, וואָס זי האָט פון אים אַראָפּגענומען דעם עול הפרנסה האָט ער געקענט זיצן על התורה ועל העבודה און אַ דאַנק איר איז דער זיידע געוואָרן אַ רבי...

אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען דער פראָנט האָט זיך פאַררוקט אַזש קיין כאָלאָזשין, האָט דער זיידע אין אַ יום־כיפור נאַכט נאָך כל נדרי אַרויס אין גאַס צו כאַפּן אַביסל פרישע לופט. דער דייטשער פאַטרול האָט אים נאָכגעשריגן צו בלייבן שטיין. נאָר ווי דער זיידע האָט גוט נישט געהערט, איז ער געגאַנגען ווייטער. האָט ער דערפאַר באַקומען פון דייטש 2 קוילן. די דייטשן האָבן געבראַכט פון בערלין 2 דאָקטוירים, וועלכע האָבן דעם זיידן אָפּערירט און געראַטעוועט דאָס לעבן. אָבער אין גאַנצן צו די כוחות איז ער שוין נישט געקומען פון דער איבערלעבונג.

קורץ נאָכדעם איז דער זיידע מיט זיין פאַמיליע אַריבערגעפאָרן קיין האָרבאַכע, אַ דאָרף, אַ 18 קילאָמעטער פון דראָהיטשין. אַלס קינד געדענק איך, ווי הונדערטער מענטשן



די לויה פון דעם כאָלאָזשינער רבי'ן (דעם שמיד), ר' אליהו מרדכי לעווינאָוויץ, ז"ל. נפטר געוואָרן דעם 20טן אָקטאָבער, 1932. געקומען צו קבורה אויף דעם דראָהיטשינער נייעם בית־עולם.

פון ווייטע געגנטן פלעגן קומען צום זיידן נאָך עצות און ברכות. זיין התנהגות פלעגט זיין אַזוי: ער פלעגט אַן עפען טאָן אַ ספר, אַ קוק טאָן און דערנאָך טאַפּן מיט די פינגער, האַלטנדיק פאַרמאַכט די אויגן. אַמאָל פלעגט ער עס איבערחזר'ן אַ דריי מאָל, עפענען דעם ספר און פאַרמאַכן ביז ער פלעגט געפינען דעם גוטן פסוק און ער פלעגט געבן זיין ברכה. אויף זיין טיש זיינען געווען אויסגעשטעלט פיל צדקה־פושקעס, פאַרשלאָסענע, אין וועלכע ער פלעגט הייסן אַריינוואַרפן די פדיונות, וואָס די באַזוכער פלעגן אים געבן.

יעדן ערב ראש חודש פלעגט דער זיידע אַריינרופן איינעם פון די שוחטים, אַמאָל יוסף דוד שוב און אַמאָל משה פרעגער, און פלעגט מיט זייער הילף פאַרטיילן דאָס פדיון־געלט פאַר די ישיבות, תלמוד־תורה'ס און סתם נויטבאַדערפטיקע יידן. אויף אלע געלטער, וואָס דער זיידע האָט פאַרטיילט פלעגט ער פאָדערן קבלות, וועלכע ער האָט אָפּגעהיט ווי אַן אויג אין קאָפּ.

איינמאָל איז אויסגעבראָכן אַ שרפה אין דראָהיטשין און דער פייער האָט זיך צוגעקליבן צו חייקע דער אָפּטייקערקעס הויז. איז חייקע געקומען צולויפן צום זיידן מיט אַ גוואַלד, ער זאָל ראַטעווען איר הויז. איז דער זיידע געקומען און זיך אָוועקגעשטעלט מיט זיין שטעקן ביי דער וואַנט, וועלכע האָט זיך שוין אָנגעהויבן סמאַליען. דער זיידע האָט אויפגעהויבן זיין שטעקן און דער פייער איז געבליבן הענגען אין דער לופטן. חייקעס הויז איז געבליבן גאַנץ. די געסמאַליעטע וואַנט איז געבליבן אַן עדות פון דעם געשעעניש פאַר יאָרן שפּעטער.

אברהם בוים, יעקב שמעון דעם קצב'ס זון, האָט אַדורכגעמאַכט זייער שווערע צייטן. עס איז אים נישט געגאַנגען אין פרנסה. צום שלים־מזל האָבן די פּאָליאַקן צוגענומען ביי אים אַסאַך שטיקלאַך (בהמות) און עס איז כמעט נישט געווען קיין ברויט אין שטוב, איז אברהמ'לע געקומען צום זיידן נאָך אַן עצה. זאָגט צו אים דער זיידע: „גיב אָן אַ ביטע צו דער רעגירונג פאַר אַ קאָמפּענסאַציע פאַר די בהמות, וואָס מען האָט ביי דיר צוגענומען". פון אָנפאַנג האָט אברהמלע נישט געוואָלט דאָס טאָן. וואָס וועט פון דעם אַרויסקומען? — האָט ער גע'טענה'ט. אָבער, ווען דער זיידע האָט געזאָגט, אַז ער וועט זיין אַ שותף צום עסק, האָט אברהמ'לע בוים אָנגעגעבן אויף אַ קאָמפּענסאַציע און האָט עס טאַקע באַקומען. איז בוים געקומען צולויפן צום זיידן: „רבי", זאָגט ער, „וואָס וועט זיין מיט דעם שותפות?" זאָגט צו אים דער זיידע, גיב מיר אַ פלעשל בראָנפן צו מאַכן קידוש אין שבת און דאָס וועט זיין מיין חלק אין שותפות. און אברהמ'לע בוים האָט צוגעשטעלט ווין אויף קידוש יעדן שבת פאַרן זיידנ'ס מנין.

דעם זיידנ'ס זון יצחק האָט געהאַט אַ פאַבריקל פון סאָדע־וואַסער. האָט זיך געמאַכט אַ מעשה, און דער אַקציזניק האָט אין פאַבריקל געפונען סאַכאַרין. פאַר דעם האָט דעם זיידנ'ס זון געדראָט עטלעכע יאָר טורמע. איז דער זון צוגעשטאַנען צום טאַטן (מיין זיידן), ער זאָל אים ראַטעווען פון אומגליק. אָבער, דער זיידע האָט אים ממש אַרויסגעטריבן פון זיין צימער און געזאָגט: „דו בינסט אַליין שולדיק, האָסט געזינדיקט טאָ מוזטו ליידן!" זיין זון האָט אָבער נישט גערוט. ער האָט אָנגעשטעלט מענטשן, די שוחטים, גדליה גראָסמאַן או.אַ. און זיי האָבן געפועלט ביים זיידן, ער זאָל ראַטעווען זיין אייגענעם זון פון אומגליק. פאַרן גיין אין געריכט האָט דער זיידע אָנגעזאָגט זיין זון, אַז ער זאָל זאָגן אַ געוויסן פסוק און זאָל שטיין גלייך און קוקן דעם ריכטער אין די אויגן. ער זאָל זיך בשום אופן נישט אַרומקוקן, אפילו, ווען ער זאָל הערן זיין נאָמען רופן. און דאָס געריכט האָט אים באַפרייט.

ראש השנה, 1932, קומט דער זיידע פון שוהל אַהיים און קלאָגט זיך, אַז ער פילט זיך נישט גוט. די גאַנצע משפחה האָט זיך דערשראָקן. נאָך אַלעמען איז דער זיידע שוין געווען אין די אַכציקער. און צו דעם האָט מיין מוטער (זיין טאָכטער) געשוואַנגערט מיט איר צענטן קינד. דאָס האָט אויך געלאָזט נאָכצודיינקען...

נאָך ראש השנה רופט דער זיידע אַריין צו זיך זיין זון און זאָגט אים: „עס איז אַ שלעכטער חודש". „פאַרוואָס"? וווּנדערט זיך דער זון. „עס פעלט דיר געלט אויף צדקה? איך וועל דיר אויסבאָרגן!" „ניין, נישט דאָס מיין איך", ענטפערט דער זיידע. דער זיידע שיקט רופן דעם שוחט ר' יוסף דוד שוב, מיט וועמען ער האָט געהאַט אַ לענגערן געשפּרעך און זאָגט אים אָן, אַז מען זאָל אים מיטגעבן אין קבר זיינע צוויי זעקעלאַך מיט קבלות, וועלכע ער האָט אין זיין לעבן אָנגעקליבן פאַר צדקה געבן. די צוויי זעקלאַך קבלות זיינען געהאַנגען אויפן וואַנט פאַר זיינען אויגן.

דעם זעלבן שבת האָט מיין מוטער אָנגעהויבן גיין צו קינד. האָט מען געדאַרפט ברייגנען דער אַקושערקע, שרה פּיאַסעצקי. אָבער בערל דער בעל־עגלה האָט צוליב שבת נישט געוואָלט שפּאַנען זיין פערד. האָט דער זיידע באַפוילן צו בערלען, ער זאָל אומבאַדינגט, תיכף, שפּאַנען זיין פערד און ברייגנען דער אַקושערקע צו דער יולדות. ג־ט האָט געהאָלפן און עס איז געבאָרן געוואָרן אַ ייִנגל. דער 10־טער אייניקל פון זיין טאָכטער. די באָבע גיט אים אָפּ מזל־טוב. זאָגט דער זיידע, מען זאָל דעם נייעם אייניקל אַ נאָמען געבן: אליהו מרדכי... איז געוואָרן אַ טומל אין שטוב, סטייטש, וואָס הייסט, ס'פעלן דען נעמען ביי יידן? און עס איז געוואָרן באַשלאָסן, אַז דאָס מאָל וועט מען נישט פאָלגן דעם זיידן, דעם גוטן־ייד... אָבער פונקט אין דעם טאָג פון ברית האָט דער זיידע פּלוצלונג אויסגעהויכט זיין הייליקע נשמה...

דעם זיידנ'ס ווונטש איז דערפילט געוואָרן. נאָך דער לויה פון זיידן האָט מען געמאַכט דעם ברית פון זיין אייניקל און מען האָט אים אַ נאָמען געגעבן — אליהו מרדכי...

צו דער לויה פון זיידן זיינען געקומען הונדערטער מענטשן פון גאַנצן געגנט אַרום. די צייטונגען האָבן געשריבן לאַנגע באַריכטן וועגן דער לויה און געגעבן אָפּשאַצונגען פון דעם „כאָלאָזשינער שמיד" און רבי...

יום ה' טבת, תשי"א, חיפה, ארץ־ישראל (51־1־4).

# ר׳ בנימין משה האָפמאַן ז״ל

**ר׳ בנימין** משה האָפמאַן, ז״ל, איז געבוירן אין יאָר 1857, בערך, אין כאָמסק (ביי דראָהיטשין), צו זיין פאָטער, ר׳ אברהם, אַ מלמד און סופר אין שטעטל, און באַקומען זיין חינוך אין חדר און בית מדרש.

צו 16 יאָר האָט בנימין משה חתונה מיט זיין זווג, שרה ביילע לאַסינסקי (אויך פון זעלבן עלטער) פון דראָהיטשין,



ר׳ בנימין משה האָפמאַן, דער שוחט, ז״ל.

און ער זעצט פאָר זיין לערנען ביי דעם אַלטן רב, ר׳ מנחם, ז״ל, און באַקומט קבלה אויף שחיטה. אין יאָר 1876, בערך, ווערט ר׳ בנימין משה אויפגענומען אַלס שוחט אין דראָ־היטשין.

אַ חוץ שוחט איז ר׳ בנימין משה אויך געווען מוהל אין שטעטל, און האָט מיט זיין הדרת פנים געוועקט צו זיך רעספעקט און כבוד. אַלס הייסער חסיד (פון קאָברינער דינאַסטיע) האָט ר׳ בנימין משה זיינע גאַנצע יאָרן געדאַווענט אין חסידים־שטיבל, ווו ער איז אויך געווען בעל תפלה, בעל תקיעה און בעל קריאה. ער איז אויך געווען אַ בעל־מנגן און אָנגעפירט מיט נגונים אין שטיבל.

ר׳ בנימין משה, וועלכער איז מער ווי 40 יאָר געווען שוחט ובודק אין דראָהיטשין, איז פאַרשלאָפט געוואָרן אין דער טיפוס־עפידעמיע אין די מלחמה יאָרן און ראש חודש שבט, 1916, אין עלטער פון 57 יאָר, האָט ער אויסגעהויכט זיין נשמה. אין קורצן נאָכדעם איז אויך זיין פרוי, שרה ביילע, אַוועקגעפאַלן מיט דער זעלבער מחלה און איז געשטאָרבן כ״ג אדר שני, 1916.



שרה ביילע האָפמאַן, ע״ה.

נאָך דער פטירה פון ר׳ בנימין משה איז די שחיטה־חזקה אין דראָהיטשין איבערגעגאַנגען צו זיינע איידעמס, ר׳ יאָסל דוד שוב און משה פרעגער, ז״ל.

ר׳ בנימין משה און שרה ביילע האָפמאַן האָבן געהאַט פיר זין און דריי טעכטער: ישראל דוד און לייזער — ביידע געשטאָרבן אין אַמעריקע, זייערע פאַמיליעס געפינען זיך אין שיקאַגאָ; מאַריאַשע און דבורה — געשטאָרבן אין דראָהי־טשין; און נפתלי — אומגעקומען מיט זיין פאַמיליע אין דער ביאַליסטאָקער געטאָ.

אַ זון, חיים האָפמאַן, מיט זיין פאַמיליע, געפינען זיך היינט אין שיקאַגע; און אַ טאָכטער, עטל גודמאַן — אין קליוולאַנד.

# ר׳ משה פרעגער ז״ל

ר׳ משה פרעגער, ז״ל, איז געבוירן אין בריסק ביי אַ חסידישער פאַמיליע. זיין חינוך האָט ער באַקומען אין חדר און אין בית־מדרש. ער איז געווען אַן איידעם פון ר׳ בנימין משה דעם שוחט. נאָך דער פּטירה פון זיין שווער איז ר׳ משה פ ר ע גער געוואָרן שוחט אין דראָהי־טשין. אַלס שטריינגער חסיד האָט ר׳ משה געדאַוונט אין חסידים־שטיבל, וווּ ער איז געווען פון די מנגנים און פאַרנומען דאָרט אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ.



ר׳ משה פרעגער, הי״ד

ב כ ל ל איז ר׳ משה געווען פון די מכובדים פון שטאָט און האָט זיך געמישט אין קהלשע ענינים. פאַר אַ ריי יאָרן איז ער געווען פאַרוואַלטונג מיטגליד פון דער קאָאָפּעראַטיווער ליי־קאַסע (פאָלקס־באַנק) און פון אַנדערע אינסטיטוציעס.

אין יאָר 1937 איז אים, ל״ע, אָפּגעשטאָרבן זיין באַליבטע פרוי, דבורה, און אים איבערגעלאָזט מיט דריי קינדער: ביילטשע בערל, און חיה׳לע.

ליידער, איז פון זיי קיינער נישט פאַרבליבן. אַלע זיינען אומגעקומען. הי״ד.

# ר׳ אברהם אשר קראַוועץ-קאָהן

ר׳ אברהם אשר קראַוועץ־קאָהן איז געבוירן 1885, בערך, אין דראָהיטשין צו זיינע עלטערן ר׳ ישראל און אסתר רחל. זיין פאָטער, א פאַרמעגלעכער בעל־הבית, האָט זיינע גאַנצע יאָרן אָנגעפירט מיט אַ ציגעלניע. אברהם אשר האָט געלערנט אין די ישיבות פון פּאָהאָסט, אנטאפּאָליע, ווילנע, סלאָבאָדקע א. א. האָט באַקומען קבלה אויף שחיטה פון דעם בריסקער רב, הגאון ר׳ חיים סאָלאָווייטשיק, זצ״ל. נאָכדעם האָט ער געהייראַט די טאָכטער פון פּיניע דעם סאָכער, שרה.

אין 1907 האָט ר׳ אברהם אשר אויסגעוואַנדערט מיט זיין פאַמיליע קיין אמעריקע. זינט אַ ריי פון יאָרן איז ער אַ משמש בקודש אַלס שוחט אין אַ שטעטל ערגעץ אין מינעסאָטע.





הרב ר׳ יוסף דוד שוב שטייט איבער דעם קבר פון זיין פרוי מרים (ר׳ בנימין משה׳ס טאָכטער), געשטאָרבן ב׳ דשבועות, תר״פ אין אָטוואָצק (צו 33 יאָר) און דאָרט געקומען צו קבורה.

# ר׳ מתתיהו וואַרשאַווסקי — ר׳ שמואל רייכמאַן

ר׳ וועלוועל דער שוחט האָט פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ אַלס בעל־תפלה אין די שטאָטישע בתי־מדרשים. זיין זון מתתיהו וואַרשאַווסקי האָט פאָרגעזעצט זיין פאָטער׳ס מלאכת־הקודש און איז געווען בעל־תפלה אין נייעם בית־מדרש ביז 1907, ווען ער איז אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע.

ס׳איז אויך געווען אַ שטיקל צייט שוחט ר׳ שמואל, דער זון פון הרב ר׳ מנחם רייכמאַן. ר׳ שמואל איז געווען אַ בעזעזער איידעם און האָט אַ צייט געלעבט אין בערעזע, ביז וואַנען ער איז אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע, וווּ ער האָט זיך גערופן ריטשמאַן. האָט אויסגעלעבט זיינע יאָרן אין שיקאַגע.

# הרב משה זאב שקאָלניק ז״ל

הרב ר׳ משה זאב שקאָלניק, ז״ל, באַקאַנט אלס „ר׳ משה וועלוול דער מלמד״, איז געבוירן 1860, בערך, אין קאָסאָווע ביי סלאָנים. צו 10 יאָר איז ער געוואָרן פאר׳יתומ׳ט פון זיין פאָטער און מוטער און געוואָרן אויפגעבראַכט דורך קרובים און פריינט. ביז 13 יאָר געלערנט אין חדרים און אין בית מדרש אין שטעטל. דערנאָך האָט ער געלערנט אין ישיבה אין מאַלטש און אין סעלץ פאַר זיך.

צו 20 יאָר האָט ר׳ משה וועלוול באַקומען סמיכה אויף



הרב ר׳ משה זאב שקאָלניק, ז״ל.

רבנות, ווי אויך קבלה אויף שחיטה, האָט אָבער פון זיינע צוויי פראָפעסיעס נישט געמאַכט קיין נוצן אין לעבן.

נאָך דער חתונה האָט זיך ר׳ משה וועלוול באַזעצט אין דראָהיטשין און געוואָרן א גמרא־מלמד. ער איז געווען אַ גוטער בעל־מסביר און קיין תלמידים האָט אים קיינמאָל ניט געפעלט.

ער האָט אין דראָהיטשין אויפגעשטעלט הונדערטער גמרא־תלמידים, פיל פון זיי זיינען שפּעטער געפאָרן לערנען אין די ישיבות.

ר׳ משה וועלוול איז געווען אַ זעלטענער טיפּ. אַ חוץ זיין לומדות אין ש״ס און פוסקים, איז ער אויך געווען אַ בעל־מדות, אַ טאָלעראַנטער מענטש וואָס האָט יעדן איינעם דן געווען לכף זכות. האָט אויך געהאַט אַ גוטן חוש פאַר ידישן הומאָר.

הגם, ער האָט געהאַט אַ שטאָט אויפן מזרח אין אַלטן בית־מדרש, האָט מען אים שטענדיק געפונען זיצן ביים טיש לעם אויוון, ווו ער האָט מעין געווען אין א ספר אָדער געלערנט מיט אימיצן. ער האָט אַוודאי געקענט זאָגן אַ לומדישן בלאַט גמרא פאַר וואויל־לערנער, האָט ער אָבער בעסער פאָרגע־



חוה לאה שקאָלניק, ע״ה.

צויגן צו לערנען מיטן פשוטן עולם א פרשה חומש אין די פרייטיק־צונאַכטן און אַ שטיקל תהלים אָדער חיי־אדם בין מנחה למעריב אינדערוואָכן. ער האָט געהאַט אַ גייסטיקן גע־נוס אויסצושמועסן זיך מיטן ברייטן עולם און דער עולם ווידער האָט הנאה געהאַט פון זיינע תורה־ווערטלעך און מלתא דבדיחותא. ער האָט אויך געהאַט אַ סדר צו לערנען אַליין פון צוויי אַזייגער פאַרטאָג ביז דעם ערשטן מנין.

ר׳ משה וועלוול איז אויך געווען אַ גוטער בעל תפלה, בעל־קורא און בעל־תוקע. האָט געגעבן צדקה טיילמאָל אי־בער זיינע מעגלעכקייטן. אַלס הייסער ציוני איז ער געווען פון די ערשטע צו קויפן די אַקציעס פון דער קאָלאָניאַל־באַנק.

אין 1920 איז ר׳ משה וועלוועל אריבערגעקומען מיט זיין פאמיליע קיין שיקאגא און פארגעזעצט זיין סדר פון לערנען אין דראהיטשינער שוהל, קהלת־יעקב. שפעטער איז ער גע־ווארן אויפגענומען אלס רב אין כאמסקער שול, און פאר א צייט געזאגט דעם בלאט גמרא אין תפארת־ציון־שול, ווו דער לאמזשער גאון, הרב ר׳ יהודה לייב גארדאן, איז געווען מרא דאתרא, וועלכער האט פון ר׳ משה וועלוולען שטארק גע־האלטן.

הרב ר׳ משה וועלוול איז נפטר געווארן כ׳ שבט, 1941 אין שיקאגא.

**

חוה לאה שקאלניק ע״ה, פרוי פון הרב ר׳ משה וועלוול, איז געבוירן 1864 בערך, אין זאסינאווער הויף ביי ברעזע. איר פאטער ר׳ אהרן קאסאווסקי איז געווען דער פאקטער פון הויף. א חוץ אירע שטוביקע אויפגאבן, האט זי אויך געפו־נען צייט צו העלפן אנדערע. זי פלעגט אפט דורכפירן הויז־צו־הויז זאמלונגען פאר וויכטיקע צדקה־צוועקן. צוגעזען אל־מנות, יתומים און אינטערעסירט זיך מיטן גורל פון אביון. דיזעלבע טראדיציע האט זי אויך פארגעזעצט אין אמעריקע.

חוה לאה איז געשטארבן ו׳ ניסן, 1931 אין שיקאגא.

די שקאלניקס האבן געהאט פינף קינדער: אסנה, שרה, הערשל זעליג שקאלניק (א באקאנטער „אינשורענס ברא־קער״ אין שיקאגא) און שלמה שקאלניק (א באוווסטער לאיער אין שיקאגא).

---

# הרב שמואל י. קאפלאן ז״ל

**הרב** ר׳ שמואל ישראל הכהן קאפלאן, ז״ל, א ברודער פון הרב אברהם יהודה און א זון פון אליקים געצל קאפלאן, איז געווען א געבוירענער פון דראהיטשין. א סאך יארן האט ער פארבראכט אין ישיבות און איז געווען א מוסמך פון גדולי־ישראל.

פון דער סלאבאדקער ישיבה קומט אן ר׳ שמואל ישראל פאר אן איידעם צו הרב יחיאל מיכל האוושא, רב פון שקוד, ליטע. נישט לאנג ווארטנדיק באקומט הרב קאפלאן א כתב־רבנות פון קאלנער קהילה (ביי לאמזשע) און האט פאר־נומען דארט דעם כסא־הרבנות כל־ימיו, ביזן חורבן.

הרב קאפלאן האט געהאט צוויי זין און פיר טעכטער. איין זון, א ישיבה־מאן, איז, ל״ע, געשטארבן יונגערהייד. דער צווייטער זון, הרב יחזקאל קאפלאן, אן איידעם פון לאמזשער דיין און רב, האט פארנומען די פאדבראזער רבנות (לעבן ווילנע) און איז געווען באוואוסט פאר א גרויסן למדן און בעל דרשן. ר׳ שמואל ישראל האט אויך געהאט ישיבה־לייט, תלמידי־חכמים, פאר איידעמס.

פון אט דער גרויסער רבנישער פאמיליע איז, ליידער, קיינער נישט פארבליבן. אלע זיינען אומגעקומען. הי״ד!

# הרב אברהם י. קאפלאן ז״ל

**הרב** ר׳ אברהם יהודה הכהן קאפלאן, ז״ל, יאנאווער מורה־הוראה, איז געבוירן אין דראהיטשין ביי א בכבודיקער משפחה. זיין פאטער, אליקים־געצל, איז געווען א מוקיר־רבנן און פון די נכבדים פון שטאט. ר׳ אברהם יהודה איז געווען א מחונך און א מוסמך פון היישישאקער ישיבה ביי ווילנע.



הרב ר׳ אברהם יהודה הכהן קאפלאן, ז״ל.

נאך דער חתונה האט הרב קאפלאן אנגעפירט אין משך פון 13 יאר מיט א ישיבה אין באברויסק. פון דארט איז ער געווארן ארויסגענומען אלס מורה־הוראה קיין יאנאווע (לעבן דראהיטשין), וואו ער האט משמש־בקודש געווען 28 יאר, ביז זיין פטירה אין די דרייסיקער יארן.

הרב קאפלאן האט ביי זיין לעבן דורכגעלעבט א שרעק־לעכע טראגעדיע: זיינע צוויי זין, תלמידי־חכמים, זיינען, ל״ע, געשטארבן יונגערהייד. ר׳ אברהם יהודה האט פון דעם אומגליק נישט געקענט קומען צו זיך און דאס האט אים אויך מקצר־ימים געווען.

נאך ר׳ אברהם יהודה׳ס פטירה איז זיין זון, הרב ר׳ יוסף, אן איידעם פון הרב בלוייס פון בריסק, געווארן זיין ממלא מקום. ר׳ יוסף און משפחה זיינען אומגעקומען. הי״ד!

# הרב צבי אריה לעווי ז״ל

**הרב** ר׳ צבי ארי׳ לעווי איז געבוירן ראש־חדש חשון, שנת תרל״ז, אין דראהיטשין, גראדנער גובערניע. זיין לומדישער פאטער, ר׳ שמואל לעווי, האט דעם יונגן צבי ארי׳ געגעבן אן עכט ארטאדאקסישע דערציאונג. ער האט געלערנט ביי די בעסטע מלמדים פון שטעטל. שפע־טער האט ער זיך גע־נומען דערנענטערן צו די גרויסע לומדים פון דעם געגנט און טיילוויז געלערנט איינער אליין אין בית מדרש. צווישן די, וואס האבן אים שטארק מקרב גע־ווען און געלערנט מיט אים, איז געווען דער מרא דאתרא, הרב הצדיק ר׳ מנחם רייכמאן, ז״ל.


הרב צבי אריה לעווי ז״ל

שפעטער פארט ער מיט זיין מוטער, חנה, און פאמיליע קיין ירושלים (דער פאטער איז דאן געווען אין אמעריקע), ווו ער האט געלערנט אין דער ישיבה תורת חיים און איז געווארן א תלמיד מובהק פון הרב צבי מיכל ז״ל. אין די אוונטן ביז מיטן־נאכט האט ער געשריבן די חידושי תורה פון זיין רבי׳ן, ר׳ צבי מיכל, ז״ל. ער האט הערנאך, מיט זיין רבי׳ן און חברים־תלמידים, אפגעריכט חצות און נאכדעם געגאנגען שלאפן.

ווען ער איז אלט געווארן אכצן יאר, האבן אים זיינע רביים געראטן ער זאל זיך אויסלערנען צו זיין א סופר. ער האט זיך עס אויסגעלערנט און איז געווארן איינער פון די בעסטע סופרים אין ארץ ישראל. צו 24 יאר האט ער חתונה געהאט מיט דער טאכטער פון ר׳ אהרן כהן ז״ל (וועלכער האט צו יענער צייט געמאכט א גרויסן רושם מיט א מיניא־טור מאדעל פונעם בית המקדש, וואס ער האט געמאכט און האט עס שפעטער פארקויפט צום מוזעאום אין בערלין). ביז א יאר נאך דער חתונה, האט ער זיך נאך אלץ אפגעגעבן מיט דער מלאכת קודש פון א ספר סת״ם, אבער ער האט פון דעם ניט געהאט גענוג פרנסה. איז ער דעריבער דאן אנגעקומען אלס הויפט לערער אין דער תלמוד תורה אין רחובות. אין פארלויף פון דער צייט וואס ער איז דארט געווען, האט ער געדרוקט א גרויסע צאל מאמרים אין „חבצלת״ — א צייט־שריפט וואס איז דאן דערשינען אין ירושלים.

ווען ער האט פארלאזט רחובות, איז ער אויפגענומען געווארן אלס א לערער אין דער קאלאניע „עקרון״. דורך אים איז די תלמוד תורה געשטיגן און גע׳שם׳ט אין דעם געגנט, אזוי, אז אנדערע קאלאניעס האבן זיך מתקנא געווען און האבן אים גענומען נאכטאן און גרינדן ענלעכע תלמוד־תורה׳ס. שפעטער איז ער מזכיר פון עקרון. אין יאר תרס״ח איז ער באשטימט געווארן אלס דעלעגאט פון די גרויסע ירושלימער אינסטיטוציעס „תלמוד תורה ובקור חולים״, אין וועמענס אינטערעסן ער האט באזוכט ענגלאנד, קאנאדע, און אמעריקע. אים איז געלונגען איינצושטעלן שטענדיקע באציאונגען צווישן די אמעריקאנער שטיצער און די ארץ־ישראל׳דיקע אנשטאלטן.

נאך דער ערשטער וועלט־מלחמה האט הרב לעווי מיט זיין פאמיליע זיך באזעצט אין ניו־יארק און גענומען זיך צום חנוך. ער האט אליין געגרינדעט תלמוד־תורה׳ס, געשאפן קינדער, און אין א קורצער צייט שפעטער, איז אים געלונגען צו גרינדן די גרויסע ישיבה „תורה מציון״ אויף סטאן עווענין, אין בראנזוויל. אין משך פון מער ווי א צענדליק יאר איז די ישיבה געווען איינע פון די ערשטע וואס האבן כובש געווען דאס יידישע קינד פאר יידישע למודים.

זעענדיק דאן, אז אין דעם געגנט ווו ער האט געוואוינט (אין איסט פלאטבוש) איז פשוט א מדבר שמם איפ׳ן געביט פון קינדער דערציאונג, האט ער זיך איינער אליין געשטעלט לערנען אין א קעלער און האט גיך צוגעצויגן צענדליקער עלטערן, וועלכע האבן אים מיט שמחה אנפארטרויט זייערע קינדער זיי צו דערציען. אין פארלויף פון א קורצער צייט, איז אים געלונגען צו שאפן פאנדן אויף צו בויען א בנין פאר א צווייטער פאסיקער ישיבה, וועלכע עקזיסטירט ביז היינט צו טאג אונטערן נאמען: „ישיבת ראשון לציון״ אין איסט פלעטבוש. אין יאר 1935 האט ר׳ צבי ארי׳ ארויסגעגעבן א דרוש ספר א.נ. „מחנה שמואל״.

אין זיינע לעצטע יארן, אין אים, ליידער, אויסגעקומען צו טיילן דעם זעלבן שיקזאל פון פיל אנדערע גייסטיקע פיאנערן, וועלכע האבן זייער לעבן אוועקגעגעבן פארן וווילזיין פון קהל און אליין פארזען געווארן. צום סאמע לעצט איז אים נאך געלונגען צו ארגאניזירן א תלמוד תורה מיט א שול „מחנה שמואל״ אין בארא פארק און א צווייטע ת״ת מיט א שול א.נ. „רחובות״ אין איסט ניו־יארק. אזו שטייענדיק אויף זיין פאסטן אלס מחנך פון יונג און אלט איז ער ה׳ טבת, תרצ״ז, נפטר געווארן און געקומען צו קבורה אויף דעם בית עולם פון „אגודת אחים אנשי דראהיטשין״ אין ניו־יארק.

# ר׳ מענדל קאַמינעצקי ז״ל

**ר׳ מענדל** קאַמינעצקי, געבוירן ב׳ אלול, תקצ״ח, 1838, אין דראָהיטשין, האָט געהאַט עלוי׳שע כשרונות. ער האָט קיינמאָל נישט געלערנט אין קיין ישיבה און האָט אויסגע־שטיגן גרויס אין לערנען. ביז 11 יאָר האָט ער געלערנט ביי



פון רעכטס: ר׳ מענדל און זיין פאָטער ר׳ משה איסר, ז״ל

זיין פאָטער, ר׳ משה איסר, וועמען ער האָט שוין דאַן געהאַט איבערגעשטיגן אין לערנען. נאָכדעם האָט ער געלערנט פאַר זיך אין בית המדרש אין שטעטל.

ר׳ מענדל האָט אַמאָל אין הויז פון ר׳ חיים בריסקער, ז״ל, געהאַט אַ וויכוח אין לערנען מיט ר׳ בן ציון, בעלסקער רב. האָט ר׳ בן ציון נאָכדעם געזאָגט צו ר׳ מענדלען: „מיין איי־דעם, ר׳ יוסף וואָלעוועלסקי, אייער תלמיד, האָט וועגן אייך געזאָגט, אז איר האָט אַ מהרש״א־קאָפּ, האָב איך דאַן גע־לאַכט. איצט זע איך אַז מיין איידעם האָט געהאַט רעכט״...

אַחוץ אַ מופלג בתורה, אַ תלמיד־חכם, איז ר׳ מענדל אויך געווען גוט באַהאַוונט אין אלגעמיינע חכמות, ווי: יוריס־פּרודענץ, מאַטעמאַטיק, מאַשינעריע און אסטראָנאָמיע. ער האָט גרינדלעך באַהערשט די רוסישע שפּראַך, איז געווען קלאָר אין די קאָדעקסן פון יוריספּרודענץ און האָט געשריבן פּראָשעניעס ווי אַ דיפּלאָמירטער אַדוואָקאַט. ער האָט גע־קענט לעזן שווערע מאַטעמאַטישע פאָרמולעס און האָט פאַרשטאַנען די קאָנסטרוקציעס פון די קאָמפּליצירסטע מאַ־שינען. ביי זיך אין הויז האָט ער געהאַט אַ קאָלעקציע פון פאַרשידענע מאַשינדלעך, ארום וועלכע ער פלעגט פּראַק־טיצירן און מאַניפּולירן שעהן לאַנג. האָט אויך געהאַט אויס־גע׳חשבונ׳ט די מולדות און עבורים פאַר אַן אייביקן לוח. דאָס אַלעס האָט מענדל דערוואָרבן פון זיך אליין.

מען דערציילט, דער ראווינער פּריץ, מינקאָוו, האָט זיך גע׳משפּט מיט די יידן פון די „נייע גערטנער״ אין דראָהי־טשין, און געוואָלט ביי זיי צונעמען די גערטנער. האָט ר׳ מענדל, אַלס פּאַרטיידיקער, גענומען די „דיעלע״ צו דער גובערנסקער פּאַלאַטע אין גראָדנע, און האָט מיט אַזאַ גע־שיקטקייט און חריפות פאַרטיידיקט זיינע קליענטן, אַז דער באַרימטער גענעראַל מינקאָוו, דער העלד, וואָס האָט איינ־גענומען די טערקישע פעסטונג „פּלעוונע״ פאַר די רוסן, האָט פאַרלאָרן דעם פּראָצעס. דאָס רוסישע געריכט האָט דאַן גע־אורטיילט, אַז די גערטנער, וועלכע זיינען אין משך פון 99 יאָר באַארבעט געוואָרן פון יידן, בלייבט זייער אייגנטום.

ר׳ הערשביילין, דער פּינסקער עלוי, ר׳ חיים בריסקערס אַ חבר, האָט אַמאָל זיך אויסגעדריקט: „ווער קען משיג זיין ר׳ מענדל׳ס קאָפּ?״...

ר׳ מענדל איז געשטאָרבן צו 81 יאָר ג׳ טבת, תרע״ט, 1919, אין דראָהיטשין.

ר׳ מענדל האָט געהאַט 11 קינדער: יאָסל, מאָטיע לייב, לאָצעביילע, פּיניע, יהושע, לאַנע, גבריאל, פראַדל, שלמה, מרים און חנה.

---

# ר׳ אשר ווייצל ז״ל

**ר׳ אשר** ווייצל, באַקאַנט אַלס „ר׳ אשר דער קאַזיאָנער ראַבין״, איז געווען דער זון פון דעם באַרימטן גאון און צדיק ר׳ מרדכי׳לע ווייצל־ראָזענבלאַט, באַוווסט אלס „ר׳ מרדכי׳לע סלאָנימער״, זצ״ל. וועגן ר׳ אשר׳ס לעבן און ספּעציעל וועגן



ר׳ אשר ווייצל, ז״ל

זיין יוגנט, האָבן מיר נישט קיין ידיעות. מיר ווייסן בלויז, אַז ער האָט חתונה גע־האַט קיין דראָהיטשין מיט ר׳ אייזיק׳ס אַ טאָכטער און גערופן זיך „אשר איי־זיקס״.

ר׳ אשר האָט געקענט לערנען און גוט באַזעסן די רוסישע שפּראַך. אין משך פון יאָרן, ביז דער ערשטער וועלט מלחמה, האָט ר׳ אשר אָנגע־פירט מיט די שטאָטישע מעטריקאַציע־ביכער, ווו עס זיינען געווען פאַרשריבן די געבורטן און טויט־פאַלן פון דער באַ־פעלקערונג, און דערפאַר האָט ער באַקומען דעם נאָמען: „אשר דער קאַזיאָנער ראַבין״...

ר׳ אשר איז געווען זייער אַ שטילער און באַשיידענער מענטש און די מערסטע פון זיין צייט איז ער געווען פאַרטאָן אין זיין קרעמל, וואָס ער האָט געהאַט אין מאַרק. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ער פאַר אַ קורצער צייט גע־לערנט לימודי־קודש מיט אַ קלאַס קינדער אין דער שולע „מוריה״.

ר׳ אשר איז געשטאָרבן אין די צוואַנציקער יאָרן. האָט געהאַט איין זון בן ציון און אַ שנור חנה גיטל וואָלעוועלסקי.

הרב דוב ב. וואַרשאַווסקי

# דער לעצטער רב פון דער לעצטער קהלה

די זון האָט, ווי תמיד, געשיינט העל און דאָס גאַנצע שטעטל האָט זיך געטונקט אין דער ליכטיקייט פון די זונען־שטראַלן. איך האָב געשפּרייזט איבער די גאַסן פון דראָהיטשין און צו זיך געזאָגט: זע נאָר, ווי קיין זאַך האָט זיך דאָ גאָרנישט געענדערט. מענטשן גייען און איילן אין פאַרשיידענע ריכטונגען. באַקאַנטע פּנימער, מיט שמייכלענדיקע אויגן זיינען מיר פאַרבייגעגאַנגען און שטומערהייט פאַרשוווּנדן פון מיין בליק...

איך האָב זיך פאַרקירעוועט אין דער ריכטונג פון דעם רב'ס הויז. איך עפן די טיר פון הויז, הסם... מאָדנע, אויך דאָ האָט זיך גאָרנישט געביטן. אַלצדינג איז דאָ אויף זיין אָרט ווי פריער. אין דעם פראָנט־צימער, אין בית־דין־שטוב, זיצט, ווי שטענדיק, דער גרייז־גרויער רב ביים גרויסן טיש און שאָקלט זיך שטיל איבער אַ ספר. דער רב זעט מיך נישט... איך קוק אַריין אין אַלע צימערן, אומעטום הערשט אַ טויטע שטילקייט. עס איז שרעקלעך שטיל. עס באַפאַלט מיך אַן אומהיימלעכקייט — און איך האָב זיך אויפגעכאַפּט... עס איז געווען אַ חלום...

עס איז דער חלום, וועלכן איך חלום טאָג און נאַכט, שטענדיק, זינט איך האָב פאַרלאָזט מיין היים, עלטערן, דעם רב, פריינט און מיין שטעטעלע מיט אירע יידן... עס איז אַ חלום... עס גלויבט זיך נישט, אַז אַלע, זיי, דאָרטן, זיינען טויט... ניין! עס קען נישט זיין! עס איז אוממעגלעך, אומגלויבלעך!...

עס איז געווען אַ חלום. פאַרשוווּנדן זיינען די זונען־שטראַלן; פאַרשוווּנדן זיינען די ליכטיקע געשטאַלטן... אַרום מיר איז אַ פינצטערער וואַקוּאום. דאָס געמיט איז אַזוי שווער, און אַ שטאַרקע בענקעניש און קלעמעניש צערייסט דאָס האַרץ...

אין דער זעלבער פּאָזע, ווי איך האָב אים געזען אין חלום (דאָ לעצטנס), אַזוי האָב איך אונדזער רב, הרב ר' אייזיק יעקב קאַלענקאָוויטשן, הי"ד, געטראָפן מיט צען (10) יאָר צוריק (פונקט ווערט דעם חודש 10 יאָר), ווען איך בין געקומען צו געזעגענען זיך מיט אים. און אין דער זעלבער פּאָזע האָב איך דעם רב איבערגעלאָזט, שאָקלנדיק זיך איבער אַ גמרא, און אַ טיפער באַהאַלטענער צער האָט אַרויסגעקוקט פון זיינע אויגן פון אונטער זיינע דיקע אויגן־גלעזער.

איך האָב געהאַט די זכיה, נאָך פון מיין פריסטער יוגנט, צו זיין אַ בן־בית ביים רב אין הויז. דעם רב'ס הויז איז פאַר מיר געווען מיין צווייטע היים. עס איז געווען מיין גרעסטער תענוג צו זיצן ביים רב אין שטוב; מחמת אַ חוץ אין לערנען, האָט מען מיטן רב געקענט שמועסן אין וועלטלעכע ענינים, הגם זיין אויסערלעכער אויסזען איז געווען גרוי און אַלט (ער האָט זיך געעלטערט פאַר דער צייט) איז אָבער זיין האַרץ געווען פריש און יונג. מען האָט זיך מיטן רב געקענט בעראַטן און שואל־עצה זיין, ווי מיט אַן אייגענעם פאָטער און נאָך אינטימערער. ער האָט אָנגעפילט יונגע הערצער.

הרב ר' אייזיק י. קאַלענקאָוויטש, הי"ד, איז געווען באמת אַ נחבא אל הכלים. ער איז אַנטלאָפן פון כבוד און אויסגעמיטן פרסום. ער האָט במציאות נישט געוווּסט וואָס כבוד איז. זיין גאַנצן לעבן איז דער רב געווען אַ יושב אהל און אַ מתמיד גדול!

זעלטן ווען, אַז הרב קאַלענקאָוויטש האָט פאַרלאָזט זיין קהלה. איך געדענק גאָרנישט, אַז ער זאָל ווען עס איז האָבן אוועקגעפאָרן „דאַטשעווען" אויף חדשים, ווי אַנדערע פלעגן עס טאָן, הגם זיין שוואַכער געזונט־צושטאַנד האָט עס געפאָדערט. דער רב איז שטענדיק געווען אויף זיין פּלאַץ גרייט צו ענטפערן אַ שאלה, אַ דין אָדער סתם אויסהערן אַ צעבראָכענע האַרץ און געבן אַ יידן אַן עצה טובה און אַ טרייסט. דער רב האָט געדינט זיין קהלה ווי אַ געטרייער שומר.

און ווען קיין שאלות און דינים זיינען נישט געווען, פלעגט דער רב זיך ווידער פאַרטיפן אין אַ גמרא. זיין שוואַכער גוף פלעגט זיך פּאַמעלעך און שטיל באַוועגן, נאָר פון צייט צו צייט פלעגט זיך אַרויסרייסן פון זיין האַרץ אַ טיפער זיפץ באַגלייט מיט אַ שטילן ניגונדל: „אוי, אמר רבא"...

הרב קאַלענקאָוויטש, זצ"ל, האָט קיינמאָל נישט אָנגעהערט צו קיין שום פּאַרטיי, און איז געשטאַנען ווייט פון פּאָליטישן לעבן. ערשט איצט, ווען איך האָב קענען געלערנט דעם אמת'ן פרצוף פון פּאַרטייען און פּאָליטיקער, ווייס איך ווי אָפּצושאַצן אָט די גרויסע מעלה וואָס אונדזער רב האָט באַזעסן. אַ דאַנק דעם, טאַקע, האָט דער רב געקענט זיך דערהויבן צו אַ העכערער מדרגה פון מענטש און אמתן תורה־ייד, און נישט ווערן צעריסן פון פּאַרטייאישער קנאה־שנאה.

הרב קאַלענקאָוויטש, זצ"ל, קען מען זאָגן, האָט אָנגעהערט צום טיפּ רב פון אַלטן דור. ער איז געווען אַ טיפזיניקער, לאָגישער למדן, אַ גרויסער בקי און ירא שמים. און צו דעם אַלעמען איז ער געווען אַ נוח לבריות, אַן עסטעט און שטרענגער היגיעניסט.

הרב קאַלענקאָוויטש, זצ"ל, האָט פיינט געהאַט די וואַסערדיקע פּוסטע פּאָליטישע דרשות. ער האָט פיל נישט גע'דרש'נט. אָבער זיינע אַ דרשה איז געווען אַ שטיק תורה. מ'האָט געדאַרפט צולייגן קאָפּ און פאַרשטיין זיינער אַ דרשה. הרב ר' אייזיק יעקב הכהן קאַלענקאָוויטש, הי"ד, איז געווען

דער לעצטער רב פון דער לעצטער קהלה קדושה אין דראָ־היטשין! צוזאַמען מיט זיינע יידן האָט ער אין משך פון מער ווי אַ 50 יאָר געלעבט, צוזאַמען געליטן, און צוזאַמען מיט זיי איז ער אַוועק אין דער אייביקייט! — הנאהבים והנעימים בחייהם ובמותם לא נפרדו...

איך שרייב די דאָזיקע שורות צו דעם 6־טן יאָרצייט — ה׳ חשון תש״ט, פון אונדזערע אומגעקומענע קדושים. און מען דאַרף דערמאָנען, אַז אַחוץ אלס מרא דאתרא און גייס־טיקער מדריך, איז הרב קאַלענקאָוויטש אויך אומגעקומען אלס טאַטע פון קינדער און אייניקלעך, און ווער קען אויס־שרייבן דעם צער פון אַ קינד, וואָס קוקט צו מיט זיינע אויגן ווי זיינע טאַטע־מאַמע ווערן געמאָרדעט, און ווי קען מען אַרויסגעבן די יסורים פון טאַטע־מאַמע, זעענדיק ווי זייערע קינדער ווערן געטויטעט און אומגעבראַכט?!...

„אגרא דהספדא״. וואָס דאַרף זיין דער פועל יוצא פון אונדזערע הספדים און יאָרצייטן נאָך אונדזערע קדושים? איך גלויב און האַלט עס פאַר זיכער: אַז נישט קיין ליכט־צינדן אין נישט מתפלל זיין פאַר די נשמות פון די קדושים דאַרפן מיר, ווייל די נשמות פון די קדושים זיינען אזוי הייליק און אַזוי גרויס, אַז אפילו הייליקע צדיקים קענען נישט געפינען זיך אין זייער מחיצה... זיי שטייען אויך העכער געוויס פון די אנשי־לוד א. א. יאָ, בעטן דאַרפן מיר פאַר אונדזערע נשמות, וואָס מיר האָבן גאָרנישט געטאָן צו ראַטעווען די קדושים פון טויט. און אויך איצט טוען מיר גאָרנישט, נקמה צו נעמען אָן זייערע רוצחים, די דייטשן!

די יאָרצייטן נאָך אונדזערע קדושים וועלן דאַן האָבן אַ זין און אַ תיקון, ווען מיר וועלן אויך גע ד ע נ ק ע ן ז י י ע ־ ר ע מ ע ר ד ע ר, די דייטשן! מיר דאַרפן זיי געדענקען אין שטוב, אין גאַס, אין געשעפט, אין פאַבריק, א.א.וו. אַלעס וואָס האָט אַ שייכות מיט דייטש און דייטשלאַנד דאַרף זיין פאַר אונדז מיאוס און טריף — חרם! אייביקער חרם אויף דייטשלאַנד!

לאָנדאָן, ה־ו חשון, תש״ט — 1948.



גרופע אידען אין ליקעווע, ביי שעדליץ, איבער וועמען די נאציס האבען זיך איזדיעקעוועט. איידער זיי אבען זיי געטויט. — איין איד, אין א טלית קטן, דער צווייטער אין א טלית. דער איד מיט דער ווייסער ארד, וואס שטייט הינטער דעם אידען מיט דעם טלית קטן, איז דערקענט געווארען פון מרס. רובינשניידער, וועלכע האט דאס בילד געקראגען דורך א צופאל, אלס איר פאטער.

# דערקלערונג פון רעדאַקציע

די דאָזיקע אָפּטיילונג וועגן רביים און חסידים־שטיבל פון דראָהיטשין איז געשריבן געוואָרן פון זלמן שעווינסקי. הגם די דראָהיטשינער קהלה איז אין איר מערהייט באַשטאַנען פון לויטער מתנגדים, דאָך האָט ער, אַלס איינער וואָס איז דערצויגן געוואָרן אין חסידישן גייסט, געפונען פאַר זיין חוב צו ווידמען דאָס חסידים־שטיבל און חסידים אין דראָהיטשין אַ באַזונדער אָפּטיילונג, וועלכע איז אויפגעשטעלט געוואָרן אויף זיין פאַרלאַנג און אחריות...

ווי קליין דער חסידישער ציבור אין דראָהיטשין זאָל נישט האָבן געווען, האָט ער דאָך, לויט זיין מיינונג, פאַרדינט די דאָזיקע ספּעציעלע אָפּהאַנדלונג פון עטלעכע בלעטלאַך אין בוך „דראָהיטשין". דער חסידישער צבור אין דראָהיטשין איז אפשר געווען קליין אין כמות, איז ער אָבער געווען גרויס אין איכות.

ווען מיר זאָגן חסידים אין דראָהיטשין מיינען מיר די גאַנצע קאָברינער דינאַסטיע, דעם חסידישן שטאַם, פון וועלכן דראָהיטשינער חסידים־שטיבל איז געווען אַ צווייג, און וואָס נעמט אַריין, פאַרשטענדלעך, די קאָברינער רביים, וועלכע זיינען געווען די מדריכים, די גייסטיקע פירער פון דראָהי־טשינער חסידים.

און דאָס פאַרענטפערט שוין במילא די קשיא פון די יעניקע, וואָס ווילן אָדער וועלן פרעגן: וואָס פאַר אַ שייכות האָבן קאָברינער חסידישע רביים צו דראָהיטשין? יאָ, זיי האָבן א שייכות.

דער חסידישער רבי האָט געמעגט לעבן אין קאָברין אָדער אפשר נאָך ווייטער, אָבער זיין גייסט האָט געשוועבט אין חלל פון דראָהיטשינער חסידים־שטיבל.

דאָס חסידים־שטיבל האָט געהאַט שטימונג; אַ שטימונג פון יראת־הרוממות, פון שמחה און פון בטחון. די גאַנצע אַטמאָספערע איז געווען אָנגעזאַפּט מיט יידישקייט.

און די דאָזיקע יידישקייט האָט זיך נישט געלאָזט איינשליסן אין די פיר ווענט פון שטיבל; זי האָט דורך פענסטער און טירן זיך געריסן אין גאַס אריין. דער עכאָ פון חסידישן ניגון און זמר פון שטיבל האָט אָפּגעקלונגען אויך אין פיל נישט קיין חסידישע יידישע אויערן איבערן שטעטל. און יידן זיינען געקומען; זיי זיינען געקומען ספּעציעל אין די ווינטערדיקע שבת־טעג, אָנצוואַרעמען זיך ביי דעם חסידישן פייער. און ווער רעדט נאָך, אַז דער רבי פון קאָברין איז געקומען צו גאַסט צו זיינע חסידים אין דראָהיטשין, דאַן איז דאָס חסידים־שטיבל געווען צו־קליין אַריינצונעמען אַלע געסט און די נייגעריקע פון שטעטל.

דאָס איז דאָס קאַפּיטל־חסידות פון דראָהיטשין, וועלכער איז ליידער נישט געוואָרן אויסגעלייענט ביז צום סוף און איז היינט צעשטערט און פאַרברענט.

**זלמן שעווינסקי** (שיקאַגאָ)

# דאָס חסידים־שטיבל

**מיין** פאָטער, ר׳ נחום שעווינסקי, ע״ה, אַ געבוירענער פון קאָברין, האָט נאָך זיין חתונה זיך באַזעצט אין דראָהיטשין. אין יענער צייט זיינען אין דער מתנגדישער דראָהיטשין געווען אַ קליינע צאָל קאָברינער חסידים, וועלכע האָבן אפילו נישט געהאַט קיין אייגענעם פּלאַץ צו דאַווענען. פלעגן זיי זיך צוזאַמענקומען אין פּריוואַטע הייזער און דאַווענען דאָרט נאָר שבת און יום טוב. מיין פאָטער, דעם חסיד, איז דאָס אומוואַנדערן פון הויז צו הויז ניט געפעלן געוואָרן און ער האָט זיך אַנטשלאָסן צו בויען אַ שטענדיקן פּלאַץ פאַר די חסידים, אַ חסידיש־שטיבל צום דאַווענען אַ גאַנצע וואָך, און דאָרט זאָל אויך זיין אַ פּלאַץ פאַר דעם קאָברינער רבין, ווען ער קומט קיין דראָהיטשין אויף שבת פּרשה „חיי שרה״. זייענדיק פון דער נאַטור אַן ענערגישער מאַן, האָט מיין פאָטער אָן ווייטערדיקע שהיות אָנגעהויבן צו פאַרווירקלעכן זיין פּלאַן. ער האָט זיך באַראָטן מיט ר׳ בנימין משה׳ן דעם שוחט, ר׳ שמעון נאַהוריער, ר׳ אברהמ׳ל דעם סטאָליער, ר׳ לייזער אַדלער, ר׳ יצחק אבגדור טעלעכאַנסקי, ר׳ יעקב אייזענבערג (דובאָווייער), ר׳ יצחק בנימין קופּער, ר׳ אריה ליב גינגאָלד און יאָסל יצחק אַבראַמאָוויטש פון וואגזאל — אַלע קאָברינער חסידים — און גלייך איז געקויפט געוואָרן אַ פּלאַץ אין אַ געסל לעבן אַלטן בית המדרש, אויפן וועג צום אַלטן בית־הקברות.

מען האָט זיך טאַקע גלייך געשטעלט בויען דאָס שטיבל. ווען די פאַרברענטע מתנגדים האָבן דערזען אַז מיין פאָטערס אידייע איז שוין ניט מער קיין חלום נאָר אַ ווירקלעכקייט, האָבן זיי אָנגעהויבן צו שטערן און מיט פאַרשיידענע מיטלען פּרובירט אָפּצושטעלן די אַרבעט. צווישן די געגנער זיינען אויך געווען מיטגלידער פון אונדזער אייגענער משפּחה פון דער מאַמעס צד. נאָר זעענדיק אַז זיי קאָנען גאָרנישט אויפטאָן, האָבן זיי אָנגענומען דעם סאַמע לעצטן מיטל: מסרן פאַר דער רעגירונג. אין רוסלאַנד איז דאַן געווען אַ געזעץ אַז אַ יידישע שול טאָר זיך ניט געפינען צו נאָענט צו אַ פּראַוואָסלאַווער קירכע, און דאָס שטיבל איז געבויט געוואָרן נישט ווייט פון דעם שטעטלדיקן קלויסטער.

וויסנדיק דעם דאָזיקן געזעץ, זיינען די מתנגדים אַוועק צום גלח און אים צוגערעדט ער זאָל זען אָפּשטעלן די אַרבעט פון שטיבל, און אויב ער אליין וועט נישט קאָנען העלפן, וועט מען זיך זען ווענדן צו העכערע אינסטאַנצן. דער גלח האָט גלייך געהייסן רופן מיין פאָטער און ער האָט אים אָנגעזאָגט מיטן האַרבן וואָרט מען זאָל גלייך אָפּשטעלן די אַרבעט.

זיין הויפּט־מאָטיוו איז געווען: אַזויווי חסידים שרייען און ליאַרעמען בשעת זייער דאַווענען, וועט עס געוויס שטערן די קריסטן אָפּצוריכטן זייערע מאָדליטוועס. מיין פאָטער האָט דעם גלח רואיק אויסגעהערט און... האָט ווייטער פאָרגעזעצט די אַרבעט. ער האָט זיך אָבער גלייכצייטיק געווענדעט צום גענעראַל מינקאָוו, דעם ראָווינער פּריץ, צו וועמען דראָהיטשין האָט באַלאַנגט, און אים געבעטן אַז ער זאָל אָנזאָגן דעם גלח ניט צו שטערן אין דער בוי־אַרבעט.

ווען מען האָט שוין געהאַלטן ביים פאַרענדיקן דעם בנין, איז אָנגעקומען אַ באַפעל פון דעם קאָברינער איספּראַווניק ריבייסקי, אַז מען זאָל פאַר׳חתמ׳ענען די געביידע און ניט לאָזן עס פאַרענדיקן. האָט מען פאַרקלאַפּט די טירן מיט ברעטער. יידן האָבן זיך אָבער ווי עס איז געגעבן אַן עצה ווי צו דאַווענען אין שטיבל — זיי פלעגן אַריינגיין דורך די ניט־פאַרקלאַפּטע פענצטער און זיך שטעלן דאַווענען...

איינמאָל פרייטיק פאַרנאַכט, ווען מיין פאָטער מיט מיין עלטערן ברודער, זעליק, זיינען געגאַנגען צום דאַווענען, האָט זיי אויפן וועג באַגעגנט דער פּריסטאַוו ראָטשטיין — אַ געטויפטער ייד — און ער פרעגט זיי צי זיי גייען איצט ניט אין שטיבל אַריין דאַווענען. מיין פאָטער האָט אים געענטפערט אַז ער, דער פּריסטאַוו אַליין, האָט דאָך די טירן „פאַרחתמעט״, טאָ ווי אַזוי קען מען אַריין? זאָגט דער פּריסטאַוו: „גאָספּאָדין שעווינסקי, מיך וועט איר דאָך ניט אָפּנאַרן. איך ווייס אַז יידן געפינען אַן עצה און מען גייט אַריין דורך די פענצטער״. ענטפערט אים מיין פאָטער: „גאָספּאָדין פּריסטאַוו, קומט מיט מיר וועט איר זיך איבערצייגן אַז מען דאַוונט ניט אין שטיבל״. ער האָט דערביי אַ ווונק געטאָן צו מיין ברודער זעליק און יענער איז גלייך אַוועק פאָראויס אָנצוזאָגן די מתפּללים אין שטיבל אַז דער פּריסטאַוו קומט. צוקומענדיק צום שטיבל האָט דער פּריסטאַוו דערזען ווי יידן קומען אַרויס דורך די אָפענע פענצטער... מיין פאָטער האָט געזען, אַז דער פּריסטאַוו זאָל פאַרשווייגן די גאַנצע מעשה.

דערזעלבער פּריסטאַוו האָט אָבער אָנגעזאָגט מיין פאָטער אַז די צווייטע וואָך קומט אַהער דער קאָברינער איספּראַווניק אויסצומעסטן דעם שטח דורכן געסל ביז צו דער זאַמד־גאַס, וואָס איז געווען די הויפּט־גאַס, און זען ווי ווייט שטייט דאָס שטיבל פון דעם קלויסטער. ער האָט דערביי אויך געראָטן מיין פאָטער זיך צו זען מיטן גענעראַל מינקאָוו.

די צווייטע וואָך זיינען טאַקע אַראָפּגעקומען דער איספּראַווניק, דער גלח און דער פּריסטאַוו. מיין פאָטער האָט

אויך איינגעלאַדן דעם גענעראַל מינקאָוו צו זיין אַנווועזנד ביי דער מעסטונג. דער גלח האָט אָנגעהויבן מעסטן ניט דורך דעם געסל גופא נאָר דורך די אַרומיקע גערטנער, וואָס וואָלט אים געהאָלפן צו באַווייזן אַז מען טאָר ניִשט דערלויבן צו פאַרענדיקן דאָס שטיבל. מיין פאָטער האָט דאַן גענומען פּראָטעסטירן און האָט פאַרלאַנגט אַז מען זאָל מעסטן דורכן געסל, אַ פלאַץ ווו מענטשן גייען. זיין פּראָטעסט האָט געהאָלפן, ווייל אַלע אַנוועזנדע, אַחוץ דעם גלח, זיינען געווען „אָפּגעקויפטע“. ווען דער גענעראַל און אויך דער איספּראַווניק האָבן איינגעשטימט מיט מיין פאָטער, האָט דער גלח געמוזט נאָכגעבן. מיין פאָטער האָט אָבער באַמערקט אַז דער גלח מאַכט בשעתן מעסטן זייער גרויסע טריט, האָט ער וועגן דעם גלייך אויפמערקזאַם געמאַכט דעם גענעראַל און יענער האָט זיך געווענדעט צום גלח און געזאָגט, אַז אַזוי ווי דער גלח איז שוין גאַנץ אַלט און די גאַנצע אַרבעט פון מעסטן איז צו שווער פאַר אים, וועט ער עס שוין אַליין טאָן... און דער גענעראַל


ר׳ שמעון עפלבוים, שמש פון שטיבל

האָט טאַקע גלייך אָנגעהויבן אַליין צו מעסטן. די רעזולטאַטן זיינען, נאַטירלעך, געווען צופרידנשטעלנדיקע און דאָס שטיבל איז בשלום פאַרענדיקט געוואָרן. די עטלעכע עלנטע און גערודפ׳טע דראָהיטשינער חסידים האָבן פון גרויס שמחה אויף דער מפּלה וואָס זייערע שונאים האָבן געהאַט, זיך געלאָזט אין אַ טענצל מיט גרויס התלהבות, און מיין פאָטער מיט זיי.

אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה זיינען אַלע בתי מדרשים אין דראָהיטשין אָפּגעבערענט געוואָרן, נאָר דאָס חסידים שטיבל איז געבליבן גאַנץ.

NIGUN FROM BINYOMIN MOSHE
DER SHOCHET

SHE - HA SHO - LOIM -
YO - - SIM O LEI - - - NU
YO SIM O LEI - NU BEI RO - - HO BEI
RO CHO VEI SHO - - - LOIM VEI SHO LOIM
HO RACH MON HU YEI VO REI - ES A - - MOI VA
SHO - LOIM - MIS MOIL U MI YO
MIN AL YIS RO EIL SHO LOIM
HO RACH MON - - HO YEI VO REICH
ES A MOI VA - SHO - LOIM VA SHO LOIM
VEI YIZ KU LIR OIS VO NIM UV NEI - VO NIM
OIS KIM BA TOI RO OIS KIM BA
TOI - - RO UV - - MITZ VOIS AL YIS
EIL - SHO - LOIM SHO - LOIM
PE LE - YOI EITZ EIL - GI -
BOIR GI BOIR - PE LE - YOI -
EITZ - - EIL - GI BOIR
A - VI - - AD SAR SHO LOIM
A VI AD SAR - SHO - LOIM SHO - LOIM

דער זמר „שהשלום שלו“, געזונגען פון ר׳ בנימין משה דעם שוחט אין חסידים שטיבל.


ר׳ אליעזר (לייזער) אַדלער
געשטאָרבן כ״ב כסלו תרפ״ד

# ר׳ משה׳לע ז״ל

דער ערשטער רבי

ר׳ משה׳לע איז געבוירן געוואָרן אין פּיעסק, לעבן קאָברין. זיין פאָטער איז געווען אַ בעקער. פון זיין יוגנט אָן האָט ער זיך אויסגעצייכנט מיט שיינע זיטן. אַלס באַווייז קען דינען פאָלגענדער ביישפּיל:

משה׳לעס מוטער איז געווען אַ גרויסע צדקנית. זי פלעגט אויסטיילן ברויט צו אָרעמעלייט אומזיסט. עס פלעגט טרעפן, אַז אייניקע אָרעמעלייט פלעגן איר באַליידיקן און דערמיט איר ווייטאָן. זי פלעגט דערפון זייער ליידן, צייטנווייז אויך וויינען, און באַקלאָגן זיך פאַרוואָס קומט דאָס איר. ווען דער קליינער משה׳לע האָט דערהערט אירע טענות האָט ער איר געזאָגט: מאַמע, ווען די אָרעמעלייט וואָלטן דיר געלויבט און געבענטשט, וואָלסטו דאָך געווען צופרידן. קומט אויס אַז דו ביסט אויסן נאָר דיין טובה. אויב, אָבער, דיינע גוטע מעשים ווערן דיר באַצאָלט מיט באַליידיקונגען, ווערן דאָך דיינע מעשים געטאָן בשלמות און לשמה.

ר׳ משה׳לע פלעגט אָפט דערציילן, אַז ווען ער איז געווען אַ קליין יינגל, האָט ער זיך אין חודש אלול געשפּילט מיט קינדער אין גאַס, איז אַרויס זיין שוועסטער און זאָגט צו אים: אין אַזעלכע טעג פאַרנעמסטו זיך מיט נאַרישקייטן? אַפילו אַ פיש אין וואַסער ציטערט. אירע ווערטער האָבן אויף אים געווירקט. ער האָט אָנגעהויבן ציטערן, און האָט געציטערט זיין גאַנצן לעבן.

ר׳ משה׳לע האָט חתונה געהאַט אין קאָברין. זיין שווער האָט אים געגעבן קעסט און אַ קליינע דירה, ווו ר׳ משה׳לע איז געזעסן על התורה ועל העבודה. איינמאָל ווען ער איז קראַנק געוואָרן האָט ער בשום אופן זיך ניט געוואָלט ווענדן צו דאָקטוירים. ער האָט געבעטן מען זאָל אים פירן צו ר׳ מרדכי׳לע פון לעכעוויטש. זיין פאָטער האָט אים גענומען צו ר׳ מרדכי׳לען און ער איז געזונט געוואָרן. פון דאַן אָן פלעגט ער פאָרן קיין לעכעוויטש.

ר׳ מרדכי׳לע פלעגט זייער שעצן ר׳ משה׳לען. איינמאָל פורים האָט ר׳ מרדכי׳לע געזאָגט צו די חסידים: פורים איז מען מקיים „מתנות לאביונים״, טאָ זאָל יעדער איינער זאָגן צו וואָס פאַר אַ מדרגה ער וויל גרייכן אין עבודת הבורא און זיין בקשה וועט דערפילט ווערן. יעדערער האָט אויסגעדריקט זיין פאַרלאַנג חוץ ר׳ משה׳לע. — פאַרוואָס שווייגסטו? — פרעגט אים ר׳ מרדכי׳לע. — איך, ענטפערט ר׳ משה׳לע, האָב פיינט מתנות. איך וויל דערגרייכן צו דער העכער מדרגה פון עבודת הבורא נאָר דורך יגיע כפּי.

מען האָט געפרעגט ר׳ משה׳לען פאַרוואָס ער גיט ניט אַרויס קיין ספר. האָט ער געענטפערט: כ׳האָב שוין אַרויסגעגעבן אַ ספר. מיין ספר האָב איך אָנגעשריבן אויף די הערצער פון די יידישע מאַסן.

צו ר׳ משה׳לעס לוויה זיינען געקומען אַ סך חסידים מיט ר׳ יהושע׳לע אָסטראָווער צווישן זיי. ווען מען איז צוריקגעקומען פון בית־הקברות, איז ר׳ יהושע׳לע אַריין אין ר׳ משה׳לעס צימער און האָט דאָרט אַביסל פאַרבראַכט ביחידות. אַרויסגייענדיק האָט ער געזאָגט: איך האָב געהערט דברי תורה אין קאָברין, וועל איך זיי איצט איבערזאָגן אויף קבֿרין. אויף דעם פּסוק „קדושים תהיו כי קדוש אני ה׳״, פלעגט ר׳ משה׳לע זאָגן: קדושים תהיו, בעל כרחכם וועט איר ווערן קדושים, ווייל איר האָט אַ חלק פון דער געטלעכקייט אין זיך. ער פלעגט אויך צוגעבן: „כי קדוש אני ד׳״. איך ווייס און פיל די קדושת הבורא, אָבער איך באַזיץ ניט דעם כח אויסצודריקן מיטן מויל אַלץ וואָס איך פיל אין האַרצן. אָט דעם געדאַנק, האָט פאַרגעזעצט יהושע׳לע אָסטראָווער, וויל איך זאָגן אויף קאָברין: איך ווייס און פיל די הייליקייט פון קאָברין, אָבער איך באַזיץ ניט די יכולת אויסצודריקן דאָס מיטן מויל.

אין אוהל פון ר׳ משה׳לע הייבגט אין אַ ראַם אַן אויסצוג פון זיין צוואה: „יעדערער וואָס וועט האָבן די העזה צו רעדן וועגן מיר גוטעס בלשון גוזמא, וועל איך זיך נוקם זיין אָן אים, אָבער יעדער איינער מעג זאָגן וועגן מיר אַז איך בין געווען אַן אוהב ישראל. איך אַליין פלעג דאָס זאָגן אויף זיך אַליין, מעגן דאָס אַנדערע אויך זאָגן וועגן מיר.״

ר׳ משה׳לע איז געווען רבי 26 יאָר. ער איז נפטר געוואָרן בכ״ח ניסן, תרי״א.

## תורה־ווערטלאַך פון ר׳ משה׳לען ז״ל

### די נשמה און דער יצר הרע

„די נשמה זאָגט צום יצר הרע דאָס וואָס אברהם האָט געזאָגט צו לוט׳ן: „אויב דו וועסט גיין לינקס וועל איך גיין רעכטס, און אויב דו וועסט גיין רעכטס וועל איך גיין לינקס״. „אויב דו ווילסט מיך פירן לינקס״, זאָגט די נשמה צום יצר הרע, „וועל איך דיך ניט פאָלגן און איך קלייב זיך אויס רעכטס, און אויב דו וועסט מיר אפילו ראָטן צו גיין מיט דיר רעכטס איז בעסער איך זאָל גיין לינקס״.

### מלואים לשולחן ערוך

מיין פאָטער ז״ל האָט געדענקט אַז צו די פיר טיילן פון שולחן ערוך פעלט אַ פינפטער, וואָס זאָל אונדז אָנווייזן ווי זיך צו באַגיין מיט מענטשן. איך דענק, אַז ס׳פעלט נאָך אַ זעקסטער טייל: ווי זיך צו באַגיין מיט אוממענטשן.

יה אכסוף

**נאָטען פון ר׳ משה קאָברינער׳ס אַ ניגון צו „יה אכסוף״ פון ר׳ אהרן הגדול.**
(פאַרצייכענט פון רי ברוך ז״ל „קאָברינער רבי״ און בעאַרבייט פון משה נתנזון).

אַרויסגענומען פון בוך „האָראָדעץ.״

### עניוות

מען האָט אים אַמאָל געפרעגט: ווי איז דאָס מעגלעך, אַז דתן און אבירם זאָלן זאָגן אויף משה רבנו אַז ער הערשט איבער זיי? די תורה זאָגט דאָך אויף משה׳ן „ענו מכל האדם". האָט ר׳ משה׳לע דערקלערט: „ווען משה איז געזעסן אויפן כסא הצדיק האָט ער זיך געפירט ווי ס׳פּאַסט פאַר אַ פירער, דעריבער האָבן זיי געדענקט אַז ער הערשט איבער זיי. אָבער אינווייניק אין האַרצן איז ער געווען „ענו מכל האדם". די יעניקע וועלכע גייען אַרום מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ און רופן זיך ענווים, איז זייער עניוות אַ פאַלשע. די אמת׳ע עניוות איז באַהאַלטן אין האַרצן".

### דער עיקר

נאָך ר׳ משה׳לעס טויט איז איינער פון זיינע תלמידים געווען ביי ר׳ מענדל קאָצקער. פרעגט אים ר׳ מענדל: „וואָס איז געווען ביי דיין רבי דער עיקר?"

דער תלמיד האָט געטראַכט אַ ווײַלע און האָט געענטפערט: „ווען ער פלעגט זיך באַשעפטיקן מיט אַן ענין איז דער ענין ביי אים געווען דער עיקר".

### ר׳ נח נפתלי

נאָך ר׳ משה׳לעס פּטירה האָט זיין אייניקל ר׳ נח נפתלי פאַרנומען זיין רבי׳סטווע. ער איז געווען רבי 35 יאָר און נפטר געוואָרן כ״ו מנחם אב, תרמ״ט, אין שטעטל קאָמען, וואָלין. זיין זון, ר׳ דוד שלמה, האָט פאַרנומען זיין פּלאַץ. ער איז נפטר געוואָרן י״א חשון, תרע״ט.

אַרויסגענומען פון „ספר קאָברין"

---

# ר׳ דוד שלמה ז״ל

**ר׳ דוד** שלמה, קאָברינער רבי, פלעגט אַלע יאָר נאָך סוכות אַרויספאָרן איבער די שטעטלאַך, וואו ער האָט געהאַט זיינע חסידים. קיין דראָהיטשין פלעגט ער קומען אויף שבת פרשת חיי־שרה.

דעם רבינס סטאַנציע איז געווען אין דער עזרת נשים, ווו מ׳פלעגט מאַכן אַ מחיצה, אַריינשטעלן אַהין אַ טישל מיט שטולן און אַ בעט, און דער רבי פלעגט דאָרט אויפנעמען זיינע חסידים און סתם באַזוכער, וואָס פלעגן קומען אין די מאַסן צו נעמען אַ ברכה פון רבין.

דער רבי איז געגאַנגען אָנגעטאָן אין אַ סאַמעטענעם לאַנגן קאַפּטן אַרומגעבונדן מיט אַ גאַרטל, מיט ווייסע זאָקן און אַ שטריימל. זיין איידל פּנים איז געווען אַרומגענומען מיט א רויטלעכער באָרד, וואָס האָט אָנגעפאַנגען צו גרויען.

פרייטיק־צונאַכט, נאָך קבלת שבת, פלעגן די שטעטל־דיקע חסידים לויפן אַהיים, אין דער גיך אָפּעסן די שבת׳דיקע סעודה, און איילן צוריק אין שטיבל. אויף אַ לאַנגן טיש, וועלכער איז געווען פאַרדעקט מיט אַ שיינעם ווייסן טיש־טוך, זיינען געלעגן צוויי גרויסע חלות איבערגעדעקט מיט א קליינעם טישטעכל און דערנעבן איז געשטאַנען אַ פלאַש וויין מיט א זילבערנעם בעכער פאַרן רבי׳ן קידוש צו מאַכן.

נאָך קבלת שבת פלעגט ער זיך פאַרמאַכן אין זיין חדר־מיוחד און לערנען. שפּעטער, ווען דער עולם האָט זיך גע־



ר׳ דוד שלמה, ז״ל, דריטער קאָברינער רבי

האָט צונויפגעקליבן, איז דער רבי אַרויס פון זיין חדר, צו־געקומען צום טיש און אָנגעהויבן זינגען שלום־עליכם. דער גאַנצער עולם האָט דעם רבי׳ן אונטערגעהאַלטן מיט גרויס התלהבות. נאָכדעם האָט דער רבי זיך געוואַשן, געמאַכט המוציא איבער די גרויסע חלות און דער שמש האָט אָנגע־הויבן דערלאַנגען צום טיש די מאכלים.

נאָך זיין טועם זיין עפּעס פון ערשטן מאכל, האָט דער רבי גענומען אויסטיילן שריים צו די חסידים, וואָס זיינען

געזעסן ארום טיש, און אזוי האָט ער געטאָן מיט יעדן גע־ריכט.

שבת אינדערפרי צום דאַווענען, איז דער רבי געזעסן אין זיין חדר־המיוחד ביז נשמת. צו נשמת איז דער רבי אַריינ־געקומען אין שטיבל און זיך געשטעלט דאַווענען ביים עמוד. זיין דאַווענען איז געווען הארציק און נשמה׳דיק, פון איין וואָרט ביזן צווייטן פלעגט ער זיך „פאַרגייען" און דער עולם איז געשטאַנען פאַרגאַפט און געוואַרט, אז מען האָט געהערט אים ווידער אַרויסזאָגן א וואָרט, איז דאָס געווען ווי דער רבי וואָלט צוריק לעבעדיק געוואָרן.

נאָכ׳ן דאַווענען האָט זיך דער רבי ווידער פאַרמאַכט אין זיין חדר־המיוחד, און די שטעטלדיקע חסידים זיינען גע־לאָפן אַהיים צו מאַכן קידוש און וואַשן זיך און אינזינען גע־האָט צו בענטשן ביים רבינס טיש. אַזוי גיך ווי די חסידים האָבן זיך צונויפגעקליבן אין חסידים־שטיבל, האָט דער רבי געמאַכט קידוש און עס האָט זיך איבערגע׳חזר׳ט די זעלבע צערעמאָניע ווי פרייטיק־צו־נאַכט ביים טיש. שלש־סעודות איז אויך פאָרגעקומען אויף דעם זעלבן אופן.

די מלוה־מלכה פלעגט געפּראַוועט ווערן מיט גרויס שמחה און התלהבות ביז האַלבער נאַכט. דערביי פלעגט דער שמש אויסרופן די נעמען פון די חסידים וואָס פלעגן קויפן פלעשער וויין פאַר דער סעודה און דאָס געלט פלעגט דער רבי אוועקשיקן קיין ארץ ישראל צו צעטיילן פאַר נצרכים, דאָס האָט געהייסן „קאָברינער חלוקה".

דער רבי פלעגט ביי יעדער סעודה זאָגן תורה און דער עולם האָט זיך צוגעהערט מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט. דער געדראַנג ביים רבינס טיש איז געווען זייער גרויס. מען איז ממש געשטאַנען קאָפּ אויף קאָפּ, יעדער איינער האָט געוואָלט כאַפּן עפּעס אַ וואָרט פון רבין וועלכער האָט מיט פאַרגלאָצטע אויגן געזאָגט זייער שטיל, געשלונגען אַ וואָרט, זיך פאַר־גאַנגען און נישט דערזאָגט... דער עולם האָט מיט דורשט געשלונגען יעדעס וואָרט וואָס איז ארויס פון רבינס מויל, כאָטש פיל פון די צוהערער האָבן נישט פאַרשטאַנען דעם רבינס תורה. נאָך יעדער שטיקל תורה האָבן חסידים גע־זונגען אַ ניגון און געכאַפּט אַ טענצל, מיט וועלכעס די קאָ־ברינער חסידים האָבן זיך אויסגעצייכנט.

דעם רבינס קומען קיין דראָהיטשין איז געווען אַ פריי־לעכע דערשיינונג. נישט נאָר חסידים, נאָר אויך סתם פיל נייגעריקע פון שטעטל פלעגן זיך מיט געוואַלד אַריינכאַפּן אין חסידים־שטיבל און מיטפרייען זיך מיט די חסידים.

דעם רבינס קומען פלעגט אריינברענגען א דערהויבנקייט אין דעם וואָכעדיקן לעבן פון שטעטל.

פרטים פון דעם אַרטיקל פון שלמה פּאָדאָלעווסקי פון בוך „האָראָדעץ".

# ר׳ משה אהרן ז״ל

דער לעצטער פון ר׳ משה׳לע קאָברינערס דינאַסטיע (גזע), זצ״ל, איז געווען דער רבי ר׳ משה אהרן ראַבינאָוויטש, וועל־כער איז צוזאַמען מיט די איבעריקע קדושים אומגעקומען דורך די דייטשן, ימח שמם, אין דער צווייטער וועלט־מלחמה.


ר׳ משה אהרן מקאָברין, הי״ד!

אויף זיין פנים איז געווען אויסגעגאָסן אצילות און יראת שמים. זיינע אויגן, וואָס זיינען געווען שטענ־דיק געווענדעט צום הימל, האָבן אויסגעדריקט „איך בין גרייט צו דינען דיר".

ער איז געווען אַ קפדן, אָן שטרעבונגען צו הערשן. ער האָט קיין זאַך ניט מחדש געווען. ער האָט פאַר־געזעצט די טראַדיציע פון זיינע עלטערן.

ער איז געווען אַן עקסטרעמיסט און האָט געוואָרפן צו דינען דעם בורא עולם אויפריכטיק און מיט ליבע. ער האָט ניט געמאַכט קיינע פשרות.

זיין הויז איז געווען ברייט אָפן פאַר יעדע ביטערע האַרץ. ער האָט קיינע נסים ניט באַוויזן, אָבער ווער עס איז אַרויס פון זיין הויז האָט ווי געפונען אַ רפואה צו זיין קראַנקהייט; פול מיט האָפנונג, טרייסט און אויסזיכט אויף בעסערע צייטן.

ער האָט קיינמאָל ניט צוגעזאָגט, נאָר פלעגט בענטשן און מתפלל זיין פאַר אַ קראַנקן, אָדער פאַר אַ פרוי וואָס איז גע־געגאַנגען שווער צו קינד. אין פאַל פון נויט פלעגט ער געבן זיין ספר, וואָס ער האָט באַקומען בירושה פון זיינע עלטערן, אַז מען זאָל עס לייגן צוקאָפּנס פון קראַנקן. מענטשן האָבן געגלויבט אין דער סגולה פון דעם דאָזיקן ספר.

דער קאָברינער חסידישער צענטער האָט זיך געפונען אין אַ זייטיק בלאָטיקער געסל (ראַטנער), ווו ס׳איז געשטאַנען דעם רבי׳נס הויז, אַ געוויינלעכער צוויי־שטאָקיקער בנין, מיט זיין בית־מדרש. דאָס איז געווען סימבאָליש, וואָס אין דער בלאָטע מיט שמוץ אַרום האָט עקזיסטירט אַ גייסטיקער לעבן פול מיט זויבערקייט.

אַ גאַנץ יאָר פלעגט ר׳ משה אהרן אַרומוואַנדערן און באַ־זוכן זיינע חסידים אין די אַרומיקע שטעטלעך.

ער איז ניט געווען קיין מנגן. אַז ס׳איז געקומען שמחת־תורה פלעגט ער טאַנצן מיט אַ ספר תורה אין האַנט, איז ניט געווען קיין כוח אין דער וועלט וואָס זאָל אים קענען אָפּ־שטעלן. די בית־מדרש קינדער פלעגן מיט אומגעדולד וואַרטן אַ גאַנץ יאָר אויפן יום־טוב—שמחת בית השואבה און שמחת־תורה — זיי זאָלן זוכה זיין צו טאַנצן מיטן רבי׳ן.

ר׳ משה אהרן, כאָטש ער איז געווען דער רבי נאָר פון די חסידים פון קאָברין און אומגעגנט, דאָך האָט ער געדינט אַלס

ביישפּיל (מוסטער) פאַר אַלע איינוווינער און האָט געווירקט אויף יעדן איינעם אין שטאָט.

אַזוי האָט זיך ר׳ משה׳לעס רבּישע דינאַסטיע געצויגן און איז איבערגעגאַנגען פון דור צו דור. עס האָט זיך געדוכט, אַז די חסידים וועלן שטענדיק מיטלעבן, מיטפרייען זיך מיט די שמחות פון זייער רבּי, מיטטרויערן מיט זיין טרויער; זיי וועלן שטענדיק געפינען אַ טרייסט און פאַרגעסן זייערע צרות זיצנדיק ביים רבּינס טיש. אַ מענטש טראַכט און גאָט לאַכט, זאָגט דער שפּריכוואָרט. עס איז געקומען די שרעקלעכע מערדערישע האַנט און האָט פאַרניכטעט די בוים מיטן שטאַם און וואָרצלען און אַלץ פאַרטיליקט. ת.נ.צ.ב.ה.

אַרויסגענומען פון „ספר קאָברין״.

# ר׳ נחום שעווינסקי ע״ה

**ר׳ נחום** שעווינסקי איז געבוירן אין קאָברין אויף גרויס־זאַמוכאַוויץ. זיין פאָטער ר׳ שלמה זלמן, אַ קאָברינער, אָנגע־זעענער חסיד, האָט געהאַט אַ גאַרבאַרניע און האָט זיך פאַר־נומען מיט מסחר. זיין מוטער, פרומע מינדל, האָט גע־שטאַמט פון אַ משפּחה פון סוחרים און לומדים.



ר׳ נחום שעווינסקי, ע״ה

זיין חינוך האָט ר׳ נחום באַקומען איז חדר און ביי מלמדים. בתורוויז האָט ער אַרויסגעהאָלפן זיין פאָטער אין געשעפט.

אין 1887 האָט נחום שעווינסקי חתונה מיט זיין פרוי באַדיע שעדראָוויצקי, וועלכע שטאַמט פון די וואָלעוועלסקי׳ס און פון די באַוווסטע קאַצענעלבויגנ׳ס, און גייט אַריין אין לעדער־מסחר. אין משך פון אַלע יאָרן, וואָס ער האָט גע־לעבט אין דראָהיטשין, האָט ער אָנגעפירט מיט אַ גאַרבאַר־ניע, וואו עס זיינען אויסגעאַרבעט געוואָרן פאַרשיידענע סאָרטן לעדער, וועלכעס איז פאַרקויפט געוואָרן אין גאַנצן לאַנד.

צו דער זעלבער צייט איז ר׳ נחום געווען אַן עוסק בצרכי ציבור. ער איז געווען דער גרינדער פון דער איינציקער קאָברינער חסידים־שטיבל אין דראָהיטשין און איז אויך אַ סאַך יאָרן געווען דאָרט דער גבאי. ער איז אויך געווען אַ שטאַרקער מקורב און בן־בית אין הויז פון דראָהיטשינעם רב, הרב ר׳ אליה מרדכי יודאָווסקי, ז״ל, וועמען ער האָט פיל געהאָלפן מאָראַליש און מאַטעריעל.

אין 1912 האָט ר׳ נחום שעווינסקי אימיגרירט קיין אמע־ריקע און זיך באַזעצט אין שיקאַגע, וואו ער האָט זיך פאַר־נומען מיט מסחר. ער איז אויך געווען איינער פון די גרינ־דער פון קאָברינער־קאַרלינער שטיבל אויף וואַשבאָרן עוועניו און שפּעטער אויף טראַמבל עוועניו.

די שעווינסקיס האָבן געהאַט זעקס קינדער: זעליק, זלמן, שיינע ציפּה, שרה רחל, טויבע גיטל און יעקב מענדל.

ר׳ נחום שעווינסקי איז געשטאָרבן י״ג כסלו, תרצ״ו, אין שיקאַגע און געקומען צו קבורה אויף מאַקאַראָווער בית־עולם (זקן־אהרן) אין וואַלדהיים.

ר׳ נחומ׳ס פאָטער, ר׳ שלמה זלמן, איז געשטאָרבן כ״ו טבת, תרמ״ט (1889), אין קאָברין.

ר׳ נחומ׳ס מוטער, פרומע מינדל, איז געשטאָרבן אין 1907 אין קאָברין.

אַ שטר־מכירה פון צווי שטעט פון ר׳ יצחק יעקב, עלטער זיידע פון זלמן שעווינסקי, אין נייעם בית־המדרש אויף גרויס־זאמוכאוויץ אין קאָברין.




מצבה פון זלמן ב״ר יצחק יעקב ז״ל (דער פאָטער פון ר׳ נחום און זיידע פון זלמן שעווינ־סקי) אויף קאָברינער בית עולם. כ״ו טבת תרמ״ט. לעבן דער מצבה שטייט שיינע זעלדע גאָלדבערג (נחום׳ס שוועסטער) פון קאָברין, געלעבט אין זשעלעכאָוו און געשטאָרבן אין ארץ ישראל.

א שטר־מכירה פון צווי שטעט פון ר׳ יצחק יעקב, עלטער זיידע
פון זלמן שעווינסקי אין לעכעוויטשער נייער חסידים־שטיבל

יעלה ויצמח כגן רטוב ויפק רצון מהאל הטוב
ויאמר לדבק טוב למזל טוב מצא אשה מצא טוב

המגיד מראשית אחרית, הוא יתן שם טוב ושארית, לאלה דברי התנאים והברית שנדברו והותנו בין הני תרי הצדדים דהיינו מצד אחד ה״ה ... העומד מצד ... ומצד השני ה״ה ... העומד מצד ... ובשאלת פיה ואמרה הן

ריך: ה״ה החתן ... הנ״ל, ישא למז״ט ובשעה מוצלחת את הכלה ... הנ״ל בחופה וקידשין כדת משה וישראל, ואל יבריחו ואל יעלימו לא זה מזו ולא זו מזה שום הברחת ממון בעולם, רק ישלטו בנכסיהן שוה בשוה, ויִדורו באהבה ובחיבה כאורח כל ארעא.

הדה ... הנ״ל. העומד מצד ... הנ״ל. התחייב א״ע ...

התחייב נ״כ להלביש ולהנעיל את החתן התחונה קודם התתונה בגדי חול ושבת ויו״ט כנהוג, כרים וכסתות כנהוג

הדה ... הנ״ל העומד מצד ... התחייב א״ע להפריז נדוניא איה ...

התחייב נ״כ להלביש ולהנעיל את הכלה הנ״ל קודם התתונה בגדי חול ושבת ויו״ט כו״כ ומ״מ וכ״פ צעיפים ורדידים תכל כנהג. החתונה תהיה למז״ט ובשעה מוצלחת י״ה ... על הוצאות ...

ותוך הזמן מתי שית־רצו הצדדים. רח״ש וכלי״ו וטרוישין וצאין:

קנס מצד העובר לצד המקיים חצי נדן, והקנס לא יפטור ד׳. ומחמת עידור וקטט ח״ו יתנהגו כתקנת שו״ם

ע״ק מצד החתן ... ע״ק מצד הכלה ...

הצדדים מחויבים לפצות את הע״ק שלא יגיע להם שום הזק וגר״ה ח״ו מחמת הע״ק הנ״ל:

... מהצדדים ומהחתן ומהכלה ומהע״ק הנ״ל על כל ה דכתוב ומפורש לעיל במנא דכשר למקניא ביה:

יום ... לחודש ... שנת תרמ״ה לפ״ק פה ...

# הכל שריר וקים

נאום ... נאום ...

וליתר תוקף ועוז וזיותר מועיל בא הצדדים והחתן והק׳ הנ״ל בעצמם עה״ה. יום הנ״ל שנת הנ״ל:

נאום | נאום החן
נאום | נאום ה״ה

Дозволено Цензурою Варшава 4 Марта 1881

Druk. i Litog. I. Lebensohn Ulica Franciszkanska № 27

כתובה פון ר׳ נחום און באַדיע שעווינסקי, תרמ״ה, 1885, דראָהיטשין

## 1. דערציִער און קולטור־טוער

# פּראָפֿעסאָר חיים האָכמאַן ע״ה

ביי די אַנטיסעמיטן איז אָנגענומען כמעט ווי אַן אַקסיאָמע, אַז יידן טראַכטן נאָר וועגן געלט, און זיי האָבן גאָרניט צו טאָן מיט עקזעקטע וויסנשאַפטן ווי מאַטעמאַטיק, פּיזיק א.ד.גל

די דאָזיקע „אַקסיאָמע" איז אַ פֿאַלשע און ניט קיין אויסגעהאַלטענע. שוין אין די גאָר אַלטע צייטן האָבן זיך יידן אויסגעצייכנט אויף די אויבנדערמאָנטע געביטן. דער באַוווסטער העברייִשער פּאָעט, מדקדק און מפֿרש פֿון תנ״ך, ר׳ אברהם אבן עזרא, איז אויך באַוווסט מיט זיינע מאַטעמאַטישע פֿאָרשונגען. און ר׳ אברהם זכותא (1450־1510), איז געווען אַ באַוווסטער מאַטעמאַטיקער און אַסטראָנאָם אין סאַראגאסא (שפּאַניע). אַ דאַנק ר׳ אברהם זכותא׳ס אויסרעכנונגען און אָנווייזונגען איז דערמעגלעכט געוואָרן פֿאַר קאָלאָמבוס׳ן צו אַנטדעקן אַמעריקע.



פּראָפֿעסאָר חיים האָכמאַן, ע״ה

שפּורן פֿון יידישער השפּעה אויף דער הויכער מאַטעמאַטישער וויסנשאַפט קענען מיר זען פֿון די העברייִאישע אותיות וועלכע זיינען אָנגענומען געוואָרן פֿאַר געוויסע מאַטעמאַטישע סמנים.

און אין אונדזערע צייטן זיינען גאַנץ גוט באַוווסט גרויסע יידישע מאַטעמאַטיקער איבער דער גאַנצער וועלט, און ספּעציעל דער גרויסער פֿענאָמענאַן פּראָפֿעסאָר אַלבערט איינשטיין, וועלכער פֿאַרנעמט דעם אויבנאָן אויפֿ׳ן געביט פֿון פֿיזיק און מאַטעמאַטיק.

כאָטש די יידן אין רוסלאַנד זיינען געווען אונטערדריקט און גרויסע באַגרעניצונגען זיינען געלעגן אויפֿן וועג פֿונם יידישן וויסנשאַפֿטלער — דאָך האָבן זיי צוגעלייגט אַ גרויסן חלק צו דער ענטוויקלונג פֿון דער עקזעקטער וויסנשאַפֿט. איינער פֿון די באַוווסטע פֿיזיקער און מאַטעמאַטיקער אין רוסלאַנד פֿון סוף 19טן יאָרהונדערט און אָנפֿאַנג פֿון 20טן יאָרהונדערט, איז געווען פּראָפֿעסאָר חיים האָכמאַן.

חיים האָכמאַן איז געבוירן געוואָרן אין 1851 אין שטעטל דראָהיטשין (קרייז קאָברין). זיין פֿאָטער יהודה און מוטער האָבן אים געגעבן אַן עכט יידישע דערציִאונג. ווען האָכמאַן איז אַביסל עלטער געוואָרן, איז ער אַוועקגעפֿאָרן לערנען אין די ליטווישע ישיבות, ווו ער האָט געלערנט דעם תלמוד און זיינע נושאי כלים. דער יונגער האָכמאַן האָט זיך אָבער ניט צופֿרידנגעשטעלט מיט די יידישע לימודים, אים האָט געצויגן צו וועלטלעכע ידיעות. עס נעמט ניט קיין לאַנגע צייט און האָכמאַן האָט אין 1871 געענדיקט די כערסאָנער גימנאַזיע. האָכמאַן באַנוגנט זיך ניט מיט די ידיעות וואָס ער האָט אַרויסגעטראָגן פֿון גימנאַזיע, ער וויל זיך פֿאַרפֿאָלקאָמען אין העכערע מאַטעמאַטישע וויסנשאַפֿטן. ער טרעט אַריין אין מאַטעמאַטישן פֿאַקולטעט פֿון דער אָדעסער אוניווערסיטעט („נאָוואָראָסייסקי אוניווערסיטעט"), און אין 1876 ענדיקט ער דעם אוניווערסיטעט מיט אַ גאָלדענעם מעדאַל פֿאַר אַ וויסנשאַפֿטלעכער אַרבעט איבער הויך מאַטעמאַטיק. האָכמאַן זעצט פֿאָר אין זעלבן אוניווערסיטעט זיינע מאַטעמאַטישע שטודיען ווו ער צייגט אַרויס גרויסע פֿייִקייטן און אַנאַליטישן שכל. אין 1881 ווערט ער געשיקט קיין אויסלאַנד זיך פֿאַרפֿאָלקאָמען.

צוריקקומענדיק קיין רוסלאַנד איז האָכמאַן געווען זייער ענטוישט. לויט זיינע ידיעות איז ער ראוי צו פֿאַרנעמען אַ הויכע שטעלע איך אַן אוניווערסיטעט. אמת טאַקע, די צאַרישע רעגירונג איז וויליק אים אויפֿנעמען אַלס פּראָפֿעסאָר אין אַן אוניווערסיטעט, נאָר מיט איין באַדינג, אַז האָכמאַן זאָל זיך אונטער'שמד'ן. האָכמאַן האָט שטאָלץ געגעבן אַ נעגאַטיוון ענטפֿער. אָבער דאָס האָט ניט פֿאַרענטפֿערט די טאָגטעגלעכע עקאָנאָמישע לאַגע פֿון האָכמאַנען און זיין פֿאַמיליע. דערווייל האָט האָכמאַן אָנגענומען אַ שטעלע פֿון אַן אינספּעקטאָר אין דעם יידישן לערער־אינסטיטוט אין זשיטאָמיר. די שטעלע האָט האָכמאַן אָנגעהאַלטן ביז 1886, ווען דער אינסטיטוט האָט זיך פֿאַרמאַכט.

כאָטש האָכמאַן איז געווען זייער פֿאַרנומען אַלס אינספּעקטאָר, דאָך האָט ער געפֿונען צייט אָנצושרייבן אַ דיסערטאַציע איבער אַ הויך מאַטעמאַטישע טעמע, ווו ער פֿאַרענטפֿערט פֿאַרשידענע מאַטעמאַטישע פּראָבלעמען. די דאָזיקע אַרבעט איז אַנערקענט געוואָרן פֿאַר אַן עכט וויסנשאַפֿטלעכע, און די רוסישע רעגירונג וואָס איז ניט געווען אַזוי גוטוויליק צו יידישע געלערנטע, האָט אים אין 1887 אויפֿגענומען אַלס פּריוואַט־דאָצענט אין דער אויבנדערמאָנטער אָדעסער אוניווערסיטעט. דאָרטן פֿלעגט האָכמאַן האַלטן לעקציעס איבער מעכאַניק און איר פּלאַנירונג. האָכמאַן האָט פֿאַר די דאָזיקע לעקציעס ניט געקראָגן קיין געצאָלט, ער האָט עס געטאָן לשמה, ווייל די דאָזיקע וויסנשאַפֿטן זיינען אים געווען זייער נאָענט צום האַרצן. ערשט אין 1894 האָט ער אָנגעהייבן קריגן געוויסע שכירות.

דערווייל האָט האָכמאַן פֿאָרגעזעצט זיינע פֿאָרשונגען, און אַ דאַנק זיין וויסנשאַפֿטלעכער אַרבעט איבער פּאַרע אין מעכאַניזם, האָט ער אין 1890 געקראָגן זיין דאָקטאָר טיטול. אָבער קיין לעבן פֿון דעם האָט ער נאָך אַלץ ניט געמאַכט. און דאָ איז האָכמאַן געפֿאַלן אויף אַ פּלאַן: ער וועט עפֿענען אַ פּריוואַטע שולע. אין גאָר אַ קורצע צייט איז זיין פּריוואַטע שולע געוואָרן אַ האַנדלס־שולע מיט אַלע רעכט פֿון אַ רעגירונגס שול („קאָמערטשעסקאָיע אוטשילישטשע")[1].

פֿאַר האָכמאַנען, דעם פּיאָנער פֿון פּריוואַטע מיטל־שולעס, האָבן זיך געעפֿנט ברייטע האָריזאָנטן. אָבער די טאָגטעגלעכע דאגות פֿאַר דער עקאָנאָמישער לאַגע האָבן פֿאַרשלונגען דעם הויכגעלערנטן האָכמאַן. פֿונדעסטוועגן האָט האָכמאַן אין יענער פּעריאָדע פֿאַרעפֿנטלעכט אייניקע וויכטיקע ווערק אויפֿן געביט פֿון מאַטעמאַטיק, פֿיזיק און מעכאַניק, מיט וועלכע די וויסנשאַפֿטלעכע וועלט רעכנט זיך זייער שטאַרק, ספּעציעל איז האָכמאַן באַוווּסט מיט זיין אייביקן קאַלענדאַר.

לאַנדסלייט דערציילן אַז האָכמאַן האָט אויך דערפֿונדן אַן אַפּאַראַט צו מעסטן דעם שוואַרצן ים, און דאָס האָט ער געמאַכט לויט די אָנווייזונגען פֿון מסכת מקוואות. מ'דערציילט, אַז ווען ער האָט באַמערקט אַז דער אַפּאַראַט איז ניט פּינקטלעך, האָט ער זיך געוואָלט נעמען דאָס לעבן.

אויך דערציילט מען, אַז ער האָט דערפֿונדן אַ זייגער וועלכער קען „גיין" זייענדיק אין וואַסער. פֿאַר יענע צייטן איז דאָס טאַקע געווען אַ גרויסע דערפֿינדונג. אָבער די אַלע וויסנשאַפֿטלעכע אַרבעטן האָבן אים נאָך מער פֿאַרשאַפֿט עגמת נפֿש, ווייל זיי האָבן ניט פֿאַרגרינגערט זיין עקאָנאָמישע לאַגע. און אין 1905 איז געקומען דער קלימאַקס.

1905, ווי באַוווּסט, איז דער יאָר ווען ס'איז אויסגעבראָכן די ערשטע רוסישע רעוואָלוציע, און גלייך נאָך איר האָבן נאָכגעפֿאָלגט פּאָגראָמען. אויך די אָדעסער יידן האָבן דורכגעמאַכט אַ שווערן פּאָגראָם. אמת, טאַקע, האָכמאַנ'ס גוטע פֿריינט, קריסטן, האָבן אים גע'עצה'ט, אַז ער זאָל אַרויסהייגען אַ צלם אין זיין פֿענצטער און די כוליגאַנעס וועלן אים ניט טאָן קיין שלעכטס, — אָבער האָכמאַן האָט זיך אָפּגעזאָגט פֿון דער דאָזיקער עצה, ער האָט געוואָלט טיילן דעם גורל פֿון זיינע ליידנדע יידישע ברידער.

די רוסישע פּאָגראָמען האָבן זיך זייער שלעכט אָפּגערופֿן אויף האָכמאַנען. ערשטנס, האָט זיך זיין שולע, פֿון וואַנען ער האָט געצויגן זיין פּרנסה, פֿאַרמאַכט. צווייטנ'ס האָבן זיי אים גייסטיק צעבראָכן. האָכמאַן האָט געקראָגן זייער אַ שטאַרקן נערוון־צוזאַמענברוך. ער איז דאַן אַוועקגעפֿאָרן קיין אויסלאַנד זיך היילן, און דאָרטן איז ער פֿאָלקאָם געזונט געוואָרן.

קומענדיק צוריק קיין אָדעס, האָט ער ווייטער אָנגעפֿירט מיט זיין פּריוואַטער שולע, וועלכע איז געוואָרן זייער פּאָפּולער איבער דרום־רוסלאַנד. די שולע האָט אים שוין אַריינגעבראַכט אַ גאַנץ שיינעם יערלעכן איינקונפֿט, און האָכמאַן האָט זיך צוריקגענומען צו זיינע וויסנשאַפֿטלעכע פֿאָרשונגען. ער האָט דאַן אָנגעצייכנט אַ ריי אַרבעטן, וועלכע ער האָט געהאָפֿט צו פֿאַרעפֿנטלעכן. ער האָט דאַן געאַרבעט איבער זיינע כוחות.

איינע פֿון זיינע אַרבעטן, מיט וועלכע ער האָט זיך אין יענער צייט אָפּגעגעבן, איז געווען קלייבן מאַטעריאַל וועגן עקזעקטע וויסנשאַפֿטן, וועלכע געפֿינען זיך אין תלמוד. מען פֿלעגט אים דאַן זען, דעם געוועזענעם ישיבה־בחור, זיצן איבער גמרות און לערנען.

אַן אַנדערע אַרבעט זיינע איז דאַן געווען זיין „אַנאַליזע און סינטעזע פֿון קאַלענדאַר". וועגן דער דאָזיקער טעמע האָט ער געזאָלט האַלטן לעקציעס אין אָדעסער אַקאַדעמיע.

אויסער הויכע טעאָרעטישע פּראָבלעמען, האָט האָכמאַן אויך זיך אינטערעסירט אין פּראַקטישע טאָג־טעגלעכע זאַכן, ווי צו רעפֿאָרמירן די מיטל־שולעס אין רוסלאַנד, און צו גלייכער צייט האָט ער זיך באַשעפֿטיקט מיט דער פֿראַגע וועגן אַ יידישן פּאָליטעכניקום אין אָדעס.

וועגן די אויבנדערמאָנטע פֿראַגן האָט האָכמאַן פֿאַר־

---

[1] דער באַוווּסטער העברייאישער פּאָעט, שאול טשערניכאָווסקי, איז געווען אַ תלמיד אין האָכמאַנס שולע פֿון 1890 ביז 1892 (ז. „השלח", באַנד 35, חוברת א' (אב תרע"ה), זייט 103)

עפֿנטלעכט אייניקע אַרטיקלען אין דער אָדעסער רוסישער פּרעסע און ער איז געווען גרייט צו באַהאַנדלען די פֿראַגן אין דער נאָענטער צוקונפֿט. אָבער דער טויט האָט אָפּגעהאַקט אַלע זיינע פּלענער, און אין ווינטער פֿון 1916[2] איז חיים האָכמאַן געשטאָרבן, אין אַ צייט ווען אין רוסלאַנד האָט געפֿלאַקערט די ערשטע וועלט־מלחמה, און דאָס רוסישע יידנטום איז געוואָרן אויסגעזעצט צו פֿאַרשידענע צאַרישע גזרות.

האָכמאַן איז געשטאָרבן אין אַ צייט ווען מ'האָט אים אַפֿילו ניט געקענט מספּיד זיין ווי ס'דאַרף צו זיין. זאָל זיין נאָמען זיין איינגעקריצט אין די הערצער פֿון זיינע לאַנדסלייט, און זאָל ער קיינמאָל, קיינמאָל, ניט פֿאַרגעסן ווערן![3]

---

[2] די יידיש־דייטשע „ענציקלאָפּעדיע יודאיקא" באַצייכנט זיין טויט אין יאָר 1910 (זע באַנד 8, ז. 159). דאָס איז אַ היסטאָרישער גרייז!

[3] ס'איז אַ מערקווירדיקער קוריאָז: אין סוף פֿון 19טן יאָרהונדערט און אין אָנפֿאַנג פֿון 20טן, האָט געלעבט אין ניו־יאָרק אַ ייד מיטן נאָמען פּראָפעסאָר האָכמאַן. אויך ער האָט געמאַכט אַ קאַלענדאַר (אויף 100 יאָר). דער דאָזיקער „פּראָפֿעסאָר" איז אויך געווען אַ געדאַנקען לייענער און אַן אַסטראָלאָג. ער האָט פֿאַרפֿאַסט אַ בוך „די געהיימניסע דער אַסטראָלאָגיע" און „דער שליסל צו דער נבואה" (זע זיין „איין הונדערט יאָהר קאַלענדער", נ. י. 1910).

ע. בן־עזרא

---

# יואל סלאָנים-סלאָנימסקי ע״ה

**יואל** סלאָנים (סלאָנימסקי) איז געבוירן אין דראָהיטשין, 24טן אָקטאָבער, 1884. אַלס קינד פֿון 2 יאָר האָט ער מיט זיינע עלטערן אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע, געלעבט דאָס רוב אין שיקאגא, ווו ער האָט געענדיקט „פּאָבליק־סקול" און מיטלשול און דאַן באַזוכט דעם אוניווערזיטעט. אין דער זעלבער צייט האָט ער אויך געמאַכט באַזוכן אין רוסלאַנד, (דראָהיטשין— רעד.), ווו ער האָט אַ קורצע צייט געלערנט אין יידישע שולן.

זיין ליטעראַרישע טעטיקייט האָט ער אָנגעהויבן אין ענגליש און געדרוקט אין פֿאַרשיידענע ענגלישע צייטונגען שירים און פּובליציסטישע אַרטיקלען. אונטער דער ווירקונג פֿון זיין פֿאָטער, אַ משכיל און שפּראַכגעבילדעטן מאַן, וועלכער האָט אויך ליב געהאַט יידיש, האָט סלאָנים אָנגעהויבן צו שרייבן יידישע לידער און דעביוטירט מיט זיי אין דער „אידישער וועלט". זינט דאַן האָט ער פֿאַרעפֿנטלעכט לידער אין פֿאַרשיידענע יידישע צייטשריפֿטן און זשורנאַלן אין אמעריקע; האָט אויך געשריבן אַ סך קריטישע אַרטיקלען איבער יידישע און אלגעמיינע דיכטער און האָט פֿיל געטאָן פֿאַר דער פֿאַרשפּרייטונג פֿון דער יידישער שפּראַך און ליטעראַטור צווישן די אַסימילאַטאָרישע קרייזן.

צוזאַמען מיט דעם באַרימטן אַמעריקאַנער אַדוואָקאַט מאָריס ראָטענבערג, טשאַרלז צונזער און עני שאָמער אָרגאַניזירט ער אַ יידישיסטן קלוב, ווו יידיש איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אַלס די איינציקע יידיש־נאַציאָנאַלע שפּראַך; געווען איינער פֿון די גרינדער פֿון דעם יידישן ליטעראַטור־פֿאַריין אין ניו־יאָרק. צוזאַמען מיט אב. גאָלדבערג, א. ליטווין, שרה קעסטין א. א., איז ער געווען מיטגרינדער פֿון אַ ראַדיקאַל־ציוניסטישן פֿאַריין, איינע פֿון די ערשטע ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס אין אמעריקע. דער פֿאַריין האָט אויך אַרויסגעגעבן אַ דריימאָנאַטשריפֿט „די נייע שטימע", וואָס האָט עקזיסטירט אַ יאָר צייט ביז אָקטאָבער 1905.

איינער פֿון די פֿאָרלויפֿער פֿון דער גרופּע יידישע דיכטער אין אמעריקע, איז סלאָנים געווען אַ מיטרעדאַקטאָר פֿון דעם זאַמלבוך „ליטעראַטור" 1, ווו ער האָט פֿאַרעפֿנטלעכט אַן אָפּהאַנדלונג וועגן אָסקאַר ווײַלד, אויך אין „אידישען קעמפֿער", אין טעריטאָריאַליסטישן אָרגאַן „דאָס פֿאָלק", אין די זמ״ב „טרוימען און ווירקלעכקייט" (דאָרט פֿאַרעפֿנטלעכט אַן אַרטיקל וועגן עדגאַר פּאָו) א. א. ער איז אויך געווען באַקאַנט אַלס זשורנאַליסט און ערשטקלאַסיקער רעפּאָרטער און אינטערוויוער; אויך געווען טעטיק אויף דעם געביט אַלס שטענדיקער מיטאַרבעטער פֿון „וואַרהייט" זינט 1906 און שפּעטער פֿון „טאָג", געשריבן אונ. פּסעוודאָנימען: לוטשי קאַרמען, י. סאנינא א.א., באַזונדערס געווען פּאָפּולער מיט זיינע באַריכטן און בילדער פֿון די יידישע גענגסטערס אין ניו־יאָרק. אַלס דיכטער האָט ער זיך אויסגעצייכנט מיט זיינע לידער פֿון דער שטאָט ניו־יאָרק וואָס ברייגען צום אויסדרוק דעם מעכטיקן ריטם פֿון דער ריזיקער וועלט־רעזידענץ, הגם זיי ליידן פֿון ווייניק קאָנצענטרירטקייט. אַרויסגעגעבן צוויי ביכער לידער און קריטישע אַרטיקלען. (פֿון זלמן רייזענס לעקסיקאָן).

יואל סלאָנים האָט געענדיקט דעם אוניווערזיטעט מיט אַן אויסצייכנונג און איז פֿאַר אַ צייט געווען „דיסטריקט אטוירני" געהילף אין ניו־יאָרק. אייניקע פֿון סלאָנים'ס לידער זיינען געדרוקט דאָ אין בוך. יואל סלאָנים איז געשטאָרבן 26טן אָקטאָבער, 1944, אין ניו־יאָרק. (ז.ז. 57).

# אַ בילדל פון אַמאָליקן חדר

„ראַדיאָ“, וואַרשע, 15 נאָוועמבער, 1935

אויב די רעגנדיקע חשון־טעג זיינען פאַר עמיצן נודנע, נישט אנגענעם, זיינען זיי פאַר דעם קליינעם דוד׳ל געווען ממש פיינלעך. די חשון־טעג זיינען פאַר אים געווען די ערגסטע פון גאַנצן יאָר. אין חדר — דער רבי מיטן קאַנטשיק פאַסעוועט די הויט... און אינדרויסן — דער זלידנער רעגן און עסנדיקע קעלט קריכט אין די ביינער. וואלט דאס געווען זומער, אָדער ווינטער, אפילו אין די גרויסע פרעסט, וואלט ער שוין געפונען אַ עצה: ער וואלט זיך ווי־עס־איז אַרויסגע׳גנב׳עט פון חדר און אויסגענוצט די צייט אויף דער נאָענטער לאנקע אדער אויפן גליטש. אָבער איצט איז אוממעגלעך ארויסצושטעקן אַ נאָז אויפן גאַס...

אינדרויסן גיסט אַן אויפהער אַ קאַלטער רעגן. די בלאטע איז גרויס, נישט מעגלעך אַ טראַט צו שטעלן. און ער, דוד׳ל, מוז אַ גאַנצן טאג זיצן אין חדר. איצט שפירט ער און פילט, ווי גוט דער יום־טוב איז געווען. ער האָט אַ גאַנצן חודש געהאט פריי. ער האט געלעבט זארגלאז, פריילעך און האט זיך גארנישט אַרומגעקוקט, ווי שנעל דער יום־טוב חודש איז פאַרשוואונדן.

סך־הכל איז איצט צוויי וואָכן נאָך סוכות, און אים דאכט זיך, אַז עס איז שוין חדשים, יאָרן. ער זוכט פארשיידענע תירוצים צו פאַרבלייבן אַ טאָג אין שטוב. ער וואלט וועלן קראַנק זיין, ליגן אין היץ, אבער, אויף־צו־להכעיס, איז ער געזונט, און די מאַמע טרייבט אין חדר. זיינע דראבנע פיסעלעך טאפטשען אין די גרויסע און טיפע בלאטעס, קוים וואס ער באוועגט זיך. אויף די פיס גייט ער אנגעטאָן א פאָר שטיוועלאַך, מחמת אנדערש וואלט ער נישט אדורך די בלאטעס. טיילמאל בלייבט ער זינקען אין בלאָטע. איידער ער נעמט אַרויס איין פוס, זינקט־איין דערווייל דער צווייטער. קוים מיט צרות געלינגט אים אַרויסצוקריגן זיך פון זומפּ. ער איז דאַן איינגאַנצן פארבלאטיקט און פארברודיקט.

אָט איז ער שוין נעבן חדר. דוד׳ל אטעמט־אָב פרייער. איצט איז דאָ אַ נייע שוועריקייט: די ביינאַכטיקע רעגנס האָבן גענצלעך פארגאסן דעם צוגאנג צום חדר. מ׳זעט נישט קיין ברעקל יבשה. דוד׳ל האט אָבער נישט קיין צייט צו טראכטן און זוכן עצות. פאר יעדער מינוט פארשפּעטיקן וואַרט אויף אים דער קאַנטשיק. ער גייט־אַריין מיט די שטיוועלאַך אין טייך, און שוין איז ער אויף יענער זייט.

אריינקומענדיק אין חדר נעמט אים אויף דער שטרייענגער בליק פון רבי׳ן. בעת־מעשה גייט־אַדורך אַ ציטער איבער זיין קליין גוף׳עלע.

כאטש ביים רבי׳ן לערנט ער איצט פון נאָך סוכות, האט ער אָבער שוין געהאַט גענוג צייט צו שפּירן אים אויף זיינע פּלייצעס און ביינער.

דער רבי, אַ מאַן פון מיטל־וווּקס, מיט אַ ברייטער באָרד, גרויסע ברעמען איבער די אויגן, איז געווען באוווּסט אין גאַנצן שטעטל פאַר זייער א בייזן ייד. געוווּסט האָט מען, אַז אַ ייִנגל וואס קומט־אָן צו אים לערנען, וועט שוין ביי אים קיין האניג נישט לעקן. ביי דעם רבי׳ן, שמואל האָט ער געהייסן, האט מען געמוזט קענען, און אויב נישט — האָט ער מיט געוואַלד אַריינגעקלאַפּט...

דער חדר איז באשטאנען פון איין צימער נישט גאר קיין גרויסער. ביים פענסטער איז געשטאַנען אַן אַלטער טיש מיט אַ פּאָר ביינקלאַך און אַרום אים זיינען געזעסן פון 15 ביז 20 יינגלאך, וועלכע האבן מיט די פינגער געטייטלט איבער די חומשים.

א שטיקל פרייד אין די „טרויעריקע“ טעג איז געווען פאר דוד׳לען, ווען דער רבי האָט אין אַ געוויסן פרימאָרגן געמאלדן די קינדער, אַז היינט נאָכמיטאג זאָלן אַלע ברייננען לאַמטערנעס, ווייל פון היינט הויבט מען אָן לערנען אין אָוונט. דוד׳ל איז גרייט געווען אין יענעם מאמענט צו פאַרגעסן אַלע עוולות, וואָס דער רבי איז קעגן אים באגאנגען.

דעם טאָג איז דוד׳ל אַריינגעפאַלן מיט אַ שמחה אין שטוב אַריין, אַז מען זאל אים קויפן אַ לאַמטערן. דעם גאנצן נאָכמיטאָג איז אים שוין דאס לערנען נישט געקראָכן אין קאָפּ. דוד׳ל האָט געוואלט, עס זאָל שנעלער נאכט ווערן; ווייל דער לאמטערן דארט אין ווינקעלע האָט אים נישט צורו געלאזט.

ענדלעך זיינען זיי באפרייט געווארן. אלע קינדער זיינען שוין גרייט מיט די לאמטערנעס אין די הענט. דער רבי זאָגט זיין אָן צו האַלטן זיך אין אָרדנונג אויף דער גאַס. אָבער ווי נאָר די קליינע קונדסים האָבן פאַרלאָזן דעם רבינ׳ס שטוב, אַזוי האָבן זיי פאַרגעסן אָן רבי׳ן, אָן חדר און אָן אַלעמען. איצט אין דער פינסטערער נאַכט זיינען זיי די בעלי־בתים. די מחנה פילדערט, שרייט אָן אויפהער און איינער שפּארט דעם צווייטן. פּלוצלונג גיט זיך איינער אַ ציִ־אויס אין בלאָטע. עס ווערט אַ גרויסער געלעכטער. מען הויבט אים קוים אויף אַ נאַסן, אַ פאַרבלאָטיקטן. דער רעגן זשימזשעט פּאַמעלאַך, מאָנאָטאָן. דאָס גאַנצע שטעטל איז איינגעהילט אין אַ געדיכטער פינסטערניש. מען זעט נישט קיין מענטשן. אָבער די חברה־יונגוואַרג מאַכט זיך גאָרנישט פון דעם.

ביסלעכווייז ווערט די מחנה קלענער. יעדער גייט צו זיך אַהיים. אויך דוד׳ל טיילט זיך אָב פון זיינע חברים און איילט

אהיים. איצט איז ער באהערשט מיט אַן ערנסטן געפיל. ער איז דאָך שוין אַ דערוואקסענער. און כאטש ער גייט אַליין אין דער פינסטער, האט ער נישט קיין מורא. אָט איז ער שוין נישט ווייט פון שטוב. פלוצלונג גיט אַ בלאז אַ ווינט און לעשט־אויס דאס ליכטל פון דער לאַמטערנע. דוד׳לען באפאלט מיט אַמאָל אַ פחד. ער נעמט לויפן שנעל אהיים. ער וויל שרייען, עס דאַכט זיך אים אַז מען יאָגט אים, אָבער ער האַלט זיך איין. עס פאסט אים נישט. אָט איז ער שוין אין פאָדער־הויז פון זיין שטוב. עס איז שטאָק פינסטער. אין זיין מוח׳ל גיבן אַ לויף אַדורך געדאַנקען וועגן שדים און רוחות... פון גרויס שרעק געפינט ער אַזש ניט די קליאַמקע. אַ שוויים זעצט אים אַרויס אויפן שטערן. אין שטוב דערהערט מען דאס גראַבלען ביי דער טיר, און עמיצער עפנט איר. דוד׳ל פאלט אַריין אין שטוב מיט אימפעט.

אין שטוב איז ליכטיק און וואַרעם. דער פלוצלונגער איבערגאַנג פון פינסטערניש צו ליכטיקייט איבערראַשט אים. דוד׳ל זעט זיינע שטוביקע און שכנים זיצן און שמועסן געמיטלעך און פאַרברייטערגען אינאיינעם. ער ווערט באַהערשט פון אַ נקמה־געפיל צו זיינע אייגענע. זיין עגאָ איז געשלאָגן. עס נעמט אים דריקן ביים הערצל און ער צעוויינט זיך אויפן קול...

די שטוביקע נעמען אים איינשטילן, אָבער ער לאזט זיך נישט טרייסטן, און ער גייט שלאָפן אַ ברוגז׳ער...

דוב ב. װאַרשאַװסקי.

---

# אליהו זילבערגלייט ע״ה

אליהו זילבערגלייט, באַקאַנט אַלס „ר׳ אליה מאַכלעס״, איז געבוירן אין דראַהיטשין. ר׳ אליהו׳ס פאָטער, ר׳ בנימין חיים זילבערגלייט, אַ באַוווּסטער תבואה־סוחר, וואָס האָט כל ימיו געלעבט אין ניקאָלאַיעוו (רוסלאַנד), איז געווען אַ למדן און אַ משכיל צוגלייך. זיין ביבליאָטעק, די גרעסטע אין שטאָט, איז געווען אַ שם־דבר אין גאַנצן געגנט און אָט אין דער דאָזיקער הויז פון תורה און חכמה האָט דער יונגער אליה באַקומען זיין חינוך. פאַר אַ צייט האָט ער אויך געלערנט ביי הרב ר׳ מנחם רייכמאַן, ז״ל, דראַהיטשינער רב.

ר׳ אליה האָט געהאַט אַ נאָמען פון אַ למדן און תמים. ער האָט זיך ווייניק געמישט אין עניני־פרנסה. זיין פרוי, מאַכלע, איז געווען די גאַנצע פרנסה־געבערין (דערפאַר האָט מער אים גערופן „אליה מאַכלעס״). אליה איז שטענדיק געזעסן אין בית־מדרש און געלערנט. ער האָט אויך געטאָן אין קבלה און איז געגאַנגען אַלע טאָג טבילה.

אין די יונגע יאָרן האָט ר׳ אליה געהאַט אַן אוליניצע, ניט ווייט פון קלויסטער, האָט דאָס שטאַרק נישט געשמעקט דעם גלח. האָבן די פויערים פאַרברענט דער אוליניצע און ר׳ אליה מיט זיין פאַמיליע זיינען פאַרבליבן בעירום ובחסר כל. האָט אים זיין פאָטער פון ניקאָלאַיעוו אַריינגעשיקט אביסל געלט און הרב ר׳ מנחם האָט אים באַזאָרגט מיט אַ פּלאַץ און מען האָט פאַר אים אויסגעבויט א שטוב מיט אַ קראָם. איז מאַכלע, זיין פרוי, געווען די קרעמערקע, די שפייזערין, און ער איז זיך ווידער געזעסן אין בית־מדרש על התורה ועל העבודה.

מען דערציילט, אַז איינמאָל אין אַ שבת האָט ר׳ אליה געלערנט אין בית־מדרש אַ פרשה חומש פאַרן עולם. נאָכ׳ן לערנען קומט צו אַ ייד, אַן אורח, צו ר׳ אליה׳ן און זאָגט: „איך האָב געהאַט גרויס הנאה פון אייער חומש־לערנען, איך האָב אַזאַ מין לערנען שוין לאַנג נישט געהערט״... שפּעטער האָט מען זיך דערוווּסט, אַז דער אורח איז דאָס געווען דער „חפץ־חיים״, זצ״ל.

ר׳ אליה׳ס פאָטער, ר׳ בנימין חיים, האָט אַמאָל אָפּגעדרוקט אַ שווערן ירושלמי אין „המליץ״ און געבעטן לומדים צו פאַרענטפערן דעם ירושלמי. איז ר׳ אליה געווען דער וואָס האָט פאַרענטפערט דעם ירושלמי. האָט דער „המליץ״ אַראָפּגעשיקט אַ ספּעציעלן שליח קיין דראַהיטשין צו באַקענען זיך מיט דעם רעטזעלהאַפטן למדן. דער „המליץ״־שליח האָט אויך פאַרלאַנגט פון ר׳ אליה׳ן אַ פאָטאָגראַפיע, אָבער ר׳ אליה האָט זיך קיינמאָל נישט פאָטאָגראַפירט.

ר׳ אליה האָט אויך געשטיצט בני־תורה. ער פלעגט אַ סך העלפן דעם קאָברינער רבי׳ן, ר׳ נח׳קען, און שיקן געלט צו ר׳ נחומ׳קען גראָדנער.

ר׳ אליה האָט געזאָגט דעם הספד אויף די אָסעוויצער הרוגים און האָט שטאַרק באַוויינט ר׳ סענדער אָסעוויצער, וועלכער איז שטענדיק געווען זיין גאַסט, ווען ער פלעגט קומען אין שטאָט. עס האָט אויך געטראָפן דער פאַל, וואָס ר׳ אליה האָט געהאַלטן די טראַדיציאָנעלע שבת־שובה דרשה אין שול, ווען דער רב ר׳ מנחם האָט זיך געפילט ניט גוט און געפאָדערט אַז ר׳ אליה זאָל אים פאַרטרעטן. די לעצטע יאָרן האָט ר׳ אליה געלערנט מיט קינדער גמרא און האָט געהאַט אַ קליינע הכנסה.

ר׳ אליה איז נפטר געוואָרן פלוצלונג פון אַ בלוט־שטורץ פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. זיינע כתבי־יד אויף תורה איז, לײדער, פאַרברענט געוואָרן אין די מלחמה־יאָרן. ווי מען זאָגט, איז ר׳ אליה געווען אַ נאָנטער קרוב פון ר׳ זלמן סענדערן פון מאָלטש.

פרטים פון גדליה קאַפּלאַן.




לויה פון ר׳ מרדכי׳לע סלאָנימער זצ״ל, כה אדר תרע״ו, 1916
(זע זייט 154, „ר׳ אשר ווייצל״.)

# הרב שמעון טאַראַסאָוו ע׳׳ה

**הרב** שמעון טאַראַסאָוו, אַ זון פון הרב ר׳ יוסף יהודה, געבוירן 1885 אין בריסק, איז געווען אַ מחונך פון דער נאָוואָראַדאָקער ישיבה. ר׳האָט געלערנט צוזאַמען מיט הרה״ג יאַפּין.

אין 1915, בערך, האָט ער געהייראַט די טאָכטער פון שמואל פון וואָלעוועל ביי דראָהיטשין, פרומע, און האָט זיך באַזעצט אין דראָהיטשין, ווו ער איז געווען אַ לערער ביז 1924.


הרב שמעון טאַראַסאָוו, ע״ה

אין 1924 האָט הרב טאַראַסאָוו מיט זיין פאַמיליע אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע און געמאַכט זיין מקום קבוע אין שיקאַגע, ווו ער איז געווען אַ שוחט-עופות און פראַקטיצירט אַלס לערער אין „בית רחל-לאה״ תלמוד-תורה (סט. לואיס גאַס).

צו דער זעלבער צייט איז הרב טאַראַסאָוו אויך געווען רב אין „יבנה״-שוהל (3 יאָר), האָראָדאָקער שוהל און אין קאָברינער-קאַרלינער חסידים-שטיבל.

הרב טאַראַסאָוו איז געשטאָרבן כ״ד אדר 1950 אין שיקאַגע.

# יוסף שחט ע׳׳ה

**יוסף** שחט, אָדער יאָסל טשערנעס, איז געבוירן אין מאָטעלע און חתונה געהאַט קיין דראָהיטשין, ווו ער האָט זיך כל ימיו פאַרנומען מיט מלמדות. האָט געהאַט אַ חדר פון גמרא קינדער. ער איז געווען אַ חקרן-טיפּ, כמו אַ פילאָזאָף. ליידער, האָבן מיר נישט מער קיין גענויע פּרטים פון אים. שחט איז געשטאָרבן פאַר ערשטער וועלט-מלחמה.


ר׳ יוסף שחט, ע״ה

ר׳ יאָסל האָט געהאַט זיבן קינדער: אברהם שמעון (בריסק), ראובן (יאַנאָווע), משה (ארץ ישראל), אריה, נחקע, הערשל און מיכל.

ר׳ יאָסל׳ס אַן אייניקל (אברהם שמעונס זון) יעקב, איז געווען פּראָפעסאָר פון מאַטעמאַטיק אין פּעטערבורגער אוניווערזיטעט. דערנאָך האָט ער פאַרנומען אַ קאַטעדרע אין דער „ניוּוי-אַקעדעמי״, אינדיאַנאַפּאָליס, אַמעריקע. ער איז אויך געווען פּראָפעסאָר אין די אוניווערזיטעטן פון ען-אַרבאָר (מישיגען) און פּענסילוואַניאַ (פילאַדעלפיע). יעקב איז געשטאָרבן אין אַמעריקע אין עלטער פון 77 יאָר.

# שלמה פרידענבערג ע׳׳ה

**שלמה** פרידענבערג איז געבוירן 1880, בערך, אין דראָהיטשין. זיין פאָטער האָט געהייסן בערל. אַ סאַך יאָרן האָט ער פאַרבראַכט אין ישיבות און געהאַט אַ גוטן נאָמען אַלס אַ וויל-לערנער.

שפּעטער האָט ער חתונה געהאַט אין ביליען (אַ דאָרף ביי דראָהיטשין) און זיך גענומען צו מסחר. עס איז אים אָבער דאָרט נישט געגאַנגען. האָט ער זיך אַריינגעקליבן אין שטאָט און זיך גענומען צו מלמדות.

ביז דער ערשטער וועלט-מלחמה האָט ער אָנגעפירט מיט אַ חדר פון גמרא-קינדער. שפּעטער האָט ער פאַר אַ צייט געלערנט גמרא אין די העכערע קלאַסן פון דער שולע מוריה.

שלמה איז געשטאָרבן אין 1938 אין פּינסק. זיין פרוי און קינדער (איין טאָכטער אין ישראל) זיינען אומגעקומען. הי״ד!

# נפתלי שטיינבערג ע״ה

**נפתלי** זכריהו שטיינבערג, אָדער נפתלי דער לערער, ווי מען האָט אים גערופן, איז געבוירן 1863, בערך, אין פּינסק. אַלס קינד איז ער געוואָרן פאַריתומ׳ט פון זיין פאָטער לוי יצחק, און האָט דורכגעמאַכט זיין יוגנט אין אָרעמע און שווערע באַדינגונגען. ער האָט געלערנט אין חדרים און אין ישיבות און באקומען היתר־הוראה.



נפתלי שטיינבערג, ע״ה

נפתלי האָט אָבער נישט געוואָלט מאַכן קיין רבנישע קאַריערע. עס האָט אים געצויגן און געלאָקט די וועלטלעכע קולטור און ער איז געוואָרן אַ משכיל מיט אַן ערודיציע אין פּעדאַגאָגיע.

נפתלי איז געווען אַן אויטאָדידאקט ; אַלץ וואָס ער האָט געקענט האָט ער אַליין אויסגעהאָרעוועט. נאָך זיצנדיק אויף דעם ישיבה־באַנק האָט ער דורך די נעכט, מיט דער הילף פון ווערטער־ביכער, שטודירט העברעאיש און אַנדערע וועלטלעכע לימודים. נאָך מער צייט האָט ער אַוועקגעגעבן אויף לייענען ביכער. אויך אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט ער קיינמאָל נישט אַרויסגעלאָזט דעם ספר פון האַנט. און נפתלי האָט אויסגעשטיגן אַלס קענער פון דער אַלטער און נייער העברעאישער ליטעראַטור.

נפתלי איז קוים אַלט געווען 17 יאָר, ווען ער האָט געהייראַט זיין חיה שרה׳ן, אַ טאָכטער פון ר׳ מאָטיע פּנחס דעם מלמד, א ייד א למדן פון דראָהיטשין.

אין 1880, בערך, האָט נפתלי זיך גענומען צו מלמדות אין דראָהיטשין. אים האָט אָבער נישט באַפרידיקט דער חינוך סיסטעם און לערן־מעטאָדע פון אלטן חדר, ווו די קינדער זיינען געווען אויסגעזעצט ארום לאנגע טישן, און דער רבי צי דער מלמד האָט געקנעלט מיט די קינדער דעם „אלף־בית״. אויסגעלערנט אַ שייטל־עברי, איז מען אַריבער צו אַ פּרשה חומש מיט רש״י און ספארבע (נ״ך). מען האָט אויך געלערנט אַביסל יידיש שרייבן פון אַ בריוונשטעלער. שפּעטער האָט מען בלויז געלערנט גפ״ת — גמרא מיט תוספות און מפרשים. מיידלעך האָט מען נאָר געלערנט עברי, דאַווענען און שרייבן אַ יידישן בריוול. ספּעציעל זיינען געווען באַוווּסט די יידישע „שרייבער״ אָדער „שרייבערקעס״, וועמענס אומנות איז געווען צו לערנען יידישע טעכטער צו שרייבן יידישע בריוו. נפתלי האָט דאָס אלץ נישט געגליכן, און ער האָט גענומען איינפירן א נייעם חינוך־סיסטעם: רעפאָרמירן דעם סדר פון די לימודים און איבעראַנדערשן די לערן־מעטאָדע פון דעם חדר, וועלכער האָט שוין ביי אים שוין נישט געהייסן חדר, נאָר קלאַס.

נפתלי׳ס מאָדערניזירטער דערציאונגס־סיסטעם האָט נישט אויסגענומען אין שטעטל. די עלטערן האָבן נישט אָנגעטרויט זייערע קינדער, ספּעציעל די ייִנגלאַך, צו נפתלי׳ן. בלית־ברירה האָט זיך נפתלי געמוזט באַנוגענען בלויז מיט אַ קלאַס פאַר מיידלאַך, וואָס געוויסע מאָדערנע עלטערן האָבן אים אָנפאַרטרויט זייערע טעכטער צו לערנען מיט זיי העברעאיש.

מיט אַ צייט שפּעטער איז נפתלי׳ן דאָך געלונגען איבערצוגעווינען אויף זיין זייט אַ צאָל עלטערן פון שטעטל און ער האָט געעפנט אַ קלאַס פאַר ייִנגלאַך. פון דעם דאָזיקן קלאַס האָט זיך אויסגעפּיקט דער ערשטער חדר־מתוקן אין דראָהיטשין.




די מצבה פון נפתלי שטיינבערג, ע״ה, כ״ד כסלו, 1921.

אין נפתלי׳ס חדר־מתוקן איז אויף דער וואַנט געהאַנ־גען אַ „דאָסקע״, שרייב־טאַפל; די קינדער זיינען געזעסן אין „סקאַמעיקעס״ און געלערנט האָט ער מיט זיי נישט קיין ספארבע, נאָר תנ״ך, רש״י, דקדוק, העברעאיש, געלייענט מיט זיי די שאַפונגען פון מאַפו און סמאָלענסקי און גע׳חזר׳ט אויף אויסנווייניק די שירים פון גאָרדאָנען א. א.

שפעטער האָט נפתלי צוגעצויגן צו זיך די לערער: לייבוש ניידיטש, יצחק אַבראַמטשיק און עוזר לעוו, און מיט זייער הילף געשאַפן אַ נעץ פון חדרים־מתוקנים, ווו ער, נפתלי, האָט געהאַט די הויפט־דעה און השפעה. אַזוי איז עס שוין אָנגע־גאַנגען כל ימיו.

זעלבסטפארשטענדלעך, זיינען אין שטעטל געווען אַ סך חדרים, ווו גמרא און אנדערע למודי־קודש האָבן אויסגעפילט די גאַנצע לערע־פראָגראַם פון טאָג און די למודי־חול זיינען מער נישט געווען ווי א תפל.

אויף זיין געביט איז נפתלי בלי ספק געווען דער אנער־קענטער פעדאגאָג און געגאָלטן אלס דער רבי פון די משכילים פון שטעטל.

נפתלי איז געשטאָרבן כ״ד כסלו, תרפ״א, 1921, אין דראָ־היטשין. ער האָט געהאַט דריי קינדער: זיידל (געשטאָרבן אין שיקאָגע), פייגל (אומגעקומען מיט איר משפחה אין פינסק) און חנה (לעבט אין ארץ ישראל).

חנה און פייגל זיינען געגאַנגען אין די פוס־טריט פון זייער פאָטער נפתלי, און האָבן אין משך פון יאָרן אויך פראַקטיצירט אַלס לערערינס און אָנגעפירט מיט אייגענע קלאַסן אין דראָהיטשין.



פאָלקס־שולע אונטער דייטשער אָקופּאַציע אין 1917. זיצן פון לינקס: טודרוס ליב מילנער, נפתלי שטיינבערג, משה בעזדזשעזקי און יוסף וואַסערמאַן. שטייען פון לינקס: ראסל וואלעוועלסקי, פינסקי (פון סלאָנים) און חנה שטיינבערג.

# יעקב סידאָראָוו ע״ה

**יעקב** סידאָראָוו, ע״ה, איז געבוירן 1880, בערך, אין דראָהיטשין. זיין פאָטער, ר׳ יצחק, באַקאַנט אַלס „דער אַלטער חזן״ אָדער „דער גראָדנער חזן״, איז געווען חזן־שוחט אין דראָהיטשין. זיין מוטער האָט מען גערופן חיה גיטל די חזנ׳טע.



יעקב סידאָראָוו, ע״ה

יעקב סידאָראָוו, אָדער יענקל דעם חזנ׳ס, ווי מען האָט אים גערופן, וואָס איז געווען אַ באַוווסטער פּעדאַגאָג און אַ באַגאַבטער מענטש, האָט פון זיין פריסטער יוגנט אויסגעצייכנט זיך מיט זיינע פעיאַקייטן אין לערנען. זיין גאַנצע קענטעניש און וויסן האָט ער אין מערסטנטייל דערוואָרבן דורך זעלבסטבילדונג. נאָך גאָר יונג הויבט ער אָן צו געבן „אוראָקן״, לעקציעס און פון זיינע פאַרדינסטן שפּייזט ער זיך אַליין און העלפט נאָך ארויס זיינע עלטערן מיט דער הוצאה אין שטוב, וואו חיונה איז געווען בצמצום. צו דער זעלבער צייט זעצט ער פאָר זיין זעלבסט־שטודיום און פאַרפאָלקאָמט זיך אין העברעאיש און רוסיש.

שפּעטער עפנט סידאָראָוו אַ „בית־ספר לנערות״, אַן העברעאישן קלאַס פאַר מיידלאַך, וואָס ער האָט אָנגעהאַלטן מיט דערפאָלג ביז 1915.

די מלחמה יאָרן האָט סידאָראָוו אַדורכגעמאַכט אין מאָטעלע (לעבן דראָהיטשין), פון וואַנען זיין פרוי האָט געשטאַמט. אין מאָטעלע האָט זיך יעקב אָפּגעגעבן מיט קהל׳שער אַרבעט און איז געווען דאָרט דער בירגערמייסטער.

נאָך דער מלחמה איז יעקב סידאראווו מיט זיין פאמיליע צוריקגעקומען קיין דראָהיטשין, ווו ער איז אין זומער 1919 געשטאָרבן, ל״ע, פון כלעק־טיפוס. זיין פרוי, אסתר, מיט די צוויי טעכטער זיינען צוריקגעפאָרן קיין מאָטעלע און, ווייזט אויס, דאָרט אומגעקומען, הי״ד!

יעקב סידאָראָוו איז זיינע גאַנצע יאָרן געווען טעטיק אין ציוניזם און איז געשטאַנען בראש פון דער באַוועגונג אין דראָהיטשין. ער איז געווען זייער פּראָמינענט אין שטאָט און רעספּעקטירט ביי אַלע וואָס האָבן אים געקענט.



יעקב סידאָראָוו מיט זיין קלאַס פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה.

# צבי שוואַרץ ע״ה

**צבי** שוואַרץ איז געבוירן תרמ״ה, 1885, אין דראָהיטשין. זיין פאָטער, ר׳ יאָסל שוואַרץ, האָט זיך פאַרנומען מיט מסחר. זיין חינוך האָט שוואַרץ באַקומען אין חדר און אין בית־מדרש אין שטעטל און שפּעטער אין די ישיבות פון פּאָהאָסט, מאַלטש, פּינסק, מינסק, א. א., וווּ ער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיינע גוטע כשרונות און שטאַרקער התמדה אין לערנען. נאָכדעם האָט ער שטודירט וועלטלעכע לימודים, געלערנט שפּראַכן, געלייענט אַ סך די יידישע און וועלטלעכע קלאַסיקער און גאַר ספּעציעל געווען פאַרטיפט אין די פילאָזאָפיעס פון די עקאָנאָמישע און סאָציאַלע וויסנשאַפטן.



צבי שוואַרץ, ע״ה

צו 18 יאָר ווערט שוואַרץ טעטיק געזעלשאַפטלעך. ער גרינדעט אין דראָהיטשין אַ ביבליאָטעק, פירט אָן מיט יידיש־העברעאישע קורסן און פלאַנט אויסצובויען אַ מאָדערנע שולע.

צו דעם צוועק פאָרט ער קיין פּינסק, מינסק, בריסק און ביאַליסטאָק, וווּ ער זאַמלט מאַטעריאַל און שטודירט פּלענער ווי אַזוי צו פאַרווירקלעכן זיין אידעאַל. ענדלעך געלינגט אים צו רעאַליזירן זיין פּלאַן. אַ פּאָר יאָר פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה גרינדעט ער אין דראָהיטשין אַ מאָדערנע מוסטער־שולע א. נ. „יבנה", וועלכע איז געווען אַ דערפאָלג, און ווען נישט אַ מסירה, וואָלט זי געווען האָבן אריכות ימים.

צו יענער צייט באַקאַנט זיך דער יונגער צבי מיט זיין צוקונפטיקער פרוי, לאה פּאַנאַבעריא, פון בריסק, אַ פייערדיקע סאָציאַליסטקע, וועלכע האָט זיך אויסבאַהאַלטן פון דער צאַרישער פּאָליציי אין קאָוועל. ער לערנט איר העברעאיש, און אונטער זיין השפּעה פאָרט לאה קיין ארץ ישראל און קומט אָן אין דער „הרצליה" גימנאַזיע אין תל־אביב. שפּעטער איז זי אַ העברעאישע לערערין אין דער קאָלאָניע „יבניאל".

אין 1914, האַרט פאַר דער מלחמה, קומט אויך שוואַרץ קיין ארץ ישראל און צוזאַמען מיט לאה׳ן באַרייזט דאָס לאַנד. שפּעטער פאָרן זיי אויף אַ באַזוך קיין רוסלאַנד מיטן געדאַנק צוריקצוקומען קיין ארץ ישראל און דאָרט חתונה האָבן, אָבער די מלחמה האָט צעשטערט זייערע פּלענער און זיי צעשיידט.

צבי איז פאַרבליבן אין דער דייטשער אָקופּירטער טעריטאָריע און לאה איז אוועק קיין וויטעבסק, פון דאָרט קיין אָדעס, וווּ זי האָט אויף דעם באַוואָראַסיסקי אוניווערזיטעט אויסגעשטודירט אלס צין־דאָקטאָר. די רוסישע רעוואָלוציע טרעפט לאה׳ן אין מאָסקווע, וווּ זי איז אַ לערערין אין אַ „תרבות"־שולע. גלייכצייטיק אַרבעט אין פעדאַגאָגישן אינסטיטוט אונטער דער לייטונג פון באַרימטן געלערנטן, פּראָפעסאָר סטאַניסלאַוו טעאָפּילאָוויטש שאַצקי.

אין 1921 טרעפן זיך צבי און לאה אין וואַרשע, האָבן חתונה און אָרדענען זיך איין אין וואַרשע, וווּ זיי האָבן געלעבט ביז 1936. פאַר דער צייט איז צבי צוויי מאָל (אין 1928 און 1934) געפאָרן קיין ארץ ישראל. דעם ערשטן מאָל איז ער געווען דאָרט אין 1914.

אין וואַרשע ווערט שוואַרץ דער איניציאַטאָר און פירער פון „תוצרות־הארץ"־באַוועגונג. ער האַלט אַז דורך פאַרגרעסערן און אַנטוויקלען די אינדוסטריע, לאַנדווירטשאַפט און דעם האַנדל אין ארץ ישראל, וועט דאָס לאַנד זיין בכוח אריינצונעמען מיליאָנען יידן. ער שרייבט אַרטיקלען אין זשורנאַל „מסחר ותעשיה", גיט אויך אַרויס אַ ספּעציעלע בלעטל, וווּ ער אַגיטירט יידן צו קויפן און נוצן ארץ־ישראל׳דיקע פּראָדוקטן.

אין 1926 גרינדעט שוואַרץ אַ געזעלשאַפט „כרמל", וועלכע האָט געהאַט די אויפגאַבע צו שאַפן אָפּנעמערס פון דעם ארץ־ישראל׳דיקן וויין. אין מאַי, דעם יאָר, האָט שוואַרץ מיט זיינע מיטאַרבעטער: דר. קלומעל, לוי יצחק ניעמצאַוויטש און יצחק קאַהאַנאָוו פון וואַרשע און יעקב שאַפּיראָ מצד „אגודת הכורמים" אין ארץ ישראל אונטערגעשריבן אַ קאָנטראַקט, וואָס האָט באַפולמעכטיקט די אויבנדערמאָנטע צו ווערן די פאַרשטייער פון די ווייַנען פון די ווייַנקעלערן פון ראשון לציון און זכרון־יעקב. אין 1927 האָט צבי צוזאַמען מיט דר. י. באַגאַליובסקי אַרויסגעגעבן אַ ביכל א. נ. „וויין אַלס הייל־מיטל".

אין 1930 גיט שוואַרץ אַרויס צו דעם צוועק אַ גרויסן זאַמל־בוך א. נ. „דאָס איז דער וועג", וווּ עס ווערט אויפגעקלערט די גרויסע באַדייטונג פון „תוצרות־הארץ". אין דעם זאַמל־בוך זיינען געווען פאַרטראָטן מיט אַרטיקלען: זאב זשאַבאָטינסקי, מאיר דיזענגאָף, פּראָפ. דר. קלויזנער, אבגדור המאירי, א. כאַנין, א. אידעלסאָן, דר. ב. פייגין, ה. טשערניאַווסקי, דר. יאַקובזאָהן, ע. צוקערמאַן, מ. מאיראָוויטש, אינזש. ש. יפה, דר. ש. סטאַווסקי, ב. פינסקער, דר. ש. לעווענבוים, הרב מ. ניסענבוים ש. פעטרושקאַ, ש. שטיינבערג, נ. נ. און אַנדערע.

אין 1937 קומען צבי און לאה קיין אַרגענטינע, אויף אַ באַזוך צו זייער אַ ברודער, און זיי פאַרבלייבן שוין דאָרט וווינען אויף שטענדיק. די שוואַרצעס ווערן שנעל פּאָפּולער אין לאַנד און זייער הויז ווערט אַ בית־ועד פאַר שרייבער, עסקנים און קולטור־טוער. צבי איז אַ גוטער שמועסער, קען

פאראינטערעסירן זיינע צוהערער. ער ווארפט אָן פּלענער; ער וויל א גוטן יידישן חינוך פאר די קינדער און אַ תרופה פאר די עלטערע, וועלכע זיינען אָפּגעפרעמדט געוואָרן פון יידישן ספר. ער זאָגט תורה, ציטירט וויסנשאַפטלער און פילאָזאָפן, און ווייזט אויף אז מיר יידן זיינען אנדערש ווי אלע פעלקער. ייִדן מוזן גיין קעגן שטראָם. אלס רעזולטאַט פון דעם, ווערט געבוירן זיין „איבערבוי־באַוועגונג", וואָס צילט „אויסצובעסערן דאָס יידישע פאָלק פון אינעווייניק אויס דורך עקאָנאָמישער פראָדוקטיוויזאציע און גייסטיקער ווידער־הויבונג".

אין 1938 גיט ער ארויס א בראָשור „איבערבוי", ווו ער פּראָפּאַגאַנדירט זיין אידייע פון אַ דריי־פּאַכיקער רעוואָלוציע אין לעבן פון יידישן פאָלק, און נעמלעך: א סאָציאַל־עקאָנאָמישע, א נאַציאָנאַל־פּסיכאָלאָגישע און א נאַציאָנאַל־קולטורעלע. שוואַרץ איז קיינמאָל נישט געווען קיין פּאַר־טיי־מאַן. ער איז פאַר אינטעגראַלער יידישקייט. ער וויל אַן אינטעגראַלן ייד און אַ גאַנץ פאָלק.

שוואַרץ ארבעט איבער זיינע כוחות. טראָגט דעם פּאַר־באַט פון די דאָקטוירים. ער רעדט און איז מסביר. ער חלומט פון אַן אָרגאַניזירטער יידישער קהילה אין בוענאָס־איירעס און טרוימט פון א „ועד־הקהילות" פון דעם דרום־אמעריקאַנער יידנטום. און ווירקלעך, אַ טייל פון זיינע טרוימען זיינען געוואָרן פאַרווירקלעכט. ער איז מיטשאַפער פון דער יידישער קהילה אין בוענאָס־איירעס; מיטגרינדער פון ראַבינאַט; אָרגאַניזירער פון די „עונג־שבת"־לעקציעס און פון זונטיק־קורסן; געווען הויפט־מיטשאַפער פון „ייוואָ"־אַרכיוו און צענטראַלער ביבליאָטעק, פאַר וועלכע ער האָט אליין בייגעשטייערט אַן אוצר ספרים און דאָקומענטן, א. א. וו. פאַר זיינע פאַרדינסטן האָט די „ייוואָ"־פאַרוואַלטונג א נאָמען געגעבן א שטודיר־צימער פון דער צענטראַלער ביבליאָטעק אין נייעם קהילה־בנין — „צבי שוואַרץ".

צום 9־הונדערטן געבוירן־טאָג פון רש"י, האָט צבי שוואַרץ, צוזאמען מיט די שרייבער ידידיה אפרון, נחמן געזאַנג און יוסף מענדעלסאָן, ארויסגעגעבן רש"י־ביכער אין דריי שפּראַכן: יידיש, העברעאיש און שפּאַניש. די שפּאַנישע איבערזעצונג האָט געמאַכט דער שריפטשטעלער שכנא רעזניק. אויף צבי'ס איניציאַטיוו איז אויך ארויס דער „כוזרי" אין העברעאיש און שפּאַניש.

אין יוני 1942 הויבט אָן שוואַרץ ארויסגעבן זיינע „שריפטן" אַ חודש'לעכע אויסגאַבע פאַר אינטעגראַלער יידישקייט מיט אן אויסוואַל פון די אוצרות פון אַלטן און נייעם יידנטום. יעדער נומער האלט אן 80 זייטן און איז א קוואַל פון יידישער לערע און וויסן.

די לעצטע יאָרן איז צבי שוואַרץ געווען א שטאַרקער חלוש, ער האָט געליטן אויף א הארץ־קראַנקייט און האָט זיך נישט געקענט באַוועגן. די כליה פון אייראָפּעאישן יידנטום האָט נאָך פאַרערגערט זיין געזונט־צושטאַנד און שוין ליגנ־דיק אויפן טויטן־בעט האָט ער אָנגעשריבן א צוואה, ווי אזוי אויפצובויען דער שארית־הפליטה.

ר' צבי שוואַרץ איז געשטאָרבן כ"ב טבת, תש"ה — 7טן יאַנואַר, 1945, אין בוענאָס־איירעס, ארגענטינע.

מלך ראַוויטש שרייבט: „אויף זיין לויה, ביים אָפענעם קבר, האָט זיין פרוי לאה געהאַלטן א הספד, וואָס איז ממש אַ קלאַסישע רעדע פון אַן עכטער יידישער אשת־חיל".

מיט דעם חודש־זשורנאַל „שריפטן", וועלכער דערשיינט אויך היינט (זינט יוני 1942), פירט אָן זיין פרוי לאה שוואַרץ, ביי דער אַקטיווער מיטאַרבעטערשאַפט פון די שרייבער אברהם גאָלאָמב, ישראל עפּרויקין א. א.

פרטים ארויסגענומען פון דער גרויסער צבי שוואַרץ מאָנאָגראַפיע, געשריבן פון פּינחס ביזבערג. זע אויך די אָפּשאַצונגען פון דר. משה מערקין אין „די יידישע צייטונג", 29טן נאָוועמבער, 1949, ארגענטינע; און פון מלך ראַוויטש אין „פרייע יידישע טריבונע", דעצעמבער 1946, לאָנדאָן, ענגלאַנד.

---

קהת קליגער

## די באַלאַדע פון ר' צבי'ס הסתלקות

און ווען דער מלאך איז געקומען נאָכן האַרץ
פון גרויסן יידן, ר' צבי שוואַרץ, —
האָט ר' צבי געזאָגט: תיכף. און זיין געזיכט
איז געוואָרן באַגאָסן מיט שכינה־ליכט.

אין פענצטער שקיעהט; דער זומער־פאַרנאַכט
אויף ר' צבי'ס ספר — נאָך אויפגעמאַכט —
מיט כרובים און שרפים זיך שפּילט,
דאָס גאַנצע חדר מיט ראַזיקייט הילט.

נאָר ר' צבי שמייכלט. זיין אויג — טיף און קלוג —
זופט אויס דעם הימל, ווי אַ בלויע קרוג.
ר' צבי שמייכלט זיין לייב און קנאַך
זינגט: „הנשמה לך והגוף שלך".

און לאה, ר' צבי'ס חברטע — די שטילע טויב —
פאַרשטייט זיין שמייכל, הערט זיין לויב.
און זי וויינט נישט; הגם זי זעט, ר' צבי
לעשט זיך, ווי די זון אין לעצטן גלי.

זאָגט דער מלאך: — ר' צבי, מירן גיין!
און ס'שאַרכען זיינע ווייסע פליגל, ווי העלפנביין.
האַנט אויף אַקסל — זאַלבעצווייט —
ווי צו אַ שמחה, כדומה, מ'גייט.

נאָר אין חדר, ביים ספר — נאָך אויפגעמישט —
ר' צבי'ס נר־תמיד לעשט זיך נישט.
דאָס ליכט העלט שטאַרקער אין שחרית־בלוי
און זינגט: ברוך הוא, וברוך שמו — — —

# תלמוד־תורה "תורה ודעת" (1934) אין דראָהיטשין




די תלמוד תורה „תורה ודעת", געגרינדעט מיטן געלט פון ר׳ יצחק אבגדור און עלקע טעלעכאנסקי ע"ה פון שיקאַגע. (זע: זייט 220). דאָס בילד איז גענומען אין 1934. זיצן פון לינקס צו רעכטס: סענדער שאַפּיראָ (לערער), זושע ווארשאווסקי, הרב קאלענקאוויטש, זכריה שמיד (קאָמיטעט), שמואל ראָק, חיים שולמאַן (לערער) און צוויי לערערינס: וואַלעוועלסקי־חאַרסעל און נאָך איינע.

## סענדער שאַפּיראָ הי"ד

[ס]ענדער שאפּירא, באַקאנט אַלס דער אָדרעזשינער לערער, [אי]ז געווען אַ געבוירענער פון ליבעשיי ביי פּינסק. ער האָט [געל]ערנט אין בית־מדרש און נאָך זיין חתונה (1908, בערך) [הא]ט מיכלען, די טאָכטער פון נחום פּאָמעראַניעץ פון אָדרע־[ז]ינע ביי פּינסק, האָט ער זיך באַזעצט אין דראָהיטשין און [ג]עפענט אַ חדר פאַר גמרא־אָנפאַנגער.

פון 1924 ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה איז שאַפּיראָ [גע]ווען אַ לערער אין דער תלמוד־תורה.

די שאפּיראס האָבן געהאַט 5 קינדער. עס איז פון זיי קיי[ע]ר נישט פאַרבליבן; אַלע אומגעקומען. הי"ד!

## שמואל ראָק הי"ד

שמואל ראָק, אַ געבוירענער פון קאַמעניעץ, איז געווען מחונך פון סלאַבאָדקער און אַנדערע ישיבות. דעם ערש[טן] מאָל איז ער געקומען קיין דראהיטשין אלס לערער פון ד[ער] שולע „מוריה". ער האט שפּעטער פארלאזט דראהיטשין א[ון] געווען אַ לערער אין רוזשינאָי, ווו ער האָט חתונה געהאַט א[ון] איז צוריקגעקומען קיין דראהיטשין, — דאָס מאָל אלס לער[ער] און אנפירער פון דער תלמוד־תורה, ווו ער האט געלער[נט] גמרא מיט די עלטערע קינדער.

שמואל ראָק, אַ פייאיקער מענטש מיט אַ שטאַרקן כאַראַ[קטער], האָט געהאט אַ סאַך פאַרדינסטן פאר דעם „מזרחי", א

וועמענס רייען ער איז געווען טעטיק פיל יאָרן נאָך אידער ער איז געקומען קיין דראָהיטשין. ער האט אָנגעהערט צום רעכטן פליגל פון מזרחי און איז געווען שטארק נוטה צום רעוויזיאָניזם, אויך אין דראהיטשין איז ער געווען פון די אנפירער פון דעם „מזרחי“.

שמואל ראָק מיט זיין פרוי און טעכטערל זיינען אומגעקומען. הי״ד!

---

# חיים שולמאַן הי״ד

חיים שולמאַן האָט געשטאַמט פון מאָטעלע, ווו ער האָט זיך פארנומען מיט מסחר און געווען פון די אָנפירער פון „מזרחי“. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ער געהייראַט מיט רייכלען (אַ טאָכטער פון שלמה פיאַסעצקי פון לעזיטקעוויטש), וועלכע איז יונג געשטאָרבן, און אים איבערגעלאָזט מיט צוויי קליינע קינדער. פון אַ צווייטער הייראַט האָט שולמאַן געהאַט 3 קינדער.

אין דראָהיטשין האָט שולמאַן געפרווט זיין מזל אין מסחר (ער האָט אויפגעמאַכט אַ שוך־געשעפט). עס איז אָבער נישט געגאַנגען, האָט ער זיך גענומען צו מלמדות. ביז דעם חורבן־דראהיטשין האָט ער פראקטיצירט אלס אַ לערער אין דער תלמוד־תורה, און איז גלייכצייטיק געווען דער סעקרעטאַר פון „מזרחי“, פאַר וועלכן ער האָט פיל געלייסטעט. ער האָט אָנגעהערט צום לינקן פליגל פון „מזרתי“.

אין 1942, ווען די דייטשע רוצחים האָבן דורכגעפירט די שחיטה אויף די יידן פון דראָהיטשין, האָט שולמאַן מיט זיין פאַמיליע זיך אויסבאהאלטן אין אַ גרוב אונטער דער פאָדלאָגע ביי אים אין הויז, וואָס ער האָט געהאַט צוגעגרייט פון פריער.

שולמאַנ׳ען איז אויך געלונגען שפּעטער אַרויסצושמוגלען זיין פאַמיליע פון דראָהיטשין און זיי האבן זיך מיט נאָך אייניקע יידן, אויסבאַהאַלטן אין אַ גרוב אין סאָמענישטשער וואַלד, עטלעכע וויאָרסט פון שטעטל.

ווען עס איז אָנגעקומען דער ווינטער מיט זיינע גרויסע פרעסט, האָט שולמאַן אָפּגעפרוירן זיינע פיס. אין גרויס פאַרצווייפלונג, וועלנדיק זיך ראַטעווען, האָט ער געוואַרעמט זיינע פיס ביים פייער... אין רעזולטאַט, האָט זיך אויף זיינע פיס אויסגעשלאָגן אַ גאַנגרענע פון גרויסע אייטערדיקע ווונדן, און שולמאַן איז, נאָך שרעקלעכע ווייטאָגן און יסורים, אויסגעגאַנגען אין גרוב אין סאָמענישטשער וואַלד...

שולמאַנ׳ס עלטערער זון איז געגאַנגען, מיט נאָך עטלעכע יידישע יינגלאַך, צו זוכן שפּייז אויף צו דערהאלטן זייערע נשמות, איז ער פון שרעק און דערשעפונג געפאלן און געשטאָרבן...

שולמאַנ׳ס פרוי און די איבעריקע 4 קינדער זיינען איינציגווייז, איינע נאָך די אַנדערע, אויסגעגאַנגען אין גרוב פון בענדזע, קעלט, הונגער און פון איוב׳ס יסורים...

די פאַרבליבענע יידישע בחורים האבן שולמאנען מיט זיין פרוי און קינדער מקבר געווען אין סאָמענישטשער וואַלד... הי״ד!

---

# שמואל ארטשים בוים ע״ה

שמואל ב״ר אהרן בוים, אָדער „שמואל אַרטשיס“, האָט געשטאַמט פון אַן אַלטער משפחה אין דראָהיטשין. כל ימיו געווען אַ דרדקי מלמד. ביי אים אין חדר פלעגן די קינדער אַממיינסטן לערנען עברי און אָנהויב חומש. ר׳ שמואל איז געווען אַ מומחה אין זיין פאַך. ער האָט געקענט פירן אַ חדר און די קינדער פלעגן האָבן אַ פעולה.



ר׳ שמואל אַרטשיס (בוים), ע״ה

ר׳ שמואל איז געשטאָרבן י״ג תשרי, 1917, אין דראָהיטשין אין עלטער פון 85 יאָר.

ר׳ שמואל׳ס פרוי האָט געהייסן אסתר גיטל. זיי האָבן געהאַט זעקס קינדער: הערשל,ביילע, שיינע שרה, אהרן אשר, ישעיה און בריינע.

---

# אייזיק קאָלניק הי״ד

אייזיק קאלניק האָט געשטאמט פון ליבעשיי, ביי פינסק. אין דער ערשטער וועלט־מלחמה האט ער זיך באזעצט אין דראהיטשין און געהייראַט מרים איטקע, די טאכטער פון נאַכעס און יאָשפע בורשטיין.

נאָך דער מלחמה איז ער פאַר אַ צייט געווען אַ לערער אין דער שולע „מוריה“. שפּעטער האָט ער אויף זיין אייגענער האַנט אָנגעפירט מיט אַ חדר פאר אָנפאַנגערס אין חסידים־שטיבל, וואָס איז אָפיציעל געווען אָנגעשלאָסן אָן דער תלמוד־תורה.

קאלניק מיט זיין פרוי און טאכטער, פעשקע, זיינען אומגעקומען. הי״ד!

## בית ספר־עברי "מוריה" בדרוהיצין, תרצ"ז — 1937



אַ קלאַס פון שולע „מוריה" אין 1937. זיצן פון לינקס צו רעכטס: משה בעזדושעזסקי, מרים עפשטיין, לוי פעלדמאַן, מאַרישאַ זילבערשטיין, בצלאל וואָלפסאָן און רחל פרישקולניק. אַלע (אַחוץ זילבערשטיין) זיינען אומגעקומען. הי"ד!

# משה בעזדושעזסקי הי"ד

משה בעזדושעזסקי איז געבוירן 1893, בערך, אין דאָרף בעזדושיז ביי דראָהיטשין. ביז בר־מצוה האָט ער געלערנט אין פינסק, דאַן — אין אַ גימנאַזיע אין בריסק, און שפּעטער געענדיקט דעם ווילנער אינסטיטוט („יעווריעיסקי אוטשי־טעלסקי סעמינאַר"), וואָס האָט אים געגעבן דאָס רעכט צו זיין אַ גימנאַזיע־לערער אָדער ראַבינער.

וואָלט משה געווען אַן אַגרעסיווער און אַמביציעזער מענטש, וואָלט ער מיט זיינע קוואַליפיקאַציעס געקענט מאַכן אַ גוטע קאַריערע אין לעבן. ער איז עס אָבער נישט געווען. להיפּוך, ער איז געווען שוין צופיל באַשיידן און צוריקגעהאַלטן און האָט זיך אין זיין לעבן אַ סאַך געקוועלט.

נאָך זיין הייראַט מיט חנה זבאַר, די טאָכטער פון שמחה לאַסינצער, האָט זיך משה באַזעצט אין דראָהיטשין, ווו ער האָט זיך פאַרנומען מיט לערעריי; האָט געגעבן פּריוואַטע „אוראָקן", געווען אַ קורצע צייט אַ לערער אין „יבנה"־שולע א.א.וו. ביז עס איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה.

אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע איז משה געווען דער פאַרוואַלטער פון דער יידישער שולע, וועלכע איז געוואָרן אויסגעהאַלטן פון דער דייטשער קאָמענדאַטורע.

פון 1922 ביז צו דער צווייטער וועלט־מלחמה איז משה געווען לערער אין דער שולע „מוריה" און האָט קוים געמאַכט אַ לעבן.

אידייאיש איז משה געווען אַ רעוויזיאָניסט. דאָס זעלבע האָבן זיינע צוויי זין, אברהם און יצחק, אָנגעהערט צום „ביתר" אין דראָהיטשין. אברהם (אבראשע) געפינט זיך היינט אין ארץ ישראל.

משה און חנה און זייערע קינדער, יצחק און נחמה, זיינען אומגעקומען. הי"ד!

# חיים בצלאל וואָלפסאָן הי״ד

בצלאל וואָלפסאָן האָט געשטאַמט פון פינסק און גערופן האָט מען אים טאַקע „דער פינסקער לערער״. וואָלפסאָן איז אָנגעקומען קיין דראָהיטשין נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה און האט אויסגענומען אין שטעטל.

וואָלפסאָן איז געווען אַ יידישער מענטש, ער האָט געקענט לערנען און אָפט אַריינגעקוקט אין אַ גמרא. ער איז געגאַנגען פּאַמעלעך, גערעדט שטיל און געקענט איינעמען די עלטערן. (ער האָט שטענדיק געהאַט אַ מעמד). פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ער אָנגעפירט אַליין מיט אַ קלאַס. ער האָט געלערנט מיט אַ מאָדערנער מעטאָדע אָבער אין יידישן גייסט.

פון זינט די שולע „מוריה״ האָט זיך אויסגעבויט איז וואלפסאן דארט געווען פון די הויפּט־לערער ביז דעם ביטערן סוף...

כל ימיו איז וואָלפסאָן געווען אַ וואַרעמער ציוניסט; אַ גרויס־ציוניסט. ער האט געוואלט גאנץ ארץ ישראל אין אירע היסטאָרישע גרעניצן, אָט ווי ג־ט האָט פאַרשפּראכן צו אברהם׳ען. וואָלפסאָן איז געווען זשאַבאָטינסקי׳ס אַ גרויסער פאַרערער... און אין דעם דאזיקן גייסט האט ער באווירקט אויף זיינע תלמידים און אויף פיל יוגנטלעכע פון שטעטל...

וואָלפסאָן מיט זיין פרוי רחל און בת יחידה אַלטע, זיינען אומגעקומען. הי״ד! (זע זיין בילד אויף זייט 65).

# לוי פעלדמאן הי״ד

לוי פעלדמאן איז אָנהויב די דרייסיקער יאָרן אָנגעקומען קיין דראהיטשין אלס אַ לערער אין דער שולע „מוריה״. לוי איז געווען יונג און קלוג און האט זיך אויסגעטויגט אויף זיין געביט. ער האָט געקענט פאַררעדן די קליינווארג פון זיין קלאַס ווי אויך פירן געשפּרעכן מיט עלטערע... און האָט געוווינט אויף בײדע פראַנטן...

מיט דער צייט האָט לוי געהייראַט מיט רישען, די טאָכטער פון חיים זיסל און פראַדל עפּשטיין פון דראָהיטשין. און נאָכדעם איז ער געוואָרן „קעראָווניק״, אָנפירער פון דער שולע מוריה. פאַר לוי׳ן איז געווען „פּרינציפּאַל״ פון „מוריה״ ד״ר גאָלדשטיין און אַנדערע. אָבער לוי איז געווען דער לעצטער אָנפירער פון דער לעצטער שולע אין דראָהיטשין...

לוי מיט רישען און זייער טאכטער זיינען אומגעקומען. הי״ד!

# שיינקע פעלדמאַן ע״ה

שיינקע פעלדמאן איז געבוירן 1907 אין הויף סמולניק (ביי דראָהיטשין) צו אירע עלטערן מאיר יודל און חיה פעלדמאַן. זי האָט געלערנט ביי צבי שוואַרץ, משה הערשהאָרן, וועלוול פאליאק א. א. אין די יאָרן 1922־25 האָט שיינקע גענומען קורסן אין דער פּרעבליסטקע־שולע אין וואַרשע און האָט אויסגעשטודירט אויף לערערין. פון 1926 האָט שיינקע פּראַקטיצירט אַלס לערערין אין דער שולע „מוריה״ אין דראָהיטשין ביז 1934, ווען זי איז אַוועקגעפאָרן קיין ארץ־ישראל. אויך דאָרט האָט זי אָנגעפירט מיט אַ קלאַס.

שיינקע איז געשטאָרבן אסרו חג פסח 1945, אין ישראל.



שיינקע פעלדמאַן מיט איר קלאַס פון דער שולע „מוריה״.

# עטל גאָלדבערג ע״ה

עטל גאָלדבערג, אָדער סטעלאַ בלאַק, ווי זי האָט זיך גערופן נאָך איר הייראַט, איז געבוירן 1898, בערך, אין דראָהיטשין צו איר פאָטער יוסף ניסל גאָלדבערג. זי איז געווען אַ שטילע, באַחנ׳טע מיידל און זיך גוט געלערנט אין קלאַס.



עטל גאָלדבערג, ע״ה

נאָך גאָר יונג האָט זי אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע און זיך אויפגעהאַלטן ביי איר אַ שוועסטער אין אינדיאַנאַפּאָליס. ווו זי האָט בייטאָג געאַרבעט אין אַ „שאַפּ" פון היט און אין די אָוונטן שטודירט די ענגלישע שפּראַך און וועלטלעכע בילדונג. אין קורצן נאָכדעם האָט זי שוין פּראַקטיצירט אַלס לערערין אין אַ שולע.

אין יאָר 1924 האָט עטל דערפילט אַ דראַנג צו דיכטן. וועגן דעם שרייבט דער דיכטער ז. בונין, וועלכער איז געווען פאַרהייראַט צו עטל׳ס אַ שוועסטערן־טאָכטער, אַזוי:

„ווען עטל האָט זיך דערוווּסט אַז איך שרייב לידער, איז זי שטאַרק באַווירקט געוואָרן פון מיין שרייבן. כאָטש זי האָט יידיש ניט צו גוט געקענט, האָט זי אָנגעהויבן שרייבן און לייענען יידיש מיט אַזאַ ברען, אַז גאָר אין אַ קורצער צייט בין איך קעגן איר היבטערשטעליק געבליבן. שוין מיט אירע ערשטע לידער איז זי אַנערקענט געוואָרן אַלס גאָר אַ פיינע דיכטערין. עטל האָט זיך געדרוקט אין פאַרשידענע פעריאָדישע אויסגאַבעס. אין דער פרויען־אַנטאַלאָגיע, וואָס איז אַרויס אין שיקאַגע אין 1928, געפינט זיך אויף זייט 287 אירס אַ ליד".

עטל׳ס מאַן, לואיס בלאַק, וועלכער האָט דעם טיטל פון דאָקטאָר פילאָזאָפיע, איז געווען דער הויפּט פון „לייבאָר־סטאַטיסטיקע" פון דעם שטאַט קאַליפאָרניע. אין די מלחמה־יאָרן האָט ער פאַרנומען אַ הויכן אַמט ביי דער פעדעראַלער רעגירונג. איז אויך געווען אַ לעקטאָר אין דעם אוניווערזיטעט דאָרט.

די לעצטע יאָרן האָט עטל געליטן פון אַ שווערער מחלה. זי איז געשטאָרבן אין 1947 אין סאַן־פראַנציסקאָ.

---

## איבער מיין שווייגן

איבער מיין שווייגן —
הענגען שעה׳ן שווער און שטום,
ציען וועגן וויסט און קרום,
ווילן מיינע שעה׳ן, מיינע טעג,
איבער וועגן וויסטע מער ניט גיין,
בלייבן זיי אין נאַכט פאַרכאַפּטע —
איבער מיין צוקאָפּנס שטיין . . .

איבער מיין שווייגן —
וואַרטן בלינד צעשראָקענע,
מיט שטומען נאַכטיקן געדולד,
מיינע שעה׳ן, מיינע טעג,
ביז איך וועל פאַר זיי, די שווערע,
אויסשווייגן אַ נייעם וועג.

„וואַרהייט".

## שאָטנס

אין גאַסן און אויף וועגן,
האָבן שאָטנס זיך געשפּרייט,
שוין געלעגן —
ווי שעה׳ן אויסגעלעבטע, פינצטערע.
נאָר דער ווינט האָט ווייט אין מיט-טאָג
זיך מיט פרימאָרגן נאָך געפרייט,
און די זון, האָט דורך די שאָטנס,
רגע׳דיקע ליכטיקייטן נאָך געזייט . . .
אָבער דו מיין האַרץ!
אויף וועמענס פאַרשטילטע בלויע פליגלען
ס׳ליגט פאַרלאָשן מיין פרימאָרגן חלום,
דו, פאַרשאַרפט פון וואַרטונגען און גאַרן;—
דיר איז שווער נאָך מיט-טאָג —
מיט פרימאָרגן נאַרן.
דו ווייסט אַז אָט די רגע׳ס איילן זיך אין שפּאַרן—
אין נאַכט אַריין . . .

„וואַרהייט".

---

# זאַוול אַווערבוך ע״ה

**זאַוול** אַווערבוך, עלטסטער זון פון מעשל און חוה אַווער־בוך, איז געבוירן אין דראָהיטשין, האָט געלערנט אין ישיבה און שפּעטער געגאַנגען אין אוניווערזיטעט.

זאַוול האָט דורכגעמאַכט זייער אַ שטורעמדיקן לעבן. זיינע גוטע כשרונות און באַזונדערס זיין ברויזנדער טעמפּע־ראַמענט און רעוואָ־לוציאָנערע נאַטור, האָבן אים נישט גע־לאָזט צו זיין אָפּגע־שלאָסן אין ענגע ד׳ אמות פון זיין אייגן וועלטל. נאָך אַלס ישיבה־בחור האָט ער אַנטדעקט אין זיך אַ זעלטענעם רעדנער־טאַלאַנט און ער לאָזט זיך איבער שטעט און שטעטלעך צו האַלטן רעדעס איבער פאַר־שיידענע יידישע פּראָבלעמען.


זאַוול אַווערבוך, ע״ה

גלייך נאָכדעם איז זאַוול געוואָרן אַריינגעצויגן אין די רעוואָלוציאָנערע קרייזן פון צאַרישן רוסלאַנד און געקעמפט קעגן צאַרישן דעספּאָטיזם. אין דראָהיטשין איז זאַוול געווען פון די הויפּט־גרינדער פון „ס.־ס.״ (ציונ.־סאָצ.). זאַוול, צו־זאַמען מיט יעקב סידאַראָוו, האָבן געבילדעט און געלערנט דער אַרבעטער־יוגנט פון שטעטל. זיי האָבן פאַר דער יוגנט געגרינדעט אַ ביבליאָטעק, אָוונט קורסן, געגעבן טעאַטער־פאַרשטעלונגען א. א. וו. זאַוול איז אויך אַרומגעפאָרן איבער שטעט און שטעטלעך און געהאַלטן רעוואָלוציאָנערע רעדעס. גאַנץ באַזונדערס האָט ער געשטורעמט קעגן די צאַרישע פּאָ־גראָמען אויף יידן. נאָכן קעשעניעווער פּאָגראָם, האָט זאַוול, אין דער אָנוועזנהייט פון דער צאַרישער פּאָליציי, געהאַלטן פייערדיקע רעדעס אין דראָהיטשין אויפן מאַרק און אין בית־מדרש קעגן דעם צאַרישן רעזשים. שפּעטער איז זאַוול גע־ווען אַ דעלעגאַט אויף דעם קיעווער צוזאַמענפאָר, ווו ס׳איז באַהאַנדלט געוואָרן דאָס יידישע עמיגראַציע פּראָבלעם.

אין פּאָלאָצק (וויטעבסקער גובערניע), איז זאַוול געווען פון די אָנפירער פון יידישן זעלבסטשוץ. ער איז דאָרט גע־וואָרן פאַרוואונדעט אין אַ פוס און געמוזט פאָרן צו קורירן זיך אין לאָזאַן, שווייצאַריע.

נאָכדעם פּרובירט זאַוול זיין מזל אין פאַבריקאַציע אין ביאַליסטאָק. עס איז אים אָבער נישט געגאַנגען. נאָכן פאַר־לירן זיין געלט, איז ער פון דאָרט אַוועק.

נאָך דער חתונה מיט זיין פרוי פון פּאָלאָצק, האָט זאַוול געעפנט אַ גימנאַזיע אין סעמיאַטיץ. אָבער דאָרט האָט ער אויך זיך ניט געהאַלטן לאַנג. ער פאָרט אַוועק קיין וואַרשע און הויבט אָן שרייבן פעליעטאָנען אין דער יידישער פּרעסע. אין 1914 איז זאַוול דער באַגלייטער פון שלום עליכם׳ען אויף זיינע רייזע פאָרלעזונגען. דער גרויסער יידישער שריפט־שטעלער, שלום עליכם, האָט פון זאַוולען שטאַרק געהאַלטן.

די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט זאַוול דורכגעמאַכט אין רוסלאַנד. גענוי וואָס עס איז געשען מיט אים, ווייס מען נישט. מען דערציילט, אַז זאַוול איז געווען אַ קאָמאַנדיר פון א רעוואָלוציאָנערן רוסישן אָטריאַד אין אַסטראַכאַן און די רוסישע ווייס־גוואַרדייצעס האָבן אים דער־שאָסן אין 1918, און איז געקומען צו קבורה אין אַסטראַכאַן.

זאַוול האָט איבערגעלאָזט אַ פרוי מיט דריי קינדער, צוויי טעכטער זיינע פאַרנעמען זיך היינט אין רוסלאַנד מיט זשור־נאַליסטיק. זיין זון האָט געהאַט די ראַנגע פון קאַפּיטאַן אין דער אַרמיי. איז היינט מסתמא נאָך העכער. (זע ז. 188, 211).

# באַשקע בערעזאָווסקי הי״ד

**באַשקע** בערעזאָווסקי, טאָכטער פון ר׳ שמעון און לאַצע ווייסמאַן, איז געבוירן 1887 אין דראָהיטשין. געווען פאַרהייראַט צו יוסף בערעזאָווסקי, פון יאַנאָווע. ביידע געווען קולטורעלע מענטשן. אַלע יאָרן געלעבט אין דראָהי־טשין און גענומען אַן אַקטיוון אַנטייל אין קולטורעלן און גע־זעלשאַפטלעכן לעבן דאָרט.


באַשקע בערעזאָווסקי, הי״ד!

יאַנואַר 1937 איז באַשע געקומען קיין שיקאַגאָ, געזוימט דאָ ביז יולי 1939, און איז צוריקגעפאָרן קיין ווילנע, ווו זי האָט חתונה געהאַט צום צווייטן מאָל.

באַשקע איז אומגעקומען אין ווילנער געטאָ, הי״ד!

באַשקעס ערשטער מאַן, יוסף, איז געשטאָרבן עטלעכע יאָר פאַר דער מלחמה אין דראָהיטשין.

# מנחם אַוועַרבוך הי״ד

**מנחם** אַוועַרבוך, יינגסטער זון פון מעשל און חוה אַוועַרבוך, איז געבוירן 1896 אין דראָהיטשין. ער האָט געלערנט אין חדר, שפּעטער געענדיקט אַ רוסישע גימנאַזיע אין ווארשע און געווען אין 1914 אַ סטודענט פון דער קאָנסערוואַטאָריע אין פּאָלטאַווע.

אידייאיש איז מנחם געווען אַ יידישיסט, האָט געהאַט סאָציאַליסטישע נייגונגען און פאַרקערט צווישן עמך. ער האָט קיינמאָל נישט חתונה געהאַט און צוגעהאָלפן צוביסלעך זיינע עלטערן אין געשעפט. מנחם האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין שכל הישר, חתוך־הדבור און שפּראַכן־קענטעניש, און שטאָט האָט אים אָפט אויסגענוצט אַלס איר שתדלן לגבי דער אויסערלעכער מאַכט.

אין 1919 האָבן די פּאָליאַקן אַרעסטירט אשר שוואַרצבאַרדן און אים אַוועקגעשיקט קיין קאָברין. אין יענער שרעקלעכער צייט, ווען יעדער ייד איז ביי די פּאָליאַקן געשטאַנען אונטערן חשד פון קאָמוניזם, האָט אשר פּשוט געשפּילט מיט זיין לעבן... האָט קהל געשיקט מנחמען קיין קאָברין און ער, מנחם, האָט נאָך גרויסער מסירת־נפש אויסגעפּועלט אשר׳ס באַפרייאונג.

מנחם איז זיינע גאַנצע יאָרן געווען פאַרבונדן מיטן „פאַרבאַנד פון יידישער קאָאָפּעראַטיווער געזעלשאַפט" אין פּוילן, און פלעגט אַרומפאָרן אַלס רעוויזאָר צו רעווידירן די קאָאָפּעראַטיווע שפּאָר־און ליי־קאַסעס אין פיל שטעט אין לאַנד. אַלס אַזעלכער איז ער אויך געווען פּאַרוואַלטונגס־מיטגליד פון דראָהיטשינער פאָלקס־באַנק.

מנחם האָט זיך אויך אָפּגעגעבן מיט שרייבן. ער האָט געדיכטעט לידער, מיטגעאַרבעט אין „פּינסקער שטימע" און געשריבן קאָרעספּאָנדענציעס אין וואַרשעווער „מאָמענט". איז אויך געווען אַן אַקטיווער זאַמלער פון פאָלקלאָר פאַרן „יִיוואָ" אין ווילנע.

אין 1941, ווען די רוסן האָבן פאַרנומען זיין פאַמיליע אויף אַוועקצושיקן קיין רוסלאַנד, האָט מנחם זיך אויסבאַהאַלטן אין לעמבערג. שפּעטער, ווען די דייטשן האָבן פאַרנומען דראָהיטשין, איז ער צוריקגעקומען אין שטעטל און מיטגעאַרבעט מיטן יידישן קאָמיטעט (זע: „יזכור אָפּטיילונג").

גענוי וואָס מיט מנחמ׳ען איז געשען, ווייסן מיר נישט. לויט ווי מען דערציילט, איז מנחמ׳ען געלונגען ארויסצורייסן זיך פון דראָהיטשינער געטאָ און אָנצוקומען קיין לעמבערג, ווו ער איז דורך די דייטשע רוצחים דער׳הרג׳עט געוואָרן.

באַדויערט זיין ברודער אברהם: „מנחם, וועלכער האָט געהאַט אַזויפיל גוטע פריינט און באקאַנטע צווישן דער קריסטלעכער באַפעלקערונג און האָט אויך געהאַט ביי זיך גאָלד און ווערטפולע זאַכן, האָט נישט געקענט געפינען קיין מקום־מקלט און קיין רעטונג פון טויט". הי״ד!

(זע זייטן 78, 187 און 211).

# משה סאַפּאָזשניק ע״ה

**משה** סאַפּאָזשניק, זון פון טאָדרעס, איז געבוירן 1897 אין דראָהיטשין. נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ער געענדיקט די רוסישע גימנאַזיע אין ווארשע און אָנגעקומען אין אוניווערזיטעט אויף דעם מעדיצינישן פאַקולטעט. אין קורצן נאָכדעם איז אויסגעבראָכן די מלחמה (1914) און משה איז געוואָרן אַ סטודענט אין דער מוזיקאַלישער שולע אין פּאָלטאַווע און אַזוי אַרום איז ער פאַרבליבן אינדערהיים...



משה סאַפּאָזשניק, ע״ה

אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע איז משה געווען דער הויפּט פון ראַיאָן־שפּיטאָל אין דראָהיטשין און האָט אַנטייל גענומען אין געזעלשאַפטלעכן לעבן פון שטעטל. ער האָט געקעמפט פאַרן יידישן כבוד, מאָראַל און זיטלעכקייט און אויסגעלאַכט די לייכטזיניקע יידישע טעכטער וואָס האָבן זיך געחנ׳דלט צו די דייטשן. פאַר דעם איז ער שיער נישט פאַרשיקט געוואָרן דורך די דייטשן אין טורמע, נאָר אַ דאַנק דעם הויפּט־דאָקטאָר פון שפּיטאָל, האָט ער אויסגעמיטן די שטראָף.

אין מערץ 1917, ווען די דייטשן האָבן פאַרנומען אוקראַינע, טרעט משה אריין אין אָדעסער אוניווערזיטעט און זעצט פאָר זיין שטודיום.

מיטן אויסברוך פון אָקטאָבער רעוואָלוציע (1917), האָט זיך משה אָנגעשלאָסן אָן די רעוואָלוציאָנערע חילות און געוואָרן באַשטימט אַלס קאָמאַנדיר פון כערסאָנער גאַרניזאָן. משה מיט זיינע אָפּטיילונגען האָבן געקעמפט קעגן די שוואַרץ־מאה׳ניקעס: די וורַאַנגעלצעס, העטמאַנצעס, סקאָראָפּאַדסקיס א. א. וועלכע האָבן פאַרגאָסן טייכן מיט יידיש בלוט! אין דער גרויסער שלאַכט אַרום סעוואַסטאָפּאָל, סוף 1920, איז משה געפאַלן טויט און געוואָרן באַערדיקט מיט גרויסן מיליטערישן כבוד אלס א פאָלקס־העלד אויף דעם שענסטן בולוואַר אין סעוואַסטאָפּאָל...

גאַנצע 16 יאָר האָט יונה געהאַלטן דעם סוד פון זיין ברודער משה׳ס טויט און נישט אויסגעזאָגט צו זיינע עלטערן.

# צפורה ראַבין

**צפורה** ראַבין, אָדער מרים ציפּע, ווי מען האָט איר אַלס קינד גערופן, איז געבוירן אין דראָהיטשין. איר פאָטער האָט געהייסן ר' שמאי האַקמאַן. איר מוטער איז געווען די טאָכ־טער פון ר' הערשל זעליג דעם בראַשע־וויטשער, וועלכער איז אויף די עלטערע יאָרן אַוועקגעפאָרן קיין ארץ ישראל.



צפורה ראַבין

אין יאָר 1901 האָט צפורה מיט איר מאַן אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע, ווו איר פאָטער איז שוין גע־ווען פון אַ לייַנגערער צייט, און האָבן זיך באַזעצט אין נויאָרק. דאָ אין אַמעריקע האָט צפורה זיך גע־נומען צום שרייבן, און אין 1944 האָט זי דעביוטירט מיט אַ בוך לידער א.נ. „אַ וועלט פאַר זיך". זינט דאַן האָט זי גע־דרוקט לידער און קאָרעספּאָנדענציעס אין פאַרשיידענע צייט־שריפטן. אין 1951 האָט צפורה אָפּגעדרוקט אַ ביכל „דאָס אייגן לאַנד"—„יום העצמאות", ווו זי שילדערט אירע איבער־לעבונגען אין ארץ ישראל אין משך פון די יאָרן 1947־1949.

צפורה ראַבין איז אַ שטאַרקע פאַרערערין פון אַרבעטנדן ציוניזם. זי האָט דריי מאָל באַזוכט ארץ ישראל. איצט לעבט זי דאָרט בקביעות. (די רעדאַקציע).

**

מיין זיידע ר' הערשל זעליג, מיין מוטערס פאָטער, ע"ה, איז כל ימיו געווען אַ ישובניק אין בראַשעוויטש, לעבן דראָ־היטשין. ווען ער איז געוואָרן רייך, דאָס איז געווען בערך מיט 95 יאָר צוריק, האָט ער אָנגעהויבן טיילן צדקה. ער האָט מפרנס געווען אַ סך אָרעמע לייט פון דראָהיטשין. ער פלעגט פון דאָרף אַריינשיקן גאַנצע פורן מיט זעק קאַרטאָפל, מעל, קרויט, בוריקעס, אוגערקעס און גרינסן פאַר די נצרכים פון שטאָט. ווער רעדט נאָך, אַז עס איז געקומען פאַר פסח, האָבן שוין די אָרעמעלייט געוווּסט אַז ר' הערשל זעליג וועט זיי שוין מיט גאָט'ס הילף באַזאָרגן אויף יום־טוב מיט לייטן צוגלייך.

ר' הערשל זעליג האָט אויך געהאָלפן בויען דעם אַלטן בית מדרש מיט אַ 95 יאָר צוריק. איך האָב געהערט, דער אַלטער רב, ר' מנחם ז"ל, פלעגט דערציילן, אַז ווען נישט דער בראַשעוויטשער ישובניק, וואָלט דער אַלטער בית־מדרש נישט געווען.

מיט עטלעכע יאָר שפּעטער איז ר' הערשל זעליג אַוועק־געפאָרן קיין ארץ ישראל. ווען עס איז אָנגעקומען די טרויע־ריקע בשורה, אַז ר' הערשל זעליג איז געשטאָרבן אין ירו־שלים, האָבן די מתפללים פון אַלטן בית־מדרש געלערנט משניות און געזאָגט קדיש פאַר זיין נשמה וועגן. פאַר אַ סך יאָרן האָט מען אין אַלטן בית־מדרש אָפּגעהיט דעם יאָרצייט פון ר' הערשל זעליג, ע"ה.

איך בין שוין לאַנג אַוועק פון דראָהיטשין, אָבער די ביל־דער פון שטעטל לעבן נאָך פאַר מיינע אויגן. אָט זע איך דעם גאַס בית־מדרש, ווו עס האָט זיך געפונען די תלמוד תורה, וואָס די אַלטע רביצין האָט אויסגעהאַלטן, און ר' מענדל משה איסר'ס האָט דאָרט געלערנט מיט די קינדער גמרא. מיר האָבן דאַן געוווינט ביי רבקה שעפּסל'ס אין קרעטשמע, וואָס האָט זיך געגרענעצט מיטן גאַס־בית־מדרש, פלעג איך זען, ווי די חדר־יינגלאך פון בית־מדרש פלעגן קומען צולויפן צום ברונעם, אויפן הויף, אָנצוטרינקען זיך מיט קאַלטן, פרישן וואַסער.

איך זע די אַלטע חזנ'טע, וואָס האָט געוווינט אַנטקעגן איבער דעם בית־מדרש, ברענגען אין פאַרטוך פון איר גאָרטן אוגערקעס, מערעלאך און קאַטשאַנעס פאַר די תלמוד־תורה קינדער. די פרומע חזנטע האָט דאָס געהאַלטן פאַר אַ גרויסע מצוה צו דערקוויקן די קינדער מיט אַביסל גרינס און אויך מזכה זיין די קינדער מיט אַ ברכה...

איך געדענק ווי אַלס קליין מיידל פלעגט מיר די מאַמע שיקן איינצוקויפן פאַרן שטוב און דוקא צו מאַטיע לייב'ן אין קראָם, ווו ער פלעגט פאַרקויפן פאַר אַ קאָפּיקע סיראָפּ, אַ הערינג פאַר פיר גראָשן א. א. וו.

אגב, האָב איך געהאַט די געלעגנהייט אין 1934 צו באַ־זוכן מאַטיע לייב'ן (ר' מרדכי לייב קאַמינעצקי) אין ירו־שלים, ווו ער האָט געלעבט מיט זיין פרוי פויגל אין אַ קליין שטיבעלע אויף שערי צדק גאַס. געטראָפן האָב איך מאַטיע לייב'ן, דעם בן תשעים, זיצנדיק ביי אַ גמרא. אויך זיינע קינדער זיינען בני־תורה.

עס שטייט נאָך אויך פאַר מיינע אויגן ר' מענדל'ס פאָ־טער, ר' משה איסר, וועלכער האָט זיך באַרימט, אַז ער לערנט שוין מיטן דריטן דור. ר' משה איסר איז געווען דער רבי פון מיין זיידן, דערנאָך האָט ער געלערנט מיט מיין פאָטער שמאי און צום לעצט איז ער אויך געווען דער רבי פון מיין ברודער.

איך געדענק גוט ר' משה וועלוועלען, דעם גמרא מלמד, וואָס האָט געהאַט זיין שטיבעלע אין דער געסל גייענדיק צו סטאַראָסיליע, און אויך שמואל אַרטשיס דעם מלמד, וועלכער האָט געהאַט זיין חדר אויפן שול־הויף לעם בנימין משה שוחט.

זאָלן מיינע דאָזיקע ווערטער דינען אַלס אַ מצבה פאַר אונדזער צעשטערטער היים־שטעטל . . . צפורה ראַבין.

# טודרוס ליב מילנער

**טודרוס** ליב מילנער, געבוירן אין דראָהיטשין, איז דער עלטסטער זון פון משה מענדל און גאָלדע הינדע מילנער. פון זיין פאָטערס צד שטאַמט ער אָפּ פון דער משפחה פון באַרימטן מקובל און גאון ר׳ דודל יפה, זצ״ל.


טודרוס ליב מילנער

זיין ערשטן חינוך האָט ער באַקומען אין די חדרים און ביי די מלמדים אין שטעטל. שפּעטער האָט ער געלערנט אין די ישיבות אין יאַנאָווע און פּרוזשענע. האָט אויך געלערנט אין פּינסק און אין בריסק ווו ער האָט געענדיקט אַ ציין־טעכנישע שולע. צו דער זעלבער צייט האָט ער דאָרט פּראַקטיצירט אַלס לערער.

נאָכדעם האָט מילנער געגרינדעט און אָנגעפירט אַ פּריוואַטע שולע פאַר מיידלעך און יינגלעך אין דראָהיטשין. גלייכצייטיק געווען דאָרט אַקטיוו אין די ציוניסטישע קרייזן, באַזונדערס אין דער ציוניסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי.

אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע, איז מילנער געווען פאַר אַ צייט אַ מיטגליד פון דער יידישער פאָלקס־מיליץ; דערנאָך — פאַרוואַלטער פון שפּיטאָל פאַר טיפוס־קראַנקע אונטער דער אויפזיכט פון שמעון דעם רופא און דייטשן קרייז־ארצט; און שפּעטער — מיטגליד פון לערער־פּערסאָנאַל פון דער יידישער פאָלקס־שולע, וועלכע איז געוואָרן סובסידירט פון דער דייטשער קאָמענדאַטור.

אין 1920 האָט מילנער עמיגרירט פון דראָהיטשין און איז אָנגעקומען (אין אויגוסט) קיין שיקאַגאָ, ווו ער איז גלייך אויפגענומען געוואָרן אַלס לערער אין דער י. ל. פּרץ פאָלקשולע (3322 דאָגלאַס בולוואַר); שפּעטער געווען לערער אין דער יבנה תלמוד־תורה און אין דער דאָגלאַס פּאַרק אַרבעטער רינג שולע.

אין 1922 האָט מילנער אָנגעהויבן אַרבעטן אַלס דער פּאַרטרעטער פון „טאָג" אין שיקאַגאָ, ווי אויך פאַר׳ן „קונדס". אין 1930 איז ער אַריבער צום „מאָרגן־זשורנאַל" און „אַמעריקאַנער", זייענדיק זייער פּאַרטרעטער פאַר שיקאַגאָ און מידל־וועסט ביז 1953.

זינט אָנהויב 1953 איז מילנער דער פאַרוואַלטער פון דער שיקאַגער אָפּטיילונג פון דער פּאַראייניקטער צייטונג „טאָג־מאָרגען־זשורנאַל" און פון וואָכנבלאַט „אַמעריקאַנער".

ט. ל. מילנער, וועלכער איז אַ פּייאַקער זשורנאַליסט און וועמענס איבערזיכטן און באַריכטן איבערן שיקאַגער יידישן לעבן ווערן געדרוקט רעגולער יעדע וואָך אין די דערמאָנטע צייטונגען שוין אין משך פון עטלעכע צענדליק יאָר, איז גוט באַקאַנט דעם יידישן לייענער אין אַמעריקע ווי אויך מעבר־לים.

אין פאַרלויף פון די אַלע יאָרן וואָס מילנער איז אין אַמעריקע, איז ער אַ מיטגליד פון יידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד און באַטייליקט זיך אין אַלע ציוניסטישע, געזעלשאַפטלעכע און קולטורעלע יידיש־העברייאישע צוזאַמענקונפטן.

ט. ל. מילנער איז פאַרהייראַט צו אסתר אַלטמאַן (פון וויניפּעג, קאַנאַדע), וועלכע איז אַן אַקטיווע טוערין פון דער פרויען־פּיאָנערן אָרגאַניזאַציע אין שיקאַגאָ.

די מילנערס האָבן אַ בן־יחיד, שמעון נחמן, וועלכער איז אַ סטודענט פון כעמישן פּאַקולטעט אין שיקאַגער אוניווערזיטעט.

---

# ד״ר גאָלדשטיין הי״ד

**ד״ר גאָלדשטיין** האָט געשטאַמט פון גאַליציע. קיין דראָהיטשין איז ער געקומען אָנהויב די צוואַנציקער יאָרן. ער איז געווען דער ערשטער „קעראָווניק" פון דער שולע „מוריה", וועלכע האָט אונטער זיין אָנפירונג געהאַט גרויס דערפאָלג. ד״ר גאָלדשטיין איז געווען אַ מענטש מיט בילדונג און קולטור און האָט מיט זיין ריידן און האַלטונג שטאַרק אויסגענומען אין שטאָט.

ד״ר גאָלדשטיין איז געווען דער גרינדער און אָנפירער פון דעם בית״ר אין דראָהיטשין און אַ שטאַרקער פּראָפּאַגאַנדיסט פון זשאַבאָטינסקי׳ס אידייען.

אָנהויב די דרייסיקער יאָרן, בערך, האָט ד״ר גאָלדשטיין פאַרלאָזט דראָהיטשין און מער האָבן מיר פון אים נישט געהערט. ער מיט זיין פאַמיליע האָבן מסתמא געטיילט דעם זעלבן גורל וואָס אַלע קדושים. הי״ד!

זע זיינע בילדער אויף זייטן 44 און 90.

# ישראל ברוך אייזענשטיין

ישראל ברוך אייזענשטיין איז געבוירן 15טן יולי, 1882, אין דראָהיטשין. זיין פאָטער, ר׳ דוד, אַ שוהל־ייד, איז פיר מאָל געפאָרן קיין אַמעריקע און צוריקגעקומען קיין דראָהיטשין, ווו ער איז ט״ז כסלו, תרצ״ח, 1938, געשטאָרבן. זיין מוטער, חיה־גיטל, אַן אשה צנועה, ע״ה (געשטאָרבן כ״ו תמוז,



ישראל ברוך און אסתר אייזענשטיין

תר״ץ, 1930), האָט אָפּגעשטאַמט פון דער משפחה פון דעם מקובל ר׳ דוד׳ל יפה, זצ״ל.

ביז 13 יאָר האָט ישראל ברוך געלערנט ביי מלמדים און ביי לערער אין שטעטל. אַחוץ די למודי־קודש און העברעאיש, האָט ער אויך פּלייסיק שטודירט די רוסישע שפּראַך. נאָכדעם לערנט ער אין דער פּינסקער ישיבה. פון פּינסק פאָרט ער לערנען צו ר׳ זלמן סענדער׳ן קיין מאַלטש, צו לעצט קומט ער אָן אין מירער ישיבה, ווו ראש ישיבה איז געווען ר׳ אליהו ברוך קאַמאַי, ז״ל. אין מירער ישיבה האָט ער געלערנט ביז 1898, נאָכדעם לערנט ער אין בית־מדרש אין דראָהיטשין און צוגלייכער צייט גיט ער לעקציעס אין העברעאיש, שאַפנדיק זיך אַ שטיקל מעמד פון פרנסה.

נאָך דעם אויפקום פון הערצל׳ס פּאָליטישן ציוניזם, ווערט ר׳ ישראל ברוך אַריינגעצויגן אין דער ציוניסטישער באַוועגונג. ער גרינדעט, צוזאַמען מיט אַנדערע, אַ משכילים־ציוניסטישע יוגנט־גרופּע, וועלכע פאַרנעמט זיך מיט פאַרקויפן קרן־קימת מאַרקעס און אַקציעס פון דער „ציוניסטישער קאָלאָניאַל־באַנק״. גלייכצייטיק פירן זיי אַן מיט קורסן, ווו עס ווערט געלערנט תנ״ך, העברעאיש, געשיכטע א.א.וו.

צו 23 יאָר האָט ישראל־ברוך חתונה מיט דער גראַטענער פריידל (אַן אייניקל פון יצחק קראַוועץ, ע״ה). מיט דער הילף פון זיין פרוי, וועלכע איז געווען אַ גוטע העברעאיסטן, עפנט ער אַ חדר און מאַכט לערעריי פאַר זיין פּראָפעסיע.

אין דעצעמבער 1912, אימיגרירט ישראל־ברוך קיין אַמעריקע. ער באַזעצט זיך אין שיקאַגאָ, ווו ער פירט אָן מיט אַ העברעאישער שולע. זיין געדאַנק איז געווען צו מאַכן אַ ביסל געלט און צוריקפאָרן קיין דראָהיטשין. בינו לבינו איז אין 1914 אויסגעבראָכן די וועלט־מלחמה און ישראל ברוך איז געוואָרן אָפּגעשניטן פון זיין פאַמיליע.

גלייך נאָך דער מלחמה מאַכט ישראל ברוך די גרעסטע אָנשטרענגונגען אויף צו ראַטעווען זיין פרוי און קינדער. אָבער ביז וואַנען די הילף איז געקומען איז זיין פרוי, פריידל, אַוועקגעפאַלן אויף פלעק־טיפוס און אַ פּאָר טעג פאַר שבועות, 1919, געשטאָרבן, איבערלאָזנדיק צוויי קליינע יינגלאַך.

צוליב די נאָכווייענישן פון דער צערודערטער צייט, וואָס האָט שווער געמאַכט דאָס שיקן געלט און הילף צו די ליידנדע אין דראָהיטשין, האָט ישראל ברוך באַווירקט אויף זיין ברודער ר׳ אליהו אייזענשטיין, ע״ה, פון שיקאַגע, ער זאָל אונטערנעמען אַ רייזע קיין דראָהיטשין צו באַקענען זיך מיט דעם מצב פון די היימישע אין שטעטל. אויף ישראל־ברוך׳ס פאַרלאַנג איז פאַררופן געוואָרן אַן אויסערגעווערנטלעכע פאַרזאַמלונג פון דראָהיטשינער אין שיקאַגע און עס איז אויפן אָרט געזאַמלט געוואָרן די סומע פון פינף טויזנט דאָלאַר פאַר די מלחמה־געליטענע אין דראָהיטשין. אליהו אייזענשטיין איז ווירקלעך געווען דער שליח וואָס האָט דאָס געלט אַוועקגעפירט אין שטעטל. צוריקקומענדיק האָט ער צווישן אַנדערע אויך מיטגעבראַכט ישראל ברוך׳ס צוויי קליינע קינדער קיין שיקאַגע.

ישראל ברוך געפינט (1920) אַן עזר אין זיין לעבן און אַ מוטער צו זיינע קינדער אין זיין צווייטער פרוי, אסתר (אַ קוזינע פון זיין ערשטער פרוי), מיט וועלכער ער האָט געהאַט צוויי קינדער. ער גייט אַריין אין קליידער־מסחר און מאַכט אַ פיין לעבן. מיט 12 יאָר שפּעטער איז ער געצוווּנגען, צוליב זיין געזונט־צושטאַנד, אויפצוגעבן זיין געשעפט און זיך אַריבערציען קיין פיניקס (אַריזאָנאַ). אָפּזייענדיק דאָרט 7 יאָר קומט ער צוריק קיין שיקאַגע. אָבער זיינע אַסטמאַ־ליידן האָבן זיך נישט פאַרקלענערט. די גרויסע זאָרגן וועגן זיינע דריי זין, אַמעריקאַנער סאָלדאַטן, וועלכע האָבן זיך געפונען אויף די שלאַכט־פעלדער, און באַזונדערס, דער טויט פון זיין יינגסטן זון, אַ לויטענאַנט אין דער לופט־מאַכט, האָט נאָך מער צעשטערט זיין געזונט און ער האָט געמוזט זיך צוריקציען פון זיין פאַרצווייגטער קהל׳שער טעטיקייט. זינט 1948 וווינט ער מיט זיין פרוי אין מיאַמי־ביטש, פלאָרידע.

ר׳ ישראל ברוך איז באַוווּסט מיט זיין עסקנות לטובת הכלל. אַזוי איז ער געווען סעקרעטאַר (אַכט יאָר) פון בית אברהם שול; מיטגליד און גרויסער שטיצער פון „אנשי דראָהיטשין״ שול, בית־מדרש לתורה, ועד־החנוך, „פּאַראָקיאַל־סקול״ אין שיקאַגע; מיטגרינדער און ערשטער גבאי פון דער

„כנסת־ישראל״־שול אין מיאַמי־ביטש, ווי אויך מיטגליד פון דער „באָרד אָוו עדיוקיישאָן״ דאָרט, א.א.וו.

ישראל ברוך איז געווען פון די מיטגרינדער און אָנפירער פון דראָהיטשינער רעליף־פאַנד אין שיקאַגאָ, וואָס האָט אַרויסגעשיקט גרויסע סומעס געלט קיין דראָהיטשין פאַר נצרכים; געזאַמלט געלט אָפּצובויען די פאַרברענטע בתי־מדרשים אין שטעטל; אונטער זיין ווירקונג האָט דער נדבן ר׳ יצחק אבגדור טעלעכאַנסקי (שיקאַגאָ), מנדב געווען 2,000 דאָלאַר אויף אויפצובויען א תלמוד־תורה אין דראָהיטשין; האָט צוזאַמען מיט אַנדערע צונויפגעזאַמלט די סומע פון 3,000 דאָלאַר פאַר אַ גמילות־חסדים אין דראָהיטשין א.א.וו.

די „שיקאַגער צייטשריפט״ פון אַפּריל 1951, שרייבט וועגן ר׳ ישראל ברוך׳ן דאָס פאָלגנדיקע:

„ר׳ ישראל ברוך אייזענשטיין, ווי פיל מענטשן קענען אים, איז א ייד א בן־תורה, אַן אָפּגעהיטענער אין מצוות מעשיות און א גרויסער בעל מדות. ער איז אַן אמת׳ער מזג־טוב און מענטשן־פריינט. ווען ער איז געווען געזונט, איז ער שטענדיק געלאָפן, געהאָלפן און געשטיצט נויט־באַדערפטיקע מיט וואָס ער האָט נאָר געקאָנט. מענטשן דערציילן, אַז ישראל ברוך האָט זיי געטאָן טובות און זיי האָבן נישט געוווּסט פון וואַנען עס קומט. דער בעסטער באַווייז פון זיין מענטשלעכקייט און ערלעכקייט איז, וואָס אַחוץ צו פרעמדע, איז ער אויך איבער־געגעבן און העלפט מיט ראַט און טאַט אייגענע קרובים... און וואָס פאַר א כבוד קען מען האָבן פון אייגענע... ישראל ברוך׳ס איבערגעבנקייט פאַר דעם געפאַלענעם און נצרך קוועלט פון זיין גוטער האַרץ און פון דעם יידישן דין, וואָס זאָגט, אַז העלפן בני־עיר און אייגענע קרובים איז אַזאַ גרויסע מצווה ווי העלפן פרעמדע און נאָך אפשר גרעסער . . . ישראל ברוך קען דינען פאַר א מוסטער פאַר פיל אנדערע כלל־טוער...״

**

אסתר אייזענשטיין, די פרוי פון ישראל ברוך אייזענשטיין, איז געבוירן אין דראָהיטשין און באַקומען אַ נאַציאָנאַל־רעליגיעזע דערציאונג. זי האָט שטודירט די העברעאישע שפראַך און ליטעראַטור און איז באַהאַוונט אין תנ״ך.

גלייך ביי איר אָנקומען קיין שיקאַגע טוט נאָך אסתר דעם ביישפיל פון איר מאַן, ישראל ברוך, און זי וואַרפט זיך אַריין בלב ונפש אין דער קהל׳שער אַרבעט. זי אַרבעט פיל פאַר דער קהלת־יעקב תלמוד־תורה; איז שטאַרק טעטיק אין דער „פּאַראָקיעל סקול״; טראָגט הילף צו דעם בית מדרש לתורה, איז אַ מיטגלידערין פון „חברה מקרא״ שוהל א.א.וו. אין 1948 טראָגט אסתר איבער איר טעטיקייט קיין מיאַמי־ביטש, אין פלאָרידע, ווו זי מיט איר מאַן זיינען תושבים. אין 1949 ווערט זי אויסגעוויילט אלס פרעזידענטין פון דער „סיסטער־הוד״ פון כנסת ישראל און אין 1950 ווערט זי צום צווייטן מאָל דערוויילט צו דעם זעלבן אַמט. זי איז אויך אַ פירנדיקע פיגור אין דער מזרחי־אָרגאַניזאַציע, אין דער העברעאישער אַקאַ־דעמיע, אין פּיאָנערן־קלוב נומער 2. באַלאַנגט אויך צו הדסה, מושב־זקנים און יידישן שפּיטאָל.

# אהרן קריוויצקי

אהרן קריוויצקי, באַוווּסט אַלס „דער לעכעוויטשער לע־רער״, איז געבוירן אין מאָטעלע. זיין פאָטער, שמערל יונה, האָט אים געלאָזט דערציען אין חדר און אין ישיבה. גאַנץ באַצייטנס הויבט אָן אהרן ארומצוקוקן זיך וועגן א תכלית אין לעבן. דאָס ער־שטע און בעסטע וואָס ער קען טאָן, איז צו געפינען ערגעץ אַ קנעלונג. פאַר א לענגערע צייט האָט ער פּראַקטיצירט אלס לערער אין סאַר־ני, דאַמבראָוויץ און בערעזשניץ, וואָלינער געגנט.



אהרן קריוויצקי

נאָך זיין חתונה אין 1907 מיט יצחק לעכעוויטשערס טאָכ־טער, קוניע, האָט אהרן זיך באַזעצט אין דראָהיטשין און באַ־מיט זיך צו שאַפן אַ מעמד ביי לערעריי. אַלס ניי־געקומענער האָט ער פון אָנהויב געהאַט דורכצומאַכן זייער אַ סאַך מכשולים. לסוף איז אים פאַרט געלונגען צו עפנ׳ען אַ חדר־מתוקן און ער איז אַזוי אָנגעגאַנגען ביז דעם אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה.

די יאָרן פון דער מלחמה האָט אהרן מיט זיין פאַמיליע דורכגעלעבט אין לעכעוויטשער הויף, ווו ער האָט זיך פאַר־נומען מיט ערד־אַרבעט.

אין יאָר 1920, ווען אין דראָהיטשינער געגנט האָבן געבושעוועט די באַלאַכאָוועצעס, האָט אהרן און זיין פרוי דורכ־געלעבט זייער אַ שרעקלעכע צייט. אַ גוי האָט זיי פאַר׳מסר׳ט פאַר די באַלאַכאָוועצעס אלס קאָמוניסטן און די מחבלים האָבן זיי ארומגעזוכט. און מיט גרויסע נסים זיינען זיי געראַטע־וועט געוואָרן פון א זיכערן טויט...

נאָך דער שרעקלעכער איבערלעבונג האָבן די קריוויצ־קיס שוין מער נישט געוואָלט פאַרבלייבן אין דאָרף און האָבן זיך צוריק אריינגעצויגן קיין דראָהיטשין און דעם ערשטן אויגוסט, 1921, זיינען זיי אָנגעקומען קיין אמעריקע.

אהרן מיט זיין פרוי און 5 קינדער לעבן די גאַנצע צייט אין האַרטפאָרט, קאָנעטיקוט, ווו ער פירט אָן מיט א תלמוד־תורה.

# ישראל ברוך וואַרשאַווסקי

ישראל ברוך וואַרשאַווסקי איז געבוירן 1882 אין דראָהי־טשין. פון זיין פאָטערס צד, ר׳ ישעיה, ז״ל, איז ער דער פערטער דור־אָפּשטאָם אין אַ גלייכער ליניע פון דעם מקובל און גאון ר׳ דוד׳ל יפה, זצ״ל. זיין מוטער, גיטל, ע״ה, אַ גאָט־פאַכטיקע און כאַראַקטער־פרוי, איז געווען די עקרת־הבית.

ביז 13 יאָר האָט ישראל ברוך געלערנט אין חדר און בית־מדרש אין שטעטל. שפּעטער לערנט ער אין פּינסקער ישיבה. אין זומער 1897 פאָרט ער, צוזאַמען מיט אברהם אשר קראַוועץ, לערנען אין דער ווילנער ישיבה, וועלכע האָט זיך געפונען דאָרט אין דער קצב׳שער קלויז. האָט אויך געלערנט אַ זמן אין קאַרטוז־בערעזע אין בית־מדרש פאַר זיך. נאָכדעם לערנט ער, צוזאַמען מיט ישראל ברוך אייזענשטיינען, אַ לענגערע צייט אין אַ קיבוץ אין איוויע ביי ווילנע.

נאָך גאָר יונג איז ישראל ברוך צוליב דער מאַטעריעלער לאַגע געצוואונגען צו זוכן אַ תכלית אין לעבן און ער ווילט אויס פּעדאַגאָגיע פאַר זיין פּראָפעסיע. ער נעמט זיך דאַן מיט גרויס התמדה צו זעלבסט־בילדונג. ער שטודירט אַ סאַך תנ״ך, דקדוק, די העברעאישע שפּראַך און ליטעראַטור און איז אַ פליייסיקער לייענער פון „המליץ״ און „הצפירה״. גלייכצייטיק דערווערבט ער גרינדלעך, אין וואָרט און אין שריפט, די רוסישע שפּראַך, ווערט באַהאַוונט מיט די ליטע־ראַרישע שאַפונגען פון אַלע רוסישע קלאַסיקער און איז אַ שטענדיקער לייענער פון דער טעגלעכער רוסישער פּרעסע.

פאַר אַ צייט פּראַקטיצירט ער אין זיין פּראָפעסיע אַלס לע־רער פון זיין אייגענעם קלאַס אין דראָהיטשין. לערעריי באַ־פרידיקט אים אָבער נישט און ער גייט צוריק צו זיינע ביכער און שטודיום. דאָס מאָל שטודירט ער פאַרמאַציע, ער לערנט זיך צו זיין אַ פאַרמאַצעווט. זיינע גוטע כשרונות און שטאַרקע התמדה ברעכן אַדורך אַלע מכשולים און דערגרייכט זיין ציל. אין קורצן נאָכדעם אַרבעט ער שוין אַלס פאַרמאַ־ציסט אין אַן אַפּטייק אין קאָברין.

נאָך זיין חתונה אין 1913 מיט חיה ליבען פון פּרוזשענע (אַן אייניקל פון יצחק קראַוועץ פון דראָהיטשין), — איז ישראל ברוך דער אייגנטימער און פאַרמאַציסט פון זיין אייגענעם „אַפּטעקאַרסקען־מאַגאַזין״ (אַפּטייק) אין דווין ביי קאָברין. שפּעטער פירט ער אַריבער זיין אַפּטייק פון דווין קיין דראָ־היטשין (אין שמשון גאָלדמאַן׳ס מויער) און געווען אויפן וועג פון זיין דערגרייכטן לעבנס־ציל. האָט זיך אָבער אָנגעכאַפּט די וועלט־מלחמה און פון זיין גאַנצער פּראַצע און האָרעוואַניע איז געוואָרן (1915) אַ באַרג אַש...

אין פאַרלויף פון די מלחמה־יאָרן און נאָכדעם האָט ער זיך שטאַרק געפּלאָגט (זע וועגן דעם אין זיינע זכרונות דאָ, אין בוך, זייט 79), ביז עס איז אים געלונגען נאָך פיל שווערי־קייטן צו דערשלאָגן זיך אין 1923 קיין אַמעריקע. פאַר אַ צייט האָט ער זיך אויפגעהאַלטן ביי זיינע ברידער אליה און יהושע אין שיקאַגאָ (די זעלבע האָבן אים אויך געשיקט אויף הוצאות־הדרך), ביז ער האָט אָנגעהויבן צו פאַרדינען צוביסלאַך ביי לערעריי אין שיקאַגאָ. געווען אויך אַ לערער אין סט. פּאָול (מינעסאָטאַ), ראָק איילאַנד (איליניאָי) און וואַדאָוויל. לסוף האָט ער זיך איינגעאָרדנט אין ניו־יאָרק. אין 1930 ברענגט ער אריבער זיין פרוי און קינדער פון דראָהיטשין קיין ניו־יאָרק, ווו ער איז זינט דאַן אָנגעשטעלט אין אַ שול, פירט אַן מיט אַ תלמוד־תורה, איז אויך אַ זעלטענער ימים־נוראים׳דיקער בעל־תפילה א.א.וו.

ישראל ברוך האָט נאָך פון זיין פריסטער יוגנט אָנגעהערט צו דער „חיבת־ציון״־באַוועגונג און איז געווען פון די גרינ־דער פון „מזרחי״ אין דראָהיטשין. ער איז אויך געווען אַ טעטיקער חבר פון „מזרחי״ אין אַמעריקע. האָט געזאַמלט פאַר די ציוניסטישע קרנות און האָט פיל מיטגעהאָלפן צום בנין־הארץ.

ישראל ברוך איז אויך פייאיק מיט דער פעדער, וועלכער ער נוצט גאַנץ אָפט. ער באַזיצט אַ פיינעם סטיל און אַ לי־טעראַרישן חוש.

די וואַרשאַווסקי׳ס האָבן איין זון מיט צוויי טעכטער: ישעיה (האָט זיך אויסגעצייכנט אַלס אַמעריקאַנער סאָלדאַט אויפן פראָנט אין פּאַציפיק. האָט געקעמפט אין דער ארץ־ישראל אַרמיי קעגן די אַראַבער; איצט איז ער „מפקד־אזורי״, פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער שמירה פון „רמת רזיאל״ אין ארץ־ישראל); חנה מרגלית (געענדיקטע גימנאַזיסטקע, באַזיצט גוט יידיש, העברעאיש, פויליש, ענגליש און פראַנצויזיש, געפינט זיך מיט איר מאַן חיים און קינדער אין לואיסוויל, קענטאַקי) און פרידע (געענדיקט אויף לערערין, האָט אַ רע־גירונגס־שטעלע אין ניו־יאָרק).

---

# הערשל בוים הי״ד

הערשל בוים, אַ זון פון שמואל אַרטשיס, אַ דראָהיטשינער מבטן ומלדה, האָט זיך זיינע גאַנצע יאָרן באַשעפטיקט מיט מלמדות. זיין חדר איז שוין געווען אַביסל מאָדערנע. אַ חוץ חומש, רש״י און סוואַרבע, האָט ער אויך געלערנט די קינ־דער פון אַ „כרעסטאָמאַטיע״ לייענען און שרייבן העברעאיש. ער האָט געגאָלטן פאַר אַ גוטן מלמד.

הערשל מיט זיין פרוי און קינדער (אַ חוץ צוויי טעכטער: רחל לאזי אין ניו־יאָרק און אהובה בעכער אין ארץ ישראל), זיינען אומגעקומען. הי״ד!

# יוסף וואַסערמאַן

**יוסף** וואַסערמאַן געבוירן 1896 צו זיינע עלטערן ר' יעקב דער שוחט און חיה אין אָבלע ביי פּינסק. האָט געלערנט אין חדר אין שטעטל, שפּעטער (1908) אין קאַרלינער (פּינסק) תלמוד־תורה און אין יאַנאָווע ביי מאַטקע מלמד. אין 1911 קומט ער אָן אין מירער ישיבה. נאָכדעם לערנט ער 3 יאָר אין נאָוואָראַדאָק, ביי ר' יוזלען, זצ"ל. שפּעטער געלערנט 1 יאָר אין לידער קיבוץ, וואָס איז געווען אָנגע־פירט פון מייטשעטער עלוי און הה"ג ראַבי־נאָוויטש (אַן איידעם פון ראש ישיבה הרב ריינעס). ער האָט אויך געלערנט (אין די מלחמה ־ יאָרן) אין סלאָנים פאַר זיך.

אין 1917 איז יוסף געקומען קיין דראָהי־טשין און פאַר אַ צייט פאַרנומען זיך מיט לע־רעריי. אין 1920 האָט ער געהייראַט סוליען, די טאָכטער פון שמעון און לאַצע וויסמאַן. סוף 1921 האָבן די וויסמאַנ'ס אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע און זיך באַזעצט אין שיקאַגע, וואו יוסף האָט פּראַקטיצירט אַלס לערער (1922) אין תפארת־ציון תלמוד־תורה; שפּעטער (25־1923) אין דראָ־היטשינער תלמוד־תורה. פון 1926 איז ער אין געשעפט.

יוסף וואַסערמאַן אַלס ציוניסט, איז אַ שטאַרקער פאַרערער פון זאב זשאַבאָטינסקיס אידייען. ער האָט פיל געשטיצט דעם „ארגון" אין זיין קאַמף פאַר ארץ ישראל, און שטייט נאָך היינט נאָענט צו די „חרות"־קרייזן דאָ און אין ארץ ישראל.

יוסף'ס פרוי, סוליע, איז אַ טעטיקע מיטגלידערין פון דער פרויען־פיאָנערן און פועלי־ציון אין שיקאַגע. די וואַסערמאַנס האָבן פיר קינדער: מרים, יעקב, שמעון און חיה.



זיצן פון רעכטס: יוסף וואַסערמאַן (מיט זיין קלאַס 1918 דראָהיטשין), פּאַליאַ און ווערטהיים (וואָלין).

# שמואל עפּעלבוים

**שמואל** עפּעלבוים איז געבוירן אין דראָהיטשין. נאָך אַלס קינד איז ער געוואָרן פאַריתומ'ט פון זיין פאָטער אהרן דוד (געווען אַ זון פון שמעון נאַהוריער) און מיט זיין דערציאונג האָט זיך פאַרנומען זיין מוטער, באַבל די סעלצערקע, וועלכע האָט געטראָגן דעם עול הפרנסה פאַר אירע זעקס קינדער.

שמואל האָט געלערנט אין חדר און ביי לערער אין שטעטל. דערנאָך האָט ער געענדיקט דעם העברייאישן לערער־סעמי־נאַר אין ווילנע און זיך געגומען צו לערעריי. אין משך פון יאָרן האָט ער פּראַקטיצירט אַלס לערער אין פאַרשידענע שטעטלעך אין פּוילן. די לעצטע יאָרן איז ער געווען אַ לע־רער אין דראָהיטשינער שולע „מוריה".

ווען די דייטשן האָבן געפירט אַ טייל יידן פון דראָהיטשי־נער געטאָ, און שמואל מיט זיין פאַמיליע בתוכם, צו דער שחיטה קיין בראַנע־גורא, איז שמואל אויפן וועג אַראָפּגע־שפּרונגען פון וואַגן און טראָץ די אָבלאַווע און שיסעריי פון די דייטשן, איז אים דאָך געלונגען צו נעלם ווערן אין וואַלד, וו ער האָט זיך אויסבאַהאַלטן אַ לענגערע צייט, ביז ער האָט זיך פאַראייניקט מיט די פּאַרטיזאַנער. לסוף האָט ער זיך אַנגעשלאָסן אָן דער רויטער אַרמיי און איז מיט איר אַריין קיין בערלין...

נאָך דער מלחמה האָט שמואל זיך געפונען אין אַ פּליטים־לאַגער אין מינכען, וו ער איז געווען מיטאַרבעטער און מיט־רעדאַקטאָר פון „דאָס וואָרט" און פון העברייאישן זשורנאַל „נצוץ". זינט 1937 לעבט ער אין ארץ ישראל.

שמואל'ס מוטער און שוועסטער זיינען אומגעקומען. הי"ד! (מער פּרטים זע זיינע אַרטיקלען אין „יזכור"־אָפּטיילונג).

# זלמן שעווינסקי

**זלמן** שעווינסקי איז געבוירן אין דראָהיטשין ביי א חסידישער פאַמיליע. זיין פאָטער, ר׳ נתום, אַ געבוירענער פון קאָברין, און מוטער, באָדיע, וועלכע שטאַמט אָפּ פון איר מוטער׳ס צד פון די וואַלעוועלסקי׳ס, פון די קאַצענעלבויגנ׳ס און פון ר׳ שאול וואל; און פון איר פאָטער׳ס צד — פון די שעדראָוויצקי׳ס, — האָבן געגעבן דעם יונגן זלמן אַן עכט יידישע דערציאונג. ער האָט געלערנט אין אַ חדר־מתוקן און פּריוואַט ביי די מלמדים און לערער ניידיטש, גדליה סאַקער, משה וועלוול שקאָלניק, ר׳ יוסף שחט, יעקב סידאָראָוו א. א. אַחוץ יידישע למודים האָט ער זיך אויך אָפּגעגעבן מיט אַלגעמיינער בילדונג, געלערנט די רוסישע שפּראַך און שטודירט יידישע און העברעאישע ליטעראַטור.


זלמן שעווינסקי

ווי די מערהייט פון דער יוגנט פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה איז זלמן שעווינסקי געווען אַ הייסער ציוניסט. ער פלעגט פאַרקויפן קרן־קימת מארקעס, אויסשטעלן קערות ערב־יום־כפור אין די שולן פאר ציוניסטישע צוועקן א.א.וו.

אין יאָר 1910 וואַנדערט אויס שעווינסקי קיין אַמעריקע. פאר א צייט האָט ער געלעבט אין בירמינגהעם (אלאבאמא); שפּעטער מאַכט ער זיין מקום־קבוע אין שיקאגע, ווו ער האָט חתונה (1916) מיט זיין באַשערטער, חיה סימקין, אַ געבוירענע פון זשלאָבין (רוסלאַנד).

דאָ אין אמעריקע זעצט שעווינסקי פאָר מיט חסידישן ברען און עקשנות זיין ציוניסטישע טעטיקייט. די ציוניסטישע ארבעט פילט ביי אים אויס זיינע טעג און נעכט. מיט געדולד און עקשנות טראָגט ער א ציגל נאָך אַ ציגל צום בנין־הארץ.

אין 1913 איז שעווינסקי סעקרעטאַר פון „התחיה" (אַ צווייג פון „ריטער פון ציון"); מיטגרינדער און סעקרעטאַר פון „נחום סאָקאָלאָוו קעמפּ" (ביים „אָרדער בני־ציון"); איינער פון די איניציאַטאָרן פון דעם ערשטן בלימל־טאָג פון קרן־קימת אין שיקאַגע; געווען אַקטיווער מיטגליד אין „שלום־עליכם־צווייג" פון „נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד" וכדומה.

א באזונדער קאַפּיטל פאר זיך איז שעווינסקי׳ס לייסטונגען אין דעם „דראָהיטשינער צווייג" ביי דעם „נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד", וועמענס מיטגרינדער ער איז געווען.

אלס לאַנג־יעריקער פינאַנץ־סעקרעטאַר פון „דראָהיטשינער צווייג", טוט ער דאָרט גוטע ארבעט. שעווינסקי איז אַ מענטש פון מעשים און תכלית. ער האָט ליב צו שלעפּן דעם יאָך. אַחוץ די קולטורעלע אַרבעט אַלס קולטור־פאָרזיצער, וואָס ער טוט אין צווייג, ווי ארויסגעבן סוּווענירבּיכלאך, א חודש־בולעטין א.נ. „ידיעות" וכדומה, טוט ער אויך די שווערע אַרבעט. ער אָרגאַניזירט יערלעכע „פּיקניק׳ס", שלעפּט אַליין די זעק מיט עסנוואַרג, טאָרגעוועט א.א.וו. כדי צו דערמעגלעכן דעם צווייג אָנצוגיין מיט זיין אַרבעט. דער אַרבעטער־ציוניזם האָט אין שעווינסקי׳ן אַ געטרייען און איבערגעגעבענעם פריינט.

שעווינסקי האָט אויך פאַרדינסטן פאַר דער יידישער דערציאונג. לעאָ האָנאָר, פּראָפעסאָר פון דערציאונג אין דראַפּסי הויך־שול, פילאַדעלפיע, שרייבט וועגן שעווינסקי׳ן אַזוי:

„זלמן שעווינסקי האָט אַרויסגעוויזן זיין טריישאַפט צו זיין פאָלק, צו דער העברעאישער שפּראַך און יידישער קולטור, מיט זיין טאָג־טעגלעכער אַרבעט, מיט זיין ענערגיע און צייט וואָס ער ווידמעט לטובת די דערמאָנטע אַספּעקטן, ווי אויך מיט זיינע ספּעציעלע אָנשטריינגונגען וואָס ער האָט געמאַכט צו דערמוטיקן די אַנטוויקלונג פון דער העברעאישער און יידישער ליטעראַטור. זיין אינטערעס פאַר דער יידישער דערציאונג האָט ער אַרויסגעוויזן דורך זיין טיפער באַזאָרגטקייט פאר די חינוך־אינסטיטוציעס, ווי אויך דורך הילף פאַר דער ׳באָרד אָוו דזשואיש עדיוקיישאָן׳ אין פאַרלויף פון יאָרן אין דער קאַפּאַציטעט אלס פרעזידענט פון ׳פריינט פון באָרד אָוו דזשואיש עדיוקיישאָן׳".

ש. איז א ליבהאָבער פון יידיש־העברעאישן בוך. פון יעדן ניי־דערשינענעם בעסערן בוך איז ער פון די ערשטע קונים. אין זיין ביבליאָטעק, וועלכע פאַרנעמט אַ גאַנצן צימער, קען מען געפינען אַ סך ביכער פון היסטאָרישן ווערט.

שעווינסקי איז אויך געווען פרעזידענט (פאר 10 יאָר) פון קאָברינער שוהל; פרעזידענט פון דראָהיטשינער „פּראָגרעסיוו־קלוב" און האָט זיך אויך פארנומען מיט רעליף־אַרבעט צו העלפן די נצרכים אין דראָהיטשין.

זלמן שעווינסקי איז געווען דער איניציאַטאָר פון דעם יזכור־בוך „דראָהיטשין". זינט אַ ריי פון יאָרן האָט ער געדולדיק געזאַמלט בילדער און מאַטעריאַל וועגן זיין היים־שטעטל דראָהיטשין, ביז ער האָט דערלעבט צו זען די פאַרווירקלעכונג פון זיין חלום.

אין יאָר 1949 האָט דער „דראָהיטשינער צווייג" איינגעאָרדנט אַ באַנקעט אין שעווינסקי׳ס כבוד וועגן פאַר זיין אַרבעט לטובת־הכלל.

די שעווינסקי׳ס האָבן דריי טעכטער און איין זון: פרומע־מינדל, אליהו לייב, בוניע און יהודית.

# גדליה קאַפּלאַן

**גדליה** קאַפּלאַן איז געבוירן אין 1895 אין דראָהיטשין צו זיינע עלטערן אהרן דוד און באָבע. זיין חינוך האָט ער באַקומען אין חדר, ביי ר׳ אליה מאַכלעס, מאיר דעם ליבער־קאַפּלאַן און ביי ר׳ מרדכי מינקאָוויטש׳ן. אַ שטיקל צייט האָט ער אויך געלערנט אין מאַלטשער ישיבה, ביז ער פאַלט אַרונטער אונטער דער השכלה־השפעה, הויבט אָן לייענען ביכער און נעמט זיך צו זעלבסט־בילדונג.

קאַפּלאַן ווערט דאַן אַריינגעצויגן אין געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, וועלכע ווערט אַ טייל פון זיין לעבן. ער העלפט אָרעמע מענטשן אין זייער נויט; העלפט גרינדן (נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה) אַ ביבליאָטעק אין דראָהיטשין און איז אין משך פון 5 יאָר ביבליאָטעקאַר און העלפט פאַרשפּרייטן קולטור צווישן דער יוגנט. פון דער צווייטער זייט גרינדעט ער אַ מין „תפארת בחורים" פון אָרעמע יידישע קינדער און לערנט מיט זיי אַלע שבת פּרק.

מיטן אויסברוך פון דער טיפוס־עפּידעמיע אין יאָר 1915 אַרבעט קאַפּלאַן אַלס פרייוויליקער סאַניטאַר אין דייטשן איזאָלאַציע־שפּיטאָל, וווּ ער האָט געהאָלפן צו ראַטעווען פיל דראָהיטשינער יידן פון טויט, ביז ער איז אַליין קראַנק געוואָרן אויף דער געפערלעכער מחלה.

נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה איז קאַפּלאַן שוין געווען אַ ציוניסט און האָט פאַרקויפט קרן־קימת־מאַרקעס אויף יידישע שמחות. מיט דער פאַרעפנטלעכונג פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע, פאַרשטאַרקט קאַפּלאַן זיין ציוניסטישע אַרבעט; ער זאַמלט פאַר די קרנות און פּריידיקט ציוניזם.

אַנהויב 1919 איז קאַפּלאַן מיליציאַנט און וויצע־סאָלטיס ביי דער פּוילישער מאַכט. אין זעלבן יאָר ווערן די פּאָליאַקן פאַרטריבן פון דראָהיטשין דורך די באָלשעוויקעס. קאַפּלאַן איז געצוווּנגען צוליב זיין מיטאַרבעט מיט די פּאָליאַקן צו אַנטלויפן פון דראָהיטשין און נאָך לאַנגע גלגולים געלינגט אים אָנצוקומען קיין אַמעריקע און באַזעצט זיך אין ניו־יאָרק.

דאָ אין אַמעריקע געפינט קאַפּלאַן אַ ברייט פעלד פאַר געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. ער שליסט זיך באַלד אָן אין „נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד" און העלפט בויען דעם אַרבעטנדיקן ציוניזם. פאַר די לעצטע 20 יאָר איז ער רעקאָרדינג־סעקרעטאַר פון צווייג 401 פון „נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד" און אַקטיווער טוער פון קרן־קימת.

אַלס סעקרעטאַר פון רעליף־פאָנד פון די דראָהיטשינער אין ניו יאָרק אין משך פון 15 יאָר, האָט קאַפּלאַן אַנטוויקלט אַ לעבהאַפטיקע טעטיקייט ביים העלפן די נויטליידנדע אין דראָהיטשין פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה און שפּעטער דער שארית הפליטה אין די קעמפּס אין דייטשלאַנד, מיט שיקן זיי געלט און שפּייז־פּעקלאַך. ער איז אויך געשטאַנען אין שטענדיקער קאָרעספּאָנדענץ מיט די געראַטעוועטע פון היטלער־גיהנום און זיי געטרייסט אין זייער אומגליק.

גדליה קאַפּלאַן האָט אויך אָפּגעדרוקט אַ 42 פּאָלקס לידער אין „אַמעריקאַנער" און שרייבט דאָרט פון צייט צו צייט עפּיזאָדן און טיפּן־בילדלאַך, זינט 1934.

אין 1952 איז קאַפּלאַן געווען אויף אַ באַזוך אין דער יידישער מדינה, וווּ ער איז געוואָרן אויפגענומען מיט כבוד פון די דראָהיטשינער לאַנדסלייט.

קאַפּלאַן האָט אויך געטריי געאַרבעט פאַרן בוך „דראָהיטשין" מיט זאַמלען בילדער, פאַקטן, ווי אויך געלט־מיטלען וואָס האָט פיל מיטגעהאָלפן צו׳ם אַרויסגעבן פון דעם בוך.

גדליה קאַפּלאַן איז פאַרהייראַט צו פּערל פּיאַסעצקי, אַ טאָכטער פון שמואל יודל דער סטאַרעסטע פון דראָהיטשין, און האָט איין זון, אהרן.


גדליה קאַפּלאַן (אויבן) און משה אהרן זאַרעצקי, אַ פּליט, 1948 אין מאָנטרעאַל


פאָטאָסטאַט פון גדליה קאַפּלאַנס אַ פּוילישן פּאַספּאָרט, 1918

# 2. דאקטוירים און רופאים

## שמעון ווייסמאַן ע״ה

**שמעון** בצלאל ווייסמאַן, אָדער „ר׳ שמעון דער רופא״, ווי מען האָט אים גערופן, איז געבוירן 1845 צו זיינע עלטערן שמואל און סוליע אין האָראָדעץ, און באַקומען אַ גרינטלעכע יידישע דערציאונג. ער האָט געלערנט אַ סך למודי־קודש, דאַרונטער גמרא, און האָט זיך אויך אָפּגעגעבן מיט



ר׳ שמעון דער רופא, ווייסמאַן, ע״ה

וועלטלעכע בילדונג. שפּעטער האָט ער שטודירט מעדיצין און געמאַכט די זעלבע אַלס זיין פּראָפעסיע.

צו 20 יאָר קומט ר׳ שמעון קיין דראָהיטשין און הויבט אָן צו פּראַקטיצירן אַלס רופא. אַלס אַ ביי־געקומענער אין שטעטל, האָט ער פון אָנהויב, נאַטירלעך, דורכגעמאַכט פאַרשיידענע שוועריקייטן. אָבער מיט דער צייט האָט ער געוואונען צוטרוי און גלויבן אין שטעטל און זיך איינגעשטעלט אַ פּראַקטיק.

הגם ר׳ שמעון איז נישט געווען קיין דיפּלאָמירטער דאָקטאָר, האָבן דאָך גרויסע דאָקטוירים זיך גערעכנט מיט זיינע קענטעניש און וויסן אין דער מעדיצין.

דראָהיטשינער יידן האָבן ר׳ שמעונען גענוצט נאָך מער ווי דעם אָפיציעלן שטעטלשן דאָקטאָר. ערשטנס, האָט ר׳ שמעון נישט אַרויסגעשטעלט קיין עקזעקוציע־טאָקסע פאַר זיינע וויזיטן. ער פלעגט זיך שטענדיק רעכענען מיט דער מאַטעריעלער לאַגע פון פּאַציענט אָדער חולה. צווייטנס, איז ר׳ שמעון געווען אַ באַרעדעוודיקער, ליבער מענטש און דערצו נאָך א בן־תורה, וואָס פלעגט נעמען צייט דורכצושמועסן זיך מיטן חולה און די בני־בית; האָט אויך ליב געהאַט אַריינצוואַרפן אין געשפּרעך אַ תורה־ווערטל, אַ שיינעם משל אָדער אַ וויץ, וועלכעס האָט אויפגעהייטערט די שטימונג אין הויז און באַווירקט צום בעסערן אויף דעם געזונט פון חולה.

ר׳ שמעון איז אויך געווען דער רופא פון די אַרומיקע שטעטלעך. אויך די קריסטלעכע באַפעלקערונג האָט געהאַט אין אים גלויבן און גענוצט זיינע מעדיצינישע עצות און קענטעניש.

אין די מלחמה־יאָרן 1916־1915, ווען עס האָט געבושעוועט די טיפוס עפּידעמיע, איז ר׳ שמעון געווען דער יעניקער, וואָס האָט אָפּגעראַטעוועט צענדליקער יידישע נפשות פון טויט.

אין יאָר 1919, ווען ס׳האָט פון דאָס־ניי אויסגעבראָכן די טיפוס־עפּידעמיע, וועלכע האָט הונדערטער מענטשן אַריינגעלייגט אין די בעטן, צווישן זיי מיין פאָטער, מוטער און ברודער, פלעגט ר׳ שמעון, געדענק איך, קומען יעדן טאָג צו אונדז אין הויז וויזיטן מיין משפּחה און האָט געטאָן אַלעס מעגלעכעס צו ראַטעווען זיי פון דער שרעקלעכער מחלה. אַז מען האָט אים געפרעגט: „ר׳ שמעון, מען דאַרף דאָך אייך באַצאָלן״ האָט ער געענטפערט: „זאָלן די חולאים פריער ווערן געזונט, וועלן מיר דאַן זען...״

ווי געזאָגט, איז ר׳ שמעון געווען אַ בן־תורה און אַן אָפּגעהיטער ייד. ער האָט געהאַט זיין אָרט אויבנאָן אין אלטן בית־מדרש, ווו ער פלעגט אין די שבתים און אָפט אויך אינדערוואָכן, ווען די צייט האָט אים דערלויבט, זיצן פאַרטיפט איבער אַ גמרא און צוזינגען אַ האַרציקן ניגונדל בעתן לערנען. ווען ער האָט נישט געקענט גיין אין שול, פלעגט ער לערנען אין הויז.

ווי לאַנג איז דאָס געווען? אָט ווי איצט, דאַכט זיך, זעען מיר אים ווי ער גייט אין גאַס מיט געמאָסטענע טריט, אַ פאַרטראַכטער; שטענדיק פיין אַרומגעזען ארום זיך, ציכטיק, איידל און שטיל; נאָר דער קלאַפּ פון זיין שטעקן אין טראָ־

טואַר פלעגט דערמאָנען אַז דאָ גייט ר׳ שמעון דער רופא, אַ יידישער אַריסטאָקראַט...

אָבער ס׳איז שוין אַ היבש ביסל יאָרן, אַז ר׳ שמעון איז נישטאָ. ער איז געשטאָרבן אין נאָוועמבער 1927. גאַנצע 62 יאָר האָט ער געדינט דראָהיטשין אַלס רופא. תנצב״ה.

**

לאַצע ביילע וויסמאַן, פרוי פון ר׳ שמעון וויסמאַן, איז געבוירן 1864 אין דראָהיטשין. איר פאָטער, ר׳ מענדל משה איסר׳ס, האָט איר געגעבן אַן עכט־יידישע טראַדי־



לאַצע ביילע, ע״ה

ציאָנעלע דערציאונג. אין זעלבן גייסט האָט זי אויך משפיע געווען אויף אירע קינדער און סביבה.

לאַצע איז געווען אַ שטאָלצע, פרומע, יידישע טאָכטער און געפירט אַ שיינע יידישע הויז. איר וואָרט איז געווען מאַסגעבנד פאַר פרעמדע ווי ביי אייגענע און געווען רע־ספעקטירט ביי אַלעמען.

לאַצע ביילע איז געשטאָרבן 1931 אין דראָהיטשין.

די וויסמאַנ׳ס האָבן געהאַט די פאָלגנדע קינדער: אברהם יוסף (געשטאָרבן אין שיקאַגאָ), נפתלי (אומגעקומען אין בריסק), יהושע (לעבט אין שיקאַגאָ), שמואל (געשטאָרבן אין שיקאַגאָ), דינה, אַ דענטיסטקע (געשטאָרבן אין שיקאַגאָ), יהודית (געשטאָרבן אין דראָהיטשין), רבקה מינקאָוו (לעבט אין ניו־יאָרק), פערל (לעבט אין ניו־יאָרק), באַשקע (אומגע־קומען אין ווילנע), מרדכי, סולע, ציפּע מרים (לעבן אין שיקאַגאָ), עזרא (געשטאָרבן אין שיקאַגאָ) און שרה (לעבט אין ארץ ישראל). ציפּע סידראַנסקי איז טעטיק אין פרויען־פאַראַנען אָרגאַניזאַציע און פועלי־ציון אין שיקאַגאָ.

# ד״ר מרדכי וויסמאַן

ד״ר מרדכי וויסמאַן איז געבוירן דעם 11טן מערץ, 1887, אין דראָהיטשין צו זיין פאָטער ר׳ שמעון דעם רופא און מו־טער לאַצע. ער האָט געלערנט אין חדר און ביי די מלמדים: ר׳ שמואל ארטשיס, נפתלי שטיינבערג, משה וועלוול שקאָל־ניק און ביי זיין זיידן ר׳ מענדל משה איסר׳ס קאַמינעצקי. האָט אויך שטודירט אַלגעמיינע לימודים, באַזונדערס די רוסי־שע שפּראַך.



ד״ר מרדכי וויסמאַן

צו 14 יאָר פאָרט ער לערנען אין מאַל־טשער ישיבה (2 יאָר), נאָכדעם לערנט ער 2 יאָר אין סלאָבאָדקער ישיבה, ביי ר׳ חיים מישאַדאַ א.א.וו.

דעם 13טן יולי, 1906, האָט וויסמאַן אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע און זיך באַזעצט אין שיקאַגאָ. ווי אַלע נייע אימיגראַנטן האָט ער ביי־טאָג געאַרבעט, פריער אין אַ „שאָפּ״ און שפּעטער אַלס העב־רעאישער לערער אין ווינטשעסטער שול, און אין די אָוונטן געגאַנגען אין „סקול״ און שטודירט אַלגעמיינע העכערע לי־מודים, צוגרייטנדיק זיך צום אוניווערזיטעט.

אין 1912 קומט ער אָן אין „שיקאַגער קאָלעדזש אָוו סוירדזשערי״ (שפּעטער געוואָרן פאַראייניקט מיט לאַיאָלע אוניווערזיטעט), וואו ער שטודירט מעדיצין. נאָכ׳ן באַקומען, אין 1917, זיין דיסערטאַציע אויף דאָקטאָר, אַרבעט ער פאַר אַ צייט אין פאַרשידענע שפּיטאָלן, און אין 1920 עפנט ער זיין אייגענעם אָפיס און הויבט אָן פּראַקטיצירן אַלס ספּעציאַ־ליסט פון האַרץ־קראַנקהייטן. די לעצטע יאָרן איז ד״ר וויס־מאַן פאַרבונדן מיט דעם טובערקולאָזן סענאַטאַריום אין שי־קאַגאָ, וואו ער איז אָנגעשטעלט אַלס ספּעציאַליסט אויף זיין געביט.

פּאַראַלעל מיט זיין שטודיום איז דר. וויסמאַן אויך גע־ווען טעטיק געזעלשאַפטלעך. נאָך אַלס יינגל איז ער געוואָרן אַריינגעצויגן אין רעוואָלוציאָנערן שטראָם, וואָס האָט זיך אין יענע יאָרן געטראָגן איבער רוסלאַנד. ער איז געווען פון די גרינדער און אָנפירער פון „בונד״ אין דראָהיטשין און גע־קעמפט פאַר די אינטערעסן פון אַרבעטער קלאַס. אין שיקאַגאָ איז ער זינט 1920, אַ מיטגליד פון „י. ל. פּרץ־שאַפּיראָ־**צווייג״ (6) פון נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד, אַ טעטיקער**

מיטגליד פון „דאָקטוירים-פאַרבאַנד" און שרייבט אָפט אין מעדיצינישע זשורנאַלן.

דר. מרדכי ווייסמאַנ'ס פרוי בעסיע (פון דער היים קראַ־סעוויצקי), מיט וועלכער ער איז פאַרהיראַט זינט 1917, איז אַ באַוואוסטע אָנפירערין און געוו. פרעזידענטין פון דער „פרויען-פיאָנערן" אָרגאַניזאַציע.

די ווייסמאַנס האָבן איין טאָכטער, יהודית, וועלכע לעבט מיט איר מאַן היו דאָגלאַס, אַ באַקאַנטער ראַדיאָ „אַנאַנסער" און „קאָמענטאַטאָר" אין לאָס אַנדזשעלעס.

# נפתלי ווייסמאַן הי"ד

נפתלי ווייסמאַן, אַ זון פון ר' שמעון ווייסמאַן, איז געבוירן אין דראָהיטשין. אין דער הנהגה און איינשטעלונג אין לעבן, איז ר' נפתלי געווען אַ קאָפּיע פון זיין פאָטער, ר' שמעון דער רופא. אַזוי ווי זיין פאָטער איז ר' נפתלי געווען אַ בן־תורה, אן אָפּגעהיטענער ייד, און האָט געמאַכט זיין פּרנסה פון היילן קראַנקע.

אין משך פון פיל יאָרן, איז ר' נפתלי געווען דער רופא פון האָראָדעץ, ווו ער האָט זיך אַריינגעצויגן נאָך דעם טויט פון זיין זיידן, ר' בנימין, וועלכער איז געווען דאָרט רופא כל ימיו. ר' נפתלי איז געווען שטאַרק באַליבט און אָנגעזען אין האָראָדעץ, ווו ער האָט געפירט א שטאָט פון א רעליגיעזן ערלעכן ייד: איז געווען א שטענדיקער מתפלל אין שול, געלערנט אַ בלאַט גמרא און האָט קורירט אָרעמע יידן גאַנץ אומזיסט און האָט נאָך צייטנווייז צוגעגעבן רפואות בחינם.

צוליב דער קאָנקורענץ פון די גויישע פעלדשער, וועלכע האָבן צוגענומען אַלע קריסטלעכע פּאַציענטן, און מחמת די יידישע באַפעלקערונג איז געווען קליין אין צאָל, האָט ר' נפתלי פון זיין פּראָפעסיע אַלס רופא נישט געקענט מאַכן קיין לעבן. איז ער, מיט דער שטיצע פון זיין פאָטער, געפאָרן קיין וואַרשע און האָט זיך צוריק גענומען צו זיין שטודיום. מיט אַ צייט שפּעטער איז ר' נפתלי צוריקגעקומען קיין האָראָדעץ אַלס דענטיסט. האָט ער שוין פּראַקטיצירט אי אלס רופא און אי אלס דענטיסט.

ר' נפתלי האָט נאָך אַלץ ניט געהאַט קיין חיונה, איז ער ווידער צוריקגעגאַנגען צו זיינע ביכער. נאָך אַ לענגערער צייט פון שטודירן אין וואַרשע, איז ר' נפתלי צוריקגעקומען קיין האָראָדעץ אלס אויגן־דאָקטאָר. זיין פּרנסה האָט זיך נאָך אַלץ נישט פאַרבעסערט. צום אַלעמען איז אים נאָך אָפּגעשטאָרבן זיין פרוי דינה און ער איז געבליבן מיט עטלעכע קליינע קינדער אויף די הענט אין אַ פאַרצווייפלטער לאַגע.

בלית ברירה האָט ר' נפתלי פאַרלאָזט האָראָדעץ און זיך באַזעצט אין קאָברין, ווו ער האָט זיך געשאַפן אַ שיינע רענאָמע ביי דער קאָברינער יידישער באַפעלקערונג.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה ציט זיך ר' נפתלי אַריבער קיין בריסק, ווו ער האָט פּראַקטיצירט בלויז אַלס אויגן־דאָקטאָר און געקראָגן אַ גוטן נאָמען אַלס אַזעלכער.



ר' נפתלי ווייסמאַן, הי"ד

אין בריסק האָט ער געפירט זיין רוטינע יידישע הנהגה. ער לערנט פיל, פירט תורה־שמועסן מיט זיינע באַקאַנטע רבנים און איז זאָגאַר מחבר אַ דרוש־ספר, אַ סאָרט ענציקלאָפּעדיע פון די חז"ל־דרוש, וואָס זיינען צעשפּרייט אין תלמוד, מדרש און זוהר.

ר' נפתלי איז געווען אַ מוסטער פּערזאָן, וואָס האָט באַזעסן תורה, חכמה און מדות טובות.

ליידער איז ער, צוזאַמען מיט זיין משפחה, אומגעקומען אין בריסקער געטאָ. הי"ד...!

פּרטים פון בוך „האָראָדעץ".

# ד״ר גערשוני ע״ה

ד״ר גערשוני, דער שטעטלדיקער דאָקטאָר, איז אָנגעקומען קיין דראָהיטשין אין 1900, בערך. ער האָט אויסגעשטודירט אויף דאָקטאָר־מעדיצין אין דעם אָדעסער אוניווערזיטעט און האָט אויך דאָרט געהייראַט זיין פרוי, וועלכע איז געווען אַן אקושער־דאָקטאָר.

וועגן ד״ר גערשוניס אָפּשטאַם האָבן מיר נישט קיין שום קאָנטראָלירטע ידיעות. מען זאָגט אַז ער איז געווען אַ קאָזין פון דעם בריסקער רב, דעם גאון ר׳ חיים סאָלאָווייטשיק, זצ״ל. זייענדיק מיר זיך משער אַז גערשוני האָט מסתמא געשטאַמט פון בריסק.

ד״ר גערשוני, וועלכער האָט געהאַט אַ שם פאַר אַ גוטן מעדיצינער, איז געווען אַ פּאָלקסטימלעכער מענטש, האָט גערעדט גוט יידיש און ליב געהאַט צו פאַרברענגען צווישן קיביצער . . .

ד״ר גערשוני האָט געהאַט דעם ראַנג פון פּאָלקאָווניק אין דער צאַרישער אַרמיי. בעת דער יאַפּאַניש־רוסישער מלחמה אין 1905, האָט ער אַ צייט לאַנג פאַרבראַכט אויפן פראָנט. אויך אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין 1914, איז גערשוני אַלס פּאָלקאָווניק־מעדיצינער אַוועק אויפן פראָנט, געוואָרן דאָרט פאַרוואונדעט און געקומען קיין דראָהיטשין אויף אַ קורצן אָפּרו. נאָכדעם איז גערשוני צוריקגערופן געוואָרן אין דער אַרמיי און מער האָט מען שוין נישט געהערט פון אים. עס איז געווען קלאַנגען אַז גערשוני איז געשטאָרבן אין אָדעס. ד״ר גערשוני׳ס פרוי און צוויי קינדער, יאַשאַ און לאָלאַ, געפינען זיך היינט אין רוסלאַנד.

---

# דאָקטוירים שעכטער, גלויבערזאָן און לאַמפּע הי״ד

ד״ר הענריק שעכטער, וועלכער האָט פאַרנומען ד״ר גערשוני׳ס אָרט אַלס מעדיצינער, איז אָנגעקומען קיין דראָהיטשין אַ פּאָר יאָר נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. וועגן זיין יוגנט און אָפּשטאַם קומט אונדז אויס צו טאַפּן אין דערפינצטער. מ׳זאָגט אַז ער איז געווען אַ געבוירענער פון גאַליציע. דערפאַר ווייסן מיר אַז זיין פרוי האָט געשטאַמט פון אַ שיינער יידישער פאַמיליע אין וואַרשע.

ד״ר שעכטער, אָנקומענדיק קיין דראָהיטשין, איז געווען אין פולן לעבן (ער האָט געדאַרפט זיין אין די דרייסיקער). געווען שטאַרק באַוועגלעך און דינאַמיש. אידעאיש — אַ מאַקסימיליסטישער ציוניסט, אַ רעוויזיאָניסט, און אַלס אַזעלכער האָט ער גענומען אַן אַקטיוון אַנטייל אין קולטורעלן, פּאָליטישן און געזעלשאַפטלעכן לעבן פון שטעטל.

אָנהויב די דרייסיקער יאָרן, באַזעצט זיך ד״ר שעכטער אין גדיניע, וווּ ער האָט פּראַקטיצירט אַלס מעדיצינער און אָנגעפירט מיט „זבולון״, א ציונ.־רעוויז. געזעלשאַפט פאַר פישעריי.

שעכטערס אָרט אין דראָהיטשין האָט דאַן פאַרנומען ד״ר גלויבערזאָן פון פינסק (איידעם פון י. און שרה מעשל, טאָכטער פון מרדכי און רבקה מירסקי פון דראָהיטשין). ד״ר גלויבערזאָן איז שפּעטער צוריקגעפאָרן קיין פינסק, און אויף זיין אָרט איז אָנגעקומען ד״ר ד. לאַמפּע. וועגן ד״ר לאַמפּעס אָפּשטאַם און לעבן האָבן מיר קיין שום פּרטים נישט.

אין דער צווישנצייט איז ד״ר שעכטער געפאַלן אַ קרבן פון דער פּוילישער באָיקאָט־באַוועגונג אין גדיניע, וווּ ער האָט פאַרלוירן אַלע זיינע פּאַציענטן און ער איז אין 1937 צוריקגעקומען קיין דראָהיטשין. דר. לאַמפּע איז דאַן געוואָרן באַשטימט אַלס ראיאָן־דאָקטאָר און ד״ר שעכטער האָט צוריק איבערגענומען זיין פּאָסטן אַלס שטאָט־דאָקטאָר. און אַזוי איז שוין געווען ביז די דייטשן האָבן פאַרנומען דראָהיטשין אין 1941.

די דאָקטוירים, שעכטער און לאַמפּע, האָבן דורכגעלעבט די גיהנום־יסורים צוזאַמען מיט אַלע יידן אין דראָהיטשינער געטאָ. און ווען זיי האָבן אַ טאָג פאַראויס זיך דערוווּסט פון די דייטשע רציחה׳שע פּלענער אומצוברענגען די דראָהיטשינער יידן, האָבן זיי זיך גע׳סמ׳ט און אַזוי אַרום געמאַכט אַ סוף צו זייערע צרות און ליידן. הי״ד.

זע וועגן דעם אין דער יזכור־אָפּטיילונג.

ד״ר שעכטערס פרוי און צוויי טעכטערלאַך, יהודית און האלינע, זיינען אויך אומגעקומען. ד״ר לאַמפּע איז ניט געווען פאַרהייראַט. ד״ר גלויבערזאָן מיט זיין פאַמיליע זיינען געטויט געוואָרן אין פינסק. הי״ד!

---



איזאָלאַציע ־ שפּיטאָל אין 1915. פון לינקס צו רעכטס: סאָליע פידע־טע (בירגערמייסטער), ראָזענבלאַט (יידיש־רו־סישער פלעניק), דיי־טשער דאָקטאָר, טודרוס ליב מילנער, גדליה קאַפּלאַן, שמעון דער רופא, פסח (בערל ריי־מערס איידעם), דאָראַ פון בריסק, משה פער־קאָוויצקי, מייטע טראַ־שינסקי, אהרן לאַ־סאָווסקי (פעלדשער), פייגע־רחל וואַרשאַוו־סקי ־ קאָטלער, רייזל בוים־שושאַנאָוו, סוליע וויסמאַן ־ וואַסערמאַן און רוסישער פלעניק. פון רעכטס איז נפתלי שטיינבערגס הויז. לינקס, אין הינטערגרונד זעט מען לייזערס ווינטמיל. (זע זייטן 97 און 98).

# אהרן לאַסאָווסקי הי״ד

אהרן לאַסאָווסקי, דער פעלדשער, איז געווען אַ געבוירענער פון פינסק. זיין פאָטער האָט זיך פאַרנומען דאָרט מיט גערט־נעריי און פּראָספּעקטן. אהרן האָט שטודירט אין קיעוו און ארויסגעקומען אַ דיפּלאָמירטער פעלדשער.

אהרנ׳ס פרוי חיה (חייקע), זייער אַ סימפּאַטישע פּערזאָן, אַ געבוירענע פון פינסק, איז פונדערהיים געווען אַ פעלדמאַן, און אַ קוזינע פון לאה וואַלעוועלסקי (חיים דעם אייזנקרעמערס פרוי) פון דראָהיטשין. חייקעס אַ שוועסטער איז געווען פאַר־הייראַט צו דעם רעדאַקטאָר פון „פינסקער שטימע״, מ. בולין. אַ ברודער אירער איז געווען איינער פון די 36 פינסקער קדו־שים, וועלכע זיינען אונטער דעם בלבול: „יידן קאָמוניסטן״, דערשאָסן געוואָרן אין 1920 דורך די פּאָליאַקן . . .

קיין דראָהיטשין איז אהרן לאַסאָווסקי געקומען בשעת דער טיפוס־עפּידעמיע אין 1915 און ער האָט צוזאַמען מיט שמעון דעם רופא און אַנדערע געהיילט די טיפוס־קראַנקע.

נאָך דעם טויט פון ר׳ שמעון דעם רופא, האָט לאַסאָווסקי איבערגענומען זיין פּלאַץ און ער איז געווען דער איינציקער רופא אָדער פעלדשער פאַר דראָהיטשין און אומגעגנט.

אהרן לאַסאָווסקי איז געווען אַ נאַציאָנאַלער ייד, אַ ליבער פאָלקס־מענטש, אַ באַשיידענער און געהאַלטן פון טראַדי־ציע. אידעאיש איז א. לאַסאָווסקי געווען אַ רעוויזיאָניסט.

עדי ראיה גיבן איבער, אז ביז דער לעצטער מינוט, איז אהרן לאַסאָווסקי ארומגעגאַנגען פון הויז צו הויז און געטאָן אַלעס מעגלעכעס צו ראַטעווען די פיזיש־און גייסטיק־צע־בראָכענע יידן פון דראָהיטשינער געטאָ . . .

אהרן, חייקע און זייערע דריי קינדער: דינעלע, הערשעלע און משהלע זיינען דורך די דייטשע רוצחים ברוטאַל דער־מאָרדעט געוואָרן. הי״ד!

# ד״ר אברהם יוסף וויסמאַן ע״ה

ד״ר אברהם יוסף וויסמאַן, זון פון ר׳ שמעון וויסמאַן, איז געבוירן אין דראָהיטשין. אַלס 17־יאָריקער בחור איז ער סוף ניינצנטן יאָרהונדערט געקומען קיין אַמעריקע און אויסגעשטודירט דאָ אויף דאָקטאָר־מעדיצין. אין משך פון פיל יאָרן האָט ער געלעבט אין שיקאַגאָ, ווו ער האָט פּראַק־טיצירט אַלס מעדיקער, ספּעציעל אַלס אַקושאָר־דאָקטאָר, און אַלס אזעלכער געהאַט א גוטע רעפּוטאַציע.

דר. וויסמאַן איז געשטאָרבן נאָוועמבער 1939 אין שיקאַגאָ אין עלטער פון 76 יאָר.

# 3. כלל־טוער און טיפּן

## משה וועלוול אייזענשטיין ע״ה

ערשטער סטאַרעסטע

משה וועלוול אייזענשטיין איז געבוירן 1840, בערך. זיינע עלטערן, שמואל און לאה אייזענשטיין, זיינען זייערע גאַנצע יאָרן געווען ישובניקעס און האָבן געוווינט אין דאָרף בולמאַק לעבן דראָהיטשין. אויך משה וועלוול האָט זיינע יוגנט־יאָרן און אַ צייט נאָך דער חתונה פאַרבראַכט אין זעלבן דאָרף בולמאַק.

שפּעטער האָט משה וועלוול אייזענשטיין אריינגעקליבן זיך קיין דראָהיטשין און געוואָרן אַ קאַנטאָרשטשיק. ער האָט געהאַלטן אין אַרענדע די קאַנטאָר פון בראָנפן מאָנאָפּאָל. זיין עובדה איז געווען איינצוקאַסירן דעם אַקציז פון שנאַפּס און טאַבאַק פאַר דער מאַכט. אין משך פון יאָרן זיינען די טערמינען „קאַנטאָר" און „קאַנטאָרשטשיק" געווען סינאָנימען פון כמו אַ יידישער אויטאָנאָמיע און פאָרשטייערשאַפט.

אין 1879 איז אייזענשטיין געוואָרן אויסגעוויילט אלס ערשטער סטאַרעסטע פאַר דראָהיטשין, וואָס האָט געהייסן קהל׳ס פאָרשטייער לגבי דער צאַרישער שטאָט־מאַכט. דעם דאָזיקן אַמט האָט אייזענשטיין פאַרנומען ביז זיין טויט. נאָכדעם איז געווען סטאַרעסטע משה פּאָריצקער (וואָלעוועלסקי), און צום סוף — שמואל יודל פּיאַסעצקי. מיט פּיאַסעצקי׳ן האָט זיך פאַרענדיקט דאָס קאַפּיטל סטארעסטעס אין דראָהיטשין.

אייזענשטיין׳ס צווייטע פרוי האָט געהייסן זעלדע. ער האָט געהאַט דריי זין: חנא אשר, אבא און אליה.

משה וועלוול האָט אויך געהאַט אַ ברודער און פיר שוועסטער: הערשל בולמאַקער, חנה (פרוי פון ישראל דוד מילנער), ריווע (אליה איצעלעס פרוי),ביילע (פרוי פון שמעון גראַטש) און פּערל (מוטער פון שמואל אייזענשטיין — „וועסטערן יונייטעד דייריס", אין שיקאַגע).



אַ גרופּע יידן לעבן סענדער וויניוקערס הויז

## משה פּריצקער־וואַלעוועלסקי ע״ה

צווייטער סטאַרעסטע

משה וואָלעוועלסקי, באַקאַנט אלס „ר׳ משה פּאָריצקער", האָט אָפּגעשטאַמט, לויט איין ווערסיע, פון דעם גאון, ר׳ מרדכי מאָרדוש פון פּאָריצק (מחבר פון ביאור אויף מהר״ם שיף) און דערפאַר האָט ער געהייסן „משה פּאָריצקער". אַ צווייטע ווערסיע זאָגט, אַז דעריבער האָט ער געהייסן „פּאָריצקער", ווייל זיינע עלטערן האָבן געוווינט אין דאָרף, אָדער



ר׳ משה פּאָריצקער־וואַלעוועלסקי, ע״ה

הויף, פּריצק לעבן פּינסק. אַזוי צי אַזוי, דער פאַקט איז, ר׳ משה האָט בעסער פאָרגעצויגן צו רופן זיך פּאָריצקער איידער וואַלעוועלסקי.

ר׳ משה׳ס פאָטער, אַ וויל־לערנער, איז געווען אַ קנאַפּער פאַרדינער, דערפאַר אָבער האָט משה׳ס מוטער, שרה ריווע, זיך גוט אויסגעטויגט אין מסחר. אין די יאָרן פון דער טערקיש־רוסישער מלחמה, האָט זי געמאַכט אַ סך געלט. שרה ריווע איז אויך געווען די צושטעלערין פון „פּראָוויאַנט", עסנוואַרג, צו די אַרבעטער וואָס האָבן דאַן געבויט די באַן־



טשערנע פאַריצקער־וואָלעוועלסקי, ע״ה

ליניע צווישן פינסק און בריסק („וואַרשאַווסקי־טערעספאָל־סקי זשעליעזנאַיאַ דאָראָגאַ״). שרה ריווע מיט איר פאַמיליע האָבן פון פינסק אָן זיך געצויגן פון איין דאָרף אין צווייטן לויט דעם מאַרשרוט פון דער באַן־ליניע ביז זיי זיינען אָנגעקומען קיין דראָהיטשין, וווּ זיי זיינען שוין פאַרבליבן וווינען שטענדיק. אַזוי אַרום איז משה פאַריצקער געוואָרן אַ דראָהיטשינער תושב.

צו זיין חתונה מיט טשערנען, וועלכע איז ביי אים געווען די צווייטע פרוי, איז משה אַלט געווען 18 יאָר. זיינע צוויי קינדער פון דער ערשטער פרוי, אליה און רחל, האָבן זיך אויפגעהאָדעוועט ביי זייער זיידן, לייבקע. (דערפאַר האָט מען אליה׳ן פון קרעטשמע גערופן „אליה לייבקעס״).

פון אָנהויב האָט משה געהאַט ביי זיך אין הויז אַ קראָם פון שניט און שפייז. שפּעטער האָט ער זיך גענומען צו וואַלד־מסחר, ער האָט געהאַנדלט מיט „דעלאַנקעס״.

אַרום 1890, ווען ס׳איז געשטאָרבן דער אַלטער סטאַרעסטע אייזנשטיין, האָט קהל אויסגעקליבן משה׳ן אַלס סטאַרעסטע פון דראָהיטשין. דעם דאָזיקן אַמט האָט ער פאַרנומען ביז 1901. נאָך ר׳ משה׳ן, איז געוואָרן סטאַרעסטע שמואל יודל פּיאַסעצקי.

ר׳ משה, וועלכער איז געווען אַ מוקיר־רבנן און האָט געהאַט איידעמס רבנים, ווי: ר׳ וועלוועל דער דיין (שפּעטער־דיקער סערניקער רב, ז״ל) און הרב מרדכי מינקאָוויטש, — האָט אויסגעלעבט זיינע יאָרן אין עושר און אין כבוד. ער איז געשטאָרבן דעם ערשטן טאָג ראש השנה, 1914. זיין פרוי, טשערנע, איז געשטאָרבן מיט עטלעכע יאָר שפּעטער.

די וואָלעוועלסקי׳ס האָבן געהאַט אַרום 14 קינדער. בלויז 9 פון זיי האָבן זיך געעלטערט. ווי: זעליק (אַלעקס מאַרקוס), שמואל, הערשל, מרדכי, מרים, חנהביילע, איטע א. א.



פון רעכטס צו לינקס: רביצין מרים, חנה ביילע, טשערנע (מוטער), און איטע: פרוי און טעכטער פון משה פאַריצקער אין 1923. (זע זייטן: 61, 130, 135 און 223).

# שמואל יהודה פּיאַסעצקי ע״ה

דריטער און לעצטער סטאַרעסטע

שמואל יודל פּיאַסעצקי איז געבוירן געוואָרן אין דראָהיטשין אין יאָר 1859, אין א בכבודיקער פאַמיליע. זיין פאָטער ר׳ יצחק האָט אים געגעבען אַ טראַדיציאָנעלע דערציאונג. דער יונגער שמואל האָט זיך אויך אָפּגעגעבן מיט וועלטלעכער בילדונג. באַזונדערס האָט ער זיך אויסגעצייכנט אין דער רוסישער שפּראַך. אין יאָר 1901 ווערט שמואל יודל, אויפן אָרט פון משה פאַריצקער, אויסגעוויילט אַלס סטאַרעסטע פון דראָהיטשין. דעם דאָזיקן אַמט, צו וועלכן ער איז אַלע דריי יאָר ווידער אויסגעוויילט געוואָרן, האָט שמואל יודל פאַרנומען ביז די דייטשן האָבן אין יאָר 1915 פאַרנומען דראָהיטשין.

די פונקציעס פון אַ סטאַרעסטע אונטער דער רוסישער מאַכט, זיינען געווען די זעלבע וואָס פון אַ מעיאָר. דער סטאַרעסטע האָט געהאַט צו זאָגן וועגן דעם סאַניטאַרן צושטאַנד פון די ברינימער פון שטאָט; וועגן דער פייערלעשער־קאָמאַנדע און די איינריכטונגען; וועגן די וועגן און שליאַכן פון שטאָט; ער האָט געהאַט צו באַזאָרגן אַ דאָקטאָר פאַרן שטאָט; און באַזונדערס האָט דער סטאַרעסטע געדאַרפט צושטעלן אַלע יאָר צו דער רוסישער „פּריסוטסטוויאַ״ די ליסטע פון די יידישע יונגעלייט, וועלכן האָבן געדאַרפט שטיין צום פּריזיוו.

שמואל יודל (מיט אַ גאָלדענער קייט אויפן האַלז) פלעגט זיצן אין „פּריסוטסטוואָ" מיט דער רעקרוטירונג־קאָמיסיע און אויסרופן די נעמען פון די יידישע רעקרוטן. פאַר דעם האָט אים שטאָט געצאָלט 300 רובל אַ יאָר. דאָס געלט איז גע־קומען פון דער שטאָטישער „קאָראָבקע".

שמואל יודל האָט זיך אויך געדאַרפט פאַרנעמען מיט השתדלנות. ער האָט פיל מיטגעווירקט צו לינדערן די צאַ־רישע גזרה קעגן די ישובניקעס, וועלכע מען האָט געטריבן פון די דערפער. אַ סאַך אויפגערעגטע מאָמענטן האָט ער געהאַט, ווען דער אַקציזניק איז געקומען אין שטאָט, און ער האָט געדאַרפט פיל מאָל זיך בעטן ביים אַקציזניק צו מילדערן די שטייערן פון די אָרעמע און אָפּשאַפן די שטראָפן. אין דער דאָזיקער פאַרצווייגטער קהלשער אַרבעט האָט אים פיל מיט־געהאָלפן זיין קלוגע פרוי ביילע.

אין 1905, ווען די צאַרישע פּאָליציי האָט אַרעסטירט יעקב גאָלדבערג, אברהם יצחק לעוו און דוד גאָלדשטיין פאַר אָנ־געהערן צו די „ס.־ס.", האָט שמואל יודל מיט ביילען אַרויס־גענומען זיי אין מיטן נאַכט פון טורמע און געהאָלפן זיי אַנטלויפן...

ווען דער גראָדנער גובערנאַטאָר, סטאָליפּין, איז אַמאָל דורכגעפאָרן דראָהיטשין, האָט דער אַלטער רב, ר' מנחם רייכמאַן, ז"ל, מיט שמואל יודלען און אַנדערע אים מקבל פנים געווען מיט ברויט און זאַלץ. שמואל יודל האָט דאַן אויסגענוצט די געלעגנהייט און געבעטן דעם גובערנאַטאָר ער זאָל באַפעלן אויסצובּרוקירן די גאַסן פון שטעטל. דער גובערנאַטאָר האָט אָנגענומען שמואל יודלס בקשה און דראָ־היטשין איז אין קורצן געוואָרן אויסגעבּרוקירט.

ווען די דייטשן האָבן פאַרנומען דראָהיטשין האָט זיך שמואל יודל מיט זיין פאַמיליע באַזעצט אין אַ דאָרף לעבן דראָהיטשין. דער פּלוצלונגער איבעררייס פון זיין שטורמישן לעבן האָט אָפּנים נישט גוט געווירקט אויף זיין געזונט, ווייל אין קורצן נאָכדעם, אין יאָר 1916, איז שמואל יודל גע־שטאָרבן און דאָס קאַפּיטל פון „יידישע סטאַרעסטעס" האָט זיך פאַרענדיקט. פרטים פון גדליה קאַפּלאַן.



# משה לייזער גראַטש ע״ה

**משה** לייזער גראַטש איז געבוירן 1862, בערך, אין דראָ־היטשין צו זיינע עלטערן ר' שמעון און ביילע און באַקומען זיין חינוך אין חדר און בית־מדרש. ער האָט אויך געלערנט שפּראַכן: רוסיש, פּויליש און ענגליש.

אין 1885, בערך, האָט משה לייזער חתונה מיט זיין זווג, הינדע, אַ טאָכטער פון ר' שלום גאָלדשמידט פון דראָהיטשין, און הויבט אָן צו שאַפן זיך אַן עקזיסטענץ אין לעבן. עס איז אָבער נישט געווען אַזוי לייכט. אין 1888 פאָרט ער קיין אַמע־ריקע, מיטן געדאַנק אָנצוזאַמלען דאָרט אַביסל געלט און זיך באַזעצן נאָכדעם מיט זיין פאַמיליע אין ארץ ישראל.

אָפּזיענדיק 5 יאָר אין שיקאַגאָ, ווו ער האָט אויך באַוויזן פאַר דער צייט צו ווערן אַן אַמעריקאַנער בירגער, קומט ער צוריק קיין דראָהיטשין. אָבער פון זיין פּלאַן צו פאָרן קיין ארץ ישראל איז גאָרנישט געוואָרן, מחמת זיין פאָטער און שווער האָבן פאַרגעצויגן צו אויסלעבן זייערע יאָרן אין דראָהיטשין.

בלית ברירה האָט זיך ר' משה לייזער גענומען צו זיין פּראָפעסיע אַלס אָנפירער פון אַ „מייסטערסקאַיע" פון פרויען־קליידער. פון שטענדיקע יאָרן האָט ר' משה לייזער געגליכן צו זיין אַ נהנה פון יגיע כפיו. גלייכצייטיק איז ער אויך געווען אַן עוסק בצרכי צבור.

זיין פּקחות און שפּראַכן־קענטעניש, און באַזונדערס זיין נאָענטע באַקאַנטשאַפט מיט די אָרטיקע פּריצים און נאַ־טשאַלסטוואָ (זיינע קונדן), ביי וועלכע ער פלעגט צייטנווייז אויספּועלן טובות פאַר יידן, שאַפט אים פּרעסטיזש און אָנזען אין שטעטל און ער ווערט דער געקרוינטער כלל־טוער.

ר' משה לייזער איז געווען אַ לאַנג־יעריקער גבאי און אָנפירער פון דער חברה קדישא, וועלכע איז געווען אין יענע יאָרן איינע פון די בעסטע אָרגאַניזירטע קערפּערשאַפטן, וואָס האָט געהאַט צו זאָגן אין פיל ענינים אין שטעטל. ער איז אויך געווען קאַסירער פון אַלטן בית־מדרש; גבאי פון חברה־משניות, חברה „חיי־אדם" און חברה־תהלים דאָרט; גבאי פון „לינת הצדק"; ראַטמאַן פון דער „טשלענאָוויע אופּראַוואָ" (אַ שטאָט־ראַט) א. א. ר' משה לייזער איז געווען אַזוי אַריינגעטאָן אין זיין קהלשער אַרבעט אַז ער האָט פאַר־נאַכלעסיקט צוליב דעם זיין אייגענע פּרנסה.

סוף 1913 באַשליסט ר' משה לייזער צו פאָרן קיין ארץ ישראל. ביז וואַנען ער איז געוואָרן פאַרטיק מיט זיינע רייזע־הכנות איז אויסגעבראָכן די וועלט־מלחמה (1914) און ער איז געבליבן שטעקן אין דראָהיטשין. אין די מלחמה־יאָרן, ווען עס האָט, ל"ע, געבושעוועט די טיפוס־עפּידעמיע, האָט משה לייזער מיט זיינע חברים פון דער חברה־קדישא געאַר־בעט טאָג און נאַכט. זיי האָבן געדאַרפט אַרומגיין אַרום חולאים, אָפּגעבן אַ חסד של אמת צו די טויטע און העלפן אויך אין נויטיקע פאַלן די לעבעדיקע. באַזונדערס האָבן זיי גע־זאָרגט פאַר די „ביעזשעניצעס", מלחמה־פּליטים, וועלכע זיינען



פון רעכטס צו לינקס: שלום, ר׳ משה לייזער (פאָטער), ניסל, שמואל וועלוול, הינדע (מוטער) און סענדער.

אָנגעקומען קיין דראָהיטשין פון די מלחמה געביטן און זיינען געווען די ערשטע קרבנות פון דער עפּידעמיע. אין משך פון יאָרן האָט זיך ביי משה לייזערן געפונען דער דראָהיטשינער פנקס, ווו ער פלעגט פאַרשרייבן די וויכטיקע געשעענישן פון שטעטל. לײדער, ווייס קיינער נישט וואָס עס איז געוואָרן מיטן פּנקס.

1923 איז משה לייזערן ענדלעך געלונגען צו פאַרווירקלעכן זיין חלום. ער האָט אויסגעוואַנדערט קיין ארץ ישראל, ירושלים, ווו ער האָט צוזאַמען מיט זיין פרוי אויסגעלעבט זיינע יאָרן.

ר׳ משה לייזער איז געשטאָרבן ח׳ תשרי, 1943. זיין פרוי, הינדע, איז געשטאָרבן ל׳ כסלו, 1940.

די גראַטשעס האָבן געהאַט פיר זין: ניסל (געקומען קיין אַמעריקע, געווען אַן אַקטיווער פועלי־ציוניסט און געשטאָרבן כ״ט אב 1908 אין שיקאַגע); שמואל וועלוול (לעבט זינט 1904 אין ירושלים, געלערנט דאָרט 1904־1919 אין תורת־חיים ישיבה); סענדער (אַ העברעאישער לערער, געקומען קיין אַמע־ריקע אין 1920, געפינט זיך אין לאָס־אַנדזשעלעס) און שלום (אַן אָנגעזעענער סוחר אין שיקאַגע).

# זכריה שמיד הי״ד

**זכריה** ב״ר זלמן שמיד, געבוירן 1865 אין דראָהיטשין, איז געווען באַוווסט פאַר אַ בעל כשרון. ביי בעסערע באַדינגונגען, ווען זכריה וואָלט זיך אָפּגעגעבן מיט לערנען אָדער שטודיום, וואָלט ער אויסגעשטיגן גרויס. ער איז אָבער מיט זיין לערנען ניט געגאַנגען ווייטער פון דעם חדר אָדער תלמוד־תורה, און איז באַלד אַוועק פאַר אַ בעל־מלאכה, אַרויסהעלפנדיק זיין פאָטער אין קוזשניע. אויך פאַר אַ צייט נאָך זיין חתונה מיט פעשען, האָט ער געצויגן זיין חיונה פון קוזשניע.


ר׳ זכריה, פעשע שמיד און אייניקלעך

זכריה׳ס פיאיקייטן אָבער האָבן אים ניט געלאָזט צו זיין אָפּגעשלאָסן אין זיינע ד׳ אמות פון מלאכה און ער האָט אָנגעהויבן זיך צו מישן אין קהל׳שע ענינים. אין זיינע יונגע יאָרן איז ער געווען אַגרעסיוו; האָט געפירט אַ קאַמף קעגן די רעוואָלוציאָנערן פון זיין צייט, די „שוועסטער און ברידער״ א. א. איינשאַפנדיק זיך פיל קעגנער. מיטן לויף פון די יאָרן האָט ער זיך געמעסיקט אין זיינע אימפּולסיווע אויסברוכן. זיין שאַרפער מוח, פלינקע אַריענטאַציע און גוטער חתוך־הדבור, האָבן געצווונגען יעדן איינעם צו צוהערן זיך צו זיינע ווערטער און ער איז מיט דער צייט געוואָרן איינער פון די אַזויגערופענע אָפיציעלע אייביקע פרנסים פון שטאָט.

זכריה איז געווען פון די שטענדיקע בעלי־יועצים פון רב, האָט זיך באַטייליקט אין אַלע שטאָטישע אסיפות; געווען איינער פון די אָנפירער פון דער חברה־קדישא און פון פיל אַנדערע יידישע אינסטיטוציעס.

אַ באַזונדער קאַפּיטל פאַר זיך איז זכריה׳ס טעטיקייט אין דער קאָאָפּעראַטיווער ליי־און שפּאָר־קאַסע, בעסער גערזאָגט, די פאָלקס־באַנק, ווו ער איז בערך אַ דרייסיק יאָר (ביז זיין טויט) געווען דער דירעקטאָר און הויפּט־אָנפירער, אַרויסצייגנדיק זיך אַלס אַן עקספּערט אין פינאַנצן. באַנק דירעקטאָרן מיט בילדונג זיינען געקומען צו אים שואל־עצה זיין אין קאָמפּליצירטע פינאַנץ־ענינים. ד״ר שאַשקעס, דער אָנפירער פון דער קאָאָפּעראַטיווער געזעלשאַפט אין פוילן, איז געווען איינער פון זיינע נאָענטע ידידים.

ר׳ זכריה איז געווען אַ חבר פון דער חברה־ש״ס און אַ בעל תפלה אין אַלטן בית המדרש.

וועגן זכריה׳ס טויט גייען אַרום פאַרשיידענע נישט קיין קאָנטראָלירטע ווערסיעס. איינע זאָגט, אַז ער איז געשטאָרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט אין 1939; אַ צווייטע — אַז ער איז געשטאָרבן מיט נישט קיין נאַטירלעכן טויט אונטער דער ממשלה פון די באָלשעוויקעס אין 1940; און אַ דריטע — אַז זכריה איז אומגעקומען דורך די דייטשן אין 1942. ליידער קענען מיר נישט פעסטשטעלן וועלכע פון זיי איז די ריכטיקע . . .

זכריה איז געווען דער ברודער פון דער באָבע חיה־איטע.

די שמיד׳ס האָבן געהאַט פינף זין: יודל שמיד (אומגעקומען מיט זיין פאַמיליע 1942 אין דראָהיטשין), יהושע (דער מאַן פון ראַשע לאה לעוו, געשטאָרבן אין ניו־יאָרק), ישראל (אומגעקומען מיט זיין פאַמיליע 1942 אין דראָהיטשין), חיים זלמן (געשטאָרבן 1908) און אפרים (לעבט אין ניו־יאָרק).

# טוביה דוד וואַרשאַווסקי ע״ה

**טוביה** דוד וואַרשאַווסקי, אַ זון פון ר׳ שמואל לייזער׳ן און ברודער פון ר׳ זושע׳ן איז געבוירן אין דראָהיטשין. זיין חינוך האָט ער באַקומען אין חדר און פּריוואַט ביי מלמדים. האָט אויך געלערנט ביים גאון ר׳ פנחס מיכאל אין אַנטאָפּאָליע און אין ישיבות. זיין פרוי, שרה לאה, איז געווען די שוועסטער פון ר׳ טוביה דוד לעוו פון האַרבאַכע.

ר׳ טוביה דוד איז געווען אַ שותף צו די געשעפטן פון זיין ברודער ר׳ זושע. ער האָט זיך אָבער ווייניק געמישט אין מסחר. ער איז געווען אַ שטילער מענטש און אַ יושב־אוהל. דאָס מערסטע פון זיין צייט האָט ער פאַרבראַכט אין לערנען פאַר זיך און אויך געלערנט פאַרן עולם אין אַלטן בית־מדרש. אַלס אַ גוטער בעל־תפילה, פלעגט ער שטענדיק דאַווענען (אָן געצאָלט) מוספים אין ימים־נוראים אין די דראָהיטשינער בתי־מדרשים. ער איז געווען שטאַרק רעספּעקטירט און געאַכטעט אין שטאָט.

אין 1924 האָט טוביה דוד מיט זיין פאַמיליע אויסגעוואַנדערט קיין ארץ ישראל און זיך באַזעצט אין ראשון־לציון, ווו ער האָט געהאַט זיין אייגענעם האָטעל אָדער גאַסט־הויז. ער איז געשטאָרבן דאָרט אין 1947.

ר׳ טוביה דוד האָט געהאַט 4 טעכטער און איין זון: פּערל (אומגעקומען מיט איר מאַן זיידל און קינדער אין דראָהיטשינער געטאָ); זלאַטע (יצחק) אין קאַנאַדע; אליה, באַשקע און רחל אין ארץ ישראל.

# זושע וואַרשאַווסקי

**זושע** וואַרשאַווסקי איז געבוירן 1868 אין דראָהיטשין. זיין פאָטער, ר' שמואל לייזער, פון די נכבדים פון שטאָט, איז געווען אַן אור־אייניקל פון ר' דוד'ל יפה, זצ"ל. דאָס גלייכן זיין מוטער, באַשע, האָט געשטאַמט פון אַ פיינער פאַ־מיליע. ר' זושע האָט באַקומען זיין חינוך אין חדר, תלמוד־תורה און פּריוואַט ביי מלמדים און האָט אויך שטודירט אַלגעמיינע לימו־דים און שפּראַכן.



ר' זושע וואַרשאַווסקי

פיר יאָר האָט זושע געדינט דעם רוסישן צאַר און אַ דאַנק זיין שפּראַכן קענטעניש האָט ער זיין „סלוזשבע" אויסגעדינט אין קאַנצעלאַריע אַלס שרייבער. ער האָט זיך קיין איין מאָל נישט מאכל־טריפה געווען, און האָט נאָך געבראַכט פון „סלוזשבע" געלט אַהיים...

אין 1894 האָט זושע חתונה מיט זיין באַשערטער חיה פריידע פינסקי פון מאָטעלע. ער באַזעצט זיך אין דאָרף האַרבאַכע, וואו זיין פאָטער, שמואל לייזער, האָט געהאַט אַ ציגל־פאַבריק (ציגעלניע) און גייט אַריין צוזאַמען מיט זיין עלטערן ברודער, ר' טוביה דוד, אין האָלץ־און וואַלד־מסחר. ר' זושע האָט זיך גוט אויסגעטויגט אין דער דאָזיקער מסחר־בראַנזשע און ער האָט, ב"ה, מצליח געווען.

עס גייען נישט אַוועק קיין עטלעכע יאָר און זושע מיט טוביה דוד'ן, זיינען די בעלי־בתים פון אייגענע גרויסע וועלדער; פאַסעסאָרן און אייגנטימער פון הויפן, מאַיאָנטקעס (ווי קלעמענטאָווע, זאַמאָשע א. א.); פאַרמאָגן דריי שיינע הייזער אין דראָהיטשין א.א.וו. ר' זושע, דער געשעפט־פירער שטייט אין האַנדלס־באַציאונגען מיט פולקאָווניקעס, גענעראַלן, גובערנאַטאָרן, באַראָנען און איינפלוסרייכע פריצים, וועלכע שעצן אין אַכטן זושעס סוחרישע פּיאיקייט און ערלעכקייט אַלס ייד און מענטש. זיי ווייסן, אַז ר' זושע איז אַ רעליגיעזער ייד און פאַרגיבן אים, ווען ער לאָזט זיי איבער אין מיטן אַ וויכטיקן געשפּרעך און שטעלט זיך אַוועק דאַוונען אַ מנחה אָדער אַ מעריב. אויסנוצנדיק זיין קאַנטשאַפט מיט די הויכ־געשטעלטע פערזענלעכקייטן פועלט ער אָפט אויס טובות פאַר יידן.

אין 1907 ציען זיך די ברידער וואַרשאַווסקי אַריין קיין דראָהיטשין. די „האַרבאַכער", ווי מען האָט זיי גערופן, ווערן אַ שם דבר אין שטאָט. זיי פירן שיינע באַלעבאַטישע יידישע הייזער, פון וועלכע עס ווערט אויסגעטיילט פיל צדקה. אין 1911 קויפן זיי אָפּ פון ר' נחום שעווינסקי'ן זיין לעדער־פאַבריק (גאַרבאַרניע) און אַרבעטן איר אַרויף. זייערע לעדער־אויסאַרבעטונגען באַקומען אַן אָפּזאַץ אין ווייטע געגנטן פון לאַנד.

מיט דער אָקופּאַציע פון דראָהיטשין דורך דער דייטשער אַרמיי אין 1915, פאַרלירן זיי דאָס גאַנצע פאַרמעגן. די הייזער און די לעדער־פאַבריק גייען אַוועק מיטן רויך אין דער גרוי־סער מלחמה־שריפה. דער דייטש קאָנפיסקירט דאָס גאַנצע אויסגעאַרבעטע געהילץ אין די וועלדער, ווי אויך דאָס גע־בליבענע לעדער פון דער גאַרבאַרניע. די וועלדער און די הויפן גופא ווערן איבערגענומען פון די דייטשן, וועלכע פאַר־וואַלטן מיט זיי אויפן דייטשן שטייגער: רויבן אַלץ אויס און פירן עס אַוועק קיין דייטשלאַנד. אין די מלחמה־יאָרן האָבן די ברידער וואַרשאַווסקי געלעבט אין קלעמענטאָווע און אין האַרבאַכע.

אין 1918 באַקומען די וואַרשאַווסקי'ס צוריק דעם זאַ־מאָשער הויף און זיי הויבן זיך אָן צוריק אַרויפאַרבעטן. אָבער עס איז שוין נישט געגאַנגען אַזוי גוט ווי אונטער דער צאַרי־שער מאַכט, מחמת די פּאָליאַקן האָבן מיט אַלע מיטלען גע־שטערט דעם יידישן מסחר.

ר' זושע, וועלכער האָט זיך צוריק באַזעצט אין שטאָט, האָט דאַן מער צייט אָפּצוגעבן זיך מיט קהל'שער אַרבעט. ער איז געווען דער בעל־יועץ פון הרב קאַלענקאָוויטש, טאָן־געבער אויף אַלע שטאָטישע אסיפות; בורר און אויסגלייכער פון פאַרשיידענע מחלוקת'ן וועגן ירושות, שידוכים א.א.; שתדלן פאַר די וואָס זיינען געקומען אין קאָנפליקט מיט דער מאַכט; לאַנג־יאָריקער גבאי פון אַלטן בית־מדרש; איבער־געגעבענער עסקן און נדבן פאַרן „ועד־הישיבות"; מכניס־אורח און בעל־צדקה בסתר וכדומה. ר' זושע האָט פאַרקער־פערט אין זיך דעם יידישן טיפּ שתדלן און פרנס פון די אַלטע צייטן. דאָס זעלבע האָט אויך געטאָן זיין פרוי חיה־פריידע, וועלכע פלעגט העלפן אָרעמע שטילערהייד, אַריינשיקנדיק זיי אין די הייזער חלה אויף שבת און אַנדערע שפּייזן. און אַזוי האָבן זיי געלערנט זייערע קינדער.

אין יולי 1941 ווערט ר' זושע מיט זיין פרוי און קינדער (בערל און זלאַטע מרים מיט זייערע פאַמיליעס) פאַרנומען פון די באָלשעוויקעס און אַרויסגעשיקט קיין טיף רוסלאַנד. פון דערשעפּונג און פון נישט־דערעסן שטאַרבט דאָרט (1943) זיין פרוי חיה־פריידע, ע"ה, און ווערט באַהאַלטן אויף אַ קריסטלעכן בית־עולם. אין מאַי 1946 ווערט ר' זושע מיט זיין פאַמיליע צוריקגעשיקט פון רוסלאַנד קיין פוילן. אין דעצעמ־בער, 1948, ווערט ער פון זיין טאָכטער רחל אַראָפּגעבראַכט קיין אַמעריקע. פון זיבנט יולי, 1949, לעבט ר' זושע אין ארץ־ישראל, וואו ער ווערט באַזאָרגט און אויסגעהאַלטן בכבוד פון זיין טאָכטער רחל און אידעם וועלוול מאַזורסקי (פון ניו־יאָרק), וועלכע זיינען באַוואוסטע בעלי־צדקה.

אַ חוץ רחל'ען האָט זושע נאָך צוויי זין און אַ טאָכטער: מרדכי (זיסל) און בערל (רחל) אין ארץ־ישראל און זלאַטע מרים (ישעיה) אין קאַנאַדע.

# שמשון גאָלדמאַן ע״ה

**שמשון** ב״ר מאיר מרדכי גאָלדמאַן איז געבוירן 1859 אין דראָהיטשין. פון קינדהייט אָן האָט ער געלערנט אין בית מדרש און געהאַט אַ שם פאַר אַ גוטן און פרומען בחור.

נאָך דער חתונה מיט העניע חיה שעדראָוויצקי, האָט זיך ר׳ שמשון גענומען צו וואַלד־מסחר. ער האָט געקויפט דעלאַנקעס און די אויסגעאַרבעטע געהילץ אַרויסגעפירט צום בילינער ברעג פון דניעפּראָווסקי־בוגער קאַנאַל. אויף זיין מזל איז פונקט דעם יאָר פאָרגעקומען אַ גרויסע פאַרפלייצונג און דאָס גאַנצע געהילץ איז אַוועק מיטן וואַסער. ר׳ שמשון האָט געזען אין דעם אַ סימן, אַז ער דאַרף זיך פאַרנעמען מיט דעם זעלבן געשעפט וואָס זיינע עלטערן האָבן זיך פאַרנומען, און ער האָט געעפנט אַ קראָם פון מאַניפאַקטור. די ערשטע צייט איז נישט געגאַנגען אַזוי גוט, ווייל זיין גאַנצער נדן איז אַוועק מיטן וואַסער, נאָר זיין גוטער נאָמען



זיצן פון לינקס: ר׳ שמשון און העניע חיה גאָלדמאַן. שטייען: טאָכטער ביילע, איידעם אהרן וואָלוועלער און קינד רבקה, ע״ה

האָט אים געשאַפן צוטרוי און דער געשעפט האָט פּראָספּערירט.

טראָץ דעם וואָס ר׳ שמשון איז געווען שטאַרק פאַרנומען אין זיין געשעפט, האָט ער דאָך יעדן טאָג געפונען צייט צו לערנען אַ בלאַט גמרא בין מנחה למעריב אָדער נאָך מעריב. ער איז קיינמאָל נישט געזעסן ביים טיש ניט האָבנדיק אַריינגעקוקט אין אַ ספר. ביז אין די מיטעלע יאָרן פלעגט ער יעדע נאַכט אָפּריכטן חצות. עס איז נישט געווען קיין איין מחבר פון ספרי־קודש וואָס זאָל אים נישט צושיקן זיין ספר. איז טאַקע ביי אים געווען אַ גרויסע ביבליאָטעק פון ספרי־קודש און אפילו קבלה ספרים.

ר׳ שמשון איז געווען אַ שטאַרקער קעגנער פון חסידות. ער פלעגט זאָגן, אַז גאָט דאַרף מען דינען מיט תפלה, לערנען און מעשים טובים נישט מיט חסידישע נגונים און טענץ... פונדעסטוועגן, אַז עס פלעגט קומען קיין דראָהיטשין ר׳ נחומ׳קע פון סלאָנים, פלעגט ר׳ שמשון ארויסגיין צו מקבל־פנים זיין אים, אָפּטרעטן דעם שענסטן צימער און אַליין אים משמש זיין. ר׳ שמשון פלעגט זאָגן, הגם ער איז אַ קעגנער פון חסידות און רביים, דאָך גיט ער אָפּ כבוד ר׳ נחומ׳קען, ווייל ער איז אַ תלמיד־חכם, אַ למדן, און פאַר אַ תלמיד־חכם האָט ער געהאַט דעם גרעסטן רעספּעקט. און ווירקלעך האָט ר׳ נחומ׳קע געלערנט טאָג און נאַכט.

ר׳ שמשון האָט זיך אָפּגעגעבן מיט געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. ער איז געווען פיל יאָרן גבאי פון נייעם בית מדרש און פון חברה קדישא; פאַרשפּרייט אַקציעס פון דער ציוניסטישער קאָלאָניאַל באַנק; געזאַמלט פאַרן קרן־היסוד א.א.וו.

זיינע קינדער האָט ר׳ שמשון דערצויגן אין רעליגיעזן גייסט, גלייכצייטיק געזאָרגט פאַר זייער וועלטלעכער אויסבילדונג און האָט איינגעפלאַנצט אין זיי ליבע צו ציון און ירושלים.

די לעצטע יאָרן האָט ר׳ שמשון געליטן פון אַ שטאַרקן סקלעראָז אין קאָפּ און די דאָקטוירים האָבן אים פאַרבאָטן צו לייענען און לערנען. דאָך האָט ער נישט געהערט די דאָקטוירים און ביזן לעצטן טאָג האָט ער געלערנט משניות אָדער עין יעקב, אַמאָל אויך אַ בלאַט גמרא.

ר׳ שמשון איז געשטאָרבן כ״ט ניסן תרצ״ב, 5טן מאַי 1932.

העניע חיה, ר׳ שמשונ׳ס פרוי, איז געבוירן 1854 אין דראָהיטשין. צו אירע תנאים האָט איר פאָטער, ר׳ יעקב אליעזר שעדראָוויצקי געקויפט אַ לאָטעריע־צעטל און געזאָגט אַז דער געווינס וועט זיין נדן פאַר דער טאָכטער. זיין צעטל האָט טאַקע געוווּנען 300 רובל, אָבער דער נדן, ווי געזאָגט, איז אַוועק מיטן וואַסער.

העניע חיה איז געווען אַן אשת חיל, האָט געווירטשאַפט אַ גרויסע הויז און נאָך אַרויסגעהאָלפן דעם מאַן אין געשעפט. זי האָט זייער געשעצט און אָפּגעגעבן כבוד איר מאַן ר׳ שמשונ׳ען, וועלכער האָט עס שטאַרק אָפּגעשאַצט. פאַרן טויט האָט ער טאַקע אָנגעזאָגט, אַז כל־זמן זי וועט לעבן, זאָל זי זיין די בעלת־הבית׳טע פון הויז און געשעפט.



באַדיע פלוס (טאָכטער פון די גאָלדמאַנס) און אירע קינדער

העניע חיה איז געשטאָרבן ד׳ כסלו, תרצ״ח, 8טן נאָ־וועמבער, 1938.

די גאָלדמאַנס האָבן געהאַט צען קינדער — פיר זין און זעקס טעכטער. צוויי זין זיינען געשטאָרבן נאָך אַלס קליינע קינדער.

אהרן (דער עלטסטער זון, געשטאָרבן ג׳ תמוז, תש״ג, אין קרית־מוצקין, ארץ ישראל).

שאָשע רחל (אומגעקומען אין דראָהיטשין צוזאַמען מיט צוויי זין און צוויי טעכטער, איר מאַן אליה געשטאָרבן אין געטאָ פון צרות... הי״ד! איר זון, פרץ, געהרגעט געוואָרן דורך די אַראַבער אין 1947 אין חיפה. איין טאָכטער געפינט זיך היינט אין חיפה).

שיינע ציפע (אומגעקומען אין דראָהיטשין צוזאַמען מיט איר מאַן יצחק גאָלדמאַן און צוויי טעכטער, הי״ד! איין זון געפינט זיך אין קאַנאַדע).

מלכה גיטל (אומגעקומען אין בריסק צוזאַמען מיט איר מאַן מרדכי גילמאַן, זון און טאָכטער, קיינער ניט פאַרבליבן, הי״ד!)

באַדיע (אומגעקומען אין פאַווארסק, וואָלין, צוזאַמען מיטן מאַן שלמה פלוס, הי״ד. איר זון און טאָכטער האָבן זיך גע־ראַטעוועט אין וואַלד, געקעמפט אין די רייען פון די פּאַרטי־זאַנער. די טאָכטער איז געהרגעט געוואָרן פאַר דער באפריי־אונג און דער זון לעבט היינט אין אַמעריקע).

ביילע (אומגעקומען אין לוצק צוזאַמען מיט איר מאַן אהרן וואלוועלער און דריי קינדער. קיינער ניט געבליבן פון זיי, הי״ד!)

שלמה זעליג (געוואָרן אַרויסגעשיקט פון די רוסן קיין סיביר און אַזוי אַרום ניצל געוואָרן פון טויט, געפינט זיך היינט מיט זיין פרוי רחל אין קרית־מוצקין, ארץ ישראל).

און יענטע (אַרויסגעשיקט קיין טיף רוסלאַנד און אַזוי אַרום געראַטעוועט זיך פון די דייטשע רוצחים. געפינט זיך היינט מיט איר מאַן און קינדער אין קרית מוצקין, ארץ ישראל).

# מאיר דער לינער-קאַפּלאַן ע״ה

**מאיר** קאַפּלאַן, אָדער „מאיר דער לינער״ ווי מען האָט אים גערופן, איז געבוירן 1865, בערך, ביי אַ לומדישער משפחה אין שאַוול, ליטע. זיין פאָטער איז געווען דיין אין שאַוועל. ביז אַרום 16 יאָר האָט ער געלערנט אין בית־מדרש אין שטאָט. אין יענע יאָרן, דערציילט מען, איז אויסגעבראָכן אַ הונגער אין שאַוולער געגנט און פיל מענטשן פון שטאָט האָבן זיך געלאָזט איבער דער וועלט צו זוכן חיונה. צווישן די וואַנדערער איז אויך געווען דער יונגער מאיר, וועלכער האָט נאָך לאַנגע נדודים דערשלאָגן זיך קיין פינסק און גע־זעצט זיך דאָרט לערנען אין ישיבה.

מיט אַ צייט שפּעטער איז אין פינסקער ישיבה געקומען אַ ישובניק פון דאָרף לינע, ביי יאַנאָווע, און געבעטן דעם ראש ישיבה צו רעקאָמענדירן אים אַ בחור צו לערנען מיט די קינדער פון דאָרף. דער ראש ישיבה האָט אָנגעוויזן אויף מאיר׳ן, און אַזוי אַרום איז דער שאוולער ישיבה־בחור מגולגל געוואָרן אין דעם ווייטן פּאָלעסיער דאָרף לינע, וווּ ער האָט אויך חתונה געהאַט און געצויגן זיין חיונה פון קרעמעריי. ר׳ מאיר איז געוואָרן אַ תושב אין לינע און באַקומען דעם נאָ־מען „מאיר דער לינער״.

אַזוי האָט זיך עס געצויגן ביז 1907, ווען די צאַרישע מאַכט האָט ריקזיכטסלאָז אָנגעהויבן דורכפירן די גזרה פון תחום־מושב, אַרויסצוטרייבן די ייִדן פון די דערפער. דאַן איז ר׳ מאיר געווען געצוווּנגען צו פאַרלאָזן דעם דאָרף לינע און האָט זיך באַזעצט אין דראָהיטשין.

פאַר אַ קורצער צייט האָט ר׳ מאיר געלערנט גמרא מיט

די עלטערע קינדער פון שולע „יבנה" און מיט אַנדערע. שפּע־טער האָט ער אויפגעגעבן דאָס מלמדות און געלערנט פאַר זיך אין בית־מדרש. יאָרן לאַנג, ביז זיין פּטירה, האָט ער געלערנט משניות פאַרן עולם אין אַלטן בית־מדרש און אויך געווען א בעל־תפילה אין די ימים־נוראים.

ר׳ מאיר האָט געהאַט אַסך רגש און יראת שמים; ער איז אויך געווען באַוואוסט פאַר א גרויסן מכניס־אורח. כמעט אַלע מגידים, משולחים און סתם אורחים, וואָס פלעגן דורכ־פאָרן דראָהיטשין, האָבן זיך אויפגעהאַלטן ביי ר׳ מאיר׳ן אין הויז. ער האָט אויך אָפט אַרויסגעהאָלפן א געקוועלטן ייד מיט אַ גמילות־חסד.

אין 1939, ווען די דייטשע עראָפּלאַנען האָבן באָמבאַר־דירט דראָהיטשין און אַלע זיינען זיך צעלאָפן אין די פעלדער און וועלדער צו באַהאַלטן, איז מאיר געבליבן זיצן ביי זיך אין הויז און געלערנט ווי תמיד. באָמבעס זיינען געפאַלן אַרום, שויבן האָבן געפּלאַצט און הייזער האָבן זיך געטרייסלט, אָבער ביי ר׳ מאיר׳ן אין הויז האָט קיין איין שויב ניט געפּלאַצט.

ר׳ מאיר איז געשטאָרבן י״ז חשון, 1940, און האָט נאָך געהאַט די זכיה צו קומען צו קבר ישראל אויף דעם דראָהי־טשינער בית־עולם, ווערנדיק אַרויסבאַגלייט פון דער גאַנ־צער שטאָט. (זע זייך בילד אויף זייט 52).

ר׳ מאיר האָט געהאַט פינף קינדער: שרה איזענשטיין (אומגעקומען מיט איר מאַן אליה אין דראָהיטשין), צדוק, יוסף (ביידע געשטאָרבן), פערל און ישעיה (לעבן אין ניו־יאָרק).

# מעשל אַווערבוך ע״ה

**משה** המכונה מעשל אַווערבוך איז געבוירן 1860 אין פּרוזשאַני. זיין חינוך האָט ער באַקומען אין חדר און אין ישיבה, האָט אויך געלערנט וועלטלעכע בילדונג און גוט באַ־הערשט די רוסישע שפּראַך.



ר׳ מעשל אַווערבוך, ע״ה

נאָך גאָר יונג איז ר׳ מעשל אָנגעקומען פאַר אן אידעם צו ר׳ חאצקל וואַלעוועלסקי פון דראָהיטשין. מיט דער מיטהילף פון זיין גביר׳שן שווער און זיין אשת חיל חוה, האָט ר׳ מעשל זיך גענומען צו מסחר און האָט שטאַרק מצליח געווען. ער האָט געהאַט דעם גרעסטן און רייכסטן באַקאַליי־געשעפט אין דראָהיטשין. אַלע פּריצים און נאַטשאַלניקעס פון געגנט זיינען געווען פון זיינע קונדן, וועלכע האָבן אים געהאַלטן פאַר אן ערלעכן געשעפטסמאַן.

ר׳ מעשל, וועלכער האָט געשמ׳ט פאַר אַ למדן און משכיל און האָט זיך געדעכנט פאַר דעם גרעסטן נגיד פון שטעטל, איז געווען אַ נחבא אל הכלים. ער האָט זיך נישט גע׳קהל׳ט, אין ערגעץ נישט געגאַנגען און ערגעץ נישט געקומען. זיין איינציקער וועג איז געווען פון הויז אין בית־מדרש און פון בית־מדרש אין געשעפט. אין די שבתים און בין מנחה למעריב אינדערוואָכן, ווען ער האָט געהאַט צייט, איז ער געזעסן אין אַלטן בית־מדרש און געלערנט ש״ס.

אין 1941 איז ר׳ מעשל מיט זיין זון אברהם און אַנדערע געוואָרן אַרויסגעשיקט דורך די רוסן קיין סיביר, ווו ער איז כ״ב כסלו, 1943, געשטאָרבן און געקומען צו קבורה אויף אַ קריסטלעכן בית־עולם.

•

**חוה** אווערבוך, די פרוי פון מעשל אווערבוך, איז געבוירן אין 1864 אין דראָהיטשין. איר פאָטער, ר׳ חאצקל וואַלע־וועלסקי האָט געשטאַמט פון א נגידישער משפחה, וועלכע ציט איר יחוס פון די קאַצענעלנבויגנס און פון ר׳ שאול וואַהל.



חוה אַווערבוך, ע״ה

חוה חאצקל׳ס, ווי מען האָט איר גע־רופן, איז געווען אַ העלדישע פרוי מיט פיל מעלות: געביל־דעט, באַגאַבט, קלוג און אַן אויסגע־צייכנטע געשעפטס־פרוי. סיי יידן און סיי קריסטן האָבן געהאַט פאַר איר גרויס דרך־ארץ. חוה האָט גע־האַט אַ פיין־פילנדן כאַראַקטער און האָט שטילערהייט, בסתר, געהאָלפן לינדערן די יידישע אָרעמקייט אין שטעטל. חוה פלעגט זאָגן: „אַ דראָ־היטשינער בעל־עגלה שטייט ביי איר העכער ווי אַ קאָברינער בעל־הבית"...

חוה, וועלכע איז די לעצטע יאָרן נישט געווען ביי איר געזונט, איז געשטאָרבן אין 1931 אין דראָהיטשין.

די אַווערבוך׳ס האָבן געהאַט דריי זין און איין טאָכטער: זאַוול, אברהם, מנחם און מנוחה. אברהם לעבט אין ארץ ישראל און מנוחה אין רוסלאַנד. (זע זייטן 78, 187 און 188).

# אליהו אייזענשטיין ע״ה

**אליהו** אייזענשטיין איז געבוירן 1875, בערך, אין דראָהיטשין צו זיינע עלטערן ר׳ דוד און חיה גיטל. זיין מוטער, ע״ה, א משפּחה־אָפּשטאַם פונעם מקובל ר׳ דוד׳ל יפה, זצ״ל, האָט געהאָפט צו מאַכן איר אליה׳ן פאַר אַ רב. דער יונגער אליה האָט אַרויסגעוויזן גוטע פייאיקייטן אין לערנען. ער האָט שוין געלערנט אַ בלאַט גמרא.

לאַנג האָט אָבער אליה נישט געקענט אָנגיין מיט זיין לערנען, מחמת אין שטוב זיינען געווען נאָך פינף קינדער, קלענערע פון אים, און ווייל די מאַטעריעלע לאַגע אין שטוב איז נישט געווען אַזוי גוט, איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז דער יונגער אליהו זאָל פאָרן קיין אַמעריקע צו זיין פאָטער ר׳ דוד, ע״ה, וועלכער איז שוין דאַן געווען אין שיקאַגע. נאָך לאַנגע נדודים און וואָגלענישן אין דער יונגער אליה אָנגעקומען (1891) קיין שיקאַגע.



אליהו אייזענשטיין, ע״ה

אין די ערשטע יאָרן פון זיין אָנקומען קיין שיקאַגע, האָט אייזענשטיין, ווי יעדער נייער אימיגראַנט, געמוזט זיך אַביסל צומאַטערן מיט פּרנסה. אַ שטיקל צייט (1895) האָט ער געהאַלטן אַ סטאָר פון קליידער א.א.וו. ביז ער גייט אַריבער צום מסחר מיט הייזער („ריעל־עסטייט") און דאָ הייבט זיך אָן זיין שטייגן.

פון אָנפאַנג האָט זיך אייזענשטיין פאַרנומען בלויז מיט קויפן און פאַרקויפן. שפּעטער ווערט ער קאָנטראַקטאָר־אונטערנעמער און בויט אַליין הייזער און אַנשטאַלטן. אין משך פון די יאָרן 1904־1916 האָט אייזענשטיין אויסגעבויט צענדליקער גרויסע און שיינע בנינים.

זינט דעם יאָר 1916 האָט ער זיך פאַרנומען מיט קוילן־מסחר. פאַר אַ צייט (1923) איז ר׳ אליהו אויך געווען ווייס־פּרעזידענט פון דער קאָמיוניטי באַנק אויף רוזוועלט ראוד.

צו דער זעלבער צייט, גיט זיך אָפּ ר׳ אליהו אייזענשטיין מיט געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. ער איז געווען גרינדער־פּרעזידענט פון דער ערשטער דראָהיטשינער שוהל (1906) אויף ריסין עווניו און קלאַרק סטריט. אין 1915 איז ער איניציאַטאָר און בויער פון דער גרויסער דראָהיטשינער שוהל אויף דאָגלאַס־העמלין — היינטיקע קהלת־יעקב שוהל — וווּ ער איז געווען אין משך פון 3 יאָר איר ערשטער פּרעזידענט. אין יאָר 1924 בויט ער אויס די גרויסע קהלת־יעקב תלמוד־תורה, ווו ס׳האָבן געלערנט הונדערטער קינדער. אייזענשטיין איז געווען פּרעזידענט פון דער תלמוד־תורה זינט איר גרינדונג ביז זיין לעצטן טאָג.

אין יאָר 1920 פאָרט ר׳ אליהו אייזענשטיין, אַלס דעלעגאַט פון די לאַנדסלייט, קיין דראָהיטשין.

אַ רייזע דאַן קיין פּוילן איז צוליב דער פּויליש־רוסישער מלחמה געווען פאַרבונדן מיט גרויס געפאַר. דאָך האָט ער זיך מיט גרויס מסירת־נפש דערשלאָגן אין שטעטל און געבראַכט טרייסט און האָפענונג צו די מלחמה־געליטענע דראָהיטשינער, צו וועמען ער האָט אויסגעטיילט פיל טויזנטער דאָלאַרן, וואָס זייערע קרובים האָבן מיטגעשיקט מיט אים. אייזענשטיין האָט אויך געגעבן אַ סומע געלט צו בויען אַ שולע אין דראָהיטשין.

אין יאָר 1921 פאָרט אייזענשטיין צום צווייטן מאָל קיין פּוילן. דאָס מאָל איז ער שוין דער שליח, נישט נאָר פון די דראָהיטשינער לאַנדסלייט, נאָר אויך פון די לאַנדסלייט פון גאַנצן געגנט. אַרום 300 טויזנט דאָלער האָט אייזענשטיין דאַן פאַרנאַנדערגעטיילט צו די יידן פון כינסק, בריסק, דראָהיטשין, יאַנאָווע, מאָטעלע, אַנטאָפּאָליע, בערעזע א.א. מען האָט געדאַרפט שטיין אין דער ריי ביז מען האָט זיך געקענט צושלאָגן צו אים אויף אָפּצונעמען די גרוסן פון די אַמעריקאַנער קרובים. אַזוי פיל מענטשן זיינען געקומען צו אייזענשטיינען טאָג־טעגלעך.

אייזענשטיין האָט אויך דאַן אויסגעפועלט וויזעס פאַר צענדליקער יידישע פאַמיליעס, וועלכע ער האָט מיטגענומען מיט זיך קיין אַמעריקע. די דאָזיקע האָבן אים היינט פיל צו פאַרדאַנקען וואָס זיי האָבן זיך באַצייטנס אַרויסגעראַטעוועט פון גיהנום.

אין יאָר 1922 ווערט אייזענשטיינען אָנפאַרטרויט די מיסיע

אויסצובויען אַ ישיבה אין שיקאַגע. און אַלס פּאַרזיצער פון בוי־קאָמיטעט, האָט ער אין משך פון אַ האַלב יאָר אויפגעבויט דעם היינטיקן גרויסן בנין פון בית־מדרש לתורה, וו ער האָט פאַר אַ צייט פאַרנומען דעם אַמט פון „טשערמאַן פון באָרד". ביז זיין טויט איז אייזענשטיין געווען דער פינאַנץ־טשערמאַן פון בית מדרש לתורה אויף דאָגלאַס בולוואַר.

אליהו אייזענשטיין איז אויך געווען פון די הויפּט־גרינדער פון „ועד־החינוך" (פאַראייניקטע תלמוד־תורה׳ס). מיט זיין איניציאַטיוו און הילף איז, טראָץ דער קעגנערשאַפט פון אַנדערע, אָפּגעקויפט געוואָרן דער בנין אויף ווילקאָקס עוועניו, וואָס האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ דערפאָלג. אין דעם דאָזיקן בנין געפינט זיך היינט די צענטראַלע פון „ועד־החינוך", וועמענס פּרעזידענט אייזענשטיין איז געווען די גאַנצע צייט.


שטייען פון רעכטס: ב. זיסוק, אברהם גראַטש, שלום גראַטש, אליהו אייזענשטיין, דוד עפּשטיין, מנחם אַווערבוך, איטשע גאָלדמאַן (זיצט) און בערעלע וויכנעס. ליגן פון רעכטס: י. זילבערשטיין, יוסף גראַטש, עזרא ווייסמאַן און טעוול זבאַר.
אין 1920, ווען א. אייזענשטיין איז געווען אין דראָהיטשין.

אין 1950 איז אייזענשטיין געווען דער איניציאַטאָר און בויער פון דעם נאָרט־לייק־שאָר „תורה צענטער". פאַר דעם דאָזיקן צוועק האָט אייזענשטיין געגעבן מער ווי 50 טויזנט דאָלער. „שיקאַגער צייטשריפט", אָקטאָבער, 1951.

אליהו אייזענשטיין איז געשטאָרבן י"ד טבת, תשי"ד — 20־טן דעצעמבער, 1953.

אויף אַ פאַרזאַמלונג אין נאָרט־לייק־שאָר „תורה־צענטער" איז אייזענשטיין פּלוצלונג אַוועקגעפאַלן און אויסגעגאַנגען...

אין זיין צוואה האָט אליהו אייזענשטיין כמעט זיין גאַנצן פאַרמעגן אָפּגעשריבן פאַר רעליגיעזע חינוך־מוסדות אין שיקאַגע און אַנדערשוואו, לויט דעם איינזען פון די אַפּוטרופּסים.

אליהו אייזענשטיין האָט איבערגעלאָזט אַ פרוי, חוה (איווע) אייזענשטיין (וועלכע שטאַמט אָפּ פון גרויסן יחוס, איר פאָטער ר׳ משה סאַלק, איז געווען לאַנג־יעריקער גבאי פון דער רוסישער שוהל אין שיקאַגע); 4 ברידער און איין שוועסטער: ליפּמאַן, ישראל ברוך, לייזער, אברהם און רייכל אייזענשטיין.

# חייקל גראַטש ע״ה

חייקל גראַטש איז געבוירן 1867 צו זיינע עלטערן ר׳ שמעון אוןביילע אין דראָהיטשין. ער האָט געלערנט אין חדר און כריוואַט ביי מלמדים, באַזונדערס ביי הרב יוסף וואָלע־וועלסקי, זייענדיק איינער פון די בעסטע גמרא תלמידים.


ר׳ חייקל גראַטש, ע״ה

אין 1890 האָט חייקל געהייראַט אסתר יהודית׳ן, די טאָכטער פון ר׳ישעיה און אַסנע פון ספּאָרע־ווע (נעבן כאָמסק). די גאַנצע י אָ ר ן איז חייקל געווען א נהנה מיגיע כפיו און האָט ערלעך געאַרבעט פאַר זיין עקזיסטענץ. 2 מאָל איז ר׳ חייקל געפאָרן קיין אַמעריקע. דעם ערשטן מאָל איז ער געקומען קיין ניו־יאָרק אין 1900. ווען ער האָט זיך געקליבן צוריקצופאָרן (דעם צווייטן מאָל) אַ היים, איז ער פּלוצלונג פאַרשלאָפט געוואָרן און ג׳ שבט תרס"ו, 1906, געשטאָרבן. ער איז געקומען צו קבורה אויף דעם דראָהיטשינער בית־עולם אין ניו־יאָרק.

ר׳ חייקל איז געווען א מושלם און א רצוי לקהל. פלעגט לערנען פאַרן עולם, געקענט דרשנ׳ען, געווען אַ גוטער בעל תפלה און בעל־קורא, און באַהערשט די העברעאישע און רוסישע שפּראַך. איז אויך געווען אַ חובב־ציון. די דאָזיקע אייגנשאַפטן זיינע האָט ער אויסגענוצט לטובת הכלל סיי אין דראָהיטשין און סיי אין ניו־יאָרק, וו ער איז געווען אַן אַקטיווער מיטגליד פון „אגודת אחים אנשי דראָהיטשין שוהל".

ר׳ חייקל האָט געהאַט 2 זין: אברהם און יוסף.

# אסתר יהודית גראַטש

אסתר יהודית גראַטש איז געבוירן ביי אַ שיינער פאַמיליע אין ספּאָרעווע, אַ דאָרף ביי קאָמסק. איר פאָטער ר׳ ישעיה ב״ר שלום שכנא שאַפּירא (י״צ ח׳ אדר שני), האָט זיך פאַרנומען מיט מסחר. איר מוטער האָט געהייסן אַסנע דבורה, אַ טאָכטער פון אברהם יהודה (י״צ ט״ו אלול). איר חינוך האָט זי באַקומען אין קאָמסק. האָט אויך געלערנט העברעאיש און רוסיש.


אסתר יהודית גראַטש

אין 1890 האָט אסתר יהודית חתונה פאַר חייקל גראַטש און מאַכט איר היים אין דראָהיטשין. זי עפנט אַ גאַלאַנטעריי־קראָם און העלפט דעם מאַן אין דער פּרנסה. אסתר־יהודית צייגט זיך ארויס מיט דער צייט צו זיין אַ גוטע געשעפטס־פרוי. מיט איר ערלעכקייט געווינט זי צוטרוי און גלויבן אין שטעטל און שאַפט זיך איין אַ סך קונים. נאָכן טויט פון איר מאַן, חייקל, אין יאָר 1906, איז אסתר יהודית די גאַנצע שפּייזערין און דערציערין פון אירע 2 געראָטענע קינדער, אברהם און יוסף, וועלכע האָבן, אַחוץ יידישע למודים, באַקומען אַ גימנאַזיע־קורס אין וועלטלעכער בילדונג. שפּעטער, אַז די קינדער וואַקסן אונטער, העלפן זיי דער מוטער אין געשעפט.

אין 1912 האָט אסתר יהודית חתונה צום צווייטן מאָל פאַר קדיש גרינשטיין פון ליבעשיי און געווען אַן איבערגעבענע מוטער צו איר מאַנ׳ס צוויי יונגע טעכטער ברכה און חנה.

אין 1926 גייט זי אַרויס פון געשעפט און גיט זיך איבער דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. זי ווערט די אָנפירערין פון „לינת־הצדק״ און אויך מיטגרינדערין און פרעזידענטין פאַר פיל יאָרן פון „צענטאָס״ (אַ „געזעלשאַפט פאַר יתומים־פאַרזאָרגונג״) אין דראָהיטשין. אסתר יהודית גיט אַוועק אַ סך ענערגיע און צייט לטובת די דערמאָנטע געזעלשאַפטן, וועמענס זיצונגען קומען פאָר ביי איר אין הויז. זי זאַמלט געלט, עסנוואַרג און טראָגט הילף צו אָרעמע חולאים און עלענדע יתומים. פאַר איר בוצלעכער אַרבעט אין „צענטאָס״, ווערט אסתר יהודית געקרוינט מיטן נאָמען: „די מאַמע פון די יתומים״.

אין 1938 איז אסתר יהודית געקומען מיט אַ באַזוך צו אירע קינדער קיין שיקאַגע. זי האָט געהאַט בדעה צוריקצופאָרן קיין דראָהיטשין, האָט זיך אָנגערוקט (1939) די וועלט־מלחמה און זי איז שוין פאַרבליבן אין אַמעריקע און אַזוי אַרום ניצל געוואָרן פון די דייטשע רוצחים.

איר מאַן קדיש מיט אַ טאָכטער חנה און פאַמיליע זיינען אומגעקומען, הי״ד!

אין שיקאַגע איז אסתר־יהודית אויך געווען טעטיק אין דער פּרויען־אויקזילערי פון קהלת־יעקב שול און תלמוד־תורה, ווי אויך פון דער עטרת־ציון שול.

אסתר יהודית׳ס זין, אברהם און יוסף, לעבן אין שיקאַגע. אברהם׳ס פרוי, טאַניע, וועלכע שטאַמט פון דער אָנגעזעענער משפּחה גאָלדהאַנד פון פינסק, האָט פאַר פיל יאָרן פּראַקטיצירט דענטיסטיק אין דראָהיטשין. יוסף׳ס פרוי, פרידע, אַ געבוירענע אין אַמעריקע, איז אַן אייניקל פון ר׳ יוסף שחט, באַקאַנט אַלס ר׳ יאָסל טשערנעס, פון דראָהיטשין.


ערשטע ריי פון רעכטס: מערי טרובאָוויטש, חנה גרינשטיין־בראַווערמאַן, אברהם גראַטש און אָסקע לאַסאָווסקי (יינגעלע). צווייטע שורה פון רעכטס: חיים (הערמאַן) גראַסמאַן, אסתר יהודית גראַטש־גרינשטיין. און קדיש גרינשטיין. דריטע ריי: זעליק גראַסמאַן, הערצקע בוף, חיה׳קע לאַסאָווסקי, טאַניע גראַטש, מלכה קאַפּלאַן און גדליה גראַסמאַן.

# מלכּה וואַרשאַווסקי

**מלכּה** וואַרשאַווסקי איז געבוירן 1869, בערך, אין דראָ־היטשין צו איר פֿאָטער ר׳ יצחק אייזיק און מוטער טויבע לאה וולאָדאַווסקי, און איז אויפֿגעבראַכט געוואָרן אַלס אַ פֿרומע יידישע טאָכטער.

אין 1886 האָט זי חתונה געהאַט פֿאַר יעקב צבי וואַר־שאַווסקי אַ זון פֿון מרדכי וואַרשאַווסקי, וועלכער האָט אָפּ־



מלכה וואַרשאַווסקי

געשטאַמט פֿון ר׳ דוד׳ל יפה, זצ״ל. ענערגיש און קלוג, איז מלכה געווען צו איר מאַן אַן אשת חיל, וועלכע האָט געפֿירט אַן עכט־יידישע הויז און האָט נאָך אויך געהאַט צייט צו אָפּגעבן זיך מיט קהל׳שער אַרבעט, העלפֿנדיק אָרעמע און נויט־ליידנדע.

אין 1906 איז נאָך אַ קורצער קראַנקייט, ל״ע, אָפּגע־שטאָרבן ביי איר דער מאַן, ר׳ יעקב צבי (אַלט געווען 39 יאָר), און זי איז פֿאַרבליבן אַן אלמנה מיט 7 יונגע יתומים. מלכה האָט גענומען אויף זיך די ראָלע צו זיין אויך אַ פֿאָטער צו אירע קינדער. זי האָט זיך אויפֿגעמאַכט אַ שפּייז־קראָם און האָט מפרנס געווען און דערצויגן אירע קינדער אין יידישלעכן גייסט.

די יאָרן פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט מלכה מיט אירע קינדער דורכגעמאַכט אין דאָרף בילינקע (ביי דראָ־היטשין) וואו זיי האָבן זיך פֿאַרנומען מיט פֿעלד־אַרבעט.

סוף פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט מלכה אַדורכ־געלעבט אַ שרעקלעכע טראַגעדיע מיטן טויט פֿון איר זון ישראל־ברוך, וועלכער איז נאָך אין 1911 אַוועק קיין אַמעריקע און איז אַלס אַמעריקאַנער סאָלדאַט געפֿאַלן אין שלאַכט אויף דעם פֿראַנצויזישן פֿראָנט דריי חדשים פֿאַרן סוף פֿון דער מלחמה. די דאָזיקע טרויעריקע ידיעה האָט מלכה באַקומען דירעקט פֿון דער אמעריקאַנער רעגירונג. מלכה׳ס זון, ישראל־ברוך, איז געווען ז׳ער איינציקער קרבן פֿון די דראָהיטשינער אין אַמעריקע אין דער ערשטער וועלט־מלחמה.

אין 1920 האָט מלכה באַקומען אַן אָפֿיציעלע דערלויבעניש פֿון דער אַמעריקאַנער רעגירונג אַריינצוקומען אין לאַנד און זי האָט זיך באַזעצט מיט אירע קינדער אין שיקאַגע.

דאָ אין שיקאַגע האָט זיך מלכה אַריינגעוואָרפֿן מיט איר גאַנצער ענערגיע אין דער געזעלשאַפֿטלעכער אַרבעט. זי האָט גענומען העלפֿן די דראָהיטשינער נייע אימיגראַנטן, וועלכע האָבן זיך געפֿילט ביי זייער אָנקומען אין לאַנד עלנד און פֿאַרלאָזן.

מלכה׳ס הויז איז שטענדיק געווען אָפֿן פֿאַר די ניי־געקו־מענע לאַנדסלייט, וועלכע האָבן געפֿונען דאָרט אַ היימישע וואַרעמקייט, געקענט אָפּעסן אַ כשר׳ן מאָלצייט, איבערשלאָפֿן אַ נאַכט און אויך געהאַט אין מלכה׳ן אַ העלפֿנדיקע האַנט ביים איינאָרדענען זיך דאָ אין לאַנד.

באַזונדערס האָט מלכה זיך אָפּגעגעבן מיט אַרויסהעלפֿן די מלחמה־געליטענע און נויט־ליידנדע אין דראָהיטשין, וועלכע האָבן איר פֿאַרוואָרפֿן מיט בקשות וועגן הילף. איין בקשה איז געווען צו העלפֿן חתונה מאַכן אַ טאָכטער; אַ צווייטע — צו שיקן געלט אויף קויפֿן אַ בהמה; אַ דריטע — אויף ברויט און מלבושים פֿאַר יתומים; אַ פֿערטע — צו העלפֿן קראַנקע אין שפּיטאָל; צו העלפֿן מאַכן אַן אָפּעראַציע א.א.וו. און מלכה האָט אַלעמען געהאָלפֿן.

גאָר ספּעציעל האָט זיך מלכה אָפּגעגעבן מיט „הכנסת־



בילד פֿון ר׳ מרדכי וואַרשאַווסקי, ע״ה, (שווער פֿון מלכה׳ן) געשטאָרבן אין די צוואַנציקער יאָרן. מרדכי׳ס זון, ר׳ יעקב צבי וואַרשאַווסקי, (מאַן פֿון מלכה׳ן) איז געשטאָרבן אין דראָ־היטשין אין עלטער פֿון 39 יאָר, — כ״ד שבט, 1906.

כלה". זי האָט אַ גרויסע צאָל אָרעמע יידישע מיידלעך, יתומות, אין דראָהיטשין אַרויסגעהאָלפן מיט חתונה־גאַרדעראָבעס, אויסשטייער און נדנ'ס אום דערמעגלעכן זיי צו חתונה האָבן און קומען צו אַ תכלית.

מלכה איז אויך געווען אַ טעטיקע מיטגלידערין אין קהילת יעקב שוהל און תלמוד־תורה, בית מדרש לתורה, „פּאַראָקיאַל־סקול" און אַנדערע אינסטיטוציעס אין שיקאַגע.

עס איז כמעט נישטאָ קיין איין יידישע אינסטיטוציע אין אַמעריקע און אין ארץ ישראל, וואָס האָבן זיך ניט געווענדעט נאָך הילף צו מלכה וואַרשאַווסקי און זי האָט שטענדיק אַנט־קעגנגעקומען אַלע בקשות.

מלכה האָט אין איר באַזיץ אַ גאַנצן זאַק מיט בריוו און קבלות אויף געלט־צאָלונגען פון צענדליקער אינסטיטוציעס, ווו זי איז געווען זינט יאָרן אַ שטענדיקע ביישטייערין.

מלכה וואַרשאַווסקי האָט געהאַט 7 קינדער: משה שמואל און מאיר (אומגעקומען מיט זייערע פאַמיליעס אין דראָהי־טשין); ישראל ברוך (געפאַלן אין דער ערשטער וועלט־מל־חמה); אליה דוד (געהרג'עט געוואָרן פון אַן אויטאָ אין שי־קאגע); טויבע לאה (טילע) קייגען, לייזער וואַרשאַווסקי און יוסף ווארשא (לעבן אין שיקאַגע).


שיינקע וואַרשאַווסקי־בוים,
משה שמואל'ס טאָכטער, אומגעקומען. הי"ד

# הערשל חיים, חאַשע לעווין ע"ה

הערשל חיים לעווין און זיין פרוי „חאַשע די בראַנער־קע", ווי מען האָט איר גערופן, זיינען געווען פון די זעל־טענע טיפּן פון דראָהיטשין. קיין קינדער האָבן זיי נישט געהאַט, האָבן זיי זיך דערפאַר געשטעלט פאר א ציל צו העלפן די קינדער פון כלל.ביידע האָבן געהאַט די זעלבע השגות און באַגריפן וועגן לעבן און האָבן געאַרבעט אין הארמאָניע לטובת הכלל.


חאשע לעווין, ע"ה

ר' הערשל חיים איז פאר לאַנגע יאָרן געווען דער גבאי און פירער פון גאס־בית מדרש, ווו ער האָט אריינגעלייגט א סך צייט און ענערגיע; גבאי פון ביקור־חו־לים, האָט געזאַמלט געלט צו העלפן די שטעטלדיקע נצרכים און דורכפאַרנדיקע אורחים און משולחים. באַזונדערס האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיטן תורה־חינוך פון די אָרעמע קינדער: האָט געשטיצט תלמוד־תורה'ס און איז געווען פון די הויפּט אויפהאַלטער פון דער שטעטלדיקער ישיבה, וואָס האָט זיך געפונען אין גאַס־בית־מדרש.

האָט ר' הערשל־חיים איבערגעלאָזט זיין אַרבעט און אָנ־געטאָן זיין שבתדיקן בגד, האָט מען געוווסט אַז ער גייט טאָן א דבר מצוה. אַזעלכע פאַלן פלעגן טרעפן יעדן אַנדערן טאָג.

אין די זעלבע וועגן איז אויך געגאַנגען זיין פרוי חאַשע, וועלכע איז געווען די טאָכטער פון ר' משה נפתלי דעם בראַ־נער וואָלינסקי און אַ געבוירענע פון דראָהיטשין.

הגם אויסערלעך האָט זי אויסגעקוקט צו זיין נישט גאָר קיין געזונטע פרוי, האָט זי אָבער אינערלעך פאַרמאָגט אַ סך ענערגיע און פייער. זי איז ניט געגאַנגען, נאָר געלאָפן. און אַזוי האָט זי אויך געטאָן און גערעדט — גיך, גיך. זי האָט קיינמאָל קיין צייט ניט געהאַט, שטענדיק געווען אין באַ־וועגונג. דאָס גאַנצע שטעטל מיט אירע קלאַפּאָטן און זאָרגן איז געלעגן אויף איר קאָפּ.

חאַשע איז געלאָפן מבקר־חולה זיין די חולאים פון שטעטל און זען צי עס פעלט זיי נישט עפּעס. אויב מ'האָט געדאַרפט,



זיצן פון רעכטס צו לינקס: הערשל חיים און חאַשע לעווין, משה נפתלי בראָנער וואָלינסקי, לייב חיים וואָלינסקי און חייקל מילנער. שטייען פון רעכטס צו לינקס: דינע כאַרסעל, טענענבוים און זיין פרוי גאָלדע, פייטשע וויכנעס און משה נפתלי׳ס איניקל. די קינדער אין פראָנט: בערעלע וויכנעס און חייקל׳ס איניקל.

ר׳ משה נפתלי האָט געהאַט 10 קינדער: ישעיה, דוד, יצחק, לייב חיים, חאַשע לעווין, חוה מילנער, שרה חאַרסעל, ליבע, גאָלדע און פייטשע וויכנעס.

האָט זי אַליין געשלעפּט די אײַז פון די יאַדאָוונעס, געבראַכט די רעצעפּטן פון אַפּטייק, געוואַכט און געפלעגט דעם חולה ווי אן אמתע קראַנקן־שוועסטער.

גאָר באַזונדערס האָט זי געאַרבעט מיט איבערמענטשלעכע כחות בעת דער טיפוס־עפּידעמיע אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. ניט קוקנדיק אויף דער געפאַר פון ווערן אליין אָנגעשטעקט פון דער געפערלעכער מחלה, איז חאַשע אָפּגעזעסן ביי די חולאים אין שפּיטאָל און אין פּריוואַטע הייזער טעג מיט נעכט און געהאָלפן לינדערן זייערע ליידן. דאָס זעלבע אַז מען האָט באַדאַרפט העלפן אַן אָרעמע כלה מיט אויסשטייער אָדער באַזאָרגן אַן אָרימע יידישע פאַמיליע מיט שפּייז, איז אויך דאָרט חאַשע געווען.

א פּאָר יאָר נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָבן הערשל־חיים מיט חאשען אויסגעוואנדערט קיין ארץ־ישראל און זיך באַזעצט אין ראשון־לציון, ווו זיי האָבן פאָרגעזעצט זייער עבודת־הקודש.

הרב ישראל הלוי בארי (קאָלאָדנער), רב פון נס־ציונה אין ארץ־ישראל, שרייבט אונדז וועגן חאַשעס לעבן און טויט אין ארץ־ישראל:

„מיטוואָך, כ״ו שבט, תשי״ג, איז פון אונדז אוועקגעגאַנגען די גרויסע צדקנית חאַשע לעווין, ע״ה. טראָגנדיק אַ גלאָזטיי פאַר אן עלנדער פרוי אין מושב זקנים שפּיטאָל, איז זי געפאַלן און געשטאָרבן.

„חאַשע לעווין איז געווען אן אידעלע נשמה. זי האָט ניט געלעבט פאר זיך, נאָר פאר יענעם. אלע וואָס האָבן איר געקענט, וועלן איר נאָמען דערמאָנען צום שבח.

„עס וועלן איר געדענקען אירע פּלימעניצעס, וועלכע זי האָט אַראָפּגעבראַכט אויף אירע הוצאות קיין ארץ ישראל און זי האָט זיי חתונה געמאַכט; עס וועלן איר געדענקען די אַלע ישיבות און מוסדות־החסד, ווו זי האָט אריינגעגעבן א סך געלט; עס וועלן איר געדענקען די שולן אין „ראשון־לציון״, ווו זי האָט מנדב געווען א ספר־תורה און טייערן ווילנער ש״ס; עס וועלן איר געדענקען די אורחים, וועלכע פלעגן דורכפאָרן „ראשון־לציון״ און חאשע פלעגט זיי געבן עסן און טרינקען און נאַכטלעגער ביי איר אין הויז. א. א. וו.״

ר׳ הערשל־חיים איז געשטאָרבן טבת, 1937, אין ראשון לציון. ער האָט געשטאַמט פון כאָמסק.

---

# חייקל מילנער

חייקל מילנער, אַ זון פון ישראל דוד און חנה מילנער איז געבוירן 1870 אין דראָהיטשין און באַקומען זיין דערציאונג ביי מלמדים אין שטעטל. אין 1890 האָט ער געהייראַט מיט חוה׳ן, די טאָכטער פון ר׳ משה נפתלי וואָלינסקי. חייקל צוזאַמען מיט זיין שוואָגער, ישראל אלעזר חארסעל, זיינען געווען די אייגנטימער פון אַ גרויסער פאַראָווער מיל, די ערשטע אין געגנט. חייקל איז געווען פאַרוואַלטונגס־מיטגליד פון פאָלקס־באַנק, פון ועד־הקהילה, אַ חבר פון דער חברה קדישא, א. א. זינט 1934 לעבט חייקל מיט זיין פאַמיליע אין תל־אביב, ארץ ישראל.

די מילנערס האָבן געהאַט 6 קינדער: גאָלדע וויסאָצקי, יוסף, זאב, שפרה סאַראַטשיק, יצחק און שמואל.

יוסף איז געווען אין רענענקאַמף׳ס רוסישע אַרמיי, וואָס איז 1914 אַריין קיין אָסט־פּרייסן און דאָרט געפאַלן אין שלאַכט.

# דוד וואַרשאַווסקי ע״ה

דוד וואַרשאַווסקי איז געבוירן 1880, בערך, אין דראָהיטשין צו זיינע עלטערן מרדכי (מאָטיע) און ציפּע. פון זיין פאָטערס צד האָט ער אָפּגעשטאַמט פון דער משפחה פון דעם מקובל ר׳ דודל יפה, זצ״ל. זיין חינוך האָט ער באַקומען אין חדר און ביי מלמדים אין שטעטל.

נאָכ׳ן אָפּדינען דעם צאַר גאַנצע 4 יאָר, האָט דוד געהייראַט חיה רייזל ראַטנאָווסקי, פון סטרעלנאָיע (אַ דאָרף לעבן יאַנאָווע). אין 1905 פאָרט ער אַוועק קיין אַמעריקע, שיקאגע, ווו ער איז אָפּגעווען דריי יאָר און צוריקגעפאָרן קיין דראָהיטשין. ער האָט דאַן אויפגעמאַכט אַן אייזן־געשעפט (אין יואל לייב׳ס קראָם) און איז געווען אויפן וועג צו אַ זעלבסטשטענדיקן לעבן, האָט זיך אָנגעכאַפּט די וועלט־מלחמה (1914) און פון אַלץ איז געוואָרן א תל־עולם. דוד איז געוואָרן מאָביליזירט אין דער רוסישער אַרמיי און דער געשעפט מיט די סחורה איז פאַרברענט געוואָרן.

צוזאַמען מיט דוד׳ן זיינען דעמאָלט (אָנהויב 1915) מאָביליזירט געוואָרן: זעליג טענענבוים, אליה מילנער, שלום דער סטאליאר און נחום דער אָפּציער. אלע זיינען גלייך געוואָרן אָפּגעשיקט אויפן פראָנט. אליה און שלום זיינען געוואָרן פאַרוואונדעט און מען האָט זיי צוריקגעשיקט אהיים. אָבער דוד (צוזאַמען מיט די איבעריקע) איז אוועק מיט דער אָפּטרעטנדיקער רוסישער ארמיי און די גאַנצע צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע האָט מען פון אים גאָרנישט געהערט.

אין דער צייט, ווען זיין פאַמיליע, וועלכע האָט בעת דער דייטשער אָקופּאַציע געלעבט אין דאָרף בילינקע אונטער שווערע באַדינגונגען, האָט דאָ אים באַוויינט אלס א פארלאָרענעם, האָט דוד דאָרט אויסגעוואַלגערט זיך אויף פאַרשידענע פראָנטן פון דער צאַרישער ארמיי; איז אויסגעווען אין פיל געגענטן און שטעט אין רוסלאַנד, און פאַרענדיקט אלס סאָלדאַט פון דער רעוואָלוציאָנערער רוסישער אַרמיי אין יעקאַטערינענבורג, ווו דער רוסישער צאַר און זיין פאַמיליע זיינען דערשאָסן געוואָרן. אין דעם מאָמענט, ווען צווישן די ווענט פון דער דאָרטיקער פעסטונג האָט זיך אָפּגעשפּילט די היסטאָריש־טראַגישע דראמע, איז דוד דאַן געשטאַנען אויף דער וואַך (קאַראַאול) אין דרויסן . . .



יצן פון רעכטס צו לינקס: שעפּסל, חייה רייזל (מוטער), דוד (פאָטער) און אלטער פרידענבערג (איידעם). שטייע
פון רעכטס: בלומע, לייזער, ראובן, שמואל און שיינע לאה (פרוי פון אלטער). די קינדער פון רעכטס: שלמה, רבקה
און יונה, אייניקלאך.

אָנהויב 1919 איז דוד ענדלעך צוריקגעקומען אַהיים קיין דראַהיטשין. מיט אים איז אויך געקומען זעליק טענענבוים. אָבער נחום דער אָפּציער איז פאַרפאַלן געוואָרן ווי אין וואַסער אריין און עד היום ווייס מען נישט ווו זיין געביין איז אַהינגעקומען.

דוד האָט זיך צוריקגענומען צו זיין אייזן־מסחר. זיך געמישט אין שטאָטישע ענינים. געווען פאַרוואַלטונגס־מיטגליד פון פאָלקס־באַנק, ביקור־חולים, גמילות חסדים א. א. אָבער לאַנג האָט ער נישט געקאָנט אָנגיין מיט זיין אַרבעט. די מלחמה־איבערלעבונגען און באַזונדערס דאָס יאָרן־לאַנג וואַלגערן זיך אין די אָקאָפּעס, אין נעץ און אין קעלט, האָבן אונטערגעגראָבן זיין געזונט. זיין בלוט איז געוואָרן פאַרגיפטעט און אויף זיינע פיס האָט זיך אויסגעגאָסן אַן אונהיילבאַרע גאַנגרענע...

אונצייליקע מאָל איז דוד געפאָרן קיין וואַרשע צו קורירן זיך ביים פּראָפעסאָר סאָלאָוויטשיק; האָט דורכגעמאַכט עטלעכע אָפּעראַציעס און איז חדשים לאַנג אָפּגעלעגן דאָרט אין שפּיטאָל. לסוף האָט אים פּראָפ. סאָלאָוויטשיק אַמפּוטירט ל״ע אַ פוס... (דער שרייבער פון די שורות, אַ תושב אין וואַרשע אין יענע יאָרן, האָט אויך בייגעוווינט די טראַגישע אָפּעראַציע און איז אַרום דעם חולה אַרומגעגאַנגען...)

די דאָזיקע לעצטע אָפּעראַציע האָט אויך נישט געהאָלפן. די שרעקלעכע מחלה האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין דער צווייטער פוס און פאַרשפּרייט איבערן גאַנצן קערפּער. דוד איז נאָך חדשים פון שרעקלעכע יסורים אויסגעגאַנגען אויף זיין בעט אין דראַהיטשין כ״ח ניסן, 1940.

דוד׳ס פרוי, חיה רייזל; זיינע דריי זין: לייזער, ראובן און שמואל וואַרשאַווסקי; און טאָכטער שיינע לאה פרידענבערג מיט איר מאַן אלטער און זונעלע יונה — זיינען אַלע אומגעקומען אין דראַהיטשינער געטאָ אין 1942. הי״ד!...

פאַרבליבן ביים לעבן זיינען: אַ זון שעפּסל, מיט זיין פאַמיליע, וועמען די רוסן האָבן פאַרשיקט קיין רוסלאַנד און געפינען זיך היינט אין חיפה; און אַ טאָכטער בלומע גוטאָוו מיט איר מאַן מרדכי און קינדער, וועלכע האָבן נאָך אין יאָר 1934 עמיגרירט פון דראַהיטשין און לעבן היינט אין שיקאַגאָ.




# אהרן דראָגיטשינסקי ע״ה

**אהרן** דראַגיטשינסקי, אָדער „אַרעלע דער קרעמער", איז מבטן ומלדה געווען אַ יאַנאָווער. מערסטע פון זיין צייט האָט ער פאַרבראַכט אין בית מדרש ביי דער גמרא, און די פליכטן פון פרנסה און חיונה האָט ער איבערגעלאָזט צו זיין ווייב חינעלע, וועלכע איז געווען אַן ענערגישע און גוטע געשעפטס־פרוי. חינעלע איז געווען די קרעמערקע און די שפּייזערין. אהרן פלעגט זיך אַראָפּיאָווען אין קראָם בלויז אין אַ יאריד־טאָג. זיין אויפגאַבע איז געווען אַכטונג צו געבן אויף די גויים, זיי זאָלן נישט צושלעפּן עפּעס פון די פּאָליצעס...


ר׳ אהרן דראָגיטשינסקי ע״ה

אינטערעסאַנט איז, אין „המליץ" נומער 10 פון 1885 לייענען מיר, אַז אהרן דראַגיטשינסקי (מיט יצחק ראָזענקראַנץ) האָט זיך שטאַרק אָנגאַזשירט צו גרינדן אין דראַהיטשין אַ רוסישע „אוטשילישטשע" פאַר יידישע קינדער. דאָס דאָזיקע לאָזט זיך נישט גלויבן אויף אונזער אהרן דראַגיטשינסקי, אָבער פון קיין אַנדערן האָבן מיר נישט געהערט...

אהרן׳ס אַ זון, מאיר, האָט נאָך מיט פיל יאָרן צוריק אַוועק קיין אַמעריקע, ווו ער האָט זיך זייער גוט אַרויפגעאַרבעט. שפּעטער, האָט מאיר אַריבערגענומען קיין אַמעריקע זיינע שוועסטער רחל און טילע.

אין 1923 איז מאיר מיט זיינע שוועסטער, רחל און טילע, געקומען אויף אַ באַזוך צו זיינע עלטערן קיין דראַהיטשין, און האָט געגעבן שיינע נתינות פאַר שטאָטישע אנשטאַלטן. באַזונדערס האָט ער זיך געלאָזט פיל קאָסטן אויף צו פאַרענדיקן דעם נייעם בית־המדרש.

מאיר׳ס זון, באַראַן דע׳הוירש, אַ לאָיער אין פלאָרידע, איז אַ באַוווסטער באַנקיר און פילאַנטראָפּ. מאיר איז געשטאָרבן מיט עטלעכע יאָר צוריק.

אהרן און חינעלע זיינען שוין לאַנג אויפן עולם האמת, אָבער זייערע נעמען זיינען נאָך פריש אויף אַלעמענס ליפּן.

אהרנ׳ס טאָכטער, פייגל, און איידעם, ישראל זעליג לעוו, און זייער זון דוד מיט זיין פאַמיליע (יעקב סידאַראָוו׳ס איידעם) זיינען אומגעקומען. הי״ד!

# יצחק אבגדור טעלעכאַנסקי ע״ה

יצחק אבגדור טעלעכאַנסקי איז געבוירן 1865 ביי אַ חסידישער משפחה אין מאָטעלע און באַקומען אַ רעליגיעזע דערציאונג. נאָך זיין חתונה מיט עלקען, די טאָכטער פון אליהו וועלוועל איטשעלעס קראוועץ, איז ער געוואָרן אַ תושב



ר׳ יצחק אבגדור און עלקע טעלעכאַנסקי, ע״ה

אין דראָהיטשין, וווּ ער האָט געהאָלפן בויען דאָס חסידים־שטיבל און האָט דאָרט אַריינגעגעבן אַ נייע ספר תורה.

ר׳ יצחק אבגדור איז עטלעכע מאָל געפאָרן קיין אַמעריקע און צוריקגעקומען קיין דראָהיטשין ביז ער איז געוואָרן אַ שטענדיקער תושב אין שיקאַגע. ער האָט זיך דאָ גענומען צו מסחר און עס האָט אים אָפּגעגליקט. ער האָט געגעבן שיינע נדבות אין די הונדערטער דאלארן פאַר תלמוד־תורה און רעליגיעזע מוסדות אין לאַנד און אין ארץ ישראל.

אָנהויב די צוואַנציקער יאָרן ווען ר׳ יצחק אבגדור האָט זיך דערוווסט פון הרב קאַלענקאָוויטשעס אַ בריוו, וואָס איז אָנגעקומען צו ישראל ברוך אייזענשטיינען, אַז דראָהיטשין נויטיקט זיך אין אַ בנין פאַר אַ תלמוד־תורה און הכנסת־אורחים האָט ער אויסגעשריבן אַ טשעק אויף צוויי טויזנט דאלאר און איבערגעגעבן צו ישראל ברוך אייזענשטיינען פאַר דעם דערמאָנטן צוועק. שפּעטער האָט ער צוגעגעבן נאָך געלט.

און ווירקלעך, פאַר יצחק אבגדור׳ס געלט האָט הרב קאַלענקאָוויטש מיט זיינע בעלי בתים אָפּגעקויפט די הויז פון יהושע און ראַשע לאה שמיד (טאָכטער און איידעם פון יעקב שמעון לעוו). אין דער דאָזיקער הויז האָט זיך געפונען די שטאָטישע תלמוד תורה, הכנסת אורחים און גמילות־חסדים. אויך דער „מזרחי״ האָט געהאַט דאָרט זיין בית־התפילה.

פאַר זיין טויט האט ר׳ יצחק אבגדור אָפּגעשריבן אין אַ צוואה אַ דריטל פון זיין פאַרמעגן לטובת די ישיבות אין ארץ ישראל.

ר׳ יצחק אבגדור איז געשטאָרבן אין שיקאַגע כ״ד אדר ראשון, 1933.

זיין פרוי, עלקע, איז געשטאָרבן ח׳ איירי, 1939.

די טעלעכאַנסקי׳ס האָבן געהאַט צוויי זין און איין טאָכטער: מיכל, אברהם און מיימע אלטמאַן. אַלע געפינען זיך אין אַמעריקע. (זע דאָס בילד פון תלמוד־תורה אויף זייט 182).

# מענדל אייזענשטיין ע״ה

מענדל אייזענשטיין, געבוירן 1872 אין דראָהיטשין, האָט אָפּגעשטאַמט פון א חסידישער פאַמיליע. זיין פאָטער, מרדכי בער, אַ ייד א תלמיד־חכם, האָט זיינע גאַנצע יאָרן פאַרבראַכט אין בית המדרש ביי דער גמרא און איז געוואָרן אויסגעהאַלטן פון זיין פאָ הערש־לייב. מענדלס מוטער האָט געהייסן חאַמקע.



ר׳ מענדל אייזענשטיין ע״ה

זיין חינוך האָט מענדל באַקומען אין חדר און ספּעציעל ביי זיין פאָטער מרדכי־בער. שפּעטער האָט ער געהייראַט מיט באַשקען, די טאָכטער פון יצחק און מינדל גוטער, באַקאַנט אַלס „יצחק דער קייסער״, אַן אָנגעזעענער סוחר פון אנטאָפּאָליע. די אייזענשטיינס האָבן געפירט אַ חסידיש־באַלעבאַטישע יידישע הויז און געשיקט זייערע קינדער לערנען אין ישיבות. מענדל האָט געהאָלפן בויען דאָס חסידים־שטיבל, וווּ ער איז געווען פון די חשוב׳ע מתפללים. ער איז אויך געווען אַן אַקטיווער חבר פון דער חברה קדישא.

לײדער האָט ר׳ מענדל לאַנג נישט אָנגעצויגן. צו 43 יאָר איז ער אין דער טיפוס־עפּידעמיע פאַרשלאָפט געוואָרן און געשטאָרבן י״ג כסלו, 1915.

אויף ר׳ מענדל׳ס פרוי, באַשקע, איז דאָן געפאַלן די שווע־

רע לאַסט איבערצונעמען די פּאַטערלעכע השגחה און באַ־שפּייזונג פון אירע 5 קליינע קינדער, און זי האָט, ווי אַ גע־טרייע מוטער, מיט גרויס אייפער און אָנשטריינגונג, אירע פליכטן דערפילט.


באַשקע אייזענשטיין

אין 1921 האָט באַשקע אייזענשטיין מיט אירע קינדער אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע און זיך איינגעאָרדנט אין שי־קאַגע.

אויף אירע עלטע־רע יאָרן ווערט באַש־קע אויסגעהאַלטן בכבוד פון אירע קינ־דער: מרדכי בער, הערש־לייב, שכנא (טשאַרלז), נחמן (נאָרמאַן), העניע פּערל (עמאַ וואַלד) און איידא מאַטש, וועלכע געפינען זיך אַלע אין שיקאַגע.

# נחמן ווייסמאַן ע״ה

**נחמן** ווייסמאַן איז געבוירן 1852 צו זיינע עלטערן ר׳ יעקב און חנה אין כאַמסק. ער האָט געלערנט ביי מלמדים אין שטעטל און שפּעטער אין סלאָנימער ישיבה. (אין יענער צייט האָט אין סלאָנימער ישיבה אויסגעבראָכן די חולי־רע, ר״ל, וועלכע האָט אַוועקגעריסן פיל יונגע לעבנס. אויך ווייס־מאַן איז אַוועקגעפאַלן אויף דער זעלבער מחלה. נאָר מיט נסים איז ער געבליבן לעבן).

נאָכדעם האָט ווייסמאַן חתונה געהאַט אין דראָהיטשין מיט יודל דעם מילנער׳ס (טראַשינסקי) טאָכטער, פייגל. פאַר אַ צייט האָט ער ארויסגעהאָלפן זיין שווער אין פערד־מיל, ביז ער האָט איבערגענומען אין אַרענדע דעם פאַקט (דעם מילך־פאַרקויף) פון ראַווינער הויף.

האָט איינמאָל געטראָפן אַן אומגליק אין הויף: אַ מגפה איז אויסגעבראָכן צווישן די בהמות, וועלכע זיינען געפאַלן ווי די פליגן. איז נחמנ׳ס פרוי, פייגל, מיט דער הסכמה פון פריץ, פאַוועל מינקאָוו, געפאָרן צום צדיק ר׳ מרדכי׳לע אָש־מענער, אָדער ר׳ מרדכי׳לע סלאָנימער, זצ״ל, נאָך אַ ברכה. ר׳ מרדכי׳לעס ברכה האָט געהאָלפן און די מגפה האָט אויפ־געהערט.

מיט אַ צייט שפּעטער (מיט אַ 60 יאָר צוריק, בערך), איז ר׳ מרדכי׳לעס זון, ר׳ אשר דער „קאָזיאַנער ראַבין״, אַ תושב אין דראָהיטשין, (זע זייט 154) געקומען אין קאָנפליקט מיט דער צאַרישער מאַכט צוליב אַ טעות וואָס ער האָט געמאַכט אין די מעטריקאַציע־ביכער. עס האָט אים געדראָט אַ האַרבע שטראָף. איז ר׳ אשר צוגעפאָרן צו זיין פאָטער, ר׳ מרדכי׳לע, נאָך אַן עצה. פרעגט אים ר׳ מרדכי׳לע: „ווער איז פאַראַן אין דראָהיטשין פון די איינפלוסרייכע פערזאָנען, וואָס זאָל קע־נען גוט־זאָגן פאַר דיר?״ ענטפערט ר׳ אשר: „עס איז דאָ דער ראַווינער פריץ, מינקאָוו, ער האָט אַ סאַך איינפלוס אין די הויכע פענצטער, און צוקומען צום פריץ קען מען דורך דעם ראַווינער פאַקטער, ר׳ נחמן ווייסמאַן...״

ר׳ מרדכי׳לע האָט זיך גלייך דערמאָנט, אַז מיט אַ צייט צוריק איז ביי אים געווען די פרוי פון ראַווינער פאַקטער נאָך אַ ברכה. ר׳ מרדכי׳לע האָט באַלד געגעבן ר׳ אשרן אַן המלאכה־בריוו צום ראַווינער פאַקטער, ווייסמאַן, אַז ער זאל


ר׳ נחמן און פייגל ווייסמאַן, ע״ה

זיך זעען משתדל זיין פאַר זיין זון ביי דעם ראַווינער פריץ. ר׳ נחמן האָט ווירקלעך גערעדט מיט דעם פריץ און די גאַנצע „דיעלע״ איז בטל געוואָרן...

(דערציילט פון נחמנס זון, זיידל ווייסמאַן פון שיקאַגע.)

אין 1911 האָט ר׳ נחמן פאַרלאָזט דעם ראַווינער הויף און זיך באַזעצט אין דראָהיטשין, ווו ער האָט די רעשט פון זיינע יאָרן געצויגן זיין חיונה פון דער קרעמל, וואָס ער האָט גע־האַט אין מאַרק.

ר׳ נחמן, וועלכער איז געווען אַ שטילער, אָרענטלעכער ייד, איז געשטאָרבן י״א אייר תרע״ט, 1919, אין דראָהיטשין.

ר׳ נחמנ׳ס פרוי, פייגל, וועלכע איז די גאַנצע יאָרן געווען די עקרת־הבית, איז געשטאָרבן יום־כפור, 1929, אין שיקאַגע.

די ווייסמאַנ׳ס האָבן געהאַט דריי טעכטער און איין זון: חיה קאַרעליץ (לעבט אין שיקאַגע), רבקה דייטש (לעבט אין ניו־

יאָרק), באָבטשע (געשטאָרבן י״ג אייר, 1931, אין שיקאַגע) און זיידל ( אַ סוחר אין שיקאַגע).

בריוו פון ר׳ מרדכי׳לע סלאָנימער, זצ״ל, וועגן נחמן ווייסמאַן




מצבה פון ר׳ נחמן ווייסמאַן, געשטאָרבן י״א אייר, תרע״ט, 1919 אין דראָהיטשין.

באָבטשע ווייסמאַן (אַ טאָכטער) געש. יג אייר 1931 אין שיקאַגע.

# גדליה גראָסמאַן הי״ד

**גדליה** גראָסמאַן, געבוירן 1875, בערך, אין דראָהיטשין, איז געווען אַ פּאָלקס-מענטש, אויסגעמישט מיט אַלעמען און מיט יעדן איינעם אַ גוט-ברודער. זיין קינדהייט און יוגנט האָט גדליה דורכגעמאַכט אין אָרעמקייט, האָט ער דערפאַר אויסגענומען מיט זיך, ווען גאָט וועט אים העלפן קומען צו אַ ברעג, וועט ער אויך העלפן אַנדערע אין זייערע נויטן. דער דאָזיקער מאָמענט איז געקומען און גדליה האָט זיין וואָרט געהאַלטן.



ר׳ גדליה גראָסמאַן הי״ד!

נאָך זיין חתונה מיט באַבען, האָט אָנגעהויבן גדליה׳ס מאַטעריעלער אויפשטייג. ער איז עטלעכע מאָל געפאָרן קיין אַמעריקע און יעדעס מאָל ווען ער איז צוריקגעקומען קיין דראָהיטשין, האָט זיך די שפע ביי אים אין שטוב פאַרמערט און פאַרגרעסערט. ער האָט פאַרמאָגט עטלעכע הייזער און זיך גערעכנט פון די שענסטע בעלי-בתים פון שטאָט.

גדליה האָט געהאַט גרויס איינזעעניש פאַרן צווייטן. האָט זיך עמיצער געפונען אין שוועריקייטן, מאַטעריעליש, אָדער איז געקומען אין קאָנפליקט מיט דער מאַכט, איז מען גלייך געלאָפן צו גדליה׳ן נאָך הילף, און גדליה האָט שוין געזען אַז דער געטראָפענער זאָל ארויסגיין פון קלעם. גדליה האָט געגעבן שיינע נתינות אויף צדקה, פיל מאָל בסתר, און יעדער איינער האָט געקענט באַקומען ביי אים אַ גמילות-חסד, אין אַ נויט-פאַל.

מען דערציילט, ווען גדליה פלעגט זעען אין מאַרק ווי אַ געדריקטער ייד דרייט זיך אַרום די פויערשע פורלעך צו קויפן אַ קליטקע האָלץ, אַ זעקל קאַרטאָפל אָדער אַ פוד קאָרן און האָט נישט מיט וואָס צו באַצאָלן, האָט גדליה געהייסן דעם פויער צו פאַרפירן די האָלץ אָדער די קאַרטאָפל צו דעם ייד אין הויז און קומען צו אים נאָך געלט...

גדליה איז געווען דער פריינט פון יעדן יידן אין דראָהיטשין. אויף יעדער שמחה: אַ ברית, אַ תנאים, אַ חתונה א. א., איז גדליה געווען אַן אָנגעלייגטער גאַסט און מיטגעבראַכט, פאַרשטייט זיך, אַ שיינע מתנה. עס איז אין שטעטל אַרומגעגאַנגען אַ ווערטל: „אַז מען זעט גדליה׳ן אין אַ מיטנוואָך פאַרפּוצט אין זיין שבת׳דיקן האַרטן הוט, איז אַ סימן, אַז עס קומט פאָר אַ שמחה אין שטעטל".

די לעצטע יאָרן איז גראָסמאַן געווען שטאַרק טעטיק אין לינת הצדק און אין בית יתומים (צענטאָס), ווו ער האָט זיך געלאָזט פיל קאָסטן.

ווי געזאָגט, איז גראָסמאַן געווען פון די ערשטע דראָהיטשינער אימיגראַנטן אין אַמעריקע, און האָט געהאָלפן אויסצובויען די ערשטע דראָהיטשינער שוהל און קהלה אין ניו-

# מאיר יהודה פעלדמאַן הי״ד

**מאיר** יודל פעלדמאַן איז געבוירן 1860 צו זיינע עלטערן מיכאל און העסקע אין דראָהיטשין, און באַקומען אַ רעליגיעז־נאַציאָנאַלע דערציאונג. אין 1881 האָט ער געהייראַט מיט חיה פייגען, די טאָכטער פון יעקב הערש און פעשע פון דער משפחה קאַמינעצקי־מישאָווסק, און זיך גענומען צו מסחר.



ר׳ מאיר יודל און חיה פייגע פעלדמאַן און קינדער: לייבע (רעכטס), פעשקע (איניקל) באַשקע, הי״ד! און יוסף (שיקאַגע)

אין 1892 איז מאיר יודל געפאָרן קיין אַמעריקע און איז אָפּגעווען 4 יאָר אין שטעטל סאַנדזשא, מיזורי, וווּ ער האָט גענומען אַן אַקטיוון אַנטייל אין ידישן לעבן, און צווישן אַנד. געהאָלפן גרינדן דאָרט די שוהל „שערי שלום״, וועלכע עק־זיסטירט נאָך היינט.

צוריקקומענדיק קיין דראָהיטשין, האָט מאיר יודל מיט זיין פאַמיליע זיך באַזעצט אין הויף סמולניק, וועלכער האָט באַלאַנגט צום לידווינאָווער פריץ קאַנטאַראָוו. פון זינט 1897 איז מאיר יודל געווען פּאַססעסאָר און פאַקטער פון סמולני־קער הויף, ביז וואַנען די צאַרישע מאַכט האָט אים אין 1914, צוליב דעם „תחום־מושב״־געזעץ, געצווונגען צו פאַרלאָזן דעם





באַבע (בת ר׳ דוב) גראָסמאַן, פרוי פון ר׳ גדליה, געשטאָרבן אין עלטער פון 59 יאָר, כ״ו תמוז תרצ״ה 1935. ביי איר מצבה שטייען די קינדער, פון לינקס — ירמיה, חיים לייב און זעליג.

יאָרק א. נ. „אגודת אחים אנשי דראָהיטשין״, וועלכע עקזי־סטירט נאָך עד היום.

גדליה איז געווען אַן אינטערעסאַנטער טיפּ פון אַ יידן וואָס איז שוין היינט גאָר נישט בנמצא.

גדליה׳ס פרוי, באַבע, וועלכע איז געגאַנגען אין דעם דרך פון איר מאַן און וועמענס הויז איז געווען אָפן פאַר יעדן אורח און אָרימאַן, איז געשטאָרבן 28טן יולי, 1935, אין דראָ־היטשין.

ר׳ גדליה איז אומגעקומען אין דראָהיטשין 1942, הי״ד!

די גראָסמאַנ׳ס האָבן געהאַט דריי זין:

ירמיה (געווען ארויסגעשיקט פון די באָלשעוויקעס קיין רוסלאַנד, געפינט זיך היינט אין ניו־יאָרק, ירמיה׳ס פאַמיליע איז אומגעקומען אין דראָהיטשין 1942, הי״ד!).

חיים לייב הערמאַן (לעבט מיט זיין פאַמיליע אין ניו־יאָרק). און זעליק (אומגעקומען אין דראָהיטשין, הי״ד!)



קאַמסקער געסל. לינקס איז דער מויער פון די גראָסמאַנס.

הויף. די פעלדמאַנס זיינען דאַן צוריק אַריינגעפאָרן קיין דראָהיטשין.

מאיר יודל, וועלכער האָט געשטאַמט פון אַן אַלט־איינגעזעסענער פאַמיליע, פון די ותיקים פון דראָהיטשין איז צוזאַמען מיט זיין פרוי חיה פייגע אומגעקומען. הי״ד.

די פעלדמאַנס האָבן געהאַט צען קינדער:

אברהם מרדכי (אין 1904 געקומען קיין אַמעריקע, געהייראַט ראָזע באַסקאָוו אין דענווער, קאָלאָראַדאָ, און האָט דריי קינדער).

וועלוועל (געהייראַט מיט שרה גוטער, יצחק דעם קייסער׳ס אַ טאָכטער, פון אַנטאָפּאָליע).

אסתר ביילע (געהייראַט אין 1908 פאַר דוד פרידמאַן, יאָסל אזשיצער׳ס זון, געלעבט אין סאַנדזשאָ, מיזורי, זינט 1910, געשטאָרבן דאָרט אלול, 1954).

שרה לאה (אין 1907 געקומען קיין אַמעריקע און געהייראַט אין סאַנדזשאָ, מיזורי).

באַשקע (געווען פאַרהייראַט צו יאַשקע שוואַרץ פון לעכעוויטש, פאַרלאָרן דעם מאַן אין 1932 און זי מיט די קינדער זיינען אומגעקומען אין דראָהיטשינער געטאָ, הי״ד).

יוסף (לעבט זינט 1937 אין שיקאַגאָ).

לייבע (אומגעקומען צוזאַמען מיט זיין פרוי ליבע, מענדל משה איסר׳ס אייניקל, און קינדער אין דראָהיטשין, הי״ד!).

שיינקע (געווען אַ לערערין אין דראָהיטשינער שולע „מוריה״. אין 1934 געקומען קיין ארץ־ישראל, געהייראַט און געשטאָרבן דאָרט אין 1945).

העסקע (לעבט זינט 1922 אין שיקאַגאָ, איז פאַרהייראַט צו סעם מאַץ).

אליה (געשטאָרבן אין 1919 אין דראָהיטשין).


בית״ר פון דראָהיטשין אין מיליטערישע איבונגען.

# בצלאל הערשענהויז ע״ה

**בצלאל** (צאַלקע) הערשענהויז איז געבוירן צו זיינע עלטערן יהושע העשל און מלכה שרה אין דווין, נעבן קאָברין, און באַקומען אַ שטרענג רעליגיעזע דערציאונג.

שפּעטער האָט ער געהייראַט מיט איטען, די טאָכטער פון


ר׳ בצלאל און איטע הערשענהויז, ע״ה

ר׳ משה פאַבריצקער און איז געוואָרן אַ תושב אין דראָהיטשין, וווּ ער האָט געהאַט אַ קראָם פון שניט און מאַנופאַקטור.

צאַלקע האָט גענומען אַן אַקטיוון אנטייל אין דער אָפּבויאונג פון דעם אַלטן בית־מדרש, וווּ ער איז אויך געווען גבאי ביז זיין אָפּפאָרן קיין אַמעריקע אין 1926. אלס הכרת טובה האָט דער רב מיט די מתפללים פון אלטן בית מדרש מיטגעגעבן צאַלקען אַ דאַנק־בריוו לזכרון, וואָס ווערט דאָ געדרוקט.

ר׳ בצלאל איז געשטאָרבן אין סאַוואנאַ י״ז סיון 1932. זיין פרוי, איטע, איז געשטאָרבן כ״ג שבט 1951.

די הערשענהויז׳ס האָבן געהאַט דריי זין און צוויי טעכטער, וועלכע געפינען זיך אַלע אין אַמעריקע.

## ברכת פרידה

**ב**רכה על ראש המעוטר בעדי עדיים\
**צ**דקתך תעמוד לעד, קרנך ירום עד לשמים\
**ל**ך, עסקן צבורי, אלפי ברכות תבאנה\
**א**שר בעירנו היית לראש פנה\
**ל**עולם זכרך יזכר לתהלה ולתפארת.

**ב**מסירת נפש עסקת בעת שנפלה עטרת.\
**ר**שום שמך באלה, העוסקים באמונה.

יצאת לישע כשגלי הזידונים טלטלו הספינה
היית למלאך מושיע בפרוץ הפרץ
והבאלעכאָוועס חפצו לעשות בנו קרץ
שדית נפשך אז היית לנו לעזר
עזרתך ומסירתך המה על ראשך כנזר.

הוא האיש האהוב בעיני אלוהים ממעל
עקב עסקת באמונה על כל צעד ושעל
שדי יברכך שירבו ימיך כפלים
יחייך באושר ונחת. הבורא שמים
לשבוע בטוב למצוא נועם החיים.

הנותן והמוסיף ימלא משאלות לבך לטובה
עדי עד תבורך עד זקנה ושיבה
רצוי היית לנו בבית המדרש בתור גבאי
שעזרת לנו לבנות הבית המדרש סיני
עטרת את בית המדרש עד כחך מגעת
נאמן במעשיך הכל עשית בשכל ודעת
היית גם חבר בין חברה ש"ס
וזרעת צדקה מלא חפנים
יזרח שמש הצלחתך כאור החמה שבעתים
וכרך מעוטר בעדי עדיים ! !

בקשתנו שטוחה להיושב בשמים
יאריך ה' את ימיך וימי ביתך בנעימים
תבורך בחוט של חסד משוך לאורך ימים

הבוחר בציון והשוכן בירושלים
מרבית הברכות הבורא יקיים
דברים גדולים עשה פה בעירנו
ראה ה' ושמע את תפלותינו
שנובעת ויוצאת ממעמקי לבבנו.

בהטורים האלו המעטים בכמות ורבים באיכות אנו החתומים מטה מביעים לכבוד ר' בצלאל ב"ר יהושע דהעשיל דהערשענהויז, הרשום בראשי החרוזים, את ברכת פרידתנו ורגשי לבבנו בעד פעולותיו הנעלים אשר עסק פה בצרכי צבור באמונה, מימי השערורות והפרעות ועד היום, ועל זה בעה"ח יום ה' פרשה ראה קראתי בשם בצלאל.

שנת פור"ת דראָהיטשין יצ"ו.

הרב אייזיק יעקב קאַלענקאָוויטש, רב דפה, יוסף דוד שו"ב דפה; אהרן אשר לייפער, מאיר קאַפּלאַן, בצלאל כאַצקי־לעוויטש, אלכסנדר עפעלבוים, מיכל בר' דוד, צבי גאָלדמאַן, שמואל סניטאָווסקי, מאיר וויגוטאָוו, אַלטער בר' מיכל קופּער־מאַן, יצחק צבי וויסאָצקי, שמואל בערמאַן, יהושע זאָווי־לאָווסקי, אברהם אבא לייפמאַן, גדליה גראָסמאַן, יצחק לעווי־נאָוויץ חיים בר' אליהו וואָלעוועלסקי, פּיזול כץ, ישראל אליעזר קאַרסעל.

**בשם כל אנשי ביה"מ הגדול ובשם החברה ש"ס דפה אני חותם בח"י יוסף דוד שו"ב דפה דראָהיטשין.**

**
*

דאָס זיינע די קינדער: פייגע רחל (אומגעקומען מיט איר פאַמיליע אין פּינסק), זיידל (אין באַקסלי, דזשאָרדזשיאַ), העניע (באַלטימאָר), שרה, לייבע, אברהם (מיאַמי) און מיכליע (קובאַ).

# יעקב שמעון לעוו ע"ה

**יעקב** שמעון לעוו, אַ געבוירענער פון דראָהיטשין, איז גע־ווען אַ שטילער און איידעלער ייד, אַ יודע ספר און אַ משכיל. ער האָט געפירט אַ גרויסע שניידער־„מייסטערסקאַיע" און באַשעפטיקט פיל אַרבעטער. זיין געשעפט איז געווען זייער ראַיעל און פלעגט אַרויסגעבן ערשט־קלאַסיקע אַ ר ב ע ט. זיינע קונדן האָבן זיך רעקרוטירט אַמ־מייַנסטן פון פּריצים און נאַטשאַלסטווע.


ר' יעקב שמעון לעוו, ע"ה

יעקב שמעון איז געווען אַ שטענדיקער מתפלל אין גאָס בית־המדרש ווי ער פלעגט אין די שבתים און אָפּט אינדערוואָכן, ווען די צייט האָט אים דערלויבט, זיצן און לערנען. ער האָט געהאַט אַנזען אין שטאָט.

אין 1915, ווען דער דייטש האָט פאַרנו־מען דראָהיטשין, איז ר' יעקב שמעון מיט זיין פאַמיליע מגולגל געוואָרן קיין האָרבאַכע (אַ דאָרף לעבן דראָהיטשין), און טאַקע דאָרט איז ער ו' אב, 1916, אין עלטער פון 69 יאָר געשטאָרבן. יעקב שמעונס פרוי איז געשטאָרבן כ"א אב, תרס"ז — 1907.

ר' יעקב שמעון האָט געהאַט זיבן קינדער: פרומע (גע־שטאָרבן אין דראָהיטשין), אברהם־יצחק (געש. אין ניו־יאָרק), ראַשע־לאה, יאַשקע, פייגל, רחל, שמואל לעבן אין ניו־יאָרק.

# צבי רייפוס ע״ה

**הערשל** דער רופא, ווי מען האָט אים גערופן, אַ הויך־געוויקסיקער ייד מיט אַ ברייטער, לאַנגער, ווייסער באָרד, אַ פּאָר געדיכטע ברעמען איבער די אויגן, מיט אַ לאַנגן גראָבן שטעקן, — האָט אויסערלעך געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ בייזן יידן, אַ קפדן, אָבער אינערלעך האָט הערשל פאַרמאָגט אַ גוטע ווייכע האַרץ, און אַ קריי־שטאָל ריינע נשמה.


ר׳ צבי רייפוס, ע״ה

הערשל דער רופא האָט ליב געהאַט צו טאָן טובות און צו העלפן אָרעמע, נויט־ליידנדיקע יידן. ווען ער האָט געהערט אַז איינער געפינט זיך אין אַ געדריקטער לאַגע האָט הערשל אים אַוועקגעטראָגן אַ פּאָר רובל און גע־זאָגט צו אים, אַז דאָס גיט ער אים בתורת הלואה. אָבער הערשל האָט שטענדיק פאַרגעסן אויפצומאָנען די הלואות. זיין הויז איז געווען אָפן פאַר אורחים און משולחים.

זיין עקרת הבית, זיין פרוי פריידע, פלעגט יעדן פרייטיק באַקן חלה און צעטראָגן עס צו די אָרעמע, אַוועקלייגנדיק ביי זייערע טירן.

די דראָהיטשינער אָרעמלייט פלעגן זיך אנבעטן אויף שבת צו ר׳ הערשלען, ווייל זיי האָבן געוווּסט, אַז הערשל׳ס פרוי, פריידע, וועט זיי צוגרייטן אַ גוטע סעודה. דוד קלעפּאַק פון כאָמסק, פלעגט זיך שטענדיק אָפּשטעלן מיט זיין פיש־וואָגן ביי דער שטוב און איבערלאָזן פאַר הערשלען מיט זיינע אורחים די בעסטע און גרעסטע פיש לכבוד שבת. ביי ר׳ הערשלען איז געווען אַ כבוד צו האָבן ביי זיין שבת׳דיקן טיש בני־תורה.

ר׳ הערשל האָט אויך געהיילט קראַנקע. ער האָט געהאַט אַ חדר מיוחד, ווו עס האָבן זיך געפונען פיל פלעשעלעך מיט מעדיצין, אַ גאַנצער אַפּטייק. הערשעל פלעגט אַליין מאַכן רע־צעפּטן. אַזוי, למשל, איז געווען באַוווּסט זיין רפואה פון געשטויסענע מאַנדלען אין סירופּ פאַר הוסטנדיקע. הערשל פלעגט מאַכן פאַרשיידענע מאַשטשן צו היילן ווונדן. ר׳ הערשל מיט פריידען פלעגן אויך שטעלן באַנקעס און פּיאַווקעס. ער האָט זיין היילונג־באַרוף געהאַלטן פאַר אַ הייליקער מצוה.

ר׳ הערשל פלעגט היילן ניט נאָר יידן נאָר אויך גויים. די פּויערים פון די אַרומיקע דערפער פלעגן קומען צו הערש־לען, אָדער אים נעמען אין דאָרף אריין, אַז ער זאָל זיי היילן מיט זיינע באַבסקע רפואות, און דערפאַר פלעגן די פּויערים אים מיטגעבן זעק מיט קאַרטאָפל און תבואות. אָבער הערשל פלעגט דאָס אלעס צעטיילן צו די אָרעמע אין שטאָט.

איינמאָל האָט הערשל געשטעלט געהאַקטע באַנקעס אַ דאָרף־פּויערטע. מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער איז די פּויער־טע געשטאָרבן. איר מאַן, דער פּויער, האָט אָנגעקלאָגט הערש־לען אין געריכט, אַז ער איז שולדיק אין זיין פרוי׳ס טויט. הערשלען האָט געדראָט אַ גרויסע שטראָף פאַר פּראַקטיצירן מעדיצין אָן אַ דיפּלאָם. פאַרן גיין צום „אָקרוזשנאָי סוד״, איז הערשל׳ס פרוי געפאָרן צום סלאָנימער רב, ר׳ מרדכי׳לע, נאָך אַ ברכה. ר׳ מרדכי׳לע האָט איר פאַרזיכערט, אַז איר מאַן הערשל וועט באַפרייט ווערן.

אין געריכט האָט דער פּראָקוראָר געפאָדערט פאַר הערש־לען 30 יאָר קאַטאָרגע. באַלד האָט זיך אויפגעשטעלט אַ קליין שיקסל און דערקלערט, אַז זי האָט על פּי טעות איינ־געגעבן דער קראַנקער פּויערטע קאַרבאָליק עסיד און פון דעם איז זי געשטאָרבן. נאַטירלעך, ר׳ הערשל איז אויפן אָרט באַפרייט געוואָרן.

ווען הערשל איז צוריקגעקומען אַ באַפרייטער פון „סוד״, האָט ער צעבראָכן אַלע פלעשלעך און סלאָיעקעס מיט רפואות און האָט זיך די לעצטע יאָרן אָפּגעגעבן בלויז מיט קהל׳שער אַרבעט. ר׳ הערשל האָט דערגרייכט אַן עלטער פון 80 יאָר. אין יאָר 1915 (1טן נאָוועמבער), איז הערשל דער רופא אויף דעם דראָהיטשינער בית עולם געקומען צו זיין אייביקער רוה.

גדליה קאפלאן.

---

# אהרן דוד קאַפּלאַן ע״ה

**אהרן** דוד קאַפּלאַן איז געבוירן און דערצויגן געוואָרן אין כאָמסק. נאָך זיין חתונה מיט באָבען, די טאָכטער פון ר׳ צבי רייפוס (באקאנט אלס „הערשל דער רופא״), האָט ער זיך איינגעאָרדנט ביי זיין פּראָפעסיע אין דראָהיטשין. איז געווען די גאַנצע יאָרן אַ נהנה מיגיע־כפּיו. יעדן זומער פלעגט ער פאָרן אויף ירידים קיין באַלטע און יאַרמעלינעץ און אויפ־קויפן דאָרט קראַקולן פאַר גאַרבוזן פון פּינסק, ווי אויך פאַר זיין אייגענער „מאַיסטערסקאַיע״ אין דראָהיטשין, ווו ער פלעגט פּראָדוצירן היטלען פאַר פּויערים.

אין דער גרויסער שרפה, שמיני עצרת, 1905, האָט אהרן־דוד פאַרלוירן זיין גאַנצן פאַרמעגן. ער איז דאַן אַוועקגעפאָרן, מיט זיינע טעכטער, שרה און חנה, קיין אַמעריקע. ער האָט אָבער צוליב פרומקייט ניט געקענט פאַרבלייבן אין נייעם לאַנד און איז צוריקגעפאָרן קיין דראָהיטשין. שמשון גאָלד־

מאַן און דוד וואַלעוועלסקי האָבן אים אויסגעבאָרגט אַ סומע געלט און ער האָט צוריקאָפּגעבויט זיין געשעפט.

צו דערזעלבער צייט האָט א ה ר ן ד ו ד זיך א ו י ך



ר׳ אהרן דוד און באָבע, ע״ה

אָפּגעגעבן מיט קהלשער ארבעט. ער און זיין פרוי באָבע, האָבן געשטיצט תלמוד־תורה׳ס, איז געווען גבאי פון חברה „חיי־אדם״ און „עין־יעקב״ אין אַלטן בית־מדרש. עס איז אויך געווען זיין חזקה ביי יעדן סיום פון די חברות איינצו־אָרדענען א סעודת־מצוה, פאר וועלכע זיין פרוי, באָבע, פלעגט אָנבאַקן און אָנקאָכן פון דאָס בעסטע.

די קאַפּלאַנס זיינען ביידע געשטאָרבן אין דער טיפוס־עפּי־דעמיע אין 1915: אהרן־דוד — אין יום־כיפור, אַלט געווען 63 יאָר, און באָבע — ערב סוכות, צו 54 יאָר.

די קאַפּלאַנס האָבן געהאַט עטלעכע קינדער: מאָריס, אליעזר־משה, יהודה און חיים (געשטאָרבן); עני איז טעטיק אין אַרבעטער־רינג אין ניו־יאָרק און שטיצט די יידישע לי־טעראַטור; פלאָרע און שרה לעבן אין קאַנאַדע; און גדליה קאַפּלאַן אין ניו־יאָרק. ג.ק.

---

# ברוך אברהם וואָלינסקי ע״ה

ברוך אברהם וואָלינסקי, אָדער „ברוך האַרלעוויטשער״, ווי מען האָט אים גערופן, איז געבוירן געוואָרן אין אנטאפּאָליע אין יאָר 1804 און האָט זוכה געווען אַנצוציען אַ טיפן עלטער פון 113 יאָר אין כבוד און אין נחת פון 5 דורות קינדער.

אין די יונגע יאָרן האָט ר׳ ברוך וואָלינסקי געהאַלטן אַ שיינקל אין אנטאפּאָליע. אבער די פרנסה האָט נישט געקלעקט צו באַשפּייזן זיין גרויסע פאַמיליע. איז ער אַרויסגעפאָרן אין דאָרף האַרלעוויטש (ביי דראָהיטשין), ווו ער האָט אָנגעפירט זיין האַנדל מיט די פויערים און האָט געהאַט שיין פרנסה.

מיט אַ צייט שפּעטער איז דער פריץ פון האַרלעוויטשער הויף דורכגעפאָרן דעם דאָרף און האָט זיך אָפּגעשטעלט לעם ר׳ ברוך׳ס הויז. דער פריץ האָט פאַרגעשלאָגן ברוך׳ן אַן אַמט ביי אים אין פּאַלאַץ אַנצופירן מיט די ביכער. אזוי ווי וואָ־לינסקי האָט געקענט שרייבן רוסיש און פּויליש האָט ער גלייך אַנגענומען דעם אַמט און איז מיט דער צייט געוואָרן דער הויפּט־פּאַרוואַלטער פון גאַנצן הויף. דאָס איז געווען שפּעטער, ווען דער פריץ (אַ פּאָליאַק) איז געווען געצוווּנגען צו אַנטלויפן קיין פּאַריז, ווייל ער איז געווען פאַרמישט אין „מאַטיעזש״ (אויפשטאַנד פון די פּאָליאַקן קעגן דער צאַרישער מאַכט).

ר׳ ברוך וואָלינסקי האָט אויך אויסגעפּועלט ביים פריץ אָפּצושאַפן די „פּאַנסטשיזנע״, דאָס שמייסן די פויערים פאַר יעדער קלייניקייט, און האָט זיך מיט דעם איינגעקויפט די „פריינטשאַפט״ פון די פויערים, אָבער נישט אויף לאַנג. ווי נאָר עס איז אַרויס די צאַרישע ג ז י ר ה אַרויסצוטרייבן די יידן פון די דערפער, האָבן די זעלבע „פריינטלעכע״ פויערים באַפאַלן ר׳ ברוך׳ס הויז און אויסגערויבט זיין גאַנצן פאַרמעגן. און ר׳ ברוך איז געבליבן בעירום ובחסר כל.

ברוך וואָלינסקי איז דאַן געקומען צום באַרימטן אַנטאַ־פּאָליער רב און צדיק ר׳ פנחס מיכאל נאָך אַן עצה, וואָס זאָל



ר׳ ברוך אברהם וואָלינסקי, ע״ה

ער דאָ טאָן? האָט אים פנחס מיכאל געראָטן, אז ער זאָל פאָרן קיין אַמעריקע. זאָגט צו אים ברוך וואָלינסקי: רבי, טייערער, קיין אַמעריקע פאָרן דאָך נאָר פאַרברעכער, טאָ ווי קום איך אַהין?

האָט אים פנחס מיכאל געענטפערט: איך הייס דיר דו זאָלסט פאָרן קיין אַמעריקע און דו וועסט דאָרט מצליח זיין.

ר׳ ברוך האָט געפאָלגט די עצה פון רבי׳ן און אין די 80־קער יאָרן איז ער אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק, ווו ער האָט טאַקע מצליח געווען. ער איז אויך געווען דער גרינדער און סעקרעטאַר פון קאַמסקער און אַנטאָפּאָליער פאַריין, ווי אויך פון דער גמילת־חסד־קאַסע אין בראַנזוויל. צו זיין 102־טן געבוירנטאָג האָט דער פּרעזידענט, טעאָדאָר רוזוועלט, צוגעשיקט ר׳ ברוך׳ן אַ וואַרימע באַגריסונג און אייניקע מטבעות פון יאָר 1804 אַלס מתנה.

אין יום כפור, 6־טן אָקטאָבער, 1917, איז ר׳ ברוך וואָלינסקי, אין עלטער פון 113 יאָר, נפטר געוואָרן, איבערלאָזנדיק 5 דורות קינדער, וועלכע זיינען היינט אָרגאַניזירט אין „ברוך וואָלינסקי סירקל״, וואָס ציילט 125 מיטגלידער. דער „ברוך וואָלינסקי סירקל״ טוט זייער גוטע אַרבעט פאַר די לאַנדסלייט און פאַר ארץ־ישראל און האַלט אַזוי אַרום לעבעדיק און פריש דעם נאָמען פון זייער עלטער־פאָטער ר׳ ברוך וואָלינסקי, ע״ה.

פּרטים פון גדליה קאַפּלאַן.

# לייבעטשקע מיכאַלסקי ע״ה

**לייבעטשקע** בדחן איז געווען אַ פאָלקסטימלעכער מענטש מיט אַ סך הומאָר און לעבן. פון פאַך איז ער געווען אַ פויקער און אָנפירער פון אַ קאַפּעליע יידישע קלעזמער, וואָס האָט געשפּילט אויף יידישע חתונות און שמחות. באַזונדערס האָט זיך לייבעטשקע אויסגעצייכנט מיט זיין בדחנות אויף די חתונות. זיינע וויצן און געגראַמטע ווערטלאַך, וואָס ער פלעגט זאָגן בעת׳ן אָפּשפּילן חתן־כלה און ביים דרשה־געשאַנק, פלעגן אַרויסרופן גרויס געוויין און אויך געלעכטער.

זיין הויפּט חיונה האָט לייבעטשקע געצויגן נישט פון בדחנות נאָר פון ראַווינער הויף, ביי דראָהיטשין. דער פּריץ פון ראַווינער הויף, גענעראַל מינקאָוו, האָט פון לייבעטשקען שטאַרק געהאַלטן פאַר זיין פּקחות און הומאָר און האָט אים געמאַכט פאַר זיין, אַזוי צו זאָגן, האַנדלס־אַגענט. לייבעטשקע פלעגט איינקויפן פאַרן הויף אַלע נויטיקע זאַכן פון שטאָט און פלעגט פאַרקויפן די קראַכמאַל וואָס די קראַכמאַל־פאַבריק פון הויף האָט פּראָדוצירט. לייבעטשקע איז אויך געווען דער „קאָלעקטאָר״ פון די צינזן פאַרן פּריץ. אין יענער צייט האָט דער באָדן פון דער גאַנצער שטאָט געהערט צום פּריץ מינקאָוו און די יידן פלעגן דעם פּריץ צאָלן צינזן.

לייבעטשקע פלעגט אָפט אַריינפאָרן מיטן פּריץ אין שטאָט אַריין אין אַ קאַרעטע מיט 6 פערד נאָשפּיץ און פלעגט אָנקוקן ווי די יידן און גויים ציען די היטלען פאַרן פּריץ. לייבעטשקע פלעגט זיך וויצלען: ער איז אויך אַ פּריץ, אַ יידישער פּריץ מיטן נאָמען מיכאַלסקי...

מיטן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט די פּריצטע מינקאָוו פאַררופן די פּריצים פון אַרום אויף אַ באַראַטונג און עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז אַלע פּריצים פאַרלאָזן די הויפן און פאָרן אַרויס טיף אין רוסלאַנד. אין אָנוועזנהייט פון אַלע פּריצים, פרעגט די פּריצטע מינקאָוו לייבעטשקען וואָס ער זאָגט צו דער לאַגע. ענטפערט לייבעטשקע בזה הלשון: 40 יאָר האָט זיך דער דייטש געגרייט אָנצופאַלן אויף רוסלאַנד, און פאַר דער צייט האָט זיך די רוסישע מאַכט געגרייט אויף אַרויסצושיקן טוביה׳ן פון אָסעוויצער דאָרף,



ר׳ לייבעטשקע מיכאַלסקי, ע״ה

ווייל ער האָט נישט געטאָרט נייען קיין שיך פאַר די פּויערים.

ווען די דייטשן זיינען אין יאָר 1915 אַריין קיין דראָהיטשין, האָט זיך לייבעטשקע באַזעצט אין הויף ראַווין און איז געוואָרן דער בירגערמייסטער פון דעם הויף און אַרומיקן געגנט. לייבעטשקע האָט אויסגענוצט זיין אַמט, צו באַזאָרגן תבואות און קאַרטאָפל פון הויף פאַר די יידן אין שטאָט.

איינמאָל אין אַ קריסטמאַס נאַכט, האָט אַ דייטשער אָפיציר גענומען חיים בער׳ן (קראַוועץ) דעם בעל עגלה צו פאָרן קיין ראַווין. קומענדיק קיין ראַווין האָט זיך דער דייטשער אָפיציר אָנגעשיכור׳ט און האָט זיך גענומען טשעפּען צו חיים בער׳ן: ער האָט גע׳הרג׳עט זיין „גאָט״... דער דייטש האָט

חיים בער׳ן געשלאָגן און אים געבראַכט צושלעפּן צום בירגערמייסטער, צו לייבעטשקען. לייבעטשקע האָט אויסגעהערט די אָנקלאַגע און געזאָגט: „הער אָפיציר, נישט דער דאָזיקער יודע האָט גע׳הרג׳עט אייער גאָט, דאָס האָבן געטאָן די לאַ־ה׳שינער ייִדן“... דער שיכור׳ער דייטש איז געווען צופרידן פון לייבעטשקעס ענטפער און האָט אָפּגעלאָזט חיים־בער׳ן.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז לייבעטשקע מיט זיינע קינדער געקומען קיין אַמעריקע. דאָ אין ניו־יאָרק האָט לייבעטשקען געפעלט די צ̇מאָליקע היימישע סביבה. ער האָט געבענקט נאָך דער מוזיק־קאַפּעלע און נאָך די היימישע יידישע חתונות און שמחות. לייבעטשקע האָט געדיינקט צוריקפאָרן קיין דראָהיטשין. — כ״א שבט, 1924 אין לייבעטשקע געשטאָרבן צו 86 יאָר אין נ.י. זיין פרוי לאה איז געשטאָרבן י״ב טבת, 1920 אין דראָהיטשין. — זייערע קינדער זיינען: יודל (שיקאַגע), מלכה־לאה, אליה, מענדל, שיינע און איר מאַן בעני טעפּער לעבן אין ניו־יאָרק.

פּרטים פון גדליה קאַפּלאַן.

# אהרן לייב שוב ע״ה

**אהרן** לייב שוב איז געבוירן 1867 ביי אַ פאַרצווייגטער פאַמיליע אין אַנטאָפּאָליע און באַקומען דאָרט זיין חינוך. זיין פאָטער האָט געהייסן ר׳ משה אליעזר שוב. פאַר אַ צייט האָט זיך אהרן לייב אויפגעהאלטן ביים זיידן אין דארף טענעוויטש.


ר׳ אהרן לייב שוב, ע״ה

אין 1892 האָט שוב געהייראַט ש מ ע ו דעם רופא׳ס טאָכטער פּערל, פון דראָהיטשין און געבליבן דאָרט וווינען ביז 1906, ווען ער האָט זיך מיט זיין פאַמיליע ב״ר בערגעקליבן קיין פּינסק. אין 1915 ווען די דייטשן האָבן פאַרנומען דעם פּינסקער געגענט, זיינען די שוב׳ס צוריקגעקומען קיין דראָהיטשין, וווּ זיי האָבן געלעבט ביז אָנהויב די צוואַנציקער יאָרן, ווען זיי האָבן אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע. אהרן לייב, „שוב דער אַגענט“ ווי מען האָט אים גערופן, איז געווען אַ פאַרזיכערונגס־אַגענט פאַר גראָדנער גובער. און איז פון זיין געזעלשאַפט געוואָרן אויסגעצייכנט מיט אַ גאָלדענעם מעדאַל.

לזכרון אונזערע עלטערן



**ר׳ שעפּסל וואַלדמאַן** | **הינדע־מאַטל**
בערי דעם מלמדס זון | יוסף גראַטשס טאָכטער
געשטאָרבן אין דראָהיטשין
**א׳ אדר, 1916, צו 53 יאָר** | **ב׳ אדר, 1937, צו 69 יאָר**
חיים און יהודית האָפמאַן, שיקאַגע

צו דער זעלבער צייט איז שוב געווען טעטיק אויף דעם געזעלשאַפטלעכן געביט, האָט געהאָלפן לינדערן די נויט פון די מלחמה־געליטענע, באַזונדערס פון די פרויען וואָס האבן געהאט זייערע מענער אין אמעריקע. גאָר ספּעציעל איז ער געווען אַקטיוו פאַר דעם ציוניזם; האָט געזאַמלט פאַרן קרן־קימת און אָפט אויפגעטראָטן מיט רעדעס אויף ציוניסטישע פּלאַטפאָרמעס. שוב׳ס 2 זין זיינען געווען פון די ערשטע חלוצים צו פאָרן קיין ארץ ישראל. די זעלבע אַרבעט האָט ער פאָרגעזעצט אין ניו יאָרק.


פּערל שוב, ע״ה

אהרן לייב שוב איז געשטאָרבן כ״א אב, תר״ץ — 15טן אויגוסט, 1930 אין ניו־יאָרק.

פּערל שוב, די מוטער, וועלכע איז געבוירן תמוז, 1875 אין דראָהיטשין, איז געשטאָרבן ח׳ אב, 1955 אין ניו־יאָרק. די שוב׳ס האָבן געהאַט זיבן קינדער: פּעני, שמואל, בנימין, לאה, נח׳קע מאָריס און יוסף. אַלע לעבן היינט אין ניו־יאָרק.

כלה". זי האָט אַ גרויסע צאָל אָרעמע יידישע מיידלעך, יתומות, אין דראָהיטשין אַרויסגעהאָלפן מיט חתונה־גאַרדעראָבעס, אויסשטייער און נדנ'ס אום דערמעגלעכן זיי צו חתונה האָבן און קומען צו אַ תכלית.

מלכה איז אויך געווען אַ טעטיקע מיטגלידערין אין קהילת יעקב שוהל און תלמוד־תורה, בית מדרש לתורה, „פּאַראָקיאַל־סקול" און אַנדערע אינסטיטוציעס אין שיקאַגע.

עס איז כמעט נישטאָ קיין איין יידישע אינסטיטוציע אין אַמעריקע און אין ארץ ישראל, וואָס האָבן זיך ניט געווענדעט נאָך הילף צו מלכה וואַרשאַווסקי און זי האָט שטענדיק אַנטקעגנגעקומען אַלע בקשות.

מלכה האָט אין איר באַזיץ אַ גאַנצן זאַק מיט בריוו און קבלות אויף געלט־צאָלונגען פון צענדליקער אינסטיטוציעס, ווו זי איז געווען זינט יאָרן אַ שטענדיקע ביישטייערין.

מלכה וואַרשאַווסקי האָט געהאַט 7 קינדער; משה שמואל און מאיר (אומגעקומען מיט זייערע פאַמיליעס אין דראָהיטשין); ישראל ברוך (געפאַלן אין דער ערשטער וועלט־מלחמה); אליה דוד (געהרג'עט געוואָרן פון אַן אויטאָ אין שיקאגע); טויבע לאה (טילע) קייגען, לייזער וואַרשאַווסקי און יוסף ווארשא (לעבן אין שיקאַגע).



שיינקע וואַרשאַווסקי־בוים,
משה שמואל'ס טאָכטער, אומגעקומען. הי"ד

# הערשל חיים, חאַשע לעווין ע"ה

הערשל חיים לעווין און זיין פרוי „חאַשע די בראנערקע", ווי מען האָט איר גערופן, זיינען געווען פון די זעלטענע טיפּן פון דראָהיטשין. קיין קינדער האָבן זיי נישט געהאַט, האָבן זיי זיך דערפאַר געשטעלט פאר א ציל צו העלפן די קינדער פון כלל. ביידע האָבן געהאַט די זעלבע השגות און באַגריפן וועגן לעבן און האָבן געאַרבעט אין הארמאָניע לטובת הכלל.



חאשע לעווין, ע"ה

ר' הערשל חיים איז פאר לאַנגע יאָרן געווען דער גבאי און פירער פון גאס־בית מדרש, ווו ער האָט אריינגעלייגט א סך צייט און ענערגיע; גבאי פון ביקור־חולים, האָט געזאַמלט געלט צו העלפן די שטעטלדיקע נצרכים און דורכפאָרנדיקע אורחים און משולחים. באַזונדערס האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיטן תורה־חינוך פון די אָרעמע קינדער: האָט געשטיצט תלמוד־תורה'ס און איז געווען פון די הויפּט אויפהאַלטער פון דער שטעטלדיקער ישיבה, וואָס האָט זיך געפונען אין גאַס־בית־מדרש.

האָט ר' הערשל־חיים איבערגעלאָזט זיין אַרבעט און אָנגעטאָן זיין שבתדיקן בגד, האָט מען געוווּסט אַז ער גייט טאָן א דבר מצוה. אַזעלכע פאַלן פלעגן טרעפן יעדן אַנדערן טאָג.

אין די זעלבע וועגן איז אויך געגאַנגען זיין פרוי חאַשע, וועלכע איז געווען די טאָכטער פון ר' משה נפתלי דעם בראָנער וואָלינסקי און אַ געבוירענע פון דראָהיטשין.

הגם אויסערלעך האָט זי אויסגעקוקט צו זיין נישט גאָר קיין געזונטע פרוי, האָט זי אָבער אינערלעך פאַרמאָגט אַ סך ענערגיע און פייער. זי איז ניט געגאַנגען, נאָר געלאָפן. און אַזוי האָט זי אויך געטאָן און גערעדט — גיך, גיך. זי האָט קיינמאָל קיין צייט ניט געהאַט, שטענדיק געווען אין באַוועגונג. דאָס גאַנצע שטעטל מיט אירע קלאָפּאָטן און זאָרגן איז געלעגן אויף איר קאָפּ.

חאַשע איז געלאָפן מבקר־חולה זיין די חולאים פון שטעטל און זען צי עס פעלט זיי נישט עפּעס. אויב מ'האָט געדאַרפט,

# באָבע חיה איטע ע״ה

אַז מען איז געגאַנגען אין גאַס און מ׳האָט באַגעגנט אַ פרוי פון מיטעלן וואוקס, אַיינגעבויגן, מיט אַ רויטן טשיפּיק אויפן קאָפּ, אָנגעטאָן אין אַ סאַמעטענעם קאַפּטל און אַ ברייטע קלייד וואָס האָט געהאַט אַ פאַרב וועלכן מען האָט נישט געקענט אונטערשיידן צי עס איז אַמאָל געווען שוואַרץ אָדער טונקל בלוי, האָט מען געוווּסט אז דאָס איז די שטעטלדיקע „באָבע" חיה איטע.



די באָבע חיה איטע, ע״ה

ניט קוקנדיק אויף דער גאַנץ נשקשהדיקער צאָל יאָרן וואָס זיינען געזעסן אויף אירע איינגעבויגענע פּלייצעס, איז איר גאַנג געווען ווי פון אַ יונגער פרוי. מיט זיכערע טריט האָט זי געשפּרייזט איבער די גאַסן און געסלעך, רעגנס אָדער שניי, זאַווערוכעס און שטורעמס, בייטאָג און ביינאַכט — פאַר דער באָבען זיינען ניט געווען קיינע שטערונגען וואָס זאָלן איר אָפּהאַלטן פון גיין דערפילן אירע פליכטן; העלפן ברענגען אַ ניי־לעבעדיק באַשעפעניש אויף גאָט׳ס וועלטל.

אַלט און יונג אין שטעטל האָבן געקענט די באָבע חיה־איטע. זי איז געווען גוטמוטיק, גוטהאַרציק און פריינדלעך צו יעדן איינעם. שטענדיק האָט מען ביי איר געפונען א דערמוטיקונגס־וואָרט. זי איז געווען די „באָבע" פון כלל. יעדנס געזונט איז ביי איר געווען טייער און זי פלעגט בעטן דעם רבונו של עולם פאַר יעדערן.

שטענדיק האָט זי זיך געאַיילט ווי זי וואָלט מורא געהאַט עפּעס צו פאַרשפּעטיקן. זי איז געקומען אין צייט, צוגעגרייט אַלעס נויטיקעס פאַרן ברענגען דעם נייעם נפשל (דאָס איז דאָך געווען איר פליכט). זי האָט געפילט אַז דאָס לעבן פון צוויי מענטשן, מוטער און קינד, זיינען אויף אירער אחריות. און אַז אַלץ איז פאַראיבער בשלום, האָט זי געדאַנקט דעם בורא עולם פאַר געבן איר גענוג כח און מזכה געווען מיט דער מצווה צו טאָן די דאָזיקע הייליקע אַרבעט.

אויב, חס וחלילה, די געווינערין איז געגאַנגען שווער צו קינד און די געבורט־ווייען זיינען געווען גרויס, פלעגט זי מרעיש עולמות זיין: וועקן די משפחה צו זאָגן תהלים, לויפן אין בית מדרש, עפענען דעם ארון קודש און מיט געוויין בעטן רחמים, אַז גאָט זאָל דער געווינערין שיינקען די יאָרן.

יעדערער אין שטעטל האָט ביי איר געהאַט דעם נאָמען „אייניקל", און די „אייניקלעך" פלעגן איר רופן „באָבע", אַ



וואַרשאַווסקי — משה (זון פון ר׳ מרדכי און ציפּע) און ביילע (טאָכטער פון באָבע חיה איטע סאַלעווער) ע״ה, געשטאָרבן ביידע אין דער טיפוס־עפּידעמיע אין דראָהיטשין אין 1915; משה — ז׳ תשרי —— ביילע — י״ב תשרי. די וואַרשאַווסקי׳ס האָבן געהאַט 5 קינדער: פייגע־רחל (אומגעקומען מיט איר פאַמיליע אין דראָהיטשין), בלומע (געשטאָרבן אין שיקאַגע), שרה, באַשקע (לעבן אין שיקאַגע) און יעקב (לעבט אין ניו־דזשערזי). זען זייטן 117, 215, 246 און 325.

נאָמען וואָס זי האָט כשר פאַרדינט. עס איז כמעט ניט געווען קיין געווינערין אין שטעטל, אַז די באָבע חיה־איטע זאָל ניט זיין די הייבאַם. דער נאָמען „באָבע" האָט מיט דער צייט געמאַכט צו פאַרגעסן איר אמתן נאָמען „חיה איטע". עס איז געווען גענוג צו דערמאָנען דעם נאָמען „באָבע" און אַלע האָבן געוואוסט ווער דאָס איז. איר זאָרג פאַר אירע „אייניקלעך" איז געווען גרויס. איר אַרבעט האָט זי געטאָן בשלמות.

אַזוי איז די „באָבע" אָנגעגאַנגען מיט איר אַרבעט ביז תשעה באב פון 1918. מען האָט זי גערופן ווי געוויינלעך צו אַ פרוי, אַ געווינערין, ניט ווייט פון שטעטל. דאָס איז געווען די פרוי פון לייבע הויזמאַן, דעם פאַקטער פון טשעראמכע. אַלץ איז צוגעגאַנגען נאָרמאַל און די פרוי האָט געבוירן אַ יינגל. די „באָבע" האָט דאָרט פאַרבראַכט א וואָך צייט. סוף וואָך איז לייבע דער פאַקטער געפאָרן קיין דראָהיטשין און האָט מיטגענומען דער באָבען צוריק אין שטעטל. פאָרנדיק פאַרביי דעם דובאָווייער סאָד, האָט די „באָבע" געזאָגט דעם פאַקטער, אַז זי וועט אַראָפּגיין אין דובאָווי קויפן פרוכט, ער זאָל אויף איר ניט וואַרטן, זי וועט שוין אליין קומען אהיים קיין דראָהיטשין. דער פאַקטער האָט אזוי געטאָן.

ס׳זיינען פאַראיבער עטלעכע טעג און די „באָבע" איז ניט צוריקגעקומען. די זאָרג ביי די „אייניקלעך" איז געווען גרויס. מ׳האָט זיך ארויסגעלאָזט זוכן איר אין גאַנצן געגנט, אָבער קיין שפּור איז ניט געפונען געוואָרן פון איר. אַלע באַמיאונגען אויסצוגעפינען עפּעס וועגן איר האָבן זיך אויסגעלאָזן מיט גאָרנישט. אַזוי ווי זי וואָלט גאָרניט עקזיסטירט. ביז היינט ווייס קיינער ניט וואו זי איז אַהינגעקומען.

זלמן שעווינסקי.

# אַלטער סאַראַטשיק (שראַלי)

אַלטער סאַראַטשיק, אָדער אהרן שראלי, זון פון ר׳ אליהו און איטע סאַראַטשיק, איז געבוירן אין מאַלטש ביי פּרוזשעני. האָט געלערנט אין די ישיבות מאַלטש (ר׳ זלמן סנדר שאַפּירא און ר׳ שמעון שקאָפּ, ז״ל), מיר (ר׳ אליהו ברוך קאַמאַי, ז״ל) און וואָלאָזשין (ר׳ רפאל שאַפּירא, ז״ל). האָט אויך שטודירט אַלגעמיינע למודים און בוכהאַלטעריע.

אין 1917 האָט סאַראַטשיק געהייראַט מיט שפרה׳ן, די טאָכטער פון חייקעל און חוה מיל־נער פון דראָהיטשין, ווו ער איז געוואָרן אַ תושב און זיך פאַרנומען מיט הורט־האַנדל.

פון 1898 איז א. סאַראַטשיק טעטיק אויף דעם געזעלשאַפטלעכן און ציוניסטישן געביט. אין דראָהיטשין איז ער געווען איינער פון די אָנפירער און דער רוח החיה פון דער ציוניסטי־שער באַוועגונג, איז אויפגעטראָטן ביי יעדער געלעגנהייט מיט ציוניסטישע רעדעס און געווען אַן אַקטיווער זאַמלער פאַר די קרנות. געוו. פּרע־זעס פון „תרבות" און פון דער תרבות־שולע „מוריה"; געוו. פאַרוואַלטונגס־מיטגליד פון דער פאָלקס־באַנק; געוו. יידישער פאָרשטייער אין סטאַראסטווא, ווו ער האָט פאַרטראָטן די יידישע אינטערעסן פאַר דער פוילישער מאַכט א.א.וו.

פון זינט סוף 1933 לעבט סאַראַטשיק מיט זיין פאַמיליע אין רמת־גן, ארץ־ישראל, ווו ער זעצט פאָר זיין געזעלשאַפט־לעכע טעטיקייט. ער איז אַ מיטגליד פון „אירגון ברית ראשונים הציונים הותיקים"; מיטגליד פון דער אַלגעמיינער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע (התאחדות הציונים הכלליים און ברית הציונים הכלליים); מיטגרינדער פון „העובד הציוני" (אַרבעטער אָרגאַניזאַציע פון ציונים כלליים); וויצע פּרעזעס פון „בני־ברית"־לאָזשע אין רמת־גן (אָפּטיילונג פון אַמעריקאַנער „בני־ברית"); פאַרוואַלטונג־מיטגליד פון „המועצה הדתית" אין רמת־גן, ווי אויך בוכהאַלטער און סעקרעטאַר (זינט 1934) פון דער קאָאָפּעראַטיווער באַנק „שרון" אין רמת־גן.



פון רעכטס: מ. בעזדושעטסקי, ז. ב. וואָלפסאָן, ש. פעלדמאַן, א. אייזענשטיין, דירעקטאָר פון שולע, אַ לערער, אַלטער סאַראַטשיק, פּאָדאָלסקי און ש. בייך.

אין ארץ ישראל האָט אַלטער סאַראַטשיק געביטן זיין נאָמען אויף אהרן שראלי.

די סאַראַטשיק׳ס האָבן עטלעכע קינדער.



ישעיה און פרומע־גיטל וואָשאָווסקי, 1962

די הויז — פון בערל און אַלטע לעכאָוויצקי



יעקב בער קריינעס, ע״ה



ברכה קריינעס, ע״ה

# שלמה זעליג גאָלדמאַן

שלמה זעליג גאָלדמאַן, אַ זון פון שמשון און העניע חיה גאָלדמאַן, איז געבוירן 30טן יוני, 1896 אין דראָהיטשין. האָט געלערנט אין חדר און אין ישיבה קטנה ביי ר' מרדכי מינקאָוויטש. צו גלייכער צייט אויך שטודירט פּריוואַט העברעיִש, רוסיש און אַנדערע אַלגעמיינע למודים.

נאָך זיין חתונה מיט רחל גאָלדמאַן, אַ טאָכטער פון ר' אליהו גאָלדמאַן פון בריסק (אַ שוועסטער פון הרב יהודה דוד גאָלדמאַן פון שיקאַגאָ), האָט שלמה ז. אָנגעפירט מיט אַ גאַלאַנטעריע און קאָנפעקציע געשעפט אין דראָהיטשין. גלייכצייטיק געווען טעטיק געזעלשאַפטלעך. איז געווען פיל יאָרן לאַווניק (פאַרוואַלטונג־מיטגליד) פון דער גמינע (כמו אַ מאַגיסטראַט); לאַנג־יאָריקער פאַרוואַלטונג־מיטגליד פון פאָלקס־באַנק; געוו. פאַרוואַלטונג־מיטגליד פון גמילות־חסדים־קאַסע; געוו. וויצע פאַרזיצער פון דער יידישער קהלה; געוו. קאַסיר און פאַרוואַלטונג־מיטגליד פון פייערלעשער פאַריין; געוו. פּרעזעס פון דער אַלגעמיינער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע; געוו. פּרעזעס פון „תרבות"; געוו. פּרעזעס פון קרן־היסוד און מיטגליד פון קרן־קימת.



פון לינקס: רחל און שלמה זעליג גאָלדמאַן, צבי און יענטע וויינגאָרטן און זייערע טעכטער פנינה און יפה.

אין יוני 1941 איז שלמה זעליג מיט זיין פרוי געוואָרן אַרויסגעשיקט דורך דער סאָוועטישער מאַכט קיין סיביר (וואָרך־בערעזאָווקא, אַלטייסקער ראַיאָן), און געאַרבעט דאָרט אין וואַלד. נאָך דעם סאָוועטיש־פּוילישן (שיקאָרסקי) אָפּמאַך געוואָרן באַפרייט פון סיביר און געאַרבעט אין סאַראַקינאַ, רוסלאַנד, אַלס הויפּט־בוכהאַלטער.

אַפּריל, 1946, צוריקגעקומען קיין פּוילן און האָט אין וואַלבזשיך (וואַלדבורג) געאַרבעט אַלס סעקרעטאַר פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע „איחוד" ווי אויך פון „בריחה". („בריחה" האָט זיך פאַרנומען מיט אַרויספירן יידן פון פּוילן...)

אויגוסט, 1946, אַריבערגעשמוגלט זיך קיין דייטשלאַנד, מינכען, און פון דאָרט אַריבער אין פּליטים־לאַגער קיין לייפּהיים, ביי אולם. די ערשטע צייט געווען באַשעפטיקט אין לייפּהיים אַלס לייטער פון דער היסטאָרישער קאָמיסיע, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט זאַמלען מאַטעריאַלן וועגן די דייטשע אכזריות'ן און רציחות. דערנאָך געוואָרן אויסגעוויילט אין דער פאַרוואַלטונג פון לאַגער און געאַרבעט דאָרט אַלס הויפּט־בוכהאַלטער; אויך געווען דאָרט פאַרזיצער פון דער אַלגעמיין ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, פון קרן־קימת־קאָמיסיע און פאַרשטייער אין דער יידישער אַגענץ.

אַפּריל, 1948, זיינען די גאָלדמאַנס אַריבער פון לייפּהיים קיין בערגען־בעלזען, וווּ זיי האָבן באַקומען אַ סערטיפיקאַט פון דער בריטישער אָקופּאַציע־מאַכט און זיינען דורך מאַרסייל אין יוני 1948 ענדלעך דערגרייכט די ברעגן פון ארץ ישראל און זיך באַזעצט אין קרית מוצקין.

שלמה זעליג איז דער מיטגרינדער און פאַרזיצער פון דראָהיטשינער פאַראיין אין ארץ ישראל, ווי אויך גבאי־ראשון פון דער גרויסער שוהל (בית־כנסת) אין קרית מוצקין.



שטייען פון רעכטס: אַלטער אַלבערמאַן, לייטשע מילנער, יצחק מילנער, יענטע גאָלדמאַן און כלאָווע פּיסעצקי. זיצן פון רעכטס: יהודית מינקאָוויטש, זונה עפּשטיין, ——— און פעסל גאָלדמאַן. אונטן פ. ר.: אסתר שוואַרץ, שיינע קריינעס.

# הרב אברהם חיים קאַצענעלענבויגען ז״ל

**הרב** ר׳ אברהם חיים קאַצענעלענבויגען פון סוויסלאָטש (ביי ביאַליסטאָק) האָט אָפּגעשטאַמט פון די באַוואוסטע קאַצע־נעלענבויגענס, וועלכע ציען זייער יחוס פון דעם לעגענדאַרן ר׳ שאול וואַהל, וואָס איז געווען פּוילישער קעניג איין נאַכט...

הרב קאַצענעלענבויגען איז מיט אַן ערך פון 175 יאָר צוריק אָנגעקומען פאַר אַן איידעם צו איינעם פון די דראָהיטשינער וואַלעוועלסקיס, וועלכע רעכענען זיך פון די וותיקים פון דראָ־היטשין.

מען איז זיך משער, אַז דער נאָמען „וואַלעוועלסקי" שטאַמט פון דעם הויף וואַלעוועל לעבן דראָהיטשין. אפשר, אַז דער ערשטער וואַלעוועלסקי איז אָנגעקומען קיין דראָהיטשין פון וואַלעוועל.

צו דער חופה האָט מען חתן־כלה געפירט אויף סאַמעט וואָס איז געווען אויסגעשפּרייט פון שטוב ביזן שוהל. דער חתן האָט צו דער חתונה באַקומען אַ גרויסן נדן. אויך דער פאָטער פון חתן, דער רב פון סוויסלאָטש, האָט באַקומען נדן.

הרב אברהם חיים, וועלכער האָט זיך גערופן „דער ראַ־בינטשיק", איז כל ימיו געזעסן און געלערנט און זיין פרוי באַדיע איז געווען די פּרנסה־געבערין. באַדיע האָט גע־האַנדלט מיט תבואה און פלעגט געבן די האַנט צו די פּריצים דורכן פאַרטוך...

פאַר זיין פּטירה האָט הרב ר׳ אברהם־חיים געבעטן מחילה ביי זיין פרוי פאַר נישט אויסהאַלטן די תנאים פון דער כתובה, אַז אַ מאַן איז מחויב צו שפּייזן זיין פרוי און קינדער...

די קאַצענעלענבויגענס האָבן געהאַט פיר זין און צוויי טעכטער:

זעליג (זיינע קינדער: שיינע־ציפּע, אהרן, יואל־לייב, בוניע און שרה).

שמעון (איז געשטאָרבן אין איין צייט מיט זיין פאָטער ר׳ אברהם חיים. פייגע מאַטיע־לייבס איז געווען אַן איניקל; און פראַנק וואַלין פון מאַטעלע, היינט אין שיקאַגע — אַן אור־איניקל).

פריידע (אירע קינדער נישט באַוואוסט).

בוניע (איר מאַן האָט געהייסן זעליג קאַפּלאַן פון בריסק. זייערע קינדער: זלמן, שמעון, חאַצקל און דוואָשע).

פּיניע (זיינע קינדער: מאיר־לייב, הרב ר׳ יוסף וואַלעוועל־סקי און חאַצקל קאַצענעלענבויגען).

חאַצקל (זיינע קינדער: משה־לייב, דוד, שיינע־רחל, לאה, שרה, דינה, פייגע און חוה אַווערבוך).

ס׳איז אויפפאַלנד, וואָס אַלע קינדער פון הרב קאַצענעלענ־בויגען האָבן זיך גערופן אויף דער מוטערס פאַמיליע־נאָמען — וואַלעוועלסקי, און נישט קאַצענעלענבויגען. אויך דער נאָמען פון דער עלטער־באָבע באַדיע איז שטאַרק פּאָפּולער אין דער וואַלעוועלסקי־משפחה עד היום. כמעט אַלע שפּעטער־געבוי־רענע מיידלעך אין דער וואַלעוועלסקי־פאַמיליע האָט מען גע־רופן מיטן נאָמען באַדיע. די אַלטע באַדיע האָט געלעבט קרוב צו הונדערט יאָר.

פרטים פון זלמן שעווינסקי.

---

# באַדיע שעווינסקי

**באַדיע** שעווינסקי, אור־איניקל פון הרב ר׳ אברהם חיים קאַצענעלענבויגען, איז געבוירן צו אירע עלטערן ציפּע און יעקב לייזער שעדראָוויצקי אין דראָהיטשין. [די שעדראָוויצ־קי׳ס האָבן געהאַט 8 קינדער: פייגע, אהרן־יצחק, אברהם־שמעון, העניע־חיה, שלמה, באַדיע, דוד־לייב און חנה־רייזל.]



באַדיע שעווינסקי

אין 1887 האָט באַדיע געהייראַט פאַר נחום שעווינסקי פון קאָברין און אַרויסגעהאָלפן איר מאַן אין מסחר.

אין 1912 זיינען די שעווינסקיס געקומען קיין אַמעריקע. באַדיע האָט זיך דאָ אָפּגעגעבן מיט טובת־הכלל־אַרבעט.

אויף אירע עלטערע יאָרן לעבט באַדיע צוזאַמען מיט אירע קינדער הרב ר׳ נחום־יצחק און טויבע־גיטל סאַקס אין שי־קאַגע. — זען זייטן: 159, 166, 187, 188, 195, 209 און 211.

# חנה רייזל שעווינסקי

חנה־רייזל שעווינסקי (שוועסטער פון באַדיע שעווינסקי), יינגסטע טאָכטער פון יעקב־לייזער און ציפּע שעדראָוויצקי, איז געבוירן אין דראָהיטשין. צו 12 יאָר האָט זי פאַרלאָרן איר מוטער און געמוזט אַרויסהעלפן דעם פאָטער אין דער שטוב־ווירטשאַפט ווי אויך אין דעם שיינק, טראָץ דעם האָט זי פאָרגעזעצט איר שטודיום אין שולע. שפּעטער חתונה געהאַט פאַר אהרן־יוסף שעווינסקי פון קאָברין. נאָכן טויט פון איר מאַן (1923) אַריבערגעקומען קיין ניו יאָרק, ווו זי געפינט זיך עד־היום.


חנה־רייזל שעווינסקי

די שעווינסקיס האָבן געהאַט זיבן קינדער: שיינע־ציפּע (ניו־יאָרק), זעליג (אַריזאָנא), טויבע, רבקה, יעקב (אַלע אין ישראל), שמעון (געשט. אין ישראל) און מיכאל (שיקאַגאָ).

# חיה עטל וואָלעוועלסקי ע״ה

פרוי פון הרב ר׳ יוסף וואָלעוועלסקי, ז״ל, האָט אין משך פון יאָרן אָנגעפירט מיט אַ לעדער געשעפט אין דראָהיטשין שפּעטער אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע און געלעבט מיט אירע קינדער אין ניו יאָרק, וואו זי איז געווען טעטיק אויפן פילאַנטראָפּישן געביט.



חיה עטל איז געשטאָרבן צו 97 יאָר, ו׳ אדר, 1955.

הרב יוסף וואָלעוועלסקי, וועלכער איז געווען אַ קורצע צייט רב אין אַ שטעטל און שפּעטער אַ גמרא־מלמד אין דראָהיטשין, איז נפטר געוואָרן כ״ד אדר, 1907 אין דראָהיטשין אין עלטער פון 39 יאָר.

# אהרן־יוסף שעווינסקי ע״ה

אהרן יוסף שעווינסקי, געבוירן צו זיינע עלטערן ר׳ משה אוןביילע אין קאָברין. געענדיקט אַ רוסישע מיטל־שול מיט אַן אויסצייכנונג. צוליב דער קוואָטע־באַגרעניצונג אין די רוסישע שולן נישט געקענט פאַרזעצן זיין העכערן שטודיום און זיך גענומען צו מסחר.


אהרן יוסף שעווינסקי ע״ה

שפּעטער חתונה געהאַט מיט חנה־רייזלען, טאָכטער פון יעקב־לייזער שעדראָוויצקי פון דראָהיטשין. ווי זיין פאָטער ר׳ משה איז יוסף געווען הויפּט־בוכהאַלטער און פאַרוואַלטער ביי די באַוואוסטע וואַלד־סוחרים, די ליפשיצעס פון אַנטאָפּאָליע. פאַר אַ צייט האָט ער פאַרוואַלטעט מיט דעם פלאַנטער וואַלד ביי קאָברין, נאָכדעם — מיט דעם פּאָלושינער וואַלד לעם אַנטאָפּאָליע.

ווי זיין פאָטער ר׳ משה איז יוסף געווען אַ וואַרעמער חסיד, אַ מכניס־אורח און באַוואוסט מיט זיין אָרענטלעכקייט.

אהרן יוסף איז געשטאָרבן י״ז שבט, 1923, אין זשאַבינקע אין עלטער פון 52 יאָר.

חנה־רייזל זיין פרוי לעבט היינט אין ניו־יאָרק.



**אהרן גאָלדמאַן ע״ה**

געשטאָרבן אין קרית מוצקין אין ישראל

ג׳ תמוז תש״ג — 1943




אברהב שמעון שעדראָוו באַשקע
כ״ו אלול, 1926 כ״ה חשון, 1913



היני׳ע שעדראָוויצקי שלמה
ד׳ כסלו, 1931 כ״ט תמוז, 1927






אליהו־בער שעדראָוו רינה־פריידע
י״ט אלול, 1950 ח׳ אייר, 1939

## שעדראָוויצקי פאַמיליע

יעקב־אליעזר שעדראָוויצקי שיינע־ציפע
ב׳ אדר, 1900 י״ד חשון, 1887

דוד־לייב שעדראָוויצקי שרה־הינדע
ה׳ אלול, 1914 ט״ו אלול, 1933



דוד שעדראָוויצקי
ו׳ חשון, 1954



פייגע בערג
ל׳ כסלו, ת״ש — צו 95 יאָר



אהרן יצחק שעדראָוויצקי גיטל
א.י. — ט״ז חשון, 1913



הויזמאַן פאַמיליע, ע"ה — אויבן פון רעכטס: **משה־בער** און **פייגל הויזמאַן** און קינדער: **שמואל גרינבערג** (אייידעם), **חנה** (שמואלס פרוי) און **רייזל** (אונטן רעכטס), אומגעקומען אין דראָהיטשין אין 1942; **שמואל**, פּעטי־אָפיציר פון קאַנאַדער ים־פלאָט, געפאַלן כ"א אב, 1945; און **ישראל**, געשטאָרבן י"ב אדר, 1946, אין אַרגענטינע.

שמואל איז געווען אַ רעליגיעזער יונגערמאַן. פאַרן אַוועקגיין אין דער מלחמה האָט ער געלאָזן אַ צוואה, טאָמער וועט מיט אים עפּעס געשען, זאָל מען זיין פאַרמעגן צעטיילן אויף צדקה.

משה בער, אַ זון פון אַלטער דעם מגיד'ס און טשערנע הויזמאַן, און פייגל (געבוירן אין דאָרף סאָקאָלוווקע), זיינען ביידע געשטאָרבן אין איין טאָג, אין דער טיפוס־עפּידעמיע,— ה' תשרי, 1915. — משה־בער — צו 39 יאָר, און פייגל — אין עלטער פון 41 יאָר, און געלאָזן 12 קליינע יתומים.



דערציילט די טאָכטער חיה־עטל: די לויה פון איר מוטער איז פאָרגעקומען בייטאָג און איר ברודער האָט צו מנחה געזאָגט קדיש. האָט איר פאָטער זיך אַרויסגערעדט: „זאָג, זאָג מיין זון קדיש נאָך דער מאַמען, שפּעטער וועסטו זאָגן קדיש נאָך מיר" ל"ע. אַ ווייַלע שפּעטער איז איר פאָטער אַוועקגעפאַלן.

די השגחה איבער די יתומים האָבן דאַן איבערגענומען די צוויי עלטערע שוועסטער: חיה־עטל האָט געהאַלטן אַ שפּייז־קראָם און געזאָרגט פאַר חיונה און חנה האָט געפירט די ווירטשאַפט אין שטוב, ביז די קינדער זיינען אונטערגעוואַקסן און זיך צעפאָרן איבער דער וועלט.

שרה־דבורה ניטאַווסקי, אסתר־לאה גאָלדשטיין (שיקאַגאָ), פריידל גאָלד (ניו־יאָרק), חיה־עטל לאָפּמאַן (לאָס־אַנדזשעלעס), באַדיע פיינמאַן, שינדל שטיינבערג (וויניפּעג, קאַנאַדע) און יעקב גראָסמאַן (אַרגענטינע).

# משה דער פרוש הי״ד

„משה דער פרוש" האָט מען אים גערופן. ער איז געווען פון נידריקן וווקס, האָט געהאַט אַ פּאָר פינקלדיקע אויגן, וועלכע זיינען געווען פאַרשטעלט מיט אַ פּאָר צעבראָכענע ברילן. זיין פּלאַץ איז געווען אין אַלטן בית־מדרש, הינטער דער בימה, ווו ער האָט געלערנט טאָג און נאַכט פאַר זיך, אָדער ער פלעגט לערנען מיטן עולם „עין־יעקב" בין מנחה־למעריב.



ר׳ משה דער פרוש, ע״ה

יעדער חשובער בעל הבית האָט אים געגעבן „אַ טאָג" צו עסן. ער האָט קיינמאָל ניט דערציילט פון זיין פאַמיליע און זיין לעבן איז געווען פאַר יעדן אַ געהיימניס.

שבת פלעגט ער עסן ביי אונדז. מיין איינגערע שוועסטער פלעגט פאַר אים ספּעציעל מאַכן מילכיקס וייל ער האָט ניט געקענט עסן קיין פליישיקס — בלויז מילכיקס.

איינמאָל אין אַ פרייטאָג אָוונט. אויפן גאַס האָט געגאָסן אַ שלאַגס רעגן און עס איז געווען אוממעגלעך אַרויסצוגיין פון הויז — האָב איך אים געבעטן, ער זאָל בלייבן ביי אונדז נעכטיקן. ביי דער געלעגנהייט האָבן מיר אַרומגערעדט פאַרשיידענע יידישע ענינים און אויך די וועלט פּאָליטיק ביז מען איז געקומען צום אייגענעם לעבן.

איך האָב אים זייער געבעטן, אַז ער זאָל מיר דערציילן פון זיין לעבן און פאַרוואָס ער איז אַ פרוש געוואָרן.

ער האָט מיר פאַרשוואָרן, אַז כל זמן ער וועט לעבן, טאָר איך דאָס קיינעם ניט זאָגן. און אַזוי ווי דער פרוש איז מער ניט צווישן די לעבעדיקע מעג איך עס שוין דערציילן.

דער פרוש האָט מיר דערציילט אַ טראַגישע געשיכטע:

„געוווינט האָב איך אין אַ דאָרף יוכנאָוויץ, ביי פינסק. אָנגעקומען פון דער ישיבה און חתונה געהאַט פאַר אַ רייכן ישוב׳ניקס אַ טאָכטער. איך האָב געהאַט זייער אַ שיינע פרוי, ווי אויך פרנסה פון דער קראָם, וואָס מיין שווער האָט פאַר מיר געעפנט. צו דעם האָט מיך גאָט באַגליקט מיט צוויי שיינע קינדערלעך און מיר האָבן זיך געלעבט גליקלעך.

„ניט אויף לאַנג אָבער איז געווען דער גליק. די וועלט זאָגט: „קיינער ווייסט ניט וועמענס מאָרגן ס׳איז". אין אַ פרימאָרגן זאָגט מיר מיין פרוי, אַז זי פילט ניט גוט, און אַז איך זאָל רופן אַ דאָקטאָר. איך האָב גלייך גערופן פון יאַנאָווע דעם פעלדשער, וועלכער איז באַלד געקומען צופאָרן און אונטערזוכט מיין פרוי און דערקלערט, זי איז קראַנק אויף טיפוס. ער האָט מיר געגעבן פאַרשידענע רעצעפּטן. איך בין פייל פון בויגן אַוועקגעלאָפן אין יאַנאָווער אַפּטייק און באַשטעלט די רעצעפּטן. דער אַפּטייקער האָט מיר געגעבן צוויי פלעשלעך — איינע צום טרינקען און די צווייטע צום אויסשפּריצן די הויז, דאָס איז געווען גיפט „לאַיסאָל". קומענדיק אין הויז האָב איך, כאַפּנדיק, פאַרביטן די פלעשלעך און האָב גענומען די „לאַיסאָל" און עס איינגעגעבן מיין טייערער פרוי. אַזוי שנעל ווי זי האָט דאָס אַראָפּגעשלונגען, האָט איר גענומען וואַרפן אין קאָנוווּלסיעס און זי איז אויסגעגאַנגען...

„איך בין פון שרעק צעמישט געוואָרן. אָבער, קיינער האָט ניט געוואוסט די אורזאַך. אָט דער דאָזיקער שרעקלעכער טעות האָט מיר מיין לעבן צעבראָכן אויף אייביק. איך האָב קיין נעכט ניט געשלאָפן, אַרומגעגאַנגען און געפילט, אַז איך וועל אַרונטער פון זינען. איך האָב באַשלאָסן איבערצולאָזן מיינע קינדער ביי מיין שווער און שוויגער און אַליין האָב איך פאַרלאָזן מיינע פריינט און אַרומגעוואַנדערט איבער שטעט און שטעטלעך נע ונד אַ גאַנצן יאָר צייט, ביז איך בין אָנגעקומען אין דעם שטעטל דראָהיטשין און דאָ פאַרבליבן.

„ביז היינטיקן טאָג ווייס קיינער ניט פון מיר און אַז איך האָב געטויטעט אַ מענטשן, מיין בעסטן פריינט אין לעבן, דורך אַ טעות, און דערפאַר וועל איך פאַרבלייבן אַ פרוש ביזן טויט". — האָט ער פאַרענדיגט זיין טראַגישע געשיכטע.

גדליה קאַפּלאַן.

---

אין הייליקן אָנדענק פון אונדזערע ליבע און טייערע עלטערן

| | | |
|---|---|---|
| **בערל** | **לעכאָוויצקי** | **אַלטע** |
| י״ז אדר, 1938 | | ח׳ ניסן, 1922 |

—

שוועסטער און ברודער

**מייטע און יצחק**

**אומגעקומען מיט זייערע פאַמיליעס**

**דורך די דייטשע רוצחים אין 1942 אין דראָהיטשין**

דוד לאַקאָוויטש ברוקלין טילע שוואַרצבערג

ביילע ליווי, שיקאַגע

---

לזכרון מיינע ליבע עלטערן

| | | |
|---|---|---|
| **מאיר יודל** | **פעלדמאַן** | **לאה** |
| ד׳ ניסן, 1939 | | כ״ו אדר, 1915 |

חוה פעלדמאַן

# אהרן לאַשינסקי ע״ה

**אהרן** לאַשינסקי, באַקאַנט אַלס „אַרע פאַלק׳ס״, איז מבטן ומלדה געווען אַ דראָהיטשינער. ר׳ אהרן, וועמענס פאָטער



ר׳ אהרן און העטקע לאַשינסקי, ע״ה

האָט געהייסן פאַלק, איז געווען אַ טיפּ פון דעם גאָר אַלטן דור און אַ שם דבר אין שטאָט.

אין די ייִנגערע יאָרן האָט ר׳ אהרן אָנגעפירט מיט אַ חדר און געקנעלט מיט די קינדער אַ פרשה חומש מיט רש״י. שפּעטער איז ער געוואָרן שמש אין גאַס־בית־המדרש און דערביי איז ער שוין פאַרבליבן כל ימיו.

ר׳ אהרן איז נישט געווען סתם אַ שמש, נאָר אַ משמש בקודש. ער איז אין גאַס־בית־מדרש געווען בעל־תפלה, בעל־קורא און בעל־תוקע. אַרע פאַלק׳ס איז געווען די האָרץ פון גאַס־בית־המדרש און יידן האָבן געהאַט פאַר אים דרך ארץ.

ווען אַרע פאַלק׳ס פלעגט צוגיין צום עמוד אין ראש־השנה און אויסשרייען „המלך״, האָבן די מתפללים פון שוהל דערפילט אַ ציטער אין די ביינער. ער פלעגט זיין דאַווענען אויסוויינען מיט קולות וברקים. דאָס זעלבע ווען אַרע פלעגט זאָגן קינות אין תשעה־באב, האָט מען ממש אָנגעפילט דעם חורבן אין שוהל. ער פלעגט אויך אָפּריכטן „חצות״ נאָך דעם חורבן בית־המקדש. אין זיין פּריוואַטן לעבן איז ר׳ אהרן געווען אַ מסתפק במועט און אַ שמח בחלקו.

אין דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען דער גאַס־בית־המדרש איז פאַרברענט געוואָרן, האָט אַרע פאַלק׳ס דערשפּירט ווי דער בית־המקדש וואָלט חרוב געוואָרן בימיו און דער קוואַל פון זיין גייסטיקער חיות האָט אויסגעטריקנט...

תשעה־באב, 1921, אין עלטער פון 85 יאָר, האָט אַרע פאַלק׳ס אויסגעהויכט זיין נשמה...

ר׳ אהרנ׳ס פרוי, העסקע, (אַ טאָכטער פון ר׳ גרשון און ליבע), איז געשטאָרבן כסלו, 1913.

די לאַשינסקיס האָבן געהאַט פיר קינדער:

לייזער לאַשינסקי, אהרנ׳ס אַ זון, האָט פיל יאָרן געלעבט אין שיקאַגע און זיך אָפּגעגעבן מיט כלל־טועריי. איז געווען



לייזער און מינע לאַשינסקי, ע״ה

אַן אַקטיווער חבר פון קהילת־יעקב־שוהל און תלמוד־תורה און פון דראָהיטשינער הילפס־פאַראיין. לייזער איז געשטאָרבן ו׳ חנוכה, 1950. לייזערס פרוי, מינע, איז געשטאָרבן 18טן יולי, 1935.

אברהם לאַשינסקי, אהרנ׳ס אַ זון, איז אויך געשטאָרבן אין שיקאַגע אין 1947.

אַ טאָכטער, סירקע, איז געשטאָרבן אין דראָהיטשין ה׳ ניסן, 1905, בערך.

אַ טאָכטער אסתר־יאָספע דרוקער, איז געשטאָרבן אין דראָהיטשין י״ב טבת, 1917. אסתר־יאָספעס מאַן, מרדכי־בער דרוקער, איז געשטאָרבן אין דראָהיטשין כ״ה אלול, 1928.

די דרוקערס האָבן געהאַט 8 קינדער:

צאַלקע (אומגעקומען מיט זיין פאַמיליע אין דראָהיטשין).

פאַלק (געשטאָרבן אין דראָהיטשין).

לאַנע (געשטאָרבן אין דראָהיטשין. איר פאַמיליע — אומגעקומען).

לאַצע (אומגעקומען מיט איר פאַמיליע אין פּינסק).

חייטשע (אומגעקומען מיט איר פאַמיליע אין מאָטעלע).

חיים דרוקער און שוועסטער סירקע (רעזניק) און ליבע (גאָלדבערג) מיט זייערע פאַמיליעס לעבן אין שיקאַגע.



זיידל (מאיר יצחק) און העניע שטיינבערג און קינדער (פ.ר.): מרדכי, פייגל, הערשל און מנחם (ד״ר). זיידלס יאָרצייט איז ב׳ ראש השנה (1943). אַנדערע אַחוץ צבי לעבן אין שיקאַגע

# זעליג הויזמאַן ע״ה

עזריאל זעליג הויזמאַן, באַקאַנט אַלס „זעליג דעם מגיד׳ס״, איז געבוירן 1858 אין דראָהיטשין. זיין פאָטער האָט געהייסן „לייבע דער מגיד״.

די משפחה הויזמאַן איז געווען אַ שם־דבר אין שטאָט. זעליג׳ס אַ ברודער, אַלטער דעם מגיד׳ס, איז געווען אַ יודע ספר און אַן אייגנטימער פון אַ קרעטשמע (פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה). אַ שוועסטער זעליג׳ס, שרה לאה, איז געווען די פרוי פון מאיר נח׳ס (אַ ברודער פון ר׳ בנימין משה דעם שוחט׳ס פרוי). אַ שוועסטער הענדל האָט געלעבט אין יאַנאָווע.

זיין חינוך האָט ר׳ זעליג באַקומען אין חדר און אין בית־המדרש. צו 19 יאָר האָט ער געהייראַט מיט סירקען, אַ טאָכטער פון דעם באַוואוסטן ר׳ מאָטיע פנחס דעם מלמד. נפתלי שטיינבערג איז געווען ר׳ זעליג׳ס שוואָגער (זע זייט 177).

ר׳ זעליג, וועלכער האָט זיך פאַרנומען מיט מסחר, האָט זיך גערעכנט פון די אָנגעזעענסטע בעלי בתים אין גאַס־בית־מדרש און האָט געפירט אַ בכבודיקע הויז.

אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען דער פּוילישער רב, הרב ר׳ נח קאָהן, ז״ל, און יבדל לחיים הרב ר׳ יהודה דוד גאָלדמאַן (היינט אין שיקאַגע) האָבן זיך אונטערגענומען צו פאַריכטן דעם עירוב אין שטאָט (וואָס איז צעשטערט געוואָרן אין דער מלחמה), האָט ר׳ זעליג געגעבן דאָס גאַנצע געלט פאַר דעם צוועק אַלס מתן בסתר. בכלל האָט ער זיך געלאָזט געפינען שטענדיק פאַר אַ דבר צדקה; האָט ליב געהאַט צו טאָן אַ טובה אַ יידן.

אין 1922 איז ר׳ זעליג מיט זיין פאַמיליע אַרייבערגעקומען קיין שיקאַגע, וואו ער האָט



ר׳ עזריאל זעליג און סירקע הויזמאַן, ע״ה



אַלטער ב״ר זעליג און פעשקע הויזמאַן און קינדער (פון לינקס): פריידל, מאיר מאָטיע, פיניע, נפתלי, ניסל און שמערל. שרה לאה, מאיר נח׳ס פרוי (לאַשינסקי) זיצט רעכטס. אַלע זיינען אומגעקומען. הי״ד!

שטייען פון לינקס: אהרן מאיר אויבערמאַן, אַ ל ט ע ר הויזמאַן, הערשל אייזנשטיין, משה לעוואַק און משה קראַוועץ. זיצן פון רעכטס: הערשל לעוואַק (יינגל) הערשל האָכמאַן, ראש ישיבה (זען זייט 44), ישראל קראַוועץ, — אומבאַקאַנט.

בילד גענומען אין גאַס בית־



מדרש ביים טיר אונטער איבער־שריפט: „געגרינדעט (בה״מ) אין יאָר תר״פ — 1920, רעמאָנ־טירט מיט דאָס געלט פון די ברידער נחמיה און יצחק ב״ר ישראל קראַוועץ אין יאָר תרפ״ח, 1928. גבאי צבי ב״ר משה איי־זענשטיין״. אַ חוץ צבי לעוואַק׳ן — אַלע אומגעקומען, הי״ד!



אָנגעהאַלטן זיין טראַדיציע אַלס חבר פון דראָהיטשינער קהלה.

די הויזמאַנס האָבן געהאַט פינף קינדער: הענדל (לעבט מיט איר מאַן ד״ד אייזענשטיין און קינדער אין שיקאַגע); חאַשע, אסתר־רחל (לעבן אין ניו־יאָרק), חנה־דבורה (גע־שטאָרבן אין ניו יאָרק) און אַלטער (אומגעקומען מיט זיין פאַמיליע אין דראָהיטשין). ר׳ זעליג איז געשטאָרבן אסתר־תענית, אדר, 1928. זיין פרוי סירקע — ו׳ כסלו, 1929.

# אהרן מאיר אויבערמאַן הי״ד

**אהרן** מאיר אויבערמאַן, אַ געבוירענער פון קאַמענעץ, איז אין 1902, בערך, אָנגעקומען פאַר אַן איידעם צו אַלטער דעם מגיד׳ס (הויזמאַן). אהרן מאיר, וועלכער איז געווען אַ יודע ספר, אַ זעלטענער בעל תפילה און אַ שיינער בעל קורא, איז געווען דאָס שיינדל פון דער משפחה.

אהרן מאיר האָט באַזעסן אַ זיסע, לירישע שטימע און אַ גוטן חוש פאַר נגינה. זיין דאַווענען איז געווען אַ געמיש פון בעל־תפילה׳ש און חזניש און האָט זיך גערעכנט פאַרן בעסטן בעל תפילה אין געגנט. אַלע שוהלן פון שטאָט און אומגעגנט האָבן אים זייער גערן געהאַט אַלס זייער שליח צבור. די לעצטע יאָרן איז ר׳ אהרן מאיר געווען דער קביעות׳דיקער שליח־צבור פון גאַס־בית־המדרש.

אהרן מאיר האָט פאַר זיין דאַווענען און קריאה נישט גענומען קיין שכירות. ער האָט געהאַט פרנסה ברוח פון זיין באַקאַליינעם געשעפט. צו דעם האָט ער אויך געהאַנדלט מיט אייער פאַר עקספּאָרט.

אין זיין מסחר האָט אהרן מאיר׳ן פיל געהאָלפן זיין פרוי חאַשע הענדל, וועלכע איז, ווי איר מוטער טשערנע, געווען אַ מאַידעם אין האַנדל.

די אויבערמאַנס האָבן געהאַט צוויי זין: **קלמן און לייבע.** **ר׳ אהרן מאיר מיט זיין פאַמיליע זיינען אומגעקומען. הי״ד!**

# ליטמאַן און ביילע אייזענשטיין ע״ה

ליטמאַן אייזענשטיין, זון פון ר׳ הערשל און רייכל און אַ נאָענטער קרוב פון הרב ר׳ אברהם אייזענשטיק (ז.ז. 118), איז געבוירן 1859 אין דראָהיטשין און באַקומען זיין חנוך אין חדר.

אין 1885 בערך האט ליטמאַן געהייראַט מיט ביילען, די



ר׳ ליטמאַן אייזענשטיין, ע״ה

טאָכטער פון ר׳ זלמן און רחל פון סובאַט (אַ דאָרף לעבן דראָהיטשין), און האָט זיך פאַרנומען מיט מסחר.

אין 1890 איז אייזענשטיין געקומען קיין אַמעריקע, ער האָט אָבער דאָ לאַנג ניט געזוימט און איז צוריקגעפאָרן קיין דראָהיטשין.

אין די מלחמה-יאָרן (1914-1919) האָבן די אייזענשטיינס געשטיצט נויטבאַדערפטיקע, קרובים און פרעמדע, מיט ברויט און קאַרטאָפל. פאַר דערזעלבער צייט איז ר׳ ליטמאַן אויך געווען טעטיק אין דער חברה קדישא און געהאָלפן צו טאָן דאָס רעכט צו די קרבנות פון דער טיפוס-עפּידעמיע, ל״ע.

אין 1920 איז ל. אייזענשטיין געקומען מיט זיין פאַמיליע קיין שיקאַגע און געמאַכט דאָ זיין שטענדיקע היים.

ליטמאַן, וועלכער איז געווען שטאַרק באַווירקט פון דעם הימישן טראַדיציאָנעלן לעבן, האָט זיך אויסגעלעבט אין דער סביבה פון אייגענע לאַנדסלייט און בית המדרש אין שיקאַגע.

ר׳ ליטמאן איז געשטאָרבן א׳ ראש השנה, 1928.

ביילע, ליטמאַנס פרוי, האָט געהאַט אָנזען און איינפלוס אין איר סביבה. האָט שטענדיק אויסגעשטרעקט אַ האַנט צו׳ם אָרעמען און געדריקטן. ספּעציעל האָט זי זיך אָפּגעגעבן מיטן חינוך פון אירע קינדער און באַמיט צו דערציען זיי אין



ביילע אייזענשטיין, ע״ה

יידישן גייסט. די לעצטע יאָרן, דערציילט מען, איז איר מאַמישע האַרץ אויסגעגאַנגען פון בענקעניש נאָך איר עלטערן זון, אַלטער, וועלכער איז גאָר יונג אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע, און זי האָט געהאַפט צו זען אים נאָך אַמאָל. ביילעס פאַרלאַנג איז דערפילט געוואָרן. זי איז געקומען קיין שיקאַגע און מיט אַ יאָר שפּעטער האָט זי מיט איר מאַן ליטמאַן געפירט איר זון אַלטער צו דער חופה. אָבער, ליידער, אין דער זעלבער שמחה-נאַכט האָט ביילע געכאַפּט אַ לונגען-ענטצינדונג און אין קורצן נאָכדעם געשטאָרבן, — י״ט שבט, 1922, אין עלטער פון 56 יאָר.

די אייזענשטנס האָבן געהאַט 5 קינדער: אַלטער (אַריזאָנאַ), אברהם, דוד, רחל און יוסף אין שיקאַגע.

ר׳ ליטמאַן האָט אויך געהאַט צוויי ברידער: ר׳ דוד און ר׳ יודל און אַ שוועסטער חיה-דאָבע. די לעצטע איז געשטאָרבן מיט 13 יאָר צוריק אין שיקאַגע אין עלטער פון 88.

# דוד אייזענשטיין ע״ה

דוד אייזענשטיין, זון פון ר׳ הערשל און רייכל און אַ נאָענטער קרוב פון הרב ר׳ אברהם אייזענשטיין (ז. 118), איז געבוירן תר״י — 1849 אין דראָהיטשין. נאָך זיין חתונה מיט חיה־גיטל וואַרשאַווסקי, האָט ער זיך פאַרנומען מיט מסחר. ער האָט אָבער נישט אויסגעאַרבעט קיין חיונה פאַר זיין פאַמיליע פון 6 קינדער.


ר׳ דוד אייזענשטיין ע״ה

מאַכט זיך אַ צופאַל, אַ פריץ איז געקומען עפעס קויפן אין קראָם ביי דעם אַלטן חאַצקל וואלעווולסקי. פאַרלאָזנדיק די קראָם און אַרויפשטייגנדיק אויף זיין בריטשקע האָט ער אַרויסגעלאָזט אַ בייטל און איז אַוועקגעפאָרן. די יידן וואָס זיינען געשטאַנען דערנעבן און געזען דודס לאַגע, האָבן אים געהייסן אויפהויבן די בייטעלע. דוד איז געלאָפן מיטן אוצר אַהיים און אָפּגעציילט 85 רובל. דער פריץ איז געווען פאַר אים ממש אַ שליח פון ג״ט. אויף מאָרגן איז דער פריץ צוריקגעקומען אין שטאָט זוכן זיין פאַרלוירענע בייטעלע. ווען די יידן האָבן אים דערציילט, אַז דאָס געלט האָט געפונען אַן אָרעמער ייד, וועלכער וויל פאָרן קיין אַמעריקע, האָט דער פריץ געענטפערט: זאָל ער פאָרן געזונט... און דוד איז אַוועקגעפאָרן.

פיר מאָל איז אייזענשטיין געפאָרן קיין אַמעריקע און איז צוריקגעקומען קיין דראָהיטשין. ער האָט שוין געהאַט דאָ אין שיקאַגאָ זיין פרוי און אַלע קינדער אָבער אייזענשטיינען האָט געצויגן צוריק צו דער אַלטער היים, צום בית־מדרש און צום יידישן לעבן אין שטעטל.

אין 1932, נאָך דעם טויט פון זיין פרוי, איז ר׳ דוד צוריקגעפאָרן צום פערטן מאָל קיין דראָהיטשין, מיטן צוועק צו פאַרקויפן זיין מויער אין שטעטל און פאָרן קיין ארץ ישראל. ער איז אָבער שוין פאַרבליבן אין דראָהיטשין. אין אַ פרייטאָג־צו־נאַכט נאָך קידוש איז ר׳ דוד אין עלטער פון 88 יאָר אויסגעגאַנגען. דאָס איז געווען ט״ז כסלו תרצ״ח — 1938.

***

חיה־גיטל אייזענשטיין, פרוי פון ר׳ דוד אייזענשטיין, איז געבוירן תרי״ג, 1852 אין דראָהיטשין. איר פאָטער, ר׳ ישראל ברוך וואַרשאַווסקי, איז ווי די מסורה גייט, געווען אַן איידיקל פון דעם באַוווסטן גאון און מקובל ר׳ דוד׳ל יפה, זצ״ל. חיה־גיטל, אַן אשה צנועה, האָט זיך שטאַרק אָפּגעגעבן מיט דערציען אירע קינדער אין יידישן גייסט.


חיה גיטל אייזענשטיין, ע״ה

אין יאָר 1920 איז חיה־גיטל אַריבערגעקומען קיין שיקאַגאָ צו איר מאַן און קינדער. מיט איר איז אויך געקומען איר טאָכטער רייכל און קינדער צו איר מאַן יצחק אייזענשטיין, געווען דאָ אַ תושב.

חיה־גיטל, וועלכע האָט געטאָסן פיל דרך־ארץ פון אירע קינדער און לאַנדסלייט, איז געשטאָרבן אין עלטער פון 77 יאָר, כ״ו תמוז, תר״ץ — 1930.

די אייזענשטיינס, ווי געזאָגט, האָבן געהאַט זעקס קינדער: אליהו (געשטאָרבן אין שיקאַגאָ), ליפּמאַן, ישראל־ברוך, לייזער, אברהם און רייכל אייזענשטיין, אַלע תושבים פון שיקאַגאָ. (זען זייטן 191 און 212).


טאָכטער, מוטער און איניקל, יצחק

| **טויבע קאַפּלאַן־קאַן** | **גיטל וואַרשאַווסקי** |
|---|---|
| געשט. צו 40 יאָר בערך | געשט. צו 80 יאָר בערך |
| אסרו־חג, פסח, 1919 | כ״ה שבט, 1916 |
| (זען זייט 93) | (זען זייט 88) |

**ישעיה ב״ר ישראל ברוך וואַרשאַווסקי**

מאַן פון גיטל, געשט. י״ט טבת, 1905. ז. ז. 117, 193 און 247 טויבעס מאַן, ישעיה־יאַסל, און די קינדער: יצחק און אליה קאַן, רחל ערמאַן און פאַמיליעס געפינען זיך אין ניו־יאָרק.

# פריידל אייזענשטיין ע״ה

פריידל אייזענשטיין, טאָכטער פון חיים־ליב און אסתר קראַוועץ, איז געבאָרן 1884 אין פּרוזשאַני און באַקומען אַ רעליגיעז־נאַציאָנאַלע דערציאונג. א׳ אלול, 1907, האָט זי געהייראַט פאַר ישראל ברוך אייזענשטיין. פריידל איז געווען שיין, קלוג, געקענט העברעאיש און רוסיש האָט זי געהאָלפן ישראל ברוך׳ן פירן זיין קלאַס.

דעצעמבער 1912 איז ישראל ברוך אַוועקגעפאָרן קיין



פריידל אייזענשטיין, ע״ה

אַמעריקע און פריידל האָט געהאָפט אויף דעם מאָמענט, ווען זי וועט זיך קענען פאַראייניקן מיט איר מאַן: האָט זיך אָנגעכאַפּט די וועלט־מלחמה (1914) און צונישט געמאַכט די האָפענונגען. ווי פיל אַנדערע האָט פריידל אין די מלחמה יאָרן דורכגעמאַכט שווערע צייטן. און ווען די הילף איז שוין געווען אין וועג איז פריידל פאַרשלאַפט געוואָרן אויף פלעקטיפוס און אין בליענדן עלטער, צו 34 יאָר — כ״ח אייר, 1919 — געשטאָרבן, איבערלאָזנדיק צוויי קליינע יתומים — חיים און לייזער. גלייך נאָכדעם האָט ישראל ברוך אַריבערגענומען די קינדער קיין אַמעריקע.

פריידלס פאָטער חיים־ליב, אַ זון פון ר׳ יצחק קראַוועץ פון דראָהיטשין, איז געשטאָרבן אין 1893. פריידלס מוטער, אסתר, אַ טאָכטער פון ר׳ אליעזר־שמואל יאַבלאָנסקי פון פרוזשאַני, האָט חופה געהאַט צום צווייטן מאָל מיט דעם באַוואוסטן למדן ר׳ פייוויל גרינבערג פון נאַרעווקי (ביי גראָדנע) און געהאַט מיט אים אַ טאָכטער ראָזע. דער באַרימטער הרב הגאון ר׳ ישראל ראָזענבערג, ז״ל (לאַנג־יעריקער פרעזידענט פון „אגודת־הרבנים״ אין אַמעריקע), איז געווען אַן איידעם פון דעם זעלבן ר׳ פייוויל גרינבערג, ז״ל. נאָך דער פטירה פון ר׳ פייוולען איז אסתר געוואָרן אויסגעהאַלטן פון הרב ראָזענבערג.

פריידלס מוטער אסתר איז געשטאָרבן כג אדר שני, 1939. די שוועסטער ראָזע מיט איר מאַן און קינד זיינען אומגעקומען. הי״ד! פריידלס איינציקע שוועסטער, תּיה־ליבע, פרוי פון ישראל־ברוך וואַרשאַווסקי, געפינט זיך היינט מיט איר פאַמיליע אין ניו־יאָרק. זען זייטן 93, 191 און 193.

## חיים לייב אייזענשטיין

חיים לייב, עלטסטער זון פון ישראל ברוך און פריידל אייזענשטיין, איז געבאָרן יאַנואַר 1910 אין דראָהיטשין. צו 9 יאָר געוואָרן פאַריתומ׳ט פון זיין מוטער. אין 1920 געקומען קיין שיקאַגע, געלערנט אין „בית מדרש לתורה״, גלייכצייטיק שטודירט זשורנאַליזם און געשריבן אַ בוך. חיים איז געווען אַ בעל כשרון מצוין און אַ מתמיד און געהאַלטן ביים באַקומען סמיכה אויף רב, איז ער אָבער— דינענדיק אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי — קראַנק געוואָרן אויף אַ שווערער מחלה און איז עד־היום נישט געקומען צו זיך... — האָפט מען, אולי ירחם ה׳...



## אליעזר שמואל אַייזענשטיין

אליעזר שמואל אייזענשטיין, צווייטער זון פון ישראל ברוך און פריידל אייזענשטיין, איז געבאָרן 12טן יוני, 1912 אין דראָהיטשין. צו 7 יאָר פאַרלאָרן זיין מוטער. 1920 אין שיקאַגע, געלערנט פון 1923 ביז 1930 אין בית מדרש לתורה, און געענדיקט די מאַרשאַל „היי סקול״ (1930) און „קריין־קאָלעדזש״ (1932). אָקטאָבער, 1942 געוואָרן מאָביליזירט אין אַמעריקאַנער אַרמיי (ביז נאָוועמבער 1945), געווען מיט זיין רעגימענט אין האַוואַיע, אויסטראַליע. אַפּר. 1944, אַלס אָנגעהעריקער צו 24 אינפאַנטעריע דעוויזיע געהאָלפן שטורמען די האָלענדישע ניו גוּאינע. אַ. „אינשורענס בראָקער״, האָט אַ פרוי גייל און צוויי קינדער רענדי און נאָרין.



# פּרץ גאָלדמאַן (בן-זהב) הי״ד

נאָך פון קינדווייז אָן האָט דער יונגער פּרץ געהאַט אַ שטאַרקע נייגונג צו ארץ ישראל. אַלס ייִנגל פון 12 יאָר קלייבט ער צוזאַמען אַ גרופּע דראָהיטשינער ייִנגלאַך און דערציילט זיי וואונדער פון ארץ ישראל. אלס איינער פון דער גרופּע, געדיינק איך, ווי מיר זיינען געגאַנגען צו דעם גוט־באַקאַנטן לערער בצלאל וואָלפּסאָן (פון דראָהיטשין), וועמען פּרץ האָט געבעטן, ער זאָל אונז דערקלערן מערער וועגן ארץ ישראל, און וואָס מיר, ייִנגלאַך, דאַרפן טאָן צו העלפן בויען דאָס ייִדישע לאַנד.



פּרץ און זהבה גאָלדמאַן און קינדער

דאַן קריגן מיר טאַקע פון דעם לערער וואָלפּסאָן די ערשטע לעקציע וועגן ציוניזם און זשאַבאָטינסקי׳ס גייסט; ווייל דער לערער וואָלפּסאָן, האָט שטאַרק געגלויבט אין דעם גרויסן ייִדישן פירער זשאַבאָטינסקי ע״ה, און אין זיין לעזונג, אַז ארץ ישראל דאַרף זיין ייִדיש אויף ביידע זייטן פון ירדן.

מיט אַ קורצער צייט שפּעטער, אין יאָר 1927, האָט פּרץ אָרגאַניזירט דעם בית״ר (ברית יוסף טרומפּעלדאָר) אין דראָהיטשין, וועמענס קולטורעלער פירער ער איז געווען אין משך פון 8 יאָר, ביז וואַנען ער איז אָפּגעפאָרן קיין ארץ ישראל. פּרץ האָט זיך איבערגעגעבן בלב ונפש צו דער אַרבעט פון בית״ר און צו דעם ציוניסטישן אידעאַל, האָט טאָג ווי נאַכט געאַרבעט און אָרגאַניזירט דראָהיטשינער ייִנגלאַך און מיידלאַך, פאַר וועלכע ער האָט גערעדט און געלערנט, און האָט אַריינגעבלאָזן אין זיי דעם גייסט פון אַ ייִדישער מלוכה. פּרץ האָט צוגעגרייט די דראָהיטשינער יוגנט פאַר ארץ ישראל און איז אויך אַליין געפאָרן אויף אַן הכשרה זיך צוגרייטן פאַר אַן עליה קיין ארץ ישראל.

אין יאָר 1935 קומט פּרץ קיין ארץ ישראל און זיין שטרעבונג ווערט טיילווייז פאַרווירקלעכט. ווען איך האָב פּרץ׳ן געטראָפן אין חיפה, נאָך זיין אָנקומען קיין ארץ ישראל, האָט ער געשטראַלט פון שמחה, וואָס ער האָט דערלעבט צו זיין אין ייִדישן לאַנד. „איצט״, האָט ער געזאָגט צו מיר, „איז בלויז דער אנהויב פון דער אַרבעט צו דערגרייכן דעם ציל פון אַ ייִדישער מלוכה״... און פּרץ האָט זיך טאַקע אַריינגעוואָרפן מיט זיין גאַנצן ברען אין דער אַרבעט. ווו נאָר עס האָט זיך געגויטיקט אין „כבוש עבודה עברית״ איז פּרץ געווען.

פּרץ הויבט אָן אַלס „מחלק מכתבים״ (בריוו־טרעגער) אין חיפה׳ער פּאָסט־אָפיס, ווו עס האָבן דאַן געאַרבעט געציילטע ייִדן, און ער האָט זיך באַמיט אויף אַרייצוציען וואָס מער ייִדן אין דער אַרבעט. שפּעטער גייט ער אַריבער אַרבעטן אין אַ מושבה אין דאָרף, כאָטש פיזיש איז פּרץ נישט געווען מסוגל פאַר שווערער אַרבעט אין די קאָלאָניעס.

מיט א צייט שפּעטער טרעפן מיר פּרצ׳ן אלס פּאָרט־ארבעטער אין חיפה׳ער פּאָרט, וווהין ער איז געוואָרן געשיקט אלס כבוש עבודה׳ניק. נאָך שפּעטער פאַרוואַנדלט זיך פּרץ אין אַ פישער. ער און נאָך אַ צענדליק בחורים זיינען געווען פון די פּיאָנערן, וואָס האָבן אָנגעהויבן צו אנטוויקלען די פישער־אינדוסטריע אין לאַנד. ווי גליקלעך פּרץ איז געווען, ווען ער האָט מיך געפירט ווייזן די פישער־שיף, וועלכע איז געווען געאַנקערט אין חיפה׳ער פּאָרט.

פּרץ אַרבעט אויך אין דער אייזנבאַן־פאַבריק אין חיפה ביז ער גייט אַריבער צו אַרבעטן אלס מעכאַניק אין דער חיפה׳ער „בית־הזקות״ („ריפיינערי״). פּרץ מיט נאָך אַ צענדליק ייִדן האָבן דאָרט געאַרבעט צווישן הונדערטער אַראַבער און אין די אָוונטן האָט ער שטודירט אין אַ הויך־שול און באַקומען אַן אַטעסטאַט, דירעקט פון לאָנדאָן, אַלס לאָקאָמאָטיוו־אינזשינער.

אין זיין בריוו, פון נאָוועמבער, 1947, שרייבט פּרץ וועגן זיין פרייד, וואָס ער איז אויפן וועג צו איינאָרדענען זיין לעבן אין ייִדישן לאַנד, און אַז ער פּלאַנעוועט צו בויען אַ היים אין אַ שכונה אין מפּרץ חיפה פאַר זיין פאַמיליע.

פּרץ איז אויך געווען איינער פון די אומבאַקאַנטע סאָל־

EMBASSY OF ISRAEL
WASHINGTON
MILITARY, NAVAL AND AIR ATTACHE

שגרירות ישראל
ושינגטון
נספח צבאי, ימי ואוירי

מס. עב/15/5
29 במרץ 1950

אל: מר ה. ליוק
קליפורניה

הנדון: תאריך נפילת חברך ז"ל.

בהמשך למכתבנו מס. עב/5/5 מיום 7.2.50:

חברך פרץ בן יואל (גולדמן) בן־זהב נולד בשנת 1914
ונהרג בהתקפת הערבים בבתי הזקוק בחיפה בתאריך 30.12.47
והובא למנוחת עולמים בחיפה בתאריך 31.12.47.

שם אשתו זהבה וכתבתה: רח' השלום מס. 12, חיפה.

הנני משתתף בצערך.

ע. אבידור
ס/אלוף
נספח צבאי, ימי ואוירי בפועל

בריוו פון ישראל־אַמבאַסאַדע צו לעוואַקן וועגן פּרצ׳עס טויט

דאַטן, וועלכע האָבן געקעמפט אין די רייען פון „איִרגון" אונטער דער פירונג פון מנחם בעגין פאַר אַ יידישער מלוכה.

ליידער, האָט פרץ נישט דערלעבט צו זען מיט זיינע אויגן דאָס אויפקום פון דער יידישער מדינה. פרץ האָט מיר געשריבן, אַז די אַראַבישע „כאַוואַדזשעס" (חברים) פון דער „רעפיינערי" באַרימען זיך אז גאָר אין גיכן וועלן זיי אויס־קוילענען אלע יידן, נאָר אים, פרצ׳ן, וועלן זיי נישט טשע־פען, ווייל ער איז אַ גוטער ייד...

די „כאַוואַדזשעס" האָבן זייער וואָרט געהאַלטן. ווי די צעיושעטע חיות האָבן די אַראַבישע „כאוואדזשעס" פון דער ריפיינערי באַפאַלן זייערע פאָר צענדליק יידישע חברים מיט מעסערס און זיי אַלע אויסגעקוילעט, און צווישן די פאָר צענדליק יידישע קרבנות איז אויך געווען פרץ, וועלכער איז געפאַלן אַ דערשטאָכענער צום טויט פון אַן אַראַבישן מעסער און אפשר פון זעלבן כאַוואַדזשאַ—דעם 30 דעצעמבער, 1947.

3 מאַי, 1950, לאָס אַנדזשעלעס, קאַליפ. —— צבי לעוואַק

•

# יעקב צבי וואַרשאַווסקי ע״ה

יעקב צבי וואַרשאַווסקי, זון פון ר׳ מרדכי און ציפּע, איז געבוירן 1864 בערך אין דראָהיטשין. פון זיין פאָטערס צד האָט ער אָפּגעשטאַמט פון דעם גאון און מקובל ר׳ דוד׳ל יפה, זצ״ל. ר׳ יעקב הערש איז געווען מיט אַלע פעדים צוגעבונדן צו יידישקייט און טראַדיציע, און זיך גע־מישט אין שטאָטישע ענינים. ער איז געווען פון די מקורבים פון דעם אַלטן רב, ר׳ מנחם, און שפּעטער פון הרב קאַ־לענקאָוויטש. ר׳ יעקב הערש איז געווען אימפּולסיוו און דרייסט און געציי גט אָרגאַניזאַטאָרישע פייאיקייטן און וואָלט מיט דער צייט געוואָרן אַ שטאָט־פירער. ער האָט אָבער לאַנג נישט אָנגעצויגען. אין בליענדיקן עלטער, צו 39 יאָר, נאָך אַ קורצער קראַנקהייט, איז ר׳ יעקב־הערש אַוועק פון דער וועלט, איבערלאָזנדיק זיין פרוי, מלכה, מיט 7 קליינע יתומים.



ר׳ יעקב צבי, ע״ה

כ״ד שבט, 1906

זען זייטן 117 און 215. יאָרצייט פון יעקב צבי׳ס עלטערן:

ר׳ מרדכי — י׳ אדר    ציפּע — ד׳ אייר



שטייען פון רעכטס: פרץ גאָלדמאַן, מנחם שטיינבערג, שלום וואַרשאַווסקי, מאיר מאָטיע הויזמאַן, יאָסעק סידעראָוו, מרדכי גאָטליב און ישראל שמיד. זיצן פון רעכטס: משה גאָלדבערג, יוסף רובינשטיין, צבי לעוואַק, —— אינסטרוקטאָר, אברהם מישאָווסקי, קאַכלער און אברהם לעוו. אונטן פון רעכטס: בערל וויכנעס, בערל גאָטליב. בית״ר, 1933. 10 פון די אומגעקומען!

# דוד פייגל פרומע־גיטל וואַרשאַווסקי הי״ד

מיט אַ הייליקן ציטער אין האַרצן שרייב איך די דאָזיקע שורות, וועלכע וועלן דינען אַלס מ צ ב ה נאָך מיין פאָטער, מוטער און יונגע שוועסטערל; אַ מ צ ב ה פון יידישע אותיות, אין וועלכע עס „ליגן וויפיל טרערן און וויפיל געוויין"...

מיין פאָטער, ר׳ דוד, איז געבוירן 1879 בערך











דוב (אויבן) ר׳ דוד וואַרשאַווסקי פרומע־גיטל וואַרשאַווסקי פייגל ישעיה (מיטן)

אין דראָהיטשין צו זיינע עלטערן ר׳ ישעיה און גיטל. פון זיין פאָטערס צד האָט ער אָפּגעשטאַמט אין אַ גלייכער ליניע פון דעם וועלט־גאון און בעל־מקובל ר׳ דוד׳ל יפה זצ״ל.

מיין מוטער, פייגל, איז געבוירן 1888 בערך אין מאָטעלע (פינסק) צו אירע עלטערן ר׳ זעליג און פרומע אַנטאָפּאָלסקי, וועלכע זיינען געוועזן אַן אָפּשטאַם פון אַ פאַרצווייגטער אָר־טאָדאָקסישער משפחה אין מאָטעלע, יאַנאָווע און אַנטאָפּאָליע.

מיין איינציקע שוועסטערל, פרומע־גיטל, איז געבוירן ט׳ שבט, תרפ״ד — 15טן יאַנואַר, 1924, אין דראָהיטשין. ווען די דייטשישע רוצחים האָבן איר מיט די עלטערן דער׳הרג׳עט איז זי אַלט געווען 17 יאָר... הי״ד!

מיין פאָטער, הי״ד, האָט באַזעסן זייער אַ שטאַרקן כאַראַק־טער און איז גלייכצייטיק געווען אַ גרויסער בעל־רגש און ירא־שמים. מען קען אויף אים זאָגן, אַז ער האָט אָפּגעהיט און מקיים געווען (אויף וויפיל אַ מענטש איז בכוח) כמעט אַלע מצוות־מעשיות. מיין פאָטער איז בייגעשטאַנען גרויסע נסיונות ביים אָפּהיטן זיין יידישקייט...

דער גורל האָט געוואָלט, אַז מיין פאָטער זאָל דינען דעם רוסישן צאַר אַ פינף יאָר און ער האָט זיך קיין איינמאָל נישט מאכל־טריפה געווען. ער איז געוואָרן געפּאַטשט פון פעלדפעבל פאַר נישט וועלן עסן פון קעסל, אָבער ער האָט זיינס אויסגעפירט. ער האָט פאַר אַ צייט געגעסן ברויט מיט וואַסער און נישט טועם געווען קיין טריפה. ביז ער האָט מיט ג־טס הילף געקראָגן די מעגלעכקייט צו גיין אַלע טאָג אין שטאָט (בערדיטשעוו) און עסן כשרס. ווען ער איז געשטאַנען אויף „וואַרטע" אין דער קאַזאַרמע האָט ער אַ גאַנצע נאַכט געזאָגט תהלים...

מיין פאָטער האָט מיט יאָרן צוריק געלעבט אין שיקאַגע דריי יאָר. ער האָט געקעמפט און נישט אָנגערירט דעם שבת. ער האָט אין אַמעריקע געקענט מאַכן אַ שיינעם לעבן און איז צוריקגעפאָרן אַהיים, מחמת ער האָט געהאַלטן אַז אין אַמע־ריקע קען מען נישט דערציען די קינדער אין יידישן גייסט.

דאָס גאַנצע געלט כמעט האָט מיין פאָטער אויסגעגעבן אויפן חינוך. ער האָט פאַר אונז (פאַר מיר און מיין ברודער) געהאַלטן די בעסטע און טייערסטע מלמדים און גמרא־רביים. שפּעטער, ווען מיר זיינען אַוועקגעפאָרן לערנען אין די ישיבות

האָט ער אונז געשטיצט מיט אַלעס מעגלעכן. די מוטער פלעגט לויפן אין די גרעסטע זאַווירוכעס צום באַן־סטאַנציע צו זוכן אַ געלעגנהייט צו שיקן אונדז פעקלעך מיט עסנוואַרג א.א.וו.

מיין פאָטער פלעגט קיינמאָל נישט אַרויסגיין צו זיין אַרבעט וואו ער האָט פריער נישט געדאַוונט מיטן מנין אין שוהל. די אַרבעטער פלעגן ליגן אויף דעם געשפאַנטן וואָגן און וואַרטן ביז ער איז געקומען פון שוהל. מיין טאַטע האָט געאַרבעט זייער ערלעך און ראַיעל. ער האָט אין זיינע בוי־אונטערנעמונגען (אַממיינסטן אין פריצישע הויפן) אַריינגעלייגט פיל מער צייט, ווי עס האָט זיך געפאָדערט, מורא האָבנדיק, אַז ער זאָל חלילה נישט אָפּנאַרן יענעם. האָט טאַקע פיל מאָל געטראָפן, אַז דער טאַטע האָט פרייטאָג אויסגעצאָלט די אַרבעטער זייערע שכירות איז פאַר אים ווייניג־וואָס פאַרבליבן... מיין טאַטע האָט זיך געהיט פאַר אַ פרעמדן גראָשן און געהאַלטן זיך זייער באַשיידן...

שבת האָט מיין טאַטע אין ערגעץ נישט געגאַנגען, אַחוץ פון שטוב אין שוהל און פון שוהל אַהיים. אַ גאַנצן טאָג פלעגט ער זיצן ביי אַ ספר אין הויז אָדער ער האָט מיטגעלערנט מיט די חברות אין שוהל. ער איז געווען פון די ערשטע צו קומען אין שוהל און פון די לעצטע צו פאַרלאָזן. און אויב עס איז געווען פאַרבליבן אין שוהל אַן אָרימאַן וואָס האָט נישט געהאַט וואו צו עסן האָט ער אים גענומען צו זיך אויף שבת.

זינט איך געדיינק פלעגט מיין פאָטער פאַסטן אַלע ערב־ראש־חודש. און ראש־השנה און יום־כיפור פלעגט ער איבערן גאַנצן דאַוונען שטיין אויף די פיס... ער האָט זיך געהיט פאַר לשון־הרע און רכילות. ער האָט געהאַט אין זיך צאַרטקייט...

כמעט יעדן שבת האָט מיין טאַטע געהאַט אַן אורח ביים טיש. אַחוץ דעם וואָס דער שמש האָט שוין געהאַט אַ חזקה צו שיקן אונדז אַן אורח מיט אַ צעטל, פלעגט דער טאַטע, ווי געזאָגט, ברענגען אַהיים אורחים אומגעריכט. און די מאַמע איז געווען צופרידן צו צעטיילן דאָס לעצטע פאַר די אורחים.

מיין מוטער פלעגט אויך אַ גאַנץ שבת נישט אַרויסלאָזן דעם טייטש־חומש פון האַנט. זי פלעגט פון „צאינה־וראינה" און תחינה אויך פאָרלייענען פאַר פרויען אין שטוב אָדער אין שוהל. זי איז געווען זייער אָפּגעהיט אין יידישקייט.

גלייך נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט מיין פאָטער געוואָלט פאַרקויפן די הויז מיטן פלאַץ און פאָרן קיין ארץ־ישראל. ער איז אָבער געווען אַריבער 35 יאָר אַלט און נישט געקענט באַקומען קיין סערטיפיקאַט...

אין 1941, ווען די רוסן האָבן פאַרנומען אייניקע דראָהיטשינער פאַמיליעס אויף אָפּצושיקן קיין רוסלאַנד, האָבן זיי על־פי־טעות, אויך פאַרנומען מיין טאַטן, מאַמען און שוועסטער. (די רוסן האָבן געזוכט אַ צווייטן דוד וואַרשאַווסקי, וואָס האָט שוין נישט געלעבט.) מיין מוטער, דערציילט מען, האָט שטאַרק געוויינט... איז דער רב, ר' א. י. קאַלענקאָוויטש, ז"ל, מיט בעלי־בתים, געגאַנגען אום שבת צום רוסישן קאָמיסאַר און האָבן זיי אויסגעבעטן אַהיים...

ווי מען דערציילט, האָבן די דייטשישע רוצחים פאַרנומען מיין פאָטער, מוטער און שוועסטערל (און נאָך הונדערטער יידן) קיין בראָנע־גורע לעבן קאַרטוז־בערעזע צו די קאַלך־גריבער און זיי דאָרטן געטויטעט מיט מיתות־משונות! הי"ד!

די אויסזידלונג איז פאָרגעקומען — שבת־נחמו, י"א אב, תש"ב — 25 יולי, 1942! אָבער די עצם הריגה איז פאָרגעקומען זונטאָג, י"ב אב. — זען זייטן 117, 137, 305 און 307.

יבדל־לחיים. — זאָל נאָך דאָ דערמאָנט ווערן מיין איינציקער ברודער, ישעיה וואַרשאַווסקי, וועלכער האָט נאָך דריי יאָר השתדלות און בקשות קוים באַקומען אַ סערטיפיקאַט און ער האָט זיך אין 1938 געראַטעוועט קיין ארץ־ישראל.

[איבערגעדרוקט בקיצור פון „מגילת איכה פון דריטן חורבן" (1952, שיקאַגע) פון הרב דוב ב. וואַרשאַווסקי.]







קומי רוני בלילה לראש אשמרות, שפכי כמים לבך נוכח פני ה', שאי אליו כפיך על נפש עולליך, שכבו לארץ חוצות נער וזקן, בתולותי ובחורי נפלו בחרב. איכה ב'.

על אלה אני בוכיה, עיני עיני יורדה מים כי רחק ממני מנחם משיב נפשי. תבוא כל רעתם לפניך ועולל למו כאשר עוללת לי, כי רבות אנחותי ולבי דוי. איכה א'.

# רעליגיעזע און קולטורעלע אינסטיטוציעס

## חברה קדישא

די חברה־קדישא, זיינען מיר זיך משער, איז געווען די ערשטע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציע אין שטעטל. זי איז מסתמא געווען אַזוי אַלט ווי אַלט עס איז געווען די דראָהיטשינער קהילה. זי איז אויך געווען די לעצטע. אַפילו אין געטאָ איז די חברה קדישא געווען די איינציקע אינסטיטוציע וואָס האָט פונקציאָנירט אָפיציעל ביזן חורבן...

די חברה־קדישא אין דראָהיטשין, ווי אין פיל אַנדערע שטעטלעך, האָט זינט הונדערטער יאָרן געהאַט אַ פנקס, ווו עס זיינען געווען פאַרשריבן פיל פאַסירונגען און תקנות פון שטעטל, וואָס וואָלטן געקענט דינען פאַר אונז אַלס אַן אוצר און קוואַל פון היסטאָרישן מאַטעריאַל וועגן לעבן פון דראָהיטשינער קהלה. — לײדער, אָבער איז דער פנקס פאַרלאָרן געגאַנגען, האָבן מיר נישט קיין באַזונדערס וואָס צוצוגעבן צו דעם וואָס איז איבערגעגעבן באַוואוסט.

די מנהגים און תפקידים פון דער חברה קדישא אין דראָהיטשין זיינען געווען מער־ווייניקער (לויטן דין) דאָס זעלבע וואָס אין פיל אַנדערע שטעטלעך. אין די דאָזיקע שטעט און שטעטלעך, ווו עס איז נישט געווען קיין אָרגאַניזירטער יידישער קהילה־לעבן, איז די חברה קדישא געווען אַ זעלבסטשטענדיקע, אויטאָנאָמע אינסטיטוציע, וועלכע האָט פונקציאָנירט אונטער איר אייגענער קאָנטראָל און אחריות.

וועגן דער באַדייטונג און אויפגאַבע פון דער חברה קדישא זאָגט אונדז די גמרא אין מועד־קטן, כ״ז, אַזוי:

„רב יהודה האָט אין נאָמען פון רב'ן געזאָגט: אין דער שטאָט, וואו עס איז פאַראַן אַ מת טאָר קיינער (אַפילו ווייט־פרעמדע) נישט טאָן קיין מלאכה. רב המנונא איז אַמאָל געקומען אין אַ שטאָט, ווו אימיצער איז גראָד געשטאָרבן, האָט ער געזען, אַז די שטאָט־מענטשן גייען אָן מיט זייערע עסקים ווי קיינמאָל גאָרנישט. האָט רב המנונא געוואָלט אַריינלייגן אַלעמען—פאַר דעם בזיון המת—אין חרם. האָט מען צו אים געזאָגט, אַז אין שטאָט איז פאַראַן אַ ספּעציעלע חברה וואָס פאַרנעמט זיך מיט קבורת המתים. אויב אַזוי, האָט רב המנונא געזאָגט, מעגט איר אַרבעטן", מו״ק, כ״ז. און אַזוי איז דער דין: אויב עס איז אין שטאָט נישטאָ קיין חברה־קדישא, טאָר קיינער נישט אַרבעטן, בעת חלילה אימיצער שטאַרבט, ביז איבער דער קבורה.

מהאי טעמא דאַרף מען אָננעמען, מחמת די חברה־קדישא־לייט האָבן זיך פאַרנומען מיט קבורת־המתים, וועלכע איז, ווי מיר זעען, איינע פון די גרעסטע מצוות, עס איז אַ חסד של אמת, אַ גמילות־חסדים וואָס איז נאָך גרעסער פון צדקה (סוכה מ״ט) — האָט מען דערפאַר די חברה אָנגערופן מיטן נאָמען חברה קדישא.

דערמיט וויל איך אָפּדינגען די סברה וואָס אַנדערע זאָגן: „די חברה ווערט אָנגערופן מיטן נאָמען חברה קדישא, ווייל זיי זיינען זיך מטמא לנפש אדם, רופט מען זיי חברה קדישא בלשון סגי נהור".

אומגעקערט, די חברה־קדישא־לייט, לויטן אַלטן מנהג אין די היימישע שטעטלעך, וואָס האָבן קיין שכירות פאַר זייער אַרבעט נישט גענומען, האָבן אויסגעפירט אַ הייליקע מצווה און שליחות לגבי אַ גאַנצער שטאָט יידן, פון וועמען עס איז אַראָפּגענומען געוואָרן די זינד פון בזיון־המת...

די פליכטן פון דער חברה קדישא זיינען קודם־כל געווען צו באַזאָרגן די שטאָט מיט אַ פּלאַץ פאַר אַ „הייליקן אָרט" און אַרומצוימען אים מיט אַ גדר (פּאַרקאַן). און בעת מען האָט מחנך געווען אַ נייעם „הייליקן־אָרט" אָדער גדר (צוים) האָבן חברה־קדישא־לייט געדאַרפט (לויטן מנהג) פאַסטן און זאָגן סליחות... די חברה קדישא האָט געדאַרפט טאָן דעם נפטר זיין רעכט: דורכפירן די טהרה (וועלכע פלעגט, נאַטירלעך, פאָרקומען אין הויז פון נפטר), אָנטאָן אים תכריכים (לויטן דין אויך אַ טלית) און מקבר זיין.

דעם מת צום בית־עולם האָט מען געפירט אין אַן „עגלה", אָדער „ארון", געשפּאַנט צו אַ פערד וואָס חברה קדישא פלעגט אויסבאָרגן ביי אַ בעל עגלה. געדיינק איך נאָך אַלס קינד פלעגן די ייִנגלאַך זאָגן, אַז דער פערד וואָס פירט דעם ארון מיטן מת ליידט גרויסע יסורים, ווייל די מזיקים שלאָגן אים מכות רצח און דערפאַר פירט מען דעם פערד פאַרן צוים...

באַזונדערס פּאָפּולער איז געווען די צדקה־פּושקע, מיט וועלכער דער שמש פלעגט קלינגען בעת דער לויה און שרייען „צדקה תציל ממות".

אַ נפטר אַ תלמיד־חכם פלעגט מען טראָגן אויף אַ מטה דעם גאַנצן וועג צום בית־הקברות. די נושאי המטה פלעגן זיך בייטן אויפן וועג. דאָס זעלבע, אַז עס פלעגט פאָרקומען אַ לויה דעם צווייטן טאָג יום־טוב פלעגט מען דעם מת אויך טראָגן אויף אַ מטה צום בית־עולם.

עס איז אויך געווען דער מנהג נישט צו לאָזן די אלמנה און טעכטער פון מת צוגיין מיט דער לויה אויפן בית־החיים.

אין דראָהיטשין האָט מען קיינמאָל נישט מקבר געווען אין אַן ארון. די קברנים פלעגן אונטן אין קבר אַרומשטעלן די

ווענט מיט ברעטער, לייגן דעם נפטר אויף דער הייליער ערד און צודעקן אויבן מיט ברעטער (ווי דער דין איז). מען פלעגט אויך אונטערלייגן צוקאָפּנס פון דעם מת אַ זעקעלע מיט ארץ־ישראל ערד און מיט דעם זעלבן ערד אויך באַשיטן דאָס פּנים פון מת, און לייגן שערבלעך אויף די אויגן און מויל...

צו דער חברה קדישא האָבן אויך באַלאַנגט אַ צאָל עלטערע פרויען, וועלכע פלעגן נייען די תכריכים און דורכפירן די טהרה פון מתים, פרויען.

געלט אויף צו דעקן די באַדייטענדע הוצאות פון אויפ־האַלטן דעם בית־הקברות, דורכפירן לוויות און אויף אַנדערע הצטרכותן האָט חברה קדישא געהאַט פון קרקע־פאַרקויף. מען האָט געצאָלט לויט די מעגלעכקייטן.

מיט אַ 50 יאָר צוריק, דערציילט ר׳ ישראל ברוך וואַר־שאַווסקי, איז פאָרגעקומען אַ רעוואָלוציע פון עמך קעגן דער חברה קדישא. די „מורדים" האָבן געשאַפן אַן אייגענע חברה א.נ. „חברה קטנה", וועלכע האָט געקעמפט קעגן די רייכע און מיוחסים פון דער חברה קדישא, וואָס האָבן געריסן די פּאַסן פון די אָרעמע. די אָנפירער פון דער „חברה־קטנה" זיינען געווען האַצקל פּיניעס, הערש־לייב דער זבאַרשטשיק א.א. דער קעגן־צד האָט גערופן די „בונטאָווששיקעס" פון דער חברה־קטנה די „לייזוענטענע־הויזן". אָבער טראָץ אַלע־מען האָט די מרידה פון דער חברה־קטנה געווירקט און די מיוחסים פון חברה קדישא האָבן דאַן אַן זיך געמוזט רע־כענען מיט די נויטן פון דער אָרעמער באַפעלקערונג...

לויט דער אינפאָרמאַציע פון ישעיה וואַרשאַווסקי, (מיין ברודער), וועלכער האָט אויסגעפונען פון חייקל מילנער און אַנדערע עלטערע לייט אין ארץ ישראל, איז דער גבאי פון דער חברה קדישא (פאַר זייער געדיינקען) געווען ר׳ יצחק יואל׳ס סימענאַווסקי (זען זייט 110).

נאָך יצחק יואל׳ס איז געוואָרן גבאי ר׳ משה לייזער גראַטש. מיט משה לייזערן האָבן מיטגעאַרבעט אין דער חברה קדישא: הערשל חיים לעווין, זכריה שמיד, מרדכי בער קריינעס (קאַ־זאַק), אברהם יצחק באַריזשע, חיים גוראַלסקי, מענדל אייזענ־שטיין, אַלטער איטשעס בורשטיין, בערל פרידענבערג, שמואל הערשקע סניטאָווסקי, משה האַנעלעס, הערשל פּאַפּינסקי, ליטמאַן אייזענשטיין, בנימין טוריאַנסקי, אהרן בעגון א.א.

נאָך משה לייזערס אָפּפאָרן קיין ארץ ישראל אין 1923 איז ר׳ זכריה שמיד געוואָרן אויסגעקליבן אַלס גבאי פון חברה־קדישא. מיט זכריה׳ן האָבן מיטגעאַרבעט זושע וואַר־שאַווסקי, חייקל מילנער, חיים אליה לייבקעס וואַלעוועלסקי, שמואל קאַלאַדנער, ליפמאַן פעלדמאַן, אהרן געלשטיין, אהרן בעגון א.א. די לעצטע יאָרן איז אויך צוגעקומען ר׳ משה פּרעגער דער שוחט. שכנא אוקראַינעץ און יצחק בערעזאָווסקי האָבן דורכגעפירט די קבורה פון די מתים. אַלטער דער לי־בעשייער בויער איז די לעצטע יאָרן געווען דער קברן.

די יערלעכע סעודה (נאָכ׳ן תענית) פון דער חברה־קדישא פלעגט פאָרקומען ט״ו כסלו אין הויז פון ר׳ משה לייזער גראַטש. שפּעטער איז די סעודה פאָרגעקומען אין הויז פון ר׳ זושע וואַרשאַווסקי. דאָסגלייכן האָט זיך דער פּנקס פון חברה קדישא געפונען ביי ר׳ משה לייזערן. נאָכדעם האָט דעם פּנקס געהאַלטן ר׳ זושע וואַרשאַווסקי ביז 1941, ווען ר׳ זושע איז מיט זיין פאַמיליע אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין רוסלאַנד. פון דאַן אָן איז דער פּנקס שפּורלאָז פאַרשוואונדן.

אין דער געטאָ אונטער די דייטשן האָט די חברה קדישא פונקציאָנירט אונטער דער אָנפירונג פון ר׳ משה אהרן בערג ביז דעם חורבן־דראָהיטשין. און דאָס איז דער סוף...

זען זייטן 22, 41, 53 און 54

דוב ב. וואַרשאַווסקי



דאָס בילד איז גענומען געוואָרן אויף דער לויה פון באָבע גראָסמאַן, 28 יולי, 1935. אין פראָנט איז דער ארון מיט דער נפטרת. זען זייטן 53, 54, 222 און 223. — פון רעכטס: פישל רימלאַנד, אַלטער גוראַלסקי, משה קראַוועץ, לייבל גורשטיין, משה קראַ־וועץ, אליה שלאַקמאַן, בערל גאַטליב, יעקב וואַרמוס, ירמיה גראָסמאַן, שרה פּיסעצקי, חיים־לייב און זעליג גראָסמאַן, דבורה שלאַקמאַן, חיה־ביילע שושאַנאָו, גדליה גראָסמאַן, הערשל אייזענשטיין א.א.

# די תלמוד תורה

ערב ש״ק אמור התרפ״ד דראהיטשין (1923)

אל כבוד ידיד ד׳ וידידי ה״ה הרב המפורסם חו״ב דברן ודרשן כש״ת מהור״ר יהודא דוד גאלדמאן שליט״א רב בטשיגאגא בבית המדרש בית אברהם.

אחד״ש הדרת כבוד תורתו, אודיעו כי מכתבו מיום י״ג אדר קבלתי אתמול ורב תודה לכבוד תורתו על אשר לא שכחני ובני אנשי עירנו. ואכתוב לכבוד ת׳ על ראשון ראשון.

הנה אף כי לא אדע המצב מבני אמריקא, אך מפה אודיע לכתר כי מצב בני עמנו היום ברע מאד מאד אשר אין לספר ואין לתאר. בכל מקצוע ומקצוע מדברים אודות הנסיעה לארץ ישראל. בחוצותינו אף קול דממה דקה לא ישמע! המסחר ירד מטה, ובעירות גדולות המצב עוד ביותר רע. כי שמה כל הסוחרים פושטים רגליהם וידיהם. ויודע אני כי לו גם מקודם לא היו מקבלים כמעט רובם ככולם תמיכה מאמריקא, לא היו הימים טובים מהימים הראשונים אשר כבוד ת״כ ידע.

ובכן יראה הדבר מכתיבתי ממעשה הכסף שכתבתי, והנה כבודו יודע כי ההתמנות מהבנין ומהלימוד מהת״ת שלנו הי׳ ר׳ יוסף דוד שו״ב ועכשיו התפטר ממשרתו ונשאר על מקומו בעזדעסקי חתן ר׳ שמחה לאסינצער. כת״ר יודע מי המה אשר היו בהקאמיטעט. עד שראיתי כי לא טוב לי להלחם עמם, כי לא היתה לי שום עזרה מאנשי עירנו להעמיד את הת״ת על התורה עם השכלה חזרתי לאחורי ומשכתי את ידי ממנה. ומעט מעט נשתכח לימוד התורה, היינו ג״מ ורש״י שבחומש, רק גבריאל קאמענעצקי הי׳ המלמד היחידי בלימוד הגמרא וברש״י. עד כי הבעלי בתים חשו בהמצב בת״ת והתחילו לדרוש שנגמור את בנין הת״ת.

אז ר׳ דוד ווארשאווסקי לקח על עצמו לגמור את בנין הת״ת. אנכי רק שלמתי את הכסף לפי שטרותיו ששלח אלי (מהכסף של ה׳ ר׳ אלי׳ איינשטיין שנמצאו תחת ידי). עכשיו יש לנו בנין, אולם חסרים לנו מורים לגמרא ומה לעשות? בין כך קבלתי מר׳ אליעזר אדלער שהי׳ מלמד בדראהיטשין ועכשיו הוא נמצא באמריקא — סך עשרים דלרים בשביל הת״ת. שכרתי את ר׳ משה אהרן מכאמסק בעד מאה וחמשה דאלאר לזמן. מהקערות של עיו״כ קבצתי 35 ד. ומצב הת״ת הוטב. עשיתי עוד הספקה בעד שני מלמדים מהכסף של יהודא מילנער ששלח לי על זה.

עכשיו לומדים בהת״ת שלשה שעורי גמרא: א. שלומד גבריאל; ב. שלומד ה״ר ר׳ משה אהרן מכאמסק; ג. גם כן משה אהרן הנ״ל. ישנה עוד מחלקה ד׳ שלומדים גמרא עם תוס׳ ועל זה נמצאים לע״ע חמשה תלמידים: ה״ר אלי׳ זאב, של אלמנה בערעזאווסקי, של ר׳ אבא לויפער מהארבאכע, של ר׳ דוד בר׳ מרדכי ושל ה״ר רמ״א הנ״ל. ובקושי עלה בידי לסדר את זאת יען כי מצבנו דחוק מאד. ובאמת נחוץ לכל הפחות עוד שתי שעות בשביל לימוד הגמרא שהתלמידים יהיו ביכולת ללמוד בעצמם בבית־המדרש אבל אין לאל ידי לעשות זאת. וקשה לי היום לבקש מאמריקא עוד יותר כסף. וזה שכותב מר ידידי המופלג וי״א מו״ה ישראל ברוך נ״י, שאחיו ר׳ אלי׳ ישלח כסף הנחוץ לנו הוא רק בשביל התלמידים הקטנים שלומדים בהת״ת.

בזמן האחרון משה בעזדעסקי התפטר עצמו ממשרתו בתור מנהל הת״ת ועל מקומו נתמנה בהשתדלותי ר׳ שמואל וואלעוועלסקי שהוא שומע לדברי, ובאותו העת קבלתי סך מאה דלרים מאמריקא. שני הדברים האלו נתנו לי עוז וחוזק לקחת את התלמוד תורה תחת השגחתי. כל המאה דלרים של הנדיב ר׳ אלי׳ הוצאתי לתשלומי המורים.

ישנם פה עוד יותר מחמשים בני־עניים אשר אין ידם משגת לשלם שכר לימוד המגיע לכל ילד דאלאר וחצי לחודש, והמנהלים וחברי הועד באים אלי לבקש על נפשות עולליהם שיקבלו בלי כסף, ובאמת לבי עלי דוי על זה אבל מה לעשות כי אזל כל הכסף. לכן יראה כבודו להעיר את ידידינו ר׳ ישראל ברוך ואחיו ר׳ אלי׳ איינשטיין על זה. בבקשה להראות להם את מכתבי זה וגם כן להראות לר׳ יצחק אבגדור ולר׳ אליעזר אדלער, יקראו את המכתב ויודעו את המצב בעירנו. אינני היום בקו הבריאות, ואינני יכול להאריך יותר.

דרישת שלום לכולם, ואסיים בברכה כנפשו ונפש המברכו בברכת הכהנים — אייזיק יעקב קאַלענקאָוויטש.




הערה. — הרב ר׳ אייזיק יעקב קאַלענקאָוויטש, ז״ל, רעדט דאָ אין זיין בריוו צו הרב ר׳ יהודה דוד גאָלדמאַן (1923) וועגן דער תלמוד־תורה אין דראָהיטשין און זיינע געלט־שוועריקייטן און אידיעאָלאָגישע שטרייטן וואָס ער האָט געהאַט...

לכתחילה איז דער שולע־בנין, — וועלכער איז אויפגעבויט געוואָרן פאַר די געלטער וואָס ר׳ אלי׳ אייזענשטיין האָט געבראַכט פון אַמעריקע, — געווען באַשטימט פאַר אַ רעליגיעזער תלמוד־תורה. שפּעטער האָט די „תרבות״־געזעלשאַפט פון דראָהיטשין איבערגענומען דעם בנין פאַר זיך און איינגעאָרדנט דאָרט אַ וועלטלעכע שולע א.נ. „מוריה״.

דער רב מיט זיינע בעלי־בתים האָבן דאַן (מיט די געלטער פון ר׳ יצחק אבגדור טעלעכאַנסקי) אויפגעעפנט אַ באַזונדערע, נייע תלמוד־תורה א.נ. „תורה־ודעת״. און אַזוי איז עס אָנגעגאַנגען ביז דעם חורבן...

זען זייטן 43, 44, 45, 182, 183, 184 און 220. — [רעדאַק.]

# נייער בית-המדרש

יום א׳ לפ׳ משפטים שנת תרפ״ו לפ״ק דראָהיטשין (1925)

שלום וברכה לכבוד ידידי ה״ה הרב הג׳ המפורסם לשבח ולתהלה כש״ת כמר יהודא דוד גאָלדמאַן רב בבהמ״ד „בית אברהם״ טשיקאגא, ולהנשיא העומד לימינו ה״ה ידיד ד׳ וידיד נפשנו העסקן הצבורי לבו ער לכל דבר טוב ומועיל בנוגע לעיר מולדתו כש״ת מוה״ר ישראל ברוך אייזענשטיין יאריך ד׳ ימיהם ושנותיהם בטיב ובנעימים עם כל ב״ב עד ביאת הגואל בב״י.

**אדשה״ט באהבה הננו הח״מ מתכבדים בזה להודיעם כי אתמול הגיענו מכתבם בצירוף הדרעפט על סכום חמש מאות דלרים שנשלח מאנשי עירנו באמריקה ע״י ובעזרתכם לטובת בנין בהמ״ד החדש על שם הרב כהן ומר זלמן קאפלאן ומר אהרן דראגיציינסקי ותומ״י במוצש״ק מצאנו לחובה לקראות לאספה רבתי מכל בעלי המקומות של בהמ״ד החדש בהשתתפות האנשים הנ״ל, ולאחר ששמעו דו״ח מפורט מועד הבנין הקודם מהתחלת בנינו עד כה, נתקבל הדו״ח הנ״ל מכל הנאספים בשביעת רצון וכן הנאספים הודו להועד הבנין ה״ה ר׳ צבי אייזענשטיין ור׳ יוזעף בעזדעזסקי ור׳ משה אהרן בערג בעד עבודתם המסורה יוצאת מן הכלל. למרות המחסור באמצעים כספים ששרה בכל העת, עלה בידם לבנות את הבנין עד הגג, וכלם הביעו את האומן המוחלט להועד הנ״ל ודרשו במפגיע מהועד להמשיך את עבודתו הפוריה עד גמר הבנין.**

**בין שארי החלטות שנחלטו באותה האספה בקשר עם התחלת העבודה מהבנין הנ״ל שנפסק באמצע במשך ימות החורף נחלטו כמו״כ פה אחד להביע בזה רגשי תודתם והכ־רתם העמוקה לכל אנשי עירנו בטשיקאגא שלקחו חבל במג־בית לטובת הבהמ״ד הנ״ל. וכפי השמועה הם בעצמם היו העושים והמעשים ובוודאי שמם נשאר לנו לשם ולתהלה ה״ה ר׳ שמחה מיללער, ר׳ אהרן לייב מאטעוועצקי, ר׳ אברהם אייזענשטיין ור׳ יודל טיקאטשינסקי. ולטוב יזכר ג״כ ה׳ העסקנית המפורסמת במחננו ואשה גדולה וחשובה שהשׂ־תתפה ג״כ בהמגבית הנ״ל מרת מלכה ווארשאווסקי תחי׳. לכל לראש האנשים שעמדו בראש המגבית ה״ה הרב גאלד־מאן ור׳ ישראל ברוך אייזענשטיין שעזרו בתעמולתם המוסרי לטובת הבנין הקדוש. ואעפ״י שספק גדול אם יספיק הסכום הנ״ל להביא את הבנין לידי גמר וכבר חייבים אנחנו יותר משתי מאות דולרים מקודם בכל זאת מאמינים אנחנו שהודות לתוצאות המגבית קרובים הימים שנצליח להגביר על המחסור באמצעים כספיים למרות המשבר הכללי השורר כעת במדי־נתנו בכלל ובעירנו בפרט.**

**ועתה אחינו היקרים הננו רואים כי החוט הטמיר המקשר והמאגד אותנו לחטיבה אחת מימי קדם עדנו חזק וקיים לעד, צריכים רק למשוך את החוט ואז יתעוררו הלבבות הטהורים ויושיטו לנו עזרה בצר. ישלם ד׳ להם כפעלם וכגמול ידיהם הטהרות ויתברכו ממעין הברכות בברכה המשולשת בתורה הקדושה ובכל מילי דמיטב ויזכו לעלות לציון ברנה לראות בבנין בית הבחירה במהרה לאכול שם מן הזבחים ומן הפס־חים. בתודה בלתי מוגבלה, הנני מוקירם ומכבדם כערכם הרם,**




נאום נח בהרב מוהרי״א, זלמן קאפ־לאַן, שמשון גאָלד־מאַן, חיים ב״ר מ. ארי׳ וואלאוועלסקי, יוזפ בעזדשעסקי, משה אהרן בערג, אהרן שמואל גאלד־מאן. — דרוהיצין.

הערה. — הרב ר׳ נח קאַהן ז״ל א.א. אין דעם בריוו צו הרב גאָלדמאַן און צו ר׳ י. ב. אייזענשטיין רעדן וועגן נייעם בית־המדרש, וועלכן די דראָהיטשינער לאַנדסלייט אין אַמעריקע האָבן געהאָלפן אויפבויען. זען זייט 41. —— [רעדאַק.]



יוזפ און פעסל בעזדשעסקי און קינדער (פ.ר.): רייזל, בן־ציון און נחמה, אַלע אומגעקומען, הי״ד! יוזפ געווען גבאי אין ב״מ.

# פאָלקס־ביבליאָטעק

**אין** 1910, בערך, איז אין דראָהיטשין געשאַפן געוואָרן אַ העברעאיש־רוסישע ביבליאָטעק. די שאַפער פון דער ביבליאָטעק זיינען געווען די ברידער אברהם און יוסף גראַטש, זיידל ווייסמאַן, סענדער גראַטש, מנחם אַוּוערבוך, יודל זילבערשטיין, שמואל עפּשטיין, ראובן לעוו, עזרא ווייסמאַן א.א. פריער האָט די שטעטלשע יוגנט גענומען ביכער צום לייענען (פאַר אַ קליינעם אָפּצאָל) ביי דעם לערער נפתלי שטיינבערג.

צו דער זעלבער צייט האָט אַן אַנדער גרופּע יונגעלייט געגרינדעט אַ יידישע ביבליאָטעק. צווישן די גרינדער זיינען געווען יהושע שמיד, ראָשע לאה לעוו־שמיד, נח לייפער, בערל לאַפּאַטין, יצחק בוים, אלי׳ גאַרבער (פּעשעס), שמואל לייפער, יודל מילער און גדליה קאַפּלאַן.

שפּעטער האָבן זיך ביידע ביבליאָטעקן פאַרייניקט. די „חברת מפיצי־השכלה" האָט פיל געהאָלפן צו אַנטוויקלען די ביבליאָטעק, שיקנדיק געלט און ביכער. צו דער ביבליאָטעק האָבן אויך אַנגעהערט שלום גראַטש און משה קאַלענקאָוויטש.

די צאָל ביכער איז געשטיגן פון טאָג צו טאָג. די ביבליאָטעק האָט, ווי געזאָגט, פאַרמאָגט דריי אָפּטיילונגען: אַ יידישע, העברעאישע און רוסישע. די יידישע אָפּטיילונג איז געוואָרן אַנגעפירט פון גדליה קאַפּלאַן. די העברעאישע—פון יהושע שמיד און די רוסישע—פון ראָשע לאה לעוו־שמיד.

פון אָנהויב האָט זיך די ביבליאָטעק געפונען אין הויז פון בערל קאָזאַק. שפּעטער איז זי געוואָרן אַריבערגעפירט אין מויער פון חיים און ליבע רימלאַנד.

ביים אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה (1914) האָט די ביבליאָטעק, — וועלכע האָט געהאַט אַ 1500 יידישע, העברעאישע און רוסישע ביכער, ווי אויך זשורנאַלן געבונדן אין בוך־פאָרם, — זיך געפונען אין אַ שטיבל ביי אַלטער דעם סאָכער (גאָלדבערג).

צוליב דער מלחמה איז די ביבליאָטעק געוואָרן פאַרנאַכלעסיקט און געבליבן אָן אַ פאַרוואַלטונג און אָן אַ דירה. נאָך אַ באַראַטונג פון אייניקע קולטור־טוער, האָט הערש־לייב אייזענשטיין אויף זיין אייגענער איניציאַטיוו אונטערגענומען זיך צו פאַרוואַלטן מיט דער ביבליאָטעק. אייזענשטיין האָט, סוף 1915, אַריינגענומען די ביבליאָטעק צו זיך אין הויז. די גאַנצע צייט וואָס די ביבליאָטעק האָט זיך געפונען ביים אים הויז, איז הערש־לייב אייזענשטיין געווען איר פאַרוואַלטער און ביבליאָטעקאַר ביז ער האָט אין מאַי 1920 אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע.

ארום דער ביבליאָטעק האָט זיך קאָנצענטריט דאָס גאַנצע קולטורעלע און געזעלשאַפטלעכע אַרבעט פון דער יוגנט, וועלכע האָט אָרגאַניזירט פאַרזאַמלונגען, דיסקוסיעס, ליטעראַרישע אָוונטן און אַמאַטאָרישע טעאַטער ספּעקטאַקלען. אין פאַרלויף פון די מלחמה יאָרן זיינען אין ביבליאָטעק־צימער ביי אייזענשטיינען אָפּגעהאַלטן געוואָרן באַראַטונגען און זיצונגען פון פאַרשיידענע גרופּן און געזעלשאַפטן, ווי: „חברה־לינה", „אגודת דוברי־עברית", „צעירי־ציון" (וואו






אַ גרופּע פון די גרינדער פון דער אַרבעטער־ביבליאָטעק. פון רעכטס: שמואל לייפער, גדליה קאַפּלאַן, בערל לאַפּאַטין, נח לייפער (דערמאָרדעט געוואָרן דורך די באַלאַכאָוויצעס אין זאַקאָזאַליע אין 1921) און יודל מילער. (יצחק בוים און אליהו פאָליאַק פעלן אויף דער בילד.) אויבן איז דער סטעמפּל פון דער אַרבעטער ביבליאָטעק. דאָס בילד איז גענומען אין יאָר 1910.

ש. פישמאַן איז געווען פּאַרזיצער און ה. ל. אייזענשטיין — סעקרעטאַר). אין ביבליאָטעק־צימער איז אויך אויסגעפּלאַ־נעוועט געוואָרן די פייערונג פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע און די געלט־זאַמלונגען פאַרן קרן־קימת א.א.

נאָך אייזענשטיינס אַפּפאָר קיין אַמעריקע האָט שיינקע פעלדמאַן אַריבערגענומען די ביבליאָטעק צו זיך אין אַ צי־מער (מאיר יודל פעלדמאַנס הויז). פון די פעלדמאַנס איז די ביבליאָטעק אַריבער אין הויז פון לאה־ביילע מישאָווסקי.

אין יאָר 1925 האָט די ביבליאָטעק־פאַרוואַלטונג איבער־גענומען דעם גאַנצן צווייטן עטאַזש פון ליבע רימלאַנדס מויער, וואו עס איז געווען איינגעאָרדנט אַחוץ די ביבליאָטעק אַ גרויסער לייען־זאַל, ווי אויך אינסטאַלירט צום ערשטן מאָל אַ ראַדיאָ... שפּעטער האָט זיך די ביבליאָטעק געפונען ביי חייטשע עפּשטיין אין הויז (אירע עלטערן: חיים משה לייזערס און שרה.) די לעצטע דירה פון דער ביבליאָטעק איז געווען אין בנין פון דער שולע „מוריה" און דאָס איז דער סוף...

צווישן די טוער פון דער ביבליאָטעק זיינען געווען הערש לייב אייזענשטיין, שיינקע פעלדמאַן, יודל דוד גאָלדמאַן, פייגל עפּשטיין, יצחק שוכמאַן, בלומע וואַרשאַווסקי־גוטאָוו, רבקה ראָזענצווייג־סערטשוק, אסתר מישאָווסקי, דוד עפּ־שטיין, חייטשע עפּשטיין א.א. (זען בילד אויף זייט 73.) שפּע־טער זיינען צוגעקומען רייזל מילנער, רישע עפּשטיין־פעלד־מאַן, קאָברינסקי א.א. אין יאָר 1931 איז די פאַרוואַלטונג פון דער פאָלקס־ביבליאָטעק באַשטאַנען פון מנחם קאַלענקאָ־וויטש, יעקב מישאָווסקי, לייבע ליעוואַק, ביילע מילנער, קלמן אויבערמאַן, שרה סלאָנימסקי, שמואל מילנער, מערי שוואַרצ־בערג־קאַלענקאָוויטש, שלום בייך, לאה מאַזורסקי א.א. דער־נאָך זיינען צוגעקומען נייע קולטור־טוער און אַזוי כסדר ביזן חורבן...

וועגן נאָך פּרטים זען זייט 49 און דאָס בילד דאָרט.

מקורות: גדליה קאַפּלאַן, שלום גראַטש, הערש־לייב אייזענשטיין, יוסף פעלדמאַן און ד.ב.וו.



שטייען פון רעכטס: יודל דוד גאָלדמאַן, פייגל עפּשטיין, רבקה ראָזענצווייג־סערטשוק, איטשע פיסעצקי, אסתר מישאָווסקי, בלומע וואַרשאַווסקי און איר מאַן מרדכי גוטאָוו. זיצן פון רעכטס: ברוך קאַצמאַן, שיינקע פעלדמאַן, יצחק שוכמאַן, מנוחה ראַבינאָוויטש, מנחם אַוערבוך און שרה קריינעס.

# פאָלקס־הויז — בית־עם

פאראייניקטער בוי־קאמיטעט
„בית־עם"
אין דראהיטשין פאל.

דראָהיטשין פאָל., דאַטע פון פּאָסט־שטעמפּעל.

## זייער חשובער פריינט

דערמיט האבן מיר דעם כבוד זיך ווענדן צו אייך, ווי צו א חשובן פריינט—לאנדסמאן, געבוירענער אין דראָהיטשין וועגן דער א וויכטיקן ענין, וועלכער האָט ארויסגערופן א ווארימע סימפאטיע און אפקלאנג ביי אלע קרייזן פון דער אָרטיקער באפעלקערונג.

דער ענין איז פאלגנדער:

אייך איז זיכער און גענוי באקאנט די אלגעמיינע לאגע פון די יידן אין אייראָפּאַ.

דער פאליטישער אוןווירטשאפטליכער אנטיסעמיטיזם צעברעכט טויזנטער עקזיסטענצן און ווארפט דער יוגנט־אן א פערספעקטיוו אין די אָרעמס פון יאוש, אפאטיע און פארצווייפלונג.

דאריבער פאָדערט זיך א אַלזייטיקע, ברייט־פארצווייגטע קולטורעלע אויפקלערונגס־ארבעט דורך דער אינטעליגענץ און פראָגרעסיווע כוחות.

בכדי צו אונטערהאלטן דעם נאציאָנאלן גייסט פון דער אויפוואקסנדער יוגנט און שטאַרקן דאָס געפיל פון זעלבסטווירדע און שטאָלץ אלס מענשן און יידן. דערפאר איז מיט באגייסטערונג געפאלן דער באשלוס פון אלע פראָגרעסיווע, דעמאָקראטישע פארטייען און יוגנט־אָרג. צו אנגאזשירן זיך מיט אלע כוחות אין דער קאָלאָסאלער אונטערנעמונג צו בויען

# א אייגענע פאלקס־הויז „בית־עם"

ווו די אָרעמע יידישע באפעלקערונג און יוגנט זאל זיך קענען צוזאמענטרעפן און אויסלעבן זיך גייסטיק, נאציאָנאל און קולטורעל.

צו דעם צוועק האבן מיר פראקלאמירט א גרויסע געלט־אקציע.

די פאלקס־הויז קען געשאפן ווערן, ווען מיר וועלן אויפזאמלען בערך 6—7 טויזנט גילדן.

אלע כוחות זענען געווארפן געוואָרן אין דער גרויסער פאלקס־זאמלונג. כמעט יעדער איינער האָט זיך מיט ענטוזיאַזם אפגערופן אויף דער וויכטיקער אונטערנעמונג, באשטייערנדיק זיך מיט 5—6 אַרבעטס טעג, לויט דער מעגלעכקייט און פיל האָבן געגעבן איבער דער מעגליכקייט. מיט פרייד קענען מיר גלייכצייטיק מיטטיילן, אז פאר די געזאמעלטע געלטער איז שוין געלונגען צו איינקויפן א שיינעם פלאץ פארן בנין און א טייל פון די בוי־מאטעריאלן.

ליידער, וועלן מיר אָבער בשום אופן נים קענען רעאליזירן אונזער לעבנס־וויכטיקן פלאן מיט אייגענע כוחות.

דעריבער ווענדן מיר זיך צו אייך אלס פריינד, פראָגרעסיווער פערזאן, געבוירענער אין דראָהיטשין פונקט ווי צו אונדזערע פריינט און באקאנטע אין א"י און אין אנדערע לענדער מיט דער ביטע צו מיטהעלפן אונדז אין דער גרויסער אקציע דורך אייער שפענדונג לטובת דעם פאלקס־הויז.

מיר ווינטשן זיך, אז איר זאלט צוגלייך מיט אונדזערע נעענטסטע און איבערגעגעבענע עסקנים, פריוויליק מיטהעלפן, מיט נעמינזאמע כחות צו שאפן אין אונדזער שטעטל א נייטיקן נאציאנאלן ווינקל, וואו ס'זאל געשאפן ווערן א געזונטער גייסט צום נוצן פאר די יידישע פאלקס־אינטערעסן.

האפנדיק, אז איר וועט מיט דער גרעסטער ווארעמקייט און פארשטענדעניש זיך אפרופן אויף אונדזער אפעל, וועט איר באוועגן אייערע פריינט, און באקאנטע, אז אויך זיי זאלן זיך אפרופן און באטייליקן אין דער אקציע.

איר קענט צוזאמען מיט אנדערע פריינט ארגאניזירן ספעציעלע פאראנשטאלטונגען, איספּרעזעס, פארווילונגען, כיבודים א. א. וו., שאפנדיק דורך דעם א הכנסה־מקור פאר אונדזער אונטערנעמונג.

מיר זענען זיכער, אז איר וועט מאבליזירן אלע קרעפטן אין אייער רשות פאר דער ערפאלגרייכער דורכפירונג פון אונדזער אקציע, אנגעבנדיק זיך פערזענליך אלס מוסטער פאר אנדערע.

און זייענדיק פון איבערצייגט אין אייער מיטהילף, וועלכע וועט זיין ביי אונדז אנערקענט און מיט דאנקבארקייט אפגעשאצט, אלס אויסדרוק פון קאנזעקווענטער הילף און חברישער סאלידאריטעט, צייכענען מיר מיט

פיל אכטונג
פאראייניקטער בוי־קאמיטעט
„בית־עם"
אין דראהיטשין פאל.

אדרעס פאר געלד איבערווייזונגען:
Bank Ludowy w Drohiczynie Poleskim
dla „B E T - A M"
Poland.

1937 22טן נאָוועמבער,

פאַראייניקטער בוי־קאָמיטעט
„בית־עם"
אין דראָהיטשין — פאל.

וייער חשובע פריינדין,

בלומע וויגוטאָוו!

מיר האָבן דעם כבוד זיך ווענדן צו איך, ווי צו אַ געוועזענער דראָהיטשינער געז. טוערין און ספּעציעל ביי ביבליאָטעק־אַרבעט און אַנדערע צווייגן פון קולטורעלער אַרבעט אין אונזער שטאָט, אַז איר זאָלט זיך פאַראינטערעסירן מיט דעם אויפבוי פון אַ פאָלקס־הויז אין דראָהיטשין.

צו דעם צוועק לייגן מיר ביי אייניקע אויסגעפילטע געדרוקטע בריוו, אַז איר זאָלט זיי פונאַנדערטיילן, ווי אויך צוגעבן אַדרעסן אין די ליידיקע בלאַנקעטן.

רעכנענדיק, אַז איר וועט ווי ווייט מעגלעך, זיך פאַראינטערעסירן מיט דער פראַגע, דאַנקען מיר איך פאָראויס און זיינען

מיט פיל אַכטונג,

אין נאָמען פון קאָמיטעט:

י. שוכמאַן    פ. עפשטיין

•

פ.ס. ספּעציעל שיקן מיר איך אָפּ דעם בריוו, ווייל ער ליגט פון אַ לייגערער צייט ניט קענענדיק פריער באַקומען אייער אַדרעס.

מיינע האַרציקסטע און בעסטע וואונטשן פאַר איך,

פייגל

•

חשובע חברטע:

איך נוץ אויס די געלעגנהייט אויף אַ פערזענלעכן גרוס פאַר איך און מרדכין. איך בעט איך, דערמאָנט זיך אן די אַמאָליקע יאָרן פון געזעלשאַפטליכער צוזאַמענאַרבעט. קאָנענדיק איך אַלס אויפריכטיקע געזעל. טוערין ערלויב איך זיך צו זיין זיכער אין אייער מיטהילף. מיינע בעסטע גרוסן און וואונטשן.

אייער,

י. שוכמאַן

שטייען פון רעכטס: אסתר מישאַווסקי, ר. זאַנ־שין, פייגל עפשטיין. זיצן: זאב מישאַווסקי, ביי־לע און אהרן וואָלוועלער און חיטשע עפשטיין. אונטן ר.: י. שוכמאַן, ס. פיסעצקי, ד. עפשטיין



## בית־עם — אַ מרכז־רוחני פאַר דער יוגנט

פטן אַפּריל, 1938

צו אַלע דראַהיטשינער לאַנדסלייט אין שיקאַגאָ!

מיר האָבן דעם כבוד צו ווענדן זיך צו אייך וועגן אַ וויכ־טיקן ענין, צו מיטהעלפן אונז בויען די פאָלקס־הויז „בית־עם" אין דראַהיטשין.

אין אונזער פאַריקן בריוו האָבן מיר אייך געשריבן אַ קבלה און אַ דאַנק פאַר די 50 דאָלאַר, וואָס איר האָט אונז געשיקט דורך גדליה גראָסמאַן.

דער גרעסטער טייל יידן פון דראַהיטשין נעמט אַן אַנטייל אין דער אַקציע פון בויען דעם „בית־עם". מיר שטרייבגען זיך אַן מיט אַלע אונזערע מעגלעכקייטן ווער מיט געלט און ווער מיט אַרבעט. מיר האָבן צווישן זיך שוין צונויפגעזאַמלט די געפאָדערטע סומע געלט צו קויפן אַ פּלאַץ, 20.000 ציגל און שטיינער פאַר אַ פונדאַמענט. אָבער, ליידער, פילן מיר אַז מיר וועלן אַליין מיט אייגענע כחות נישט זיין בכוח צו פאַר־ווירקלעכן אונזער פּלאַן.

מיר ווייסן אַז איר אין אַמעריקע זענט איצט פאַרנומען מיט זאַמלען מעות־חטים פאַר אונזערע ברידער אין פּוילן. עס איז אַ הייליקע אַקציע וואָס מוז אַדורכגעפירט ווערן, כדי די פאַראָרעמטע זאָלן קענען מאַכן פּסח. אָבער מיר גלויבן אַז איר וועט אויך געפינען צייט און די מעגלעכקייט צו שאַפן אַ סומע געלט פאַר אונזער אונטערנעמונג.

עס הערן זיך מיינונגען, אַז צוליב די געשאַפענע אומ־שטענדן אין וועלכע מיר לעבן היינט אין פּוילן, ווען גרויסע טיילן פון יידנטום האָבן נישט קיין עקזיסטענץ־מעגלעכקייט, און זיינען אָנגעוויזן אויף דער נויטווענדיקייט פון עמיגראַציע —איז נישט היינט די צייט צו בויען בנינים און פאָלקס־הייזער.

מיר האַלטן אָבער, אַז די דאָזיקע מיינונג איז נישט אויס־געהאַלטן. אַ קיבוץ פון דריי און האַלב מיליאָן יידן קען נישט איבער נאַכט זיך אויפהויבן און עמיגרירן. אַזאַ אַקציע איז פאַרבונדן מיט אַ סך שוועריקייטן. מיר האַלטן, אַז דער גורל האָט אונז פאַרבונדן מיט דעם לאַנד, וואו מיר לעבן און עס איז דאָ פאַראַן פאַר אונז פיל צו שאַפן און צו לייסטן...

דער יינגערער פּראָגרעסיווער מענטש אין אונזער שטאָט, געפינט אַז דוקא אין אַן עת־צרה איז דאָ אַ נויטווענדיקייט אין אַ „בית־עם", אין אַ מקום־רוחני, וואו עס זאָל געפירט ווערן אַ קולטורעלע אויפקלערונגס־אַרבעט צו אויפהאַלטן דעם נאַציאָ־נאַלן גייסט פון אונזערע קינדער און דערציען זיי אַלס שטאָל־צע יידן און מענטשן.

מיר דערוואַרטן פון אייך, איר זאָלט נעמען אַן אַקטיוון אַנטייל אין אונזער אונטערנעמונג און העלפן אויפשטעלן אַ בית־רוחני אין אונזער און אייער שטאָט, דראַהיטשין.

פאַראייניקטער בוי־קאָמיטעט „בית־עם" אין דראַהיטשין. אונטערשריפטן פון בוי־קאָמיטעט פאָלגן אויף צווייטער זייט.

## וואָס די דראָהיטשינער יוגנט פאַרלאַנגט

פון **טודרוס ליב מילנער**

קאָרעספּאָנדענץ אין „מאָרגען־זשורנאַל“, 3טן דעצעמ., 1937

הגם דאָס איז כמעט אַ פּערזענלעכע ווענדונג, יעדנפאַלס געמיינט פאַר אַ באַשטימטע צאָל לאַנדסלייט פון דעם אָנגע־געבענעם שטעטל, דאָך וויל איך ציטירן שטעלעס פון אַן אַפּיל וואָס מיר האָבן דערהאַלטן, ווייל עס איז זייער כאַ־ראַקטעריסטיש ווי עס לעבט און ליידט, קעמפט און שטרעבט די יידישע יוגנט אין דער איצטיקער שעת חירום אין פוילן.

. . . אין דער צייט וואָס דער פּאָליטישער אוןווירט־שאַפטלעכער אַנטיסעמיטיזם צעברעכט טויזנטער עקזי־סטענצן און וואַרפט דער יוגנט אַן פּערספּעקטיוון אין די אָרעמס פון יאוש און אַפּאַטיע; איך אַט דער צייט פאָדערט זיך אַן אַלזייטיקע ברייט פאַרצווייגטע קולטורעלע אויפקלע־רונגס־אַרבעט דורך דער אינטעליגענץ און פּראָגרעסיווע כחות, בכדי צו אונטערהאַלטן דעם נאַציאָנאַלן גייסט פון דער אונטערוואַקסנדער יוגנט און שטאַרקן דעם געפיל פון זעלבסט־ווירדע און שטאָלץ אַלס מענטשן און יידן, — איז מיט באַגייסטערונג געפאַלן דער באַשלוס פון אַלע פּראָגרעסיווע פּאַרטייען און יוגנט אָרגאַניזאַציעס צו אַנגאַזשירן זיך מיט אַלע כחות אין דער קאָלאָסאַלער אונטערנעמונג צו בויען אַן אייגענע פאָלקס־הויז, אַ „בית־עם“, ווו די אָרטיקע יידישע באַפעלקערונג זאָל זיך קענען צוזאַמענטרעפן און אויסלעבן זיך גייסטיק נאַציאָנאַל און קולטורעל... די פאָלקס־הויז קען געשאַפן ווערן ווען מיר וועלן אויפזאַמלען אַ 6—7 טויזנט זל.

אַט וואָס עס פאַרלאַנגט די יידישע יוגנט און פאָלקס־מאַסן אין אַ שטעטל אין פוילן פון זייערע זאַטע און זיכערע ברידער אין אַמעריקע, זיי „מיטהעלפן צו שאַפן אין שטעטל אַ גייסטיקן נאַציאָנאַלן ווינקל, ווו עס זאָל געשמידט ווערן אַ געזונטער גייסט פאַר די יידישע פאָלקס־אינטערעסן“.

גראַד איז דאָס מיין אייגן היים־שטעטל דראָהיטשין, גע־ווען אין גראָדנער גובערניע, און איצט אַ טייל פון די מזרח „קרעסען“ אין פוילן.

**

זען זייט 197 — לעבעדיקע ציטונג: „דראָהיטשינער גענעץ“, געשריבן פון חיים־לייב (הערמאַן) גראָסמאַן, היינט ניו־יאָרק.



די, לערער פון שולע „מוריה“. זיצן פון רעכטס: **משה בעזדזשעזסקי**, לייבע לאָסינסקי, בצלאל וואָלפּסאָן, לוי פעלדמאַן, אסתר טאַלווונאַ, שיינקע פעלדמאַן און שלום בייך — פינאַנץ־סעקרעטאַר.

# ציוניסטישע און סאָציאַליסטישע פּאַרטייען

## עס־עס — ציוניסטן טעריטאָריאַליסטן

פאַקטן פון **יצחק קופּער** אויפגענומען פון **גדליה קאַפּלאַן**

די גרויסע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג פון די „עס־עס", אָדער, די אַזוי גערופענע „שוועסטער און ברידער" פון די יאָרן 1905־1906, וואָס האָט דאַן אַרומגעכאַפּט גאַנץ רוסלאַנד, וועמענס ציל איז געווען צו קעמפן קעגן צאַרישן דעספּאָטיזם, און פאַר אַ בעסערן לוין פאַר די אַרבעטנדיקע מאַסן, האָט אויך, נאַטירלעך, פאַרכאַפּט די יוגנט פון דראָהיטשין, זין און טעכטער פון אָרעמע אַרבעטער, אָנגעפירט פון רייכע סטודענטן.

דער ערשטער סיגנאַל צום קאַמף איז געווען, ווען די צוויי ערשטע גרינדער פון דער עס־עס באַוועגונג אין דראָהיטשין, וועלוול פּאָליאַק און גדול קאַצענעלסאָן, האָבן אויפגעפאָדערט יצחק קופּער׳ן אַראָפּצונעמען די אַרבעטער פון יצחק קראַוועצעס וואַרשטאַט. יצחק קופּער האָט דאַן געאַרבעט אַלס שניידער־געזעלן. ווי דער שטייגער איז געווען אין יענע יאָרן האָט אַ שניידער אַרבעטער געדאַרפט אַרבעטן פון 5 פרי ביז 10 אָוונט. ער האָט אויך געדאַרפט אָנהאַקן האָלץ, אָנטראָגן א פעסל וואַסער, אַרויסטרייבן די בהמה אין פעלד א.א.

די עס־עס אָנפירער האָבן געפאָדערט אַוועקצומאַכן מיט די שבת־צו־נאַכטיקע אַרבעט (מען האָט געמוזט אָפּאַרבעטן פאַר שבת), קירצערע אַרבעטס־שעה׳ן בעסערע אַרבעטס־באַדינגונגען און מער געלט.

עס האָט זיך אַנטוויקלט אַ שטאַרקער קאַמף צווישן די יידישע אַרבעטער און אַרבעטגעבער. פאַר אַ צייט איז אָנגעגאַנגען אַ סטרייק און די אַרבעטער זיינען ארויסגעהאָלפן געוואָרן מיט געלט שטיצע פון עס־עס קאָמיטעט. איין אַרבעטער, אביגדור ציפּולניקעס, וועלכער האָט נישט געוואָלט אַראָפּגיין פון דער אַרבעט ביי יעקב שמעון לעוו, איז פון די אַרבעטער צעשלאָגן געוואָרן און איז מער נישט דערלויבט געוואָרן צוריקגיין צו זיין אַרבעט. יעקב שמעונ׳ס זון, אברהם יצחק לעוו, איז געווען איינער פון די אָנפירער פון סטרייק אין זיין פאָטערס וואַרשטאַט...

די בעלי־בתים האָבן נישט געוואָלט נאָכגעבן די אַרבעטער באַדינגונגען. עס איז אַראָפּגעקומען דער איספּראַווניק פון קאָברין און עס זיינען געמאַכט געוואָרן עטלעכע אַרעסטן. אָבער לסוף האָבן געזיגט די אַרבעטער. די שבת־צו־נאַכטיקע אַרבעטס־שעה׳ן זיינען אָפּגעשאַפט געוואָרן, אַרבעטס־שעה׳ן פאַרקירצט געוואָרן פון 7 ביז 7 א.א. מען האָט אויך אויסגעקעמפט קירצערע ארבעטס שטונדן און גרעסערע שכירות פאַר די שטרוי־אַרבעטער.

נאָך דעם דאָזיקן קאַמף און צוליב די אַרעסטן, איז פאַר אַ צייט געווען שטיל. אָבער די עס־עס פירער האָבן זייער אַרבעט אָנגעפירט אין געהיים. אויף דעם בוידעם פון זלמן וואַלעוועלסקי האָט די חברה געהאַט אַ דרוק מאַשין, ווו זיי האָבן געדרוקט פראָקלאָמאַציעס אין יידיש, רוסיש און ווייסרוסיש, רופנדיק צו אַ רעוואָלוציע קעגן צאַריזם. דער פאָרזיצער פון די עס־עס קעמפער, אליהו נח מענדלסאָן, האָט זיך געשטעלט אַ ציל צו מאַכן די אַרבעטער באַוואוסטזיניק....

אין דער בוינע הינטערן שטאָט זיינען געגעבן געוואָרן פאַר די אַרבעטער לעקציעס אין רוסיש, אַריטמעטיק, תנ"ך — געמישט מיט סאָציאַליזם און העברעאיש. די לעקטאָרן זיינען געווען די יונגע געלערנטע און אינטעליגענץ פון שטאָט: עפּשטיין, יוסף האַלפערן (פון פינסק), יעקב סידעראָוו, ראָזע שאַפּיט (קאָברין), א. נ. מענדעלסאָן און טאָדרעס לייב מילנער. דער לעצטער איז געווען קאַסירער פון דער באַוועגונג און האָט זיך פאַרנומען אויסצושאַפן „פרעסע קריפּס", נייע ביכער און דעם ציוניסטיש־סאָציאַליסטישן „דער נייער וועג".

אַחוץ דעם פלעגט יעדן פרייטיק־צו־נאַכט הינטערן אַלטן בית־עולם פאָרקומען אַ רעפעראַט פאַר די אַרבעטער. איינמאָל איז אַראָפּגעקומען א רעדנער פון פינסק, שמואל ניידיטש. דער פרעלעגענט האָט אויף אַ נאַטירלעכן אופן אויפגעקלערט דאָס פאַלן פון רעגן. זכריה שמיד האָט דאָס אונטערגעהערט פון זיין גאָרטן, וואָס גרעניצט זיך מיטן בית עולם, און האָט אויף מאָרגן, שבת, אין שוהל געמאַכט אַ טומל, אַז די שוועסטער און ברידער פריידיקן כפירה. עס איז אַנטשטאַנען אַ גרויסע קריגעריי און אַ געשלעג. יצחק קופּער האָט געקריגן געפּאַטשט פון זיין פאָטער. דאָס גלייכן האָט אליה לייבקעס געפּאַטשט זיין זון ישראל ברוך פאַר אנגעהערן צו די כופרים. מען האָט זיך דאַן פאַרקליבן אויף אַן אַנדער אָרט, הינטערן נייעם בית־עולם, אויפן בובין, וואו מ׳האָט אָנגעפירט אין געהיים די אַקטיוויטעטן. די בעלי בתים פון שטאָט מיט זכריה שמיד און דער סטאַרעסטע האָבן אַלץ נאָכגעשפּיאָנירט און געמאַכט שטערונגען די עס־עס.

אליה נח מענדעלסאָן האָט דאַן געגרינדעט אַ פאַרמאַסקירטע חברה א.נ. תפארת־בחורים, און אונטערן משנה ברורה האָט מען געלערנט מיט די מיטגלידער יידישע און אַלגעמיינע געשיכטע און פאַרשפּרייט דעם ציוניסטיש־סאָציאַליסטישן געדאַנק. איטקע וואַלעוועלסקי און יונה מנשה׳ס פלעגן פאַרטיילן צו יעדן חבר שרייב־פּאַפּיר און בלייפעדערס.

**דער געגען־צד האָט אויך נישט גערוט. אימיצער האָט אונטערגעטראָגן צו די אויערן פון פריסטאַוו, וועגן דער**

טעטיקייט פון די „שוועסטער און ברידער”. פון קאָברין איז אַראָפּגעקומען דער איספּראַווניק מיט 50 זשאַנדאַרן, וועלכע האָבן געמאַכט אַ גרינדלעכע רעוויזיע ביי אַלע עס־עס מיטגלידער. צום גליק האָט מען זיך געכאַפּט באַצייטנס און יצחק קופּער האָט באַגראָבן אין גאָרטן דעם פּאַרטיי סטעמפּל מיט די אונלעגאַלע ליטעראַטור. דאָס זעלבע האָט רבקה וואַלעוועלסקי מיט איר זון זלמן באַגראָבן די דרוק־מאַשין מיט אַלע געצייג און די זשאַנדאַרן האָבן גאָרנישט געפונען. בלויז אליהו נח מענדלסאָן איז געוואָרן אַרעסטירט און פאַרשפּאַרט אין קאָברינער טורמע, און נאָכדעם ווי זיין פאָטער האָט איינגעלייגט אַ סומע געלט איז ער באַפרייט געוואָרן.

משה שחט האָט דאַן געבראַכט אַ נייע דרוק מאַשין און אין בית־עולם שטיבל האָט מען געדרוקט פּראָקלאַמאַציעס אין יידיש און עס אַריינגעלייגט אין אַלע סטענדערס אין שוהל און אין די טליתים־זעקלעך. יצחק קופּער און זיינע חברים זיינען אַרומגעפאָרן ביינאַכט אין די דערפער און פאַר־שפּרייט פּראָקלאַמאַציעס (אין ווייס־רוסיש), אין וועלכע מען האָט גערופן די פּויערים צום קאַמף קעגן צאַריזם. צו די אָנ־פירער פון עס־עס האָט אויך אָנגעהערט משה וואַרשאַווסקי.

זאוועל אווערבוך איז געווען אויך איינער פון די טע־טיקסטע עס־עס קעמפער. נאָך די טרויעריקע פּאָגראָמען אין קישענעוו און אין ביאַליסטאָק, האָט ז. אַווערבוך צונויפגערופן אַ פּראָטעסט־פאַרזאַמלונג אין אַלטן בית־המדרש, ווו ער האָט עפנטלעך אָן מורא פאַרדאַמט דעם צאַריזם מיט די שוואַרץ־מאה׳דיקע פּאָגראָמשטשיקעס. וועלוועל פּאָליאַק און א. נ. מענדעלסאָן האָבן דאַן אויך געהאַלטן שטאַרקע רעדעס.

הרב דוד יודאווסקי האָט געמאַכט דעם הספד נאָך די הרוגים, וואָס האָט אַרויסגערופן פיל טרערן ביי אַלעמען.

פון די גאר יונגע, וועלכע האָבן זיך באַטייליקט אין דער עס־עס אַרבעט, זיינען געווען גדליה קאפּלאַן, ירחמיאל לא־פּאַטין און אהרן ניידיטש. דער קאַמף פון דער פּאָליציי קעגן די עס־עס מיטגלידער האָט זיך פארשטאַרקט. פיל מיט־גלידער זיינען אַרעסטירט געוואָרן, און איינקע זיינען אוועק קיין אַמעריקע. און דאָס לעבן האָט געטאָן ס׳זייניקע. אַזוי אַרום האָבן די עס־עס־קעמפער געלייגט דעם פונדאַמענט פאַר דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער באַוועגונג.



פון רעכטס: יוסף האַלפּערן (זיצט), וועלוול פּאָליאַק, משה האָראָוויטץ, אליהו נח מענדעלסאָן, יצחק קופּער, משה וואַרשאַווסקי און שלמה פּיסעצקי. אונטן פון רעכטס: יונה מנשה׳ס, טודרוס ליב מילנער און אברהם יצחק לעוו. אַ גרופּע פירער פון „עס־עס”.

# ערשטע ציוניסטישע יוגנט־גרופּע

פון **ישראל ברוך אייזענשטיין** (מיאַמי־ביטש)

**אין** 1896, ווען ד״ר זאב הערצל איז אַרויסגעקומען מיט זיין „מדינת־היהודים״ („יודענשטאַאַט״) האָט זיך אין דראָהיטשין, ווי אין אַלע שטעט און שטעטלעך, אָנגעהויבן אַ באַוועגונג צו גרינדן „אַגודות ציונים״, ציוניסטישע פּאַראיינען.

דראָהיטשין האָט צו יענער צייט פאַרמאָגט אַ גרעסערע צאָל משכילים; געלערנטע בחורים און יונגעלייט, בעלי־חלומות און קעמפער, וועלכע האָבן גע׳חלומ׳ט פון אַ יידישער גאולה און וועלט־באַפרייאונג... אָט די דאָזיקע טרוימערישע בחורימלאַך (אין עלטער פון 17 יאָר און העכער), זיינען געווען די ערשטע, וואָס האָבן גענומען צו פאַרשפּרייטן דעם ציון־געדאַנק אין דראָהיטשין.

צווישן די ערשטע גרינדער פון דער „אגודת הציונים״ זיינען געווען: יעקב סידאָראָוו, זאַוול אַווערבוך, משה זעליג גאָלדמאַן, דוד גאָלדמאַן, ארי׳ שאחעט, ישראל ברוך וואַרשאַווסקי, דער שרייבער פון די שורות א.א.

די אַרבעט פון דער „אגודת הציונים הצעירים״ האָט זיך אַממייניסטן קאָנצענטרירט אויף דעם קולטורעלן געביט. עט־ליכע מאָל אַ וואָך, און ספּעציעל אין די פרייטאג־צו־נאַכטן און די שבתים, פלעגט מען זיך צונויפזאַמלען אין שוהלען אָדער אין פּריוואַטע הייזער, וואו מ׳האָט געהאַלטן רעפעראַטן איבער ציוניזם, געלערנט לשון־הקודש, יידישע געשיכטע, תנ״ך א.א.

פאַר אַ צייט זיינען די פאַרזאַמלונגען פון דער „אגודת־הציונים״ פאָרגעקומען אין אונזער הויז. (מיין מוטער האָט אונז פיל געהאָלפן און דערמוטיגט אין אונזער אַרבעט...)

אונזער גרופּע האָט זיך אויך פאַרנומען מיט פאַרקויפן שקלים און אַקציעס פון קאָלאָניאַל־באַנק.

זייער אָפט פלעגן קומען צו אונז רעדנער, וועלכע האָבן גערעדט וועגן ציוניזם און יידישער גאולה. די ביבליאָטעק „תושיה״ פון וואַרשע האָט אַריינגעשיקט העברעאישע ביכער, וועלכע די יוגנט האָט געשמאַק געלייענט.

אונזערע פאַרזאַמלונגען זיינען געשטאַנען אויף אַ הויכן קולטורעלן ניוואָ און האָבן צוגעצויגן אַ גרויסע צאָל פון דער שטעטלדיקער יוגנט און עלטערן עולם, וועלכע האָבן געהאַט אַ תענוג רוחני.

איז, אַז איך דערמאָן זיך אָן יענע יאָרן; אָן יענע הערלעכע מאָמענטן מיט אַ 55 יאָר צוריק, און גיב גלייכצייטיק אַ טראַכט, וואָס עס איז געוואָרן פון מיין היים־שטעטל און פון מיינע בני־עיר, וועלכע זיינען מיר געווען אַזוי ליב און טייער, וועמענס לעבענס זיינען אויסגעלאָשן געוואָרן — איז אַפילו מיין אויסגעלאָשענע אויג... לאָזט אַ טרער אויף אַ וועלט וואָס וועט שוין מער נישט צוריקקומען...

זען בילדער אויף זייט 81 און 191 אין שייכות מיטן אַרטיקל.

# ערשטע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע

הסתדרות הציונים בדרוהיצין — מחוז קוברין

כ״ה סיון, שנה ראשונה לגאולתנו *

אחינו היקרים ואחיותינו היקרות הדרוהיצינאים באמריקה!

**הגלות** המרה שהעם העברי נמצא בה זה כאלפים שנה הניחה ביתר עז את חותמה עלינו יהודי רוסיה, פולין וליטא. במשך הדורות הננו נמצאים פה בין מדורות אש, נחשים ועקרבים וזאבי־טרף. דמנו נשפך כמים, בחיינו ורכושנו נתונים אנחנו לזרים ואין פוצה פה ומוחה נגד העול הגדול שנעשה עמנו לעיני השמש.

אתם בני אמריקה, אף כי גם אתם הנכם בני עירנו, ילידי הגיהנום הרוסי והפולני המרגישים בודאי גם שם במדינת־החפש את תגרת הגלות המרה, אינכם יכולים בכלל לתאר את עצמת צרותינו ולהבין את התלאות אשר מצאתנו פה. הרעב, השוד והכפן אשר סבלנו בעת המלחמה נחשבים כאפס וכאין מול יסורי הנפש אשר סבלנו על כל פסיעה ופסיעה...

אבל מתוך חשכת הלילה האזל היה תמיד מציץ אלינו קרן שמש קטן, שביב של תקוה; כשהיו עינינו נשואות לעבר המזרח הקדוש שלנו, אל ארץ האבות והנביאים, היינו תמיד חזקים בתקותנו ובאמונתנו השלמה, כי סוף סוף יבא יום הגאולה בעד עמנו הנרדף והמעונה ושמש הצדקה תביא מרפא לו בכנפיה בהאירה לו על דרכו האפלה עד בואו אל המנוחה ואל הנחלה.

והנה האח! תקותנו נתקימה. חלומנו הגדול והמפאר שחלמו אודותיו אבותינו הקדמונים במשך אלפים שנה ואשר באו בגללו באש ובמים הולך ומתגשם בימינו לעינינו. ארץ ישראל מושבה לנו — לעם ישראל, וקול השופר הולך ותוקע בכל תפוצות הגולה שובו בנים לגבולכם, באו בנו את החרבות, הושיבו את נשמות! ולקול הקריאה הזאת מקשיבים גם אנחנו, יהודי דרוהיצין, זקנים ונערים, נשים וטף רב קשב וחפצים גם אנו לבוא בהמונינו לחבק את אדמת ארצנו הנשמה, לרוותה בזיעת אפנו ובדם לבבנו.

הועד הציוני שלנו עם כל העסקנים הצבורים דפה, החליט לארגן הגרה תמידית ומסדרת של יהודי עירנו לארץ־ישראל ולתמוך בידם בכל מה שאפשר. לתכלית זו יסדנו בעירנו אגודת „החלוץ״ שמספר חבריה וחברותיה עולה כבר לכדי ארבעים איש ואשה מן הכתות הצעירים והמעולים שבנו

---

* דער דאָזיקער בריוו איז געשיקט געוואָרן פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין דראָהיטשין קיין אַמעריקע צו די לאַנדסלייט, אַז זיי זאָלן העלפן די דראָהיטשינער חלוצים צו באַזעצן זיך אין ארץ־ישראל. דער יאָר, ווען דער בריוו איז אַרויסגעשיקט געוואָרן, ווערט נישט אָנגעגעבן. עס שטייט בלויז — „דער ערשטער יאָר פון אונזער גאולה״ — משמעות, אַז דאָס ווערט געמיינט, דער ערשטער יאָר פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע — 1917... [רעד.]

ששמו להם למטרה להיות מן העולים הראשונים לארצנו הקדושה ולהקדיש את מבחר חייהם וכחותיהם בעד ארץ־ישראל ועם ישראל.

אבל לדאבוננו הגדול דלים אנו ורקים בכחות עצמנו ואין לאל ידינו לתמוך בידי אחינו ואחיותינו אלה, שהולכים להשליך את נפשם מנגד בעד רעיוננו הכללי בשעה רצינית זו, ולעזרם ולסעדם כראוי במלאכתם הקדושה. תגרת המלחמה האיומה שדדה ממנו את כל רכושנו ואין לנו עתה בלתי אם גויותינו לעינינו... אין לנו היכלת לתת להם את הכסף הנחוץ שיוכלו להוציא לפעל את זממם הגדול והנהדר. אבל נכונים אנו בכל זאת להפריז את פרוטותינו האחרונות אך ורק כדי להגדיל את מספר המתישבים שם בארץ התקוה והעתיד שלנו.

לכן פונים אנו אליכם אחים ואחיות ילידי דרוהיצין באמריקה, בקריאתנו המלבבת ובבקשתנו הנמרצה: חושו לעזרת אחיכם ואחיותיכם בני ובנות ציון המעפלים להרים את דגל יהודה על הרי יהודה הנחמדים! תנו את האפשרות לבני דרוהיצין אלה להשתחרר משעבוד הגלות! תמכו נא בכספים את קופת החלוצים שלנו, כדי שנוכל לפתח עזרה בטוחה ומהירה בעד העולים שלנו שחפצים להקריב את חייהם בעד חרות עמם ובנין ארצם!

חוב קדוש מוטל עליכם, אחים ואחיות, לקחת חלק וראש בבנין ארצנו הנשמה! אל תחשכו את כספכם מאלה שאינם חושכים את דמם ונפשם בעד תחית העם הנצחי בארצנו הנצחית! על כל אחד ואחת מכם להרים את התרומה כפי יכלתו ובזה תהיו גם אתם, אחינו ואחיותינו הרחוקים מעבר לים, בין העוזרים בבנין ארצנו הקדושה והנשמה.

למטרה זו הננו ממלאים עתה את ידי חברנו הנכבד צבי ארי' אייזנשטין בתור מזכיר הועד שלנו, שהיה מסור עד עתה לרעיוננו הגדול בדרוהיצין בכל חום לבבו, שנוסע עתה אליכם לאמריקה שהוא יארגן שם את קבוץ הנדבות בעד חלוצי עירנו שהננו הולכים לשלוח בכל פעם לארצנו הקדושה, ונבקש מכם לתת אמון בו, לתמך בידו בכל מה שאפשר וגם לדרוש ממנו על כל נדבה קבלה רשמית עם חתם הועד הציוני בדרוהיצין. אפשר גם לשלוח את סכומי הנתינות ע"ש הועד שלנו: (הכתובת: דרוהיצין וכו'.)

בתקותנו החזקה והשלמה שתיכף בקראכם את מכתבנו זה תבאו לעזרתנו ותושיטו לנו את ידיכם, אחים ואחיות, הננו מסיימים בברכה הכללית השגורה בפינו זה אלפי שנה —

לשנה הבאה בירושלים!

וחותמים אנו ברגשי כבוד ובברכות ציון הבנויה והגאולה שלמה,

הועד הציוני של ההסתדרות הציונים בדרוהיצין ב',

יו"ר — שמואל פישמן; מזכיר — צבי שקולניק; גזבר — זעליג שחט.

חברי הועד — יהודה זילברשטיין, גדליה קאפלאן, מרים וויסמן, צביה ואלדמאן וי. ראשינסקי.

**
*

הועד של הסתדרות „החלוץ" בדרוהיצין ב':

מ. דוב, יו"ר; א. וואלאיועלסקי, מזכיר; י. יכנאוויטש, גזבר; מ. חזן, מ. זארעצקי — חברי הועד.



שטייען פון רעכטס: רבקה בורשטיין, ס. פיסעצקי, ב. טורבאָוויטש, פ. עפּשטיין, גאָלדמאַן. זיצן פון רעכטס: ה. וואַלדמאַן, גאָלדמאַן, העסקע פעלדמאַן, צביה און חאַשקע וואַלדמאַן. אונטן פון רעכטס: חייטשע עפּשטיין, לייטשע מענדעלסאָן, אסתר מישאָווסקי, שיינקע פעלדמאַן און שרה קריינעס — 1922.

שמואל פישמאַן (ירושלים)

# נאַציאָנאַלע אויפלעבונג נאָך באַלפור דעקלאַראַציע

1923 — 1919

הקדמה*

דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות איז לײדער נישט באַקאַנט מיט'ן מצב פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין דראָהיטשין ביז דעם אויסברוך פון דער ערשטער וועלט מלחמה. ווען איך מיט מיין משפחה זיינען אַלס פּליטים פון שטעטל ליבעשיי (ביי פּינסק), סוף פון 1916, פאַרוואָרפן געוואָרן אין דעם פאַרלאָזענעם דאָרף פּאַפינע (לעם דראָהיטשין), האָב איך געהאַט די געלעגנהייט צו אַרבעטן צוזאַמען מיט פיל דראָהיטשינער יונגעלייט ביי דייטשער צוואַנג־אַרבעט.



שמואל פישמאַן

מיר האָבן צוזאַמען געהאַקט די בוימער פון די וועלדער און אויסגעלייגט זיי אויף די בלאָטיקע וועגן און געטאָן נאָך אַנדערע עבודת־פּרך.

צווישן אַט די יונגע מענטשן האָב איך אָנגעטראָפן אמת'ע יידישע אינטעליגענטן, העברעער און הייסע ציוניסטן. מיר האָבן צווישן זיך דיסקוטירט די פראַגע פון יידישער גאולה, און אויסגעדריקט די האָפענונג, אַז ווען די מלחמה־פירנדיקע פעלקער וועלן זיך אַמאָל זעצן צום שלום־טיש, וועט מען אויך נעמען אין אַכט די לאַגע פון ליידנדן יידישן פאָלק און מען וועט אים סוף כל סוף געבן דאָס רעכט אומצוקערן זיך צו זיין אייגן לאַנד—ארץ ישראל.

נאָוועמבער, 1917, ווען איך מיט נאָך אייניקע יידישע יונגעלייט האָבן געאַרבעט אין פעלד, האָט זיך לעם אונז אָפּגעשטעלט אַ פורל מיט צוויי דראָהיטשינער יידן. די יידן האָבן אונז דערציילט אַז סעדלעצער יידישע סוחרים האָבן געבראַכט קיין דראָהיטשין אַ יידישע צייטונג פון וואַרשע, וואו עס ווערט איבערגעגעבן בפירוש: „ענגלאַנד האָט אַרויסגעגעבן אַ דעקלאַראַציע, דערקלערנדיק ארץ ישראל אַלס יידישע נאַציאָנאַלע היים”... מיר האָבן אונזערע אויערן נישט געגלויבט.

איך בין גלייך געלאָפן אַהיים, איבערגעביטן די מלבושים און אַוועק קיין דראָהיטשין (דעמאָלט פלעגט מען פשוט פאַרוואַרפן די שטיוול אויף דער פּלייצע און שפּאַצירן באָרוויסערהייט אין שטאָט... די שטיוול האָט מען געזשאַלעוועט מער ווי די פיס...).

קומענדיק קיין דראָהיטשין בין איך גלייך אַריין צום רב אויסצוגעפינען וועגן די נייעס. דעם רב'ס זון, משה, האָט מיר געזאָגט, אַז ער האָט טאַקע אַליין געלייענט אין דער צייטונג וועגן דער דעקלאַראַציע פון ענגלאַנד. די צייטונג, וועלכע גייט פון האַנט צו האַנט אין שטאָט, זאָגט ער, מוז זיך איצט געפינען ביי די ווייסמאַנס.

ביי די ווייסמאַנס אין הויז האָב איך געטראָפן די גאַנצע משפחה זיצנדיק אַרום טיש און דיסקוטירנדיק די ידיעה אין דער צייטונג. איך האָב דאַן פאָרגעשלאָגן, מען זאָל לכבוד דער היסטאָרישער געשעעניש פאַראַנשטאַלטן עפּעס אַ פייערונג אָדער רופן אַ מאַסן־פאַרזאַמלונג פון אַלע יידן אין דראָהיטשין. יוסף בערעזאָווסקי (ר' שמעון ווייסמאַנס אידעם) האָט מסכים געווען צו מיין פאָרשלאָג. מען האָט אָבער געדאַרפט האָבן צו דעם די דערלויבעניש פון דער דייטשער קאָמענדאַטור. איז געבליבן מען זאָל גיין צו יוסף זבאַר, וועלכער איז געווען אַ גרויסער מקורב מיט די דייטשן, ער זאָל אויספּועלן די דערלויבעניש.

ווען מיר זיינען געקומען צו זבאַרן און אים איבערגעגעבן וועגן אונזער פּלאַן, האָט ער אויסגעגלאָצט זיינע אויגן און מיט כעס אויסגעשריען: „אידיאָטן, איר ווילט אומגליקלעך מאַכן די דראָהיטשינער יידן?! פאַרשטייט איר דען נישט, אַז די ענגלישע ארץ־ישראל־דעקלאַראַציע איז אַן אַקט קעגן דייטשלאַנד, טאָ ווי קענען מיר אַרויסווייזן עפנטלעך אונזער סימפּאַטיע מיט ענגלאַנדס דעקלאַראַציע אין דער צייט, ווען מיר ליגן אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע?!”

מיר האָבן פאַרשטאַנען זיינע לאָגישע און גערעכטע אַרגומענטן און פאַרשעמטע אַרויסגערוקט זיך פון אים.

## א.

די גרויסע אויפלעבונג און התלהבות, וואָס עס האָט אַרומגעכאַפּט די יידישע באַפעלקערונג פון פוילן און אין דער גאַנצער וועלט נאָכ'ן אַקט פון סאַן־רעמאָ, ווען די אַלוועלטלעכע מאַכטן האָבן באַשטעטיקט די באַלפור דעקלאַראַציע, וואָס

* געווידמעט בדחילו ורחימו דעם הייליקן זכרון פון ליבע חברים: אליהו און שאַשקע גאָלדמאַן, פריידקע פערקאָווסקי־זבאַר, יצחק שוכמאַן און אַנדערע... ד' ינקם דמם!

אַנערקענט ארץ ישראל אַלס יידישע נאַציאָנאַלע היים, האָט נאַטירלעך אויך אָנגעשטעקט אונזער דראָהיטשין.

דער גרויסער פּאַראַד איבער די גאַסן פון דראָהיטשין פון יונג און אַלט לכבוד דעם אַקט פון סאַן־רעמאָ לעבט נאָך געוויס אין זכרון פון אַלע לעבן־געבליבענע דראָהיטשינער. די רבנים האָבן מאַרשירט פאָראויס מיט די ספר־תורה׳ס אין די הענט, חבר יודל זילבערשטיין האָט ריטערלעך געריטן אויף אַ שניי־נעם ווייסן פערד און די חברים פון ציוניסטישן קאָמיטעט זיינען געווען באַצירט מיט ווייס־בלויע אַרם־בענדער און מיט אַנדערע סימבאָלישע באַפּוצונגען. די גרויסע מאַסע האָט זיך מאַיעסטעטיש און אין גוטער אָרדענונג באַוועגט ביז זי איז צוגעקומען צו דער קאַנצעלאַריע פון פּוילישן קאָמיסאַר (איך קען זיך ניט דערמאָנען זיין נאָמען), וועלכער איז אַגב געווען זייער אַ ליבעראַלער מענטש און פריינטלעך צו יידן.

[צום קאָמיטעט וואָס האָט אָרגאַניזירט די פייערונג פון דער באַלפור־דעקלעראַציע האָט אָנגעהערט: יעקב איינבינ־דער, משה בעזדזשעזסקי, גדליה קאַפּלאַן, נפתלי שטיינבערג, בצלאל ח. וואָלפסאָן, אַ לערער, הערש־לייב אייזענשטיין, ש. פישמאַן, וועלוול מישאָווסקי, הערשל שקאָלניק י. זילבער־שטיין, שמואל שוב א.א. זען בילד אויף זייט 96. — רעדאַק.]

דער קאָמיסאַר איז אַרויסגעקומען אין זיינע בגדי שרד און דער שרייבער פון די שורות האָט אים אין פּויליש באַ־גריסט אין נאָמען פון דער גרויסער מאַניפעסטאַציע און אויפ־געקלערט די באַדייטונג פון פּאַראַד, אויסדריקנדיק די האָפ־נונג, אַז דאָס פּוילישע פאָלק וואָס איז ערשט אַליין באַפרייט געוואָרן פון פרעמדן יאָך, וועט אויך העלפן די יידן אויפבויען די יידישע היסטאָרישע לאַנד, וואָס איז זיי צוגעזאָגט געוואָרן פון גאָט אַליין דורך די אבות און נביאים... דער קאָמיסאַר האָט געענטפערט מיט זייער פריינטלעכע ווערטער און פאַר־זיכערט אַז ער פון זיין זייט וועט ערמוטיקן די ציוניסטישע אַרבעט אין דראָהיטשין און ער האָט האַרציג באַגריסט די יידן לכבוד דעם היסטאָרישן אַקט פון סאַן־רעמאָ.

מידע און ערשעפּטע, אָבער מיט איבערפולטע הערצער פון התלהבות און פלאַמענדיקן גלויבן פאַר דער צוקונפט פון אַ זעלבסטשטענדיקן יידישן פאָלק אין אַ באַפרייטער ארץ ישראל און מיט שטילע תפילות צום בורא עולם פאַר זיין חסד, איז דער עולם זיך פונאַנדערגעגאַנגען. יעדער איינער האָט אויף זיין אייגענעם אופן אָנגעהויבן שפינען חלומות און האָפנונגען ווי אַזוי צו אויסנוצן דעם גינסטיקן מאָמענט, מאַנכע פאַר פער־זענלעכער פאַרבינדונג מיט ארץ ישראל און די מערסטע האָבן נאַטירלעך בלויז געקלערט וועגן העלפן אַנדערע זיך צו באַ־זעצן דאָרט ווי חלוצים און בויער.



דייטשע קאָמענדאַנטור אין דראָהיטשין (אין יעקב פוליגס הויז), ווו שמואל פישמאַן האָט געוואָלט גיין נעמען אַ דערלויבעניש צו פייערן די באַלפור־דעקלאַראַציע... די בילד איז גענומען געוואָרן אין 1917.

ב.

אויף מאָרגן נאָך דער אימפּאָזאַנטער און איינדרוקספולער מאַניפעסטאַציע האָט דער דראָהיטשינער ציוניסטישער קאָמי־טעט אָפּגעהאַלטן אַ פייערלעכע זיצונג און באַשלאָסן אָנצו־הויבן ווערבירן חלוצים צווישן דער יוגנט און שיקן זיי נאָך ארץ ישראל אַלס דער ערשטער דראָהיטשינער אַוואַנגאַרד... עס האָבן זיך אָפּגערופן אַ פּאָר צענדליק טיכטיקע יונגע לייט צו זיין די ערשטע אין דער רשימה. אונזער קאָמיטעט האָט דורכגעזופּט די גאַנצע רשימה און באַשטעטיקט פערצן (14) פון זיי.

דער שרייבער פון די שורות איז דעלעגירט געוואָרן צום פּאַלעסטינא־אמט אין וואַרשא צו פועלן די באַשטעטיקונג פון די פערצן. ליידער איז מיר מיט גרויס מי געלונגען צו קריגן די באַשטעטיקונג פון בלויז זיבן (7).

הרב ר' יצחק ניסענבוים, ז"ל, וועלכער איז געווען אַ מיטגליד פון פּאַלעסטינא־אַמט, האָט געפאָדערט די באַשטע־טיקונג פון אַמווייניקסטן צען (10) פון די פערצן חלוצים. אָבער ישראל מערעמינסקי פון לינקן לאַגער, האָט פאַר־געשלאָגן צו באַשטעטיקן בלויז פינף (5). זיין טענה איז געווען אַז פון איין שטעטל קען מען ניט שיקן אַזאַ גרויסע צאָל חלוצים.

אָבער דער אמתער מאָטיוו איז געווען פאַרשטענדלעך פאַר אַלעמען. אונזערע בהורים האָבן אַלע געהערט צו די אַלגע־מיינע ציוניסטן, וועלכע האָבן געהאַט פאַר זיך נאָר איין צוועק: צו פאָרן קיין ארץ ישראל און העלפן בויען די לאַנד פאַר'ן גאַנצן יידישן פאָלק, אָן באַזונדערע זייטיקע לאָזונגען... אגב זיינען נאָך צו יענער צייט ניט געווען אין דראָהיטשין קיין אַנדערע פּאַרטייען אויסער די אַלגעמיינע ציוניסטן. דער־פאַר האָבן די לינקע נישט געוואָלט באַשטעטיקן אַלע דראָ־היטשינער חלוצים...

זייער גרויס איז געווען די פרייד ווען איך בין געקומען צוריק מיט באַשטעטיקטע זיבן סערטיפיקאַטן. דאָס שטעטל האָט זיך אָנגעהייבן גרייטן צום אָפּשייד פון דער ערשטער גרופּע חלוצים. זייערע נעמען זיינען געווען: צוויי ברידער שוב, איסר וואַלעוועלסקי, זאב מילנער, יאָסל קאָברינסקי, הערשל שטיינבערג און דעם זיבעטן געדיינק איך שוין נישט.

ווי איך געדענק איז צו זיי אויך צוגעשטאַנען דער אַלטער דראָהיטשינער בעל הבית ר' אהרן זבאר (אָהרעלע דער ליד־ווינאָווער), וועלכער האָט שוין דאַן געהאַט אַ טאָכטער מיט אַ משפּחה אין ארץ ישראל. אויב איך מאַך ניט קיין טעות איז דאָס געווען די באַוואוסטע ברוך גוראַלסקי פאַמיליע, וואָס האָט אויפגעשטעלט די ערשטע מעבל פאַבריק אין ארץ ישראל.



„פּועלי־ציון"־פּאַרטיי און איר יוגנט־גרופּע „פרייהייט" פון דראָהיטשין אין 1934

אהרן זבאַר איז געפאָרן מיטן צוועק אויסצולעבן דאָרט זיינע יאָרן, נאָר ער איז לײדער אין אַ יאָר אַרום צוריקגעקומען, ווייל ער האָט ניט געשטימט מיט זיין טאָכטער און משפחה.

מען האָט פאַר די אָפּפאָרנדיקע חלוצים איינגעאָרדנט אַ שיינעם אָפּשיידס אָוונט מיט מוזיק און געזאַנג און אויף מאָרגן האָט דאָס שטעטל זיי אַרויסבאַגלייט מיט ברכות און טרערן צו דער באַן סטאַנציע. ווען דער צוג האָט גערירט פון אָרט האָט דער גאַנצער עולם ספּאָנטאַניש אָנגעהויבן זינגען די „התקוה״ וואָס האָט געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק אפילו אויף די קריסטלעכע אַנוועזנדע.

ג.

עס האָט זיך דאַן אין דראָהיטשין אָנגעהויבן אַ שטאַרקע און אינטענסיווע ציוניסטישע טעטיקייט. מיר האָבן אָרגאַני־זירט גרויסע געלט אַקציעס פאַר׳ן קרן קימת. פרייוויליקע בחורמ׳לעך און מיידלעך פלעגן באַזוכן יעדע יידישע הויז און אַלעמען געמאַכט צו באַשטייערן זיך מיט אַ מאָנאַטלעכן מס־עצמי. יעדע געלעגנהייט איז אויסגענוצט געוואָרן פאַר׳ן קרן קימת, וואָס האָט אַריינגעבראַכט פאַרהעלטניסמעסיק גאַנץ היבשע סומעס. אונזער קאָמיטעט פלעגט פון צייט צו צייט באַקומען לויב־בריוו פון הויפּט ביוראָ פון קרן קימת אין וואַר־שע אונטערשטרייכענדיק, אַז דראָהיטשין מיט איר קליינער יידישער באַפעלקערונג צייכענט זיך אויס מיט אירע געלט זאַמלונגען מער פון אַנדערע שטעדט אין גאַנץ פּאָלעסיע.

נאָך דער לאָנדאָנער ציוניסטישער קאָנפערענץ, ווען דער קרן היסוד איז פּראָקלאַמירט געוואָרן, איז דראָהיטשין געווען צווישן די ערשטע וואָס האָט פּראָקלאַמירט דעם לאָזונג פון „מעשר״. עס זיינע טאַקע געשאַפן געוואָרן גאַנץ באַדייטענדע סומעס געלט. די אויפגאַבע פון אונזער קאָמיטעט איז געווען צו האַלטן דעם עולם אין שטענדיקער שפּאַנונג און התלהבות. אַ גרופּע חברים ווי שמואל שוב (איצט אין אַמעריקע), אהרן סאַראַטשיק (יעצט „שראלי״ אין ארץ ישראל), יוסף בערע־זאָווסקי ע״ה און אַנדערע פלעגן פון צייט צו צייט אַרויס־טרעטן אויף מיטינגען אין די שוהלן און וועקן דעם עולם צו מעשים און קרבנות גרייטקייט. אויך פלעגן גאַנץ אָפט אונז באַזוכן אינסטרוקטאָרן און רעדנער פון דער צענטראַלע אין וואַרשע, וואָס פלעגןריידן לטובת דעם בנין־הארץ.

איך האַלט פאַר מיין הייליקער פליכט דאָ צו דערמאָנען אַלס גוטן ביישפּיל איינעם פון דראָהיטשינער „עמך״־יידן, הערשל דווינסקי דעם שוסטער, וועלכער איז מיט האַרץ און נשמה געווען איבערגעגעבן צו ארץ ישראל. ער פלעגט קלייבן אַרום זיך רעדלעך יידן בעלי־מלאכות און הענדלער און האָט



בית״ר פון דראָהיטשין. לינקס שטייט ד״ר גאָלדשטיין (מיטן רעוואָלווער), געוו. דירעקטאָר פון דער שולע „מוריה״ און גרינדער פון בית״ר אין דראָהיטשין. זען בילדער אויף זייט 44, 90 און 190

געפּריידיקט פאַר זיי חבת ציון און בנין הארץ. אַזוי ווי ער איז געווען ווייט פון צו זיין אַן עם הארץ פלעגט ער זיך שטענדיק באַנוצן מיט אַ פסוק פון דער תורה און נביאים. איינמאָל אין אַ שבת אין דער „פּוילישער שוהל", ווען הערשל דער שוסטער האָט אויסגעהערט אַ באַגייסטערטע רעדע פון איינעם פון אונזערע רעדנער, איז ער אַרויף אויף דער בימה און אויסגעשריגן: „יידן, איר זאָלט וויסן, אַז עס איז טאַקע משיח־צייטן, ווייל עס ווערט מקוים דער פסוק „אָז ירננו כל עצי יער"... איר הערט, אַז וויבאַלד אַ פּראָסטער ייד, אַ שוסטער ווי איך, קען האָבן די העזה אַרויפגיין אויף דער בימה און ריידן פאַרן עולם, איז דאָס אַ סימן, אַז די גאולה איז נאָענט און מיר דאַרפן גיין קיין ארץ ישראל. לאָמיר ניט שווייגן, יידן, עס איז משיח צייטן..." איך פאַרשפּאָר צוגעבן, אַז זיין גאַנץ קורצע „דרשה" האָט געמאַכט אויפן עולם אַ גאָר שטאַרקן איינדרוק. גאַנץ דראָהיטשין האָט זיך באַצויגן מיט דרך ארץ צו אָט דעם ר׳ הערשל שוסטער, וועלכער האָט אין אַ קורצער צייט אַרום עולה געווען מיט זיין משפּחה קיין ארץ ישראל. זאָלן אָט די געציילטע שורות דינען לזכרון עולם פאַר אָט דעם האַרציקן ייד און חבר ר׳ הערשל הסנדלר, וואָס האָט אויסגעלעבט זיינע יאָרן אין ירושלים עיר הקדושה און נפטר געוואָרן בשיבה טובה. תנצב"ה.

איך וויל דאָ דערמאָנען איינעם פון די זעלטענע פּאָלקס טיפּן אין דראָהיטשין, שכנא דעם שוהל רופער. ער איז נאַטירל׳עך געווען אַן אמת׳ער אָרעמאַן און זיך ווי עס איז דערנערט פון שמשות און האָלץ העקעריי. ער איז אָבער שטענדיק געווען צווישן די ערשטע ביישטייערער פאַר׳ן קרן קימת און צו אַלץ וואָס מען האָט זיך צו אים געווענדעט. ווען עס איז דורכגעפירט געוואָרן אין דראָהיטשין די „געצייג אַקציע" פאַר די קבוצים אין ארץ ישראל, איז שכנא געווען

דער ערשטער צו ברענגען זיין נייע האַק און מיט אַ ברכה „שהחינו" און ציטערדיקע הענט האָט ער די האַק אַוועקגעגעבן צום קאָמיטעט. [זען בילדער זייט 41 און 69. רעד.]

ד.

נאָך סאַן־רעמאָ איז אַרויס אַ רוף פון ציוניסטישן צענטראַל קאָמיטעט אין פּוילן, מען זאָל זיך אָנהויבן גרייטן צום נאָך־מלחמה׳דיקן ציוניסטישן צוזאַמענפאָר. אונזער קאָמיטעט האָט דאַן באַשלאָסן צו פאַרקויפן גענוג שקלים כדי צו זיין באַרעכטיקט צו שיקן צוויי דעלעגאַטן צו דעם צוזאַמענפאָר אין לאָדז. אויף מער ווי צוויי האָבן מיר גאָר ניט געקענט חלומען. דראָהיטשין האָט דאַן פאַרקויפט איבער 500 שקלים און געשיקט צוויי דעלעגאַטן: שמואל שוב און שמואל פישמאַן.

ווי איבעררעאַשט זיינען מיר ביידע דראָהיטשינער דעלעגאַטן געווען, ווען יצחק גרינבוים האָט אין זיין באַריכט וועגן דער צאָל דעלעגאַטן צו דער קאָנפערענץ אַרויסגעשטעלט דראָהיטשין אַלס אַ מוסטער, וואָס האָט פאַרקויפט פּראָפּאָרציאָנעל מער שקלים ווי וועלכע ס׳ניט איז שטאָט און שטעטל אין פּוילען... מיר זיינען דאַן געוואָרן די העלדן פון דער קאָנפערענץ און פיל פּראָמינענטע ציוניסטן האָבן אונז וואַרעם באַגריסט און געדריקט די הענט. קומענדיק צוריק פון דער קאָנפערענץ קיין דראָהיטשין האָבן מיר אָפּגעגעבן אַ באַריכט פון דער קאָנפערענץ פאַר אַ גרויסן עולם צוהערער.

אָנהויב 1922 בין איך באַשטימט געוואָרן דורך דעם צענטראַל קאָמיטעט אַלס גענעראַל סעקרעטאַר פון גאַנץ פּאָלעסיער ראַיאָן און מיט גרויס באַדויערן האָב איך מיט מיין פרוי געמוזט פאַרלאָזן אונזער ליבע דראָהיטשין, וואו מיר האָבן אַזוי אידעאַליש געלעבט און געלייסטעט מיט פיל אַנדערע טייערע חברים, און זיינען איבערגעפאָרן קיין פּינסק. נאַ־



„השומר הצעיר" פון דראָהיטשין. שטייען פון רעכטס: מרדכי בודער, לייזער וואַרשאַווסקי, באָדיע פרידענבערג, יוסף בוף, און שלום בייך. זיצן פון לינקס: הערשל שמיד, וואַלדמאַן, ראובן וואַרשאַווסקי, יעקב ראָזענבוים און יעקב וואַרשאַווסקי. אונטן, לינקס: ישראל שוואַרץ, יעקב אָרליאַנסקי און מרים צירל׳ס איינקל.

טירלעך בין איך געשטאַנען אין נאָענטן קאָנטאַקט מיט די דראָהיטשינער חברים און מיט גרויס שפּאַנונג נאָכגעפאָלגט די פאַרצווייגטע ציוניסטישע טעטיקייטן.

זומער 1923 האָט דער גורל געוואָלט, אַז איך זאָל איבער־רייסן מיין ציוניסטישע אַרבעט אין פּוילן און אויסוואַנדערן קיין אַמעריקע. די ערשטע יאָרן פלעג איך נאָך פון צייט צו צייט הערן גוטע בשורות פון דראָהיטשין און פלעג שעפּן גרויס נחת פון דער ציוניסטישער אַרבעט וואָס האָט זיך דאָרט צעוואַקסן און אויך וועגן די פאַרשידענע ציוניסטישע פּאַר־טייען מיט וועלכע דראָהיטשין איז געבענטשט געווען צוגלייך מיט אַלע אַנדערע „לייטישע" שטעט און שטעטלעך אין פּוי־לען. ביסלעכווייז אָבער האָב איך אָנגעהויבן פאַרלירן דעם קאָנטאַקט מיט דראָהיטשין און איך בין צום באַדויערן ניט אומשטאַנד צו שרייבן וועגן דער ווייטערדיקער עפּאָכע נאָך 1923.

איך האָף אָבער, אַז עס וועלן זיך געפינען אַנדערע חברים, וואָס וועלן דערגענצן מיין איבערזיכט וועגן דער ציוניסטי־שער באַוועגונג אין דראָהיטשין פון 1923 ביז דעם חורבן אין 1942.

**
*

הערה — מער פּרטים וועגן דער ציוניסטישער באַוועגונג אין דראָהיטשין זען זייטן 46, 47, 48 און 49. ——— [רעדאַק.]



יוגנט גרופּע „פרייהייט" פון דראָהיטשין.

אין הייליקן אנדענק פון אונזערע ליבע און אונפאַרגעסלעכע
מוטער
**בת־שבע פּעשקאָווסקי**
יונגע שוועסטערלאַך
**פייגל, האַשע פּעשקאָווסקי**
אומגעקומען דורך די מערדערישע באַלאַכאַוועצעס
אין זאַקאָזעליע ביי דראָהיטשין
ג' חשון, תרפ"ב—1921
און ברודער
**יהודה לייב פּעשקאָווסקי**
געשטאָרבן
ג' תמוז, תרפ"ב—1921
סאָניע פיינס
מיטע גרינוואַלד
זען זייטן 101 און 102.



בית"ר. — שטייען פון רעכטס: פּרץ גאָלדמאַן, ——— לייבל קראָוועץ, בערל גאָטליב, ——— און אברהם מישאָווסקי. זיצן פון רעכטס: יוסף רובינשטיין, צבי לעוואַק און מנחם שטיינ־בערג. אונטן פון רעכטס: מאיר־מאָטיע הויז־מאַן און מרדכי גאָטליב. — [זען זייט 246.]




פאַקסימילע פון דראָהיטשינער בית"ר־סטעמפּ



1טע שורה, שטייען פון רעכטס: ל. וואַרשאַווסקי, ש. וואַרשאַווסקי, ב. בערג, מ. בודער, פּ. מאַזורסקי, ל. גאָלדבערג, ה. שמיד.
2טע שורה פון רעכטס: ה. עפּעלבוים, ב. צ. בעזדזעסקי, ר. בוים, ר. עפּעלבוים, י. גאָלדבערג, בוים, י. בייך, מ. קאַלענקאָוויטש.
זיצן פון רעכטס: ט. מילנער, י. שוואַרץ, ש. פעלדמאַן, י. מישאַווסקי, א. דרוקער, ש. זאַרעצקי. אונטן פון רעכטס: ש. פעלדמאַן,
ח. גאָלדבערג, ד. גאָלדמאַן, מ. וואַלעװועלסקי, קאָטאָק. „החלוץ״, געהאַט מיטגלידער פון אַלע פּאַרטייען. 18 אומגעקומען, הי״ד!



בילד לינקס, פון לינקס צו רעכטס: זכריה סאַפּאָזשניק, הערשל שטיינבערג (אַ פרוי) און אהרן ראָזענצווייג (אַרעלע יאַנקל ברוד׳ס), אַמאָליקער בונדיסט וואָס האָט געקעמפט פאַר פריי־הייט און גערעכטיקייט, זיצט אויף דער קאָזלע און פירט... ס׳איז געווען אין זיין נאַטור צו פירן מענטשן אין גלייכן וועג... זכריה און אַרעלע יאַנקל ברוד׳ס זיינען אומגעקומען, הי״ד!
וועגן אַרעלע יאַנקל ברוד׳ס זען זייט 272.



טאָדרעס סאַפּאָושניק, ע״ה, געשטאָרבן אין דראָהיטשין.

# דער בונד

אין יאָר 1903, ווען עס איז אויפגעקומען די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג פון די „שוועסטער און ברידער", איז אויך די דראָהיטשינער יוגנט געוואָרן אַריינגעצויגן אין דעם רעוואָלוציאָנערן שטראָם, און די אַרבעטער האָבן אָנגעהויבן צו פאָדערן זייערע רעכט.

מיט דער הילף פון די פירער פון דעם בונדישן צ"ק אין פינסק, איז געשאַפן געוואָרן אַ בונדישע אַרבעטער פּאַרטיי אין דראָהיטשין. די הויפּט־פירער פון בונד אין דראָהיטשין זיינען געווען מרדכי ווייסמאַן (שמעון דעם רופא'ס זון) און און וו. פּאָליאַק (קאַפּוליערס איניקל). די געהיימע פאַרזאַמלונגען פון „בונד" זיינען פאָרגעקומען אין די וועלדער פון ראָווין און בראָנע, ווי אויך אין שטיבל פון אַלטן בית־עולם. די פירער פון „בונד" האָבן יעדעס מאָל געטוישט זייערע פאַרזאַמלונג־פּלעצער.

אין אַ געוויסן טאָג זיינען אַראָפּגעקומען קיין דראָהיטשין די פירער פון בונדישן צ.ק. אין פינסק: יעקב גורין און אהרן וויינבערג, וועלכע האָבן געזאָלט רעדן אין אַלטן בית־מדרש. נאָר אידער וואָס ווען, איז דער פּריסטאַוו מיט זיינע סטראַזשניקעס באַפאַלן די פאַרזאַמלונג און האָט אַרעסטירט כמעט אַלע פאַרזאַמלטע אין שוהל. עס האָט געקאָסט פיל מי און געלט ביז מען האָט די אַרעסטירטע באַפרייט פון טורמע.

דער ערשטער אַרבעטער־סטרייק אין דראָהיטשין איז אויסגעבראָכן אין שוסטער־וואַרשטאַט פון ראובן בייטע, וועלכער האָט נישט געוואָלט נאָכקומען די פאָדערונגען פון די אַרבעטער. אַרעלע ראָזענצווייג (יענקל ברוד'ס זון) האָט זיך דאַן אַריינגעריסן צו ראובנ'ען, אַרויסגעטריבן די סטרייק־ברעכער און דעמאָלירט דעם וואַרשטאַט. די בונד־אַרבעטער האָבן לסוף אויסגעקעמפט אַן 8־שעה'דיקן אַרבעטס־טאָג און בעסערע שכירות.

צו יענער צייט האָט יעקב גאָלדבערג (יוסף ניסל'ס זון), וועלכער איז געווען אַ פלאַמענדיקער אַגיטאַטאָר פאַרן בונד, אָנגעפירט מיט אַ געהיימער פאַרזאַמלונג אין ראָווינער וואַלד. די פּאָליציי האָט געמאַכט אַן איבערפאַל אויף די פאַרזאַמלונג און אַרעסטירט גאָלדבערג'ן און אים פאַרשפּאַרט אין תפיסה. ער איז אָבער דאָרט לאַנג נישט געזעסן. חנא שרה גאָלדעס דער קירזשנער און אַרעלע יענקל ברוד'ס דער שוסטער האָבן ביינאַכט אונטערגעגראָבן די טורמע און גאָלדבערג'ן באַפרייט. גאָלדבערג איז נאָך די זעלבע נאַכט אַריבער די רוסישע גרענעץ און איז אַוועק קיין אַמעריקע.

דעם 1טן מאַי, 1905, איז אין דראָהיטשין אויפן מאַרק פאָרגעקומען אַ גרויסע אַרבעטער דעמאָנסטראַציע. „איינער" האָט דאַן געהאַלטן אַ שטאַרקע רעוואָלוציאָנערע רעדע, אויסרופנדיק: „נידער מיט דער צאַרישער רעגירונג, זאָל לעבן דער בונד!" אַלס רעזולטאַט איז דער „איינער" אַרעסטירט געוואָרן און ער איז פאַר אַ צייט געווען פאַרשיקט קיין סיביר אויף קאַטערגע. נאָך גרויסע השתדלות'ן, איז דער ווייטער און קאַלטער סיביר אויסגעביטן געוואָרן פאַר „אים" אויף דער קאָברינער טורמע.

נאָך דעם אָקטאָבער מאַניפעסט אין יאָר 1905 פון רוסישן צאַר, וועלכער האָט געפּלאַנט צו דערטרינקען די רוסישע רעוואָלוציע אין יידיש בלוט, האָבן די צאַרישע טשינאָווניקעס אין דראָהיטשין, מיט דער אויפגעהעצטער פּויערשער באַפעלקערונג, געגרייט אַ פּאָגראָם אויף די יידן. געזאָלט האָט דער פּאָגראָם פאָרקומען דעם 9 דעצעמבער, אין דעם מיקאָלאַי יריד. אָבער דער „בונד" האָט זיך אויך געגרייט. דעם טאָג, ווען דער יריד האָט געדאַרפט פאָרקומען, האָבן זיך די בונדישע יונגעלייט אַרויסגעלאָזט, גאַנץ פרי, אויף די וועגן הינטערן שטאָט, און יעדן פּויער וואָס זיי האָבן געטראָפן פאָרנדיק אויף דעם יריד האָבן זיי געשלאָגן מכות־רצח און אים צוריקגעשיקט אין דאָרף. דער יריד איז טאַקע נישט פאָרגעקומען און די בונדישע יוגנט האָט דאַן געראַטעוועט די שטאָט פון אומגליק.

ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, זיינען די פּויערים טאַקע געפאָרן אין שטאָט אַריין מיט העק און קאָסעס און מיט זעק...

דאָס זעלבע איז פאָרגעקומען מיט די פּריזיוווניקעס פון יאָר 1905, ווען די יונגע כוליגאַנעס האָבן זיך געלאָזט וויל־גיין איבער דער יידישער באַפעלקערונג. די בונדישע פּראָלעטאַריער האָבן די גוי'שע פּריזיוווניקעס אַזוי צעקלאַפּט, אַז זיי האָבן פאַרזאָגט אַ צענטן נאָכאַמאָל אָנצוהויבן זיך מיט די יידן.

די צאַרישע טשינאָווניקעס האָבן אָבער באַקומען די אויבערהאַנט איבער די רעוואָלוציאָנערן, און האָבן מיט זייערע רעפּרעסיעס פאַרטריבן די דראָהיטשינער בונדישע פירער קיין אַמעריקע. דער „בונד" אין דראָהיטשין האָט אָנגעהויבן אַראָפּצוגייך פון זיין אַרענע און איז געוואָרן פאַרשטילט.

אָבער טראָץ אַלע דורכפאַלן, האָט דער „בונד" אין דראָהיטשין, ווי אין אַלע אַנדערע שטעטלאַך, איינגעשריבן אַ בלאַט אין דער יידישער געשיכטע.

פרטים פון גדליה קאַפּלאַן

* * *

ד"ר מרדכי ווייסמאַן האָט צוצוגעבן דאָס פאָלגענדעס:

פּראָקלאַמאַציעס אין יידיש האָט מען געדרוקט ביינאַכט אויף אַ מימאָגראַף אין דער דירה פון גרשון דעם שוסטער (קיילע דער בריוטרעגערינ'ס אַ זון), וועלכער האָט געוווינט מיט זיין פאַמיליע פון פינף קינדער אין איין צימער ביי מיכלען דעם מצבה־קריצער. גרשון האָט אין דעם איין צימער אויך געהאַט זיין שוסטער־וואַרשטאַט...

מושקע טורבאָוויטש איז געווען איינע פון די איבערגעגעבנסטע בונדישע טוערינס אין דראָהיטשין.

---

נאָך פרטים וועגן „בונד" זען אויף זייט 49. —— [רעדאַק.]

# געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס

## בקור־חולים ולינת־הצדק

פון **צבי יצחק האָפמאַן**

1890

ווען איך בין צוריקגעקומען פון אַמעריקע קיין דראָ־היטשין האָט מיך דער רב ר׳ מנחם אַריינגערופן צו זיך און דערציילט, אז אין שטאָט געפינען זיך אַ סך ארימעלייט און ווען, חלילה, עמיצער פון זיי ווערט קראַנק, איז נישטאָ ווער עס זאָל זיי העלפן. דעריבער שלאָגט מיר פאָר דער רב אז איך זאָל גרינדן אַ „לינת־הצדק״. איך האָב דעם פאָרשלאָג אָנגענומען.

צום ערשט האָב איך איינגעקויפט פּרוכטן, מאַלינעס וכדומה, און האָב עס איבערגעגעבן צו דער רביצין און זי האָט עס איינגעפּרעגלט. און צו יעדן חולה ווען מען איז גע־גאַנגען מבקר חולה זיין האָט מען געטראָגן אַ גלעזל איינ־געמאַכץ. דערנאָך האָב איך מסדר געווען, אַז ווען איינער איז געוואָרן ניט געזונט, חלילה, האָב איך געשיקט צוויי מענטשן, איינעם פון איין זייט שטאָט און דעם צווייטן פון דער צוויי־טער זייט שטאָט, צו זיצן ביים קראַנקן. אַלע האָבן זיך געמוזט משתתף זיין. אפילו דער רב האָט געדאַרפט דינגען אַ פאַר־טרעטער, ווען עס איז געווען זיין גורל צו נעכטיקן ביי אַ חולה.

איך וויל דערמאָנען דאָ אייניקע פּאַסירונגען וואָס פון זיי קען מען זיך שאַפן אַ שטיקל באַגריף וואָס דער „לינת הצדק״ האָט אויפגעטאָן.

אויף דער קאַברינער גאַס האָט געוווינט אַן אָרימער בחור, אַ שוסטער, און ער האָט געדאַרפט חתונה האָבן אין אַ דינ־סטאָג אָוונט. אַזוי ווי ער האָט געדאַרפט ענדיקן ביז צו דער חתונה אַלע „אָרדערס״, איז ער געשטאַנען מוצאי שבת קודש ביז שפּעט אין דער נאַכט און געאַרבעט. געזעסן אַז עס פעלט אים אַ געצייג צו דער אַרבעט, איז ער אַוועק צו אַ צווייטן שוסטער צו באָרגן די כלי. די מאַמע זיינע האָט געוואַרט אויף זיין צוריקקומען און אַזוי ווי ער האָט זיך פאַרזאַמט זייער לאַנג איז זי אַרויס אים זוכן. אַריבערגייענדיק אַ בריקל האָט זי געהערט ווי אונטער דעם בריקל קרעכצט אימיצער און אַז זי האָט זיך צוגעקוקט האָט זי דערזעען אַז איר זון ליגט אין גראָבן. זי האָט געמאַכט אַ גוואַלד, עס זיינען זיך צונויפגעלאָפן מענטשן און מען האָט דעם בחור אַרויסגענומען פון גראָבן און אוועקגעפירט אהיים. מען האָט גלייך גערופן שמעון דעם רופא און נאָך דריי דאָקטוירים פון די אַרומיקע שטעט און אַלע האָבן אים אָפּגעזאָגט דאָס לעבן. נאָר שמעון האָט געזאָגט, אַז פונדעסטוועגן זאָל מען פּרובירן אים איינ־וויקלען אין רעדנעס, געוויקעלט אין קאַלטן וואַסער, אפשר וועט עס העלפן. שמעון האָט ביי מיר געבעטן איך זאָל אים צושטעלן 2 געזונטע מענטשן, אַז זיי זאָלן שטיין ביי דעם בחור און בייטן די רעדנעס אַלע 10 מינוט. האָב איך געשיקט משה האַנעלעס און בערל דעם שמיד. משה האָט געהייסן בערלען לייגן זיך שלאָפן און ער איז אַליין געשטאַנען די גאַנצע נאַכט און האָט געביטן די רעדנעס אַלע 5 מינוט. אַזוי האָט מען געביטן די נאַסע רעדנעס 3 טעג, און געלויבט דעם אויבערשטן, דער בחור איז געזונט געוואָרן און ער האָט שפּעטער חתונה געהאַט.

איינמאָל, בערך אין יאָר 1898 איז דאָס געווען, אײדער שמאי הערשל דינעס איז אַנטלאָפן אום יום־טוב, איז אין די אַרומיקע שטעטלאַך אויסגעבראָכן אַן עפּידעמיע פון חאָלעריע, ר״ל. האָט שמעון דער רופא געהייסן צוגרייטן בלעכן, כדי צו לייגן מיט הייסע וואַסער צו די קראַנקע און אויך וואַנעס, ווייל, מסתמא, האָט מען מורא געהאַט, וועט קיין דראָהיטשין אויך קומען די קרענק. האָב איך באַשטעלט די בלעכן און וואַנעס. און טאַקע מיט עטלעכע טעג שפּעטער איז אויסגע־בראָכן די עפּידעמיע, ר״ל. אָבער מיר זיינען געווען צוגעגרייט און די עפּידעמיע האָט ב״ה נישט געהאַט קיין פאַטאַלע פאָלגן.

אָפּגעצאָלט פאַר די כלים האָט מען צו אַ געוויסע מאָס מיט דעם וואָס שמואל הערש, חנה רעשע׳ס אַ שוואָגער, מאַרקעל, א חזן, איז צוריקגעקומען פון אמעריקע און די צווייטע טעג פסח האָט ער געדאַוונט און מען האָט פאַרקויפט בילעטן האָט מען מיט דעם געלט באַצאָלט די חובות פאַר די בלעכן און די וואַנעס.

נאָך אַ זאַך האָט די לינת־הצדק איינגעפירט: אַזוי ווי מען האָט געדאַרפט האָבן אייז פאַר די קראַנקע, האָב איך געדונגען גויים צו האַקן אייז און געבראַכט עס אין א לאָדאָוונע און יעדער האָט גענומען וויפיל ער האָט געדאַרפט און האָט אַריינגעוואָרפן אין אַ פושקעלע וויפיל ער האָט נאָר גע־קאָנט.

ווען איך בין צוריקגעפאָרן קיין אַמעריקע האָב איך איבערגעגעבן די נשיאות פון לינת־הצדק צו הערשל חיים לעוו, דעם רימער.

די תקנות פון „לינת הצדק״ האָבן מיר געקראָגן פון מאַלטשער רב, הגאון, ר׳ זלמן סנדר, זצ״ל.

חברת
„בקור חולים"-„לינת הצדק"
בדרוהיצין דפולסיה

Stow. „LINATH HACEDEK"
w Drohiczynie-Pol.

שובר הכנסה №

Otrzym. od

Zebrał
Ofjarował

SUMA Zł. 143 25 gr. פר. סכום

Słownie בפירוש

Dn. 22 m. 3 1937 — יום חדש תרצ"ז

Kasjer : הגזבר — חתימת



## כאַלאַזשינער רבי בעט הילף פאַרן בקור-חולים

צו אונזערע ליבע שוועסטער און ברידער, פריינד און סימפּאַטיקער פון אונזער געזעלשאַפט „ביקור חולים ולינת הצדק" אין טשיקאַגאָ — פעברואַר, 1932

איבערשיקנדיק אייך אַ באַריכט פון אונזער טעטיקייט פאַר דעם יאָר 1931, בעטן מיר אייך צו באַקענען זיך מיט אונזער אַרבעט פון פאַריקן יאָר (1931). אין נאָמען פון דער פאַרוואַלטונג פון „בקור חולים" און אין נאָמען פון אַלע אָרעמע און געדריקטע, שוואַכע און קראַנקע וועלכע מיר שטיצן אונטער אין אַן עת צרה, דאַנקען מיר אייך פאַר די 75 דאָלאַר.

ווי עס איז צו זען פון באַריכט אונזערן, האָבן מיר זיך אין דעם פאַריקן יאָר באַגרענעצט אין אונזער אַרבעט און די הויפּט שטיצע אונזערע פאַר קראַנקע איז באַשטאַנען אין געבן אומזיסטע מעדיצינישע הילף (ווי אומזיסטן דאָקטאָר, רעצעפּטן א.א.וו.) וועלכע אונזערע הכנסות האָבן דערלויבט. אין די פריערדיקע יאָרן האָבן מיר אויסגעגעבן אויף שטיצע פאַר קראַנקע פיל הונדערטער זלאָטעס, ווי צום ביישפּיל: אויף פאָרן צו אַ דאָקטאָר אין אַ גרויסער שטאָט, אויף אָפּעראַציעס, קינד-פּעטאָרינס-הילף, דאַטשע, פיש-אייל פאַר שוואַכע קינדער, און נאָך אַזעלכע פאַרשידענע פאַלן און מיר האָבן טאַקע אַ צאָל מענטשן ממש געראַטעוועט דאָס לעבן.

מיר האָבן גענוג האַרצווייטאָג, וואָס מיר קענען ניט אַנטקעגן קומען און לינדערן די נויט פון די פיל געדריקטע און געפאַלענע בעלי בתים חשובים, וועלכע קומען צו אונז שוואַרצן דעם פּנים אין אַן עת צרה, און מיר מוזן זיי אַנטקעגנקומען מיט גראָשנס, און איר ווייסט פיליכט האָבן מיר אויף אונזער געוויסן אויך איניקע קרבנות, וועלכע וואָלטן דורך געהעריקער אונטערשטיצונג אין צייט געזונט געוואָרן.

מיר ווענדן זיך צו אייך, שוועסטער און ברידער, איר זאָלט זען ווי ווייט מעגלעך ניט איבערלאָזן אונז אַליין אין אונזער שווערער פאַראַנטוואָרטלעכער אַרבעט אין אַזאַ ביטערער צייט ווי יעצט, און דערמעגלעכן אונז צו לינדערן די נויט פון פיל אונזערע-אייערע ברידער און שוועסטער אין דראָהיטשין.

מיר דאַנקען אונזער חשובער טוערין אין שיקאַגאָ, פרוי מלכה וואַרשאַווסקי און אַלע אירע מיטהעלפער פאַר זייער מי.

דער עוויגער זאָל געבן דאָס די צייט זאָל ווערן בעסער און מיר זאָלן קענען העלפן די נויטבאַדערפטיקע.

פּרעזעס: יוסף דוד שו"ב; קאַסיר: דוד וואַרשאַווסקי; סעקרעטאַר: אַלטער קאַרעליץ.

**

דאָ פאָלגט אַ צושריפט פון באַוואוסטן כאַלאַזשינער רבי'ן ר' אליהו מרדכי לעווינאָוויץ. ——— [רעדאַק.]

איך בענטש די אַלע וואָס נעמען איין אַנטייל אין העלפן דער הייליקסטער חברה פון אונזער שטאָט „בקור חולים". ביי מיר שטייט אויך איין פושקע וואָס איך זאַמל געלט פאַרן בקור חולים. זעט יידן למעה"ש ניט לאָזן חס ושלום אומפאַלן אַזאַ הייליקן בנין וואָרום אויב דער בקור חולים וועט זיך האַלטן נאָר אויף די היגע גראָשנס אַליין מוז ער אומפאַלן. נעמט אייך מיין ברכה וואָס עס גייט אַרויס פון איין אַנגעווייטיקטע האַרץ פון יידישע בקשות און צרות, איר זאָלט ניט וויסן פון קיינע קראַנקייט.

נאום אלי' מרדכי לעווינאָוויץ.





חברה ,לינת הצדק׳

באריכט פון דער געזעלשאפט ביקור חולים-לינת הצדק אין דראהיטשין

הכנסה פאר יאהר - 1931 הוצאה

## ביקור חולים ולינת הצדק אין די לעצטע יאָרן

צו אַלע דראָהיטשינער לאַנדסלייט אין אַמעריקע:

שוין ניין יאָר ווי עס עקזיסטירט ביי אונדז אין שטאָט אַ וווילטעטיקע אינסטיטוציע „ביקור חולים ולינת הצדק", וואָס האָט זיך געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע צו לינדערן ממשותדיק די נויט פון די אָרעמע קראַנקע. אין משך פון איר עקזיסטענץ האָט די אינסטיטוציע דערוואָרבן פּאָפּולאַריטעט אין שטאָט סיי ביי די אָרעמע קראַנקע און סיי ביי די מיטגלידער און סימפּאַטיקער פון דער חברה, און אַזוי אַרום איז זי ביים היינטיקן טאָג די שענסטע און וויכטיקסטע אינסטיטוציע ביי אונדז אין שטאָט.

שטיל און באַשיידן אַרבעטן די טוער, וועלכע שטעלן זיך ניט אָפּ פאַר קיינע שוועריקייטן כדי צו ברייננגען וואָס מער נוצן דער אָרעמער באַפעלקערונג פון שטאָט. די אינסטיטוציע האָט שוין הינטער זיך אַ רייכע פאַרגאַנגענהייט פון אַרבעט און הילף, און ס'איז פאַרשטענדלעך פאַר יעדן איינעם, ווי אַזוי אַ ידישע הילפס־אינסטיטוציע האָט זיך געדאַרפט ראַנגלען פאַר איר קיום אין אַזעלכע שטורמישע קריזיס־יאָרן ביז זי האָט געקראָגן אַזאַ סימפּאַטיע אין דער שטאָט.

מיט גרויס מי און מסירת נפש אַרבעט די פאַרוואַלטונג און שטייט אויף דער וואַך צו שיקן הילף דאָ ווו מ'נויטיקט זיך אין איר. און מיר קענען זיך טאַקע באַרימען מיט אונדזער אַרבעט. ניט איין מענטש איז דורך אונדזער הילף גערעטעט געוואָרן פון טויט.

שווער, זייער שווער איז יעצט געוואָרן די עקאָנאָמישע לאַגע ביי אונדז אין שטאָט. ביי פיל פון אונדזערע מיטגלידער וואָס האָבן אונדז געטראָגן אַנטקעגן זייערע נדבות, איז יעצט קיין ברויט אין שטוב ניטאָ און פון נותנים זיינען געוואָרן מקבלים, און ס'איז קיין וווּנדער ניט וואָס אין אַזאַ טרויעריקער צייט איז ביי אונדז אין אַ קורצער צייט די קאַסע געוואָרן ליידיק. די הכנסה ווערט קלענער מיט יעדן חודש און די

הוצאה איז געוואָרן פֿיל מאָל גרעסער ווי פֿריער, און מיר קענען זיך קיין עצה ניט געבן מיט די קליינע גראָשן־נדבות וואָס מיר זאַמלען דאָ אין דראָהיטשין.

מיר האָבן דעריבער באַשלאָסן צו אַפּעלירן צו אייך, דראָהיטשינער לאַנדסלייט אין אַמעריקע, איר זאָלט אונדז זען באַהילפֿיק זיין צו טראָגן אויף זיך די לאַסט פֿון די פֿילע אָרעמע קראַנקע, און דערמיט געבן מוט די טוער אין זייער שווערער אַרבעט. איר, שוועסטער און ברידער, זענט דאָך דאָ אין אַמעריקע דריי מאָל מער קיין ע״ה ווי מיר אין דראָהיטשין, און מיט געמיינזאַמע כוחות וועלן מיר קענען רעטן פֿיל ליידנדע. אונדזער אינסטיטוציע העלפֿט די אומגליקלעכע אין זייער שווערן גוראַנגל, אָפּראַטעווענדיק זיי אין פֿאַל פֿון קראַנקהייט און נויט. אין דערפֿילנדיק די ביטע פֿון אַזאַ אומגליקלעך־געוואָרענעם אָרימאַן, וועלכער קומט אַ פּאַרוויינטער נאָך זיין אונטערשטיצונג, אָנוואַרפֿנדיק אַ שרעק אויף אַלעמען, פֿילט מען ווי עס גייט אַראָפּ אַ שטיין פֿון האַרצן.

מיר דערמאָנען עס אייך, ליבע שוועסטער און ברידער, צוליב די אָנקומענדע יום־טובים ווען יעדער איינער פֿון אייך דערמאָנט זיך אָן זיין אַלטער היים, אָן זיינע נאָענטע, וועלכע ער האָט דאָרט געלאָזן. דערום אַפּעלירן מיר צו אייך יעצט, איר זאָלט זען דאָס אונזער הייליקע אינסטיטוציע זאָל האָבן די מעגלעכקייט צו עקזיסטירן און ראַטעווען מענטשן..

שיקט צו אייערע נדבות פֿאַרן „בקור חולים ולינת הצדק" צו „אגודת אחים אנשי דראָהיטשין", אין ניו יאָרק, אָדער „דראָהיטשינער הילפֿס־פֿאַריין" אין שיקאַגע אָדער דירעקט „לינת־הצדק" דראָהיטשין פּאָל.




מיר ווינטשן אַלע לאַנדסלייט מיט זייערע פֿאַמיליעס וואו זיי זיינען אַ גוט יאָר.

די פֿאַרוואַלטונג: — פּרעזעס: יוסף דוד שו״ב; קאַסירער: ד. וואַרשאַווסקי.

נאָך פּרטים וועגן לינת־הצדק זען זייטן 42 און 50 — [רעד.]

## פֿאָלקס־באַנק

**שפּאָר־און לייַ־קאַסע אָדער קאָאָפּעראַטיווע געגרינדעט אין דראָהיטשין אין יאָר 1911**



זיצן פֿון לינקס: אשר סידעראָוו, משה פּרעגער (שוחט), זכריה שמיד, ליפּמאַן פעלדמאַן, משה גינגאָלד און פּיניע בודער. שטייען פֿון רעכטס צו לינקס אברהם קראַוועץ, יונה גאָלדבערג, ירמיה גראָסמאַן, פייגל עפּשטיין, שעפּסל וואַרשאַווסקי, משה האַכמאַן און יעקב בייך. —— וועגן פּרטים פון באַנק זען זייט 50.

# גמילות־חסדים

לאה״ס גמילות־חסדים אין דראָהיטשין געשאַפן תרפ״ז, 1927. אהרן אליה זיסוק האָט געגעבן 500 דאָלאַר. פישל פון ניו־יאָרק האָט געלאָזן אין זיין צוואה 1000 דאָלאַר. בסך הכל געזאַמלט 3000 דאָלאַר פאַרן גמילות־חסדים אין דראָהיטשין.

23טן פעברואַר, 1928

אונזער איבערגעגעבענעם מיטן גאַנצן האַרצן, בעסטן גוטן פריינד ה׳ ישראל ברוך אייזענשטיין אין שיקאַגאָ!
שלום ורב טוב לו ולכל ב״ב יחיו!

**„ואהבי עשיר רבים [1] ואח לצרה יולד״.[2] ס׳איז זייער אַ גרויסער אונטערשייד צווישן דעם רייכן גוטן פריינד, אַנטקעגן דעם גוטן פריינד, וועלכער העלפט דעם אָרעמען נידערגעשלאָגענעם מענטשן. אָט דעם מענטשן, וועלכער קומט צו הילף דעם געדריקטען, האָט טאַקע שלמה המלך געקרוינט מיט דעם נאָמען, וועלכער ס׳פּאַסט פאַר אים, מיטן נאָמען „אח״, ברודער.**

**מיר, וועלכע זיינען לעבעדיקע עדות פון אייער אַרבעט אין דער צייט פון דער מלחמה און נאָך דער מלחמה פאַר דער זייער אָרעמער יידישער באַפעלקערונג פון אייער געבורטס־שטאָט, און לעצטנס די גרעסטע און בעסטע טאַט, ווי די גרינדונג פון דער פּאָפּולערער אינסטיטוציע „גמילת־חסד״, וועלכע העלפט צו דער עקזיסטענץ פון איבער 300 אָרעמע געדריקטע פאַמיליעס, אין אייער אַלטער היים — קענען דען מיר אַנדערש אייך רופן, ווי דעם אונדז אָנגעוויזענעם דורך שלמה המלך מיטן נאָמען א״ח, ברודער? און ווען אפילו מיר קרוינען אייך מיט דעם נאָמען ברודער, איז דאָס, דעם אמת געזאָגט, נאָר אַ מקצת שבח, וואָרום, וועלכער, זאָגאָר אַ גוטער ברודער, איז אַזוי איבערגעגעבן צו קומען צו הילף זיינעם אַן אָרעמען ברודער, ווי איר, אונזער שטאָט־ברודער? וואָס פאַר אַן אויסזען וואָלט אונדזער שטאָט געהאַט, ווען ניט אייער אַן אויפהערלעכע אַרבעט? דאַנקען אייך פאַר אייער אַרבעט, רעכענען מיר פאַר איבעריק, וואָרום ניט אַזעלכע עסקנים בצרכי צבור באמונה, פאַרלאַנגען פון מענטשן אַ דאַנק. אויף אייך האָבן שוין די חז״ל געזאָגט: „המלוה לעני בשעת דוחקו, עליו נאמר אז תקרא וה׳ יענה״, און „הקב״ה ישלם שכרם״.**

**מיר גריסן הערצלעך אייער פאָטער און ברודער ה׳ אליהו אייזענשטיין. באַזונדער בעטן מיר, איבערגעבן אַ גרוס להרב ר׳ י. דוד גאָלדמאַן. השי״ת זאָל אייך געבן געזונט, און פרנסה.**

[1] משלי י״ד, כ׳. [2] משלי י״ז, י״ז. 2 פסוקים צונויפגעמישט.

יושב ראש: אייזיק יעקב קאַלענקאָוויטש (מרא דאתרא). מיטגלידער: זלמן קאַפּלאַן, זוסיע וואַרשאַווסקי, משה שמואל וואַרשאַווסקי, משה פרעגער־שו״ב, דוד וואַרשאַווסקי און ש. וואָלעוועלסקי — סעקרעטאַר.

ר׳ ישראל ברוך אייזענשטיין גיט צו, אַז מלכה וואַרשאַווסקי האָט פיל געהאָלפן דעם „גמילות־חסדים״ אין דראָהיטשין.

**זען באַריכט פון גמילות־חסדים אויף זייט 50 און 51.**

## איינלאַדונג אויף אַ גמילות־חסדים זיצונג אין 1939

גמילות־חסדים־קאַסע אין דראָהיטשין

**דערמיט האָבן מיר דעם כבוד איינלאַדן אייך אויף דער יערלעכער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון דער ג״ח קאַסע אין דראָהיטשין־פּאָל., וועלכע וועט פאַרקומען זונטיק דעם 6טן אויגוסט 1939 יאָר אין לאָקאַל פון שולע „מוריה״ 3 אַזייגער נ. מ. מיט פאָלגענדן טאָג־אָרדענונג:**

1. **ערעפענונג.**
2. **וואַלן פון אַ פּרעזידיום.**
3. **איבערלייענען דעם פּראָטאָקאָל פון דער פאַריגער יערלעכער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג.**
4. **באַריכט פון דער קאַסע און פון דער טעטיקייט פון דער ג״ח קאַסע פאַרן יאָר 1938־39.**
5. **באַשטימען אויפן לויפנדן יאָר דעם בודזשעט פּרעלימינאַר.**
6. **באַשטימען פון אַ נייער פאַרוואַלטונג און רעוויזיאָנס קאָמיסיע.**
7. **פרייע פאַרשלאָגן.**

מיט אַכטונג
**די פאַרוואַלטונג**

# "צענטאָס" ביי דער אַרבעט

**טעטיקייט־באַריכט אין ציפערן פאַרן יאָר 1936**

## הכנסה:

| | |
|---|---|
| מיטגליד (מעמבער) אָפּצאָל | 263.88זל. |
| אַמעריקאַנער נדבות | 241.50 |
| קאַלענדאַרן פאַרקויף | 98.70 |
| זומער קאָלאָניעס | 179.00 |
| סובווענצן פון צענטראַלע „צענטאָס" אין פינסק | 747.50 |
| סובווענצן פון גמינע דראָהיטשין | 150.00 |
| סובווענצן פון סטאַראָסטווא, דראָהיטשין | 100.00 |
| נדבות פאַר דער קינדער קיך | 75.72 |
| פושקע פון פאָלקס באַנק | 16.31 |
| פושקע פון הורטאָווניע | 1.37 |
| קערות עיו"כ | 7.08 |
| סאַלדא צום 1טן יאַנואַר, 1936 | 41.69 |
| ס"ה | 1922.75זל. |

בערך 366 דאָלאַר

## הוצאה:

| | |
|---|---|
| באַקליידונג פאַר 44 קינדער | 352.55זל. |
| פאַך בילדונג פאַר אַ יתומה ביי אַ שניידערין | 52.95 |
| אין פאַך שולע אין פינסק פאַר אַ יתומה | 260.00 |
| שכר לימוד אין שולע „מוריה" | 260.00 |
| שכר לימוד אין תלמוד תורה | 36.00 |
| שכר לימוד, פריוואַט | 33.00 |
| לערן ביכלעך און אַנדערע מכשירים | 17.30 |
| דערנערונג | 88.97 |
| אַדמיניסטראַציע קאָסטן | 69.21 |
| באַצאָלט פאַר קאַלענדאַרן | 52.00 |
| פאַר מעדיצינישע הילף | 10.00 |
| פאַר זומער קאָלאָניעס באַצאָלט | 257.10 |
| געלט שטיצע | 25.50 |
| דערנערונג קאַניקול צייט, ברויט מיט מילך | 99.91 |
| קינדער קיך פאַר 2 חדשים | 267.28 |
| פאַרשידענע הוצאות | 14.40 |
| סאַלדא צום 1טן יאַנואַר, 1937 | 26.58 |
| ס"ה | 1922.75זל. |



קינדער עסן אין דרויסן פון דער „צענטאָס"־קיך.



צענטאָס־קאָמיטעט. זיצן פון לינקס צו רעכטס: אלתר קאַרעליץ, ברײנדל שמיד, יצחק גאָלדמאַן, אסתר יהודית גראַטש, גדליה גראָסמאַן, פראַדל עפשטײן, חנה מילנער, ראָדיע ראָזענבערג, שטײען פון לינקס: אָדעל אײזענשטײן־בודער, רישע עפשטײן־פעלדמאַן, רחל גאָלדמאַן, יענטע וואַלעװעלסקי, רײזל שושאַנאָוו, צאָטקע וואַלעװעלסקי־סליעפּ, רחל קאָברינסקי און שרה פרידענבערג.



גדע בחרי אף כל
קרן ישראל ויבער
ביעקב כאש להבר
אכלה סביב, ויהרג
כל מחמדי עין
באהל בת ציון

שפך כאש חמתו.
הורידי כנחל דמ־
עה יומם ולילה
אל תתני פוגת לך
אל תדום בת
עיניך. איכה ב׳.

# זעקסטער טייל




געלער „מגן־דוד״, וואָס די דייטשן, ימ״ש, האָבן
געצוואונגען די יידן צו טראָגן אויף די בגדים

# חורבן און אומקום

# יזכור

מיט גרויס צער און צאָרן הויבן מיר אָן צו זאָגן יזכור נאָך אונדזערע משפּחות און נאָך אַלע קדושים (בערך 7־8 מיליאָן), וועלכע זיינען אַזוי אכזריות'דיק דער'הרג'עט געוואָרן דורך די דייטשישע מערדער, ימ"ש!

אייגנטלעך, איז אַלעס, וואָס עס איז געשריבן געוואָרן ביז דאַנען, — אַ יזכור! כמעט 90 פּראָצענט פון די אַלע בילדער, וואָס זיינען דאָ געדרוקט געוואָרן אין בוך ביז דאַנען; און ספּעציעל, וואו עס שטייט ה׳ י״ד (השם ינקם דמו, דמה אָדער דמם), זיינען פון קדושים! דאָס גאַנצע בוך איז אַ "יזכור־ספר"! — מער נישט, וואָס דאָ אין דער ספּעציעלער אָפּטיילונג פון "חורבן און אומקום", איז קאָנצענטרירט און עס ווערט געבראַכט צום אויסדרוק באריכות די גאַנצע "מגילת־איכה", די "מגילת־אש" (און "אַש") פון אַ פאַרברענטער שטאָט מיט יידן... מיר שפּירן זייערע יסורים און הערן זייערע געוויינען; און באַזונדערס, מיר הערן זייער לעצטן — "שמע ישראל!" און רוף צו נקמה...!

ביים צונויפשטעלן און באַאַרבעטן דעם חורבן־מאַטעריאַל האָבן מיר זיך אָנגעטראָפן אויף פיל סתירות און איבער'חזרונגען. אייניקע פון זיי האָבן מיר, וואו עס האָט זיך געלאָזט, ריכטיק־געשטעלט. אָבער אין מייגסטע פאַלן האָבן מיר מיט אַ כיון געלאָזט די עדי־ראיה, די דערציילער, וואָס האָבן אַליין איבערגעלעבט דעם חורבן, צו דערציילן פריי און אָפן; מיר האָבן זיי געלאָזן אויסצודריקן זייערע פאַר־און־קעגן מיינונגען, געפילן און פאָראורטיילן אין די פיינלעכסטע ענינים, ווי עס איז למשל דער ענין "יודען־ראַט" און "געטאָ־פּאָליציי"... ווייל יעדער איינער האָט געזען זאַכן און געפילט אַנדערש ווי דער צווייטער...

מיר דאַרפן נישט פאַרגעסן, אַז די יידן אין געטאָ האָבן געהאַט צו טאָן מיט אַ ראַפינירטן רוצח, וואָס האָט גאָר נישט זיינס גלייכן אין דער גאַנצער וועלט־געשיכטע! דער דייטש האָט זיין מאָרד איבער דעם יידישן פאָלק אויסגעפּלאַנעוועט מיט טייוולאָנישער כיטרעקייט און קאַלט־בלוטיקייט! ער האָט אָנגעווענדעט די שווידערלעכסטע ליקווידאַציע־מיטלען וואָס קען נאָר געבן. ער האָט גענוצט צינישע און כיטרע שטיק, און ווען נויטיק — אפילו אַ שמייכל, אויף צו פאַרנאַרן זיינע קרבנות צום אומשלאַג־פּלאַץ. ביז דעם אומקום, זיינען יידן דורכגעגאַנגען "שבעה מדורי גיהנום", אַזוי, אַז מען האָט פּשוט געבעטן אויף זיך דעם טויט.

דער דייטשער מאָרד־סיסטעם איז געווען צו מאַכן הערשן איין ייד איבערן צווייטן. ער האָט געוואָלט, אַז די יידן אין די אָפּגעשלאָסענע געטאָס זאָלן זיך רייסן און בייסן און פאַרטיליקן איינע די אַנדערע. האָבן יידן געהאַט אויסצושטיין גרויסע נסיונות. און פיל זיינען טאַקע דורכגעפאַלן. האָט מען זיך, ווי טרינקענדע אין ים, אָנגעכאַפּט אָן יענעמס האַנט אָדער האַלז און געשלעפּט אים צום אָפּגרונד...

און צום סוף, אַז דער דייטש האָט שוין געהאַט דערגרייכט זיין ציל: זיינע קרבנות זיינען געלעגן פאַרפייניקטע; זייער צלם־אלקים צעטראָטן מיטן דייטשישן שטיוול; אויסגעזויגן פון זיי דעם קליאַק פון די ביינער דורך עבודת־פּרך, הונגער און קעלט, אַזוי, אַז ס'איז שוין נישט געווען פאַרבליבן אין זיי קיין שום ווידערשטאַנד און ווילן צו לעבן, — האָט דער דייטשישער תלין דאַן אַ ל ע מ ע ן ליקווידירט... איינס איז קלאָר, אַ גאָר ערלעכער ייד האָט נישט געקענט בלייבן לעבן...

געוויס, דער דייטשישער תלין האָט זיינע מאָרדן אָממיינסטן אויסגעפירט מיט פרעמדע הענט. ער האָט געהאַט זיינע געטרייע מיט־מערדער צווישן די נאַציאָנאַליסטישע אוקראַינער, ווייס־רוסן, פּאָליאַקן, אונגאַרן, ליטווינער און אַנדערע רשעים, וועלכע האָבן זיך גוט פּאָס־מאַקעוועט מיט יידיש בלוט און האָב־און־גוטס! און מיר טאָרן דאָס קיינמאָל נישט פאַרגעסן! אָבער דער הויפּט־מערדער, דער שר־הטבחים און תלין פון אונדזערע טייערע איז געווען דער דייטש! ימח שמו וזכרו!

די קדושים האָבן אונדז געלאָזן אַ צוואה: "צו נעמען נקמה אין זייערע אומברייגגער!" און דער בעסטער אופן ווי צו מקיים זיין די קדושים־צוואה איז: אייביק צו געדענקען אונדזערע מאַרטירער! און אייביק צו געדענקען די תלינים! קיין שום מגע־ומשא מיט די דייטשן! יזכור!

דוב וואַרשאַווסקי

# ווי קען איך פאַרגעסן מיינע ברידער און שוועסטער

צי קען איך פאַרגעסן מיינע ברידער אין פּוילן,
וואָס וואָגלען פֿאַרשמאַכטע אין שרעקן פאַרהוילן,
דעם אַנגסט פון די ברידער וואָס זיינען פאַרבליבן,
דעם שווידער פון די, וועלכע ווערן פאַרטריבן?
צי קען איך פאַרגעסן די יידישע קינדער,
וואָס האָבן זייער קינדהייט פאַרלאָרן;
די יידישע יוגנט, וואָס קרעכצט איינגעבויגן,
מיט אייביקן פּיין אין די יאָרן?
ווער וועט זיי אין שנייען, אין פראָסטן דערוואַרעמען
און אויף זייער בראָך און פאַרצווייפלונג דערבאַרעמען?
קיין ברויט ניט צו עסן, קיין וואַסער צו טרינקען,
כאַטש קריך אין די זומפּן זיך דאָרטן פאַרזינקען.
זיי ווערן געקלאַמערט פון ווילדע יסורים,
זיי זיינען ווי שיפלעך געוואָרפן פון שטורעם,
זיי זיינען ווי פייגלען פון שפּאַרבערס צעפּרעסן,—
ווי קען איך מיינע ברידער אין פּוילן פאַרגעסן?

איך טראַכט פון די יידישע שטעטלעך, וואָס קוקן
מיט אויגן פאַרוויינטע, געבויגענעם רוקן,
די שטיבלעך שטייען צעשראָקן-געטוליעט,
די שולן נאָר ווי אין חלומות פאַרליוליעט,
ווער וועט זיך דערבאַרעמען אויף זיי פונדערווייטן?
געוויס וועלן קומען נאָך ליכטיקע צייטן.

דער רב ביים ארון-קודש אין ווייטאָג, אין שטומען,
געוויס וועט, געוויס וועט משיח נאָך קומען.
ס'וועט היטלער פאַרשווינדן מיט האָקן-קרייץ-פאָנען,
מען וועט נאָר מיט קללות זיין נאָמען דערמאָנען,
ווערן גלות'דיקע יידן אין פרינצן פאַרהוילן,
דאָך באַלד — און די שונאים מיט גיפטיקע קוילן—
ווי קען איך פאַרגעסן מיינע ברידער אין פּוילן?

איך טראַכט איצט פון פּוילן אין היטלערס מדינה,
און ס'האַרץ ווערט צעברויזט מיט אַ בריענדער שנאה,
פאַרוואָס האָסטו, גאָט, זי פאַרשאָלטן אין לעבן?
מיינע ברידער אַן איכה אַ נייע געגעבן?
פליט דורך פאַר מיין בליק מיין דראָהיטשין, איז ווערן
די אויגן ביי מיר פול מיט ביטערע טרערן,
אין דראָהיטשין און אַנדערע פּוילישע שטעטלעך, דער
קנוט פייפט אויף פלייצעס פון שוועסטער און ברידער,
און יעטווידער אכזר זינגט האָרסט-וועסעל לידער.
איך הער זייער תפילה, דער טויט זאָל שוין קומען,
און זיי כאָטש באַפרייען פון שאַנד און פון קנעכטשאַפט,
און זיי כאָטש פאַרשיטן אין קבר, אין שטומען —
איז ווי קען איך איצטער דורך טרערן און גרוילן
פאַרגעסן מיינע ברידער און שוועסטער אין פּוילן?

יואל סלאָנים, 1941. ז.ז. 57, 173

הרב דוב וואַרשאַווסקי *

# ר׳ הלל צייטלין הי״ד

ר׳ הלל צייטלינ׳ען האָבן אַלע כאַראַקטעריזירט אַלס אַ מיסטיקער. געוויס איז צייטלין געווען אַ מיסטיקער. אָבער דאָס האָט אים נישט געשטערט צו זיין אויך דער פאַרנונפט־מענטש. צייטלין איז געווען אַ טיפער דענקער און קעמפער;



הקדוש ר׳ הלל צייטלין, הי״ד! (לינקס) און יבדל לחיים הרב יהושע שפעטמאַן פון לאָנדאָן, אַ ידיד און שטאַרקער פאַרערער פון ר׳ הלל׳ן און זיין משפחה מכמה יאָרן, 1937 אין וואַרשע. זען זייטן 137 און 138

אַ וויזיאָנער און בונטאַר; קאָנסערוואַטיוו און רעוואָלוציאָנער; בויער און צעשטערער; און ועל כולם — אַן אָפּענהאַרציקער, אויפריכטיקער און ערלעכער ייד.

ר׳ הלל צייטלין איז פאַר פיל געווען אַ רעטעניש. ער האָט געלויכטן ווי אַ שטערן אין אַ פינסטערער נאַכט, אָבער נישט אַלע האָבן געקענט, אָדער, געוואָלט, זיך געבן די מי צו ווענדן צו אים די אויגן, כדי צו קענען געניסן פון זיין ליכט...

ר׳ הלל צייטלין איז געווען אַן אמת־זוכער און מאָנער פון גערעכטיקייט. און געזוכט האָט ער דעם אמת און געמאָנט גערעכטיקייט נישט נאָר ביי יענעם נאָר אויך ביי זיך. צייטלין האָט געבויט בנינים און זיי צעשטערט. ער האָט געבויט אָרגאַניזאַציעס און גרופּעס („בני לוי״, „בני יבנה״, „בני היכלא״, „300 יחידים״, „כל ישראל״ א.א.), אָבער אַזוי גיך ווי צייטלין האָט דערפילט, אַז זיינע מיטאַרבעטער זיינען אויסן צו שלאָגן אייגן קאַפּיטאַל, דינען אייגענע אינטערעסן, האָט ער מיט איין שטריך פון זיין פעדער צעוואָרפן זיינע אייגענע בנינים...

ר׳ הלל צייטלין איז געווען אַ יושב־אוהל. ער איז אין ערגעץ נישט געגאַנגען. דערפאַר אָבער איז מען געקומען צו אים אין שטוב. די טיר פון זיין הויז האָט זיך קיינמאָל ניט צוגעמאַכט. ווער איז צו צייטלינ׳ען נישט געקומען? — וואו נאָר אַן אָנגעווייטאָגטע פראַגע, אַן עצה, אַן ענין פון הילף — איז מען געקומען צו הלל צייטלינ׳ען. אַ מחלוקת־הרבנים אין אַ שטעטל; אַ סכסוך וועגן שחיטה; חלוצים, ביי וועמען מ׳האָט צוגענומען די סערטיפיקאַטן; און סתם פאַרביטערטע נפשות. צו וועמען ווענדט מען זיך נאָך הילף אויב נישט צו צייטלינ׳ען? היינט סתם אַזוי באַזוכער: אַ פּראָווינצער רב, אַ ישיבה־בחור, שרייבער, דיכטער... אַלע זיינען געקומען צו באַקענען זיך מיט ר׳ הלל צייטלין און שמועסן מיט אים אַ פּאָר ווערטער. צייטלינ׳ס הויז אויף שליסקע 60 איז געווען אַ בית־ועד לחכמים. ר׳ הלל איז געווען, בלי ספק, דער גייסטיקער מדריך און רבי פון יידנטום און ספּעציעל פון די יידן פון פוילן, וואו ער האָט אין משך פון אַ סך יאָר געלעבט און געווירקט. צייטלין איז אפשר געווען דער אָממיינסטן געלייענטער שרייבער, וועמענס וואָרט איז אַריינגעדרונגען אין אַלע יידישע שטעט און שטעטלעך פון פוילן.

פיל האָבן צייטלינ׳ען געהאַלטן פאַר אַ בעל־תשובה. אָבער אויף צייטלינ׳ען קען מען נישט זאָגן: „ער איז געוואָרן אַ בעל־תשובה״. ר׳ הלל צייטלין איז זיין גאַנץ לעבן געווען אַ „בעל־תשובה״. ער איז ניט געווען פון די „בעלי־תשובה״, וועלכע דרייען אויס פלוצלונג דעם פעלץ און ווערן „פרום״ לפנים, ווען עס לוינט זיי צום געשעפט... ר׳ הלל איז זיין גאַנץ לעבן געווען אַ בעל־תשובה, אַ „מפשפש במעשים״... ער האָט זיך קיינמאָל נישט געשיידט מיט׳ן ספר. ער איז געווען אַ שטרייננג אָפּגעהיטענער ייד, אַ ירא־שמים, נישט נאָר לפנים, נאָר בעיקר אינערלעך, ביי זיך אין די ד׳ אמות. אַ חוץ אַלע מצוות מעשיות האָט ער אויך אָפּגעהיט דעם „לא תשקרו״, „לא תעשק״, „לא תונה״, „לא תטה״ און אַנדערע לאו׳ן, וועלכע ווערן, ליידער, פון פיל פרומע יידן נישט אָפּגעהיט... און אַז איך פלעג אַריינקומען צו ר׳ הלל צייטלינ׳ען אין שטוב (אויף שליסקע 60), אין דער פרי צי אין אַ פאַרנאַכט, פלעג איך שוין אויפ׳ן שוועל הערן, ווי ר׳ הלל ציילט די ווערטער פון דער שמונה עשרה, און איז מדקדק אויף יעדן אות, ווי אַ סופר ביים שרייבן אַ ספר־תורה. ניט איינמאָל פלעגט טרעפן, אַז ר׳ הלל, נאָך אין טלית און תפלין, שטאַרק פאַרטיפט אין רעיונות, איז צוגעגאַנגען צו זיין גרויסער ביבליאָטעק, אַרויסגענומען אַ ספר און ער האָט אַזוי געקענט אָפּשטיין און אַריינקוקען ביז האַלבן טאָג. ר׳ הלל האָט „לא פסק פומיה מגירסא״ ביז צום סוף. ער האָט געמאַכט כמה וכמה הדרנ׳ס אויף ש״ס, און פון די יינגסטע יאָרן אָן איז

* דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות האָט געהאַט די זכיה צו געפינען זיך אין דער סביבה פון ר׳ הלל צייטלינען און זיין פאַמיליע אין משך פון אַ צענדליק יאָרן. ר׳ הלל איז אויך געווען דער שליח, וואָס האָט דעם שרייבער אינדירעקט געראַטעוועט פון דייטשישן גיהנום. אַלס צייכן פון טיפער הכרה און פאַרערונג צו׳ם גרויסן יידן, ר׳ הלל און זיין פאַמיליע, גיב איך דאָ אויסצוגן פון מיין אַרטיקל, — געווען געדרוקט אין שלמה גאָלדענבערג׳ס ״אונזער וואָרט״, 1943, אין לאָנדאָן, ענגלאַנד.

ער געווען אַ טיפער קענער פון קבלה. דעם זוהר האָט ער קיינמאָל נישט אַרויסגעלאָזט פון האַנט.

יאָ, ר׳ הלל צייטלין איז געווען אַזאַ טיפּ בעל־תשובה, וואָס ס׳איז ביים היינטיקן טאָג זעלטן צו געפינען. ר׳ הלל האָט נישט געמאַכט קיין געשעפט מיט זיין פרומקייט. עס האָבן אויף אים געלויערט די „אגודה”, דער „מזרחי” און אַנדערע רעליגיעזע פּאַרטייען, וועלכע האָבן זיך באַמיט אים אַריינצונעמען אין זייערע רייען, אָבער ר׳ הלל האָט די אַלע פרואוון אָפּגעוואָרפן.

ר׳ הלל איז געווען איבער־אומפּאַרטייאיש. ער האָט זייער נישט ליב געהאַט דאָס שאַכער־מאַכער און פּאָליטישע מאַכינאַציעס פון די פּאַרטייען און באַקעמפט זייער אָפּאָרטוניזם...

הגם ר׳ הלל צייטלין, ווי געזאָגט, איז געווען אַ מיסטיקער, האָט מיט זיין מוח געשוועבט אין די עולמות העליונים, איז ער דאָך מיט זיינע פיס געשטאַנען פעסט אויפ׳ן באָדן. זיין אויג האָט אַלץ געזען, זיין אויער איז געווען וואַך, און ער האָט אויפגעכאַפּט יעדן מינדסטן שאָרך אין יידישן לעבן.

האַלטנדיק דעם פּולס (אַלס פּובליציסט) פון דעם געזעלשאַפטלעכן יידישן לעבן, האָט ר׳ הלל רעאַגירט מיט זיין גאַנצער קראַפט אויף יעדער עוולה און אומרעכט, וואָס די שטאַרקע זיינען באַגאַנגען קעגן די שוואַכע. ער האָט זיך פאַר קיינעם נישט געבויגן און אודאי נישט געזוכט צו געפעלן ווערן אימיצן מיט שיינע רייד; ער האָט געהאַסט חניפה ווי אַ ייד האַסט טריפה...

ר׳ הלל צייטלין האָט געזאָגט וואָס ער האָט געמיינט און געמיינט וואָס ער האָט געזאָגט. ער האָט קיינעם נישט נושא פנים געווען. ער איז געשטאַנען ווי אַן אַלטער דעמב (לויט זיין הויכער פיגור, ברייטע פּלייצעס און שטאַרק צעוואַקסענע באָרד און האָר), פעסט איינגעוואָרצלט אין דער ערד, און קיין שטורעם־ווינט האָט אים נישט געקענט רירן פון אָרט; ער איז געווען ווי אַ פעלז ביים ברעג ים, וועלכן קיין שום כוואַליע (און כוואַליעס זיינען גראָד געווען אַ סך) האָט נישט געקענט פאַרשווינקען...

ר׳ הלל צייטלין האָט די לעצטע יאָרן נישט געזונגען זיינע לידער אין פּראָזע ווי אין דער יוגנט, האָט נישט געשריבן קיין „כונות ויחודים”, נאָר האָט געשריגן ווי אַ פאַרוואונדעטער לייב. זיין פעדער האָט נישט געשריבן מיט קיין טינט נאָר מיט בלוט; ער האָט געגאָסן שטיקער האַרץ אויפ׳ן פּאַפּיר.

ר׳ הלל צייטלין דער וויזיאָנער האָט געזען מיט יאָרן פריער די סכנה וואָס רוקט זיך אָן אויפ׳ן יידישן פאָלק און ער האָט זיך צעשריגן מיט זיין גאַנצער ביטערקייט: — „יידן, ראַטעוועט זיך!” „פאַרוואָס שווייגן די יידישע פירער?!” „יידן, אַנטלויפט פון אייראָפּע!”

ר׳ הלל צייטלין איז געוואָרן דער ירמיהו פון אונזער צייט. ער האָט געשלידערט דעם ביטערן אמת אין פנים פון די יידישע פּאַרטיי־פירער, וועלכע זיינען אָפּט מער אויסן אייגענע פּאַרטיי־אינטערעסן איידער די טובה פון פאָלק...

נישט קענענדיק צוקומען מיט זיין וואָרט דירעקט צו די יידישע מאַסן דורך דער צייטונג אין וועלכער ער האָט געאַרבעט (סיבות האָבן נישט געפעלט) האָט צייטלין אַליין געשריבן און אַרויסגעגעבן צייטשריפטן, בראָשורן, קונטרסים און ספרים („דבר לעמים”, „דממה וקול”, „ספרן של יחידים”, „די תיבה”, „מיין וואָרט”, „וואָס דאַרף ישראל טאָן אין היינטיקע צייטן פון חבלי משיח?”, „די רייד פון ישעיהו בן אמוץ, וואָס ער האָט אַמאָל געזאָגט און וואָס ער וואָלט היינט געזאָגט”, „אלף” א.א.), אין וועלכע ער האָט געשטורעמט און געוועקט דאָס פאָלק פון זיין אַפּאַטיע. צייטלין האָט אויך צו דעם צוועק גערופן פאַרזאַמלונגען, אויף וועלכע ער האָט געלאָזט הערן זיין שטימע פון וואָרנונג.

נאָך שטייט פאַר מיינע אויגן דאָס בילד. ר׳ הלל האָט געזאָלט אַרויסטרעטן אויף אַ גרויסער פאָלקס־פאַרזאַמלונג, וועלכע עס האָט פאַררופן זיין גרופּע פאַרערער יחידים א.נ. „כל ישראל” אויף זאַמענהאָף גאַס אין 1937. [דער שרייבער פון די שורות איז געווען איינער פון די אָרגאַניזאַטאָרן און פון די רעדנער אויף דער פאַרזאַמלונג.] ר׳ הלל איז געווען אַזוי איבערגענומען מיט דער לאַגע, אַז ער האָט מער נישט קיין כוח געהאַט ווי אויסצושרייען: „יידן, ראַטעוועט זיך!” און איז צוריקגעפאַלן אויף זיין שטול אין אָנמאַכט...

ר׳ הלל איז געגאַנגען זיין אייגענעם וועג; טאַקע אַ שווערן, אַ האַרטן, אָבער ער איז אים געגאַנגען אַליין, מוטיק און האָפערדיק. ער האָט דעם וועג דורכגעמאַכט ביז צום סוף צוזאַמען מיט אַלע זיינע ברידער יידן; אַ וועג פון קידוש־השם און פון גבורה; אַ וועג פון קדושה און פון אייביקייט. ר׳ הלל האָט געוויס געהאַט די ברירה און די מעגלעכקייט אַוועקצוגיין, צו ראַטעווען זיך, ער איז אָבער געבליבן; ווי ירמיהו הנביא וואָס האָט געשטראָפט, גע׳מוסר׳ט און געבייזערט זיך אויף זיין פאָלק, אָבער ווען דאָס זעלבע פאָלק איז געגאַנגען אין גלות האָט ער געהאָלפן מיטשלעפּן דעם שווערן גלות־יאָך.

ר׳ הלל צייטלין האָט געשריגן: „יידן, ראַטעוועט זיך!” און אַליין איז ער געבליבן, ווייל דאָס איז געווען צייטלין. אַ מענטש ווי ר׳ הלל אַנטלויפט ניט פון זיין פּאָזיציע. ער האָט געזען און געפילט די אָנקומענדיקע סכנה. ער האָט געוואָרנט זיינע ברידער. זיי האָבן אָבער נישט געהערט. און צייטלין איז געגאַנגען דעם זעלבן וועג וואָס זיינע ברידער אַמאָל און היינט: דעם וועג פון מאַרטירערטום, פון קידוש־השם...

ר׳ הלל צייטלין איז אומגעקומען דורך די דייטשישע רוצחים אויף דעם אומשלאַג־פּלאַץ אין וואַרשעווער געטאָ אויפ׳ן וועג קיין טרעבלינקע — ערב ראש־השנה, תש״ג, 1942. הי״ד!

ר׳ הלל, דערציילט מען, איז געגאַנגען דעם לעצטן קידוש־השם־וועג אין טלית און תפלין און מיט אַ זוהר אונטערן אָרעם... און אַזוי איז ער אַוועק אין דער אייביקייט...

ר׳ הלל׳ס פרוי, אסתר, איז אומגעקומען אין אַ פריערדיקער אויסזידלונג־אַקציע. הי״ד!

די צייטלינ׳ס האָבן געהאַט צוויי זין און איין טאָכטער:

אהרן צייטלין, באַרימטער דיכטער, שריפטשטעלער און דראַמאַטורג, איז פעברואַר 1939 געקומען מיט אַ וויזיט קיין ניו־יאָרק (צוליב דער אויפפירונג פון זיינער אַ פּיעסע) און ער איז שוין דאָ פאַרבליבן און האָט אַזוי אַרום געראַטעוועט זיך פון די דייטשישע האָרדעס... [אהרן איז היינט פון די הויפּט־מיטאַרבעטער פון „טאָג־מאָרגען־זשורנאַל”.] אהרנ׳ס פרוי, טאַליאַ, — טויבע־לאה (פּערלמוטער) און זון צבי־דוב (הערש־בער) זיינען אומגעקומען אין טרעבלינקע 1943. הי״ד!

אלחנן צייטלין, באַוואוסטער שריפטשטעלער, זשורנאַליסט און רעדאַקטאָר פון „אונזער עקספּרעס”, איז געשטאָרבן

אין דער טיפוס־עפּידעמיע אין וואַרשעווער געטאָ, 4טן סעפּטעמבער, 1942, און געקומען צו קבורה אויף דעם גענשער בית־עולם. אלחנן'ס פרוי, רעניאַ (שוועסטער פון סיים־דעפּוטאַט קירשברוין), איז אומגעקומען. הי"ד! אלחנן'ס איינציקער זון, דוד, זייער באַגאַבט ווי אַ מאָלער, האָט זיך באַטייליקט אין וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד, שפּעטער געוואָרן אַרויסגעפירט מיט נאָך יידן אין פאַרשיידענע לאַגערן, צום סוף אין לאַגער בודזשין. 13 חדשים האָט דוד דאָרט געאַרבעט עבודת־פּרך און דריי חדשים נאָך דער דייטשישער מפּלה, ווען די רוסן זיינען אַריין, איז דוד געשטאָרבן פון גאַלאָפּ־שווינדזוכט און געקומען צו קבורה אין דאָרף גאַרטינג, דייטשלאַנד. הי"ד!

רבקה האַכערמאַן, איינציקע טאָכטער, איז געשטאָרבן דעצעמבער 1938 אין וואַרשע. רבקה'ס מאַן, נחום, אַ דאָקטאָר־פילאָזאָפיע, און זונעלע אברהמ'לע (5 יאָר אַלט), זיינען אומגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ. הי"ד!

נאָך דער מלחמה האָט אהרן צייטלין געשטעלט מצבות אויף די קברים פון זיין ברודער אלחנן (אויפן וואַרשעווער בית־עולם) און פון זיין ברודער־זון, דוד (אין דייטשלאַנד).

ר' הלל צייטלין — עסייאיסט, דיכטער און דענקער — איז געבוירן סיון תרל"א, 1871, אין חב"ד'שן שטעטל קאָרמע (מאָהילעווער גוב.) צו זיינע עלטערן ר' אהרן־אליעזר און טשערנע־ברכה. געלערנט אין ישיבות און ביים רעטשיצער רבי'ן (אייניקל פון "צמח־צדק") און געוואָרן מושפּע אין גייסט פון דער חב"ד'שער שיטה. אויסגעצייכנט זיך מיט זיין זעלטענעם זכרון און התמדה. געלערנט ש"ס, פּוסקים, ספרי חסידות, מוסר, דרוש, חקירה, קבלה, — אַלץ וואָס איז אים נאָר געקומען צום האַנט. גאָר יונג גע'שמ'ט אַלס קאָרמער עילוי און בקי בתורה. צו 16 יאָר (ווען זיין פאָטער איז געוואָרן אַ יורד), געוואָרן אַ דאָרפס מלמד און געליטן דחקות. צו יענער צייט גענומען זיך צו השכלה. אַלס אויטאָדידאַקט געלערנט זיך שפּראַכן און שטודירט וועלטלעכע ליטעראַטור. אין 1896 אָנגעהויבן שרייבן זיין פילאָזאָפיש ווערק "הטוב והרע".

נאָך זיין חתונה (1897) מיט אסתר קונין, טאָכטער פון ר' אברהם און פייגע־טריינע פון אובאַראָוויטש (האָמלער אויעזד), איז צייטלין אָנגעקומען אַלס העברעאישער לערער אין ראַטנער'ס גימנאַזיע אין האָמעל. אין 1898 דעביוטירט מיט זיין "הטוב והרע", אין המשכים, אין אחד־העם'ס "השילוח". פאַר אַ צייט פאַרנומען זיך מיט לערעריי אין ראָסלאַוול און אין קיעוו (1904). אין 1905 באַזעצט זיך אין ווילנע און געשריבן אין העברעאישן "הזמן". אין 1906 אָנגעהויבן זיך דרוקן צום ערשטן מאָל אין יידיש אין "דאָס אידישע פאָלק".

אין 1907 איז צייטלין געוואָרן אַרויסגערופן פון ש. יאַצקאַנ'ען קיין וואַרשע צו רעדאַקטירן זיין "דאָס אידישע וואָכענבלאַט", גלייכצייטיק געשריבן אין יאַצקאַנ'ס "היינט". באַרימט זיינען די "בריוועלאַך צו דער יוגנט". מיט דער גרינדונג פון "מאָמענט" (1911) געוואָרן דאָרט איינער פון די הויפּט־מיטאַרבעטער און אַזוי אָנגעגאַנגען ביז זיין אומקום, הי"ד!

# ערשטער בריוו וועגן חורבן

„פאָרווערטס", יולי 19, 1945

הרב שמעון טאַראַסאָוו פון דער „אנשי קאָברין שוהל" האָט באַקומען אַ בריוו פון זיין שוואָגער אַלטער מאַזורסקי, וועלכער געפינט זיך איצט אין סיביר. דער שוואָגער האָט דעם בריוו געקראָגן פון אברהם טשעראָמכער פון דראָהיטשין, וועלכער באַשרייבט דעם חורבן פון שטעטל.

דער בריוו לייענט זיך ווי פאָלגט:

בעסטער פריינט אַלטער מאַזורסקי! מיר זיינען אַלע 9 יידן, וואָס געפינען זיך איצט אין דראָהיטשין ג־ט צו דאַנקען געזונט. גיב ג־ט פון איך אַלעמען צו הערן.

איך ווייס ניט וואָס פריער צו שרייבן. עס איז פינצטער און ביטער אין אַלע ווינקעלאַך. קיין יידן זעט מען ניט. דער דייטש, גנב, האָט אויסגעמאָרדעט מיט אַלע אכזריותן. ווי נאָר ער איז אַריין קיין דראָהיטשין, האָט ער באַלד פון דער ערשטער התחלה אָפּגעשוירן 9 מענטשן די בערד: שכנא דעם שמש, ישראל דעם מילנער, און אַנדערע עלטערע יידן. אין דריי טעג אַרום איז אַרויס אַ גזרה אַז יעדער ייד מוז טראָגן אַ לאַטע פון הינטן און אַ לאַטע פון פאָרנט. דאָס זיינען געווען צוויי געלע גרויסע לאַטעס.

צוויי וואָכן נאָך זיין אַריינגיין, האָט ער איינגעסטראַיעט פון די אַלע יידן צוויי פאַרטייען, איין פאַרטיי האָט געהייסן „א" און די צווייטע האָט געהייסן „ב". דער „א" האָט ניט געטאָרט גיין אין דער „ב"־געטאָ, און די „ב"־געטאָ האָט ניט געטאָרט גיין צו „א". און טאָמער איז אימיצער אַריין, איז ער באַלד דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט. דער „א" האָט געהייסן אַרבעטער, און דער „ב" האָט געהייסן — ניט קיין אַרבעטער.

מ'האָט געקערט די וועלט ביז מען האָט זיך פאַרשריבן צו זיין אין פאַרטיי „א". מ'האָט געדאַרפט האָבן פּראָטעקציע. אַייער זון, שבתיל, איז געווען צופרידן וואָס ער איז אין „א". מען האָט געאַרבעט פאַרשידענע שווערע אַרבעט און אַייער שבתיל אויך. און די ניט־אַרבעטער זיינען געגאַנגען אויף שוואַרצע אַרבעט. ס'איז געווען חורבן. און דערנאָך איז אַרויס אַ גזרה אַז קיין ייד טאָר ניט גיין אויפן טראָטואַר „סידוואָק". אַלע יידן, פון קליין ביז גרויס, מוזן גיין אין גראָבן. און נאָכדעם איז אַרויס אַ גזרה אַז די „ב" געטאָ וועט מען אַרויספירן אויף אַרבעט. און אַזוי איז טאַקע געווען. שבת נחמו ביינאַכט האָבן די דייטשן אַרומגערינגלט די שטאָט, געכאַפּט 1700 מענטשן און אַוועקגעפירט זיי הינטער בערעזע און דאָרטן זיינען געווען אויסגעגראָבן גריבער און מען האָט זיי געוואָרפן לעבעדיקע אין די גריבער און מיט מיתות משונות זיי געטויטעט. איך אַליין בין אַנטלאָפן פון גרוב אַ נאַקעטער, ווייל מען האָט אַלעמען אויסגעטאָן נאַקעט. איך האָב ניט געקענט צוקוקן ווי מענטשן לעבעדיקע וואַרפן זיך אין גרוב. די דייטשן האָבן אויף מיר געשאָסן 12 מאָל און ניט געטראָפן.

עס איז פאַראַן אַ סך צו שרייבן וואָס דער מערדער האָט אָפּגעטאָן מיט די יידן, וויפיל צענדליקער יידן ער האָט צעשאָסן אין גאַס יעדן טאָג.

אַ דאָקטאָר, די דענטיסטקע, זיידל דער בעדער און אַנדערע האָבן זיך גע'סמ'ט. זייט מיר אַלע געזונט,

אברהם אַדלער, טשעראָמכער.

שמואל עפּעלבוים (ישראל) *

# חורבן דראָהיטשין

## א.

### געווען וואָרנונגען פאַרוואָס איז מען נישט אַנטלאָפן?

**זונטאָג**, 22טן יוני, 1941, האָט זיך אָנגעהויבן דער דייטש־סאָוועטישער קריג און מיטוואָך, דעם 25טן, איז דראָהיטשין שוין אָקופּירט געוואָרן דורך די דייטשן. ייִדן האָבן געוווּסט אַז נאַצי־הערשאַפֿט מיינט אומקום! זיי האָבן זיך אויך משער געווען, אַז אין פֿאַל פון אַ קריג, וועט דראָהיטשין, וואָס געפינט זיך אינגאַנצן 105 קילאָמעטער פון ברעסט־ליטאָווסק, די גרענעץ־שטאָט צווישן סאָוועט־רוסלאַנד און דייטשלאַנד וועט מעגלעך אַריבערגיין פון האַנט צו האַנט און אַרונטערפֿאַלן, כאָטש צייטווייליק, אונטער דער דייטשער ממשלה, — פונדעסטוועגן איז כמעט קיינער ניט אַנטלאָפן. מ׳האָט געוואַרט אויף דעם אומגליק... פאַרוואָס?



שמואל עפּעלבוים

איז עס מחמת מען האָט נישט געגלויבט, אַז עס וועט אויסברעכן אַ מלחמה? — ניין, מ׳איז געווען זיכער אַז די מלחמה וועט אויסברעכן אַ ליאַדע טאָג שוין זייט דער אָקופּאַציע פֿון יוגאָסלאַוויע דורך דייטשלאַנד אין אַפּריל 1941.

דראָהיטשינער ייִדן האָבן געזען פֿיל בולטע סימנים, אַז סאָוועט רוסלאַנד גרייט זיך צום קריג. די עסקנים פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי זיינען באַהערשט געוואָרן דורך אַ נערוועזער שטימונג. פֿיל פֿון זיי פֿלעגן אָפֿן זאָגן: די אַטעם־פּויזע וואָס מיר האָבן געוווּנען אַ דאַנק דעם אָפּמאַך פֿון מאָלאָטאָוו מיט ריבענטראָפּ אין 1939, דערנענטערט זיך צום סוף. ס׳האָט זיך אָנגעהייבן די מאָביליזאַציע פֿון שילער און אָנגעשטעלטע, די מיליטערישע אַרבעטן (בוי פֿון אַעראָדראָמען און שאָסייען), מ׳האָט אָנגעהייבן אַרויספֿירן אין די ווייטע געביטן פֿון סאָוועט רוסלאַנד די „ניט זיכערע עלעמענטן" (געוועזענע סוחרים און ציוניסטישע עסקנים). אויך ראַדיאָ־צוהערער פֿלעגן דערציילן וועגן די אַלאַרמירנדע ידיעות פֿון לאָנדאָן מכוח דייטשע פֿאָדערונגען און דראָאונגען אויפֿן אַדרעס פֿון ראַטנפֿאַרבאַנד. די סאָוועטישע פּרעסע פֿלעגט כמעט טעגלעך אָפּלייקענען די לאָנדאָנער ידיעות. אָבער ייִדן פֿלעגן זאָגן: „אַז מ׳זאָגט ס׳איז אַ ליגן איז אַ סימן אַז ס׳איז אמת"...

אויסער די דערמאָנטע סימנים האָבן די דראָהיטשינער ייִדן באַקומען אויך וואָרנונגען זיי זאָלן זיך אַריבערקלייבן אַביסל ווייטער אויף מזרח צו דער אַלטער פּויליש־סאָוועטישער גרענעץ. משה, דער זון פֿונם עלטסטן בוכהאַלטער אין דראָהיטשין, יונה גאָלדבערג, און אַנדערע יוגנטלעכע, וועלכע זיינען ווי ער, אַריינגעפֿאַלן אין דייטשער געפֿאַנגענשאַפֿט בעת דער דייטש־פּוילישער מלחמה אין 1939, האָבן אין זייערע בריוו צו די עלטערן געגעבן צו פֿאַרשטיין, אַז ס׳גרייט זיך עפּעס און ס׳וואָלט כדאי געווען זיך אַריבערצוקלייבן אין די אַלט־רוסישע געביטן.

ייִדן האָבן פֿאַרשטאַנען די סימנים און די רמזים, און פֿונדעסטוועגן זיך ניט גערירט פֿון אָרט. ערשט דעם 22טן יוני, ווען דער קריג האָט זיך שוין צעפֿלאַקערט, ווען די נאַציס האָבן שוין פֿאַרכאַפּט בריסק און זיך דערנענטערט צו קאָברין, האָט מען אין דראָהיטשין אָנגעהייבן רעדן וועגן אָפּטרעטן צוזאַמען מיטן סאָוועטישן מיליטער.

אַנטלאָפֿן זיינען אָבער נאָר געציילטע, נאָר די, וועלכע זיינען געשטאַנען אין באַזונדערס ענגע פֿאַרבינדונגען מיט די סאָוועטישע מאַכט־אָרגאַנען און מיט דער נ. ק. וו. ד. (פֿריער: טשעקאַ, געפּעאו). אַזוי זיינען אַנטלאָפֿן: דער לערער יחס (געבוירן אין סוויסלאָטש), דער פֿאָטאָגראַפֿיסט ישראל שוואַרץ (זון פֿון משה שוואַרץ), דער פֿאָרזיצנדער פֿונם שוסטער־אַרטעל רובינשטיין, דער דרוקער אָרליאַנסקי און אוקראַינעץ, די טאָכטער פֿון ישעיה דעם שניידער.

אויסער די דערמאָנטע האָט קיינער זיך ניט גערירט אין וועג אַריין. עזריאל פּאָמעראַנץ דער שוסטער און נאָך אייניקע האָבן זיך געווענדעט צום וואָיענקאָמאַט (וואָיעני קאָמיסאַריאַט) מיט אַ ביטע מ׳זאָל זיי צונעמען אין מיליטער און געבן די מעגלעכקייט צו קעמפֿן קעגן די דייטשע רוצחים. ליידער, איז שוין אין וואָיענקאָמאַט דאַן געווען אַ ווירוואַר; די באַאַמטע זיינען באַהערשט געווען פֿון אַ פּאַנישער שטימונג און ניט געקענט אַנטקעגנקומען דעם ווונטש פֿון דער באַפֿעלקערונג. מאָנטאָג, דעם צווייטן טאָג פֿון קריג, זיינען שוין אַלע

* פראַגמענטן פון מיין בוך „חורבן־דראָהיטשין". ז.ז. 194.





ר׳ משה דער שוחט און דבורה פרעגער און זייערע קינדער: ביילטשע, חיה און בערל. רעכטס איז נחמה און בנימין־משה (לינקס) שוב — קינדער פון ר׳ יאָסל־דוד און מאַריאַשע שוב, שוועסטער פון דבורה׳ן. אַלע זיינען אומגעקומען, הי״ד! ז.ז. 149 און 150.

סאָוועטישע ביוראָען געווען געשלאָסן. אַלע בעאַמטע זיינען אין גרויס בהלה אַנטלאָפן און די יידישע באַפעלקערונג איז געבליבן ראַטלאָז און פאַרצווייפלט.

דער בהלהדיקער צוריקמאַרש פון סאָוועטישן מיליטער, האָט אויף די דראָהיטשינער יידן געמאַכט דעם איינדרוק, אַז ס׳איז ביטאָ מיט וועמען און וווהין צו אַנטלויפן. דער דייטש, האָבן זיי געזאָגט, וועט אונדז פאַרלויפן דעם וועג און אַנקומען קיין מינסק נאָך פריער פון אונדז. קיינער האָט פריער ניט געגלויבט אַז ראַטנרוסלאַנד איז אַזוי שוואַך. מ׳האָט גערעכנט אַז אין פאַל פון אַ קריג, וועט זי שנעל צעקלאַפן דייטשלאַנד, וואָס איז שוין אויסגעמאַטערט פון אַ לאַנג־יאָריקן קריג קעגן פיל פעלקער. דער ווידערשטאַנדסלאָזער צוריקמאַרש פון סאָוועטישן מיליטער, האָט די יידן געבראַכט אין פאַרצווייפלונג.

אויב סאָוועט רוסלאַנד איז אַזוי שוואַך, האָבן זיי געטראַכט, איז דאָך מעגלעך, אַז אונטער די קלעפ פון דייטשן מיליטער זאָל פאַלן דער קאָמוניסטישער רעזשים און אין ראַטנרוסלאַנד זאָל אויפלעבן די צאַריסטישע אָרדנונג מיט איר פאַגראָמען־טראַדיציע, מיט דער טראַדיציע פון „בעי זשידאָוו — ספּאַסאַי ראָסיו״. די דייטשע מאַכט וועט דאָך געוויס אונטערשטיצן אַזאַ סאָרט „נייע רעוואָלוציע״.

אָט דער אומגלויבן אינעם ווידערשטאַנדס־כח פון סאָוועט רוסלאַנד, די מורא פאַר דער רעסטאַווראַציע פון צאַריזם און די שרעק פאַרן גורל פון אַ ביעזשעניעץ (אַ פליט) אין דער ווייטער אומבאַקאַנטער רוסלאַנד, האָבן אָפּגעהאַלטן די מערהייט דראָהיטשינער פון מיטלויפן מיט די סאָוועטן.

ב.

## דייטשן אָקופּירן דראָהיטשין, ס׳פאַלן ערשטע קרבנות

מיטוואָך, דעם 25טן יוני אינדערפרי, איז אַ דייטשישער טאַנק מיט אַ גרופּע אויספּשפּירער דורכגעפאָרן איבער דראָהיטשין און געשאָסן פון מאַשין־געווער אין אַלע זייטן. אין אָוונט האָבן די דייטשן באַהערשט דאָס שטעטל נאָך אַ פּאָר שעהדיקער איבערשיסונג (פּערעסטרעלקע) מיט אָפּטרעטנדיקע סאָוועטישע זעלנער.

יידן, וועלכע זיינען בעת דער איבערשיסונג געלעגן אויפן דיל נעבן די ציטערנדיקע ווענט, האָבן געבעטן די גאַנצע צייט, דער קאַמף זאָל דויערן וואָס לענגער און געהאָפט, אפשר וועט דאָך געלינגען אָפּצוזאָגן דעם דייטש און פאַרטרייבן זיי פון שטעטל. ווען די שיסעריי האָט אויפגעהערט און פונדרויסן האָבן זיך דערהערט דייטשע קולות: „האַנס קאָם היער!״ און דער באַקאַנטער געדרויש פון מאַרשירנדע זעלנער, האָבן יידן אָנגעהייבן צו ציטערן: דער מלאך המות איז געקומען!

יידישע קרבנות זיינען אין שטעטל געפאַלן שוין פאַרנאַכט, נאָך איידער דער דייטש האָט דאָרט באַקומען די פולע מאַכט. ר׳ יעקב ווערמוס (דער שוואָגער פון הרב אליה וועלוועל אלטוואַרג) און זיין עלטערער זון, זיינען געפאַלן מיטוואָך פאַרנאַכט ווי קרבנות פון טראַגישן טעות. אַ גרופּע אָפּטרעטנ־



פון רעכטס: חאַניע בערג, איסר זלאָטניק, אליה מייקעלס, אלעזר לעוו, אברהם דרוקער, לייזער וואַרשאַווסקי א.א. 1932

דיקע סאָוועטישע זעלנער האָבן זיי דערשאָסן אין זייער וווינונג אָנגעמענדיק, אַז זיי האָבן באַגריסט די דייטשע אויסשפּירער מיטן אויסרוף: קאָמוניסטן קאַפּוט! אין דער ווירקלעכקייט האָט באַגריסט די דייטשע טאַנקיסטן און זיי מכבד געווען מיט מילך ווערמוסעס אַ שכן, אַ פּאָליאַק מיטן נאָמען מאַליש.

באַדויערנדיק דעם טראַגישן אומקום פֿון די ווערמוסעס, האָבן דראָהיטשינער יידן זיך דאָך דערפֿרייט מיט די ידיעות וואָס סאָוועטישע זעלנער האָבן פֿאַרשפּרייט, אַז ס׳איז געלונגען אָפּצושטויסן דעם דייטש ביז ביאַלע פּאָדלאַסק (עטלעכע צענדליק קילאָמעטער נאָך בריסק), און אַז אין די נאָענטסטע שעהן וועלן ליקווידירט ווערן די רעשטלאַך פֿון די דייטשע מיליטערישע איינהייטן וואָס געפֿינען זיך אַרום שטעטל.

דער אויסגאַנג פֿון דער איבערשיסונג האָט אַלעמען זייער שטאַרק אַנטוישט. פֿיל זיינען באַהערשט געוואָרן פֿונם געפיל, אַז מיט זייער פאַרבלייבן אין שטעטל זיינען זיי באַגאַנגען אַ טראַגישן טעות. דער טרויעריקער פֿאָרגעפֿיל האָט זיך, ליידער, שנעל באַרעכטיקט.

אויף צומאָרגנס, דעם 26טן יוני, האָט מען אין דראָהיטשין, ווי אין אַלע אַנדערע אָקופּירטע שטעטלעך, אָנגעהייבן כאַפּן מענטשן אַלס זאַקלאַדניקעס. אינמיטן מאַרק האָט מען אויסגעשטעלט עטלעכע צענדליק צופעליק־געכאַפּטע יידן און געדראָט זיי צו דערשיסן אין פֿאַל ס׳וועט געשען עפּעס א מכשול מיט די אַריינמאַרשירנדיקע דייטשע זעלנער אין שטעטל. די אַריינמאַרשירנדיקע זעלנער האָבן דערווייל גרופּעס־ווייז דורכגעפירט רעוויזיעס אין די יידישע וווינונגען (דראָהיטשין איז געווען באַוווינט אויסשליסלעך חרד יידן. קריסטן האָבן געוווינט אין די פאָרשטעט: סטאַראָסיעלע און זאַריטשקע). צו צוויי און צו דריי האָבן זיי באַזוכט יידישע וווינונגען און פרעגנדיק: האָסטו וואַפּע? פלעגן זיי צעעפענען געלט־קאַסעס, שאַפֿעס און טישקעסטלעך און צונעמען: געלט, זייגערלעך, לעדערנע מאַנטלען, מלבושים, פּאָרטפעלן, זייף און אַלץ וואָס הויבט זיך אָן מיט אַן אַלף.

די זאַקלאַדניקעס זיינען דעם זעלבן טאָג באַפרייט געוואָרן, די רעוויזיעס און דער סיסטעמאַטישער רויב האָבן אָבער ניט אויפֿגעהערט. טייל רעוויזאָרן פֿלעגן פֿרעגן: ביסט דו יודע? און באַקומענדיק אַ פּאָזיטיוון ענטפֿער, פֿלעגן זיי ערשט אָנהייבן צו פּאַקן די גרויסע פּעק און באַפֿוילן די אייגנטימער מ׳זאָל זיי צוטראָגן אין זייער לאַגער אַריין דאָס דעראָבערטע פּאַרמעגן. אויפֿן וועג פלעגן זיי גוטמוטיק טרייסטן די יידן: „האָט ניט קיין אַנגסט! אין 6 וואָכן אַרום וועלן מיר פֿאַרנעמען מאָסקווע און דאַן וועלן מיר שאַפֿן אַ יידנשטאַאַט אין סיביר״...

סוף יוני, עטלעכע טעג נאָכן אָקופּירן דראָהיטשין, איז געשאַפֿן געוואָרן אין שטעטל אַ מאַגיסטראַט מיטן געוועזענעם פוילישן נאָטאַריוס טשאַפּלינסקי אַלס בירגערמייסטער. די מערהייט באַאַמטע אין מאַגיסטראַט זיינען געווען רוסישע און זיי האָבן אינטריגירט קעגן פוילישן בירגערמייסטער און קעגן דער שטאָטישער פּאָליציי, וואָס איז באַשטאַנען פֿון פּאָליאַקן.

די קאָנקורירענדע צדדים: דער פּאָליאַק טשאַפּלינסקי און דער רוס קריידיטש, האָבן געהאַט פֿיל יידישע באַקאַנטע פֿאַרן קריג, פֿלעגן זיי פֿאַרזיכערן, אַז אַלע באַמיאונגען ווערן געמאַכט ווו מ׳דאַרף, יידן זאָלן ניט ליידן צוליב זייער יידישקייט. די פּאָליאַקן פֿלעגן זיך אָבער קלאָגן דערביי, אַז די רוסישע באַפֿעלקערונג איז זייער פֿיינטלעך צו די יידן און די רוסן פלעגן דאָס זעלבע דערציילן וועגן דער פוילישער באַפֿעלקערונג.

אינצווישן האָט דער בירגערמייסטער טשאַפּלינסקי דערקלערט אויף אַ מאַסן־פֿאַרזאַמלונג אין מאַרק, אַז יידן זיינען אויסערן געזעץ, אַז זיי מוזן אָנקלעפּן געלע מגן דוד׳ס אויף זייערע הייזער און אָננייען אַזעלכע אויף זייערע בגדים, כדי מ׳זאָל זיי דערקענען. די יידן וועלכע האָבן געוווינט אין די דערפֿער אַרום דראָהיטשין, האָט מען באַפֿוילן זיך אַריינקלייבן אין שטאָט אַריין.

## מאָטעלער און כאָמסקער יידן גע׳הרג׳עט מיט העק און קאָסעס — שהיטה אָנגעפירט פון אָרטיקן גלח

אין דאָרף וויעטלע האָבן קריסטן ניט געוואַרט אויפֿן באַפֿעל און אויסגעשאָכטן די יידישע משפּחות וועלכע האָבן דאָרט געוווינט יאָרן־לאַנג. נאָר געציילטע יידן איז געלונגען



ר׳ יעקב און מיטע ראָזענשטיין און זייערע טעכטער פון רעכטס: רבקה, חייטשע און טילע. אַלע אומגעקומען, הי״ד!



יונה און רחל גאָלדבערג און זייערע קינדער. פון רעכטס: עלקע, משה, מילכה, פייגעלע און אליה. אַחוץ פייגעלען זיינען אַלע אומגעקומען, הי״ד! רחל איז געווען די טאָכטער פון אליה לייבקעס וואַלעוועלסקי. יונה האָט אָפּגעשטאַמט פון קאָברין און איז געווען דער הויפּט בוכהאַלטער פון דער פאָלקס־באַנק אין דראָהיטשין. פייגעלע געפינט זיך מיט איר מאַן הערמאַן גראָסמאַן און קינדער אין ניו יאָרק. ז.ז. 203.

צו אַנטלויפן אין שטעטל אַריין. קעגן די מערדער איז ניט פאַרפירט געוואָרן קיין פּראָצעס, ווייל יידן זיינען דאָך געווען, ווי שוין דערמאָנט, אויסגערן געזעץ.

אָנהויב יולי איז די געסטאַפּאָ דורכגעפאָרן דורך דראָהיטשין, פאַרכאַפּט דעם שערער כאַטיסלאַווסקי, דעם שוסטער ליטמאַן דאָלינסקי, שפרה שוואַרצבערג (טאָכטער פון אשר דעם מוליער), אַ פּאָר יידישע פּליטים פון וויעטלע, אַרויסגעפירט זיי קיין בראָנע (אַ הויף, 4 קל״מ הינטער דער שטאָט), געפייניקט זיי אייניקע שעה און שפּעטער דערשאָסן. די דערמאָנטע זיינען באַשולדיקט געוואָרן אין קאָמוניסטישער אַקטיוויטעט און אומגעבראַכט געוואָרן אין צוזאַמענהאַנג מיט דער אַנטי־קאָמוניסטישער אַקציע, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן אין גאַנצן געגנט. אייניקע טעג נאָכדעם זיינען בעסטיאַליש אומגעבראַכט געוואָרן אַלע יידן פון כאָמסק און מאָטעלע און דער רוב מענער פון בריסק, פינסק און יאַנאָווע.

וועגן די מענער פון בריסק און פינסק האָט מען לכתחילה געמיינט אַז מ׳האָט זיי אַרויסגעפירט ערגעץ אויף אַרבעט, און חדשים לאַנג האָט מען נאָך געוואַרט אויף ידיעות פון זיי.

אין כאָמסק און אין מאָטעלע האָבן די דייטשן אָנגעהייבן די שחיטה נאָכדעם ווי זיי האָבן באַקומען פון די דאָרטיקע יידישע קהילות געלט קאָנטריבוציעס. די דייטשישע רוצחים פלעגן באַהויפּטן, אַז די יידישע קאָמוניסטן אין רוסלאַנד מיט זייער פירער ליטווינאָוו בראש און די יידישע מיליאָנערן פון אַמעריקע מיט זייער משרת רוזוועלט אין דער שפּיץ זיינען שולדיק אינעם קריג, דעריבער דאַרפן יידן אין דער גאָרער וועלט צאָלן פאַר די הוצאות און פאַר די קרבנות.

די שחיטה אין כאָמסק און אין מאָטעלע האָט געדויערט אייניקע טעג. די דאָרטיקע קריסטלעכע באַפעלקערונג האָט געלאָוועט (געזוכט) יידן, זיי געשלעפּט פון די בוידימער, קעלערן, גערטנער, וועלדער און זומפּן ווו זיי האָבן זיך אויסבאַהאַלטן, און זיי געשאָכטן מיט מעסערס, העק, קאָסעס און טעמפּ געווער. אָנגעפירט מיט דער אַנטי־יידן אַקציע אין כאָמסק, האָט דער דאָרטיקער גלח.

קיין דראָהיטשין זיינען אָנגעקומען די ערשטע ידיעות וועגן די דערמאָנטע מאַסן־שחיטות אַרום תשעה־באב, אייניקע טעג נאָכדעם ווי ס׳איז אין דראָהיטשין געוויילט געוואָרן דער ערשטער יידן־ראַט.

געפילן פון טרויער און טויט־שרעק האָבן באַהערשט די יידן אין דראָהיטשין. ראַטלאָז האָט דער דראָהיטשינער יידן־ראַט אָנגעהויבן זיין טרויעריקע אַרבעט.

## ג.

## יידן ווילן אַ יידנראַט, האָפן אפשר וועט דאָס העלפן

כאָטש די דייטשע קאָמענדאַנטור האָט שוין אין די ערשטע טעג נאָך דער אָקופּאַציע, געגעבן יידן צו פאַרשטיין, אַז זיי האָבן ניט וואָס צו האָפן אויף בירגער־רעכט, אָדער אויף מענטשן־רעכט, האָבן יידן דאָך אָנגענומען אָן ווידערווילן דעם באַפעל אויסצוויילן אַ יידן־ראַט, אַ יידישע זעלבסטפאַרוואַלטונג. נאָך מער, פיל האָבן זיך אַרומגעטראָגן מיט אילוזיעס, אַז אַ יידישע זעלבסטפאַרוואַלטונג און אַ יידישע פּאָליציי וועלן ווי־ניט־איז געפינען אַ וועג צו שטילן דעם צאָרן פון דער חיה און פאַרזיכערן ווי ס׳איז די לאַגע פון דראָהיטשינער יידן. אַרום און אַרום האָט שוין געאַרבעט דער מלאך־המות. כאָמסק און מאָטעלע זיינען שוין געווען אומגעבראַכט. די מענער פון פינסק און בריסק, זיינען אַרויסגעפירט געוואָרן „ערגעצווו אין אַן אומבאַקאַנטן אָרט". פון שערשעוו און פון הייגעווקע זיינען שוין אַלע יידן אַרויסגעטריבן געוואָרן. פיל פּליטים זיינען אָנגעקומען קיין דראָהיטשין און דערציילט אַז די דייטשן האָבן פיל פון זיי דער׳הרג׳עט בעת דעם גירוש, אויפן וועג פון פיך — און דראָהיטשינער יידן האָבן נאָך געגלויבט, אַז זייער גורל וועט זיין אַ בעסערער.

אויף וואָס האָט דראָהיטשין געהאָפט? האָט מען די דראָהיטשינער יידן נושא פנים געווען און בעסער באַהאַנדלט ווי אַנדערע? חלילה! שוין די ערשטע טעג פון דער אָקופּאַ־

ציע זיינען דראָהיטשינער יידן באַרויבט געוואָרן פֿון אַזעלכע עלעמענטאַרע מענטשלעכע רעכט ווי לערנען קינדער אין אַ שול, לייענען אַ צייטונג, הערן ראַדיאָ־נייס, באַזוכן אַ בית־מרחץ, גיין אין גאַס אויפֿן טראָטואַר, אַריבערפֿאָרן פֿון איין אָרט אין אַ צווייטן. שוין אויף דער צווייטער וואָך איז באַפֿוילן געוואָרן, אַז יידן זאָלן טראָגן אַ גרויסע געלע לאַטע אויפֿן ברוסט און אויף דער פּלייצע, כדי זיי זאָלן קענטיק זיין פֿונדערווייטן. די מאַכט האָט אַלץ געטאָן כדי צו ווייזן די דראָהיטשינער יידן, אַז זיי האָבן ניט אויף וואָס צו האָפֿן. טראָץ דעם אַלעמען האָבן יידן דאָך געהאָפֿט, זיינען געגאַנגען צו די וואָלן וויילן אַ זעלבסטפֿאַרוואַלטונג וואָס זאָל דינען די אינטערעסן פֿון דער יידישער באַפֿעלקערונג און זיך גאָרניט פֿאַרגעשטעלט אַז דער געווײַלטער יידנראַט ווערט דורך די דייטשן פֿאַרוואַנדלט אין אַ ווערקצייג וואָס וועט אויספֿירן זייערע אונטערדריקונגס און פֿאַרניכטונגס פּלענער.

אויף דער וואַלן־פֿאַרזאַמלונג, וואָס איז פֿאָרגעקומען אין גרויסן בית־המדרש, האָבן דער אַפּטייקער משה שטיינבערג, דער מעכאַניק ברוך קאַפּלאַן (געבוירן אין ווילנע) און פֿיל אַנדערע זיך אָפּגעזאָגט אַריינצוטרעטן אין יידנראַט און געבעטן ביי די אָנוועזנדע מ'זאָל זיי נישט צווינגען דערצו. דאָקעגן האָבן פֿילע אַנדערע געהאַלטן, אַז ס'לוינט אַריינצוטרעטן אין „עסק", אַז אויב שוין אין גלות ביי די דייטשן, איז גלייכער צו זיין אַ יידנראַטלער איידער סתם אַ ייד.

געווײַלט זיינען געוואָרן אינעם ערשטן יידנראַט:

ליטמאַן פעלדמאַן (פּרעזעס); יעקב סידאַראַוו (וויצע פּרעזעס, שוין אויף דער צווייטער וואָך געוואָרן פּרעזעס); וועלוול גאָלדבערג; יצחק לעווינאַוויץ; מנחם קאַלענקאָוויטש און יוסף קאָברינסקי.

צו די דערמאָנטע זיינען שפּעטער צוגעקומען און מיט דער צייט צוקאָאָפּטירט געוואָרן:

אברהם קראַוויעץ; הערשל קאַלאַדני; לייבוש סליעפּ; כלאַוונע פּיסעצקי און שלום מאַרגענטאַלער.

מיטגעאַרבעט אין יידנראַט אַלס ראַטגעבער האָבן די צוויי יידישע דאָקטוירים. אין יידנראַט זיינען געווען באַשעפֿטיקט אַלס אָנגעשטעלטע: סעקרעטאַר, שלוחים, בוכהאַלטערן אדגל. דער יידן־עלטסטער האָט באַשטימט אַ יידישע פּאָליציי, וועלכע האָט מיטגעאַרבעט מיטן יידנראַט.

די ערשטע אַרבעט פֿון יידנראַט איז געווען אויפֿצוזאַמלען די ערשטע קאָנטריבוציע וואָס איז אַרויפֿגעלייגט געוואָרן



שרה קאַפּלאַן־פּיסעצקי, געבוירן אין רוזשינאַי, געענדיקט אַ גימנאַזיע אין סלאָנים און אַן אַקושערן אינסטיטוט. געהייראַט פֿאַר שלמה פּיסעצקי פֿון דראָהיטשין, וואו זי האָט פּראַקטיצירט אירע גאַנצע יאָרן אַלס אַקושערין. שלמה איז געשטאָרבן אין 1915. שרה איז אומגעקומען אין 1942. זייער זון איזי האָט זיך געראַטעוועט.



ר' וועלוול לייבעטשקעס און רחל לעוו און אייניקלעך, הי"ד!
ר' וועלוול איז געווען אַ גרויסער מכניס־אורח און בעל־צדקה.
אין זיין הויז פֿלעגן זיך שטענדיק אויפֿהאַלטן אורחים.

אויף דראָהיטשינער יידן: 10 טויזנט רובל און 2 קילאָגראַם גאָלד. דער באַפֿעל איז געווען צוצושטעלן עס אין פֿאַרלויף פֿון 2 שעה. אין פֿאַל ווען מ'וועט עטוואָס פֿאַרשפּעטיקן וועלן אַלע יידן אומגעבראַכט ווערן. פּונקט זיינען אין דעם טאָג פֿון דער גזירה אָנגעקומען קיין דראָהיטשין פּליטים פֿון שערעשאַוו און דערציילט וועגן זייער אומגליק. די טרויעריקע ידיעות און די שרעק פֿאַרן אייגענעם גורל האָבן געווירקט און יידן האָבן אין די מינוטן געבראַכט אין קהלה: גאָלדענע זייגערלעך, רינגעלעך, בראַנסלעטן און געלט וויפֿיל מ'האָט געפֿאָדערט.

פֿונדאַן אָן האָט דער יידנראַט זיך נוהג געווען צו זאַמלען בעת יעדער קאָנטריבוציע, צווייפֿאַכע און דרייפֿאַכע סכומים ביי דער באַפֿעלקערונג, כדי ער זאָל האָבן ביי זיך אַ רעזערוו פֿאַר אַ שלעכטער צייט. דאָס גלייכן ביי דער מאָביליזירונג אויף אַרבעט אין שטאָט, הינטער דער שטאָט, אָדער אַפֿילו אין אַרבעטס לאַגער, פֿלעגט דער יידנראַט שטענדיק אַרויסרופֿן מער אַרבעטער ווי ס'האָט זיך געפֿאָדערט און אויסנוצן זיי צו זיין דיספּאָזיציע. אַזוי ווי די געלט־קאָנטריבוציעס, פּונקט ווי קאָנטריבוציעס אויף זאַכן, מעבל און די מאָביליזירונג אויף צוואַנגס־אַרבעט איז געוואָרן אַ טאָג־טעגלעכע דערשיינונג, האָבן יידן געוואָלט, אַז יידנראַטלער, יידישע פּאָליציי און זייערע קרובים זאָלן זיך אויך באַטייליקן אינדעם און ניט באַגנוגענען זיך נאָר מיט נעמען ביי אַנדערע — אָפֿט מיט גוואַלד — און מיט טרייבן אַנדערע. די פּריווילעגיעס וואָס יידנראַטלער און זייערע קרובים האָבן זיך אַליין גענומען, האָט אַלעמען אויפֿגערעגט קעגן זיי. מענטשן, וועלכע האָבן אין פֿאַרלויף פֿון געציילטע חדשים פֿאַרלאָרן זייער פֿאַרמעגן, זייערע זאַכן, מעבל און דער עיקר דאָס געזונט ביי שווערע אַרבעט, האָבן ניט געקענט מוחל זיין די יידנראַטלער און די יידישע פּאָליציי, וועלכע פֿלעגן נאָך יעדער קאָנטריבוציע רייכער ווערן, נאָך יעדער צרה — פֿעטער ווערן. יידישע פּאָליציאַנטן פֿלעגן שיכור'ן, הוליען און האַנדלען מיט די גוישע פּאָליציאַנטן.





לינקס איז ר׳ אברהם שמחה בן ישראל פערקאָווסקי, גע־בוירן 1861 אין טעליאַקי ביי קאָברין, גבאי פון נייעם בית מדרש. און טאָכטער פריידקע טעוול זבאַר״ס פרוי — הי״ד!

די באַפּעלקערונג האָט דעריבער גאַנץ שנעל אָנגעהויבן צו באַטראַכטן די יידנראַטלער און די פּאָליציאַנטן ווי אַן אומ־גליק. פון די געוויילטע יידנראַטלער, זיינען 5 געווען ערלעכע מענטשן וועלכע האָבן זיך, לויט זייערע מעגלעכקייטן, באַ־מיט צו לינדערן די יידישע נויט. ליידער, זייערע מעגלעכ־קייטן זיינען געווען נישטיקע און די חברים וועלכע האָבן זיך צוגעשאַרט צו זיי, האָבן געהאַלטן, אַז מ׳דאַרף אויסנוצן די לאַגע פאַר זיך פּערזענלעך.

כמעט אין איין צייט מיטן יידנראַט, איז אין דראָהיטשין אָרגאַניזירט געוואָרן דורך מנחם אָווערבוך, אַ הילפס־קאָמי־טעט פאַר די פּליטים פון שערעשאָוו, כאָמסק און אַרומיקע דערפער וועלכע זיינען געקומען אָן זאַכן און אָן געלט.

מנחם אָווערבוך איז געקומען נאָך דער אָקופּאַציע פון לעמבערג, ווו ער האָט זיך אויסבאַהאַלטן בעת די סאָוועטן האָבן אַרויסגעפירט די געוועזענע סוחרים קיין סיביר. ער האָט זיך דאָרטן אָנגעזען גענוג מיט יידישע צרות, און קו־מענדיק אַהיים האָט ער גע׳טענה׳ט, יידן דאַרפן זאָרגן נאָר פאַר זעלבסטהילף און וואָס שייך דער זעלבסטפאַרוואַלטונג, דאַרף זי „אָרגאַניזירן אַ כאַאָס״, פירן אַזאַ בוכהאַלטעריע, אַז די דייטשע מושלים זאָלן קיינמאָל ניט וויסן גענוי וויפיל יידן זיינען דאָ און ווו זיי וווינען. אין הילפס־קאָמיטעט האָבן מיט אָווערבוכ׳ן מיטגעאַרבעט: אליה איזענשטיין; די רבנים: הרב קאַלענקאָוויטש, הרב אַלטוואַרג און דער רב פון שערשעוו; די שוחטים: משה פרעגער און יוסף דוד שוב; די לערער: וואָלפסאָן און ראַק; די דאָקטוירים: שעכטער און לאַמפּע; און נאָך אַנדערע.

דער הילפס־קאָמיטעט איז זייער באַליבט געוואָרן ביי דער באַפּעלקערונג. אויסער די דערמאָנטע אינסטיטוציעס, איז אין דראָהיטשין טעטיק געווען נאָך איין געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציע: די חברה קדישא מיט משה אהרן בערג אינ־דערשפּיץ...

ד.

## דראָהיטשינער יידן פאַרטריבן אין געטאָס

וועגן אַ געטאָ פאַר דער יידישער באַפּעלקערונג האָט מען אין דראָהיטשין אָנגעהייבן צו רעדן גלייך ווי די דייטשן זיינען אַריין אין שטעטל. און כאָטש קיינער האָט ניט געהאַט קיין קלאָרן באַגריף ווי גרויס ס׳וועט זיין די געטאָ און ווי וועט אויסזען דאָס לעבן אין געטאָ, האָבן דאָך אַלע זיך גע־שראָקן פאַר דעם און עפּעס ווי פאַרויסגעפילט אַז געטאָ איז דער אָנהייב פון אומקום.

איינגעפירט איז אָבער געוואָרן די געטאָ שטופנווייז, אין משך פון חדשים, און יידן האָבן זיך ביסלעכווייז צוגע־וווינט צו די צרות און ניט געפילט אַזוי שטאַרק די קלעפּ וואָס זיי האָבן באַקומען.

אָנגעהויבן האָבן זיך די געטאָ־גזירות מיט דערוויטערן יידן פון „זאַמד״ (אַזוי האָט געהייסן די גאַס וואָס האָט גע־פירט צום נייעם בית־עולם, אויף דער גאַס האָבן געוווינט פיל פּאָליאַקן), און פון אַ טייל „עדוואַרד־דונין־מאַרקעווי־טשאַ״־גאַס. (כאָמסקער געסל.)

די גזירה האָט געטראָפן נאָר געציילטע יידישע פאַמי־ליעס. אין שטעטל איז אָבער דאָך געוואָרן באַדייטענד ענגער, ווייל אינדערזעלבער צייט זיינען קיין דראָהיטשין אַריינגע־טריבן געוואָרן עטלעכע הונדערט יידן פון שערשעוו און פון קאָלאָניע (אַ יידישער דאָרף ניט ווייט פון דראָהיטשין). אין דראָהיטשין האָבן צו יענער צייט זיך שוין געפונען אויך יידישע פּליטים פון כאָמסק און פון די אַרומיקע דערפער. חורבן כאָמסק, גרוש שערעשאָוו, קאָלאָניע און אַנדערע דער־פער, האָבן פאַרגרעסערט די יידישע באַפּעלקערונג אין דראָ־היטשין און זי האָט צום אָנהויב פון די געטאָ־גזירות גע־ציילט אַריבער פיר טויזנט נפשות.

יידן האָבן זיך איינגעשרומפּן. דאָרט ווו עס האָט פריער געוווינט איין משפחה, האָבן שוין אין אָנהויב פון די געטאָ־גזירות געוווינט צוויי און מער. געלט־זאַכן־און מעבל־קאָנ־טריבוציעס זיינען אויפגעמאָנט געוואָרן פאַר דער צייט אין אַ שנעלן טעמפּאָ. די מערהייט הייזער זיינען אויסגעליידיקט געוואָרן כמעט פון אַלץ וואָס ס׳איז געווען אין זיי. יידן האָבן דעריבער ניט געפילט שטאַרק די ענגשאַפט. געקלאָגט האָט מען זיך אַלנפאַלס ניט אויף דעם, נאָר אויף די אומאויפהער־לעכע קאָנטריבוציעס און דער עיקר אויף דער גזירה ניט קומען אין באַרירונג מיט קיין קריסטן. דראָהיטשינער קריס־טען, וועלכע האָבן געוווינט אויף די גאַסן זאַריטשקע און סטאַ־ראָסעלע, פלעגן, ניט קוקנדיק אויף דער גזירה, ברייינגען אַמאָל זייערע באַקאַנטע יידן מעל, פּוטער, עופות, אייער און אַנדערע שפּייז־אַרטיקלען פאַרן פרייז פון מלבושים און שוכ־וואַרג וואָס יידן האָבן איצט גערן אָוועקגעגעבן, כדי די דייטשן זאָלן עס ניט צונעמען אומזיסט אַלס קאָנטריבוציע. דייטשע וואַכמייסטערס און פּאָליציאַנטן פון יידנראַט פלעגן שטרענג באַשטראָפן פאַר אַזעלכע פאַלן פון האַנדל. כל זמן די געטאָ איז אָבער ניט געווען אַרומגעצאַמט, האָבן יידן גע־





משה־שמואל און פערל וואַרשאַווסקי און קינדער. פון רעכטס: שיינקע, טייבל, שלום, יאַנקל, ישראל און מאיר. אַחוץ יאַנקלען אַלע אומגעקומען, הי״ד! משה־שמואל, זון פון יעקב־הערש און מלכה וואַרשאַווסקי, איז געווען אַ גוטער בעל־תפילה־חזן, האָט באַזעסן אַ שיינע טענאָר־שטימע און געהאַט אַ חוש פאַר מוזיק: געשפּילט פידל און געזונגען. האָט זיך פיל אָפּגעגעבן מיט געזעל־שאַפטלעכער אַרבעט. ז. ז. 215, 246 און 308.

האַנדלט און זיך דערנערט פּיל בעסער ווי ס'איז זיי דערלויבט געווען לויט די אָפּיציעלע פאַרשריפטן (100 גראַם ברויט אַ טאָג, אָן פעטס און אָן צוקער).

פסח תש״ב איז דורכגעפירט געוואָרן די גרינטלעכע איבערזידלונג פון דער יידישער באַפעלקערונג אין 2 געטאָס: געטאָ א׳ פון „ווערטפולע יידן" (בעלי־מלאכות) און געטאָ ב׳ פון „ווערטלאָזע יידן" (געוו. קרעמער, אָנגעשטעלטע, בוכהאַלטאָרן, לערער אדגל.). אַ פּאָר וואָכן פאַרן דורכפירן די איבערזידלונג איז אָנגעגאַנגען זייער אַן אינטענסיווער האַנדל מיט באַשייניקונגען, אַז מ'איז אַן אַרבעטער. סיעלפּוק, אַ קריסט פון סימענאָוויטש (אַ דאָרף ניט ווייט פון דראָהיטשין), דער פאָרזיצער פון די אַרבעטער וואַרשטאַטן, אַזוי גערופענע אַרטעלן, די יידנראַטלער און אַן אַרבעטס־עקספּערט פון קאָברין, האָבן פאַרן פּרייז פון גאָלדענע זייגערלעך און אַנדערע ווערטפולע זאַכן, אויסגעאַרבעט פאַר טייל יידן באַשייניקונגען אַז זיי זיינען שניידער, שוסטער, סטאָלער, אדגל. און דורכדעם זיי דערמעגלעכט צו בלייבן עווענטועל אין געטאָ א׳. אַן אָרעמער שוסטער ווי נאָסקע, האָט קיין אַרבעטס־באַשייניקונג ניט באַקומען און איז פאַרבליבן אין געטאָ ב׳. און אַזוי זיינען פיל בעלי־מלאכות פון יאָרן־לאַנג, וועלכע זיינען איצט נישט אַריינגענומען געוואָרן אין די אַרטעלן, געצוווּנגען געוואָרן צו פאַרבלייבן, עווענטועל זיך אַריבערקלייבן אין געטאָ ב׳ צו די ווערטלאָזע יידן, צו די פאַר־משפּט׳ע אויף אַלערליי צוואַנגס־אַרבעטן.

דער האַנדל מיט די באַשייניקונגען און די שפּעטערדיקע איבערזידלונג פון דער באַפעלקערונג אין די פאַרשיידענע געטאָס, האָט אַלעמען זייער שטאַרק אויסגעמאַטערט און אויפגערעגט. אַ ייד, וועלכער איז כל ימיו געווען אַ בעל־מלאכה און געהאַט אַ הויז פונקט אין די גאַסן וואָס זיינען איצט באַשטימט געוואָרן פאַרן געטאָ א׳, האָט, פאַרשטייט זיך, געמאַכט אַלע באַמיאונגען אָנגענומען צו ווערן אין אַרטעל כדי ער זאָל בלייבן אין זיין הויז. ניט שטענדיק איז עס אָבער געלונגען און, ווי שוין דערמאָנט, זיינען פיל בעלי־מלאכות פאַר׳משפּט געוואָרן צו אַריבערציען זיך אין געטאָ ב׳ און דאָרטן האָבן זיי געוווסט ווען זיין זייער ביטער. דאָס אַריבערציען זיך האָט געדויערט אייניקע טעג. פיל האָבן מיט דער דערלויבעניש פון יידנראַט זיך אויסגעטוישט מיט זייערע וווינונגען און זיך געוואונטשן דערביי דערלעבן איינגיכן די גאולה און יעדער זאָל זיך אומקערן אין זיין אַלטער היים.

## געטרייסט מיט ידיעות וועגן בודיאָני און וואָראָזשילאָוו

צו יענער צייט זיינען אָנגעקומען ידיעות וועגן דער פאַרניכטונג פון די יידן אין ראָוונע, קאָוועל און סלאָנים. דראָהיטשינער יידן האָבן זיך אָבער געטרייסט מיט די פאַלשע ידיעות וואָס זיי האָבן אַליין פאַרשפּרייט, אַז דער דייטש איז שוין אַרומגערינגלט, אַז בודיאָני איז שוין אין באַראַנאָוויטש, וואָראָשילאָוו — אין בריסק און אַ לייַדע טאָג וועט קומען די גאולה.

דערווייל איז די געטאָ א׳ אַרומגעצוימט געוואָרן מיט אַ הויכן פאַרקאַן פון 2 און אַ האַלב מעטער און פון געטאָ ב׳ זיינען פיל יונגענטלעכע אַרויסגעפירט געוואָרן אין אַרבעטס־לאַגער קיין פעטראָוויטש (אויפן וועג פון קאָברין־בריסק). אויסער דעם דערמאָנטן לאַגער, זיינען געשאַפן געוואָרן אַרום דראָהיטשין פּרייוויליקע אַרבעטס לאַגערן אין יוזעפין און ראַדעסטאָוו. אויב קיין פעטראָוויטש פלעגן די יידנראַטלער און די יידישע פּאָליציי כאַפּן מענטשן און פאַרשיקן מיט גוואַלד, און טיילמאָל אַרעסטירן און פייניקן די קרובים פון באַשטימטן קרבן וואָס האָט זיך אויסבאַהאַלטן און ניט געוואָלט גיין אין לאַגער, — איז דאָס ווערבירן אַרבעטער פאַר



פֿון רעכטס: ישׂראל שמיד, מרדכי סאַפּיר, א. קאַלענקאָוויטש, בערל גאָלדבערג, ברוך שוואַרץ, נעמי וואַסערמאַן, הערשל שטיינבערג, זכריה סאַפּאָזשניק, ביילע מילנער א.אַ.

יוזעפֿין און ראַדאַסטאַוו אָנגעקומען זייער לײַכט. צום ה׳ יאַשקע וואָלינעץ, וועלכער האָט אָרגאַניזירט דעם לאַגער אין ראַדאַסטאַוו, פֿלעגן טיילמאָל קומען אַפֿילו ייִדן פֿון געטאָ א׳ און בעטן ער זאָל זיי פֿאַרשרייבן אין לאַגער ווייל זיי ווילן בעסער זײַן דאָרטן, איידער ביי זיך אין הויז אין געטאָ א׳.

אין די דערמאָנטע צוויי לאַגערן האָבן ייִדן געאַרבעט ניט שווער ביי האָלץ־אַרבעט און זיי פֿלעגן וועכנטלעך באַקומען שפּייז־פּעקלעך פֿון דראָהיטשין.

אין געטאָ א׳ האָבן ייִדן געלעבט ניט שלעכט. דער פֿאָרזיצער פֿון די אַרטעלן סיעלפֿוק האָט געזאָרגט, אַז זיינע אַרבעטער זאָלן ניט הונגערן. ער פֿלעגט אַריינפֿירן בגנבֿה שפּייז־אַרטיקלען אין האָלץ־פֿורן. אויך אַנדערע קריסטן וועלכע פֿלעגן באַשטעלן אַלערליי אַרבעטן אין די אַרטעלן, פֿלעגן צופֿירן בגנבֿה שפּייז־אַרטיקלען.

די געטאָ ב׳ וואָס איז בכלל ניט געווען פֿאַרצוימט, האָט נאָך געהאַט מער מעגלעכקייטן פֿון געטאָ א׳ צו באַקומען שפּייז ביי די סטאַראָסיעלער קריסטן. דראָהיטשינער ייִדן האָבן דעריבער אין בײדע געטאָס ניט געהונגערט. אין געטאָ ב׳ האָט מען נאָר געקלאָגט אויף די שווערע צוואַנגס־אַרבעט טעגלעך ביי דער סטאַנציע (נאַגאָריע), אין ליפּניק, אין אָגדעמער און ועל כולם אויף דער אומזיכערער צוקונפֿט פֿון געטאָ ב׳. דער פּרעזעס פֿון יודנראַט און די ייִדישע פּאָליציי פֿלעגן זאָגן, אַז זיי וועלן טאָן אַלץ וואָס נאָר מעגלעך, כּדי צו ראַטעווען דאָס לעבן פֿון געטאָ א׳. דאַקעגן געטאָ ב׳, האָבן זיי געזאָגט, איז אַ פֿאַר׳משפּט׳ע און מ׳קען איר ניט ראַטעווען...

וואָס הייסט אַ פֿאַרמשפּטער, האָבן די דראָהיטשינער ייִדן נאָך דאַן ניט געוווסט און זיך נאָר געשראָקן טאָמער פֿאַרטרייבט מען זיי אַלעמען קיין פּעטראָוויטש, אָדער אין אַ נאָך וויטערן און ערגערן לאַגער. אַז זיי זיינען פֿאַרמשפּט צו עפּעס ערגערס ווי „אַרבעט אין אַ שלעכטן לאַגער״, אַז זיי זיינען פֿאַרמשפּט צום טויט, האָט זיך קיינער דאַן ניט פֿאָרגעשטעלט.

און אָט אַזוי זיינען אַריבער טעג און וואָכן פֿון שווערער צוואַנגס־אַדבעט אין און אַרום שטאָט; טעג און וואָכן פֿון פּיין, שרעק און אומזיכערקייט און גרענעצלאָזער זאָרג, ביז ס׳איז געקומען שבת־נחמו, תש״ב — 25טער יולי, 1942...



דראָהיטשינער מאַרק, וואו די דייטשן האָבן צונויפגעטריבן די געטאָ־ב׳ ייִדן אויף זייער קידוש־השם מאַרש קיין בראָנע גורע.

## ה.

## שחיטה פון געטאָ ב׳, 17 הונדערט יידן אומגעקומען

שבת האָט זיך עפּעס געטומלט אין געטאָ א׳. מנחם אַוּווערבוך און נאָך אייניקע מיטגלידער פון הילפס־קאָמיטעט האָבן זיך געקריגט מיטן יידנראַט. די געשרייען זיינען דורכגעגאַנגען אין געטאָ ב׳. וועגן וואָס מ׳קריגט זיך האָט קיינער ניט געוווסט. אינאָוונט האָבן זיך דערטראָגן אין געטאָ ב׳ דער גערויש פון דייטשע טאַקסוווקעס וואָס זיינען אַריינגעקומען אין שטעטל — דאָס האָט דער באַפעלקערונג זייער שטאַרק באאומרואיקט. אַזייגער 11 ביינאַכט איז די געטאָ ב׳ אַלאַרמירט געוואָרן דורך יידישע פּאָליציאַנטן, מ׳זאָל זיך גלייך שטעלן אויפן שטאָט־מאַרק. וואָס ס׳וועט זיין אויפן מאַרק אין אַזאַ שפּעטער שעה האָט קיינער ניט געוווסט. טייל האָבן אָבער, געטריבן פון אַ שלעכטן פּאָרגעפיל, אָנשטאָט גיין אויפן מאַרק, געפּרווווט אַנטלויפן דורך פעלדער הינטערן שטאָט אין וואַלד אַריין. דאָ האָבן זיי אָבער באַמערקט, אַז אַלע וועגן זיינען פאַרשטעלט מיט אוקראַינישע און פּוילישע הילפס־פּאָליציאַנטן, וועלכע טרייבן אין מאַרק אַריין. אויפגעוועקט פון שלאָף, אַרויסגעטריבן פון די הייזער, אַראָפּגעשלעפּט פון די בוידעם־שטיבלעך, אַרויסגעצויגן פון די קעלערן דורך יידישע פּאָליציאַנטן, זיינען די יידן פון געטאָ ב׳ געטריבן געוואָרן דורך דייטשע רייטער־פּאָליציי ביזן שטאָט־מאַרק. דאָרט האָט מען אָנגעהייבן אַראָפּציען ביי די מענער די שטיוול פון די פיס, אַראָפּגענומען די פּידזשאַקעס און צוגענומען די ווערטפולע זאַכן ביי די פרויען. דערביי האָט מען ביי אייניקע צעשפּאָלטן די קעפּ מיט ביקסן־קאָלבעס. ערשט דאַן האָבן יידן דערפילט וואָס מ׳וויל טאָן מיט זיי, און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ מורא׳דיקע יללה: „שמע ישראל!" „גאָט דערבאַרעם זיך!"...

די „אַקציע" האָט געדויערט אַ 7 שעה. די יידישע פּאָליציי האָט מיט אייפער אַרויסגעשלעפּט יידן פון באַהעלטענישן און זיי געטריבן אין מאַרק אַריין, און פון מאַרק האָט מען זיי געטריבן צו דער באַן־סטאַנציע. אויפן וועג זיינען דערשאָסן געוואָרן חיים בער דער ציגעלניק (אַלטוואַרג), פסח לעוו, דער שוסטער און נאָך אייניקע יידן. פאַרן שלוס פון דער אַקציע האָבן די דייטשן זיך אַרומגעזען, אַז ס׳פעלט זיי אַן ערך 100 מאַן צום מספר פון די „ווערטלאָזע יידן" וואָס דער יידנראַט האָט זיי אָנגעגעבן, דערפאַר האָבן זיי, אַלס שטראָף, גענומען נאָך עטלעכע הונדערט יידן פון געטאָ א׳ און די יידישע פּאָליציי, ווי אויך דעם יידן־ראַט. אַלע, אַן ערך 17 הונדערט מאַן, זיינען זונטאָג אָפּגעפירט געוואָרן מיט דער באַן קיין בראָנע־גורע (אַ 17 קל״מ פון קאַרטוז־בערעזע), און דאָרט אַרויפגעטריבן געוואָרן אויף מינירטע פעלדער ווו זיי זיינען אויפגעריסן געוואָרן.

צוזאַמען מיטן געטאָ ב׳ פון דראָהיטשין זיינען דאַן אומגעקומען אויפן זעלבן אָרט דער גרעסטער טייל פון די אַנטאָפּאָלער און קאָברינער יידן.

פון יידנראַט זיינען נאָך דער „אַקציע" פאַרבליבן ביים לעבן בלויז דריי פערזאָן. צוויי האָבן זיך אויסבאַהאַלטן. זיי זיינען שפּעטער אויך אומגעקומען...

מיין גאָט, ווער עס האָט געהערט די אימה׳דיקע „שמע־ישראל׳ס" פון די אַרויסגעפירטע פון געטאָ ב׳, געזען און דורכגעלעבט דאָס וואָס איך האָב צוגעזען און איבערגעלעבט וועט עס קיינמאָל נישט פאַרגעסן און קיינמאָל קיין רו נישט האָבן. דאָס סאַמע טייוולאָניסטישע אין דעם אַלעמען איז וואָס יידן האָבן געפירט יידן צו דער עקידה... איין יידישער פּאָליציאַנט, אַ יוריסט, האָט געפירט זיינע אייגענע עלטערן צום פאַרניכטונגס־פּלאַץ... אַ צווייטער האָט געשלעפּט יידן פון די בוידימער גלייך צום טויט און אַזוי כסדר.

***

ד״הערד״ה. — די דאָזיקע שרעקלעכע און שוידערלעכע הריגה פון אונזערע טאַטעס און מאַמעס, ברידער און שוועסטער דורך די דייטשישע מערדער, איז אייגנטלעך פאָרגעקומען זונטאָג, י״ב אב, תש״ב — 26טן יולי, 1942, אָבער עס איז שוין געוואָרן אַ חזקה צו האַלטן יאָרצייט נאָך די קדושים פון געטאָ ב׳ — י״א אב, וואָס איז דאַן אויסגעפאַלן שבת־נחמו, דעם טאָג, אין וועלכן די אומגליקלעכע זיינען פאַרנומען געוואָרן צו דער שחיטה. הי״ד! —— [רעדאַק.]



ר׳ משה מענדל און גאָלדע־הינדע מילנער, ע״ה. גאָלדע־הינדע, אַ טאָכטער פון ר׳ ניסן פון כאָמסק איז געשטאָרבן כ״ג טבת, 1918. ר׳ משה מענדל ב״ר טודרוס־ליב, אַן אָפּשטאַם פון דעם גאון און מקובל, ר׳ דוד׳ל יפה, זצ״ל, איז אומגעקומען. די מילנערס האָבן געהאַט 6 קינדער: איידל־חיה, אסתר־נעכע (אומגעקומען), סאָפיע (קאַליפאָרניע), טודרוס־ליב, ניסן און אהרן־יצחק אין שיקאַגע. זען זייט 117 און 190.

ו.

## די געוויינען נאָך די הרוגים שפּאַלטן די הימלען

כאָטש די מערהייט איינוואוינער האָבן די ערשטע צייט ניט געוואוסט וואָס ס'איז געוואָרן מיט די אַרויסגעפירטע קיין בראָנע גורע, און אַ טייל האָבן געגלויבט אַז דאָרטן איז אַן אַרבעטס־לאַגער — איז דאָך דער טרויער אין דראָהיטשין אויפצומאָרגנס נאָך דער „אַקציע" געווען זייער גרויס. אַלע האָבן געקלאָגט אויפן חורבן; ער האָט כמעט אַלעמען געטראָפן. ביי די טויערן פון געטאָ האָבן מענער און פרויען געוואַרט אויף די אַרישע באַגלייטער, וועלכע האָבן געדאַרפט זיי פירן צו דער אַרבעט (אָן אַ באַגלייטונג פון אַריער האָבן יידן ניט געטאָרט דורכגיין די גאַסן), און דערביי געכליפּעט אויפן קול און זיך געריסן די האָר פון די קעפּ. ווער ס'האָט געוויינט אויף זיינע פריינט און ווייטע קרובים און ווער ס'האָט באַקלאָגט זיינע עלטערן אָדער קינדער ייִנגערע פון אַכצן יאָר, וועלכע זיינען אַרויסגעפירט געוואָרן מיט דער געטאָ ב'.

דער שרייבער פון די שורות האָט דעם 25־טן יולי, 1942, מוצאי שבת נחמו, ה.תש"ב, איבערגעלעבט דעם גרעסטן אומגליק אין זיין לעבן. ער האָט אין דער אַקציע פאַרלאָרן זיין מוטער, שוועסטער, פיל פריינט, הברים און שילער. ער זעלבסט איז פון זאַמלפּלאַץ אויפן מאַרק אַנטלאָפן אונטער אַ האָגל פון קאַראַבינען־און אַווטאָמאַטן־קוילן און זיך אויסבאַהאַלטן אייניקע טעג אין ראָווינער וואַלד, ביז מ'האָט אים געכאַפּט און פאַרשיקט אין לאַגער ראַדאָסטאָוו. אין די שפּעטערדיקע יאָרן איז דעם שרייבער פון די שורות אויסגעקומען דורכצומאַכן נאָך פיל גרויזאַמע נסיונות: ער איז עטלעכע מאָל דערשאָסן געוואָרן, עטלעכע מאָל „געשטאָרבן אָפיציעל" (איינמאָל אין מזרח־פּרייסן) און פאַקטיש ניט געלעבט און ניט געשטאָרבן די גאַנצע צייט פון 1942 ביז 1945.

אומגלויבלעך שיינען היינט צו זיין די גרוילעכע געשעענישן פון נאָענטן עבר, אַפילו די וועלכע האָבן עס אַליין איבערגעלעבט קענען שוין ניט תופס זיין וויאַזוי עס האָט געקענט פּאַסירן און וויאַזוי זיי האָבן עס אויסגעהאַלטן. דאָך — אַזוי איז עס געווען...

די „אַקציע" איבער דער געטאָ ב' האָט געדויערט ביז 7 אַזייגער אינדערפרי. די וועלכע מ'האָט געפונען אין באַהעלטענישן ביז 7 אינדערפרי זיינען דערשאָסן געוואָרן. אַזוי זיינען דערשאָסן געוואָרן דער לערער משה בעזדזשעזסקי, וועלכער האָט זיך באַהאַלטן אין אַ גאָרטן פון בעבלעך, און דער שוחט זלמן קאָברין (פון קאָלאָניע), וועלכער האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ גאָרטן און געפּרואווט נאָכדעם ווי מ'האָט אים געפונען אַנטלויפן. די וועלכע מ'האָט געפונען אין באַהעלטענישן נאָך 7 אַזייגער האָט מען דערלויבט אַריבערגיין אין געטאָ א' און זיך דאָרטן „איינאָרדנען". אַזוי איז געווען מיט דעם מלמד כנדר שפּירא און זיין פאַמיליע, וועלכע מ'האָט זונטיק געפונען אין אַ קעלער און אַריבערגעטראַנספּאָרטירט אין געטאָ א'. און אַזוי איז געווען מיט דעם שרייבער פון די שורות, וועלכן מ'האָט אין אייניקע טעג אַרום נאָך דער „אַקציע" געפונען אַ פאַרחלשטן אין ראָווינער וואַלד און אַריבערגעפירט אין געטאָ א'.

אין געטאָ א' האָבן זיך דערווייל רעאָרגאַניזירט דער יידנראַט און די פּאָליציי. אין יידנראַט איז צוגעקומען אַ וויצע פּרעזעס — באָנטשע וואָלאָוועלסקי (דער זון פון חייקע דער אַפּטייקערקע). אין דער פּאָליציי איז אויך צוגעקומען ברוך וואָלף פון לעכעוויטש.

דעם שרייבער פון די שורות איז פאָרגעלייגט געוואָרן:



די שולע „מוריה" פון דראָהיטשין, מחלקה א'. פון לינקס: משה בעזדזשעזסקי, לוי פעלדמאַן, פירער פון שולע, ח. ב. וואָלפסאָן און אַנד. לערערינס. זען אויף דער זייט וועגן בעזדזשעזסקי'ס אומקום. הי"ד!





ווערן אַ מיטגליד פון נייעם יידנראַט און בלייבן אין שטאָט, אין דעם הויז פון זיינע עלטערן, אָדער גיין אויף אַרבעט אין לאַגער ראַדאָסטאָוו. ער האָט אויסגעווײלט דאָס לעצטע.

אינצווישן זיינען די הייזער פון געטאָ ב׳ באַזעצט געוואָרן דורך קריסטן פון דראָהיטשין און אומגעגענט און די מעבל, זאַכן און פאַרמעגנס פון די אַרויסגעפירטע יידן זיינען אויפגעזאַמלט געוואָרן דורכ׳ן נייעם יידנראַט אין באַזונדערע מאַגאַזינען.

**די ערשטע טעג נאָכן חורבן האָבן יידן אין דראָהיטשין געהאָפט, אַז נאָך דעם גרויסן בלוט־אָפּפלוס וועלן די פאַרבליבענע האָבן רו אַ לענגערע צייט. אָבער גאַנץ שנעל האָבן זיי זיך אַנטוישט אין זייער האָפענונג. דער ערשטער חורבן איז געווען נאָר אַן אָנהויב. נאָך אים זיינען מיט ריזנשריט געקומען ווייטערדיקע חורבנות.**

ז.

## דייטשן הייננען דריי יידישע יונגעלייט

אייניקע טעג נאָכן חורבן געטאָ ב׳ האָבן די דראָהיטשינער בחורים, וועלכע האָבן געאַרבעט אין לאַגער פּעטראָוויטש (צווישן קאָברין און בריסק), אָנגעהויבן צו אַנטלויפן פון לאַגער. טייל האָבן זיך געריסן אין שטאָט אַריין דורך די וועלדער און דורך ראַדאָסטאָווער לאַגער, וועלנדיק זיך דערוויסן גענוי וואָס איז געוואָרן מיט זייערע עלטערן און פריינט פון געטאָ ב׳; און טייל האָבן געזוכט וועגן צו די פּאַרטיזאַנישע גרופּן, וועלכע האָבן שוין צו יענער צייט געאַרבעט אין די וועלדער.

קיין דראָהיטשין איז פון פּעטראָוויטשער לאַגער געקומען שלום זאַוועלאָווסקי (זון פון קרעמער יהושע זאַוועלאָווסקי).

אינדערזעלבער צייט זיינען קיין דראָהיטשין געקומען מיט אַ דערלויבעניש פון דער לאַגער־פאַרוואַלטונג עטלעכע אַרבעטער פון ראַדאָסטאָוו, צווישן זיי די ברידער טענענבוים (זין פון שרה חנה טענענבוים אויפן „זאַמד״), וועלכע האָבן געטענה׳ט, אַז זיי מוזן נעמען נקמה אין יידנראַט פאַר דער פאַרשיקונג פון זייער מוטער. די דייטשן האָבן זיך דערוווּסט וועגן דעם און באַפוילן דעם יידנראַט צו הייננען די יונגעלייט. נעבן אַלטן בית־המדרש איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ תליה און די יידישע „מורדים״ זאַוועלאָווסקי און די ברידער טענענבוים זיינען געהאַנגען געוואָרן דורך דער יידישער פּאָליציי.

די עקזעקוציעס האָבן אין שטעטל און אין די אַרומיקע לאַגערן געמאַכט אַ דערשיטערנדיקן איינדרוק. יידן האָבן מיטאַמאָל דערזען, אַז זייער לעבן איז זייער ביליג ניט נאָר ביי די דייטשן, נאָר אויך ביים יידנראַט און יידישער פּאָליציי.

עטלעכע טעג נאָך די תליות אין דראָהיטשין זיינען אַכט פּעטראָוויטשער פּליטים געכאַפּט געוואָרן אויפן וועג קיין ראַדאָסטאָוו דורך אוקראַאינישע פּאָליציאַנטן. ישראל רימלאַנד (אייניקל פון דער „דונערטשע״) און אבא אַדעלסקי (זון פון גראָדנער מגיד) האָבן זיך געוואָרפן אויף די פּאָליציאַנטן מיט מעסערס און געשטעלט אַ ווידערשטאַנד. זיי זיינען דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט. די אַנדערע זעקס זיינען געבראַכט געוואָרן קיין ראַדאָסטאָוו, וואו זיי האָבן איין טאָג געאַרבעט צוזאַמען מיט אַלע דראָהיטשינער, וויעטלער און קאָלאָניער יידן און אויפצומאָרגנס האָט מען זיי אָפּגעזונדערט און דערשאָסן.

ח.

## אַ „גוטער דייטש״ שיסט אַ יידישע מיידל

אַ קורצע צייט נאָך דער טראַגעדיע „פּעטראָוויטשער פּליטים״ איז אין לאַגער ראַדאָסטאָוו אומגעקומען אַ יידיש מיידל (מיטן נאָמען חיה) פון דיווין, וועלכע האָט אַ צייט לאַנג געאַרבעט אין ראַדאָסטאָווער לאַגער, נושא חן געווען ביי



ר׳ ישראל און אסתר־רחל קראַוועץ און קינדער. פון רעכטס: פעשקע, לאה (שנור) און משה און זייערע קינדער, און הילפס־מיידל הויזמאַן. אַלע זיינען אומגעקומען. הי״ד.

דער דאָרטיקער דייטשער פאַרוואַלטונג און האָט זיך באַפרייט פון דער אַרבעט גראָד אַ קורצע צייט פאַר דער „אַקציע״ אין איר היימשטעטל. ווען דער אומגליק איז געשען און דאָס שטעטל איז פאַרניכטעט געוואָרן איז איר געלונגען צו אַנטלויפן קיין ראַדאָסטאָוו. דער קאָמענדאַנט פון לאַגער, דער יעפרייטער מאַרטין, האָט איר אויפגענומען, פאַרבעטן צו זיך אויף מיטאָג, זיך געוויצלט מיט איר און צוגעזאָגט איינאָרדנען איר אין לאַגער. נאָכן מיטאָג האָט ער איר אַרויסגערופן אויף אַ שמועס הינטער אַ שייער און איר דערשאָסן... נאָכדעם האָט די „גוטע״ דייטשישע בעסטיע געשיקט אַ פּאָר יידן זיי זאָלן דאָס מיידל באַגראָבן...

דערזעלבער מאַרטין פלעגט אָפט באַזוכן די לאַגער־אַרבעטער נאָך די אַרבעטס־שעהן, שמועסן מיט זיי און דערציילן וועגן דעם, וויאַזוי ער האָט אין פאַרשיידענע ערטער געראַטעוועט יידן פון אומקום. יעדער באַזוך האָט דעם לאַגער געקאָסט גאַנץ טייער. דער קאָמענדאַנט פלעגט שטענדיק מאַכן באַשטעלונגען ביי די אַרבעטער: אַמאָל האָט ער געדאַרפט גאָלד אויף ציינער פאַר זיך, אַמאָל פאַר זיין פריילין, אַמאָל האָט ער באַשטעלט אַ פוכענע קאָלדרע, אַ גוטן פוטער אדגל. דראָהיטשינער יידן אין ראַדאָסטאָוו האָבן מיטגעבראַכט מיט זיך און

צוביסלעכווייז באַקומען אויך פון זייערע קרובים אין שטאָט אַ ביסל ווערטזאַכן און זיי האָבן עס אויסבאַהאַלטן, האָפנדיק אַז „ווען די גאולה וועט קומען" וועלן זיי דערמיט זיך קענען שטעלן אויף די פיס....

אַזויווי צו דער גאולה איז נאָך אָבער געווען ווייט און אַלע האָבן פאַרשטאַנען, אַז מ'וועט נאָך דאַרפן אַ גרויסע ישועה ביז דער ישועה, האָט מען דערווייל געגרן דערפילט דעם קאָמענדאַנטס „בקשה". מ'האָט אים אָפט געשענקט: גאָלדענע רינגעלעך, זייגערלעך און אַלץ וואָס ער האָט נאָר פאַרלאַנגט, האָפנדיק אַז בזכות פון די מתנות וועט דער „יידנפריינט" מאַרטין זאָרגן פאַרן לעבן פון די לאַגער־אַרבעטער און זיי ראַטעווען פון טויט, פונקט ווי ער האָט „געראַטעוועט" דאָס לעבן פון יידן אין אַנדערע ערטער...

ט.

## דער גנב באָדאַנקע און שטאָטישע רוסן העלפן די יידן

אין דראָהיטשין איז דערווייל די לאַגע געוואָרן פון טאָג צו טאָג מער אָנגעשטריינגט. אויפן וואונק פון דער דייטשער מאַכט האָט די קריסטלעכע באַפעלקערונג פון דראָהיטשין און אומגעגנט זיך געוואָנדן מיט אַ ביטע מ'זאָל דראָהיטשין מאַכן „יידנריין", דאָס הייסט צונעמען די יידן פון שטעטל.

דראָהיטשינער גויים זיינען דוקא געווען גוט אויפגעלעבט מיט דער יידישער באַפעלקערונג. אין די ערשטע טעג פון דער דייטשער אָקופּאַציע פלעגט דער רוסישער גלח פון שטעטל אָפט אינטערווענירן ביי דער מיליטער־פאַרוואַלטונג לטובת די יידן און באַזונדערס לטובת דעם רב ר' אייזיק קאַלענקאָוויטש. איינמאָל, ווען געסטאַפּאָ־מענער האָבן דעם רב אַרויסגעשלעפּט אינדערפרי אַ נאַקעטן פון בעט, אַריינגעוואָרפן אים אין זייער טאַקסי און געפירט הינטערן שטאָט מיטן ציל צו דערשיסן אים, איז דער גלח אַרויסגעלאָפן, געבעטן רחמים פאַר אים און געראַטעוועט זיין לעבן.

די רוסישע בירגערמייסטערס: קריידיטש און באָריסיוק, וועלכע האָבן איבערגענומען די מאַכט נאָך דעם פּוילישן בירגערמייסטער טשאַפּלינסקי, די פאַמיליע סטראַפּקי און אַנד. פלעגן זיך זעלבסט באַשטייערן און העלפן יידן צו צאָלן די פאַרשיידענע קאָנטריבוציעס (אַ זאַך וואָס מיטגלידער פון יידנראַט און פון דער יידישער פּאָליציי האָבן ניט געטאָן).

דער שטעטלשער גנב, באָדאַנקע פון זאַריטשקע האָט געוואָרנט די גוים: „ווער ס'וועט אָנרירן אַ יידן וועט האָבן צו טאָן מיט מיר!"... נאָך דער באַפרייאונג האָט דער זעלבער באָדאַנקע פאַרמסרט פאַר דער נ.ק.וו.ד. (געפּעאו), אַז זיין שוועסטער האָט אַרויסגעגעבן יידן דער דייטשער מאַכט און גורם געווען צו זייער טויט. די נ.ק.וו.ד. האָט זיין שוועסטער פאַרשיקט קיין סיביר און איבערגעגעבן באָדאַנקען איר פאַרמעגן. אָבער ער האָט זיך אָנטזאָגט צו געניסן פון דעם. אייניקע טעג פאַר דעם חורבן פון געטאָ א' האָט באָדאַנקע געוואָרנט די יידן: „מ'וויל אייך אומברענגען, אַנטלויפט!"

אין דעם צעכוואַליעטן ים פון יידנהאַס איז דראָהיטשין געווען אַ גליקלעכער אינדזל, וואו די שנאה האָט זיך ניט געשפּירט. דראָהיטשינער גוים פלעגן טראָץ אַלע פאַרבאָטן און געפאַרן אַריינפירן אין געטאָ שפּייז־אַרטיקלען און דראָהיטשינער יידן האָבן ביז דעם סאַמע חורבן ניט געהונגערט.

## דייטשן שיסן 16 יידן, אָנזאָג צום לעצטן חורבן

און אָט אין דעם דאָזיקן גליקלעכן אינדזל האָבן אויפן וואונק פון דער דייטשער מאַכט זיך פּלוצלונג באַוויזן מעלדונגען אין די גאַסן, אַז די שטאָט דאַרף אינגיכן ווערן יידנריין, אַז די באַפעלקערונג ווינטש זיך באַפרייט צו ווערן פון דער „יידישער אומריינקייט".

די דאָזיקע מעלדונגען זיינען געווען ווי אַ טויט אורטייל פאַר דער יידישער באַפעלקערונג. יידן האָבן דערפילט אַז ס'גרייט זיך אַן „אַקציע". מ'האָט לכתחילה געמיינט, אַז ס'וועט פונקט ווי אין פאַל פון געטאָ ב' זיין אַ טערמיניקע אַקציע, וואָס וועט דויערן נאָר געציילטע שעה'ן, און די וועלכע וועלן זיך אויסבאַהאַלטן וועלן געראַטעוועט ווערן. אַלע געטאָ איינ־



יעקב, פייטשע און בערעלע וויכנעס. אַלע אומגעקומען, הי"ד!



ב און דאָבקע
און זייערע
פון רעכטס:
ערל, מרדכי,
חיה איטע
ץ בערלען און
אַלע אומגע־
ז״ד!

לייב׳ן האָבן
ן אַלס גוטער
אַרויסגעפירט
ברין. אין אַ
און די דייטשע
ז האָבן אים
יט פיל אַנדע־
דערמאָרדעט.

ע איז געוו.
טער פון יהו־
מאַן, שיקאַגע

האָבן גאַנצע נעכט געהאָרעוועט און געמאַכט זיך
ניישן אונטער די דילן, אויף די בוידעמער, אין
ץ וועגט אדגל.

ראָהיטשין זיינען צו יענער צייט געזעסן אַ פּאָר דייַ־
ד.׳ניקעס (ראשי תבות „זאָנדער־דינסט״, ד. ה. די
יינען געווען ממונה אויף דורכצופירן פאַרניכטונגס־
. דער יידנראַט האָט די מחבלים „געשמירט״ און זיך
ויי אַזוי צופרידנשטעלן, אַז זיי זאָלן פאַרגעסן אָן
ייזע כוונות און פלענער.

חבלים האָבן גערן גענומען אַלערליי מתנות און זיך
יערס. אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָט מען פון אַלע
אין געטאָ א׳ אָפּגעקליבן בעסערע פאַכלייט, ספּע־
ן, און זיי אַוועקגעשיקט קיין קאָברין אין אַ זאַמלפּלאַץ
ווערטפולסטע יידן פון גאַנצן געגנט. דאָס איז געווען
, אַז די איבעריקע זיינען ווייניקער ווערט און זייער



, האָדעס און שרה בוך, אסתר יהודית גראַטש. שטייען

לעבן איז דעריבער ניט זיכער. פונקט ווי די י
ב׳ האָבן מיט איניקע חדשים צוריק מקנא ג
„גליקלעכע״ פריינט און חברים אין געטאָ א׳ —
לעצטע איצט מקנא געווען די וועלכע מ׳פירט
קאָברין. געטאָ א׳, „דאָס אינדזל פון אַרבעט און
איצט דערפילט אַז ער איז פונקט ווי געטאָ ב׳ פ
אומקום. אַ האָפענונג אויף איבערלעבן די צרות
די גאולה״ האָט מען געמיינט האָבן נאָר די וו
אַרויס קיין קאָברין. אַלע האָבן זיי דעריבער
געווען.

די מעלדונג „דראָהיטשין יידנריין״, דער אַרו
ספּעציאַליסטן קיין קאָברין, האָבן זייער באַאומ
יידן פון דראָהיטשין, קיינער האָט ניט געשלאָפן
יידן האָבן געדאַרט און געקוואַרט נאָר פון שרע
דער איינציקער, וועלכער האָט ווייניק־וואָס געזאָ
צוקונפט איז געווען באָנטשע וואַלעוועלסקי,
פרעזעס פון יידנראַט. ער האָט געלעבט זייער
ס.ד.־ניקעס און ער פלעגט זאָגן: „אויב אַ
ייד וועט איבערלעבן די מלחמה — וועל איך ע

און ער איז גראָד געווען דער ערשטער ק
לעצטער „אַקציע״ אין דראָהיטשין. אינם בנין
האָט אים זיין גוטער באַקאַנטער ס.ד.־מאַן, נאָך
שמועס, דערשאָסן. דעם זעלבן טאָג, דאָס איז
תש״ג, האָבן די ס.ד.־מענער דערשאָסן נאָך אַ
געטאָ א׳, קאָנפיסקירט זייערע פאַרמעגנס און
יידנראַט זיך אונטערשרייבן אויף אַ מעלדונג
באָנטשע וואַלאָוועלסקי און די אַנדערע 15 יי
שטאָרבן פון אַ האַרץ־שלאַג... דער פרעזעס פון

## לעצטער חורבן דראָהיטשין

### שחיטה פון געטאָ א' — אַ 3000 יידן אומגעקומען

אַ קורצע צייט נאָכן טויט פון די 16, דעם 15־טן אָקטאָבער 1942, 5טער אָדער 6טער חשוון, תש״ג, איז דראָהיטשין אַרומגערינגלט געוואָרן פון אוקראַינישע פּאָליציאַנטן און אַלע איינוואוינער פון געטאָ א' זיינען אַרויסגעפירט געוואָרן צו דער באַן־סטאַנציע, ניט ווייט פון אַלטן בית־עולם, און דערשאָסן געוואָרן. אין משך פון געציילטע טעג זיינען אויפגעזוכט געוואָרן אַלע יידן, וועלכע האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין די פּאַר־שיידנסטע באַהעלטענישן און אַוועקגעפירט געוואָרן צו דעם אומשלאַג פּלאַץ, נעבן דער באַן־סטאַנציע.

דער אַלטער גדליה גראַסמאַן, וועלכער איז גראַד אַ קורצע צייט פאַר דער „אַקציע" געזונט געוואָרן, נאָכדעם ווי ער איז אַ לענגערע צייט געווען שווער קראַנק, איז געפונען געוואָרן אין אַ קעלער צוזאַמען מיט זיין שנור דאָרע און איינ יקל בלומע, פעלדשער אהרן לאַסאָווסקי און אַלטער פרידענבערג (דוד מרדכי׳ס וואַרשאַווסקיס איידעם), זיי זיינען אַלע אַוועקגע־פירט געוואָרן צום אומשלאַג־פּלאַץ און דערשאָסן געוואָרן.

טוביה זבאַר, וועלכער האָט זיך אַ קורצע צייט אויסבאַ־האַלטן אין אַ וואַלד, איז אַליין געקומען אין שטאָט אַריין און זיך איבערגעגעבן אין די הענט פון דער פּאָליציי, בעטנדיק מ׳זאָל אים דערשיסן. זיין ביטע איז דערפילט געוואָרן.

די דאָקטוירים לאַמפּעל און שעכטער האָבן די דייטשן געלאָזן דערווייל לעבן, כדי זיי זאָלן אַרבעטן אין שפּיטאָל. אָבער די דערמאָנטע האָבן מוותר געווען אויפן דייטשן חסד און באַגאַנגען זעלבסטמאָרד.



די גראַסמאַנ׳ס. — ר' גדליה (פאָטער), זעליג (רעכטס) און בלומע איינ יקל, אומגעקומען, הי״ד! ירמיה (לינקס) און חיים לייב לעבן.

יא.

### דייטשן העצן גויים צו הרג׳ענען אַנטלאָפענע יידן

די אַרומיקע גוים האָבן דאַן באַקומען אַ באַפעל זיי זאָלן יעדן ייד וואָס זיי טרעפן ברענגען אין פּאָליציי און דערפאַר וועלן זיי באַקומען 500 קאַרבאָוואַנצעס (50 דייטשע רייכס־מאַרק), אַ פלעשל בראָנפן און אַ פּעקל טאַבאַק. אין קעגנטייל, אויב זיי וועלן אַ יידן אויסבאַהאַלטן וועלן זיי זעלבסט דער־שאָסן ווערן. גויים האָבן דעם באַפעל אייפעריק דערפילט. אָרע־מע יידן פלעגן זיי איבערגעבן אין די הענט פון דער פּאָליציי, רייכערע—פלעגן זיי אַליין דערהרגענען און באַגראָבן. ניט גע־ווען פאַר יידן קיין אָרט וואוהין צו אַנטלויפן. אַלץ איז מאָבי־ליזירט געוואָרן קעגן זיי און אומעטום האָט געלויערט דער טויט. אַלע גוישע פריינט האָבן פאַרראַטן. קיינער, קיינער האָט דעם ייד נישט דערקענט בעת זיין אומגליק...

בן־ציון בעזדזשעזסקי, אַ יונגער עסקן פון פּועלי־ציון, איז



אַלטער פרידענבערג, הי״ד — אהרן לאַסאָווסקי, הי״ד

בעת דער אַקציע אַנטלאָפן צו זיין פאָטערס „גוישע פריינט" אין דאָרף פּאַיאַסי, האָבן זיי אים געבונדן און געבראַכט אין דער פּאָליציי אַריין און דאָרט איז ער דערשאָסן געוואָרן..

דאָסזעלבע האָבן געטאָן די בילינקער „גוישע פריינט" פון רבקה סערטשוק (די פרוי פון פישל דעם קצב) און פיל אַנ־דערע. געיאָגט ווי די ווילדע חיות האָבן יידן דאַן אינערגעץ ניט געפונען קיין מקום מקלט און קיין הילף.

פּאַרטיזאַנישע גרופּן, וועלכע זיינען צו יענער צייט אַנט־שטאַנען אין די וועלדער אַרום דראָהיטשין, זיינען אין די מערהייט־פאַלן באַשטאַנען פון אוקראַינישע נאַציאָנאַליסטן אָדער סתם באַנדיטן און זיי פלעגן אומברענגען יעדן יידן, וואָס זיי האָבן אָנגעטראָפן אויף זייער וועג.

אַרום כאָמסק האָט צו יענער צייט געאַרבעט דער פּאַר־טיזאַנישער אָטריאַד פון דזשענקאָווסקין. די דאָזיקע באַנדיטן פלעגן סיסטעמאַטיש אומברענגען יעדן ייד וואָס זיי האָבן גע־כאַפּט, וועלנדיק, אַזוי אַרום, אָפּווישן יעדן שפּור פון די רציחות וואָס זיי זיינען באַגאַנגען אין כאָמסק איידער זיי זיינען אַנטלאָפן אין וואַלד אַריין, מסתמא אַלס מורא פאַר נקמה, און געוואָרן פּאַרטיזאַנער...

ערשט אין אַ יאָר אַרום, ווען דזשענקאָווסקיס אָטריאַד, פּונקט ווי די אַנדערע אָטריאַדן פון סאָוועטישע פּאַרטיזאַנער, איז באַהערשט געוואָרן פון סאָוועטישע קאָמאַנדירן, האָט מען דאָרט אָפּגעשטעלט דעם געיעג אויף יידן. דזשענקאָווסקי גופא איז פאַר זיינע „מעשים טובים" דערשאָסן געוואָרן פון אַ סאָוועטישן קאָמיסאַר....

אַרום לעכעוויטש און בילינקע האָט צו יענער צייט געאַרבעט אַ פּאַרטיזאַנישע בריגאַדע: „פּינסקער איינהייט". דער אָטריאַד אויפן נאָמען פון „קוטוזאָוו", וואָס האָט אָנגעהערט צו דער דאָזיקער בריגאַדע, האָט גע'הרג'עט פיל יידישע פליטים. ערשט סוף 1943 איז ער באַהערשט געוואָרן דורך סאָוועטישע קאָמאַנדירן, האָט זיך משנה שם געווען אַלס „אָטריאַד אויפן נאָמען פון „סוואָראָוו" און אָפּגעשטעלט דעם געיעג אויף יידן.

אַביסל יידן זיינען נאָך פיל ליידן און מאַטערנישן דאָך אָנגענומען געוואָרן אין פּאַרטיזאַנישע אָטריאַדן, געקעמפט אין זייערע רייען קעגן די דייטשן און זייערע אוקראַינישע און ווייס־רוסישע משרתים און געליטן דערביי איוב'ס יסורים פון זייערע „וואַפן־ברידער".

אייניקע יידן פון געטאָ א' איז געלונגען צו אַנטלויפן קיין פּרוזשאַני, וואו ס'האָט נאָך דאַן עקזיסטירט אַ „יידנשטאַט" (דאָס הייסט די גאַנצע שטאָט איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ יידישער געטאָ, די קריסטן זיינען פון דאָרטן אַרויסגעפירט געוואָרן), קיין ראַדאָסטאָוו, וואו ס'האָט נאָך עקזיסטירט דער פרייוויליקער לאַגער פון דער האָלץ־קאָמאַנדע, און אין פּאַרטיזאַנישע אָטריאַדן.

קיין פּרוזשאַני זיינען אַנטלאָפן: ראובן וואַרשאַווסקי, חסיה און וועלוול וויסאָצקי, יודל שמיד און יוסף סידעראָוו. די דערמאָנטע זיינען געקומען אין באַרירונג מיט פּאַרטיזאַנישע גרופּן, וועלכע האָבן דאַן ערב דעם חורבן פון פּרוזשאַני שוין פעסט געאַרבעט אין די ביאַלאָוויעזשער וועלדער אַרום שטעטל. יודל שמיד איז אָנגענומען געוואָרן אַלס קעמפער אין פּאַרטיזאַנישן אָטריאַד, אויסגעצייכנט זיך אין קאַמף קעגן די דייטשן און איז העלדיש געפאַלן אין שלאַכט. יוסף סידעראָוו איז דורך די פּאַרטיזאַנער דערשאָסן געוואָרן, נאָכדעם ווי זיי האָבן זיך דערוואוסט, אַז ער איז געווען אַ פּאָליציאַנט אין געטאָ.

קיין ראַדאָסטאָוו אין לאַגער זיינען אַנטלאָפן אברהם אַדלער (איצט אין אַמעריקע), זלמן אָרליאַנסקי (ייִנגסטער זון פון יודל דעם לעכעוויטשער) און סנדר קראַוויעץ (ייִנגסטער זון פון אברהם קראַוויעץ).

קיין פּינסק, וואו ס'האָט נאָך דאַן עקזיסטירט אַ יידישער ישוב, איז געלאָפן אייזיק לעוו (זון פון אליעזר לעוו, אייניקל פון יעקב ראָזענשיין, באַקאַנט אונטערן נאָמען „יענקל חכם"). גויים האָבן אים געכאַפּט אויפן וועג און אומגעבראַכט.

אין פּאַרטיזאַנישע אָטריאַדן זיינען פון געטאָ א' אָנגעקומען


פון רעכטס: י. וואַרשאַווסקי, סעם פעלדמאַן, שיינקע וואַרשאַווסקי־בוים און ראובן וואַרשאַווסקי. לעצטע צוויי אומגעקומען. הי"ד! בילד גענומען 1932 אויף זאַמד גאַס.

די דראָהיטשינער פליטים: יהושע קאַפּעלושניק (היינט אין אַרגענטינע), בנימין דער וואָרצעוויטשער (געשט. 1946 אין פּראַג) און דער שוסטער עזריאל פּאָמעראַנץ (געפאַלן סוף 1943 אין אַ קאַמף פון זיין אָטריאַד מיט דייטשן אין דאָרף בילינאָק).

אין דראָהיטשין גופא האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ הייל אונטער דער פּאָדלאָגע פון זייער וואוינונג במשך פון 6־7 חדשים, מרדכי מילנער, (זון פון שמואל'יק דעם קצב). אין פרילינג 1943, האָבן שקאָצימלעך פון דער פוילישער שקאָלע, וואָס האָט זיך דאַן געפונען אין דוד אייזענשטיין'ס מויער, אַנטדעקט זיין באַהעלטעניש און צוגעשיקט צו אים די פּאָליציי און זיי האָבן מרדכי'ן דערשאָסן אויפן אָרט...


מרדכי מילנער, הי"ד

אָנהויב 1943 זיינען אומגעבראַכט געוואָרן אויך די אָפּגעקליבענע פון גאַנצן געגנט „ווערטפולע יידן" וואָס האָבן זיך געפונען אין קאָברין, צווישן וועלכע ס'זיינען געווען פיל דראָהיטשינער.

יב.

## דייטשן ברענגען אום די רעשט יידן אין ראַדאָסטאָוו

דער לאַגער אין ראַדאָסטאָוו האָט נאָכן חורבן פון געטאָ א' זיך געמאַטערט אַ דריי וואָכן. דער לאַגער קאָמענדאַנט, יעפרייטער מאַרטין, דער „יידנפריינט", האָט אַ טאָג נאָכן חורבן פון געטאָ באַזוכט די לאַגער אַרבעטער, געטיילט זיי ציגאַרן און געטרייסט, אַז ער וועט שוין זאָרגן פאַר זייער לעבן און זיכערהייט. אַ מיליאָן יידן, האָט ער געזאָגט, אַרבעטן ביי אונדז אין לאַגערן, זיי זיינען אונדז נויטיק אַלס אַרבעטס־כוח און

מיר וועלן זיי דעריבער ניט אויסליפערן אין די הענט פון דער ס.ד. אָדער געסטאַפּאָ.

די לאַגער אַרבעטער האָבן קנאַפּ־וואָס געגלויבט די הבטחות. פון טאָג צו טאָג זיינען אָנגעקומען אין לאַגער אוקראַאינישע אַרבעטער און יידן האָבן געזען באַשיימפּערלעך אַז זיי זיינען שוין „איבעריקע מענטשן״, אַז מ׳קען שוין אויספירן די אַרבעט ביי די „בינדיוגע־קלעצער״ אָן זיי. אַלע האָבן פאַרשטאַנען אַז אַ ליאַדע טאָג וועט מען קומען זיי אומצוברענגען.

אין יענער צייט האָט אין ראַדאָסטאָוו געלאַגערט אַן אָוויאַ־אָפּטיילונג פון דייטשן מיליטער. יידישע מיידלעך האָבן געאַרבעט אין דער אָפּטיילונג אַלס קעכינס און וועשינס. די זעלנער האָבן זיי פאַרטרויט, אַז זייער אָפּטיילונג איז באַאויפטראַגט געוואָרן אומצוברענגען די יידן, זיי האָבן אָבער דעם אויפטראַג ניט אָנגענומען, דערקלערנדיק, אַז פאַרניכטונגס־אַקציעס געהערן ניט צו זייער קאָמפּעטענץ. דאָס דאַרפן דורכפירן די ס.ד. אָדער געסטאַפּאָ אייגנהייטן. אויך זיינען זיי, די יידן, נויטיק צו פאַרשיידענע אַרבעטן. נאָך אונדזער אָפּפאָר, האָבן די זעלנער געזאָגט, וועלן געוויס קומען געסטאַפּאָ־מענער אייך אומצוברענגען, אַנטלויפט באַצייטנס אין די וועלדער.

אַנטלויפן אין וואַלד אַריין איז פון גאָראָוויצע — דעם אַרבעטס־פּלאַץ פון די דראָהיטשינער „בינדיוזשניקעס״ אין ראַדאָסטאָוו (בינדיוזשניקעס־אַרבעטער ביי אַ ספּלאַוו פון האָלץ, די וואָס בינדן צונויף טראַטוועס און פירן עס מיטן וואַסער אין ווייטערע מקומות) — געווען זייער לייכט. אַ שפּרונג פון די בינדיוגע־קלעצער און דו ביסט שוין אין וואַלד. יידן האָבן דעריבער געטראַכט, אַז זיי וועלן אַפילו אין דער לעצטער מינוט, ווען מ׳וועט שוין אָנהויבן שיסן, נאָך אויך באַוויזן צו אַנטלויפן. ביז וואָס־ווען האָט קיינער קיין חשק ניט געהאַט צו פאַרלאָזן דעם לאַגער, די שטוב, דעם דאַך איבערן קאָפּ און שוין אָנהויבן צו לעבן ווי אַ בראָדיאַגע. אַלע האָבן זיך געשראָקן פאַרן וואַלד, פאַרן ווינטער וואָס דערנענטערט זיך.

מ׳האָט פאַרשטאַנען אַז ס׳וועט זיך אָנהויבן די אַקציע וועלן אַלע גויים פון גאַנצן געגנט מאָביליזירט ווערן צום „געיעג״ נאָד די אַנטלויפנדיקע, און ס׳וועט זיין זייער שווער פאַר מענטשן, וועלכע האָבן קיין אַנונג ניט אין וואַלד־באַדינגונגען, זיך דאָרט אויסצובאַהאַלטן און לעבן בלייבן. אויסער דעם זיינען אין לאַגער געווען עטלעכע קראַנקע יידן: קדיש גרינשטיין, דער קרעמער יעקב גאָראָדעצקי און זיין פרוי, וועלכע האָבן בשום אופן ניט געקאָנט אַנטלויפן און זיי האָבן צוגערעדט די איבעריקע זיי זאָלן וואַרטן ביזן לעצטן מאָמענט. ווייל אין פאַל עמיצער וועט באַצייטנס אַנטלויפן וועלן אַלע איבעריקע דאָ שטריינג באַשטראָפט ווערן.

די מורא פאַרן וואַלד, די זאָרג פאַר די שוואַכע, וועלכע קענען בשום אופן ניט אַנטלויפן, און די האָפענונג, אַז מ׳וועט דעם וואַלד סייווי קיינמאָל ניט פאַרשפּעטיקן, האָבן גורם געווען דערצו, אַז קיינער איז ניט אַנטלאָפן, אַלע האָבן געוואַרט אויפן אומגליק. די אַרבעטער האָבן, זינט ס׳איז זיי באַקאַנט געוואָרן וועגן חורבן פון געטאָ א׳, אויפגעהערט שלאָפן ביינאַכט. אין די זאַכן האָבן זיי זיך געוואַלגערט אויף די דילן



לייבע און ליבע פעלדמאַן, הי״ד

פון די פּאָר בנינים, וואו זיי האָבן גענעכטיקט און דערווייל זיך צוגעהערט צו יעדן שאָרך פון דרויסן, גרייט יעדע מינוט צו לויפן אין די אומבאַקאַנטע וועלדער.

געווען אין לאַגער עטלעכע ישובניקעס, געוועזענע דאָרפסלייט: לייב פעלדמאַן (זון פון מאיר יודל פעלדמאַן), אברהם אַדלער (פון טשעראָמכע), זלמן אָרליאַנסקי (פון לעכעוויטש), און יידן פון דאָרף וויעטלע. זיי פלעגן אין די אָוונטן באַזוכן באַקאַנטע גויים און פירן מיט זיי אונטערהאַנדלונגען וועגן אויסבאַהאַלטן זיך ביי זיי ווען דער אומגליק וועט קומען.

געקומען איז דער אומגליק דעם 4־טן נאָוועמבער, 1942, אינדערפרי (סוף חשוון תש״ג). יענעם פרימאָרגן האָבן די אַרבעטער אַרויסגייענדיק צו דער אַרבעט באַמערקט ווי ס׳פאָרן זיי אַנטקעגן דייטשן אין טאַקסעווקעס. די דייטשן האָבן געעפנט אויף די אַרבעטער אַ פייער פון מאַשינגעווער און אויטאָמאַטן און געשריען צו די אַנטלויפנדיקע: „האַלט, פאַרפלוכטע יודען!״ לייב פעלדמאַן, די וויעטלער יידן, דוואָשקע ספּעוואַק זיינען געפאַלן די ערשטע קרבנות. אַלע האָבן אָנגעהויבן צו לויפן, ניט וויסנדיק איינער פון אַנדערן און וואו צו לויפן...

פון די 120 אַרבעטער אין ראַדאָסטאָוו איז אַן ערך 40 געלונגען צו אַנטלויפן. די מערהייט פון זיי זיינען אָבער אין משך פון אַ קורצער צייט אַריינגעפאַלן אין גוישע הענט און אומגעקומען. טייל זיינען ווינטער 1942־43 געשטאָרבן אין זייערע באַהעלטענישן פון קעלט, הונגער און לייז. נאָר אַ 15 פּערזאָן האָבן אין פאַרשידענע באַהעלטענישן, ניט וויסנדיק איינער פון אַנדערן, אויסגעהאַלטן דעם ערשטן ווינטער אין וועלדער.



פון לינקס: מאיר מ. הויזמאַן, מנחם שטיינבערג, פּרץ גאָלדמאַן, העניע וואַלעוועלסקי, צבי לעוואַק, אשר מעשטשאַנין, מרדכי גאָטליב. שטייען לינ.: בערל גאָטליב, משה גאָלדבערג. בית״ר.

### יג.

## רוסישע אַרמיי ראַטעוועט די יידן אין די וועלדער

פרילינג 1943, האָבן אַלע „גליקלעך געראַטעוועטע“ גע־טראָפן זיך אין וואַלד אין אָזאַנע, וואָס איז באַהערשט געווען דורך סאָוועטישע פּאַרטיזאַנער (אַרום דאָרף בילינקע) און דאָרט געלעבט אין ציווילע לאַגערן (בונקערס) ביז אָנהויב 1944.

אָנהויב 1944, מיט דער דערנענטערונג פונם קריגס־פראָנט, זיינען די פּאַרטיזאַנער אַוועק אויף „יענער זייט גרענעץ“, דער סאָוועטישער אַרמיי אַנטקעגן. די דראָהיטשינער וואַלד־יידן זיינען נאָכגעגאַנגען די פּאַרטיזאַנער. די עלטערע לייט, פרויען און קינדער האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין די באַפרייטע שטעט־לעך אַרום ראָוונע. די יינגערע האָבן זיך מאָביליזירט אין דער סאָוועטישער אַרמיי און אין אירע רייען געקעמפט, שטעט און לענדער באַפרייט, גענומען נקמה אָן די דייטשישע רוצחים, דאָס אייגענע לעבן געראַטעוועט און זייער צער און צאָרן... ניט געשטילט...

כמעט אַלע געראַטעוועטע האָבן באַזוכט דראָהיטשין נאָך איר באַפרייאונג און זיך אָנגעזאַפּט מיט פריש־באַנייטן צער און צאָרן. עשו׳ס קינדער זיצן אין די געצעלטן פון יעקב׳ן, פּוצן זיך אין יידישע בגדים און רויכערן די בלעטער פון יידישע ספרים. אויסגעברוקירט זיינען געוואָרן דראָהיטשינער גאַסן מיט יידישע מצבות פון אַלטן און נייעם בית־עולם. פיר־און צוויי־פיסיקע חזירים ריען זיך אין יידיש האָב און גוטס...

שווער, מורא׳דיק שווער, איז דעם שרייבער פון די שורות געווען עס צו זען. אַ צעבראָכענער איז ער, דער נקמה־נעמער און באַפרייער פון דראָהיטשין, אַנטלאָפן פון זיין היים־שטעטל, באַדויערנדיק וואָס זי איז נישט פאַרוויסט געוואָרן צוזאַמען מיט די גוטע און שלעכטע „יורשים“ פון דעם געוועזענעם יידישן יישוב.

דאָס שטעטל כאָמסק האָט געטיילט דעם גורל פון איר יידי־שער באַפעלקערונג. ניט געבליבן פון איר קיין זכר.

דראָהיטשין, מיין היים־שטעטעלע דראָהיטשין, נישט גע־בליבן איז דאָך ביי דיר קיין שפּור פון אַ יידיש־לעבן... דראָ־היטשין, פאַרוואָס בינסטו נישט פאַרוויסט געוואָרן צוזאַמען מיט דיינע יידישע קינדער?! — פאַרוואָס?!

---

# וואו איז יאַנקעלע?

„ראַטעווע זיך מיין קינד, אַנטלויף אין וואַלד“, אַזוי האָט דער טאַטע, לייבע פעלדמאַן פון דראָהיטשין, געזאָגט צו זיין 9־יעריקן יאַנקעלע, ווען זיי זיינען געלאָפן פון די דייטשע קוילן, וועלכע האָבן אַוועקגעלייגט טויט צענדליקער יידן פון ראַדאָסטאָווער לאַגער. דער טאַטע לייבע און די מוטער ליבע זיינען געפאַלן דערשאָסענע, אָבער דער קליינער יאַנקעלע האָט אויסגעפאָלגט דעם טאַטנס צוואה און איז ווייטער געלאָפן אין וואַלד אַריין. (זען זייט 223 און 302.)

אין וואַלד האָט יאַנקעלע געטראָפן נאָך יידן, וועלכע זיינען ניצל געוואָרן פון די דייטשישע רוצחים. צוזאַמען האָבן זיי זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ זעמליאַנקע אין וואַלד און דערנערט זיך מיט אַ קאַרטאָפליע אַ טאָג. ווען די עלטערע יידן פלעגן זיך אַרויסלאָזן אין וואַלד צו זוכן שפּייז, פלעגט יאַנקעלע היטן דעם פייער, וועלכן מען האָט געמוזט אָנהאַלטן טאָג און נאַכט ווי דעם נר־תמיד, ווייל עס איז נישט געווען קיין שווע־בעלאַך צו מאַכן אַ נייעם פייער. אַזוי האָט זיך דער קליינער יתומ׳ל אָפּגעפייניקט צוזאַמען מיט אַלעמען ביז 1943.

שפּעטער, ווען די ראַדאָסטאָווער געראַטעוועטע זיינען גע־וואָרן אַריינגענומען אין פּאַרטיזאַנער לאַגער, איז די לאַגע פון קליינעם יאַנקעלע פאַרבעסערט געוואָרן. חיה ריידער פון דראָהיטשין האָט זיך פאַרנומען מיט דעם קליינעם יתומ׳ל און געזאָרגט פאַר אים ווי אַ מוטער.

זומער 1943 איז יאַנקעלע אָנגעקומען פאַר אַ פּאַסטוכל צו אַ פּויער אין אַ דאָרף. דער קליינער האָט זיך אויסגעלערנט די ווייס־רוסישע שפּראַך, האָט געקענט טאַנצן די גוישע טענץ און זינגען זייערע לידער, האָט דער פאַרשטעלטער יידישער פּאַסטוכל געטאַנצט און געזונגען פאַר די גוים (זיי האָבן אים אָנגענומען פאַר אַן אייגענעם) און געהאָפט אויף דעם מאָמענט, ווען ער וועט קענען פאָרן צו זיין פעטער יוסף פעלדמאַן קיין שיקאַגע...

ווען די באַפרייאונג איז געקומען אין 1945 און אַלע וואַלד־יידן האָבן זיך גענומען אומקערן צו זייערע היים־שטעטלעך, האָבן זיי אינגאַנצן פאַרגעסן אָן דעם קליינעם יידישן פּאַס־טוכל אין דאָרף. אַ רוסישער אָפיציר האָט יאַנקעלען אַריינ־געגעבן אין אַ קינדער־היים ערגעץ אין רוסלאַנד און פון זינט דאַן האָט מען פון יאַנקעלען מער נישט געהערט...

פאַר דעם פעטער פון יאַנקעלען איז עס אַ גרויסע טראַגעדיע און האַרץ־ווייטאָג. קלאָגט יוסף פעלדמאַן: פאַרוואָס האָבן די לעבן־געבליבענע דראָהיטשינער פאַרגעסן אָן מיין יאַנקעלען? זיי האָבן דאָך געקענט אים מיטנעמען מיט זיך. יאַנקעלע וואָלט געהאַט אַן אמת׳ע היים ביי מיר און איך וואָלט געווען זיין טאַטע און מאַמע... איז מיין יאַנקעלע נישטאָ... פאַרוואָס האָט דאָס געדאַרפט אַזוי זיין..?

ד.וו.



**Dr. med. D. LAMPEL**
**Lekarz Powiatowy**
**Drohiczyn Poleski.**



# ד״ר ד. לאַמפּעל
# ד״ר הענריק שעכטער
## האָבן זיך גע׳סמ׳ט, הי״ד!



פון רעכטס: ד״ר מירסקי, ד״ר ד. לאַמפּעל, —— ד״ר בעליצקי, ביילע סידעראָוו און אַ דאָקטאָר פון שערשעוו. גענומען אין 1941. בילד געגעבן צביה טענענבוים, קאָלאָניע.

**ווען** די דייטשישע בעסטיעס האָבן אָקופּירט דראָהיטשין **האָבן זיי געשאַפן אַ מעדיציניש־סאַניטאַרן צענטער אונטער** דער אויפזיכט פון יידישן פּאָוויאַטאָוון דאָקטאָר ד״ר ד. לאַמפּעל און ד״ר הענריק שעכטער (שטאָט־דאָקטאָר) אַלס זיין געהילף. די אויפגאַבע פון „מעדיצינישן צענטער״ איז געווען צו געבן מעדיצינישע הילף די יידישע אַרבעטער, וואָס האָבן געאַרבעט פאַר די דייטשן.

**אַ פּאָר טעג פאר דער ליקווידירונג פון געטאָ האָט ד״ר** לאַמפּעל צונויפגערופן זיינע מענטשן און זיי איבערגעגעבן די טרויעריקע בשורה... און אַז די דייטשע רוצחים ווילן, אַז ער, לאַמפּעל, אַלס דאָקטאָר, זאָל שטיין ביי די גריבער און אַכטונג געבן בעת זיי וועלן דורכפירן די עקזעקוציע...

און ד״ר ד. לאַמפּעל און ד״ר הענריק שעכטער האָבן זיך פאַר׳סמ׳ט... ווען די דייטשן, דערציילט צביה טענענבוים, האָבן געפונען ד״ר שעכטער׳ן אין אַ גוסס׳דיקן צושטאַנד, האָבן זיי פון גרויס רציחה אַריינגעיאָגט אַ קויל אין זיין קאָפּ. אויף מאָרגן זיינען געקומען פּאַרטיזאַנער אָוועקצונעמען די דאָקטוירים מיט זיך, אָבער זיי זיינען געקומען צו שפּעט...



דער שפּיטאָל — רוסישע באָלניצע — וואו די דאָקטוירים לאַמפּעל און שעכטער האָבן געאַרבעט און זיך גע׳סמ׳ט. זען זייט 201

חוה פעלדמאַן (שיקאַגאָ)

# אַן אויסגעמאָרדעטע שטאָט

רוסישע אַרמיי פאַרנעמט דראָהיטשין, יידן זיינען צופרידן

שוין אין יאָר 1938 האָבן מיר יידן אין פּוילן אָנגעהויבן פילן די סכנה, וואָס רוקט זיך אָן אויף אונדז. די ערשטע זאַך איז אין דראָהיטשין, ווי אין גאַנץ פּוילן, פאַרבאָטן געוואָרן די ריטואַלע שחיטה. די אַנטיסעמיטישע פּאָליאַקן, געהעצט פון היטלערן, האָבן אויפגעהויבן זייערע קעפּ. אַ פּאָליאַק האָט ניט געטאָרט אַריינגיין אין אַ יידישער קראָם צו קויפן, און אַ ייד מיט אַ באָרד האָט נישט געקענט אַדורכגיין די גאַס אַז אַן ענדעק זאָל אים ניט פאַרטשעפּן. מיר האָבן געזען, אַז אַ גרויסער וואָלקן פאַרציט זיך איבער אונזער האָריזאָנט און קיין גוטעס וועט פון דעם נישט אַרויסקומען. מיר האָבן דערוואַרט, אַז אַ ליאַדע טאָג זאָל אויסברעכן אַ מלחמה. דאָך האָט עס אַזוי אָנגעהאַלטן ביז סוף זומער 1939. די תבואות פון די פעלדער זיינען שוין געווען אַראָפּגענומען, נאָר די קאַרטאָפל האָט מען נאָך געדאַרפט אויסגראָבן.


חוה פעלדמאַן

איינמאָל גיי איך אויף סטאַראָסיליע, הער איך ווי די גוים זאָגן, אַז היטלער האָט דערקלערט מלחמה פּוילן. דאָס איז געווען דעם ערשטן סעפּטעמבער, 1939, און שוין אויף מאָרגן האָבן די דייטשן באָמבאַרדירט דראָהיטשין. אַלע טאָג פלעגן די סירענעס פייפן און געבן צו וויסן, אַז די מחבלים זיינען דאָ, און אַלע אין שטאָט זיינען געלאָפן באַהאַלטן זיך פאַרן טויט. די פּוילישע פּאָליציי פלעגט אַרויסטרייבן אַלע מענער מיט העק און גראָבאַייזנס צו היטן די וועגן און די אייזנבאַן־ליניעס. אַזוי האָט דאָס געדויערט אַ גאַנצן חודש.

אין דער צייט האָבן מיר געהערט, אַז פּוילן וועט ווערן צעטיילט, און אַז אונדזער טייל וועט אַרונטערגיין אונטער די רוסן. זיינען מיר געווען צופרידן, וואָס מיר וועלן אויסמיידן די אָקופּאַציע פון די דייטשן, ווייל מיר האָבן שוין געהערט וואָס די דייטשן טוען מיט די יידן אין יענעם טייל פּוילן וואָס זיי האָבן פאַרנומען. יעדער איינער האָט צוגעגרייט אַ ביסל שפּייז און זאַלץ און מען האָט געהאָפט צו קענען אַדורכלעבן די שלעכטע צייט.

סוכות צייט, 1939, זיינען אַריינגעקומען אין דראָהיטשין די רוסן. זיי האָבן, ווי זייער שטייגער, רעקווירירט אַלע סחורות פון די קראָמען און מען האָט געדאַרפט שטיין שעהן לאַנג אין דער ריי נאָך ברויט און אַנדערע לעבנס־מיטל. צוקער און זאַלץ איז נישט געווען צו קריגן אפילו פאַר קיין געלט. אַזוי האָבן מיר געלעבט אַ יאָר מיט דריי חדשים. אָבער מען האָט געהאָפט, אַז מיט דער צייט וועט זיך עס אַלעס אויסגלייכן.

פאַר דער צייט האָבן די רוסן אַרעסטירט ירמיה גראָסמאַן, נחום ספּעוואַק, יאָשע לעוו און אַדוואָקאַט גילגאָר און זיי אַוועקגעשיקט קיין רוסלאַנד. מיט עטלעכע חדשים שפּעטער האָבן די רוסן פאַרנומען אַ צענדליק פאַמיליעס, ווי: זושע וואַרשאַווסקי, זיינע קינדער בערל און ישעיה וואַרשאַווסקי מיט זייערע פאַמיליעס, מעשל און אברהם אַיזערבוך, משה גינגאָלד, שעפּסל וואַרשאַווסקי, שלמה זעליג גאָלדמאַן, סענדער ווינאָוועקער, אלתר מאַזורסקי, בודער, דוד וואַרשאַווסקי מיט זייערע פאַמיליעס און זיי געפירט צום באַן אויף אַוועקצושיקן קיין רוסלאַנד. די גאַנצע שטאָט האָט זיי אַרויסגעבאַגלייט מיט געוויינען און יללות... [דער לעצטער, דוד וואַרשאַווסקי, מיט זיין פאַמיליע, איז פאַרנומען געוואָרן על פּי טעות, אַנשטאָט אַ צווייטן דוד וואַרשאַווסקי, וועלכער האָט שוין דאַן נישט געלעבט. דער רב און בעלי בתים פון שטעטל האָבן דאַן ערב געווען פאַר די רוסן אַז דער דוד וואַרשאַווסקי, וועמען זיי האָבן אַרעסטירט, איז נישט דער זעלבער וועמען זיי זוכן, און אין רעזולטאַט איז דוד וואַרשאַווסקי מיט זיין פאַמיליע דערלויבט געוואָרן צו גיין אַהיים...]

### דייטשן קומען אָן, יידן זיינען אין סכנה

שבת האָט מען די אויבנדערמאָנטע יידישע פאַמיליעס אַרויסגעפירט פון שטאָט אויפן וועג קיין רוסלאַנד און אויף מאָרגן, זונטיק, 22טן יוני, 1941, איז אויסגעבראָכן די מלחמה צווישן די סאָוועטן און די דייטשן. מיט 3 טעג שפּעטער, מיטוואָך אָונט, זיינען שוין די דייטשן געווען אין דראָהיטשין. די דייטשן האָבן גלייך צונויפגעטריבן אַלע מענער אויפן מאַרק־פּלאַץ. די פרויען מיט די קינדער האָבן געוויינט און





פון רעכטס: פעשקע שוואַרץ־פעלדמאַן, יעקב פעלדמאַן, חנה גינגאָלד, מאיר יודל פעלדמאַן, יוסף פעלדמאַן און מאַטקע גינגאָלד. אַלע, אַחוץ מאַטקען, זיינען אומגעקומען, הי״ד!

ספּאַזמירט, מיינענדיק, אַז מען וועט זיי אַלעמען אומברענגען. אָבער גאָט האָט געהאָלפן, נאָך אַ טאָג אַרעסט זיינען אַלע ייִדן באַפרייט געוואָרן. דאַן האָבן די דייטשן באַפוילן די ייִדן צוזשטעלן עטלעכע קילאָ גאָלד. די פּאָליציאַנטן פון „יודענראַט״ זיינען געגאַנגען פון שטוב צו שטוב און האָבן גענומען אַלעס וואָס די דייטשן האָבן געפאָדערט. פריער איז געווען גאָלד, און אַז דאָס גאָלד האָט זיך אויסגעלאָזט, האָבן זיי גענומען קאַקאַאָ, פוכענע קאָלדרעס, קישנס, מענער קאָסטיומען און סתם סחורה. אַלעס האָט באַדאַרפט דער יודענראַט צושטעלן פאַר די דייטשן, אויך מענער און פרויען פאַר אַרבעט. דערביי פלעגן זיך אָפּשפּילן טראַגישע סצענעס צווישן די ייִדן און דעם יודענראַט און זיינע פּאָליציאַנטן...

שפּעטער האָבן די דייטשן פאַראָרדנט יעדן ייִדן אָנצונייען אַ געלע לאַטע אויפן האַרצן און אויף דער פּלייצע און אויף יעדער ייִדישער שטוב האָט געמוזט זיין אָנגעקלאַפּט אַ מגן־דוד. עס איז געווען פאַרבאָטן צו ריידן צו אַ קריסט, אָדער אַריינגיין אין אַ קריסטלעכער הויז. די בהמות האָבן די דייטשן נאָך נישט געהאַט צוגענומען פון אונדז, האָבן מיר זיי געמוזט אַליין פיטערן אויפן פעלד, טאָ וואָס טוט מען? האָבן מיר זיך צונויפגענומען אַ 16 פאַמיליעס, ווי: יעקב פעלדמאַן, משה האַכמאַן, מאיר לייב דער שטעפּער, ליפּמאַן פעלדמאַן, אברהם יצחק אייזענשטיין, זעליק פעלדמאַן, זיידיל לעוו, שמחה פערקאָווסקי, שמואל סניטאָווסקי א.א. און מיר האָבן צוזאַמען געפּאַשעט די בהמות אויפן פעלד. איינמאָל האָבן יעקב פעלדמאַן, אברהם יצחק אייזענשטיין און שמואל סניטאָווסקי געטריבן די בהמות אין פעלד. אויפן וועג זיינען זיי געוואָרן איבערגענומען פון עטלעכע דייטשן, וועלכע האָבן זיי אָנגעטאָן זעק אויף די קעפּ און מיט גומענע שטעקנס זיי געטריבן עטלעכע קילאָמעטער ביז זיי זיינען געפאַלן אין אָנמאַכט. אַזוי האָבן אונדז די רוצחים געמאַטערט אַ יאָר צייט.

אויפן צווייטן יאָר, שבועות־צייט, האָבן די דייטשן באַפוילן צו בויען פאַר אונדז אַ געטאָ. זיי האָבן אויסגעבויט אַ הויכע וואַנט ביי די פענצטער אין דער גאַנצער לענג פון דער גאַס פון בריק ביז זאַריטשקי, די זייט וואָס צום שול־הויף, און אַרומגענומען עס מיט שטעכיקע דראָטן, און דאָס האָט געזאָלט זיין די געטאָ. די אַנדערע זייט פון דער גאַס איז געווען אויסערן געטאָ. אַז די געטאָ איז פאַרטיק געוואָרן, זיינען אַראָפּגעקומען די שוואַרצע מחבלים, די ס. ס.־דייטשן, וועלכע פלעגן מיט זייער קומען אָנוואַרפן אַ שרעק אויפן שטעטל. ווער ס'האָט נאָר געקענט האָט זיך באַהאַלטן. די ס.־ס.־דייטשן זיינען געגאַנגען פון שטוב צו שטוב און קיינעם פון די מענער נישט געפונען. זיינען זיי אַריינגעפאַלן אין אַ רציחה און האָבן אַרעסטירט דעם רב אַלס ערוב'ניק, די רביצין איז דאַן אַוועקגעלאָפן צום רוסישן גלח און צום פוילישן קסיאָנדז און זיי געבעטן אַז זיי זאָלן ראַטעווען דעם רב פון טויט. די קריסטלעכע גייסטלעכע זיינען גלייך אַוועק צום עלטסטן פון די ס.ס.־ער און האָבן אים אויסגעבעטן פון די הענט פון די משחיתים.

אויף מאָרגן האָבן זיך די ייִדן אָנגעהויבן קלייבן אין געטאָ אַריין. אין דער געטאָ האָבן געזאָלט אַריינקומען בלויז געזונטע מענטשן און אַרבעטער, האָט זיך אָנגעהויבן אַ האַנדל מיט נפשות. אַרבעטער זיינען איבערגעמאַכט געוואָרן אויס אַרבעטער און נישט־אַרבעטער זיינען געוואָרן אַרבעטער... מענטשן מיט פּראָטעקציע און מיט געלט, וואָס האָבן געקענט באַצאָלן, זיינען אַריין אין געטאָ. די אַלע איבעריקע, אָרימע אַרבעטער און די שוואַכע, זיינען געבליבן אויסערן געטאָ. זיי זיינען געווען אויסגעשטעלט אויף הפקר. די ייִדן פון געטאָ זיינען געגאַנגען אַרבעטן אין „אָרטעל״, פרויען האָבן געאַרבעט אין דער וועשעריי, געשטריקט סוועטערס און דערפאַר האָבן זיי געהאַט אַ רעכט צו באַקומען זייער אויסגע־

טייַלטע פּאַרציע שפּייַז. די יידן וואָס פון אויסערן געטאָ, האָבן נישט געאַרבעט און נישט געהאַט קיין רעכט צו עסן...

איך בין געווען אויסערן געטאָ. מיט מיר זייַנען אויך געווען מייַן שוועסטער, זעליק פעלדמאַן, אברהם יצחק אײַזענשטיין, יעקב פעלדמאַן, מאיר יודל פעלדמאַן, פּייוויש פעלדמאַן מיט זייַן זון משה, לייזער פעלדמאַן, זיידל לעוו, שמואל סניטאָווסקי, און פילע אַנדערע. זיי פלעגן זיך אַלע צונויפקומען צו מיר אין שטוב און מיר פלעגן אַרומרעדן אונדזער ביטערן מזל. מיר זייַנען געווען הפקר פאַר יעדן כוליגאַן און אויסוווּרף, וועלכע האָבן געקענט טאָן מיט אונדז וואָס זיי האָבן געוואָלט. מיר האָבן גוט געוווּסט אַז פריער אָדער שפּעטער וועט געשען עפּעס שרעקלעכעס מיט אונדז. מיר זייַנען געווען ווי די אָרעמע שעפּסעלעך וואָס האָבן געוואַרט אויף דער שחיטה...

## ערשטע הריגה—1700 יידן פאַרנומען קיין בראָנע־גורע

ביי מיר אין הויז האָט געוווינט אַ שכן, דער פּאָליאַק יאָזעף ראָמאַנאָווסקי, וועלכער האָט געאַרבעט אין דער פּאָסט, האָט ער געוווּסט אַלע נייַעס פון שטאָט. אין אַ געוויסן טאָג, עס האָט געמוזט זייַן אין חודש אב, קומט צולויפן מייַן שכן ראָמאַנאָווסקי און דערציילט מיר אַז הייַנטיקע נאַכט דאַרף זייַן נייַעס, ווייל ער האָט געהערט ווי די ס. ד. האָט אַרויסגערופן די פּאָליציי פון אַלע אַרומיקע דערפער, און מסתמא וועט מען ערגעץ אַרויספירן די יידן וואָס וווינען מחוץ דער געטאָ. אָפּגעזאָגט די ווערטער איז ראָמאַנאָווסקי שנעל אַוועקגעלאָפן צוריק אין דער פּאָסט. ביי מיר אין הויז זייַנען דאַן גראד געזעסן יעקב פעלדמאַן, חאַשע־לאה אייזענשטיין, מייַן שוועסטער און נאָך אַ פּאָר. חוה, זאָגן זיי, הערט אים נישט וואָס ער רעדט, ער איז אַ שונא ישראל דערפאַר רייצט ער זיך מיט אונדז... שפּעט אין אָוונט זייַנען אַלע שכנים זיך צעגאַנגען און איך בין געבליבן מיט דער שוועסטער אין שטוב. אונדזערע מענער זייַנען שוין לאַנג געווען פאַרשיקט ערגעץ אין אַ לאַגער און מיר האָבן נישט געהערט פון זיי.

אַרום 12 אַזייגער בייַנאַכט הערן מיר גרויסע געשרייען. באַלד טאַקע האָט עמיצער אָנגעהויבן קלאַפּן אין טיר. איך האָב געמיינט אַז דאָס זייַנען געוויס די הענקער, וואָס קומען אונדז נעמען צו דער שחיטה. אַ רעזיגנירטע האָב איך געעפנט די טיר און דערזען ראָמאַנאָווסקין, וועלכער האָט מיר געהייסן וואָס שנעלער צו באַהאַלטן זיך. נישט פאַרלירנדיק קיין מינוט, בין איך מיט דער שוועסטער אַרויסגעלאָפן אין גאָרטן און דאָרט זיך פאַרשטעקט צווישן די גראָז. ראָמאַנאָווסקי האָט פאַרשלאָסן די טיר און איז אַוועק. אַ האַלבע שעה שפּעטער האָבן מיר געהערט קלאַפּן אין טיר, דאָס זייַנען שוין געווען די רוצחים וואָס זייַנען געקומען נאָך אונדז.

מיר זייַנען אַ גאַנצע נאַכט אָפּגעזעסן אין אונדזער באַהעלטעניש. אַז עס האָט אָנגעהויבן טאָגן און די געשרייען מיט די געוויינען האָבן זיך אייַנגעשטילט, האָט מייַן שוועסטער אָנגעהויבן אַריינטענהן מיט מיר, זי וועט נאָר גיין זען



ר׳ דוד, פייגל און פרומע־גיטל וואַרשאַווסקי, הי״ד! ז.ז. 247 דוב

וואָס עס טוט זיך ביי איר אין שטוב. זי האָט מיר נישט געפאָלגט און איז אַוועק. ווי נאָר זי איז אַרויס אין גאַס, האָבן איר די דייטשע באַנדיטן אַ נעם געטאָן. נאַטירליך, האָט זי זיך געווערט, האָבן איר די דייטשן אַריינגעשאָסן צוויי קוילן און אַוועקגעלייגט איר אַ טויטע נעבן דער פּאָסט. איך האָב פון דעם אַלעמען גאָרנישט געוווּסט. ערשט מיט דריי טעג שפּעטער, ווען איך בין געקומען אין געטאָ, האָב איך זיך דערוווּסט פון אומגליק וואָס ס׳איז געשען מיט מייַן שוועסטער.

21 יידישע מענער און פרויען זייַנען דאַן געפאַלן טויט פון די רוצחישע הענט, דערפאַר וואָס זיי האָבן זיך געוואָלט אויסבאַהאַלטן פון די הענקער. צווישן די קרבנות זייַנען געווען: אליהו גאָלדמאַן (שאָשקע שמשונ׳ס מאַן), בעזדזשעזקי לערער, פערל לעוו, זיידלס; פעשקע הויזמאַן, אַלטערס; א. א.

די רוצחים האָבן זיך אָבער נישט באַנוגנט מיט דער צאָל יידן, וואָס זיי האָבן אַרויסגעפירט פון אויסערן געטאָ, מחמת פיל זייַנען זיך צעלאָפן, האָט זיי געפעלט צום רעכענונג. זייַנען זיי אַריין אין געטאָ און האָבן באַפוילן די יידן אַרויסצוגיין, כלומר׳שט, פאַר אַ רעגיסטראַציע. די מערהייט האָט נישט געפאָלגט דעם באַפעל, נאָר אייניקע פאַמיליעס זייַנען אַרויסגעקומען פון זייערע באַהעלטענישן. אַזוי אַרום האָבן די בעסטיעס פאַרכאַפּט: דוד וואַרשאַווסקי׳ן מיט זייַן

פרוי און מידל, מאיר וואַרשאַווסקין מיט דער גאַנצער פאַ־מיליע, אַ טייל פון יודענראַט און פיל אַנדערע יידן און מען האָט זיי אַלעמען אַוועקגעפירט קיין בראָנע־גורע, לעבן קאַר־טוז־בערעזע, און מען האָט זיי אַלעמען דאָרט אין די הייסע קאַלך־גריבער דערמאָרדעט...

שפּעטער האָט מען ווי עס איז מקבר געווען אויף דעם אַלטן בית עולם די 21 הרוגים. איך האָב זיך דאַן געפונען אין שטוב מיט די פרויען און קינדער פון יצחק לעווינאָוויטש (כאַלאָזשינער), ליפּמאַן א.א. וועמענס מענער זיינען געוואָרן אַרויסגעפירט צו דער שחיטה. מיר האָבן גוט באַוויינט אונ־דזער חורבן...

מיט אַ וואָך שפּעטער איז נפטר געוואָרן אונדזער רב הרב ר׳ אַייזיק יעקב קאַלענקאָוויטש. ער איז פּשוט אויסגע־גאַנגען פון צרות און יסורים און אַוועקגעפאַלן פלוצלונג... מיר האָבן אים אַלע באַגלייט צו זיין אייביקער רו. מיט צע־בראָכענע הערצער האָבן מיר זיך צעזעצט אויף דער ערד און האָבן אַרויסגעגעבן אַביסל פון אונדזערע שווערע הער־צער... כאָטש קיינער האָט נישט געהערט אונדזערע געוויינען און נישט געזען אונדזערע טרערן וואָס האָבן נאַס געמאַכט די ערד...

### דייטשן צעשיסן יידן אין די הייזער

איך בין געזעסן אין געטאָ אָן אַרבעט. אייניקע האָבן זיך דאַן פאַרשריבן צו פאָרן קיין ראַדאָסטאָווע אין לאַגער. נאָר אַזוי ווי איך האָב נישט געהאַט קיין פּראָטעקציע, האָב איך געמוזט זיצן אין געהאַקטע צרות אין געטאָ. איינמאָל האָב איך זיך מישב געווען, איך וועל נעמען דעם בעזים און וועל גיין מיט אַלע פרויען פאַרקערן דעם ברוק. איך האָב זיך אַזוי געשאַרט, פאַמעלעך, ביז איך בין צוגעקומען צו מיין הויז און אַריין אינעווייניק. דאָס האָט באַמערקט אַ פּאָ־ליציאַנט, וועלכער האָט געוווינט נישט ווייט פון מיין הויז. ער האָט מיך גענומען און אַוועקגעפירט אויפן זאַמד אין דער פּאָליציי. איך בין געווען זיכער, אַז זיי וועלן מיך באַלד אומברענגען, לסוף האָבן זיי מיך אַריינגעוואָרפן אין אַ קע־לער און פאַרשלאָסן די טיר. איך זיץ איין טאָג און קיינער קומט נישט. עס איז אַוועק נאָך אַ טאָג, קיינער ווייזט זיך ניט. איך האָב געמיינט אַז איך וועל שוין דאָ אַזוי אויסגיין פון הונגער. ערשט אויף דעם פערטן טאָג האָט זיך באַוויזן אַ פּאָליציאַנט און מיר געבראַכט אַ שטיקל פאַרשימלטע ברויט מיט אַביסל וואַסער און צוריק צוגעמאַכט די טיר. איך האָב אָנגעהויבן בעטן אויף זיך דעם טויט איידער זיך וואַלגערן אין פינצטערן קעלער. אַזוי בין איך אָפּגעזעסן 8 טעג, און פאַר דער צייט האָט מען מיר דערלאַנגט צוויי מאָל צו שטיק־לעך ברויט.

אויף דעם אַכטן טאָג קומט צו גיין דערזעלבער פּאָלי־ציאַנט און זאָגט מיר, אַז אויב איך וועל באַוויזן צו וואַשן גוט די וועש ביים בירגערמייסטער פון שטאָט, וועט מען מיך באַפרייען. נאַטירלעך, איך האָב זיך אָנגעכאַפּט מיט ביי־דע הענט, אַבי אַרויסגיין פון לעבעדיקן קבר. מען האָט מיך אַוועקגעפירט אין דער וועשעריי און איך האָב געאַרבעט מיט אַלע כוחות און אויסגעוואַשן די וועש. עס איז זיי געפעלן געוואָרן. נאָך דער אַרבעט האָט מיך דער פּאָליציאַנט צוריק־



מאיר און רבקה וואַרשאַווסקי און קינדער: יאַנקל, חייטשע און נאָך צוויי. אַלע אומגעקומען, הי״ד! מאיר איז געווען אַ זון פון יעקב־הערש און מלכה וואַרשאַווסקי. זען זייטן 215, 246 און 293.



מאיר וואַרשאַווסקי, הי״ד! ז.ז. 293





זיצן פון רעכטס: משה דוד און ראַשקע וואַסערמאַן און קינדער: שיינדל (שנור), יאָשקע און באַלינקע. שטייען פון רעכטס: נעמי, באָנטשע, שלום און שפרה מאָרגענטאַלער, לייבל, יענטע. אונטן: יאַנקל און הערשל. מצבה פון משה דוד'ן, געשטאָרבן ט"ז טבת, תרצ"ו, 1936. אַחוץ באָנטשען (שיקאַגע), נעמי און יאַנקל (ישראל) זיינען אַלע אומגעקומען, הי"ד!

געפירט אין געטאָ און מיר געוואָרנט, אַז נאָכאַמאָל זאָל איך נישט אַריינגיין אין אַ קריסטלעכער הויז... (מיין אייגענע הויז האָט דאַן געהייסן אַ קריסטלעכע...) אַלע יידן אין געטאָ זיינען מיר באַפאַלן מיט פראַגן, זיי האָבן זיך נישט געריכט צו זען מיך אַ לעבעדיקע...

אויף מאָרגן בין איך אַוועק אַרבעטן, צוזאַמען מיט די איבעריקע פרויען פון געטאָ, אין „אַרטעל", אין דער וועשערייי. מיט מיר האָבן געאַרבעט: ציפּה שמשונס אַ מיידל — נחמה; שלמה בייד'ס אַ מיידל, חנה; שפרה, ראַשקע וואַסערמאַנס טאָכטער, א. א. דער אויפזעער פון „אַרטעל", אַ רוסישער קריסט, שעלפּוק האָט ער געהייסן (דער שעלפּוק געפינט זיך היינט אין די פאַראייניקטע שטאַטן...) איז געווען צופרידן פון מיין אַרבעט. פאַר דעם חודש וואָס איך האָב געאַרבעט אין „אַרטעל", האָב איך באַקומען באַצאָלט 100 רובל און צו אַ האַלב פונט ברויט אַ טאָג. שפּעטער האָט מען מיך אַריבערגעפירט צו אַרבעטן אין דער פּאָסט. איך האָב גערוימט און געקאָכט, אַלץ וואָס מען האָט מיר געהייסן, אַבי נאָר איך זאָל קענען געראַטעוועט ווערן פון טויט. פאַר אַ חודש צייט האָבן מיר די פּאָסט־באַאַמטע דערלויבט צו שלאָפן אויסערן געטאָ. איינמאָל קומט צו מיר דער נאַטשאַלניק פון פּאָסט און זאָגט מיר, אַז עס איז אים אַ שאָד אַז איך זאָל אומקומען, נאָר צום באַדויערן, איז דאָ אַ באַפעל פון היטלערן, אַז קיין „יודע" טאָר נישט נעכטיקן אויסערן געטאָ. בייטאָג קען איך אַרבעטן אין פּאָסט, אָבער אויף ביינאַכט מוז איך צוריקגיין אין געטאָ. עס איז מיר געוואָרן פינצטער אין די אויגן הערנדיק די נייעס, נאָר וואָס האָב איך געקענט טאָן? נאָך דער אַרבעט פלעגן מיך די דייטשן אָפּפירן אין געטאָ.

איך קום איינמאָל נאָך דער אַרבעט אין געטאָ, עס איז אַ געוואַלדיקער טומל און בהלה, אַלע לויפן זיך באַהאַלטן אין די קעלערן. מיך האָט מען נישט גערופן, האָב איך זיך אָפּגעשטעלט אין שטוב מיט די קליינע קינדער. איך האָב באַלד אויסגעפונען די סיבה פון דער בהלה. עטלעכע דייטשן פון דער ס. ד. האָבן באַלאַגערט ראַשקע וואַסערמאַנס הויז, ווו עס זיינען געווען 15 יידישע מענער, פרויען און קינדער און אַלעמען אויסגעשאָסן. אַזוי זיינען אומגעקומען: ראַשקע וואַסערמאַן מיט איר זון, שיינע סאַפּיר'ס מיט דער פאַמיליע, שפרה'ס דריי קינדער (ראַשקעס טאָכטער), יענטעל סידאָראָוו (ראַשקעס טאָכטער) מיט אַ מיידעלע, סאַפּיר'ס שנור מיט אַ יינגל; רחל, חיים קאָברינסקיס פרוי און זעליק דער פאַרצעווער מיט דער פרוי און צוויי קינדער. עס האָט זיך נאָר אָפּגעשטעלט שפרה מיט אַ מיידעלע און שיינקע סאַפּיר'ס אַ יינגעלע, וועלכע האָבן נאָך באַוויזן אַריינצולויפן אין קעלער. שרעקלעך איז געווען דאָס בילד ווי אַלע זיינען געלעגן אין טייכן בלוט...

איך האָב דערזען אַז ס'איז שלעכט צו נעכטיקן אין געטאָ, האָב איך געזאָגט די דייטשן, אַז איך וועל גיין אַליין אין געטאָ צוזאַמען מיט די „אַרטעל"־אַרבעטער. אָבער אין דער ווירקלעכקייט, פלעג איך זיך אַרויסדרייען פון זיי און אַוועקגיין אין מיין גאָרטן און אַריינלייגן זיך אין אַ גראָבן און אַזוי איבערליגן דאָרט די נאַכט, פיל מאָל אין רעגן און אין קעלט, ווייל עס איז שוין געווען סוכות צייט. צו זיין אין געטאָ האָט געשמעקט פשוט מיט טויט. אַלע מאָל פלעגן זיך אַריינכאַפּן די דייטשע באַנדיטן און אויסשעכטן עטלעכע יידן. אין אַ געוויסן טאָג זיינען געקומען די ס. ד. דייטשן אין



בנימין וואַלעווועלסקי



שטייען פון רעכטס
חייטשע קאָברינסקי.
שיינצע וואַלעווועלסקי.
מאַניע וואַלעווועלסקי

זיצן פון רעכטס: שיינקע פעלדמאַן און אסתר טאַלווינאַ. הי״ד!

יודענראַט און געפאָדערט זיידענע זאָקן. אין יודענראַט האָט זיך דאַן געפונען בלויז באָנטשע וואלעווועלסקי, וועלכער האָט געענטפערט די רוצחים, אַז עס איז נישטאָ, ווו זאָלן זיי נעמען זיידענע זאָקן? די צעיושעטע מערדער האָבן באָנטשע וואַלעווועלסקין גלייך אַוועקגעשאָסן אויפן אָרט. איז געקומען צולויפן באָנטשעס מוטער, חייקע די אָפּטייקערקע, מיט אַ געוויין און אַ יללה, געוואַלד, וואָס האָבן זיי געהאַט צו איר זון, האָבן די בעסטיעס אויך איר, חייקען, דערשאָסן...

אין דער געטאָ זיינען אין דער לעצטער צייט געווען אַממיינסטן בלויז פרויען, קינדער און מענער אָן פּראָפעסיעס. אַלע פאַך־לייט, ווי: סטאָליאַרעס, מוליאַרעס, שניידער, שוסטער א.א. האָבן די דייטשן פאַרנומען און זיי אָפּגעשיקט קיין קאָברין. מער האָבן מיר פון זיי נישט געהערט און נישט געזען. אין געטאָ האָט מען אָנגעהויבן שמועסן, אַז די דייטשן גראָבן שוין אַ גרוב פאַר די געבליבענע יידן פון געטאָ.



פון אויבן אַראָפּ: שיינדל וואַלעווועלסקי, שרה קאָרזש און חסיה וויסאָצקי, אַלע אומגעקומען, הי״ד! שוהל אין הינטערגרונד.

## לעצטע הריגה, מאַמע מיט 2 קינדער גייען די ערשטע

אין אַ פרימאָרגן, עס האָט געמוזט זיין אין חשון, ווען איך בין אַרויסגעקומען פון מיין „נאַכטלעגער" אין גאָרטן און אַריין אין פאָסט צו מיין אַרבעט, איז צוגעקומען צו מיר ראמאנאוווסקי און רוימט מיר איין אַ סוד, אַז היינט ביינאַכט וועט מיט אייך עפּעס פאָרקומען, מחמת ער האָט געהערט דורכן טעלעפאָן, אַז די דייטשן האָבן אָפּגערופן פון גאַנצן געגנט די פאָליציי און אַלע „פאָלקס־דייטשן" צו קומען קיין דראָהיטשין. די דאָזיקע פאָלקס־דייטשן (האַלבע דייטשן און האַלבע פאָליאַקן), זיינען נאָך געווען ערגער פון די דייטשן. ראָמאַנאָווסקי וואָרנט מיר, איך זאָל אויפדערנאַכט נישט גיין אין געטאָ...

דעם טאָג האָב איך דורכגעמאַכט אין אַנגסטן און אין פיבערשן שרעק. אַז איך האָב געענדיקט מיין אַרבעט, קומט צו צו מיר דער דייטש פראַנץ און זאָגט, אַז ער האָט אַ פאַראָרדנונג אָפּצופירן מיך אין געטאָ. איך האָב שוין פאַרשטאַנען מיט וואָס דאָס שמעקט... נאַטירלעך, איך האָב נישט געהאַט קיין אַנדער ברירה. אַרויסדרייען זיך האָב איך נישט געקענט און איך בין מיטגעגאַנגען מיטן דייטש אין געטאָ. אַז איך בין געקומען אין געטאָ, האָב איך זיך שוין נישט געקענט איינהאַלטן און הויב אָן ביטער וויינען: היינט וועט מען אונדז אומברענגען... איך דערצייל די יידן וואָס ראָמאַנאָווסקי האָט מיר געזאָגט, אַז אויב איך וועל זיך קענען אַרויסרייסן פון גיהנום, וועט ער, ראָמאַנאָווסקי, זען מיך אויסבאַהאַלטן. זאָגט צו מיר ד״ר שעכטער, וואָס וועט שוין זיין אַז דו וועסט זיך ראַטעווען איינע אַליין? וואָס פאַר אַ לעבן וועסטו האָבן אַז דו וועסט בלייבן אַליין?...

די נאַכט האָט שוין קיינער נישט געשלאָפן, אַלע אין געטאָ זיינען געווען וואַך און געוואַרט רעזיגנירט אויף דאָס אונפאַרמיידלעכע... ביז 12 איז געווען שטיל, רואיק. אינמיטן נאַכט איז מיטאַמאָל געוואָרן ליכטיק אין געטאָ, אַזאַ ליכטיקייט האָבן מיר שוין נישט געזען פאַר 4 חדשים. מיר האָבן שוין באַגריפן וואָס עס דערוואַרטעט אונדז. גלייך האָבן אָנגעהויבן אַריינמאַרשירן אין געטאָ דייטשן און פאָליציי.

די דייטשן האָבן אָנגעהויבן אַרויסטרייבן די יידן פון די הייזער. די ערשטע איז געגאַנגען אברהם בוים'ס טאָכטער, ליבע, מיט צוויי ייִנגלעך. ליבע האָט געפירט אירע צוויי קינדערלאַך פאַר די הענטלאַך, געשריגן „שמע ישראל" און געיאָמערט: „יידן, ווער פון אייך עס וועט זיך אָפּשטעלן לעבן, זאָלט איר דערציילן, אַז איך מיט מיינע צוויי קינדער זיינען אומגעקומען די ערשטע אויף קידוש השם!"...

איך האָב תיכף אָנגעהויבן זוכן אַ וועג ווי צו אַנטלויפן פון גיהנום. איך האָב זיך גענומען שאַרן פאַמעלעך, אויסמיידנדיק די ליכטיקייט פון די פּראָזשעקטאָרס, געקראָכן אויף אַלע פיר, זיך געלאָזן צום אַלטן בית עולם. אָבער נישט אַזוי לייכט איז עס מיר אָנגעקומען. איך בין פיל מאָל געבליבן אין אָנמאַכט פון שרעק און שוואַכקייט. אַז איך הויב זיך אָן דערמאָנען יענעם מאָמענט, פאַלט מיר אַרויס די פעדער פון



פון רעכטס: ראָדיע ראָזענבערג, איטקע און חיים וואָלעוועלסקי, מרים צירלס. שטייען: לייבוש און צאַטקע סליעפּ, חיימ׳ס טאָכטער. — לינקס: מרדכי, רבקה, חנה וואָלוועלער, שמשונס אייניקלעך. אַחוץ ראָדיען אַלע אומגעקומען, הי״ד!



האַנט, שרייבנדיק די דאָזיקע ווערטער... נאָך לאַנגע מאַטערנישן, קריכנדיק איבער גראָבנס מיט וואַסער, בין איך צוגעקומען צום בית עולם. עס האָט פון מיר גערונען טייכן וואַסער, און די קעלט האָט געשניטן דאָס לייב. פון בית עולם בין איך אַריבער די גערטנער און דעם בריק און זיך דערלאַנגט צו יאָסל שינדערס גאָרטן. פון דערווייטנס האָב איך געהערט די קולות און די געוויינען פון געטאָ. איך וווּנדער זיך היינט אויף מיר אַליין, וואו האָט זיך דאָס גענומען צו מיר אַזויפיל כוח און מוט איבערצולעבן אַזעלכע טראַגעדיעס...

ביי שינדערן אין גאָרטן האָב איך מורא געהאַט צו פאַרבלייבן, ווייל איך האָב באַמערקט, אַז דאָרט דרייען זיך אַרום מענטשן. איך האָב זיך געלאָזן ווייטער, אין דער פינצטער, צו די קראַסנאָ־אוליצע גערטנער. איך בין געשפּרונגען און געקראָכן אין טיפע גראָבנס מיט וואַסער און זיך דערשלעפּט צו זיידל לעוו׳ס גאָרטן, וווּ ס׳איז אַמאָל געווען נחום שעווינסקי׳ס גאַרבאַרניע. דאָרט איז געשטאַנען אַ גרויסער סטייג שטרוי. איך בין אַריינגעקראָכן אין סטייג־שטרוי און דאָרט אָפּגעזעסן 3 טעג. איך האָב אָפּגערעדט מיט ראָמאַנאָווסקין, אַז אויב איך וועל זיך אַרויסראַטעווען פון געטאָ, זאָל ער מיר זוכן אַרום סטייג־שטרוי.

ג־ט האָט געהאָלפן, אויף דעם דריטן טאָג, ביינאַכט, איך הער אימיצער גייט און דאַן אַ פייף. זיכער בין איך נישט געווען אַז דאָס איז ראָמאַנאָווסקי, אָבער איך האָב באַשלאָסן אַרויסצוגיין פון מיין באַהעלטעניש, ווארום ווי לאַנג נאָך קען איך אַזוי זיצן אין שטרוי אָן עסן? איך וועל דאָך סיי ווי סיי שטאַרבן פון הונגער, זאָל זיין וואָס עס איז... איך שטעק אַרויס דעם קאָפּ און דערזע ראָמאַנאָווסקי׳ן. קום, זאָגט ער צו מיר. איך האָב שוין צוגעגרייט אַ פּלאַץ פאַר דיר.

מיר זיינען געגאַנגען פאַמעלעך, זיך געשאַרט ביי די ווענט ביז מיר זיינען בשלום, ג־ט צו דאַנקען, צוגעקומען צו אונדזער שטאַל. אין דער פינצטערניש האָב איך דערזען אַ גרוב, וואָס ראָמאַנאָווסקי האָט צוגעגרייט פאַר מיר... איך בין לעבעדיקערהייט אַריין אין גרוב, און ראָמאַנאָווסקי האָט אָנגעהויבן פאַרמאַכן די גרוב מיט ברעטער און ערד. אויף דער גרוב האָט ער נאָך אַרויפגעשטעלט אַ קאָסטער האָלץ. נעבן וואַנט, האָט ער געלאָזן אַ קליינע לאָך, דורך וועלכער ער וועט מיר דערלאַנגען עסן און איך זאָל קענען אָטעמען...

## געלעבט אין אַ גרוב דריי יאָר

איצט האָט זיך אָנגעהויבן פאַר מיר דער אמת׳ער גיהנום. פינצטער און ביטער איז מיר געווען אויפן האַרצן און נאָך פינצטערער איז מיר געווען אין גרוב, ווו איך האָב ביינאַכט נישט געזען די ליכטיקע שיין... איך האָב געמיינט, אַז איך וועל דאָס נישט איבערטראָגן. נאָר ביסלעכווייז האָב איך זיך אָנגעהויבן צוגעוווינען צו די צרות. עס האָט שוין מיר נישט געאַרט, וואָס מייז און טאַראַקאַנעס האָבן געטאַנצט און געקראָכן איבער מיר, אַבי מען וועט אַרויס מיטן לעבן. ראָמאַנאָווסקי פלעגט קומען און דערציילן מיר, אַז די דייטשע פּאָליציי קומט צו אים אַלע טאָג און זוכט אומעטום, אין שטוב, אויפן בוידעם. זיי האָבן אַ חשד אַז די „יידישקע" מוז זיך דאָ אויסבאַהאַלטן. איך בין געווען אין איינע שרעק. ראָמאַנאָווסקי האָט מיר אויך דערציילט, אַז די דייטשן פון פּאָסט זיינען געגאַנגען נעמען די יידישע זאַכן נאָכן ליקווידירן די געטאָ, האָט זיי די ס. ד. געכאַפּט מיט די יידישע זאַכן און מען האָט זיי דעם זעלבן טאָג אָפּגעשיקט אויפן פראָנט.

ביטער און פינצטער איז מיר געווען ווען ראָמאַנאָווסקי פלעגט קומען צום גרוב אַ שיכורער און אויסגיסן צו מיר זיין גאַנצן צאָרן: „וואָס האָסטו זיך אָנגעזעצט אויף מיר — פלעגט ער שרייען — איך בין צוליב דיר שוין גרוי געוואָרן, איך קען קיין נעכט נישט שלאָפן צוליב דיר, גיי דיר ווו דו

ווילסט, דו זעסט דאָך אַז עס נעמט נישט קיין סוף צו דער מלחמה!" ער פּלעגט מיר עפּענען אַביסל די גרוב כּדי איך זאָל אַרויסגיין. איך, נישט לאַנג טראַכטנדיק, פּלעג זיך אויפ־הויבן שטילערהייט און לאָזן זיך גיין אין גאַס. טרערן פּלעגן מיר פליסן פון די אויגן... ווו גייט מען? האָב איך זיך באַ־רעכנט, אויף דעם הויף איז דאָ אַ ברונעם, וועל איך ליבערשט אַריינשפּרינגען אין ברונעם און אַ סוף זאָל דאָס נעמען צו אַלע צרות. אַ ווײַלע שפּעטער פּלעגט זיך ראַמאַנאָווסקי באַ־דענקען, ער פּלעגט מיר שווערן אַז ער וועט זיין גוט און פרום, ער וועט שוין מער נישט טרינקען און געפאַלן מיר צו די פיס איך זאָל גיין צוריק אין גרוב. אַזוי האָט זיך עס איבערגעחזרט עטלעכע מאָל.

מיט אַ צייט שפּעטער האָבן אָנגעהויבן פאַרבלאָנדזשען אין דער פּאַסט פאַרטיזאַנער. ראַמאַנאָווסקי האָט זיי דער־ציילט, אַז ער באַהאַלט אויס אַ יידישע פרוי. די פאַרטיזאַ־נער פלעגן אים צוטראָגן אָפּט די „פּראַוודאַ" און „איזוועס־טיאַ" פאַר מיר צו לעזן, אָבער צונעמען מיך מיט זיי האָבן די פאַרטיזאַנער נישט געוואָלט. דאַן האָבן מיר אָנגעהויבן הערן, אַז די דייטשן לויפן צוריק פון סטאַלינגראַד. אויף די ליניעס זיינען געוואָרן צעשטעלט פּויערים און דייטשן צו היטן די וועגן. זיי האָבן אויסגעהאַקט אַלע וועלדער אַרום


דייטשן געמאַכט אַ געטאָ פאַר זיך אין סטאַראָסטוואָ צוליב מורא פאַר פאַרטיזאַנער. שטייען ה. שטיינבערג, ל. גאָלדבערג

די ליניעס. דאָך פּלעגן די ליניעס אַלע טאָג ווערן צעריסן און באַנען מיט דייטשן און שפּיז זיינען געוואָרן אויפגעריסן. די פּאַסט האָבן די דייטשן אויך צוגענומען פון מיין גאַס און עס אַריבערגעפירט אין דער סטאַראָסטוואָ אויפן זאַמד און זיך אַרומגעצוימט מיט שטעכיקע דראָטן ווי אַ געטאָ, צוליב דער מורא פאַר די פאַרטיזאַנער... ראַמאַנאָווסקי האָט מיר געזאָגט, אַז באַלד, נאָך אַ דריי חדשים, וועט קומען די באַ־פרייאונג...

וואַרטנדיק אויף דער באַפרייאונג, איז נאָך אַדורך אַ גאַנצער ווינטער. עס איז אַריבער פּסח, עס איז געקומען שבועות (ראַמאַנאָווסקי פּלעגט מיר זאָגן די דאַטעס פון די טעג און די יום־טובים...) און ג־ט האָט געהאָלפן, די סאָ־וועטן האָבן אָנגעהויבן באָמבאַרדירן דראָהיטשין. דאָס איז געווען אַ סימן, אַז די רוסישע אַרמיי איז שוין נישט ווייט.

## דער סוף פון דייטשע רוצחים דערנענטערט זיך

איינמאָל ביינאַכט קומט צולויפן ראַמאַנאָווסקי און זאָגט מיר, אַז מיר מוזן וואָס שנעלער אַנטלויפן אין וואַלד, ווייל עס איז אַ פולע שטאָט מיט דייטשן און זיי קענען נאָך אויסגעפינען פון דיין באַהעלטעניש. ראַמאַנאָווסקי איז שנעל אַוועקגעלאָפן אויף אַ כוטאָר נעבן סימענאָוויץ, באַשטעלט פאַר מיר דאָרט אַ פּלאַץ, אַריבערגעפירט אַהין זיינע זאַכן און די בהמה, וועלכע איך האָב אָפּגעשריבן אויף זיין נאָמען, און ביינאַכט האָט ער געדאַרפט קומען נאָך מיר. דערווייל איז געוואָרן איבערן שטאָט אַזאַ שיסעריי און „באָמבאַרדי־ראָווקע", אַז איך האָב געמיינט איך וועל שוין פון „קבר" נישט אַרויסגיין קיין לעבעדיקע. ג־ט האָט געהאָלפן, אַרום 12 ביינאַכט, ראַמאַנאָווסקי איז דאָ. ער האָט מיך אַרויסגע־נומען פון „לעבעדיקן קבר", איך וויל אָנהויבן גיין, איך קען נישט. איך האָב פאַרלאָרן די ראיה. איך זע גאָרנישט. וואָס טוט מען? מען מוז שנעל אַנטלויפן, מען טאָר נישט פאַרלירן קיין מינוט. האָט מיך ראַמאַנאָווסקי * גענומען אויף זיינע פּלייצעס און געטראָגן. אַ שטיקל וועג האָט ער מיך געפירט פאַרן האַנט ביז מיר זיינען צוגעקומען צו אַ פעלד מיט קאָרן. איך האָב זיך אַריינגעלייגט אין די הויכע קאָרן, ברויט מיט וואַסער האָט מיר ראַמאַנאָווסקי געגעבן און איך בין דאָרט געלעגן דריי טעג. ראַמאַנאָווסקי איז אַוועק צום „כוטער".

אויף דעם דריטן טאָג האָט זיך נישט ווייט פון דעם אָרט ווו איך בין געלעגן אָפּגעשטעלט אַ דייטשער אַבאַז, און ווי נאָר די דייטשן האָבן זיך דאָרט אָפּגעשטעלט, איז גע־

* ראַמאַנאָווסקי איז געווען אַ מושלינג האַלב־פּאָליאַק און האַלב־רוס. אפשר האָט ער אויך געהאַט אין זיך יידיש־בלוט. ראַמאַנאָווסקי האָט זיך באַוויזן אין דראָהיטשין גלייך נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. ער איז געווען אַ בריוו־טרעגער. שטענדיק האָט ער געשמייכלט און איז געווען גוט אויפגעלעבט מיט אַלע יידן. [רעדאַק.]

וואָרן אַ גרויסע שיסעריי. די סאָוועטן האָבן געהאָגלט מיט פעך און שוועבל, עס האָט זיך פשוט געקערט הימל און ערד... זעענדיק אַז עס איז שלעכט, האָב איך אָנגעהויבן קריכן אויף אַלע פיר, און דערקראָכן צו אַ בונקער. איך קום אַריין אין בונקער — עס איז פול מיט דייטשן... וואָס טו איך דאָ? גיין צוריק האָב איך שוין נישט געקענט, האָב איך זיך פאַררוקט אין אַ ווינקל און געקלערט צו זיך, מילא, וואָס ג־ט וועט געבן דאָס וועט זיין. שטייענדיק אַזוי אין ווינקל, הער איך ווי מענטשן שעפטשען אין דער שטיל „שמע ישראל". עס איז מיר געוואָרן אַזוי נאָענט צום האַרצן. איך האָב אויסגעפונען, אַז דאָס זיינען געווען אונגאַרישע יידן, וועלכע זיינען געפאָרן מיטן דייטשן אָבאָז. נאָר דאָך בין איך געווען אין איינע שרעק, איך זאָל נישט דערקענט ווערן פון די דייטשן...

אַז עס האָט אָנגעהויבן טאָגן, איז דער דייטשער אָבאָז אַוועק ווייטער און די באָמבאַרדירונג האָט אויפגעהערט, ווייל די רוסישע עראָפּלאַנען זיינען אַוועק נאָך דעם אָבאָז. איך בין אַרויס פון בונקער און אַריין צוריק אין קאָרן, ווו איך בין אָפּגעלעגן עטלעכע טעג אָן עסן און אָן וואָסער, ווייל איך האָב מורא געהאַט צו רירן זיך פון אָרט. ראָמאַנאָווסקי האָט מיך ענדלעך אָפּגעזוכט און מיר געבראַכט ברויט מיט וואַסער. די סיבה וואָס ער האָט מיר געלאָזט אַזוי לאַנג וואַרטן, האָט ער געזאָגט, איז וואָס גייענדיק צו מיר האָבן די דייטשן געשאָסן אויף אים און ער איז קוים מיטן לעבן אַנטלאָפן, האָט ער שוין מורא געהאַט צו קומען. ער איז גלייך אַוועק און איך בין ווייטער געבליבן אַליין. ג־ט אין הימל, טראַכט איך, ווען וועט שוין קומען די גאולה, ס'ציען זיך די טעג און די נעכט אָן אַ סוף... און כ'בין געלעגן אין די קאָרן נאָך צוויי חדשים.

## רוסן באַפרייען דראָהיטשין, קוקן אויפן גרוב און וויינען

ביינאַכט הער איך פלוצלונג אַ גרויסע שיסעריי. אין בונקער האָב איך מורא געהאַט צו גיין, בין איך געלעגן אין די קאָרן. די שיסעריי האָט געדויערט אַ גאַנצע נאַכט. אַז עס האָט אָנגעהויבן טאָגן, האָב איך דערזען סאָוועטישע מיליטער לויפן. באַלד אויף דעם איז געקומען ראָמאַנאָווסקי אָנזאָגן מיר די בשורה אַז איך בין שוין באַפרייט ! . . .

נישט ווייט ווו איך בין געלעגן, איז געשטאַנען אַ רוסישער אָבאָז. ראָמאַנאָווסקי איז אַוועק צו די רוסן און זיי דערציילט פון מיר. אַלע פון אָבאָז זיינען געקומען אָנקוקן מיך. איך האָב דאַן אויסגעקוקט ווי אַ סקעלעט און אָפּגעריסן. די רוסן האָבן מיך גענומען אויף דעם אָבאָז און אַוועקגעפירט קיין דראָהיטשין צו מיין הויז, וועלכע איז געשטאַנען גאַנץ אָבער וועלכע האָט אויסגעקוקט ווי אַ שטאַל, ווייל די דייטשן האָבן דאָרט געהאַלטן פערד. באַלד זיינען אויך אָנגעקומען אַ פולע שטוב מיט פּאָליאַקן און רוסישע פויערים צו קוקן אויף דעם בייז־וווּנדער, אויף דער איינציקער ידישקע וואָס איז געבליבן לעבן. די יידן פון די וועלדער זיינען געקומען מיט אַ חודש שפעטער.

אויף צומאָרגנס זיינען געקומען די רוסישע נ.ק.וו.ד. צו זען ווי איך זע אויס. זיי האָבן געוויינט קוקענדיק אויף מיר און אויף דער גרוב, ווו איך האָב אָפּגעפינצטערט קאָרגע דריי יאָר. זיי האָבן גאָרנישט געקענט באַגרייפן ווי איך האָב דאָס אויסגעהאַלטן.

מיט אַ חודש שפעטער זיינען געקומען פון די וועלדער: אברהם דער טשעראָמכער מיט זיין מיידל; ספעוואַק'ס מיידל,





פון רעכטס: דוואָשקע גאָלדבערג ע"ה, פיניע וואַלדמאַן הי"ד! און אסתר אייזענשטיין־פעלדמאַן מיט איר קלאַס פון „מוריה", הי"ד!

מיט נאַקעטע הענט קעגן די פאַרניכטונגס געווער פון די רוצחים ! . . .

איך האָב דערלעבט דעם טאָג, ווען די מערדער האָבן פאַרלאָזן אונדזער טויטע שטאָט. און נאָך דריי יאָר לײַדן, האָב איך דערזען אַ ליכטיקייט וואָס האָט מיר פאַרבלענדעט די אויגן... איך בין געווען די גאַנצע צייט האַלב בלינד, ביז איך האָב ענדלעך דערזען די ליכטיקע וועלט, וואָס איז פאַר מיר אַזאַ לאַנגע צייט געווען פינצטער. אָבער עס איז מיר ווידער פינצטער געוואָרן אין די אויגן דערזעענדיק די גאַנצע שטאָט מענטשן באַגראָבן הינטערן גלח'ס סאַד... מיין האַרץ איז געווען פון אײַזן אַז איך האָב דאָס איבערגעלעבט.

איך בין אַוועק קיין דאַבאַגניעוו. מיין האַרץ האָט מיר ווײ געטאָן זעענדיק ווי די פוילישע פויערים האַנדלען מיט יידישע האָב און גוטס. יונגע שיקסעס נייען איבער די קליי־דער פון אונדזערע מאַמעס... פויערשע הייזער זיינען באַפּוצט מיט די זילבערנע בעכערס, וואָס אונדזערע טאַטעס האָבן קידוש־געמאַכט שבת און יום־טוב. אין זייערע חגאות נוצן זיי שבת'דיקע לייכטער, אין וועלכע אונזערע מאַמעס האָבן געבענטשט ליכט... כ'האָב ניט געקענט צוקוקן ווי די פוילישע קרעמער וויקלען איין הערינג און בשר־חזיר אין די הייליקע בלעטער פון אונדזערע גמרות...

נאָך לאַנגע וואָגלענישן און מאַטערניש בין איך, אין יאָר 1950, אָנגעקומען קיין שיקאַגע, ווו איך געפין זיך היינט.

זייער אָפט קומען מיר אויפן געדאַנק די ווערטער פון ד״ר שעכטער: „וואָס וועט שוין זיין אַז דו וועסט זיך ראַ־טעווען? וואָס פאַר אַ לעבן וועסטו האָבן, אַז דו וועסט זיך אַליין ראַטעווען און אַלע דיינע טײַערע און נאָענטע וועלן זיין טויט?...״ יעצט שפּיר איך עס אָן... עס האָט נישט גע־לוינט צו דורכמאַכן אַזאַ חיבוט־הקבר ווי איך האָב אַדורכ־געמאַכט און צו בלייבן לעבן . . .



פּיזויש פעלד־מאַן און מאַטיע יאַכנעס אַקושע־וויטץ (אויבן), ביידע אומגעקו־מען, הי״ד!

נחום דער בלינער, שיינדל, שעפּסל זאַרעצקי מיט זיין פרוי און קינד; שלום, אברהם דעם הענדלערס איניקל, און נאָך איניקע געראַטעוועטע יידן.

איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן דעם טאָג ווען די רוצחים האָבן פאַרניכטעט אונדזער שטאָט דראָהיטשין. מיר זיינען דאַן פאַרגליווערט געוואָרן מיינע לעצטע בלוטן וואָס איך האָב פאַרמאָגט. ביינאַכט האָט מיר מיין רעטער מיט טרערן אין די אויגן דערציילט, אַז דראָהיטשין מיט אירע יידן עק־זיסטירט נישט מער. דערביי האָט ער געפרעגט: חוה, פאַר־וואָס קומט דאָס איך אַזוי טראַגיש אומגעבראַכט צו ווערן? ליידער, האָבן די יידן זיך ניט געקענט אַנטקעגנשטעלן



פלגי מים תרד עיני על שבר בת עמי, עיני נגרה ולא תדמה מאין

הפגות. תשיב להם גמול ה׳ כמעשה ידיהם, תרדף באף ותשמידם מתחת שמי ה׳. איכה ג׳.

# אַן אויפקלערונג

פון **רחל קראַוועץ** (ניו־יאָרק)

איך בין אַן „עד ראיה" פון דעם הורבן פון דראָהיטשין. איך בין געלייטערט פון פייער און בלוט. איך האָב אַלעס צו־געזען און צוגעהערט, וואָס איז פאָרגעקומען אין דער געטאָ פון טויט... און איך וויל דאָ ריכטיק־שטעלן אייניקע פאַקטן, וועלכע שטימען ניט מיט דער ווירקלעכ־קייט.



רחל קראַוועץ־פעלדמאַן און מאַן יוסף

איך הער, אַז מען מורמעלט און מען באַשולדיקט אייניקע יידן אין נישט קיין גוטער האַנד־לונג בנוגע דעם יידי־שען קהל אין דראָ־היטשין. איך וואַרף קאַטעגאָריש אָפּ די באַשולדיקונגען. נישט אַלץ איז ריכטיק.

ביי מיין פאָטער (איצקע קראַוועץ) אין הויז איז פאָרגע־קומען די גרינדונג פון „יודען־ראַט", ווייס איך, ווי אַלע פאַרזאַמלטע יידן האָבן ממש מיט געוואַלד אָנגעצוווּנגען די פירערשאַפט פון „יודען־ראַט" אויף איינעם פון אונדזערע שכנים, וועלכער האָט געוויינט און זיך געבעטן, אַז מען זאָל אים אויסלאָזן און אויסוויילן אַן אַנדערן. לסוף, אָבער האָט ער זיך געמוזט אונטערוואַרפן דעם דעת הקהל און האָט אָנ־גענומען די פירערשאַפט. „ער" איז אונשולדיק! קיינער אויף זיין אָרט וואָלט בעסער ניט געהאַנדלט!...

צום ביישפּיל, ווען די דייטשע רוצחים האָבן אַרויסגעגעבן די גזרה, אַז יעדער ייד מוז אָפּגעבן די זילבערנע גאָפּל, מעסער און לעפל, האָט מיין מוטער אַריינגערופן דעם געוויילטן יידישן פירער אין שטוב, זי האָט געעפנט דעם טיש־קעסטל און צו אים געזאָגט: „נעמט וויפיל איר באַדאַרפט!"... אַנדערע האָבן געשאָלטן און געזאָגט, אַז „ער" נעמט דאָס פאַר זיך... שפּעטער ווען די דייטשן האָבן געפאָדערט גאָלד האָט מיין מוטער אַרויסגעריסן איר'ע גאָלדענע ציין און „אים" אַוועק־געגעבן. ער איז דאָך געווען אונדזער שליח־צבור, און ער האָט געמוזט אויספירן די פאַראָרדענונגען פון די דייטשן, אַז נישט וואָלטן די דייטשן דערשאָסן פיל יידן...

אָדער נעמט דעם טראַגישן פאַל מיט די דריי יידישע יונגעלייט, די ברידער טענענבוים און זאַוועלאָווסקי, וועלכע זיינען אַנטלאָפן פון אַרבעט־לאַגער ביי קאָברין. די דייטשע בעסטיעס האָבן געפאָדערט, אַז דער „יודען־ראַט" זאָל די אומגליקלעכע יידישע יונגעלייט אויפהענגען אין מיטן מאַרק. האָט דער „יודען־ראַט" געוואָרפן גורל, ווער עס זאָל אַדורכ־פירן די עקזעקוציע און ז'ער ביטערער גורל איז געפאַלן אויף אַ פאַר יונגעלייט. זיי האָבן געקלאָגט און געוויינט און עס געמוזט אויספירן... וואָלטן זיי דאָס נישט געטאָן, וואָלט אַן אַנדער ייד געמוזט דאָס טאָן... אָדער עס וואָלטן געפאַלן נאָך מער ווי די דריי קרבנות...

„ער" איז געשטאָרבן צוזאַמען מיט אַלע קדושים, מיט אַ הייליקן טויט.

מיין פאָטער, וועלכער האָט נאָך געלעבט אַ שטיקל צייט נאָך דעם אומקום פון דער געטאָ, האָט דורך אַ שפּאַרונע פון דעם דאַך פון אונדזער הויז, געזען ווי די דייטשע מערדער האָבן „אים" געפירט צוזאַמען מיט ישראל זעליק'ס פרוי, פייגל, — צו דער הריגה...

---

# יידישע נקמה!

## תמות נפשי עם פלשתים

איבערגעגעבן פון די שוועסטער שרה און רחל **קראַוועץ**
(איצקע דעם רימערס טעכטער)

„די פויערים פון דאָרף זאַריטשקע און פון אַנדערע דערפער האָבן אויסגעגעבן פיל באַהאַלטענע יידן צו די דייטשע רוצחים. פאַר יעדן געכאַפּטן ייד האָבן די מוזשיקעס באַקומען פון די דייטשן 500 מאַרק אַלס באַלוינונג. די באַ־האַלטענע יידן זיינען נאַטירלעך פאַרפייניקט געוואָרן צום טויט און זייערע טויטע קערפּערס האָבן די דייטשע בעסטיעס אַריינגעוואָרפן אין אַ ספּעציעל אויסגעגראָבענער גרוב אין בראָנער הויף.." אַזוי האָבן איבערגעגעבן די שוועסטער קראַוועץ.

פאַר אַ קורצער צייט נאָך דער צווייטער שחיטה, ווען דראָהיטשין איז שוין געווען „יודען־ריין", — דערציילן די געראַטעוועטע שוועסטער קראַוועץ, — האָט זיך אונדזער גאַנצע פאַמיליע אויסבאַהאַלטן אויף דעם בוידעם פון דער הויז פון אונדזער שכן, משה ליעוואַק. אָבער זעענדיק, אַז די לאַגע ווערט אונערטרעגלעך און די רוצחים קענען אַליאַדע טאָג אַנטדעקן אונדזער באַהעלטעניש, האָבן מיר באַשלאָסן צו אַדורכרייסן דעם דייטשישן קאָרדאָן און אַנטלויפן אין וואַלד.

אין אַ פינסטערער נאָוועמבער נאַכט, מיט אַ קליין קינד אויף די הענט, זיינען מיר אַרויס פון אונדזער באַהעלטעניש און זיך געלאָזט אין דער ריכטונג פון וואַלד. קריכנדיק אויף אַלע פיר זיינען מיר בשלום דערקראָכן צום בראָנער וואַלד און דאָרט זיך באַהאַלטן אין די לעכער פון די אַלטע ביימער. שפּעטער האָבן מיר אין וואַלד אָפּגעפונען נאָך יידן פון דראָ־היטשין, וועלכע עס איז געלונגען צו אַנטלויפן פון דער לעצטער שחיטה. מיר האָבן געמאַכט „זעמליאַנקעס" אין דער ערד, און דאָרטן האָבן מיר, אין גרויס שרעק פאַר די מערדער, אָפּגעפינצטערט אונדזערע טעג און נעכט און געוואָרן גע־פייניקט פון הונגער און קעלט...

ביינאַכט פלעגן מיר זיך אַרויסלאָזן צו זוכן שפּייז אין די אַרומיקע כוטערס. צו אונדזער גליק האָבן מיר איינמאָל





שמעון קראַוועץ, הי״ד! — צווייטע בילד פון רעכטס: רחל קראַוועץ, רבקה לובאַשעווסקי, רבקה ראַזענצווייג, שרה לעווי, עפשטיין (יצחק׳ס), און איידל עפשטיין אין 1939. אַחוץ רחלען און רבקה׳ן אַלע אומגעקומען, הי״ד!

געפונען אַ גרוב מיט קאַרטאָפל, וועלכע מיר האָבן ביסלעכ־ווייז איבערגעטראָגן צו אונדזערע לעכער און מיט די קאַר־טאָפל האָבן מיר זיך דערנערט פאַר אַ צייט. נאָכדעם האָבן מיר ווייטער געהונגערט. אונדזערע גלידער זיינען געוואָרן געשוואָלן פון הונגער און קעלט. די לייבער זיינען געוואָרן פול מיט וואונדן, וואָס האָט שטאַרק געווייטיקט. אַ צאָל פון די יידן, וועלכע זיינען געלעגן מיט אונדז אין די גריבער, זיינען אויסגעגאַנגען פון קעלט און נענדזע...

אונדזער ברודער שמעון (17 יאָר איז ער אַלט געווען), האָט ניט געקענט צוזען דעם צער און די יסורים פון זיינע טייערע, איז ער, איינמאָל אין אַ נאַכט, אַוועק אין דאָרף זאַ־ריטשקע, צו אַ געוויסן פויער מיט נאָמען פעטרוק און גע־בעטן, אַז פעטרוק זאָל אים געבן דעם פאָטער׳ס פוטער און נאָך אַנדערע וואַרעמע זאַכן, וואָס אונדזער פאָטער האָט גע־האַט באַהאַלטן אין זיין שייער. פעטרוק האָט אונדזער ברודער געהייסן קומען מאָרגן. צו מאָרגנס, אַז שמעון איז געקומען נאָך די זאַכן, האָט פעטרוק געמאַכט אַ גוואַלד, אַז ער האָט געכאַפּט אַ באַהאַלטענעם ייד. די פּאָליציי, פאַרשטייט זיך, איז גלייך געווען אויפן אָרט און אַרעסטירט שמעון׳ען. פעט־רוק איז געווען זיכער, אַז ער וועט פון די דייטשן באַקומען 500 מאַרק מיט אַ פלאַש בראַנפן אַלס באַלוינונג.

די דייטשישע רוצחים האָבן שמעון׳ען מערדערלעך געשלאָגן און אים געצוואונגען, ער זאָל אַרויסגעבן דאָס באַ־העלטעניש פון די אַנדערע יידן. אונדזער ברודער, זעענדיק, אַז זיין גורל איז שוין גע׳חתמ׳עט און ער וועט שוין פון די מערדער נישט אַרויסגיין קיין לעבעדיקער האָט, ווי שמשון הגבור, געזאָגט: „תמות נפשי עם פלשתים" און באַשלאָסן צו נעמען נקמה, מיט זיין טויט, אין דעם רויבערישן מוזשיק.

שמעון האָט זיך „מודה" געווען, אַז פעטרוק האָט אים די גאַנצע צייט אויסבאַהאַלטן ביי זיך אין שייער. און כדי איבערצוצייגן די דייטשן אין זיינע רייד, האָט ער זיי אַריינ־געפירט אין שייער און זיי אָנגעוויזן אויף די זאַכן, וואָס מיר האָבן געהאַט באַהאַלטן אין דעם שייער...

די דייטשן האָבן אַרעסטירט פעטרוק׳ן מיט זיין פאַמי־ליע פון 7 פערזאָן. די דייטשן האָבן אויפגעשטעלט 7 תליות אין מיטן מאַרק, צונויפגעטריבן אַלע פויערים פון געגנט און פאַר אַלעמען אין די אויגן אויפגעהאַנגען פעטרוק׳ן מיט זיין פאַמיליע אויף די תליות. אַזוי האָט פאַרענדיקט דער נבלה׳דיקער פויערישער רויבער, וואָס האָט זיך געקוואַפּעט אויף אַ פּאָר יידישע חפצים.

אונדזער ברודער שמעון׳ען האָבן די דייטשישע מער־דער ערגעץ־ווו אַוועקגעפירט און מער האָבן מיר פון אים נישט געהערט.

אויסבאַהאַלטנדיק זיך אין וואַלד בערך 14 חדשים, האָבן אונדז די פּאַרטיזאַנער אויסגעפונען און זיי האָבן אונדז צוגע־נומען מיט זיך. און אַזוי אַרום זיינען מיר לעבן געבליבן.

נאָכדעם, אַז די רויטע אַרמיי האָט אונדז באַפרייט האָבן מיר זיך אומגעקערט קיין דראָהיטשין. די פויערים האָבן זיך געוווּנדערט און געפרעגט: „וואָס איר לעבט נאָך?"... מיר האָבן זיך פאַר שאַנדע און ווייטאָג ביטער צעוויינט... מיר האָבן אין דראָהיטשין ניט געפונען קיין איין ייד.

מער האָבן מיר אין דראָהיטשין ניט געקענט פאַרבלייבן, ווייל די פויערים זיינען אַלע געווען פאַר׳סמ׳ט און פאַרגיפ־טעט פון דייטשן היטלעריזם און יידן־האַס. מיר האָבן זיך געזעגנט מיט אונדזער ליבער געבורט־שטעטל אויף אייביק... און מיר זיינען אַוועק אין דער וועלט ביז מיר זיינען אָנגע־קומען קיין אַמעריקע. — [ז.ז. 183 חיים שולמאַן. — רעד.]

---

## שרה פרידענבערג די העלדישע יידיש מיידל

זאָל דאָס פאַרצייכנט ווערן לזכרון!

בערך די דייטשן האָבן געפירט די ערשטע האַלבע שטאָט צו דער שחיטה אין בראַנע־גורע (ביי בערעזע), זיינען מיט די יידישע קרבנות מיטגעפאָרן 25 יידישע פורמאַנעס מיט זייערע געשפאַנען. ווען דער טויטן־צוג איז אָנגעקומען צום עמק הבכא האָבן די דייטשע הענקער באַפוילן די יידישע פורמאַנעס צו פאַשן זייערע פערד ביז זיי וועלן פאַרענדיקן זייער מאָרד און נאָכדעם פאָרן צוריק אין שטאָט.

דאַן האָט זיך דאָס מוטיק יידיש מיידל, שרה פרידענבערג, (טאָכטער פון שלמה פרידענבערג), געשטעלט אויף אַ קלאָץ און אַ געשריי געטאָן צו די יידישע פורמאַנעס:

„ברידער יידן! ווי קענט איר פאָרן אַליין אַהיים און אונדז דאָ איבערלאָזן צו ווערן אַריינגעוואָרפן אין די קאַלך־אויוונס?! (גריבער ווו מען ברענט קאַלך — רעד.) געדענקט, וואָס איר טוט! אייער געוויסן וועט אייך מאַטערן דאָס גאַנצע לעבן! קומט מיט אונדז! זאָלן די דייטשע רוצחים אַליין טרייבן די פערד אין שטאָט. קומט מיט אונדז און לאָמיר פאַלן ווי גיבורים!"... —— [ז.ז. 280 בילד פון שרה׳ן. — ד.וו.]

און די 25 יידישע פורמאַנעס זיינען פאַרבליבן מיט די צום טויט־פאַר׳משפּט׳ע יידן און געטיילט זייער גורל. הי״ד!

פון רחל קראַוועץ

חיה ריידער (קאַנאַדע)

# דייטשישע רציחה

בינדן צו יידן צו פערד און שלעפן זיי איבערן ברוק

**איך** בין דער לעבעדיקער עדות, וואָס האָט צוגעזען די אכזריותדיקע מאָרדן פון די דייטשע רוצחים איבער די דראַהיטשינער יידן. איך האָב צוגעזען ווי די דייטשישע רוצחים מיט זייערע מיטהעלפער, א. קראַינער, ווייס־רוסן א.א., האָבן יעדן טאָג אָפּגעריסן מיטגלידער פון זייערע פאַמיליעס און זיי אומגעבראַכט. איך האָב מיין לעבן אויסגעקויפט מיט געלט. פאַר אַ צייט האָב איך געאַרבעט אין אַ שטריק פאַבריק, וואָס די דייטשן האָבן געשאַפן כדי צוצושטעלן שטריק פאַר זייערע אַרמייען. איך האָב דאָרט געאַרבעט כדי איך זאָל נישט געוואָרפן ווערן אין די גריבער פון טויט. מיין מאַן האָב איך נישט געקענט אויסקויפן מיט געלט, און ער איז אומגעקומען.



חיה ריידער

אַ געבוירענע בין איך אַליין פון פינסק, בורמאַנס אַ טאָכטער. קיין דראָהיטשין בין איך געקומען אויף אַ וויזיט צו מיינע קוזינס, די מעדניצקי׳ס, וועלכע האָבן מיך שוין נישט געלאָזט פאָרן צוריק קיין פינסק. אין יאָר 1938 האָב איך חתונה געהאַט פאַר אַ דראָהיטשינעם יונגנמאַן, משה שינדער, און געהאָפט אָנצוהויבן אַ ניי־לעבן, אָבער די האָפענונגען זיינען צערונען געוואָרן.

אין יאָר 1939 איז אויסגעבראָכן די מלחמה און מיין מאַן איז צוגענומען געוואָרן פון די פּאָליאַקן אויפן פראָנט, ווו ער איז פאַרווונדעט געוואָרן. ווען מיין מאַן איז צוריקגעקומען פון פראָנט, זיינען שוין אין דראָהיטשין געווען די סאָוועטן, וועלכע האָבן אַרעסטירט פיל רייכע יידישע פאַמיליעס און זיי אַרויסגעשיקט טיף קיין רוסלאַנד. די פאַרשיקטע יידן האָבן זיך זייער געשראָקן פאַר דעם געדאַנק, אַז מען פאַרשיקט זיי קיין סיביר. מאַנכע יידישע פאַמיליעס האָבן זיך אָפּגעבעטן ביי די רוסישע באַאַמטע, אַז זיי זיינען אָרעמע מענטשן און זיי זיינען געבליבן אינדערהיים. איך מיט מיין מאַן און אונזערע שכנים ליבע פּאָריצקי און טאָכטער קריינע האָבן זיך אָפּגעבעטן ביי אַ צווייטער רעוויזיע. ביי אונדז איז געווען אַ גרויס פרייד וואָס מיר זיינען געבליבן אין דראָהיטשין און נישט פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר...

דעם 23טן יוני 1941, האָבן זיך איבער דראָהיטשין פלוצלונג באַוויזן היטלערס עראָפּלאַנען און אָנגעהויבן האָגלען מיט פייער און טויט. עס האָבן זיך פאַרשפרייט קלאַנגען, אַז די דייטשן זיינען מערדער, זיי הייגען יידן איבעראַל, אָבער קיינער האָט נישט געוואָלט גלויבן... מיר, אַלע שכנים, האָבן זיך צונויפגעקליבן צו ליבע פּאָריצקי אין הויז און גענומען באַטראַכטן אונדזער לאַגע. יעדער איינער האָט געהאַלטן, אַז עס איז נישט ריכטיק וואָס מען זאָגט אַז די דייטשן זיינען שלעכט.

דעם 27טן יוני, פרייטיק פאַרנאַכט, האָבן זיך די מערדער באַוויזן אויף זייערע מאָטאָרציקלען. נחמיה זישוק איז געפאַלן דער ערשטער קרבן. ער איז גראד געווען אין גאָרטן, ווען די דייטשן זיינען אַריין אין שטאָט, האָבן זיי אים גלייך דערשאָסן. די דייטשן האָבן באַלד אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז יעדער איינער מוז זיך רעגיסטרירן פאַר טעגלעכער אַרבעט און אויף יעדער יידישער הויז האָט געמוזט זיין צוגעקלאַפּט אַ „מגן־דוד". עס איז אויך גלייך געשאַפן געוואָרן אַ „יודענראַט", וועלכער האָט געדאַרפט צושטעלן שפייז פאַר די דייטשן. מיר האָבן געמיינט, אַז דאָס לעבן וועט זיך ווי ס׳איז איינשטעלן און מען וועט זיך צוגעוווינען צו די צרות. אָבער וואָס ווייטער איז די לאַגע געוואָרן ערגער און ערגער.

אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָבן די דייטשן באַפוילן, אַז די יידן מוזן צושטעלן עטלעכע קילאָ גאָלד און הונדערט טויזנט רובל קאָנטריבוציע ביז מאָרגן פרי. אין פאַל דאָס גאָלד וועט נישט געבראַכט ווערן צו דער באַשטימטער צייט, וועלן זיי אויפהייגען דעם רב פון שטאָט, הרב אַייזיק יעקב קאַלענקאָוויטש הי״ד. עס איז געוואָרן אַ מהומה אין שטאָט, יעדער איינער האָט געגעבן וואָס ער האָט נאָר געהאַט: קדושין־רינגלעך, אוירינגלעך, זייגערלעך, אַפילו די גאָלדענע ציין האָבן אַנדערע אַוועקגעגעבן, און מ׳האָט זיך פאַר דעם געלט אויסגעקויפט פון אומגליק.

באַלד איז געקומען אַ נייע גזרה: די דייטשן האָבן געפאָדערט מען זאָל זיי אַרויסגעבן די יידן, וועלכע האָבן פאַרנומען אַמטן ביי די פּאָליאַקן און די רוסן. אין רעזולטאַט זיינען אַרעסטירט געוואָרן 10 קריסטן און 8 יידן. די דייטשן האָבן די אומגליקלעכע צוגעשטעלט צו דער וואַנט פון איי־



נחמיה און מירל זישוק, זייערע טעכטער און איידעמס: יאָספע, עטל, העניע, לייבע, משה א.א. אַלע אומגעקומען, הי״ד!

זענשטיינס הויז. די בעסטיעס האָבן דאַן גענומען שפרה שוואַרצבערג, שרה לינדמאַן, ליטמאַן און נאָך יידן, צוגעבונדן זיי צו אַ פערד און אים געלאָזט לויפן איבער דעם שטיינערנעם ברוק מיט די קרבנות, וועלכע זיינען צעקלאַפּט און צעריסן געוואָרן אויף שטיקלעך... די געשרייען און קולות פון די אומגליקלעכע, וואָס זיינען געגאַנגען ביז צום הימל, קלינגען מיר נאָך עד היום אין די אויערן... די איבעריקע יידן האָבן די דייטשע רוצחים אַוועקגעפירט אין ראָווינער הויף און מיט מאַשין־ביקסן פאַרענדיקט דאָרט זייערע לעבנס.

אַ פּאָר טעג שפּעטער זיינען די מערדער געקומען צו מיר אין הויז, ווו די רוסן האָבן געהאַט זייער סקלאַד פון בראָנפן, און געפאָדערט פון מיר איך זאָל זיי געבן שנאַפּס. איך האָב געוויינט מיט בלוטיקע טרערן און זיי געזאָגט, אַז די רוסן האָבן אַלעס צוגענומען מיט זיך. די דייטשן האָבן מיך געשמיסן מיט בייטשן און מיין מאַן משה׳ן האָבן זיי פּשוט צעקוועטשט דאָס לייב. לסוף האָט דער „יודענראַט" געהייסן מיין מאַן אַוועקצופירן פערד צו דער ס. ס. און ער איז שוין פון דאָרט נישט צוריקגעקומען.

## גלח און רוס ראַטעווען דעם רב און 30 יידן פון טויט

קורץ נאָכדעם האָבן די דייטשן אַרויפגעלייגט אויף דער שטאָט אַ צווייטע קאָנטריבוציע. אָבער, אַז מער קיין גאָלד און געלט איז שוין נישט געווען האָבן די מערדער גענומען 35 יידן מיט דעם רב פון שטאָט אַלס ערוב׳ניקעס, אויב מען וועט זיי נישט געבן די געפאָדערטע סומע געלט, וועלן זיי אומברענגען דעם רב מיט די 35 יידן. דער סטאַרעסטע פון שטאָט, דער אַלטער „סטראַפּקע", האָט זיך איינגעשטעלט פאַרן רב מיט די יידן, אָבער עס האָט נישט געהאָלפן. די פרויען פון די אַרעסטירטע יידן און די רביצין זיינען דאַן צוגעפאַלן מיט תחנונים צום גלח פּאַלעווסקי, אַז



דעם גלח׳ס הויז און סאַד, הינטער וועלכן די דייטשן האָבן דערמאָרדעט די יידן פון געטאָ א׳ און דאָרט זיי באַגראָבן, הי״ד!



שטייען פון לינקס: ליבע קיר, מרדכי קאַלאַדנער, חנה שמיד, קריינע פּאַריצקי, הערשל גאָלדמאַן און פייגל סאַלעווער. זיצן פון לינקס: ציפּקע סאַלעווער, אשר מעשטשאַנין און שיינדל ציזש. אַחוץ אשרן און הערשל — אַלע אומגעקומען, הי״ד!

ער זאָל ראַטעווען זייערע מענער פון טויט. דער גלח פּאַ־לעווסקי איז טאַקע באַלד אַוועק צום ס. ס. אָנפירער און אויסגעפּועלט די באַפרייאונג פון רב מיט 30 פון די פאַרהאַל־טענע. 5 יידן זיינען געבליבן אַלס ערוב׳ניקעס ביי די דייטשן אין די הענט ביז מ׳וועט איינצאַלן די סומע קאָנטריבוציע.

דאַן האָבן די רוצחים פאַראָרדנט די יידן אַריבערצו־ציען זיך פון זייערע הייזער אין געטאָ אַריין. פיל יידן האָבן נישט געוואָלט פאַרלאָזן זייערע הייזער. איך בין נאָך דאַן גע־ווען ביי מיר אין הויז, ווייל איך האָב באַצאָלט אַ סאַך געלט כדי צו ווערן אַריינגענומען אין דער גרופּע פון ערד־אַרבע־טער. די נאַכט, ווען די דייטשן האָבן אַריינגעטריבן די יידן אין געטאָ, בין איך געווען באַהאַלטן אין שטאַל, אויף דעם בוידעם. שפּעט ביינאַכט האָב איך דערהערט שרעקלעכע קולות פון מיינע שכנים: חאַשע אייזיקס (וואָלאָדאַווסקי) האָט נישט געוואָלט אַזוי גיך פאַרלאָזן איר הויז, האָט איר דער פּאָליציאַנט, אַ לעכעוויטשער גוי, דערשטאָכן צום טויט מיט זיין שפּיז. דאָס זעלבע האָט ער געטאָן צו חאַשעס טאָכטער, הינדען, וועלכע איז אויך געפאַלן אַ דערשטאָכענע. אַ ווײַלע שפּעטער האָב איך געהערט די קרעכצן פון אַלטער דעם סאָ־כערס טאָכטער, וועלכע איז אויך דערשטאָכן געוואָרן, ווייל זי האָט נישט געהאַט גענוג געלט צו געבן. דער דאָזיקער גוישער רוצח פון לעכעוויטש איז ווייטער געבליבן אין שטאָט און האָט געטאָן מיט די יידן וואָס זיין האַרץ האָט געגלוסט, ווייל פאַר טויטן יידן האָט מען געקראָגן אַ העכערן ראַנג און געלט.

איידער מ׳האָט די יידן פון דראָהיטשין פאַרשלאָסן אין די געטאָס האָבן די דייטשן געבראַכט צוטרייבן אין שטאָט די יידן פון מאָלטש און שערשעוו. זיי זיינען געטריבן גע־וואָרן הונגעריקע, באָרוועסע, צוויי טעג נאָכאַנאַנד. די קליינע קינדער און די שוואַכע האָבן די דייטשן דערשאָסן אויף דעם וועג. יעדער איינער אין שטאָט האָט אַוועקגעגעבן דעם לעצטן ביסן ברויט און קישן פאַר די מאָלטשער און שערשעווער יידן, וועלכע זיינען געווען שרעקלעך הונגעריק און צע־בראָכן. איך אַליין האָב געהאַלטן ביי מיר אין שייער אַ פאַ־מיליע פון 5 מענטשן (אָרינאָווסקי פון שערשעוו) און זיי באַ־זאָרגט מיט עסן און קליידער ביז דעם טאָג ווען מען איז אַוועק אין געטאָ.

די געטאָ איז געווען איינגעטיילט אין צוויי טיילן: געטאָ 1 — פאַר די געזונטע, און געטאָ 2 — פאַר די שוואַכע און קראַנקע. אין געטאָ 1 האָבן זיך געפונען אַריבער 3 טויזנט יידן און אין געטאָ 2 זיינען געווען אַרום 1600 פּערזאָן. יעדן טאָג האָט מען די פון געטאָ 1 געשיקט אַרבעטן אין ליפּניק און ראַדעסטאַווע. איך האָב זיך איין מאָל פאַרשטעלט פאַר אַ קריסטין און געוואָלט אַנטלויפן פון געטאָ. די דייטשן האָבן אָבער, צוליב מיין יידישן אויסזען, מיר דערקענט און צוריק־געבראַכט צום יידנראַט. וועלכער האָט נאָך פיל פּראַטעק־ציע און געלט, וואָס איך האָב באַצאָלט, מיך באַשטימט צו מאַכן שטריק. איך בין ספּעציעל געפאָרן קיין יאַנאָווע, ווו איך האָב זיך צוגעלערנט די אַרבעט פון מאַכן שטריק. צוריק־קומענדיק האָב איך געבעטן ביים יודענראַט זיי זאָלן מיר געבן העלפער צו מיין אַרבעט. איך האָב אויסגעקליבן יהודית ווינאָקוקער, קריינע פּאַריצקי און נאָך אַנדערע יידן, מיינענ־דיק אַזוי אַרום צו קענען זיי ראַטעווען פון טויט, ווייל די דייטשן האָבן מיר דערלויבט אַרויסצונעמען 15 מענטשן פון געטאָ צו מיין אַרבעט. אויך די האָפענונג איז אויסגערונען.

## דייטשן טרייבן געטאָ ב׳ צום טויט, זי ראַטעוועט זיך

איינמאָל, אין אַ מיטן נאַכט, אַרום 12 אַזייגער, איז די געטאָ איבערפאַלן געוואָרן פון ס. ס. הענקערס, וועלכע האָבן פאַרנומען אַלע יידן מיט דעם יודענראַט און זיי געטריבן צו דער „בראַמע״. מיר איז געלונגען צו אַנטלויפן און זיך באַ־האַלטן הינטער אונזער שייער. שפּעטער בין איך געלאָפן צו די גויע גערטנער. פון דאָרט האָב איך זיך אומגעקערט און אַוועק צו דינה׳ן, שמואליק׳ס פרוי, וועלכע האָט געהאַט אַ באַהעלטעניש. ליידער, האָבן די דייטשן אויסגעפונען דאָס באַהעלטעניש און איך האָב זיך פון דאָרט געראַטעוועט. לויפנדיק פון דינה שמואליקס האָט מיך אַ פּאָליציאַנט גע־כאַפּט, אָבער אַ דאַנק דעם, וואָס איך האָב געהאַט באַ־האַלטן ביי זיך אַביסל געלט, האָב איך זיך אויסגעקויפט ביים רוצח און ווייטער געלאָפן מיטן שליאַך קיין סאַכע און דאָרט זיך באַהאַלטן ביי אַ קריסטין מאַרוסיע זאַטאַנסקאַ.



דינה מילנער, הי״ד!

די צווייטע נאַכט האָב איך זיך געלאָזט אין דער ריכ־טונג פון דובאָוויי צו אַ ״כוטער״, ווו איך האָב נאָך פריער געגעבן צו באַהאַלטן מיין פאַרמעגן. די קריסטין באַלעבושקאַ, וואָס האָט געהאַט מיין פאַרמעגן, האָט מיר געגעבן אַן אָרט

אין איר שייער צו באַהאַלטן זיך. באַלעבושקאַ האָט מיר אויך דערציילט, אַז קריינע פּאַריצקי'ן האָבן די דייטשן געכאַפּט לויפנדיק אויפן וועג און האָבן איר דערשאָסן. שפּעטער האָט מיר די קריסטין געהייסן פאַרלאָזן איר כוטאָר, ווייל איר לעבן איז אין געפאַר, האָט זי געזאָגט.

ביינאַכט האָב איך פאַרלאָזן דובאָוויי און געלאָפן ווייטער אין דער פינצטערניש, געוואַנדערט און געזוכט אַן אָרט ווו צו באַשיצן זיך פון טויט. דעם טאָג בין איך איבערגעלעגן אין גרויסן קאַזשאָנעם וואַלד צווישן די קוסטעס. אַז עס איז פינצטער געוואָרן בין איך ווייטער געלאָפן. הונגעריק, מיט געשוואָלענע פיס, האָב איך זיך דערשלעפּט צו אַ דאָרף, אָנגעקלאַפּט אין טיר און געבעטן אַ טרונק וואַסער, אָבער די פויערים האָבן מיר געוואָרנט איך זאָל זיך אָפּטראָגן פון דאַנען. בין איך ווייטער געלאָפן און זיך דערשלאָגן צו אַ פויערישע פאַמיליע, מיט וועלכע מיר האָבן אַמאָל געהאַנדלט. דער אַלטער פויער איז אין הויז נישט געווען, האָב איך דער אַלטער פויערטע געגעבן אַ פעקל אַסיגנאַציעס אין דאָלאַרן און די קריסטין האָט צוגעשטימט צו באַהאַלטן מיך אין קוטשקע, בתנאי, אַז איר מאַן זאָל פון דעם נישט וויסן. שפּעטער, אָבער, אַז דער פויער איז געקומען און אויסגעפונען אַז איך ליג אין קוטשקע, האָט ער געהייסן מיר צו פאַרלאָזן זיין הויז. עס האָט נישט געהאָלפן קיין געוויין און קיין געבעט. דער פויער האָט מיר געגעבן אַ פאָר „פּאָסטאָלעס" און איך האָב פאַרלאָזן זייער הויז. די נאַכט איז געווען אַ קאַלטע, אַ שניי און אַ ווינט האָט געשניטן מיין לייב ווי מיט מעסערס. די קריסטין האָט זיך איבערגעצלמט און מיר געהייסן גיין.

## צוויי יאָר געלעבט אין אַ קוטשקע

פאַרן אַוועקגיין האָב איך נאָך געפּרוווט מזל מיט דער אַלטער, איך האָב איר צוגעזאָגט אָפּצוגעבן מיינעביידע הייזער אויב זי וועט מיר אויסבאַהאַלטן. איך האָב איר געוווּנען, און זי האָט מיר אַריינגעלאָזט אין הויז. בייטאָג פלעג איך ליגן אין קוטשקע אונטערן אויוון און ביינאַכט אויפן אויוון. נאָך וואָכן לאַנג ליגן אויף דעם הייסן אויוון, האָט מיין קערפּער באַקומען בראַנד־ווונדן, וועלכע האָבן מיר פאַרשאַפט גרויסע יסורים. אַזוי האָב איך דאָרט אָפּגעפּינצטערט צוויי יאָר.

ליגנדיק אין מיין באַהעלטעניש, פלעג איך זיך צוהערן צו די געשפּרעכן פון די פויערים, וועלכע פלעגן זיך פרייען וואָס אַלע יידן פון דראָהיטשין זיינען פאַרניכטעט. אין אַ געוויסן טאָג זיינען אַלע פויערים פון דאָרף פאַראָרדנט געוואָרן צו גיין קיין דראָהיטשין צו זען ווי מען הענגט אויף אינמיטן מאַרק דעם פויער פּעטרוק פון זאַריטשקע מיט זיין פאַמיליע פאַר אויסבאַהאַלטן דעם ייד שמעון קראַוועץ. יעדן פויער איז צוגעזאָגט געוואָרן שנאַפּס און הונדערט מאַרק אַלס מתנה פאַר איבערגעבן אַ באַהאַלטענעם יידן צו די דייטשן. איך האָב שוין נישט געהאַט קיין טרערן פון וויינען, דער טרערן קוואַל פון מיינע אויגן איז געווען אויסגעטריקנט.

ווען דער קריסט איז נישט געווען אין הויז, פלעגט די אַלטע מיך אַרויסנעמען פון אונטערן אויוון און אויסרעדן מיט מיר אַ פאָר ווערטער. זי האָט מיר אויך אויסגעלערנט ווי צו שפּינען פלאַקס. געגאַנגען בין איך אָנגעטאָן ווי אַ שיקסע און די ווייס־רוסישע שפּראַך האָב איך גוט גערעדט, אַזוי אַרום איז די געפאַר געווען נישט אַזוי גרויס, אַז איך זאָל דערקענט ווערן אַלס יידישע.

איינמאָל זיינען אין הויז, ווו איך בין געווען, אַריינגעקומען צוויי ס.־ס.'ער דייטשן. גראָד איז אין הויז קיינער נישט געווען אַחוץ מיר. איך האָב זיך נישט פאַרלאָרן און געזאָגט די דייטשן, אין דער ווייס־רוסישער שפּראַך, אַז מיין מומע איז נישטאָ. איך האָב זיי געגעבן ברויט און פּוטער און זיי זיינען אַוועק. עס איז געווען אַ נס וואָס זיי האָבן מיך נישט פאַרדעכטיקט.

נאָך צוויי יאָר צייט, ווען די דייטשן האָבן אָנגעהויבן לויפן צוריק, האָט איינמאָל פאַרבלאָנדזשעט צו אונדז אַ גרופּע פאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן זיך גענומען צום אַלטן, ער זאָל אויסזאָגן, ווו ער האָט פאַרבאַהאַלטן יידישן פאַרמעגן. איך האָב דאָס דערהערט, בין איך אַרויס פון מיין באַהעלטעניש און זיך פאָרגעשטעלט פאַר זיי און זיי דערציילט אַז דאָס אַלטע פּאָרל האָט מיך געראַטעוועט פון טויט. איינער פון די פאַרטיזאַנער, אַ יאַנאָווער יונגערמאַן, האָט מיר דערקענט און זיי האָבן מיך מיטגענומען מיט זיך. אין קורצן נאָכדעם זיינען אַריין די רוסן און אונדז באַפרייט פון די שרעקלעכע דייטשע רוצחים.

קומענדיק צוריק קיין דראָהיטשין האָב איך דאָרט געטראָפן אַ טויטע שטאָט, קיין שום סימן פון לעבן. איך האָב געוואַנדערט ווייטער ביז איך בין אָנגעקומען קיין איטאַליע, און פון איטאַליע האָט מיך מיין פאַמיליע, די וויינשטיינס, אַריבערגענומען קיין קאַנאַדע (מעלוויל, סאַסקעטשעוואַן), ווו איך האָב געפונען אַ שטיקל מקום מנוחה.



יעקב יוסף (געשט. ד' ניסן, 1938) און חיה־לאה שינדער, הי"ד

באַשקע פּיאַלקאָוו (ניו־יאָרק)

# אייבּיק צו געדענקען

לויפט מיט די קינדער פון דייטשע קוילן אין זומפ

ווען איך בין אַ קליין קינד געווען, אַכט יאָר אַלט, האָט מיך מיין מאַמע, ע״ה, אַוועקגעגעבן צו לערנען צו פייגל דער לערערקע, וועלכע האָט געהאַט אַ קלאַס ביי לאה עזריאל׳ס אין הויז. אָפּלערנענדיק דאָרט עטלעכע זמנים, בין איך אַריבער אין אַ העכערן קלאַס, צו יאַנקל דעם לערער (סידעראָוו), אויך דאָרט האָב איך געלערנט 4 זמנים. יאַנקל דעם לערערס קלאַס איז געווען ביי איטען (משה פּאָריצקערס) אין הויז. אין אַ צווייטער טיר פון קלאַס האָט געוווינט לייזער דער סאָמאָנישטשער. זיין פרוי פלעגט פאַר אונדזערע קלאַס־קינדער פאַרקויפן טיעטראַדן (העפטן) און פאַרשיידענע זיסע זאַכן, ווי: צוקערקערס און כאַלוואַ. די קינדער זיינען געווען ניט קיין שלעכטע קונים, איבערהויפּט בין איך געווען צופרידן פון די טיעטראַדן, וואָס אויף די טאָוולען זיינען געווען געדרוקט לידער, ווי: „אַ בריוועלע דער מאַמען" און אַנדערע, וועלכע מ׳האָט געוווסט אַז זיי קומען פון אַמעריקע. די לידער זיינען געווען זייער פּאָפּולער. ווו מ׳איז געגאַנגען, האָט מען געהערט זינגען „אַ בריוועלע דער מאַמען", און מאַמעס וועלכע האָבן געהאַט קינדער אין אַמעריקע, האָבן פיל טרערן פאַרגאָסן הערנדיק דאָס ליד. באַזונדערס האָבן מאַמעס געוויינט ווען מ׳פלעגט אויסזינגען די ווערטער: „אַ קדיש׳ל דער מאַמען, דו זאָלסט מיין זון ניט פאַרזאַמען".


באַשקע פּיאַלקאָוו
און אירע טעכטער

אַזוי איז דאָס לעבן געגאַנגען רואיק ביז עס האָט אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה אין 1914. עס האָבן זיך אָנגעהויבן ביטערע צייטן. מיר האָבן אויסגעשטאַנען אַ סך מלחמה־ליידן: הונגער, עפּידעמיעס, הריגות פון די באַלאַכאָוצעס א.א.וו. צוליב די שווערע מלחמה־יאָרן און שרעקלעכע איבערלעבונגען זיינען מיינע עלטערן געשטאָרבן. (מיין טאַטע האָט געהייסן יודל לאָנדאָן).

אין יאָר 1925 האָב איך חתונה געהאַט פאַר מיין אומפאַרגעסלעכן מאַן, אברהמל פּיאַלקאָוו, אין שטעטל סערניק, ביי פּינסק, דאָרט ווו משה פּאָריצקעס אײדעם, ר׳ וועלוול ז״ל, איז געווען רב. איך האָב צוזאַמען מיט מיין מאַן און אונדזערע דריי קינדער געלעבט אַ שיינעם לעבן. איך בין געווען גליקלעך מיט מיין פאַמיליע־לעבן, איך האָב געגעבן מיינע קינדער אַ גוטע דערציאונג.

ליידער האָט מיין גליק לאַנג ניט אָנגעהאַלטן. ווען היטלער, ימח שמו וזכרו, איז אַרויס באַהערשן די וועלט, איז אונדזער וועלט פינצטער געוואָרן. פון דעם ערשטן טאָג (יוני 1941), ווען די דייטשן האָבן באַטראָטן די ערד פון אונדזערע שטעט און שטעטלעך, האָבן זיי אונדז אָנגעהויבן שלאָגן, פּייניקן, הרג׳נען, און האָבן אָנגערייצט אויף אונדז די אָרטיקע אַנטיסעמיטישע באַפעלקערונג און זיי געגעבן די רעכט צו טאָן מיט אונדז וואָס זיי ווילן. מיר זיינען אויסגעשטאַנען צרות פון די דייטשן און פון די אָרטיקע גויים.

די דייטשע מאַכט האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל דאָס מיר זאָלן טראָגן אויפן אַרבל אַ „מגן־דוד" און אויפן האַרצן און פּלייצע אָנגענייט אַ געלע לאַטע. דאָס איז געווען אונדזער אורטייל פון די פאַרשאָלטענע דייטשן אַז קיינער איז ניט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם טויט פון אַ ייד. טויטן אַ ייד איז געווען אַ שפּאַס פאַר זיי. אַזוי האָבן זיי אונדז געפּייניקט און אָנגעטאָן געברענטע צרות ביז מ׳האָט אונדז רעגיסטרירט און פאַרשפּאַרט אין אַ פינצטערער געטאָ אַרומגעצוימט מיט שטעכיקע דראָט, און עס איז געווען פינצטער און ביטער.

עס זיינען אַרומגעגאַנגען קלאַנגען אַז מ׳וועט אונדז דעפּאָרטירן קיין טרעבלינקע. אייניקע האָבן געזאָגט, אַז מ׳וועט אויס׳הרג׳נען די עלטערע מענטשן מיט די קליינע קינדער און די אַרבעטספייאיקע וועט מען שיקן אין אַ קאָנצענטראַציע לאַגער אויף אַרבעט. פונדעסטוועגן האָבן מיר נאָך אַלץ די האָפענונג ניט אויפגעגעבן אַפילו זייענדיק אין געטאָ. מ׳האָט געקלערט אפשר וועט זיך ענדערן די ביטערע היטלער־גזרה. מ׳האָט געהאָפט, אַז די וועלט וועט זיך דערוויסן ווי היטלער פּייניקט אונדז, וועט זי אינטערווענירן. אפשר אַפּעלירט שוין די וועלט צו היטלערן אַז ער זאָל אָפּשטעלן די שרעקלעכע אכזריות, צי דען וועט די וועלט שווייגן ווען היטלער מאָרדעט אונדז?! דאָס איז געווען די איינציקע האָפענונג. מ׳האָט געפאַסט, געזאָגט תהילים און מ׳האָט געהאָפט אויף אַ ישועה. ליידער האָט זיך אונדזער האָפענונג געענדיקט מיט אַ בלוט־באָד... [און די גוטע וועלט האָט געקוקט און געשוויגן.—וו.]

אין איינעם אַ פרימאָרגן האָבן געסטאַפּאָ מיט פּאָליציי אַרומגערינגלט די געטאָ און מ׳האָט אונדז פאַרטאָג, האַלבנאַקעט, אָנגעהויבן אַרויספירן צו דער שחיטה. פאַר מיינע

אויגן שטייט שטענדיק יענער אומגליקלעכער פרימאָרגן מיט די יאָמערלעכע קולות און געוויינען פון אונדזערע שוועסטער און ברידער.

אין לאַסט־אויטאָס האָבן אונדז די דייטשן געפירט צו דעם אויסגעגראָבענעם מאַסן־קבר, וועלכער איז שוין גע־ווען צוגעגרייט פאַר אונדז, דאָרט, ווו אונדזערע טייערע האָבן מיט די לעצטע ווערטער „שמע־ישראל" זיך געזעגנט מיט דער ליכטיקער וועלט.

פאַרוואָס האָבן די בלוטדורשטיקע דייטשע רוצחים צו־גענומען דאָס לעבן פון מיין מאַן?! פאַרוואָס האָבן די דייטשע מערדער צוגענומען דאָס לעבן פון מיין יונגער טעכטערל, פאַרוואָס?! אייביק וועל איך מאָנען דעם ענטפער! פאַרוואָס?!

איך האָב מיט מיינע אויגן געזען זייער אומגליקלעכן טויט און ניט געקענט העלפן. דער גייסט פון לעבן האָט גע־טריבן: אַנטלויף, ראַטעווע זיך פון טויט און ראַטעווע די לע־בעדיקע קינדער וועלכע לעבן נאָך!... די קינדער זיינען גע־לאָפן פון פייער אין די זומפן, אין די בלאָטעס.

מיינע אומגליקלעכע קינדער זיינען געלאָפן און גע־כליפעט, געוויינט און צו מיר גערעדט: מאַמע, וויין ניט... מיר ווייסן ניט וואָס מיט אונדז וועט זיין... אפשר איז שוין זיי בעסער פון אונדז... זיי האָבן שוין נישט וואָס מורא צו האָבן פאַרן טויט...

אָן האָפענונג אויף לעבן האָבן מיינע אָרעמע קינדער־לעך, איינע איז אַלט געווען פערצן יאָר און די צווייטע — ניין יאָר, אַזוי צו מיר גערעדט. מיר זיינען געלאָפן אין די טיפע זומפן צו באַהאַלטן זיך. דאָרטן האָבן מיר געפונען אַ טרוקענעם שטיקל אָרט (אַ אָסטראָוועק) און געבליבן זיצן. אָבער גלייך האָבן די דייטשן מיט פּאָליציי אָנגעהויבן מאַכן אָבלאַוועס אין די זומפיקע קאָרטשעס און אויסגעפינענדיק באַהאַלטענע, אַנטלויפנדע יידן פון דער שחיטה, פלעגן די מערדער זיי דאָרט דערשיסן.

## געשוואָלן פון הונגער, קעלט און נעץ

נאָר אַז עס איז באַשערט צו לעבן, איז דער גורל פון לעבן געגאַנגען צוזאַמען מיט מיר. עס פלעגט זיין צייטן ווען איך מיט מיינע קינדער פלעגן זיך איינגעוּרען אַזויוי חיה'לעך אין מאָך פון די קאָרטשעס, און אין נעץ אַזוי אָפליגן טעג און נעכט, ביז די רוצחים פלעגן אויפהערן שיסן און פאַרלאָזן דעם אָרט, ווו עס האָבן זיך געוואַלגערט טויטע יידישע קער־פערס... דער טויט איז פאַר אונדז שוין ניט געווען שרעק־לעך... מיר האָבן חרטה געהאַט וואָס מיר זיינען אַנטלאָפן פון טויט...

דער הונגער האָט אונדז זייער אויסגעמאַטערט און אַרויסגיין געפינען אַ פויערשע הויז, בעטן אַ שטיקל ברויט, איז געווען איינגעשטעלט דאָס לעבן. אַ סך יידן האָבן פאַר־לוירן זייערע לעבנס גייענדיק בעטן ברויט ביי די פויערים. די פויערים פלעגן ברייענגען פּאָליציי, וועלכע פלעגט אויס'הרג'ע־נען די יידן און די פאַרשאָלטענע דייטשן פלעגן דערפאַר די פויערים באַצאָלן. איך האָב קיין ברירה ניט געהאַט, סיי ווי וועלן מיר אומקומען אין די זומפן.

אין אַ פינצטערער נאַכט, אין אַ גרויסן שלאַקס־רעגן, בין איך מיט די קינדער אַרויס פון די זומפיקע קאָר־טשעס און געגאַנגען זוכן אַ פויערשע הויז אויף אַ „פוטאַר" (פאַרם), ערגעץ ווייט, לעבן אַ וועלדל, בעטן אַ שטיקל ברויט אויף צו דערהאַלטן די נשמות. איך בין אַריין צו אַ באַ־קאַנטן פויער, וועלכער פלעגט שטענדיק קויפן ביי מיר אין קראָם. די פויערטע האָט אונדז געגעבן אַ שטיקל ברויט.

## פרומער פויער זאָגט יעזוס האָט געשיקט היטלערן

דער פויער האָט מיט כעס געקוקט אויף אונדז און געזאָגט: „עס איז אַן עבירה צו געבן אַ יידן אַ שטיקל ברויט, איר זייט זינדיקע און איר דאַרפט אָפּקומען פאַר אַייערע זינד; פאַר די זינד וואָס די יידן האָבן געהאַנגען דעם היי־ליקן זון, יעזוס כריסט... דער הייליקער האָט אייך פאַרשאָלטן און אַראָפּגעשיקט היטלערן אייך אומצוברייינגען"....

מיר איז געווען גענוג פינצטער צו הערן ווי דער פוי־ער האָט מיר אויסגערעכנט אונדזערע זינד און פאַרוואָס מען הרג'עט אונדז...

איך בין אַוועק צו אַ צווייטן פויער. דער צווייטער פויער האָט שוין באַדויערט אונדזער ביטערן לעבן, ווי מיר



אַזוי זעט אויס אַ דאָרף אין דראָהיטשינער געגנט. אין פראָנט שטייען ווייס רוסישע פויערים, כאַכאָלן, ווי מען רופט זיי. פיל פון זיי האָבן זיך פאַרקויפט צו די דייטשישע רוצחים און הונדערטער יידן אומגעבראַכט. גאָר אַ קליינער טייל פון זיי האָבן אַרויסגע־וויזן מענטשלעכקייט און גע־האָלפן ראַטעווען יידישע לע־בענס, ווי עס ווערט דאָ גע־שריבן. —— [ד.וו.]

מאַטערן זיך. ער האָט מיר דערציילט, אַז אויפן צווייטן טאָג נאָך דער שחיטה פון אונדזער שטעטל סערניק, איז ער פאַרבייגעגאַנגען יענעם אָרט, וווּ מ׳האָט אויסגע׳הרג׳עט די יידן פון שטעטל און ער איז צוגעגאַנגען צום מאַסן־קבר, האָט זיך נאָך דער קבר געהויבן, גערירט... מיר האָבן זיך צעוויינט הערנדיק זיינע רייד. די פויערטע האָט אונדז געגעבן ברויט און האָט אויך געוויינט קוקנדיק אויף אונדז...

איך בין געפאַלן צו זייערע פיס, געקושט, און אָנגעהויבן בעטן, זיי זאָלן מיר מיט די קינדער לאָזן זיצן אין וועלדל אויף זייער פּאָלוואַרג. איך האָב נאָך ביי זיך געהאַט פאַרבאַהאַלטן אַ גאָלדענעם זייגערל מיט פינגערלעך, האָב איך זיי געזאָגט, איך וועל זיי אַלץ אָפּגעבן, אַבי זיי זאָלן אונדז לאָזן זיצן אין זייערע קאָרטשעס אין זומפּ און אונדז געבן אַ שטיקל ברויט אויף צו דערהאַלטן די נשמות... אפשר וועלן מיר לעבן בלייבן, וועל איך זיי אייביק געדענקען. עס האָט זיך געשאַפן אַביסל רחמנות ביי דעם פויער מיט זיין ווייב, קוקנדיק אויף אונדזער פינצטערן גורל, און זיי האָבן אונדז געגעבן אַן אָרט אין זומפּ אויף די קאָרטשעס ניט ווייט פון זייער פּאָלוואַרג. די פויערטע פלעגט אונדז ברענגען אַ שטיקל ברויט מיט עטלעכע קאַרטאָפל און מיר זיינען שוין געווען גליקלעך, מיר האָבן שוין אַן אָרט וווּ צו זיין. אָבער אויך דער גליק האָט לאַנג ניט אָנגעהאַלטן.

אין פינף טעג אַרום קומט דער פויער צולויפן און הייסט אונדז גיין פון דאַנען, ער האָט מורא אַז פאַסטוכער וועלן אונדז דאָ באַמערקן און איבערגעבן די דייטשן, וועט מען אים, צוזאַמען מיט אונדז, הרג׳ענען. ער דערציילט, אַז אַ סאַך יידן האָט די פּאָליציי אויסגע׳הרג׳עט, ווייל די פאַסטוכער האָבן זיי געזען זיך באַהאַלטן און אויסגעגעבן צו די מערדער, און דערפאַר פלעגן זיי קריגן באַצאָלט פון די דייטשן.

ביינאַכט האָט אונדז דער פויער אַרויסגעפירט פון דעם זומפּ, ווו מיר זיינען געזעסן און מיר האָבן זיך געלאָזן גיין אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט. וווהין זאָלן מיר גיין...? פאַר אונדז איז אויף דער ערד קיין אָרט נישטאָ... און אויב מיר וועלן אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט זיך ניט באַהאַלטן, וועט די ליכטיקייט פון טאָג צונעמען אונדזערע לעבנס... איך מיט מיינע אָרעמע קינדערלעך האָבן געבלאָנדזשעט אַ גאַנצע נאַכט, ביז מיר האָבן דערזען פאַר אונדזערע אויגן פויערשע „מאָהילקעס”. מיר האָבן אַריבערגעקלעטערט דעם פּאַרקאַן און אַריין אין אַ קאַפּליצע פון די מאָהילקעס. פאַר די שכנים, די טויטע, האָבן מיר נישט מורא געהאַט. מיט זיי זיינען מיר געווען זיכער מיטן לעבן... אויפן צווייטן טאָג, פאַרנאַכט־צו, האָבן מיר דערהערט קלינגען אין קלויסטער. מיר האָבן גלייך פאַרשטאַנען, אַז עס איז שוין פאַר אונדז דאָ אויך קיין אָרט נישטאָ. געוויס, איז אַ פויער אַוועקגעקומען וועט מען אים קומען באַערדיקן דאָ, מוזן מיר אַוועק פון דאַנען. אויב מ׳וועט אונדז דאָ געפינען וועט מען אונדז איבערגעבן צו די דייטשן און דער׳הרג׳ענען.



רעכטס איז די געוועזענע רוסישע פּריסוטסטוואָ. אויף איר פּלאַץ האָבן די פּאָליאַקן שפּעטער אויסגעבויט די נייע סטאַראָסטוואָ. לינקס אין הינטער־גרונד זעט מען די מאָגילקעס פון דער דראָהיטשינער קריסטלעכער באַפעלקערונג. — בילד גענומען 1917

ביינאַכט זיינען מיר פון דאָרטן אַוועק און זיך געלאָזן אין אַן אַנדער ריכטונג. מיר האָבן זיך דערשלעפּט צו אַזעלכע בלאָטעס, וואו ס׳זיינען געשטאַנען סטייגלעך היי און דאָרט איז שטענדיק וואַסער. אַהין קומען פּויערים נאָר ווינטער, ווען עס פאַרפרירט דאָס וואַסער. איך מיט מיינע קינדער האָבן דאָרט, אונטער אַ סטייג היי, געמאַכט אונדזער היים. אויף די קאָרטשעס מאָך איז געוואקסן זשראַכלינעס, אַזעלכע יאַגעדעס, מיט דעם האָבן מיר זיך דערנערט. אויך דאָרט האָבן מיר לאַנג ניט געקענט זיין, ווייל גרויסע מחנות וועלף זיינען דאָרטן אַרומגעגאַנגען, און מיר זיינען געלעגן אין וואַסער און דערצו איז דאָרטן געווען פאַרשיידענע מיאוסע באַשעפענישן וואָס די בלאָטעס באַזיצן...

נאָך צוויי וואָכן זיינען מיר קוים אַרויס לעבעדיקע פון דאָרטן, געשוואָלענע פון הונגער, קעלט און נעץ. אויף ווייטער איז געווען אוממעגלעך אויסצוהאַלטן. מיר זיינען אַרויף אויף אַ טרוקענעם שטיקל פעלד און זיך אַוועקגעלייגט אויפן גראָז. עס איז געווען אַ שיינער האַרבסט־טאָג. די נאַטור אַרום איז געווען אַזוי פריי און די זון האָט געשיינט. מיר האָבן זיך דערמאָנט אָן דער היים, אין מיין אומגעקומענעם מאַן און טאָכטערקע... איך מיט די קינדער האָבן זיך צעוויינט אויפן פינצטערן גורל אונדזערן...

## יידישע פּאַרטיזאַנער ראַטעווען זיי פון טויט

אין יענעם אָרט איז גראַד פאַרבייגעגאַנגען אַ גרופּע פּאַרטיזאַנער און זיי האָבן אונדז דערזען. זיי האָבן דערזען אַ



אויבן פון רעכטס: רייזל מילנער, חייטשע בוף־ראָזענבוים, חנה בראַווערמאַן, רייזל סאַראַטשיק. אונטן רעכטס: א. שושאַנאָוו, ביילטשע סאַפּאָזשניק. חוץ די רייזל׳ס אַלע אומגעקומען הי״ד!



שעפסל, איידל־חיה (מילנער) קאַגאַן און 2 קינדער אומגעקומען, הי״ד! זין ניסל, מאיר, גדל אין ישראל. ז.ז. 295, 352

פרוי מיט צוויי קינדער, אויסגעמאַטערטע, געשוואָלענע פון הונגער, וואָס ראַנגלען זיך מיט דעם טויט... מיר האָבן זיי דערציילט ווי מיר האָבן זיך ביז יעצט אויסבאַהאַלטן. זיי האָבן מיט רחמנות געקוקט אויף אונדז און דערציילט אַז אַרום יאַנאָווע האָט מען אין די וועלדער אויסגע׳הרג׳עט אַ סאַך יידן, אַנטלאָפענע פון די שחיטות. עס איז אונדז געווען פינצטער צו הערן די טרויעריקע בשורה.

די פּאַרטיזאַנער האָבן אונדז געבראַכט אין סוואַריצעוויטשער וואַלד, ווו מיר האָבן שוין געטראָפן אַזעלכע אומגליקלעכע יידן ווי מיר, אַנטלאָפענע פון דער שחיטה. עס זיינען דאָרטן שוין געווען עטלעכע הונדערט יידן. אַהין פלעגן יעדן טאָג קומען יידן, וועלכע האָבן געזוכט אַ רעטונג פון אומקום. מ׳האָט אין וואַלד, אונטער דער ערד, אויסגעגראָבן גריבער, ווו מען האָט זיך אויפגעהאַלטן. דאָס לעבן איז געווען זיכערער, אַ דאַנק די יידישע קאָמאַנדירן אַלעק אקוגאוו (געפינט זיך היינט אין ישראל) און אפרים באַקאַלטשוק, וועלכע האָבן באַזאָרגט עסן און קליידונג פאַר די אומגליקלעכע יידן. עס האָט זיך געשאַפן דאָרט אַ פּאַרטיזאַנער־זאָנע. ווען מ׳איז געקומען צו אַ פּויער בעטן ברויט, האָט ער געגעבן מיט אַ שיינעם פּנים, די לאַגע איז געוואָרן בעסער. ווען דער ראַדיאָ־מאַן פון אָטריאַד, מלך באַקאַלטשוק (אַ פּינסקער לערער), פלעגט איבערגעבן די נייס וועגן דער דייטשער מפּלה ביי סטאַלינגראַד און וועגן וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד, האָט זיך געוועקט אין אונדז אַ פונק פון האָפענונג. נאָר פלוצלונג, אומגעריכט, האָט זיך די לאַגע פאַרערגערט.

## אוקראַינישע נאַציאָנאַליסטן מאָרדן אין די וועלדער

אין 1943 האָבן זיך אין די וועלדער געשאַפֿן באַנדעס אוקראַינער, „בולבאָווצעס״, וועלכע ציען זייער שורש פֿון דעם טרויעריק־באַרימטן, אוקראַינישן יידן־מערדער, טאַראַס בולבאַ, ימח שמו! אָט די באַנדעס פֿלעגן באַפֿאַלן פּאַרטיזאַנער און אונדז יידן בפֿרט. זיי פֿלעגן אויך אויס׳הרג׳ענען פּויערים און פּאָליאַקן, וועלכע זיינען געווען קעגן די דייטשן. געוווער האָבן זיי געהאַט ווייניק, האָבן זיי גענוצט העק, קאָסעס און מעסערס. זיי פֿלעגן לעבעדיקערהייט אויסשניידן די צינגער, אויסשטעכן די אויגן און שניידן שטיקערווייז פֿון מענטשן. דאָס לעבן איז ווייטער געוואָרן ניט זיכער. אַ סך יידן זיינען אומגעקומען דורך זיי. די פּאַרטיזאַנער האָבן געהאַט אויסצושטיין גרויסע שלאַכטן מיט די דייטשן און אויך מיט די אוקראַינישע באַנדעס.

אין יאָר 1943, פּסח צייט, ווען די דייטשן האָבן אַרומגערינגלט די וועלדער און אַטאַקירט די פּאַרטיזאַנער, האָבן די פּאַרטיזאַנער געפֿירט גרויסע שלאַכטן מיט די דייטשן. דעמאָלסט זיינען די באַנדעס באַפֿאַלן אונדזער לאַגער אין וואַלד, ווו מיר זיינען געווען עטלעכע הונדערט יידן, און האָבן בעסטיאַליש אויסגעקוילעט אַ הונדערט יידן, לעבעדיקערהייט צעשניטן און צעהאַקט אויף שטיקער. ווען די פּאַרטיזאַנער האָבן זיך אויפֿן שלאַכטפֿעלד דערוווּסט פֿון דעם באַנדיטישן אָנפֿאַל, איז גלייך געקומען צולויפֿן דער קאָמאַנדיר פֿון אָטראַד, מאַקסים מיסורא, און די צוויי יידישע קאָמאַנדירן אַלעקאַקוגאַוו און אפֿרים באַקאַלטשוק מיט אַן אָפּטיילונג פּאַרטיזאַנער און אָפּגעראַטעוועט פֿון די מערדערישע באַנדעס די רעשט פֿון די יידן. איך מיט מיינע קינדער זיינען אויך געווען צווישן די געראַטעוועטע. אַ דאַנק דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג זיינען מיר לעבנגעבליבן.

מיר אַלע, לעבנגעבליבענע יידן פֿון וואַלד, וועלן קיינמאָל נישט פֿאַרגעסן יענע אומגליקלעכע צייטן, ווען די דייטשן האָבן אונדז געמאָרדעט אין די שטעט און אין די געטאָס, און די אָנגערייצטע אוקראַינישע רוצחים, ימח שמם וזכרם, האָבן געמאָרדעט אין די וועלדער די רעשטלעך פֿאַרבליבענע יידן.

דער יאָר 1944 איז געווען זייער אַ געפֿערלעכער, מיר האָבן געהאַט אויסצושטיין גרויסע מערדערייען פֿון די דייטשן און פֿון די באַנדעס אין די וועלדער. נאָר פֿאַר אונדז יידן איז עס געווען „צרות רבים חצי נחמה״, מחמת די קריסטלעכע באַפֿעלקערונג האָט זיך צעטיילט אויף צוויי טיילן. די אַנטי־היטלעריסטן האָבן אָנגעהויבן ליידן אַזוי ווי מיר יידן. די היטלער־סימפּאַטיקער, וועלכע האָבן געהאָלפֿן די דייטשן אויסמאָרדן די יידן, האָבן געברענט מיט שנאה הלמאי צווישן יידן און אַ טייל פּויערים און פּאָליאַקן האָט געהערשט אַ פֿריינטשאַפֿט, און דערפֿאַר האָבן זיי געמאָרדעט אַלעמען אָן אונטערשייד גוי צי ייד. באַזונדערס האָבן זיי געוואָלט אומברענגען דעם קאָמאַנדיר מיסורען, וועלכער איז געווען אַ יידישער פֿריינט, און האָט געשאַפֿן פֿריינטשאַפֿט צווישן מענטשן. זיין נאָמען איז געווען באַוווּסט אומעטום אַלס דער „יידישער טאַטע״, ווייל ער פֿלעגט נקמה נעמען אין די, וועלכע האָבן גע־



דוד און פייגע רחל קאָטלער און זייערע קינדער: ביילע, משה־לייזער און לאה אַלע אומגעקומען, הי״ד! — פייגע־רחל איז געווען די טאָכטער פון משה ב״ר מרדכי און ביילע וואַרשאַווסקי, ע״ה. אירע עלטערן זיינען ביידע געשטאָרבן אין דער עפּידעמיע אין 1915. פייגע רחל איז געווען באַהאַלטן ערגעץ־וואו האָבן די גויים איר אַרויסגעגעבן און די דייטשן האָבן איר דערמאָרדעט. דוד האָט געשטאַמט פון קאָלאָניע. זען זייט 231.

האָלפן די דייטשן מאָרדן יידן. — זאָל ער זיין געבענטשט!

מיר זיינען געווען אין די וועלדער צוזאַמען מיט רוסישע און פוילישע משפחות, וועלכע האָבן זיך אויך אויסבאַהאַלטן. איך מיט די קינדער זיינען געזעסן אין אַ ביידל אין וואַלד מיט דער פוילישער משפחה דזשאַלאַנזעווסקי. מיר זיצן און באַקלאָגן אונזער מזל. די פּאָליאַטשקע דערציילט מיר ווי איר זיידע האָט אַמאָל אויך געליטן אין דער צייט פון „מיאַטעזש” (פוילישער אויפשטאַנד קעגן רוסלאַנד), און האָט זיך אויך באַהאַלטן אין די וועלדער ווי מיר יעצט. פּלוצלונג האָבן מיר דערהערט ווי מאַרצין באַמבאָווסקי (אַ פּאָליאַק), לויפט צו אונדז אַ פאַרוויינטער און שרייט: „ראַטעוועט זיך! אַנטלויפט גיך פון דאַנען! די באַנדעס האָבן גע׳הרג׳עט מיין ווייב און מיין טאָכטער, צעהאַקט זיי אויף שטיקער!”... מיר האָבן גענומען לויפן אין געדיכטן טיפן וואַלד און מיר האָבן זיך דאָרט באַהאַלטן. נאָר גיך האָבן מיר געהערט אַ שיסעריי. פּאַרטיזאַנער זיינען אָנגעלאָפן און צעקלאַפּט דער באַנדע, און אַ סך פון זיי צעטרונקען אין דער קאַנאַווע.

## די רוסישע אַרמיי באַפרייט זיי

אַזוי האָבן מיר זיך אָנגעליטן פון די דייטשישע און אוקראַינישע רוצחים ביז די באַפרייאונג איז געקומען. עס פלעגט אַמאָל אַ בליץ טאָן אַ האָפענונג, אַז מיר וועלן דאָך לעבנבלייבן און קענען דערציילן וואָס מיר האָבן דורכגעלעבט. ווי גליקלעך מיר וועלן דאָס זיין. נאָך אומגליקלעכע 4 יאָר ליידן און מאַטערן זיך, איז געקומען דער היסטאָרישער טאָג, ווען מיר זיינען באַפרייט געוואָרן פון די דייטשן און פון זייערע מיטהעלפער, די אוקראַינישע און אַנדערע רוצחים.

די לופט איז פריי געוואָרן, די זון האָט געלויכטן, אָבער, ליידער, ניט פאַר אַלע, וועלכע האָבן געהאָפט דאָס צו דערלעבן. מיר זיינען באַפרייט געוואָרן פון די רוצחים און זיינען אַרויס פון די פינצטערע ראָוונער, סוואַריצעוויטשער, אַזערסקער, ספּאָרעווער און סוואָרינער וועלדער, דאָרט, ווו ס׳איז געווען אונדזערע רעטונגס־ערטער. נאָך אומגליקלעכע 4 יאָר זיינען מיר געקומען צו אונזערע פאַרלאָזטע, חרוב־געוואָרענע היימען. דאָס שטעטל סערניק איז אינגאַנצן אָפּגעווישט געוואָרן פון דער ערד; קיין זכר ניט געבליבן פון יידישן ישוב.

איך בין געקומען אין מיין געבורט־שטעטל דראָהיטשין, ווו איך האָב מיין קינדהייט פאַרבראַכט. ווי פינצטער עס איז מיר געוואָרן אין מיינע אויגן קוקנדיק אויפן גרויסן חורבן, וואָס איך האָב דאָרט געטראָפן. דראָהיטשין איז יידן־ריין. די בית עלמינס זיינען צעשמעטערט, בהמות פּאַשען זיך דאָרטן. די מצבות זיינען אויסגעריסן פון די קברים, פון די מצבות האָבן די דייטשע רוצחים אויסגעלייגט טראָטואַרן, וועלכע פאַרנעמען די גאַנצע גאַס צום זאַמד. איך בין געגאַנגען דורך די גאַסן, וועלכע זיינען פאַר׳יתום׳ט, אויסגעליידיקט און קלאָגן אויפן חורבן. כ׳האָב געקוקט אויף די סטעזשקעס, אויף וועלכע אונדזערע ליבסטע האָבן דורות־יאָרן לאַנג געטראָטן; אָט די סטעזשקעלעך זיינען היינט אָנגעזאַפּט מיט יידיש בלוט. מיר האָט זיך געדוכט אַז עס שטייען פאַר מיינע אויגן יענע לעבעדיקע מענטשן, מיט וועלכע איך האָב פיל פון מיינע יאָרן פאַרבראַכט, און וועלכע האָבן געבויט אַ צוקונפט פאַר קינדער.

איך בין פאַרבייגעגאַנגען די קינדער־שולע, דאָרט ווו אונדזערע יידישע קינדערלעך האָבן זיך געלערנט, ווו די



פיניע און מינדל סידעראָוו, טאָכטער פריידל (שטייט), איידעם ישראל לאַנדאָן (זיצט) און אייניקלעך: יואל משה, יאַנקל, יודל, שרה רייזל, חיה גיטל און יצחק. פּיניעס אַ זון שטייט לינקס און אַ מיידל אין מיטן שורה אויבן. די גאַנצע משפחה איז פון די דייטשע מערדער געוואָרן אָפּגעווישט! דערמאָרדעט! השם ינקם דמם!



אברהם, שײנע (װאַרשאַװסקי) און יצחק בױם, הי״ד! ז.ז. 293

משה'לעך, שלמה'לעך און שרה'לעך האָבן געלעבט און גע־טאַנצט און געזונגען, אָט די שולע שטײט הײנט פאַרשעמט, פאַר'יתום'ט און זי קלאָגט אױפן גרױסן אומגליק פון די אומ־שולדיקע נשמה'לעך, װעלכע די דײטשן האָבן אַזױ אכזריותדיק אומגעבראַכט... זײערע ערטער האָבן הײנט פאַרנומען די קריסטלעכע אַנטיסעמיטישע קינדער.

איך בין געגאַנגען צום גרױסן ברודער־קבר, װעלכער ליגט לעבן ליניע, ניט װײט פון אַלטן בית עולם, דאָרט װוּ ס'זײנען אומגעקומען אױף קדוש השם אונדזערע שװעסטער און ברידער. מיט אַ צעבראָכן האַרץ בין איך צוגעפאַלן צום גרױסן ברודער־קבר. איך האָב געיאָמערט, געװײנט, גע־רעדט צום שטומען קבר: פאַרװאָס זײט איר אױסגעריסן גע־װאָרן פון דער װעלט, מײנע אומגליקלעכע שװעסטער און ברידער? פאַרװאָס האָבן אײך די דײטשע רוצחים אױסגע־מאָרדעט?... װער װעט קומען אױף אײער קבר, אײך באַקלאָגן און פאַרגיסן אַ װאַרעמע טרער אױף אײער גרױסן אומגליק...? װער װעט נקמה נעמען פאַר אײער אומשולדיקן, פריצײטיקן טױט? נײן, מײנע שװעסטער און ברידער, איר לעבט, איר זײט ניט טױט! אין אונדזערע הערצער װעט איר אײביק לעבן!

## זײף פון ײדן־פעטס געטײלט אין די.־פי.־לאַגער

מיט אַ צעבראָכן און אָנגעװײטאָגט האַרץ האָב איך אױף אײביק זיך געזעגנט מיטן ברודער־קבר, מיט אַ פאַר־װײנט און פאַרשעמטן פּנים האָב איך פאַרלאָזט מײן שטעטל דראָהיטשין און אין אױגוסט, 1945, זײנען מיר אָנגעקומען קײן לאָדזש, פױלן, װוּ די שארית הפליטה פון אַלע שטעט און שטעטלעך, די פאַרבליבענע אײנציקע היטלער־קרבנות, האָבן זיך צונױפגעזאַמלט אױף אױסצװואַנדערן. עס האָט זיך גע־שאַפן אַ ײדישע אָרגאַניזאַציע „איחוד". מיר האָבן זיך אָנגע־שלאָסן אין דער אָרגאַניזאַציע. מיט דעם פלעצאַק אױף דער פּלײצע און מיטן װאַנדער־שטעקן אין האַנט האָב איך מיט מײנע קינדער, צוזאַמען מיט אַ גרױסער גרופּע היטלער־קרבנות, זיך געלאָזן װאַנדערן דורך פױלן, טשעכאָסלאָװאַקיע, אונגאַרן, עסטרײך און דײטשלאַנד.

מיט דער הילף פון דער „בריחה" און אַמעריקאַנער „דזשאָינט", זײנען מיר געקומען אין אַ די.־פּי.־לאַגער אין שטײער (עסטרײך). די אַמעריקאַנער „אונראַ" האָט אונדז פרײנטלעך אױפגענומען און מיט מיטלײד געקוקט װי אױס־געפּײניקט מיר זײנען, און זײ האָבן אָפּגעשאַצט אונדזערע לײדן. מ'האָט אונדז באַזאָרגט מיט עסן, קלײדער און מעדי־



מנוחה ראַבינאָװיטש מיט איר קלאַס קינדער פון שולע „מוריה" פון דראָהיטשין אומגעקומען! השם ינקם דמם!



ר' משה שווארץ מיט זיינע קינדער: ברוך (אויבן), שנור, רחל, רבקה, אברהם א.א. — אלע אומגעקומען, הי"ד!

צינישע הילף. איך בין געווען קראנק און צעבראכן, האט מיך דער דירעקטאר פון „אונרא", מיט אן אמבולאנס, גלייך אפגעשיקט אין שפיטאל. דער לויטענאנט קאפלאן, אן אמעריקאנער ייד, האט מיך געבראכט אין א דייטשישן שפיטאל אין לינז, עסטרייך, און ער האט מיך איבערגעגעבן צו א דייטשישן דאקטאר און אים געזאגט, אז איך בין א יידישע פרוי, א קרבן פון היטלערן. דער דאקטאר און זיינע געהילפן האבן אויף מיר געקוקט מיט נעבעכדיקע פנימער...

נאך 6 וואכן בין איך ארויס פון שפיטאל געזונט. איך בין געזונט געווארן נאר דערפאר, וואס איך האב דערלעבט די דייטשע מפלה! מ'האט מיך געבראכט אהיים, אין לאגער. די פרייד פון מיינע קינדער, אז זיי האבן מיר דערזען, איז נישט צו באשרייבן. מיינע קינדער האבן מיר גענומען דערציילן אז אין לאגער איז א טומל, מ'האט זיך דערוווסט אז די זייף וואס מיר נוצן אין לאגער, אויף וועלכע ס'זיינען פאראן די בוכשטאבן „ריפ", איז געמאכט געווארן פון מענטשן־פעטס, פון פלייש פון אונדזערע פארפייניקטע יידן... (דאס הייסט „ריין יידיש־פעטס")... יידן זיינען געלאפן צו „אונרא" באקלאגן זיך. מען איז געלאפן צו דער דייטשער קראם, וואס האט פארקויפט די „יודען־זייף" און געוואלט אויסהאקן דארט די שויבן. די „אונרא" האט גלייך באפוילן, אז דער דייטשישער קרעמער זאל פארגראבן די קעסטלאך מיט די „יודען־זייף"... [איז דאס אלעס וואס די „אונרא"־לייט האבן געטאן...? — זייער א „הומאניטארער" טאט... — וו.]

אין יאר 1946 האט מען דעם לאגער פון שטייער אריבערגעפירט קיין בראונא, דארט, ווו היטלער, ימח שמו וזכרו, איז געבוירן געווארן. מיר פלעגן פארבייגיין די פארשאלטענע פוסטע הייזקע, וועלכע שטייט ביים וועג, ניט ווייט פון לאגער, ווו מיר זיינען געווען, און מיר פלעגן שפייען אויפן ארט וואו דער גרעסטער גזלן אין דער געשיכטע האט געלעבט...

אין א געוויסן טאג האט מען אונדז אנגעזאגט די בשורה, אז מ'וועט אונדז אויסטיילן פאקעטן פון רויטן קרייץ, און מיר זאלן מאכן ריין די וווינונגען. עס איז אראפגעקומען אן אמעריקאנער קאמיסיע, דער הויפט פון „אונרא" מיט זיין סעקרעטארין. מיר האבן אלע אין לאגער ארומגערינגלט די סעקרעטארין, וועלכע איז געווען געקליידעט אין א מיליטערישן אוניפארם און האט גערעדט צו אונדז אין א שיינעם יידיש. זי האט געפרעגט ווער עס האט קרובים אין אמעריקע. איך האב איר דערציילט אז איך האב אין אמעריקע א שוועסטער און א ברודער. זי האט זיך מיט מיר פאראינטערעסירט און האט פארשריבן דעם אדרעס פון מיין שוועסטער. א חודש שפעטער האב איך באקומען א בריוו פון מיין שוועסטער, וועלכע האט זיך דערוווסט אז מיר לעבן אין א די.־פי. לאגער. מיין שוועסטער האט גלייך ארויסגעשיקט אפידייוויטס פאר מיר מיט מיינע קינדער.

אין סעפטעמבער, 1946, בין איך מיט מיינע קינדער אנגעקומען קיין אמעריקע און זיך באזעצט אין ניו־יארק.



אמעריקאנער און פראנצויזן ביי א גרוב הרוגים אין דייטשלאנד.

# נפתלי האָפמאַן הי״ד

נפתלי האָפמאַן, זון פון ר׳ בנימין משה דעם שוחט און ביילע האָפמאַן, איז געבוירן 1896 אין דראָהיטשין. זיין ערשטן חינוך האָט ער באַקומען אין חדר און ביים פאָטער. שפּעטער געלערנט אין מירער ישיבה. נפתלי האָט געהאַט קבלה אויף שחיטה, וועלכעס ער האָט פּראַקטיצירט אַ קורצע צייט.

אין 1918 האָט האָפמאַן געהייראַט קיין קאַוועל און גע־האַנדלט מיט וואַ־לוטע אויף דער בירזשע. אין 1925 באַזעצט זיך האָפמאַן מיט זיין פאַמיליע אין ביאַליסטאָק, וואו ער האָט זיך פאַרנומען מיט פרוכט מסחר אין הורט, אין גרויסן מאַסשטאַב ביז 1939.



נפתלי האָפמאַן, הי״ד!



**נפתלי, פרוי סלאַווע, 2 קינדער, ביילע, — אומגעקומען הי״ד!**

לינקס איז מרים (מאַריאַשע), טאָכטער פון ר׳ בנימין משה און שרה־ביילע האָפמאַן, פרוי פון הרב יוסף־דוד שוב, געשטאָרבן ב׳ שבועות, תר״פ, 1920. אונטן: מרים׳ס קינדער נחמה און בנימין־משה. אונטן רעכטס: בערל פרעגער, אַ שוועסטערן־זון, און נפתלי (אויבן), אַ ברודער, אַלע אומגעקומען, הי״ד!

זען זייטן 133, 149, 150 און 288









לייבע הויזמאַן פון טשעראָמכע, אומגעקומען, הי״ד! זון, יוחנן, פאַרלאָרן געגאַנגען אין רוסלאַנד. אַ זון היים לעבט אין ניו־יאָרק

אין אייביקן אָנדענק פון מיינע טייערע
פאָטער
**אליה ב״ר צדוק מילנער**
מומע
**באַשע מילנער און אירע קינדער:**
**שפרה און לייבל לודוויניצקי און 5 קינדער**
**אסתר און לייזער טורניאַנסקי און 3 קינדער**
יודל מילער, ניו־יאָרק.
זען בילד אונטן



פון רעכטס: שפרה לודוויניצקי, באַשע מילנער (מוטער), אסתר און לייזער טורניאַנסקי און קינדער. אַלע אומגעקומען, הי״ד!



פון רעכטס: ל. גאָלדבערג, חייטשע אַנדרינאָווסקי, ה. שטיינבערג, — אברהם שוואַרץ, בוים, שוואַרצבערג א.א. הי״ד!

אין אייביקן אָנדענק פון מיינע טייערע
עלטערן
**חיים־סענדער און רחל־דבורה זאַרעצקי**
ברודער
**פסח זאַרעצקי און פאַמיליע**
משה אהרן זאַרעצקי (קאַנאַדע)



הערשל דער בלינדער, גאָלדבערג, האַקט האָלץ ביי זיין הויז

# געשרייען אין דער נאַכט

פאַרניכטונג פון געטאָ־ב׳ — איבערגעגעבן פון
צביה און בנימין וואָלף *

**צוויי** וואָכן פאַר פורים, 1942, אין אַ שבת—דערציילט צביה, — איז קיין קאָלאָניע אַראָפּגעקומען אַ גרופּע דייטשן פון דראָהיטשין (אין באַגלייטונג פון אײנעם פון „יודען־ראַט”)



צביה און בנימין וואָלף

און האָבן קאָנפיסקירט ביי די יידן דאָס גאַנצע זילבער, פוטערוואַרג און אַלע ווערטפולע זאַכן.

אויף צומאָרגנס, זונטאָג, האָבן די דייטשן פאַרנומען אַלע קאָלאָניער יידן, צווישן וועלכע עס האָבן זיך אויך געפונען צביה מיט איר משפחה, צו אַרויספירן זיי ערגעץ. וואוהין? — האָט מען נישט געוואוסט. די יידן זיינען געווען זיכער אַז מען פירט זיי אומצוברענגען. גליקלעכערווייזע זיינען די יידן דאָס מאָל אָפּגעקומען בלויז מיט טויט־שרעק... די דייטשן האָבן די קאָלאָניער יידן אַריינגעטריבן קיין דראָהיטשין און זיי איבערגעגעבן אין רשות פון יודען־ראַט. די דראָהיטשינער יידן האָבן די קאָלאָניער פליטים אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס; מען האָט זיך געטיילט מיט זיי מיט דאָס לעצטע וואָס מען האָט געהאַט. צביה, איר מאַן, דוד, און קינד זיינען איינגעשטאַנען ביי איסר קאַלעכאָוסקי (דוד׳ס ברודער).

ביז דער שאַפונג פון דער געטאָ, גיט איבער צביה, האָט מען נאָך ווי ס׳איז געזשיפעט. אמת, די דייטשן האָבן גלייך ביי זייער אָנקומען צוגערויבט ביי די יידן אַלע מענטשלעכע און בירגערלעכע רעכט. די יידן האָבן נישט געטאָרט גיין אויפן טראָטואַר, נאָר אין מיטן גאַס ווי בהמות. מען האָט בכלל אויסגעמיטן צו ווייזן זיך אין די גאַסן, סיידן אין גאָר נויטיקע פאַלן, כדי נישט צו וואַרפן זיך צופיל אין די אויגן פון די דייטשן. די איינציקע פלעצער, וואו יידן פלעגן זיך נאָך צוזאַמענטרעפן, זיינען געווען די בתי־מדרשים. יידן האָבן איינגעשטעלט, — שטיל און אומבאַמערקט פלעגן זיי זיך צוזאַמענקלייבן אין די שולן צו דאַוונען און לערנען. שפּייז־פּראָדוקטן פלעגט מען אויך גאַנץ אָפט קריגן צו קויפן בגנבה ביי די פויערים, וועלכע פלעגן עס אַריינשמוגלען אין שטאָט. און פון דעם מילך־פּאַקט, וואָס די דייטשן האָבן געשאַפן (פון די קאָנפיסקירטע יידישע בהמות), פלעגט מען אויך קריגן אַמאָל אַ קוואָרט צענטרעפוגע־מילך, דאָס הייסט אָפּגעגאָסענע מילך, אַ מין סראָוועטקע, און אַזוי האָט מען געלעבט...

## זייער וועלט איז פינצטער געוואָרן

נאָך דער שאַפונג פון געטאָ, איז די לאַגע געוואָרן שווער און ביטער. געטאָ ב׳ (פאַר יונגע קינדער, עלטערע מענטשן און נישט קיין פאַך־לייט) האָט זיך געפונען אויף דער האַלבער זייט גאַס פון גאַס־בית מדרש און האָט זיך געצויגן פון לייזער ראַדאָשטשער (סוף מצרים־גאַס) ביז דעם מאַרק. געטאָ א׳ (פאַר פאַך־לייט און אַרבעטס פייאיקע) האָט זיך קאָנצענטרירט אויף דער צווייטער זייט גאַס (צום ליניע) פון יעקב סידעראָוו ביז דעם שול־הויף.ביידע געטאָס זיינען אין פראָנט פון די פענצטער פון די הייזער געוואָרן אָפּגעצוימט מיט הויכע פּאַרקאַנעס און שטעכיקע דראָט. ביידע געטאָס האָבן פאַרנומען בערך אַ פערטל פון שטח פון גאַנצן שטעטל. און אָט אין דעם קליינעם שטח האָבן די דייטשן אַריינגעקוועטשט אַלע דראָהיטשינער יידן ווי אויך אַ גרויסע צאָל יידישע פליטים פון כאָמסק, שערשעוו, קאָלאָניע און פון פיל אַנדערע ישובים פון אַרום דראָהיטשין. מען האָט זיך געשטיקט צו 15 פערזאָן און מער אין אַ שטוב...

אַ טייל פון די אויסגעליידיקטע הייזער און קראָמען פון אויסערן געטאָ האָבן די דייטשן צוגענומען פאַר זיך, און אין

* צביה, שוועסטער פון ישראל־אהרן טענענבוים פון שיקאַגע, קומט פון קאָלאָניע. די דייטשן האָבן דער׳הרג׳עט איר מאַן, דוד קאַלעכאָווסקי, און זון. בנימין וואָלף, אַ לעכוויטשער, האָט אויך פאַרלאָרן זיין גאַנצע משפחה. צביה איז היינט די פרוי פון בנימין וואָלף. געפינען זיך אין האַרטפאָרד.







טענענבוים־פאַמיליע: אליעזר־זלמן ב״ר אברהם־צבי, ברײַנע־מירל בת ישראל־אהרן, טאָכטער צביה (שטייט), אייניקל, און זון אברהם־יעקב (לינקס). אונטן: טאָכטער ביילע־מרים און ישראל פוליג. נאָך אַ טאָכטער שיינע־רחל און שמואל קאָטלער. אַלע, אַחוץ צביה׳ן, אומגעקומען, הי״ד! די טענענבוימס האָבן אין קאָלאָניע באַאַרבעט זייערע פעלדער, וואָס זיי האָבן געהאַט בירושה פון זייערע עלטערן.

די איבעריקע האָבן זיי אַרייַנגעזעצט קריסטלעכע פאַמיליעס. דעם גאַס־בית־המדרש האָבן די דייטשן פאַרוואַנדלט אין אַ שפּייכלער פון תבואה און געהאַלטן דאָרט זייערע פערד...

קיין פייער און באַלייכטונג אין געטאָ האָבן די דייטשן נישט דערלויבט. עס איז סיי־ווי־סיי נישט געווען מיט וואָס צו באַלייכטן די וואוינונגען. האָט מען געברענט שפּענדלאַך, קינעלאַך (סמאלנע־האָלץ), אויפן קוימען, אויב מען האָט נאָר געהאַט אַזעלכעס, און מיט דעם האָט מען פאַרטריבן די פינצטערקייט פון דער נאַכט... איבער קינעלאַך האָבן פרויען אויך געבענטשט ליכט לכבוד שבת... וואַסער האָט מען בגנבה געבראַכט פון חיים משה לייזערס (עפּשטיין) ברונעם.

די מחבלים האָבן גוט געהיט, אַז קיינער זאָל זיך נישט אַרויסרייסן פון געטאָ. אַרום 75 דייטשע זשאַנדאַרן אויף ווייסע פערד האָבן שמירה געהאַלטן איבער די יידן אין דראָהיטשין. אַז די מחבלים אויף די ווייסע פערד פלעגן זיך באַווייזן אין געטאָ, פלעגט מען ציטערן ווי פיש אין וואַסער...

אַלע טאָג פלעגן די דייטשן טרייבן די יידן אויף אַרבעט אין די וועלדער אָדער האַקן שטיינער. פרויען פלעגן אַרבעטן ביים וואָקזאַל, קלייבן קאַרטאָפל און טאָן אַנדערע אַרבעטן.

אַ פּאָר הונדערט יידן, צווישן זיי אויך דוד, צביה׳ס מאַן, האָבן געאַרבעט אין יוזאפינער וואַלד, זיינען איינמאָל געקומען פאַרטיזאַנער און געראַטן די יידן צו אַנטלויפן. האָט מען דאָס דערטראָגן צום יודען־ראַט, און די יידן זיינען שוין מער נישט געשיקט געוואָרן אויף אַרבעט אין יענעם וואַלד...

אַ קורצע צייט פאַר דער אויסזידלונג פון געטאָ ב׳, האָבן די דייטשן פאַרנומען עטלעכע צענדליק יידן צו טרייבן שעפּסן, בהמות און פערד אין קאָלאָניעס אַרום זשיטאָמיר. פאַר אַ צייט האָבן די יידן געאַרבעט דאָרט אויף די פעלדער, געוואָרן געפּייניקט מיט כל עבודת־פרך און דערנאָך דערשאָסן.

## די לעצטע נאַכט אין געטאָ

קורץ פאַר דער פאַרניכטונג פון געטאָ ב׳, זאָגט צביה, האָבן די דייטשן צונויפגערופן די יידישע געטאָ־פּאָליציי (10־12 אין צאָל), געמאַכט זיי קניען פאַר אַן אויסגעגראָבענער גרוב, און זיי איבערגעגעבן וועגן דער אויסזידלונג פון געטאָ־ב׳, און דערביי געוואָרנט: „אויב זיי וועלן אויסזאָגן וועגן דער „אַקציע״ און נישט צושטעלן אַלע 1600 יידן אויפן אומשלאַג־פּלאַץ אין מאַרק צום טערמין, — וועלן זיי, די פּאָליציאַנטן מיט זייערע פאַמיליעס, דערשאָסן ווערן אין דער דאָזיקער גרוב...״ און אַלע האָבן געשוויגן און נישט אויסגעזאָגט...

צביה ווייס אויך צו דערציילן פון איין יידישן פּאָליציאַנט, וואָס איז אַרומגעגאַנגען די לעצטע שעה׳ן אַ צערודערטער, און האָט געוואַגט אַרויסצוברייַנגען פון זיין מויל צו זיין אייגענער פאַמיליע בלויז די דאָזיקע ווערטער: „טוט וואָס איר קענט, מאָרגן וועל איך שוין נישט זיין מיט אייך...״



ביילע־מרים און ישראל פוליג, אומגעקומען, הי״ד! זען אויבן

שבת ביינאַכט (י״א אב, תש״ב, 25טן יולי, 1942) האָבן די דײַטשן מיט זייערע אוקראַינישע און ווייס־רוסישע שוואַרץ־אוניפאָרמירטע פּאָליציי, אַרומגעצעפּעוועט די געטאָ־ב׳ און אָנגעהויבן טרייבן די יידן צום אומשלאַג־פּלאַץ אין מאַרק. נאַטירלעך, די יידישע פּאָליציאַנטן האָבן געמוזט העלפן אין דער אויסזידלונגס־אַקציע. די אומגליקלעכע יידן האָט מען געזאָגט, אַז מען פירט זיי אויף אַרבעט און געהייסן זיי מיטנעמען עסן אויף אַ טאָג. פיל יידן האָבן זיך אויסבאַהאַלטן, האָט מען זיי געשלעפּט מיט געוואַלד פון די בוידעמער און פון די קעלערס און די יללות זיינען געגאַנגען עד לב־השמים... פּסח לעוו האָט נישט געוואָלט גיין. ער האָט געזאָגט: „אָט דאָ, ביי מיין הויז, וויל איך שטאַרבן...״ האָבן אים די רוצחים צוליב געטאָן און דערשאָסן אויפן אָרט. אַזוי זיינען אויך דערשאָסן געוואָרן פיניע דער סאָכער וואַלדמאַן, זלמן קאַלעכאָווסקי א. א. פון מאַרק האָט מען די אומגליקלעכע געטריבן צו פוס צום וואָקזאַל, קיין נאַגאָריע. די שוואַכע, קראַנקע האָט מען געפירט אויף וועגענער.

דערביי האָבן זיך אָפּגעשפּילט מורא׳דיקע סצענעס פון יידישן טראַגיזם, פון העראָאיזם און קידוש־השם. יצחק לעווינאָוויץ, אַלס מיטגליד פון יודען־ראַט, האָט געהאַט די ברירה צו בלייבן. ער האָט אָבער מוחל געווען אויף דעם דייטשישן „חסד״. יצחק האָט אַרויפגעזעצט זיין אַלטע מוטער אויפן וואָגן און איז מיטגעגאַנגען מיט איר, איבערלאָזנדיק זיין פרוי און קינדער אין געטאָ־א׳... דאָס זעלבע האָבן אויך געטאָן די יידישע פּאָליציאַנטן זיידל פּאָפּינסקי, משה לעווינאָוויץ (קאָלאָניע), פיניע חויזמאַן, בערג א.א. זיי האָבן נישט געוואָלט אויסנוצן זייער פריווילעגיע צו בלייבן לעבן און זיינען אַוועק מיט זייערע צום טויט־פאַר׳משפּט׳ע משפּחות. זיידל און משה האָבן אויך איבערגעלאָזן זייערע פרויען און קינדער אין געטאָ־א׳...

אויפן וואָקזאַל האָבן די דייטשן צוגענומען ביי די אומגליקלעכע יידן זייערע זאַכן, פאַרשפּאַרט זיי אין פראַכטוואַגאָנען, אַוועקגעפירט זיי קיין בראָנע־גורע נעבן קאַרטוז־בערעזע און זיי דאָרט דערמאָרדעט! השם ינקם דמם!*

גראָסמאַן, גדליה און אָסקאַר, אייניקל, אומגעקומען, הי״ד!

גראָסמאַן, דאָרע, אומגעקומען, הי״ד! ירמיה איר מאַן לעבט אין ניו־יאָרק. אונטן: זון אָסקאַר, פאָטער גדליה. ז.ז. 222, 300

די בגדים פון די אַרויסגעפירטע יידן האָבן די דייטשן צוריקגעבראַכט אין שטאָט, אין דער שולע „מוריה״. דאָרט האָבן זיי באַפוילן יידן פון געטאָ־א׳ אויסצוסאָרטירן די זאַכן. די גוטע בגדים האָבן די דייטשן אַוועקגעשיקט קיין דייטשלאַנד, און די ערגערע האָבן זיי פאַרקויפט צו די גויים...

צביה׳ן, וועלכע האָט זיך אויך געפונען אין געטאָ־ב׳, איז געלונגען צו אַנטלויפן פון די רוצחים און זי האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין געטאָ־א׳, ביי משה לעוואַק׳ן אין גאָרטן, ביז זונטאָג פאַרנאַכט, און אַזוי אַרום געבליבן לעבן. שפּעטער איז זי אָנגעקומען קיין ראַדאָסטאָווע (דוד געווען דאָרט און געאַרבעט ביי די באַליעס. נאָך דער פאַרניכטונג פון דעם לאַגער אין ראַדאָסטאָווע, זיינען צביה און דוד אַנטלאָפן אין וואַלד. דוד איז אומגעקומען און צביה האָט זיך דערשלאָגן צו די פּאַרטיזאַנער פון „מאָלאָטאָוו־אָטריאַד״ און דאָרט געווען ביז איר באַפרייאונג. (זען ז. 301, 304, 337, 340.)

* דער געגנט אַרום קאַרטוז־בערעזע איז געווען אַ מקום מוכן לפורעניות נאָך פון 1926, ווען דער פילסודסקי־רעזשים האָט דאָרט געשאַפן דעם ערשטן קאָנצענטראַציע־לאַגער פאַר זיינע פּאָליטישע קעגנער. אָבער שפּעטער, נאָך פילסודסקי׳ס טויט, — אונטער דער ממשלה פון זיינע יורשים, די פּאָלקאָווניקעס: קאָץ, פּריסטאָר, בעק און די גענערעלער: רידזש־שמיגלי, סקלאַדקאָווסקי א.א., די פירער פון די אַזויגערופענע „סאַנאַציע״ און „אָזאָן״, — האָבן אין דעם דאָזיקן קאָנצענטראַציע־לאַגער געשמאַכט און געפייניקט זיך יידן אין די הונדערטער... פאַר יעדן קלענסטן חטא פלעגט מען, אָן אַ משפּט, פאַרשיקט ווערן אין קאָנצענטראַציע לאַגער. דער אומשולדיקער נאָמען „קאַרטוז־בערעזע״ פלעגט אָנוואַרפן אַן אימה... אַרום בערעזע געפינט זיך אויך בראָנע־גורע, וואו מען האָט פון שטענדיקע יאָרן געגראָבן און געברענט קאַלך. אין בראָנע־גורע זיינען פאַראַן, פשוטו כמשמועו, די אמת׳ע קאַלך־אויוונס... און אָט אין דעם דערמאָנטן קאָנצענטראַציע־לאַגער און אין יענע קאַלך־אויוונס האָבן די דייטשישע תלינים פאַרברענט הונדערטער טויזנטער יידן!... הי״ד! —— ד.וו.

## דייטשן מומחים פון אַמאָל צו פאַרשפרייטן יידן־האַס

די דייטשן, וועלכע זיינען נאָך פון אַמאָל געווען מומחים אין פאַרשפרייטן יידן־האַס, און אין אויסנוצן די יידן־טראַגעדיע לטובת זייערע פּאָליטישע צוועקן, און האָבן נאָך אין די גוטע צייטן אויסגעקאָנספּירירט די דרייפוס־אַפערע; אינספּירירט עלילת־דם־פּראָצעסן; אָרגאַניזירט פּאָגראָמען אויף יידן אין רוסלאַנד, פּוילן, ליטע און וואו נישט? — האָבן אויך איצט געזוכט מיט אַלע שענדלעכסטע און שרעקלעכסטע מיטלען אויפצוהעצן דער קריסטלעכער באַפעלקערונג קעגן די יידן.

די דייטשן, דערציילט בנימין וואָלף, האָבן אין אַלע עפנטלעכע פּלעצער, אַזוי אויך אין דראָהיטשין, צעהאַנגען פּלאַקאַטן מיט העסלעך־דעפאָרמירטע יידישע קאַריקאַטורן, וואָס האָבן גערופן די גוים צו מאָרדן יידן! איינעם אַזאַ פּלאַקאַט האָט בנימין אַליין געזען. עס האָט געוויזן אַ ייד מיט אַ פּויליש־יידישער היטעלע, און אַ רעוואָלווער ביי דער זייט. דער ייד האָט געהאַט איינגעשפּאַנט צוויי פּויערים אין אַ פלו, אַקער, און געאַקערט מיט זיי די ערד... אונטן איז געווען אונטערגעשריבן: „יידישער קאָמיסאַר פון רוסלאַנד...״

אָדער אַזעלכע פּאָגראָמישע אויפשריפטן און לאָזונגען:

„ווער עסט די אייער פון אייערע הינער; ווער עסט אויף די פּוטער פון אייערע בהמות? — דער ייד! ווער נעמט צו אייערע הייזער? — דער ייד! ווער נעמט צו אַלע שטעלעס און אייערע פּרנסות? — דער ייד! ווער פאַרגוואַלדיקט אייערע טעכטער? — דער ייד! העלפט אונדז, קריסטן, צו פאַרניכטן דעם ייד!״... א.א.וו.

און די גוים האָבן אויסגעפאָלגט די עצות און באַפעלן פון דעם „הערן־פאָלק״, דעם דייטש!

אין פּעטראָוויטשער לאַגער ביי קאָברין, האָבן געאַרבעט הונדערטער יידן פון דראָהיטשין, כאָמסק, קאָלאָניע, שערשעוו א.א. די יידן זיינען דאָרט געפּייניקט געוואָרן מיט שווערע אַרבעט און געליטן הונגער און קעלט. טויטע פּייגעלאַך האָבן זיי געגעסן כדי צו שטילן זייער הונגער. ווען די יידן אין פּעטראָוויטש האָבן זיך דערוואוסט פון דער שחיטה פון די געטאָ־ב׳ יידן פון דראָהיטשין, האָבן זיי רעוואָלטירט, געמאַכט אַן אויפשטאַנד און אַנטלאָפן אין וואַלד. די פּאַרטיזאַנער פון דזשענקאָוועסקיס אָטראַד האָבן די יידן, כלומר׳שט, אויפגענומען פריינטלעך, אויסגענאַרט ביי זיי דאָס געווער און נאָכדעם אויסגעשאָסן אַלע 40 יידן...*

אין וואַלד, ערגעץ אַרום לעכעוויטש, האָבן זיך אויסבאַהאַלטן די פאָלגנדע דראָהיטשינער: שלמה בוים און זיין שוועסטער רייזל; אברהם אַדלער און זיין טאָכטער זיסל; שיינדל וואָלאַנסקי; שמואל עפּעלבוים; חנה פעלדמאַן (מעריס); זלמן אָרליאַנסקי; עזריאל לעוו (קאָלאָניע); איטשע לעוו (אברהם־בערל׳ס); רבקה סערטשוק־ראָזענצווייג; חיה־שפרה אייזענבערג; אברהם טענענבוים (קאָלאָניע); יוסף קאַדישעוויטש — שוחט פון קאָסעווע און אַנדערע.

צוליב געוויסע סיבות האָט זיך די גרופּע צעטיילט. איטשע לעוו און עזריאל לעוו זיינען אַוועק זוכן פּאַרטיזאַנער. זיי האָבן די פּאַרטיזאַנער געפונען. אָבער, ליידער, אויך געפונען זייער אייגענעם טויט. די פּאַרטיזאַנער האָבן די צוויי יונגע־לייט דערשאָסן...

רבקה סערטשוק־ראָזענצווייג, חיה־שפרה אייזענבערג,

* עס איז מער ווי זיכער, אַז פיל פון די פּאַרטיזאַנער גרופּן אין די וועלדער האָבן מיטגעאַרבעט מיט די דייטשן. די דאָזיקע פּאַרטיזאַנער־מערדער זיינען ווייזט אויס ספּעציעל אַריינגעשיקט געוואָרן פון די דייטשן אין די וועלדער, כדי אויסצוהרג׳ענען די רעשטלעך אַנטרונענע יידן... —— ד.וו.



ישראל־אלעזר האַרסעל (לינקס), אומגעקומען, הי״ד! און וועלוול, זון פון חייקל און חוה מילנער, געשטאָרבן. זען ז. 217



פון רעכטס: משה יודעלעוויסקי, בנימין וואָליאַנסקי, שלום וואַרשאַווסקי, ה. גאָלדמאַן, י. בוך—א. מעשטשאַנין, שעפּסל מאַזורסקי



פון לינקס: ל. קראַוועץ, —— מ. מ. הויזמאַן, מ. גאָטליב, מ. גאָלדבערג, שטיינבערג, — אונטן פון לינקס: ב. גאָטליב, פ. גאָלדמאַן — א. מישאָווסקי. זען אונטן, די גאָטליב שוועסטער

אברהם טענענבוים און דער שוחט פון קאָסעווע — ר' יוסף קאַדישעוויטש זיינען אַוועק קיין בילינאָק און אַריינגעגאַנגען צו אַ גוי בעטן ברויט. דער מוזשיק האָט די 4 יידן פאַרמאַכט אין זיין הויז און געבראַכט פאָליציי. די דייטשן האָבן די פיר יידן אַוועקגעפירט אין בילינער וואַלד און זיי דערשאָסן...

און בנימין וואָלף פאַרענדיקט: איינמאָל שטייענדיק אויף וואַכטע, אַלס פאַרטיזאַן, ביים שלוז פון לעכעוויטשער קאַנאַל, איז צו אים געקומען אַ פויער און דערציילט וועגן די 4 יידישע הרוגים. בנימין איז טאַקע אַוועק אויף דעם אָנגעוויזענעם אָרט און געפונען די פיר קערפּער, וועלכע זיינען שוין גע־ווען צעפרעסן פון וועלף... בנימין האָט צונויפגעקליבן די ביינער און די פאַרבליבענע אברים פון די הרוגים און זיי מקבר געווען 100 פוס פון שלוז פון לעכעוויטשער קאַנאַל...

לשם אינפאָרמאַציע: פון די געראַטעוועטע פון ראַדאָס־טאָווער לאַגער, און וועלכע האָבן זיך שפּעטער אויסבאַהאַלטן מיט צביה'ן און דוד'ן אין אַ זעמליאַנקע אין וואַלד, זיינען געווען: פלטיאל טענענבוים־האַרסעל, ברוך באַראַנטשוק, גאָדל שערעשעווסקי, יאָסל לעוו, שרה ספּעוואַק, אַסנע, יעקב פעלד־מאַן, חנה, גערשענהויז א.א. יאַראָווסקי איז געשטאָרבן אין זעמליאַנקע. —— (זען זייטן 337־340, 360, 361.)

אין ראַדאָסטאָווער לאַגער האָבן זיך צווישן אַנדערע אויך געפונען די צוויי שוועסטער חיה־איטקע און צביה גאָטליב פון דראָהיטשין. די שוועסטער זיינען אויסגעגאַנגען פון בענ־קעניש נאָך זייערע עלטערן, שוועסטער און ברידער. האָבן זיי איינמאָל זיך גענומען אַרויסשאַרן פון לאַגער מיט דער כוונה צו גיין קיין דראָהיטשין. צו זייער אומגליק זיינען זיי באַמערקט געוואָרן פון די דייטשן, וועלכע האָבן חיה־איטקען און צביה'ן דערשאָסן צום טויט... די גאָטליב'ס זיינען פּלי־מעניצעס פון יהודית האָפמאַן פון שיקאַגע. לינקס זיינען יהודית'ס 2 שוועסטער מיט זייערע קינדער; טעכטער פון ר' שעפּסל און הינדע־מאַטל וואַלדמאַן.

דוב וואַרשאַווסקי







אהרן און לאה טשאַפּאָטשניק (אויבן), אליה און דבורה שלאַק־מאַן און קינדער חיה־איטקע (לאה'ס) און שעפּסל (דבורה'ס). אַלע אומגעקומען, הי"ד! זען אונטן די זייט. אויך ז. 229, 299

# גראָבן זייערע אייגענע קברים

ליקווידירונג פון געטאָ־א׳ — איבערגעגעבן פון

יהושע קאַפּעלושניק

**אַ חודש** פאַר דער ליקווידאַציע פון געטאָ־א׳, האָבן די דייטשן באַפוילן די יידן צו גראָבן גריבער צווישן גלח׳ס סאָד און אַלטן בית־עולם. עס האָט געהייסן, אַזוי האָבן די דייטשן דערקלערט, אַז מען מאַכט שוץ־גראָבנס קעגן לופט־אָנפאַלן פון רוסישע עראָפּלאַנען. אָבער אין דער ווירקלעכקייט זיינען דאָס געווען קברים פאַר די פאַרבליבענע דראָהיטשינער יידן...



יהושע קאַפּעלושניק

יהושע מיט זיינע 2 ברידער האָבן, צוליב פאַרזיכטיקייט, אויסגעמיטן צו געפינען זיך אין געטאָ און גענעכטיקט אין שעכט־הויז, וואָס האָט זיך געפונען אויסערן געטאָ.

אין אַ דאָנערשטאָג (ו׳ חשון, תש״ג, — 15טן אָקטאָבער, 1942), אַרום דריי אַזייגער ביינאַכט, האָט זיך מיטאַמאָל דערהערט אַ שטאַרקע שיסעריי באַגלייט מיט שרעקלעכע געוויינען. „איך האָב פאַרשטאַנען", שרייבט קאַפּעלושניק, „אַז דער סוף פון געטאָ איז געקומען". די דייטשן מיט זייערע מיטהעלפער די אוקראַינער זיינען איבערפאַלן די געטאָ א׳ און גענומען טרייבן די יידן צו דער שחיטה. גרופּענווייז האָבן די דייטשן צוגעפירט זייערע קרבנות צו די אויסגעגראָבענע גריבער, אויסגעטאָן זיי נאַקעט און דערשאָסן זיי אין די גריבער... „אַלעמאָל פלעגן זיך דערטראָגן צו אונדז", זאָגט יהושע, „ביטערע יללות און „שמע ישראל״ פון די קרבנות, דאַן — דאָס קלאַפּן פון מאַשין־געווער און עס פלעגט שטיל ווערן. אַ האַלבע שעה שפּעטער פלעגן מיר ווידער הערן געשרייען: „שמע ישראל" און דאָס טראַסקעריי פון די מאַשין־ביקסן און ווידער שטיל... אַזוי איז עס אָנגעגאַנגען אַ גאַנצע נאַכט"...

אַז ס׳האָט אָנגעהויבן טאָגן, האָט יהושע, דורך אַ שפּאַרונע פון זיין באַהעלטעניש, געזען, ווי בערל לויפערס טאָכטער, שרה־איטקע, לויפט פון געטאָ. די דייטשן האָבן איר נאָכגעשאָסן און דער׳הרג׳עט.

יעקב דוד קאָזאַק און וועלוול גאָלדבערג האָבן זיך אויסבאַהאַלטן ביי דער קריסטין מאַניאַ פון קיאָסק, די דייטשן האָבן זיי אויסגעפונען און דערשאָסן.

„מיר זיינען געלעגן אין אונדזער באַהעלטעניש אין שעכט־הויז, שרייבט קאַפּעלושניק, פרייטאָג, שבת און זונטאָג. פון צייט צו צייט פלעגן מיר נאָך הערן שיסערייען און געזען ווי די גוים האָבן געשלעפּט דאָס יידישע האָב־און־גוטס.

„זונטאָג ביינאַכט זיינען מיר זאַלבעזעקסט (איך, מיינע 2 ברידער, אַ שוועגערין, אַ פּלימעניק פון 15 יאָר און בנימין בוים פון וואַרצעוויטש) אַרויס פון אונדזערע לעכער און געלאָזן זיך צום סאָמענישטשער וואַלד. דאָרטן האָבן מיר איבערגעזעסן דעם גאַנצן טאָג מאָנטאָג און זיך באַראַטן וואָס מיר האָבן צו טאָן.

„מאָנטאָג ביינאַכט האָט בנימין בוים זיך אָפּגעטיילט פון אונדז. ער איז אַוועק אין דער ריכטונג צו וואַרצעוויטש און מיר זיינען געגאַנגען צו די וועלדער וואָס אַרום פּרוזשאַני. אַזוי זיינען מיר געקראָכן ביז דעם צווייטן זונטאָג. ביי טאָג גערוט און ביינאַכט געגאַנגען.

„אַריבערגייענדיק אַ וועג, נישט ווייט פון רוזשינאַי, איז אָנגעפאָרן אַ לאַסט־אויטאָ מיט דייטשן. צו אונדזער אומגליק האָבן די בעסטיעס אונדז באַמערקט פריער ווי מיר זיי. די דייטשן האָבן אָנגעהויבן שיסן אויף אונדז און דער׳הרג׳עט מיינע ברידער, הערשלען און שמחה׳ן, שמחה׳ס ווייב און הערשלס יינגל. איך האָב געהאַט ביי זיך אַ מאַשין־ביקס, האָב איך צוריקגעשאָסן און מיר איז געלונגען צו אַנטרינען פון די רוצחישע לאַפּעס"...

קאַפּעלושניק איז אָנגעקומען אין פּרוזשאַנער געטאָ. דאָרט האָט ער זיך אָנגעשלאָסן אָן אַ גרופּע פון 9 יונגעלייט און איז מיט זיי אַוועק צו די פּאַרטיזאַנער. שפּעטער האָט זיך קאַפּעלושניק אָנגעשלאָסן אין דער רויטער אַרמיי און איז עטלעכע מאָל געוואָרן פאַרוואונדעט קעמפנדיק קעגן די דייטשן.

אין 1944 האָט קאַפּעלושניק גענומען געפאַנגען 4 דייטשע סאָלדאַטן. דער רוסישער קאָמאַנדיר האָט אים באַפוילן אָפּצופירן די דייטשן הינטערן פראָנט, אין געפאַנגען־לאַגער. קאַפּעלושניק האָט די 4 דייטשן אָפּגעפירט אַ שטיקל וועג, זיי דערשאָסן, און געמאָלדן זיין קאָמאַנדיר אַז דער באַפעל איז אויסגעפירט געוואָרן. דער קאָמאַנדיר האָט אָפּנים באַגריפן וואָס דאָ איז געשען, האָט ער אָנגעהויבן שרייען אויף קאַפּעלושניקן, ער וועט אים שטעלן פאַר אַ פעלד־געריכט. אָבער קאַפּעלושניק האָט זיך נישט פאַרלאָרן און געענטפערט: „חבר קאָמאַנדיר, איך האָב עס געטאָן אַלס נקמה פאַר מיינע אומגעבראַכטע עלטערן, ברידער און פאַר אַלע יידישע הרוגים". דער קאָמאַנדיר האָט פאַרשטאַנען און מער גאָרנישט געזאָגט...

נאָך דער מלחמה איז קאַפּעלושניק געקומען קיין דראָהיטשין. דעם ברודער־קבר האָט ער געטראָפן נישט פאַרצוימט, אָן קיין שום סימן, אַז דאָרטן ליגן טויזנטער יידישע קדושים... אין דראָהיטשין האָט ער נישט געקענט פאַרבלייבן און קאַפּעלושניק האָט געוואָנדערט לאַנג אין דער גרויסער וועלט ביז ער איז אָנגעקומען קיין בוענאָס איירעס, אַרגענטינע. —— (זען זייט 345 און 351.)

דוב וואַרשאַווסקי

מ. מ. גערשנהויז (ישראל)

# שמע ישראל - הער ישראל

די געוויינען און יללות פון יידישע קינדער

אין יאָר 1942 בין איך פאַרטריבן געוואָרן דורך די דייטשן אין אַן אַרבעט־לאַגער ביי ראַדאָסטאָווע (אַ דאָרף, 15 וויאָרסט פון דראָהיטשין). אָפּזייענדיק אין לאַגער אַ האַלב יאָר, האָב איך זיך דערוווסט דורך אַ געהיימער קוועלע, אַז אונזערע טייערסטע און ליבסטע אין דראָהיטשין זיינען דורך די דייטשע רוצחים אויסגע׳הרג׳עט געוואָרן.


משה מענדל גערשענהויז

אין קורצן נאָכדעם האָבן זיך די דייטשע מערדער דערמאָנט, אַז אין לאַגער לעבן נאָך אַ פּאָר צענדליק יידן און זיינען געקומען אונדז אומברענגען. אין אַ שיינעם פרימאָרגן זיינען קיין ראַדאָסטאָווע אָ ר אָ פּ געקומען די דייטשע ס.ס. - טרופּן מיט אוקראַינישע פּאָליציי, וועלכע האָבן מיט זייער אכזריות אַריבערגעשטיגן די דייטשן, און האָבן זיך געלאָזט גלייך צום הויז, וווּ איך און מיינע יידישע חברים האָבן געוווינט.

איינער פון אונזערע חברים האָט פלוצלונג מיט שרעק אויסגעשריגן: „דייטשע ס.ס. רינגלען אונז אַרום!" ווער עס האָט נאָר געהאַט פיס און כוח האָט אָנגעהויבן לויפן אין וואַלד אַריין. די דייטשן האָבן אָבער שוין געהאַט אונז אַרומגערינגלט און האָבן מיט אַמאָל געעפנט אויף אונדז אַ פייער פון אַלע זייטן. מיר האָבן, טראָץ דעם האָגל פון קוילן, געלאָפן ווייטער, טראַכטנדיק בעת מעשה זאָל זיין וואָס עס וויל, רויט אָדער טויט; אויב עס איז באַשערט שטאַרבן, לאָמיר בעסער אומקומען פון אַ בלינדער קויל אין פלייצע איידער אַריינצופאַלן צו די דייטשן אין די הענט לעבעדיקערהייט...

אַפּלויפנדיק אַ שטיקל וועג אין וואַלד און נישט הערנדיק מער קיין שיסעריי, האָב איך זיך אָפּגעשטעלט אַרומצוקוקן, וווּ מיינע חברים זיינען, און ווירקלעך, הינטער מיר זיינען געלאָפן נאָך יידישע קינדער, צווישן וועלכע עס זיינען אויך געווען מיין קוזין שעפּסל קראַוועץ און אַ קאַלאַניער פּאַרפאַלק, דוד און צביה. [קאַלעכאָווסקי. צביה פון היים טענענבוים. וו.]

מיר האָבן זיך אַלע צוזאַמענגעקליבן אויף אַ פּלאַץ און זיך באַראַטן וואָס מיר האָבן ווייטער צו טאָן. 12 פּערזאָן זיינען מיר געווען, מענער און פרויען. מיר האָבן באַשטימט שעפּסלען און דוד׳ן אַלס אונזערע פירער און פּאַרזאָרגער און מיר האָבן זיך געלאָזן טיפער אין וואַלד. פּלוצלונג קומען אונדז אַן אַנטקעגן 2 קריסטן אויף פערד און פרעגן אונז וווּהין מיר לויפן. מיר זיינען אַלע פון שרעק געבליבן שטיין אַן לשון. נאָר דוד האָט זיך געפאַסט מוט און האָט מיט אַ שמייכל געענטפערט: „פּאַרטיזאַנער זיינען באַפאַלן די דייטשן און שיסן אויף זיי, און מיר, נישט וויסנדיק וואָס צו טאָן, לויפן זיך באַהאַלטן אין וואַלד"... די גויים האָבן זיך גלייך אָפּגעטראָגן און מיר זיינען ווייטער געלאָפן.

לסוף האָבן מיר גענומען מאַכן פּלענער, ווי אַזוי איינצושטעלן אונזער לעבן אין וואַלד. גלייך די ערשטע נאַכט זיינען מיר אַריין אין אַ גוי׳שער הויז און מיר האָבן דאָרט עפּעס אָפּגעגעסן און זיך געלאָזן ווייטער אין וועג. נאָך צוויי נעכט וואַנדערן אין דעם זומפּיק, פינצטערן, לעכאָוויטשער וואַלד זיינען מיר צוגעקומען צו אַ פּאַרלאָזענעם פויערשן „כוטער" (אַ פאָלוואַרג אין מיטן וואַלד), וווּ מיר האָבן געטראָפן נאָך 6 יידישע מיידלעך. זיינען מיר צוזאַמען געווען 8 פּערזאָן.

### דער טויט יאָגט זיי פון איין אָרט אין צווייטן

אַזוי האָבן מיר געבלאָנדזשעט אין וואַלד 8 טעג, אין הונגער און אין קעלט, ביז עס איז אַרויסגעפאַלן דער ערשטער שניי. מיר האָבן דאַן באַשלאָסן, אַז ווייטער צו וואַנדערן איז נוצלאָז און סכנה׳דיק. מיר ווילן מאַכן אַ זעמליאַנקע אין דער ערד און דאָ ווילן מיר איבערווינטערן. גערעדט און געטאָן. מיר האָבן אַלע גענומען מיט די הוילע הענט גראָבן אין די דאַן שוין צוגעפרוירענע ערד. נאָך אַ גאַנצער נאַכט גראָבן און אַרבעטן האָבן מיר געהאַט אויסגעגראָבן די גרוב. אויף מאָרגן האָבן מיר אַ גאַנצן טאָג גערוט. די צווייטע נאַכט האָבן מיר איבער דער גרוב געלייגט אַ דאַך פון צווייגן און דערנער. מיר האָבן אויף דעם דאַך נאָך פּאַרפלאַנצט בוימער, כדי קיינער זאָל נישט דערקענען, אַז אָט אין דער גרוב לעבן מענטשן. איינ׳וויניק האָבן מיר פון דער גרוב געמאַכט אַ גאַנצן „פּאַלאַץ"...

ג־ט האָט נאָך געהאָלפן און מיר האָבן אויף אַ פּאַרלאָזענעם



דראָהיטשינער קינדער אין לאַסינצע ביי אַ סטויג היי

„כוטער" געפונען 2 גריבער קאַרטאָפל, וועלכע די פּויערים האָבן איבערגעלאָזט אויף הפקר און אַנטלאָפן צוליב דער מורא פאַר פּאַרטיזאַנער. מיר האָבן אין די נעכט איבערגע־טראָגן אַסאַך פון די קאַרטאָפל צו אונז אין זעמליאַנקע. מיר האָבן אויך געמאַכט אַ גרוב, ווו מיר האָבן אָנגעהאַלטן אַ שטענדיקן פייער, מחמת אונזערע שוועבעלאַך האָבן זיך גע־נומען אויסלאָזן. אַזוי אַרום האָבן מיר איבערגעקומען דעם ערשטן שווערן ווינטער אין גרוב, דערהאַלטנדיק אונזערע נשמות מיט 3־5 געבאַקטע קאַרטאָפל אַ טאָג. מיר האָבן זיך שוין אַלע געהאַט אַזוי צוגעוווינט צו אונזער לעבן אין גרוב, אַז מיר האָבן נאָר געבעטן מען זאָל אונז נישט פאַרטרייבן פון אונזער „פּאַלאַץ"...

און דער פינצטערער מאָמענט איז דאָך געקומען. מיר האָבן דערשפּירט אַ סכנה צו זיצן אין אונזער באַהעלטעניש, און מיר זיינען אַנטלאָפן טיפער אין וואַלד. עטלעכע טעג און נעכט האָבן מיר געוואַנדערט אין וואַלד און לסוף האָבן מיר באַשלאָסן צו אומקערן זיך צוריק צו אונזער זעמליאַנקע און די קאַרטאָפל.

גייענדיק אַזוי שטילערהייט אין איין שורה, איינער נאָכ'ן צווייטן, האָבן מיר פּלוצלונג באַמערקט צוויי שליטלאַך פאָרן אַנטקעגן אונז. די מענטשן אין שליטן האָבן אונז אויך באַ־מערקט. מיר האָבן אַלע אָנגעהויבן לויפן צוריק אין וואַלד. מיט אַמאָל האָבן מיר דערהערט אַ געשריי אין רוסיש: „סטאָי!" (שטיין בלייבן!) און אַ גערויש פון מאַשין־געווער האָט פאַר־רוישט די לופט. די קוילן, וועלכע האָבן געלויכטן אין דער פינסטער מיט פאַרשיידענע קאָלירן (עס זיינען געווען פאָספאָר קוילן), האָבן געפייפט אין אונזערע אויערן. אָבער מיר זיינען געלאָפן אָן אָפּשטעל. נאָך אַ ווײַלע לויפן האָב איך זיך אָפּ־געשטעלט צו זען וואו די איבעריקע פון דער חברה זיינען. איך האָב נאָר באַמערקט איין יינגל, מיטן נאָמען צדוק, און 6 מיידלעך. די איבעריקע זיינען ערגעץ פאַרלאָרן געגאַנגען. מיר זאָלבע־אַכט זיינען ווייטער געלאָפן ביז מיר זיינען אַרויס־געקומען אויף אַן אָפענעם פעלד, ווו עס זיינען געשטאַנען סטויגלעך היי. מיר האָבן זיך אַריינגעלייגט אין די היי און פון מידקייט באַלד איינגעשלאָפן.

[די שיסער זיינען געווען פאַרשטעלטע פּאַרטיזאַנער. — וו.]

## געוואַלד, אַ ביסל וואַסער, איך ברען...!

מיר זיינען אַזוי אָפּגעשלאָפן 24 שעה, אַ נאַכט מיט אַ טאָג. ווען מיר האָבן זיך אויף דער צווייטער נאַכט אויפגעוועקט, זיינען מיר געווען איינגעפראָרענע שטיקלאַך אייז. וואָס צו עסן האָבן מיר נישט געהאַט, האָבן מיר געשמאַצקעט שטיקלאַך אייז. אַזוי זיינען מיר אָפּגעלעגן אין היי איין טאָג, נאָך אַ טאָג, און האָבן מורא געהאַט צו רירן זיך פון אָרט. אויף דעם אַכטן טאָג האָבן מיר שוין געשפּירט, אַז לאַנג וועלן מיר שוין נישט אויסהאַלטן. מיר זיינען געווען אינגאַנצן אויסגעשעפּט פון די כוחות פון הונגער און קעלט.

אויף דער אַכטער נאַכט איז צדוק אַריינגעפאַלן אין דעליר־יום. זיינע געשרייען: „געוואַלד, אַביסל וואַסער! איך ברען!" האָט מען געקענט הערן פון איין עק וועלט ביז דער צווייטער... מיר זיינען אַלע געווען זייער שוואַך און גאָרנישט געקענט העלפן און טאָן פאַר אים... און צדוק איז אין גרויסע יסורים אויסגעגאַנגען... געשטאָרבן פון הונגער און קעלט...

צו מאָרגנס אינדערפרי האָב איך מיט געוויין און געשרייען אָנגעהויבן צו בעטן די מיידלאַך מיר זאָלן פאַרלאָזן דעם אָרט,



ישראל און גרשון קן־צפור, אומגעקומען, הי"ד!
קינדער פון מיכליע קליינמאַן־קריינעס היינט אין ארץ־ישראל

וואָרים מיר וועלן דאָ אַלע אויסשטאַרבן. ס'איז שוין אָבער געווען צו שפּעט... די מיידלאַך האָבן זיך שוין נישט געקענט רירן פון אָרט...

צוויי שוועסטער זיינען געווען (איך האָב פאַרגעסן זייערע נעמען). די יינגערע איז שוין געווען אַ האַלבער מת... די עלטערע האָט נאָך געהאַט אין זיך עפּעס כוח און זי האָט נאָך געקענט זיך ראַטעווען. אָבער זי האָט געזאָגט: „ניין, דאָ וועל איך שטאַרבן... צוזאַמען מיט מיין שוועסטער..."

נאָר איין מיידל, אסתר האָט זי געהייסן, האָט זיך געלאָזט איבעררייידן און מיט אירע לעצטע כחות האָט זי זיך אויפ־געהויבן פון דער ערד. מיר האָבן צוזאַמען אַראָפּגעצויגן פון דעם געשטאָרבענעם צדוק'ן זיינע מלבושים און עס אָנגעטאָן אויף אסתר'ן, וועלכע איז געווען כמעט ווי נאַקעט... מיר האָבן



מרדכי און שרה בודער. לינקס: יצחק, שרה־איטקע בודער־האָלצמאַן, פייגל און יהודית. אַלע אומגעקומען, הי״ד!





זיך געזעגנט מיט די איבעריקע מיידלאַך, צוזאָגנדיק צו קומען זיי ראַטעווען פון טויט...

מיר האָבן געוואַנדערט און געבראָדזשעט אין דער פינ־טערער, קאַלטער וועלט. יאָ וועג, ניט וועג, אַבי די פיס הויבן זיך, אפשר וועט מען צוקומען צו עפּעס... מיר גייען און פאַלן, פאַלן און גייען... מיר העלפן איינער דעם אַנדערן אויפצושטיין און קריכן ווייטער... אפשר וועלן מיר טרעפן אימיצן, ווער עס זאָל נישט זיין... פּלוצלונג האָבן מיר דערקענט דעם אָרט, ווו מען האָט אונז באַשאָסן... אַ ווײַלע זיינען מיר געשטאַנען איבערראַשטע... נישט וויסנדיק וואָס צו טאָן. אָבער גלייך האָבן מיר באַקומען מער מוט און אָנגעהויבן גיין שנעלער. פון דאַנען איז נישט ווייט צו אונזער זעמליאַנקע... מיר וועלן גיין צוריק צו אונזער „פּאַלאַץ״... און ווען מיר זאָלן דאָרט נישט טרעפן, זיינען מיר גרייט אויף אַלעס, ניטאָ וואָס צו פאַרלירן...

מיר גייען מיט קלאַפּנדיקע הערצער. אין די קעפּ מישן זיך פאַרשיידענע געדאַנקען... נאָך אַ שעה... און אָט... מיר זיינען שוין ביי אונזער גרוב... איך לאָז זיך צו דעם געהיימען אַריינגאַנג פון גרוב און דערהער פּלוצלונג אַ געשריי אין רוסיש: „קטאָ טאַם!״... איך האָב גלייך דערקענט דעם קול פון ישראל אלעזר חאַרסעל׳ס איי‍ניקל, פּלטיאל פון דראָ־היטשין, און איך בין געפאַלן אין חלשות...

ווען איך בין געקומען צו זיך, האָב איך זיך געפונען אין „פּאַלאַץ״ אַרומגערינגלט פון דער גאַנצער חברה. איך האָב זיי דערציילט אַלעס וואָס מיט אונז איז געשען. די חברה האָט מיר געהייסן זיך אויסרוען און עפּעס עסן, נאָכדעם וועלן מיר אַלע גיין ראַטעווען די 5 מיידלאַך ביים סטייג היי...

אַסנע, אַ דראָהיטשינער מיידל, איז גלייך אַרויסגעלאָפן אין דרויסן, געמאַכט פייער און אָפּגעקאָכט פאַר מיר אַ ביסל זופּ. אויך האָט זי אָפּגעבאַקט עטלעכע קאַרטאָפל צו מיטנעמען אויפן וועג פאַר די שטאַרבנדיקע מיידלאַך. דערווייל האָבן מיר די חברים דערציילט, אַז דוד און מיין קוזין שעפּסל פעלן אויך..

עסנדיק די קאַרטאָפל־זופּ, וואָס אַסנע האָט פאַר מיר אין דער גיך אָפּגעקאָכט, האָב איך דערפילט, אַז אין מיינע שטיוול איז נאַס געוואָרן... די חברים האָבן גענומען אַראָפּציען פון מיר די שטיוול, אָבער, זיי האָבן פון מיר אַראָפּגעצויגן די שטיוול צוזאַמען מיט די הויט פון די פיס... דער גראָבער פינגער פון מיין רעכטן פוס איז אויך מיטגעגאַנגען... און מיט 10 מינוט שפּעטער בין איך געלעגן אין אַ באַוווּסטלאָזן צושטאַנד.

### וועט איר דאָס פאַרגעסן? ניין, קיינמאָל נישט!

שפּעטער, ווען איך בין געקומען צו זיך, האָבן מיר די חברים דערציילט, אַז איך האָב די גאַנצע צייט געהאַלטן אין איין רעדן פון היץ, מען זאָל גיין ראַטעווען די מיידלאַך און אפילו זיי אויסגעמאָלט דעם פּלאַץ, ווו זיי צוגעפינען. די חברים האָבן געזוכט אַ גאַנצע וואָך, נאַכט נאָך נאַכט האָבן זיי אַדורכ־



פון רעכטס: דוד יודעלעווסקי, פעלטע מאַזורסקי, ליבע און ברודער קיװ, משה לאַסאָווסקי (אויבן) א.א. חוץ פעלטען הי״ד!



אויבן: אסתר שושאַ־נאָוו, שוואַרצבערג. אונטן: עפשטיין, לעוו (לייזער׳ס), אוקראַ־אינעץ (ישעיה׳ס). אַלע אומגעקומען, הי״ד!

גענישטערט דעם געגנט און די מיידלאַך נישט געפונען...

אסתר, וועלכע האָט זיך צוזאַמען מיט מיר געראַטעוועט, איז געשוואָלן געוואָרן אויף איר גאַנצן קערפּער און זי האָט מיט די חברים נישט געקענט גיין צו ראַטעווען די מיידלאַך. זי האָט סיי ווי סיי נישט געוווּסט דעם וועג. אסתר איז שפּע־טער געזונט געוואָרן.

איך בין געלעגן אין גרוב שטאַרק קראַנק. די ווייטאָגן און די שמערצן וואָס איך האָב געליטן פון די פיס איז נישט צו באַשרייבן. מיין לעבן בלייבן האָב איך צו פאַרדאַנקען אַ קריסט, אַ „סאָבאָטניק" (אַ סעקטע קריסטן, וואָס היטן שבת). דער דאָזיקער סאָבאָטניק האָט אונז אַלעמען אַסאַך געהאָלפן. ספּעציעל האָט ער פיל געטאָן פאַר מיר. אַ חודש צייט, טאָג נאָך טאָג, האָט ער מיר געבראַכט אַ פלאַש מילך, אַ שטיקל ברויט און חזיר־שמאַלץ צו שמירן מיינע פיס, ביז איך האָב געקענט אַראָפּשטעלן מיינע פיס אויף דער ערד.

דעם זעלבן ווינטער זיינען מיר, אַ דאַנק צוויי קריסטלעכע פּאַרטיזאַנער, געקומען אין קאָנטאַקט מיט אַ צווייטער גרופּע יידן פון יאַנאָווע, צווישן וועלכע עס האָט זיך אויך געפונען שמואל עפּעלבוים פון דראָהיטשין. און די יאַנאָווער גרופּע האָט אונז צוגענומען צו זיך. דאָרט זיינען מיר שוין געווען ביז צו דער באַפרייאונג.

אַ האַלב יאָר פאַר דער באַפרייאונג זיינען די דייטשן אָפּגע־טראָטן ביז צו דעם לעכאָוויטשער קאַנאַל, און די פּאַרטי־זאַנער האָבן געקראָגן אַ באַפעל אָפּצוציען קיין קאַמין־קאַ־שירסק און מיר זיינען מיטגעגאַנגען מיט די פּאַרטיזאַנער.

נאָך דער באַפרייאונג האָב איך זיך דערוווּסט, אַז די צוויי פאַרלאָרענע חברים, דוד און שעפּסל, האָבן זיך געוואָלט דער־שלאָגן קיין אָגדעמער לעבן דראָהיטשין און די דייטשן האָבן זיי געכאַפּט ביי דער באַן־ליניע. דוד האָט פון גרויס שרעק

**באַקומען אַ האַרץ־אַטאַק און געשטאָרבן אויפן אָרט... און שעפּסלען האָבן די דייטשן דער׳הרג׳עט און אַריינגעוואָרפן זיין קערפּער אין גרוב, לעבן באַן־סטאַנציע, דאָרט ווו אַלע דראָהיטשינער קדושים ליגן...**

**איך האָב זיך אויך דערוווּסט, אַז אין די לעכאָוויטשער בלאָטעס, ביי אַ סטייג היי, האָט מען געפונען די 5 מיידלאַך טויט... זיי זיינען געלעגן איינע לעבן דער אַנדערער, אויס־געגאַנגען אין ביטערע יסורים פון קעלט און הונגער...**

•

[די נעמען פון די מיידלאַך: פריידל זאָהן (לעכעוויטש), מינדל (דאַווידגרודעק), חיה׳לע (13) און רבקה (18) טינט — שוועסטער פון דראָהיטשין און נאָך איינע אויסגעגאַנגען ביים סטייג היי... צדוק, 16 יאָר, האָט געשטאַמט פון יאָליטש (?) ביי דראָהיטשין. אסתר איז געווען פון וולאָדאַווע. אַסנע האָט געאַרבעט ביי אַווערבוך׳ן. משה מענדל גערשענהויז איז אַן אייניקל פון חיים־בער און מלכה קראַוועץ. אַ גויה האָט דער־ציילט צביה טענענבוימען, זי איז פאַרבייגעפאָרן דעם סטייג היי האָט רבקה זיך געבעטן ביי איר זי זאָל זיי ראַטעווען, האָט זי מורא געהאַט.. אויף צומאָרגנס איז די גויה געקומען מיט איר מאַן צו די מיידלאַך, אָבער, צו שפּעט... ז.ז. 333־335. וו.]



[נו, וועט איר דאָס פאַרגעסן?! קענט איר פאַרגעסן די טרערן און בלוט פון אונזערע יידישע קינדער?! וועט איר פאַרגעסן אָן די דייטשע רוצחים?! —ניין! קיינמאָל נישט! קיינמאָל נישט!! קיינמאָל נישט!! ——— ד.וו.]

# דאָס בלוט שרייט נאָך נקמה!

פון ד״ר חיים שאָשקעס

„די צייט״, 22טן דעצעמבער, 1943, לאָנדאָן, ענגלאַנד
איבערגעדרוקט פון „מאָרגען־זשורנאַל״, ניו־יאָרק

**אין** יענע שלאָפלאָזע נעכט, ווען פאַר מיינע אויגן ווערן ווי־דער לעבעדיק די מענטשן, די גאַסן, די הייזער פון די איצט פאַרניכטעטע יידישע ישובים אין פוילן, — הויב איך אָן מיט דער גאַנצער שאַרפקייט פון יאוש פאַרשטיין, וואָס מיר האָבן אין די לעצטע יאָרן פאַרלאָרן.

ביי דער גאַנצער אָרעמקייט, וואָס האָט אין די שטעטלעך געהערשט, ביי דער גאַנצער פאַרקריפּלטקייט פון זייער רעכט־לעכן אוןווירטשאַפטלעכן מצב, — האָט דאָך פון זיי געשפּרודלט מיט אַ פולסירענדן ווילן ניט צו אונטערגעבן זיך דעם ביטערן גורל, ניט אונטערגיין, להכעיס אונזערע שונאים.

כמעט פופצן יאָר האָב איך אָן אויפהער געררייזט פון שטעטל צו שטעטל, פון געגנט צו געגנט. איך בין דאַן געווען אַן אינספּעקטאָר פון די יידישע פאָלקס־בענק און מיין פליכט איז געווען אַזעלכע בענק צו אָרגאַניזירן, קאָנטראָלירן, לער־נען די יידישע בעלי מלאכה׳ס און קליינע סוחרים, ווי אַזוי זיך אַליין צו העלפן מיט הלוואות, ווי אַזוי אָנפירן מיט זייערע אָרעמע פינאַנסן, און איבערהויפּט, ווי אַזוי צו האַלטן זיך צוזאַמען און ניט פאַלן איינציקווייז.

לייען איך די טעג אין דער ראַדיקאַלער אונטערערדישער צייטונג „דאָ בראָני״ („צו׳ם געווער״) אַ קורצע נאָטיץ: „נאָכ־דעם ווי מען האָט אויסגעמאָרדעט אַלע יידן אין צענטראַל פוילן איז מען צוגעטראָטן צו ליקווידירן די יידן אין פּאָ־לעסיער געגנט. אין בריסק און דראָהיטשין מאָרדעט מען זיי מאַסנווייס. דאָס ווערט אויסגעפירט דורך די דייטשן און פאַרקויפטע אוקראַינער. די יידן ווערן געצווינגען פריער אויסצוגראָבן זייערע קברים, נאָכדעם ווערן זיי גלייך דער־שאָסן, אַריינגעוואָרפן און פאַרשאָטן״.

בריסק... דראָהיטשין... אָט אין דעם לעצטן שטעטלע, נעבן קאָברין, האָט געוואוינט זכריה דער שמיד, אַ וואונדער־באַרער יידישער טיפּ, וועלכן עס געדענקען געוויס אַלע לאַנדסלייט אין אייראָפּע און אַמעריקע. אַ ייד, אַ ריז, מיט שטאָלענע הענט, פאַרהאַרטעוועטע פון יאָרנלאַנגן קלאַפּן אויף דער קאָוואַדלע.

מיט אַ סך יאָרן צוריק האָבן מיר אים, דעם פשוט׳ן שמיד, באַשטימט פאַר אַ פאַרוואַלטער פון דער פאָלקס־באַנק. און איר האָט געמעגט זען זכריה׳ן ביי דער אַרבעט אַלס „באַנקיר״... אַ סך „קאָלעגן״ זיינע פון וואָל סטריט און די סיטי אָף לאָנדאָן, האָבן געמעגט זיך נעמען אַ מוסטער פון זיין איבערגעבנקייט, פון זיין אָפּהיטן אַ פרעמדן גראָשן און פון זיין באַהאַנדלען די „קאָסטומערס״ — אַזעלכע האָרע־פּאַשניקעס ווי ער אַליין איז געווען. איך דערמאָן זיך, ווען מיר זיינען אַמאָל געפאָרן מיט אַ פור צווישן דראָהיטשין און




פון רעכטס: יונה גאָלדבערג, יאַנקל בייך, זכריה שמיד, פייגל און רישע עפשטיין. אַלע אומגעקומען, הי״ד! — די באַנק.

כאָמסק. די פור האָט זיך איבערגעקערט — אין יענער בלאָ־טיקער געגענט איז דאָס קיין נייעס ניט געווען. זכריה, דער גבור, האָט איינער אַליין אויפגעהויבן די פור און אַרויסגע־שלעפּט איר און מיך פון דער בלאָטע. שוין־זשע האָבן אויך די דאָזיקע געבענטשטע הענט געגראָבן דעם גרויסן מאַסן־קבר פאַר די פשוט׳ע יידישע פויערים און האַנטווערקער פון יענעם פאַרוואָרפן שטעטל?

און ד״ר שאָשקעס פאַרענדיקט זיין אַרטיקל (23.12.43) מיט אַ ציטאַט פון אַ פּראָקלאַמאַציע, וואָס האָט זיך באַוויזן אויף די וואַרשעווער גאַסן:

„נאָך אַ ביסל געדולד! די שעה פון נקמה דערנענטערט זיך. עס וועלן זיך עפענען די טויערן פון די קאָנצענטראַציע לאַגערן אין אָשוויענטשים, בעלזשיץ, טרעבלינקע און אַלע איבעריקע פייניגונגס־פּלעצער. אונדזערע ליידענדע ברידער וועלן אַרויסגיין אויף דער פריי און זייער אָרט וועלן פאַר־נעמען די מיאוס׳ע דייטשישע אויסוואורפן, וועלכע מיר וועלן איבערלאָזן פון די תליות...

„דאָס מענטשלעכע בלוט, דאָס בלוט פון אומשולדיקע, קאָכט און זידט און באַרואיקט זיך נישט! קיינע שלום־טראַק־טאַטן וועלן די מערדער נישט ראַטעווען! מיליאָנען שרייען פון די קברים און פאָדערן נקמה!״ — עד כאן ד״ר שאָשקעס.

***

[אַזוי האָט מען גערעדט און געשריבן אין 1943. און היינט? — היינט איז אַלעס פאַרגעבן און פאַרגעסן... „אכן חציר העם״... ישעיה מ׳. —— רעדאַק.]





פון רעכטס: זעלדע בוים, פייע בודער, שרה פּאָמעראַניעץ, חנה קראַוויעץ. חוץ בודער'ן אַלע אומגעקומען, הי"ד! — בילד פון רעכטס איז דער גן־ילדים פון דער שולע „מוריה" פון דראָהיטשין. די קינדער מיט דער לערערין אומגעקומען, השם י"ד!

אין אייביקן אָנדענק פון אונדזערע ליבע
עלטערן
**משה־ליב און חיה־שרה סאַלעווער**
שוועסטער
**לאה, איר מאַן און 4 קינדער**
ברידער
**אהרן סאַלעווער, זיין פרוי און 4 קינדער**
**חיים סאַלעווער**
**אַלע אומגעקומען, הי"ד!**
ליבע און אליה סאַלעווער־טראַקמאַן (נ.י.)

אין אייביקן אָנדענק פון אונדזערע אומפאַרגעסלעכע
עלטערן
**אליעזר ב"ר יוסף הלוי, געשט. י' אדר שני 1919,**
**אין עלטער פון 39 יאָר**
**און רחל בת ר' שכנא יוסף שוואַרץ, הי"ד**
ברידער
**מנחם און איטשע שוואַרץ**
**אברהם שוואַרץ** (געשטאָרבן אין 1918)
מוטער און ברידער אומגעקומען אין בערעזע, הי"ד!
הערשל (נאַרוואַלק), ישראל און מאיר



הערשל דער בלינדער, גאָלדבערג, און זיין פרוי, אומגעקומען, הי"ד!
בילד גענומען לעם הערשל'ס הויז



ספּאָרט גרופּע פון דראָהיטשין. שטייען פון רעכטס: באַנטשע וואַלעוועלסקי, — מאַזורסקי, בראַווערמאַן, מ. קאַלענקאָוויטש, זאַרעצקי. זיצן פון רעכטס: שוואַרץ, שטיינבערג, יודעלעווסקי, גאָלדבערג, ב. וואַסערמאַן. אונטן פון לינקס: בודער, פעלדמאַן, מילנער.





פון רעכטס: שלום מאָרגענ־
טאַלער, נחמה שוב, באַבצע
בערג, מאַזורסקיס, גענדלערס
א.א. — וו. — בילד לינקס:
מכינה ב׳ פון שולע „מוריה״
פון דראָהיטשין, יוני, 1939.
די קינדער מיט דער לערע־
רין אומגעקומען, השם י״ד!

אין אייביקן אָנדענק פון מיינע טייערע
ברודער און שוועגערין
**הערצקע (60) און שרה (59) בוף**
ברודערס קינדער
**חייטשע, מיכליע, שמעון, לאָצע**
**אַלע אומגעקומען, הי״ד!**
סימע יאַנאָוו, האָדעסעס טאָכטער, (נ.י.)

אין אייביקן אָנדענק פון מיינע טייערע
פאָטער
**משה־יצחק וואָלינייעץ**
שוועסטער
**עלקע, מרים־צירל, חיה־אסתר, שאָשע, יהודית**
**אַלע אומגעקומען, הי״ד!**
אשר וואָלינס (ניו־יאָרק)



פון לינקס: הערשל קאַמינעצקי, מאיר
ליבערמאַן, משה בערג, יעקב ווערמוס
(שטייט), אומגעקומען, הי״ד!



שטייען פון רעכטס: ליאַכאָוויצקי, ב. צ. בעזדזעסקי, פאָפּינסקי ב. בערעזאָווסקי, — גורשטיין. זיצן פון רעכטס: ליאַכאָוויצקי,
סידעראָוו, י. גאָלדבערג, ציזש, שמעון קראַוועץ. אונטן פון רעכטס: קאַפּעלושניק, שערער. חוץ גאָלדבערג, אַלע אומגעקומען, הי״ד!

אין אייביקן אָנדענק פון מיינע ליבע
מוטער
**פייגע־זיסל לעווינסאָן** (60)
שוועסטער
**חנה** (32), **צביה, מאַן פייוול גורוויץ**
שוועסטערס קינדער
**נתן** (8) **און יעקב** (10)
ברידער
**ישראל** 27, **אברהם** 25 **לעווינסאָן**
**אַלע אומגעקומען, הי״ד!**
**גרשון לעווינסאָן**
פאַרלאָרן געגאַנגען אין רוסלאַנד
**אַלע פון אָסעוועץ**
רוטה לעווין (סאַוואַנא)

אין אייביקן אָנדענק פון אונזערע ליבע
עלטערן
**זכריה און ניסע־ביילע סאַלעווער**
שוועסטער
**שרה, עטל, ציפּע, ברכה, חיה־איטע**
**אַלע אומגעקומען, הי״ד!**
מירקע סאַלעווער־קאַלמאַן (האקענסאק
ניו־דזשערזי) און פייגל (ארץ־ישראל)








גרשון לעווינסאָן, געשיקט דעם בריוו מיט דער דייטשער סוואַסטיקע (אויבן) צו יוסף פעלדמאַן אין 1941 פון וואַרשע, פאַרלאָרן געגאַנגען. זען נעקרעלאָג. לינקס: פרומע שוואַרץ, טאָכטער אסתר און איידעם שלמה ענגעל, הי״ד!



רחל שושאַנאַוו (מיטן), פּ. ג. וואַרשאַווסקי און 2 קליינע סענדיוק, הי״ד! קאַפּעלושניק׳ס הויז



סירקע לעוו (אין מיטן), די נייטאָרין, און אירע מיידלאַך, פון רעכטס: קאַלאַד־נער, לעוו, סירקע אַליין, גורשטיין, יאַרינקעס א.א.. אַלע אומגעקומען, הי״ד!

# פאַרטיזאַנער און שארית הפליטה

## באָריס באָימאָוויטש ע״ה

פון **יוסף פעלדמאַן** (שיקאַגע)

געהייסן האָט ער בנימין בוים, אַ געבוירענער פון דאָרף וואָרצעוויטש, 14 וויאָרסט פון דראָהיטשין. נאָך גאָר יונג איז בנימין געוואָרן פאַר׳יתומ׳ט פון זיין פאָטער, און זיין מוטער חוה האָט איבערגענומען דעם עול־הפרנסה צו שפייזן אירע 5 יתומים. שפּעטער, ווען בנימין איז אונטערגעוואַקסן, האָט ער זיך גענומען צו מסחר און אַרויס־געהאָלפן זיין מוטער מיט חיונה.


בנימין בוים, ע״ה

אין 1937, נאָכדעם ווי בנימין איז צוריקגעקומען פון דינסט אין דער פוילישער אַרמיי, האָט די בוים־פאַמיליע זיך באַזעצט אין דראָהיטשין (אין הויז פון מאיר יודל פעלדמאַן). בנימין איז אָנ־געגאַנגען מיט זיינע מסחרים און געפירט אַ באַלעבאַטישע הויז.

ווען די דייטשע רוצחים האָבן אָנגעהויבן אומברענגען די יידן פון דראָהיטשין, האָט זיך בנימין אַרויסגעראַטעוועט פון געטאָ און איז אָנגעקומען צו די פאַרטיזאַנער אין בילינער וואַלד. אַלס אַן אויסגעדינטער סאָלדאַט, וויסנדיק ווי צו האַלטן אַ ביקס אין האַנט און קענענדיק די מלאכה פון תכסיסי־מלחמה, איז בנימין באַלד געוואָרן איי־נער פון די אָנפירער אין זיין פאַרטיזאַנער אָטריאַד. בנימין האָט שוין דאַן גע־הייסן „באָריס באָימאָ־וויטש״. ער האָט אַליין אויסגעפירט די געפער־לעכסטע קאַמף אַקציעס און גענומען גרויסע נקמה אין די דייטשישע מערדער.

איינמאָל אין אַ ווינטער־נאַכט האָט באָריס מיט זיינע פאַרטיזאַנער אַרומגעצעפּעוועט דעם הויף באַלקון (7 וויאָרסט פון דראָהיטשין), אַנטוואָפנט די דייטשן וואָס האָבן פאַר־וואַלטעט מיטן הויף, פאַרנומען דעם גאַנצן לעבעדיקן אינ־ווענטאַר (28 בהמות און פערד) און געצוואונגען די דייטשן צו טרייבן די בהמות אין וואַלד צו די פאַרטיזאַנער. אין וואַלד האָבן די פאַרטיזאַנער דורכגעפירט אַ משפט איבער די דייטשן און מען האָט זיי דערשאָסן.

ווען צו באָריס׳ן איז דערגאַנגען די שרעקלעכע נייעס פון דעם אומקום פון די כאָמסקער יידן, ווי די גוים מיטן גלח בראש האָבן מיט קאָסעס און העק צעפּערטלט די יידן, האָט ער באַשלאָסן צו נעמען נקמה אין די פאַררעטערישע פּויערים.

באָריס האָט זיך פאַרשטענדיקט מיט די ספּאָרעזווער פאַר־טיזאַנער און צוזאַמען מיט זיי האָט ער אַריינגעשטורעמט קיין כאָמסק און מיט פולעמיאָטן אויסגעלייגט ווי די חזירים אַלע שולדיקע פּויערים, דעם גלח און אַלע דייטשן פון כאָמסק.

[אַן אויסנאַם איז געווען דער דראָהיטשינער גלח פּא־לעווסקי, וועלכער האָט געהאָלפן די יידן. בעת די דייטשן האָבן אַרויפגעלייגט אויף שטאָט אַ גרויסע קאָנטריבוציע האָט דער גלח אַוועקגעגעבן זיינע גאָלדענע צלמים אויף אויסצו־פילן דעם סכום פון דער קאָנטריבוציע...]

באָריס האָט זיך אויך אָפּגערעכנט מיט פיל אַנדערע פּויערים וואָס האָבן גע׳הרג׳עט יידן אָדער זיי אַרויסגעגעבן צו די דייטשן. גאַנצע פּויערשע פאַמיליעס האָבן באַצאָלט מיט זייערע לעבנס — למען ישמעו ויראו...!



לינקס איז באָריס מיט זיין פאַרטיזאַנער אָטריאַד.



שמחה פעלדמאַן (רעכטס), הי״ד, און יוסף פעלדמאַן, שיקאַגע

איינמאָל איז באָריס געוואָרן פאַרכאַפּט אין אַ פּאַסטקע פון דריי דייטשן. באָריס האָט איינער אַליין אָנגענומען דעם קאַמף מיט די דייטשן און ער האָט אַלע דריי אַוועקגעלייגט טויט. אָבער די דייטשן האָבן נאָך באַוויזן צו אַוועקשיסן באָריסעס פערד און אים אַליין פאַרוואונדעט אין אַ פוס. פאַר אַ צייט איז באָריס געלעגן איינער אַליין אָפּגייענדיק מיט בלוט, ביז עס איז אָנגעפאָרן אַ פויערישע פורל. דער פויער, דערזעענדיק די דריי טויטע דייטשן, האָט זיך אָנגעהויבן צלמ׳ען און געוואָלט מאַכן אַ ויברח. אָבער באָריס האָט דעם פויערל געצוואונגען אָפּצופירן אים אין דער פאַרטיזאַנער־באַזע.

שפּעטער האָט זיך באָריס אָנגעשלאָסן אָן דער רויטער אַרמיי, וואו ער האָט אַלס קאָמאַנדיר אַרויסגעוויזן גרויס העלדישקייט, געזייט טויט און פאַרוויסטונג אין די דייטשישע שטעט ביז דער פאַרניכטונג פון די דייטשע מערדער־חילות!

באָריס איז פאַר זיינע העלדישע מעשים געוואָרן אויסגעצייכנט מיט די אָרדערס פון לענין און סטאַלין...

אין 1946 האָב איך באַקומען פון באָריסן דעם ערשטן בריוו איך זאָל אויפזוכן אין שיקאַגע זיין שוועסטער (שרה און איר מאַן אירווינג פאַרב). אין קורצן נאָכדעם דערהאַלט איך אַ בריוו פון באָריסן פון פראָג, טשעכאָסלאָוואַקיע, אַז ער איז קראַנק. באָריסעס שוועסטער איז געלאָפן צו אים קיין פראָג, אָבער לײדער האָט מען אים נישט געקענט ראַטעווען...

באָריסעס אַ חבר פון די פאַרטיזאַנער, א. ברילאַנד, שרייבט (לאָדזש, 1947) וועגן באָריסן אַזוי:

„מיר געפינען זיך אין אַ שלאַכט מיט די דייטשן. מיר זיינען ווייניק, זיי זיינען פיל מער פון אונז. באָריס ווערט פאַרוואונדעט פון אַ דייטשער קויל, ער פאַלט און בלוטיקט. אָבער דער געדאַנק פון נקמה ווערט ביי אים אַ האָר נישט שוואַכער. איך הויב אים אויף און וויל אים טראָגן צו דער פאַרטיזאַנער באַזע, אָבער באָריס רייסט זיך אַרויס פון מיינע הענט און וואַרפט נאָך אויף די דייטשן דעם לעצטן גראַנאַט וואָס ער האָט געהאַט... איך טראָג אים צום שפּיטאָל פון די פאַרטיזאַנער, אַ 15 קילאָמעטער. אָבער באָריס זאָגט צו מיר: מיין האַרץ איז נאָך נישט רואיק, נישט געשטילט, איך האָב נאָך געקענט צעשיסן אַ פאָר דייטשן... אונזערע איבערלעבונגען איז נישט צו באַשרייבן אין אַ בריוו. באָריס איז געווען פאַר מיר אַ טאַטע און אַ מאַמע... מיין האַרץ וויינט נאָך אים. איך וויל האָבן אַ דין־תורה מיט גאָט. פון אַזויפיל געפאַרן האָט אים ג־ט אַרויסגעראַטעוועט און איצט, ווען מען קען שוין לעבן, האָט אים גאָט צוגענומען, פאַרוואָס?״...

באָריס אַליין שרייבט אין אַ בריוו (15 יולי, 1945) אַזוי: „איך זאָל אייך אַלעס אַרומשרייבן וואָלט קיין פּאַפּיר נישט געסטייעט. איך בין געווען נישט מער ווי פינף מאָל געראַניעט, פאַרוואונדעט אין די קאַמפן מיט די דייטשן. איך בין איצט באַפרייט געוואָרן פון מיליטער (רויטע אַרמיי) אַלס אינוואַליד. אויסערלעך בין איך פאָלקאָם, אָבער אינערלעך נישט אין אָרדענונג. אויב איך וועל האָבן אַ היים און זיך אָפּהיטן קען איך נאָך האָפן אויף צו ווערן פאָלקאָם געזונט... מאָראַליש בין איך שטאַרק דערשלאָגן, ווייל אַרויסקומענדיק פון מיליטער האָב איך קיינעם נישט געטראָפן פון אונזערע. איך בין יעצט איינער אַליין אין אַ פרעמדער וועלט״...

כל זמן באָריס האָט געהאַלטן די ביקס פון נקמה אין זיין האַנט האָט ער נאָך געשטורעמט. דער ריזאָן, דער צאָרן, דער דורשט נאָך נקמה אין די דייטשישע מערדער האָט אים געגעבן כוח און אימפּעט דורכצולעבן אַלע פיזישע און מאָראַלישע ליידן... אָבער אַזוי גיך ווי ער האָט אַוועקגעלייגט די ביקס, אַזוי האָבן זיך אין אים געעפנט אַלע זיינע פיזישע און גייסטיקע וואונדן... און באָריס איז אויסגעגאַנגען... אין 1946 אין פראָגער שפּיטאָל אין טשעכאָסלאָוואַקיע. תנצב״ה.



ד״ר הערשל און ליזע פעלדמאַן, אומגעקומען, הי״ד! הערשל איז געווען אַ קוזין פון יוסף פעלדמאַן.

# שלמה ענטין הי״ד

אונטערערדישער קעמפער

שלמה ענטין איז געבוירן יוני 1915 אין דראָהיטשין לעבן פינסק. בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה איז די משפחה מיטגעריסן געוואָרן מיטן שטראָם פליטים אַזש קיין יעקאַטע־רינאָסלאַוו (היינט — דניעפּראָפּעטראָווסק) און אין 1922 איז זי צוריקגעקומען קיין פינסק, וואו שלמה׳ס פאָטער האָט געהאַט אַ גאַלאַנטעריע־געשעפט. שלמה האָט דאָרט געענדיקט אַ „תרבות״־שול און געלערנט אין דער „תרבות״־גימנאַזיע. ער האָט אָבער ניט פאַרענדיקט די למודים און איז צו 15 יאָר אָנגעקומען אַלס אַ באַאַמטער אין דער דיקטן (פאָניר)־פאַבריק פון לוריע. גלייכצייטיק איז ער געווען אַ חבר און שפּעטער איינער פון די אָנפירער פון „הנוער הציוני״ אין פינסק.



שלמה ענטין, הי״ד!

נאָכן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה (1939) איז שלמה פאַר אַ צייט געווען טעטיק אין דעם אונטערגרונד אין פינסק, שפּעטער אַריבער קיין ווילנע און פאַרגעזעצט דאָרט זיין חלוציש־ציוניסטישע אַרבעט.

נאָך דער שאַפונג פון דער געטאָ אין ווילנע (הערבסט, 1941) איז שלמה געוואָרן איינער פון די הויפּט־אָנפירער פון ווילנער „הנוער־הציוני״ ווי אויך מיטגליד פון דער „הנהגה־ראשית״ און פאָרשטייער פון זיין באַוועגונג אין דער חלוצי־שער קאָאָרדינאַציע, וואָס האָט זיך דאַן געשאַפן אין ווילנע.

שלמה איז געווען אַ געזונטער, פעסט־געבויטער און מו־טיקער בחור און שטאַרק פּאָפּולער ביי זיינע חברים אין דער אונטערערד־צייט. אין דער ערשטער תקופה פון ווילנער געטאָ האָט ער אָנגעפירט מיט דער פאָלקס־קיך אויף סטראַשון־גאַס 2 און אַ דאַנק אים האָט די ייִדישע אונטערערד־באַוועגונג געהאַט די מעגלעכקייט צו באַנוצן דעם קיך־לאָקאַל פאַר אירע טרעפונגען און באַראַטונגען אין אויספּלאַנעווען און צוגרייטן דאָרט דעם אַקטיוון־ווידערשטאַנד.



משה (אַלטערס) און פרומע וואַרשאַווסקי און קינדער אומגע־קומען, הי״ד! קינדער חנה און אסתר לעבן אין ארץ־ישראל

שלמה איז געווען פון די ערשטע, וועלכע האָבן זיך אַרומ־געטראָגן מיטן געדאַנק וועגן שטעלן אַ באַוואָפנטן ווידער־שטאַנד די דייטשע מערדער. בעת דער „אַקציע״ אין יום־כפור 1941 אין ווילנע, ווען אַ פיר טויזנט ייִדן זיינען אַוועק־געפירט געוואָרן צו דער שחיטה קיין פּאָנאַר, איז שלמה געשטאַנען ביי די טויערן פון די הייזער אויף שאַוועלסקי־גאַס און זיך געראַנגלט מיט די ליטווינער, וועלכע האָבן געכאַפּט די ייִדן, און נישט איין קרבן גערויסגעראַטעוועט פון די מער־דערישע הענט.

שלמה איז געווען צווישן די מיטגלידער פון דער ווילנער יוגנט־דעלעגאַציע, וועלכע איז געקומען קיין וואַרשע סוף 1941 און געבראַכט די ערשטע ביטערע ידיעות וועגן דער פאַרניכטונג פון די מערהייט ווילנער ייִדן און פאַרלאַנגט געלט און געווער פאַר אַ ווידערשטאַנד. ער איז דאַן צוריק־געפאָרן קיין ווילנע און ממשיך געווען זיין טעטיקייט אין אונטערגרונד. ער האָט אויסגעפירט געפערלעכע שליחות׳ן פון אונטערערד.

אין איינער אַזאַ שליחות, אויפן וועג פון ביאַליסטאָק קיין וואַרשע, וועגן שאַפן אַ פאַראייניקטע פּאַרטיזאַנער אָרגאַני־זאַציע, איז שלמה, אין אַפּריל 1942, אויף דער באַן־סטאַציע מאַלקינאַ, אַרעסטירט געוואָרן דורך דער געסטאַפּאָ. (ער איז געפאָרן אויף געפעלשטע דאָקומענטן א.נ. „יאַן סטאַנקע־וויטש״, אָבער די דייטשן האָבן שוין געוואוסט וועגן די גע־פעלשטע דאָקומענטן פון ייִדישן אונטערגרונד און שטאַרק געהיט.) שלמה איז, מיט זיינע מיט־שלוחים שרה און חאַשקע זילבער, איינגעזעצט געוואָרן אין פּאַוויאַק אין וואַרשע. אַלע באַמיאונגען זיי צו ראַטעווען פון די דייטשע הענט האָבן געפירט צו גאָרנישט און שלמה איז, בעת דעם גרויסן גירוש פון די וואַרשעווער ייִדן, יולי 1942, צוזאַמען מיט זיינע מיט־אַרבעטער, דערמאָרדעט געוואָרן! הי״ד!

[אַרויסגענומען פון בוך „חורבן און אויפשטאַנד פון די ייִדן אין וואַרשע״ פון מלך ניישטאַדט, 1948, תל־אביב. רעד.]



אברהם און פייגל פינסקי און קינדער: יאַשע, אסתר, אַניוטאַ. (נפתלי שטיינבערגס טאָכטער.) אַלע אומגעקומען, הי״ד!

# געזייט טויט איבער דייטשלאַנד

פון י. מ. קערשט

„פאָרווערטס“, 28טן אַפּריל, 1946

## וועגן שמואל עפּעלבוימען

רואיק איז זיך געפלאָסן דאָס לעבן פון דעם העברייאישן לערער שמואל עפּעלבוים פון דראָהיטשין. יאָרן האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט דערציען יידישע קינדער, מיט צוגרייטן זיי צו זיין נוצלעכע מענטשן אין דער געזעלשאַפט. פּלוצלונג האָט אויסגעבראָכן די מלחמה און דאָס רואיקע לעבן איז איבערגעריסן געוואָרן. עס האָבן זיך איצט אָנגעהייבן יאָרן פון שווערן צער און פּיין. די בלוט־דורשטיקע דייטשן זיינען געקומען און געבראַכט מיט זיך טויט און פאַרניכטונג. עס זיינען פאַר זיינע אויגן אומגעבראַכט געוואָרן זיינע איידעלע יונגע תּלמידים און עס זיינען אין זיין קעגנוואַרט אַוועקגעשלעפּט געוואָרן צום טויט זיינע נאָענטסטע און טייערסטע, צווישן זיי זיין מוטער און שוועסטער.

ער האָט געשלאָפט אין לאַגערן אונטער די שוידערלעכסטע באַדינגונגען. ער איז געוועז צווישן די, וועלכע מ'האָט געפירט צום טויט און ער איז איינמאָל און אַ צווייטן מאָל אַנטלאָפן פון די מערדער אונטער אַ האָגל פון קוילן. די קריסטלעכע „גוטע“ שכנים האָבן מיט העק און מיט קאָסעס געלויערט אויף יידן אין אַלע ווינקעלעך, און ער האָט זיך געמוזט פון זיי אויסבאַהאַלטן אין וואַלד און אין גריבער...

די שווערע איבערלעבנישן האָבן דעם העברייאישן לערער געבראַכט אַ סך אַנטוישונגען. זיי האָבן אָבער זיין מוט ניט געבראָכן. פאַרקערט, זיי האָבן אים, דעם שטילן מענטשן, וואָס האָט קיינמאָל קיין פליג ניט געטשעפּעט, פאַרוואַנדלט אין אַ מוטיקן קעמפער, וואָס האָט העלדיש זיך געשלאָגן קעגן די דייטשע בעסטיעס און געזוכט נקמה צו נעמען פאַר דעם אומשולדיקן, יידישן בלוט.

שמואל עפּעלבוים, וואָס געפינט זיך איצט אין לאָדז און גרייט זיך צו פאָרן קיין ארץ ישראל, האָט אַ סאַך דורכגעמאַכט אין די בלוטיקע יאָרן פון דער מלחמה. דאַרויף זאָגט עדות זיין לאַנגער און רירנדער בריוו וואָס ער האָט צוגעשיקט צום „פאָרווערטס“ פאַר זיין ברודער יוסף עפּעלבוים, וועלכן ער זוכט איצט אַרום. אויך זוכט ער משה יוסף'ן און לייזער דוואָשקעס פון דראָהיטשין. ער לאָזט זיי וויסן, אַז פון חיה־טשען, וואָס איז געוועז פאַרהייראַט צו אַ וואַרשעווער דאָקטאָר, איז געבליבן אַ דריי־יאָריק יתומה'לע. אַ קריסטין פון דראָהיטשין האָט דאָס קינד גענומען צו זיך, ווען עס איז אַלט געוועזן דריי מאָנאַטן, און עס האָדעוועט זיך ביי איר אויך איצט.

מיר גיבן דאָ איבער אַ טייל פון דעם בריוו. אָט וואָס ער שרייבט:

„אונדזער שטעטל דראָהיטשין איז אָקופּירט געוואָרן פון די דייטשע רוצחים דעם 25טן יוני, 1941. אין דעם טאָג האָט זיך אָנגעהייבן דאָס טראַגישסטע קאַפּיטל פון אונדזער לעבן.

שוין אויף צומאָרגנס האָבן די זעלנער אָנגעהייבן רעווידירן אַלע יידישע הייזער, צי ס'איז אין זיי ניטאָ קיין וואַפן, אָבער צוגענומען האָבן זיי גוטע אַנצוגן, פעטס, שוכוואַרג און אַנדערע ווערטפולע זאַכן. זיי האָבן גערויבט און געשלאָגן מאָטיווירנדיק, אַז עס איז דערפאַר, וואָס אונדזערע אַמעריקאַנער ברידער האָבן אָנגעהייבן דעם קריג קעגן דייטשלאַנד.

„סוף יוני, 1941, האָט דער נאַטאַר טשאַפּלינסקי, וועלכער איז געוואָרן בירגערמייסטער, צונויפגערופן אַן אַלשטאָטישע פאַרזאַמלונג אויפן מאַרק און דערקלערט, אַז די יידן זיינען אויסערן געזעץ. זיי האָבן קיין שום רעכט ניט. זיי מוזן טראָגן געלע לאַטעס, אָנקלאַפּן געלע מגן דודס אויף די טירן פון זייערע הייזער, גיין אויף צוואַנג אַרבעט און צאָלן קאָנטריבוציעס פאַרן דייטשן מיליטער און פאַר דער אוקראַיניש־פוילישער ציווילער מאַכט.

## שחיטה אין מאָטעלע, כאָמסק, יאַנאָווע, פּינסק, בריסק

„אָנהויב יולי, האָבן די ערלים פון דאָרף וועטלע דערהרג'עט די עטלעכע יידישע משפּחות, וואָס האָבן דאָרט געוווינט און זיך צעטיילט מיט זייער פאַרמעגן. אויך האָבן דע־



אַלטער, דוואָשקע גאָלדבערג און קינדער: חייטשע, אסתר, לייזער. חוץ לייזערן און מוטער (געשט.) אַלע אומגעקומען, הי"ד!

מאָלט די דייטשן דערהרגעט אויפֿן מאַרק אין כאָמסק עטלעכע צענדליק יידישע מענער. דערנאָך האָבן די ווייס־רוסן אין משך פֿון אַ וואָך, מיט העק, מיט מעסערס און קאָסעס פֿאַר־ניכטעט די גאַנצע יידישע קהלה פון כאָמסק. דאָס זעלבע האָבן געטאָן די קריסטן אין מאָטעלע. זיי האָבן זיך דאָרטן מיט דער דערלויבניש פֿון די דייטשן „באַפֿרייט״ פֿון די פּאָר טויזנט יידן וואָס האָבן זיך דאָרטן געפֿונען.

„פֿון פּינסק, בריסק און פון יאַנאָווע האָבן די דייטשן, אין יולי, 1941 (חודש אב), אַרויסגעפֿירט אַלע יידישע מענער פֿון פֿערצן ביז פֿינף און זעכציק יאָר, כלומרשט אויף אַר־בעט אין אַן אומבאַקאַנטן אָרט... שפּעטער האָבן מיר עדות געזוכט, אַז פֿאָרן אויף אַרבעט, מיינט פֿאָרן אויף יענער וועלט״.

ווייטער ווערט אין דעם בריוו געשילדערט דער שרעק־לעכער צושטאַנד פון די יידן אין דראָהיטשין אין דער צייט ווען עס האָט דאָרטן פונקציאָנירט אַ „יודענראַט״. דאָס איז, אַן און פאַר זיך, אַ טרויעריקער קאַפּיטל.

„ווינטער, 1941, איז אין דראָהיטשין שוין געווען אַ געטאָ. יידן האָבן ניט געטאָרט גיין אין גאַס. אַפֿילו צו צוואַנגס אַרבעט האָבן זיי געמוזט גיין אין אַרישער באַגלייטונג. דער באַגלייטער, וואָס האָט געפֿירט די יידישע דאָקטוירים אין שפּיטאָל צו דער אַרבעט, איז געווען אַ שגצל פֿון אַ יאָר צוויי. ער פֿלעגט גיין אויפֿן טראָטואַר און די יידישע מעדיקער אויפֿן ברוק. די יידישע באַפֿעלקערונג אין דראָהיטשין איז פאַר דער צייט געשטיגן צו מער ווי פיר טויזנט. ס׳האָבן זיך דאָרטן באַזעצט יידן וואָס זיינען אַנטלאָפֿן פֿון חורבן אין שער־שעוו און קאַלאַניע. זיי זיינען געווען אין צוויי געטאָס: איין געטאָ איז געווען פֿאַר פֿאַכלייט, קהלה־לייט און יידישער פּאָ־ליצי. די צווייטע געטאָ איז געווען פאַר פּאַכלאָזע, אָדער ווערטלאָזע יידן, צווישן זיי אויך אונדזער משפּחה.

„אָנהויב ווינטער, 1942, זיינען אומגעקומען די יידישע קהלות אין ראָוונע, ווילנע און סלאָנים. אין פֿרילינג פֿון 1942: קאָוועל, דעווין און בערעזע. דער דראָהיטשינער „יודענראַט״



פֿון לינקס: יצחק לייב קאָזאַק, משה בערג, אהרן ראָזענצווייג, הערמאַן גראָסמאַן, ליבערמאַן, אַלטער גוראַלסקי (שטייט) בערג (יינגל) א.א. חוץ גראָסמאַנען, אַלע אומגעקומען, הי״ד! בילדער וואָס האָבן אַ צושריפט זיינען גענומען פון ה. גראָסמאַן

האָט געהאַלטן, אַז דאָס איז זיין פֿאַרדינסט, וואָס די דראָהי־טשינער יידן לעבן נאָך. די געטאָ פֿון די פֿאַכלאָזע, אַן ערך פון 1600 מאַן, האָבן זיי דערקלערט, וועלן זיי שוין נישט קענען ראַטעווען, זייער גורל איז שוין געווען פאַר׳חתמ׳עט. זיי האָבן אָבער געהאָפֿט אַז די אַנדערע געטאָ וועט, אַ דאַנק זייער שתדלנות, די מלחמה איבערלעבן.

## גויים האָפּן אויפֿן רוסישן צאַר און הרג׳ענען יידן

„מוצאי שבת נחמו, תש״ב, 25 יולי, 1942 — איז געשען אונדזער גרעסטער אומגליק. מען האָט די 1600 מענטשן פון געטאָ אָנגעהייבן טרייבן צו דער באַן־סטאַנציע. צווישן זיי זיינען געווען: איך, די מאַמע, מרים און אַברהמ׳לע, פריידל׳ס



הויזמאַן, אהרן קאַפּלאַן, ח. וויסאָצקי, ש. וואַלע־וועלסקי, הי״ד! א.א. וו.



פריידל עפּעלבוים, הי״ד!

יינגעלע. (רחל, פריידל און נתן האָבן זיך געפונען אין פּינס־קער געטאָ. מאיר פריידל׳ס איז אומגעקומען אין יולי, 1941).

„אויפֿן וועג האָט מען געשלאָגן מכות־רצח מיט די ביקסן איבער די קעפּ. דעם אינזשינער זאב וואַלעוועלסקי האָט מען דעם קאָפּ צעשפּאָלטן. ביי מיר האָט מען אַראָפּגעצויגן די שיך און דעם פּידזשאַק. אברהמ׳לע פריידל׳ס האָט מען פאַר מיינע אויגן דעם קאָפּ צעזעצט מיטן ביקס און זיין מאַרך איז אויפֿן ברוק צערונען. דער מאַמען האָט מען אַריינגע־וואָרפן אין דעם אויטאָ, אין וועלכן מען האָט גענומען די שוואַכע, וואָס האָבן ניט געקענט דערגיין צום פֿאַרניכטונגס פונקט. שפּעטער האָב איך זיך דערוווסט, אַז דער פֿאַרניכ־טונגס־פונקט פֿון אונדזערע טייערסטע, איז געווען בראָנע־גורע, 17 קילאָמעטער פֿון קאַרטוז־בערעזע.

„אַ צעמישטער פֿון צער און צאָרן האָב איך אומגע־וואָרפֿן דעם דייטש, וואָס איז געגאַנגען לעבן מיר, און אַנט־לאָפֿן אין וואַלד אונטער אַ האָגל פון קוילן. מען האָט מיך אויפֿן דריטן טאָג געפונען אַ פאַר׳חלש׳טן אין וואַלד און מיך פֿאַרשלעפּט אין געטאָ „א״, וועלכע האָט נאָך געלעבט. אַלע האָבן שוין פֿאַרשטאַנען, אַז די טעג פון די „ווערטפולע פאַך־יידן״ זיינען שוין אויך געציילטע. פֿונדעסטוועגן האָט די קהלה פֿאַרוואַלטונג מורא געהאַט מיך, דעם „ווערטלאָזן״, דאָרטן צו האַלטן. מען האָט מיך פֿאַרשיקט קיין ראדאסטאוו אין אַן אַרבעטסלאַגער.

„די אויסדערוויילטע יידן פון דעם לאַגער „א״ זיינען סוף



זיידל (יעקב) און פערל לעוו. לינקס איז זיידל'ס מוטער, חיה־מירל. די קינדער פון רעכטס: יוסף, רחל, פעשע, באַשקע און בנימין הערשל אַלע אומגעקומען, הי״ד! זיידל ב״ר טוביה דוד לעוו פון האָרבאַכע איז געבאָרן בערך תרנ״ג, 1892, און געלערנט אין סלאָבאָדקע, ביי ר' ברוך בער'ן זצ״ל. אין 1924 באַזעצט זיך אין דראָהיטשין. אין 1942 איז זיידל אַליין אַנטלאָפן קיין האָרבאַכע און דאָרטן אומגעקומען. פערל איז געווען אַ טאָכטער פון טוביה־דוד וואַרשאַווסקי. זען זייט 207.

1942 אויך אומגעבראַכט געוואָרן. צוזאַמען מיט זיי זיינען אויך אומגעקומען די קהלה־לייט, כאָטש זיי האָבן געדענקט, אַז זיי וועט מען שוינען. בלויז געציילטע האָבן זיך געראַטעוועט.

„ווען מיר האָבן זיך אין אַרבעטס־לאַגער דערוווסט, אַז מען האָט שוין אויך אומגעבראַכט די יידן פון געטאָ „א" — שרייבט עפּעלבוים — „האָבן מיר באַשלאָסן צו אַנטלויפן אין וואַלד. דאָס איז געווען זייער שווער. די דאָרטיקע באַפעלקערונג האָט געמאַכט אָבלאַוועס אויף יידן, ווייל מען האָט זיי צוגעזאָגט פינף הונדערט רובל פאַר יעדן יידן, וואָס זיי וועלן ברענגען. אויך די קריסטלעכע פּאַרטיזאַנער פלעגן הרגענען יידן, באַהויפּטנדיק, אַז אין רוסלאַנד וועט ווידער ווערן אַ צאַרישע אָרדענונג. „בעי זשידאָוו—ספּאַסאַי ראָסיִיו!" האָט מען געהערט.

## גענומען נקמה אין די דייטשישע רוצחים!

„דעם 4טן נאָוועמבער, 1942, האָט מען צעשאָסן אונדזער לאַגער. מיר איז ווידער געלונגען צו אַנטלויפן אונטער אַ באַשיסונג פון קוילן. איך האָב זיך אויסבאַהאַלטן אין וואַלד און דאָרטן אַ גאַנצן ווינטער געלעבט אין אַ גרוב. איך האָב זיך דערנערט מיט צעפוילטע און פאַרפרוירענע קאַרטאָפל, וואָס איך פלעג גנבענען ביינאַכט פון ווייטע כוטאַרעס, וועלכע די פויערים האָבן פאַרלאָזט.

„שפּעטער, ווען די פּאַרטיזאַנער באַוועגונג האָט זיך פאַרצווייגט און אָנגעקניפּט באַציאונגען מיטן רוסישן מיליטער, האָבן זיי זיך אָנגעהייבן בעסער באַציען צו יידן. איך האָב זיך צו געשלאָגן צו אַן אָטריאַד אין פּינסקער געגנט, שפּעטער אָנגעשלאָסן זיך אָן דער רויטער אַרמיי און אויסגעפירט די שווערסטע פונקציעס. וועלנדיק נעמען נקמה אין די דייטשע באַנדיטן, האָב איך ניט איינמאָל מיין לעבן אַיינגעשטעלט. איך האָב זיך דערדינט צום ראַנג פון פעלדפעבעל. איך בין געווען אויפן קאַרעליש־פינישן פראָנט און עטלעכע מאָל פאַרוואונדעט געוואָרן. דערנאָך בין איך געשיקט געוואָרן קיין מזרח־פּרייסן, וווּ איך האָב זיך באַטייליקט אין שטורעמען און אין פאַרנעמען די שטאָט קעניגסבערג, וווּ איך האָב אויך אַן אויסצייכנונג באַקומען.

„צייטנווייז טראַכט איך, ווי אַזוי האָב איך, אַ דערצויגענער אין ישיבות, אין העברייאישע שולן, ווי אַזוי האָב איך, אַ הומאַניסט, געקענט זיין אַזוי ווילד און פאַרגיסן אַזוי פיל בלוט אין מזרח־פּרייסן. איך האָב דאָך קיינמאָל דאָרט קיין לעבעדיקע געפאַנגענע ניט גענומען. ווען דער בלוטיקער פיינט פלעגט זיך בעטן: „רוס כאָראָש", פלעג איך שטעכן אָן רחמנות. ווי אַ פאַרניכטענדער שטורעם בין איך געגאַנגען דורך די דייטשע שטעט און שטעטלעך. איך האָב צוזאַמען מיט מיינע חברים געטראָגן טויט און חורבן איבער מזרח־פּרייסן. מיינסטו, ברודער, אַז דאָס פאַרגאָסענע בלוט פון שונא האָט אפשר געשטילט מיין צאָרן און מיר אַ טרייסט געבראַכט? ליידער ניט. ניטאָ קיין טרייסט צו אונדזער חורבן.

„אויף די דעכער פון די וואַגאָנעס בין איך נאָך דער דעמאָביליזאַציע געפאָרן אַהיים קיין דראָהיטשין. איך האָב דאָרטן קיינעם ניט געפונען. פרעמדע קריסטן באַלעבאַטעווען ביי אונדז אין שטוב און אין אַלע יידישע הייזער, וואָס זיינען געבליבן. ניטאָ קיין יידן אין דראָהיטשין, מען הערט ניט קיין יידיש וואָרט און מען זעט ניט קיין יידיש אות. אַזוי איז אויך אין קאָברין, פּינסק און בריסק. עס געפינען זיך דאָרט עטלעכע „פּאַספּאָרט־יידן" פון די מזרח־געביטן פון רוסלאַנד, וועלכע רעדן אפילו נישט קיין יידיש." ז.ז. 287

דער בריוו איז אַרויסגעשיקט פון לאָדזש, 27 דעצעמ., 1945

# אויפגעריסן 8 דייטשע עשאַלאָנען

פון **יהושע קאַפּעלושניק** (אַרגענטינע)

אַ בריוו צו יוסף פעלדמאַן אין שיקאַגע אין 1947

טייערער יוסף, איך בין נישט לאַנג אָנגעקומען קיין לאָדז און כ׳באַמי זיך אָנצוקניפּן אַ פאַרבינדונג מיט דעם רעשט איבערגעבליבענע קרובים און באַקאַנטע. נאָך יאָרן פון אומבאַרשרייבלעכעליידן און פּיין אין דראָהיטשינער געטאָ, אין די וועלדער מיט פּאַרטיזאַנער און אויף די שלאַכטפעלדער אַלס רויט־אַרמייער, האָב איך אַ סך צו שרייבן און צו דערציילן. אַ ביסל פון דעם וועל איך דיר דאָ איצט אויסשרייבן.

יוני 25טן, 1941, איז אונזער שטאָט אָקופּירט געוואָרן דורך די דייטשן. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּעריאָד פון יסורים און מאָרד! די דייטשע רוצחים פלעגן גיין איבער די יידישע הייזער און ראַבעווען און שלאָגן, באַהויפּטנדיק, אַז די יידן זיינען שולדיק אין דער מלחמה, ווייל זיי שטיצן די קאָמוניסטן מיט גאָלד און געווער. די דייטשן האָבן צונויפגעטריבן די יידן פון אַלע דערפער אין שטאָט אַריין. די אָרטיקע פּויערים פון דעם דאָרף „וועטלי" האָבן געמאַכט די ערשטע התחלה. זיי האָבן אויסגעהרג׳עט די יידן פון זייער דאָרף. נאָך זיי האָבן דאָס זעלבע געטאָן די ערלים פון חאָמסק און מאָטעלע, וועלכע האָבן אומגעבראַכט דאָס ביסל יידן וואָס האָבן דאָרט געוווינט. מיט מעסערס, העק און קאָסעס האָבן די פּויערים דערהרגעט די יידן. אין דראָהיטשין גופא האָבן די דייטשן די ערשטע טעג פון דער אָקופּאַציע אומגעבראַכט די יידן, וואָס האָבן געהאַט אַ שם פאַר אַקטיווע מיטאַרבעטער פון דער סאָוועטן־מאַכט. עס האָט זיך אָנגעהויבן דאָס רויבן פון יידיש־האָב און גוטס, דאָס אַרויסשיקן און פּייניקן אין אַרבעטס־לאַגערן.

די דייטשן האָבן אין שטאָט געשאַפן אַ „יודען־ראַט", צו וועלכן די דייטשע מאַכט פלעגט זיך ווענדן מיט אירע פאָדערונגען, און דער יודען־ראַט פלעגט ביי דער יידישער באַפעלקערונג זאמלען די קאָנטריבוציעס, גאָלד און זאַכן, און שיקן אויף אַרבעט. אַזוי אַרום זיינען יידן באַראַבעוועט און געשלאָגן געוואָרן דורך יידן.

אין פאַרלויף פון דעם ע״שטן יאָר האָבן די דייטשן אומגעבראַכט אַלע מענער פון בריסק, פּינסק, יאַנאָווע און פון אַנדערע שטעט. דראָהיטשינער יידן האָבן זיי נאָך געלאָזט אויף אַ צייט לעבן, אָבוואָל אין אַ טרויעריקער לאַגע.

אין 1942 האָט זיך אָנגעהויבן דאָס מאַסן־אומברייננגונג פון יידישע קהילות אין מערב רוסלאַנד און מערב אוקראַינע.

דראָהיטשינער יידן האָבן געוווינט אין צוויי געטאָס. איין געטאָ פאַר פאַכלייט, אין וועלכער איך האָב אויך געוווינט, און איין געטאָ פאַר פאַכלאָזע, וועלכע זיינען אומגעבראַכט געוואָרן דעם 25טן יולי, 1942. צווישן די אומגעקומענע איז אויך געווען מיין ברודער מענדל מיט זיין פאַמיליע.

נאָכ׳ן אומברייננגען די נישט־אַרבעטס־פיאיקע האָבן מיר פאַרשטאַנען, אַז די טעג פון די פאַכלייט זיינען געציילטע. איך האָב באַשלאָסן ניט צו לאָזן זיך שעכטן ווי אַ שעפּס, נאָר קעמפן מיט די רוצחים. איך האָב צוגעגרייט געווער. כ׳פלעג נעכטיקן אין הינטערשטאָטישע באַהעלטענישן צוזאַמען מיט מיינע ברידער הערשל און שמחה. (זען זייט 336.)

איך בין געבליבן אַליין מיט מיין אומבאַשרייבלעכן צער און צאָרן און פעסטן באַשלוס צו נעמען נקמה פאַרן פאַרגאָסענעם יידישן בלוט און קעמפן ביזן לעצטן אָטעם קעגן די דייטשע באַנדיטן!...

איך האָב זיך אָנגעשלאָסן אין אַ פּאַרטיזאַנער אָטריאַד און אין זיינע רייען געקעמפט קעגן קלענערע דייטשע גרופּן. איך האָב דערשטאָכן פיל דייטשן מיט מיין באַגנעט; כ׳האָב געמאַכט קאָטליעטן פון 8 דייטשע עשאַלאָנען מיט מיליטער, וועלכע איך האָב אויפגעריסן און פאַרניכטעט. איך האָב אויך







שואל און דבורה־ביילע. רעכטס זייערע עלטערן: חיים און אסתר חאָמסקי. לינקס: צאַלקע פעלדמאַן. אַלע אומגעקומען, הי״ד!



הערשל, אסתר־נעכע מילנער־גורשטיין, אומגעקומען, הי״ד! שוועסטער פון טודרוס־ליב מילנער. זען בילדער, ז. 295, 324

אַ טאַנק אויפגעריסן, און איין מאָל אליין פאַרווונדעט געוואָרן. דער נקמה דורשט האָט מיר צוגעגעבן מוט אויסצושטיין אלע שוועריקייטן פון פאַרטיזאַנער לעבן. כ׳האָב פיל מאָל דעם לעבן איינגעשטעלט און אויסגעפירט די געפערלעכסטע אַקציעס. די גרעסטע באַפרידיקונג איז פאַר מיר געווען, ווען איך האָב געהערט אַ דייטש קרעכצן: „אַך, מיין גאָט". איך האָב דאַן געטראַכט: „כאָטש איין ענטפער פאַר די מיליאָנען יידישע „שמע־ישראל׳ס"...

מיט די פאַרטיזאַנער בין איך אָנגעקומען אין דער רויטער אַרמיי, אין וועמענס רייען איך האָב באַקומען די מעגלעכקייט פון אַן אָפענעם אָנגריף און קאַמף קעגן גרעסערע מחנות פון שונא און זיי צו פאַרניכטן. ווי אַ פאַרניכטנדיקער שטורעם האָבן מיר זיך דורכגעטראָגן דורך דייטשע שטעט און שטעטלאַך. איך בין זיך מודה, דאָס האַרמאַטן־קנאַלן, דאָס קראַכן פון דייטשע פאָרטיפיקאַציעס און בנינים איז פאר מיר דאַן געוואָרן דאָס זיסטע מוזיק. די פלאַמען פון די ברענענדיקע דייטשע הייזער, דעם חורבן וואָס איך און מיינע חברים האָבן געזייט אַרום זיך, איז פאַר אונדז געווען אַ גרויסע באַפרידיקונג. יעדער איינער פון אונז האָט געהאט א גרויסן חשבון מיט די מענטשנפרעסער. נאָך היינט צו טאָג בין איך נאָך אלץ ניט באַרואיקט. כ׳האָב נאָך אַלץ מיט די רוצחים זיך ניט אָפגעג׳חשבונ׳ט ווי עס באַדאַרף צו זיין.

**מיט ציין־קריצעניש און אויפרעגונג לייען איך וועגן דעם, ווי מען משפט די באַנדיטן אין נירענבערג, ווי איידל מ׳באַגייט זיך מיט די דייטשן אין די אָקופּאַציאָנס זאָנעס!... כ׳ווייס אז**

יעדע נקמה אין די בעסטיעס וועט זיין צו קליין, — פאַר די 6 מיליאָן פארפייניקטע יידן אין די קאָנצענטראַציע און פאַרניכטונגס־לאַגערן; פאַר די זויג־קינדער, וועלכע זיי האָבן אומגעבראַכט, האַקנדיק די קעפּ אן די ווענט ביז דער מאַרך פון די קעפּלעך האָט זיך אויסגעגאָסן; פאַר צענער טויזנטער יידן, וועלכע זיינען לעבעדיקערהייט באַגראָבן געוואָרן ביז די העלדזער, און איבער די קעפּ האָבן די דייטשן געפאָרן מיט טאַנקען...

אָ, איר האָט גאָר ניט קיין באַגריף פון די אכזריות׳ן וואָס די דייטשן און זייערע מיט־רוצחים זיינען באַגאַנגען קעגן אונז!! לאָזט זיך ניט איינשמועסן, אַז עס איז ניט געווען אַזוי שרעקלעך! איך אָבער און די וואָס האָבן ווי איך דורכגעמאַכט דעם ליידנוועג, אָנהויבנדיק פון דראָהיטשינער געטאָ און דאַן ביי די פאַרטיזאַנער און אין דער אַרמיי, וועלכע האָבן דעם גרויסן יידישן חורבן געזען מיט די אייגענע אויגן, ווייסן אַז וואָס מען דערציילט איז בלויז אַ הונדערט חלק פון דעם גרוילעכן אומקום פון אונזערע מיליאָנען ברידער און שוועסטער! עס איז געווען שוידערלעך! עס איז נישט צום באַשרייבן!!

וואָס צערעמאָניעוועט מען זיך אַזוי מיט די דייטשע באַנדיטן, מיט די גערינג׳ס, די ריבענטראָפּ׳ס, די ראָזענבערג׳ס?! זיי האָבן מיליאָנען אומגעבראַכט! מען באַגייט זיך מיט די מענטשן־פרעסער צו „דזשענטעלמעניש". זאָל מען משפטן די פאַרברעכער! אלע דייטשן זיינען פאַרברעכער. ניטאָ ביי זיי קיין אומשולדיקע! על פי דין דאַרפן מיר דורכפירן דעם „מחה תמחה את זכר עמלק" אויפן גאַנצן דייטשן פאָלק!!



פון לינקס: יוסף, שיינע פעלדמאַן, איטשע מישאָווסקי, לעווין, אסתר מישאָווסקי, וועלוול מישאָווסקי (אונטן), אונגערמאַן א.א.

# אויפגעריסן בריקן מיט דינאַמיט

דערציילט פון באַשקע פיאַלקאָוו

גערדוקט אין „אַמעריקאַנער“, 22טן נאָוועמבער, 1946

פון גדליה קאַפּלאַן

אין אַ שיינעם טאָג, אין חודש יוני, 1941, האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אַ פינצטערער וואָלקן איבער אונדזער שטאָט. די מערדער זיינען אָנגעקומען. דער ערשטער באַפעל זייערער איז געווען, אַז יעדער ייד מוז אָנטאָן די געלע לאַטע, אַלס שאַנד־צייכן.

באַלד נאָכדעם האָבן די דייטשן אַרויסגעגעבן די שווערע גזרה, אַז די יידישע דראָהיטשינער באַפעלקערונג מוז, אין פאַרלויף פון דריי טעג, ברייגען צו דער בלוטיקער מאַכט 7 קילאָ גאָלד. זיי האָבן גענומען אַלס ערוב דעם אַלטן, גרייז־גראָען געלערנטן הרב אייזיק קאַלענקאָוויטש, און געוואָרנט, אַז אויב אין פאַרלויף פון דער באַשטימטער צייט וועט מען ניט ברייגען די 7 קילאָ גאָלד, וועט דער רב געהאַנגען ווערן אין מיטן מאַרק.

עס איז געוואָרן אַ יללה. יעדער האָט געבראַכט אין דעם יודען־ראַט צירונג, פינגערלעך, זייגערס און אַרויסגע־ריסענע גאָלדענע ציינער, אָבער ליידער האָט נאָך געפעלט צו דער וואָג אַ האַלבער קילאָ. די יידן האָבן געוויינט און גע־קלאָגט, געלאָפן אין שול, געזאָגט תהלים און געבעטן אַז גאָט זאָל העלפן, דער רב זאָל נישט געהאַנגען ווערן. די מערדער



באָבטשע יאַנאָווסקי און מוטער האַנעלע אַלבערמאַן, הי״ד!



מילנער, משה מענדל, אומגעקומען, הי״ד! און חוה־פערל, ע״ה

האָבן שוין דערווייל געבויט אַ תליה אין מיטן מאַרק, און מאָרגן האָט שוין געזאָלט אויסגעפירט ווערן דער „אַקט“ פון דער ביטערער גזרה.

פּלוצלונג, אין מיטן דער נאַכט, איז געקומען דער רו־סישער גלח פּאַלעווסקי, האָט אַראָפּגענומען פון זיך זיינע גאָלדענע צלמים, און געגעבן די יידן.

אויף מאָרגן האָבן זיי, מיט שרעק, געבראַכט די פולע סומע גאָלד און דער רב איז באַפרייט געוואָרן. אַלע זיינע געווען איבערראַשט פון פרייד וואָס אַ קריסט האָט געהאָלפן ראַטעווען דאָס לעבן פון אונדזער רב, וואָס איז געווען גרייט זיך מקריב צו זיין פאַר דער שטאָט, וואָס ער האָט אַזוי ליב געהאַט. אָבער ליידער האָט די פרייד ניט לאַנג אָנגעהאַלטן.

אין אַ שבת אינדערפרי, האָט מען אַרויסגעטריבן פון געטאָ ב׳ אַלע יידן, יונג און אַלט, און זיי אַוועקגעפירט קיין בראָנע גורע און דאָרטן אַלעמען אומגעבראַכט.

אין עטלעכע חדשים אַרום, אָקטאָבער דעם 15טן, 1942, איז די צווייטע געטאָ אַרויסגעפירט געוואָרן צו דער היגריכ־טונג. די דייטשן האָבן זיי צוגעפירט צו די לאַנגע גריבער, וואָס יידן פון געטאָ א׳ האָבן אויסגעגראָבן... (יעדן פרימאָרגן זיינען אַוועק אַרבעטער און פאַרנאַכט האָבן די דייטשן צע־שאָסן די גרעבער...) די דייטשן האָבן יעדן איינעם געהייסן זיך אויסטאָן נאַקעט, און יעדער איינער האָט געדאַרפט צעלייגן זיינע קליידער באַזונדער: די שיך, די העמדער, וועלכע די מערדער האָבן דאָס אָפּגעשיקט אין אַ באַזונדער פּלאַץ, און נאָכדעם האָבן די רוצחים זיי באַהאָגלט מיט קוילן פון זייערע מאַשין־ביקסן און זיי אַריינגעוואָרפן אין די גריבער... בערך אַ 3000 יידן זיינען דאַן אויסגע׳הרג׳עט געוואָרן. דערנאָך האָבן די מערדער אָנגעקלאַפּט אַ ברעט און אָנגעשריבן מיט גרויסע ווערטער: „דראָהיטשין איז יודענריין“.

איך בין דאַן געווען אין אַ דערבייאיק שטעטל וואָס

רופט זיך סערניק, ניט ווייט פון פינסק. דאָרטן זיינען מיר געפייניקט געוואָרן דורך די זעלבע מערדער. זיי האָבן אונדז געפירט צו די גריבער פון טויט.

דאָס איז געווען פאַרטאָג, איך מיט מיין פאַמיליע זיינען על פי נס געראַטעוועט געוואָרן דורך אַ באַקאַנטן פּאָליציאַנט, אַ קריסט, וועלכער האָט אונדז געהייסן אַנטלויפן. איך מיט מיין מאַן און קינדער זיינען געלאָפן צווישן קוסטעס, קליינע בוימלעך. די רוצחים האָבן אויף אונז געשאָסן און גע׳הרג׳עט מיין מאַן און טעכטערל. איך מיט מיינע צוויי אַנדערע קינדער זיינען געלעגן אין אַ בלאָטע איבערנאַכט. ווען עס איז טאָג געוואָרן, האָב איך מיט מיינע קינדער זיך דערשלאָגן צו אַ קליין פאַרלאָזט הייזקע, אָבער מיר האָבן מורא געהאַט בייטאָג אַרויסצוגיין בעטן אַ שטיקל ברויט. ביינאַכט האָב איך אָנגעקלאַפּט אין אַ הויז, ווו איך האָב געקענט די פּויערים. זיי האָבן ניט געוואָלט עפענען די טיר. די פויערטע האָט מיר דערזען און זיך איבערגעצלמט זאָגנדיק:

— פיאַלקאָוו, מען האָט דיך דאָך נעכטן דערשאָסן, גיי אין דיין רו אַריין!

איך האָב געוויינט און איר געזאָגט, אַז איך לעב, ראַטעווע מיך פון הונגער. זי האָט מיר אַרויסגעוואָרפן אַ לאַבן ברויט און מיר האָבן געשטילט אונדזער הונגער. מיר זיינען דערנאָך געגאַנגען אַ גאַנצע נאַכט דורך אַ וואַלד און אַריין אין די פינסקער בלאָטעס, ווו מיר זיינען געווען זיכער פון די מערדער, אָבער אין געפאַר פון הונגער און קעלט. מיר האָבן אויך ניט געהאַט קיין וואַסער צו טרינקען. מיר האָבן זיך געשפייזט מיט די רויטע קרעמבעריס, וואָס זיינען דאָרט געוואָקסן, דאָס איז געווען אונדזער „מן“. נאָך וואָכן פון פיין, האָבן מיר זיך דערשלאָגן צו דער סאָוויעטישער אָפּטיילונג פון די פאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן אונדז געראַטעוועט פון טויט.

ווי שוואַך איך בין געווען, האָט זיך אָבער אין מיר געפונען אַ פאַרבאָרגענע קראַפט. איך און מיינע קינדער האָבן גענומען ביקסן אויף זיך און געהאָלפן פאַרניכטן די פאָזיציעס פון שונא. איך האָב קעמפעריש אונטערגעלייגט דינאַמיט אונטער די בריקן, ווו די מערדער האָבן געדאַרפט דורכגיין, אָדער דורכפירן שפייז פון די דערפער, ביז איך האָב זיך מיט מיינע קינדער דערשלאָגן צו דער רויטער אַרמיי און געקומען צו מיין געבורט־שטאָט דראָהיטשין (פאָלעסקי). איך האָב דאָרטן געטראָפן עטלעכע לעבנגעבליבענע יידן, ווייטער איז אַלץ דאָרט חרוב ומוחרב. איך האָב דאָרט געזען לאַנגע ברידער־קברים. מיין האַרץ איז ווי פאַרשטיינערט געוואָרן און איך האָב זיך געצאַפּלט פון פיין. איך האָב ניט געקענט קוקן אין די אויגן פון די פויערים, וועלכע האָבן צוגענומען די קליידער פון מיינע ברידער און פריינט. איך האָב שוין מער ניט געקענט לעבן אין דער פאַרסמטער סביבה פון חורבות און קברים, און בין אַוועק אין דער נאָענטסטער שטעטל כאָמסק. דאָרטן האָב איך אויך קיינעם ניט געפונען. די פויערים וווינען אין די יידישע הייזער אומגעשטערט. די כאָמסקער יידן האָט מען פאַרברענט אין דער אַלטער שול, וואָס פון איר זיינען פאַרבליבן נאָר 4 גרויסע ווענט. די גרויזאַמע דייטשן האָבן אַלעמען פאַרניכטעט, ביז דעם לעצטן יידן...

אין דראָהיטשין האָבן זיך אויסבאַהאַלטן 4 יידן, האָבן די גויים זיי איבערגעגעבן צו די דייטשע בעסטיעס, וועלכע האָבן די יידן אינמיטן מאַרק געבונדן הענט און פיס און פּאָליציי־הינט האָבן זיי צעריסן אויף שטיקער, גליד ביי גליד...

[אַלטער גאָלדבערג (סאָכער), משה פערקאָוויצקי א.א., זאָגט מען, זיינען צעריסן געוואָרן פון דייטשישע הינט... — וו.]



שטייען פון רעכטס: די שוועסטער אסתר, טילע און רחל ראָסאָראָווסקי פון קרעמנע. זיצן פון רעכטס: ראובן בורשטיין, אליה נח ראָס, ראָזע גאָלדשטיין פון אָזיטש און גדליה קאַפלאַן אין 1921. אסתר (מאָרגאַן) טילע (קאָפּעל) און קאַפלאַן, נאַטירלעך, געפינען זיך אין ניו־יאָרק. די איבעריקע זיינען אומגעקומען, הי״ד! רחל איז געווען די פרוי פון חיים קאָברינסקי. זען יאָרצייט אויף זייט 355, ווי אויך בילד אויף זייט 280.

# געקעמפֿט אין דער רויטער אַרמיי

פֿון **שמעון לעוו** (ישראל)

אַ בריוו צו גדליה קאַפּלאַן, מערץ, 1947

איך בין געראַטעוועט געוואָרן פֿון די דייטשע אכזרים, וואָס האָבן געבראַכט דעם גרויסן אומגליק אויף אונדזער יידיש פֿאָלק. דער ביטערער שיקזאַל האָט אויך געטראָפֿן אונדזער שטאָט דראָהיטשין (פּאָלעסיע). ווען די דייטשן זיינען אַריין אין אונדזער שטאָט, זיינען מיר אָפּגעריסן געוואָרן פֿון דער גאַנצער וועלט און פֿאַרטריבן געוואָרן אין דער פֿינצטערער געטאָ, אויף דעם „וויאָן" ביי דעם ווינט־מיל. מיר זיינען געווען פֿאַרשלאָסן ווי אַרעסטאַנטן, אָן קיין שום מיטלען צום לעבן און אָן מעדיצינישער הילף. דער פּינסקער פעלדשער, אהרן לאַסאָווסקי, איז געווען מיט אונדז און געהאָלפֿן מיט וואָס נאָר ער האָט געקענט. דער יאוש איז געוואַקסן פֿון טאָג צו טאָג. 15 מענטשן אין איין שלאָפֿצימער, האָט מען זיך געשטיקט אַלע צוזאַמען. עס זיינען אויסגעבראָכן פֿאַרשיידענע קראַנקייטן. אַ סך מענטשן זיינען געשוואָלן געוואָרן און אויסגעגאַנגען פֿון הונגער.

אין אַ שבת, דעם 25טן יולי, 1942, האָט מען די שוואַכע און קראַנקע און די יונגע קליינע קינדער אַוועקגעפֿירט צו דער שחיטה קיין בראָנע גורע (קאַרטוז־בערעזע) צו די וואַפּנע גרובן. זיי האָבן געוווּסט וווּהין מען האָט זיי געפֿירט, ביי זיי איז אָבער געווען ליבער דער טויט איידער די ליידן און פּיינונגען. די דייטשע רוצחים האָבן די יידן צעריסן און צעשאָסן מיט מאַשין־ביקסן און מיט מינעס. די קליינע קינדער האָט מען געוואָרפֿן אין די גריבער לעבעדיקערהייט.

באַשרייבן אַלעס, איז ניט אין מיין מעגלעכקייט. די הימלהאַרצרייסנדע געשרייען האָבן פֿאַרהילכט דעם אַרום און זיינען דערגאַנגען עד לב השמים. מאַמעס האָבן געוויינט זעענדיק ווי זייערע קינדער ווערן דערשאָסן פֿאַר זייערע אויגן. די טאַטעס האָבן געשריען „שמע ישראל".

דאָס איז געווען, ווי געזאָגט, שבת נחמו, 1942. אַ האַלבע שטאָט איז דאַן אויסגע׳הרג׳עט געוואָרן. די צווייטע האַלבע שטאָט, די „שטאַרקע", האָבן נאָך געליטן ביז דעם 15טן אָקטאָבער, 1942.

איך בין אויך געווען צווישן די אַרויסגעפֿירטע געטאָ־ב׳ יידן קיין בראָנע גורע. מיר איז אָבער געלונגען אַראָפּצושפּרינגען פֿון וואָגן אין געדיכטן וואַלד. די דייטשן האָבן אויף מיר געשאָסן און מיר פֿאַרוואונדעט אין מיין רעכטער האַנט. אָבער מיר איז באַשערט געווען, אַז איך זאָל בלייבן לעבן. איך האָב זיך דורך דעם געדיכטן וואַלד דערשלאָגן צו די פּאַרטיזאַנער און בין געראַטעוועט געוואָרן פֿון טויט.

איך האָב זיך אָנגעשלאָסן אין דער רויטער אַרמיי און געקעמפֿט די גאַנצע צייט. דריי מאָל בין איך פֿאַרווונדעט געוואָרן, אָבער מיר האָבן די דייטשישע באַנדיטן געבלוטיקט ווייס און גענומען אין זיי געשמאַקע נקמה...

אין 1945 האָב איך זיך דערשלאָגן צו מיין געבורטשטאָט און ליידער, ליידער, האָב איך דאָרטן שוין קיינעם ניט געפֿונען. פֿון 4500 יידן, מיין גרויסע משפּחה איינגעשלאָסן, איז קיינער ניט געבליבן. איך האָב דערזען ווי אַלע פּויערים פֿון סטאַראָסילע האָבן פֿאַרנומען די יידישע הייזער, באַלעבאַטעווען דאָרט און פֿרייען זיך מיט אונדזער בראָך. איך האָב זיך געשעמט וויזן אין גאַס. די קריסטן פרעגן מיר: וואָס טוסטו דאָ? פֿון וואַנען ביזטו געקומען, פֿון יענער וועלט?

איך האָב אין דער סביבה ניט געקענט לאַנג בלייבן, ווייל די בערג מיט קברים האָבן מיר געלעכערט מיין האַרץ. איך האָב ניט געקענט שלאָפֿן קיין נעכט. עס האָט זיך מיר געדוכט, אַז איך הער קולות פון די לאַנגע גריבער, ווו מיינע טאַטע־מאַמע, ברידער און שוועסטער ליגן. די זייטיקע געסלעך זיינען אויסגעפּלאַסטערט געוואָרן מיט די מצבות פֿון נייעם בית־עולם. מיט אַ פֿאַרקלעמט האַרץ האָב איך געשוואָרן אַ הייליקע שבועה צו פֿאַרלאָזן דראָהיטשין און געפֿינען אַהיים אין ארץ ישראל. ווי דער וועג זאָל ניט זיין שווער וועל איך זיך אַהין דערשלאָגן. אין מיין שטאָט איז ניטאָ קיין אָרט פֿאַר מיר, אויסגעמעקט געוואָרן יעדער שפּור פֿון לעבן. דער יידישער ישוב פֿון מיין שטאָט, מיט אַזוי פֿיל שיינע יידישע טראַדיציעס, ווו די שטיינער און ווענט זיינען געווען אָנגעזאַפּט מיט יידישקייט און תורה, איז אויסגעריסן געוואָרן מיט דעם וואָרצל. יעדער צייכן איז אָפּגעווישט. איך האָב נישט קיין ווערטער צו באַשרייבן די „מגילת־אש" פֿון מיין שטאָט דראָהיטשין.

איך האָב מיין לעצטן בליק געוואָרפֿן אויף די דראָהיטשינער גאַסן און געזאָגט „אַדיע אויף אייביק", און זיך דערשלאָגן צו אַ לאַגער אין פראַנקפורט.

איך בין געזעסן אין אַ פינצטערן לאַגער עטלעכע חדשים און מיט ביטערניש אָנגעקוקט דאָס אויסגעפרעסן מערדערפֿאָלק, וואָס האָט דער׳הרג׳עט מיינע טאַטע־מאַמע. איך האָב ניט געקענט אָטעמען די פֿאַרשטיקטע לופֿט פֿון דעם בלוטיקן לאַנד וואָס רופֿט זיך „דייטשלאַנד" און איך בין מיט מיין פֿרוי אַוועק פֿון דאָרטן צופֿוס. מיר זיינען דורך גרויסע בערג געגאַנגען דעם לאַנגן וועג ביז מיר האָבן זיך דערשלאָגן קיין איטאַליע, צו דער שיף, וואָס וועט אונז פירן קיין ארץ ישראל.

---

אין אייביקן אָנדענק פון אונדזערע אומפֿאַרגעסלעכע
שוועסטער און שוואָגער
**רחל** (42) **און חיים** (44) **קאָברינסקי**
זייערע קינדער
**מרדכי** (18) **און חיה־ביילע** (9)
שוועסטער
**בת־שבע** (45)
**אַלע אומגעקומען, הי"ד!**
אסתר מאָרגאַן (אסינינג, ניו־יאָרק)
און טילע קאַפּעל (ניו־יאָרק)

זען בילד אויף זייט 354





אין אייביקן אָנדענק פון אונדזער מוטער **באַשע** (אויבן, לינקס) און שוועסטער **לאה מאַזורסקי**, ביידע אומגעקומען, הי״ד!

די מאַזורסקי־קינדער: וועלוול (ניו־יאָרק), אברהם, דוד (אַרגענטינע) און פעלטע (ארץ־ישראל).

לזכרון עולם: אונדזערע עלטערן **ר׳ זושע** און **חיה־פריידע וואַרשאַווסקי**, ע״ה. די מוטער (רעכטס) געשטאָרבן י״ב אדר־א׳, 1943, אין סיביר. דער פאָטער — י״ז תמוז, תשט״ז, 1956, אין ארץ־ישראל. זען זייט 208.

וואַרשאַווסקי־קינדער: רחל מאַזורסקי (ניו־יאָרק), מרדכי, בערל (ארץ־ישראל), זלאַטע־מרים וואַרשאַווסקי (קאַנאַדע).

אין אייביקן אָנדענק פון אונדזערע און אַלעמענס
פריינט
**משה און באַדיע שטיינבערג**
**(אַפּטייקער)**
זייערע קינדער
**אסתר און כלאַווניע**
**אַלע אומגעקומען, הי״ד!**
ישעיה און זלאַטע־מרים וואַרשאַווסקי (קאַנאַדע)

# דראָהיטשין פאַרנומען פון די רוסן

## יולי 17, 1944

קומען צו דער קורזאן ליניע ביי ביאליסטאק און ברעסט־ליטאווסק. — דאס איז די ליניע וואס רוסלאנד האלט פאר איהר אמת'ער גרעניץ מיט פוילען — געווינט פרישע 16 מייל אויפ'ן וועג צו בערלין — דייטשען זאגען ווייטער, אז רוסען אטאקירען מיט מאסען כחות אויפ'ן וועג צו לעמבערג. — פאניק באפאלט אים די באפעלקערונג פון מזרח־פרייסען

לאנדאן, מאנטאג — די רויטע ארמיי האט זיך פארנומען אויף בריסק און ביאליסטאק און אין א געווינס פון זעכצעהן מייל דערגרייכט די אזוי־גערופענע קורזאן־ליניע, וועלכע דארף, לויט רוסלאנד'ס פארלאנג, אפטיילען פוילען פון רוסלאנד.

די רוסען האבען זיך אויך א רוק געטאן אין דער ריכטונג פון לאטוויע און זיינען צוגעקומען ביז אכצעהאלבען מייל נאר פון איהרע מזרח־גרעניצען, נעמענדיג סטאלבאווא.

די פינף רוסישע ארמייען, וועלכע געהען אויף אסט־פרייסען און לאטוויע, האבען נעכטען גענומען פרישע 410 שטעט און שטעטלאך. דריי הונדערט פון די פונקטען זיינען באפרייט געווארען אויפ'ן וועג צו ביאליסטאק און ברעסט־ליטאווסק. די צוויי נאצי־באהערשטע פעסטונגען, וואס דארפען עס פארשטעלען דער רויטער ארמיי דעם וועג צו ווארשע און דעם פוילישען פלאכלאנד.

אין דער ריכטונג צו ביאליסטאק האבען די רוסען גענומען די שטאט וויסלאטש, צעהן מייל פון זייערע פריהערדיגע פאזיציעס. און די ארמיי, וואס געהט אויף בריסק, האט גענומען שטשערבאויא, 39 מייל נארדאיסט פון דער שטאדט. אנדערע שטעטלאך, וואס זיינען באפרייט געווארען, זיינען שישעווו, 37 מייל נארדאיסט פון בריסק; פרוזשאני, 45 מייל נארדאיסט, און דראהיטשין, 60 מייל מזרח פון בריסק. דא האבען די רוסען דערגרייכט א געווינס פון זעכצעהן מייל דורכ'ן טאג.

### האלטען ביי קאוונא

באריכטען פון פראנט זאגען, אז די רוסען זיינען צוגעקומען נאהענט גענוג פון קאוונא צו קענען עפענען א קאנאנען פייער אויף דער שטאט. מיט א טאג צוריק זיינען זיי געווען א עלף מייל פון קאוונא.

צווישען קאוונא און ביאליסטאק האבען די רוסען פארנעסעט זייער צהאלט אויף דער מערב־זייט פון ניעמאן, וואו זיי זיינען נאר צוויי מייל פון דעם סואיאלקער דרייעק, וואס היטלער האט אינקארפארירט אין מזרח־פרייסען. רעכענענדיג אלט פרייסען, זיינען די רוסען נאר אין 39 מייל פון דייטשער טעריטאריע.

איבער צייאנציג שטעטלאך זיינען

(פארטזעצונג אויפ'ן צווייטען פיידזש)




בילד רעכטס: שמעון און חנה פון הארבאַכע, זייערע קינדער און אייניקלעך, אַלע אומגעקומען, הי״ד! בילד גענומען אין האַרבאַכע. בילד לינקס, פון לינקס: הערשל שמיד, — אסתר־לאה לעוו, באַבצע און שרה סלאָנימסקי (אויבן). אַחוץ שרה׳ן, הי״ד!

# DROHICHYN LIBERATED

**JULY 17, 1944**

London. July 17.—Red Army forces, driving westward toward the twin German bastions of Bialystok and Brest-Litovsk, reached the Curzon Line today.

Other Soviet troops to the north pushed within a half mile of the Latvian border and widened their Niemen River bridgeheads for a direct attack into German-delineated East Prussia.

Stockholm reports said Soviet parachutists were descending in East Prussia and taht the Germans had ordered the eastern half of that province evacuated.

**Gains Reach 16 Miles.**

The five Soviet armies driving toward East Prussia and Warsaw scored maximum gains of 16 miles and liberated more than 410 localities today.

To the south Berlin reported a mighty Red offensive in south-eastern Poland ha dcarried within 35 miles of the great rail junction and fortress city of Lwow.

There still was no indication from Moscow that the Russians had driven into the Suwalki triangle of East Prussia which Germany annexed from Poland in 1939. But Moscow dispatches said the Russians were fighting in the "immediate neighborhood" of the border and Stockholm reported a wave of panic was sweeping taht breding ground of the German junkers military clan.

**Drive for Bialystok.**

The Curzon line was reached by a Russian column driving toward Bialystok, 78 miles north of Brest-Litovsk. That force took Velikaya Berestovitsa 35 miles east of Bialystok and on the Curzon Line which Russia has suggested serve as the basis for settling the Soviet-Polish border problem. The line was suggested by a commission headed by the Briton, Lord Curzon, as the Russo-Polish border after the last war but never was adopted.

The Russians took more than 300 towns in their double drives toward Brest-Litovsk and Bialystok, which form the main German defense wall guarding the entrance to the Polish plains and Warsaw.

One force descending on Bialystok captured Svislogh in a 10-mile gain. The other, pressing toward Brest-Litovsk from several directions, reached the closest to that city at the town of Shcherbovo, 30 miles northeast. Other towns captured were Shreshev, 37 miles northeast of Brest-Litovsk; Pruzhany, 45 miles northeast, and Drogichin, 60 miles east which was taken in a 16-mile spurt along the Moscow-Warsaw railroad.

North of Bialystok the Russians closed in on the old Lithuanian capital of Kaunas and front reports said Soviet artillery had begun shelling the Germans in that stronghold. Between Kaunas and Bialystok, the Moscow war bulletin said, the Russians widened their bridgeheads on the west bank of the Niemen River where they are two miles from the Suwalki triangle and 39 miles from pre-war East Prussia.

At the northern end of the 500-4mile front curving down from east of Latvia to the Pripet marshes the Russians overran the rail junction of Sebezh, on the Moscow-Riga line 10 miles from Latvia. North of Sebezh they took Stolbovo, half a mile from the Latvian border.



ר׳ אייזיק און חאַשע וולאַדאַווסקי, ע״ה. לינקס: אַ שכן, לייזער

אין אייביקן אָנדענק פון אונדזערע טייערע
עלטערן
**אייזיק ב״ר שמואל ע״ה, חאַשע וולאַדאַווסקי הי״ד**
ברידער
**דוד וולאַדאַווסקי און פאַמיליע הי״ד**
**מאיר וולאַדאַווסקי און פאַמיליע הי״ד**
שוועסטער
**רייזל גרושעווסקי און פאַמיליע הי״ד**
**היתדע און פאַמיליע הי״ד**
**רחל און פאַמיליע הי״ד**
**לאַנע און לייזער לעוו ע״ה**
**יהודית נאָוויק ע״ה**
שוועסטערס קינדער
**יוזף און לאה לעוו און קינדער משה, לייזער הי״ד**
**טויבע לאה, מאַן משה און קינדער הי״ד**
מוטער **טויבע לאה** בת ר׳ משה ע״ה — **כ״ב טבת**

אין טרויער: מלכה וואַרשאַווסקי, חיה גאָלדמאַן, חאַשע בירענבוים, פייגל קאָהן (שיקאַגע), יאָשקע און יודל וולאַדאַווסקי (קובאַ).



פון לינקס: זיידל שטיינבערג, בערל קאָזאַק (מיט דער באָרד), זכריה קאַפּלאַן שינדער, קאָזאַק (יינגל), ע״ה, און שטיינבערג (לעבט), לעם בערל קאָזאַק׳ס הויז



יעקב מישאָווסקי, אומגעקומען, הי״ד!

# די רויטע אַרמיי אין דראָהיטשין

פון **יואל סלאָנים**

עס האָט אין מיין האַרץ זיך געגעבן אַ רויש אַזאַ פרייד,
ס'האָבן אָנגעהייבן זינגען ביי מיר מיינע רייד,
ווען איך האָב געלייענט: „די רויטע אַרמיי
איז שוין אין דראָהיטשין אַריין...״
כ'האָב געקוקט אויף די ווערטער און ווידער געלייענט,
פאַרטיפט זיך — און ווידער די ווערטער געלייענט,
און עפּעס דערהערט האָב איך פריילעכע מעשיות,
געזען האָב איך זקנים מיט גליקלעכע בליקן,
די אַקסלען געגלייכטע, טריט שטאָלצע, באַשטראַלטע.
פאַרגעסן די טעג ווען דער פיינט האָט געהויערט,
די טעג, ווען דראָהיטשין אין שרעק האָט געטרויערט,
חדשים, די פינצטערע, אַלטע.

געזען האָב איך קינדער מיט קול'כלעך צעשפּילטע,
זיך פליגלען אין גאַס; יונגע פּאָרלעך געהילטע
אין שמייכעלס; און יידן געמיטלעך שפּאַצירן
אָן שרעק פאַר די פּריצישע הינט; און עס פירן
די וועגן אָט גלייך, אָט געדרייט, צו די סעדער
מיט עפּל און בארן, צו פעלדער מיט קאָרן.
און עס קלינגען אין לופטן טיף-רוסישע „פּעסניעס״,
און בענקנדיק-האַרציקע יידישע ניגונים,
און הייסע ראָמאַנסן ווי גליענדע בלומען — — — —
אוי, יאָרן, איר יאָרן, איר יינגל'שע יאָרן,
ווען איך בין געקומען קיין דראָהיטשין צופאָרן
פון ניו יאָרקער גאַסן, מיט טרוימען באַנומען.
איז דאָס, וואָס איך זע איצט, אילוזיע און שווינדן
וועט אַלץ און פאַרשווינדן אַזוי ווי די ווינטן,
צי איז דאָס די וואָר און עס וועלן זיך צינדן
פאַר'כשופ'טע שטראַלן דורך גליקלעכע טרערן,
דאָס ווייטע, פאַרפרעמדטע, וועט נאָענט נאָך ווערן?

לייען איך ווידער די ליכטיקע ווערטער:
„די רויטע אַרמיי איז אין דראָהיטשין אַריין...״
און פּלוצלינג פאַרגעס איך מחלוקות, דעבאַטן:
איז ענגלאַנד צי רוסלאַנד גערעכט אין דעם קריג?
איך גלויב נאָר און וויל אַלץ מער גלויבן, אַז די רויטע
אַרמיי וועט נאָך יובלען ענטגילטיק איר זיג,
און היטלער אַליין מיט זיין שטאָלענער מאַכט
וועט ליגן צעשמעטערט, וועט ליגן צעקראַכט.
נאָר באַלד פאַלן ווידער אין האַרץ ביי מיר שטיינער,
און ספקות ווי שפּיזן, איך קרייץ מיינע ציינער,
ניטאָ קיין ישועה. ווי קאָן מען איצט האָפן?
דאָס ליכטיקע גלויבן ווערט פינצטער אַנטלאָפן.
אין רויך פון פיין-סענטימענטן און פּראַקטיקער לאָגיק
ווער איך משוגע. כ'וויל אַוועק אין דער הויך,
צום בלוי וואָס איז לויטער, צום גראָז וואָס איז זוניק,















אהרן־שמואל און ביילע גאָלדמאַן און אייניקלעך (אויבן), קינדער פון זייער טאָכטער פּעסל און דוד עפּשטיין. 2טע שורה, פון רעכטס: פּעסל און מרים. 3טע שורה: פּעסל'ס יינגעלע (רעכטס) און מרים'ס מיידעלע. 4טע שורה: אסתר און יאָסל (געשטאָרבן אין דער פּוילישער אַרמיי). אהרן־שמואל איז געשטאָרבן ט' חשון, 1941. איבעריקע, אַלע אומגעקומען, הי״ד!

צו ריזיקע בערג, אַ צעפליגלטער אָדלער,
צום ענדלאָזן רוים אין דורכזיכטיקן שיין,
נאָר פלוצלינג דערהער איך אַ שאַל פון טרומפייטן:
„די רויטע אַרמיי איז אין דראָהיטשין אַריין".

און ביטול'דיקע ווערטער גליען אויף, ווערן גלויביק,
און לויטער ווערט אַלץ, וואָס געווען איז שטויביק.
כ'זע יאַנאָווע, בערעזע און כאָמסק און קאָברין,
די שטיבעלעך פון שטרוי און די שטיבעלעך פון ליים,
מיין זיידנ'ס, מיין באָבעס, מיין טאַטנ'ס היים,
און ס'דאַכט מיר מיין זיידע איז פון קבר אַרויס
מיט זיין ליולקע פאַרדרייט אין זיין ווייסער באָרד,
און ס'דאַכט מיר מיין באָבע אין אַטלעסענעם קלייד
זי שטייט לעבן אים ווי פאַר'כשופ'ט צום אָרט.
און דער רב אין אַ קיטל, מיט ברכות'דיקע הענט,
באָרד־פּאות התלהבות'דיק, די אויגן צעברענט,
די רעבעצין, אַ לויטערע, מיט זיבעטן חן,
זי רייסט זיך אין תכריכים אַ מצוה־טענצל גיין.
איך זע אין פאַנטאַזיע אויף „אונטער דעם לינדען"
דעם מאַרש פון דער רויטער אַרמיי. איך פאַרנעם
די קדושים, די קעמפער, מיט פלאַטערנדע פאָנען,
וואָס זיינען געגאַנגען אויף קדוש השם,
דראָהיטשין — בערלין. עס צעגייען די וואָלקנ'ס,
עס באַווייזט זיך אַ שיין —
„די רויטע אַרמיי איז אין דראָהיטשין אַריין . . . "

איז דאָס, וואָס איך זע איצט, אילוזיע און שווינדן
וועט אַלץ און פאַרשווינדן אַזוי ווי די ווינטן,
צי איז דאָס די וואָר און עס וועלן זיך צינדן
פונקען פון האָפענונג, מיט אייגענע זיך צו פאַרבינדן...

גערדרוקט אין „טאָג", ניו־יאָרק, 1944. זען זייט 283.

•

[מיר אַלע האָבן זיינער צייט געפילט אַזוי ווי יואל סלאָנים. אָבער, ליידער, ביים אַריינמאַרש פון דער רויטער אַרמיי קיין דראָהיטשין, האָבן בלויז דער „רב אין קיטל", „די רביצין אין תכריכים" און טויזנטער קדושים געווײנט אין די גאַסן... וו.]









**אין אייביקן אָנדענק פון אונדזערע ליבע עלטערן און ברידער**

אהרן ב"ר ישראל, סירקע (בת ר' משה גאָלדמאַן) לעוו (אויבן) און זין יעקב (רעכטס) און אברהם, ע"ה. די לעוו'ס האָבן גע־הייראַט 1899. ר' אהרן איז געשטאָרבן י"א אדר, 1928 אין דראָהיטשין. סירקע, יעקב, אברהם זיינען אומגעקומען, הי"ד!

**קרובים:**

חיים משה לייזער'ס און שרה עפשטיין און קינדער: איידל, בערל, חייטשע, איר מאַן בערל און קינד, אומגעקומען, הי"ד!
יצחק און שרה עפשטיין (טשעראָמכער) און קינדער, אַלע אומ־געקומען, הי"ד!

די לעוו־קינדער: לייזער, מרדכי, חאַמקע קאָהן (שיקאַגאָ), שעפסל און יצחק (חיפה).









כלאַוונע און לייטשע פיסעצקי און קינדער ישראל־דוד און שמואל־יודל (לינקס), אַלע אומגעקומען, הי"ד!

# שארית הפליטה פון דראָהיטשין

## פאַרשיקט קיין רוסלאַנד און אַזוי אַרום געבליבן לעבן

צו ר׳ יהודה דוד גאָרדמאן איז אנגעקומען א לעטער פון זיין שוואגער שלמה גאָלדמאן, פון רייפהיים, דייטשלאנד, דאטירט אויגוסט דעם 10טען, אין וועלכען ער שרייבט אז א פארזאמלונג פון די שארית הפליטה פון דראָהיטשין פאלעסקי און אומגעגענד איז אפגעהאלטען געוואָרען. י״א מנחם אב, דער טאָג פון יאָהרצייט ווען די ליעבע און טייערע אין געטאָ ב׳ זיינען אומגעקומען דורך די תליונים אין 1942. די אין געטאָ א׳ זיינען אומגעקומען דעם 15טען אקטאבער 1942, צוזאמען דריי טויזנט אידישע קדושים.

נאָכדעם ווי עס איז געזאָגט געוואָרען קאפיטעל ע״ט פון תהילים און א הזכרה איז געמאכט געוואָרען ביי חזן יוסף קאפלאן און שמואל אפעלבוים, וועלכער האָט אריין איבערגעגעבען די גרויזאמע טעג אין געטאָ פון דראָהיטשין, האָט איבערגעגעבען אלע איינצעלהייטען פון די איבערלעבונגען און ענויים, איז איינשטימיג באשלאָסען געוואָרען צו שטעלען זיך אין פארבינדונג מיט די לאנדסלייט אין אמעריקע און צו בעטען זיי אויפצושטעלען אין ארץ ישראל וואו אלע וועלען עולה זיין, א בנין וועלכע זאָל זיך רופען „בית הדראָהיטשינאים״, וואו יעדער דראָהיטשינער, באזוכער און פון אומגעגענט עולה, זאָל קענען זיך אפרוהען דאָרט ביז ער וועט קריגען ארבייט און א דירה.

א קאָמיטע באשטעהענד פון שלמה גאָלדמאן, הערש גרינבערג פון רייפהיים, שמואל עפעלבוים, פון מינכען און שעפסיל ווארשאווסקי, פון איילבינג, איז אויסגעקליבען געוואָרען צו שטעלען זיך אין פארבינדונג מיט די לאנדסלייט פון שיקאַגאָ און פון ניו יאָרק.

די וועג דאָס דורכצופיהרען איז צו שטעלען זיך אין פארבינדונג מיט די געהעריגע ציוניסטישע אינסטיטוציעס אין אמעריקע און אין ארץ ישראל.

דאָ איז א ליסט פון די לעבענגעבליבענע דראָהיטשינער וועלכע האָבען זיך באטייליגט אויף דעם מיטינג.

די פאָלגענדע געפינען זיך אין דייטשלאנד:

שלמה גאָלדמאן, רחל גאָלדמאן, הערשעל וויינגארטען, יענטע וויינגארטען, שיינע וויינגארטען, פערל וויינגארטען, מרדכי גאָלדמאן, רעגינא גאָלדמאן, יצחק גאָלדמאן, שמואל עפעלבוים, משה גינגאלד, לאה גינגאלד, מלכה גינגאלד, העסקע גינגאלד, פריידיל גינגאלד, מאטקע גינגאלד, לעוו בעריל, צירל לעוו, אליעזער לעוו, מיכלע לעוו, מאיר גענדלער, אסתר גענדלער, חיים גענדלער, דוד גענדלער, פסח סאנדיוק זעלדע סאנדיוק, שעפסיל ווארשאווסקי, חיטשע ווארשאווסקי, אברהם ווארשאווסקי, יצחק ביסעצקי, רחל ווינאָוקער, מענדעל ווינאָוקער, שלמה ווינאָוקער, יעקב לעווין, עיקע לעווין, יוסף לעווין, ריידא פאק, איגנאץ פאק, פייגעלע פאק, אלטער מאזורסקי, סאָווע מאזורסקי, חיטשע מאזורסקי, חיים מאזורסקי, פעריטע מאזורסקי, אפרים מאזורסקי, לאה מאזורסקי, מאזורסקי, אדעלא זיסמאן, זיסמאן, זיסמאן, פנחס בידער, רחל בידער, אהרן בידער. אדיל בידער, נחום בידער, האדעס בידער, שמואל בידער, פאיע בידער, חיטשע בידער יענטע בידער.

פאָלגענדע געפינען זיך אין פוילען: אווערבאך אברהם, אווערבאך סימע, אווערבאך חיה, אווערבאך ביירע, ווארשאווסקי זישע, ווארשאווסקי בעריל, ווארשאווסקי רחל, ווארשאווסקי אברהם, ווארשאווסקי באשקע, ווארשאווסקי ישעיהו, ווארשאווסקי, זיאטע־מרים, ווארשאווסקי בריינדער, ווארשאווסקי אליהו דוד ספעוואק נחום, ספעוואק שרה, אסנע.

אין איטאליען זארעצקי שעפסיל, קראוויץ.

אין דייטשלאנד פערדמאן יהודה פון אפערע, איזענבערג לאה, איזענבערג טעדאר, באקאטשוק משה, באקאטשוק צירל, דאבראָוויצקי מאטיר, איזענשטיין נחום,

### ליסט פון כאמסקער, איצט אין דייטשלאַנד

קאן לייביל, גרינבערג הערש, גרינבערג פערטע, גרינבערג חנה, גרינבערג דוד, גרינבערג, מירעם, פאדאראווסקי מייער, פאדאראווסקי פאיע, פאדאראווסקי היה, פאדאראווסקי משה אהרן; סימאנאווסקי משה הערש, אין פוילען, סימאנאווסקי פיינע, פוירען; העריאין יצחק, און בוף דוד אין איטאליע.






אברהם און סימע אַווערבוך (אויבן) און קינדער: חוה און בעלאַ (לינקס). געווען אַרויסגעשיקט 1941 פון די סאָוועטן קיין סיביר. 1945 צוריקגעקומען, געפינט זיך היינט אין ארץ ישראל. בילד גענומען אין וראָצלאַוו, פוילן, אויגוסט, 1949. זען זייטן 187, 188 און 211

אין אייביקן אָנדענק פון אונדזערע ליבע

עלטערן

**לייבע און חיה־שרה סאַפיר און קינדער**

**אומגעקומען, הי״ד!**

אסתר און אברהם זעליג שעדראָוויצקי



רבקה ראָזענצווייג־קאַראַלינסקי, מאַן, קינד געראַטעוועט

אין אייביקן אָנדענק פון מיינע טייערע

שוועסטער און שוואָגער

**פייגע־רחל (בת ר׳ בצלאל), מאַן משה גאַרבוז**

**און 5 קינדער**

**אַלע אומגעקומען, הי״ד!**

לואיס הוירש (מיאַמי־ביטש)

# שארית הפליטה פון דראָהיטשין

## אויסבאַהאַלטן זיך אין וועלדער אַרום דראָהיטשין

אַ קליינער צעטל פון לעבן געבלי־בענע אידן אין דראָהיטשין, לע־בען פינסק, און ארומיגע שטעט־לאַך וועלכע געפינען זיך איצט אין דראָהיטשין

מען קען שרייבן צו זיי אויפן פאָלגענדען אַדרעס:

C. S. S. R. — PINSKAYA OBLAST GOROD DROGITCHIN, U. S. S. R.

דער צעטל איז ערהאַלטען געוואָרען פון:

MR. DAVID KRAVITZ
504 GRAND ST., NEW YORK, N. Y

אַדלער, אברהם, פון דראָהיטשין
אַדלער, זיסעלע, פון דראָהיטשין
אַדרעזשינסקע, יעקב, פון אַ דאָרף
גערשטענהויז, משה, פון דראָהיטשין
גאָלדבערג, נחום, פון יאַנוּוע.
זאַוינקע, חיה, פון סיגנע.
איהר קינד, פון סיגנע.
וואַלאַנסקע, שיינע, פון דראָהיטשען.
זאַרעצקי, שעפסעל, פון דראָהיטשען.
זאַרעצקי, שרה, פון דראָהיטשען.
זאַרעצקי, חאַיע, פון דראָהיטשען.
לערמאַן, שלום, פון דראָהיטשען.
ספיוואַק, שרה, פון דראָהיטשען.
עפּעלבויב, יענטע, פון אַדאָרף.
פאַקוהציק, משה, פון ליבעשיי.
פעלדמאַן, חיה, פון דראָהיטשען.
פעלדמאַן, יוסף, פון פאָהאָסט.
קראַוועץ, רחל, פון דראָהיטשען.
רוצקי, איציק, פון מאָרל.
רוצקי׳ס ברודער, פון מאָרלי.
שוסטער, אַהרן, פון אָדריזשנע.
שינדער, חייע, פון פינסק.

די אינגלאַנד פון דראָהיטשען, וועלכע לעבען און געפינען זיך אין דער רויטער ארמיי:

אַרלאַנסקע, זלמן.
אַרלאַנסקע, יאַנקעל.
בערג, שמעון, לעזו, בערעל.
לעזו, שמעון.
לעכעחיצקע, לייבעל.
רובינשטיין, איצעל.
רובינשטיין, יוסף.

**עפעלבוים, שמואל א.א.**

[אין דער רויטער אַרמיי זיי־נען אויך געווען די פאָלגענדע: ירמיה גראַסמאַן (געווען אין רוסלאַנד), איזע פיסעצקי, ראוּ־בן גאָלדבערג, מרדכי גאָלדמאַן, יהושע קאָפּעלושניק, ברוך באַ־ראַנטשוק, בנימין בוים, בערל גאָטליב, יאָסל לעווין, גאָדל שערעשעווסקי א.א. די לעצטע צווי געפאַלן אין שלאַכט...]

מעשל אָוועררבוך, חיה־פריידע וואַרשאַווסקי, חנה גינגאָלד, סענ־דער ווינאַוואָקער געשטאָרבן אין רוסלאַנד. ז.ז. 208, 211, 306, 356



אַלטער קופּערמאַן (הינטן), הי״ד, און גאָלדבערג

אין אייביקן אָנדענק פון אונזערע ליבע
שוועסטער
**רחל קאַרוש און פאַמיליע**
**רבקה און פאַמיליע**
ברודער
**אלתר קופּערמאַן און פאַמיליע**
**אַלע אומגעקומען, הי״ד!**
די קינדער פון מיכל קופּערמאַן:
ב. אייזענבערג (ניו־יאָרק) א.א.



אַ גרופּע פון דראָהיטשינער און כאָמסקער שארית־הפליטה, געווען אַרויסגעשיקט דורך די באָלשעוויקעס קיין רוסלאַנד אין 1941, פאָטאָגראַפירט אין ציינפהיים, דייטשלאַנד, 28טן יולי, 1947. ערשטע ריי פון לינקס: ——— גענדלער, שמואל עפּעלבוים, צבי וויינגאַרטן א.א. צווייטע ריי פון לינקס: עלקע לעוו, שלמה־זעליג און רחל גאָלדמאַן, משה און לאה גינגאָלד, יענטע וויינגאַרטן, שעפּסל און חיטשע וואַרשאַווסקי. זיצן אונטן: ווינאַוואָקער, מ. גאָלדמאַן א.א. ז.ז. 233, 333, 334, 335



מאיר מרדכי הויזמאַן, אַלס פּוילישער סאָלדאַט, געפאַלן אין שלאַכט, 1939

אין אייביקן אָנדענק פון אונדזערע

# דראָהיטשינער קדושים

אַ גרופּע דראָהיטשינער פון אַמעריקע און קאַנאַדע:

גראָסינגער, מלכה; ווארשא, יוסף; טענענבוים, ברידער; לאַמאַסקי, סעמיועל; ליבערמאַן, הערי; מילער, פריידע; מישאָף, מאיר; סאַפּאָזשניק, יונה; שאַץ, מר און מרת; שווארצבערג; קראָנשטאַט, עני.

•

אל־ה אזכרה ונפשי עלי אשפכה... כי בלעונו זדים כעגה בלי הפוכה... כי בימי היטלער לא עלתה ארוכה... ליהודי אירופה הרוגי מלוכה...



דאָס איז דער געלער מגן־דוד מיטן וואָרט „יודע״, וואָס די דייטשן, ימח שמם, האָבן גע־צוואונגען אונדזערע יידן צו טראָגן, אַלס שאַנד־צייכן, אויף זייערע בגדים, ווי אויך אָנצו־קלאַפּן אויף די טירן פון זיי־ערע הייזער... דאָס האָט גע־




יחתונו בני גרמניה השוממה... הרעו לנו מכל מלכי אדמה... רעדה תאחוז כל שומע שמוע, ותזלינה דמעות עינינו, בהריגת שמונה מליונים מבחירי עמנו.



מיינט, אַז די יידן שטייען אוי־סערן געזעץ, האָבן נישט קיין שום בירגערלעכע און מענטש־לעכע רעכט און יעדער איינער קען טאָן מיט די יידן וואָס ער וויל... טאָ לאָמיר עס געדיינקען לדורות, וואָס דער דייטש האָט געטאָן צו אונדז...! — [ד.וו.]




# אונדזערע קדושים

קהלות הקודש שמסרו נפשם על קדושת השם... הנאהבים והנעימים בחייהם ובמותם לא נפרדו...
יודע בגוים לעינינו נקמת דם עבדיך השפוך... ונקיתי דמם לא נקיתי... השם ינקם דמם!

**אומגעבראַכט פון די דייטשישע רוצחים אין צוויי שחיטות**
**י״א אב, תש״ב, 25טן יולי, 1942 — ו׳ חשון, תש״ג, 15טן אָקטאָבער, 1942**

הערה. — די דאָזיקע רשימה מיט נעמען פון קדושים איז פאַרשטענדלעך נישט פאָלקאָם. געוויס האָבן מיר, נישט צוליב אונדזער שולד, אויסגעלאָזן פיל קדושים־נעמען. באַזונדערס, איז געווען אַן אוממעגלעכקייט פעסטצושטעלן די צאָל און נעמען פון די דראָהיטשינער גע׳הרג׳עטע יידישע קינדער, וועלכע האָבן זיך געציילט אין די טויזנטער. אויך האָבן מיר נישט קיין ליסטע פון דער גרויסער צאָל יידישע פליטים, וואָס האָבן זיך געפונען אין שטאָט און זיינען אומגעקומען צוזאַמען מיט אַלע דראָהיטשינער יידן, הי״ד! אַ טייל פון די נעמען האָבן צוגעשיקט שלמה זעליג גאָלדמאַן און פיניע בודער. יוסף פעלדמאַן האָט פיל צוגעהאָלפן. — דוב וואַרשאַווסקי



## א

אַדלער, רחל־לאה
אַדלער, יצחק
אַדלער, חיים
אַדלער, שרה־רייזל
אַדלער, חנה
אַדלער, יענטל
אַדלער, מרים
אברהם טשעראַמכערס

אַדעלסקי, יוסף, מגיד
אַדעלסקי, באַדיע
אַדעלסקי, צמח
אַדעלסקי, אבא

אַווערבוך, מנחם

אויבערמאַן, אהרן מאיר
אייבערמאַן, חאַשע הענדל
אויבערמאַן, קלמן
אויבערמאַן, פרוי
אויבערמאַן, קינדער
אויבערמאַן, לייבע
אויבערמאַן, פרוי
אויבערמאַן, קינדער

אוקראַינעץ, ישעיה
אוקראַינעץ, פרוי
אוקראַינעץ, קינדער

אוקראַינעץ, שכנא
אוקראַינעץ, פרוי
אוקראַינעץ, טאָכטער

אייזענבערג, חנה
אייזענבערג, חיה־שפרה
אייזענבערג, נאָך קינדער

אייזענשטיין, אברהם יצחק
אייזענשטיין, חאַשע לאה
אייזענשטיין, צביה
צביה׳ס מאַן און קינדער

אייזענשטיין, אליהו
אייזענשטיין, שרה

אייזענשטיין, הערשל
אייזענשטיין, לאה

אייזענשטיין, טויבע
אייזענשטיין, 3 טעכטער

אייזענשטיין, הרב אשר
אייזענשטיין, רביצין

אייזענשטיין, שמעון
אייזענשטיין, פרוי
אייזענשטיין, קינדער

אייזענשטיין, מאיר לייב
אייזענשטיין, אסתר־רחל
אייזענשטיין, חיים־בער
אייזענשטיין, רבקה

אייזענשטיין, אַ יינגל
באַבל קליינמאַן, מוטער

אַלטוואַרג, חיים-בער
אַלטוואַרג, פרוי
אַלטוואַרג, באַשע, מאַן
לייבע עפּאַנד, קינדער

אַלטוואַרג, הרב אליהו-זאב
אַלטוואַרג, רביצין
אַלטוואַרג, 2 יינגלאַך
אַלטוואַרג, אַ מיידל
אַלטוואַרג, משה
אַלטוואַרג, פרוי
אַלטוואַרג, קינדער

אַמסטיבאַווסקי, פייוול
אַמסטיבאַווסקי, אסתר
אַמסטיבאַווסקי, רייזל
אַמסטיבאַווסקי, נישע
אַמסטיבאַווסקי, פריידקע
אַמסטיבאַווסקי, משה

אַנדרינאַווסקי, פריידל
אַנדרינאַווסקי, מאַשע

אַקושעוויץ, מאַטיע (יאַכנעס)
אַקושעוויץ, פייגל
אַקושעוויץ, קינדער

אַקסענהאַרן, דוד
אַקסענהאַרן, חייקע
אַקסענהאַרן, 3 קינדער

אַקסענהאַרן, פנחס
אַקסענהאַרן, פרוי
אַקסענהאַרן, קינדער

אַרליאַנסקי, יודל
אַרליאַנסקי, קינדער
אַרליאַנסקי, יענטע
מאַן און קינדער

## ב

באַרענבוים, וואָלפקע
באַרענבוים, פרוי
באַרענבוים, יאָסל
באַרענבוים, צילע

באַרענבוים, אברהם
באַרענבוים, בערל
באַרענבוים, פרוי
באַרענבוים, קינדער
באַרענבוים, טאָכטער
און פאַמיליע

בודער, מרדכי
בודער, שרה
בודער, אַ מיידעלע

בודער, משה
בודער, מענדל
בודער, שיינע
בודער, פריידע
בודער, אסתר
בודער, לייבע

בוים, אברהם
בוים, שיינע
בוים, יצחק
בוים, אַ יינגל

בוים, יעקב שמעון
בוים, אברהם, זון
בוים, גיטל
בוים, זעלדע
בוים, שאשקע

בוים, מאיר
בוים, פרוי

בוים, חוה, וואַרצעוויטש
בוים, אַ מיידל

בוים, טויבע הערשל׳ס
בוים, טעכטער
בוים, חיים
בוים, פרוי
בוים, יאָסל
בוים, פרוי
בוים, קינד

בוים, שלמה
בוים, פרוי
בוים, 3 קינדער

בוים, מאיר

בוים, סירקע
בוים, משה
בוים, מאַסיל
בוים, אַ מיידל

בוים, מאַטיע
בוים, רבקה, שוועסטער
בוים, אסתר, מאַן, קינדער

בוים, רפאל
בוים, פרוי
בוים, אַ קינד

בוף, הערצקע
בוף, שרה
בוף, שמעון
בוף, הינדע

בורשטיין, יוסף, יאָספּעס
בורשטיין, רבקה

בייטע, ראובן
בייטע, באַשע

בייך, שלמה
בייך, לאַנע
בייך, מאיר
בייך, יאַנקל
בייך, לייזער
בייך, נחום
בייך, אַ מיידל

בלאַנקלעדער, יצחק
בלאַנקלעדער, יענטע
בלאַנקלעדער, חיים
בלאַנקלעדער, יאָסל
בלאַנקלעדער, אַ מיידל

בליאַך, יודל
בליאַך, פרוי
בליאַך, פייוול

בעגון, אהרן
בעגון, פרוי
בעגון, משה
בעגון, נאָך קינדער
בעגון, מאיר
בעגון, פרוי

בעגון, קינדער

בעזדזשעזסקי, יוזף
בעזדזשעזסקי, פעסל
בעזדזשעזסקי, בן־ציון
בעזדזשעזסקי, נחמה
בעזדזשעזסקי, רייזל

בעזדזשעזסקי, משה
בעזדזשעזסקי, חנה
בעזדזשעזסקי, יצחק
בעזדזשעזסקי, נחמה

בעכער, יצחק
בעכער, עטל
בעכער, אברהם
בעכער, רייזל
בעכער, מלכה
בעכער, פייגל
בעכער, רחל

בערג, בנימין
בערג, באַבצע
בערג, משה אהרן
בערג, ציפע
בערג, מלכה

בערג, דוד
בערג, פאַניע
בערג, 4 קינדער

בערג, מאַטיע
בערג, פרוי
בערג, קינדער

בערג, האַניע
בערג, פרוי
בערג, קינדער

בערג, חייטשע

בערג, משה גדליה׳ס
בערג, פרוי
בערג, קינדער

בערעזאָווסקי, שרה רבקה
בערעזאָווסקי, באשקע
בערעזאָווסקי, ברוך

בראַווערמאַן, לאה (מוטער)
בראַווערמאַן, טייבל
בראַווערמאַן, איטשע
בראַווערמאַן, חנה (פרוי)
בראַווערמאַן, 2 קינדער

ברופמאַן, ברכה
ברופמאַן, 3 קינדער

בריינדעל, שמואל
בריינדעל, נעכע
בריינדעל, ביילע
בריינדעל, 2 קינדער
בריינדעל, איטשע, זון
בריינדעל, ביילע
בריינדעל, קינדער

ברייער, פאַמיליע

## ג

גאַווראָשין, נחמה

גאָטליב, מאיר לייב
גאָטליב, דאָבקע
גאָטליב, חיה איטע
גאָטליב, צביה
גאָטליב, שעפסל
גאָטליב, 2 מיידלעך
גאָטליב, אַ יינגל

גאָלדבערג, אַלטער סאָבער
גאָלדבערג, אסתר
מאַן, ד״ר לאַנדוי
גאָלדבערג, חייטשע
מאַן, ד״ר הערינג

גאָלדבערג, עבדי׳
גאָלדבערג, פרוי
גאָלדבערג, קינדער

גאָלדבערג, רייזל, משה׳ס
גאָלדבערג, רבקה
גאָלדבערג, באַדיע

גאָלדבערג, אַלטער
גאָלדבערג, יהודית
גאָלדבערג, 3 קינדער

גאָלדבערג, בנימין
גאָלדבערג, שרה
גאָלדבערג, 2 קינדער
גאָלדבערג, מוטער

גאָלדבערג, בערל
גאָלדבערג, שרה
גאָלדבערג, אַ קינד

גאָלדבערג, ברוך
גאָלדבערג, חנה
גאָלדבערג, בריינע
גאָלדבערג, מאשע
גאָלדבערג, נאסל

גאָלדבערג, הערשל, בלינדער
גאָלדבערג, פרוי
גאָלדבערג, איידעם עזריאל
זיין פרוי און 2 קינדער

גאָלדבערג, וועלוול
גאָלדבערג, שבע
גאָלדבערג, טייבל
גאָלדבערג, שרה
גאָלדבערג, יעקב

גאָלדבערג, זיידל
גאָלדבערג, פראַדל
גאָלדבערג, 2 קינדער

גאָלדבערג, זעליג
גאָלדבערג, פרוי
גאָלדבערג, קינדער

גאָלדבערג, יונה
גאָלדבערג, רחל
גאָלדבערג, משה׳ל
גאָלדבערג, עלקע
גאָלדבערג, אליה
גאָלדבערג, מילכה

גאָלדבערג, ישראל
גאָלדבערג, פרוי
גאָלדבערג, אַ קינד

גאָלדבערג, מאיר פריידעס
גאָלדבערג, שלמה

גאָלדבערג, אברהם יעקב
גאָלדבערג, שרה (פרוי)
גאָלדבערג, אליה

גלאָדבערג, יודל
גאָלדבערג, מאָטל

גאָלדבערג, משה
גאָלדבערג, רייזל

גאָלדבערג, משה
גאָלדבערג, פרוי
גאָלדבערג, יאנקל
גאָלדבערג, חאָמע
גאָלדבערג, תמר

גאָלדבערג, משה
גאָלדבערג, רבקה
גאָלדבערג, אַ קינד

גאָלדבערג, שמעון
גאָלדבערג, פרוי

גאָלדבערג, פּעשע

גאָלדמאַן, אליהו
גאָלדמאַן, שאָשע רחל
גאָלדמאַן, ישעיה 19
גאָלדמאַן, אסתר 13
גאָלדמאַן, יעקב 11

גאָלדמאַן, איטשע
גאָלדמאַן, שיינע ציפּע
גאָלדמאַן, נחמה

גאָלדמאַן, ביילע
גאָלדמאַן, אסתר
גאָלדמאַן, מרים
מאַן יצחק און קינד

גאָלדמאַן, צמח
גאָלדמאַן, דבורה-מרים
גאָלדמאַן, לייזער
גאָלדמאַן, חייטשע
גאָלדמאַן, צירל
גאָלדמאַן, יוסף דוד

גאָלדמאַן, יהודה-דוד
גאָלדמאַן, איטקע
גאָלדמאַן, 2 קינדער

גאָלדמאַן, הערשל
גאָלדמאַן, עלקע
גאָלדמאַן, מוליע און מאַן

גאָלדמאַן, משה שלמה'ס
גאָלדמאַן, פייטשע
גאָלדמאַן, יענטע
גאָלדמאַן, יודל

גאָליצקי, דאָקטאָר
גאָליצקי, מאָניע
גאָליצקי, קינדער

גאָראָדעצקי, יעקב
גאָראָדעצקי, חנה
גאָראָדעצקי, קינדער

גאָראָדעצקי, מלכה
גאָראָדעצקי, מאַן
גאָראָדעצקי, קינדער

גארבוז, משה
גארבוז, פייגע-רחל
גארבוז, 5 קינדער

גווירצמאַן, יעקב
גווירצמאַן, אסתר-ביילע
גווירצמאַן, ליזע
גווירצמאַן, אַ מיידל

גוראַלסקי, עלקע
גוראַלסקי, אַלטער
גוראַלסקי, פרוי
גוראַלסקי, 3 קינדער

גורשטיין, הערשל
גורשטיין, אסתר נעכע
גורשטיין, 3 קינדער

גורשטיין, לייבל
גורשטיין, פרוי
גורשטיין, קינדער

גורשטיין, לייזער
גורשטיין, פרוי
גורשטיין, קינדער

גילגאַר, אַלבערט אַדוואָקאַט
גילגאַר, פרוי
גילגאַר, טאָכטער

גילמאַן, מרדכי
גילמאַן, מלכה גיטל
גילמאַן, יעקב 19

גילמאַן, ציפּע 16

גינזבורג, דענטיסטקע

גלויבערמאַן, שמערל
גלויבערמאַן, פרוי
גלויבערמאַן, קינדער

געלשטיין, אהרן
געלשטיין, פרוי
געלשטיין, קינדער

גערשענבערג, ברכה

גראָסמאַן, גדליה
גראָסמאַן, פריידע
גראָסמאַן, זעליג

גראָסמאַן, דאָרע, ירמיה'ס
גראָסמאַן, אָסקאַר
גראָסמאַן, בלומע

גרינבערג, יצחק נאָסקעס
גרינבערג, פרוי
גרינבערג, שמואל בער
גרינבערג, נאָסל
גרינבערג, אַ מיידל
גרינבערג, אַ יינגל

גרינבערג, שמואל
גרינבערג, פרוי
גרינבערג, 2 קינדער

גרינבערג, ישראל
גרינבערג, משה
גרינבערג, אַנדערע

גרינשטיין, קדיש

גרינשפּאַן, יצחק מאיר
גרינשפּאַן, פרוי
גרינשפּאַן, מאַטעס
גרינשפּאַן, מנחם

## ד

דאָלינסקי, ליטמאַן
דאָלינסקי, פרוי
דאָלינסקי, אַ יינגל

דרוקער, בצלאל

דרוקער, חנה מלכה
דרוקער, פרומע-לאה
דרוקער, זלאַטע
דרוקער, לאַצע

דרוקער, צאַלקע
דרוקער, טייבל
דרוקער, 2 קינדער
דרוקער, לייבל אַ יתום

דרוקער, לאַצע
מאַן, קינדער

דרוקער, חיה, מאַן אהרן
קינדער: מרדכי-בער,
מאיר און אַ מיידל

דרוקער, יצחק (ליפניק)
דרוקער, חייטשע
דרוקער, 4 קינדער

## ה

האַכמאַן, איציק
האַכמאַן, אסתר רחל
האַכמאַן, שמואל-יודל
האַכמאַן, חיה
האַכמאַן, יעקב
האַכמאַן, ליפמאַן
האַכמאַן, פישל
האַכמאַן, אברהם
האַכמאַן, ישראל
האַכמאַן, חנה

האַכמאַן, גדליה
האַכמאַן, חנה
האַכמאַן, 3 יינגלאַך
האַכמאַן, טאָכטער
האַכמאַן, איידעם
האַכמאַן, אייניקל

האַכמאַן, חיים
האַכמאַן, האשע
האַכמאַן, חנה
האַכמאַן, חיה איטע
האַכמאַן, לייזער
האַכמאַן, דבורה

האַכמאַן, יצחק
האַכמאַן, פרוי
האַכמאַן, קינדער

האַכמאַן, משה
האַכמאַן, שרה
האַכמאַן, 3 קינדער
האַכמאַן, חנה,
מאַן ברעסקע און קינד

האַכמאַן, שלמה דוד
האַכמאַן, פרוי
האַכמאַן, קינדער

האַלצמאַן, יצחק
האַלצמאַן, שרה-איטקע
האַלצמאַן, יהודית
האַלצמאַן, פייגל

האַמערשטיין, דוד
האַמערשטיין, פרוי
האַמערשטיין, פייוול
האַמערשטיין, וועלוול
האַמערשטיין, חייטשע
האַמערשטיין, שעפסל
האַמערשטיין, אַ יינגל

האָפמאַן, נפתלי, שוחט
האָפמאַן, סלאַווע
האָפמאַן, ביילע
האָפמאַן, נאָך קינדער

הויזמאַן, אַלטער
הויזמאַן, פעשקע
הויזמאַן, מאיר מרדכי
הויזמאַן, פריידל
הויזמאַן, פּיניע
הויזמאַן, נפתלי
הויזמאַן, ניסל
הויזמאַן, שמערל

הויזמאַן, לייבקע
הויזמאַן, גיטל
הויזמאַן, רחל
הויזמאַן, חנה
הויזמאַן, בערל
הויזמאַן, פּיניע

הויזמאַן, חנה, מאַן
שמואל גרינבערג

הויזמאַן, רייזל, מאַן ניסל
ציזש; קינדער:
בלומע און פייגל

הויזמאַן, בערקע
הויזמאַן, פרוי
הויזמאַן, קינדער

הויזמאַן, זעליג
הויזמאַן, פרוי
הויזמאַן, קינדער

הויזמאַן, אליה
הויזמאַן, פרוי
הויזמאַן, קינדער

הויזמאַן, בערל
הויזמאַן, פרוי
הויזמאַן, קינדער

הויזמאַן, פרוי ישראל׳ס
הויזמאַן, אליה
הויזמאַן, אַ ברודער

הויזמאַן, יצחק
הויזמאַן, פרוי
הויזמאַן, קינדער

הויזמאַן, שמעון
הויזמאַן, פרוי
הויזמאַן, קינדער

הויזמאַן, אהרן שלמה
הויזמאַן, פרוי
הויזמאַן, קינדער
הויזמאַן, מינדל, מוטער

הויזמאַן, משה
הויזמאַן, פרוי
הויזמאַן, 2 קינדער

הויזמאַן, שייקע
הויזמאַן, פרוי
הויזמאַן, אייניקלעך

הויזמאַן, חיים
הויזמאַן, פרוי
הויזמאַן, קינדער

הויזמאַן, זיסל

ו

וואַליאַנסקי, דאָבקע
וואַליאַנסקי, ציפּע
מאַן, 3 קינדער
וואַליאַנסקי, שיינע
מילשטיין

---

וואַלדמאַן, פּיניע (סאָבער)
וואַלדמאַן, פרוי
וואַלדמאַן, צביה
און משפּחה
וואַלדמאַן, העניע
און משפּחה
וואַלדמאַן, חאַשע
און משפּחה

---

וואַלדמאַן, מרדכי-הערש
וואַלדמאַן, שרה זלאַטע
וואַלדמאַן, טאָכטער
וואַלדמאַן, דאָבקע
מאַן און קינדער

---

וואַלוועלער, אהרן
וואַלוועלער,ביילע
וואַלוועלער, מרדכי, 8
וואַלוועלער, רבקה, 6
וואַלוועלער, חנה, 4

---

וואַלינעץ, יאַשקע
וואַלינעץ, מנוחה
וואַלינעץ, חנה

---

וואַלעוועלסקי, רבקה
וואַלעוועלסקי, זלמן
וואַלעוועלסקי, מירקע
וואַלעוועלסקי, דוד
וואַלעוועלסקי, הערש
וואַלעוועלסקי, אייזיק
וואַלעוועלסקי, אברהם
וואַלעוועלסקי, ראַזע
וואַלעוועלסקי, פריידל

---

וואַלעוועלסקי, רחל
מאַן מאַליש און 3 קינדער

וואַלעוועלסקי, חיים אליה׳ס
וואַלעוועלסקי, חנה
וואַלעוועלסקי, אליה
וואַלעוועלסקי, שמואל
וואַלעוועלסקי, פּעסל
מאַן און קינדער

---

וואַלעוועלסקי, חיים מאיר׳ס
וואַלעוועלסקי, איטקע
וואַלעוועלסקי, מרים צירל׳ס

---

וואַלעוועלסקי, איידל
מאַן און 2 קינדער

---

וואַלעוועלסקי, הייקע
איר מאַן שלום האַלפּערן
וואַלעוועלסקי, באַנטשע

---

וואַלעוועלסקי, ישראל ברוך
וואַלעוועלסקי, פייגל
וואַלעוועלסקי, שרה
וואַלעוועלסקי, משה

---

וואַלעוועלסקי, יענטע

---

וואַלעוועלסקי, לאה חיים׳ס
וואַלעוועלסקי, בנימין
וואַלעוועלסקי, פּעסל
וואַלעוועלסקי, שיינדל
מאַן און קינד

---

וואַלעוועלסקי, שמואל
וואַלעוועלסקי, בריינדל
וואַלעוועלסקי, זאב, אינזש.

---

וואַלעוועלסקי, שמעון

---

וואַלפסאַן, חיים בצלאל
וואַלפסאַן, רחל
וואַלפסאַן, קינדער

---

וואַלקאָוויצקי, מייטע
וואַלקאָוויצקי, ציפּע
וואַלקאָוויצקי, משה
וואַלקאָוויצקי, דבורה
וואַלקאָוויצקי, פּייוול
וואַלקאָוויצקי, פרוי
וואַלקאָוויצקי, זון

וואַלקאָוויצקי, מיכליע
מאַן משה קראַנגלאַז
קינדער: חיה א.א.

---

וואַלקאָוויצקי, איטקע
מאַן חיים און קינד

---

וואַסערמאַן, אהרן
וואַסערמאַן, פרוי
וואַסערמאַן, 2 טעכטער

---

וואַסערמאַן, ראַשקע,
וואַסערמאַן, הערשל, זון
וואַסערמאַן, יאַשקע, זון
וואַסערמאַן, שיינדל
וואַסערמאַן, אסתר
וואַסערמאַן, רבקה
וואַסערמאַן, חיה
וואַסערמאַן, נחמה
וואַסערמאַן, לייבל, זון
וואַסערמאַן, חנטשע
וואַסערמאַן, נחמן
וואַסערמאַן, חיה

---

וואַרשאַווסקי, דוד
וואַרשאַווסקי, פייגל
וואַרשאַווסקי, פרומע-גיטל

---

וואַרשאַווסקי, חיה-רייזל
וואַרשאַווסקי, שמואל
וואַרשאַווסקי, לייזער
וואַרשאַווסקי, פרוי
וואַרשאַווסקי, קינד
וואַרשאַווסקי, ראובן
וואַרשאַווסקי, פרוי
וואַרשאַווסקי, קינד

---

וואַרשאַווסקי, משה שמואל
וואַרשאַווסקי, פּערל
וואַרשאַווסקי, שלום
וואַרשאַווסקי, מאיר
וואַרשאַווסקי, ישראל
וואַרשאַווסקי, טייבל

---

וואַרשאַווסקי, מאיר
וואַרשאַווסקי, רבקה
וואַרשאַווסקי, חייטשע

ווארשאַווסקי, יאַנקל
ווארשאַווסקי, 2 קינדער

ווארשאַווסקי, משה אלתרס
ווארשאַווסקי, פרומע
ווארשאַווסקי, קינדער

ווארשאַווסקי, שרה־לאה
ווארשאַווסקי, חיה
היה׳ס מאַן און יינגל

וויגאַנקער, חיה שרה
וויגאַנקער, באַבל
וויגאַנקער, צביה
וויגאַנקער, יעקב אליה
וויגאַנקער, פערל
וויגאַנקער, משה, קינד

וויגוטאַוו, מאיר
וויגוטאַוו, שרה
וויגוטאַוו, 3 קינדער

וויכנעס, יעקב
וויכנעס, פּייטשע
וויכנעס, בערל
וויכנעס, זיסל
וויכנעס, אַ קינד

ווינאַווקער, מענדל׳ס פרוי
ווינאַווקער, קינד

וויסאַצקי, נחמן
וויסאַצקי, גאָלדע
וויסאַצקי, וועלוול
וויסאַצקי, חסיה א.א.

וויסאַצקי, משה
וויסאַצקי, פרוי
וויסאַצקי, קינדער

וויסאַצקי, לייבע
וויסאַצקי, שוועסטער

וולאַדאַווסקי, חאַשע
וולאַדאַווסקי, רחל, מאַן
וולאַדאַווסקי, הינדע
מאַן און קינדער
וולאַדאַווסקי, מאיר
וולאַדאַווסקי, מאטיל

וולאַדאַווסקי, קינדער

וולאַדאַווסקי, פלטיאל
וולאַדאַווסקי, פרוי

וועניעצקי, ישראל
וועניעצקי, מינקע
וועניעצקי, יודל
וועניעצקי, פרוי
וועניעצקי, 2 קינדער
וועניעצקי, טאָכטער
מאַן, 2 קינדער

ווערמוס, יעקב
ווערמוס, ליבע
ווערמוס, קינדער

## ז

זאַווילאַווסקי, יודל
זאַווילאַווסקי, יהושע
זאַווילאַווסקי, שרה טילע
זאַווילאַווסקי, שלום
זאַווילאַווסקי, 4 קינדער

זאַווילאַווסקי, חיים
זאַווילאַווסקי, פרוי

זארעצקי, רחל־דבורה
זארעצקי, פסח
זארעצקי, נאָך קינדער

זארעצקי, אַ טאָכטער
פון שרה טילע

זבאַר, טעוול
זבאַר, פריידקע
זבאַר, נחמן
זבאַר, טייבל
זבאַר, זיסל לאה, מוטער

זישוק, נחמיה
זישוק, מירל
זישוק, אַ מיידל
זישוק, יאַספּע, מאַן, קינד
זישוק, עטל, מאַן, קינד
זישוק, העניע, מאַן לייבע
ערלעך און 2 קינדער

זיסמשוק, שרה

זלאַטניק, שלמה־חיים
זלאַטניק, שרה־לאה
זלאַטניק, איסר
זלאַטניק, טאָכטער
זלאַטניק, פייגע־רחל
מאַן יעקב און קינדער

זלאַטניק, אליה־יודל
זלאַטניק, פרוי
זלאַטניק, קינדער

## ח

חאַמסקי, חיים
חאַמסקי, אסתר
חאַמסקי, שואל
חאַמסקי, דבורה־ביילע

חאַצקעלעוויטש, צאַלקע

חאַראַווסקי, שלום
חאַראַווסקי, פרוי

חאַרסעל, ישראל אלעזר
חאַרסעל, וועלוול
חאַרסעל, שיינצע
חאַרסעל, שרה (אַ קינד)

חיניץ, ליבערס איידעס
חיניץ, פרוי
חיניץ, אַ מיידל

## ט

טולער, ישראל

טורניאַנסקי, אליעזר
טורניאַנסקי, אסתר
טורניאַנסקי, 3 קינדער

טורניאַנסקי, ברוך־פסח
טורניאַנסקי, פרוי
טורניאַנסקי, קינדער

טורניאַנסקי, בערל

טורניאַנסקי, רבקה

טינט, עלטערן
טינט, חיה
טינט, רבקה

טינט, אַנדרעע

טענענבוים, אברהם
טענענבוים, עטל
טענענבוים, משה
טענענבוים, שרה
טענענבוים, ברכה
טענענבוים, יעקב

טענענבוים, אליעזר-זלמן
טענענבוים, בריינע-מירל
טענענבוים, אברהם יעקב
טענענבוים, ראָדיע
טענענבוים, מרים

טענענבוים,ביילע מרים
מאַן ישראל פּוליג
קינדער: יענטע, איידל

טענענבוים, שיינע רחל
מאַן שמואל קאַטלער
קינדער אברהם, הערש,
פייע און יענטע

טענענבוים, זעליג
טענענבוים, שרה חנה
טענענבוים, עזרא
טענענבוים, פּיניע
טענענבוים, אַ מיידל
טענענבוים, מרים
טענענבוים, ראזע

טשאַפּאַטשניק, אהרן
טשאַפּאַטשניק, לאה
טשאַפּאַטשניק, חיה-איטע
טשאַפּאַטשניק, שעפּסל

טשערניאַק, דוד
טשערניאַק, פרוי
טשערניאַק, קינדער

טשערניאַק, מוטער
טשערניאַק, שרה לאה
טשערניאַק, זון

י

יאַנאַווסקי, באַבטשע
און פאַמיליע

באַבטשעס מוטער
האַנעלע אַלבערמאַן

יאַרענקעס, רייזל
יאַרענקעס, קינדער

יודעלעווסקי, אַרעלע
יודעלעווסקי, שרה
יודעלעווסקי, משה
יודעלעווסקי, הלל
יודעלעווסקי, דוד
יודעלעווסקי, ליבע (פרוי)
יודעלעווסקי, 2 קינדער

כ

כאַטיסלאַווסקי, לייזער
כאַטיסלאַווסקי, פרוי
כאַטיסלאַווסקי, 6 קינדער

כץ, בנימין
כץ, חנה
כץ, אַ יינגל

ל

לאַמפּעל, ד., דאָקטאָר

לאַזאַרעוויטש, שרה-לאה

לאַמאַסקי, אסתר

לאַנדאַן, אהרן
לאַנדאַן, שרה פרומע
לאַנדאַן, אברהם-לייב
לאַנדאַן, יודל
לאַנדאַן, לייזער
לאַנדאַן, רחל
מאַן און קינד

לאַנדאַן, באַשקעס מאַן
אברהם פּיאַלקאָוו
און קינד אסתר

לאַנדאַן, בנימין
לאַנדאַן, הינדע
לאַנדאַן, רחל

לאַנדאַן, הינדע
מאַן מרדכי, קינדער חיים-

יודל, רחל, שרה, רייזל,
בערל, זיין פרוי און קינד

לאַנדאַן, הענאָך
לאַנדאַן, פרוי
לאַנדאַן, 5 קינדער

לאַנדאַן, טויבע
לאַנדאַן, ישעיה
לאַנדאַן, שמחה
לאַנדאַן, נאָך 2 קינדער

לאַנדאַן, ישראל
לאַנדאַן, פריידל
לאַנדאַן, יואל-משה
לאַנדאַן, יאַנקל
לאַנדאַן, יודל
לאַנדאַן, שרה-רייזל
לאַנדאַן, חיה-גיטל
לאַנדאַן, יצחק
פרוי און 2 קינדער

לאַנדאַן, חוה

לאַסאַווסקי, אהרן, פעלדשער
לאַסאַווסקי, חייקע
לאַסאַווסקי, דינטשע
לאַסאַווסקי, משה
לאַסאַווסקי, הערשל

לאַסינסקי, לייזער
לאַסינסקי, פרוי
לאַסינסקי, לייבע
לאַסינסקי, יצחק
לאַסינסקי, פרוי
לאַסינסקי, קינדער
לאַסינסקי, טאַכטער
מאַן און קינדער

לאַפּמאַן, אהרן
לאַפּמאַן, איטקע
לאַפּמאַן, 3 קינדער
אסתר-לאה לעוו, מוטער

לאַפּאַטין, אסתר-פייגל

לובאַטשעווסקי, אברהם
לובאַטשעווסקי, פרוי

לובאטשעווסקי, א מיידל
לובאטשעווסקי, א טאכטער
איידעם שלאסבערג, קינד

---

לובאטשעווסקי, לייזער
לובאטשעווסקי, פרוי
לובאטשעווסקי, 2 קינדער

---

ליובאשעווסקי, חאמקע
ליובאשעווסקי, רבקה
ליובאשעווסקי, שרה
ליובאשעווסקי, קינדער

---

לודוויניצקי, לייבל
לודוויניצקי, שפרה
לודוויניצקי, 5 קינדער
באשע מילנער, מוטער

---

לויפער, בערל
לויפער, בלומע
לויפער, 4 קינדער

---

לויפער, מרדכי
לויפער, פרוי
לויפער, טאכטער
מאן און קינדער

---

ליאכאוויצקי, אברהם יעקב
ליאכאוויצקי, פרוי
ליאכאוויצקי, קינדער

---

ליאכאוויצקי, פאלק
ליאכאוויצקי, פרוי
ליאכאוויצקי, קינדער

---

ליאכאוויצקי, שמעון
ליאכאוויצקי, פרוי
ליאכאוויצקי, קינדער

---

ליאכאוויצקי, איטשע
ליאכאוויצקי, פרוי
ליאכאוויצקי, קינדער

---

ליאכאוויצקי, לייזער
ליאכאוויצקי, פרוי
ליאכאוויצקי, קינדער

---

ליבערמאן, מאיר
ליבערמאן, אסתר
ליבערמאן, יאסל
ליבערמאן, שלמה
ליבערמאן, עזרא
ליבערמאן, א מיידל

---

ליבערמאן, שיינע חיה
ליבערמאן, ראובן
ליבערמאן, יאנקל
ליבערמאן, גאלדע
ליבערמאן, א קינד

---

ליכטענשטיין, באשקע
ליכטענשטיין, זון

---

ליניק, אריה

---

ליפשיץ, באבל
ליפשיץ, 3 קינדער

---

ליפשיץ, מאיר
ליפשיץ, פרוי
ליפשיץ, קינדער

---

לעוו, אליעזר
לעוו, רבקה
לעוו, אייזיק
לעוו, א מיידל
לעוו, רחל
איר מאן און קינד

---

לעוו, אפרים
לעוו, פרוי
לעוו, קינדער

---

לעוו, בערל שמעון נחומס
לעוו, פרוי
לעוו, דוואשע
לעוו, מאניע
לעוו, שרה
לעוו, זלאטע
און איידעם

---

לעוו, וועלוול (קירזשנער)
לעוו, ירחמיאל
לעוו, בנימין
לעוו, פרוי
לעוו, קינד
לעוו, לייבע
לעוו, פרוי
לעוו, 2 קינדער
לעוו, טאכטער
איידעם און אייניקלעך

---

לעוו, וועלוול לייבעטשקעס
לעוו, רחל
לעוו, אלעזר
לעוו, פרוי
לעוו, קינדער
לעוו, ירוחם לייב
לעוו, פרוי
לעוו, קינדער

---

לעוו, זיידל הארבאכער
לעוו, פערל
לעוו, פעשע
לעוו, באשע
לעוו, הערשל
לעוו, רחל
לעוו, יאסל
לעוו, חיה מירל, מוטער

---

לעוו, טעמצע קלמנס
לעוו, שנור
לעוו, 4 קינדער

---

לעוו, יוזף
לעוו, לאה
לעוו, משה
לעוו, לייזער
לעוו, נאך א קינד
לעוו, טויבע-לאה
מאן משה, קינדער

---

לעוו, יצחק
לעוו, זון
לעוו, שנור
לעוו, קינדער

---

לעוו, ישעיה
לעוו, פרוי
לעוו, קינדער

---

לעוו, ישראל זעליג
לעוו, פייגל
לעוו, דוד
לעוו, צילע
לעוו, קינד

לעוו, לייזער
לעוו, קינדער
לעוו, זון
לעוו, שנור
לעוו, 2 קינדער
לעוו, טאָכטער
אײדעם און 2 קינדער

לעוו, סירקע
לעוו, יאַנקל
לעוו, אברהם

לעוו, עזריאל
לעוו, פאַמיליע

לעוו, פסח
לעוו, גישע
לעוו, אָרעלע
לעוו, שמואל
לעוו, דאָבקע
לעוו, פרומע
לעוו, שרה
לעוו, אַנדערע

לעוו, שמואל
לעוו, איצע
לעוו, שיינע לאַצע
לעוו, לאַנע
לעוו, ליבע
לעוו, ביילע

לעוו, פרוי, שמעונס
לעוו, בערל
לעוו, פרוי
לעוו, ראובן
לעוו, פרוי
לעוו, קינדער
לעוו, 2 בחורים
לעוו, 2 טעכטער

לעוו, צבי
לעוו, חיים
לעוו, יענטע

לעוואַק, משה
לעוואַק, חיה דאָבע
לעוואַק, ברוך
לעוואַק, זעליג

לעוואַק, יענטע
מאַן איסר און
קינד בנימין

לעווינאָוו, שמאי
לעווינאָוו, עטל
לעווינאָוו, 5 קינדער

לעווינאָוויץ, יצחק
לעווינאָוויץ, לאה
לעווינאָוויץ, קינדער
לעווינאָוויץ, מוטער
כאַלאַזשינערס פרוי

לעווינזאָן, שבתי

לעכאָוויצקי, יצחק
לעכאָוויצקי, שרה גיטל
לעכאָוויצקי, אסתר
לעכאָוויצקי, נחום
לעכאָוויצקי, מיכליע
לעכאָוויצקי, יהודית
לעכאָוויצקי, פייוול
לעכאָוויצקי, אַ קינד

לערמאַן, אַלטער
לערמאַן, שרה
לערמאַן, חנה
לערמאַן, ישראל
לערמאַן, נחמיה

## מ

מאַזורסקי, באַשע
מאַזורסקי, לאה
און קינד

מאַזורסקי, שעפּסל
מאַזורסקי, מיכליע
מאַזורסקי, קינד

מאַנדעל, שוסטער
מאַנדעל, פרוי
מאַנדעל, 3 קינדער

מאָרגענטאַלער, שלום
מאָרגענטאַלער, שפרה
מאָרגענטאַלער, ביילע
מאָרגענטאַלער, חנה

מייעראָוויטש, משה
מייעראָוויטש, דאָבקע
מייעראָוויטש, נחמה
מייעראָוויטש, שפרינצע
מייעראָוויטש, אַ מיידל

מילנער, אברהם מאיר
מילנער, קיילע

מילנער, דוד
מילנער, דבורה
מילנער, שרה
מילנער, לייבע
מילנער, ליבע
מילנער, רבקה
מילנער, מינדל
מילנער, 2 ייִנגלאַך

מילנער, דינה
מילנער, מרדכי

מילנער, משה מענדל
מילנער, חנה

מילנער, משה מענדל
מילנער, חוה פערל
מילנער, חיה האַשע
לאַזאַרעוויטש
מילנער, זיסל
לאַזאַרעוויטש, מאַן
מילנער, פריידל
פריידלס מאַן

מילשטיין, שמחה
מילשטיין, פרוי
מילשטיין, 4 קינדער

מישאָוסקי, באָבע, מוטער
מישאָוסקי, חנה-ביילע
מישאָוסקי, וועלוול, זון
מישאָוסקי, פעשקע
מישאָוסקי, איטשע זון
מישאָוסקי, רחל
מישאָוסקי, אברהם
מישאָוסקי, טוביה
מישאָוסקי, אלחנן-אשר זון
מישאָוסקי, פייגל
מישאָוסקי, אַ ייִנגל

מישאָווסקי, לאה ביילע
מישאָווסקי, וועלוול, זון
מישאָווסקי, חייטשע
מישאָווסקי, טילע
מישאָווסקי, שעפקע
מישאָווסקי, שואל

מישאָווסקי, לייזער
מישאָווסקי, דבורה
מישאָווסקי, מאַשקע
מישאָווסקי, יאַנקל
מישאָווסקי, אברהם
מישאָווסקי, דינה
איר מאַן און קינד

מלמד, בערל סיליטשעווער
מלמד, פרוי
מלמד, קינדער

מלמד, ליבע נפתלים
מאַן, 3 קינדער יעקב א.א.

מעדניצקי, ליבער קאַלאַניע
מעדניצקי, פרוי
מעדניצקי, יעקב
מעדניצקי, פרוי
מעדניצקי, אייניקל

מענדעלסאָן, שפרה
מענדעלסאָן, ליזא
מאַן הענאָך, 2 קינדער

מעשטשאַנין, אהרן אליה
מעשטשאַנין, עטל
מעשטשאַנין, 3 קינדער

### נ

נאָוויק, אברהם
נאָוויק, פרוי
נאָוויק, 2 קינדער

### ס

סאָליוווער, זכריה
סאָליוווער, ניסע ביילע
סאָליוווער, עטל
סאָליוווער, שרה
סאָליוווער, ציפע
סאָליוווער, ברכה
סאָליוווער, חיה-איטקע

סאָליוווער, חיה-שרה
סאָליוווער, חיים
סאָליוווער, אהרן
סאָליוווער, פרוי
סאָליוווער, 4 קינדער
סאָליוווער, לאה
מאַן, 4 קינדער

סאַפּאָזשניק, שרה
סאַפּאָזשניק, זכריה
סאַפּאָזשניק, ביילטשע
סאַפּאָזשניק, צירעלע

סאַפּיר, לייב
סאַפּיר, חיה שרה
סאַפּיר, מרדכי
סאַפּיר, חנה-פּעשע
סאַפּיר, קינד דוד

סאַפּיר, טשערנע, מאַן

קאַפּלים, 2 קינדער

סוכאָווטשיצקי, אייזיק
סוכאָווטשיצקי, פרוי
סוכאָווטשיצקי, קינדער

סוועטשניק, יוסף

סטריכאַרזש, מאַנדל

סידעראָוו, אשר
סידעראָוו, אברהם
סידעראָוו, יענטעל
סידעראָוו, מאַשע
סידעראָוו, יוסף
סידעראָוו, פרוי
סידעראָוו, חאַנטשע
מאַן און קינדער

סידעראָוו, יעקב
סידעראָוו, חוה
סידעראָוו, ביילטשע
און מאַן

סידעראָוו, פּיניע
סידעראָוו, מינדל
סידעראָוו, קינדער

סלאָמאָוויטש, יעקב וואָלף
סלאָמאָוויטש, רחל
סלאָמאָוויטש, זעליג
סלאָמאָוויטש, שיינדל
סלאָמאָוויטש, פריידל

סלאָנימסקי, זעליג
סלאָנימסקי, בנציון
סלאָנימסקי, מאַליע
סלאָנימסקי, שפרה
סלאָנימסקי, באַבצע
באַבצע'ס מאַן

סלעפּ, לייבוש
סלעפּ, צאַטקע
סלעפּ, 3 קינדער

סניטאָווסקי, חיים
סניטאָווסקי, אברהם
סניטאָווסקי, פּעסל
סניטאָווסקי, 3 קינדער

סניטאָווסקי, שמואל
סניטאָווסקי, פּערל
סניטאָווסקי, רחל
סניטאָווסקי, 3 יינגלאַך

סעגאַלאָוויטש, נחמיה

סענדיוק, פּאַטער
סענדיוק, מוטער
סענדיוק, הערשל
סענדיוק, פרוי
סענדיוק, קינדער
סענדיוק, מרדכי
סענדיוק, פרוי
סענדיוק, קינד

סערטשוק, פישל
סערטשוק, רבקה
סערטשוק, וועלוול
סערטשוק, חיה
סערטשוק, ברוך

ספּעוואַק, אברהם

ספעוואק, דוואשע
ספעוואק, פסח

ע

עפעלבוים, באבל
עפעלבוים, מרים
עפעלבוים, רחל
עפעלבוים, פריידל
מאן: מאיר; קינדער:
אברהם און נתן

עפעלבוים, יעקב
עפעלבוים, פרוי
עפעלבוים, קינדער

עפעלבוים, סענדער
עפעלבוים, עלקע
עפעלבוים, 2 קינדער

עפעלבוים, מרדכי

עפשטיין, חיים זיסל
עפשטיין, פראדל
עפשטיין, שלמה
עפשטיין, פייגל
עפשטיין, חנה
עפשטיין, רחל
עפשטיין, דוד
עפשטיין, פעסל פרוי
עפשטיין, 3 קינדער

עפשטיין, חיים
עפשטיין, שרה
עפשטיין, בערל
עפשטיין, איידל
עפשטיין, חייטשע
מאן בערל, קינדער

עפשטיין, יצחק
עפשטיין, שרה
עפשטיין, קינדער

ערליך, אלחנן
ערליך, פרוי
ערליך, קינדער

ערליך, פאמיליע
(יאסל בעל־עגלה׳ס)

פ

פאמעראניעץ, זיידל
פאמעראניעץ, יהושע
פאמעראניעץ, אסנע
פאמעראניעץ, צירל
פאמעראניעץ, שרה

פאמעראניעץ, עזריאל

פאפינסקי, הערשל
פאפינסקי, עלקע
פאפינסקי, טאכטער
פאפינסקי, שמואל, זון
פאפינסקי, שנור
פאפינסקי, אייניקלעך
פאפינסקי, מאטיע
פאפינסקי, פרוי
פאפינסקי, 4 קינדער
פאפינסקי, זיידל
פאפינסקי, פרוי
פאפינסקי, קינדער

פאריצקי, ליבע
פאריצקי, קריינע
מאן צדוק, קינד פייגל

פוליק, שמעון

פיטאקאווסקי, שרה

פינסקי, אברהם
פינסקי, פייגל, נפתלים
פינסקי, יאשע
פינסקי, אניוטא
פינסקי, אסתר

פיסעצקי, ביילע
פיסעצקי, כלאוונע
פיסעצקי, לייטשע
פיסעצקי, יודל
פיסעצקי, ישראל דוד

פיסעצקי, שרה אקושערקע

פלים, שלמה
פלים, באדיע
פלים, רחל

פעסטער, נחמיה

פערקאווסקי, שמחה
פערקאווסקי, פרוי

פערקאוויצקי, משה
פערקאוויצקי, טעמע
פערקאוויצקי, ראובן מאיר
פערקאוויצקי, פרוי
פערקאוויצקי, קינד

פרעגער, משה, שוחט
פרעגער, בערל
פרעגער, חיה
פרעגער,ביילטשע
מאן און קינד

פריקלאדניצקי, אלתר

פרץ, לייבע
פרץ, יעקב
פרץ, אנדערע

פ

פוקסמאן, אייזיק
פוקסמאן, חאשקע
פוקסמאן, קינדער

פיינבערג, איצעלעס

פעלדמאן, אברהם
פעלדמאן, סענדער
פעלדמאן, 3 קינדער

פעלדמאן, לוי
פעלדמאן, רישע
פעלדמאן, קינד

פעלדמאן, לייב
פעלדמאן, אסתר
פעלדמאן, קינד

פעלדמאן, מאיר יודל
פעלדמאן, חיה
פעלדמאן, לייבע
פעלדמאן, ליבע
פעלדמאן, א מיידל
פעלדמאן, יעקב 9
(פארלארן געגאנגען)

פעלדמאַן, שווארץ באַשקע
פעלדמאַן, שווארץ פעשקע

פעלדמאַן, יאָסל
פעלדמאַן, פייגל טאָכטער
פעלדמאַן, צאלקע
פעלדמאַן, דינה, פרוי
פעלדמאַן, קינד
פעלדמאַן, הערשל, ד"ר
פעלדמאַן, ליזע
פעלדמאַן, קינד

פעלדמאַן, יאַנקל
פעלדמאַן, שמחה
פעלדמאַן, מיכאל
פעלדמאַן, הערשל
פעלדמאַן, הינדע
פעלדמאַן, חייטשע
פעלדמאַן, דוד
פעלדמאַן, 2 קינדער
פעלדמאַן, פריידקע, מאַן
נח שאַפּירא, 4 קינדער

פעלדמאַן, ליטמאַן
פעלדמאַן, פעשקע

פעלדמאַן, זעליג
פעלדמאַן, פרוי
פעלדמאַן, קינדער

פעלדמאַן, פייבוש
פעלדמאַן, חיה-ליבע
פעלדמאַן, משה
פעלדמאַן, פעשקע
פעלדמאַן, 3 קינדער

פעלדמאַן, אברהם יעקב
פעלדמאַן, יאַנקל
פעלדמאַן, לייזער
פעלדמאַן, סענדער
פעלדמאַן, פרוי
פעלדמאַן, 2 קינדער

פעלדמאַן, זיידל
פעלדמאַן, אסתר
פעלדמאַן, קינד
פעלדמאַן, לייזער

פעלדמאַן, ברכה
פעלדמאַן, שרה
פעלדמאַן, איצע
פעלדמאַן, 2 מיידלעך

פעלדמאַן, ראָדקע
פעלדמאַן, שמואל
פעלדמאַן, 2 מיידלעך

פרוכטענבערג, זאב
פרוכטענבערג, פרוי
פרוכטענבערג, 2 קינדער

פרידמאַן, זאוול
פרידמאַן, פרוי
פרידמאַן, 5 קינדער

פרידענבערג, משה
פרידענבערג, חיה
פרידענבערג, יאָסל
פרידענבערג, נחום
פרידענבערג, רבקה
פרידענבערג, רחל
איר מאַן אייזיק

פרידענבערג, אַלטער
פרידענבערג, שיינע לאה
פרידענבערג, יונה

פרידענבערג, רבקה שלמה'ס
פרידענבערג, שרה
פרידענבערג, בערל
פרידענבערג, אליה
פרידענבערג, גיטל
פרידענבערג, יענטע

צ

ציזש, יואל
ציזש, קינד
ציזש, פרוי

ציזש, יעקב אליה
ציזש, באַבטשע
ציזש, 6 קענדער

צעשקעס, חאַשע
צעשקעס, באַשקע
צעשקעס, חנה
צעשקעס, א בחור

ק

קאָברינסקי, טריינע
קאָברינסקי, חייטשע
קאָברינסקי, מאַן און קינד

קאָברינסקי, חיים
קאָברינסקי, רחל
קאָברינסקי, מרדכי
קאָברינסקי, אליה
קאָברינסקי, ביילע
קאָברינסקי, שוויגער
קאָברינסקי, שוועגערין
בת-שבע

קאָברינסקי, יאָסל
קאָברינסקי, פרוי
קאָברינסקי, קינדער

קאַגאַן, שעפּסל
קאַגאַן, איידל חיה
קאַגאַן, עטל
קאַגאַן, א זון

קאַדישעוויץ, יוסף שוחט

קאַזאַק, יצחק לייב
קאַזאַק, פייגעל
קאַזאַק, קינדער

קאַזאַק, אברהם
קאַזאַק, רחל
קאַזאַק, קינד

קאַזאַק, יעקב דוד
קאַזאַק, פרוי
קאַזאַק, קינדער

קאַזאַק, יצחק
קאַזאַק, פרוי
קאַזאַק, 2 קינדער

קאַטאַק, אַלטער
קאַטאַק, פרוי
קאַטאַק, 4 קינדער

קאַטלער, דוד
קאַטלער, פייגע-רחל
קאַטלער, משה-לייזער
קאַטלער,ביילע
קאַטלער, לאה

קאַכלער, פעסל
קאַכלער, ישראל
קאַכלער, פרוי
קאַכלער, קינדער
קאַכלער, אַנדערע

קאַלאַדני, הערשל
קאַלאַדני, חייטשע
קאַלאַדני, קינד

קאַלאַדנער, שמואל
קאַלאַדנער, גוטע
קאַלאַדנער, געצל
קאַלאַדנער, מרים-עטל
קאַלאַדנער, טייבל
קאַלאַדנער, דוואַשע
קאַלאַדנער, דינה
קאַלאַדנער, פריידל
מאַן גאָלדבערג, 5 קינדער

קאַלעכאַווסקי, איסר
קאַלעכאַווסקי, באַבל
קאַלעכאַווסקי, ברוך
קאַלעכאַווסקי, משה
קאַלעכאַווסקי, ברכה
קאַלעכאַווסקי, אברהם

קאַלעכאַווסקי, דוד
קאַלעכאַווסקי, זון

קאַלניק, אייזיק
קאַלניק, מרים
קאַלניק, פעשקע
קאַלניק, יאַספע

קאַלענקאַוויטש, הרב
ר׳ אייזיק יעקב
קאַלענקאַוויטש, מיכליע
רביצין און זון
קאַלענקאַוויטש, ביילע

קאַלענקאַוויטש, משה צבי

קאַלענקאַוויטש, זון

קאַלענקאַוויטש, מנחם
קאַלענקאַוויטש, מערי
קאַלענקאַוויטש, קינדער

קאַמינעצקי, אברהם
קאַמינעצקי, פרוי
קאַמינעצקי, קינדער

קאַמינעצקי, אפרים אלתרם
קאַמינעצקי, בנימין
קאַמינעצקי, ביילע
קאַמינעצקי, שרה

קאַמינעצקי, הערשל
(ביילע רייזלם)

קאַמינעצקי, יוסף שמעון
און פאַמיליע
קאַמינעצקי, יהושע
און פאַמיליע
קאַמינעצקי, פיניע
און פאַמיליע
קאַמינעצקי, פראַדל
און פאַמיליע
קאַמינעצקי, חנה
און פאַמיליע
קאַמינעצקי, מרים
און פאַמיליע, מענדל׳ם

קאַמינעצקי, מנחם
קאַמינעצקי, פרוי
קאַמינעצקי, בן-ציון
קאַמינעצקי, בערל
קאַמינעצקי, נאָך 3 קינדער

קאַמינעצקי, נעבע לייזערס
איר מאַן אברהם
זון, שנור און איניקל

קאַמינעצקי, עלקע
קאַמינעצקי, טאָכטער
איר מאַן מאליק און קינד

קאַמינעצקי, שרה
קאַמינעצקי, 2 מיידלעך
קאַמינעצקי, העשע זון

קאַמינעצקי, שרה ווייב
קאַמינעצקי, 3 קינדער
קאַמינעצקי, יצחק
קאַמינעצקי, פרוי
קאַמינעצקי, קינד

קאַמינעצקי, שרה
קאַמינעצקי, יהושע הערש
קאַמינעצקי, שפרה
קאַמינעצקי, שבתי

קאַמינעצקי, שיינע לאה
קאַמינעצקי, טאָכטער
מאַן און קינד

קאַמינעצקי, שבתי
קאַמינעצקי, פרוי
קאַמינעצקי, קינדער

קאַפלאַן, דאַשקע אדוואָקאַט

קאַפלאַן, מלכה, זלמנ׳ס

קאַפלאַן, פרומע
קאַפלאַן, אהרן
קאַפלאַן, משה
קאַפלאַן, שלום
קאַפלאַן, חייטשע
קאַפלאַן, בונטשע
מאַן און קינדער

קאַפלאַן, זכריה
קאַפלאַן, פרוי
קאַפלאַן, 3 מיידלעך

קאַפלאַן, רייזל, פאַמיליע

קאַפעלושניק, לאַנע, מוטער
קאַפעלושניק, מענדל
קאַפעלושניק, הייקע
קאַפעלושניק, שרה
קאַפעלושניק, זון
קאַפעלושניק, הערשל
קאַפעלושניק, פרוי
קאַפעלושניק, שמעון
קאַפעלושניק, שמחה
קאַפעלושניק, פרוי
קאַפעלושניק, קינדער

קאַרזש, מאיר
קאַרזש, רחל
קאַרזש, ישראל
קאַרזש, פישל
קאַרזש, אַ מיידל

קאַרזש, מיכאל
קאַרזש, באַבטשע
קאַרזש, קינדער

קאַרזש, שמואל
קאַרזש, גיטל

קאַרזש, אלמנה
קאַרזש, קינדער

קאַרעליץ, אַלטער
קאַרעליץ, מלכה-לאה
קאַרעליץ, ישראל דוד
קאַרעליץ, אַ יינגל

קאַרן, לייזער
קאַרן, פרוי
קאַרן, מיידל

קופּער, שמעון
קופּער, פרוי
קופּער, 3 קינדער

קופּערמאַן, אַלטער
קופּערמאַן, פרוי
קופּערמאַן, קינדער

קופּערמאַן, רבקה
און פאַמיליע

קיר, דוד
קיר, לאה
קיר, אברהם
קיר, שיינצע
קיר, ליבע
קיר, נאָך 3 קינדער

קירזש, מרדכי
קירזש, שיינע
קירזש, יעקב
קירזש, חיה שרה

קלאַרפיין, זיידל
קלאַרפיין, פרוי
קלאַרפיין, קינדער
קלאַרפיין, חיה-שרה

קן-צפור, ישראל
קן-צפור, גרשון

קראַוועץ, ישראל
קראַוועץ, אסתר-רחל
קראַוועץ, משה
קראַוועץ, לאה, שנור
קראַוועץ, 3 קינדער
קראַוועץ, לאה
מאַן לייבע, 3 קינדער
קראַוועץ, פעשקע, מאַן
פישל רימלאַנד, 3 קינדער

קראַוועץ, רבקה אליהם
קראַוועץ, חאַשע, מאַן
ניסל ליסקער, 2 קינדער

קראַוועץ, חיים-בער
קראַוועץ, מלכה
קראַוועץ, טאָכטער
מאַן גערשענהויז
קראַוועץ, איצקע, זון
קראַוועץ, פרוי
קראַוועץ, שמעון
קראַוועץ, קינדער
קראַוועץ, מענדל, זון
קראַוועץ, פרוי
קראַוועץ, קינדער
קראַוועץ, אברהם, זון
קראַוועץ, איטקע
קראַוועץ, חנה
קראַוועץ, 2 קינדער
קראַוועץ, שרה סענדערס
און 4 קינדער

קראַוועץ, משה
קראַוועץ, פרוי
קראַוועץ, לייבל
קראַוועץ, ראובן
קראַוועץ, אברהם
קראַוועץ, עלקע
און מאַן יואל
קראַוועץ, לייזער

קרופּטשיצקי, ישראל אהרן
קרופּטשיצקי, טאָכטער
קרופּטשיצקי, 2 אייניקלאַך

## ר

ראַבינסקי, שמחה
ראַבינסקי, פרוי
ראַבינסקי, 3 קינדער

ראָזענבוים, חנה מלכה
ראָזענבוים, יאַנקל
ראָזענבוים, מנחם
ראָזענבוים, חייטשע
ראָזענבוים, העניע

ראָזענצווייג, שמואל
ראָזענצווייג, זלאַטע

ראָזענצווייג, אהרן
ראָזענצווייג, יענטע
ראָזענצווייג, זעלדע
ראָזענצווייג, סימע
ראָזענצווייג, פריידל
ראָזענצווייג, יאסל דוד
ראָזענצווייג, יעקב הערשל
ראָזענצווייג, חוה

ראָזענשיין, יעקב
ראָזענשיין, טילע
מאַן און קינדער

ראַק, שמואל
ראַק, פרוי
ראַק, מיידעלע

רובינשטיין, אַלטער
רובינשטיין, דאַבע
רובינשטיין, שרה
רובינשטיין, חיה
רובינשטיין, אליה
רובינשטיין, אשר
רובינשטיין, דוד

רובינשטיין, ברוך לייב
רובינשטיין, פרוי

רובינשטיין, 3 קינדער

רובינשטיין, יצחק

רימלאַנד, ליבע (מוטער)
רימלאַנד, יאַנקל
רימלאַנד, חאַמקע
רימלאַנד, יאַספּע
רימלאַנד, איצל
רימלאַנד, ישראל

רעזניק, אריה
רעזניק, רחל
רעזניק, משה
רעזניק, נאָך 2 קינדער

רעזניק, בערל
רעזניק, פרוי
רעזניק, 3 קינדער
רעזניק, ביילע, מוטער

ש

שאַפּירא, סענדער
שאַפּירא, מיכליע
שאַפּירא, רחל
שאַפּירא, שמואל
שאַפּירא, שאשע
שאַפּירא, חיים
שאַפּירא, פרוי
שאַפּירא, קינדער
שאַפּירא, חנה
און איר מאַן

שוב, יוסף־דוד, שוחט
שוב, פרוי
שוב, בנימין משה
שוב, אַ מיידעלע
שוב, נחמה
מאַן און קינדער

שווארץ, משה
שווארץ, פרוי
שווארץ, אברהם
שווארץ, פרוי
שווארץ, רחל
שווארץ, רבקה
שווארץ, שמואל

שווארץ, ציפּע, פרוי
שווארץ, ברוך
שווארץ, פרוי
שווארץ, קינדער

שווארץ, יענטע
שווארץ, אַ ייִנגל
שווארץ, חנה

שווארץ, איטקע
מאַן יודל ניידיץ
קינדער ניאָנע, זאַניע
שווארץ, אסתר
מאַן שלמה ענגעל

שווארץ, רחל לייזערס
שווארץ, מנחם
שווארץ, איטשע

שווארץ, אלתר

שווארצלעדער, עלקע
שווארצלעדער, גרעשע
שווארצלעדער, ישעיה
שווארצלעדער, הערשל
שווארצלעדער, ברכה מוטער

שווארצבערג, אשר
שווארצבערג, באשע
שווארצבערג, יצחק
שווארצבערג, שלום
שווארצבערג, שפרה
שווארצבערג, 2 קינדער

שוכמאַן, יהודה
שוכמאַן, מינע
שוכמאַן, יצחק
שוכמאַן, אברהם
שוכמאַן, ראָזע
שוכמאַן, סאָניע

שולמאַן, חיים
שולמאַן, רייכל
שולמאַן, 5 קינדער
שולמאַן, מוטער

שוסטער, יעקב, הרב
שוסטער, פרוי

שוסטער, קינדער
שוסטער, הערשל, הרב
שוסטער, פרוי
שוסטער, קינדער

שושאַנאָוו, דוד
שושאַנאָוו, רייזל
שושאַנאָוו, אסתר
שושאַנאָוו, רחל
שושאַנאָוו, מרים
שושאַנאָוו, אַ ייִנגל
שושאַנאָוו, חיה־ביילע

שטיינבערג, משה
שטיינבערג, באַדיע
שטיינבערג, אסתר
שטיינבערג, כלאַוונע

שינדער, חיה לאה
שינדער, משה, זון
שינדער, מענדל
שינדער, מירל
שינדער, אַ זון
שינדער, נחום
שינדער, פערל
שינדער, 3 קינדער
פרוי׳ס מוטער
שינדער, אסנע
מאַן משה און 3 קינדער

שינדער, אלטער

שלאַקמאַן, אליה
שלאַקמאַן, דבורה
שלאַקמאַן, שעפּסל
שלאַקמאַן, נאָך 2 קינדער

שמיד, זכריה
שמיד, יודל
שמיד, עלקע
שמיד, הערשל
שמיד, פרוי
שמיד, חנה און מאַן

שמיד, ישראל
שמיד, ברײַנדל
שמיד, חנה

שמיד, מלך
שמיד, רחל
שמיד, 2 מיידלאך

שמיד, יודל, יאנקל'ס
שמיד, באבטשע
שמיד, שרה
שמיד, יעקב

שמיד, פרוי, משה'ס
שמיד, קינדער

שמיד, ישראל
שמיד, ציפע
שמיד, שמשון

שעכטער, הענריק, דאקטאר

שעכטער, פרוי
שעכטער, 2 קינדער

שערעשעווסקי, שמואל
שערעשעווסקי, עלקע
שערעשעווסקי, ברײנע
שערעשעווסקי, טעמע
שערעשעווסקי, לייבע
שערעשעווסקי, גאדל

שקליאר, יוסף
שקליאר, פייגל

שקליאר, שלמה
שקליאר, שיינע
שקליאר, ליבע
שקליאר, אהרן

משה דער פרוש

שטאט-מגיד און פאמיליע

קריינע דאבעס

אלטער ליובישייער בויער
ווייב, 3 קינדער
טאכטער, מאן בערל
און 6 קינדער

חיים שערער, פרוי 2 יינגלעך

איצע מעכער, פרוי
און 3 קינדער

מינדל, דאווידגרודעק

צדוק פון יאליטש ?

## קדושים פון ישובים פון ארום דראהיטשין

### אגדעמער

לאנע און ברודער
אברהם

### אסעוולאן

קליינמאן, אשר
קליינמאן, רבקה
קליינמאן, ברוך
קליינמאן, פסח
קליינמאן, זלמן
קליינמאן, איטקע
מאן און קינדער

קליינמאן, אלמנה
און קינדער

### אסעוועץ

לעווינסאן, משה
לעווינסאן, פייגע-זיסל
לעווינסאן, חנה
לעווינסאן, ישראל
לעווינסאן, אברהם
לעווינסאן, גרשון, פארלארן

לעווינסאן, צביה
מאן פייוול גורוויץ און
קינדער נתן און יעקב

לעווינסאן, מלכה
לעווינסאן, פייגל, מאן
ישראל ברעגמאן און
זין אברהם און ליפמאן
לעווינסאן, שיינע, מאן
יאסל קאפלאן און
קינדער אברהם, ברײנע

לעווינסאן, חיים
לעווינסאן, ביילע

פעלדמאן, חנה
פעלדמאן, ברײנע
פעלדמאן, מלכה
פעלדמאן, יענטע
פעלדמאן, מיכאל
פעלדמאן, אברהם
פעלדמאן, חייטשע און מאן

### באלקון

רויטקאפף, ישראל

רויטקאפף, פרוי
רויטקאפף, קינדער

### הארבאכע

לאפמאן, אלטער יוסף
לאפמאן, פרוי

לעוו, שמעון
לעוו, חנה
לעוו, מאיר ליפמאן
לעוו, פעשע, מאן, קינד

לעוו, זלאטע, מאן פסח
זארעצקי, קינדער בערל,
גיטל און נאך 3

לעוו, פערל, מאן אלתר
ווארצעוויצקי, קינדער:
פייוול 21, גיטל 19

### וואולקע

יודעלעווסקי, זעליג
יודעלעווסקי, פרוי
יודעלעווסקי, 2 קינדער

## וואָלעוועל

וולאַדאַווסקי, שמואל
וולאַדאַווסקי, פּייטשע
וולאַדאַווסקי, טאָכטער

וולאַדאַווסקי, לייבע
וולאַדאַווסקי, פרוי
וולאַדאַווסקי, קינדער

## טשעראָמכע

הויזמאַן, לייבע
הויזמאַן, פרומע
הויזמאַן, משה
הויזמאַן, יוחנן
הויזמאַן, רבקה
הויזמאַן, גיטל

## יאַליטש

מעשטשאַנין, משה
מעשטשאַנין, חייקע
מעשטשאַנין, פּיניע
מעשטשאַנין, 5 קינדער

## לעכעוויטש

וואָלף, ליבע, בנימינ׳ס
וואָלף, יעקב
וואָלף, הערש
וואָלף, ברוך
וואָלף, חיים
וואָלף, חיה, מאַן אברהם
גאַרדאַן, זון זאב

וואָלף, אליה
וואָלף, שרה
וואָלף, איטקע
וואָלף, ברוך
וואָלף, יעקב

באַראַנטשוק, משה
באַראַנטשוק, חנה
באַראַנטשוק, לאה
באַראַנטשוק, ברוך

זאַהן, אסתר לאה
זאַהן, פריידל
זאַהן, וועלוול
זאַהן, חיים

## סוואָרין

ליובאַשעווסקי, ברידער
און פאַמיליעס

## סימענאָוויטש

פאַדאַראָווסקי, וועלוול
פאַדאַראָווסקי, ציפּע
פאַדאַראָווסקי, ניסל
פאַדאַראָווסקי, פרוי
פאַדאַראָווסקי, 2 קינדער
פאַדאַראָווסקי, שמואל
פאַדאַראָווסקי, פרוי
פאַדאַראָווסקי, קיילע
מאַן און 2 קינדער

פאַדאַראָווסקי, גיטל
פאַדאַראָווסקי, פסח
פאַדאַראָווסקי, רבקה
מאַן און קינדער

פאַדאַראָווסקי, זלמן
פאַדאַראָווסקי, בלומע
פאַדאַראָווסקי, העניע
פאַדאַראָווסקי, פאַניע
מאַן מאָטל און זון
פאַדאַראָווסקי, פעשקע
מאַן פאַמעראַניעץ, קינדער

פאַדאַראָווסקי, משה
פאַדאַראָווסקי, פעשקע
פאַדאַראָווסקי, דינה
פאַדאַראָווסקי, ברײינע

פאַדאַראָווסקי, שמואל
פאַדאַראָווסקי, פרוי
פאַדאַראָווסקי, 3 קינדער

פאַדאַראָווסקי, הערש בער
פאַדאַראָווסקי, פרוי
פאַדאַראָווסקי, קינדער
פאַדאַראָווסקי, טאָכטער

איידעם שמערל, קינדער

דער שמיד און פאַמיליע

## סעליטשעווע

גאָלדבערג, מאיר, ברודער
גאָלדבערג, אסתר

טויבען, איסר
טויבען, דאָבקע
טויבען, סאָניע, שוועסטער
טויבען, אסתר

## סעלישטש

וואָלינעץ, משה יצחק
וואָלינעץ, עלקע, טאָכטער
וואָלינעץ, מרים צירל
וואָלינעץ, חיה אסתר
וואָלינעץ, שאָשע
וואָלינעץ, יהודית

שמיד פון וואַרצעוויטש

אַנטאָפּאָלסקי, חיים
אַנטאָפּאָלסקי, א מיידל
אַנטאָפּאָלסקי, פריידל
אַנטאָפּאָלסקי, גאָלדע, קינד

זשאַבינסקי, ישראל-ליב
זשאַבינסקי, פעסל
זשאַבינסקי, 3 קינדער



הרב ב. וואַרשאַווסקי*

# דאָס זיינען די מערדער

דעם 12טן נאָוועמבער, 1947, האָט דער געוועזענער ענגלישער מיניסטער פאַר דייטשלאַנד, לאָרד פּעקענהיים, דערקלערט אין לאָרדן־הויז, אַז די דייטשע „ס.ס.־טרופּן", וועלכע דערוואַרטן זייערע פּראָצעסן, וועלן אַרויסגעלאָזן ווערן פריי אויף אַ „פּאַראָל". בלויז אַ קליינע צאָל ס.־ס.־לייט, וועלכע זיינען באַקאַנט אַלס שעדלעכע כאַראַקטערן, וועלן פאַרהאַלטן ווערן אין די קעמפּס. („ניוס קראָניקל", 13 נאָוו., 1947, לאָנדאָן, ענגלאַנד.)

דאָס גלייכן, איז דער ליבעראַלער, לאָנדאָנער „סטאַר" (4־טן דעצ., 1947), אַרויסגעקומען מיט אַ שמחה, אַז דער באשלוס פון די אמעריקאנער מיליטערישע אויטאָריטעטן, צו פאַרענדיקן די פּראָצעסן אין דעם דאַכאַוער קאָנצענטראַציע־לאַגער קעגן די דייטשע רוצחים, דעם 31־טן דעצעמבער, איז ווערט צו באַגריסן. „נאָך מער ווי צוויי יאָר פּראָצעסן", שרייבט ווייטער דער „סטאַר", „איז שוין צייט, אַז מען זאָל זיך מער קאָנצענטרירן אויף דערציאונג, איידער אויף שטראָף־מיטלען אין דייטשלאַנד. אַלע גרויסע מלחמה־פאַר־ברעכער אין די הענט פון די פאראייניקטע האָט מען דער־ליידיקט(?). אויב עטלעכע קליינע פישעלעך האָבן אויסגעמיטן זייער שטראָף, דאַרף עס אונדז ווייניקער קימערן, ווי די וויכטיקייט צו לערנען די דייטשן צו לעבן ווי ציוויליזירטע מענטשן. די צייט פון שטראָפן איז אַריבער"... א.א.וו.

קלערער פאַרשטאַנען הייסט עס אַזוי: אַלע גרויסע דייטשישע מלחמה־פאַרברעכער האָבן שוין באַקומען זייער פאַרדינטע שטראָף. אַלע שולדיקע דייטשן אין דערשיסן די 50 ענגלישע פליהער, זיינען „אויסגעזוכט געוואָרן פון אונטער דער ערד" און באקומען זייער פּסק; יעדער קלענסטער פאַר־ברעכן מצד א דייטש קעגן א מיטגליד פון די באוואפענטע כוחות פון די פאראייניקטע, איז אויפגעמאָנט געוואָרן; די שולדיקע דייטשן אין דער איינציקער קריסטלעכער „לידיצע" [מער איז נישט געווען ווי איין „לידיצע", וואָרים, וואָלטן געווען מער „לידיצעס", וואלטן די גויים מיט קולות און געוואַלדן געלאָזט דאָס וויסן דער וועלט...], זיינען געזעצט געוואָרן אויף דער באַשולדיקונג־באַנק. אפילו די עוולה פאַר דערשיסן אַ פּאָר הונדערט איטאַליענער איז אויפגעמאָנט גע־וואָרן פון פעלד־מאַרשאַל קעסעלרינג, וועלכער איז פאַר'משפּט געוואָרן צום טויט (6.5.47), שפּעטער פאַרביטן דעם טויט־פּסק אויף תּפיסה, און נאָכ'ן אָפּזיצן אַ פּאָר יאָר באַפרייט...

פאַרבליבן זיינען, הייסט עס, בלויז די קליינע פישעלעך, וועלכע ס'איז געלונגען אויסצומיידן זייער שטראָף, טאָ וועמען קימערט עס? ווייס־איך־וואָס. אַבי די „גערעכטיקייט" האָט געזיגט איבער די גרויסע פאַרברעכער קעגן „הומאַניזם"...

טאָ ווער זיינען עס די „קליינע פישעלעך" און ווער זיינען עס זייערע קרבנות, וואָס זיי האָבן איינגעשלונגען...? — אויב עס אינטערעסירט אייך, אדרבה, ואדרבה! קומט, לאָמיר אויפהויבן דעם פאָרהאַנג פון עקראַן, און זאָלן די בילדער לויפן: בילדער פון די פאַרשטויבטע אַרכיוון, וועלכע זיינען, ליידער, שוין פאַר'יתום'ט און פאַרגעסן...

עס איז א גבית־עדות, אַ מין מסיח לפי תומו, פון די דייטשישע רוצחים גופא; אַ שוידערלעכער דאָקומענט פון דער פינסקער שחיטה, וואָס איז געפונען געוואָרן צווישן די פּאַפּירן פון הויפּט־קוואַרטיר פון דעם פופצנטן דייטשישן פּאָליציי־רעגימענט, די טרויעריק־באַרימטע ס.־ס.־טרופּן.

## דאָקומענט פון פינסקער שחיטה*

„דעם 27־טן אָקטאָבער, 1942, האָט אונזער קאָמפּאַניע באַקומען דעם באַפעל: „גיין קיין קאָברין".

„דעם 28־טן אָקט., 1942, אַרום 21 אַזייגער זיינען מיר אָנגעקומען אין לאַסט־אויטאָס קיין קאָברין און פון קאָברין, געוואָרן פאַראָרדנט, צו מאַרשירן קיין פינסק. די קאָמפּאַניע איז אָנגעקומען אין דער מערב זייט פון פינסק, דעם 29־טן אָקטאָבער 4 אַזייגער.

„אַ קאָנפערענץ איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן ביי דעם רעגי־מענט־קאָמאַנדיר פון פינסק און עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז 2 באַטאַליאָנען, דער צווייטער באַטאַליאָן פון דעם 15־טן פּאָליציי רעגימענט און דער צווייטער קאַוואַלעריע סקוואַד־ראָן, זאָלן האַלטן די וואַך אַרום דער שטאָדט, — אין דער צייט, ווען די 10־טע קאָמפּאַניע פון דעם 15־טן פּאָליציי רעגי־מענט און די 11־טע קאָמפּאַניע פון 11־טן פּאָליציי־רעגימענט, מינוס 2 פּלאַטונס, וועלן אַדורכפירן די רייניקונג פון געטאָ.

„די 11־טע קאָמפּאַניע פון 11־טן פּאָליציי רעגימענט, מינוס דעם ערשטן פּלאַטון, איז געוואָרן פאַראָרדנט צו היטן דעם אומשלאַג־פּלאַץ, די קאַנוואָיס אויף הַעם שחיטה־פּלאַץ, וועלכער איז געווען 4 מייל פון שטאָט; ווי אויך צו אַרומקאָרדאָנען דעם עקזעקוציע־פּלאַץ גופא. פאַר דעם דאָזיקן

---

* אָנגעשריבן נאָך אין יאָר 1947. געווען געדרוקט אין שטענצעל'ס „לשון און לעבן", פעב., 1949, לאָנדאָן, ענגלאַנד.

* געווען געדרוקט אין „פּאָליש אָבסערווער", פעברואַר, 1944, אַרויסגעגעבן פון רעד. צאַנג אין לאָנדאָן, ענגלאַנד.



דאָס איז אַן אויטענטישער שויר־
דער־דאָקומענט פון די דייטשע
מאָרד־פאַבריקן, אַ בילד פון אַ
קרעמאַטאָריום פון טרעבלינקע,
מיידאַנעק, אוישוויץ, בירקענאַו
שטוטאָף, דאַכאַו, בערגען בעלזען
א.א. יעדן טאָג פלעגן די דייטשן
בלויז אין אוישוויץ, וואו עס זיי־
נען געווען אַחוץ קרעמאַטאָריעס
אויך 6 גאַז־קאַמערן, פאַרברענען
24 טויזנט יידן!... דער לאָנדאָ־
נער „סטאַר" פון 1 אַפּריל, 1946,
האָט באַריכטעט, אַז אין אויש־
וויץ (אונטער דער פירונג פון
תלין רודאָלף פראַנץ פערדינאַנד
העס), האָבן די דייטשן פאַר־
ברענט דריי מיליאָן יידן! אַזאַ
מאָרד־פאַבריק איז אויך געווען
אין בראַנע־גורע, בערעזע. ד.וו.

צוועק איז אויך באַנוצט געוואָרן די קאַוואַלעריע. די דאָזיקע אָנגענומענע פאַרזיכערונגס־מיטלען, האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר זייער נוצלעך, ווען אַ 150 יידן האָבן געפּרוּווט אַנטלויפן, אַלע יידן זיינען געכאַפּט געוואָרן פון דער וואַך.

„לויט דער פאַראָרדענונג האָט די רייניקונג פון דער געטאָ געזאָלט זיך אָנפאַנגען 6 אַזייגער, אָבער צוליב דער פינצטערניש איז עס געוואָרן אָפּגעלייגט אויף אַ האַלבער שעה.

„ווען די יידן פון פינסק האָבן דערפאַרן, וואָס עס גרייט זיך פאָר פאַר זיי, האָבן גרויסע מאַסן יידן פרייוויליק צונויפגעקליבן זיך אין די גאַסן, און מיר האָבן געהאַט די מעגלעכקייט צו נעמען עטלעכע טויזנט יידן צו דעם אומשלאַג־פּלאַץ אין דער ערשטער שעה פון רייניקונגס־פּראָצעס.

„ווען די איבערגעבליבענע יידן האָבן דערזען וואָס עס קומט פאָר, האָבן זיי זיך פרייוויליק אָנגעשלאָסן אין די מאַרשירנדיקע קאָלומנען יידן, אַזוי, אַז די פּאָליציי, וואָס האָט געהיט דעם אומשלאַג־פּלאַץ, איז נישט געווען אומשטאַנד אָפּצוציילן די גרויסע צאָל יידן.

„מיר האָבן געהאַט אויסגערעכנט אויפן ערשטן טאָג אויף 1000 ביז 2000 יידן. אָבער דער רעזולטאַט האָט איבערגעשטיגן אַלע דערוואַרטונגען. די ערשטע רייניקונגס־אַקציע האָט זיך געענדיקט נאָך 17 שעה אַרבעט אָן שום אינצידענטן. אַ 10,000 יידן זיינען געטויטעט געוואָרן אין ערשטן טאָג...

„דעם 30־טן אָקט. 1942, איז פאָרגעקומען די צווייטע רייניקונג פון דער געטאָ. דעם 31־טן אָקט.—די דריטע רייניקונג, און דעם 1־טן נאָוועמבער, 1942, איז פאָרגעקומען די פערטע רייניקונג פון דער געטאָ. אַרום 15,000 יידן זיינען צונויפגעטריבן געוואָרן אויפן זאַמלונגס־פּלאַץ. קראַנקע יידן און קליינע קינדער, וועלכע זיינען נישט אַרויסגעקומען פון זייערע הייזער, זיינען גע׳הרג׳עט געוואָרן אין דער געטאָ גופא. מיט איין אויסנאַם, איז דאָ אויך נישט פאָרגעקומען קיין אינצידענטן. [און נאָך אַ 15,000 יידן זיינען אומגעקומען. — וו.]

„אין שייכות מיט די פאַקטן, אַז יידן, וואָס האָבן אַרויסגעגעבן דאָס באַהעלטעניש פון זייער גאָלד, האָט מען געשענקט דאָס לעבן [אַ דייטשישער שווינדל—וו.], האָט איין ייד געמאָלדן, אַז ער האָט באַהאַלטן אַ סך גאָלד. איינער פון אונזערע קאָמענדאַנטן איז מיטגעגאַנגען מיטן ייד צו ברענגען דאָס גאָלד. דער ייד האָט געהאַלטן אין בלייבן הינטערשטעליק אויפן וועג. לסוף האָט ער געוואָלט, אַז דער קאָמענדאַנט זאָל מיט אים אַרויפגיין אויף אַ בוידעם־שטיבל. דער קאָמענדאַנט האָט דעם ייד צוריקגענומען צום פּלאַץ. דער ייד האָט נישט געוואָלט זיצן רואיק אויף דער ערד ווי אַלע יידן. און לסוף האָט דער ייד זיך פּלוצלונג געגעבן אַ וואָרף אויף אַ קאַוואַלעריסט, אַרויסגעריסן פון אים דעם ביקס און אים גענומען צו שלאָגן. אַ סאָלדאַט פון דער קאָמפּאַניע האָט דעם ייד געגעבן מיט אַ האַק איבערן קאָפּ און אים געטויטעט.

„דעם 1־טן נאָוו., 5 פאַרנאַכט, איז די קאָמפּאַניע פאַראָרדנט געוואָרן צו פאַרמירן אַן אויסנווייניקסטן קאָרדאָן. דאָ איז נישט געווען קיין שום ספּעציעלע אינצידענטן. דעם 2־טן נאָוו., 1942, 8 פרי, איז די קאָמפּאַניע געוואָרן באַפרייט פון פינסק און אַוועקגעשיקט געוואָרן צו איר פּאָסטן. די קאָמפּאַניע האָט דערגרייכט קאָברין 1 בייטאָג און במשך פון 17 שעה ווידער פאַרנומען איר פּאָזיציע."

•

„באַמערקונגען:

„1. — אָפּטיילונגען וואָס פאַרנעמען זיך מיט אויסרייניקן און אונטערזוכן געטאָס, מוזן האָבן מיט זיך העק און ענלעכע געצייג צו עפענען פאַרשלאָסענע טירן א.א.וו.

„2. — אפילו ווען עס איז נישטאָ קיין לייטער און קיין שום סימן פון טרעפּ וואָס פירן צום בוידעם, מוזן מיר אָננעמען, אַז דאָרט זיינען פאַראַן יידן באַהאַלטן און אַלע בוידעמער מוזן זאָרגפעלטיק אונטערזוכט ווערן.

„3. — אפילו, וואו עס איז נישטאָ קיין קעלערס, איז

אָבער אָנצונעמען, אַז גרויסע צאָלן יידן באַהאַלטן זיך אין לעכער אונטער דער פּאָדלאָגע. אַזעלכע ערטער מוזן אויפגעבראָכן ווערן, אָדער פּאָליציי־הינט זאָלן אַריינגעשיקט ווערן אַהין. אין פּינסק האָט דער הונט „אַסטאַ״ געלייסטעט זייער גוטע אַרבעט אויף דעם געביט. אַן אַנדער עצה איז אַריינצוואַרפן אַ גראַנאַט אין פאַרדעכטיקטן אָרט, וואָס וועט במילא הרג׳ענען די יידן וואָס באַהאַלטן זיך דאָרט, אָדער עס וועט זיי אַרויסברענגען פון זייער באַהעלטעניש.

„4. — דער באָדן אַרום די הייזער מוז גוט אונטערזוכט ווערן, אויסגעפּרוווט ווערן מיט שטאַרקע אייזנס, ווייל גרויסע מאַסן יידן באַהאַלטן זיך אין פאַרדעקטע גריבער.

„5. — עס ווערט רעקאָמענדירט צו נוצן יונגע יידישע קינדער, וועלכע זאָלן פאַרן פּרייז צו שיינקען זיי דאָס לעבן, אָנווייזן וואו די יידן באַהאַלטן זיך.״

**עד כאן דער דאָקומענט פון פּינסקער שחיטה.**

•

**דער דאָזיקער שוידערלעכער דאָקומענט פון דייטשישער רציחה און קאלט געפּלאַנטן מאָרד, איז אונטערגעשריבן פון „קאַפּיטאַן פון דער פּאָליציי־וואַך־ס.ס.־טרופּן און קאָמפּאַניע־קאָמענדאַנט — סאַאוער״! — שפּעטערדיקער קאָמענדאַנט און שר־הטבחים פון טרעבלינקע!**

## דאָס זיינען די מערדער!

די זעלבע (11־טער און 15־טער) דייטשישע פּאָליציי־רעגימענטן, האָבן אין איין און דעם זעלבן יאָר, 1942, בלויז אויף איין שטח־אָפשניט, אויף דער ליניע פּינסק־בריסק, ווו זיי האָבן אָפּערירט, בלי גוזמא, אויסגעמאָרדעט הונדערטער טויזנטער יידן; ווייל מען דאַרף נעמען אויך אין רעכענונג די יידן פון פּוילן, וואָס האָבן זיך צייטווייליק אויפגעהאַלטן אין די רוסישע פאַרנומענע געביטן ביז זומער 1941.

די אַלטע יידישע קהלות — פּינסק, מאָטעלע, דראָהיטשין, יאַנאָווע, חאָמסק, אַנטאָפּאָליע, האָראָדעץ, זשאַבינקע, קאָברין, בריסק א.א. זיינען אָפּגעווישט געוואָרן פון דעם אויבערפלאַך פון דער ערד. די גרוילעכע מיתות־משונות פון די יידישע מענער, פרויען און קינדער, איז נישט צו באַשרייבן.

פיל צענדליקער טויזנטער יידן, עלטערן און קינדער, זיינען לעבעדיקערהייט אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין די קאַלך־גריבער, אין די קאַלך־אויוונס פון בראָנע־גורע און זיינען דאָרט אומגעקומען אין גרויסע יסורים...

קלאָר. אָט האָט איר דאָס בילד: — די קליינע פישעלעך, און זייערע פאַרשלונגענע קרבנות... אָט האָט איר זיי, די קליינע פישעלעך, וועלכע האָבן אויסגעמיטן זייער שטראָף...!



דייטשן איזדיקעווען זיך איבער זייערע קרבנות, איידער זיי האָבן זיי געטויט. אַזוי האָבן זיי געטאָן צו אונזערע משפּחות... ז.ז. 156

פאַרוואָס הענגען ניט די דאָזיקע העסלעכע, דייטשע רוצחים? — זאָגן די גויים, אַז זיי קימערט עס נישט. נאַטירלעך, די קרבנות זיינען דאָך יידן... און אפשר זיינען זיי גערעכט. פאַרוואָס זאָלן די גויים מאָנען אונזער עוולה, אַז אונז יידן קימערט עס אויך נישט...

איך רעד וועגן די דערמאָנטע יידישע קהלות, אָבער מיינען מיין איך אַלע יידן פון אַלע אויסגעמאָרדעטע קהלות. אין אונזער פאַל, האָבן מיר דאָ אַ גבית־עדות, אַ דאָקומענט פון די רוצחים אליין, וואָס זיי האָבן אָפּגעטאָן צו די יידן אין דעם דערמאָנטן געגנט. מיר ווייסן זייערע נעמען און ווען זיי זייבען!

דאָס זיינען די רוצחים פון 11־טן און 15־טן דייטשישע פּאָליציי־רעגימענטן! אַלע, פון עלטסטן אָפיציר ביזן קלענסטן סאָלדאַט, זיינען זיי שולדיק אין מאָרד פון אונדזערע יידן...!

מיר ווענדן זיך דאָ צו די לאַנדסמאַנשאַפטן און לאַנדס־לייט פון פינסק, מאָטעלע, יאַנאָווע, דראָהיטשין, חאָמסק, אַנ־טאָפּאָליע, האָראָדעץ קאָברין, זשאַבינקע, בריסק, וואָס לעבן בכל תפוצות הארץ! און נישט נאָר די דאָ אויסגערעכנטע, — צו אַלע גואלי־הדם, — [פון אַלע דער׳הרג׳עטע יידישע משפּחות; און באַזונדערס צו די, וועלכע שפּירן נאָך אָן זייער אייגענעם דופק... און פילן נאָך אָן זייער אחריות פאַר די אומגעקומענע...] — ריידן מיר:

גואלי־הדם, איר האָט אויסצופירן אַ זייער הייליקע שליחות! אויב איר ווילט ווערט זיין, אָנגערופן צו ווערן די יורשים פון די קדושים, טאָ זייט מקיים די צוואה פון אייערע פאַמיליעס, וועלכע האָבן פאַר זייער טויט צו אייך גערופן: איר זאָלט נקמה נעמען פאַר זייער בלוט!...

די גואלי־הדם אַליין דאַרפן ברענגען צום משפט די רוצחים פון זייערע משפּחות! די מערדער דאַרפן הייגען!





## דער סוף

דאָס איז דער סוף פון אונדזער דראָהיטשין. ס׳איז אויך טאַטעס און מאַמעס, ברידער און שוועסטער, פון וועמען פון ספר־הזכרון, פון יזכור נאָך אונדזערע פאַרפייניקטע עס זיינען פאַרבליבן בלויז אַש און ביינער, וואָס זיינען צעזייט און צעשפּרייט און צו קבר־ישראל נישט געקומען... האָבן מיר זיך געלאָזט אויפצוזוכן די ביינער פון אונדזערע מאַרטירער. און נאָך יאָרן פון אונגעהויער שווערער אַרבעט איז אונדז געלונגען, ב״ה, אָפּצוגעפינען די דאָזיקע געדעכעניש פון די קדושים. מיר האָבן צונויפגעלייגט ביין צו ביין, באַהעפט גליד צו גליד... אָנגעטאָן זיי אַ לבוש פון פייערדיקע אותיות... און מיר האָבן דראָהיטשין מיט אירע יידן צוריק אויפגעלעבט אין שריפט און אין בילד... מיר זעען אַ שטאָט מיט גאַסן און הייזער... מיר זעען מענטשן, עלטערן און קינדער... עס דאַכט זיך אַז זיי ריידן צו אונדז... אָבער, מיר הערן נישט קיין שטימע, קיין קלאַנג... זיי זיינען פאַרשטילט געוואָרן אויף אייביק... דאָס איז אַלעס וואָס עס איז אונדז פאַרבליבן: אַן אייביקע מצבה נאָך אַ טויטער שטאָט... דער דייטש, ימח שמו, האָט פון איר אויסגעצאַפּט דאָס גאַנצע בלוט, ביזן לעצטן טראָפּן... איך בין אָבער, זיכער, אַז גאָט׳ס שטראָף וועט קומען אויף דער ארץ־הדמים, דייטשלאַנד! וואָלטן מיר באַגערט און געבעטן, וואָלט גאָט׳ס נקמה געקומען שוין, באַלד — אחישנה... אַנדערש, וועט גאָט׳ס שטראָף אויף דייטשלאַנד קומען אין צייט — בעתה... אָבער, קומען, וועט זי זיכער קומען. ס׳וועט זיין אַ ביטערע און מורא׳דיקע שטראָף... אדר־א׳, תשי״ז, פעב., 1957. — דוב וואַרשאַווסקי





# דראָהיטשינער אין דער וועלט

## אַלגעמיינער איבערבליק

די גמרא זאָגט: „צדקה עשה הקב״ה בישראל שפזרן לבין האומות״ (פסחים פ״ז). ג־ט האָט געטאָן אַ צדקה, אַ חסד, מיט די יידן, וואָס ער האָט זיי צעשפרייט צווישן די פעלקער און מדינות. מחמת, אויב אַלע יידן וואָלטן זיך געפונען אין איין מדינה, אויף איין פּלאַץ, וואָלטן די יידישע שונאים געקענט חלילה מאַכן אַ כּליה פון אַלע יידן...

יעדער בר־דעת וואָס דענקט אַביסל קען באַשיימפּערלעך זען דעם חסד, וואָס ג־ט האָט געטאָן צו הונדערטער טויזנטער יידן פון אייראָפּע, וואָס ער האָט זיי באַצייטנס אַוועקגעשיקט פון עמק הבכא און געראַטעוועט זיי פון אומקום... און וואָלטן אַלע יידן געפונען זיך אין גיא־ההריגה, וואָלטן די דייטשן ניט איבערגעלאָזט חלילה קיין שריד ופליט פון יידישן פאָלק...

עס איז געווען באַשערט, אַז עס זאָל בלייבן אַ שארית־הפליטה פון דער פאַרטיליקטער דראָהיטשינער יידישער קהילה (חורבן ת״ש־תש״ה), האָט די השגחה באַצייטנס באַשאַפן די סיבות און גורמים, וועלכע האָבן געשטויסן און געצווונגען פיל פון דראָהיטשינער יידן, זינט די 80־קער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט, צו עמיגרירן פון דראָהיטשין. „ויחץ את העם— ויאמר אם יבוא עשו אל המחנה האחת והכהו והיה המחנה הנשאר לפליטה״. היינט לעבן דאָ פיל דראָהיטשינער, כן ירבו.

### די עמיגראַציע פון דראָהיטשין

די ערשטע דראָהיטשינער יידישע אימיגראַנטן האָבן אָנגעהויבן צו קומען קיין אַמעריקע, זיינען מיר זיך משער, אַרום 1880. און זינט דאַן, ביז דעם אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה אין 1914, איז געגאַנגען אַן אינטענסיווער עמיגראַציע־שטראָם פון דראָהיטשין צו די ברעגן פון דער נייער וועלט, אַמעריקע.

די וועלט איז נאָך דאַן נישט געווען אַזוי „ציוויליזירט״ און „מאָדערניזירט״ ווי היינט, און דער אַרויספאָר און אַריינפאָר פון איין לאַנד אין צווייטן איז פאָרגעקומען אָן גרויסע שוועריקייטן. מ׳האָט נאָר געדאַרפט פאַרקלערן — איז מען געפאָרן...

אין די מלחמה־יאָרן (1914־1919) איז די עמיגראַציע פון דראָהיטשין געווען אָפּגעשטעלט. אין 1920 האָט זיך די עמיגראַציע פון דראָהיטשין ווידער באַנייט אין אַ גאָר שטאַרקן טעמפּאָ. הונדערטער דראָהיטשינער האָבן געשטראָמט צו די ברעגן פון דער פרייער וועלט. אַזוי איז עס אָנגעגאַנגען ביז 1924, ווען אַמעריקע האָט אָנגענומען דעם צווייטן, זייער שאַרפן קוואָטע־געזעץ, וואָס האָט לחלוטין געמאַכט אַ סוף און גאַנץ באַזונדערס צו דער יידישער אימיגראַציע קיין אַמעריקע.

לויט דעם אַמעריקאַנעם קוואָטע־געזעץ האָבן אין לאַנד געקענט אַריינקומען אַן ערך 152,000 פערזאָן יערלעך. פון דעם זיינען 108,000 וויזעס געווען באַשטימט פאַר דייטשלאַנד, ענגלאַנד און אירלאַנד, און די איבעריקע 44 טויזנט וויזעס — פאַר איבער 100 לענדער... קען מען זיך שוין פאָרשטעלן וויפיל וויזעס עס זיינען אָנגעקומען פאַר די יידן פון פוילן און באַזונדערס פאַר די יידן פון דראָהיטשין... סך־הכל אַרום 6,000 וויזעס אַ יאָר פאַר גאַנץ פוילן...

ווי אַנדערש וואָלט געווען אונדזער יידישע מערכה, ווען אַמעריקע וואָלט נישט געשלאָסן אירע טויערן — הונדערטער טויזנטער דערמאָרדעטע יידן, בתוכם פיל דראָהיטשינער, וואָלטן היינט געווען צווישן די לעבעדיקע... איז אַמעריקע נישט אינגאַנצן ריין פון שולד און טראָגט אינדירעקט די אחריות פאַר אַ גרויסן טייל קרבנות פון דייטשער רציחה...

נאָך דער שליסונג פון די אַמעריקאַנער אימיגראַציע טויערן האָבן פיל דראָהיטשינער געזוכט און געפונען אַ מקום־מקלט אין אַרגענטינע, קובאַ און אין ארץ ישראל. די עליה קיין ארץ־ישראל איז צוליב דער שאַרפער סערטיפיקאַטן־סיסטעם געווען זייער אַ באַגרעניצטע און מינימאַלע. אַ קליינער פּראָצענט אויסוואַנדערער האָבן געפּרוּווט מזל מיט קאַנאַדע א.א.

### דריי צענטערן: ניו־יאָרק, שיקאַגע און ארץ־ישראל

ביים היינטיקן טאָג זיינען די דראָהיטשינער לאַנדסלייט, אין זייער גרעסטער מערהייט, קאָנצענטרירט אין די צוויי גרעסטע דראָהיטשינער ישובים, אין ניו־יאָרק און שיקאַגע. פאַר אַ צייט איז דער ניו־יאָרקער דראָהיטשינער קיבוץ געווען דער דאָמינירנדסטער און איינפלוסרייכסטער. היינט צו טאָג ווערט דער שיקאַגער דראָהיטשינער ישוב גערעכנט פאַר דעם רייכסטן און סטאַביליזירסטן. דאָס דערקלערט זיך דערמיט, וואָס אין דער יונגער שיקאַגע מיט אירער שטייגענדער אינדוסטריע און וואַקסנדער פאַבריקאַציע, האָבן אַ סך דראָהיטשינער לאַנדסלייט געהאַט די מעגלעכקייט און געלעגנהייט אויסצובויען פאַר זיך פונדאַמענטאַלע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס.

אַ חוץ אין ניו־יאָרק און שיקאַגע לעבן אויך דראָהיטשינער צעשפרייט איבער קאַליפאָרניע, פלאָרידע, מיזורי, קאַנעטיקוט, פענסילוועניאַ, אָהאַיאָ, דזשאָרדזשיאַ, קאַל., א.א. אַ צאָל דראָהיטשינער, ווי געזאָגט, געפינען זיך אויך אין אַרגענטינע, קובאַ און קאַנאַדע. אָבער דער דריטער גרעסטער דראָהיטשי־

# הרב יוסף קאַגאַן

הרב ר׳ יוסף קאַגאַן, — זון פון הרב ר׳ אהרן און גיטל און איניקל (פון זיין מוטערס צד) פון חפץ־חיים, הרב הגאון וצדיק, ר׳ ישראל מאיר הכהן, קאַגאַן, זצ״ל, — איז געבוירן אין ראַדין. געלערנט אין די ישיבות פון ראַדין (ביים זיידן), סלאָבאָדקע, קרעמע־טשוג־סלאָבאָדקע, לו־קעשקעס־ווילנע (ביי ר׳ ברוך בער׳ן) א.א. האָט אויך שטודירט פילאָזאָפיע אין באָזע־לער אוניווערזיטעט. זינט 1937 איז הרב קאַגאַן מרא דאתרא פון דראָהיטשינער קהלת־יעקב שול, פריער אויף דאָגלאַס־פּעמלין און היינט „קהילת־יעקב בית־שמואל״ אויף דעוואָן און לאַנדייל.



הרב ר׳ יוסף קאַגאַן

הרב קאַגאַן איז באַוואוסט מיט זיין טיפער לומדות און מדות טובות. הרב ר׳ יוסף און רביצין רבקה (טאָכטער פון הרב ר׳ שמואל און חיה־מינע שך, ז״ל), האָבן אַ טאָכטער — עטעל.

---

נער צענטער, נאָך ניו־יאָרק און שיקאַגע, געפינט זיך אין ארץ־ישראל, וואו די מערהייט פון דער שארית־הפליטה פון דראָהיטשינער חורבן האָט געפונען אַ מקום־מנוחה...

די ערשטע אימיגראַנטן האָבן זיך הויפּטזעכלעך גרופּירט אַרום דער שוהל, וועלכע איז געווען דער קאָנצענטראַציע־פונקט פון גאַנצן געזעלשאַפטלעכן לעבן. דאָס לעבן אָבער דאָ איז קיינמאָל נישט געווען איינגעפונדעוועט, נישט געוואָרצלט אויף איין אָרט. ס׳איז שטענדיק אַ נע־אַנגען און ס׳גייט אָן אַ מין „ויחנו ויסעו״, אַ „ויסעו ויחנו״... ווי די יידן אין דער מדבר, אַזוי וואַנדערט מען דאָ פון איין פּלאַץ צום צווייטן, פון איין געגנט אין צווייטן, און וואו מען קומט שטעלט מען אויף אַ נייעם משכן פאַר דעם ארון־הקודש...

אין ניו־יאָרק זיינען די ערשטע דראָהיטשינער אימיגראַנטן געווען קאָנצענטרירט אויף דער „איסט־סייד״, אַרום זייער שוהל „אגודת־אחים אנשי־דראָהיטשין״, אויף העטרי סטריט. היינט וואוינען די מערהייט דראָהיטשינער אין ברוקלין און אַ טייל אין מאַנהעטן, בראָנקס און דער סביבה פון ניו־יאָרק.

אין שיקאַגע האָבן די ערשטע דראָהיטשינער געמאַכט זייער מקום־מנוחה אין דעם נאָענטן דרום־מערב — קלאַרק און האַלסטעד. שפּעטער — אַריינגעצויגן זיך אין דעם ווייטן דרום־מערב שיקאַגע — אינדעפּענדענס־דאָגלאַס. היינט זיינען די דראָהיטשינער צעשפּרייט איבערן גאַנצן שטאָט, אַנהויבנ־דיק פון דעם גאָר ווייטן צפון, מערב, און נאָך ווייטערן דרום־שיקאַגע.

כל־זמן די אַלטע דראָהיטשינער האָבן זיך גרופּירט און געלעבט צוזאַמען, אין ניו־יאָרק אַזוי אין שיקאַגע, און באַזונדערס, כל־זמן די יידישע שפּראַך האָט געקלונגען פריש אין שטוב, אין שוהל און אין גאַס, האָט עקזיסטירט אַ גייס־טיקער קשר, אַ המשך צווישן דער אַלטער היים און דער אַמע־ריקאַנער דראָהיטשין, וואו עס האָט געהערשט אַ וואַרעמע אַטמאָספערע פון היימישער געמיטלעכקייט און יידישקייט.

אָבער מיטן מאָמענט, ווען דער אַלטער דור האָט אָנגעהויבן צו פאַרשווינדן פון דער אַרענע און עס איז אויפגעקומען אַ נייע גענעראַציע, וועלכע האָט אָנגעהויבן זיך פאַרלירן אין שטח פון ווייטקייט און פרעמדקייט; און בעיקר, מיטן אַרויס־שטויסן די יידישע שפּראַך פון שטוב און פון שוהל, — האָט זיך איבערגעריסן דער גייסטיקער קשר צווישן דער אַלטער און נייער היים, במילא, איז דער המשך פון קיום באַדראָט...

עס טרעפן פאַלן, וואָס קינדער פון דראָהיטשינער עלטערן, געבוירענע אין אַמעריקע, לערנען צוזאַמען אין איין שולע, אַרבעטן צוזאַמען אין איין אָרט, און ווייסן גאַרנישט אַז זיי האָבן עפּעס אַ שייכות איינע מיט די אַנדערע...

און מיטן חורבן פון דער אַלטער דראָהיטשין גייט אויך אונטער די נייע אַמעריקאַנער דראָהיטשין, מחמת דער קוואַל, פון וואַנען די יונגע אַמעריקאַנער שפּראָצונגען האָבן געשעפּט זייער יניקה איז אויסגעטריקנט... [דוב וואַרשאַווסקי]

---

# שיקאַגער דראָהיטשינער קהילה

ר׳ צבי יצחק האָפמאַן, ע״ה, האָט ביי זיין לעבן אונדז צו געשיקט וועגן שיקאַגער דראָהיטשין די פאָלגנדע פּרטים:

„אין 1886, פ׳ נשא, בין איך צוזאַמען מיט 22 דראָהיטשי־נער אָנגעקומען קיין **ניו־יאָרק**. מיט אַ וואָך **שפּעטער זיינען** מיר אַ גרופּע פון 7 מאַן אָפּגעפאָרן קיין שיקאַגע. נאַטירלעך, מיר זיינען דאָ געווען עלענד און פאַרצווייפלט. אין שיקאַגע **האָבן מיר געטראָפן געציילטע יחידים פון דראָהיטשין, אפשר אַ 7־8 מאַן, וועלכע האָבן נישט געפירט קיין געזעלשאַפטלעכן לעבן.**

„פילנדיק זיך איינזאַם אין אַ פרעמדער גרויסער שטאָט (**אונזערע פאַמיליעס זיינען נאָך געווען אין דראָהיטשין) האָבן** מיר זיך אַלע דראָהיטשינער געהאַלטן צוזאַמען. דאָס ערשטע זאַך האָבן מיר געגרינדעט אַ „גמילת־חסד״ (פּרעז. י. לאַמאַנ־סקי). נאָכדעם האָבן מיר באַשלאָסן צו טרעפן זיך יעדן שבת אין בית־מדרש החדש. נאַטירלעך, איז דאָס צוזאַמענטרעפן זיך אין שוהל יעדן שבת געווען **פאַר אונז אַ גרויסע פאַסירונג**

און פרייד. מיר פלעגן זיך איינער דעם אַנדערן איבערדער־ציילן די נייעס און די פּאַסירונגען וואָס יעדער איינער האָט אַדורכגעמאַכט אין פאַרלויף פון דער וואָך און וואָס מען הערט פון דראָהיטשין א.א.וו. די עטלעכע פּאָר שעה, וואָס מיר האָבן פאַרבראַכט אין בית מדרש החדש איז געווען פאַר אונז א דערפרישונג און מיר האָבן זיך געפילט דערמונטערט.

„אָבער, ליידער, איינער פון די מנהיגים פון שוהל, אַ געוויסער מר. גודשטיין, האָט נישט פאַרשטאַנען אונזער לאַגע און האָט נישט געקענט סובל זיין דאָס וואָס מיר רעדן אין שוהל. האָט ער געשיקט „באָטיס" צו איינעם פון אונזערע לאַנדסלייט, קדיש בוים, אַז ער זאָל מער נישט קומען אין בית־מדרש. פאַרשטענדלעך, מיר אַלע דראָהיטשינער האָבן זיך גע־פילט געטראָפן פון דער מעשה און אום חול המועד סוכות האָבן מיר פאַרלאָזן דעם בית המדרש החדש.

„באַלד נאָכדעם האָבן מיר אויף פּאַסיפיק עוועניו גע־גרינדעט אליין א קליין שוהל׳כל אונטערן נאָמען „אגודת שלום אנשי־דראָהיטשין". די שוהל האָט זיך מיט דער צייט גוט ענטוויקלט. מיר האָבן אבער דאָרט נישט געקענט זיין לאנג, אפשר א פּאָר יאָר, מחמת דער פלאַץ ווו די שוהל האָט זיך געפונען, האָט באַלאַנגט צום דאמאלסטיקן סיטי מעיאָר, קאַרטער ה. העריסאָן, און דער מעיאָר האָט אַלע זיינע הייזער וואָס ער האָט געהאַט אין דער געגנט מיט דער שוהל צוזאַמען פאַרקויפט צו אנדערע.

„איינמאָל אין אַ שבת איז געקומען צו אונז אין שוהל דער סיטי מעיאָר און האָט אונז מודיע געווען, אַז מיר מוזן זיך אַרויסציען פון אונדזער שוהל... דער מעיאָר האָט אונדז פאָרגעשלאָגן, אַז מיר זאָלן זיך טרעפן מוצאי שבת מיט זיינעם אַ פאָרטרעטער און מען וועט דעם ענין דערליידיקן. אזוי איז געווען. מיר האָבן זיך פארגלייכט און דער מעיאָר האָט אונז, אַלס קאָמפּענסאַציע, געגעבן 1,200 דאָלאַר.

„פאַר דעם דאָזיקן געלט האָבן מיר געקויפט אַ קרקע פאַר אַ בית־הקברות אויף מילוואָקע עוועניו. מיר האָבן אויך גע־גרינדעט אַ צווייטע שוהל „אגודת שלום אנשי דראָהיטשין" אויף 393 סאַוטה קלאַרק סטריט, ווו מיר האָבן זיך דאָרט געפונען עטלעכע יאָר, ביז וואַנען די יידן פון יענעם געגנט האָבן זיך אַנגעהויבן אריבערציען אין דער „וועסט־סייד". פארשטייט זיך, אז אונזער שוהל האָט זיך אויך פארמאַכט.

„ווען יענער געגנט האָט זיך אויסגעליידיקט פון יידן בין איך צוריקגעפאָרן אויף אַ פּאָר יאָר קיין דראָהיטשין". ז.ז. 390

## קהילת־יעקב בית־הכנסת

אהרן אשר קופער (פון די עלטסטע דראָהיטשינער) און אַנדערע דערצעלן די געשיכטע פון שיקאַגער דראָהיטשין:

ווען קופער איז אין 1898 געקומען קיין שיקאַגע, האָט ער אויף קלאַרק און העריסאָן געטראָפן אַ קליין שוהל׳כל פון דראָ־היטשינער, וואָס האָט אַריינגענומען אַ 3 מנינים יידן. אין 1901 האָט מען זיך אַריבערגעצויגן אויף קרעמער סטריט, וואו מען האָט איבערגעמאַכט אַ הויז אויף אַ שוהל. אין 1903׳ בערך

# הרב שמואל שד ז״ל

הרב ר׳ שמואל ב״ר שרגא־פייוויש שד, ז״ל, איז געבוירן אין כיוידאַן ביי קאָוונע. געווען פון די בעסטע יונגעלייט פון ר׳ יצחק אלחנן׳ס כולל אין קאָוונע. אין 1907 איז הרב שד געקומען קיין שיקאַגע און מיט אַ יאָר שפּעטער, 1908, געוואָרן אויפגענומען אַלס רב אין דראָהי־טשינער שוהל, פריער אויף ראָסין־טיילאָר און דערנאָך אין קהלת יעקב — דאַגלאַס העמ־לין. הרב שד, וועלכער האָט זיך גערעכנט פון די חשוב׳סטע רבנים פון שיקאַגע, גע׳שמ׳ט מיט זיין חריפות און בקיאות אין לערנען, און געווען אַ אהוב על הבריות, איז נפטר געוואָרן — י״ב טבת, תרצ״ח, 1937, אין עלטער פון אַריבער 70 יאָר.



הרב ר׳ שמואל שד, ז״ל

די רביצין פון הרב שד, חיה־מינע בת ר׳ צבי־אריה (הערש ליב) פון קאָוונע, איז געשטאָרבן — י״ב אלול, תש״ה, 1945.

---

האָבן די דראָהיטשינער אָפּגעקויפט פון די יאַנאָווער לאַנדס־לייט די שוהל אויף דזשעפערסאָן־אַבריען. אין 1905, ווען די צאָל פון די ניי־געקומענע האָט זיך פאַרמערט, האָבן די דראָהיטשינער אָפּגעקויפט אויף ראָסין־טיילאָר אַ קלויסטער און עס איבערגעבויט אויף אַ שוהל, וועלכע האָט עקזיסטירט ביז 1915.

אין 1915 האָבן די דראָהיטשינער אָנגעהויבן בויען דעם גרויסן מקום־קדוש אויף דאַגלאַס און העמלין, און אין 1917 איז פאָרגעקומען דער חנוכת־הבית, פון דער „קהילת־יעקב אנשי־דראָהיטשין"־שוהל, וועלכע האָט ענטהאַלטן אַ בית־הכנסת, אַ בית־המדרש און אַ תלמוד־תורה.

ווי מען גיט אונדז איבער, האָט די קהילת־יעקב־שוהל און בית־המדרש געהאַט 1800 זיץ־כלעצער, און איז אין משך פון יאָרן געווען אַ מקום קדוש פון תורה, עבודה און צדקה. טאָג־טעגלעך האָבן דאָרט געדאַוונט, איינע נאָך די אַנדערע, 5־6 מנינים, און עס האָבן געלערנט די פאָלגענדע חברות: חברה־ש״ס, חברה־משניות, חברה־מקרא און חברת תהלים. עס האָט אויך עקזיסטירט אַ חברה־קדישא און אַ גמילת־חסד. די חברה־ש״ס פון קהילת־יעקב איז געווען איינע פון די גרעסטע אין שיקאַגע. ביי דעם לומדישן בלאַט, וואָס דער רב

פון שוהל האָט געזאָגט, זיינען געזעסן א סך יידן לומדים.

מיט דער איבערוואַנדערונג פון יידישן ישוב פון דער וועסט־סייד אין אַנדערע געגנטן פון שיקאַגאָ האָט די גרויסע דראָהיטשינער קהילת־יעקב שוהל, ווי פיל אַנדערע, געמוזט זיך, ליידער, אין נאָוו. 1955, פאַרמאַכן... און האָט זיך אין מערץ, 1956, צוריק געעפנט א.נ. „קהילת־יעקב בית־שמואל" אויף דעוואָן־לאַנדייל...

## תלמוד־תורה

ווי געזאָגט, האָט די קהילת־יעקב תלמוד־תורה אָנגעהויבן צו פונקציאָנירן אין תרע"ז, 1917, אין בנין פון קהילת־יעקב־שוהל, צו וועלכער עס איז געווען צוגעבויט אַ ספּעציעלער פליגל פאַר אַ חדר. מיט דער צייט אָבער איז דער פּלאַץ געוואָרן צו קליין פאַר דער גרויסער צאָל תלמידים, וועלכע האָבן געשטראָמט פון די וויטסטע גאַסן צו דער תלמוד־תורה. האָט מען אָנגעהויבן טראַכטן וועגן אַ נייעם בנין. און ווירקלעך, איז אין 1924 אויסגעבויט געוואָרן אויף העמלין עוו. דער גרויסער מאָדערנער תלמוד־תורה־בנין, וועלכער איז אין משך פון יאָרן געווען אַ צירונג פאַרן גאַנצן געגענט.

ווי ביים בויען די קהילת־יעקב־שוהל, אַזוי אויך ביים בויען די נייע תלמוד־תורה, איז אליה אייזענשטיין געווען דער הויפּט־אַרכיטעקט און דער פאַרזיצער פון דעם בוי־קאָמיטעט.

די קהילת־יעקב תלמוד־תורה, וועלכע האָט גע'שמ'ט אין גאַנץ שיקאַגאָ, האָט זיך איינגעטיילט אין צוויי סניפים: איין סניף — „עברית בעברית" און אַ צווייטער סניף — „עברית באידיש". יעדער סניף האָט פאַרמאָגט 8 קלאַסן, בסך־הכל זיינען געווען 16 קלאַסן. אין איר רומפּולער צייט האָט די תלמוד־תורה פאַרמאָגט 800 תלמידים. אין משך פון איר עקזיסטענץ האָבן טויזנטער יידישע קינדער באַקומען אין דער תלמוד־תורה אַ 5־יאָריקן קורס אין עלעמענטאַרער יידישער דערציאונג. די לערע־פּראָגראַם האָט איינגעשלאָסן: די העברעאישע און יידישע שפּראַכן, חומש, רש"י, נ"ך, גמרא, דינים, יידישע געשיכטע, יידישע מוזיק וכדומה.

אַזוי איז עס אָנגעגאַנגען ביז די לעצטע יאָרן, ווען די יידישע באַפעלקערונג האָט זיך אָנגעהויבן אַוועקציען פון דער וועסט־סייד, און צוזאַמען מיט פיל אַנדערע יידישע מוסדות, האָט זיך אויך די תלמוד־תורה פון „קהילת־יעקב אנשי־דראָהיטשין" אין 1955 צוגעמאַכט...

## בית־עולם

נאָך אין 1894 האָבן די ערשטע דראָהיטשינער אימיגראַנטן געקויפט אַ קרקע פאַר אַ בית־עולם אויף מילוואָקע עווענוי, באַקאַנט א.נ. „מאַרטען־גראָוו" בית־עולם. איניקע דראָהיטשינער זיינען דאָרט געקומען צו קבורה. דער דאָזיקער אָרט האָט אָבער געהאַט פיל חסרונות און בעיקר, ווייל עס האָט זיך געפונען ווייט פון דער יידישער שכונה. האָבן די גבאים פון דראָהיטשינער שוהל אויף ראָסין עווענוי איינגעהאַנדלט (אין 1906 בערך) אַ שטיק קרקע (פאַר $7,500) אויף וואַלדהיים און עס מחנך געווען פאַר אַ בית־החיים, וועלכער איז, אַלעמען צו לאַנגע יאָרן, אין נוצן עד־היום.

דער הייליקער אָרט אין וואַלדהיים ווערט פאַרוואַלטעט פון אַ קאָמיטעט פון דראָהיטשינער לאַנדסלייט, אין וועמענס שפּיץ עס שטייט דער סופּעראינטענדענט, וועלכער פירט אָן מיט דער גאַנצער באַלעבאַטישקייט פון בית־החיים.

דעם אמת פון סופּעראינטענדענט האָבן אין משך פון די אַלע יאָרן פאַרנומען לויט דער ריי: הערשל האָקמאַן, יעקב גוטער, הערשל שקאָלניק, אליה אייזענשטיין און ראובן דייטש. — היינט זיינען סופּעראינטענדענטן די ברידער אברהם און דוד אייזענשטיין.

[דוב וואַרשאַווסקי]



ר' שמחה מילער, זון פון ר' דוב און רחל, געבוירן אין דראָהיטשין; געקומען קיין אַמעריקע אין 1921. געווען 10 יאָר וויצע־פּרעזידענט און דעם לעצטן יאָר פּרעזידענט פון קהילת יעקב שול אויף דאָגלאַס. היינט איז ער וויצע פּרעזידענט פון דער קהילת יעקב בית שמואל אויף דעוואָן. בילד גענומען אין שול קהלת־יעקב ביים ארון הקודש אין יאָר 1956.



**ר' צבי יצחק האָפמאַן,** ע"ה, איז אַ געבוירענער פון דראָהיטשין. איז געווען פון די עלטסטע דראָהיטשינער אין שיקאַגאָ די לעצטע יאָרן געוואוינט אין סאַן פראַנציסקאָ און געשטאָרבן אין עלטער פון 106 יאָר. זען זייט 273 און 388.

# ניו־יאָרקער דראָהיטשינער קהילה

די ערשטע יידישע עמיגראַנטן פון דראָהיטשין, וועלכע זיינען פאַרוואָגלט געוואָרן קיין ניו־יאָרק, האָבן אין די ערשטע יאָרן געהאַט אויסצושטיין גרויסע שוועריקייטן ביים איינאָרדענען זיך אין זייער נייער היימלאַנד. אַחוץ די זאָרג און צרות פון פרנסה האָבן זיי שטאַרק געליטן גייסטיק, האָבן שטאַרק גע־בענקט נאָך אַ היימישער סביבה; עס האָט זיי געפעלט דער פלאַץ, ווו זיי זאָלן קענען, נאָך אַ וואָך שווערער אַרבעט, צוזאַמענקומען זיך אין אַ שבת און יום־טוב, דאַווענען בציבור און פאַרברענגען צוזאַמען, די פרייע צייט, אין אַ היימישער סביבה. נאָך איניקע באַראַטונגען צווישן זיך איז ביי די דראָהיטשינער אימיגראַנטן געבוירן געוואָרן דער געדאַנק צו אָרגאַניזירן אַ חברה פון דראָהיטשינער לאַנדסלייט. און אַזוי איז געשאַפן געוואָרן די היינטיקע באַוווסטע חברה „אגודת אחים אנשי דראָהיטשין" אין ניו־יאָרק.

די גרינדונג פון דער חברה איז פאָרגעקומען אין הויז פון משה אהרן גאָלדבערג ע"ה. צווישן די הויפט גרינדער זיינען געווען: יעקב פאלאק, משה אהרן גאלדבערג, גדליה גראסמאַן, שמואל אליהו גראסמאַן, יעקב שמואל ארעמלאנד, שמעון בערמאַן, מייער ליוויי, יחיאל פעער, אייק ליוויי, הענעך מיללער, שאול קאָך, משה איסר ראָזען א. א. דעם 17־טן פעברואַר, 1900, איז אַרויסגענומען געוואָרן אַ טשאַרטער פאַר דער חברה אויף דעם נאָמען פון חבר הענעך מיללער. אַזוי אַרום קומט אויס, אז פאַקטיש איז די חברה „אגודת אחים אנשי דראָהיטשין" געקומען צום לעבן דעם 17־טן פעברואַר אין יאָר 1900. נאָך אין דעם זעלבן יאָר האָט די חברה, וועלכע האָט דאַן געציילט עטלעכע און צוואַנציק חברים, אריבער־געצויגן זיך אין איר אייגענעם לאקאל, אויף 158 עלדרידזש סטריט, און געקויפט אַ שטיק קרקע פאַר אַ בית־החיים אויף דעם הר־ציון בית־עולם. דער חינוך הגדר פון הייליקן אָרט איז ערשט פאָרגעקומען אין יאָר 1906.

אין יאָר 1908 האָט די חברה, צוליב דער פאַרגרעסערטער צאָל חברים, געוועזן געצוווּנגען צו איבערציען זיך אין אַ גרעסערער וווינונג, אויף 156 הענרי סטריט. אין יאָר 1910 איז געפייערט געוואָרן דער 10־טער יובילעאום פון דער חברה. ביי דער געלעגנהייט איז פאַרטיילט געוואָרן צו די חברים די ערשטע געשריבענע קאָנסטיטוציע פון דער חברה. אין יאָר 1915 איז געקויפט געוואָרן אַ צווייטע שטיק קרקע אויף דעם „הר־ציון" בית עולם.

איינער פון די וויכטיקסטע פאָנדן פון דער חברה, דער „ביקור־חולים", איז געשאַפן געוואָרן אין יאָר 1919. דער „ביקור חולים" איז שפּעטער (1926) פאַרשטאַרקט געוואָרן מיט דער נתינה פון 900 דאָלאַר פון חבר אברהם קופער, ע"ה. מיט דער צייט זיינען צוגעקומען נאָך איניקע פאָנדן, ווי די „גמילת־חסד־קאַסע", 1920, (די ערשטע טויזנט דאָלאַר פאַרן גמילת־חסד האָט געשיינקט פישל דוב ראָזענבערג, ע"ה); דער „אָלד־אײדזש־פאָנד" (1922) און דער „ענדאָומענט פאָנד" (1928) צו העלפן די אלמנות און יתומים פון די לאַנדסלייט.

אין יאָר 1924 האָט די חברה געפייערט איר 25טן יובי־לעאום מיט אַן אימפּאָזאַנטן באַנקעט, אויף וועלכן עס איז געשאַפן געוואָרן די סומע פון 35 הונדערט דאלאר (די ערשטע טויזנט דאלאר האָט מנדב געווען יעקב פאלאק) מיט דער

לזכרון נצח — אונדזערע טייערע עלטערן
**הרב מרדכי ב"ר שלום שכנא הלוי מינקאָוויטש**
כ"ו מנחם־אב, תשט"ו, 1955
**חנה־ביילע בת ר' משה מינקאָוויטש**
כ"ב אייר, תרצ"ט, 1939
שרה, ישראל, יהודית, מיכאל און אסתר
(זען זייטן 16, 135, 203 און 204. װ.)

# אהרן אשר קופער

אהרן אשר קופער, זון פון יצחק בנימין און הענדל קופער, געבוירן 1878 אין דראָהיטשין, געלערנט אין חדר און אין תלמוד תורה. אין 1895 געהייראַט מיט טויבע (טילע) בודער, טאָכטער פון אפרים און חיה בודער פון דראָהי־טשין. 1898 אַריבערגע־קומען קיין שיקאַגע. פאַר אַ צייט לאַנג געווען דער אייגנטימער און אָנפירער פון דער „א. קופער שיך קאָמפּאַני", אַ הורט־געשעפט פון שיך.


אהרן אשר קופער

צו זעלבער צייט האָט קופער זיך אָפּגעגעב מיט כלל־טועריי. געווע פרעזידענט (1905־1908) פון דראָהיטשינער שוהל אויף ראַסין און טיילאָר; מיטגרינדער, וויצע פרע־זידענט (1926) און פרעזידענט (1929) פון קהילת יעקב שוהל אויף דאָגלאַס־העמלין; מיטגרינדער און לאַנג יעריקער באָרד־דירעקטאָר פון קהלת־יעקב תלמוד־תורה און דראָהיטשינער בית־החיים אויף וואַלדהיים. אַחוץ צייט און אַרבעט האָט קופער געלאָזט זיך אויך פיל קאָסטן.

די לעצטע יאָרן לעבט קופער צוזאַמען מיט זיינע קינדער. אהרן אשר'ס פרוי, טויבע, איז געשטאָרבן 13טן נאָוועמ־בער, 1949, אין שיקאַגע.

די קופערס האָבן געהאַט זיבן קינדער: הענדל מייקעלס, פנחס, יצחק־בנימין, פריידע פישמאַן, פערל, יעקב, דוד. ד.װ.

כונה צו קויפן אן אייגענעם ווינקל פאַר דער חברה. און אין יאָר 1925 האָט זיך די „אגודת אחים אנשי דראָהיטשין" אַריינגעצויגן אין איר אייגענער היים, אויף 158 הענרי סטריט.

אין יאָר 1930 קויפט די חברה צום דריטן מאָל אַ שטיק קרקע אויף דעם „הר־לבנון" בית־עולם, ניו־דזשוירזי. און אין יאָר 1932 ווערט געקויפט נאָך אַ שטיק קרקע אויף דעם „בית־דוד" בית עולם.

אין יאָר 1933 איז מיט דער הילף פון שאול קאך געגרינדעט געוואָרן די דראָהיטשינער לידיס אָקזילערי. אין די יאָרן 1930, 1934, האָט די חברה פאראנשטאלטעט צוויי באָל־אונטערנעמונגען, וועמענס הכנסה האָט פיל געהאָלפן אויסצובעסערן דעם מצב פון דער חברה אין איר היים.

אין נאָוועמבער 1935 האָט די חברה געפייערט איר 35־טן יובילעאום, וועלכער איז דורכגעפירט געוואָרן מיט גרויס פּאַראַד. אין יאָר 1936 איז מיט דער איניציאַטיוו פון דער חברה געגרינדעט געוואָרן די „דראָהיטשינער רעליעף סאָסייעטי", וועלכע האָט געשטיצט און געהאָלפן הונדערטער פאַמיליעס אין דער אַלטער היים דראָהיטשין.

אין יאָר 1950 האָט די חברה געפייערט איר 50 יאָריקן גאָלדענעם יובילעאום. ביים היינטיקן טאָג פאַרמאָגט די „אגודת אחים אַנשי דראָהיטשין" אין ניו יאָרק אַן אייגענעם אויסגעצאָלטן בנין אויף 158 הענרי כטריט, ווו עס געפינען זיך די באַוווּסטע דראָהיטשינער שוהל און אַלע געזעלשאַפטלעכע צווייגן און גרופּען פון דער חברה, וועלכע פירן אָן אַ פאַרצווייגטע טעטיקייט אויף פאַרשידענע געביטן. ספּעציעל האָט די חברה געשטיצט מיט ראַט און טאַט די דראָהיטשינער, וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט פון לעצטן חורבן... ד.וו.

•

# ניו־יאָרקער דראָהיטשינער צווייג

## 401 — יידישער נאַציאָנאַלער אַרבעטער פאַרבאַנד

ג ע ג ר י נ ד ע ט  אין 1944 אויף דער איניציאַטיוו פון יוסף קאָלען, בעני טעפּער, אפרים שמיד און אשר וואָלינס. אין דער ערשטער זיצונג האָבן זיך באַטייליקט, אַ חוץ די אויבנדערמאָנטע, אויך הערמאַן גראָסמאַן, גדליה קאַפּלאַן, יודל מילער, גאָרבער, זלאָטניק א.א. און דער צווייג האָט אָנגעהויבן אָפיציעל צו פונקציאָנירן מיט יוסף קאָלען אַלס פאָרזיצער.

דעם זעלבן יאָר, שבועות, איז מיט דער הילף פון פאַרבאַנד געוואָרן אָרגאַניזירט אַ פייערונג פון לאַנדסלייט, אויף וועלכער די פאַרזאַמלטע זיינען סטימולירט געוואָרן צו העלפן בויען די נייע אָרגאַניזאַציע.

אָקטאָבער, 1945, איז ביי אַ פייערלעכן באַנקעט פאָרגעקומען די אָפיציעלע אינסטאַלירונג פון צווייג, וועלכער האָט דאַן באַקומען זיין טשאַרטער אונטערן נומער „401". דער צווייג האָט דאַן באַשלאָסן צו נעמען אַן אַנטייל אין דעם פאַרבאַנד־קאַמפּיין פון יתומים־אַדאַפּטירונג. הערמאַן גראָסמאַן האָט דאַן אַדאַפּטירט אַ יתום און איינגעצאָלט די סומע פון 300 דאָלאַר צום צווייג.

מערץ, 1946, איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ גרויסע עקזעקוטיווע. צו די אויבנדערמאָנטע זיינען צוגעקומען די פאָל־



דער שוהל בנין פון דער „אגודת אחים אנשי דראָהיטשין" אין ניו יאָרק, געקויפט אין 1925 אויף 158 הענרי סטריט. די שוהל עקזיסטירט נאָך דאָרט עד היום.

געענדע נייע חברים: יוסף שוב, יוסף בירענבוים, אַלפרעד גריי, חברה סטויבער, קאַרל שיינבוים, איטשע פיסעצקי און שמואל ליווי — פאַרזיצער.

אין מאַי, 1946, האָט זיך דער צווייג, אונטער דער אָנפירונג פון גדליה קאַפלאַן, באַטייליקט אין דער פּעקלעך־אַקציע פאַר דראָהיטשינער שארית הפליטה. אין הערבסט, 1946 — געגומען אַנטייל אין פּעקלעך־קאַמפּיין פון פאַרבאַנד לטובת דער שארית הפליטה אין דייטשלאַנד. אין יאַנואַר, 1947, האָט דער צווייג צום ערשטן מאָל אַנטייל גענומען אין דעם פאַרבאַנד־קאַמפּיין לטובת די הסתדרות־געווערקשאַפטן. אין פרילינג, 1947 — אנטייל גענומען צום ערשטן מאָל אין קרן־קימת־קאַמפּיין. אין 1948 האָט דער צווייג, צוזאַמען מיט דער דראָהיטשינער „רעליעף־סאָסייעטי" אָנגעפירט א פאַרייניקטע הילפס־אַקציע צו העלפן די דראָהיטשינער לאַנדסלייט אין דייטשלאַנד, פּוילן, איטאַליע און ציפּערן.

אין 1948 און 1949 איז פאַרזיצער פון צווייג געווען אשר וואָלינס. דער צווייג איז עטלעכע מאָל געווען אויף דער ערן־ליסטע פאַר זיין אַרבעט לטובת דעם ארץ־ישראל־אויפבוי.

דער צווייג האַלט אָפּ רעגולערע זיצונגען, אַרגאַניזירט ליטעראַרישע אָוונטן, לעקציעס; אַרדנט איין יערלעכע באַנקעטן (אין פאַרבינדונג מיט דעם הסתדרות קאַמפּיין) א.א.וו.

דער צווייג, וועלכער ציילט א גרעסערע צאָל מיטגלידער פון דראָהיטשינער לאַנדסלייט א.א. ווערט היינט אָנגעפירט פון דעם ענערגישן עסקן, בעני טעפּער, פאַרזיצער פון דראָהיטשינער הילפס־פאַריין אין ניו־יאָרק. ד.וו.

פּרטים פון שמואל ליווי

# הערשל שוואַרץ

הערשל שוואַרץ, זון פון אליעזר און רחל שוואַרץ, איז געבוירן 6־טן דעצ. 1906 אין דראָהיטשין. גאַר יונג (אין 1921) עמיגרירט פון דראָהיטשין און געמאַכט זיין היים אין נאָרוואלק, קאָנעטיקוט, ווו ער האָט באַזוכט די האַי־סקול. 21־טן דעצ. 1930 געהייראַט מיט בערטאַ, די טאָכטער פון צבי־הלל און שרה. צבי, א דערפאָלגרייכער סוחר אין קאָנעטיקוט, איז פיל יאָרן (ביז 1955) געווען פאַרבונדן מיט די גרויסע פירמעס, די „סופער מאַרקעטס". אויך געווען דער פּיאָנער פון „סעלף־סערוויס" (זעלבסט־באַדינונג) געשעפטן אין קאָנעטיקוט.


הערשל שוואַרץ

צו גלייכער צייט איז שוואַרץ געווען שטאַרק אַקטיוו אין יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן דאָרט. געוו. פאַרזיצער (זינט 1951) פון ישראל־באָנדס־קאַמפּיין; געוו. קאַסירער פון יידישן סענטער; געוו. פּרעזידענט (ביז דעם יאָר) פון שול דאָרט. זינט 1948 איז שוואַרץ דער פאַרזיצער פון „יונייטעד דזשואיש אַפּיל"; וויס פּרעזידענט פון „קאַמיוניטי קאָונסיל"; מיטגליד פון ציוניסטישן קלוב דאָרט, וואָס פירט אויף פאַרשטעלונגען לטובת נויטבאַדערפטיקע יחידים און אָרגאַניזאַציעס.

די שוואַרצעס האָבן א טאָכטער ראני און א זון לעאָנארד.

# שיקאַגער דראָהיטשינער צווייג 294

### יידישער נאַציאָנאַלער אַרבעטער פאַרבאַנד

אַלס א מיטגליד פון „שלום־עליכם־צווייג" ביים א. נ. א. פאַרבאַנד און זייענדיק באַקאַנט מיט דער פּראָגראַם און אַקטיוויטעטן פון פאַרבאַנד איז מיר איינגעפאַלן א געדאַנק צו גרינדן א ספּעציעלן פאַרבאַנד צווייג פון דראָהיטשינער לאַנדסלייט, וועמענס אויפגאַבע עס זאָל זיין: ערשטנס, צו זאָרגן פאַר די אינטערעסן און נויטן פון די יידן אין דראָהיטשין; צווייטנס, צו אַרבעטן פאַר די יידיש־נאַציאָנאַלע אינטערעסן דאָ אין לאַנד; דריטנס, צו אַנטקעגנקומען די פּראַקטישע און קולטור־נויטן פון די צווייג־מיטגלידער; און פערטנס, צו געבן אַקטיווע הילף אין אַלע פאָרמען דעם ארץ־ישראל־אויפבוי.

די ערשטע גרינדונגס פאַרזאַמלונג פון א קליינער צאָל דראָהיטשינער איז פאָרגעקומען מיט דער באַטייליקונג פון ד"ר ב. פּרימער, פעברואַר 1941, ווען עס איז געלייגט געוואָרן דער יסוד פון דראָהיטשינער צווייג.

נאָכן וועלבירן די געזעצלעך נויטיקע צאָל מיטגלידער, איז דעם 29 יוני, 1941, פאָרגעקומען די אָפּיציעלע אינסטאַלירונג פון צווייג. חבר לואיס סיגאַל, סעקרעטאַר פון פאַרבאַנד, איז ספּעציעל געקומען פון ניו־יאָרק דורכצופירן די פייערלעכע אינסטאַלירונג צערעמאָניע, און דער דראָהיטשינער צווייג איז דאַן געוואָרן איינגעגלידערט אַלס פול־באַרעכטיקטער מיטגליד אין פאַרבאַנד און זיך געגעבן זיין אָפּיציעלע עקזיסטענץ.

פיל פון דראָהיטשינער לאַנדסלייט זיינען געוואָרן מיטגלידער פון צווייג, וועלכער האָט זיך מיט דער צייט שטאַרק אַנטוויקלט און געקראָגן א שם אין יידישן שיקאַגע ווי אויך אין אַלע פאַרבאַנד־קרייזן אין לאַנד.

די אַרבעט פון צווייג קאָנצענטרירט זיך אויף די געביטן:

1) ארץ־ישראל־פאָנדן: — דער צווייג האָט מיט זיינע יערלעכע אַקציעס געשאַפן צענער טויזנטער דאָלאַרן פאַר דעם געווערקשאַפטן־קאַמפּיין (הסתדרות), נאַציאָנאַל־פאָנד (קרן־קימת לישראל), „קאָמביינד דזשואיש אַפּיל", „ציוניסטישער אַרבעטער פאָנד" א.א.

# מרים גינגאָלד

מרים גינגאָלד, טאָכטער פון ר׳ שמעון און לאָצע ווייסמאַן, איז געבוירן אין דראָהיטשין. האָט געלערנט אין גימנאַזיע אין פינסק און געווען געזעלשאַפטלעך טעטיק אין דראָהיטשין.


מרים גינגאָלד

אין 1927 האָט מרים צוזאַמען מיט איר מאַן און קינדער אויסגע־וואַנדערט קיין אַמע־ריקע, שיקאַגע, ווו זי איז געוואָרן שטאַרק אַקטיוו אין דער ציו־ניסטישער אַרבעטער באַוועגונג.

פאַר די לעצטע 25 יאָר איז זי פאַרבונדן מיט דער פּיאָנערן־פרויען אָרגאַניזאַציע, וו זי האָט פאַרנומען פאַרשידענע וויכטיקע אַמטן און איז היינט אַ מיטגלידערין פון דער נאַציאָנאַלער עק־זעקוטיווע דאָרט; איז אויך אַ מיטגלידערין פון „איחוד־עולמי" אין ישראל; געווען דעלעגירט צום ציוניסטישן קאָנ־גרעס אין 1946 און צום לעצטן קאָנגרעס 1956 אין ירושלים.

אַ חוץ איר ציוניסטישער אַרבעט איז מרים גינגאָלד אויך אַקטיוו אין יידישן דערציאונגס־וועזן אין שיקאַגע. זי איז פאָרזיצערין פון צענטראַלן שול־קאָמיטעט פון דער ציוניס־טישער אַרבעטער־באַוועגונג און מיטגלידערין פון „באָרד אָף דזשואיש עדיוקיישאָן".

מרים איז אַ באַגאַבטע רעדנערין און טרעט אויף אָפט מיט רעדעס אויף פאַרשיידענע געזעלשאַפטלעכע אונטערנעמונגען.

מרים׳ס מאַן, בערנאַרד גינגאָלד, אַ באַקאַנטער געשעפטס־מאַן, איז אויך זייער טעטיק אין דער ציוניסטישער אַרבעטער באַוועגונג, ספּעציעל אין נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד, ווו ער פאַרנעמט זינט מערערע יאָרן דעם אַמט פון וויצע־פאָר־זיצער פון שטאָט־קאָמיטעט. די גינגאָלדס האָבן 2 טעכטער. וו.

2) רעליף־אַרבעט: — דער צווייג פירט אַדורך אָפטע באַשטייערונג קאַמפּאַניעס פאַר פאַרשידענע יידישע פילאַנ־טראָפּישע אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס אין לאַנד.

3) הילף פאַר לאַנדסלייט: —דער צווייג שטיצט און העלפט נויטבאַדערפטיקטע דראָהיטשינער לאַנדסלייט וואו זיי זאָלן נישט זיין מיט שפּייז־פּעקלעך ווי אויך מיט מזומנים.

4) קולטור אַרבעט: — דער צווייג האָט פאַר אַ לאַנגער צייט אַרויסגעגעבן אַ חודשלעכן בולעטין א.נ. „ידיעות", ווי




אויך סואוועניר־ביכלאַך (8) מיט אינפאָרמאַציון מאַטעריאַל, וואָס זיינען פאַרשפּרייט געוואָרן צווישן אַלע מיטגלידער.

זלמן שעווינסקי

•

# „פּראָגרעסיוו־קלוב"

אין 1937 האָט אַ גרופּע מענער און פרויען פון דראָהי־טשינער לאַנדסלייט אָרגאַניזירט אין שיקאַגע דעם „פּראָגרע־סיוו־קלוב", וועלכער האָט פּאַ־ראַלעל מיט דעם אַלגעמיינעם הילפס־פאַריין, פאַרנומען זיך צווי. אַנד. מיט שיקן געלט־שטיצע צו די פאַראָרעמטע יידן אין דראָהיטשין. גאַנץ באַזונ־דערס האָט דער קלוב געהאָלפן די „צ ע נ ט אָ ס" (געזעלשאַפט פאַר קינדער־שוץ און יתומים־פאַרזאָרגונג), און דעם בויענדן „בית־עם" אין דראָהיטשין.




דער קלוב האָט עקזיסטירט ביז 1941, ווען מיטגלידער פון קלוב האָבן געהאָלפן שאַפן דעם „דראָהיטשינער צווייג" און דער „פּראָגרעסיוו־קלוב" האָט זיך אויפגעלייזט.

## דראַמאַטישער קלוב

מיט דעם סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן אייניקע ניי־געקומענע יונגע דראָהיטשינער אָרגאַניזירט זיך אין אַ „דראַמאַטישן קלוב", וועמענס אויפגאַבע איז געווען צו העלפן — דורך פאָרשטעלונגען — שאַפן געלט פאַר דעם הילפס־פאַריין, וואָס האָט געשיקט שטיצע קיין דראָהיטשין. בען קעסט איז געווען רעזשיסאָר און איינער פון די שפּילער.

באַנקעט בילד פון 35־טן יובילעאום פון ניו־יאָרקער דראָהיטשינער קהילה „אגודת־אחים אנשי־דראָהיטשין“ אין יאָר 1935

# יעקב וואַרשאַווסקי

יעקב וואַרשאַווסקי, זון פון משה שמואל און פערל וואַר־שאַווסקי, געבוירן אין דראָהיטשין. אין 1934 אויסגעוואַנדערט קיין ארץ־ישראל און געדינט דאָרט אין דער גפירים פּאָלי־ציי. אין 1940 אָנגעקומען קיין אַמעריקע, שיקאַגע. מערץ 1942, געוואָרן מאָביליזירט אין אַמעריקאַנער אַרמיי; באַ־טייליקט זיך אין פיל שלאַכטן אויף די פראָנטן פון צפון־פראַנקרייך, דייטשלאַנד (ריינ־לאַנד) און עסטרייך. לעצטע וואָך פון דער מלחמה געוואָרן שווער פאַרוואונדעט און אָפּ־געלעגן אָנדערהאַלבן יאָר אין שפיטאָל. יעקב איז געוואָרן באַערט מיט די פאָלגענדע אויסצייכנונגען און מעדאַלן: „בראָנז־סטאַר“, „פּורפּל־האַרט“, 3 „שלאַכט סטאַרס“, „יוראָ־פּיען־אַפריקאַן מידל איסט סערוויס מעדאַל“, „2־טע וועלט־מלחמה וויקטאָרי מעדאַל“ א.א. וו. איז היינט אין מסחר פון אויטאָמאָביל־טיילן. (זען בילדער אויף זייט 269, 293, 301. וו.)

י. וואַרשאַווסקי אין שפּיטאָל

## ניו־יאָרקער „הילפס־פאַריין“

דער ניו־יאָרקער „הילפס־פאַריין“ האָט אין משך פון זיין עקזיסטענץ געגעבן ממשות׳דיקע מאַטעריעלע הילף צו די דראָהיטשינער אין דער אַלטער היים. אַ דאָקומענט, וואָס איז געשיקט געוואָרן פון דראָהיטשין צום פאָרזיצער בעני טעפּער, באַווייזט, אַז אין איין צייט האָט דער ניו־יאָרקער הילפס פאַריין אַריינגעשיקט קיין דראָהיטשין 4,291 זלאָטעס, וואָס זיינען פאַרטיילט געוואָרן צו 204 פאַמיליעס... [ד.וו.]

•

## פון אַן אַלטן פּראָטאָקאָל-בוך אין 1917

דער שיקאַגער רעליף־קאָמיטעט שיקט קיין דראָהיטשין $2,152.72. דער קאָמיטעט: צבי האַקמאַן, פאָרז.; זלמן אייזענ־שטיין, קאַס.; לייבל באַרענבוים, סעק.; ישראל־ברוך אייזענ־שטיין, לאַנע גאָלדבערג, ישראל־ברוך וואַרשאַווסקי מלכה׳ס.

דער קלוב־פאַריין האָט צושטייער געגעבן $300. דער קלוב קאָמיטעט באַשטייט פון ציפּה שעווינסקי, ישראל־ברוך איי־זענשטיין, משה גראַטש, לאַנע־רייזל גאָלדבערג, סעק. ד.וו.



אַ גרופּע פון דראָהיטשינער צווייג — באַאַמטע און עקזעקוטיווע פון יאָר 1949.

ערשטע שורה, זיצן פון רעכטס: דאָבקע גאָלד, אַדעל קאָהן, לייזער וואַרשאַווסקי (פאָרזיצער), שיינדל דווינסקי, נחמה דווינסקי און איידאַ קאָהן: צווייטע שורה, שטייען פון רעכטס: חיה שעווינסקי, לאַנע לאַמבערט, בנימין שעדראָוו, פרידע וואַרשאַווסקי, חנה גאָלדבערג, לאַנע־רייזל גאָלדבערג, מייטע אייזענשטיין, פרידע מייערס, יהודית האָפּמאַן,ביילע און מאָריס ליווי (וויצע־פאָרזיצער). דריטע שורה, פון רעכטס: זלמן שעווינסקי (פינאַנץ־סעקרעטאַר), ברוך גאָלד, בלומע גוטאָוו (פּראָטאָקאָל־סעקרעטאַרין), בערל לאָפּאַטין, אַלטער דווינסקי (הסתדרות־פאָרזיצער), סעם קאָהן, לואיס מייער, חיים האָפּמאַן (וויצע־פאָרזיצער). לעצטע שורה פון רעכטס: סעם און העסקע מאַטש (וויצע־פאָרזיצערין פון צווייג־קרן־קימת), יוסף פעלדמאַן, מרדכי גוטאָוו, יצחק־יונה גאָלדבערג, הערש־ליב אייזענשטיין (אָרגאַניזאַציע־פאָרזיצער), סענדער דווינסקי, אהרן קאָהן, נייטן לאַמבערט. פעלן דאָ מאָריס דובין (קאַסירער), ישראל־אהרן טענענבוים (קרן־קימת־פאָרזיצער).

# שיקאַגער הילפס-פאַריין

דער ערשטער דראָהיטשינער „הילפס-פאַריין" אין שיקאַגע איז געשאַפן געוואָרן אין אָנהויב פון דער ערשטער וועלט-מלחמה אונטערן נאָמען „רעליף-קאָמיטעט". טויזנטער דאָלאַרן זיינען נאָך דער מלחמה איבערגעשיקט געוואָרן קיין דראָהיטשין אַלס שטיצע פאַר קהל און פאַר יחידים נצרכים. אַמעריקאַנער דאָלאַרן האָבן געהאָלפן צוריק אויפבויען די פאַרברענטע שטאָט, די בתי-מדרשים, די תלמוד-תורה, די באָד און מקוה; האָבן געשפּייזט הונגעריקע נפשות; געהאָלפן געפאַלענע בעלי-בתים צו אויפריכטן זייערע פּרנסות וכדומה.

אין מיטן פון די צוואַנציקער יאָרן האָט זיך די עקאָנאָמישע לאַגע פון די דראָהיטשינער יידן געהאַט אויף אַזוי פיל פאַרבעסערט, אַזוי, אַז עס האָט זיך נישט געפילט קיין נויטווענדיקייט, סיידן אין אויסנאַמס פאַלן, צו פאַרלאַנגען שטיצע פון די אַמעריקאַנער לאַנדסלייט. במילא, האָבן זיך די אַמעריקאַנער דראָהיטשינער „רעליעף-קאָמיטעטן" אויפגעלייזט...

אָבער מיטן אויפקום פון היטלעריזם און זיין יידן-שנאה אין דייטשלאַנד האָט זיך אויך אין פּוילן אָנגעהויבן פילן שטאַרקער דער אַלטער זאָאָלאָגישער און עקאָנאָמישער אַנטי-סעמיטיזם.. די פּוילישע מאַכט-אָרגאַנען אין דראָהיטשין, ווי אין גאַנצן לאַנד, האָבן אָנגעהויבן אָפּן ברעכן די יידישע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס. דער מלוכהשער שטייערן-שרויף האָט אויסגעקוועטשט דאָס לעצטע ביסל חיות פון יידישן סוחר און בעל-מלאכה... דראָהיטשינער יידן האָבן דאַן אָנגעהויבן צו אַלאַרמירן זייערע קרובים און לאַנדסלייט אין אַמעריקע וועגן זייער קאַטאַסטראָפאַלן עקאָנאָמישן מצב...

1933 איז אין קהילת-יעקב שוהל פאָרגעקומען אַ גרויסע אויסעראָרדנטלעכע פאַרזאַמלונג פון לאַנדסלייט, און עס איז דאַן געשאַפן געוואָרן דער שיקאַגער „דראָהיטשינער אונטערשטיצונג פאַריין" מיט דוד אייזענשטיינען אַלס פּרעזידענט.

דער הילפס-פאַריין האָט אין משך פון זיין עקזיסטענץ פאַרשיקט קיין דראָהיטשין פיל טויזנטער דאָלאַרן. פון די געלטער האָט מען פאַרטיילט צו הונדערטער דראָהיטשינער נויטבאַדערפטיקטע און צו פיל באַלעבאַטישע יורדים מעות-חטים אויף פסח און נתינות אויף ימים-נוראים... מען האָט געשטיצט די בתי-מדרשים, דעם שפּיטאָל, די תלמוד-תורה, ביקור-חולים און לינת-הצדק... מען האָט געשפּייזט און געשוכט יתומים, געהאָלפן אָרעמע כלות, געקויפט האָלץ אויף ווינטער פאַר נצרכים וכדומה.

דער „אונטערשטיצונג-פאַריין", שפּעטער געטוישט דעם נאָמען אויף „אייד-סאָסייעטע", האָט עקזיסטירט ביז דעם חורבן-דראָהיטשין... [ד.וו.]

•




לינקס איז אַ בילד פון דעם באַנקעט, וואָס די „אייד-סאָסייעטע" האָט איינגעאָרדנט פאַר דוד אייזענשטיינען אין 1940.

# דוד אייזענשטיין

דוד אייזענשטיין איז געבוירן אין דראָהיטשין צו זיינע עלטערן ר׳ ליטמאַן אוןביילע. געלערנט אין די קלאַסן פון יצחק אַבראַמטשיק, נפתלי שטיינבערג, דער אַבלער, האַל־פערן, ווי אויך אין ישיבה פון הרב מרדכי מינקאָוויטש אין גאַס־בית־המדרש. שפּעטער גענומען זיך צו מסחר. אין יאָר 1918 געווען איינער פון די אָנפירער פון זעלבסטשוץ אין דראָהיטשין. (זען זייט 99).

אין 1919 האָט דוד געהייראַט מיט הענדל הויזמאַן, טאָכ־טער פון ר׳ זעליג און סירקע. און מיט א יאָר שפּעטער, 1920, אויסגעוואַנדערט מיט זיין פאַמיליע קיין אַמעריקע, שיקאַגאָ.

אין שיקאַגאָ האָט אייזענשטיין געפונען א ברייטע פעלד פאַר געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. ער איז געווען לאַנג־יערי־קער באָרד־דירעקטאָר און טראַסטי פון קהלת־יעקב־שוהל און תלמוד־תורה אויף דאָגלאַס־העמלין; און איצט — ערן־פּאַרזיצער פון „באָרד אָף דירעקטאָרס" פון דער נייער „קהלת יעקב און בית־שמואל"־שוהל; פּרעזידענט פון דעם „אנשי־דראָהיטשין בית־הקברות"; באָרד־דירעקטאָר פון „אגודת־אחים סאַאוט־שאָר" שוהל; באָרד־דירעקטאָר פון „כנסת יש־ראל" שוהל אין מיאַמי־ביטש, פלאָרידע; מייסאַד פון „אַפּאַלאַ־לאַדזש"; מיטגליד פון שומרים־ציוניסטן וכדומה.

א באַזונדער קאַפּיטל פאַר זיך איז אייזענשטיינס טעטי־קייט אין דראָהיטשינער הילפס־פאַריין אין שיקאַגאָ, וואו ער האָט, אַלס פּרעזידענט פון דער אינסטיטוציע (פון 1933 ביזן חורבן), געלייסטעט פיל און געווירקט צו שיקן גרויסע סומעס געלט אַלס שטיצע צו די ייִדן קיין דראָהיטשין.

אַלס דערפאָלגרייכער סוחר (פּרעזידענט פון „א.—ד. מאָטאָרס־סיילס"), איז אייזענשטיין א גרויסער בייסטייערער פאַר די יידיש־רעליגיעזע און נאַציאָנאַלע אינסטיטוציעס, ווי: ישיבה, וועד־החינוך, „קאַמבאַינד־דזשואיש אַפּיל", „ישראל־באָנדס" א.א.

דוד אייזענשטיין איז אויך פאַרזיצער פון קאָמיטעט פון „יזכור־בוך־דראָהיטשין".

די אייזענשטיינס האָבן דריי קינדער: פריידל (פראַנציס) זאַקס, העראָלד און בערנאַרד. (זען זייטן 99, 240 און 242. 11.)



דוד און הענדל אייזענשטיין הרב יהודה־ליב און פריידל זאַקס און זון הרב מנחם בן־ציון און חנה זאַקס

# הרב מנחם בן־ציון זאַקס

הרב מנחם בן־ציון זאַקס, זון פון ר׳ דוב־בער און יוכבד־דבורה זאַקס, איז דער פערטער דור געבוירן (1897) אין ירושלים. זיין עלטער־זיידע, ר׳ צדוק זאַקס פון זאַקסען, דייטשלאַנד, איז געווען דער ערשטער פון דער משפחה וואָס האָט מיט 175 יאָר צוריק זיך באַזעצט אין ארץ ישראל און געגרינדעט דעם ערשטן חצר פון הייזער אין אַלט־ירושלים. הרב זאַקס, א תלמיד פון ישיבת עץ־חיים און פון הרב קוק׳ס ישיבה, איז א מוסמך פון די גאונים, הרב ר׳ אברהם יצחק הכהן קוק ז״ל, און יבל״ח הרב ר׳ צבי פסח פראַנק, שליט״א. פון זינט 1922 לעבט הרב מ. ב. זאַקס מיט זיין פאַמיליע אין

# הרב יהודה ליב זאַקס

הרב יהודה ליב זאַקס איז געבאָרן צו זיינע עלטערן הרב ר׳ מנחם בן־ציון און חנה זאַקס אין ירושלים און באַקומען א רעליגיעזע דערציאונג. צו 11 יאָר האָט ער געלערנט אין אַ ישיבה אין ירושלים.

אין 1922 אַריבערגעקומען מיט זיינע עלטערן קיין שיקאַגאָ און פאָרגעזעצט זיינע לימודים אין בית מדרש לתורה, גלייכ־צייטיק באַזוכט די מאַרשאַל הייסקול, וועלכע ער האָט גע־ענדיקט מיט אַן אויסצייכנונג (סקאָלערשיפּ).

נאָכן באַקומען זיין סמיכה פון בית מדרש לתורה האָט הרב זאַקס פאָרגעזעצט זיין שטודיום אין שיקאַגער אוניווערזיטעט און באַקומען אַ דאָקטאָראַט אויף פילאָזאָפיע.

אין יאָר 1946 האָט הרב זאַקס געהייראַט מיט פריידל איי־זענשטיין, — טאָכטער פון ר׳ דוד און הענדל אייזענשטיין, און גענומען זיך צו רבנות. זיין ערשטע רבנות איז געווען אין אינדיאַנאַ־האַרבאָר. שפּעטער איז ער געווען רב אין „בית אליעזר״ שוהל און האַמבאָלדט בולוואַרד טעמפּל (ביידע אין שיקאַגאָ). פון 1952 איז הרב זאַקס דער רב פון עדמאָנטאָנער קהלה, אין אַלבערטאַ, קאַנאַדאַ, און איז דאָרט שטאַרק טעטיק אויף דעם רעליגיעז־קולטורעלן געביט. הרב זאַקס, וועלכער באַזיצט היינט דריי דאָקטאָראַטן: פון פילאָזאָפיע, טעאָלאָגיע און העברעיִשער ליטעראַטור (די לעצטע פון ד״ר שעכטערס



פריידל זאַקס — דוד בן־גוריון — הרב יהודה־ליב זאַקס *

סעמינאַר), איז פּראָפעסאָר פון אַלבערטאַ אוניווערזיטעט, אָנפי־רער פון הלל־פאַונדיישאָן, פּאָרזיצער פון יידיש־קריסטלעכער פאַרברידערונג, און רעליגיעזער פּריידיקער אויף קאַנאַדער ראַדיאָ, וואָס ווערט געשטיצט פון דער רעגירונג און האָט טויזנטער צוהערער.

די רביצין פריידל זאַקס, וועלכע איז באַלערנט און קלוג, איז אויך שטאַרק אַקטיוו געזעלשאַפטלעך, און טראָגט צו פיל צום קהלה־לעבן אין עדמאָנטאָן.

די זאַקסעס האָבן 2 קינדער: זעליג־דוב און יוכבד־דבורה.

---

* בילד גענומען אין ישראל, יולי, 1957, ווען הרב יהודה־ליב מיט זיין פרוי, פריידל (טאָכטער פון דוד און הענדל אייזענשטיין), און עלטערן הרב מנחם און חנה זאַקס, האָבן באַזוכט מדינת־ישראל. פרעמיער דוד בן־גוריון—אין מיטן. [ד.וו.]

---

שיקאַגאָ. געווען דירעקטאָר פון דער יידישער קהילה אין שיקאַגאָ. היינט איז הרב זאַקס עקזעקוטיוו־דירעקטאָר פון „ועד־החינוך״, פּאָרזיצער פון דער „שוהלן־פאָלקס־דיוויזיע״ ביי דעם „קאָמביינד דזשואיש אַפּיל״, פּאָרזיצער פון אַדמיניס־טראַטיוון קאָמיטעט פון רעליגיעזע ציוניסטן (פּאַרייניקטע מזרחי און פועלי־מזרחי), מנהל פון „קרן־הצלה״ וכדומה.

רביצין חנה, פרוי פון הרב מ. ב. זאַקס, איז די טאָכטער פון הויפּט־רב פון ירושלים, הרב ר׳ צבי פסח פראַנק, שליט״א.

הרב און רביצין זאַקס (געהייראַט אין 1915) האָבן פיר קינדער: הרב יהודה־ליב, חוה סווירסקי, נעמי (פרוי פון ד״ר יצחק לאַנדעס) און אברהם יעקב (פאַבריקאַנט אין קאָלומביאַ).

# ד״ר דוב אייזענשטיין

ד״ר דוב (בערנאַרד) אייזענשטיין, זון פון דוד און הענדל אייזענשטיין, איז געבוירן 1926 אין שיקאַגע. אין 1947 אויס־



געשטודירט אויף דאָקטאָר מעדיצין פון שיקאַגער אוניווערזי־טעט. אין 1954 געהייראַט מיט אסתר׳ן.

פון 1951 ביז 1953 האָט ד״ר אייזענשטיין געדינט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי און באַטייליקט זיך אין דער קאָרייער מלחמה, אַלס קאַפּיטאַן — געוועזן קאָמאַנדירנדער אָפיציר פון די טרופּן־שיפן, וועלכע האָבן געלאַנדעט מיליטער פון יאַפּאַן אין קאָרייע. האָט אויך געדינט מיט אויסצייכנונגען אין 14טן פעלד־שפּיטאָל.

ד״ר אייזענשטיין איז אַן אנערקענטער פּראַקטיצירנדער מעדיצינער מיט 5 אָפיסעס אין שיקאַגע. איז אַ מיטגליד פון „אַמעריקאַן מעדיקאַל סאָסייעטי״, שטאַב־דאָקטאָר פון „מייקל ריס שפּיטאָל״ א.א.

דוב און אסתר האָבן 2 קינדער ליפּמאַן־משה און מרים.



אסתר רחל סילווער־מאַן, טאָכטער פון ר׳ זעליג און סירקע הויזמאַן, איז גע־שטאָרבן 1956 אין ניו יאָרק. געלאָזן איר מאַן יונה און צוויי זין: דוד (אַ דאָקטאָר) און סעם סילווערמאַן.

# צבי אריה אייזענשטיין

צבי אריה (העראָלד) אייזענשטיין, זון פון דוד און הענדל אייזענשטיין, איז געבוירן 19־טן אָקטאָבער, 1921, אין שיקאַ־



גע. זיין יידישן אונטערריכט באַקומען אין תלמוד־תורה און פּריוואַט ביי לערער. גלייכצייטיק געענדיקט „היי־סקול״ און באַזוכט ווילסאָנס קאַלעדזש. 22 יוני, 1943, חתונה געהאַט מיט דאָראָטי סילווער. אין די מלחמה־יאָרן (1943־1945) געדינט אַלס טעכנישער סערזשאַנט אין דעם אַמעריקאַנעם 13־טן לופט־פלאָט אין „סאוט פּאַסיפיק״, סטאַנציאָנירט מיט זיין אָפּטיילונג אין אַדמיראַלטעס, ניו־גיני, מאַריטיי א.א.

העראָלד איז פאַר זיינע מלחמה־פאַרדינסטן געוואָרן באַ־ערט מיט אַ לופט־מעדאַל מיט פיר „אָוק־ליעף־קלאָוסטערס״, זעקס שלאַכט־סטאַרס און צוויי מאָל געוואָרן דערמאָנט אין פּרעזידענט׳ס אויסצייכנונגס־ליסטע.

צבי און דאָראָטי האָבן 3 קינדער: לינדע, ראָבערט, גערי.

# מאָריס אייזענשטיין

מאָריס אייזענשטיין, זון פון אברהם און מלכה אייזענשטיין, איז געבוירן 1918 אין דראָהיטשין. אין עלטער פון איין יאָר האָבן אים די עלטערן געבראַכט קיין שיקאַגע. ער האָט געענדיקט דאָ היי־סקול און אַ האַנדלס קורס אין רוזוועלט קאַלעדזש.


מאָריס אייזענשטיין

אין דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט מאָריס געדינט דריי און אַ האַלב יאָר אין דער 42־טער „רעינבאָו" דיוויזיע פון דער 7־טער אַמעריקאַנער אַרמיי, ער האָט זיך באַטייליקט אין פיל מלחמה שלאַכטן און דערדינט זיך צו 4 מעדאַלן און פיל בענדלאך און שטרייפן.

אַדיוטאַנט־גענעראַל עדוואַרד פ. וויטסעל פון קריגס־מיניסטעריום האָט צוגעשיקט צו אייזענשטיינען צוזאַמען מיטן סילווער־סטאַר דעם פאָלגנדן דאָקומענט:

„איך האָב דעם גרויסן כבוד צו אינפאָרמירן אייך, אַז אויפן באַפעל פון דעם פרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן איז אייך צוגעטיילט געוואָרן דער ׳סילווער־סטאַר׳.

„געווען איז עס דעם 29־טן אַפּריל, 1945, לעבן דאַכאַו, דייטשלאַנד, זענט איר, קאָרפּאָראַל אייזענשטיין, בעת קוילן זיינען געפלויגן אויף אייך פון אַלע זייטן, אַרויפגעשפּרונגען אויף אַ דזשיפּ און געמאַכט אַ פאַרזוך איבערצונעמען די מאַשין־ביקס, לעבן וועלכער עס איז געלעגן אַ טויטער סאָלדאַט. ווען די מאַשין־ביקס האָט נישט געאַרבעט, זענט איר אַריבערגעקראָכן צו אַ טראָק, וואָס אונזערע סאָלדאַטן האָבן אַנטלויפנדיק איבערגעלאָזט, און איר האָט אָנגעפאַנגען אַרויפצושיסן מיטן לופט־האַרמאַט צו די דייטשע עראָפּלאַנען. נאָכדעם ווי איר האָט אויסגעשאָסן אַלע קוילן, זענט איר, אונטער אַ האָגל פון פיינטלעכע קוילן, צוריקגעקראָכן צו אַ קאַסטן אין דער הינטערשטער זייט פון טראָק, אַרויסגענומען פון דאָרט פרישע אַמוניציע, אָנגעלאָדן דעם האַרמאַט און איר האָט אויפסניי געשאָסן אויפן שונא אָן אויפהער.

„מיט אייער העראָאיזם האָט איר דערמעגלעכט אונזערע סאָלדאַטן צו אַרומנעמען דעם שונא׳ס פּאָזיציעס און נעמען 150 געפאַנגענע, און מיט דעם באַזייטיקט אַ גרויסן מכשול אין וועג פון אייער דיוויזיע"...

מאַיאָר־גענעראַל הערי דזש. קאָלינס, אייזענשטיינ׳ס קאָמאַנדיר, דערציילט אין אַ דאָקומענט פאַרוואָס מאָריס האָט געקראָגן דעם בראָנזענעם מעדאַל „אָוק ליעף קלאָוסטער".

„דעם 20טן אַפּריל, 1945, האָט אייזענשטיין זיך געפונען מיט אַ פּאַטראָל פון צוויי סאָלדאַטן לעבן פורט, דייטשלאַנד. די דייטשן האָבן פון אַ באַראַק שטאַרק באַשאָסן דעם פּאַטראָל און די אַנדערע אַמעריקאַנער סאָלדאַטן הינטער זיי. אייזענשטיין איז אונטער אַ האָגל פון קוילן דערקראָכן צום באַראַק, איז אַריין אינווייניג און גענומען דאָרט געפאַנגען אַ דייטשן מאַיאָר מיט דריי סאָלדאַטן. מאָריס האָט דאַן מיט זיין געלאָדענעם ביקס אַרויסגעשטופּט דעם מאַיאָר פון באַראַק און אים געצוואונגען צו באַפעלן דעם דייטשן גאַרניזאָן פון 15 סאָלדאַטן זיך אונטערצוגעבן.

„נאָכדעם האָט מאָריס געפירט דעם מאַיאָר צו אַ דערבייאיקן שפּיטאָל און אים געצוואונגען צו הייסן דעם גאַנצן פּערסאָנאַל מיט די פּאַציענטן זיך אונטערצוגעבן. אין פאַרלויף פון דעם זעלבן טאָג איז מאָריס צוריקגעקומען מיט׳ן מאַיאָר, וועלכער האָט געגעבן דעם באַפעל צו נאָך 120 אָפיצירן און סאָלדאַטן זיך אונטערצוגעבן. קאָרפּאָראַל מאָריס אייזענשטיינ׳ס העלדישקייט האָט געשפּילט די הויפּט־ראָלע אין דער דערפאָלגרייכער קאַפּיטולאַציע פון דער דייטשער שטאָט פורט"...

דעם בראָנזענעם מעדאַל האָט אייזענשטיין געקראָגן פאַר זיין גוטער פירערשאַפט אין די וועלדער פון עלזאַס, וואו עס האָט געבושעוועט אַ מורא׳דיקע שלאַכט.

דער „פּוירפּל־האַרט" מעדאַל איז מאָריסן געגעבן געוואָרן פאַר די וואונדן, וואָס ער האָט געקראָגן אין די אַלע שלאַכטן און פון וועלכע ער האָט זיך פולשטענדיק דערהאָלט. (פּרטים פון „פאָרווערטס", געשריבן דאָרט פון ס. רעגענסבערג.)

מאָריס, וועלכער איז אַרויסגעקומען פון דער אַרמיי מיט דער ראַנגע פון סטאַף־סערזשאַנט, איז היינט מיט זיין פאָטער אין אויטאָמאָבילן־מסחר.

מאָריס איז געווען קאָמאַנדיר פון שיקאַגער יידישן מלחמה וועטעראַנען פּאָסט; היינט — וויצע־קאָמאַנדיר פון די יידישע מלחמה־וועטעראַנען פון אילינאָאיס. געווען פאָרזיצער אין יאָר 1957 פון „ישראל באָנד־קאַמפּיין" א.א.

ד.וו.

# הערי אייזענשטיין



הערי אייזענשטיין, זון פון אברהם און מלכה אייזענשטיין, איז געבוירן 1915 אין דראָהיטשין. אין יאָר 1920 אַריבערגעקומען קיין שיקאַגע. אין דער צווייטער וועלט־מלחמה געדינט צוויי און אַ האַלב יאָר אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי, און דערדינט זיך צו דער ראַנגע פון סערזשאַנט. איז היינט אין מסחר.

הערי און רוטה אייזענשטיין האָבן 2 קינדער: סוזאַן, סאַנדראַ.

# אליה אייזענשטיין ע״ה

אליה (עליק) אייזענשטיין, זון פון ישראל ברוך און אסתר אייזענשטיין, איז געבוירן א׳ ראש־השנה, 1923 אין שיקאַגע. געלערנט אין תלמוד־תורה, פּאַלקס־שול און שטודירט אין אוניווערזיטעט פון ען־אַרבאָר, מישיגען. אין 1942 געוואָרן מאָביליזירט אין אַמעריקאַנער לופט־פלאָט און דערדינט זיך צו דער ראַנג פון לייטענאַנט (נעוויגייטאָר). צען מאָל איז אליה געפלויגן מיט זיין באָמבער־סקוואַדראָן איבער דייטשער טעריטאָריע צו באָמבאַדירן דעם שונא׳ס פּאָזיציעס. אויף זיין עלפטער מיסיע געוואָרן אַראָפּגעשאָסן ערגעץ אַרום איטאַליע. אליה איז אַרויסגעשפּרונגען פון ברענענדיקן עראָפּלאַן, אָבער, לײדער, האָט זיך זיין פּאַראַשוט נישט געעפנט און אליה איז געבליבן אין אַדריאַטישן ים (צווישן איטאַליע און יוגאָסלאַוויע). אליה איז געווען דער איינציקער קרבן פון די דראָהיטשינער אין אַמעריקע אין דער צווייטער וועלט־מלחמה. דער יאָרצייט איז ה׳ אלול, — 1944.


אליה אייזענשטיין, ע״ה

# יצחק אייזענשטיין ע״ה

יצחק אייזענשטיין, זון פון ישראל ברוך און אסתר אייזענשטיין, געבוירן 24טן אויגוסט, 1921 אין שיקאַגע. געלערנט אין תלמוד־תורה, פּאַלקס־שול און אין רוזוועלט אוניווערזיטעט. אין 1942 געוואָרן מאָביליזירט אין אַמעריקאַנער אַרמיי. מיט צוויי און אַ האַלב יאָר שפּעטער צוריקגעקומען און גענומען זיך צו געשעפט. יצחק איז געווען אַ דערפאָלגרייכער קאָנטראַקטאָר פון הייזערבוי, און געלאָזט זיך פיל קאָסטן אויף פילאַנטראָפּישע צוועקן. יצחק איז געשטאָרבן פלוצלונג אין זיינע בליענדע יאָרן — י״ח תשרי תשי״ז, 1956. איבערגעלאָזן אַ פרוי און 3 קינדער. זען ז. 191.



# יצחק אייזענשטיין ע״ה

יצחק אייזענשטיין, זון פון ר׳ הערשל און חנה, געבוירן אין דראָהיטשין. אין 1904 בערך חתונה געהאַט מיט רייכלען, טאָכטער פון ר׳ דוד און חיה־גיטל אייזענשטיין. אין יאָר 1912 געקומען קיין שיקאַגע. 1920 אריבערגענומען זיין פאַמיליע. ר׳ יצחק, אַ רעליגיעזער און עטישער ייד, איז געשטאָרבן ד׳ אייר תשי״ז, 1957, איבערלאָזנדיק זיין פרוי רייכל און דריי טעכטער: פעסל (מאָריס) ראָזענבערג, חנה (יוסף) גענעלעס און לאה (באַנטשע) וואַסערמאַן. זען זייט 243.


יצחק אייזענשטיין ע״ה

| ישעיה | וויינשטיין | פּעשע |
|---|---|---|
| י״א ניסן, 1945 | | 9 אויגוסט, 1911 |

# יהודה ליב באַרענבוים ע״ה

יהודה ליב (לייבל) באַרענבוים, זון פון ר׳ אהרן שמואל און חיה, איז געבוירן אין דראָהיטשין און באַקומען אַ רעליגיעזע דערציאונג. אין 1906 אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע. געווען מיטבויער פון קהלת יעקב שול און תלמוד תורה, טוער אינ׳ם דראָהיטשינער „רעליף קאָמיטעט״. יהודה ליב, אַ שומר־שבת, איז געשטאָרבן א׳ אדר תרצ״ו, 1936 אין עלטער פון 53 יאָר, איבערלאָזנדיק אַ פרוי, חאַשקע, און דריי קינדער: משה (וואַשינגטאָן), צבי־הערש און שושנה (שיקאַגע). חאַשע איז די טאָכטער פון ר׳ אייזיק וולאַדאַווסקי, ע״ה, פון דראָהיטשין.


יהודה־ליב באַרענבוים, ע״ה

(זען זייט 357. ד.וו.)

# אליה דוד וואַרשאַווסקי ע״ה



אליה־דוד וואַרשאַווסקי, זון פון ר׳ יעקב־הערש און מלכה וואַרשאַווסקי, אומגעקומען אין אַן אויטאָמאָביל־פּאַר־פאַל — ב׳ דחול־המועד סוכות, ת״ש, — (1טן אָקטאָב., 1939). 40 יאָר אַלט געווען. געלאָזן אַ פרוי, רבקה, און 2 טעכטער: איירין און לוסיל גרין. זען ז. 215, 216, 246, 293, 308, 357.

אין אייביקן אָנדענק פון אונדזער ליבער מוטער

**מלכה וואַרשאַווסקי**

י״ב תשרי, תשי״ח, 1957

טילע קאַגאַן, לייזער וואַרשאַווסקי און יוסף ווארשא

אין אייביקן אָנדענק פון אונדזערע ליבע עלטערן

**אליעזר טענענבוים פעשע**

כ׳ אדר, תשי״ב, 1952 — כ׳ אב, תש״א, 1941

פרידע־טויבע וואַרשאַווסקי, נאָרטן אברהם טענענבוים

# ישראל ברוך וואַרשאַווסקי ע״ה



ישראל־ברוך וואַרשאַווסקי, זון פון ר׳ יעקב־צבי און מלכה וואַרשאַווסקי, געקומען קיין שיקאַגע אין 1911. איז גע־ווען טעטיק אין דראָהיטשינער „רעליף־קאָמיטעט" וכדומה. אין 1916 געוואָרן מאָביליזירט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי; געקעמפט קעגן די דייטשן אויף דעם פראַנצויזישן פראָנט און געפאַלן דאָרט אין שלאַכט, — כ״א תשרי, תרע״ט, 27טן סעפטעמבער, 1918, אין עלטער פון 24 יאָר... ישראל־ברוך וואַרשאַווסקי איז געווען דער איינציקער קרבן פון די דראָהי־טשינער אין אַמעריקע אין ערשטער וועלט־מלחמה... ז.ז. 215

זאין אייביקן אָנדענק פון אונדזערע טייערע עלטערן

**אליה וואַרשאַווסקי חיה־צירל**

(ב״ר ישעיה און גיטל) — (בת לייזער־שלמה וחיה)

ג׳ אלול, 1955 — ט״ו אב, 1941

אסתר און בערנאַרד גודמאַן, שיקאַגע.

זען זייט 243

# דוד שטיינבערג ע״ה

דוד שטיינבערג, אַ געבוירענער פון בריסק, האָט נאָך זיין חתונה (בערך 1902) זיך באַזעצט אין דראָהיטשין און פאַר אַ צייט אַנגעפירט מיט דער „קאָנטאָר״. שפּעטער אויסגעוואַנ־



דוד און געשע שטיינבערג ע״ה

דערט קיין אַמעריקע. געווען איינער פון די טעטיקסטע מיט־גלידער פון דער דראָהיטשינער שוהל אין שיקאַגע.

ר׳ דוד איז געשטאָרבן כ״ב שבט, תש״א, 1941, אין עלטער פון 90 יאָר.

געשע שטיינבערג, טאָכטער פון ר׳ יוסף און חיה־איטע גראַטש פון דראָהיטשין און פרוי פון ר׳ דוד, איז אין 1910 אַריבערגעקומען מיט איר פאַמיליע קיין שיקאַגע. געווען באַוואוסט מיט איר פרומקייט און צדקה; געווען אַ טעטיקע מיט־גלידערין במשך פון 40 יאָר אין „שערי־תקוה אנשי־מערב״ שוהל, אין דראָהיטשינער שוהל א.א. האָט אויך געשטיצט ישיבות און געפאַלענע יחידים. געשע איז געשטאָרבן צום גדליה, תשט״ז, 1955, אין עלטער פון 92 יאָר.

די שטיינבערגס האָבן געהאַט פיר קינדער: שלמה (וואַשינגטאָן), באַבל, הערי און ציידל (שיקאַגע).

# יעקב גראַטש ע״ה

יעקב גראַטש איז געבוירן 1874 אין דראָהיטשין צו זיינע עלטערן ר׳ שמעון און ביילע. זיין חנוך האָט ער באַקומען אין חדר און אין מאַלטשער ישיבה. אין 1903 געקומען קיין



יעקב און שרה גראַטש ע״ה

אַמעריקע און צוריקגעפאָרן קיין דראָהיטשין. אין 1907 געקומען צום צווייטן מאָל קיין שיקאַגע להשתקע. אין 1912 אַריבערגעבראַכט צו זיך זיין פאַמיליע.

ר׳ יעקב איז געווען אַקטיוו אין קהלת־יעקב שוהל, אין דראָהיטשינער הילפס־פאַריין, גמילת־חסד א.א. געווען אויך בעל־קורא אין רודפי־צדק שוהל.

ר׳ יעקב איז געשטאָרבן ה׳ מנחם־אב, 1946.

שרה בת שמחה, פרוי פון ר׳ יעקב גראַטש, איז געבוירן 1873. זי איז געווען די עקרת־הבית. גענומען אַ שטאַרקן אינטערעס אין די ניי־אַריבערגעקומענע לאַנדסלייט. די וואַרעמע אויפנאַמע, וואָס שרה האָט געגעבן די עלענדע אימיגראַנטן האָט זיי געמאַכט פילן ווי ביי זיך אין דער אַלטער־היים און געגעבן זיי מוט אין זייער קאַמף פאַר אַ נייעם לעבן...

שרה איז געשטאָרבן כ׳ חשון, 1949.

די גראַטשעס האָבן געהאַט פינף קינדער: זלאַטע, סימע, שמעון, חיים־שמחה און לייבל. אַלע געפינען זיך אין שיקאַגע.

ר׳ יעקב האָט געהאַט פיר ברידער און צוויי שוועסטער: משה־לייזער, חייקל, יאָסל, שמערל, חנה־איטקע, האָדעס און גישע. — (זען זייטן 55, 205, 206, 213, 214 און 299. ד.ז.)

משה (תנא) ב״ר פנחס לעוו (ליווי)
אומגעקומען מיט אַ טראַגישן טויט — י״ד אדר, 1955, אין שיקאַגע. אַלט געווען 56 יאָר. געווען מיטגרינדער פון פּראָגרעסיוו־קלוב; מיטגרינדער און וויצע־פּרעזיצער פון דראָהיטשינער צווייג; געזאַמלט געלט פאַר הסתדרות, קרן קימת א.א. געלאָזן אַ פרוי, ביילע, און דריי זין

אין אייביקן אָנדענק פון אונדזער ליבער
מוטער
**אסתר יהודית גראַטש**
י״א חשוון, תשי״ז, 1956
אברהם און יוסף גראַטש
זען זייטן 213 און 214.



| | | |
|---|---|---|
| **דבורה האָפמאַן לייזער**<br>אדר, 1955 י״ב אלול, 1941<br>קינדער:<br>מלכה, איטקע (שיקאַגע), מרים (ל. א.) | **אברהם־חיים גודמאַן עטעל**<br>כ״א חשון, 1956 ג׳ אב, 1956<br>קינדער:<br>אסתר פייגל (קליוו.) בנימין משה (אינד.) | **דוואָשע האָפמאַן ישראל־דוד**<br>לעבט אין שיקאַגע י״ג תמוז, 1948<br>קינדער:<br>חיה גיטל, מרים (שיקאַגע), רייזל (נ.ה.) |

לייזער, עטעל און ישראל־דוד זיינען די קינדער פון ר׳ בנימין־משה דעם שוחט אוןביילע האָפמאַן ע״ה פון דראָהיטשין. דער איינציקער ברודער זייערער, חיים האָפמאַן, לעבט אין שיקאַגע. זען ז. 133, 149, 150, 288, 329 וו.

| הערש־ליב | מילער | חיה־אסתר |
|---|---|---|
| כ״ב אב | | י״ב סיון |





**רחל מילער** געשטאָרבן ה׳ אייר, 1939, אין עלטער פון 94 יאָר. האָט געהאַט 4 זין: הערש ליב, זעליג (געשטאָרבן), שמחה און יודל מילער לעבן אין שיקאַגע. זען זייט 390.

# באַשקע אייזענשטיין ע״ה



באַשקע אייזענשטיין, פרוי פון ר׳ מענדל אייזענשטיין און טאָכטער פון ר׳ יצחק און מינדל גוטער פון אַנטאָפּאָליע, אויסגעוואַנדערט פון דראָהיטשין מיט אירע קינדער קיין שיקאַגע אין 1921, און איז דאָ געשטאָרבן ז׳ חשון, תשי״ח, 1957, אין עלטער פון 82 יאָר. געלאָזן פיר זין און צוויי טעכטער: מרדכי־בער (מאָריס), הערש ליב (הערי), שכנא (טשאַרלי), נחמן (נאָרמאַן), העניע־פּערל וואַלד, איידאַ מאַטש, עלף אייניקלאַך און צען אוראייניקלאַך. זען זייט 220.

# זעליג שעווינסקי ע״ה

זעליג שעווינסקי, זון פון ר׳ נחום און באַדיע שעווינסקי, איז געבוירן אין דראָהיטשין. אין עלטער פון 13 יאָר אַריבערגעקומען צו זיין פאָטער קיין אוגוסטאַ, דזשאָרדזשיאַ, און פאַרנומען זיך מיט פעדלען. שפּעטער אַריבער קיין בוירמינגהאם (אלאבאמא), וואו ער האָט געעפנט (אין 1917) אַ קליידערגעשעפט און עס האָט אים אָפּגעגליקט. זעליק האָט געהאַט אַ נאָמען פון אַ ראַיעלן געשעפטסמאַן. צו גלייכער צייט איז זעליג געוואָרן אַריינגעצויגן אין געזעלשאַפטלעכן לעבן און האָט פיל בייגעטראָגן צו דער אַנטוויקלונג פון דעם יידישן יישוב אין בוירמינגהאַם.


זעליג שעווינסקי ע״ה

שעווינסקי איז געווען פּרעזידענט פון טעמפּל „בית־אל״; געוו. פּרעזידענט פון „היברו־סקול״; געוו. קאַמפּיין־פירער און מיטבויער פון דעם נייעם גרויסן שול־בנין, וואָס האָט אָפּגעקאָסט $175,000; האָט איינגעשטעלט אַ באָס־טראַנספּאָרטאַציע פאַר די שול־קינדער פון „היברו־סקול״ ווי אויך פאַר די עלטערע מתפּללים צו קומען אין שוהל צום מנין דאַוונען. שעווינסקי איז אויך געווען דער, וואָס האָט אויסגעווירקט און באַזאָרגט דעם רב און חזן מיט אייגענע הייזער.

ש. איז געווען פאָרזיצער פון ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, מיטגרינדער פון פּערמאַנענטן קאונטרי קלוב פאַר יוגנט; געוו. באָרד דירעקטאָר פון „פּאַרייניקטן יידישן אַפּיל״ וכדומה.


רבקה רחל שעווינסקי, ע״ה

אין יאָר 1939, אלול תרפ״ט, איז געשטאָרבן די פרוי פון זעליג שעווינסקי, רבקה־רחל סאַראַסען, אַ געבוירענע פון ירושלים. ער האָט דאַן געדאַרפט זיין אי פאָטער און אי מוטער צו זיינע קינדער, וועלכע ער האָט דערצויגן אין נאַציאָנאַלן גייסט...

# יהודה מעטיו ע״ה

יהודה ב״ר לוי מעטיו איז געבאָרן אין מאַצעוו, וואָלין, ביי אַ חסידישער פאַמיליע. דער יונגער יהודה האָט באַקומען אַ שטריינג־רעליגיעזע דערציאונג. ער האָט געלערנט אין דער קאָוולער ישיבה א.א.וו. האָט אויך געלערנט די העברעאישע שפּראַך. אין 1912 איז מעטיו אַריבערגעקומען קיין שיקאַגע און איז מיט דער צייט געוואָרן אַ דערפאָלגרייכער פאַבריקאַנט און אינדוסטריעלער. אַלס עכטער שומר־שבת־ייד, האָט מעטיו אַלע זיינע יאָרן געהאַלטן זיין פאַבריק געשלאָסן שבת און יום־טוב. אויך איצט נאָך זיין טויט ווערן אין דער פאַבריק אָפּגעהיט זיינע פּרינציפּן בנוגע שבת און יום טוב. פּאַראַלעל מיט זיינע פּריוואַטע עסקים האָט ער אויך פאָרגעזעצט זיין כלל־טועריי אויף דעם רעליגיעז־נאַציאָנאַלן און חינוך־געביט.


יהודה מעטיו ע״ה

מעטיו איז געווען מיטגרינדער פון דער פּאָפּולערער „עדת בני ישראל״ (אָרגאַניזאַציע פון רעליגיעזע יונגעלייט), וואו ער האָט געלערנט פאַרן עולם שבת און יום־טוב; האָט אויך געהאָלפן גרינדן די „יאָנג־איזראַעל״ אין שיקאַגע און סט. לואיס.

אַלס אַ דורכגעדרונגענער ציוניסט איז מ. פריער געווען טעטיק אין דער „אהבת־ציון״ אגודה, וואָס האָט זיך געפונען (1914) אין בנין פון „עדת בני ישראל״; שפּעטער געווען אַ לענגערע צייט פּרעזידענט פון שיקאַגער „מזרחי״ און געשטיצט דעם רעליגיעזן ארץ־ישראל.

מעטיו איז געווען באַוואוסט פאַר אַ מוקיר דרבנן און אַלס אַזעלכער האָט ער געהאָלפן מאַטעריעל תלמידי חכמים, ישיבות, העברעאישע פּאַראָקיעל־סקולס א.א.וו.

מ. האָט פאַרמאָגט אַ שיינע ביבליאָטעק מיט אַ סך ספרים און געהאַט אַ סדר אַריינצוקוקן יעדן טאָג אין אַ ספר.

די לעצטע יאָרן האָט מעטיו, צוליב זיין געזונט־צושטאַנד, פאַרבראַכט אין מיאַמי־ביטש, אויך דאָרט האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט כלל־טועריי.

(פאָרזעצונג אויף אַנדערער זייט.)

---

קורץ פאַר זיין טויט האָט ש. באַזוכט מדינת־ישראל און איז פון דאָרט צוריקגעקומען אַ באַגייסטערטער מיט פּלענער ווי צו העלפן דער מדינה. אָבער דער פּלוצלינגער טויט האָט אַלעס צונישט געמאַכט. זעליג איז געשטאָרבן י״ב תשרי, תשי״ז, איבערלאָזנדיק אַ טאָכטער מאַרדזשי און זון האַראָלד.

מעטיו האָט געהאַט בדעה צו באַזעצן זיך אין ארץ ישראל, אָבער דער טויט האָט צונישט געמאַכט זיינע פּלענער.

מעטיו איז געשטאָרבן ט׳ ניסן, 1956.

מ. האָט איבערגעלאָזט אַ פרוי, שיינע־ציפּע (טאָכטער פון ר׳ נחום שעווינסקי ע״ה, פון דראָהיטשין) און דריי קינדער: יעקב־אהרן,ביילע און אברהם־יוסף.

# מרדכי מירסקי ע״ה

מרדכי מירסקי, זון פון ר׳ רפאל און מינע, איז געבוירן בערך 1857 אין בוטען און באַקומען זיין דערציונג אין חדר און אין סלאָנימער ישיבה. שפּעטער געהייראַט קיין דראָהיטשין מיט רבקהן, טאָכטער פון ר׳ וועלוועל און דבורה, און גענומען זיך צו מסחר.

די מירסקיס האָבן אָנגעפירט מיט אַ באַקאַליינעם געשעפט און אויך געהאַנדלט מיט וואַגאָנעס מעל און דערפאַר געקרופן זיך די „אַגולניקעס״. רבקה האָט אויך אויף אייגענער האַנט אָנגענומען פּאַדראַדן. זי איז געווען די צושטעלערין פון פּראָוויאַנט, שפּייז, צו די אַרבעטער, וואָס האָבן געבויט דעם שאָסיי צווישן בריסק און קאָרטוז־בערעזע.

די מירסקיס האָבן אויך גענומען אַן אַנטייל אין שטאָטישע אָנגעלעגנהייטן. האָבן באַלאַנגט צו די חובבי־ציון, ביקור־חולים און אַנדערע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס.

אין די מלחמה־יאָרן (1914־1918) האָבן די מירסקיס געלעבט אין פּינסק, דאָן אין קאָברין, שפּעטער צוריקגעקומען קיין דראָהיטשין. אין אָקטאָבער 1921 אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע און פאַרנומען זיך אַ שטיקל צייט מיט מסחר. די מירסקיס האָבן אויסגעלעבט זייערע יאָרן אין ניו־יאָרק.

ר׳ מרדכי איז געשטאָרבן י״ב תמוז, תש״ג, 1934, אין עלטער פון 86 יאָר.

רבקה איז געשטאָרבן ב׳ אב, תש״ב, 1942, אין עלטער פון 80 יאָר. רבקה איז געווען אַ מומע פון דעם שרייבער יואל סלאָנים.

די מירסקיס האָבן געהאַט 6 קינדער: אבא, ראובן, שרה, אליעזר, וועלוועל און לאה לובין.



מרדכי און רבקה מירסקי ע״ה

לזכרון מיינע טייערע עלטערן און ברודער

| | | |
|---|---|---|
| שלמה | גאָלדמאַן | וויכנע־דבורה |
| כ׳ כסלו, 1940 | | ט״ו אדר, תרפ״ח |
| דוד גאָלדמאַן | ז׳ אדר, 1940 | |
| | | שרה |

| | | |
|---|---|---|
| יעקב | קופּער | פייגל |
| י״א אדר, 1942 | | כ״א שבט, 1936 |



עלמער ל. שעווינסקי
זון פון זלמן און פרוי שעווינסקי



מאַיאָר האַראָלד שעווין
זון פון פעליקס און פרוי שעווינסקי



ברידער האָלצמאַן. פון רעכטס: קאַפּראַל היימאַן, לאַיד ל. (אינזשינער) און לוי־טענאַנט דזשעק, זין פון לענאַ האָלצמאַן

עלטערן

אהרן דראָגיטשינסקי

חנה דראָגיטשינסקי

# משפחה־בוים דראָגיטשינסקי

| קינדער | געהייראַט | אייניקלעך | אור־אייניקלעך | אור־אור־אייניקלעך |
|---|---|---|---|---|
| ראָזע | שמואל גאָלדפאַרב | שרה ג. בלומענפעלד | העריעט ב. קאַנוויילער | סוזען קאַנוויילער |
| | | | | דזשיל קאַנוויילער |
| | | עוועלין ג. לעווינסאָן | נאָרמאַן ס. לעווינסאָן | לינע ראבין לעווינסאָן |
| | | | פּאטי דזשאָן שוואַרץ | |
| | | | דאָנאַלד לעווינסאָן | |
| | | פראנציס ג. ציטראָן | פיליפּ ב. ציטראָן | דזשאָ־ען ציטראָן |
| | | | דוד ציטראָן (יונגער) | לעסלי גייל ציטראָן |
| | | | | דוד ציטראָן, דריטער |
| | | | א. ראָבערט ציטראָן | |
| | | מאריאָן מ. עסקאָוו | | |
| | | אסתר ג. סטאָן | העליין ס. ליין | ריטשאַרד ליין |
| | | | | ליזע ליין |
| | | הייזל ג. ראָדזשערס | ראדזשער ל. ראדזשערס | |
| | | אלדזשער דוד גאָלדפאַרב | | |
| שלמה | | מאריס מייער | | |
| הינדע | גרשון סטראנגין | 2 טעכטער | | |
| דזשאן מייער | שרה יאַסקולקא | לעא מייער | שירלעי ראָזען | נאָרמאַ ראָזען |
| | | | | ריטשאַרד ראָזען |
| | | עוואַ מייער | | |
| | | באַראָן דע הירש מייער | | |
| פייגל | ישראל לעוו | אליה לעוו | קאראליניע לעוו | |
| | | | מיכאל לעוו | |
| | | עדוואַרד לעוו | אלאַן לעוו | |
| | | | ראדזשער לעוו | |
| | | דוד לעוו | | |
| עלקע | ישראל גאָלדמאַן | | | |
| שרה | פּאַקאָוו | לעאָנאַרד פּאקאוו | וואיאלעט פּאקאָוו | |
| | | פייע | | |
| טילע | בנימין צוקער | הייזעל ז. סטיינער | בנימין סטיינער | |
| | | | יאסעפּ סטיינער | |
| | | | ליזא סטיינער | |
| | | דזשיימס צוקער | | |
| ציפּע | שרייבמאַן | 2 קינדער | | ד.וו. |



באַראָן דע הירש מייער

# באַראָן דע הירש מייער

באַראָן דע הירש מייער, באַוואוסטער אַדוואָקאַט (לאָיער), באַנקיר און פילאַנטראָפּ אין מיאַמי־ביטש, איז געבוירן 12טן אַפּריל צו זיינע עלטערן דזשאַהן און שרה מייער אין פּריירי די שערי (וויסקאנסין). האָט אויסגעשטודירט אויף אַטאָרני פון די אוניווער־זיטעטן אין וויסקאַנסין און הארוואַרד. 22 אויגוסט, 1951, געהייראַט מיט פּאָלע לאַקס, טאָכטער פון מאָלין און דזשאהן לאַקס פון פּיטסבורג, פּענסילוו.

באַראָן דע הירש מייער, וועלכער איז אַ פּירענ־דיקע פּערזענלעכקייט אין מיאמי־ביטש, איז „טראָ־סטי" פון מיאַמי ביטש אוניווערזיטעט און פון „מאונט סיני האָספּיטאל", באַרד־דירעקטאָר פון „דזשואיש פעדעריישאָן" און פון מושב זקנים דאָרט.



מאַיאָר באַראָן דע הירש מייער

# דזשאַן מייער ע״ה





דזשאָהן מייער, זון פון אהרן און חנה דראַגיטשינסקי, איז געבוירן 1872 אין דראָהיטשין. זיין פרוי שרה, טאָכטער פון יעקב יאַסקולקאַ, געבוירן 9־טן דעצ., 1871, שטאַמט פון בריסק.

דזשאַן מייער, וועלכער האָט זיך פאַרנומען מיט מסחר, איז געשטאָרבן 27טן אויגוסט, 1942.

די מייערס האָבן געהאַט דריי קינדער: לעאָ מייער, עווא מייער און באַראָן דע הירש מייער.

•

בילד רעכטס, אויבן, איז דזשאהן מייער ע״ה.
בילד לינקס, אויבן — דזשאהן ע״ה, און זיין פרוי שרה מייער לעבט אין מיאַמי־ביטש.





•

בילד אין מיטן איז טילע צוקער, טאָכטער פון ר׳ אהרן און חנה דראַגיטשינסקי, לעבט אין מיאַמי־ביטש.
(זען זייט 66 און 219. ד.וו.)

•

בילד לינקס איז מאיר פּאַיקאָוו, אַ פאַמיליע־מיטגליד, — אומגעקומען דורך די דייטשן אין אייראָפּע אין די מלחמה־יאָרן, הי״ד.

•

# שמואל גאָלדפּאַרב ע״ה



שמואל גאָלדפּאַרב, געשטאַמט פון קאָברין, זיך פאַרנומען מיט מסחר, איז געשטאָרבן 20־טן יאַנואַר, 1934.

ראָזע, טאָכטער פון ר׳ אהרן און חנה דראָגיטשינסקי, פון דראָהיטשין און פרוי פון שמואל, איז געשטאָרבן 29־טן יולי, 1933.

די גאָלדפּאַרבס האָבן געהאַט זיבן קינדער: שרה בלומענפעלד (סאַן דיעגאָ), עוועלין לעווינסאָן (דעטרויט), פראַנציס ציטראָן (שיקאַגע), מאריאַן עסקאָוו (מיאמי־ביטש), אסתר סטאָן (סט. יאָזעף, מיזורי), אלדזשער ד. גאָלדפּאַרב (היילאַנד פּאַרק, איל.) און הייזעל ראַדזשערס.

•

בילד לינקס — שמואל און ראָזע גאָלדפּאַרב, ע״ה

# העסקע מאַטש

העסקע מאַטש, טאָכטער פון ר׳ מאיר יודל און חיה פייגע פעלדמאַן, איז געבוירן אין דראָהיטשין. געלערנט פּריוואַט ביי לערער אין דראָהיטשין און אין הויף סמולניק, ווו זי האָט פאַרבראַכט אַ צייט פון איר יוגנט. געווען אַן אַקטיווע חברה פון ציוניסטישע יוגנטלעכע אָרגאַניזאַציעס און געהאָלפן אין בנין־הארץ.

אין 1922 האָט העסקע אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע און געהייראַט 1930 פאַר שמואל מאַטש פון שיקאַגע, וואו זי זעצט פאָר איר ציוניסטישע אַרבעט אין פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס און פאַריינען.

שמואל מאַטש, זון פון עזרא און מרים מאַטש און מאַן פון העסקע, איז געבוירן אין דאָרף אַזיאַט ביי דווין. זינט 1921 געפינט זיך אין שיקאַגע, ווו ער איז אַ דערפאָלגרייכער סוחר פון הייזער (ריעל־עסטעיט).

די מאַטשעס האָבן דריי קינדער: שרה־לאה, ישראל־עזרא און מאַרי.

שרה־לאה איז פאַרהייראַט (1954) צו הרב אברהם־מרדכי (מילטאָן) קאַנטאָר.

הרב קאַנטאָר, אַ געבוירענער (1929) פון שיקאַגע, איז אַ מוסמך פון בית־מדרש־לתורה און באַזיצט אַ „מייסטער־דעגרי״ פון שיקאַגער אוניווערזיטעט. זינט 1956 איז הרב קאַנטאָר רב אין אַ שוהל אין סקאָקי, איקל. (זען זייט 67, 223, 306, 11.)

# אסתרביילע פרידמאַן ע״ה

אסתר ביילע פרידמאַן, טאכטער פון ר׳ מאיר־יודל און חיה־פייגע פעלדמאַן, איז געבוירן 1889 אין דראָהיטשין. אין יאָר 1907 געהייראַט פאַר דוד פרידמאַן און אריבערגעקומען מיט איר פאַמיליע קיין אַמעריקע. אסתר־ביילע איז געשטאָרבן אין סט. יאָזעף, מיז. כ״ז אלול, 1954.

איר מאַן, דוד, לעבט אין סט. יאָזעף.

זייערע קינדער זיינען: יעקב, העלען (דענווער, קאָל.) לאה, פּעשע און יוסף — אַ דאָקטאָר (אין סט. יאָזעף).



אסתר־ביילע פרידמאַן, ע״ה



פּעשע קאַמינעצקי, פרוי פון יעקב־הערש, געשטאָרבן הושענא רבה, 1915. אירע קינדער: חיה־פייגע פעלדמאַן, רבקה וואָלינסקי, לאה־ביילע מישאָווסקי און אברהם סטאָן, ע״ה.



בילד גענומען אין הויז פון שרה און ווילי פעלדמאַן אויף דער חתונה פון זייער טאָכטער אסתר אין סט. יאָזעף. געפינען זיך דאָ אייב פעלדמאַן, זיין פרוי און טאָכטער; העסקע און סעם מאַטש און קינדער; אייב און ווילי סטאָן; שרה און בעני פאַרמאַן און פאַמיליע; דוד פרידמאַן און פאַמיליע; הערי באַסקאָוו און פאַמיליע, רבקה וואָלינסקי און טאָכטער יעטאַ וואָלינסקי־קאָלמאַן א.א.

# אברהם מרדכי פעלדמאַן ע״ה

אברהם מרדכי פעלדמאַן, זון פון מאיר־יודל און חיה־פייגע פעלדמאַן, איז געבוירן 1883 אין דראָהיטשין. אין 1904 געקומען קיין אַמע־ריקע. אברהם מרדכי איז געשטאָרבן אין דענווער (קאל) שביעי של פסח, 1956.



אברהם מרדכי פעלדמאַן ע״ה

אברהם־מרדכי׳ס פרוי, ראָזע (פון דער היים באס־קאָ׳ו) לעבט דאָרט.

די פעלדמאַנס האָבן גע־האַט 3 קינדער: מאַרגרעט קאַטלער (קאליפאָרניע), לוסיל רינסקי (סינסינעטי, אָהייאָ) און אַ זון אַ לאַיער (דענווער, קאל.).



אברהם־יהודה סטאָן (זיצט), זיין זון ווילי, ע״ה, ווילים טאָכטער העלין ס. ליין און העליינס זון, ריטשאַרד, און די באָבע פעשע ז. 410 — 5 דורות.

# רבקה וואָלינסקי ע״ה

רבקה וואָלינסקי, טאָכטער פון ר׳ יעקב הערש און פעשע קאַמינעצקי, איז געבוירן 1879 אין דראָהיטשין און באַקומען אַ רעליגיעזע דערציאונג. אין 1894 האָט זי געהייראַט אריה־ליב וואָליניעץ (וואָלינסקי) פון סעלישטש ביי דראָהיטשין.



אריה־ליב און רבקה וואָלינסקי, ע״ה, און טאָכטער י. קאַלמאַן

אין 1896 איז רבקה מיט איר מאַן געקומען קיין אַמעריקע און זיך באַזעצט אין סט. יאָזעף (מיזורי), ווו זיי האָבן זיך פאַרנומען מיט מסחר. גלייכצייטיק איז רבקה אין סט. יאָזעף געווען פאַרזיצערין (1940־1925) פון דער לײדיס־אוקזילערי פון „שערי־שלום״ שוהל; געוו. וויצע־פאַרזיצערין פון תלמוד־תורה (1930־1928); געוו. פאַרזיצערין פון קרן־קימת (1930־1940; באָרד־דירעקטאָרין פון הדסה (1945־1930); געווען די־רעקטאָרין און אַדמיניסטראַטאָרין פון הילפּס־קאָמיטעט, וואָס האָט געהאַט די אויפגאַבע צו זאָרגן פאַר די יידישע נצרכים פון שטעטל. אויך געווען איינע פון אַכט פרויען, וואָס זיינען נאָמינירט געוואָרן פון שטאָט־מעיאָר אָנצופירן מיט דעם באָנד־דרייוו פון די פּאַלקס־שולן (פּאַבליק־סקולס) דאָרט.

אין יאָר 1944 איז רבקה פאַר איר פאַרצווייגטער געזעל־שאַפטלעכער טעטיקייט געוואָרן באַערט מיטן טיטל „די אויסגעצייכנטע פרוי פון יאָר״ אין סט. יאָזעף.

רבקה איז געשטאָרבן כ״ב טבת, תש״ז, 1947, צו 72 יאָר.

אריה־ליב וואָלינסקי, זון פון ר׳ ישעיה און דבורה וואָלי־ניעץ, איז געבוירן 1878 אין סעלישטש. פאַר אַ צייט געווען „טראַסטי״ פון „שערי־שלום״ שוהל אין סט. יאָזעף.

אריה ליב וואָלינסקי איז געשטאָרבן אין פורים, 1936.

די וואָלינסקיס האָבן געהאַט 2 טעכטער: העלען מייאיר־סאָן (קאָונסיל בלאַף, אייאָוואַ) און יעטאַ קאַלמאַן. (ד.וו.)

יעטאַ און איר מאַן אליעזר (לואיס) און זון שרגא אריה (לאַרען) וואוינען אין שיקאַגאָ. זיינען טעטיק געזעלשאַפטלעך.

# אליה מילנער ע״ה

אליה מיל־נער, זון פון ר׳ צדוק און שפרה, איז געבאָרן 1876 אין דראָהיטשין, געלערנט אין חדר און אין תלמוד־תורה. נאָך זיין חתונה מיט עיזליז. טייכטער פון ר׳ שמואל און ליבע פון פרוזשאַני, געעפנט אַ בעקעריי, אין קאָנדיציע, אין שטעטל. באַזונדערס האָט זיך אויסגעטויגט צום מסחר זיין פרוי עטל. מילנער׳ס געבעקס זיינען געווען אַ שם־דבר אין שטעטל און אומגעגנט. אליה איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט אַראָפּגעבראַכט אין שטעטל אַ מאַשין צו באַקן מצה. און פון דאַן אָן האָט דער עולם אין דראָהיטשין אָנגעהויבן נוצן די „מאַשינאָווע מצות״. איז אויך געווען דער ערשטער, וואָס האָט אָנגעהויבן


אליה מילנער ע״ה

פּראָדוצירן ליאָדעס (אייז־קרים) צום פאַרקויפן אין שטעטל.

מיטן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה אין 1914, איז אליה, אַלס אַ „זאַפּאַסנאָיער״, געוואָרן מאָביליזירט אין דער רוסישער אַרמיי און גלייך אַוועק אויפן פראָנט...

איינמאָל, אין אַ פינסטערער נאַכט, איז אליה געשיקט געוואָרן אַלס „ראַזוועטשיק״, אויסצושפּיאָנירן דעם שונא׳ס (דייטש) פּאָזיציעס. איז אים איינגעפאַלן אַ געדאַנק, ער האָט מיט זיין ביקס אַריינגעשאָסן זיך אַ קויל אין פוס און אַלס רעזולטאַט איז ער אָפּגעשיקט געוואָרן אין שפּיטאָל קיין קאַזאַן. עס האָט ניט גענומען לאַנג און אליה׳ס וואונד האָט זיך אויסגעהיילט... ער האָט געדאַרפט גיין צוריק אויפן פראָנט, איז ער געזעסן אין שוהל אין קאַזאַן און געזאָגט תהלים. איז צו אים צוגעקומען אַ רייך־געקליידעטער ייד, געגעבן אים שלום און אָנגעהויבן זיך אויספרעגן פון וואַנען אַ יידישער סאָלדאַט שטאַמט, און ס׳האָט זיך אויפגעדעקט אַ שטוינענדע געשיכטע.

ווען אליה האָט אַלס נאָוואָבראַנעץ געדינט אין דער רוסישער אַרמיי אין אַסטראַכאַן, האָט ער אין זיין פרייער צייט געאַרבעט ביי שניידעריי אין אַ יידישן שניידער־וואַרשטאַט, וואו עס האָט אויך געאַרבעט אַ יונגערמאַן מיטן נאָמען מאָטל נחמקין, מיט וועמען ער האָט זיך גוט אויפגעלעבט. איינמאָל האָט מאָטל באַקומען אַ טעלעגראַמע, אַז זיין פרוי איז קראַנק און מען דאַרף געלט. מאָטל האָט קיין געלט נישט געהאַט, האָט אליה אים אַנטליען 25 רובל און מאָטל האָט דאָס געלט אַוועקגעשיקט צו זיין פרוי. די יאָרן זיינען געלאָפן און אליה האָט שוין געהאַט פאַרגעסן די גאַנצע געשיכטע. איצט, נאָך 20 יאָר, איז אליה געשטאַנען אויג אויף אויג מיט זיין אַמאָליקן אָרעמען חבר, מאָטל נחמקין, וועלכער איז פאַר דער צייט געוואָרן אַ גרויסער פּאָדראַדטשיק און צושטעלער פון מיליטערישע בגדים צו דער אַרמיי, וואו ער האָט געהאַט גרויס איינפלוס.

דער רייכער מאָטל נחמקין האָט גוט געדיינקט די טובה וואָס אליה האָט אים אַמאָל געטאָן און אים שוין נישט אָפּגעלאָזט. מאָטל האָט אַריינגענומען אליה׳ן צו זיך אין הויז און אין קורצן אויסגעווירקט אליה׳ס באַפרייאונג פון דער אַרמיי... און אליה איז אַ גליקלעכער באַלד צוריקגעפאָרן אַהיים צו זיין פאַמיליע... (פּרטים פון ג. קאַפּלאַן — אין „אַמעריקאַנער״.)

אין 1920 איז אליה געקומען מיט זיין טאָכטער פייגל קיין ניו־יאָרק. אין 1927 איז אויך אַריבערגעקומען עטל מיט די אַנדערע קינדער.

אליה איז געשטאָרבן י״ט שבט 1938.

עטל לעבט אין ניו־יאָרק מיט אירע קינדער: פייגל, שפרה, יודל, טודרוס, שרה און דבורה. אַ זון ישראל איז אין קובאַ. וו.

**שלמה** **פישמאַן** **אסתר־חיה**
כ״ט ניסן כ״ה אדר

**דוד וואָלין** **ליבע קליין**
לזכרון נצח די בראָנער

# חנא גרייבער ע״ה

חנא (כאָניע) גרייבער, זון פון מרדכי און ריווע גרייבער, איז געבאָרן אין דראָהיטשין. אין 1911 געקומען קיין שיקאַגע. געווען מנקר ביי „כשר־סטאַר״ (וווּרשט־פּראָדוצירער). גרינ־


חנא און חיה־שרה גרייבער ע״ה

דער און ערשטער בייזשטייערער פון גמילת־חסד ביים דראָהיטשינער פּראָגרעסיוו קלוב. — געשטאָרבן י״ח אדר, 1938.

חיה־שרה, טאָכטער פון וועלוול און יאַכנע יארענקעס פון דראָהיטשין, פרוי פון כאָניע, געשטיצט בני־תורה, מאָטעלער שוהל, מושב־זקנים א.א. — געשטאָרבן ה׳ טבת, 1950.

די גרייבערס האָבן געהאַט 6 קינדער: חאָבע־רייזל, אברהם־יעקב, שמואל, מאיר, דוד און גאָלדע. דער איידעם הייסט ישראל־זלמן אַמילינסקי.

# סענדער דווינסקי ע״ה

סענדער דווינסקי, זון פון הערשל דווינסקי פון דראָהיטשין, האָט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה עולה געווען קיין ארץ־ישראל און געווען פון די בויער פון דער שכונה „מקור־חיים״ לעם ירושלים. זען ז. 416. סענדער איז געווען איינער פון די פירער פון דער „הגנה״ אין זיין געגנט. ביי־טאָג האָט ער געאַרבעט און אין די נעכט באַוואַכט זיין שכונה קעגן אָנפאַלן פון די אַראַבער. אין 1929, בעת די אַראַבישע פּאָגראָמען, האָט סענדער מיט זיינע חברים אויסגע־היט „מקור חיים״ פון אַן אומגליק. פיל מאָל איז אים אויסגעקומען איבערצולאָזן זיין פאַמיליע און לויפן באַ־שיצן אַנדערע קאָלאָניעס.


סענדער דווינסקי, ע״ה

אין 1938 איז סענדער געקומען מיט אַ באַזוך קיין שיקאַגע און ער איז שוין דאָ פאַרבליבן. ער האָט זיך דאָ מיט זיין פאַמיליע גאַנץ גוט איינגעאָרדנט. ער איז געווען אַ טעטיקער מיטגליד פון „דראָהיטשינער צווייג״, וועמענס פאָרזיצער ער איז געווען פאַר אַ צייט. סענדער איז געשטאָרבן יונג אין 1952 און געלאָזן אַ פרוי, שיינדל (טאָכטער פון הערשל גאָלד־ווירט פון „מקור־חיים״), און צוויי טעכטער אין שיקאַגע.

# אברהם יצחק לעוו ע״ה

אברהם יצחק לעוו, זון פון יעקב שמעון און שרה לעוו, איז געבוירן 1890 אין דראָהיטשין און געוואָרן דערצויגן אין חדרים פון שטעטל. נאָך פון זיינע יונגע יאָרן איז ער געווען אַקטיוו אין דער סאָציאַ־ציוניסטישער באַוועגונג. אין זעלבן גייסט האָט ער אויך אָנגע־פירט אַן אַגיטאַציע אפילו צווישן די אַר־בעטער פון זיין פאָ־טערס „מאַסטערסקאַ־יע״. ער האָט אָנגע־הערט צום זעלבסט־שוץ אין 1905, און געוואָרן געיאָגט פון צאַרישער זשאַנדאַר־מעריע. צו 18 יאָר אַוועק קיין אַמעריקע. אין ניו־יאָרק איז ל. געווען אַ טעטיקער חבר פון די פועלי־ציון און קולטור־טוער. איז אויך געווען פון די ערשטע שטי־צער פון דראָהיטשינער „יזכור־בוך״. אברהם יצחק איז גע־שטאָרבן פלוצלינג אין 1944 אין ניו־יאָרק, איבערלאָזנדיק אַ פרוי, יהודית (טאָכטער פון יעקב און חוה פּאָלאַק פון דראָ־היטשין), און צוויי טעכטער. (זען זייט 225. 11.)


אברהם יצחק לעוו, ע״ה

## מיין יזכור

מיט אַ געבראָכן האַרץ בין איך מזכיר מיינע ליבע און טייערע מאַן און קינד יהושע און ראובלע, וואָס האָבן אַזוי ליב געהאַט זייער דראָהיטשין.

אין אייביקן טרויער,

ראַשע לאה שמיד, ניו־יאָרק — זען זייט 225.

צום אייביקן אָנדענק פון מיינע ליבע עלטערן

**יהושע וואַרשאַווסקי מיכליע**

| | |
|---|---|
| (ב״ר ישעיה און גיטל) | (בת ר׳ משה קושנער) |
| געבאָרן 10 יולי, 1867 | געבאָרן 14 יולי, 1866 |

געשטאָרבן

| | |
|---|---|
| כ״א תמוז, תשי״ב, 1952 | ד׳ סיון, תרצ״ו, 1936 |

שוועסטער

**חיה־רחל וואַרשאַווסקי** י״א חשון תר״ץ, 1929

בעסיע וואַרשאַווסקי, שיקאַגע — זען זייט 243

# עזרא ווייסמאַן ע״ה

עזרא ווייסמאַן, זון פון ר׳ שמעון און לאַצע ווייסמאַן, איז געבוירן אין דראָהי־טשין. געווען באַ־לערנט אין יידישע און אין וועלטלעכע למודים; ליב געהאַט מוזיק און קונסט און געווען טעטיק גע־עלשאַפטלעך אין דראָהיטשין.



נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה געקו־מען קיין אַמעריקע און שנעל איינגע־בירגערט זיך אין דעם נייעם לאַנד. איז ליידער, אומגעקומען טראַגיש אין 1949 אין שיקאַגע.

# בנימין מיכל אייזענשטיין ע״ה

בנימין מיכל אייזענשטיין, זון פון לייזער און בלומע אייזענשטיין, איז געבוירן 1909 אין שיקאַגע. נאָכן ענדיקן קהילת יעקב תלמוד־תורה און היי־סקול אָנגעקומען צו אַרבעטן אין סיטי־האָל, שפּעטער (1937) געוואָרן נאָמינירט אַלס קאָורט־בייליף. אין די מלחמה יאָרן האָט אייזענשטיין אופגעדעקט און צעשטערט אַ שפּיאָנאַזש ־ קעמערל פון דייטשן „בונד" אין שיקאַגע. אייזענשטיין איז אומגעקומען אויף אַ טראַגישן אופן: ווײַלנדיק אַלס גאַסט אויף אַ פּאַרטי פון זיין פריינט אַלבערט פיינבערג, וועמענס הויז איז דאַן איבערפאַלן געוואָרן פון 2 רויבער, האָט ער דערשאָסן איינעם פון די באַנדיטן. דער צווייטער רויבער האָט אָבער צוריקגעשאָסן און דער׳הרג׳עט אויפן אָרט פיינבערגן און אייזענשטיינען... דאָס איז געווען י״ט אייר, 9־טן מאַי, 1947.



בנימין־מיכל אייזענשטיין, ע״ה

אייזענשטיין האָט איבערגעלאָזן אַ פרוי עטעל, עלאַ, (אַ טאָכטער פון מאיר און חיה־ביילע גראָסבאַנד), און 3 קינדער: חיה־גיטל, מאַרדי און איילין. (זען זייט 243. ד.וו.)

# אברהם פעלדמאַן ע״ה

אברהם פעלדמאַן („אברעמל דער יאָלטשער"), האָט אַ סך יאָרן געלעבט אויפן ישוב, אין דאָרף יאליטש ביי דראָהיטשין, איז געווען אַ ייד אַ גברן פון אַמאָליקן טיפּ ישובניק. מען דערציילט, אַז איינמאָל איז אַברעמל געוואָרן אַטאַקירט פון אַ גרויסן וואָלף. אַברעמל האָט דעם וואָלף אָנגעכאַפּט פאַרן צונג, געעזצט זיך אויף אים רייטענדיק און אים געהאַלטן ביז ס׳זיינען אָנגעלאָפן פויערים פון דאָרף. 1906 איז פעלדמאַן אַריבערגעקומען קיין ניו־יאָרק און זינט 1908 געפונען זיך אין שיקאַגע. ער האָט אויסגעלעבט זיינע יאָרן ביי זיינע קינדער — לייזער און בלומע אייזענשטיין — אין שיקאַגע.



אברהם פעלדמאַן, ע ה

אברהם איז געשטאָרבן אין עלטער פון 60 יאָר, ט׳ אב, 1921. זיין פרוי, שרה־אסתר, איז געשטאָרבן י׳ אדר, 1914.

די פעלדמאַנס האָבן געהאַט צען קינדער: פייגע־רבקה, חנה, טשערנע, יעקב־יאָסל, משה־זלמן, מאיר (געשט.), יחיאל־טאָדרעס, פּעני ראָטענבערג, בערטאַ מילער און בלומע אייזענשטיין, לעבן אין שיקאַגע.



קאַפּיטאַן ד״ר יאָזעף פרידמאַן, זון פון דוד און אסתר ביילע פרידמאַן. ז.ז. 410



סערזשאַנט פיליפּס (רעכטס) און קאַפּראַל הענרי, זין פון לואיס און פרידע מייערס



פרעד, זון פון הערש און פרוי קאַטאַק

# מרדכי ראַטנאָװסקי ע״ה

מרדכי ראַטנאָװסקי, זון פון שלום משה און רייזע, האָט געשטאַמט פון קאָלאָניע ביי דראָהיטשין. גאָר יונג אַריבער־געקומען קיין שיקאַגע. געװען װיצע־פּרעזידענט פון דער קצבים־יוניאָן, לאָקאַל 596; חבר פון „דראָהיטשינער צװייג" א.א. געשטאָרבן אין עלטער פון 46 יאָר, י׳ תמוז, 1948. געלאָזן אַ פרוי, ביילע און זעקס קינדער: ישראל ליפּע, שבתי, חיים־הענאָך, העניע־לאה, נעכע, צביה רייזעל. מרדכיס ברודער און שװעסטער: לייזער, שרה און גרונטשע זיינען אומגעקומען אין יאָר 1942 דורך די דייטשן, י״ש.


מרדכי ראַטנאָװסקי, ע״ה

ביילע׳ס פאָטער, חיים יאַרינקעס, איז געשטאָרבן כ״ט אב, 1931. ביילעס מוטער, צביה, איז געשטאָרבן י׳ טבת, 1940. ביילע׳ס זיידע, יעקב יאַרינקעס, איז געשטאָרבן 21 יאַנואַר, 1949. ביילעס באָבע, שרה, איז געשטאָרבן אין 1916. ד.װ.

| | |
|---|---|
| **פייגל מייערס** — כ״ה כסלו, 1956 | |
| פרוי פון נייטען | |

# חיים הענאָך ראַטנאָװסקי ע״ה

חיים הענאָך ראַטנאָװסקי, זון פון מרדכי און ביילע ראַטנאָװסקי, געבוירן 10־טן מאַי, 1937, אין שיקאַגאָ. גאָר פרי געװאָרן פאַר׳יתומ׳ט פון זיין פאָטער. נאָך זיין ענדיקן תלמוד־תורה און היי־סקול גענומען אַרויסהעלפן זיין מוטער מיט חיונה. געװען זייער אַ געטרייער זון און זיך באַמיט צו צופרידנשטעלן די מוטער און שװעסטער. דעם 17טן מערץ, 1957, אין אָװנט, זיינען אינ׳ם שיך־געשעפט (112 ס. סטייט סט.), װאו ער האָט געאַרבעט, אַריינגעקומען 2 דעטעקטיװוס, װאָס חיים האָט אָנגענומען פאַר רויבער. דעם זעלבן טעות האָבן אויך געמאַכט די דעטעקטיװוס. חיים־הענאָך האָט גענומען לויפן, און אין רעזולטאַט איז ער געפאַלן אַ דערשאָסענער פון די דעטעקטיװוס. אין שפּיטאָל האָט חיים הענאָך נאָך געלעבט אַ פּאָר טעג און אויסגעגאַנגען — 21 מערץ, 1957. — י״ח אדר ב׳, תשי״ז.


חיים־הענאָך ראַטנאָװסקי, ע״ה

| הערשל | מייערס | מירל |
|---|---|---|
| כ״ה שבט, 1905 | | י״ח שבט, 1911 |


בען קעסט


לעאָנאַרד בערעזאָװסקי


בערנאַרד בערעזאָװסקי

זין פון הערמאַן און פרוי בערעזאָװסקי

# שלמה שעדראָוויצקי ע״ה

שלמה שעדראָוויצקי, זון פון יעקב־אליעזר און ציפּע, איז געבוירן אין דראָהיטשין. שלמה איז געווען אַן אויטאָדידאקט, אַ משכיל. אַליין דערלערנט די רוסישע שפּראַך, געלייענט די רוסישע קלאַסיקער און געווען באהאוועגט אין דער העברעאישער ליטעראַטור און תלמוד.



שלמה שעדראָוויצקי, ע״ה

שעדראַוויצקי האָט געהאַט פּראָגרעסיווע נייגונגען און משכילישע געדאַנקען. ער איז געווען איינער פון די גרינדער פון אַ רוסישער עלעמענטאַרער שולע אין דראָהיטשין און אויך אַראָפּ געבראַכט אין שטעטל אַן אַפּטייקער. דערפאַר האָט מען אים אין שטעטל געקרוינט מיט דעם טיטול — אפיקורוס...

שפּעטער, ווען שעדראַוויצקי האָט פאַר אַ צייט, צוליב זיינע מסחרים, געלעבט אין לאָדזש, האָט ער אויך דאָרט פאָרגעזעצט זיין געזעלשאַפטלעכע און קולטורעלע טעטיקייט.

זייענדיק אַ ציוניסט פון זיין פריסטער יוגנט, האָט שעדראָוויצקי אין יאָר 1913 פאַרווירקלעכט זיין לאַנג־יאָריקן חלום, האָט עולה געווען מיט זיין פאַמיליע קיין ארץ ישראל און געמאַכט זיין היים אין פּתח־תקוה, ווו ער האָט געקויפט באָדן און זיך אָפּגעגעבן מיט לאַנדווירטשאַפט.

אַלס מוטיקער און אומדערשראָקענער רעדנער, איז שעדראָוויצקי מיט דער צייט געוואָרן באַוווּסט אין זיין סביבה און זיין שטוב איז געוואָרן אַ גאַסט־הויז פאַר עולים און דורכפאָרער. אַ קאָכיקער סאַמאָוואַר איז שטענדיק געשטאַנען אויפן טיש און פרוי שעדראוויצקי איז גאַנצע טעג געווען פאַרנומען מיט באַדינען די געסט. מענטשן זיינען געקומען צו שעדראוויצקין נאָך עצות וועגן באַזעצן זיך אין לאַנד; אַנדערע זיינען געקומען צו אים ווי צו אַ בורר אויסצוגלייכן סכסוכים.

שעדראוויצקי איז געווען אַ שטאַרקער אָנהענגער פון אַ נישט־קאָנטאָלירטער מאַסן־עליה קיין ארץ ישראל און דאָס אינוועסטירונג פון פּריוואַטן קאַפּיטאַל אין לאַנד. ער האָט זיך אויך באַטייליקט אַלס גאַסט אין פיל ציוניסטישע קאָנגרעסן, און פאַר אַ צייט אויך געווען פאַרטרעטער פון ארץ־ישראלדיקער „ציטרוס־געזעלשאַפט" אין עגיפּטן. שעדראָוויצקי האָט אויך געהאַט דעם טיטול פון הויפּט־אינספּעקטאָר פון די שולעס אין פּתח־תקוה און זיך אָפּגעגעבן מיטן חינוך דאָרט. שלמה האָט צייטנווייז אויך געשריבן אין „דואר־היום" און אין „וואָסכאָד"; אָנגעהויבן שרייבן אַ בוך „די קאָנצעפּציע פון תלמוד", און אַ צווייטן בוך איבער „אידיש דענקען און וויסן", אָבער ביידע ביכער זיינען נישט דערשינען אין דרוק.

שעדראוויצקי איז געשטאָרבן כ״ט תמוז, 1927 אין פּתח־תקוה.

פּרטים פון זיינע זין יעקב (פּתח־תקוה) און ד״ר שודראוו (יאָהאַנעסבורג, סאוט אפריקע).



וועלוועל און אסתר קריינעס, ע״ה, געשטאָרבן אין ארץ־ישראל

•

# הערשל דווינסקי ע״ה

הערשל דווינסקי, באַוואוסט מיט זיין פּשטות און ערלעכקייט, איז געווען איינער פון די ערשטע עולים, וואָס האָט גלייך נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה עולה געווען מיט זיין פאַמיליע קיין ארץ ישראל.



הערשל דווינסקי אין זיינע לעצטע טעג

הערשל דווינסקי, הערשל גאָלדווירט, מרדכי ראַטנער א.א. זיינען געווען די פּיאָנערן און בויער פון דער שכונת „מקור־חיים", פינף קילאָמעטער פון ירושלים. (אגב, ראַטנערס זון, יוסף, איז אַ מיטגליד פון „דראָהיטשינער צווייג"). זייערע הייזער האָבן זיי געבויט פון גרויסע שווערע שטיינער, וואָס זיי האָבן אויסגעהאַקט פון די בערג. יעדער איינער פון דער שכונה האָט געהאַט איינע אָדער צוויי בהמות, פלעגן פאַרקויפן די מילך קיין ירושלים און פון דעם האָבן זיי אויסגעשלאָגן אַ בצמצום'דיקע חיונה.

די לעצטע יאָרן האָט זיך דווינסקי געפונען אין אַ מושב־זקנים אין ירושלים און געשטאָרבן אין טיפער עלטער. ז.ז. 269

# שמואל לעוו ע״ה

ר׳ שמואל לעוו, למדן, תורה־עסקן, איז געבוירן געוואָרן אין יאָר תרט״ז אין דראָהיטשין. אין דער יוגנט האָט ער געלערנט ביי דעם גאון און צדיק ר׳ פנחס מיכאל זצ״ל פון




ר׳ שמואל לעוו ע״ה, גרינדער פון הכנסת־אורחים אין ירושלים

אנטאפאליע. נאָך דער חתונה האָט ער זיך באַזעצט אין אַנטאָפּאָליע און האָט זיך פאַרנומען מיט מסחר. שפּעטער קומט ער צוריק קיין דראָהיטשין ווו ער איז אַ מרביץ תורה ברבים.

ווען זיינע קינדער זיינען אונטערגעוואקסן האָט ער באשלאָסן צו פאָרן קיין ארץ ישראל. עס ווערט דערציילט, אז די גאונים אליעזר משה (פינסק), ר׳ פנחס מיכאל (אַנטאָפּאָליע) און ר׳ מרדכי׳לע פון בוטען האָבן אים אָנגעזאָגט אַז איידער ער פאָרט קיין ארץ ישראל זאָל ער באַזוכן אַמעריקע.

ר׳ שמואל לעוו איז טאַקע געקומען קיין שיקאַגאָ, ווו ער האָט געגרינדעט אַ חברה־ש״ס און די „אגודת־אחים־אנשי־דראָהיטשין״ א. נ. פון הרב לעסער, ז״ל. פון שיקאַגע פאָרט ער קיין פאַריז און גרינדעט דאָרט אַ חברה ש״ס און אַ חברה „חיי־אדם״ א.נ. פון הרב לאַבעצקי. פון פאַריז פאָרט ר׳ שמואל קיין ירושלים. מיט דער הילף פון שיקאַגער פילאַנטראָפּ, מאַקס נייטען, קויפט ר׳ שמואל אָפּ אין ירושלים אַ גרויסן הויף מיט הייזער, ווו ער אָרדענט איין אַ הכנסת אורחים פאַר תלמידי חכמים, אַ בית־יתומים א.נ. „תפארת ציון וירושלים״, ווי אויך אויסגעבויט אַ שוהל א.נ. „זהרי־חמה״ פאַר ותיקים, וואָס האָבן שטענדיק געדאַוונט מיטן „נץ־החמה״... דעם דאָזיקן גרויסן פראָיעקט האָט זיך ר׳ שמואל געווידמעט זיין גאַנץ לעבן. צענדליקער תלמידי־חכמים און עלנדע קינדער זיינען אויסגעהאַלטן געוואָרן מיט אַלעס נויטיקן אין די הייזער. צוזאַמען מיט הרב ר׳ היים דוד ספיצער האָט ער ביים אמעריקאַנער קאָנסול אין ירושלים אויסגעפּועלט אַ שטיצע פון דער אַמעריקאַנער רעגירונג פאַר זיינע צדקה־אַנשטאַלטן.

מיט יאָרן שפּעטער קומענדיק אויף אַ באַזוך קיין ניו־יאָרק שאַפט ער אַ חברה „תפארת ציון וירושלים״, ווי אויך די „ישיבת תורה מציון״ אין בראָנזוויל. — ר׳ שמואל איז נפטר געוואָרן אין ירושלים כ״א טבת, תרפ״ג. (זען ז. 153. וו.)

# יהודה ליב איזענשטיין ע״ה

ר׳ יהודה ליב ב״ר אשר אייזענשטיין איז געבוירן 1865 אין דראָהיטשין. צו 18 יאָר (1883) אויסגעוואַנדערט קיין ארץ־ישראל. פאַר אַ צייט געלערנט אין דער אַגראַר שולע פון באַראָן ראָטשילד אין „זכרון־יעקב״.

ר׳ יהודה־ליב איז געווען איינער פון די פּיאָנערן און גרינדער פון דער קאָלאָניע „בת־שלמה״ (7 ק״מ פון זכרון־יעקב), וואו ער האָט זיך פאַרנומען מיט ערד־אַרבעט. י.ל. איז געווען אַ פייאיקער לאַנדווירט. זיינע פעלדער האָבן אַרויסגעגעבן גענוג שפּייז פאַר זיין חיונה און אויך אויף צו מהנה זיין לייטן...

ר׳ ליב איז געווען אַ פרומער ייד און האָט פיל געלערנט אין זיין פרייער צייט. ר׳ ליב איז אויך געווען דער רבי פון דעם באַרימטן אַגראָנאָם אהרן אַראָנסאָן. [פירער פון דער „נילי״־באַוועגונג אין ארץ־ישראל אין דער ערשטער וועלט מלחמה. —— ד.וו.]

ר׳ ליב איז געשטאָרבן כ״ג אלול, 1938, אין „בת־שלמה״. אַלע יינגלאַך, וואָס זיינען געבוירן געוואָרן אין דעם יאָר פון ר׳ ליב׳ס פּטירה אין „בת־שלמה״ האָט מען אַ נאָמען געגעבן „ליב״...

ר׳ ליב האָט געלאָזן פינף זין און צוויי טעכטער. פריידל וואָלאַנסקי, אַן אייניקל פון ר׳ חיים בער אַלטוואַרג, איז דאָרט איינע פון די שניר...



ר׳ יהודה־ליב אייזענשטיין, ע״ה (צווייטער פון רעכטס, אין היטל), מיטגרינדער פון „בת־שלמה״.

# ישעיהו ווארשאו

ישעיהו וואַרשאַו, זון פון הרב ר׳ ישראל ברוך און חיה ליבע וואַרשאַו (וואַרשאַווסקי), געבאָרן ט״ו שבט, 1917, אין האָר־באַכע ביי דראָהיטשין. שפּעטער געוווינט אַ צייט אין דראָ־היטשין און אין פּרוזשאַנע און באַזוכט דאָרט די תרבות־שולע.



ישעיהו וואַרשאַו

אין 1930 אַריבער־געקומען קיין ניו־יאָרק און ממשיך גע־ווען דאָ זיין שטוד־יום. צו דערזעלבער צייט אָנגעשלאָסן זיך אין זאב זשאַבאָטינ־סקיס „בית״ר״ און געוואָרן דאָרט אַ פּי־רענדיקע פיגור. פון 13 יוני 1941 ביז סוף 1945 געדינט אין דער 112טער קאַוואַ־לעריע יוניט פון דער אַמעריקאַנער אַרמיי. 3 יאָר אָפּגעווען אין דרום פּאַסיפיק און באַטייליקט אין פינף מלחמה קאַמפּיינען אויף די אינזלען: וואודלאַרק, אַיטאַפּע, ניו בריטן, לעיטע און לוזאָן. געווען פון די ערשטע און איינציקע צו לאַנדען אויף דעם אינזל ניו־קאַלעדאָניע, וואו ער האָט געדינט אַלס דאָל־מעטשער פון פראַנצויזיש און געהאָלפן צו אָרגאַניזירן די פראַנצויזישע גערילאַ־קעמפער און באַפעסטיקן די דאָרטיקע פאַרטיידיקונג. האָט אויך אויסגעפילט פיל מאָל דעם אַמט פון טשעפּליין. אין לוזאָן איז וואַרשאַו אָפּגעלעגן אַ חודש הינטער דעם שונא׳ס פראָנט און האָט, אַלס אויסגעצייכנטער שיסער, איינער אַליין דערשאָסן 13 יאַפּאַנעזער, צווישן זיי צוויי אָפי־צירן, און צוגענומען זייערע שווערדן...

אויף דעם ברעג פון אַראַווע אין ניו־בריטן (געלאַנדעט דאָרט פון די ערשטע), איז וואַרשאַו׳ס פּאַטרול אַריינגעפאַלן אין אַ פּאַסטקע, זיין סערזשאַנט, ט. מ. יענסע, איז שווער פאַר־וווּנדעט געוואָרן, — איז וואַרשאַו אויף אַלע פיר דערקראָכן צום סערזשאַנט און גענומען צו פאַרבאַנדאַזשירן אים די וווּנד, ער איז אָבער 3 מאָל געשטערט געוואָרן פון יאַפּאַנעזער... און אַלע דריי מאָל האָט וואַרשאַו מיטן ערשטן שאָס געטראָפן אין ציל, אויסגעלייגט די יאַפּאַנעזער און פאַרנומען דעם שונא׳ס פּאָזיציעס... וו. האָט אויך געדינט אין דער „אינטעלידזשענס״ און באַקומען אַ „שלאַכט־מעדאַל״ פאַר „אויסערגעוויינלעכן דינסט״. וואַרשאַו איז אַרויסגעקומען (14 סעפּ. 1945) פון דער אַרמיי מיט איבער 100 פּאָינטס... („יענק״, 18 פעברואַר, 1944; „פאָרווערטס״, 2טן דעצעמבער, 1945).

נאָך דער מלחמה האָט זיך וואַרשאַו צוריק אַריינגעוואָרפן אין קאַמף פאַר אַ יידישער מלוכה. האָט געהאַט אויף זיך אַ פּראָצעס (מאַי 1948) פאַר שיקן געווער קיין ארץ־ישראל... 11טן יוני, 1948, איז ער בסוד פון זיינע עלטערן אָפּגעפלויגן פון ניו־יאָרק... ט״ו סיון, תש״ח, 22 יוני, 1948, איז וואַרשאַו אָנגעקומען מיט דער היסטאָרישער שיף אַלטאַלענאַ קיין תל־אביב... די אַלטאַלענאַ איז אויפן באַפעל פון בן־גוריונען צע־שאָסן געוואָרן און וואַרשאַו (אַלץ פאַרלאָרן) האָט געמוזט שווי־מען פאַר זיין לעבן... מיט 2 וואָכן שפּעטער קעמפט וואַרשאַו

# ישעיהו וואַרשאַווסקי

ישעיהו וואַרשאַווסקי, זון פון ר׳ דוד און פייגעל וואַר־שאַווסקי, איז געבוירן אין דראָהיטשין. זיין ערשטן חינוך באַקומען פּריוואַט ביי לערער און אין שולע „מוריה״ אין דראָ־היטשין. דערנאָך געלערנט אין די ישיבות פון גראָדנע (1927־1924), ר׳ שמעון שקאָפּ, ז״ל; קאָברין (1931־1927), ר׳ פסח פּרוסקין ז״ל; און קאַ־מעניעץ (1932־1931), ר׳ ברוך בער לייבאָ־וויץ, ז״ל. סוף 1932 אָנגעשלאָסן זיך אין „החלוץ המזרחי״ און געוואָרן איינער פון זיינע בויער אין דראָהיטשין. פון 1934 ביז 1938 גע־אַרבעט אין צענ־טראַל־קאָמיטעט פון „תורה ועבודה״ אין וואַרשע (רימאַרסקי 6), וואו ער האָט פיל געלייסטעט פאַר דעם רעליגיעזן ציוניזם. 8טן מערץ, 1938, האָט ישעיהו עולה געווען קיין ארץ־ישראל, און דאָרט אָנגעהויבן צו דערנענ־טערן זיך צו זאב זשאַבאָטינסקי׳ס רעוויזיאָניזם. זומער 1938 אַריינגעטראָטן אין „הסתדרות עובדים לאומיים״ (רעוויזיאָ.).



ישעיהו וואַרשאַווסקי

פון 1940 ביז 1946 געדינט (אַלס מאָביליזירטער פון ארץ־ישראל) אין בריטישן לופט־פלאָט (ר.א.פ.). האָט דורכגעמאַכט אַלע ביטערע מלחמה־יאָרן אויפן פראָנט. מיטגעמאַכט אַלע פאָרויס־און צוריק־מאַרשרוטן; אָנהויבנדיק פון עגיפּטן, ליביע (טאָברוק) ביז בענגאַזי, דערנאָך צוריקגעטראָטן ביז על־לאַ־מיין, און דעם לעצטן שטורעם ביז טוניס... איז געוואָרן גע־בלענדעט און געברענט פון „חאַמסינ׳ס״, זאַמד־שטורעמס; געוויקעט זיך און געפרוירן אין פאַרפלייצטע אָקאָפּעס... און ועל כולם, געוואָרן באָמבאַרדירט טאָג און נאַכט פון דייטשע מעסערשמידטס... און שטענדיק איז דאָס לעבן געהאַנגען אויף אַ האָר... נאָך דער מלחמה האָט ישעיהו באַקומען אַן אָנבאָט פון זיין אָפיציר צו באַזעצן זיך אין ענגלאַנד און געניסן פון אַלע וועטעראַן־פּריווילעגיעס, ער האָט אָבער פאַרציכטעט אויף די פּריווילעגיעס כדי צו לעבן אין ארץ־ישראל...

ישעיהו האָט אַקטיוו באַטייליקט זיך אין דעם באַפרייאונגס־קאַמף פון ארץ־ישראל; פריער אַלס שטיצער פון דעם מרד פון ארגון און דערנאָך (1948) אַלס זעלנער פון ישראל־אַרמיי.

אין 1949 אַריינגעטראָטן אין „חרות״. געווען קאָמיטעט־און ראַט־מיטגליד און סעקרעטאַר פון צפון־סניף פון „חרות״ אין תל־אביב וכדומה.

ישעיהו און זיין פרוי טובה (געהייראַט דעצ., 1945) וווינען אין תל־אביב. — זען זייטן: 21, 117, 137, 247, 305 און 307.

# מילואים

## דראָהיטשין אַלט 500 יאָר

ד״ר יצחק שיפּער, דער היסטאָריקער, ברייננגט אין זיינעם אַ בוך, אין שייכות מיט דראָהיטשין, זייער אַ וויכטיקע, היס־טאָרישע דאַטע, וועלכע איז נישט דערמאָנט אין געשיכטע־אַרטיקל, וואָס איז געדרוקט אין אָנהויב פון „יזכור־בוך״...

מיר האָבן זיך דעריבער געווענדעט צום היסטאָריקער, הרב ד״ר כתריאל ליפּמאַן מישקין פון שיקאַגע, וועלכער האָט נאָך אַ לאַנגער און גענויער פאָרשונג פעסטגעשטעלט, אַז די דראָהיטשין, וואָס ד״ר שיפּער דערמאָנט אין זיין בוך איז נישט קיין אַנדערע ווי נאָר אונדזער דראָהיטשין...

אויף דעם סמך פון דער דערקלערונג פון הרב ד״ר כתריאל ליפּמאַן מישקין, ברייננגען מיר דאָ עטלעכע פּאַראַגראַפן פון ד״ר שיפּער׳ס בוך, וואו עס ווערט קלאָר און דייטלעך אָנגע־וויזן, אַז אונדזער יידיש־דראָהיטשין איז אַלט געווען מער ווי פינף הונדערט (500) יאָר...

אין זיין „אידישע געשיכטע״, באַנד פיר, זייט 267 שרייבט ד״ר יצחק שיפּער אַזוי:

„פון די יאָרן 1463־1494 זענען אונז אין די אַקטן פון דער גרויספירשטלעכער קאַנצעלאַריע (די אַזוי גערופענע „ליט־ווישע מעטריק״) אויפגעהיט געוואָרן אַ היפּשע צאָל ידיעות, וואָס זאָגן עדות, אַז יידן האָבן אין יענער צייט אַרענדירט כמעט אַלע באַדייטנדיקע צאָל־קאַמערן אינ׳ם פירשטנטום: מיר באַגעגענען זיי אַלס אַרענדאַרן פון די מכסים אין ביעלסק, בריינסק, דראָהיטשין, גראָדנע, קיעוו, ליטאָוויזש, מינסק, נאָוואָגראָד, פּוטיוול, זשיטאָמיר, זוויאהעל וכדומה. אַ בילד וואָס דערמאָנט אונז אין די פאַרהעלטענישן, וועלכע מיר האָבן אין דערזעלבער צייט געזען אין רויט־רייסן און וואָלין (אגב, האָט דעמאָלט וואָלין באַלאַנגט צו ליטע).

„די פאַרדינסט־מעגלעכקייטן פון די אַרענדאַרן זענען אין ליטע געווען נישט קיין קלענערע ווי אין רויט־רייסן, וואָרים איבער ליטע האָט דעמאָלט געפירט דער האַנדל־שליאַך קיין דאַנציג, איינע פון די וויכטיקסטע אַרטעריעס פונ׳ם פּויליש־ליטווישן האַנדל מיט אויסלאַנד.

„פּונקט ווי אין רויט־רייסן, האָבן אויך אין ליטע די מכסים אַרענדעס געהאַט דעם פּאַרנעם פון גרויס־קאַפּיטאַליסטישע אונטערנעמונגען. אַזוי אַ שטייגער, האָט אין די 80־קער און 90־קער יאָרן פון 15־טן י״ה דער יאָרלעכער אַרענדע־צינז פון די מכסים אין בערעסטעטשקאָ, דראָהיטשין, ביעלסק און גראָדנע בעטראָפן 1.100 שאָק גראָשן (איבער 7.000 דאָ־לאַר), אין לוצק — 1.512 שאָק גראָשן, אין פּוטיוויל — 1.100 שאָק, אין מינסק — 250 שאָק א.אז.וו.״ עד כאן ד״ר שיפּער.

אויף דעם דאָזיקן היסטאָרישן דאָקומענט פון ד״ר שיפּער, האָט אונדז אויך אויפמערקזאַם געמאַכט אונדזער בן־עיר, שמואל ב״ר טוביה־דוד לעוו פון ניו־יאָרק... זאָגן מיר צו די אַלע — יישר כוחכם!

[דוב וואַרשאַווסקי]

←

אין די רייען פון „אירגון״ אַרום ירושלים קעגן די אַראַבער... האָט זיך מיט זיינע חברים אַריינגעבראָכן קיין אַלט־ירושלים און געהאַלטן די פאָדערשטע פּאָזיציעס אויפן „הר־ציון״ פון יולי ביז סוף סעפּטעמבער, ביז דעם שטילשטאַנד... נאָך דער אויפלייזונג פון דעם אירגון (אין סעפּ) אָנגעשלאָסן זיך אין דער ישראל־אַרמיי און געהאַלטן, אַלס מפקד, די פּאָזיציעס פון הר־קאַסטל, כסלון א.א.

וואַרשאַו איז פון די הויפּט־גרינדער פון די בית״ר׳שע קיבוצים „רמת־רזיאל״ (נאָ׳ו. 1948) און „מבואות־בית״ר״ (20 אַפּריל, 1950). יוני, 1950 געקומען קיין ניו־יאָרק צו ווערבירן ביתר־חלוצים פאַר די דערמאָנטע קיבוצים. 12טן אויגוסט, 1951 צוריקגעפאָרן קיין ארץ־ישראל. ווינטער 1952 גע־ענדיקט אַ קורס פון דער אָפיצירן־שולע פון ישראל־אַרמיי.

וואַרשאַו געפינט זיך היינט מיט זיין פרוי מרגלית (געהיי־ראַט 22 יולי, 1953) און צוויי טעכטער, ורדא און אסתר, אין „רמת־רזיאל״, וואו ער איז „מפקד אזורי״, קרייז קאָמענ־דאַנט און טראָגט די אחריות פאַר דער שמירה פון געגנט... וואַרשאַו איז פאַרבונדן מיט דער פּאָליציי און אַרמיי... און האָט די ראַנגעס פון פּאָליציי־סערזשאַנט און אַרמיי־לויטענאַנט (צווייטער). זען זייטן 193 און 244.



סיידי (טאָכטער פון הרב זאב מילער ז״ל) און נאָרמאַן מירסקי



**ניו־יאָרקער דראָהיטשינער צווייג 401 אויף אַ מסיבה אין תש"ח, 1947. זען זייט 392**

צוליב דעם וואָס די מערהייט חברים אויפן בילד געפינען זיך אין אַזאַ פּאָזיציע, וואָס איז זייער שווער אָנצוווייזן אין שריפט ווער איז ווער... און בעיקר, ווייל מ'האָט נישט געוואוסט אַ סך פון די נעמען, האָט מען צוליב שלום־בית געמוזט אויסלאָזן אַלע נעמען אפילו די וואָס זיינען באַקאַנט... ועמכם הסליחה... ד.וו.

# אין יענע גורל׳דיקע טעג

געווען איז דאָס אין חשון, 1920. מיר זיינען דאַן געווען אין איינע שרעק פאַר די שותפים פון די פּאָליאַקן, די מערדערישע באַלאַכאָווצעס, וועלכע האָבן געדאַרפט קומען קיין דראָהיטשין.

איינמאָל אין אַ פרי־מאָרגן כאַפּ איך אַ בליק אין פענצטער (מיר האָבן דאַן געוווינט אין דוד אייזענשטיינס מויער) און זע, ווי צוויי באַלאַכאָוצעס מאַטערן און פּאַטשן אונזער שכן, שמואליק מילנער, ער זאָל זיי נאָר זאָגן וואו דער רב וווינט. אַ ווײַלע שפּעטער האָבן די 2 באַלאַכאָווצעס געקלאַפּט אין מיין טיר און געפאָדערט איך זאָל זיי ברענגען דעם רב... איינער פון זיי האָט מיר געוויזן אַ מעסער און געזאָגט: „אויף דער סטאַנציע אין נאַגאַריע שטייט אַ גאַנצער עשאַלאָן באַלאַכאָווצעס, וועלכע וואַרטן אויף אונזער באַפעל"...

עס איז אויף מיר אָנגעפאַלן אַן אימת־מות... מיין מאַן, הרב ר׳ נח כהן, ז״ל, איז דאַן אין שטוב נישט געווען, ער איז געווען ערגעץ באַהאַלטן. בלית־ברירה, בין איך אַוועק צו מיין מאַן און אים איבערגעגעבן וואָס די באַלאַכאָווצעס פאַרלאַנגען, און בשעת־משעה האָב איך תפלה־געטאָן, אַז דער זכות פון מיין הייליקן פאָטער, הרב ר׳ דוד־מרדכי ז״ל, זאָל אונז ביישטיין אין דער גרויסער סכנה...

ווען מיין מאַן איז אַרויסגעקומען פון קעלער איז ער געווען ווייס ווי קאַלך פון שרעק. ער האָט אָבער געפאַסט מוט און מיט אַ שמייכל זיך באַגריסט מיט די באַלאַכאָווצעס, וועלכע האָבן אים, אגב, מכבד געווען מיט אַ פּאַפּיראָס... די אָפיצירן האָבן אים געזאָגט, אויב ער וויל ראַטעווען אַ שטאָט מיט יידן זאָל ער גיין מיט זיי... און מיין מאַן איז אַוועק מיט די באַלאַכאָווצעס. מיך האָבן זיי נישט געלאָזט מיטגיין...

מיט אַ שעה שפּעטער איז מיין מאַן צוריקגעקומען און אין האַנט האָט ער געהאַלטן אַן אויסגעשריבענעם פּאַפּיר. די באַלאַכאָווצעס האָבן געפאָדערט, אַז שטאָט זאָל זיי ביז מאָרגן 10 פרי צושטעלן: 25 קעלבער, 10 בהמות, 25 קעסטלעך קעז און 5 זעקלאַך זאַלץ... און אויב מען וועט זיי דאָס נישט געבן, דראָען זיי צו מאַכן אַ שחיטה אין שטאָט...

מיין מאַן מיט בעלי־בתים פון שטאָט זיינען (מיט דער דערלויבעניש פון די מחבלים) אַרומגעפאָרן אַ גאַנצע נאַכט און מ׳האָט מיט שוועריקייט צונויפגעשאַפן וואָס נאָר מען האָט געקענט קריגן. מען האָט די שטיקלעך (בהמות) גע־בראַכט צוטרייבן אויף אונזער הויף און מען וואַרט אויף די עקזעקוטאָרס. דער זייגער איז שוין 10, 11 און 12 און די באַלאַכאָווצעס יאַווען זיך נישט. ערשט אַרום 1 בייטאָג קומט צולויפן אַ רייטער פון זאַקאַזעלי׳ער הויף און גיט אונז איבער די שרעקלעכע בשורה: „די באַלאַכאָווצעס האָבן אין זאַקאַ־זעליע אויסגע׳הרג׳עט זיבעצן יידן (17)"... די באַלאַכאָווצעס האָבן געהאַלטן וואָרט. נישט אין דראָהיטשין, — האָבן זיי זיך אָנגעטרונקען מיט יידיש־בלוט ערגעץ אַנדערש... און אָפּטועענדיק די מערדעריי איז דער עשאַלאָן באַלאַכאָווצעס אָפּ־געפאָרן קיין פּינסק... (ז.ז. 128, 131. ד.וו.)

רביצין עטקע קאָהן, באַלטימאָר



**הרבנית רחל שפּעטמאַן** — פרוי פון הרב ר׳ יהושע שפּעטמאַן שליט״א פון לאָנ־דאָן־ענגלאַנד, און טאָכטער פון הרב ר׳ יהודה־נח און חנה בראַווער ז״ל, (געווען 30 יאָר רב אין באַרנאָוו ביי לובלין און נפטר געוואָרן 1939 אין ירושלים.) — איז געשטאָרבן ב׳ תמוז, תשי״ג, 1953, אין לאָנדאָן. געלאָזן אַ זון ישראל (בעסיע) שפּעטמאַן און צוויי טעכטער: שרה (הרב עזריאל) תרשיש (לאָנדאָן) און חנה (דוב) וואַרשאַווסקי, שיקאַגע. 284.



**הערשל שטיינבערג**, ע״ה, זון פון מאיר־יצחק (זיידל) און העניע, איז געבוירן אין דראָהיטשין. 1922 עולה געווען קיין ארץ ישראל. 1930 געקומען קיין אַמעריקע. — גע־שטאָרבן אין שי־קאַגע 27טן מערץ, 1943, אין עלטער פון 40 יאָר. הער־שעל האָט געלאָזן אַ פרוי ביטריס און 2 קינדער: לעאָן און בערני אין שי־קאַגע. כל ימיו איז שטיינבערג געווען אַ ציוניסט און אַ סך געהאָלפן אין דעם בנין־הארץ. — זען זייטן 239, 294, 312 און 330.



אַ גרופּע חלוצים פון דראָהיטשין פאַר זייער אָפּפאָרן קיין ארץ־ישראל, 1926

# ווען אַ ייד איז געווען הפקר

געווען איז דאָס אין יענער ביטערער צייט, — בעת דער פויליש־באָלשעוויסטישער מלחמה (1920). דאָס שטעטל איז געווען פאַרברענט. קיין עסן איז נישט געווען וואָס, האָט מען זיך גענומען צו זייען גערטנער און פעלדער. און מיט דעם וואָס די ערד האָט אַרויסגעגעבן האָט מען זיך דערנערט.

פאַרשטייט זיך, אַז צו באַאַרבעטן די ערד האָט מען גע־דאַרפט האָבן אַ פערד, בין איך מיט מיין קוזין חיים (משה לייזערס) עפּשטיין געפאָרן קיין יאַנאָווע צו קויפן אַ פערד.

אָפּפאָרנדיק אַ פּאָר מייל האָבן מיר באַמערקט פון דער־ווייטנס צוויי פּוילישע זעלנער גייען אונז אַנטקעגן. עס האָט מיר געגעבן אַ טיאָכקע אין האַרצן... און איך זאָג צו מיין קוזין: „מיין האַרץ זאָגט מיר, אַז מיר וועלן מיט די פּאָליאַקן נישט גוט אָפּשניידן”... און איך האָב נישט געהאַט קיין טעות.

די פּאָליאַקן האָבן אונדז גוט באַזוכט און נישט געפינענדיק קיין געלט האָבן זיי צוגענומען אונזערע פּעסער. נאָכדעם האָבן זיי אונז באַפוילן צו שטיין פונדערווייטנס און זיי, די פּאָליאַקן, האָבן אָנגעהויבן זוכן און נישטערן אין אונזער וואָגן. מיר זיינען געווען זיכער ביי זיך, אַז זיי וועלן אין וואָגן נישט געפינען קיין שום פאַרדעכטיקטעס...

אָבער ווי דערשטוינט און דערשראָקן זיינען מיר געוואָרן, ווען די פּאָליאַקן האָבן אונדז געוויזן פינף נישט־קיין־אויסגע־שאָסענע פּוליעס, וועלכע זיי האָבן כלומרשט געפונען אין אונדזער וואָגן. „אַהאַ”, זאָגן זיי, „איר זענט קאָמוניסטישע שפּיאָנען!”... עס טרייסלען זיך אונזערע הענט און פיס... מיר זיינען פאַרלאָרן... ווער וועט אונדז גלויבן, אַז דאָס האָבן די פּאָליאַקן אונדז אונטערגעוואָרפן די פּוליעס...

מיר פאַלן די פּאָליאַקן צו די פיס און בעטן זיך, זיי זאָלן אונז פירן צוריק קיין דראָהיטשין וועלן זיי אויסגעפינען דעם אמת וועגן אונדז. מיין ריידן אין רוסיש (קיין פויליש האָב איך נישט געקענט) האָט נאָך פאַרערגערט די לאַגע: בין איך דאָך געוויס אַ קאָמוניסטישער שפּיאָן... ס'העלפט ניט קיין וויינען און קיין בעטן... די פּאָליאַקן מיט ענטבלויזטע שווערדן פירן אונז קיין יאַנאָווע... עס איז נישט גוט...

פלוצלונג פליט מיר אַדורך אַ געדאַנק, אפשר וועט געלט העלפן?... מיר האָבן געהאַט ביי זיך גוט פאַרשטעקט אַ ביסל געלט... האָט מיין קוזין חיים, אָנגעהויבן וויינען און בעטן זיך ביי די פּאָליאַקן, ער איז אַ טאַטע פון קינדער, זאָלן זיי נעמען דאָס געלט און אונז אָפּלאָזן...

נאָך לאַנגע שעה'ן פון פיין און יסורים האָבן די פּאָליאַקן צוגענומען דאָס געלט און אונז פריי געלאָזן... מיר זיינען גע־קומען אַהיים און געבענטשט גומל וואָס מיר זיינען ניצל גע־וואָרן פון טויט... (זען זייט 359. ד.וו.)

לייזער לעוו, שיקאַגע.

---

**הרב ר' אליה־מרדכי אייזענשטיין, ז"ל**

זון פון הרב ר' אברהם און אייניקל פון ר' צבי־הירש אייזענשטיין פון דראָהיטשין, געלעבט אַלע יאָרן אין ירושלים, געווען מזכיר און נאמן פון הרה"ג, ר' שמואל סאַלנט, ז"ל, — **נפטר געוואָרן ט"ו חשון, תשי"ז, 1956, אין ירושלים, אין עלטער פון 90 יאָר.** זען ז. 118, 119





לייבע פרץ, הי"ד, זון פון משה ע"ה פון קאָברינער גאַס.





**אברהם מיכל** (מילטאָן) **לוריע** געשטאָרבן **כ"ד אדר, 1948.** געלאָזן אַ פרוי טילע, זון דזשע־רי און צוויי טעכטער: עטעל און שיינדל.





פרומע לאה מיכאַלסקי, פרוי פון חיים דעם מלמד, ע"ה





אברהם בעזדזשעזסקי, סערזשאַנט־מאַיאָר, (אויף בילד רעכטס פון רעכטס, אין באַיענער היטל, אויף בילד לינקס פון לינקס), פירט אָן מיט אַ גרופּע „אירגון”־קעמפער, וואָס האָט געשטורעמט יפו, ט"ז ניסן, תש"ח, און איר איינגענומען: ד' אייר, תש"ח, 1948. אברהם איז אַ זון פון משה און חנה בעזדזשעסקי. ז.ז. 148

**יוסף העפטמאַן (עמנואל), ע״ה**

שריפטשטעלער, פובליציסט, רעדאַקטאָר פון „הצפירה", „היום", „דואר־היום", „מאָמענט" (וואַרשע) און שעף־רעדאַקטאָר פון „הבוקר" (תל־אביב), געבאָרן ט״ו אב, תרמ״ח, 1888, אין בריינסק, — **געשטאָרבן כ״ד טבת, תשט״ו, 1955, אין תל־אביב.** זען זייט 138, קאָלום 2.




ליבע (אַרגענ.), יעקב (נ.י.) און יענטע (לינקס), הי״ד, ביי דעם קבר פון מוטער, חנה גאָלדבערג, בית־עולם אין דראָהיטשין.

## קדיש...

**אויפן שליאַך פינסק און בריסק,**
**געלעגן איז אַמאָל אַ שטעטעלע, אַ קליינע,**
**אַ נאָמען, אַ פינטל, אין רוסיש־פוילן,**
**מיין שטעטעלע דראָהיטשין, איז געווען איינע...**

**ניטאָ מער היינט אירע מתנגדים, חסידים,**
**קרעמער, אַרבעטער, יונגע און אַלטע יידן...**
**ניטאָ מער היינט אירע למדנים, נגידים,**
**סוחרים גרויסע, קליינע, פאַרער אויף יאַרידן...**

**אין טרויער, אין טיפן, איינגעבויגן,**
**ווי אַן אבל אין די שלושים,**
**שטיי איך מיט טרערן פולע אויגן**
**און זאָג קדיש נאָך די קדושים...**

שעפּסל לעוו, חיפה, אַפּריל, 1951



מאיר ליבערמאַן
**הי״ד!**

---

אין אייביקן אָנדענק פון די

# דראָהיטשינער קדושים

אַ גרופּע דראָהיטשינער אין שיקאַגע:

**מרדכי־בער און פרוי אייזענשטיק; שמואל און דזשעני אייזענשטיין; מאָריס און פרוי לייסאָן; פרוי פּאַטאַלסקי; יעקב און פרוי קאָהן; אליה־מאיר און פרוי שעדראָוו.**

צום אָנדענק פון **העניאָך ב״ר אהרן־דוד מילער, ע״ה,** ניו־יאָרק
די פרוי, חיה, און טעכטער: פריידע און עדזשע מילער

צום אייביקן אָנדענק פון די

# קאָלאָניער קדושים

**בנימין־יהודה און אסתר טעפּליצקי, שיקאַגע**

לזכרון — **פּיניע און מינדל סידעראָוו, ברידער און שוועסטער, הי״ד!** די זין דוד־מענדל און וועלוול בלום, ניו־יאָרק. ז.ז. 326



יידן זיינען מתפּלל און בעטן ביים „כותל־מערבי"... אין 1943.
דער זעלנער איז ישעיהו, ברודער פון דעם צייכענער [ד.וו.]

# תיקון טעות

152 קאָלום 1 שורה 19 יאָרצייט פון חוה־לאה שקאָלניק, ע"ה, — אַנשטאָט ו' ניסן, דאַרף זיין:
ג' ניסן. **דאָס גלייכן פעלן דאָרט די נעמען פון פיר שקאָלניק־קינדער:**
קיילע, פייגל, חיים און דוד. **אַלע זיינען זיי געשטאָרבן, ל"ע, אין דראָהיטשין, ע"ה.**

| זייט | קאָלום | שורה | געדרוקט | דאַרף זיך לייענען: |
|---|---|---|---|---|
| 46 | 2 | 1 | „אַקציאָנס־באַנק" | „קאָלאָניאַל־באַנק" |
| 55 | 2 | 1 | אַן שטעטל | אין שטעטל |
| 73 | אונטער־בילד־שריפט | | חיים־לייב | הערש־ליב |
| 101 | אונטערקעפל | | אָקטאָבער, 1921 | אָקטאָבער, 1920 |
| 101 | 1 | 2 | 1921 | 1920 |
| 102 | אונטער־בילד־שריפט | | יאָר 1921 | יאָר 1920 |
| 105 | אונטער־בילד־שריפט | | ד"ר לאַמפּע | ד"ר גלויבערזאָן |
| 106 | ליד | 3 | שטעלע | שטעטעלע |
| 107 | 1 | 1 | אין 1921 | אין 1920 |
| 108 | 1 | 2 | אין יאָר 1921 | אין יאָר 1920 |
| 114 | הערה | 12 | „ערש עטרות" | „עשר עטרות" |
| 116 | 2 | 16 | האַרובעס | הרובעס |
| 118 | הערה | 1 | תולודות | תולדות |
| 119 | אונטער־בילד־שריפט | | סאַלאַנטער | סאַלאַנט |
| 120 | הערה | 16 | מסכת נדה | מסכת מדות |
| 168 | קאָט־אונטערשריפט | | כתובה | תנאים |
| 344 | בילד־אונטערשריפט 1 | | גרשון לעווינסאָן | חיים לעווינסאָן |
| 344 | בילד־אונטערשריפט 2 | | סירקע לעוו | סירקע בוים |
| 363 | קדושים־יאָרצייט | | 15 אָקטאָבער | 17 אָקטאָבער |
| 384 | 1 | 10 | ווען זיי זיינען | ווער זיי זיינען |

117 קאָלום 2 שורה 39 דאַרף זיין: ספורים אַרויסגעגעבן פון וואָלף פעשעלעס, זייט 2־51.
139 קאָלום 1 שורה 5 דאַרף זיין: — זינט 1939 איז וו. אַ מיטגליד פון יידישן זשורנאַליסטן
און ליטעראַטן פאַריין אין ענגלאַנד. דאָרט, קאָלום 2 שורה 2 איז אויסגעלאָזט:
„די אידישע שטימע", — רעדאַקטאָר בן־א. סאָכאַטשעווסקי, — לאָנדאָן־ענגלאַנד.

גאַנץ מעגלעך, אַז אין בוך זיינען פאַראַן נאָך פיל אַנדערע טעות'ן... אָבער מיר זיינען שוין מיד פון שרייבן און אַרבעט... מחמת, אַ חוץ די גרויסע אָנשטריינגונג און שווערע קאָפּ־אַרבעט איז דער בוך, צום באַדויערן, געשריבן געוואָרן אונטער שלעכטע באַדינגונגען... מער נישט, צוליב דעם הייליקן זכרון פון אונדזערע קדושים האָט געלוינט די ליידן... סוף דבר, וויל איך אָפּגעבן אַ שבח והודיה צום בורא עולם, וואָס האָט מיר געגעבן אויסדויער, געדולד און כוח בייצוקומען אַלע מכשולים און מיר דערמעגלעכט צו שרייבן ווי דאָס ערשטע אַזוי אויך דאָס לעצטע בלאַט און

**לעצטע שורה פון „יזכור־בוך" דראָהיטשין. [ד.וו.]**

בעזרת השם יתברך

# תם ונשלם

דאָס "יזכור־בוך" דראָהיטשין איז געדרוקט אין טויזנט עקזעמפּליאַרן.

דער דאָזיקער עקזעמפּליאַר איז נומער **0264**

